# דער ווילנער גאון

## (פאַרבאָרגענע וועלטן)

היסטאָרישער ראָמאַן

— פון —

פסח מאַרקוס

„אום" פאָבלישינג קאָמפּאַני

ניו־יאָרק — תשי"ב

**לזכרון**

מיינע יונג פאַרשטאָרבענע עלטערן.
מיין פאָטער, ר׳ חיים יוסף בר׳ ירוחם ז״ל.
און מיין מוטער, פעשע בת ר׳ שמואל אהרן
ע״ה, וואָס איך האָב איר ניט זוכה געווען
אפילו צו זען. זי איז אַוועק פון דער וועלט
בעת מיין געבוירן ווערן. תנצב״ה.

דער מחבר

אַ האַרציקן דאַנק די שריפטזעצער
יוסף פילסדאָרף און ה. וואָלאָשקין, פאַר
זייער מי און ערנסטער באַציאונג בײַם
אויסזעצן און צוזאַמענשטעלן דעם בוך.

פסח מאַרקוס

# קאַפּיטל א

אין דער ליטע איז געווען אַ געוואַלטיקע שפע אויף וועלדער און טייכן. ביי זייערע וואַסערן, כאָטש שטילע, האָבן זיך יידישע שטעטלעך געטוליעט אין ציטער און מורא. אויף בערג און טאָלן האָבן, ווי סטאַדעס בייזע וועלף, זיך געצויגן קיין פּרייסן אוראַלטע, חושכדיקע וועלדער. צוליב זייערע הויכע שטאַרקע ביימער איז דער הימל, איבער די יידישע ישובים, געווען זייער קליין. אין וואָלקנדיקע טעג אינגאַנצן איינגעשרומפּן. דערצו נאָך האָבן די שאַרפע שפּיציקע צלמים אויף די ליטווישע קלויסטערס צעשטאָכן דאָס ברעקל הימל. די לבנה האָט זיך קוים דורכגעשפּאַרט, אַז די יידן זאָלן זי קענען מחדש זיין... אַן אויסגעבלייכטע האָט זי זיך געשפּיגלט אין די טייכעלעך, וואָס זייערע זאַמדיקע גרונטן זיינען, אַפילו אין רעגנדיקע טעג, געווען קלאָר און דורכזיכטיק.

און, ווי אַמאָל, ביי די טייכן פון בבל, זיינען די יידן אויך ביי די טייכן פון דער ליטע געזעסן און געוויינט און געקלאָגט אויף זייער ביטערן גורל. זיי האָבן, מיט אַ געבראָכן געמיט, גערופן צו גאָט, ברוך הוא, אין הימל. ער זאָל זיך מרחם זיין און ווייכער מאַכן די הערצער פון זייערע מושלים — די ליטווינער.

זינט די יידן האָבן באַטראָטן די ליטווישע ערד, ווייסן זיי ניט פון קיין רו. די ליטווינער — געצן־דינער; זיי דינען צום גאָט פון דונער און בליץ. זיי האָבן אים ניט ליב, אָבער זיי האָבן פאַר אים שטאַרק מורא. זיי רופן אים „פּערקונאַס". ער איז א גזלן אַ גאָט, אָן קיין ביסל רחמים. אַז ער ווערט בייז, שיקט ער אַרונטער דונערן און בליצן, וואָס צינדן און פאַרברענען ביזן גרונט דערפער נאָך דערפער. „פּערקונאַס" שוינט אַפילו ניט די תבואה אויף די פעלדער. ערשט דאַן, ווען מען איז מקריב צו אים אַ סך קרבנות, שטילט ער איין זיין גרימצאָרן.

„פּערקונאַס" האָט אָבער ניט ליב בלויז רינדער און שאָף. זיין געשמאַקסטער מאכל איז פליש פון מענטשן, און דווקא פון יונגע, צאַרטע קינדער. האָבן די ליטווינער אויפגעשטעלט אויף אַלע הויכע בערג שטיינערנע מזבחות. זיינען יידישע טאַטע־מאַמעס אין הוילער שרעק: די אַבערגלויביקע ליטווינער זאָלן ניט כאַפּן זייערע קינדער און פאַרברענען אויף די מזבחות.

איבער געוואַלט און דורך באַטרוג פון זייערע פירשטן בייטן די ליטווינער אויס זייער גאָט „פּערקונאַס" אויף קריסטוסן. פאַר יידן איז עס נאָך ערגער. אין דער גויאישער פּאַסכאַ האַלטן די ליטווינער אין איין רייסן זיך

אויסצושטעכן די יידן. די פראַנציסקאַנער גלחים העצן, אַז יידן האָבן געקרייציקט זייער נייעם גאָט — קריסטוסן.

אין לאַנד איז קיינמאָל ניט געווען רואיק. די ליטווישע פירשטן — בלוטדורשטיקע לייט — האָבן געהאַלטן אין איין פירן מלחמות.

די יידן, ביי די טייכן פון דער ליטע, האָבן אויך ניט אויסגעמיטן די אַלע שלעכטע גזרות, וואָס עס האָבן געטראָפן די בני ישראל אין די שכנהשע לענדער. אין שרעקלעכן יאָר ת״ח זיינען אָן אַ צאָל יידישע לעבנס פאַרשניטן געוואָרן פון דעם אכזר כמעלניצקיס קאָזאַקן. עס איז ניט געווען אַ משפחה, וואָס האָט ניט געהאַט צו באַוויינען איר אומגעקומענעם טאַטן, מאַמען, ברודער אָדער שוועסטער. ביי די טייכן פון דער ליטע האָבן, אינאיינעם מיטן טוי פון די וואַסערן, זיך געהויבן צום הימל די זיפצערייען פון די אַלמנות, עגונות, יתומים און יתומות. און, ווי די טויען, זיינען אויך זייערע זיפצן צעגאַנגען לאיבוד אין פוסטן חלל. דאָס ברעקל הימל איבער זיי האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק און ניט וויסנדיק, עס האָט אַראָפּגעקוקט פאַרכמורעט, טויב און שטום.

און, ווי אַמאָל ביי די טייכן פון בבל, האָבן אויך די יידן ביי די טייכן פון דער ליטע געזוכט זייער טרייסט אין לערנען תורה — טאַקע אין די גמרות פון בבל. עס איז געוואָרן אַ שפע אויף בתי־מדרשים און קלויזן, אַלע אָנגעפּראָפּט מיט לומדים פון כלערליי מדרגות: בקיאים, וואָס האָבן געקענט זאָגן אויף אויסנווייניק גאַנצע מסכתות גמרא; בעלי הסברה, וואָס האָבן אָן שווערער מי געקענט געבן צו פאַרשטיין די שווערסטע סוגיות; בעלי הבנה, וואָס האָבן אין בצמצומדיקע ווערטער געקענט קלאָר מאַכן די טיפסטע ענינים; חריפים, וואָס זייער תורה־זאָגן האָט געבליצט און ליכטיק געמאַכט דעם מוח; בעלי פּלפּול, וואָס האָבן געקענט „אויסרייסן בערג" און קונציק דורכפירן אָן „עלעפאַנט דורכן לעכל פון אַ נאָדל".

די בעלי פּלפּול האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן. זיי זיינען געוואָרן דאָס שיינדל פון לומדות. דאָס היצן זיך ביים לערנען האָט געמאַכט פאַרגעסן אַלע צרות. מען האָט אַפילו מיט די קינדער אין די חדרים אויפגעהערט לערנען תנ״ך. מען האָט גלייך אָנגעהויבן מיט גמרא, און דווקא פון דעם האַרבסטן — פון סדר „נזיקין".

צו דער גרויסער פרייד פון די יידן ביי די טייכן פון דער ליטע האָבן מיטאַמאָל, ווי שוואלבן אין פרילינג, אָנגעהויבן אָנפליען ליכטיקערע צייטן. די מלחמות אויף דער וועלט האָבן זיך איינגעשטילט. אין לאַנד איז געוואָרן רואיקער. אויך די יאָרן אַליין האָבן אין זייער גאַנג אָפּגעווישט די טריט פון די אַלטע גזרות. די יתומים און יתומות פון יאָר ת״ח זיינען שוין אַליין געוואָרן טאַטעס און מאַמעס פון אויסגעצערטעלטע קינדער. די טרערן אין די אַלמנהשע אויגן האָבן זיך שוין אויסגעטריקנט. די מצבות אויף די קברים פון זייערע מענער זיינען שוין באַוואַקסן געוואָרן מיט גרינעם מאָך. מען האָט קוים געקענט איבערלייענען די נעמען. די

עגונות, וואָס האָבן גאַנצע נעכט געוויינט פון די יסורים; די עגונהשע קייטן האַלטן זיי ווי געשמידטע — אויך זיי זיינען שוין אַנטשוויגן געוואָרן. זיי האָבן שוין מער ניט דערוואַרט צו דערלעבן נחת אויף דער זינדיקער ערד. זייער גאַנצע האָפענונג: זיי וועלן האָבן שכר אויף יענער וועלט.

די יידן ביי די טייכן איז אָבער ניט באַשערט געווען צו לעבן אין מנוחה. פלוצים האָט זיך באַוויזן איינער אַ שמואל בן אהרן, זייער אַ הויך־געוויקסיקער. זיין לאַנגע באָרד האָט דערגרייכט כמעט ביז זיינע קני און איז געווען שוואַרץ ווי פעך. ער איז געווען אויסגעמאָגערט, דין ווי אַ ריטל און געהאַלטן אין איין ציטערן פון קעלט. ער איז אַפילו זומער אין די גרעסטע היצן געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ שעפסן פעלצל. ער איז געווען אַ מתמיד. פון שטיין ביים שטענדער זיינען די פיס זיינע געוואָרן אויפגעלאָפן ווי פענכערס. האָט ער זיי אַרומגעבונדן מיט וואָלענע טיכער. אָבער זיין יעדער טראָט וואָס ער האָט געשטעלט, האָט אים פאַרשאַפט געוואַלטיקע יסורים.

פונדעסטוועגן האָט ער, שמואל בן אהרן, זיך געלאָזט שפּאַנען מיט זיינע קראַנקע פיס, צופוס, איבער דער ליטע. ער, דער בעל מקובל, האָט געפונען אין אַן אַלטן קבלה־ספר אַ דייטלעכן רמז דערויף, וואָס עס וועט בקרוב געשען מיט די יידן ביי די טייכן פון דער ליטע. די בשורה איז געווען ניט קיין גוטע, אָבער דווקא דערפאַר, האָט ער ביי זיך געטראַכט, דאַרפן יידן וועגן דעם וויסן.

ער האָט אָפּגעטראָטן אין יעדן ישוב און ניט אויסגעמיטן אַפילו דאָס קליין שטעטעלע ווידזשונע, וואָס האָט זיך געטוליעט ביים טייך שעשופּע און איז געווען איינגאַנצן פאַרשטעלט פון דער ליכטיקער וועלט. הויכע משופּעדיקע בערג האָבן אַרומגערינגלט דאָס שטעטל פון מזרח־זייט, און אין מערב־זייט האָט געהויערט אַ געדיכטער, שוואַרצער וואַלד.

שמואל בן אהרן איז אָנגעקומען קיין ווידזשונע גלייך נאָך מנחה־דאַווענען. די לומדים זיינען שוין געהאַט געזעסן ביים חברה ש״ס טיש און די פּשוטע יידן האָבן זיך גענומען אַרומקלייבן אַרום אַ לאַנגן טיש. אַ רבי האָט פאַר זיי געזאָגט דינים פון „שולחן ערוך״. און אַז ער פלעגט זען, אַז דער עולם הייבט אָן איינצודרעמלען — פלעגט ער זיי גלייך אויפטשוכען מיט אַ שיין מעשהלע פון מדרש.

שמואל בן אהרן איז צוגעגאַנגען צום האַנט־פאַס, געוואַשן זיינע הענט, און תיכף זיך גענומען דראַפּען מיט זיינע קראַנקע פיס אויף דער בימה. די ווידזשונער יידן האָבן אים אָנגענומען פאַר אַ מגיד און שווייגנדיק צוגעקוקט, כאָטש עס איז זיי ניט געווען צום האַרצן. זיי האָבן ביי זיך געטראַכט: אַ נייער בעל־דרשן! די מגידים גיבן דאָך ניט קיין רו! וואָס קען דער לאַנגער ייד מחדש זיין? ווער וועט קענען דערהערן אַזאַ חלוש? אָבער ווי נאָר שמואל בן אהרן האָט אַרויסגערעדט די ערשטע ווערטער: „מיינע טייערע, ליבע יידן!״ איז געפאַלן אויף אַלעמען אַן אימה. אַפילו

די לומדים, וואס זיינען שוין געווען פארטאן אין לערנען, האבן זיך אויפגעוועקט. זיין שטים האט געקלונגען מיט א ניט־געוויינטלעכן כוח. ווי עס וואלט גאר ניט ארויס פון א מענטשנס מויל, נאר פון עפעס א סודותדיקן שופר. אין בית־המדרש האבן די פענצטער זיך אזש צעטרייסלט.

די ווידזשונער האבן אויסגעשפיצט די אויערן און פארגאפטע געעפנט די מיילער: וואס וועט ער ווייטער זאגן? זיי הערן ווי ער רעדט שוין שטיל, מיט התנצלות און רחמים:

— איך, שמואל בן אהרן, בין ניט געקומען דא, אין ווידזשונע, אייך צו שטראפן. איך בין צו אייך געשיקט געווארן צו ברענגען א בשורה.

ער האט א טיפן זיפץ געטאן און מיט א געבראכן געמיט געזאגט:

— הלוואי וואלט די בשורה געווען א גוטע. איך האב ניט געהאט קיין חשק צו זיין א שליח פון צער. אבער איך האב ביי זיך געטראכט: ווען דו זעסט אין מיטן דער נאכט, ווי א שטוב ווערט ארומגעכאפט פון א העליש פייער, ביזסטו מחויב צו קלאפן מיט אלע דיינע כוחות אין די פענצטער, און דו טארסט נישט פון צופיל צידקות טראכטן, אז דו וועסט איבערשרעקן פארשלאפענע מענטשן.

כהרף עין האט זיך ווידער אויפגעהויבן שמואל בן אהרנס שטים. ער האט געשאלט ווי פון א שופר ארויס:

— וואס זיצט איר זיך אזוי רואיק אויף אייערע ערטער? ווייסט איר ניט, אז באלד, באלד, אין יאר תס״ב, וועט זיך דא, ביי די טייכן, צעפלאקערן א מוראדיקע מלחמה. יידיש בלוט וועט ווידער זיך גיסן ווי וואסער. עס וועט רויט מאכן אלע טייכן, טא האט רחמנות אויף זיך אליין, אויף אייערע ווייבער און קינדער, לאזט אלץ איבער און אנטלויפט פון דאנען! די ערד איז דא פארשאלטן! געדענקט אין די הייליקע רייד פון תנא: א מאבד עצמו לדעת, פארשפילט אויך זיין עולם־הבא.

מיטאמאל האט ער, דער חלוש, פלינק ווי א יונג יינגל, זיך געגעבן א דריי צום ארון קודש. ער האט רעשיק אן עפן געטאן די טירלעך און ווי צו לעבעדיקע מענטשן האט ער זיך געווענדט צו די ספרי־תורות:

— איר זייט מיינע עדות, אז אלץ, וואס איך זאג איז אמת...

ער איז פארגאנגען אין א הארצרייסנדיקן, רירנדן געוויין. אלע און אלץ, אפילו די ענג־לייכטער אין בית־המדרש האבן מיט אים מיטגעוויינט... און דער המון האט זיך צעכליפעט גאר אויפן הויכן קול. זיי, די פשוטע לייט, האבן בלינד דערשפירט, אז דער שמואל בן אהרן קלערט עס ניט אויס פון קאפ. ער איז א הייליקער מאן. ער ווייסט סודות פון הימל.

א וויינענדיקער, האט שמואל בן אהרן גענומען אראפגיידערן פון דער בימה. אבער מיטאמאל האט ער זיך אראפגעלאזט אויף דער ערד. ער האט געחלשט.

אבוש, א שניידער, א ייד א זקן און אליין א חלוש, איז דער ערשטער צוגעלאפן צו אים. ער האט אויפגעהויבן דעם בעל מקובל און אויף זיינע

אַלטע הענט אים געטראָגן צו דער באַנק, וואָס איז געשטאַנעןביים אויוון. אָבער אין מיטן גיין איז אַבוש געוואָרן בלייך, אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַדעקט און ער האָט זיך צעשריען מיט פּחד:

— אוי, וויי, איך שפּיר דאָך גאָרניט, אַז איך טראָג עמיצן אויף מיינע הענט... ר׳ שמואל בן אהרן האָט דאָך גאָרניט קיין גוף... ער איז דאָך הוילע נשמה...

די ווילנער לומדים, וואָס האָבן אין דער שטיל מיטגעוויינט, האָבן איצט זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין: זיי, יידן בר דעתן, בני תורה, האָבן זיך צעוויינט ווי ווייבער, פון נאַרישע אַנשרעקנדיקע רייד פון עפּעס אַ יידן, וואָס קוקט אויס, ווי אַ מקובל. זיי האָבן זיך צעבייזערט אויף דעם אַלטן אַבוש, דעם שניידער. זיי האָבן אים גערופן: „עובר בטל!" און געחוזקט פון שמואל בן אהרנען. זיי האָבן אים מבזה געווען מיט מיאוסע נעמען:

— שקרן! שווינדלער! זיי האָבן פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אים שוין קנסענען מיט מלקות, ווייל ער האָט בחנם אַנגעוואָרפן אַ מורא אויף יידן.

שמואל בן אהרן, שוין אַן אויסגעטשוכעטער, איז געזעסן אויף דער באַנק שווייגנדיק און זיך צוגעהערט ווי די לומדים טאַדלען אים. ער האָט אַפילו מיט קיין אויג קיין פינטל ניט געטאָן, ווי עס וואָלט אים גאָר ניחא געווען צו ווערן געזידלט. ער האָט רואיק צוגעקוקט ווי דער שמש פּאַכעט מיט זיין רימען. ער איז שוין גרייט אים צו געבן מלקות. דער המון האָט זיך אָבער, ווי אַ וואַנט, נישט צום רירן, זיך אַוועקגעשטעלט און מיט חזקות געזאָגט:

— אים, דעם צדיק, גייט איר פאַרשעמען? אים, אַ יידן אַ חלוש, ווילט איר שמייסן מיט אַ לעדערנעם רימען?

אַ ווילנער למדן, אַ קלוגער ייד, האָט מיט ישוב הדעת גע־ענטפערט:

— זייט ביי זיך ניט גענאַרט. ער איז ניט קיין צדיק און ניט קיין חלוש. ער האָט בכיוון אַרומגעבונדן זיינע פיס מיט טיכער, כדי מען זאָל האָבן אויף אים רחמנות.

אַבוש דער שניידער האָט מיט ליבשאַפט געקוקט שמואל בן אהרנען אין די אויגן אַריין. ער האָט זיך ביי אים געבעטן רחמים:

— רבי! הערט איר דען ניט ווי זיי באַריידן אייך? ווארום שווייגט איר? זאָגט בלויז, אַז דאָס זיינען דברים של שקר! מיר וועלן אייך גלויבן.

שמואל בן אהרן האָט אים אָבער ניט געענטפערט. ער האָט אַ פאַר־חלומטער געקוקט אויפן בעליק, וואו אַ פליג האָט זיך געצאַפּלט אין שפּינוועבס. אַבוש איז געבליבן שטיין אַ פאַרלוירענער. ער האָט שוין אַליין אָנגעהויבן צו ספקן און געטראַכט: אפשר זיינען די לומדים גע־רעכט? אויב אַזוי, מוז מען דערגיין דעם אמת. האָט ער, מיט שניידער־שער געניטקייט, גענומען אָפּבינדן די טיכער פון דעם מקובלס פוס. און ווי נאָר ער האָט אַראָפּגעוויקלט דעם ערשטן שנור, האָט זיך אָפּגעדעקט

נאַקעט לייב, און בלויע אויפגעבלאָזענע אָדערן האָבן זיך געטאָן אַ בלאָז־אויף, ווי אָט־אָט פּלאַצן זיי . . .

דער המון, וואָס האָט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם זיך צוגעקוקט, האָט אַזש אויפגעגרוילט, און מיט פאַרוואורף געזאָגט צו די לומדים :

— נו, וואָס וועט איר איצט זאָגן ?

יענע זיינען אָבער ביי זיך ניט געוואָרן געפאַלן. זיי זיינען אַרויס מיט אַ נייער טענה :

— דער ייד איז ניט ביים קלאָרן זינען. ער ווייסט ניט וואָס ער פּלאַפּלט. און, ועל כולם, איז ער אַ וויסטער עם־הארץ.

צו ווייזן, אַז זיי זיינען גערעכט, האָבן זיי תיכף גענומען שמואל בן אהרנען אויף אַ פאַרהער. לכתחילה זיינען צו אים צוגעטראָטן די בקיאים. זיי האָבן זיך געקליגט און אים געפרעגט פאַרוואָרפענע רש״יס און תוספותן. אָבער שמואל בן אהרן האָט זיי אַלע געוואוסט און האָט געזאָגט ניט בלויז אין וועלכער מסכתא זיי ווערן דערמאָנט, נאָר אויך דעם דף און די שורה.

די ווילזשונער לומדים זיינען, אין איילעניש, אָפּגעטראָטן. זיי האָבן זיך געשעמט צו קוקן דעם המון אין די אויגן. אָבער מיטאַמאָל איז צום מקובל צוגעשפּרונגען, אַ צעהיצטער, דער ווילזשונער עילוי, חיים יוסף, אַ יונג בחורל, אַ יתום, אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען. ער האָט געהאַט אויף זיך אַ שאַרפן קאָפּ. ער האָט מיט זיין פּלפּול אָפט צעטומלט די מוחות פון אמתע, געזונטע לומדים. ער האָט מיט ביטול אַ זאָג געטאָן צום מקובל :

— ר׳ ייד, נעמט זיך נאָך ניט איבער. האַלט זיך ניט פאַר קיין למדן. בקיאות איז נישט קיין וואַזשנער ענין. אמת, עס איז אַ כשרון, אָבער מ׳קאָן מיט דעם קיין סך ניט אויפטאָן. מען קען זיין אַ בקי און דאָך האָבן אַ טעמפּן קאָפּ און ניט וויסן וואָס לומדות באַדייט. טאָ לאָמיר זען, צי איר זייט אויך אַזאַ בריה אין פּלפּול.

לכתחילה האָט אויסגעוויזן, אַז דער יונגער עילוי איז דער בעל נצחון. שמואל בן אהרן, דער מקובל, האָט זיך אַרומגעקוקט אַ צערודערטער. אָבער אין אַ קליינער ווײַלע אַרום האָט ער געקראָגן די אויבערהאַנט. מען האָט דערזען, אַז ער האָט געשטיגן אין פּלפּול נאָך העכער ווי אין בקיאות.

די ווילזשונער לומדים זיינען פון זיין חריפות אַזוי שטאַרק נתפּעל געוואָרן, אַז זיי האָבן אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז זיי האָבן אויף זיך גענומען צו באַווייזן דעם המון, אַז ער, שמואל בן אהרן, איז אַן עם הארץ. זיי האָבן זיך שוין גאָר געמיט, אַז ער, דער בעל מקובל, זאָל דערזען, אַז ווילזשונע האָט ניט וואָס צו זיין ביי זיך געפאַלן : עס זיינען, ברוך השם, דאָ פאַראַן יידן לומדים. אויך שמואל בן אהרן האָט זיך צעהיצט אין לערנען און פאַרגעסן, אַז געקומען איז ער קיין ווילזשונע ניט צו זאָגן תורה, נאָר אין אַ שליחות.

דער פּשוטער עולם האָט געקוקט מיט כעס אויף די לומדים, וואָס

זיי האָבן אַזוי קונציק צוגענומען פאַר זיך אַליין דעם בעל מקובל און זייַנען גאָר געוואָרן מיט אים גוט־ברודער, כאָטש מיט אַ ווײַלע פריער האָבן זיי אויסגערעדט אויף אים כּל דבר אסור און אַפילו אים געסטראַשעט מיט געבן מלקות. דער המון האָט אויך געהאַט פאַראיבל אויף דעם מקובל, וואָס ער לאָזט זיך אָפּנאַרן. אָבוש דער שניידער דערקליגט זיך און מאַכט אַ סוף צו זייער פריינדלען זיך. ער גיט מיט בייזער אַ קלאַפּ אין עמוד, און זינגט אויס:

— „והוא רחום יכפר עון".

די לומדים האָבן, באין ברירה, געמוזט איבעררייסן זייער ריידן אין לערנען און זיך שטעלן דאַוונען מעריב. זיי האָבן אָבער באַוויזן צו זאָגן צו שמואל בן אהרנען:

— דווקא, ווייל איר זייט אַ למדן, האָט איר זיך כשר פאַרדינט מלקות. וואָרים איר ווייסט דאָך יאָ, אַז די תורה שבנסתר איז ניט גע־געבן געוואָרן פאַר אַלעמען. און אַ רמז לאָזט זיך טייטשן אויף פאַרשיידענע אופנים. טאָ ווי אַזוי פּועלט איר ביי זיך צו זיין אַזוי זיכער און איבער־שרעקן אַן עדה יידן, וואָס האָבן שוין דורכגעלעבט אַזוי פיל צרות און עינויים.

נאָך מעריב־דאַוונען האָבן זיך די ווילנער יידן אַרומגעדרייט אָפּהענטיקע אין בית־המדרש. אין זייערע הערצער האָבן זיך, אין דער טיף, געגראָבן דעם מקובל שרעקלעכע ווערטער: „עס וועט זיך ווידער גיסן יידיש בלוט!" דער פּשוטער עולם איז געווען גאָר און גאָר אומ־רואיק. זיי האָבן זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. און צו גיין אַהיים האָט זיי דאָס האַרץ ניט געלאָזט. האָבן זיי, מן הצד, אַלע ווײַלע געכאַפּט אַ קוק אויפן הייליקן מאַן, וואָס ווייסט סודות פון הימל. ער איז אַ רואי־קער זיך געזעסן אויף דער באַנק, געטונקט אַ שטיקל ברויט אין זאַלץ און פאַרטרונקען מיט וואַסער פון אַ קליין קריגל.

ביי זיי, די פּשוטע לייט, איז ניט געווען קיין ספק, אַז דעם מקובלס שלעכטע בשורה וועט מקוים ווערן. אָבער זיי קענען זיך ניט העלפן. — וואוהין זאָלן זיי לויפן? עס בלייבט זיי בלויז איבער די עצה פון זייער „שולחן־ערוך"־רבין, וואָס ביי יעדער צרה האָט ער די זעלביקע טרייסט: דער הייליקער תנא זאָגט, אַז אַ ייד טאָר ניט פאַרלירן די האָפענונג, אַפילו ווען אַ שאַרפע שווערד ליגט שוין אויף זיין האַלדז.

זייַנען די ווילנער יידן ביסלעכווייז זיך צעגאַנגען פון בית־המדרש. און אַלע, איינציקווייז, אין מורא, אַז טאָמער וועט אים זיין שכן אַרויפ־פירן אויף אַ שמועס וועגן מקובל און זיין בשורה.

אין בית־המדרש איז, אַחוץ דעם מקובל, פאַרבליבן בלויז חיים יוסף. ער, וואָס האָט אין דער התחלה אָפּגעשפּאָט פון שמואל בן אהרנען, נאָך מער ווי אַלע, דווקא ער האָט ניט געזוכט צו פאַרגעסן די מוראדיקע בשורה. ער האָט געהאַט צער וואָס ער האָט מבייש געווען אַזאַ גרויסן למדן. ער, חיים יוסף, האָט זיך קוים דערוואַרט, אַז דער עולם זאָל זיך צעגיין, כדי

ער זאָל קענען מיט דעם מקובל פאַרפירן אַ שמועס וועגן קבלה, און ניט אָפּטרעטן פון אים, ביז ער וועט אים מוחל זיין.

חיים יוסף איז ניט קיין פחדן. פון יינגלוויז אָן שלאָפט ער איינער אַליין אין פוסטן בית־המדרש. אָבער איצט איז אים באַפאַלן אַ פחד. ער קען זיך ניט מאַכן קיין האַרץ און צוגיין צום בעל מקובל. ער האָט מורא אַפילו צו באַטרעטן יענעמס דלת אמות. שטייט חיים יוסף ביי זיין שטענ־דער און קוקט אַ פאַרבענקטער איבער דער גמרא, ער היט יעדן קער און ווענד פון מקובל, וואָס זיצט זיך אויף דער באַנק, און זיינע אויגן פינקלען ווי פייערלעך אין דעם חושכדיקן בית־מדרש.

מיטאַמאָל זעט חיים יוסף, ווי דער בעל־מקובל נעמט זיין שטעקן, הייבט זיך אויף פון דער באַנק, און לאָזט זיך גיין אין וועג אַריין. חיים יוסף לויפט צו אים צו. ער כאַפּט אים אָן ביי די פּאָלעס פון זיין קאַפּאָטע, און מיט געוויין רופט ער זיך אָן צו אים:

— רבי, זייט מיר מוחל, וואָס איך האָב אייך, דעם גרויסן למדן און צדיק, מבייש געווען ברבים.

שמואל בן אהרן בייגט זיך אַריבער. ער גלעט אים מיט אַזאַ רחמנות און ליבשאַפט, אַז חיים יוסף טראַכט: אַזוי גלעט מסתמא אַ טאַטע זיין קינד, און צו זיין גרויסער פרייד הערט ער ווי יענער זאָגט צו אים:

— זון מיינער, דו האָסט מיך ניט פאַרשעמט. איך האָב ניט וואָס דיר מוחל צו זיין. און אויב אַ מענטש דערשפירט זיך פאַרשעמט פון אַ בן־אָדם, איז דאָס זיין אייגענע זינד.

דעם מקובלס פאָטערלעכע רייד דערמונטערן אים, דעם יתום, און ער ווענדט זיך שוין צו אים, ווי אַ זון צו זיין טאַטן, אָפן און פשוט:

— עס איז דאָך איצט טיפע נאַכט! אין דרויסן פלאַקערט אַ ביטערער פראָסט! ווארום וואַרט איר ניט אויף טאָג?

שמואל בן אהרן ענטפערט אים ווידער מיט אַ פאָטערלעכער ליב־שאַפט:

— זון מיינער, איך האָב אַ שליחות, צו גיין איבער די שטעטלעך, קלאַפּן אין אַלע יידישע פענצטער און וואָרענען אחינו בני ישראל: ראַטעוועט זיך, וואָרים אין יאָר תס״ב וועלן אַלע טייכן אין דער ליטע רויט ווערן פון יידיש בלוט.

חיים יוסף קוקט אים אָן אַ צעשראָקענער און פרעגט אים מיט צער:

— רבי, פאַרוואָס גייט איר צופוס? איר זייט דאָך אַ בעל־יסורים! פאַרוואָס פאָרט איר ניט מיט אַ פור?

שמואל בן אהרן זיפצט, און ענטפערט:

— זון מיינער, איך וואָלט זיך גריילעך אָנגעטאָן דעם תענוג, אָבער ווען איז עס גערעדט, ווען איך וואָלט געווען דער שליח פון פרייד. אָבער אַז איך, וואָס טראָג פאַנאַנדער אַזאַ שרעקלעכע בשורה, זאָל, ווי אַ פּריץ, זיצן אין אַ קאָרעטע. אויף דעם וואָלט, פון פאַרדרוס, דער בורא העולם אַליין געוויינט.

חיים יוסף שטאַרעט אויס זיינע אויגן, און זאָגט צו אים מיט תחנונים:

— רבי, איך בין אַן עלנטער אין וויזשונע. איך בין אַ קיילעכדיקער יתום. איך האָב ניט קיין טאַטן און ניט קיין מאַמען. איך בין מיט שמחה גרייט צו ווערן אייער באַגלייטער; אינצווייען וועט ניט זיין אַזוי אומעטיק צו שפּאַנען אויף די פּוסטע וועגן.

דער בעל־מקובל האָט אָנגעקוקט חיים יוספן מיט פריינטשאַפט, און ער האָט צו אים געזאָגט:

— זון מיינער, אַז דו האָסט אויף זיך אַ שאַרפן קאָפּ און דו ביזסט אַ למדן, האָב איך שוין פון פריער געוואוסט, אָבער אַז דו ביזסט אויך אַ שיינער בעל־מידות, דערוויס איך זיך ערשט איצט. עס וואָלט מיר געווען זייער ניחאַ צו האָבן דיך ביי מיין זייט. אָבער עס איז ניט רעכט, אַז גאַנצע צוויי מענטשן זאָלן זיין די שלוחים פון צער. צו אַברהם אָבינו זיינען געקומען דריי מלאכים, אָבער בלויז די, וואָס האָבן געהאַט אים אָנצוזאָגן גוטע בשורות, זיינען געווען צוויי; דער מלאך, וואָס איז געגאַנגען אין דער שליחות, אַז סדום וועט חרוב ווערן — ער, איז בלויז געווען איינער.

חיים יוסף וויל דעם ענין גוט פאַרשטיין, לאָזט ער ניט אָפּ, און ער פרעגט:

— רבי, איז דער גזר־דין שוין דען פאַרחתמעט? תשובה קען דאָך צערייסן די ערגסטע גזירות!

שמואל בן אהרן פאַרטראַכט זיך אויף אַ ווײַלע און ענטפערט:

— מיין זון, דו האָסט גוט געפרעגט. תשובה איז אַ גוטע תרופה אַפילו פאַר דער שווערסטער זינד. תשובה איז אָבער אַ פאַרצויגענער ענין. זי האָט אַזוי פיל טרעפּ, אַז עס שווינדלט ממש אין די אויגן. עס נעמט אָפּטמאָל אַ מענטשן זיין גאַנץ לעבן צו דערגרייכן דעם העכסטן שטאַפּל. און טיילמאָל, ווען דער מענטש האָט שוין גענומען שטייגן צום סאַמע אויבערשטן טרעפּל, טוט ער זיך מיטאַמאָל, צוליב אַ קליינע עבירהלע, אַ גליטש אויס, און ער פאַלט צוריק אַרונטער... און די צייט איז דאָך אַזוי קורץ. דאָס יאָר תס״ב שטייט שוין פאַר דער טיר...

חיים יוסף האָט האַסטיק און היציק אַ פרעג געטאָן:

— רבי, קענט איר מיר אפשר זאָגן דעם נאָמען פון דעם בעל־הספר, וואָס זעט פאָרויס די שלעכטע צייטן?

שמואל בן אהרן האָט אויף דעם שוין ניט געענטפערט. די טיר האָט זיך מיטאַמאָל געעפנט אַן עפן־אויף, און ער, דער מקובל האָט אין דערגיך זיך דורכגעשטופּט.

חיים יוסף, אין אַ הוילן זומערדיקן רעקל, איז אים נאָכגעלאָפן אין קאַלטן פראָסטיקן דרויסן, אָבער שמואל בן אהרן איז ווי נישט געוואָרן אין דער פינצטערער נאַכט. חיים יוסף האָט מיט אַ וויינענדיק קול גע־האַלטן אין איין רופן און רופן:

— רבי! רבי! לאָזט מיך ניט איבער אין יאוש. אויב איר האַלט

ניט פאַר רעכט צו זאָגן דעם נאָמען פון הייליקן בעל־ספר — טאָ זאָגט מיר כאָטש, צי דער איש אלקים זעט פאָרויס, אַז נאָך דער מלחמה וועלן אָנקו־מען ישועות אויף יידן ?

עס איז קיין ענטפער ניט געקומען. עס האָט זיך אַפילו ניט געהערט קיין ווידער־קול, ווי דער גאַנצער אַרום וואָלט זיך פאַרשוואוירן צו שווייגן... בלויז ערגעץ ווייט, אין חושכדיקן וואַלד, האָט אַ קראָ זיך צעקלאָגט...

***

אין וויזשונע, און אין אַלע שטעטלעך ביי די טייכן אין דער ליטע, וואו שמואל בן אהרן האָט, גייענדיק צופוס מיט זיינע קראַנקע אויפגע־בלאָזענע פיס, געבראַכט די שלעכטע בשורה, האָט לכתחילה זיך געררו־דערט ווי אין די וואַסערן אַרום, ווען מען וואַרפט אין זיי אַריין אַ שטיין, אָבער נאָכן אָפּבלעזלען זיך איז ווידער שטיל געוואָרן, ווי קיין זאַך וואָלט ניט געשען. מען האָט באַלד דעם מקובל און זיין שלעכטע בשורה פאַרגעסן.

דאָס יאָר תס"ב איז זיך אָנגעקומען רואיק און בנעימותדיק. אין דרויסן זיינען געשטאַנען שיינע ליכטיקע טעג, גאָר ניט ווי אין יעשען. אויף די פעלדער איז דעם זומער געווען אַ גרויסע גערעטעניש. יידן האָבן אָנגעשאָטן פולע קעלערס מיט קאַרטאָפל און אָנגעלייגט אין זייערע שטאַלן סטויגן טאָרף צום הייצן אין די ווינטערדיקע קאַלטע טעג.

פלוצים, פון דער העלער הויט, האָט דער דייטש אויגוסט, דער קעניג פון זאַקסען, זיך צעקריגט מיט דעם שווידישן קעניג קאַרל, האָט ער, דער שוויד, באַלד אַרויפגעשיקט אַ גרויסן חייל אויף דער ליטע. עס האָט זיך ביי די טייכן צעפלאַקערט אַ מלחמה אויף טויט און לעבן. עס איז אין פולן מקוים געוואָרן שמואל בן אהרנס נביאות. די טייכן זיינען רויט געוואָרן פון יידיש בלוט. די געמיטלעכע שווידן — האָבן פונקט אַזוי באַ־רויבט און געמאָרדעט יידן, ווי די אכזרים — די דייטשן. עס האָט אויס־געקוקט ווי עס וואָלט ניט געווען קיין קריג צווישן די צוויי קעניגען, נאָר זיי האָבן גאָר אַ געוועט ווער פון זיי ביידן וועט קענען מער יידישע לעבנס פאַרשניידן.

האָבן די ליטווינער נאָך דער מלחמה טאַקע געטענהט, אַז ווען אין דער ליטע זיינען ניטאָ קיין יידן, וואָלט ניט געווען קיין מלחמה; האָבן זיי געמאָנט, אַז די יידן זאָלן באַצאָלן פאַר די צעטראָטענע פעלדער, פאַר די אָפּגעברענטע שטיבלעך, די פי און געפליגל, וואָס די דייטשן און די שווידן האָבן פאַרשלונגען אָן אַ גראָשן געלט באַצאָלן.

נאָך דער מוראדיקער מלחמה זיינען זייער ווייניק יידן געבליבן ביי די טייכן אין דער ליטע. ווער עס האָט זיך געראַטעוועט פון די דייטשן, איז אומגעקומען פון די שווידן, און ווער עס איז ניצול געוואָרן פון זיי ביידן האָבן די ליטווינער באַרויבט און אָפּט אויך אומגעבראַכט. אַ קליינער טייל איז אַנטלאָפן אין פרעמדע מדינות. האָט דאָס ביסל לעבנגעבליבענע

ייִדן, אַלע פֿאַראָרעמטע, ניט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן די ליטווינער פֿאַר די היזקות, וואָס ניט זיי האָבן געמאַכט.

האָבן די ליטווינער פֿאַר גרויס רציחה אַרויסגעטריבן די ייִדן פֿון די בתי־מדרשים און אַרויפֿגעלייגט אויף זיי שלעסער. זיי האָבן אויך אַוועקגעשטעלט ביי די בית עלמינס וועכטער, און יענע האָבן ניט געלאָזט די ייִדן ברענגען זייערע פֿאַרשטאָרבענע צו דער אייביקער רו.

מיטן פֿאַרמאַכן די בתי־מדרשים האָבן די ייִדן זיך געגעבן אַן עצה. זיי האָבן געדאַוונט אונטערן פֿרייען הימל אויפֿן שול־הויף. און כאָטש אָן ספֿרים, האָבן זיי אַלץ געלערנט מיט התמדה. די בעלי־בקיאים פֿלעגן אָפּזאָגן פֿון אויסנווייניק אַ בלאַט גמרא און די בעלי־פּלפּול האָבן נאָכדעם געהאַט גענוג מפּלפּל צו זיין אויף עטלעכע טעג. אָבער דאָס, וואָס די רוצחים, די ליטווינער, האָבן אַוועקגעשטעלט שומרים ביי די בית עלמינס איז געווען ביטער. עס איז ניט געווען וואו מקבר צו זיין די מתים. און יעדן טאָג זיינען פֿיל מענטשן געשטאָרבן. אויסגעפּייניקטע פֿון דער מלחמה האָבן די ייִדן ניט געהאַט קיין כוח איבערצוטראָגן אַפֿילו די לייכטסטע קראַנקהייט.

עס איז אַפֿילו ניט געווען ווער עס זאָל זיי טרייסטן און געבן אַן עצה אין אָט דער שווערער צייט. די שענסטע לייט, די לומדים, זיינען אומגעקומען — און די, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט אין פֿרעמדע מדינות האָבן שוין דאָרטן אויפֿגעשטעלט זייערע געצעלטן פֿון תורה. די רייכסטע קהילות אין דייטשלאַנד, בעמען, און אַפֿילו אין ווייטן האָלאַנד — האָבן אויפֿגענומען מיט גרויס כבוד די ליטווישע לומדים און זיי פֿאַרבעטן צו ווערן זייערע רבנים.

זיינען די ייִדן געזעסן ביי די טייכן פֿון ליטע און געוויינט פֿון צער. זיי האָבן גערופֿן צו גאָט ברוך הוא אין הימל, ער זאָל זיך מרחם זיין און זיי ניט איבערלאָזן אין עלנטקייט.

עס האָט גענומען אויסזען, אַז זייער געבעט איז אָנגענומען געוואָרן. עס האָבן גענומען ווי אויסשפּראָצן נייע ייִדישע גבירים, כיטרע לייט, וואָס האָבן אין דער גרויסער אָרעמקייט אַרום, דאָך באַוויזן צו ווערן עשירים. זיי האָבן פֿאַר זייער אייגן געלט אויסגעלייזט פֿון די ליטווינער די בתי־מדרשים און די בית עלמינס. די אויפֿגעקומענע גבירים האָבן גענומען פֿאַרלאַנגען, אַז פֿאַר דער טובה זאָל מען זיי אָפּגעבן כבוד. זיי זיינען געוואָרן די פּרנסים פֿון קהל און געזאָגט די דעה וועמען מען זאָל נעמען פֿאַר אַ שוחט און אַפֿילו ווער עס זאָל זיין רב. כאָטש זיי האָבן אין אַזוינע ענינים זיך ניט פֿאַרשטאַנען, זיי זיינען געווען פּראָסטע, פֿאַרגרעבטע לייט. זיי האָבן זיך געפֿירט מיט תקיפֿות, געקנסט די, וואָס האָבן זיי ניט אָפּגעגעבן קיין כבוד, און אַרויפֿגעלייגט אַ הויכן אָפּצאָל אויף יעדן אָרעמען ביסן.

האָבן די ייִדן ביי די טייכן פֿון ליטע געזיפֿצט אונטער די האַמעטנע הענט פֿון די תקיפֿים. עס איז אַפֿילו ניט געווען ווער עס זאָל יענע כאָטש

אויסמוסרן. אַלע האָבן פֿאַר זיי מורא געהאַט. אַחוץ די פֿרעמדע פּרושים, וואָס זיינען געזעסן אין די בתי־מדרשים און האָבן געלערנט. זיי האָבן זיך אָבער ניט געמישט אין קיין קהלשע זאַכן.

פּלוצים האָט זיך ביי די טייכן באַוויזן אַ יונגער לערנער וואָס האָט, לויט זיין הילוך, אויסגעקוקט ווי אַ פּרוש. ער פֿלעגט שפּאַנען, ווי אַמאָל דער מקובל שמואל בן אהרן, צופֿוס, פֿון איין שטעטל צו דעם צווייטן. ער איז געווען הויך און שלאַנק און זיין פּנים — יונג און פֿריש. ער פֿלעגט אָנגעקומען אין די שטעטלעך, דאָס רוב, אין די פֿרייע באַגינענס, און איז דעם גאַנצן טאָג געזעסן און געלערנט און זיך געפּלפּולט מיט די פּרושים. עס האָט אויסגעוויזן, אַז ער איז געקומען אין דעם שטעטל צו פּראַווען פּרישות. אָבער בין מנחה למעריב פֿלעגט ער פּלוצים אַרויפֿגיין אויף דער בימה און נעמען האַלטן אַ דרשה. ער פֿלעגט אָנהייבן מיט די זעלביקע רייד ווי דער מקובל שמואל בן אהרן: „איך בין ניט קיין מגיד און איך בין ניט געקומען אייך צו שטראָפֿן". אָבער זיין בשורה איז שוין געווען אַ גוטע. ער פֿלעגט מיט געזאַנג אויסזינגען: „יידן, זייט זיך ניט מיאש. עס וועלן באַלד, ווי שוואַלבן אין פֿרילינג, אָנפֿליען גוטע און פֿריילעכע צייטן".

דער יונגער לערנער, וואָס האָט געטראָגן פֿון שטעטל צו שטעטל די גוטע בשורה, איז געווען ר' חיים יוסף, דער ווילזשונער עילוי. ער האָט איבערגעלעבט דעם גאַנצן גרויל פֿון דער מלחמה. ער האָט פֿאַרבונדן די וואונדן פֿון די צעממיתטע יידן אין ווילזשונע, די הרוגים אַוועקגעטראָגן אויף זיינע פּלייצעס צום בית עולם און זיי געבראַכט צו קבר ישראל. ווען די שווידן און די דייטשן זיינען באַזויפֿטע באַפֿאַלן יידישע הייזער צו רויבן און מאָרדן — איז ער, חיים יוסף, אַרומגעגאַנגען איבער די ווילזשונער גאַסן און געראַטעוועט יידן. ער האָט זיך פֿאַר די רוצחים ניט געשראָקן. ער האָט זיי געשטראָפֿט און געסטראַשעט מיט יענער וועלט.

די רוצחים האָבן מיט שפּאָט אויסגעהערט די רייד פֿון דעם יונגן יידן. זיי האָבן אים אָבער ניט געטאָן קיין שלעכטס. זיי האָבן געהאַט דרך־ארץ פֿאַר זיין מוט און נאָך מער — פֿאַר זיין איבערמענטשלעכן כוח. ער האָט איינמאָל אַרויסגעריסן אַ יידן, וועמען צוויי זעלנער, רייטער אויף פֿערד, האָבן פֿעסט געהאַלטן אין זייערע הענט.

זיי, די גויים, האָבן זיך ניט געכאַפּט, אַז ער, חיים יוסף, וואָס האָט זיך געהאָדעוועט אין יתומשאַפֿט, האָט פֿון קינדוויז אָן צו זאַט ניט גע־געסן — איז גאָר אַ שוואַכער אין כוח און זיין גרויס ליבשאַפֿט צו זיינע ברידער יידן איז דאָס אַלעמען גובר.

נאָך דער מלחמה האָט זיך חיים יוסף באַזינט, אַז מען דאַרף אויפֿ־מונטערן די דערשלאָגענע בני ישראל. האָט ער זיך פֿאַרנומען צו צע־טראָגן איבער דער ליטע אַ גוטע בשורה.

חיים יוסף האָט קיינמאָל ניט דערלאָזט זיך אַליין צו נאַרן. ער האָט גלייך דערזען, אַז זיינע טרייסט־רייד טוען ניט קיין פּעולה, זיין גוטע בשורה רודערט ניט אויף די געמיטער, ווי עס האָט אויפֿגערודערט די

שלעכטע בשורה פון שמואל בן אהרן. זיינע רייד זיינען דאָך גלאַט רייד. קיילעכדיקע יתומים, אָן טאַטעס און אָן מאַמעס. זיין בשורה איז ניט מער ווי אַ גוטער וואונטש. אָבער שמואל בן אהרן האָט דאָך געהאַט אַ קבלה ספר, וואָס איצט זעט מען דאָך, אַז עס האָט געשטאַמט פון אַן אָדם גדול, וואָס האָט ברוח הקודש געזען וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען.

חיים יוסף האָט צער, וואָס ער האָט דעמאָלט אין וויזשונע, זיך ניט דערוואוסט פון ר׳ שמואל בן אהרן, וואָס זיין קבלה־ספר זאָגט וועגן ישועות און נחמות פאַר יידן. ווען ער ווייסט דאָס איצט — וואָלטן זיינע רייד זיך אָנגענומען. יידן וואָלטן אים געגלייבט. אָבער אַזוי, שאָקלען זיי מיט די קעפּ מיט ביטול.

זוכט חיים יוסף אַרום דעם ר׳ שמואל בן אהרן. אין יעדן שטעטל, וואו ער טרעט אָפּ, פרעגט ער זיך נאָך צי עמעצער האָט אים, דעם בעל־מקובל, באַגעגענט. ער מאָלט געגוי אָפּ ווי דער בעל־מקובל זעט אויס. ער דערמאָנט זיי אָן זיינע נביאות, וואָס איז מקוים געוואָרן. דאָס רוב מענטשן, וואָס חיים יוסף האָט מיט זיי גערעדט, האָבן געענטפערט: „מיר געדענקען אים ניט!״ און די, וואָס האָבן זיך יאָ דערמאָנט, האָבן געזאָגט:

—ניטאָ וואָס צו זוכן. ער איז שוין אַוודאי אויפן עולם האמת. מסתמא אומגעקומען פון די רוצחים. און, ווידער, איז ער דאָך געווען אַ חלוש.

חיים יוסף האָט זיך ניט מייאש געווען. פונקט ווי ער האָט ביי זיך אין האַרצן געשפּירט, אַז יענער קבלה־ספר האָט אַוודאי אויך פאָרויסגע־זאָגט נחמות, ווארים אַ ספר פון הוילן צער איז קיין ספר ניט. פונקט אַזוי איז ער ביי זיך געווען בטוח, אַז שמואל בן אהרן לעבט...

חיים יוסף האָט אָנגעהויבן צעטראָגן זיין בשורה פון וויזשונע, וואָס האָט זיך געטוליעט ביי דעם טייך שעשופּע. און אַזוי גייענדיק, איז ער דערגאַנגען ביז ווילנע. אַז ער, דער קליין־שטעטלדיקער מענטש האָט דערזען די גרויסע שטאָט, האָט ער זיך גאָרניט געקענט אָפּחידושן.

פאַר אים האָט גרויס שטאָט באַדייט ניט די גאַסן מיט די קראָמען — נאָר דער שול־הויף מיט זיינע קלויזן. קיין עין־הרע אַזוי פיל. גאָר ניט איבערצוציילן, און אַלע זיינען, ברוך השם, אָנגעפּראָפּט מיט לומדים. די גמרא־ניגונים פון די פּרושים טראָגן זיך איבערן גאַנצן שול־הויף... אַלץ זינגט דאָ שירה.

ביי חיים יוספן האָט צוריק אויפגעוואַכט דער חשק צום לערנען. האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט ביי אַ שטענדער אין דער גלעזערשער קלויז. ער איז געוואָרן אַ פּרוש. ער האָט ניט געהאַט מער קיין מוט צו שפּאַנען איבער דער ליטע מיט אַ בשורה, וואָס האָט ניט קיין האַפטיקייט. ער האָט צו זיך אַליין געזאָגט:

— אַ מענטש דאַרף זיך פירן ווי אונדזערע חכמים האָבן געעצהט: אויב דו ווילסט זיך אָנלענען אָן אַ בוים, זע פריער צי עס איז אַ דעמב. געמיינט האָבן זיי, די קלוגע רבנן, מיט דעם צו זאָגן, אַז איידער דו גייסט

עפּעס מחדש זיין, פֿאָרש גוט אויס צי דער מענטש אויף וועמען דו ביזסט זיך סומך איז טאַקע, באמת, אַן אָדם גדול, און דו, חיים יוסף, האָסט דאָך ניט אָן וועמען זיך אָנצושפּאַרן, אַפילו ניט אויף אַ שוואַךביימעלע. דיין בשורה, אַז עס וועלן קומען גוטע צייטן, איז דאָך ניט מער ווי אַ וואונטש.

ער האָט אָבער נאָך אַלץ געהאָפט, אַז סוף־כל־סוף וועט ער זיך נאָך אויפטרעפן מיט שמואל בן אהרן. אָבער דאָסמאָל וועט ער אים ניט אָפּלאָזן ביז ער וועט אים מגלה זיין און דערציילן, וואָס זיין הייליקער קבלה־ספר זאָגט וועגן ישועות ונחמות אויף יידן און, דער עיקר, ווען וועלן זיי שוין קומען.

האָט ער יעדן טאָג געמאַכט אַ שפּאַציר איבערן שול־הויף, כדי צו קענען פֿאַרפירן שמועסן מיט די אָרעמע לייט, וואָס זיצן ביים אייזערנעם טויער און וואַרטן, אַז מען זאָל זיי שענקען נדבות. ער האָט געזוכט פון זיי זיך צו דערוויסן צי, אין זייער אַרומוואַנדערן איבער דער ליטע, האָבן זיי באַגעגנט ר׳ שמואל בן אהרן. ער האָט פֿאַר זיי געגנוי אָפּגעמאָלט, ווי דער בעל־מקובל זעט אויס, זיין הילוך אין שעפּסן פּעלצל, וואָס ער טראָגט אַפילו זומער־צייט אין די גרעסטע היצן.

די אָרעמעלייט האָבן לכתחילה נייגעריק אויסגעהערט חיים יוספן און נאָכדעם שוין מיט שפּאַס אים באַגלייט:

— ר׳ ייד, איר זוכט דעם פֿאַר־אַ־יאָריקן שניי ?.. מיר האָבן אַזאַ מאָדנע באַשעפעניש נאָך ניט אָנגעזען אין אונזערע אויגן.

איין טאָג האָט חיים יוסף, שפּאַנענדיק אויפן שול־הויף, דערזען אַ נייעם בעטלער מיט אַ גרויסער טאָרבע אויף די פּלייצעס און ער איז גע־שטאַנען גאָר אָפּגעזונדערט פון די הייזער־גייערס. ער האָט אויסגעוויזן צו זיין אַ בייזער ייד. דאָס שלעכטסקייט איז געלעגן אויף זיין פּנים. יעדן איינעם, וואָס האָט אים ניט געשענקט קיין נדבה, האָט ער געשאָלטן מיט טויטע קללות. חיים יוסף איז צו אים צוגעגאַנגען און געזוכט צו פֿאַר־קניפּן מיט אים אַ שמועס. עס האָט זיך אָבער ניט געבונדן. דער ייד האָט זיך געמאַכט טויבלעך און פֿאַרעקשנט געהאַלטן פֿאַרקלעמט זיינע ליפּן.

דער קיילעכדיקער יתום, חיים יוסף, האָט זיך געהאַט אויסגעהאָ־דעוועט אין ווילזשונער בית־מדרש. ער האָט דאָרטן געלערנט, דאָרטן גע־געסן און דאָרטן אויך געשלאָפן. אַז די פרעמדע הייזער־גייערס פלעגן אָנקומען קיין ווילזשונע האָבן זיי גלייך אָפּגעטראָטן אין בית־מדרש. דער מקום־קודש איז געווען זייער אכסניא. האָט חיים־יוסף זיך גוט אויס־געקענט אויף אָרימעלייט. ער האָט געוואוסט זייערע אַלע כיטרע גענג. האָט ער זיך באַלד אָנגעשטויסן, אַז דער נייער הייזער־גייער מאַכט זיך בלויז טויב און קען יאָ שמואל בן אהרנען. וואָרום ווען ער האָט דערמאָנט דעם מקובלס נאָמען האָט ביי אים אין די אויגן זיך צעגליט אַ פייערל. חיים יוספן איז געווען קלאָר, אַז דער הייזער־גייער וועט אים ניט ענטפערן. וואָרום ער וועט אַפילו ניט אָנקלאַפּן אַ פינגער אויף אַ פינגער בחנם. האָט ער אַרויסגעכאַפּט פון זיין טאַש אַ זילבערנעם האַלבן רייכס־טאָלער

און עס אַ פּאַכע געטאָן אין דער לופטן. דער בליאַסק פון דעם שיינענדיקן זילבער האָט דעם כלומרשט טויבלעכן יידן געמאַכט הערנדיק. און אַפילו דאָס רשעות איז אַוועק פון זיין פּנים. ער האָט שוין גערעדט פוטער־ווייך:

— איר זוכט אַרום ר׳ 'שמואל בן אהרנען? איך האָב אים ערשט ניט לאַנג צוריק געזען. טאַקע דאָ, אין ווילנע.

צו באַווייזן חיים יוספן, אַז ער זאָגט אמת, אַז ער מאַכט ניט קיין טעות און ער פאַרבייט ניט דעם בעל־מקובל מיט אַן אַנדערן, האָט ער, דער הייזער־גייער, גענומען אויסמאָלן מיט אַלע פּיטשעווקעס ווי יענער זעט אויס און נאָכגעמאַכט ווי יענער גייט אויף זיינע קראַנקע פיס.

חיים יוסף האָט פון פרייד אָנגעכאַפּט דעם הייזער־גייערס הענט און זיי געטרייסלט מיט דאַנקבאַרקייט:

— ר׳ ייד, איך בין בטוח, אַז איר האָט זיך איצט איינגעקויפט עולם־הבא! זייט אַזוי גוט און קומט, לאָמיר שוין גיין צום בעל־מקובל.

דער הייזער־גייער האָט זיך אָבער ניט גערירט פון זיין אָרט. דאָס בייז־קייט האָט זיך צוריק פאַרצויגן אויף זיין פּנים. ער האָט זיך גענומען בייזערן:

— וואָס מיינט איר, אַז איך בין אַ ליידיק־גייער? אַז איך האָב ניט קיין אַנדערע אַרבעטן, ווי נאָר צו זוכן עפּעס אַ לאַנגן יידן?

חיים יוסף האָט גענומען אים איינשטילן און געזאָגט:

— איך וועל אייך פאַר אייער טרחה פיין באַפרידיקן. איך האָב אין מיין קעסטל ליגן נאָך אַ גאַנצן זילבערנעם רייכס־טאַלער און אויב דאָס איז ווייניק, קענט איר אויך נעמען מיין אויבערשטן בגד, און אַפילו מיינע שיך. איך קען זיך באַגיין אָן זיי. איך האָב נאָך אַ פּאָר מעשטעס.

דער הייזער־גייער האָט, ווי אַ מבין אויף קליידער, באַטאַפּט חיים יוספס אויבער־בגד, באַקוקט זיינע שיך, און כלומרשט קאַלטלעך געזאָגט:

— דער ראָק אייערער איז גאָר אַ קנאַפּע מראהנע, און די שיך אייערע האָבן שוין ניט איין מאָל געזען ווי אַ שוסטער שלאָגט אויף זיי זוילן. אָבער איך בין ניט קיין בעל יקרן. איך זע, אַז איר ווילט שטאַרק זיך צענויפטרעפן מיט דעם שמואל בן אהרנען, וואָס איז מסתמא אייערער אַ קרוב און ער האָט פאַר אייך אָפּגעשפּאָרט אַ קניפּל, פונדעסטוועגן גיי איך איין אויף אייער אָנבאָט. טאָ גיט מיר אייער האַנט און לאָמיר שליסן „קנין״.

חיים יוסף האָט גיך אויסגעשטרעקט זיין האַנט. דער הייזער־גייער האָט זיך אָבער ניט געאיילט. ער האָט מיט הכנות אַריינגעלייגט זיינע ציצית אין זיין האַנט און אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן ליגן אין סאַמע מיטן פון זייערע ביידנס הענט. חיים יוסף האָט זיך ביי אים געבעטן:

— ר׳ ייד, זעט איר ניט אַז מיר גייט אויס דאָס חיות צו זען ר׳ שמואל בן אהרנען? וואָס ציט איר ביי מיר אויס דאָס לעצטע ביסל דמים פון מיינע עצמות? און צו וואָס אַזוי פיל מרבה זיין בדיבורים?

דער הייזער־גייער האָט ניט געקענט פאַרטראָגן דאָס מוסר זאָגן און ער האָט זיך צעבייזערט:

— זייט ניט קיין בטלן! וואָס מיינט איר, איך האַלט שמואל בן אהרנען ביי זיך אין טאָרבע. איר מעגט אָבער זיין זיכער, אַז אין אַ טאָג צי צוויי וועל איך אים ברענגען, אַפילו אַז איך זאָל אים דאַרפן טראָגן אויף מיינע פּלייצעס.

חיים יוסף האָט פאַר זיך אַליין געטראַכט:

נאָכאַלעמען איז דאָך דער ייד גערעכט.

ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און אַ מוטיקער זיך געלאָזט שפּאַנען צו דער גלעזערשער שול. דער הייזער־גייער האָט אים נאָכגעשריען:

— דו זאָלסט היטן דעם רייכס־טאַלער ווי דאָס אויג אין קאָפּ. פאַרטאָכליעווע אים ניט! און פאַרשוין דעם בגד — ער איז שוין אַזוי אויך צופיל אָפּגעטראָגן און אַ צעדריבלטער.

עס זיינען אַריבער טעג, און פון די טעג זיינען געוואָרן וואָכן. און דער הייזער־גייער האָט פון זיך ניט געלאָזט הערן. חיים יוסף ווישונער האָט אים אַרומגעזוכט אויפן שול־הויף און אים ניט געפונען. האָט ער זיך שוין מיאש געווען.

איין טאָג איז ער, ווי אַלע טעג, געזעסן אין דער גלעזערשער קלויז, אַ פאַרטיפטער אין לערנען. ערשט ער שפּירט, אַז עמעצער ציט איב ביים אַרבל. חיים יוסף הייבט אויף די אויגן און ער דערזעט דעם הייזער־גייער, מיט דער טאָרבע אויף די פּלייצעס, שטיין לעבן אים, און יענער זאָגט צו אים מיט בייזער:

— קום גיכער, עס קען נאָך ווערן צו־שפּעט!

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין איבערן שול־הויף. דער בעטלער האָט גע־שטעלט גרויסע טריט. חיים יוסף האָט אים קוים נאָכגעהאַלטן.

אַז זיי זיינען אָנגעקומען צו דער שניידערשער קלויז, האָט דער בעט־לער זיך אָפּגעשטעלט. עס איז דאָרטן געווען אַ געזעמל פון מענטשן. חיים יוסף הערט, ווי איין יידענע זאָגט צו דער צווייטער:

— עפּעס אַן עלנטער ייד שטאַרבט נעבעך אַוועק.

חיים יוסף שטופּט זיך דורכן עולם. פון שרעק כאַפּט ער זיך פאַרן קאָפּ. ער האָט דערזען, אַז אויף די טרעפּ ליגט שמואל בן אהרן אַ גוסס. ער פאַלט צו אים צו מיט אַ געוויין:

— רבי, איר דערקענט מיך?

דער „שכיב מרע" האָט זיך אַ טשוכע געטאָן און האָט שטיל גע־שעפּטשעט:

— מיינע אויגן ווילן מיר מער ניט דינען. אָבער איך דערקען דיין קול. דו ביזסט דאָך דער ווישונער עילוי.

חיים יוסף האָט זיך דערפרייט, וואָס שמואל בן אהרן האָט אים דער־קענט. דאָס צער האָט אָבער באַלד פאַריאָגט די פרייד. ער האָט דאָך קלאָר געזען, אַז דער היילִיקער מאַן טוט זיך באַלד אָפּשיידן פון אים אויף אייביק

און וועט מיטנעמען מיט זיך אין קבר אַריין דעם סוד, וואָס ער, חיים יוסף, גאַרט אַזוי צו וויסן. ענטפערט ער מיט אַ וויינענדיקער שטים:

— רבי, יאָ, דאָס בין איך. איך זוך אייך שוין אַרום זינט יאָרן לאַנג און אַ דאַנק צום בורא, וואָס איך האָב אייך געפונען. טאָ האָט רחמנות און זייט מיר מגלה סוד. וואָס זאָגט אייער קבלה־ספר וועגן ישועות און נחמות פאַר יידן? און אויב יאָ, טאָ ווען וועלן זיי שוין קומען?

שמואל בן אהרן האָט געפּרוּאווט זיך אומקערן מיטן פּנים צו חיים יוסיפן. עס איז אָבער ניט געווען פאַר זיינע כוחות. האָט ער שטום, מיטן פינגער, געוויזן חיים יוסיפן ער זאָל זיך אַריבערבייגן צו אים נאָך נידע־ריקער. ער קען מער ניט ריידן אין דער הויך.

דער ווילשונער עילוי האָט באַלד דערפילט דעם „שכיב מרעס" רצון. שמואל בן אהרן האָט גלייך געגומען מגלה סוד זיין. גערעדט האָט ער גוססדיק, שוואַך און שטיל. דער עולם אַרום, כאָטש זייערע אויערן זיינען געווען אויסגעשפּיצט, האָבן ניט געקענט כאַפּן אַפילו אַ וואָרט. אָבער פון חיים יוסיפן איז, ווי דורך אַ נס פון הימל, ניט פאַרהוילן געוואָרן אַפילו אַ זילבע. ער הערט זיך מיט פּחד צו ווי שמואל בן אהרן רעדט:

— זון מיינער, זאָלסט זיך תמיד האַלטן ביים כלל, אַז נאָך אַן „איכה" קומט אַ „נחמו". און גאולה קומט בלויז פון פּנימיות, ווי דער פּסוק זאָגט: „כאשר ירם משה את ידיו", האָבן זיך די בני ישראל געשטאַרקט. דאָ מיינט „ידיו" ניט פּשוט הענט, נאָר רוח־הקודש! אַז ער, דער רבי פון אַלע רביים, האָט זיך דערהויבן, האָט זיין קדושה מנצח געווען די טומאה. אוי און ווי איז צו דעם דור, וואָס האָט ניט צווישן זיך איינעם, וואָס זאָל האָבן כאָטש אַ ניצוץ פון משה רבינו. .

שמואל בן אהרן איז מיטאַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן. די נשמה זיינע האָט ווי געגומען פאָטשן מיט די פליגלען גרייט שוין אַוועקצופליען . . . האָט חיים יוסף זיך, מיט עקשנות, פאַרלייגט אַוועקצורייסן אים פון טויט . . . ער האָט געשריען אויפן הויכן קול:

— רבי, רבי, לאָזט מיך ניט איבער אין צעטומלטקייט! . .

אַ רויטלעכקייט האָט זיך באַלד באַוויזן אויפן אָפּשטאַרבענדיקן פּנים. ער האָט מיט ליבשאַפט געגומען גלעטן חיים יוסיפס הענט:

— שרעק זיך ניט, מיין זון. דער מלאך וואָס איז געשיקט געוואָרן נאָך מיין נשמה שטייט שוין ביי מיין צוקאָפּנס. אָבער, זאָל ער וואַרטן! איך, וואָס האָב אויף זיך געגומען אַזאַ האַרבע שליחות, אָנצוזאָגן יידן שלעכטע בשורות, האָב פאַרדינט, אַז פאַר מיין אָפּשיידן זיך פון דער ערדישער וועלט זאָל איך אויך קענען אָנזאָגן אַ בשורה טובה.

— טאָ זיי וויסן, אַז ערגעץ אין דער ליטע איז אויפגעשטאַנען אַן אָדם גדול, וואָס פאַר אים זיינען אָפן אַלע סודות פון דער תורה. אַפילו די הייליקע דורות פון פריער האָבן ניט זוכה געווען צו האָבן אַזאַ אָדם גדול. זיינע פיס שטייען, ווי ביי אַלע מענטשן, אויף דער ערד, אָבער זיין קאָפּ שפּאַרט אָן אין די הויכע הימלען. געזאָלט האָט ער אַרונטערגעשיקט

ווערן אין די צייטן פון די תנאים, אָבער ער אַליין האָט זיך אָפּגעבעטן מען זאָל אים אַראָפּשיקן אין איצטיקן שוואַכן דור, ווייל איצט וועט ער קענען בעסער דינען זיינע ברידער מענטשן. זיין קדושה וועט זיך שפּרייטן און שפּרייטן. ער וועט שטאַרקן די הענט פון אַחינו בני ישראל. ער וועט ווייזן דעם וועג צו גיין, און ער וועט אומקערן צוריק די קרוין פון דער תורה...

שמואל בן אהרן איז צוריק פאַרזונקען געוואָרן אין אַ שלעפּערדיקייט. ער האָט ווידער גענומען גוססן . . . חיים יוסף האָט אַ צערודערטער גע־נומען אים אויפרייסן מיט זיינע קולות:

— רבי, זאָגט מיר זיין נאָמען! און וואו האַלט זיך אויף אָט דער גדול־הדור?

שמואל בן אהרן האָט זיך אויפגעטשוכעט מיט פּאַראיבל, וואָס חיים יוסף רייסט אים אַלע ווײלע אָפּ פון טויט. ער איז שוין מיד. ער וויל זיך שוין מער ניט ראַנגלען מיטן מלאך. זאָל שוין יענער אַוועקנעמען זיין נשמה . . . ער האָט דאָך שוין מקיים געווען זיין לעצטע שליחות, און, מיט די ביסל איבערגעבליבענע כוחות, קוים אַרויסגעשעפּטשעט:

— אָדם לעמל יולד. זוך, וועסטו געפינען. וואָס גרעסער עס איז דאָס געווינס, אַלץ מער דאַרף מען זיך מיען עס צו געפינען, און וואָס גרעסער עס איז דער מענטש, וואָס דו זוכסט, אַלץ גרעסער איז די סכנה, אַז מען זאָל, חלילה, אים ניט דערזען. זיין העל ליכט פאַרבלענדט אָפטמאָל די אויגן... מער האָב איך דיר ניט וואָס צו זאָגן, טאָ טו מיט מיר אַ גמילת חסד של אמת און ברענג אַ ביסל וואַסער. איך וויל וואַשן מיינע הענט און זאָגן ווידוי.

חיים יוסף איז בליציק־שנעל געלאָפן צו דערפילן די לעצטע בקשה פון שטאַרבנדיקן בעל־מקובל. ער איז גיך געקומען צוריק, אָבער זיין האַנט האָט אַ ציטער געטאָן און דאָס קווערטל וואַסער איז אַ פאַרשעמטע אַרויס־געפאַלן פון זיינע הענט. דער הייליקער מאַן האָט עס מער ניט באַדאַרפט. עס איז אָנגעקומען צו־שפּעט. דער הייזער־גייער איז איצט דער גאַנצער באַלעבאָס איבער זיין גוף. ער ביייזערט זיך אויפן עולם. ער גיט אַרויס באַפעלן. ער הייסט ברענגען אַ פעדער פון אַן עוף. און אַ יידענע האָט עס שוין גרייט אין דער האַנט. דער הייזער־גייער לייגט צו די פעדער צו שמואל בן אהרנס בלייכער נאָז, אָבער די פעדער גיט זיך אפילו ניט קיין ריר. זי ליגט ווי אַ שטיין. רופט דער הייזער־גייער אויס, אין דער הויך, מיט אַן אימהדיקן קול:

— ברוך דיין האמת!

דער עולם צעגייט זיך. עס איז אַלץ געענדיקט. חיים יוסף איז צע־רודערט. ער שפּירט אַפילו ניט, ווי דער בעטלער ציט פון אים אַרונטער דעם אויבער־בגד. ער באַטאַפּט זיינע קעשענענס און נעמט אַרויס דעם זילבערנעם רייכס־טאַלער. חיים יוסף איז אין צער. עס איז אים איצט נאָך ערגער ווי פריער. וואָס טויג אים, אַז ער ווייסט שוין, וואָס דער הייליקער

ספר זאָגט, אָבער גיי זוך און געפין דעם נייעם תנא, אַז ער ווייס אַפילו ניט זיין נאָמען.

מיטאַמאָל דוכט זיך אים, אַז ער הערט ווי שמואל בן אהרן רופט צו אים:

— זון מיינער, די שליחות פון מענטשן איז זיך צו מיען און מיען. בלויז מלאכים קומט אָן אַלץ גרינג. זיס איז בלויז דאָס, וואָס מען דערווערבט דורך שווערער האָרעוואַניע. „אָדם לעמל יולד״ — האָט געזאָגט איוב, וואָס האָט דורך די שווערסטע ליידן דערקאָנט די הנהגה פון דעם בורא עולמים. טאָ גיי, מיין זון, און פיר אויס דיין שליחות.

חיים יוסף קוקט זיך אום צו דער שניידערשער קלויז און ער דערזעט, אַז שמואל בן אהרן ליגט שוין מער ניט אויף די טרעפ... ער איז נעלם געוואָרן. אַ צעשראָקענער הייבט חיים יוסף אויף זיינע אויגן צום הימל און ער דערזעט, ווי שמואל בן אהרן, אָנגעטאָן אין דעם שעפּסענעם פעלצל, זיינע פיס פאַרוויקלט אין די וואָלענע טיכער, פליט הויך אין די וואָלקנס. חיים יוסף שרייט צו אים מיט פחד:

— רבי, איך וועל טאָן ווי איר האָט מיר פאַרזאָגט. איך וועל זוכן און זוכן דעם גדול־הדור ביז איך וועל אים געפינען, טאָ מיעט זיך אין הימל, אַז מען זאָל מיר דאָרטן העלפן...



# קאַפּיטל ב

ביי די טייכן אין דער ליטע זיינען אין אַלע בתי־מדרשים געזעסן פּרושים און האָבן געלערנט מיט גרויס התמדה. זיי זיינען געווען שוין חתונה־געהאַטע יונגע־לייט. עס זאָל אָבער אויף זיי ניט ליגן קיין אַנדער עול, אַחוץ לערנען תורה, האָבן זיי זיך אָפּגעשיידט פון זייערע ווייבער און קינדער. זיי האָבן ליב געהאַט די תורה מיט אַלע זייערע חושים. האָבן זיי געזאָגט:

— פונקט ווי דער מענטש דאַרף אַ גאַנצע תורה — פונקט אַזוי דאַרף די תורה אַ גאַנצן מענטשן. און אַ מענטש וואָס איז ניט פריי, איז ניט קיין גאַנצער מענטש..

קיינער האָט זיי אין די שטעטלעך ניט פאַרבעטן. יעדער פּרוש איז אַליין אַהין געקומען. ער האָט געזאָגט דעם שמש זיין נאָמען, אַז יענער זאָל וויסן ווי אים אויפרופן צו אַן עליה, נאָכדעם איז ער צוגעגאַנגען צום ספרים אַלמער — זיך אויסגעקליבן אַ גמרא און זיך געזעצט לערנען. ער האָט אַפילו ניט געפרעגט צי מען וועט אים דאָ געבן תמיכה. ער האָט זיך

פאַרלאָזט אויף בטחון, אַז דער „ברוך שאמר״, וואָס שפּייזט זיין יצירה, וועט אויך אים צושיקן זיין שפּייז.

אַ פּרוש איז לאַנג ניט געזעסן אויף איין אָרט. טיילמאָל נאָך אין מיטן זמן פלעגט ער זיך אויפהייבן און אַוועקשפּאַנען אין אַן אַנדער שטעטל. און פּונקט ווי ער האָט פריער ניט געהאַט אָנגעפרעגט צי זאָל ער אַהער קומען, אַזוי האָט ער איצט קיינעם ניט געלאָזט צו וויסן, אַז ער גייט פון דאַנען אַוועק. עס איז שווער געווען צו פאַרשטיין, ווי מען האָט זיך אין דער וועלט אַזוי שנעל דערוואוסט, אַז זיין פּלאַץ דאָ איז ליידיק געוואָרן. אין אַ טאָג, צי אין צוויי, איז שוין ביי יענעמס שטענדער, ווי אויסגע־וואַקסן אַ נייער פּרוש..

די פּרושים זיינען געווען אויסגעבונדן מיט יעדן שטעטל אין דער ליטע. זיי האָבן געוואוסט וועלכער רב קען לערנען און וועלכער — ניט, און וויפיל לומדים עס זיינען דאָרט דאָ. זיי האָבן אין קהלשע זאַכן זיך ניט געמישט. ביי די גרעסטע מחלוקתן זיינען זיי געשטאַנען פון דער ווייטן. זיי האָבן רואיק געלערנט, ווי זיי וואָלטן גאָרניט געהערט, אַז מען קריגט זיך. טיילמאָל פלעגן זיי דורך שטומע בליקן געבן צו דערקענען מיט וועלכן צד זיי האַלטן. האָט זייער שטומער פּסק־דין אָפּגעקלונגען ווי אַ הייליקער בת־קול, וואָס מען זעט ניט דעם, ווער עס רעדט — אָבער הערן, הערט מען אים.

דער גרעסטער באַגער פון אַ פּרוש איז געווען — צו דערלעבן עולה רגל זיין קיין ווילנע — די ירושלים דליטע. צו קענען אַהין, אין דער מלכות תורה, ברענגען אַ גרוס פון די פּרושים, וואָס זיינען צעשפּרייט ביי די טייכן פון דער ליטע; אַז דער ראָש זייערער, וואָס פירט אָן מיט דער מלכות, זאָל וויסן, ווי עס האַלט מיט דער תורה; כאָטש ווער יענער איז, האָט דער פּרוש ניט געוואוסט און ער האָט ניט געזוכט זיך צו דערוויסן. ער האָט מיטן קאָפּ פאַרשטאַנען און מיטן האַרצן געשפּירט, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ איינער, וואָס פירט אָן מיט דער הייליקער תורה־מלוכה. דער פּרוש האָט פאַר זיך אַליין געטראַכט:

— דער שול־הויף איז אַ גרויסער, אַ שטאָט אַ גאַנצע; קלויזן, קיין עין הרע, ניט צום ציילן. זאָלן זיי זיך מערן! אַלע אָנגעפּראָפּט מיט פּרושים. איז דאָרט אַוודאי דאָ אַ האַנט, וואָס פירט, און אַן אויג וואָס גיט אַכטונג אויף אַלץ.

חיים יוסף ווילזשונער האָט לכתחילה אויך אַזוי געטראַכט. אָבער אַז ער האָט געזען, ווי די פּרנסים, די בעלי תקיפים, האָבן אויך דאָ, אויפן ווילנער שול־הויף, די דעה — האָט ער זיך שוין געספּקט, צי עס איז טאַקע דאָ אַ האַנט, וואָס פירט. ער האָט שוין גענומען גלויבן, אַז די פּרושים האַלטן אויך פון זיין הנחה, און בלויז צום טרייסטן זיך זאָגן זיי, אַז עס איז דאָ אַ מנהיג.

האָט ער זיך איצט, אין גרויס איילעניש, געלאָזט לויפן אָנצוזאָגן די פּרושים די גוטע בשורה, אַז ערגעץ־וואו, ביי די טייכן פון דער ליטע,

שפּאַנט שוין אַן אַמאָליקער תנא, און ער וועט צוריק אומקערן די קרוין פון דער תורה. און דאָס איז די אמתע גאולה, ווי שמואל בן אהרן האָט געטייטשט: „כאשר ירום משה את ידיו״...

דער ווילנער עילוי איז ביי זיך געווען בטוח, אַז די פּרושים וועלן די גוטע בשורה אויפנעמען מיט שמחה — און אַלע אינאיינעם וועלן זיי זיך אַ נעם טאָן אויפצוזוכן דעם הייליקן תנא, וואָס באַהאַלט זיך אַוודאי אויס פון מענטשן.

ער איז אַריינגעקומען אין קלויז מיט אַזאַ גרויסן רעש, אַז די טיר האָט זיך הויך צעסקריפּעט. די פּרושים האָבן פאַרחידושטע אויפגעהויבן די קעפּ און מיט פאַראיבל אָנגעקוקט דעם נייעם פּרוש; אייניקע האָבן זיך אויף אים אָנגעבייזערט:

— איר זייט דאָך נאָך דאָ אַ נייער, און איר שטערט שוין אין לער־נען! זאָל זיין שטיל!

חיים יוסף האָט זיך אַ פאַרשעמטער אַוועקגעזעצט ביי זיין שטענדער. עס האָט אים באַנומען אַ רחמנות אויף זיך אַליין. אומעטום איז ער עלנט. דאָס איז זיין מזל, אַפילו איצט, כאָטש שוין אַ דערוואַקסענער מענטש — איז ער נאָך אַלץ אַ יתום. טרערן האָבן זיך פון זיינע אויגן געגומען גיסן. ער האָט ניט געוואָלט, אַז די פּרושים זאָלן דאָס דערזען, האָט ער איינגע־גראָבן זיין קאָפּ טיף אין דער גמרא.

פלוצים האָט ער דערשפּירט, ווי עמעצער גלעט אים מיט פריינט־שאַפט איבערן אַקסל. ער האָט זיך פאַרשעמט ווען ער האָט דערזען, אַז דאָס איז ירוחם דער יאַנישקער פּרוש — יענער לערנט שוין דאָ אין קלויז זינט יאָרן און יאָרן, ביים זעלביקן שטענדער, וואָס שטייט פאַררוקט אין אַ ווינקל ביי דער לעצטער באַנק. ער זוכט ניט קיינעמס פריינטשאַפט. ער לעבט ביחידות. ער האָט אין יאַנישאָק אַ ווייב מיט קינדער. יעדן ערב־יום־טוב קלייבט ער זיך צו פאָרן זיי זען, און בלייבט דאָך זיצן אויף אַן אָרט. זיינע אויגן האַלט ער תמיד איינגעגראָבן אין דער גמרא און ער זעט ניט און הערט ניט וואָס אַרום אים גייט אָן.

דער ווילנער האָט זיך אַליין ניט געגלויבט, אַז ירוחם, דער יאַנישקער פּרוש, וואָס אַחוץ לערנען, גייט אים קיין זאַך ניט אָן, זאָל אַרויסווייזן צו אים, דעם ווילנער, אַזוי פיל פריינטשאַפט. צו זיין גרויס חידוש הערט ער, אַז דער יאַנישקער רעדט צו אים כמעט די זעלביקע רייד, ווי שמואל בן אהרן:

— עס איז בעסער צו זיין דער פאַרשעמטער, איידער צו זיין דער פאַרשעמער; איך פאַרשטיי, אַז עס האָט מיט אייך עפּעס פּאַסירט, און איר זייט פון דעם שטאַרק צערודערט. האָט איר אַוודאי געוואָלט אויס־גיסן אייער האַרץ, אָבער מען האָט אייך ניט געלאָזט. אַ שאָד! איך וועל, מיט פרייד, און גערן, אייך אויסהערן. טאָ לאָמיר זיך טרעפן נאָך מעריב, אויפן שול־הויף.

עס איז געווען אַ ליכטיקע נאַכט, האָט חיים יוסף, לויט דעם יאַניש־

קערס קנייטשן מיטן פנים געקענט זען, וועלכע רייד יענער נעמט אָן און וועלכע יענער וואַרפט אָפּ. אָבער ער האָט דאָך ניט איבערגעקליבן זיינע ווערטער. ער האָט אים פון אַלץ דערציילט, אַפילו ווען ער האָט געזען, אַז דער יאַנישקער, פאַכנדיק מיט דער האַנט, איז זיי מבטל. ער האָט גע־האַלטן אין איין זיך סומך זיין אויף שמואל בן אהרנען, כאָטש ער האָט געזען, אַז ר׳ ירוחם יאַנישקער האָט וועגן בעל־מקובל און קבלה גאָר אַן אַנדער דעה.

דער ווידזשונער האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז ווי עס ווייזט אויס האָט ר׳ ירוחם זיך געקענט מיט שמואל בן אהרן. ער האָט זיך פאַרן יאַנישקער אויך באַקלאָגט, וואָס די תורה ווערט פאַרשעמט. די גאַנצע ממשלה האָבן איצט די פרנסים, די פאַרגרעבטע לייט. עס איז ניטאָ קיין מורה דרך. יעדער איינער פירט זיך ווי אים געפעלט. לכן — האָט חיים יוסף געזאָגט צום יאַנישקער — זייט איר מחויב זיך צו מיען, אַז מען זאָל זיך גלייך שטעלן זוכן דעם נייעם תנא.

ר׳ ירוחם יאַנישקער האָט אים די גאַנצע צייט געלאָזט אַליין ריידן. ער האָט זיך ניט אַריינגעמישט אַפילו מיט אַ וואָרט. ערשט, ווען ער, דער ווידזשונער, האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט ער אים געפרעגט:

— איר האָט שוין אַלע אייערע טענות אויסגעלייגט?

דער ווידזשונער האָט אים געענטפערט:

— יאָ, רבי!

האָט זיך ירוחם אַ גלעט געטאָן דעם שטערן און מיט ישוב־הדעת אָנגעהויבן צו ריידן:

— איך האָב זייער גוט געקענט שמואל בן אהרן. ער האָט געהאַט אויף זיך אַ גוטן קאָפּ און ער איז געווען אַ ייד אַ למדן. קיינער האָט זיך ניט געקאָנט פאַרגלייכן מיט אים אין בקיאות. אָבער ער האָט זיך פאַר־נומען אויף ניט קיין ריכטיקן דרך. ער איז געווען אַ היציקער, האָט ניט געהאַט קיין געדולד זיך צו דערגרונטעווען צו דער טיפקייט פון אַן ענין. דערצו נאָך איז ער געווען אַ פּחדן, ער איז געווען אין הוילער מורא, אַז יידן און די תורה גייען אונטער, האָט ער נאָכאַנאַנד געזוכט מיטלען ווי אַזוי ביידן צו ראַטעווען...

עס איז מיר קיינמאָל ניט געווען צום האַרצן זיין פירונג און זיין הילוך — האָט ווייטער גערעדט דער יאַנישקער. — אַ ייד דאַרף תמיד האַלטן אין זינען, אַז דרך־ארץ קודמה לתורה — אַ מענטש דאַרף האַלטן שטאַט, און זיך פירן און גיין אָנגעטאָן ווי אַלע מענטשן. און, זאָגט איר אַליין: ווער פליט עס אין הימל אין אַ שעפּסן פעלצל? און די פיס אַרומגעבונדן מיט וואָלענע טיכער? אויפן עולם האמת קומט מען אייב־געהילט אין תכריכים. ווער דאַרף אין הימל אַן אַלט גויאיש פעלצל? עס וואונדערט מיך אויף אייך, חיים יוסף ווידזשונער! איר, אַ למדן, זאָלט אַריין אין אַזאַ התפעלות, וואָס שמואל בן אהרן האָט אייך געזאָגט, אַז צווישן אונדז לעבט איינער, וואָס ער איז אין דער הויכער

מדרגה פון אַ תנא. אונדזערע רבנן האָבן דאָך דאָס געזאָגט מיטן פּולן מויל: אין יעדן דור געפינט זיך איינער, וואָס האָט אַלע מעלות פון אַברהם אָבינו.

אויפן שול־הויף האָט גענומען בלאָזן אַ קאַלט ווינטל. ירוחם יאַניש־קער האָט מיט צערטלעכקייט אַ זאָג געטאָן צו חיים יוספן:

— ווילזשונער, איר גייט גאָר אָרום אין אַן אויבער־ראָק? דעם מענטשן איז דאָך אָנגעזאָגט געוואָרן צו היטן ניט בלויז זיין נשמה, נאָר אויך זיין גוף.

ירוחם האָט גענומען פאַרשפּיליען זיין אויבער־בגד. ער האָט עס געטאָן זייער מיושבדיק און מיט כוונה, ווי ער וואָלט דאָ אויסגעפירט אַ גרויסע מצווה, און באַלד ווידער זיך געווענדט צו חיים יוספן:

— ווילזשונער, שמועסט זיך ניט איין, אַז די פּרנסים זיינען די מנהיגים ביי יידן. אויבנאויפיק קוקט דאָס טאַקע אַזוי אויס, אָבער אין דער אמתן זיינען מיר, די לערנערס, דאָס מלכות. איך בין מודה, אַז עס האָט ניט דעם אַמאָליקן גלאַנץ, אָבער עס איז נאָך אַלץ אַ גאַנץ פיינע מלוכה. דער ראש איז טאַקע אַן אונדזעריקער — אַ פּרוש. ער פירט דאָס מלכות שטיל, אין טומל און אין ליאַרעם. בלויז יחידי סגולה ווייסן זיין נאָמען און וואו דער טראָן פון דער מלכות שטייט. ער איז אַ געזונטער למדן און בעל־מידות. ער זאָגט: „זוך ניט קיין מעלות אין חסרונות, נאָר זוך חסרונות אין די מעלות".

— מהאי טעמא איז ניטאָ וואָס צו שרעקן זיך פאַר די פּרנסים. זיי, די פאַרגרעבטע לייט, קענען קיינעם ניט אָפּנאַרן. זיי זיינען אָפענע בלע־טער. זיי זיינען הוילע חסרונות. אָבער דו זאָלסט זיך יאָ שרעקן פאַר די לייט, וואָס שפּילן די ראָליע פון צדיקים. אָט ביי זיי זוך, צי עס פאַר־באַהאַלטן זיך ניט קיין חסרונות אין זייערע מעלות.

דער ראש אונדזערער זאָגט אויך: „טרוי ניט די אויגן, ווייל גלאַנץ נאַרט זיי און זיי נאַרן דיך. טאָ שאַץ ניט דעם בוים לויט זיין אויס־זען, נאָר לויט זיינע פּירות".

וואָס זשע טויג מיר זייער לומדות, אַז אויב זיי זיינען געלט־גייציקע, צי כעסנים, צי גאָר בעלי־גאווהס, און זיי לויפן נאָך כבוד.

אויב אַזוי, טאָ צו וואָס זאָלן מיר גיין אַרומזוכן דעם גדול הדור. מיר ווייסן דאָך, אַז ער לעבט צווישן אונדז, זינדיקע מענטשן. אויב מיר וועלן זוכה זיין, וועט ער זיך אַליין באַווייזן. דעמאָלט איז שוין אונדזער עובדא נאָכצוזוכן, צי ער איז טאַקע ריין פון חסרונות ווי ריינער תכלת, און צי ער האָט די אַלע שיינע מידות פון אַברהם אָבינו.

טאָ הערט זיך צו, ווילזשונער, צו דער עצה פון אַן עלטערן פון אייך און פּטרט ניט בחנם אייער צייט. פאַרטוט זיך, בעסער, אין לערנען. מיט דעם וועט איר גיכער ברענגען די ישועה, ווי מיט אַרומזוכן דעם תנא.

חיים יוסף האָט געהראָכזאַם אויסגעהערט ווי ר' ירוחם יאַנישקער קלערט אים אויף. עס איז אים געווען אַ פרייד צו הערן, אַז די וועלט איז

ניט הפקר, אַז עס איז דאָ אַן אויג וואָס וואַכט, און אַ האַנט וואָס פירט. ער וואָלט זייער געגאַרט צוּוויסן: ווער איז דער ראש פון דעם מלכות תורה? און וואו איז זיין זיץ־פּלאַץ? ער האָט ניט קיין ספק, אַז ירוחם יאַנישקער ווייסט. לויט זיינע רייד, ווייזט אויס, אַז ער איז איינער פון יענעמס פאַרטרויאונגס־לייט. אָבער ער האָט מורא דאָס אים צו פרעגן — ער קען נאָך אַוועקשטעלן ר׳ ירוחמען אין אַ פאַרלעגנהייט. ער וועט אפשר ניט וועלן אויף דעם ענטפערן.

ר׳ חיים יוסף האָט צער, וואָס ר׳ ירוחם רעדט מיט אַזאַ גרינג־שאַצונג וועגן שמואל בן אהרן. ער איז עס אים מוחל. ירוחם זאָגט עס דאָך ניט פון בייזוויליקייט. נאָר ער גלויבט, אַז אויף זיין צד שטייט דער אמת.

חיים יוסף איז די נאַכט שוין ניט געגאַנגען שלאָפן. ער האָט גע־פאָלגט דעם יאַנישקערס עצה. ער האָט פון זיך אָפּגעטרייסלט זיינע אַלע מחשבות און פאַרלאַנגען. ער האָט, מיט ברענענדיקער התמדה, זיך גע־זעצט לערנען... און ער האָט דערשפּירט אַזאַ לייכטקייט אויפן האַרצן... עס איז אים אַליין, און דער גאַנצער וועלט, מחייהדיק גוט...

***

אין דער מלכות תורה האָט מען זיך דערוואוסט, אַז עס איז אויפ־געשטאַנען אַ גרויסער למדן. זיין נאָמען איז אריה לייב, אָבער ער רופט זיך אויפן נאָמען פון זיין ספר: „שאגת אריה״. זיין קאָפּ איז שאַרף ווי אַ שווערד און קען זאָגן גאַנץ ש״ס און פּוסקים אויף אויסנווייניק. האָט מען דאָרט געקלערט, אַז אפשר איז ער דאָס דער גרויסער מאַן, וואָס איז אין דער מדרגה פון אַברהם אָבינו.

מען האָט טאַקע געהאַלטן פון דער שיטה, אַז מען דאַרף ניט זוכן צו געפינען דעם גדול הדור. אָבער, אויב אַזאַ איינער באַווייזט זיך אַליין, דעמאָלט איז מען שוין מחויב גוט נאָכצוקוקן, צי איז יענער ניט קיין פאַל־שער מאַן, און איז אויסן בלויז זיך אַליין צו דערהויבן און פאַרפירן יידן מיט פאַלשע האָפענונגען. און אפשר געהערט יענער גאָר צו די שבתי־צבי־לייט? דאַרף מען באַצייטנס קעגן אים פאַרפירן אַ קריג: מבטל מאַכן זיינע חידושי תורה, אָפּפרעגן זיינע קשיות און תירוצים. האָט מען תיכף אַוועקגעשיקט ר׳ ירוחם יאַנישקערן קיין וואָלאָזשין, וואו דער ר׳ אריה לייב איז רב, ער זאָל נאָכקוקן זיין יעדן קער און ווענד און ער זאָל וועגן אַלץ געבן צו וויסן דער מלכות תורה.

ירוחם יאַנישקער האָט זיך באַזעצט אין וואָלאָזשינער בית־מדרש. ער איז דאָרטן כלומרשט געוואָרן אַ פּרוש און, ווי אין דער גלעזערשער קלויז, איז ער אויך דאָ געזעסן אין אַ ווינקל ביי אַ שטענדער. ער האָט מיט קיינעם אַפילו ניט גערעדט וועגן לערנען, ניט געזוכט צו ווייזן זיין למדות. ער האָט געהאַלטן זיינע אויגן איינגעגראָבן אין דער גמרא. און

דאַך איז פון אים ניט פאַרהוילן געוואָרן דער מינדסטער קער און ווענד פון דעם רב, וואָס שטאָט רופט: דער „שאגת אריה" — אויפן נאָמען פון זיין פלפול־ספר.

ר' ירוחם האָט ר' אריה לייבס פלפול־ספר באַלד איבערגעשיקט קיין ווילנע. ער האָט אויך בייגעלייגט אַ בריוועלע. ער האָט געשריבן:

— דער „שאגת אריה" זאָגט יעדן בין מנחה למעריב אַ בלאַט גמרא פאַר דער חברה ש"ס. איך הער זיך פון וייטן צו. זיין פלפול איז בליציק און שאַרף. עס פאַרבליצט ממש דעם מוח. ער זאָגט פון אויסנווייניק ניט בלויז די גמרא, נאָר אויך אַלע קדמונימדיקע מפרשים. איך, ירוחם, האַלט אויפ־געמישט מיין גמרא אויפן זעלביקן דף און איך האָב נאָך ניט געכאַפּט ר' אריה לייבן, ער זאָל האָבן פאַרפעלט אפילו איין וואָרט".

דער יאַנישקער האָט ביים סוף פון זיין בריוול מוסיף געווען, אַז זיינע, דעם וואָלאָזשינער רבס שכירות, זיינען איינגאַנצן פיר גילדן אַ וואָך, און ער לעבט אין דחקות.

ירוחם יאַנישקער איז געווען גערעכט. די רביצין האָט מיט די פיר גילדן טאַקע ניט געקענט אויסקומען. האָט זי אין די קראָמען געבאָרגט און געבאָרגט, געשטוקעוועט איין וואָך צו דער צווייטער, ביז זי האָט איינגעזען, אַז עס איז ניט קיין תכלית — זי וועט סוף כל סוף פאַרצערן פרעמד געלט. האָט זי איין וואָך די גאַנצע פיר גילדן שכירות אַוועקגע־געבן אירע בעלי־חובות. איז איר ניט געבליבן מיט וואָס איינצוקויפן אַפילו פּראָסטע ראַזעווען ברויט, אַז איר אריה לייב זאָל קענען מאַכן אַ מוציא. אים, דעם „שאגת אריה" אַליין, האָט עס דווקא ניט געאַרט. ער האָט געפּרואווט טרייסטן זיין רביצין און צו איר געזאָגט:

— אַ מענטש, וואָס ווייסט ניט וואָס הונגער באַדייט, איז ניט בלויז קיין מענטש ניט, נאָר איז אַפילו קיין בהמה ניט.

די רביצין האָט זיך ניט געלאָזט טרייסטן — זי האָט זיך צעוויינט.

דער „שאגת אריה" האָט ניט געקענט צו זען זיין ליבן זיווגס צער. אַ היציקער פון דער נאַטור, האָט ער געכאַפּט זיין שטעקן און אַוועקגע־שפּאַנט אין גרויס געאייל צום ראש הקהל. ער האָט מיט כעס געקלאַפּט אין יענעמס טיש און געשריען מיט קולות:

— אָט שוין זאָלט איר מיר העכערן מיינע שכירות אויף גאַנצע אַנ־דערטהאַלבן גילדן אַ וואָך!

דער ראש הקהל האָט צו־להכעיס מיט חזקות געענטפערט:

— רבי, איך וועל אייך קיין הוספה ניט געבן. און עס גייט דאָ ניט אין געלט. אמת, אַנדערטהאַלבן גילדן איז אַ גרויסע מטבע, אָבער קהל וואָלט ניט אַנגעזעצט, און ווי עס איז זיך אַן עצה געגעבן: מען וואָלט געהעכערט דעם אָפּצאָל אויף ליכט, צי הייוון. אָבער ווי פּאַסט דאָס פאַר אַ רב, ער זאָל, ווי אַ קאַמאַרניק, קלאַפּן מיטן שטעקן אין טיש און שרייען: „דאַוואַי גראָשי" — „גיב געלט"?!

דער ראש הקהל האָט דאָ געפונען אַ געלעגנהייט איינצומאָנען נקמה.

ער און אַלע וואָלאָזשינער בעלי־בתים האָבן אין זייער האַרצן געטראָגן אַ שנאה אויפן „שאגת אריה". זיי האָבן פאַר זיך אַליין מיט פאַראיבל געטראַכט: ער איז דאָך אָנגעוויזן אויף הקל, דאָך האַלט ער ניט איין זיינע מחשבות און צוימט ניט זיינע רייד. זעט ער ווי עמעצער באַגייט אַן עוולה, מעג יענער זיי דער אָנגעזעענסטער באַלעבאָס, מוסרט ער אים אויס דווקא פאַר אַלעמען אין די אויגן מיט די שאַרפסטע און האַרבסטע ווערטער. זיי האָבן אים די גאַנצע צייט פאַרשוויגן. זיי האָבן מורא געהאט מעיז פנים צו זיין אַ רב, וואָס איז אַזוי באַרופן אויף דער וועלט.

איצט, צוליב דעם טראַף מיט זיין קלאַפּן מיטן שטעקן אין טיש און מאָנען געלט ווי אַ קאַמאַרניק, האָט דער „שאגת אריה" פאַרלאָרן דעם חן אין וואָלאָזשין אַפילו ביי די, וואָס פלעגן זיך פאַר אים איינשטעלן. מען האָט שוין גענומען זען ביי אים בלויז חסרונות: ער איז אַ בעל־גאווה, ער האַלט צופיל פון זיך, ער איז אַן אָפּגעלאָזענער, דער ראָק זיינער איז ביי אים תמיד פאַרפלעקט, די בענדלעך פון זיינע שיך שלעפּן זיך ביי אים נאָך, און די באָרד זיינע איז צעקנייטשט און פאַרפלאָנטערט. אויך זיין רביצין איז ניט קיין באַלעבאָסטע, געלט צעקריכט ביי איר אונטער די פינגער...

מער פון אַלעמען האָט זיך פאַרלייגט אויפן „שאגת אריה" דער גרעסטער וואָלאָזשינער גביר, אַ שניט קרעמער, וואָס זיין נאָמען איז גראָד אויך געווען „אריה לייב". אָבער דער אריה לייב איז געווען זייער אַ פּראָסטער מענטש, ער האָט ניט אָנגעהויבן צו קענען לערנען, און פון דעסטוועגן איז ער ברייטלעך געזעסן ביים „חברה ש"ס טיש. און כדי צו ווייזן, אַז ער איז יאָ אַ למדן, האָט ער געהאַלטן אין איין אַריינמישן זיך מיט פרעגן קשיות, וואָס ער האָט געהערט פון פרעמדע דורכפאַרנדיקע לומדים. ער האָט זיי אָבער פאַלש באַנומען. דער „שאגת אריה", וואָס האָט געזאָגט דאָס בלאָט גמרא, האָט נישט געקענט צוזען יענעמס גראָביונגערישע פירונג, האָט ער, דער בעל האמת, זיך באַקלאָגט:

וואָס וויל פון מיר דער אַנדער אריה לייב? ווייס ער דען ניט, אַז ניט פאַר אַלע אריה לייבס איז די גמרא געגעבן געוואָרן, און אוודאי ניט פאַר אים, פאַר דעם גראָבן קאָפּ. ווען ער האָט שכל, זעצט ער זיך אַוועק ביים „שולחן־ערוך"־טיש.

איין בין מנחה למעריב זיצט דער „שאגת אריה" ביים „חברה ש"ס טיש". ער זאָגט דאָס בלאָט גמרא מיט רש"י, תוספות און שפּעטערדיקע מפרשים. און אַלץ אויף אויסנווייניק. און דאָך פאַרפעלט ער ניט אַפילו אַ וואָרט. ער פרעגט זיי אַלע אָפּ מיט שאַרפן פלפול. ער שוועבט אין די הויכע וועלטן, זיינע רעיונות בליצן... אָבער אויף צו־להכעיס שלאָגט אים אַריה לייב דער שניט־קרעמער אַלע ווײַלע איבער מיט אומגעלומ־פּערטע און נאַרישע קשיות, וואָס גרילצן אין די אויערן.

האָט דער „שאגת אריה", דער היציקער מענטש, זיך אויף יענעם שוין גאָר שטאַרק צעבייזערט:

— שווייג, דו עם הארץ איינער! פאַרמאַך דיין מויל!

דער שניט־קרעמער האָט אָבער מיט כלומרשטן נצחון ממזריש־קלוג געוואונקען מיט די אויגן און געזאָגט:

— יידן, קוקט נאָר צו ווי איך, אריה ליב, וואָס איז, דוכט זיך, ניט מער ווי אַ קרעמער, האָב צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט דעם אַנדערן אריה לייבן, וואָס האַלט זיך פאַר אַ גאון.

און ער האָט ווידער גענומען שטעלן נייע קשיות, איינע נאַרישער פון דער צווייטער.

דער „שאגת אריה" בייזערט זיך נאָכאַמאָל אָן, און ער גיט אים אַ שטרענגע התראה, ער זאָל אויפהערן צו שטעלן זיינע נאַרישע קלאָץ־קשיות. אָבער דער רייכער שניט־קרעמער מאַכט זיך ניט־ווויסנדיק און רייסט אים אַלע ווילע איבער — איז ער, דער היציקער מענטש, אינגאַנצן אַרויס פון געדולד. ער האָט זיך אויף גיך אַרונטערגעבויגן, אַראָפּגעכאַפּט פון זיין פוס דעם שוך, וואָס איז סיי ווי סיי ניט געווען פאַרשנירלט, און אַ וואָרף געטאָן דעם שניט־קרעמער אין קאָפּ אַריין.

דער רייכער קרעמער, אַ כיטרער מאַן, האָט בכיוון זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָפּ און כלומרשט געפאַלן אין חלשות. מען האָט אים געלייגט נאַסע האַנטיכער, אָבער ער האָט זיך ניט געלאָזט אָפּמינטערן.

די וואָלאָזשינער בעלי־בתים האָבן דערצאָרנטע זיך אויפגעהויבן פון טיש, פאַרמאַכט די גמרות און איבערגעלאָזט דעם „שאגת אריה" איינעם אַליין. אויך דער המון, וואָס האָט אַלעמאָל געהאַלטן מיטן רב, ווייל ער גייט תמיד מיטן אמת — ער שאַנעוועט ניט די יחסנים — האָט שוין איצט אויך געשטורעמט מיט צאָרן:

— עס איז נאָך אַזאַ זאַך ניט געהערט געוואָרן! אַ רב זאָל וואַרפן שיך?!

די וואָלאָזשינער גבאים האָבן תיכף צונויפגערופן אַן „אַסיפה". נאָך אַ קורצן ישוב הדעת האָבן זיי אויסגעשטעלט אַן התראה צום „שאגת אריה", ער זאָל מיט זיי גיין צו אַ דין תורה. זיי האָבן אָבער אויסגעקליבן דווקא אַזוינע רבנים, וואָס זיי האָבן געוואוסט, אַז דער „שאגת אריה" האַלט ניט פון זיי. זיי האָבן ניט דערמאָנט אין זייערע תביעות די אַנדערטהאַלבן גילדן און אַפילו ניט דאָס וואַרפן דעם שוך. זיי האָבן געהאַלטן, אַז עס איז פאַר זיי אַליין ניט שיין אַרויסצוטראָגן אַזוינע געשיכטעס פאַר דער וועלט. האָבן זיי אַרויסגעשטעלט אַ צעטל מיט נייע טענות:

דער „שאגת אריה" פירט זיך ניט ווי אַ רב, ער איז ניט אָפּגעהיט אין זיינע רייד, ער איז אַ כעסן און אַ בעל־גאווה, ער האַלט בלויז פון זיך אַליין און איז אַלעמען מבטל... זינט ער איז רב אין וואָלאָזשין, איז ביים המון געפאַלן דער אָנזען פון תורה און אירע לערנער. וואָרים אויך פאַרן פשוטן עולם האַלט ער זיך ניט אָפּ פון אָפּצושפּאָטן און מאַכן צו גאַרנישט די גרעסטע גאונים. ער האָט פאַר זיי ניט קיין אַנדערע נעמען,

ווי גראָבע יונגען, עם הארצים, פּוירעשע קעפּ. ער איז אַפּט אַפילו פּוגע בכבוד רש״י הקדוש און דעם רמב״ם...

דער „שאגת אריה״ איז לכתחילה געווען גרייט צו גיין אויף דער דין תורה, צו באַווייזן, אַז עס איז ניט אַזוי מוראדיק ווי די וואָלאָזשינער גבאים שטעלן פאַר דעם ענין. ווארים יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט ווען עס איז אַרויסגעבראַכט אויף זיינע ליפּן איז געקומען פון דעם קוואַל, וואָס הייסט — אמת. עס קען אפשר מעגליך זיין, אַז ער האָט אַמאָל אַרויסגעזאָגט די ווערטער צו שאַרף, אָבער זאָלן זיך די וואָלאָזשינער גבירים ניט אָננעמען פאַר רש״י און פאַרן רמב״ם. ער, אריה לייב, וועט שוין מיט זיי אויף יענער וועלט דורכקומען. ער קערט זיך אָן מיט זיי אַ סך מער, ווי די נאַרישע עשירים. ער האָט דאָך קיין איין שורה זייערע ניט פאַרפעלט צו לערנען און ער קען זייער תורה פון אויסנווייניק.

ער האָט אָבער זיך נאָכדעם מישב געווען, אַז ער וועט צו דער דין תורה ניט גיין. און ער האָט געשיקט זאָגן די וואָלאָזשינער ראשי־הקהל:

— איך, אריה לייב, האָב נאָך אין מיין גאַנץ לעבן קיינעם ניט געחנפעט. איך האָב פון תמיד אָן געווייכט פון שקר. וועל איך דאָך ניט גיין זיך אויסטענהען פאַר רבנים, פון וועלכע איך האַלט גראָד ניט. מהאי טעמא שיק איך אייך אָפּ מיין „כתב־הרבנות״.

ער האָט אין אַ טאָרבע אַריינגעטאָן אַ זעקעלע גרויפּן, וואָס איידער ער האָט עס געקויפט, האָט ער גוט אויסגעפאָרשט, צי דער האָבער איז ניט חדש, געמאָלן פון האַיאָריקער תבואה. ער האָט אויך אַריינגעלייגט אַ טעפּל מיט אַ לעפל. ער, דער געוואַלטיק־ פרומער מאַן האָט זיך זייער אָפּגעהיט אין כשרות, האָט ער ניט געטרויט צו עסן פון יענעמס כלים.

און אַזוי, מיט דער טאָרבע אויף די פּלייצעס און מיט זיין שטעקן אין דער האַנט, האָט ער, אַ גאון אין דער תורה, זיך געלאָזט שפּאַנען איבער דער ליטע, צו האַלטן דרשות. ער האָט זיך אַליין געמוטיקט: „אריה לייב, אַ מגיד אין אַ העכערע שליחות. אַ רב דאַרף שווייגן און אַ מגיד דאַרף ריידן״.

אַז ירוחם יאַנישקער האָט דערזען, אַז דער „שאגת אריה״ האָט פאַרלאָזט וואָלאָזשין האָט ער זיך אויף גענומען קלייבן צוריק פאָרן קיין ווילנע. אין דער מלכות־תורה האָט מען שוין געוואוסט וועגן דער מחלקה צווישן „שאגת אריה״ מיט די וואָלאָזשינער בעלי־בתים. ירוחם האָט יעדן טאָג געשריבן בריוו צו זיין ראש — אין דער מלכות־תורה — און אים וועגן אַלץ מודיע געווען.

ירוחם האָט זיך געזעצט שרייבן צו זיין ראש, אַז ער האָט, אַ לויב צום בורא, פאַרענדיקט זיין שליחות — און ער וועט, בלי נדר, גאָר בקרוב זיין צוריק אין ווילנע. עס וועט זיך אפשר פאַרציען עטלעכע טעג, ווייל ער האָט אין מחשבה אָפּצושטייגן אין יאַנישאָק צו זען, צי זיין בכור — וואָס איז געווען נאָך אַ קליין קינד ווען ער, ירוחם, האָט זיך אָפּגעשיידט פון זיין

זיווג צו פּראָווען פּרישות, און איז איצט שוין אַ בר־מצווה בחור — נעמט זיך צום לערנען.

ירוחם יאַנישקער איז דאָס שרייבן בריוו געפאַלן שווער. עס איז אים געווען אַן אָפּקומעניש. ער האָט עס פאַררעכנט ווי אַן עונש פאַר עבירות, וועלכע ער איז באַגאַנגען בשוגג. איז ער געווען גאַר און גאַר אויפגעלייגט, וואָס ער ווערט שוין פּטור פון דער שווערער עובדה. מהאי טעמא, האָט ער, ווי אַ ברייטהאַרציקער נדבן, ניט געקאַרגט ביים שרייבן איצט, זיין לעצטן בריוו. ער האָט זיך פאַרנומען גאַר ברייט.

קודם כל האָט ער גענומען זיך פאַרענטפערן פאַרן ראש, וואָס ער, ירוחם, איז אין אַזאַ איילעניש צו קומען צוריק קיין ווילנע. האָט ער גע־שריבן: „זאָל מיך דער רבי נישט חושד זיין אין דער מיאוסער מידה פון גאווה. איך בין ביי זיך ניט גענאַרט. איך ווייס, אַז ווילנע קען זיך באַגיין אָן מיר. אָבער איך האָב דאָך אין וואָלאָזשין מער ניט וואָס צו טאָן. דער „שאגת אריה" איז שוין דאָ מער ניטאָ. ער האָט זיך גענומען צו מגידות. און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט איבער דער ליטע צו האַלטן דרשות. איז מיך, ירוחמען, געבליבן די איינציקע ברירה — אים נאָכצופאָרן. איז דאָס קודם כל אַ זאַך, וואָס איז אוממעגלעך, און עס איז אויך ניט מעשה דרך ארץ".

„אָבער, אויב איר, רבי מיינער, האָט אַן אַנדער הנחה, און איר זענט ביי דער דעה, אַז מען דאַרף אים נאָכפאָרן" — שרייבט ווייטער ירוחם יאַנישקער — „בין איך זיך מודה, אַז אויף אַרומצופאָרן טויג איך זיך ניט אויס. איך בין אַ שטוב־זיצער. דערצו בין איך געשטראָפט מיט אַ גראָבן קאָפּ, און איך קען זיך ניט פאַרגינען צו מבטל זיין אין לערנען. איך וועל פאַרגעסן דאָס ביסל, וואָס איך האָב מיט אַזוי פיל מי דערוואָרבן. איך קען זיך ניט פאַרגלייכן צום „שאגת אריה". ער איז א גאון עולם. ער קען לער־נען אַפילו פאַרנדיק אויף טרייסלענדיקע בוידן. ער געדענקט גאַנץ ש"ס אויפן קאָפּ".

אין זיינע אַלע פריערדיקע בריוו צום ראש האָט ירוחם יאַנישקער בלויז געשריבן, וואָס ער האָט געזען און געהערט וועגן „שאגת אריה". זיינע אייגענע הנחות און „לפי דעתות" האָט ער ניט געהאַלטן פאַר נייטיק צו דערמאָנען. זאָל דער ראש, וואָס פאַרשטייט בעסער אַזוינע הויכע ענינים, אַרויסטראָגן זיין אייגענע החלטה.

איצט, אָבער, אין זיין לעצטן בריוו, האָט ער שוין ניט געקענט איינ־האַלטן זיין התפעלות פאַרן „שאגת אריה". און ער האָט געשריבן מיט התנצלות:

„איך זוך דאָ, חס וחלילה, ניט צו זאָגן קיין דעות און אַרויסגעבן סמיכות אויף גאונות. אָבער, לויט מיין אָרעמען פאַרשטאַנד, איז דער „שאגת אריה" — זאָל קומען אַ ברכה אויף זיין קאָפּ — אַ חד בדרא. קיי־נער קען זיך ניט פאַרגלייכן צו אים, ניט אין בקיאות און ניט אין חריפות. ער איז אַן עוקר הרים און אַן אמתער איש חסיד. ער איז אפשר אַ צו הי־

ציקער. אָבער עס איז נישטאָ וואָס זיך צו שרעקן פאַר אים. ער זוכט גאָר ניט מען זאָל אים אָנטאָן די קרוין פון אַ „גדול הדור״.

„„ער איז קיינעם ניט מקנא. ער האָט אַפילו ניט קיין השגה, וואָס קנאה באַדייט. אָבער מען קען זייער לייכט אים חושד זיין אין דער ניט־שיינער מידה, ווייל ער איז מבטל דווקא די־יעניקע לומדים, וואָס זיינען מפורסם געוואָרן פאַר גדולים אין דער תורה און מען גיט זיי אָפּ כבוד. לפי דעתי, קומט דאָס ביים „שאגת אריה״ ניט פון ניט־פאַרגינערייַ, נאָר ער האַלט, אַז פונקט ווי מען טאָר ניט צוזען, ווי מען טוט עמעצן ניט דערצאָלן, פונקט אַזוי איז נאָך אַ גרעסערע עבירה צו שווייגן, ווען מען זעט, ווי מען צאָלט יענעם איבער. ווי דוד המלך זאָגט: „זע, אַז דיינע געוויכטן זאָלן זיין צדק, טאָ וועג דיין יערן קער און ווענד אויף אָן „אַפּטייקערישן געוויכט״ !

„דאָס אייגענע״ — שרייבט ווייטער דער יאַנישקער — „קען זיך דוכטן, אַז דער „שאגת אריה״ איז אַ בעל גאווה, ווייל, אין ברוגזנדיקע מינוטן, קען ער זיך פאַרגינען אַ זאָג צו טאָן:

— אויב, חס וחלילה, יידן זאָלן פאַרגעסן די תורה, וועל איך, אריה לייב, זיי צוריק דערמאָנען מיט מיין שאַרפן פלפול . . .

„אָבער אויך אַזאַ מין ברייטלעכער זאָג קומט ביי אים ארויס ניט פון גרויסהאַלטעריי, נאָר פון זיין געוואַלטיקער ליבשאַפט צו לערנען און לערנערס. ער איז שטענדיק אין שרעק און אין ציטער, אַז די תורה וועט, חס וחלילה, ווערן פאַרגעסן — פּרואווט ער זיך אַליין מוטיקן, אַז ער וועט, מיט זיין פלפול, קענען ראַטעווען. אין תוך, אָבער, איז ער אַן עניוו. ער האָט מער ספיקות אין זיך אַליין, ווי אין יענעם. ער איז מער מבטל זיך אַליין, ווי אַנדערע. ער זוכט ניט קיין כבוד. ער האַלט אַפילו ניט, אַז דאָס קומט אים, און גאָרט גאָר ניט צו ווערן מפורסם״.

„ער, דער גאון, דער גרויסער, האָט זיין אייגענעם דרך אין לערנען. ער טייטשט אַנדערש אויס דינים און מצוות. אָבער יעדע מצווה, וואָס עס קומט צו זיין האַנט, פירט ער אויס פּינקטלעך ווי עס שטייט געשריבן אָן שום פלפולשע אַרויסדרינגונגען. ער פירט זיך ווי רבנן האָבן אָנגעזאָגט: „קדש את עצמך במותר לך״, אַפילו אויב נאָך דיין פאַרשטאַנד, מעג מען עס יאָ טאָן — אָבער, אויב דו ווילסט דערגרייכן אַ העכערע מדרגה, טאָ פאַרקוק דעם „מען מעג״.

ר׳ ירוחם יאַנישקער האָט זייער ריכטיג באַנומען דעם „שאגת אריה״. ער, ר׳ אריה לייב, האָט אַפילו אין מחשבה ניט געהאַט, אַז ער איז ראוי צו טראָגן די קרוין פון אַ גדול הדור. ער האָט גאָר געגאַרט צו זיין אַ תלמיד ביי יענעם, האָט ער געהאַלטן אין איין בעטן ביי גאָט, ברוך הוא, ער זאָל אים צושיקן אַ רבין, ער זאָל פאַרדינען די מצווה פון משמש זיין און אָפּגעבן כבוד.

ער האָט מיט דער טאָרבע אויף די אַקסלען געשפּאַנט פון איין שטעטל אין צווייטן, און טיילמאָל זיך ניט געלאָזט דערקענען און אַפילו

קיין דרשה ניט געהאַלטן. ער האָט זיך ניט געטרויט, אַז ער טויג זיך אויס צו מגידות, און ער האָט זיך אַליין געמוסרט.

— אריה לייב, דו נאַרסט דאָך אָפּ די וועלט! זאָג אַליין, קענסטו דען האַלטן אַ דרשה? דו האָסט דאָך גאָרניט אַרויס דעם געשמאַקן טעם פון אגדתא. די פּליאהדיקע מדרשים זיינען ניט פאַר דיר באַשאַפן געוואָרן, פונקט ווי די יבשה איז ניט געשאַפן געוואָרן פאַר די פיש. פאַר יעדן איינעם האָט דער בורא אָנגעגרייט אַן אַנדער שפּייז. פאַר דיר, אריה לייב — „הלכה״. בלויז דאָרטן פילסטו זיך ווי אַ פיש אין וואַסער.

די לאַנגע געדיכטע באָרד זיינע מיטן קאָפּ געקרייזלטע האָר און זיין אָפענער פּנים האָט אים געמאַכט אויסקוקן ברייטלעך. אין דער אמתן, אָבער, איז ער געווען אַן אויסגעמאָגערטער. זיין איינציקער מאכל איז אַביסל „גרויפּן־מיט־נישט״. אַ פענעצל ברויט האָט ער, דער שטאַרק פרומער מאַן, טועם געווען בלויז צו קענען פאַרדינען די מצווה פון מאַכן די ברכה. איצט, שפּאַנענדיק אויף די פרעמדע וועגן, האָט ער אָפט פאַר־געסן אַפילו אָנצובייסן.

טיילמאָל פלעגן זיך צו אים צוטוליען זייטיקע מחשבות. זיי האָבן, מיט כלומרשטער פריינטלעכקייט, געטענהט:

— אריה לייב, דו, מיט אַזאַ גאוניש קאָפּ, דאַרפסט זיך אַרומשלעפּן ווי אַ „פּיעכאָטנער״ מגיד? — און אין וואָלאָזשין פלאָגט זיך דיין רביצין מיט די קינדער! ביסטו זיך גאָרניט מתרעם? האָסט גאָרניט קיין פאַר־איבל אויפן רבונו של עולם?

ער, דער פרומער מאַן, פלעגט זיך פאַר די זינדיקע מחשבות ניט דערשרעקן. ער פלעגט זיי גלייך אַוועקטרייבן, און זאָגן: — אונדזערע חכמים האָבן אַ זינדיקע מחשבה פאַרגליכן צו אַ פליג, ווייל, צו זיי ביידע, דאַרף מען ניט קיין ביקס אָפּצוטרייבן. ווידער רעדט איר דאָך שטות. דווקא ווייל איך בין אַן אָרעמאַן, דאַרף איך דאַנקען גאָט ברוך הוא. וואָרים, אַן עושר האָט ניט פאַר וואָס צו דאַנקען. ער לעבט דאָך אויף זיינע עשירות. אָבער איך, אַן אָרעמאַן, לעב דאָך בלויז אויף זיינע ניסים.

ער, דער שאַרפער מוח, וואָס האָט אויסגעפּלפּולט גאָר אַנדערש די דינים. בעת עס איז אָבער געקומען אַ מצווה צו טאָן — האָט ער זי אויס־געפירט פּינקטלעך, ווי עס איז פאַרשריבן. און ווי באַלד די רבנן האָבן אָנגעזאָגט, אַז אויב דו קומסט אין אַ פרעמדער שטאָט, זאָלסטו קודם כל גיין אָפּגעבן כבוד דעם „מרא־דאתרא״ — דעם באַלעבאָס פון שטאָט. האָט ער אין יעדן שטעטל, וואו ער איז דורכגעגאַנגען, אָפּגעטראָטן ביים רב, צו געבן אים שלום־עליכם.

אין וויזשונע איז דער „שאגת אריה״ אָנגעקומען אין מיטן טאָג. אין דרויסן איז געשטאַנען אַ גרויסע היץ. ער איז געווען זייער מיד, קוים וואָס ער האָט געקענט זיך האַלטן אויף די פיס. האָט ער זיך אָנגעלענט אויף זיין סאָסנעווען שטעקן, און זיין טאָרבע מיט די טעפלעך האָבן זיך גע־שניטן אין זיין מאָגערן לייב. וויזשונער יידן האָבן פאַרחידושט געקוקט

אויף דעם פרעמדן מאַן, וואָס דאָס מידקייט ליגט אויסגעגאָסן אויפן פּנים. זיי זיינען געווען ביי זיך זיכער, אַז ער וועט פרעגן: וואו קען דאָ אַ מידער זיך אָפּרוען? זיי האָבן שוין געהאַט פאַר אים אַן ענטפער. און צו זייער גרויסער פאַרוואונדערונג האָט ער גאָר געפרעגט:

— האָט איר אַ רב?

די וויזשונער יידן האָבן אים געענטפערט כמעט מיט שפּאָט:

— ווי זשע דען?

און ער האָט אַ צעשמחהטער געענטפערט:

— טאָ, זייט אַזוי גוט און ווייזט מיר, וואו עס וואוינט אייער רב.

ווי נאָר זיי האָבן אים געוויזן — האָט ער מיט דער טאָרבע אויף די פּלייצעס גענומען אַהין לויפן, ווי ער וואָלט ווער־ווייסט־וואָס געדאַרפט נייטיק האָבן ביים וויזשונער רב.

אַז ער איז אַריין צום רב אין שטוב, האָט ער זיך אַפילו ניט פאַר־גונען צו פאַרלירן די צייט אויף אַרונטערצונעמען די שווערע טאָרבע פון זיינע מידע אַקסלען. ער איז גלייך צוגעלאָפן צום רב און מיט ענוות געזאָגט:

— שלום עליכם אייך, בעל־הבית פון שטאָט. מיין נאָמען איז אריה לייב. איך בין געהאַט געווען, פאַר אַ קורצער צייט, רב אין וואָלאָזשין. די בעלי־בתים זיינען אָבער מיט מיר ניט געווען צופרידן, האָבן זיי מיר אָפּגעזאָגט פון דער רבנות. איך האָב אָבער צו זיי ניט קיינע פּרעטענזיעס. מסתמא זיינען זיי געווען גערעכט. איצט בין איך אַ מגיד.

אַז דער וויזשונער רב האָט דערהערט, אַז דער אַלטער מאַן, וואָס שטייט פאַר אים מיט דער טאָרבע אויף די פּלייצעס — איז דער „שאגת אריה", האָט ער פון יראת הכבוד אַזש אויפגעציטערט, און איז תיכף צו־געלאָפן אַרונטערנעמען פון אים דעם זאַק. אָבער דער „שאגת אריה" האָט ניט געלאָזט און געזאָגט:

איר זייט דאָך דער מרא דאתרא פון וויזשונע, איז עס אַ חילול פאַר אייער כבוד מיך צו באַדינען. דאָס, וואָס איר זענט גרייט עובר זיין אויף אייערע מידות — איז זייער פיין. אָבער איך טאָר דאָס ניט דערלאָזן. דאָס וואָלט שוין געווען מיין עבירה.

אין כבוד פאַרן גרויסן גאַסט האָט די וויזשונער רביצן גענומען גרייטן דעם טיש. אָבער דער „שאגת אריה" האָט מיט אַ שטומען שאָקל מיטן קאָפּ געגעבן צו וויסן, אַז אים איז דאָס ניט ניחא. ער האָט פון זיין טאָרבע אַרויסגענומען דאָס פענדל מיטן טעלער און דאָס ביסל גרויפּן. ער איז אַריינגעגאַנגען אין קיך און גענומען אויפבלאָזן דאָס פייער, אָפּצוקאָכן די גרויפּן „מיט־נישט". ער, דער פרומער מאַן, האָט זיך מיט שרעק געכאַפּט, אַז אפשר האָט ער פאַרשעמט די רביצין, וואָס ער וויל ניט עסן פון אירע געפעס? זי קען דאָך מיינען, אַז ער איז אַ בעל־גאווה. האָט ער, כדי זי איבערצובעטן, פאַרפירט מיט איר אַ שמועס וועגן קיך־זאַכן: ווי אַזוי צו שייערן טעפּלעך, ווי לאַנג מען דאַרף קאָכן גרויפּן, און נאָך אַזוינע קלייניקייטן.

נאָכן שטילן דעם הונגער מיטן ביסל אָפּגעקאָכטע גרויפּן — האָט דער „שאגת אריה״, פון מידקייט, איינגעדרעמלט. מיטאַמאָל האָט ער זיך געגעבן אַ שטעל אויף, ווי ער וואָלט מי יודע וואָס פאַרשפּעטיקט. ער האָט געטומען ריידן אין לערנען מיטן רב.

דער וויזשונער רב, אַ יונגערמאַן נאָך, האָט זייער געגאַרט צו ווייזן פאַרן „שאגת אריה״ זיין אייגענע לומדות. איז ער אים דעם וועג פאַר־לאָפן מיט זיינעם אַ „חילוק״, וואָס איז געווען אַן אמתער „עילויאישער״, שאַרף און טיף.

דעם יונגן רבס שאַרפער פּלפּול האָט דעם „שאגת אריה״ ממש גע־פּלעפט. ער האָט מיט גרויס התפּעלות זיך אַזש געכאַפּט ביים קאָפּ. ער האָט זיך דערפרייט מיט אַלע פריידן. די קנייטשן אויף זיין פּנים האָבן זיך אויסגעגלייכט. ער, דער אמתער גאון, וואָס האָט פון זיך אַזוי ווייניק גע־האַלטן, און געזוכט פאַר זיך אַ רבין, איז איצט געווען ביי זיך זיכער, אַז עס האָט אים אָפּגעגליקט: ער האָט דאָ, אין דעם קליין שטעטל, וויזשונע, געפונען דעם גאון הדור, און פון גרויס התלהבות האָט זיך אים שוין גע־נומען דוכטן, אַז ער זעט ווי דער יונגער, קליינשטעטלדיקער רב, אַ קליין־וואוקסיקער, הייבט זיך אין די הויכקייטן און שפּאַרט שוין אָן אַזש ביזן באַלקן, און ער, ר׳ אריה לייב, ווערט קלענער און קלענער, ער איז שוין נידעריקער ווי דער טיש. דערפאַר אָבער שטייגט זיין פרייד, וואָס איז שוין כמעט אַזוי הויך, ווי דער וויזשונער אב בית־דין.

דער יונגער רב, זעענדיק, אַז דער „שאגת אריה״ פראַלט זיך פון זיין תורה, האָט ער אָנגעהויבן צו זאָגן אַ נייע „שקלאָ־וטריא״. דער „שאגת אריה״ האָט אָבער ניט דערלאָזט, און ער האָט צו אים געזאָגט:

— מיט אייך בין איך שוין פאַרזאָרגט... איצט, לאָזט מיך צו. איך וויל הערן, וואָס איר האָט צו זאָגן וועגן מיין לומדות.

ווי פון אַ קוואַל האָבן פון „שאגת אריה״ אָנגעהויבן צו פליסן חידושים. ער בינדט בליציק מאמרי חז״ל איינעם מיטן צווייטן. ער פרעגט אָפּ און פאַרענטפערט, און וואַרפט אָן בערג אויף בערג מיט קשיות. ערשט ער כאַפּט זיך, אַז דער יונגער רב וואָס ער, אריה לייב, גלויבט, אַז יענער איז אַ גאון, און דערפאַר לאָזט ער זיך ביי אים פאַרהערן — האַלט גאַר אַ צעטומלטער אָפן מויל און אויערן. ער קען אַפילו ניט נאָכהאַלטן זיין תורה. דער „שאגת אריה״ וואַרפט אים צו אַ שטרענגן בליק און ער בייזערט זיך שוין מיט כעס:

— אַ גאון זענט איר? איר זענט אַ רמאי! אַ ליגנער!

דער וויזשונער רב האָט זיך ביי אים גענומען בעטן:

— רבי, וואָס רעדט איר? איך האָב קיינמאָל ניט געזאָגט, אַז איך בין אַ גאון. איך האַלט זיך אַפילו ניט פאַר קיין למדן. איר האָט דאָך אייערע קשיות צוגעשלאָגן ווי מיט טשוועקעס. טאָ ווי פאַרלאַנגט איר פון מיר, אַ יינגערמאַן, זיי צו פאַרענטפערן גלייך אויפן אָרט. לאָזט מיר זיי גוט נאָכטראַכטן, דעמאָלט וועל איך, אפשר, קענען אָפּשלאָגן אייערע האַרבע קשיות.

דער „שאגת אריה" האָט אַ יאושדיקער זיך צוריק געזעצט אויף זיין שטול, און אַפילו ניט רעכט געהערט, ווי דער וויזשונער רב פאַרענט־פערט זיך. ער האָט מיט ביטול געפאָכעט מיט דער האַנט.

פון ווייטאָק און פאַרדרוס, וואָס ער, אריה לייב, האָט זיך אָפּגע־נאַרט, האָט ער, דער היציקער מענטש, געברויזט און געשטורעמט, און מיטאַמאָל זיך אַ הייב געטאָן פון זיין שטול און גענומען, מיט כעס, קלאַפּן אין טיש:

— איר טאָרט דאָך גאָר ניט זיין קיין רב! איר זייט דאָך אַ וויס־טער עם־הארץ!

דער יונגער רב האָט, מיט גוטע רייד, געפּרואווט אים באַרואיקן. אָבער דער „שאגת אריה" האָט ניט געלאָזט צו זיך ריידן. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין טאַרבע און מעשה בריה אַרויפגעוואָרפן אויף דער פּלייצע. פאַכנדיק מיטן שטעקן, איז ער אַרויסגעלאָפן אין דרויסן און מיט בייזער אַריינגעשריען צו די וויזשונער יידן, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דער גאַס:

— ווער האָט דאָס געגעבן סמיכה להוראה אָט דעם יונגנמאַן? ער איז דאָך אַ בור־דאורייתא!

דער יונגער וויזשונער רב האָט געהערט די זלזולים, און דאָך האָט ער אויף דעם „שאגת אריה" ניט געהאַט קיין פאַראיבל. ער האָט געזאָגט:

— אַ גאון מוז מען אַלץ מוחל זיין. ער אַליין איז אַנדערש ווי אַלע מענטשן. דאַרף מען צו אים אויך זיין אַנדערש.

צו ווייזן, אַז ער טראָגט אויף אים ניט קיין בייז האַרץ, איז ער, דער יונגער רב, געגאַנגען הערן זיין דרוש. דער בית־המדרש איז געווען פול־געפּאַקט. דער „שאגת אריה" האָט, לויטן דרך פון מגידים, אָנגעהויבן זיין דרשה מיט אַ פליאהדיקן מדרש און ער האָט געהאַט אין כוונה צו געבן עס פאַרשטיין מיט אַ מאמר חז״ל. אָבער ווי נאָר ער האָט אַרויסגערעדט: „די גמרא זאָגט", האָט אַ פאַרבאַהאַלטענער כוח אים געגעבן אַ צי צו אַ פלוגתא פון בית שמאי און בית הלל, וואָס עס האָבן אויף דעם אויך גע־קריגט די אמוראים און די שפּעטערדיקע מפרשים. יעדער איינער פון זיי האָט געגעבן אַן אַנדער טעם — פאַרוואָס בית שמאי האַלטן אַזוי און בית הלל האַלטן אַזוי. דער „שאגת אריה" האָט אין זיין התלהבות פאַר־געסן, אַז ער רעדט דאָ פאַר אַן עולם יידן, וואָס ניט אַלע קענען פאַרשטיין טיפע תורה. ער האָט זיך אַפילו ניט געמיט עס מסביר צו זיין. ער האָט גע־פּלפּולט מיט זיך אַליין. ער האָט זיך אַליין געענטפערט און זיך אַליין אָפּגע־פרעגט. ער האָט אַרויסגעפירט פאַרהוילענע תוספותן, וואָס אויבנאויף האָט זיך געקענט אויסדאַכטן, אַז עס רעדט זיך דאָרטן גאָר וועגן אַן אַנדער ענין. עס האָט מיט דער מחלוקה פון בית שמאי און בית הלל גאָרנישט צו טאָן. ער האָט זיך אַליין געלויבט און זיך אַליין געטאַדלט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער קריגט זיך דאָ אין לערנען מיט אַ צווייטן אריה לייב, האָט ער, מיט נצחון, אַלע ווײַלע אויסגערופן:

— נו, אריה לייב, וואָס זאָגסטו איצט, האַ? איך האָב דיך צוגע־שפּאַרט צו דער וואַנט!

און מיט גרויס יובל פירט ער אַרויס אַ רמב״ם און שלאָגט מיט אים אָפּ די טיפע, שכלדיקע סברות פון די תוספות־לייט. אָבער אויך מיטן רמב״ם האַלט ער ניט לאַנג. ער ברענגט אַ בפירושע גמרא, וואָס זאָגט דייטלעך דעם היפוך פון דעם רמב״ם.

אַפילו די ווינזשונער לומדים האָבן ניט געקענט באַנעמען זיין תורה. ער, דער טיפער בעל־פלפול, האָט גערעדט צו־בליציק און צו־גיך און אַ סך ווערטער האָט ער אַרויסגערעדט זייער שטיל, וואָרים אויסגעטענהט האָט ער זיך דאָך בלויז מיט זיך אַליין, אָבער דאָס ביסעלע, וואָס זיי, די ווי־זשונער לומדים, האָבן יאָ באַנומען, האָט זיי אַזש אויפגעלויכטן די מוחות.

נאָך מעריב־דאַוונען האָבן די ווינזשונער ראשי־הקהל, זייערע פּנימער צעשטראַלעט פון פרייד, צוגעטראָגן דעם „שאגת אריה״ דאָס דרשה־געלט און געזאָגט מיט מליצה:

— רבי, אַ גרויסן יישר כוח אייך. איר האָט צעגראָבן און צעמאָלן בערג אַ סך גרינגער ווי מען צעשיט ביי אונדז אין ווינזשונע אַ קאַשיקל זאָמד.

דער „שאגת אריה״ האָט זיי אַ פאַרוואונדערטער אָנגעקוקט. עס האָט זיך איבער זיין פּנים פאַרצויגן אַן אומעט און ער האָט מיט פאַרדרוס און בייזער געענטפערט:

— נעמט שוין צו דאָס געלט! דער „שאגת אריה״ עסט ניט קיין אומזיסט ברויט! איך האָב דאָך די דרשה געהאַלטן ניט פאַר אייך. און חניפה האָב איך פיינט! איר האָט דאָך מיין תורה ניט פאַרשטאַנען, וואָרים מיר אַליין איז נאָך די סוגיא ניט קלאָר.

די ווינזשונער לומדים האָבן זיך ניט פאַרשעמט און ניט געהאַט קיין בייז האַרץ אויפן „שאגת אריה״, וואָס האָט זיי געמאַכט צונישט. זיי האָבן געשמייכלט און נאָכגעזאָגט די קלוגע רייד פון זייער רב:

— אויף אַ גאון דאַרף מען נישט האָבן קיין פאַראיבל. ער איז אַ העכערער מענטש. מען קען אים נישט מעסטן מיט דער זעלביקער מאָס, ווי מען מעסט פשוטע בשר ודמס. ער איז צעטראָגן פון לערנען. ער מיינט, אַז אַלע דאַרפן זיין חריפים. ער ווייסט נישט, אַז ס׳איז דאָ בלויז איין „שאגת אריה״, און דאָס איז ער אַליין.

***

די וואָלאָזשינער בעלי־בתים האָט שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס זיי זיינען געוועז צו־שטרענג צו זייער רב. זיי האָבן זיך געשעמט פאַר דער וועלט. מען האָט זיי שטאַרק געטאַדלט, וואָס זיי זיינען זיך באַגאַנגען אַזוי גראָב־יונגעריש מיט אַזאַ גרויסן גאון אין דער תורה. האָבן די וואָלאָזשינער ראשי הקהל אַרויסגעשיקט צוויי בעלי־הבתים אויפצוזוכן דעם „שאגת אריה״ און אים צוריק אומקערן קיין וואָלאָזשין. די שלוחים האָבן מיט זיך

געפירט אַ נייעם כתב הרבנות, וואו די וואָלאָזשינער קהילה האָט זיך מתחייב געווען אים צו צאָלן גאַנצע צוועלף גילדן אַ וואָך. נאָך אַ לאַנגן אַרומזוכן, האָבן זיך די שלוחים דערוואוסט, אַז דער „שאגת אריה" געפינט זיך אין ווילקאָמיר, אַז זיי זיינען אַהין געקומען, האָבן זיי אים דאָרטן שוין ניט געפונען. זיי האָבן אים ערשט אָנגעיאָגט אויפן וועג צווישן סעריי און אליטע. ער איז געגאַנגען צופוס מיט נאָך אַ הויכן יידן, טאַקע יענער בעטלער, וואָס האָט אויפן ווילנער שול־הויף אויפגעזוכט דעם מקובל שמואל בן אהרן.

די וואָלאָזשינער בעלי־בתים זיינען צוגעפאַלן צום „שאגת אריה" מיט תחנונים:

— רבי, זייט אונדז מוחל וואָס מיר האָבן זיך מיט אייך ניט באַגאַנגען יושרדיק. מיר זעען איין אונדזער טעות. מיר פירן מיט זיך אַ נייעם כתב רבנות. פאָרט מיט אונדז צוריק קיין וואָלאָזשין. מיר וועלן אייך שוין האַלטן בכבוד און איר וועט לעבן אין רחבות.

דער „שאגת אריה" האָט מיט ביטול אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— אריה לייב וויל ניט מער קיין רבנות, און ער וויל ניט קיין כבוד און רחבות.

די וואָלאָזשינער שלוחים, קלוגע סוחרים, האָבן באַלד איינגעזען, אַז זיי וועלן דאָ אַזוי גרינגג ניט פועלן ביים „שאגת אריה", האָבן זיי געטראַכט, אַז זיי וועלן וועגן דער רבנות אויף דערווייל ניט ריידן, און געזאָגט צו אים כלומרשט אין תמימות:

— רבי, מיר קענען אויך ניט נייטן, אָבער טוט אונדז כאָטש דאָס נחת און זעצט זיך אויף אונדזער פור. מיר וועלן אייך צופירן ביז אַליטע. מיר פאָרן סיי־ווי אַהין.

דער הייזער־גייער איז געשטאַנען אַ צעטומלטער. ער, דער בעטלער, האָט ניט געקענט באַנעמען, וואָס דאָ קומט פאָר. עס איז דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן, וואָס ער זעט, אַז רייכע לייט זאָלן זיך בעטן ביי אַן אָרעמאַן. יענע ווילן אים, דעם פּיעכאָטנעם מגיד, אָפּגליקן, און ער וויל פון דעם גאָרניט הערן. אים, דעם הייזער־גייער, טוט הנאה, וואָס גבירים בעטן זיך ביי אַן אָרעמאַן. ער דערלעבט איצט אָן זיי אַ נקמה. אים איז אָבער פריקרע צוצוזען ווי דאָס מגידל איז ביי זיך באַזעסן. ער, דער הייזער־גייער, וואָס האָט פיינט עשירים, האָט אָבער נאָך מער פיינט אָרעמעלייט, וואָס פּראָווען גאַווהשע שטיק. ער האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן וואָגן, וואָס איז געווען אויסגעבעט מיט פרישן, געשמאַקן היי, און מיט שפּאָט אויסגערופן צום „שאגת אריה", וואָס ביי אים איז ער געווען פאַררעכנט ווי זיינס אַ גלייכן:

— העי, דו שוטה איינער, וואָס לאָזסטו זיך בעטן? קריך אַרויף אויפן וואָגן! דיינע ביינער וועלן דאָך דאָ אָפּגיין!

ר' אריה לייב האָט אַ שמייכל געטאָן און זיך גיך אַ לאָז געטאָן צו דער שמאָלער סטעזשקע, וואָס איז געלאָפן צווישן די געדיכט־באַוואקסענע

פעלדער. די וואָלאָזשינער שלוחים האָבן אים נאָכגעשריען אויפן הויכן קול:

— רבי, פארשעמט אונדז ניט! וואָלאָזשין רופט צו אייך: קומט צוריק!

דער ווינט אויף די פעלדער האָט זייערע קולות צעשפּרייט אין וויסטן חלל אַריין... דער „שאגת אריה" האָט זייער רופן אַפילו ניט געהערט. ער האָט זיך שוין געהאַט פאַרטיפט אין לערנען. ער איז, ברוך השם, פּטור געוואָרן פון דעם טויבלעכן הייזער־גייער, וועלכער האָט דעם גאַנצן וועג געהאַלטן אין איין פּלאַפּלען. ער איז איינער אַליין צווישן די הויכע זאַנגען, אויף די שטילע פעלדער אין אים איז קלאָר געוואָרן אַ סוגיא אין „נזיקין", וואָס ער האָט זיך אויף דעם יאָרן לאַנג געמאַטערט און עס ניט געקאָנט אַרויסברענגען.

די וואָלאָזשינער שלוחים, אומעטיקע און פול מיט צער, וואָס זיי דאַרפן קומען צוריק אַהיים מיט ליידיקן, האָבן געהייסן דעם פורמאַן זייערן אויסקירעווען און פאָרן צוריק קיין וואָלאָזשין. דער הייזער־גייער האָט אָבער ניט געוואָלט אַראָפּגיין פון וואָגן. ער איז אַרויס מיט טענות און פּרעטענזיעס:

— איך האָב מורא איינער אַליין צו גיין איבער די פּוסטע וועגן. די בייזע הינט אין די דערפער קענען מיך נאָך צערייסן אויף שטיקער. צוליב אייך איז דאָך מיין באַגלייטער אַנטלאָפן. טאָ פירט מיך קיין אָליטע!

די וואָלאָזשינער שלוחים האָבן אים געזאָגט, אַז זיי איילן זיך צו פאָרן אַהיים, און אים אָנגעבאָטן אַ גאַנצן הויפן זילבער־געלט, ער זאָל איינוויליקן אַראָפּצוגיין פון דער פור. דער אָרעמאַן האָט אָבער פון דעם ניט געוואָלט הערן. ער האָט זיך געמאַכט טויבלעך און געקוואָלן ביי זיך אין האַרצן, וואָס אויך ער האָט ענדלעך דערלעבט, אַז גבירים זאָלן זיך ביי אים בעטן.

באין ברירה, האָבן די וואָלאָזשינער גבירים געהייסן זייער פורמאַן פירן דעם אָרעמאַן קיין אָליטע. און ער, דער הייזער־גייער, איז געזעסן אויף דער פור אָנגעשפּאַרט, ווי אַ צעפּיעשטשעטער פּריץ, וואָס עס איז אים שווער צופרידנצושטעלן. איז דער פורמאַן געפאָרן גיך, האָט ער זיך גע־בייזערט: עס טרייסלט מיך אויס מיינע קראַנקע ביינער; און אַז דער פורמאַן האָט גענומען פאָרן לאַנגזאַמער, האָט ער שוין געוואַלדעוועט:

— וואָס שלעפּט ער זיך אַזוי פּאַמעלעך, ווי צו אַ לוויה?

די וואָלאָזשינער סוחרים, געפאַלענע ביי זיך, האָבן שווייגנדיק אויס־געהערט דעם הייזער־גייערס געוואַלדעווען און פאַר זיך אַליין געטראַכט:

— ער, דער שנאָרער, האָט דאָך זיין גאַנץ לעבן געחנפעט בעלי־בתים איצט, אַז ער איז בלויז אַ שטיקל וועג געגאַנגען מיטן „שאגת אריה", טאָ זעט, ווי ער האָט זיך דאָס פון אים אָנגענומען זיינע קאַפּריזן... ער, דער קבצן, וואָס קושט די האַנט פאַר אַ פּרוטה, שפּילט שוין ביי אים אַפילו אַ גאַנ־צער הויפן זילבער־געלט ניט מער קיין ראָלע.

♦

# קאַפּיטל ג

דער ראש פון דער מלכות־תורה, איז אין יענער צייט געווען דער פּרוש, ר׳ אברהם משה ווילקאָמירער. ער איז געווען אַ געזונטער למדן, און אַ זעלטענער בעל־מידות. ער האָט זיין מלוכה געפירט מיט צניעות און בסוד סודות. בלויז אַ מנין פּרושים, זיינע אַרויסהעלפער, האָבן פון דעם געוואוסט. די אַנדערע פּרושים אויפן ווילנער שול־הויף זיינען אָפט געקומען צו אים הערן תורה. זיי האָבן אָבער ניט געוואוסט, אַז ער, דער ווילקאָמירער פּרוש, איז דער ראש פון דער מלכות־תורה.

אויפן ווילנער שול־הויף איז געשטאַנען דער טראָן פון נאָך אַ יידישער מלוכה: דער קהל. און פונקט ווי דער ראש פון מלכות־תורה האָט זיך געהאַלטן נידעריקער פון גראָז, פונקט דער היפוך דער ראש פון דער אַנדערער מלוכה — דער ווילנער קהל. ער האָט געפלאַטערט מיט רעש, פּאַמפּע און גלאַנץ. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר דעם פירשט פון די יידן אין דער ליטע. ער האָט געהאַט אַ שטר היחוסין, וואָס האָט געוויזן, אַז ער שטאַמט אָפּ פון די אַמאָליקע נשיאים אין בבל, וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון דוד המלך. ער האָט זיך אויך געקליידט ווי די אַמאָליקע יידישע פירשטן: געהילט אין זיידענע ראַטאַנדעס, וואָס האָבן געשימערט פון אַלערליי קאָליירן. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן, ווי אַ קרוין, אַ שטריימל מיט אַ טראַלד. ער האָט געקאַמט זיין באָרד מיט זאַלבן, וואָס מען האָט פאַר אים אַראָפּגעבראַכט אַזש פון פּערסיע, און אויף זיינע פיס האָט ער געטראָגן מעשטעס, אויסגעוועבטע פון גרינעם פליוש. ער איז אַרומגעפאָרן אין אַ טייערער קאַרעטע, געשפּאַנט מיט פיר פערד, און רייטער זיינען געלאָפן פאָרויס זיין קאַרעטע, צו מאַכן פאַר אים פריי דעם וועג.

זיין נאָמען איז געווען: יהודה, אָבער די ווילנער תושבים האָבן אים גערופן: ר׳ יודל. זיין טיטל איז שוין געווען אין בבלשן לשון: „ספרא ודיינא״ — דער שרייבער און דער ריכטער.

ר׳ יהודה איז געווען דער רייכסטער מענטש אין דער ליטע. זיין גאָלד האָט מען געוואויגן אויף גרויסע שאָלן. ער איז אויך געווען פאַררעכנט פאַרן גרעסטן למדן אין ווילנע, און זייער און זייער אָנגענומען ביי דער גויאישער מלכות. ער איז אָפט געפאָרן צו־גאַסט צום קעניג אין וואַרשע. די שררות, די הערשער פון לאַנד, האָבן אים געהאַלטן פאַרן פירשט פון די יידן און האָבן ביי זיין טיר געוואַרט צו שליסן מיט אים געשעפטן אויף חילוף. זיי האָבן אים ניט געגעבן קיין וועקסלען פאַר זיין געלט, נאָר אויסגעביטן ביי אים אויף גאָלדענע רענדלעך שלעכטע גזירות אויף יידן.

ר׳ יודל האָט געטראָגן דעם טיטול: „דיינא״, ווייל ער איז געווען דער דיין־ראשי אין ווילנע, און דעם צווייטן טיטול: „ספרא״, ווייל ער האָט געפירט דעם „פנקס״ פון דער ווילנער קהלה, און געטאָן האָט ער עס מיט

דער גרעסטער פּינקטלעכקייט. ער האָט אַכטונג געגעבן, אַז די סופרים זאָלן יעדן טראַף, אַפילו דעם קלענסטן, אַריינשרייבן געגוי און דייטלעך. ער, אַ מיושבדיקער און קלוגער ייד, האָט זיין געלט ניט געוואָרפן גלאַט אין דער וועלט אַריין, אָן אַ מאָס און אָן אַ חשבון. איידער ער האָט ביי אַ שררה אָפּגעקויפט אַ גזירה, האָט ער זי גוט דורכגעקוקט און זיך געדונגען מיט יענעם אין מקח, עס זאָל דעם רשע אַזוי גרינג ניט אָנקומען דער רויב. ביי אים אין בית־דין שטיבל זיינען, אַחוץ די סופרים און די דיינים, שטענ־דיק געזעסן די ווילנער גבאים, יידן סוחרים און בעלי חשבונות. זיי האָבן, נאָך אים, איבער אַ נייס איבערגעוואויגן און איבערגעמאָסטן יעדע גזירה און געקלערט ווי אין מסחר, צי מען קען די גזירה אָפּטמאָל ניט „קויפן״ ביי אַ העכערן שררה פאַר ביליקער. אַז מען איז שוין מיטן כאַ־באַרניק דורכגעקומען מיטן מקח פאַר דער גזירה — האָט ר׳ יודלס קאַסירער אַריינגעטראָגן דאָס געלד פון דער קאַסע. ער האָט עס געוואויגן אויפן שאָל געגוי אין שפּילקע אַריין, ניט איבערצואוועגן דעם רשע אַפילו אָן אונץ. די סופרים, זייער געניטע לייט מיט דער פען, זייערע האַנטשריפטן — שיינע און קלאָרע. נאָכן אָפּסילוקן דעם שררה, פלעגט ר׳ יודל צו זיי זאָגן: שטעלט אַריין די גאַנצע געשיכטע, וואָס איז דאָ פאַרלאָפן, אין „פּנקס״. און פאַרפעלט ניט אַריינצושרייבן אויך דעם נאָמען פון כאַבאַרניק, דעם תמצית פון דער גזירה, און דעם סכום געלד וואָס איך, יודל, האָב אויסגע־צאָלט פון מיין אייגענער קאַסע. ווען זיי האָבן זייער עובדא פאַרענדיקט, האָט ר׳ יודל געבעטן די סופרים זיי זאָלן אויסשטעלן אַ „קיבלתי״, אַז כך וכך איז די ווילנער קהלה אים שולדיק. דער שמש האָט נאָכדעם צוגע־טראָגן די שריפט צו די גבאים. יענע האָבן אָנגעטאָן זייערע ברילן און מיט גרויס ערנסט עס איבערגעלייענט אויפן הויכן קול און זיך געחתמעט און אַרויפגעלייגט דעם שטעמפּל פון דער קהלה.

ר׳ יודל פלעגט מיט גרויס כוונה פאַרשליסן די קיבלתיס אין זיין קאַסע, ווי זיי וואָלטן געווען זיכערע וועקסלען. הגם ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז די אונטערשריפטן פון די גבאים זיינען ניט ווערט קיין צעבראָכענע פּרוטה. קהל וועט אים ניט באַצאָלן. עס האָט ניט קיין גראָשן ביי דער נשמה. ער האָט בלויז געהייסן אויסשטעלן די קיבלתי, ווייל אים איז דער „פּנקס״ געווען זייער ליב און טייער. האָט ער געוואָלט, אַז דאָרטן זאָל זיין אַלץ פאַרצייכנט, און אויב עס וועט קומען איינער אַ חצוף און זאָגן: — „דער יהודה איז ניט קיין געבער און זיין „פּנקס״ איז פאַלש״, — וועט ער מיט די הויכע שטויסן „קיבלתיס״ שטעכן יענעם די אויגן. ר׳ יודל האָט אויך זייער ליב געהאַט צו זאָגן קהל דעות און זיי דורכפירן. ער איז געווען אַן עקשן, ווען עס איז געקומען צו אַזוינע זאַכן. ער איז ניט אָפּגעטראָטן אַפילו אויף אַ האָר פון זיין רצון. און טאָמער האָבן די ווילנער פּרנסים מיט אים ניט געוואָלט מסכים זיין — יענע האָבן געהאַט אַן אַנדער דעה, — פלעגט ר׳ יהודה זיך ניט קריגן, זיך ניט בייזערן, און אַפילו זיך ניט כעסן. ער פלעגט בלויז הייסן זיין משרת אַריינטראָגן די הויכע שטויסן מיט

די קיבלתיס, אויף דעם געלט, וואָס קהל איז אים שולדיק, און רואיק זאָגן:

— איר זאָגט די דעה, טאָ צאָלט די מאה!

ר׳ יודל האָט זייער געציטערט איבער זיין נאָמען. ער האָט געוואָלט, אַז מען זאָל אים רופן ביי זיין נאָמען און מיט אַלע טיטולן — „ר׳ יהודה ספרא ודיינאַ״. עס איז אָבער געווען אַ צו־לאַנגער נאָמען, און איז ניט גלאַטיק געגוג אַראָפּצוקייקלען גרינג פון צונג. פלעגן די ווילנער יידן איבערהיפּן איין טיטל, טיילמאָל האָבן זיי געזאָגט: ר׳ יודל דער סופר, און טיילמאָל — ר׳ יודל דער דיין. האָט ער זיך געשפּירט באַעוולהט, און פון דעם געהאַט עגמת נפש. ער האָט זיך דערטראַכט צו אַ קלוגן מיטל און גענומען זיך רופן לויט די ראשי תיבות פון זיין נאָמען און פוןביידע טיטולן: — „יסוד״. אין דעם איין וואָרט זיינען אַריין דער ערשטער אות פון זיין נאָמען און ביידע ערשטע אותיות פון זיינע צוויי טיטולן: דער „יוד״ פון יהודה, דער „סאַמעך״ פון סופר, דער „וואָוו״, וואָס מיינט אין העברעאיש „און״, און דער „דאַלעד״ פון „דיין״.

צו באַפעסטיקן זיין נייעם ראשי־תיבותדיקן נאָמען, האָט ער זיך געקליגט און געלאָזט אויפבויען, אויפן שול־הויף, אַ קלויז, און אויפן גע־זימס האָט מען אויסגעקריצט מיט גרויסע באַגילדעטע אותיות: „יסודס קלויז״.

ביים בויען די קלויז האָט ער, דער „ספרא ודיינא״, ניט געזשאַלעוועט קיין געלט זי צו מאַכן שענער פון אַלע אַנדערע קלויזן. ער האָט געדונגען די בעסטע ווילנער מייסטערס. ער האָט אויך אַרונטערגעבראַכט פון וואַרשע וועבער, שניצער, קופּערשמידן, שמוקלער, וועלכע האָבן געהאַט נאָר־וואָס פאַרענדיקט אויסבויען דעם נייעם פּאַלאַץ פאַר דעם פּוילישן קעניג. די דאָ־זיקע וואַרשעווער מייסטערס זיינען אַלע געווען יידן און גאָטספאָרכטיקע לייט. זיי האָבן זייער גאַנצע נשמה און קענטעניש אַריינגעלייגט אין דער קלויז, אויסצוקויפן זיך פון דער גרויסער עבירה, וואָס זיי האָבן אויס־געבויט אַ פּאַלאַץ, וואו דער מלך מיט זיינע שררות טוען אַפּ אַזוי פיל זינד און רשעות. זיי האָבן מיט ליבשאַפט געשטריקט די פּרוכתן, די מענטעלעך אויף די ספרי־תורה, און באַדעקט מיט גאָלד די אותיות. זיי האָבן פון פּימפּסן האָלץ אויסגעשניצט דעם אָרון־קודש. די כרובים און די לייבן זיינען פון זייערע מייסטערשע הענט אַרויס ווי לעבעדיקע. מען האָט ווי געזען, ווי די פייגל פּאַטשן מיט זייערע פליגלעך און ווי געהערט דאָס ברומען פון די לייבן. דעם „עמוד״ האָבן זיי אויסגעשלאָגן פון דעם דיקסטן קופּער און די טאַצן אויסגעהאַמערט פון שווערסטן מעש. אויך האָבן זיי פון מאַסיוון זילבער אויסגעגאָסן קידוש־ און הבדלה־בעכערס און פון גאָלד — אַ וואַזע פאַר די אתרוגים.

דער „יסוד״ האָט פאַרבעטן די מצוינדיקסטע פּרושים צו לערנען אין זיין נייער קלויז. איינער פון די פּרושים איז געווען חיים יוסף וויזשונער. דער „יסוד״ האָט דאָרט איינגעפירט נייע מנהגים, אָבער ר׳ חיים יוסף

האָט באַוויזן מיט גרונטאָווּנע ראיות, אַז די נייע מנהגים זיינען ניט אין הסכם מיט די מפרשים פון די יידישע דינים. האָבן די פּרושים זיי תיכף אָפּגעשאַפט. דער „יסוד", וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט געבויגן און שטענ־דיק דורכגעפירט זיינע קאַפּריזן — האָט זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק, וואָס מען האָט עס געטאָן זיך אַפילו ניט אָנפרעגנדיק ביי אים, דעם בעל־הבית פון קלויז. ער האָט מורא געהאַט זיך איינצורייסן מיט די פּרושים. ער, דער קלוגער ייד, האָט געוואוסט, אַז כאָטש זיי זיינען אָנגעוויזן אויף זיין שטיצע — ער צאָלט זיי דאָך וואָכער־געלט פון זיין טאַש — אָבער דווקא זיי, די אָרעמע מענטשן, קען ער ניט אָפּשרעקן אַזוי גרינג, ווי די רייכע ווילנער גבאים. ביי זיי האָט געלט ניט קיין שום חשיבות. זיי האַלטן, אַז זיי טוען גאָר אים אַ טובה, וואָס זיי נעמען ביי אים שטיצע, און אויב ער וועט זיי פּרואוון סטראַשען וועלען זיי וואַרפן דעם ממון אים אין פּנים אַריין און מאַכן צונישט זיין גאַנצן אָנזען אין שטאָט.

איינער פון די נייע מנהגים, וואָס דער „יסוד" האָט איינגעפירט ביי זיך אין קלויז: יעדן פרייטאָג האָט מען דאָרטן אויסגעשטעלט טישן מיט כל־טוב — די בעסטע ווינען פון בעסאַראַביע, די שטאַרקסטע ספּירט פון ראַסיי, און אויך לעקעך מיט טאָרטן, וואָס עס האָט געבאַקן ר׳ בצלאל, דער בעקער. זיינע טאָרטן האָבן געהאַט אַלע טעמים. ער האָט זיי געבאַקן אין די שפּעטע נעכט און די פּענצטער האָט ער געהאַלטן איבערגעהאַנגען מיט גראָבע קאָלדרעס, אַז קיינער זאָל ניט זען ווי ער באַקט; ווייל ווי אַזוי און ווי צו באַקן — איז געווען אַ משפּחה־סוד, וואָס איז אַריבערגעגאַנגען פון איין דור צום צווייטן, און פאַר קיין פרעמדע האָט מען אים ניט אַנט־דעקט. בצלאל האָט געבאַקן די טאָרטן בלויז פאַר יידישע חתונות און אויף שבתים און ימים־טובים. און פאַרקויפט האָט ער די טאָרטן ניט וויפיל יענער האָט פאַרלאַנגט, נאָר וויפיל ער האָט באַוויליקט. די ווילנער בעקער־משפּחה האָט זיך אַזוי געפירט פאַר דורות. זיי האָבן געלעבט אין דחקות, כאָטש זיי האָבן געקענט ווערן נתעשר. בצלאל איז געגאַנגען אין די וועגן פון זיינע עלטערן. די אַנדערע בעקערס אין ווילנע האָבן זיך אויך געהאַט געקליגט אים נאָכצומאַכן און באַקן אַזוינע געשמאַקע טאָרטן. זיי האָבן אויסגעקליבן די בעסטע ווייצן פון דער אונטערשטער ליטע, געמאָלן זיי אויף פרייסישע מיל־שטיינער, געזיפּט דאָס מעל דורך די דינסטע זיפּן און אַראָפּגעבראַכט געווירצן פון לאַנד מצרים און פון טערקיי. זיי האָבן אָבער ניט מצליח געווען. זיי אַליין האָבן באַלד איינ־געזען, אַז עס האָט ניט דעם טעם פון בצלאלס טאָרטן. האָבן זיי אָנגעע־באָטן ר׳ בצלאלן פאַרן סוד אַ גאַנצן לאַבן גאָלד, אָבער ער האָט קאַלט און געלאַסן צו זיי געזאָגט:

— עס איז אַ משפּחה־סוד. ער איז פאַר מיר הייליק, און אַפילו פאַרן גאָלד פון דער גאָרער וועלט, וועל איך אַ פרעמדן אים ניט אויסזאָגן.

די ווילנער לומדים האָבן געגלויבט, אַז בצלאל שטאַמט פון דער אַמאָליקער ירושלימער בעקער־משפּחה, די „גמזוס", וואָס האָבן געבאַקן

דעם „לחם הפּנים" פאַרן בית־המקדש. אויך יענע האָבן דעם סוד פון זייער באַקן קיינעם ניט אויסגעזאָגט. און ווען די הייליקע תנאים האָבן געהאַט דערזען, אַז די כהנים פאַרשווערן די כהונה, האָבן זיי זיך שוין גענומען פאַרשרייבן אַלע דינים, וואָס ביז דעמאָלט האָבן בלויז די כהנים געהאַט איבער דעם צו זאָגן. אַז עס איז אָבער געקומען צו די געזעצן ווי אַזוי צו באַקען דעם לחם הפּנים, האָבן די תנאים ניט געוואוסט ווי אַזוי צו פאַרשרייבן. האָבן זיי זיך געבעטן ביי דער גמזו משפּחה:

— זאָגט אונדז אויס דעם סוד, מיר ווילן עס פאַרשרייבן, כדי די דורות נאָך אונדז זאָלן וויסן ווי צו באַקן דעם „לחם הפּנים".

די גמזו לייט האָבן זיי אָבער געענטפערט:

— הייליקע תנאים, מיר שעצן אייך זייער, אייערע רייד זיינען ביי אונדז אָנגעזען, אָבער מיר קענען אייך ניט אויסזאָגן דעם סוד. מיר האָבן איבערגענומען בקבלה פון אונדזערע עלטער־זיידעס, אַז אַפילו ווען מען זאָל אונדז אַריינוואַרפן אין אַ ברענענדיקן אויוון, זאָלן מיר דעם סוד קיינעם ניט אַנטפּלעקן, וואָרים פרעמדע קענען, חס וחלילה, נאָך באַקן אַ „לחם הפּנים" פאַר דער עבודה זרה.

בצלאל, וואָס די לומדים האָבן געגלויבט, אַז ער שטאַמט אָפּ פון יענער בעקער־משפּחה, האָט אָבער פאַר דעם „יסודס" קלויז געבאַקן טאָרטן, וויפיל נאָר מען האָט ביי אים באַשטעלט. ער האָט עס געטאָן ניט אויס מורא פארן תקיפדיקן און רייכן סופר און דיין, נאָר ווייל ער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ גרויסער מצווה. די טישן מיטן כל־טוב, וואָס מען האָט אויסגעשטעלט אין קלויז, זיינען געווען פריי פאַר יעדן איינעם. יעדער ייד, וואָס איז געקומען פרייטאָג אויפן שולהויף דאַווענען מנחה, איז אַריינגעגאַנגען פריער אין „יסודס" קלויז צו מאַכן אַ ברכה אויף די גוטע ווייגען און שנאַפּסן און די געשמאַקע טאָרטן. עס זיינען אַהין געקומען ניט בלויז אָרעמע יידן, נאָר אויך יידן בעלי־בתים. עס איז געווען אַ צו־גרויסער נסיון ניט צו פאַרזוכן בצלאלס טאָרטן. אין די פרייטאָגס זיינען די טירן פון קלויז, אַפילו אין ווינטער, געשטאַנען אָפן דעם גאַנצן טאָג. יידן זיינען אַריין און יידן זיינען אַרויס. לכתחילה האָט דאָס געשטערט די פּרושים אין לערנען, פונדעסטוועגן האָבן זיי אָט דעם מנהג ניט אָפּגעשאַפט. זיי האָבן ניט געוואָלט קריוודען די אָרעמע יידן, וואָס זיינען זיך מחיה מיט אַ געשמאַקן ביסן, און אויך מורא געהאַט פאַר דער עבירה צו פאַרשטערן די ברכות, וואָס פאַלן מיט אַזאַ טיף־האַרציקייט. זיי זיינען אָבער געווען אין שרעק: עס קאָן נאָך אפשר קומען צו חלול השם — אַ ייד קען נאָך נעמען אַן איבעריקן טראָפּן משקה און זיך אַרויסכאַפּן מיט ניט קיין שיינע רייד דאָ אין מקום קדוש.

***

אין שכנות פון דעם „יסודס" שיינער אויסגעפּוצטער קלויז האָט אין אומעטיקייט אַרויפגעקוקט אַן אַלטע, חרובע קלויז. זי איז געשטאַנען אויף

אַ הויכן פונדאַמענט. מען האָט געדאַרפט אַרויפקלעטערן אויף משופּע־דיקע צעקרימטע טרעפּ. אין דער אַלטער און פאַרחושכטער קלויז האָט די זון קיינמאָל ניט אַריינגעשיינט. עס איז דאָרטן געווען בלויז איין פענ־צטער, און די עטלעכע שויבן האָבן אַרויסגעקוקט צו אַ בלינדער וואַנט.

מיט יאָרן צוריק האָבן דאָרט געדאַוונט די ווילנער שניידער, האָט די קלויז געטראָגן דעם נאָמען פון זייער באַרוף: „די שניידערשע קלויז״.

עס איז אָבער אויפגעשטאַנען אַ נייער דור שניידער. דאָס רוב פון זיי ניט קיין ווילנער געבוירענע. זיי זיינען דאָ אָנגעקומען פון די אַרומיקע קליינע שטעטלעך. זיי האָבן זיך דאָ אויסגעלערנט די מלאכה און חתונה געהאַט מיט היגע מיידלעך. די יונגע לייט איז ניט אָנגעשטאַנען צו דאַוונען אין דער אַלטער חרובער קלויז — האָבן זיי פאַר זיך אויסגעבויט אַ נייע.

די עלטערע שניידער, ווילנער פון דור דורות, האָבן אָבער ניט פאַר־לאָזט די אַלטע קלויז. זי איז זיי געווען ליב און טייער. זייערע טאַטעס האָבן דאָך דאָרטן געדאַוונט.

די מתפּללים אין קלויז האָבן אָבער געהאַלטן אין איין ווערן ווייַ־ניקער און ווייניקער. מיט דער צייט איז פאַרבליבן קוים אַ ציטערדיקער מנין — בלויז צען אַלטע שניידער.

פּלוצים האָט איינעם פון זיי, אַ ייד אין די ניינציקער, זיינע כוחות פאַרלאָזט. ער האָט מער ניט געקענט קלעטערן אויף די הויכע קרומע טרעפּ. איז די ניין שניידער אָנגעקומען שווער צו קריגן אַ צענטן צום מנין. עס איז ניט געווען פאַר זייערע שוואַכע כוחות צו שטיין אין קאַלטן דרויסן און רופן:

— ר׳ ייד! פאַרדינט אַ מצווה, קומט אַרויף אין קלויז. בלויז איינער פעלט אונדז צו אַ מנין!

זיי האָבן שוין געזען, אַז סוף־כל־סוף וועלן זיי זיין געניייט צו פאַר־לאָזן זייער באַליבטע קלויז, און זיי האָבן דערפון געהאַט גרויס צער.

איין טאָג זיינען זיי געזעסן ביים אויוון פאַרדאגהטע. מיטאַמאָל גיט זיך אָן עפן די טיר. עס קומט אַריין אַ יונגערמאַן, אַ הויכער, אַ גע־שטאַלטיקטער, אַ גראַדער ווי אַ סאָסנע־בוים. דער בגד זיינער ניט ניי און די סחורה אויך ניט מן המובחר. זיי, די שניידער, מבינים אויף מלבושים, האָבן עס גלייך דערקענט. האָט זיי געוואונדערט: דער ראָק, אַזאַ פּשוטער, און דאָך האָט ער אַפילו ניט קיין קנייטשעלע. די זויבערקייט שמעקט אַזש אַרויס.

דער יונגערמאַן אַליין קוקט זיי אויס יאָ און ניט ווי אַ פּרוש. פון זיין פּנים שיינט אַראָפּ די שכינה. און מיט גרויס בנעימות טוט ער זיך צו זיי ווענדן. ער פרעגט:

— רבותי, אויב איך האָב ניט קיין טעות, זייט איר דאָ די בעלי־בתים. פרעג איך ביי אייך, צי איר זייט ווילליק צו געבן מיר רשות צו לערנען אין אייער קלויז?

די אַלטע לייט, שוין שווער אויפֿן געהער, האָבן דאָך געהערט קלאָר און דײַטלעך זײַן יעדעס וואָרט. די ווערטער האָבן, ווי געשליפֿענע פּערל, זיך געקײַקלט פֿון זײַנע ליפּן, און זײַן קול איז געווען מחיהדיק און מתי־קותדיק.

די ניין שניידער האָבן אַלע אויף איין מאָל, מיט גרויס פֿרייד, אים געענטפֿערט:

— רבי, מיטן גרעסטן כבוד! עס פֿעלט אונדז טאַקע אויס איינער צום מנין!

דער פֿרעמדער יונגערמאַן האָט שעמעוודיק אונטערגעשמייכלט און געזאָגט:

— איך הער, אַז איר רופֿט מיך רבי. אָבער, צו דערלאָזן יענעם זיך אָפּנאַרן, איז פּונקט אַזאַ עבֿירה, ווי אָפּנאַרן יענעם בכוונה. טאָ זייט וויסן: איך בין ניט קיין רב און ניט קיין רבי. איך דאַרף נאָך אַליין לערנען.

נאָכן אָפּזאָגן די עטלעכע ווערטער איז ער צוגעגאַנגען צום ספֿרים־אַלמער, אַרויסגענומען אַ גמרא, און ווי אַ דאָרשטיקער צום וואַסער, זיך צוגעכאַפּט, צום לערנען.

די שניידער, שוין צו אַלט זיך צו פֿאַרנעמען מיט זייער מלאָכה, זײַנען גאַנצע טעג, ביז שפּעט אין די אָוונטן, אָפּגעזעסן אין זייער קלויז און געדרעמלט איבערן תהילים. זיי פֿלעגן קומען אַהין זייער פֿרי, נאָך איידער עס האָט געגומען ווײַזן אויף טאָג. האָבן זיי באַלד דערזען, אַז פֿאַרן יונגן לערנער גילט ניט קיין טאָג און קיין נאַכט. ער ווייסט ניט פֿון קיין צייט צום עסן און פֿון קיין צייט צום שלאָפֿן. ער שטייט גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט בײַ זײַן שטענדער, אײַנגעהילט אין טלית און תּפֿילין. און דאָך איז אויף אים ניטאָ קיין סימן פֿון מידקייט און שלעפֿערדיקייט. די אַלע זאַכן האָבן אויף אים גאָר ניט קיין שליטה. ער שוועבט אין היכלע וועלטן, און זײַן פּנים שײַנט פֿריש און ליכטיק ווי די זון.

יעדן בין־השמשות טרעט אַריבער די שוועל אַן עלטערע פֿרוי, וואָס איז מסתּמא זײַן מאַמע. זי שטעלט לעבן אים אַוועק אַ קליין טעפּל געקעכץ און זי טרעט באַלד צוריק אָפּ, מורמלענדיק צו זיך זייער שטיל. זי גיט אָפּ אַ לויב און אַ דאַנק צו גאָט ברוך הוא, וואָס ער האָט זי באַגליקט מיט אַזאַ טײַערן זון.

די שניידער, בעלי מלאָכות, פּשוטע תהילים־ייִדן, אָבער דאָך ווילנער — זיי האָבן אַ גאַנץ לעבן אָפּגעלעבט אויפֿן שול־הויף, וואָס איז אָנגעפּראָפּט מיט לערנער, האָבן זיי דערוואָרבן אַ חוש פֿאַר לומדות און לומדים. האָבן זיי באַלד פֿאַרשטאַנען, אַז דער יונגערמאַן איז גאָר און גאָר אַ גרויסער מאַן אין דער תּורה.

זיי האָבן זיך געפֿרייט מיטן גרויסן גליק, וואָס גאָט, ברוך הוא, האָט זיי באַגליקט. זיי זײַנען אָבער געווען אין שרעק, טאָמער דערוויסט מען זיך אין די אַנדערע קלויזן און מען וועט אים אויסכאַפּן. איז בײַ זיי, נאָך אַ ישוב הדעת, געבליבן: עס זאָל זײַן פֿאַסעך־שין — שאַ! זיי האָבן זיך

געגעבן אַ „תקיעת כף", אַז זיי זאָלן האַלטן סוד און פאַר קיינעם ניט אויסריידן אַ וואָרט וועגן זייער פילאהדיקן לערנער, וואָס איז, בלי ספק, אַ מלאך פון הימל. נאָך אַ ישוב הדעת איז ביי די אַלטע לייט געבליבן צו שטעלן אַרום קלויז אַ וואַך, וואָס זאָל היטן, אַז קיין פרעמדער זאָל ניט אַריבערטרעטן די שוועל פון זייער קלויז.

די שניידער פון דער חרובער קלויז האָבן, ווי אַלע ווילנער יידן, ניט פאַרפעלט קיין פרייטאָג אַריינצוגיין אין דעם „יסודס" נייער שול צו מאַכן „ברכה". זיי פלעגן דאָרטן אָפּזיצן שעהן לאַנג. אָבער זינט גאָט ברוך הוא האָט מיט זיי געטאָן אַזאַ גרויסן חסד און זיי צוגעשיקט דעם נייעם לערנער, פלעגן זיי זיך דאָרט לאַנג ניט פאַרזאַמען. זיי האָבן זיך געאיילט, אַז יענע, וואָס שטייען אויף דער שמירה, זאָלן אויך קענען פאַרדינען די מצווה פון מאַכן אַ ברכה און זיך מחיה זיין מיט בצלאָלס טאָרטן.

איינער פון די ניין שניידער, מאָטיע ווילקיער האָט מען אים גערופן, אַ גוט־האַרציקער ייד, אָבער אַ גרויסער פלאַפלער — ער האָט ליב געהאָט פון תמיד אָן זיך באַרימען און קיינמאָל ניט געהאַט מיט וואָס — האָט דער סוד פון יונגן לערנער אים קיין רו ניט געגעבן. עס איז אים דאָס חיות אויסגעגאַנגען זיך צו באַרימען מיטן נייעם לערנער פאַר לייטן. ער האָט אַפילו שוין געהאַט אַ פאַרטיקן מזמור ווי אים צו לויבן. ער האָט דאָך אָבער געגעבן די אַנדערע אַכט שניידער אַ „תקיעת כף", אַז עס זאָל זיין „פאַסעך־שין — שאַ!"

איין פרייטאָג איז מאָטל ווילקיער אַריינגעקומען אין יסודס קלויז ער איז געווען אומעטיק און פול מיט צער, וואָס ער, מאָטיע ווילקיער, אַז ער האָט זיך שוין יאָ דערלעבט צו האָבן מיט וואָס זיך צו באַרימען, מוז ער האַלטן זיינע ליפּן פאַרשלאָסן. ער האָט זיך אָנגעגאָסן אַ פול גלעזל שטאַרקן רוסישן בראַנפן. ער האָט אַ זופּ געטאָן, אָבער ער שפירט ניט קיין שטאַרקייט. די משקה איז גאָר וואַסערדיק. האָט ער געטאָן נאָך אַ זופּ, און אַזוי האָט ער אויסגעטרונקען עטלעכע גלעזלעך. מיטאַמאָל האָט אים גענומען שווינדלען דער קאָפּ. ער האָט זיך קוים אָנגעכאַפּט אָן טיש, און האָט זיך גיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק. ער האָט דערפילט, אַז אים איז אַזוי גוט אויפן האַרצן. זיין צער איז אַוועק. עס איז אים זיס און וואויל. קיינער איז איצט ניט זיין גלייכן. אין זיין בגילופנקייט האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז עמעצער שטייט ביי זיין זייט און טענהט צו אים:

— מאָטיע, זעסטו ניט, אַז אַלע קוקן אויף דיר פון אויבן אַראָפּ. זיי האַלטן דיך פאַר עפּעס אַ נישטיק, אויסגעדינט שניידערל, וואָס דאַוונט אין אַ חרובדיקער קלויז. טאָ, פאַרוואָס, מאָטיע, דערציילסטו זיי ניט, אַז דווקא ביי דיר אין קלויז לערנט אַ פּרוש, וואָס קיינער קען זיך צו אים, אין לומדות, ניט פאַרגלייכן? אָי, דער „תקיעת כף"? פאַר דעם האָסטו ניט וואָס מורא צו האָבן: וואָס פאַר אַ ווערט האָט אַ שניידערשער „תקיעת כף"?

מאָטיע האָט זיך גיך געגעבן אַ הייב־אויף פון דער באַנק און, מיט

אַלע זיינע כוחות, האָט ער אַ פּאַטש געטאָן אין טיש, ווי ער פּאַטשט ביי זיך אין קלויז, אַז מען זאָל זיך שטעלן דאַווענען, און אויפן הויכן קול אויס־געראָפן:

— יידן! איך, מאָטיע דער שניידער, באַשטיי, אַז איר זאָלט פון היינט און ווייטער האָבן פאַר מיר דרך ארץ און מיר אָפּגעבן כבוד. מיינט ניט, אַז איך בין גלאַט עפּעס אַ שניידערל, וואָס דאַווענט אין אַ חרובדיקער קלויז. זייט וויסן, אַז דווקא ביי אונדז, און ניט ביי אייך, אין די ליכטיקע שולן, לערנט אַ מלאך פון הימל, וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ פּרוש.

דער עולם אין קלויז איז זיך פאַרגאַנגען אין געלעכטער. איז מאָטיע בייז געוואָרן און זיך נאָך העכער צעליאַרעמט:

— איך שטעל איין מיין „עולם הבא", אויב עס איז דאָ אין גאַנצן שול־הויף אַ למדן, וואָס זאָל קענען זיך פאַרהערן מיט אונדזער לערנער.

דער עולם האָט זיך נאָך העכער צעלאַכט:

— אַן אַלטער מאַן, אַן עובר בטל! זעט, ווי ער האָט זיך צע־פּלאַפּלט.

די פּרושים האָבן, פון מאָטיעס ליאַרעמען אויפן הויכן קול, זיך אויפ־געכאַפּט. זיי האָבן אויפגעהויבן די קעפּ פון די גמרות און חיים יוסף ווי־זשונער האָט זיך אויף מאָטיען אָנגעבייזערט:

— ר׳ ייד, איר האָט פאַרגעסן, אַז איר זייט איצט אין אַ מקום קדוש.

מאָטיע האָט זיך אַ פאַרשעמטער צוריק אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק. די פּרושים האָבן זיך ווידער גענומען צום לערנען. און דעם אַלטן שניידערס סוד איז, ווי דאָס זשומען פון אַ בין נאָך איר אַוועקפליען, צע־רונען געוואָרן.

חיים יוסף וויזשונער, וואָס האָט זיך אָנגעבייזערט אויפן שניידער, האָט אָבער דערשפּירט, אַז דעם שניידערס רייד גראָבן זיך אין זיין האַרצן, זיי נעמען אים אַרום ווי מיט צוואַנגען און ווילן אים ניט אָפּלאָזן. חיים יוסף, זינט ער האָט זיך געטראָפן מיט ר׳ ירוחם יאַנישקער, האָט ער פאַר־וואָרפן די מחשבה, צו גיין זוכן דעם נייעם תנא. ער האָט זיך אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין לערנען און געטאָן אַ גרויסע פּעולה.

אַלע פּרושים אויפן שול־הויף האָבן געוואוסט, אַז ער איז אַ בעל־כשרון. ער האָט אַ גראָדן קאָפּ, און איז אַ בעל־הבנה. איצט האָט פּלוצים פאַר זיינע אויגן ווידער אויפגעשוועבט ר׳ שמואל בן אהרן. ער, דער בעל־מקובל, איז ווי אַ לעבעדיקער געשטאַנען ביי זיין שטענדער, אָנגעטאָן אין זיין שעפּסענעם פּעלצל, די פּיס אַרומגעוויקלט מיט טיכער און זייער שטאַרק אַ פאַרזאָרגטער, צו אים גערעדט:

— זון מיינער, הער זיך ניט צו, צו ר׳ ירוחם יאַנישקער. ער איז טאַקע אַ למדן און אַן איש חסיד, אָבער איוב איז געווען קליגער פון אים. און

ער האָט געזאָגט: — „אָדם לעמל יולד" — אַ מענטש איז געבוירן געוואָרן צום האָרעווען... אפילו אַ פשוטער ביסן ברויט קומט אָן מיט מי... טאָ אַ פשיטאַ שוין, אַז מען וויל דערלעבן דעם תענוג, צו הערן תורה פון דעם מויל פון אַ הייליקן תנא, אָטעמען מיט זיין הויך און זיך וואַרעמען אין זיין זון. טאָ, מאַך ניט אַוועק מיט דער האַנט די רייד פון דעם שניידער. ער איז טאַקע אַ פשוטער, אָבער אויף גרויסקייט פאַרשטייען זיך די קלענסטע. טאָ פויל זיך ניט, גיי אַליין אַריבער אין קלויז און גיב אַ שמעק אין דעם יונגנמאַנס קרוג און זע, צי איז יענער טאַקע פול מיט אַלטן וויין. און אפשר איז ער גאָר דער נייער תנא?

חיים יוסף ווידזשונער האָט אַ צערודערטער פאַרמאַכט די גמרא. ער האָט זיך אַריבערגעבויגן צו דריי פרושים, וואָס ער האָט מיט זיי געלערנט ביי איין טיש. און ער האָט צו זיי געזאָגט:

לאָמיר מוצאי שבת אַריבערגיין אין דער אַלטער שניידערשער קלויז. אפשר רעדט דער שניידער ניט פון וועג?

די פרושים האָבן אָבער, מיט ביטול, אים געענטפערט:

— מאַלע, וואָס אַ שניידער רעדט. און פון ווען אָן זיינען שניידערס מבינים אויף לומדות?

חיים יוסף האָט זיך אָבער אַוועקגעשטעלט, מיט פעסטקייט, און ער האָט צו זיי געזאָגט:

— רבותי, גערעכט זייט איר. שניידערס זיינען מבינים אויף בגדים, אָבער ניט אויף לומדות, און קיין מלאך איז דער נייער לערנער אַוודאי און אַוודאי ניט — מלאכים זיינען פאַראַן בלויז אויפן הימל. אָבער אויף גרויסקייט פאַרשטייען זיך אַפילו די קלענסטע. דעריבער האַלט איך, אַז מיר זיינען מחויב מעיין צו זיין אין דעם ענין.

די פרושים פון יסודס קלויז האָבן געוואוסט, אַז חיים יוסף האָט אַ קלאָרן קאָפּ, און, ווען מען דאַרף עפּעס וויסן, קריגט מען ביי אים די אמתע הסברה. ער וועט ניט אָפּשטויסן סתם מיט אַ תירוץ. ער וועט זיך אַזוי לאַנג גראָבן אין דער טיפקייט, ביז עס וועט אים ווערן קלאָר. און אויב ער ווייסט ניט, וועט ער זיך ניט שעמען צו זאָגן:

— רבותי, איר האָט מיך צוגעשפּאַרט צום וואַנט.

פון דרך ארץ וועגן האָבן זיי, אָן חשק, אים נאָכגעגעבן. און שבת־צו־נאַכט גלייך נאָך הבדלה האָט חיים יוסף מיט די דריי פרושים געקלעטערט אויף די קרומע פינצטערע טרעפּ פון דער שניידערשער שול.

אויף דער שמירה איז דאָרטן גראָד געשטאַנען מאָטיע ווילקיער. ער האָט שוין געהאַט פאַרגעסן, אַז ער האָט פרייטאָג זיך צעפלאַפּלט אין יסודס קלויז. איצט, דערזעענדיק די פרושים, האָט אים דער זכרון זיך אָפּגעפרישט. פון שרעק, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן דעם סוד, איז ער בלאַס געוואָרן. ער האָט געוואָלט פאַרהאַלטן די פרושים, אָבער פון פחד האָבן אים די הענט ניט געדינט און דאָס לשון האָט אים אָפּגענומען.

די חרובע קלויז איז געווען איינגעהילט אין חושכדיקייט. חיים יוסף

האָט בלויז געזען ווי עס שימערט ביים אָרון קודש די ווייסקייט פון אַ טלית, וואָס איז געווען פאַרדעקט איבער אַ מענטשן, וואָס האָט זיך שטיל געוויגט איבער אַ שטענדער מיט אַן אַנגעשמאָלצן חלבן ליכט.

חיים יוסף איז לאַנגזאַם צוגעגאַנגען צום מענטשן מיטן טלית איבערן קאָפּ, און געזאָגט צו אים:

— אַ גוטע וואָך!

ער האָט דערזען, אַז אויפן שטענדער ליגט ניט קיין גמרא, נאָר גאָר אַ חומש. האָט ער שוין געהאַט בדעה צו גיין, מיט ליידיקן, צוריק. עס איז דאָך אַ זיכערער באַווייז, אַז דער מענטש ביים שטענדער איז זייער ווייט פון זיין אַ גרויסער למדן.

דער מענטש האָט אָבער אויפגעהויבן דעם קאָפּ. ער האָט פריינטלעך אָנגעקוקט חיים יוספן און בנעימות געענטפערט:

— אַ גוטע וואָך אייך!

חיים יוסף האָט אים אָנגעקוקט און זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן: אַזאַ ליכטיק און הייליק פּנים! פון זיינע אויגן שיינט אַרויס אַזאַ אצילות! זיין שטים — אַזאַ זיסע! עס האָט חיים יוספן ווי געפאַנגען. ער האָט גלייך אין האַרצן ביי זיך דערשפּירט, אַז דער מענטש ביים שטענדער איז טאַקע נישט קיין געוויינטלעכער. ער האָט אָבער ניט דערלאָזט, אַז זיין התפעלות זאָל זיך צו־שטאַרק צעגיסן. האָט ער זיינע געפילן באַלד באַ־צוואונגען, און זיך געהאַלטן שטרענג ביי זיין דרך:

— דאָס האַרץ איז טאַקע דער הערשער איבער אַלע גלידער, אָבער מען טאָר זיך אויף די געפילן פון האַרצן ניט פאַרלאָזן. עס האָט בלויז אַ חשי־בות, ווען די רעיונות טונקען זיך דאָרט אָפּ. מהאי טעמא, דאַרף מען הערן, וואָס דער קאָפּ זאָגט.

האָט ער, דער ווילנער, קאַלט און רואיק זיך געווענדט צום מענטשן מיטן טלית אויפן קאָפּ, און ער האָט צו אים געזאָגט:

— עס זיינען מיר שווער עטלעכע שטעלן אין סדר „זרעים". למען האמת, זאָג איך אייך פאַרויס, אַז איך מאַטער זיך אויף זיי שוין יאָרן. און איך האָב עס שוין אָנגעפרעגט ביי אונדזערע גדולי־הדור. איך שטיי נאָך אָבער אַלץ אויף דעם זעלביקן אָרט. אפשר וועט איר זיין וויליק אויסצוהערן מיינע קשיות און זיי פאַרענטפערן. איך אַליין בין נוטה צו פּילפּול, אָבער איך בין ניט מקפּיד, אויב איר וועט עס אַפילו טאָן על פּי דרך הפשט.

דער מענטש מיטן טלית אויפן קאָפּ האָט, מיט זיכערקייט, גע־ענטפערט:

— פרעגט! מיט השם יתברכס הילף, וועל איך זיי אפשר קענען פאַרענטפערן.

דער ווילנער האָט זיך אַ גלעט געטאָן דעם שטערן. ער האָט פאַר־מאַכט די אויגן. דאָס איז געווען זיין טבע, ווען ער האָט זיך פאַרטיפט אין אַן ענין. ער האָט גענומען אויסלייגן זיינע קשיות איינע נאָך דער אַנדערע. אַז

ער האָט שוין געהאַלטן ביי דער צוועלפטער קשיא, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דער מענטש מיטן טלית אויפן קאָפּ האָט זיך אַפילו מיט קיין איין וואָרט נאָך ניט אָפּגערופן. האָט ער, חיים יוסף, זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט שוין אַפילו ניט געפונען פאַר נייטיק צו פרעגן: — נו, וואָס זאָגט איר? ער איז שוין געווען גרייט צו גיין, מיט ליידיקן, צוריק צו זיך אין קלויז, און אַן אומעטיקער האָט ער געטראַכט פאַר זיך:

— איך מאַך זיך דאָ בלויז נאַריש. דער מענטש הייבט דאָך ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס מען רעדט צו אים. דער גאַנצער ענין איז אים פרעמד.

דער מענטש מיטן טלית האָט אים אָבער באַלד אויסגעשטשוכעט. ער האָט מיט רואיקייט און זיכערקייט זיך אָפּגערופן:

— וואָס האָט איר זיך, אין מיטן דערינען, אָפּגעשטעלט? פרעגט, איר האָט דאָך נאָך קשיות.

חיים יוסף האָט אים אָנגעקוקט אַ צערודערטער, און פאַרחידושט געפרעגט:

— פון וואַנען ווייסט איר דאָס?

— זייער פּשוט. איר האָט זיך צו פּלוצים אָפּגעשטעלט.

זיין זיכערקייט האָט חיים יוספן אַרויסגעבראַכט פון די כלים. עס האָט אים צעטומלט: איז יענער טאַקע אַ למדן? צי האָט ער בלויז ליב זיך צו שפּילן? די אַנדערע דריי פּרושים זיינען שוין געשטאַנען אומ־רואיק און זיי האָבן אין דער שטיל געזאָגט צו חיים יוספן:

— לאָמיר גיין. עס איז אַן עבירה צו פּטרן צייט.

חיים יוסף האָט זיי געבעטן צו בלייבן אַביסל לענגער. און בלויז פון זיין כבוד וועגן האָבן זיי, מיט שטומען בליק, אים געגעבן זייער הסכמה, ער זאָל ווייטער אָנגיין מיט זיין פאַרהער.

חיים יוסף האָט גענומען אויסלייגן זיינע ווייטערדיקע קשיות, איינע שווערער און פאַרפּלאָנטערטער פון דער צווייטער. ער האָט אַרויסגעפירט פאַרגעסענע תוספותן, רמב״מס און אלפסן, ביז ער איז אַ מידער געבליבן שטיין, און געזאָגט:

— איך האָב נאָך מער צו פרעגן, אָבער פון די קשיות, וועלן שוין ממילא אויך די איבעריגע ווערן פאַרענטפערט.

דער פרעמדער מענטש ביים שטענדער האָט זיך רואיק צורעכט גע־מאַכט דעם טלית איבערן קאָפּ, און בנעימותדיק גענומען מסביר זיין:

— איר האָט מיך געפרעגט דרייסיק קשיות, און אָט זיינען זיי איינע און איינע. איך הייב אָבער אָן, ניט פון דער ערשטער, נאָר פון דער לעצטער. מיר שיינט, אַז אַזוי איז דער ריכטיקער סדר.

דער מענטש, איינגעהילט אין טלית, האָט אַלע דרייסיק קשיות איבערגעזאָגט זייער בצמצום. ער האָט געשפּאָרט די ווערטער, און דאָך זיינען די קשיות אַרויס נאָך קלאָרער און שטאַרקער, ווי פון חיים יוספן אַליין, וואָס ער האָט זיך מיט זיי שוין מתעסק געווען זינט יאָרן און יאָרן. דער ווישונער האָט פון פּחד אַזש אויפגעציטערט: — היתכן, אַז צווישן

אונדז גייט אַרום אַזאַ גרויסער גאון און קיינער ווייסט גאָר ניט פון אים. איך, חיים יוסף, האָב דאָך שוין געהאַט די זכיה צו ריידן און לערנען מיט די גרעסטע לומדים פון היינטיקן דור, און איך האָב נאָך ניט געטראָפן קיין איינעם, וואָס זאָל זיין געבענטשט מיט אַזאַ הסברה און אַזוי גיך קענען תופס זיין אַזעלכע האַרבע קשיות.

עס איז שוין פאַר חיים יוספן ניט געווען מער קיין חילוק, צי יענער וועט זיינע קשיות יאָ, צי אַפילו ניט, קענען פאַרענטפערן. וואָרים פונקט ווי אים איז קלאָר, אַז אַ שוועסטער איז אָסור צו איר ברודער, אַזוי איז אים איצט קלאָר, אַז עס שטייט פאַר אים אַט דער תנא, וואָס שמואל בן אהרן האָט נביאות געזאָגט, און דאָס גרויס וואונדער: — דערזען האָבן אים די ערשטע דווקא פשוטע שניידערס!

דער מענטש ביים שטענדער האָט אים אָבער ניט געלאָזט לאַנג טראַכטן. ער האָט זיך ווייטער צו אים געווענדט, און געזאָגט:

— אַז מען טראַכט זיך גוט אַריין, האָט איר ניט קיין דרייסיק קשיות. וואָרים די לעצטע דריי, וואָס ביי אייך זיינען זיי די ערשטע דריי, און אייערע לעצטע דריי — זיינען דאָך דיזעלביקע קשיות. און פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, איז זייער גרינג צו דערקלערן. און די זעקסטע מיט דער אַכטער קשיא איז אויך דאָס אייגענע. און אַזוי נאָך פערצן. בלייבן איבער בלויז אַכט קשיות, זיינען פיר פון זיי אַ טעות הדפוס — ערגעץ־וואו אין אַ דרוקעריי האָט מען די סוגיות פאַרגרייזט. אויב איר ווילט זיך דער־קונדיגן צי דער אמת איז מיט מיר, טאָ, אדרבא, פּרובירט אויס אויף דער צונג, זאָגט איבער די סוגיות הויך אויפן קול, וועט איר באַלד איינזען, אַז די ווערטער ווילן זיך ניט לאָזן אַראָפּקייקלען. איר ווייסט דאָך אָבער, אַז אונדזערע חכמים האָבן זיך געהיט ניט בלויז מיט ווערטער, נאָר זיי האָבן אַפילו אַן איבעריקן אות ניט געשטעלט. וואָרים מיטן וואָרט האָט דאָך דער בורא די וועלט באַשאַפן און אויפן וואָרט שטייט די וועלט. פירסטו איבער אַפילו איין אות, שטעלסטו די וועלט אין סכנה. נו, גלויבט איר, אַז אונדזערע רבנן האָבן אַזוי צעפלאָסן גערעדט? אָט, אדרבא, הערט זיך צו ווי זיי האָבן געזאָגט. אַזוי איז שכלדיק און באַטעמט, און די ווער־טער פליסן ווי פון אַ קוואַל.

איך קען אויך ברענגען אַ ראיה פון אַ גמרא, וואָס עס זאָגט מיט מיין נוסח. און דער מאמר געפינט זיך ניט אין „זרעים”, נאָר אין סדר „מועד”. בלייבן שוין איבער בלויז פיר קשיות. דאָ, זעט איר, איז שוין ניט קיין טעות אין דרוק. אָבער די ראשי תיבות זייערע פאַרשטייט מען ניט ריכטיק. זיי זיינען גאָר די ראשי תיבות פון אַנדערע ווערטער. און אָט וואָס זיי זיינען...

דער אומבאַקאַנטער מענטש ביים שטענדער האָט אין אַ קליין ביסל צייט דערקלערט און געגעבן צו פאַרשטיין סוגיות שווערע, ניט פאַרשטענד־לעכע און פאַרפלאָנטערטע, וואָס חיים יוסף, און לומדים נאָך גרעסערע פון אים, האָבן שוין זינט יאָרן און יאָרן זיך געמאַטערט און ניט געקענט אויספּלאָנטערן.

חיים יוסף, דער ערלעכער מענטש, האָט ניט ליב געהאַט צו פרעגן קשיות בלויז לשם פרעגן. כדי אַרויסצואַווייזן אַז ער האָט אַ גוטן קאָפּ. אים האָבן די קשיות טאַקע געמאַטערט און געלעגן אויף אים ווי אַ שווע־רער יאָך. ער האָט זיך איצט דערשפּירט ווי אַ באַפרייטער פון קייטן... ער האָט אַזש געטאַנצט פון פרייד, וואָס ער האָט געהאַט די זכיה מגלה צו זיין דעם נייעם תנא... און ער האָט, מיט פאַרכט און ציטער, געזאָגט:

רבי, זייט מיר מוחל. איך בין זיך מודה, אַז ווען איך האָב געזען ביי אייך אויפן שטענדער אַ חומש, האָב איך אייך אַנגענומען פאַר איינעם, וואָס איז אפשר אַ יודע ספר, אָבער ניט מער.

דער מענטש ביים שטענדער האָט אים אומעטיק אַנגעקוקט און געזאָגט:

— איר האָט פאַרגעסן וואָס אונדזערע תנאים האָבן אונדז אָנגעזאָגט: „הפך בה, והפך בה, דכולא בה" — וואָס מער איר וועט זיך טיפן אין תנ"ך, אַלץ מער חכמה וועט איר דאָרטן געפינען. וואָרים אַלץ איז דאָ אין דער הייליקער תורה. אויך דעם ענטפער אויף אייערע קשיות האָב איך גע־פונען אין חומש. אונדזערע חכמים האָבן דאָך פון חומש געלערנט ווי צו זיין אָפּגעהיטן אין לשון. האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אונדזערע חכמים וועלן דאָך ניט ריידן צעפלאָסן.

חיים יוסף האָט, שווייגנדיק, זיך צוגעהערט. ער האָט, מיט גרויס עניוות, געהאַלטן אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, ווי אַ תלמיד דאַרף שטיין פאַר זיין רבין, און ער האָט מיט יראת־הכבוד געזאָגט:

— רבי, מעג איך פרעגן ווי מען רופט אייך?

דער מענטש אין טלית האָט אים פריינטלעך אַנגעקוקט און געזאָגט:

מיין נאָמען איז — אליהו, און מיין מאַמע, זאָל געזונט זיין, רופט מיך — עלינקע!

***

צוריקגייענדיק פון דער שניידערשער קלויז, האָט חיים יוסף, אַ פאַר־חלומטער, געמורמלט פאַר זיך אַליין: — שמואל בן אהרן איז דאָך טאַקע געווען אַ הייליקער מאַן. ער האָט געוואוסט סודות. פּלוצים האָט חיים יוסף מיט היץ זיך געגעבן אַ כאַפּ צו די דריי פּרושים פון יסודס קלויז:

— רבותי, פּונקט ווי עס איז מיר קלאָר, אַז אַ שוועסטער איז אָסור צו איר ברודער, אַזוי איז מיר קלאָר, אַז דער אומבאַקאַנטער יונגערמאַן פון דער שניידערשער קלויז, וואָס ער זאָגט, אַז זיין נאָמען איז אליהו, און זיין מאַמע רופט אים עלינקע, איז אין דער מדרגה פון א תנא.

די פּרושים האָבן געשוויגן. זיי זיינען געווען פאַרטאָן אין זייערע אייגענע מחשבות. איז דאָס טאַקע אויף דער וואָר? צי איז עס בלויז אַ חלום? וואָרים, ווי קען עס געמאָלט זיין, אַז אין היינטיקע שוואַכע דורות זאָל אויפשיינען אַ תנא?

חיים יוסף האָט זיך פון זיי אָפּגעשיידט. אָבער ער האָט זיך קיין

אָרט ניט געפונען. ר׳ אליהוס זיכערקייט און טיפקייט אין דער תורה האָבן אים ווי נאָכגעיאָגט און געוואָלט ביי אים וויסן:

— חיים יוסף, וואָס זאָגסטו צו ר׳ אליהוס גאונות? האָסטו זיך גאָר אַזוינס געקענט פֿאַרשטעלן אין דיין מחשבה?

חיים יוסף איז פון צערודערונג די נאַכט ניט געשלאָפן. ער איז גלייך אין דער פרי געקומען אין דער גרויסער שטאָט־שול. ער איז געוועזן גרייט אַרויפגיין אויף דער בימה און אויסרופן:

— יידן! זייט וויסן, אַז היינט איז אַ גרויסער יום־טוב! זאָגט הלל! אין דער אַלטער שניידערשער קלויז איז נתגלה געוואָרן אַ תנא. זיין נאָמען איז אליהו. ווער עס איז דורשטיק נאָך תורה, זאָל גיין און טרינקען פון זיינע קוואַלן.

חיים יוסף האָט זיך אָבער באַלד באַזינט און געזאָגט צו זיך אַליין:

— דו ווייסט דאָך גאַנץ וואויל, אַז מען טאָר זיך ניט נעמען דאָס רעכט צו זיין איינער אַליין דער דיין. און דאָ רעדט זיך דאָך וועגן אַזאַ עליונדיקן ענין: צי מען זאָל אַ יונגנמאַן, וואָס קיינער ווייס ניט און קען ניט, קרוינען מיטן העכסטן טיטול — גדול הדור. טאָ ווי טראַכסטו גאָר צו נעמען אויף זיך אַליין אַזאַ גרויסע אחריות?

האָט ער זיך געלאָזט גיין אין יסודס קלויז, זיך דורכריידן וועגן דעם מיט די אַנדערע דריי פּרושים, וואָס זיינען צוזאַמען מיט אים מיט־געגאַנגען אין דער שניידערשער קלויז. יענע האָבן דאָך, פונקט ווי ער, געהערט ר׳ אליהוס תורה. ער האָט זיי געטראָפן לערנען, ווי תמיד, שטיל און רואיק. ער האָט זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן, אינאיינעם, אַרויסלאָזן אַ קול־קורא, און אָנזאָגן יידן די גוטע בשורה, אַז עס איז נתגלה געוואָרן אַ תנא. די פּרושים, אַלע דריי, פון קליינע ליטווישע שטעטלעך, איינער פון סעריי, דער צווייטער פון יאַנאָווע, דער דריטער פון רומשישאָק, האָבן זיך פון דעם מיט שרעק אָפּגעטרייסלט... זיי האָבן געזאָגט:

— ר׳ חיים יוסף ווילנער, מיר האָבן מורא זיך אַריינצומישן. עס איז אמת, אַז מיר האָבן אַליין, מיט אונדזערע אויגן, אים געזען, און מיט אונדזערע אויערן געהערט זיין תורה. אָבער מיר טרויען זיך אַליין ניט, ווייל די גאונות, וואָס ר׳ אליהו האָט אַרויסגעוויזן ביים פאַרענטפערן אייערע קשיות, איז ניט פאַר די השגות פון אַ מענטשן פון היינטיקן שוואַכן דור. אפשר האָט ער עס גאָר געטאָן דורך כשוף?

דער ווילנער האָט אומעטיק צוגעשמייכלט און געזאָגט:

— איך לייקן ניט אָפּ קיין כשוף. די תורה זאָגט אונדז, אַז פרעהס לייט האָבן עס אויך געקענט. אַ מכשף האָט אַ ווילדן כוח. ער קאָן נעמען אַ שטעקן און אים איבערקערן אין אַ שלאַנג... און אַפילו מאַכן אַ בוים טאַנצן. אָבער אויף איין זאַך האָט כישוף ניט קיין שליטה, און דאָס איז — די תורה. מען קאָן ניט באַווייזן די קונץ, אַז אַן עם־הארץ זאָל קאָנען זאָגן אַ בלאַט גמרא. פון אַזאַ מכשף האָט נאָך קיינער ניט געהערט.

חיים יוסף האָט זיך אַרומגעזען, אַז אייגנטלעך זיינען די פּרושים

גערעכט. עס איז ניט זייער און אויך ניט זיין שליחות. דאָס געהערט, על־פּי דין, צו דעם ראש פון דער מלכות־תורה. זאָל ער טאָן ווי אים וועט גע־פעלן און ווי ער וועט געפינען פאַר נייטיק. אָבער ווער איז דער ראש פון דער תורה־מלוכה? און וואו שטייט זיין טראָן? און ווי דערקענט מען אים?

חיים יוסף, דער מאמין, האָט זיך אַליין געענטפערט:

— וועגן דעם דאַרפסטו ניט זאָרגן. דער, וואָס האָט געמאַכט, אַז דער אַלטער שניידער זאָל ניט דערשפירן די שטאַרקייט פון ספירט, אַז ער זאָל אויסזאָגן דעם גרויסן סוד, דער וועט דיר שוין ווייזן דעם וועג צום ראש פון דער תורה־מלוכה. לויטן שכל קאָנסטו דאָך פאַרשטיין, אַז דער ראש זיצט אין איינער פון די קלויזן אויפן שול־הויף. — אָבער, אין וועלכער? — אויף דעם האָט שוין חיים יוסף געקלערט און געקלערט, און צום סוף האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין:

— גיי אין דער „שואבי־מים" קלויז! די תורה איז דאָך געגליכן צו — וואַסער. איז דאָרטן אַוודאי דער זיץ־פּלאַץ פון דער מלכות־תורה.

ער האָט זיך גלייך געלאָזט גיין אַהין, און ווי נאָר ער האָט אַרי־בערגעשטעלט זיין פוס איבער דער שוועל, האָט ער גלייך דערזען, אַז ער האָט זיך ניט טועה געווען. אַרום אַ גרויסן טיש זיינען געזעסן פּרושים, זייערע בערד — לאַנגע און שוואַרצע, ווי פּעך; די ברעמען — געדיכטע, און די שטערנס — גרויסע און פול מיט קנייטשן. אויבנאָן, אויף זייער אַ ברייטן שטול מיט אַ הויכן אָנלען, איז געזעסן אַן עלטערער מאַן. פון זיין פּנים האָט אַראָפּגעשיינט איידלקייט און יראת שמים. זיין ווייסע באָרד האָט אַזש געשימערט פון גלאַנץ. אין אַ ווינקל האָט זיך אין עניוות געטוליעט ר' ירוחם יאַנישקער.

חיים יוסף האָט פאַרשטאַנען, אַז דער עלטערער מאַן, וואָס זיצט אויפן שטול, איז דאָס דער ראש פון דער מלכות־תורה. די פּרושים ביים טיש האָבן אַרויפגעקוקט צו אים מיט גרויס אָפּשיי. איידער ער האָט נאָך געהאַט צייט זיך צו באַטראַכטן, איז דער אַלטער מאַן שוין געשטאַנען לעבן אים. זיינע אויגן — גרויסע און ליכטיקע — האָבן אים דורכגענומען דורך און דורך. ער האָט, מיט גרויס פריינטשאַפט, אויסגעשטרעקט צו אים זיין האַנט:

— שלום עליכם אייך, ר' חיים יוסף ווישונער. אונדזערע שלוחים זוכן דאָך אייך אַרום. טאָ קומט זעצט זיך ביים טיש און דערציילט אונדז, וואָס עס האָט פּאַסירט, און פאַרפעלט ניט אַפילו די מינדסטע קלייניקייט. מיר ווילן וועגן אַלץ וויסן.

דער ווישונער האָט זיך געחידושט: — ווער האָט דעם ראש דער־ציילט, און פון וואַנען וויס ער זיין נאָמען? עס איז איצט אָבער ניט די צייט צו פרעגן שאלות. איז ער, שווייגנדיק, צוגעגאַנגען צום טיש און זיך געזעצט וואו מען האָט אים אָנגעוויזן, פּונקט אַנטקעגן דעם ראש. ער האָט גענומען דערציילן געגוי און דייטלעך אַלץ, וואָס איז פאַרלאָפן פון

פרייטאָג בייטאָג ביז איצט. ער האָט ניט איבערגעהיפּט אַפילו די זאַכן מיט וועלכע ער האָט ניט געהאַט זיך איבערצוגעמען און ער האָט זיך מיט זיי געשעמט. ער האָט דערציילט, ווי ער האָט זיך געבייזערט אויפן אַלטן שניידער. ער האָט זיך מודה געווען, אַז ווען ער האָט דערזען ביי ר׳ אליהון אויפן שטענדער אַ חומש, האָט ער שוין געהאַט געטראַכט, אַז וואָס־וואָס, קיין גרויסער למדן איז שוין יענער ניט.

די טירן פון דער שואבי־מים קלויז זיינען געווען פאַרריגלט מיט אייזערנע שטאַבעס. עס האָט געהערשט אַ פאַרכטיקע שטילקייט. מ׳האָט בלויז געהערט דאָס זשומען פון אַ בין, וואָס איז אַרומגעפלויגן אויף די פענצטער פריי און זיכער, ווי זי וואָלט געוואוסט, אַז קיינער וועט דאָ ניט וואַגן אומברענגען אַ לעבעדיקע באַשעפעניש. דער ראש האָט אָנגע־שפּאַרט דעם קאָפּ אויף ביידע הענט און ער הערט זיך צו, ווי דער וויזשונער פרוש דערציילט. זיינע אויגן לויכטן העל און יונג, זיין יעדער גליד אין אים זינגט פון פרייד. זיין התפעלות וואַקסט און וואַקסט. עס הייבט אים ממש פון זיין שטול. אָבער ער צוימט זיינע געפילן. ער לאָזט חיים יוספן ריידן. ער שלאָגט אים ניט איבער, כאָטש עס שפּאַרט אים עפּעס צו פרעגן. ערשט, אַז חיים יוסף האָט זיך צוריק אָוועקגעזעצט אויף דער באַנק, האָט דער ראש זיך אויפגעשטעלט און מיט גרויס געפיל און געררירטקייט אָנגעהויבן צו ריידן:

— ר׳ חיים יוסף וויזשונער, איך רוף צו אייך און זאָג, אַז פון אייער יעדן וואָרט זינגט אַרויס די שירה פון אמת. לויט ווי איר דערציילט, ווי אַזוי ר׳ אליהו האָט פאַרענטפערט אייערע קשיות, בין איך בטוח, אַז איר האָט מגלה געווען אַ גאון עולם. אַז וואויל איז צו אייך און צו אייער טאַטע־מאַמען. איר האָט זיך דאָך איינגעקויפט אייער עולם הבא אין איין קורצער שעה. געוויינטלעך, ווען איך הער, אַז איינער האָט אָן האָרע־וואַניע, אומגעריכטערהייט, אַריינגעקראָגן אַזאַ גרויסע מתנה, פיר איך זיך ווי אונדזער הייליקער תנא, ר׳ יהודה הנשיא: — איך וויין פון פאַר־דראָס. אָבער דאָס, וואָס האָט פּאַסירט מיט אייך, טוט מיר הנאה. וואָרים איר האָט דאָך יאָ אייער גאַנץ לעבן געהאָרעוועט אויף עולם הבא. און איר האָט עס דערוואָרבן ניט דורך אַ צופאַל. איר האָט געמאַכט אַזאַ געוואַלדיקע קניה. איר האָט איינגעקויפט אַ גרויסן גאון, וואָס וועלט וועט זיך דער־קוויקן פון זיין ליטערע תורה און מער ניט דאַרפן אויסגיין פון דאָרשט.

דער ראש פון דער מלכות־תורה האָט זיך צוריק אָוועקגעזעצט אויף זיין שטול און עפּעס אַ זאָג געטאָן צו אַ יונג שוואַרץ־בערדלדיק פרושל. יענער איז גיך און ספּריטנע אָנגעקומען מיט אַ בינטל לאַנג און קרומע שליסלען. זיי האָבן זיך צעקלונגען מיט אומעטיקע און סודותדיקע קלאַנגען. דאָס יונג פרושל איז פאַרשוואונדן הינטער דער בימה. עס האָט זיך געהערט, ווי ער עפנט סקריפּנדיקע טירן. באַלד האָט ער זיך אומגעקערט מיט אַ גרויסן בוך. ער האָט עס אַוועקגעלייגט אויפן טיש. דער ראש האָט גענומען זיינע שפּאַקולן, און האָט גענומען מישן די בלעטער. ער איז

געבליבן שטיין ביי אַ בלאַט. ער האָט דאָס בלאַט גיך איבערגעקוקט, און צוריק פאַרמאַכט דאָס בוך. דער יונגער פרוש האָט, ווי אַ טייערן אוצר עס באַלד אַ כאַפּ געטאָן און צוריק פאַרשוואונדן הינטער דער בימה.

דער ראש האָט אַראָפּגענומען זיינע שפּאַקולן. ער האָט זיך אַרומ־געקוקט אין אַלע זייטן און גענומען ווידער ריידן צו חיים יוספן:

— מיר פירן אונדזער תורה־מלוכה בסוד. ווייל די תורה איז אַ סוד. אָבער די וועגן צו איר זיינען אָפן פאַר אַלעמען. פאַר דעם, וואָס זוכט און מיעט זיך צו דערגיין אירע סודות, איז קיין מדרגה ניט צו הויך. עס שטייט געשריבן: „לא קם כמשה" — עס איז געווען בלויז איין משה רבינו. און נאָך איינער ווי משה וועט אפשר טאַקע ניט זיין. אָבער יעדער איינער, וואָס וועט זיך אַזוי שטאַרק מיען ווי משה, קען ווערן אַ משה. די תורה איז ניט קיין ירושה ענין. אויך משה רבינון האָבן ניט געירשנט זיינע זין, נאָר גאָר זיין משרת, יהושע. איך, אַברהם משה ווילקאָמירער, פיר דאָ דערווייל די תורה־מלוכה, אָבער, אַז עס וועט קומען איינער, וואָס איז בעסער פון מיר, וועל איך אים זי מיט פרייד איבערגעבן. דערפאַר האַלטן מיר אָט דעם „פנקס". אין אים איז פאַרשריבן יעדער למדן פון דער ליטע, זיין חשיבות און זיינע מדרגות. מיר האָבן געגלויבט, אַז דער „פנקס" איז צדק. אָבער איצט זעען מיר, אַז מיר האָבן געלעבט אין טעות. ר' אליהוס נאָמען איז אין אים ניט דערמאָנט.

דער ראש האָט זיך, אויף אַ ווייל, פאַרקלערט, און ווידער אָנגעהויבן צו ריידן:

— אונדזערע הייליקע רבנן טוען אונדז וואָרענען, אַז מען טאָר קיינעם ניט לויבן אין די אויגן. אָבער זיי, די גרויסע חכמים, זיינען מוסיף און זאָגן, אַז עפּעס פון זיין שבח איז מען יאָ מחויב יענעם צו זאָגן. דער טעם דערפון איז, ווייל דאָס גייט שוין אַריין אין דעם גדר פון שכר־יום. קען מען דאָ לערנען אַ „קל־וחומר". מה־דאָך דעם שכר פון אַ פועל, וואָס טוט פאַר דיר פּשוטע מלאָכה, טאָרסטו ניט פאַרהאַלטן, און דו מוזט גלייך אים באַצאָלן, מוזסטו דאָך אַוודאי און אַוודאי כאָטש געבן עפּעס פון שכר, וואָס יענעם קומט פאַר תורה און מעשים טובים. אויף דעם סמך זאָג איך צו אייך, ר' חיים יוסף: — מיר וויסן, אַז די אַלע ניט־ריכטיקע מנהגים, וואָס דער יסוד האָט איינגעפירט אין זיין קלויז, האָט איר זיך געמיט זיי אָפּצושאַפן. איר האָט זיך ניט איינגעקוקט, וואָס דער יסוד איז אייער באַלעבאָס. איר האָט איינגעשטעלט אין סכנה אייער חיונה. מען האָט שוין דעמאָלט געקענט זען, אַז איר זייט באַשאָנקען מיט מעלות. און כאָטש איר האָט נעכטן אָוונט געזען, אַז ביי דעם פרעמדן מענטשן אין דער שניידערשער קלויז ליגט אויף זיין שטענדער אַ חומש און ניט קיין גמרא, פונדעסטוועגן האָט איר זיך געשטעלט פרעגן ביי אים שווערע לומדישע קשיות. איר האָט זיך אויפגעפירט, ווי די גרויסע לייט פון אונדזער כנסת הגדולה. זיי, די שופטים פון יושר און צדק, האָבן אָנגע־זאָגט: „הווי מתונים בדין" — איר זאָלט זיין זייער געדולדיק ביים פסקנען דינים.

אונדזערע חכמים זאָגן אויך: „אין לו לדיין אלא מה שעיניו רואות" — אַ דיין דאַרף פסקענען בלויז, וואָס ער זעט. דאָס איז ניט אַזוי אויבנ־אויפיק, ווי עס ווייזט אויס. זייער כוונה איז געווען אַ סך טיפער. זיי האָבן געצילט צו פאַרזאָגן, אַז קודם כל דאַרף דער דיין זיין אַ דיין, און דערנאָך מעג ער שוין פסקענען לויט ווי זיינע אויגן זעען. אַן אמתער דיין וועט ניט לאָזן, אַז זיינע אויגן זאָלן אים אָפּנאַרן. איר, חיים יוסף, האָט באַוויזן, אַז איר האָט די אַלע מעלות פון אַ דיין. בין איך בטוח, אַז איר וועט ניט פאַרלאַנגען, אַז מען זאָל אַרויסטראָגן אַ החלטה, ביז מען וועט זיין גרונטאָוונע זיכער, אַז דער פרעמדער יונגערמאַן פון דער שניידערשער שול איז אַ גאון ניט בלויז אין תורה, נאָר אויך אין מידות. אונדזערע חכמים זאָגן: „עס איז שווערער צו זיין אָפּגעהיט אין מידות ווי זיך אָפּצוהיטן אין עריות".

דער ראש האָט זיך אַ מידער אַוועקגעזעצט אויף זיין שטול. די פרושים האָבן פאַרשטאַנען, אַז זייער ראש רוט זיך בלויז אָפּ, און ער צילט אַרויסצובערענגען אַ טיפן רעיון. פלוצים האָט ער זיך אויפגעשטעלט, ווי עס וואָלט אין קלויז אַריינגעקומען אַ חשובער אורח, און ער, דער ראש, וויל אים אָפּגעבן כבוד. און הויך אויפן קול, אַז זיין שטים האָט אַזש געציטערט, האָט ער אויסגערופן:

— ר' חיים יוסף ווילשונער, איך גיב אייך איבער די הנהגה פון דער מלכות תורה, און זייט וויסן, אַז איך טו דאָס מיט פרייד. איך בין ניט ראוי צו דער משרה, וואָרים ווען איך, אַברהם משה ווילקאָמירער, דערזע ביי אַ מענטשן אויף אַ שטענדער ניט קיין גמרא, רייד איך שוין מיט אים ניט אין לערנען. און ווען איך וואָלט געהאָט געגאַנגען אין אייער שליחות, וואָלט איך דאָך אומגליקלעך געמאַכט די וועלט. איך וואָלט דאָך פאַרזען אַ גאון, וואָס מען וואַרט שוין אויף אים זינט דורות און דורות.

דער ווילשונער איז געשטאַנען אַ בלאַסער און געפּלאָנטערט פון שרעק: איז עס אַ חלום, אָדער טאַקע אויף דער וואָר?

דער ראש האָט זיך ווידער אָנגערופן צו אים:

— ר' חיים יוסף, זייט אַזוי גוט און זעצט זיך אויף דעם שטול. איר זייט, פון איצט אָן, אונדזער ראש.

חיים יוסף האָט מיט טרערן אין די אויגן זיך גענומען בעטן:

— רבי, איר קענט דאָך לערנען אַ סך מער פון מיר. און אַוודאי און אַוודאי קען איך זיך ניט פאַרגלייכן צו אייך אין מידות. עס איז דאָך גאָרנישט צו גלויבן, אַז אַ מענטש זאָל מיטן אייגענעם ווילן און דערצו נאָך מיט פרייד וועלן איבערגעבן צו אַ צווייטן, און אַ קלענערן פון אים, אַזאַ בכבודיקע מלוכה. שאול המלך, וואָס איז געווען דער גרעסטער צדיק פון זיין דור, — קיין פלעק האָט מען אויף אים ניט געקענט געפינען, — און דאָך האָט ער ניט געקענט ביי זיך פועלן איבערצוגעבן דאָס מלכות

צו דודן. רבי, איך טאָר ניט אָננעמען אַזאַ הויכע משרה. איך בין צו יונג. אייך, רבי, קומט דער כבוד. איר האָט דאָך שוין זוכה געווען צו זקנה.

דער ראש האָט אין פאַרלעגנהייט געשמייכלט און אים געענטפערט:

— ביז איצט האָב איך זיך טאַקע געהאַלטן פאַר אַ שטיקל יחסן. איך האָב געגלויבט, אַז עס קומט מיר דער כבוד. איך בין דאָך אַ זקן. אַי, אונ־דזערע חכמים האָבן געזאָגט, אַז אַ זקן איז בלויז „זה שקנה חכמה" — דער, וואָס באַזיצט חכמה. אָבער דאָס האָט מיך נישט געאַרט. איך האָב געטראַכט ביי זיך: אויב אַפילו אַזוי, האָב איך, אַברהם משה ווילקאָ־מירער, ביי זיך אויך ניט וואָס אַראָפּצופּאַלן. עפּעס בין איך דאָך יאָ באַהאַוונט אין דער חכמה פון דער תורה. איך האָב דאָך מיין גאַנץ לעבן געלערנט. אָבער איצט זע איך איין, אַז איך האָב ניט ריכטיק אויסגעטייטשט דעם „זה שקנה חכמה". אונדזערע חכמים האָבן גאָר געלייגט דעם טראָפּ אויף דעם „שקנה". זיי האָבן געצילט צו זאָגן, אַז יאָרן, און אַפילו קענען לערנען דערצו, זיינען נאָך ניט גענוג צו קענען זיך רופן מיטן טיטל — זקן. ראוי איז בלויז דער, וואָס האָט די תורה געקויפט און ער קען ווייזן אַ שטר־קנין. איך, אַברהם משה ווילקאָמירער, האָב דאָך עס ניט. אייער „שטר־קנין" ליגט אָבער אָפן. אַלע קענען אים זען. איר האָט פאַר דער וועלט איינגעקויפט אַ גרויסן גאון. דערפאַר זייט איר, און ניט איך, דער זקן, כאָטש אייערע האָר זיינען נאָך שוואַרץ, און מיינע זיינען שוין ווייס.

דער ווישונער איז נאָך אַלץ געשטאַנען ביים ברעג טיש און געצי־טערט פון שרעק. דער ראש האָט געפּרואווט אים צו דערמוטיקן מיט פריינטלעכע בליקן. אַז ער האָט איינגעזען, אַז ער טוט ניט קיין פּעולה, האָט ער צורעכט געמאַכט זיין טלית איבערן קאָפּ און אויסגערופן מיט אַ הויכן און שטרענגן קול:

— זייט וויסן, אַז כל זמן איר, ווישונער, האָט זיך נאָך ניט אַרויפ־זעצט אויף מיין שטול, בין איך נאָך דער ראש פון דער מלכות־תורה. און מיט דער גאַנצער האַרבקייט, וואָס דער דין גיט מיר אין רשות, טו איך אייך באַפעלן: איר זאָלט זיך תיכף זעצן אויפן מלכות־שטול!

אַ צעשראָקענער האָט חיים יוסף זיך גיך אַוועקגעזעצט אויפן שטול און מיט געוויין געזאָגט:

— רבי, איך טו עס, ווייל איר האָט דאָס אויף מיר גוזר געווען. איר זייט, און איר וועט אַלעמאָל זיין, מיין רבי, סיי אין הלכה און סיי אין מידות. אמת, איך האָב אייך קיינמאָל פריער ניט געזען, אָבער געהערט האָב איך יאָ פון אייך. איך האָב געוואוסט, אַז איר זייט אַ גרויסער למדן. און דעם זעלביקן דרך ארץ, וואָס איך האָב פאַר אייך ביז איצט געהאַט, וועל איך ווייטער האָבן. בעט איך אייך, רבי מיינער, לאָזט מיך ניט איבער אַליין. איך בין ניט באַהאַוונט, און איך בין צו יונג צו פירן אַזאַ גרויסע מלוכה.

ר׳ אַברהם משה ווילקאָמירער, דער ביז־איצטיקער ראש, האָט ניט

געענטפערט. ער האָט זיך אָוועקגעזעצט, אָן אַ זייט,ביים פענצטער. ער האָט געוואַרט, אַז די אַנדערע פרושים זאָלן אַרויסזאָגן זייער דעה. אַז ער האָט אָבער געזען, אַז זיי שווייגן, האָט ער זיך אָפּגערופן און, מיט שטרענג־קייט, געזאָגט:

— איך בין ניט מער אייער ראש. מען דאַרף מער ניט וואַרטן צו הערן מיין דעה. איך בייג זיך אָבער צום דעת הרבים און איך זאָג: איך וועל פאַררעכענען פאַר אַ גרויסן כבוד, אויב דער נייער ראש וועט מיך נעמען פאַר זיינעם אַ באַהעלפער. און ביי אייך, מיינע טייערע פריינט, בעט איך: העלפט אייער נייעם ראש מיט עצות און מעשים, ווי איר האָט מיר געהאָלפן.

חיים יוסף האָט זיך אויפגעשטעלט און, מיט התעררות, געזאָגט:

— רבי, איך רעד מיטן גאַנצן האַרצן און בעט מען זאָל ניט חושד זיין, אַז איך האָב דאָ זייטיקע פניות. עס איז ביי מיר דער גרעסטער כבוד, אַז איר, רבי מיינער, וועט שטיין ביי מיין רעכטער האַנט. איך בין בטוח, אַז צוזאַמען מיט אייך וועל איך מצליח זיין אין מיין שליחות. אָבער איך פרעג אייך, וואָס טוט מען מיט דעם שטרענגן פאַרזאָג פון אונדזערע רבנן: — „מעלין בקודש ואין מורידין בקודש״? — אויב איינער שטייט בראש פון אַ הייליקן ענין, מעג מען אים דערהויבן, אָבער בשום אופן זאָל מען ניט וואַגן אים צו שטעלן אויף אַ נידעריקערער מדרגה.

אַן אומעט האָט זיך פאַרצויגן איבער ר׳ אברהם משהס פנים. ער איז געווען אין אַ קלעם. מיטאַמאָל, האָט זיין פנים געגעבן אַ שיין־אויף, ווי די זון וואָלט אַריין דורך די פאַרכמורעטע פענצטער, און ער האָט זיך אָנגע־רופן:

— איר האָט גוט און ריכטיק געפרעגט. איך בין זיך מודה, אַז לכתחילה, האָט איר, מיט אייער שאלה, מיך געהאַט געפּלעפט. אָבער מיט דער הילף פון השם יתברך האָב איך זיך דערטיפט לעומקא דדינא און איך קען עס גרינג פאַרענטפערן: אונדזערע חכמים האָבן דייטלעך געזאָגט: „אין מורדין״. אָבער ניט: מוריד את עצמו. דאָס הייסט, אַז בלויז אַנדערע טאָרן אים ניט אַראָפּנידערן, אָבער דער מנהיג אַליין מעג יאָ זיך מאַכן קלענער. דעם טעם דערפון קען מען אַרויסדרינגען פון רש״י. ער, וואָס האָט פאַרשטאַנען די רייד פון אונדזערע חכמים מיטן רוח הקודש, איז מסביר, אַז מען טאָר נישט מוריד זיין בקודש, ווייל דער מנהיג קען נאָך אפשר פאַר חרפה פאַרגיין אויף שלעכטע וועגן און די וועלט וועט האָבן שאָדן. מען וועט פאַרלירן אַן איש־ישר. אָבער, אַז מען נידערט אַראָפּ מיטן אייגענעם ווילן, איז דאָך שוין נישטאָ די סכנה. ווידער, האָב איך זיך גאָרניט דערנידערט. אַדרבא, איך האָב זיך גאָר דערהויבן. אין קודש זיינען דאָ אַ סך מדרגות. מיטן נתגלה ווערן פון דעם נייעם תנא האָט די שליחות פון אַ ראש זיך גוואַלטיק דערהויבן. איז די מדרגה פון אַ באַ־העלפער איצט נאָך גרעסער און העכער, ווי די פריערדיקע מדרגה פון אַ ראש.

די פּרושים זיינען געבליבן זיצן פאַרחידושטע. זיי האָבן גוט געקענט זייער אַלטן ראש און געוואוסט, אַז ער, אַברהם משה ווילקאָמירער, איז דער גאַנצער בעל־הבית איבער זיינע רייד. ער לאָזט זיי ניט אַרויס, אויב ער איז ביי זיך ניט זיכער, אַז זיי קומען פון קוואַל, וואָס זיין נאָמען איז: — אמת, אַז ער האָט ספקות, פאַרבאַהאַלט ער זיי קיינמאָל ניט. ער זאָגט אָפן: „רבותי, מען דאַרף עס גוט באַטראַכטן, אפשר האָב איך אַ טעות".

חיים יוסף, דער נייער ראש, איז געזעסן אַן איינגעקאָרטשעטער. דער שווערער יאָך פון זיין נייער שליחות האָט אים געדריקט און אַרונטערגע־בויגן. ער, דער אייביקער יתום, דאַרף איצט ווערן דער פירער פון דעם גרויסן תורה־ענין. און ער דאַרף עס זיין דער, וואָס זאָל באַשטימען צי ר' אליהו האָט די אַלע מעלות פון אַברהם אָבינו.

ער האָט פון גרויס צער זיך צעוויינט. טרערן האָבן זיך געקייקלט איבער זיינע באַקן. ער האָט גענומען זאָגן תפילה:

— אל רחום וחנון, פאַר דיר זיינען דאָך ניטאָ קיין פאַרבאָרגענישן. דו ווייסט דאָך, אַז ניט מיט מיין אייגענעם רצון בין איך געוואָרן דער ראש פון דיין תורה־מלוכה. מיין גאַנץ לעבן אַנטלויף איך פון כבוד. גיב מיר פאַרשטאַנד צו קענען אונטערשיידן פון גוטס ביז שלעכטס, איך זאָל ניט פאַרשעמען דעם שטול, וואָס אויף אים איז געזעסן דער גרויסער צדיק און למדן ר' אַברהם משה ווילקאָמירער. עפן מיינע אויגן, איך זאָל ריכטיק קענען דערזען ר' אליהוס מידות און זיינע שיינע חציוניות זאָלן מיך ניט פאַרבלענדן.

די פּרושים האָבן שווייגנדיקע זיך צוגעקוקט. דער אַלטער ראש האָט מיט אַ שטומען בליק געבעטן זיי זאָלן לאָזן זייער נייעם ראש זיך גוט אויסוויינען.

מיטאַמאָל האָט חיים יוספס פּנים זיך אויסגעלייטערט. ער האָט געקראָגן אַ נייע מראה. פעסט און זיכער האָבן שוין אַרויסגעקוקט זיינע אויגן. זיין קליין, ניט געראָטן בערדל וואָס האָט אים געמאַכט אויסזען זייער נעבעכדיק, האָט איצט אים גאָר צוגעגעבן גבורה. ער, חיים יוסף, האָט אין זיך דערשפּירט זיכערקייט, און פאַר זיך אַליין געטראַכט:

„איך פאַרגלייך זיך, חס וחלילה, ניט צום הייליקן תנא, ר' אלעזר בן עזריה, אָבער איך וויל איצט איבערזאָגן די ווערטער, וואָס ער, דער תנא, האָט געזאָגט, ווען מען האָט אים, דעם יינגסטן פון אַלע תנאים, אויפגענומען פאַרן נשיא: „איך שפּיר מיך שוין רייף און מיושבדיק, ווי אַ מאַן אין די זיבעציקער".

חיים יוסף האָט זיך אויפגעשטעלט. ער האָט באַקוקט די פּרושים, ווי אַ גענעראַל זיין חיל. ער האָט געשפּאַנט פון איין פּרוש צום צווייטן, גע־געבן יעדן איינעם שלום־עליכם און געפרעגט: ווי רופט מען אייך דאָ אין קלויז?" ער האָט זייערע נעמען ווי איינגעמויערט אין זיין גוטן קאָפּ און מיט דער „טביעת־עין" פון אַ תלמיד חכם יעדן איינעם דערקענט,

ווי זיי וואָלטן שוין געווען באַפריינדעט פאַר יאָרן לאַנג. ער האָט מיט פעסטקייט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש:

— רבותי, היום קצר והמלאָכה מרובה. אונדזערע חכמים זאָגן, אַז גוטע מעשים דאַרף מען זיך אָפּלערנען פון יעדן איינעם, מעג ער זיין אַן עם הארץ, צי אַפילו ניט קיין ייד. טאָ לאָמיר זיך לערנען פון די פשוטע שניידער און אויך, ווי זיי, אָוועקשטעלן אַ שמירה אַרום דער קלויז, און ניט צולאָזן קיין פרעמדע צו ר׳ אליהון, ביז דער ענין וועט ווערן קלאָרער. אין דער שמירה זאָלן גיין: ר׳ ירוחם יאַנישקער, ר׳ משה טעלזער, ר׳ ברוך אַלקעניקער, ר׳ שלמה קאַלוואַריער און ר׳ אַברהם משה וויל־קאָמירער.

די פּרושים האָבן מיט פאַרדראָס זיך איבערגעקוקט. זיי האָבן געהאַלטן, אַז עס איז אַ פּחיתות הכבוד צו שיקן דעם אַלטן ראש אויף דער שמירה. און צו זייער גרויס צער, זעען זיי, אַז ר׳ אַברהם משה בעט זיך ביים נייעם ראש, ער זאָל אים געבן רשות צו זאָגן עטלעכע ווערטער, אָבער יענער איז זיך נאָך מיישב, ער גיט אים ניט קיין תשובה, און ענדלעך טוט יענער, אַן חשק, אַ זאָג:

— מיטן גרעסטן כבוד!

די פּרושים זיינען אומגעדולדיק. זיי ווילן הערן, וואָס דער אַלטער ראש וועט זאָגן. זיי זיינען זיכער, אַז ער וועט געוויס ריידן צום נייעם ראש שאַרפע רייד. ערשט זיי הערן גאָר, אַז ער זאָגט זיך רואיק:

— רבותי, איך האָב קיינמאָל ניט פאַרבאַהאַלטן מיינע מחשבות. איך האָב אַלעמאָל געזאָגט אָפן, וואָס איך טראַכט. איצט, אַז די התחיבות פון אַ ראש, וועל איך אַוודאי זיך ניט פירן אַנדערש. בין איך זיך מודה, אַז איך האָב מורא געהאַט, אַז דער נייער ראש, אַ יונגערמאַן, וועט אפשר נושא פּנים זיין עלטערע פון אים און זוכן צו טאָן זאַכן פון מענטשנס וועגן. אָבער איצט זע איך, אַז ער גייט אויפן לשם שמים דרך, ער זוכט ניט די מראה פון אַ מצווה, נאָר דעם תכלית פון דער מצווה. איך בין אים שטאַרק מכיר טובה, וואָס ער האָט מיר נישט נושא פּנים געווען און אויך מיך צוגעטיילט צו דער שמירה.

די פּרושים האָבן זיך פאַר זיך אַליין פאַרשעמט, וואָס זיי האָבן ניט אָפּגעשאַצט די צידקות פון דעם נייעם ראש. זיי זיינען צוגעגאַנגען צו אים און געזאָגט:

— רבי, זייט אונדז מוחל, מיר האָבן חושד געווען אין כשרים.

דער אַלטער ראש האָט זיך צוגעקוקט און געקוואָלן פון נחת, און זיך ווידער אָנגערופן צום נייעם ראש:

— רבי, גיט מיר רשות צו ריידן נאָך עטלעכע ווערטער. דאָס, וואָס איך וויל אייך איצט זאָגן, בין איך אייגנטלעך מחויב געווען צו זאָגן אייך פריער. עס איז מיר אָבער אַרויס פון זינען.

דער נייער ראש האָט געשמייכלט און געזאָגט:

— מוסר בין איך תמיד גרייט צו נעמען פון יעדן איינעם. און פון אייך, רבי, אַוודאי און אַוודאי.

דער אַלטער ראש איז צוריקגעגאַנגען צום מלכות־שטול און זיך געשטעלט ריידן:

— איך וויל דאָ געבן אייניקע אָנווייזונגען, ווי איר, ר׳ חיים יוסף, זאָלט זיך פירן. איר טאָרט זיך ניט שרעקן פאַר קיין עבירה, אויב איר זעט, אַז פון דעם קאָן אַרויסקומען אַ מצווה. איר דאַרפט זיך בלויז היטן, ניט צו כאַפּן קיין נאַש פון דער עברה. אַ ראש דאַרף זיך פירן מיט רוממות, און דאָך ניט נכשל ווערן אין דער עבירה פון גאווה. אונדזערע רבנן זאָגן: ווען דער רבונו של עולם זעט, ווי אַ ראש הקהל פירט זיך מיט גאווה, וויינט ער פאַר צער! זיי האָבן אָבער געמיינט דעם יעניקן, וואָס איז אויסן זיין אייגענע גאווה, אָבער ניט לשם שמים. אמת, אַז די סכנה איז דאָ גאָר און גאָר גרויס. עס איז זייער גרינג צו פאַרבלאָנדזשען אויף דעם שטרויכלענדיקן וועג פון גאווה, ווייל די גרענעצן צווישן ליבשאַפט צו זיך אַליין, און צום בורא, זיינען זייער שמאָל.

אויב עמעצער וועט קעגן אייך ווידערשפּעניקן, זאָלט איר זיך פירן מיט דער גאַנצער האַרבקייט פון דין. אונדזערע חכמים האָבן פאַרזאָגט: אַ תלמיד־חכם דאַרף זיין אַ נוקם ונוטר, ווי אַ שלאַנג. אויבנאויפיק איז עס קשה. — וואָס איז די גדולה מיט אַ שלאַנג? — וואָס איז דאָ פון איר, די פאַלשע בריאה, אָפּצולערנען? — אָבער, אַז מען פאַרטיפט זיך, דערזעט מען, ווי קלוג אונדזערע רבנן זיינען געווען. זייער כוונה איז געווען צו פאַרזאָגן אָט וואָס: דו, תלמיד חכם, זאָלסט ניט וואַגן זיך נוקם ונוטר זיין, ווי אַ לייב, וואָס האָט פון זיין פאַרצוקונג אַן הנאה, נאָר ווי אַ שלאַנג, וואָס האָט ניט פון איר ביס קיין שום הנאה. אַדרבא, זי פאַרלירט נאָך איר אייגענעם כוח, איר גיפט. אַזוי זאָלסטו, תלמיד חכם, ביי נוקם ונוטר זיין פאַר דעם כבוד פון בורא, ניט זוכן פאַראיינס איינצומאָנען דיינע אייגענע קריוודעס. עס איז גרינג געשטרויכלט צו ווערן. עס איז זייער שווער צו אונטערשיידן פון אייגענע פרעטענזיעס און די קריוודעס פון בורא. אָבער אַ ראש מוז איינשטעלן, וואָרים דאָס זיין ראש איז שוין אַליין אַ סכנה צו פאַרלירן דאָס ביסעלע עולם הבאָ. איר, חיים יוסף, האָט גאָר אַ סך איינצושטעלן. טאָ היט זיך, און אַז איר וועט זיך אַליין היטן, וועט מען אייך פון הימל העלפן זיך צו היטן.

חיים יוסף האָט, מיט פחד, זיך אָנגערופן:

— רבי מיינער, איר האָט דאָך מיר ליכטיק געמאַכט די וועלט! איך זע איצט קלאָר דעם וועג, וואָס אויף אים דאַרף איך גיין. זאָל אויף אייך קומען אַ ברכה. און איך ווינטש זיך, אַז איך זאָל דערגרייכן כאָטש אַ מייל ווייט פון אייך, דעם בעל מידות.



# קאַפּיטל ד

יבערן שול־הויף האָבן געשפּאַנט דער פריער־דיקער ראש, ר׳ אַברהם משה ווילקאָמירער, מיט די פיר פּרושים — די עלטערע צוויי פון זיין רעכטער זייט און די ייִנגערע צוויי פון זיין לינקער זייט — מיט זייערע טליתים און די ספרים אונטער די אָרעמס. עס איז געווען אַ הייסער טאָג. די זון האָט אַריינגעשיינט אין זייערע פּנימער, האָבן זיי געהאַלטן די הענט איבער די אויגן. זיי האָבן געזוכט די שניידערשע קלויז, וואו דער נייער ראש האָט זיי געשיקט צו היטן, אַז קיין זיי־טיקע מענטשן זאָלן אַהין ניט קענען אַריינקומען. פּלוצים, איז זיי פאַר־לאָפן דעם וועג דאָס שוואַרץ־בערדלדיקע פּרושל, וואָס האָט פריער, אין דער שואבי מים קלויז, זיך אַרומגעיאָגט מיטן בינטל שליסלען. ער האָט מיט פאַרכאַפּטן אָטעם זיך געווענדט צו ר׳ אברהם משהן:

— רבי, דער נייער ראש בעט ביי אייך, איר זאָלט אויף אים קיין פּאַראיבל ניט האָבן, און גלייך קומען צוריק. ער האָט מיט אייך איבער־צוריידן אַ וויכטיקן ענין.

די פינף פּרושים האָבן זיך גלייך געלאָזט גיין אויף צוריק. זיי האָבן זיך געמיעט צו שטעלן גרעסערע טריט כדי נאָכצוהאַלטן דעם ספּריטנעם פּרושל. אַז זיי זיינען אָנגעקומען אין דער „שואבי מים״ קלויז, האָט שוין אויף זיי געוואַרט דער נייער ראש, ר׳ חיים יוסף ווייזשונער. ער האָט אויסגעזען צו זיין אין פאַרלעגנהייט, און מיט התנצלות האָט ער צו זיי געזאָגט:

— רבותי, זייט מיר מוחל, וואָס איך האָב אייך, אין אַזאַ גרויסער היץ, מטריח געווען. איך האָב געהאַט פאַרגעסן מיט אייך איבערצוריידן, ווי די שמירה זאָל זיך נוהג זיין. לפי דעתי, טאָר מען אויף אַ מינוט ניט אַרויס־לאָזן פון זינען, אַז די שניידער זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן דער־זען דעם נייעם תנא, ר׳ אליהון, דאַרף מען זיי מכיר טובה זיין. מען דאַרף אויך געדענקען, אַז זיי זיינען עלטערע מענטשן און זיי זיינען די בעלי־בתים פון דער קלויז. לכן, איז מען מחויב זיי אָפּצוגעבן דעם כבוד, וואָס עס קומט זיי על־פּי דין, זאָל מען קיין זאַך ניט טאָן אָן זייער הסכמה, און אויך זיי אַרייננעמען אין דער שמירה. אויך אין דער הנהגה מיט ר׳ אליהון מוז מען זיין זייער און זייער אָפּגעהיט, אים ניט שטערן אין לערנען און פרעגן אים בלויז עיקרדיקע און תוכיקע קשיות. אַז מען זאָל פון זיינע ענטפערס קענען קומען צו דער החלטה, ווי גרויס עס איז די מדרגה פון זיין גאונות און זיין דרך אין לערנען. איך בעט אייך נאָכאַמאָל, אַז איר זאָלט מיר מוחל זיין, וואָס איך האָב אייך באַמיט. און מיטן כוח, וואָס עס גיט מיר די משרה פון ראש, בענטש איך אייך: זייט מצליח אין אייער גרויסער שליחות!

די שמירה האָט געהאַרכזאַם אויסגעהערט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. זיי האָבן אים געזאָגט — אַ גוטן טאָג, און זיך ווידער געלאָזט גיין אויפ־זוכן די אַלטע שניידערשע קלויז.

גלייך נאָך זייער אַוועקגיין האָט דער נייער ראש צוגערופן צו זיך פיר פּרושים און צו זיי געזאָגט:

— אויב איך האָב ניט קיין טעות, זענט איר, ר׳ שמואל ברוך, אַ קיידאַנער, און איר, ר׳ יעקב — אַ קאָוונער. איר, ר׳ שלמה — אַ בריסקער, און איר, ר׳ אבא — אַ ווילנער גופא.

די פּרושים האָבן געשמייכלט. זיי האָבן זיך געחידושט אויפן גוטן קאָפּ פון נייעם ראש, וואָס געדענקט זייערע נעמען, הגם זיי האָבן דאָס בלויז איינמאָל אים געזאָגט.

חיים יוסף האָט זיך אַ גלעט געטאָן דעם גרויסן שטערן זיינעם, און האָט ווייטער גערעדט:

— מיר זיינען דאָ אין אַ קלעם. דער נייער תנא איז פאַר אונדז אַ סוד. מיר ווייסן ניט ווער ער איז, פון וואַנען ער קומט, און ווער זיינע טאַטע־מאַמע זיינען. איר זאָלט אָבער מיך ניט פאַלש פאַרשטיין און מיי־נען, אַז איך רייס זיך אַזוי געוואַלדיק נאָך יחוס. גראַד דער היפּוך. איך וועל זיך ניט לאָזן אַפּדינגען אַפילו אַן אות פון דעם, וואָס אונדזערע תנאים האָבן מיט אַזוי פיל חכמה געזאָגט: — ווילסטו דערגרייכן אַ הויכע מדרגה, טאָ לעב אויף יגיעת־כפים. — דאָס מיינט, ניט בלויז, אַז דו זאָלסט זיך דיין ברויט מיט דיין אייגענער מי פאַרדינען, נאָר דאָס מיינט אויך, אַז מיט דיין אייגענער האָרעוואַניע זאָלסטו זיך דערווערבן דיין נאָמען, און זאָלסט ניט לעבן בלויז אויף יחוס־אָבות. אַז וואויל איז דעם, וואָס מיט אים הייבט זיך אָן זיין יחוס! און ווי איז צו דעם, וואָס מיט אים ווערט זיין יחוס קלענער. אָבער דאָ איז דער ענין אַ גאַנץ אַנדערער. דאָ דאַרף אונדז שוין יאָ אָנגיין ר׳ אליהוס משפחה. מיך אַרט ניט, אויב זיי זיינען ניט קיין לומדים. אָבער זאָלן זיי כאָטש זיין אָרנטלעכע לייט. וואָרים, אויב ניט, קענען זיי, זיינע משפחה מענטשן, נאָך אפשר זוכן צו מאַכן פון אים אַ פּרנסה ענין. מוזן מיר עס באַצייטנס וויסן, כדי זיך צו באַוואָרענען.

— איך, — האָט ווייטער גערעדט דער נייער ראש, — האָב אויס־געקליבן אייך פיר, ווייל איר אַלע שטאַמט פון באַזונדערע געגנטן אין דער ליטע. טאָ טוט מיר אַ גמילות חסד און צעגייט זיך איבער די קלויזן. פרעגט זיך גרינטלעך נאָך ביי די פרושים פון אייערע מקומות, אפשר ווייסן זיי פון זיין משפחה.

די פּרושים, פּאַרטאָנענע בלויז אין תורה, און פאַר אַלע אַנדערע זאַכן וואָס גייען אָן אין דער וועלט, זיינען זייערע אויערן געווען פאַרמאַכט, אָבער איידער זיי זיינען געקומען אויפן ווילנער שול־הויף, האָבן זיי געהאַט געפּראַוועט פּרישות אין די קליינע שטעטלעך, האָבן זיי געוואוסט פון יעדן למדן אין דער ליטע.

נאָך איידער די זון האָט זיך פאַררוקט צו מערב, זיינען אַלע פיר

פּרושים געקומען צוריק אין דער וואַסער־טרעגערישער קלויז. זיי האָבן אויסגעפּירט זייער שליחות. זיי האָבן זיך דערוואוסט אַלץ, וואָס מען דאַרף וויסן, וועגן ר׳ אליהוס משפּחה. דער ראש האָט מיט חשיבות אויסגערופן:

— ר׳ אבאַ, איר זייט דאָך אַ ווילנער, די גרעסטע שטאָט אין דער ליטע, און די חשובסטע, קומט אייך דער כבוד, אַז איר זאָלט זיין דער ערשטער, צו דערציילן, וואָס איר האָט זיך דערוואוסט.

אבאַ, אַ הויכער און זייער אַ דינער, האָט זיך פרום געוויגט, ווי אַ זאַנג אין פעלד. און ער האָט מיט פרייד געזאָגט:

— קודם כל, לאָמיר אייך אָנזאָגן, אַז איך האָב געבראַכט אַ גוטע בשורה. ר׳ אליהו שטאַמט פון גאָר גרויסן יחוס. זיין טאַטע, ר׳ שלמה זלמן, האָט מען ביי זיין לעבן גערופן: דער צדיק. ער איז געווען אַ טיפער למדן און אַ געוואַלדיקער אוהב התורה והבריות. ער האָט זיך מוסר נפש געווען פאַר דער תורה און אירע לערנערס. די חשובסטע קהילות אין דער ליטע האָבן זיך ביי אים געבעטן, ער זאָל ווערן ביי זיי רב. אָבער ער האָט ניט געוואָלט וויסן פון קיין רבנות, ווייל דער תנא האָט געזאָגט: — זאָלסט ניט דערוואגן צו מאַכן פון דער הייליקער תורה אַ רידל צו גראָבן מיט אים דיין חומרדיקע חיונה. ר׳ אליהוס זיידעס זיינען געווען גאָר און גאָר גרויסע לייט אין דער תורה. איין זיידע זיינער — ר׳ משה קרעמער, זכרונו לברכה — איז געווען דער אַב־בית־דין אין ווילנע. מען האָט ביי אים, דעם עניו, קוים געפּועלט, ער זאָל אָננעמען די ווילנער רבנות. ער איז ערשט מרוצה געוואָרן, ווען קהל האָט מסכים געווען אויף זיין תנאי, אַז ער זאָל קענען אָנהאַלטן זיין אָרעם שפּייז־קרעמל, און ניט דאַרפן נעמען קיין שכר פאַר דער רבנות. ער האָט זיך אויך ניט געגרייסט מיט זיין רבנישן טיטול. ער פלעגט זיך אויף די שאלות־תשובות חתמנען: משה דער קרעמער. ר׳ אליהוס צווייטער זיידע איז דער מפורסמדיקער בעל־פּוסק, ר׳ משה רבקהס, דער בעל „באר־הגולה".

אַז ר׳ חיים יוסף האָט דערהערט אַזאַ גוטע בשורה, האָט ער, אַ מוטי־קער, אויסגערופן:

— ר׳ יאַנקל קאָוונער, איצט לאָמיר הערן, וואָס איר האָט צו דער־ציילן. איר זענט דאָך אויך אַ יחסן. קאָוונע איז דאָך, נאָך ווילנע, די חשובסטע שטאָט אין דער ליטע.

יאַנקל, דער קאָוונער פּרוש, האָט ניט געהאַט קיין הויכע שטים. האָט ער גערעדט זייער שטיל:

— לויט ווי מען האָט מיר דערציילט, האָט ר׳ אליהו פיר ברידער. זיי וואוינען אַלע אין קאָוונער געגענט. ר׳ אליהו איז דער בכור. דער עלטסטער נאָך אים הייסט ר׳ אברהם. ער איז רב אין ראַגאָלע. אַגב, האָב איך,יאַנקל, דאָרטן געלערנט אַ גאַנצן זמן. ער איז אַ גרויסער למדן. איך האָב נאָך ניט געזען אַזאַ איש צדיק. זיין צווייטער ברודער איז ר׳ מאיר, דער יאַנישקער דיין. דער דריטער ברודער, ר׳ משה, איז אַ מורה־הוראה און מגיד מישרים אין פאַדזעלווע. דער פערטער ברודער הייסט ר׳ יששכר בער. ער

איז אויך אַ גרויסער למדן, אָבער וואו ער האָלט זיך אויף, האָב איך זיך ניט געקענט דערוויסן.

נאָך ר' יאַנקל קאָוונער האָט דער ראש אויסגערופן ר' שלמה דעם בריסקער. ר' שלמה האָט זייער ליב געהאַט זיין שטאָט. ווען נאָר ער האָט דערמאָנט איר נאָמען, פלעגן זיך שטעלן טרערן אין זיינע אויגן פון גרויס בענקשאַפט. אויך איצט, האָט ער מיט אַ ווייגענדיקער שטים געזאָגט:

— אַ בריסקער פרוש האָט מיר דערציילט, אַז זיין מאַמע שטאַמט פון סעלץ, אַ קליין שטעטעלע ניט ווייט פון בריסק. איר נאָמען איז — טריינע. זי שמט דאָרטן עד־היום מיט איר גרויס צידקות. קיין זאַך איז איר ניט צו שווער געווען צו טאָן, אַבי אירע קינדער זאָלן אויסוואַקסן לומדים. נאָך אין די וויקעלעך, פלעגט זי זיי יעדן טאָג ברענגען צו טראָגן אין סעלצער שול־הויף, זיי זאָלן זיך אָנזאַפן מיט די הייליקע גמרא ניגונים פון די פרושים, וואָס האָבן זיך געטראָגן דורך די אָפענע פענצטער. ר' אליהו האָט אויך אַ שוועסטער. מען רופט זי — רבקה. זי וואוינט נאָך עד־היום אין סעלץ און זי איז אַ צידקנית, ווי איר מאַמע טריינע.

דער לעצטער צו דערציילן איז געווען ר' שמואל ברוך קיידאַנער ער האָט זיך זייער איבערגענומען מיט קיידאַן און גערעדט תמיד וועגן זיין שטעטל מיט אַ באַהאַלטענעם שטאָלץ. אויך דאָסמאָל האָט ער גע־זוכט אויסצולויבן זיין שטעטל. האָט ער גלייך אָנגעהויבן מיט זיין נוסח:

— אמת, קיידאַן איז אַ קליין שטעטל. אָבער ביי אונדז זיינען דאָ מער לומדים, ווי אין דער גרעסטער שטאָט. מען קען ביי אונדז ניט געפינען קיין עם־הארץ אויף אַ רפואה. אַפילו אונדזערע שוסטערס און שניידערס זיינען אויך יידן לומדים. אין דעם זכות, גלויב איך, איז אונדז, קיידאַנער, באַשערט צו זיין גאָר נאָענטע מחותנים מיטן נייעם תנא. ער האָט ייִנגלווייז געלערנט אין קיידאַן, ביי אונדזער רב, דעם בעל „פני משה". און חתונה געהאַט האָט ר' אליהו אויך מיט אַ אונדזעריקע, אַ קיידאַנערקע. זיי הייסט — חנה. דער טאַטע אירער, ר' יודל, איז מיט יאָרן צוריק געווען אַן עושר. ער האָט געפירט גרויסע מסחרים מיט פרייסן. אָבער גרעסער נאָך פון זיין רייכקייט אין געלט איז געווען זיין עשירות אין דער תורה. ער איז געווען באַהאַוונט אין גאַנץ ש"ס און פוסקים.

דער ראש, אַ צופרידענער פון די גוטע גרוסן, האָט גלייך נאָך מעריב אַוועקגעשפּאַנט אין דער שניידערשער קלויז, צו באַקוקן די שמירה און צו הערן, צי ר' אַברהם משה ווילקאָמירער איז שוין געקומען צו אַן החלטה, און, אויב נאָך ניט, צי האָט ער לכל הפחות זיך שוין עפּעס דערוואוסט פון אליהוס גאונות. ר' חיים יוסף איז אַהין געגאַנגען מיט אַ זייער שווערן געמיט. ער האָט מורא געהאַט, אַז דער אַלטער ראש, וואָס איז זייער אַ גרויסער מדקדק, קען נאָך אפשר אינגאַנצן מבטל מאַכן ר' אליהון. ער, דער ווילקאָמירער פרוש, איז קיינמאָל אין זיין לעבן פון קיין זאַך און פון קיין מענטשן ניט נתפעל געוואָרן. אַז מען פלעגט פאַר אים עמעצן שטאַרק לויבן, פלעגט ער זאָגן קאַלטלעך: — מעגלעך, אַז עס איז אַזוי, אָבער

מען דאַרף זיך האַלטן אָן דעם פּאַרזאַג פון אונדזערע הייליקע חכמים: „כבדהו וחשדהו" — דו זאָלסט יעדן מענטשן אָפּגעבן כבוד, ווי ער וואָלט געווען אַ ר׳ שמעון בן גמליאל. אָבער זיי אים אויך חושד, אַז אפשר געהערט ער גאָר צו אַ באַנדע גנבים און שווינדלער.

ר׳ חיים יוסף האָט געטראָפן ר׳ אַברהם משהן אַזוי שטאַרק פּאַרטיפט אין לערנען, אַז ער האָט אַפילו ניט געהערט, ווי עס האָט זיך געעפנט די סקריפּנדיקע טיר. ר׳ חיים יוסף איז צו אים צוגעגאַנגען און געזאָגט זייער שטיל:

— רבי, איך שטער אייך אַוודאי אין לערנען. אָבער זאָל מיר די זינד זיין פאַרגעבן. איך טו דאָס בלויז לשם שמים. קענט איר מיר אפשר זאָגן, וואָס איז אייער החלטה? איז טאַקע ר׳ אליהו אַזאַ גרויסער גאון, ווי איך האָב אייך פאַרגעשטעלט?

דער ראש האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, אָבער ר׳ אַברהם משה וויל־קאָמירער, דער גרויסער בעל־מידות, וואָס האָט נאָך קיינמאָל קיינעם ניט איבערגעשלאָגן אין מיטן ריידן, האָט איצט מיט גרויס היץ און פאַראיבל ניט דערלאָזט חיים יוספן ווייטער ריידן. און ער האָט זיך אָפּגערופן מיט ברענענדיקער התלהבות:

— עס איז אַ גרויסע עבירה און אַ פּחיתות הכבוד פאַר ר׳ אליהון צו רופן אים מיט אַזאַ קליינעם טיטול. ער איז נאָך העכער ווי אַ גאון. ער איז אַ תנא! איך גלייב באמונה שלמה, אַז ער איז אָנגעגרייט געווען מן השמים אַראָפּגעשיקט צו ווערן אויף דער וועלט אין די צייטן פון די תנאים, נאָר ער אַליין האָט מוחל געווען אויף זיין כבוד און געבעטן מען זאָל זיין שליחות אָפּהאַלטן פאַר אונדזער דור, וואָס בייטיקט זיך אַזוי שטאַרק אין אַן אָדם גדול.

חיים יוסף איז נשתומם געוואָרן: די זעלביקע רייד האָט דאָך, פאַר זיין פּטירה, אים געזאָגט דער בעל־מקובל, שמואל בן אהרן. פון גרויס פרייד האָט ער אָנגעכאַפּט ר׳ אברהם משהן ביי די הענט. ביידע, ציטער־דיקע פון פּחד און קדושה, האָבן זיך געוויגט, ווי זאַנגען אויף אַ פעלד, און פון זייערע אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן פון פרייד. חיים יוסף האָט שוין אַפילו ניט געוואָלט וויסן, וואָס אַזוינס האָט ר׳ אברהם משה דערזען אין ר׳ אליהון, אַז עס האָט אים, דעם מיושבדיקן מענטשן, אַריינגעבראַכט אין אַזאַ התרוממות. אָבער דער ווילקאָמירער אַליין האָט אים ניט אָפּגע־לאָזט. ער האָט געוואָלט זיך אַראָפּריידן פון האַרצן, איבערגיסן זיין התפּעלות אין רייד, און זען צי קען ער מיט ווערטער איבערגעבן ר׳ אליהוס גדלות. און ער האָט מיט התנצלות געזאָגט:

— דעם גרעסטן נחת־רוח, וואָס איך האָב ווען עס איז געהאַט, האָב איך דערלעבט פון ריידן מיט ר׳ אליהון אין לערנען. איך דעק אויף מיין אייגענע חרפּה און איך זאָג, אַז ביז איך האָב אים דערקענט, האָב איך זיך געהאַלטן אין דער מעלה. איך האָב געגלויבט, אַז איך בין אַ שטיקל למדן. איצט ווייס איך, אַז איך האָב מיין גאַנץ לעבן געהאַלטן אין איין

געבן זיך אַליין שוחד. איך האָב זיך גענאַרט און איך האָב אַפילו ניט געוואוסט, אַז איך נאַר זיך — ניט נאַר, בין איך ניט קיין למדן, נאַר איך האָב ביז איצט, אַפילו ניט ארויסגעהאַט, וואָס לומדות באַדייט. אָבער זאָל דער ראש ניט מיינען, אַז איך האָב פון דעם עגמת נפש. די פרייד, וואָס איך האָב געהאַט פון ריידן, מיט אים, דעם תנא, שטייגט אַריבער מיין צער. איך האָב זיך אַפילו ניט פאַרשעמט, ווען ער, זאָל לעבן, האָט אויסגע־פונען, אַז איך האָב אַ גראָבן קאָפּ. איך האָב פאַר זיך אַליין געטראַכט: ר׳ אַברהם משה, געדענק, וואָס אונדזערע תנאים זאָגן: — „לא הבישן למד״, — פאַר דעם, וואָס שעמט זיך, איז אַפילו קיין האָפענונג ניטאָ, אַז ער זאָל ווען עס איז קענען לערנען.

דער נייער ראש האָט מיט פריינטשאַפט געגלעט דעם ווילקאָמירער איבערן אַקסל, און געזאָגט:

— רבי, עס האָלט נאָך ניט אַזוי שלעכט. אייערע לומדות, אויף מיר און אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן.

ר׳ אַברהם משה האָט אים אָבער געענטפערט:

— איר דאַרפט מיך ניט טרייסטן. מיין קליינקייט איז מיין דער־הויבנקייט. אַז איר וועט אויסהערן אַלץ, וואָס איך האָב אייך צו דער־ציילן, וועט איר זיך שוין ניט ווינטשן מיין לומדות. טאָ, הערט זיך איין מיט קאָפּ: — מיין טאַטע, ר׳ ישעיה, עליו השלום, איז געווען דער גרעסטער אָרעמאַן אין ווילקאָמיר. ער איז זיין גאַנץ לעבן געווען פאַרטאָן מיט דער מסכתא „סוכה״. ער האָט געהאַלטן אין איין פּלפּולן אַרום די דינים פון אַ סוכה. ער האָט מיט אַ פאַרברענטער קויל תמיד געמאָלן אויף אַ ווייס ברעטל סוכה־ביידלעך. און ער, דער גרויסער אָרעמאַן, איז אַפילו ניט ביכולת געווען אויפצושלאָגן אַן אייגן ביידל. ער האָט נעבעך געמוזט זיצן אין אַ פרעמדער סוכה. מען פלעגט אים אָפט פרעגן: — ר׳ ישעיה, וואָס דרייט איר זיך אַזוי פיל דעם קאָפּ מיט אויסמאָלן סוכות? וואָס זייט איר, אַ טשעסלער? פלעגט ער שטיל ענטפערן: קוקט אַריין אין דער מסכתא סוכה, וועט איר זען, אַז איבער קיין הלכה האָבן די תנאים און אמוראים זיך אַזוי פיל ניט געאַמפּערט, ווי איבער די דינים, ווי צו בויען אַ סוכה. איר וועט ניט געפינען כמעט קיין איין תנא און אמוראי, וואָס האָט זיך ניט אַריינגעמישט אין דער פלוגתא. די בית־הלל און בית־שמאי האָבן זיך ניט געפוילט צו גיין זען, ווי ר׳ יוחנן בן חורנית האָט געבויט זיין סוכה. זיי האָבן געגלויבט, אַז ער, דער זון פון אַ חורנית, האָט פון פריערדיקע דורות איבערגענומען בקבלה, ווי צו בויען אַ סוכה. די תנאים אונדזערע האָבן געזוכט צו ברענגען אַ ראיה פון טבין, דער געטרייער קנעכט פון ר׳ שמעון בן גמליאל, וואָס איז גאָר ניט געווען קיין ייד. די נטיה צו גריבלען זיך אין די דינים פון סוכות האָב איך, אַברהם משה, געירשנט פון מיין טאַטן, ע״ה. פון אים האָב איך אויך איבערגענומען אַ סך שווערע קשיות אויף די אַלע הוויהס פון אביי רבא. מיין טאַטע, עליו השלום, און איך נאָך אים מי זיך שוין פאַר יאָרן לאַנג צו געפינען אַ

הסבר. איך האָב שוין געפרעגט ביי אַלע גדולי הדור, און איך בין נאָך אַלץ געשטאַנען אויפן זעלביקן אָרט. האָב איך איצט, אָט די קשיות געפרעגט ר׳ אליהון. ער האָט, מיט ישוב הדעת, מיך אויסגעהערט, און געזאָגט:

— ניתי ספר ונחזי — לאָמיר אַ קוק טאָן אין דער גמרא, וועלן מיר זען, וואָס עס ווערט דאָרטן געזאָגט.

די גאווה אין מיר האָט אָבער געמאָנט איר חלק, און איך האָב זיך אָפּגערופן:

— רבי, איך גלייב ניט, אַז דאָס איז נייטיק. איך האָב די גאַנצע מסכתא סוכה אויפן קאָפּ. איך קען עס זאָגן אויף אויסנווייניק.

ער האָט מיך אָנגעקוקט אַ פאַרחידושטער, און געזאָגט:

— איך האַלט ניט פון לערנען אויף אויסנווייניק.

איך, דער בעל־העזה, ענטפער אים אָבער צוריק:

— רבי, דער „שאגת אריה" זאָגט דאָך, אַז מקיים צו זיין ריכטיק דעם „והגית בו יומם ולילה", מוז מען קענען אויף אויסנווייניק לכל־הפחות איין מסכתא, ווייל טאָמער איז מען אונטערוועגס, זאָל מען ווייטער קענען אָנגיין מיטן לערנען.

ר׳ אליהו האָט מיר אָבער געענטפערט רואיק און געלאַסן:

— עס איז זייער גוט געזאָגט. אָבער, אז די גמרא שטייט דאָ אין אַלמער פאַר די אויגן, טאָר מען זי ניט פאַרשעמען.

האָב איך אים געטאָן צו ליב, איך בין געגאַנגען און געבראַכט די מסכתא סוכה. ער האָט מיט יראת הכבוד זי געעפנט און זיך אָפּגערופן:

— קוקט אַריין מיט מיר צוזאַמען, ווייל אַזוי וועט זיין בעסער.

איך האָב אים געפאָלגט, אָבער אָן גרויס חשק. ער האָט גענומען זאָגן די סוגיא אויף אַ הויכן קול. יעדער אות איז פון זיין מויל אַרויס מיט אַזאַ קלאָרקייט און בולטקייט. די ווערטער האָבן, ווי לעבעדיקע גע־שטאַלטן, זיך אויסגעשטעלט פאַר מיינע אויגן. נאָכדעם האָט ער מיט אַ שטיפט געמאַכט די געמאָלן און מאָסן פון אַ סוכה מיט אַזאַ באַהאָוונט־קייט און גענויטקייט, ווי ער וואָלט געווען אַן אומן אויף הייזער־בויען. און קוקנדיק אויף מיר מיט זיינע גרויסע, בלויע אויגן, האָט ער, מיט גוטסקייט, געפרעגט.

— נו, וואָס איז אייך דאָ קשה?

אַ פאַרשעמטער און נשתוממדיקער, האָב איך זיך גלייך מודה געווען, און געזאָגט:

— רבי, ווי איר האָט געזאָגט די סוגיא, זיינען מיינע אַלע קשיות פאַרענטפערט.

ער, דער תנא, האָט צוגעשמייכלט, און געזאָגט:

— נו, זעט איר שוין, אַז מען קען ניט אויסקומען אָן דעם ספר. ניט בלויז אַ יעדעס וואָרט, נאָר יעדן אות דאַרף מען גוט דערהערן. און דאָס איז דער טייטש פון וואָרט — פשט.

איך האָב גלייך איינגעזען, אַז איך האָב אַ גאַנץ לעבן ניט געלערנט

מיט קיין ריכטיקן דרך. אָן אומעטיקער האָב איך גענומען זיך אָפּרוקן הינטערווײַלעכטס עטלעכע טריט, ווי אַ תּלמיד דאַרף זיך פירן מיט זײַן רבין. מיטאַמאָל, הער איך, ווי ר׳ אליהו רופט זיך אָן צו מיר:

— איר האָט געזאָגט, אַז איר האָט די מסכתא „סוכה" אויפן קאָפּ. קענט איר מיר זאָגן: — וויפיל מאָל גייען זיך ר׳ מאיר און ר׳ יהודה פאַנאַנדער אין דער דעה? און וויפיל זײַנען דאָרטן דאָ „הויות" פון אביי און רבא? און וואו פרעגט אָפּ רב פּפּא רב הונאן? און ווען בלײַבט דער דין ווי רב הונא? און ווען בלײַבט דער דין ווי רב פּפּא?

איך האָב געמיינט, אַז ער טרײַבט שפּאַס, וואָרים איך בין געווען זיכער אַז עס איז ניטאָ קיין איין מענטש אויף דער וועלט וואָס ווייסט עס אויפן קאָפּ. אפילו דער „שאגת אריה" ווייס עס אויך ניט. און ער, ר׳ אליהו אַליין, ווען איך האַלט פאַר א תנא, ווייס עס מסתמא אויך ניט. איך האָב זיך צעשמייכלט און געענטפערט:

— רבי, זעט איר, גראָד דאָס ווייס איך ניט!

ער האָט מיך שאַרף אָנגעקוקט און אומעטיקלעך געזאָגט:

— אַ מענטש דאַרף זײַן דער גאַנצער בעל־הבית איבער זײַנע רייד. איר האָט דאָך פריער געזאָגט, אַז איר האָט די מסכתא „סוכה" אויפן קאָפּ. האָבן, מיינט פאַרמאָגן. היינט שטעלט זיך פאַר, אַז ווען איר וואָלט פאַרמאָגט פערל, וואָס איז דאָך גאָרניט צו פאַרגלײַכן צו די טײַערע פערלדיקע רייד פון אונדזערע חכמים. ווי שלמה המלך זאָגט: יקרה היא מפּנינים וכל חפציך לא ישוו בה", — די טײַערסטע פערל, און אַלע עשירות אין דער וועלט קענען זיך ניט פאַרגלײַכן צו דער הייליקער תורה. נו, וואָלט איר דען ניט געוואוסט די צאָל פון אײַערע פערל, פון וועלכן מין זיי זײַנען, פון וועלכער מדינה זיי קומען און אין וועלכן אָרט זיי ליגן?

איך האָב אים אָנגעקוקט אַ צעטומלטער. ר׳ אליהו האָט דערקענט אין מײַנע בליקן, אַז איך בין אין ספק, צי ער אַליין ווייס דאָס. האָט ער שעמעוודיק אַראָפּגעלאָזן זײַנע אויגן און געזאָגט:

— אָט איז דער חשבון!

ער האָט געציילט די „הויות" פון אביי און רבא אַזוי מיושבדיק, טאַקע נאַר, ווי מען ציילט פערל. ער האָט אויסגערעכנט יעדע פּלוגתא און דעם נאָמען פון אַלע אמוראים, וואָס ווערן דערמאָנט אין דער מסכתא „סוכה".

איך בין נשתומם געוואָרן. אָבער די גאווה אין מיר האָט ניט דערלאָזט, אַז איך זאָל זיך אונטערגעבן. האָב איך צו אים געזאָגט:

— רבי, איר זייט דאָך אַ גאון אַפילו צווישן גאונים. צו אײַך קען זיך דאָך קיינער ניט גלײַכן. אָבער אַזוי גלאַט זאָגן די מסכתא „סוכה" אויף אויסנווייניק, דאָס קען איך זאָגן, ווי אַ ייד קען „אַשרי".

ער, דער תנא, האָט געשוויגן, ווי ער וואָלט עס אָנגעמען פאַר אמת. אָבער באַלד האָט ער זיך ווידער אָפּגערופן:

— פּרואווט זאָגן פון סוף. פון דעם לעצטן וואָרט אויף צוריק.

איך האָב געפּרואווט, און ניט געקענט. האָט ער שוין אַביסל בייזלעך גערעדט, ווי צו זיך אַליין:

— זייער ריכטיק און קלוג האָט געטאָן שלמה בן דוד, דער יידישער מלך, מיטן פאַרגלייכן די תורה, וואָס איז הוילע רוחניות, צום חומרדיקן כסף, און ער האָט אָנגעזאָגט: תבקשנה ככסף — זוך די תורה מיט דער־זעלביקער ליבשאַפט, ווי די וואָס זוכן געלט. זיי, די נאַראָנים, קענען ציילן דאָס כסף אויף אַלערליי אופנים. הלוואַי וואָלטן אונדזערע לומדים אַזוי געקענט ציילן די טייערע ווערטער פון אונדזערע חכמים. מיט אַ פרייליכן ניגון, ווי מען ציילט ריווחדיק געלט, האָט ער, ר׳ אליהו, גענומען זאָגן די ווערטער פון לעצטן פרק אין מסכתא סוכה, פון דער לעצטער שורה און פון דעם לעצטן וואָרט אויף צוריק: „אכלו מעלליהם פרי כי טוב״. אַזוי אויף אויסנווייניק, מיט דעם היפּוכדיקן סדר, האָט ער אָפּגעזאָגט דעם גאַנצן פינפטן פרק פון דער מסכתא „סוכה״. נאָכדעם, האָט ער אויפ־געהויבן די גמרא און, ווי צו לעבעדיקע מענטשן, זיך געווענדט און געזאָגט:

**— ביי אייך, די ערשטע פיר פּרקים, בעט איך, זייט מיר מוחל, וואָס איך זאָג ניט איבער אויך אייערע הייליקע ווערטער.** זייט וויסן, אַז איך געדענק אייער יעדן וואָרט פּונקט ווי איך געדענק די ווערטער פון לעצטן פרק: איר אַלע, פינף פּרקים, זיינען ביי מיר גלייך טייער און ליב. מיט מיין אָפּשטעלן זיך, בין איך, חלילה, ניט אויסן אייך, פיר פּרקים, צו פאַר־שעמען. איך טו עס צוליב אַן אַנדער טעם, וואָס איז לשם שמים. און אַז איך זאָג אמת, אַז איך בין אָפּגעהיט קיינעם ניט צו פאַרשעמען, קען איך ברענגען פאַר מיינע עדות מיינע שבת־חלה. איך האָב נאָך קיין איינע פון זיי, קיינמאָל, ניט פאַרשעמט. **איך בין זיך נוהג, ביי קידוש, צו שניידן** ביידע חלות און בין טועם פון ביידע, און ביים בענטשן האָב איך ביידע חלות אין כוונה.

— איך, — האָט ר׳ אַברהם משה ווילקאָמירער דערציילט דעם ראש, — בין געשטאַנען אַ צעשראָקענער, איך האָב ניט געגלייבט מיינע אייגענע אויגן, אַז אין איצטיקן דור זאָל זיך באַווייזן אַזאַ גרויסער גאון און אַזאַ איש חסיד. איך בין געווען אַזוי שטאַרק פאַרזונקען אין מיינע מחשבות, אַז איך האָב אַפילו ניט באַמערקט, אַז ער קוקט אויף מיר. זיינע שאַרפע בליקן האָבן מיך אָבער דורכגענומען. איך האָב זיך אַ כאַפּ געטאָן, ווי פון שלאָף. איך האָב דערזען, אַז ר׳ אליהו איז זייער אומעטיק. פּלוצים האָט ער, ווי זיך אַליין, אַ פרעג געטאָן:

— און „אַשרי״?

מער האָט ר׳ אליהו ניט גערעדט. ער האָט זיך פאַרטיפט אין לערנען. איך האָב אָפּגעטראָטן צוריק עטלעכע טריט און בין אַרויס אין פּאָליש. איך האָב געקלערט און געקלערט, וואָס האָט ער געמיינט מיט זיין זאָג: — און „אַשרי״? ערשט שפּעטער האָב איך זיך געכאַפּט, אַז ער האָט געמיינט צו זאָגן: און „אַשרי״ קען דען אַברהם משה זאָגן אויף אויסווייניק פון צוריק? איך האָב עס גלייך געפּרואווט און אויסגעפונען, אַז ר׳ אליהו איז

געוועזן געטרעכט. איך קען אַפילו „אַשרי״ אויך ניט. טאָ, פרעג איך, ר׳ חיים יוסף, וואָס זיינען מיר אַנטקעגן אים, אַז מיר זאָלן זיין זיינע שופטים, די נאָכקוקער אויף זיינע מעשים? און מיר דאַרפן דאָס אַרויסטראָגן אונדזער פּסק, צי ער איז ראוי צו זיין דער גדול הדור!.. ער איז דאָך אַ נס, וואָס דערשיינט איינמאָל אין טויזנטער יאָרן.

חיים יוסף האָט זיך פאַרטראַכט און געזאָגט:

— רבי, איך גיי ניט אויף אייך קריגן. אייערע ווערטער זיינען זייער ריכטיק. איך קען אייך אָנזאָגן די גוטע בשורה, אַז ער איז אויך אַ בן־אבות. זיינע זיידעס זיינען געוועזן די צוויי גאוני התורה, זכרונם לברכה, ר׳ משה קרעמער, און ר׳ משה רבקהס, דער „באר הגולה״. דאָך, האַלט איך, אַז עס איז אונדזער חוב צו שטיין אויף דער וואַך ביי זיין נתגלה ווערן. וואָרים, וואָס גרעסער דער מענטש איז, אַלץ גרעסער איז די סכנה. וואָס העכער דער לייטער איז, אַלץ מער איז די געפאַר. און ניט אַזוי, דער מענטש, וואָס שטייט אין דער הייכקייט, נאָר מיר, די מענטשן פון זיין דור. וואָרים פון קוקן אויף אַזאַ הייכקייט נעמט דער קאָפּ שווינדלען. עס איז אונדזער חוב און אונדזער שליחות, אַז די וועלט זאָל זיך בהדרגה דערוויסן פון זיין גדלות. מיר טאָרן אויך ניט דערלאָזן, אַז עמעצער זאָל זוכן אויסנוצן זיין גאונות פאַר אַ פרנסה ענין. אמת, זיין משפחה זיינען אַלע לומדים און חשובע לייט. אָבער דער נסיון איז אַזאַ גרויסער. זיי וועלן אים אפשר ניט קאָנען ביישטיין. דאַרפן מיר זיי העלפן זיך שטאַרקן.

ר׳ אַברהם משה, דער פריערדיקער ראש, האָט אָנגעכאַפּט די האַנט פון נייעם ראש און זי שטאַרק געדריקט, און מיט גרויס פרייד זיך אָפּגערופן:

— איצט זע איך, אַז מן השמים האָט מען מיר אַריינגעגעבן אין זינען, אַז איך זאָל אייך איבערגעבן די משרה פון ראש. איר זייט פאַר דעם באַשאַפן געוואָרן. און פון היינט אָן פרעג איך אייך מער ניט איבער. איר זאָגט — און מיר וועלן טאָן. אפילו אויב מיר וועלן מיט אונדזערע שוואַכע חושים ניט קענען משיג זיין אייערע הויכע כוונות . . .

***

ר׳ חיים יוסף וויזשונער, דער נייער ראש פון דער מלכות תורה, האָט זיין מלכות געפירט שטיל און מיט ישוב־הדעת. ער האָט זיך ניט געאיילט מפרסם צו מאַכן דאָס נתגלה ווערן פון דעם נייעם תנא, ר׳ אליהו. ער האָט געהאַלטן, אַז די צייט דערצו איז נאָך ניט רייף. ער האָט אָבער געגלייבט מיט פולן ביטחון, אַז דער גליקלעכער טאָג וועט קומען, ווען ער וועט קענען דער וועלט אָנזאָגן די גוטע בשורה.

דער ראש פון דער צווייטער מלכות, דער „יסו״ד״ איז, מיט זיין גאַנצן רעשיקן פראַכט און גלאַנץ, ניט זיכער געווען אין דעם מאָרגן. נאָכן אויפבויען זיין נייע קלויז, וואו אין גרויסע גילדענע אותיות האָט אַרויסגעשיינט זיין נאָמען: — דער „יסוד״, איז ער נאָך אַלץ געווען אין שרעק, אַז זיין יחוס ענדיקט זיך מיט אים אויס.

ער איז ניט געווען באַשאַנקען מיט קיין זון. ער האָט געהאַט בלויז אַן איין איינציקע טאָכטער, אַ גרויסע יפת־תואר און אַ מלומדת. זי האָט, ווי אַ יינגל, געלערנט ביי אַ מלמד גמרא, און איר טאַטע, דער „יסוד", האָט איר געהאַט געשיקט אין וואַרשע צו לערנען די פרעמדע לשונות — פויליש און פראַנצייזיש, זי זאָל אים קענען אַרויסהעלפן אין זיינע עסקים מיט די שררות. דער יסוד האָט אויסגעקליבן פאַר זיין טאָכטער, דער גרויסער פאַרשוין, אַ חתן, מיט אַלע מעלות. זיין נאָמען איז געווען שמואל, אַ שאַר־פער קאָפּ, האָט געשמט ווי אַן עילוי. ער איז אויך געווען אַ בן־אבות, אַ זון פון דעם באַרופענעם ראזשאנער רב, ר' אַביגדור. זי, זיין גערעכטענע בת־יחידה, האָט געהאַט געגלוסט צו אַ פראַנטישן רייכן בחור פון וואַרשע. זי האָט אָבער ניט ווידערשפעניקט איר טאַטן, און זי איז געגאַנגען צו דער חופה מיטן עילוי, שמואל בן הרב ר' אביגדור ראזשאנער.

אין יענער צייט איז די ווילנער כסא הרבנות געשטאַנען ניט באַ־קליידט, האָט דער „יסו"ד" זיך באַטראַכט, אַז עס איז איצט אַ שעת־הכושר אַרויפזעצן זיין יונגן איידעם, דעם עילוי, אויף דעם כסא הרבנות. ער, דער קלוגער מאַן, האָט עס געטאָן מיט חכמה. ער האָט געהייסן זיינע משרתים, גרייטן טישן מיט כל־טוב. די שטאַרקסטע ווייגען און בראנפן. ער האָט פאַרבעטן אַלע פרנסים און אַלע תקיפים פון ווילנע. זיי, די פשוטע לייט, האָבן זיך געלאָזט וואוילגיין — געגעסן און געזויפט. ווען דער יסו"ד האָט געזען, אַז זיי זיינען שוין אַלע ביים גוטן מוט, האָט ער צו זיי געזאָגט מיט רחמנות:

— מיר, ווילנער, האָבן ניט קיין מזל צו רבנים. מיר זיינען אויסגע־שטאַנען אַ סך צרות און חרפות פון אונדזער פריערדיקן רב, ר' יהושע העשל. ער האָט אונדז פאַרשוואַרצט דאָס פנים ביי דער מלכות. איצט, אַז ער האָט אונדז פאַרלאָזט, באַרעדט ער אונדז פאַר דער גאַנצער וועלט. אַ שטאָט קען זיך אָבער ניט באַגיין אָן אַ רב. מיר מוזן זוכן אַ נייעם אַב בית־דין. אָבער איך האָב מורא, אַז מיר, וואָס האָבן ניט קיין מזל צו רבנים, זאָלן ווידער ניט אַריינפאַלן. און אויב אַפילו מיר וועלן מצליח זיין, מיר וועלן קריגן אַ פיינעם רב, וועלן מיר דאַך דאַרפן אים אָפּגילטן, סילוקן זיינע חובות, באַקליידן און באַנייען אים און זיין הויז־געזינט, דינגען בעלי־עגלות צו ברענגען זיינע כלי־בית. אונדזער קהלס קאַסע איז פוסט. עס פייפט דאָרטן דער דלות. די צייט איז זייער אַ ביטערע, יידן האָבן ניט קיין פרנסה. טאָ צו וואָס זאָלן מיר זיך פאַרדרייען דעם קאָפּ און זוכן אַ רב אין דער פרעמד, ווען מיר האָבן ביי זיך, אין ווילנע אַזאַ מצוינדיקן יונגן למדן — מיין איידעם, ר' שמואל, דער זון פון ראזשאנער רב ,ר' אַביגדור. זיין אייגענער יחוס איז נאָך גרעסער. ער איז אַן עילוי. ער קען זיך פאַרהערן מיט די גרעסטע לומדים. איך, אייער „יסוד", האָב דאָך אייך קיינמאָל ניט געגעבן קיין שלעכטע עצות. איך האָב אייך געדינט אַלע מיינע יאָרן געטריי און ערלעך. איך האָב ניט בלויז ביי אייך ניט גענומען קיין שכר פאַר מיין טרחה, נאָר איך האָב אייך נאָך געגעבן שלאָן געלט. אָט זעט די

היוכע שטויסן מיט קיבלתיס אויף געלט, וואָס די ווילנער קהילה האָט ביי מיר געבאָרגט. טאָ, פּאָלגט מיך, און נעמט מיין איידעם פאַר אייער רב. איך פאַרזיכער אייך, אַז איר וועט פון אים האָבן נחת, און קיין געלט וועט עס אייך ניט קאָסטן. איך וועל פון מיין אייגענער טאַש אים אויסצאָלן שכירות און דערצו נאָך וועל איך געבן דער ווילנער קהילה, אַ מתנה, גאַנצע צוויי טויזנט רייכס־טאַלער.

די פּרנסים זיינען געבליבן זיצן אָן לשון. עס איז פאַר זיי געקומען צו אומגעריכט. האָט דער „יסוד" זיך ווידער געווענדט און געזאָגט:

— איך פאַרשטיי, אייך איז ניט צום האַרצן צו נעמען פאַר אַ רב אַ יונגנמאַן. איך גיב צו, אַז אויבנאויפיק קוקט עס אויס צו זיין אַ גרויסער חסרון. אָבער אַזוי זיכער זאָלן זיין יידן מיט בעסערע צייטן, ווי איר קענט זיין זיכער, אַז דער חסרון וועט פאַרשווינדן. וואָרים וואָס, וואָס, מיין איידעם וועט דאָך ווערן עלטער.

דעם „יסודס" מקורבים, וואָס האָבן אַלעמאָל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף אַלץ וואָס ער זאָגט, האָבן גענומען ליאַרעמען אויפן הויכן קול:

— זאָל לעבן דער נייער ווילנער רב, דער עילוי, ר' שמואל בן הרב ר' אַביגדור!

די בגילופנדיקע פּרנסים האָבן מורא געהאַט צו ווידערשפּעניקן דעם „יסוד". ער קען נאָך מאָנען די חובות. זיי האָבן זיך אויך געקוואַפּעט אויף די צוויי טויזנט רייכס־טאַלער, וואָס די ווילנער קהילה וועט אַריינקריגן, האָבן זיי שוין אויך מיטגעשריען:

— מזל־טוב!.. מזל־טוב!..

דעם „יסודס" סופרים האָבן שוין פון פריער געהאַט צוגעגרייט אַ כתב־רבנות, האָבן זיי אונטערגעטראָגן די ראשי הקהל זיך צו חתמענען. דעם יסודס קאַסירער האָט תיכף אַריינגעטראָגן די צוויי טויזנט רייכס־טאַלער און אויסגעציילט אויפן טיש מיט אַ זינגענדיקן ניגון...

אַז מען האָט זיך אויף מאָרגן וועגן דעם דערוואוסט אין שטאָט, איז די שמחה צווישן דעם אָרעמען עולם געווען גרויס. עס איז זיי ניט אָנגעגאַנגען ווער עס וועט זיין רב, אַבי אין קהלס קאַסע איז שוין דאָ געלט. די צייטן זיינען זייער שלעכטע. יידן האָבן ניט קיין פּרנסה. אין אַ סך הייזער שטאַרבט מען ממש פון הונגער. עס האָט זיך באַלד פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער יסוד האָט אַוועקגעשאָנקען די גאַנצע צוויי טויזנט רייכס־טאַלער אויף אויסשטייער פאַר אָרעמע כלות. האָבן טאַטע־מאַמעס מיט זייערע טעכטער גענומען שטראָמען צום שול־הויף. זיי האָבן באַלאַגערט די קהילה און פאַרלאַנגט מען זאָל זיי געבן זייער חלק. זייערע טעכטער זיינען שוין אין די יאָרן. חתנים וואַרטן אויף זיי. עס איז בלויז ניטאָ מיט וואָס צו פּראַווען די חתונה...

די ווילנער פּרנסים האָבן געהייסן די שטאָט־שמשים פאַרריגלען די טירן פון דער קהילה מיט שטאַבעס. דער עולם האָט געהאַלטן אין איין ווערן גרעסער און גרעסער, און אַזוי אויך זייער צאָרן. זיי האָבן געשאָלטן די גבאים, זיי געזידלט און אָנגערופן זיי מיט מיאוסע נעמען:

— גנבים! גזלנים! שכורים! איר ווילט צונעמען דעם „יסודס״ געלט פאַר זיך אַליין, צו קענען געבן גרויסע נדנס אייערע טעכטער, די מיאוסקייטן!

דער המון האָט אין גרימצאָרן שוין געסטראַשעט צו ברעכן און אויס־האַקן די טירן און די פענצטער. עס זיינען באַלד אָנגעלאָפן גויאישע פּאָלי־ציאַנטן און גענומען שלאָגן די יידן אָן רחמנות. זיי האָבן ניט געשווינט אַפילו קיין פרויען.

די פּרושים אין די קלויזן זיינען געזעסן און געלערנט. זיי האָבן זיך ניט אַריינגעמישט. אָבער אַז זיי האָבן דערזען, ווי אויפן שול־הויף בושע־ווען די גויאישע פּאָליציאַנטן און שלאָגן יידן, האָבן זיי, דורך די פענצטער, זיך צעשריען מיט בייזער אויף די גבאים:

— פושעי ישראל, איר זייט דאָך מחלל השם! דאָ איז אַ שול־הויף און ניט קיין שענק! וואָס האָט איר אָנגעשיקט די רוצחים אויף יידן? צעטיילט שוין דאָס געלט!

די פרנסים האָבן פון תמיד אָן מורא געהאַט פאַר די פּרושים. זיי האָבן געוואוסט, אַז מ׳קען זיי, די לומדים, ניט אָפּקויפן מיט קיין גוטע ווערטער, און מיט געלט אַוודאי ניט. זיי גייען נאָר מיט אמת. די פרנסים האָבן אויך דערזען, אַז די פּאָליציאַנטן גייען אַריבער אויף זייער צד. זיי, די גויים, האָבן דרך־ארץ פאַר יידן מיט לאַנגע בערד, וואָס שיינען צו זיין רבנים. איז דער גבאי ראשי אַרויס אויפן אויבערשטן גאַנעק פון קהל־הויז, און זיך צוריקגעבייזערט אויף די פּרושים:

— וואָס מישט איר זיך אין אונדזערע עסקים? איר זייט דאָך בטלנים! איר מיינט, אַז מען קען געלט אַזוי, מיר ניט דיר, צעטיילן . . . און מען דאַרף גאָרניט האָבן אַ ישוב הדעת. אויב איר באַשטייט, אַז מיר זאָלן גיין מיט אייך צו אַ דין־תורה, זיינען מיר גרייט, הגם מיר זיינען די בעלי־בתים איבערן געלט.

ר׳ נחמן, דער אָלקעניקער פּרוש, וואָס האָט געלערנט אין „יסודס״ קלויז און איז געווען באַשאָנקען מיט אַ הויכער שטים, האָט מיט האַרב־קייט געענטפערט די גבאים:

— עס איז דאָ אַ קידוש השם און חילול השם. אַז עס קומט צו די ביידע, שפּילט שוין געלט ניט קיין ראָלע. און איר, ראשי הקהל, וואָס האַלטן זיך פאַר ערלעכע יידן, ווי שעמט איר זיך ניט צו זאָגן: מיר זיי־נען די בעלי־בתים איבערן געלט . . . עס איז דאָך דאָ אַ פולער געשריבענער פּסוק: לי הכסף ולי הזהב . . . אַלץ געהערט צו זיין ליבן נאָמען. יידן בעטן ביי אייך אויף ברויט — גיט זיי! אָרעמע מאַמעס בעטן זיך מיט טרערן ביי אייך אויף „הכנסת־כלה״ — גיט זיי! ווער זייט איר דאָס, אַז איר זאָלט זיין די שאַצער, וועלכע מצווה איז אַ גרעסערע! אַ ייד שטרעקט אויס די האַנט, פרעגט ניט ביי אים קיין שאלות — גיט אים! און אויב עמעצער נעמט צדקה, כאָטש ער דאַרף עס ניט, אויף דעם איז דער בורא העולם דער שופט. ער וועט שוין פון יענעם איינמאָנען פאַר זיין אָפּנאַרן.

אָבער וואָס זייט איר פאַר אַ שופטים! איר האָט געלט? — גיט! וואָס זייט איר די פאַרדאגהער פאַר מאָרגן?.. וואָס, איר האָט שוין גאָרניט קיין ביטחון?

דער עולם, דערמוטיקטע, וואָס די פּרושים זיינען אויף זייער צד, האָבן זיך גענומען ברעכן די טירן. די צעשראָקענע פּרנסים און גבאים האָבן געהייסן די שמשים אויסרופן, אַז דער עולם זאָל זיך באַרואיקן. מען וועט באַלד עפענען די קאַסע. זיי האָבן זייער וואָרט געהאַלטן, און נאָך איידער דער אָוונט איז אָנגעקומען, איז שוין פון די צוויי טויזענט רייכס־טאַלער גאָרניט געבליבן.

די פּרנסים האָט שוין שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס זיי האָבן זיך געלאָזט פאַרפירן פון „יסודס" גלאַטיקע רייד. עס איז פון זיין מתנה גאָרניט פאַר־בליבן. די קאַסע איז פּוסט, ווי פריער, קהל וועט נאָך דאַרפן פון אייגן טאַש דערלייגן צום עסק, באַצאָלן פאַרן אריינשטעלן די שויבן, און ווילנע וועט בלייבן מיט אַ רב, אַ יינגל. דאָס בערדל שפּראָצט נאָך אַפילו ביי אים ניט רעכט. די פּרנסים האָבן אויך חושד געווען דעם „יסוד", אַז ער האָט זיי דאָ אָפּגעטאָן אַ שפּיצל. זיינע מקורבים האָבן דאָס אָנגעשיקט דעם המון און זיי האָבן אויך אָנגעהעצט די פּרושים.

מיט יעדן טאָג האָבן די פּרנסים איינגעזען אַלץ מער און מער, אַז דער „יסוד" האָט זיי אַריינגענאַרט. זיין איידעם, דאָס יונגערמאַנטשיקל, וואָס האָט פריער אויסגעזען צו זיין עפּעס אַ בטלן, אַ נעבעכל, מושלט איבער זיי נאָך מיט אַ שטאַרקערער האַנט, ווי דער פריערדיקער אַלטער רב, ר' יהושע העשל. דאָס רייכע איידעמל דאַרף דאָך צו זיי ניט אָנקומען. איז, ניט בלויז, וואָס ער איז זיי ניט נושא פּנים, נאָר ער מאַכט זיי צו שפּאָט און צו שאַנד. אַז זיי רופן אים צו אַן אַסיפה, קומט ער ניט, און אַז ער קומט שוין יאָ, איז עס שפּעט. פּונקט דעמאָלט, ווען מען האַלט שוין ביים פאַנאַנדערגיין. ער זעצט זיך אַוועק און דרעמלט איין, ווי אַ פאַר־טשאַדעטער פון שטאַרקן ווייַן. ער ווייסט אַפילו ניט וועגן וואָס מען רעדט. און ער נעמט זיך די גאַנצע דעה. די פּרנסים האָבן אויך געטענהט, אַז אַפילו ווען ער איז ניט בגילופנדיק, פּסקנט ער ניט ריכטיק ביי דין־תורהס — ער נעמט צדדים. און אַז אַ ווילנער בעל־הבית קומט אויס צו האָבן ביי אים אַ דין־תורה, פאַרלירט ער ביי אים תמיד. ער, דער עילוי, מאַכט זיך תמעוואַטע, און לייגט אַריין רייד אין דעם בעל־תביעהס מויל. און אַז מען פאַרבעט דעם רב צו זיך אויף אַ חתונה, צי אַ ברית, קומט ער ניט. ער פאַרענטפערט זיך, אַז ער האָט פאַרגעסן. ער איז געווען פאַרטאָן אין אַ שווערער סוגיא אין דער גמרא...

ער איז אָבער גאָרניט אַזאַ תם, ווי ער מאַכט זיך. ער האַלט אין איין זוכן וועגן, ווי צו דערנידעריקן די ראשי הקהל ביים עולם און זיך מיט דעם איינקויפן אין חן ביים המון. זיינע פירונגען זיינען מאָדנע, פאַרפלאָנ־טערטע. עס איז זיי שווער צו באַגרייפן. אָבער זיין יעדער קער און ווענד האָט בלויז איין ציל: זיך צו דערהייבן; מען זאָל האַלטן אין שטאָט פון

אים אין איין ריידן און זיי, די ווילנער בעלי־בתים, מאַכן אויסקוקן קליין און נישטיק.

טיילמאַל פירט ער זיך ווי אַ רייכער שררה. ער פאַרט אַרום איבער די גאַסן אין זיין שווערס קאַרעטע. ער איז אויסגעפּוצט אין אַ זיידענער ראַ־טאַנדע, מיט אַ ברייטראַנדיקן שוואַרצן קאַפּעליוש, און טיילמאַל שפּאַנט ער צופוס אין אַן אַלטן פאַרשטויבטן ראָק. ער דרייט זיך אַרום אויפן מאַרק צווישן די הענדלער, שמועסט מיט זיי ווי אַ גלייכער מיט גלייכע. ער פרעגט זיך נאָך ווי עס גייט זיי אין פּרנסה און וואָס מאַכן זיי אין געזונט. ער גוט־ברודערט זיך אַפילו מיט די אָרעמעלייט אויפן שול־הויף. ער שיט פאַר זיי אויס, ווי קערנער פאַר עופות, גאַנצע הויפנס זילבערנע מטבעות, און אַז ער האָט ניט קיין געלט, טוט ער אויס דעם מאַנטל און וואַרפט אים זיי צו:

— פאַרקויפט אים, און צעטיילט זיך מיטן געלט!

די אָרעמעלייט טראָגן אַוועק זיין מאַנטל צום „יסוד". ער, דער שווער זיינער, לייזט אים אויס פון זיי פאַר נאָך מער געלט, ווי דער ראָק האָט די ווערט. און יעדעס מאָל הייבן די אָרעמעלייט דעם מקח...

טיילמאָל קומט ער אַראָפּ אויפן שול־הויף, ווען עס איז נאָך פינצטער. ער דאַווענט אַפילו ניט אויפן רבס „שטאָט" אין שול, נאָר גאָר ערגעץ אין אַ קלויז. ער בלייבט שוין דאָרטן דעם גאַנצן טאָג. קריגט זיך מיט די פּרושים אין לערנען. און ער, דער ווילנער רב, און גבירישער איידעם, עסט פון די טעפּלעך, וואָס די יידענעס בעל־צדקהטעס ברענגען פאַר די אָרע־מע פּרושים.

מער נאָך ווי די פּרנסים האָבן ניט ליב געהאַט זייער יונגן רב, וואָס זיי האָבן, אין לצנות, גערופן: „דאָס איידעמל", האָבן זייערע ווייבער, די ווילנער יחסנטעס, פיינט די יונגע רביצין, די גרויסע שיינהייט, די הויכע און געשטאַלטיקע, מיט די בלויע אויגן, ווי דער הימל. די ווילנער גבירה־טעס טענהן, אַז זי פּאַסט ניט צו זיין אַ רביצין. זי פירט זיך גאָר ווי אַ פּוי־לישע פּריצטע. די ווילנער בעלי־הבתטעס קליגלען זיך זי צו כאַפּן ביי אַן עבירה, אָבער זיי קאָנען ניט אָנווייזן אויף שלעכטע זיטן. יעדן שבת גייט זי אין דער ווייבערשער שול און דאַוונט פרום פון אַ סידור. די ווילנער יחסנטעס טענהן אָבער, אַז איר דאַוונען האָט ניט קיין יידישן טעם. זי שטייט אַ גראַדיקע, ווי אַ פּריצטע, און גיט זיך אַפילו ניט קיין שאָקל.

די ווילנער גבירטעס איז אויך ניט געפעלן איר שייטל. זיי האָבן געזאָגט:

— זי טראָגט טאַקע, ווי אַלע פרומע ווייבער, אַ שייטל, אָבער עס איז ניט קיין יידישער שייטל. עס איז בלויז אַ נייע מאָדע, זיך אויסצופּוצן.

דאָס שייטל איז טאַקע געווען ניט קיין איינפאַכס, כאָטש עס האָט, ווי אַלע שייטלען, געהאַט אַ שטעג אין דערמיט. פריזירערס־מייסטערס אין וואַרשע האָבן דאָס שייטל געמאַכט. די ווילנער פּוילישע שררהטעס האָבן זיך פאַרקוקט אויף איר, דער גרויסער פּוצערקע, און שוין געקאָמט זייערע

האָר פונקט ווי איר שייטעלע, און גענומען טראָגן אנשטאָט היט, קאָסינ־קעס, פונקט די זעלביקע, ווי דער רביצינס. אויך ביי די שליאָכטשיצן און שררות איז איר אָנזען גרויס. זי פּועלט ביי זיי אַלץ אין דער וועלט. זי שרייט אָפּ די האַרבסטע גזירות. זי בייט זיי ניט אויס, ווי איר טאַטע, אויף גאָלד־שטיקער; זי פאַרבעט די שררות צו זיך אַהיים. זי מאַכט פאַר זיי אַ באַל, און שטעלט אַרויף אויפן מיטן טיש אַ גרויסן גלעזערנעם קרוג, און יעדער שררה לייגט דאָרטן אַריין אַ גזירה. זי צערייסט זיי מיט אירע קליינע, איידעלע הענט און וואַרפט זיי אַריין אין אַ ברענענדיקן קאַמין.

זי ווייכט פון די ווילנער גבירהטעס. זי פאַרבעט זיי קיינמאָל ניט צו זיך און זי גייט ניט צו זייערע שמחות. אָבער, ווען זי באַגעגנט זיך מיט זיי, רעדט זי צו זיי גאַנץ ליבלעך. זי קליגלט זיך אָבער זיי צו ווייזן, אַז זי לעבט אין אין זכות פון איר יחוס, נאָר זי אַליין קאָן אירס באַשטיין. מישט זי בכיוון אַריין אין איר שמועס פּוילישע, פראַנצויזישע און העברעאישע ווערטער, זיי זאָלן זען, אַז זי איז אַ וואוילגעלערנטע. די ווילנער יחסנטעס לייקענען אָבער ניט אָפּ איר קענטשאַפט. זיי זאָגן, אַז זי האָט אויף זיך איר טאַטנס גמרא־קאָפּ. ניט איר מאַן, דער רב, נאָר גאָר זי, פירט די שטאָט. בלויז לפנים וועגן האַלט זי אין איין ליבן זיין גרויסע חכמה און זיין אָפּענעם מוח. זי האָט אויך די פּוילישע שררות איינגעשמועסט, אַז ער איז דער גרעסטער חכם אין דער וועלט. קומען זיי אים פרעגן עצות און האָבן פאַר אים דין־תורהס, כאָטש ער פאַרשטייט ניט קיין גויאיש. זי מאַכט זיך אַז זי איז בלויז די פאַרמיטלערין, זי פאַרטייטשט בלויז פאַר אים אין יידישן לשון. אין דער אמתן קומען אַלע ענטפערס אַרויס פון איר קלוגן קאָפּ, אָבער די נאַרישע פּריצימלעך מיינען, אַז דער רב איז דאָס דער גרוי־סער פּקח.

יעדן פרייטאָג קומען צו איר אַראָפּ אַ כאָפּטע ווייבער, נשים צדקניות, פון דער חברה „הכנסת כלה". זיי פאַרנעמען זיך מיט קלייבן געלט אויף אויסשטייער פאַר אָרעמע יתומות. זי, די רביצין, איז די גאַנצע אָנפירערקע פון דער חברה. זי נעמט אויף די ווייבער מיט וואַרעמע בולקעס און הייסע ציקאָריע; זי לערנט מיט זיי „עין יעקב" און דינים פון „שולחן ערוך", וואָס האָבן צו טאָן מיט ווייבערשע ענינים. זי זאָגט אויך פאַר זיי אַ פּרק מוסר פון „קב הישר" וועגן דער האַרבער שטראָף, וואָס מען ליידט אין גיהנום פאַר עבירות, און זי וויינט מיט ביטערע טרערן.

די ווילנער רייכע בעל־הביתטעס גלייבן איר ניט, און זאָגן, אַז אירע טרערן זיינען פאַלשע. די גבירטעס זוכן ניט צו פאַרדעקן זייער שנאה צו איר. אַדרבא, זיי מיינען זיך, אַז זייער באַריידן זאָל צו איר דערגיין. זי זאָל, איינמאָל פאַר אַלעמאָל, ווערן אין כעס און אַרויסגיין אין אַן אָפּענעם קריג. זי, די יונגע רביצין, מאַכט זיך אָבער ניט ווויסנדיק, און די גבירהטעס צו־להכעיס מישט זי אַריין אין איר ריידן נאָך מער פראַנצויזישע ווערטלעך און דערמאָנט איר טאַטן, דעם „יסוד", און איר מאַן, דעם רב, עפּטער ווי עס איז נייטיק. די ווילנער רייכע יחסנטעס טוען עס אויסטייטשן, ווי זי וואָלט זיי מיט דעם געזאָגט:

— רעדט און באַרעדט מיך, וויפיל אייער האַרץ גלוסט — מיך קימערט עס ניט. איר זייט דאָך נאַרישע ווייבער. עס האָט אייך בלויז אָפגעגליקט צו האָבן מענער עשירים. אָבער איך בין דאָך דעם „יסודס" טאָכטער, מיין מאַן איז דער ווילנער רב, און איך אַליין האָב אויך ניט מיט וואָס צו זיין אַראָפּ־געפאַלן. איך בין אַ גרויסע שיינקייט, די גרעסטע שררות זיינען גרייט צו פאַלן צו מיינע פיס. אָבער איך קוק זיך אויף זיי אַפילו ניט אום. איך האַלט מיינע אויגן אויפגעהויבן צום הימל און איך קריג דערוויל אַרויס ביי זיי טובות פאַר יידן.

די ווייבער קליגן זיך איר צו געבן אַ שטאָך און זיי פאַרפירן מיט איר אַ שמועס וועגן די נייע מאָדעס אין קליידער. זיי ווילן כלומרשט וויסן, וואָס איר געפעלט בעסער — די לאַנגע פאַריזער שלעפּ־קליידער, צי די רוסישע ברייטע און געפאַלדעוועטע. אָבער זי מאַכט זיך, אַז זי פאַרשטייט גאָר ניט אויף אַזוינע זאַכן און האַלט ניט פון די נאַרישקייטן. זי זאָגט זיי גאָר מוסר מיט אַ פרומער מינע:

— ניט די קליידער מאַכן דעם מענטשן, נאָר דער מענטש מאַכט די קליידער.

די גבירהטעס דערשפּירן, אַז זי צילט צו געבן זיי אַ שאַרפן שטאָך — אַז זיי, ניט קיין שיינע, וועלן קיין שיינע קליידער אויך ניט העלפן.

האָבן זיי געפרואווט זיך פאַרנעמען אויף איר כיטרען גאַנג און גע־מאַכט זיך, ווי זיי זיינען גאָר אירע גוטע פריינט. זיי האָבן גענומען איר לויבן אין הימל אַריין. זיי האָבן באַוואונדערט איר שיינקייט און קלוג־שאַפט, און באַדויערט, וואָס זי האָט חתונה געהאַט פאַר אַ רב אַ בטלן, וואָס פאַרשטייט זיך ניט אויף אירע גרויסע מעלות. זי לאַכט אָבער און צעשיט איר געלעכטער, ווי בונטן בלומען:

— מיינע ליבע דאַמען, מיין מאַן איז דאָך אַן עילוי. און וואָס עס מיינט אַן עילוי — דאָס קאָן מען ניט דערקלערן מיט ווערטער. מען קאָן ניט האָבן קיין באַגריף ווי גרויס עס איז דער תענוג צו האָבן פאַר אַ מאַן אַן עילוי, סיידן מען לעבט מיט אים אונטער איין דאַך...



## קאַפּיטל ה

דער נייער ראש, ר' חיים יוסף ווישונער, האָט איבערגעטראָגן די מלכות־תורה אין דער שניידערשער קלויז. ער האָט אָוועקגעשטעלט זיין שטענדער אין פּאָליש און געבעטן די פּרושים, אַז אויך זיי זאָלן זייערע שטענדערס אַהין אַריינברענגען:

— מיר טאָרן ניט שטערן ר' אליהון אין לערנען. ווידער איז שכל־דיקער, אַז מיר זאָלן זיצן אין פּאָליש, ווייל דעמאָלט וועט קיינער ניט אַריינגיין אין קלויז אָן אונדזער רשות.

אויס כבוד פאַר זייער ראש, האָבן די פרושים אויסגעשטעלט זייערע שטענדערס אַרום אים אין אַ קרייז. ר׳ חיים יוסף האָט אין דאַנקבאַרקייט שעמעוודיק געשאָקלט מיטן קאָפּ, און מיט אַ פּאַטש אויפן שטענדער גע־געבן צו וויסן, אַז ער האָט זיי וואָס צו זאָגן. עס איז געוואָרן שטיל, און ער האָט אָנגעהויבן ריידן:

— רבותי, אונדזער פריערדיקער ראש, ר׳ אברהם משה ווילקאָמירער, זאָגט, אַז ר׳ אליהו איז אין דער הויכער מדרגה פון אונדזערע תנאים סיי אין תורה און סיי אין מידות, אַלץ איז פאַר אים אָפן און קלאָר. איך, אייער נייער ראש, בין אינגאַנצן מסכים מיט ר׳ אברהם משהן, און איך זאָג, אַז עס איז ניט פאַר אונדזערע מוחות צו שאַצן און מעסטן זיין לומדות, און אפילו זיינע דינים און מנהגים, וואָס זיינען ניט אין הסכם מיט אונ־דזערע בעלי־פוסקים, דאַרפן פאַר אונדז אויך זיין הייליק, ווי תורת־משה. די רבנן זאָגן אונדז: „רב תנא הוא ופליג״ — רב איז אַליין אויך אַ תנא, מעג ער קריגן אויף די אַנדערע תנאים. מהאי טעמא, האָט אויך ר׳ אליהו דאָס רעכט צו קריגן אַפילו אויף די ראשונים.

חיים יוסף ווישזונער האָט געהאַט בדעה נאָך מער מסביר צו זיין דעם ענין. ער האָט אָבער דערזען, אַז ר׳ ירוחם יאַנישקער האָט זיך אויפ־געהויבן פון זיין זיץ און ער פאָכעט מיט דער האַנט צו ווייזן, אַז ער וויל אים אָפּפרעגן. האָט דער ראש, פון דעם יאַנישקערס כבוד וועגן, זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן ריידן, און מיט אַ שטומען שאָקל מיטן קאָפּ אים געגעבן רשות. דער יאַנישקער האָט, שעמעוודיק, אָנגעהויבן רעדן מיט התנצלות:

— איר, אונדזער ראש, זייט קליגער פאַר מיר, כאָטש איך בין על־טער פון אייך אין יאָרן. איך בין ניט אויסן אייך איבערצושפּאַרן. עס איז מיר אָבער קשה דער ענין. מיין גראָבער קאָפּ פאַרנעמט עס ניט. אָבער איידער איך שטעל אויס מיינע קשיות, וויל איך זיך באַוואָרענען, מען זאָל מיך חס־וחלילה ניט חושד זיין אין כפירה. איך זאָג אָן קיין שום פניות: גם אני הקטן, גלויב באמונה שלמה, אַז ר׳ אליהו איז אין דער הויכער מדרגה פון אונדזערע הייליקע תנאים און אמוראים. אָבער דווקא דערפאַר פרעג איך אייך: פאַרוואָס טוען מיר אים נאָך אַלץ פאַרהוילן פון דער וועלט? פאַרוואָס האַלטן מיר נאָך אַלץ בסוד זיין התגלות? אחינו בני ישראל וואַרטן דאָך שוין דורות און דורות אויף אַן איש אלקים, וואָס זאָל ווייזן דעם אמתן וועג און אים באַלויכטן, אַז מען זאָל מער ניט דאַרפן בלאָנדזשען אין דער פינצטערניש.

ירוחם, דער יאַנישקער פרוש, האָט תמיד, ווי אַ יונג חדר יינגל, געהאַרכזאַם אויסגעפאָלגט דעם אַלטן ראש, און אויך אַלץ וואָס דער נייער ראש האָט פאַרזאָגט איז ביי אים געווען קודש. עס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער פרעגט אָפּ, האָט זיין גאַנצער גוף געציטערט פון שרעק, וואָס ווייטער אָבער האָט זיין האַרץ זיך געשטאַרקט און זיין שטים האָט זיך גע־הויבן אַלץ העכער און העכער. ער האָט מיט ביטערקייט אַ זאָג געטאָן:

— אויף אייך, ר׳ חיים יוסף ווישונער, איז עס מיר גאָר אַ חידוש. איר זייט דאָך געהאַט געגאַנגען אין די דרכים פון שמואל בן אהרן. ער, דער מקובל, אַז ער האָט ערגעץ אין אַ קבלה־ספרל דערזען בלויז אַ רמז אויף אַ גזירה, איז ער, אַ לאָמער, געלאָפן איבער דער ליטע, אָנצוזאָגן אַלעמען די שלעכטע בשורה. און איצט, אַז מען האָט זוכה געווען צו אַזאַ גוטער בשורה, פאַרציט מען עס אין דער לאַנגער באַנק. פרעג איך אייך, פאַרוואָס זאָגן מיר ניט אָן דער וועלט, אַז עס איז נתגלה געוואָרן אַ תנא. וואָס איז מיט אונדז געשען? זיינען מיר שוין דען געפאַלן אַזוי נידעריק, אַז מיר פאַרגינען שוין ניט אונדזערע אויסגעפייניקטע אחינו בני ישראל אַ ביסעלע פרייד?

פּלוצים האָט ירוחם יאַנישקער, ווי מיט אַ שאַרפער האַק, איבער־געהאַקט זיינע רייד. ער האָט זיך דערשראָקן פאַר זיינע שאַרפע דיבורים. ער האָט זיך אַליין געוואונדערט: ווי קומט דאָס צו אים, ירוחם יאַניש־קער, אַזוי פיל עזות?

אַ פאַרשעמטער האָט ער זיך גיך אַוועקגעזעצט אויף זיין אָרט, און איינגעגראָבן זיינע אויגן אין אַ ספר... דער ראש האָט זיך באַלד אויפ־געשטעלט און מיט אַ ציטערדיקער שטים גענומען זיך פאַרענטפערן:

— ר׳ שמואל בן אהרן, זכרונו לברכה, איז געווען אַ הייליקער מענטש. צי מען איז געווען מסכים מיט אים, צי ניט, זיינען די דרכים זיינע, געווען לשיטתו, לשם־שמים. איך האָב אין יענער צייט, געהאַט נוטה געווען צו אים. אָבער איצט איז מיין רבי: ר׳ אליהו! איך מי זיך צו גיין אין זיינע פוס־טריט. און איך בין בטוח, אַז שמואל בן אהרן, וואָס זיין שטול שטייט בלא־ספק אין גן־עדן, האָט אויף מיר ניט קיין פאַראיבל. אדרבא: דאָס טוט אים הנאה. ער אַליין האָט דאָך פאַר זיין פטירה מיר אָנגעזאָגט, אַז עס וועט אין אונדזער שוואַכן דור אויפלייכטן אַ מענטש, וואָס האָט אַלע מעלות פון אברהם אבינו.

דער ראש האָט זיך שטאַרק צעוואַרעמט, און מיט השתפכות ווייטער גערעדט:

— זינט מיר האָבן ר׳ אליהון דערקענט, זיינען מיר אַלע געוואָרן אַנדערע מענטשן. מיר אַלע זיינען פריער געווען בעלי־פּלפּול און גע־שפּאָט פון דעם דרך הפשט. מיר האָבן געטענהט:

— פשט פאַרטעמפּט דעם מוח און פּלפּול שאַרפט. די תורה קומט מן־השמים, איז זי הוילע שמימדיק. ווייל זי דער מענטש פאַרשטיין, מוז ער זיך אַליין אויך דערהויבן, זען, אַז זיין דמיון זאָל פליען אין די הויכע הימלען. און פּלפּול גיט די פליגלען. ר׳ אליהו האָט אָבער געעפנט אונ־דזערע אויגן, און באַוויזן, אַז די הנחה איז אַ טעות. פשט מיינט ניט איינ־פאַכקייט, נאָר פאַרקערט — רוח־הקודש. די תורה איז די גרעסטע חכמה פון אַלע חכמות. טאָר מען ניט אַוועקגיין פון שכל. דער שליסל צו חכמה איז אויך חכמה; צו פאַרשטיין — דבר מתוך דבר — איין זאַך פון דער צווייטער. אמת, די תורה קומט פון הימל, אָבער זי איז ניט געגעבן גע־

וואַרן פאַרן הימל און פאַר אירע מלאכים, נאָר פאַר דער ערדישער וועלט און אירע מענטשן. דערפאַר מוז מען מיט אַלע כוחות זיך האַלטן ביי דער ערד. מען דאַרף שטייגן, אָבער ניט שפּרינגען. מען דאַרף גיין, אָבער ניט לויפן. מען דאַרף זיך דערהויבן, אָבער ניט פליען. אַ מענטש דאַרף תמיד האַלטן אין זינען, אַז ער איז אַ מענטש.

אונדזערע לומדים — רעדט ווייטער מיט התערורות ר׳ חיים יוסף ווייזשונער, — האָבן נאָך ניט געהאַט דעם נחת צו דערקענען ר׳ אליהון, און זיי האַלטן זיך נאָך אַלץ ביים דרך פון פּלפּול. און אַז זיי ווילן דער־הערן, אַז ר׳ אליהו איז מבטל זייער שיטה אין לערנען, ווילן זיי, ווי בייזע וועלף, זיך וואַרפן, צו פאַרצוקן זיין תורה, און אים מבטל מאַכן. מען דאַרף זיי ניט פאַרדענקען. ר׳ אליהוס תורה איז צו אַנדערש, צו ניי, דווקא זיין פשטות איז נאָך שאַרפער ווי שאַרף. אונדזערע לומדים זיינע קריגע־רישע לייט, זיי ווילן ניט קענען פאַרליידן, וואָס ער פּסקנט אַנדערש דינים, און מיט איין טייטש זיינעם מאַכט ער איבעריק די אַלע פּלפּול־ספרים, וואָס זייערע טאַטעס און זיידעס האָבן מיט זיי אויסגעבויט בערג אויף בערג. די קנאימדיקע לייט ווילן זיך גאָר שטאַרק היצן, וואָס ר׳ אליהו גייט ניט צו „תשליך״, שלאָגט ניט קיין כפרות און ער טראָגט ניט רבינו תמס תפילין.

מיר האָבן אויך צווישן אונדזערע לומדים זייער פיל מבטל־מאַכער. זיי האַלטן זיך ביי דער מידה וואָס זאָגט: זוך ניט ביים מענטשן זיינע מעלות, נאָר זוך זיינע חסרונות. ביי זיי קען נאָך, חס־וחלילה אויסקוקן ר׳ אליהוס ליכטיקייט ווי פינצטערניש. און דווקא ווייל רבינו אליהו איז אַזוי ליכטיק, איז שווערער אים צו דערקענען. זיין הימלישע העלקייט בלענדט די אויגן. דערפאַר מוזן מיר דאָ, אין מלכות־תורה, צוערשט בהדרגה פאַרפעסטיקן זיין נאָמען, אַז די מבטל־מאַכער זאָלן ניט קאָנען טאָן קיין שאָדן און די וועלט זאָל ניט פאַרלירן דעם זכות צו געניסן פון זיינע לויטערע תורה־קוואַלן. מיר דאַרפן זיך מיען צו פאַרשפּרייטן זיין תורה, אָבער מיר מוזן עס טאָן אָן רעש, און קיינעם ניט באַצווינגען צו גלויבן אין ר׳ אליהוס גאונות, עס לאָזן על פי דרך הטבע, עס זאָל זיך ווי אַ קוואַל אַליין גראָבן און גראָבן . . . און תורה האָט דעם גרויסן כוח.

דער ראש האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט. ער האָט זיך אַרומ־געקוקט אויף אַלע זייטן. עס האָט אים אויסגעוויזן, אַז די פּרושים זיינען מער נוטה צו ירוחם יאַנישקער. זיי האַלטן מיט אים, אַז מען דאַרף ניט וואַרטן און תיכף מגלה זיין ר׳ אליהון. האָט ער זיך צו זיי ווידער גע־ווענדט, און מיט רגש געזאָגט:

— אויב עמעצער פון אייך האָט אין מחשבה, אַז ער איז בלויז אַ־שותף צום שכר פון דער גרויסער מצווה, און אויב איך וועל מאַכן אַ טעות, וועל איך אַליין דאַרפן ליידן פאַר דער עבירה, און ווייל איך בין דער ראש, ליגט אויף מיר אַליין די גאַנצע אחריות. טו איך אייך איצט־

וואָרענען פּאַרויס, אַז מיר זיינען אַלע גלייכע שותפים. וואָרים איך היט אָפּ און איך וועל תמיד אָפּהיטן דעם דין, וואָס זאָגט: „אחרי רבים להטות". אַז דער פּסק דין זאָל בלייבן לויט דער דעה פונעם רבים. טאָ זאָגט איצט אָפּן:
— זייט איר מסכים מיט מיר, צי ניט? אָבער איידער איר ענטפערט, בין איך מוסיף און זאָג:
— אויב איר האָט אַן אַנדער דעה, בין איך ניט מחויב זיך גלייך אונטערצוגעבן. איך האָב דאָס רעכט צו שטרייטן און זיך מיען מיט אַלע מיינע כוחות אַריבערצוציען רעם רבים אויף מיין זייט. אָבער אויב דאָס וועט זיך מיר ניט איינגעבן וועל איך אייער החלטה אויספירן מיט פריי־דיקן רצון און לאָזן אויסרופן פון אַלע בימהס, אַז עס איז נתגלה געוואָרן — אַ תנאַ.
די פּרושים גערירט פון זיינע רייד, האָבן זיך אָפּגערופן אַלע מיט אַ מאָל:
— רבי, מיר גייען איין אויף דער שותפות מיט שמחה. מיר האָבן אויף אייך ניט וואָס צום קריגן. פון אייך רעדט אַרויס דער ריינער אמת. און מיר זאָגן דאָס אָן קיין שום שמץ פון חניפה.
אַ צופרידענער האָט ר' חיים יוסף וויזשונער זיך געגלעט דעם שטערן און מיט אַ פריילעכער שטים זיך אָפּגערופן:
— ווער פון אייך האָט אַ שיינעם כתב?
קיין איינער האָט זיך ניט אָפּגערופן. האָט דער ראש געגלויבט, אַז מען האָט אים ניט גוט געהערט. האָט ער שוין הויך אויפן קול אויס־גערופן:
— ווער פון אייך האָט אַ פיינע האַנטשריפט?
און ווידער האָט זיך קיינער ניט אָפּגערופן. דער ראש האָט דערזען, אַז די פּרושים קוקן זיך פאַרחידושטע איבער, זיי זיינען אין אַ פאַרלעגנהייט. מיטאַמאָל האָט זיך ירוחם יאַנישקער אויפגעשטעלט און געזאָגט:
— רבי, איר פאַרלאַנגט פון אונדז מיר זאָלן צעברעכן די פּאַס און דער וויין זאָל בלייבן גאַנץ. ווי קען אַ מענטש זאָגן אויף זיך אַליין, אַז זיין האַנטשריפט איז שיין, און דערביי ניט עובר זיין אויף דער מיאוסער עבירה פון גאווה?
ר' חיים יוסף האָט זיך צעשמייכלט און געזאָגט:
— איר האָט מיך מנצח געווען, און איך פריי זיך מיט אייער נצחון. טאָ זייט זיך מטריח זאָל יעדער פון אייך עפּעס אָנשרייבן אויף אַ פּאַפּיר און איך וועל שוין מוזן זיין דער מכריע וועמעס האַנטשריפט איז די שענסטע.
דאָס יונג שוואַרץ־בערדלדיקע פּרושל, האָט באַלד זיך געטראָגן מיט טינט און פעדער פון איין פּרוש צום צווייטן, ווי מיט אַן אתרוג און לולב און ניט פאַרפעלט יעדן איינעם אָנצוזאָגן:
— איר זאָלט למען־השם ניט אונטערשרייבן אייער נאָמען, כדי דער ראש זאָל קענען קומען צו דער מסקנא אָן פּניות!

צווישן אַלע שורות, וואָס דאָס פּרושל האָט צוגעטראָגן דעם ראש, איז אים, ר׳ חיים יוספן, געווען געפעלן אַ שורהלע, וואָס איז געווען אי קורץ, אי עילוידיק קלוג און די אותעלעך שייַנינקע ווי פּערל. געשריבן איז דאָרט געווען:

— גאון זייַנען די ראשי־תיבות פון די פיר ווערטער: „גאון אליהו ווילנערס נאָמען״.

דער ראש האָט פון גרויס נחת־רוח כלומרשט מיט שטרענגקייט אויסגערופן:

— זאָל דער מאַן, וואָס האָט אָנגעשריבן דאָס דאָזיקע שורהלע, זיך שוין מודה זייַן:

אַ שעמעוודיקער האָט זיך אַרויסגערוקט פון הינטער זייַן שטענדער ר׳ ירוחם יאַנישקער. דער ראש האָט ווייטער געשפּאַסט:

— זייט איר, זייט זיך מודה פאַר עדות?

ירוחם יאַנישקער האָט שטיל געזאָגט:

— רבי, איך האָב עס געשריבן...

ר׳ חיים יוסף האָט מיט נחת־רוח, צו אים געזאָגט:

— פון היינט און ווייטער וועלן מיר רופן ר׳ אליהון בלויז מיטן טיטול: — גאון. און איר ר׳ ירוחם, וואָס זייט געבענטשט מיט אַזאַ שייַנעם כתב, וועט זייַן ר׳ אליהוס סופר. איר וועט פאַרשרייַבן דעם גאונס תורה.

נאָכן ענדיקן רײדן צום יאַנישקער, האָט חיים יוסף זיך געווענדט צו די פּרושים, און צו זיי געזאָגט:

— רבותי, מיר דאַרפן זייער שטאַרק היטן, אַז עס זאָלן ניט פאַרלאָרן גיין ר׳ אליהוס חידושי־תורה. בעט איך אייך, אַז ווער נאָר עס וועט הערן פון דעם גאון: אַ הלכה, אַ חידוש, אַ טייטש, אַ הנחה, אַ פּשט, אַ ביאור אויף אַ פּסוק צי אויף אַן אגדא, זאָלט איר עס גלייַך איבערזאָגן פאַר ר׳ ירוחם יאַנישקער און ער וועט עס פאַרשרייַבן. און וואָס עס וועט אייך ניט זייַן קלאָר זאָלט איר זוכן דעם חסרון, ניט אין ר׳ אליהון, נאָר אין זיך אַליין. אַז שולדיק זייַנען דאָ אונדזערע שוואַכע מוחות, וואָס קענען ניט באַנעמען זייַן טיפע תורה.

ר׳ ירוחם יאַנישקער האָט אויסגעשניצט אַ געענדזן פעדער, ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש, און גענומען זיך צו פאַרשרייַבן ר׳ אליהוס חידושי־תורה. אַז ר׳ אליהו האָט געזאָגט אַ ביאור, אַ פּשט, אַ כלל, צי אַ הנחה, האָט באַלד אַ פּרוש געאײַלט דאָס איבערצוזאָגן פאַר דעם יאַנישקער. דער פּרוש האָט געטראָגן דעם חידוש מיט ציטער און פלאַטער, ווי ער וואָלט געטראָגן דעם טייערסטן אוצר.

ירוחם יאַנישקער, האָט זיך זייַן גאַנץ לעבן געהיט קיינעם ניט פוגע בכבוד צו זייַן. ער האָט צו יעדן איינעם גערעדט שטיל, ווייך און מיט גוטע רייד. איצט אָבער, ביים פאַרשרייַבן דעם גאונס תורה, איז ער גע־

וואָרן גאָר אַן אַנדער ירוחם. ער איז שטרענג און האַלט אין וואָרענען די פּרושים:

— פאַרהיט אייער עולם־הבא און זאָגט איבער פּינקטלעך ווי עס איז אַרויס פון רבינס הייליק מויל. איר זאָלט אַ וואָרט ניט פאַרפעלן, וואָרים דער גאון איז דאָך ניט קיין מאריך אין רייד. האָט אפילו זיינס אַן אות אַ גרויסן באַדייט.

דער יאַנישקער איז געבענטשט מיט אַ שאַרפן חוש. ער דערקענט גלייך, ווען אַ פּרוש מאַכט אַ טעות, שיקט ער אים תיכף איבערצופרעגן ר׳ אליהון. זיצט ירוחם, אַזוי אַריבערגעבויגן איבערן טיש פון פריען באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט. ער שפּירט גאָר ניט קיין מידקייט. ר׳ אליהוס לויטערע תורה פרישט אים אָפּ. יעדער רעיון, וואָס ער הערט, ברענגט אים אַריין אין נייער התפּעלות. עס הויבט אים אַזש אויף פון זיין זיץ. און ער, וואָס מען האָט ביז איצט געהאַלטן פאַר אַ קאַלטלעכן מענטשן, היצט זיך מיט התלהבות:

— איז דאָס אַ חלום? צי טאַקע אויף דער וואָר? עס איז דאָך גאָר־ניט צו גלויבן, אַז אין היינטיקן שוואַכן דור זאָל זיך געפינען אַן איש אלקים? עס איז דאָך פּלאי־פּלאים. אונדזער רבי איז דאָך אַזוי בצימצום־דיק אין רייד און זיין זאָג איז אַזוי קורץ, און דאָך קומט זיין יעדער פּירוש אַרויס קלאָר און דייטלעך. עס איז ווי איינגעמויערט, ניט צו רירן עס פון אָרט. עס טייטלט, ווי מיטן פינגער, אַז דווקא ווי ר׳ אליהו זאָגט איז געווען די כוונה פון נביא און פון תנא. ביז אים, אונדזער הייליקן רביז, האָבן אַלע גאָר אַנדערש געטייטשט די גמרא, און זיין אויפטו איז נאָך אינגאַנצן ניי, און פונדעסטוועגן שפּירט מען, אַז די וואָרצלען ציען זיך פון ווייט, ווייט, אַזש פון הר־סיני, ארץ־ישראל און בבל.

די פּרושים פון דער מלכות־תורה צעטראָגן דעם גאונס ביאורים איבער אַלע קלויזן פונעם גרויסן שול־הויף. זיי ברענגען זיי, ווי טייערן כיבוד, בלויז אויף טועם צו זיין. די פּרושים קוועלן פון נחת, ווען זיי זעען, אַז אפילו די בעלי־פּלפּול כאַפּן אויף ר׳ אליהוס רעיונות אין הבנהדיקע טייטשן, ווי אבן־טובס, און זיי האַלטן זיך פאַרן קאָפּ פון התפּעלות... זיי וואָלטן געגעבן מי יודע וואָס, צו וויסן, וואו מען קען זען פנים־אל־פנים דעם פּליאהדיקן גאון. זיי פאַרשטייען, אַז די מלכות־תורה האַלט אים פאַרהוילן פון דער וועלט, ווי אַ הייליקן סוד. פרעגן זיי ניט. זיי וואַגן אפילו ניט צו קריגן, ווען דער אָדער יענער ביאור, וואָס אויבנאויפיק ווייזט עס אויס צו זיין אַ שטילער — וואַרפט אום, ווי אַ שטורעם־ווינט, זייערע בנינים, וואָס עס האָט זיי, מיט זייער פּלפּולדיקן דרך אין לערנען, געדויערט יאָרן אויפצובויען.

חיים יוסף ווישונער, זעט, אַז ער גייט אויפן ריכטיקן וועג. ר׳ אליהוס תורה טוט אַ געוואַלדיקע פּעולה. וואָרצלט זיך איין אין דער טיף... און פון פרייד גלעט ער ירוחם יאַנישקער איבערן אַקסל. ער טרייסט אים:

— באַלד, באַלד, וועלן מיר שוין קענען דערפילן אייער רצון און אָנזאָגן דער וועלט דעם גרויסן נס... דעם ר׳ אליהוס נס...

איין טאָג האָט ר׳ חיים יוסף באַמערקט, אַז די פּרושים זיצן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און זייערע פרייליכע גמרא ניגונים זיינען איבערגע־קערט אין טרויער. האָט ער באַלד פאַרשטאַנען, אַז עפּעס האָט דאָ פּאַ־סירט. ער האָט זיי אָבער ניט געפרעגט. ער האָט געטראַכט: זיי וועלן עס מיר אַליין דערציילן. אַז ער האָט אָבער דערזען, אַז יענע טוען נאָך אַלץ שווייגן, האָט ער שוין געוואוסט, אַז זיי ווילן ניט זיין קיין שליחים פון צער. האָט חיים יוסף זיך געקליגט און צו זיי געזאָגט:

— רבותי, איר ווייסט דאָך, אַז אַ מודה במקצת איז חייב אַ שבועה. אמת, איר אַליין שווייגט, אָבער דער אומעט, וואָס ליגט אויסגעגאָסן אויף אייערע פּנימער רעדט פאַר אייך. טאָ, זאָגט שוין אויס דאָס איבעריקע.

די פּרושים זיינען געווען אין אַ פאַרלעגענהייט. קיינער פון זיי האָט ניט געוואָלט נעמען אויף זיך די עבירה צו ווערן אַ שליח פון צער.

עס האָט זיך ניט געזען קיין אויסוועג. אָבער פּלוצים האָט ירוחם יאַנישקער זיך אַ הויב געטאָן פון זיין אָרט און מיט אַ ציטערדיק קול געזאָגט:

— רבי, איך בין ביי זיך ניט געגאַרט. איך ווייס, אַז איך וועל דאָ באַגיין אַן עבירה. אָבער איך טו דאָס לשם־שמים. בעט איך רחמים, אַז עס זאָל פאַררעכנט ווערן פאַר אַ מצווה. איך גיי אייך אָנזאָגן ניט קיין גוטע בשורה. ווייל איך גלויב, אַז איר, אונדזער ראש, דאַרפט דאָס וויסן: נעכטן אָוונט איז אָנגעקומען דאָ, קיין ווילנע, דער „שאגת אריה״. אין אַן אַנדער צייט וואָלט עס פאַר אונדז אַלעמען געווען אַ פרייד. ר׳ אריה לייב, דער גאון התורה, וועט אונדז מזכה זיין מיט זיין תורה. אָבער איצט, ווען מיר האַלטן שוין אַזוי נאָענט מגלה צו זיין דעם סוד פון ר׳ אליהון, איז אונדזער שמחה פאַרשטערט. ער, דער שאַרפער בעל־פּלפול, וואָס צוליב די אָדער יענע לשם־שמימדיקע טעמים איז ער אַלעמען מבטל און זיין כוח אין ביטול איז זייער גרויס. ער קען נאָך אפשר זיך אַזוי באַ־גיין האַרב אויך מיט ר׳ אליהון — און די וועלט וועט פאַרשפּילן דעם זכות צו געניסן פון זיינע לויטערע קוואַלן פון תורה און חכמה.

אַז חיים יוסף ווילשונער האָט דאָס דערהערט, איז ער פון שרעק אַזש בלאַס געוואָרן. עס האָבן אים די הענט גענומען ציטערן, און אין זיין מבולבלדיקייט האָט ער גענומען מיט זיך אַליין טענהן:

— עס איז דאָך טאַקע אַ שווערער ענין! וואָס קען מען דאָ טאָן? עס איז בלויז דאָ איין אויסוועג: ניט צולאָזן דעם „שאגת אריה״ צו ריידן מיט ר׳ אליהון... אָבער ווידער געשמועסט — ווי קען מען דאָס ביי זיך פּועלן מבייש צו זיין ר׳ אריה לייבן? ער איז דאָך אַ לייב אין דער תורה!

מיט איינמאָל איז פון חיים יוספס פּנים פאַרשוואונדן דער טרויער. אַ מוטיקער האָט ער זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער דינער הויכקייט און מיט זיכערקייט געזאָגט:

— אַלץ וואָס פּאַסירט, סיי דאָס גרעסטע און סיי די קלענסטע זאַך, איז אָנגעצייכנט מן השמים. אונדזערע רבנן זאָגן, אַז אַ מענטש טוט אפילו ניט אָפּקלאַפּן אַ פינגער, אויב מען האָט עס אויף אים ניט גוזר גע־ווען. איז אויב עס איז דער רצון פון בורא־העולם, אַז דער „שאגת אריה" זאָל ווי אַ לייב פּאַרצוקן ר' אליהוס תורה — טאָרן מיר אפילו ניט האָבן קיין תרעומות. מיר וועלן בלויז וויינען און קלאָגן אויף דער גרויסער אבידה און אָנהענגען די שולד אויף אונדז אַליין, מיר זיינען צו זינדיק, האָבן מיר זיך ניט פאַרדינט צו האָבן צווישן אונדז דעם איש־אלקים. אָבער איך בין בטוח, אַז מען האָט ר' אליהון אַראָפּגעשיקט פון הימל ער זאָל באַשיינען און באַליכטן אונדזער וועג, וועט מען שוין אַריינגעבן אין מיר שכל און פאַרשטאַנד, און מיר ווייזן ווי זיך צו פירן מיטן „שאגת אריה". איך הויב אויך אָן צו גלויבן, אַז דאָס וואָס ער איז איצט געקומען קיין ווילנע איז גאָר לטובה... איך אַליין, וועל נאָך אפשר פאַרבעטן דעם „שאגת אריה" צו קומען צו אונדז אין קלויז. אדרבא, זאָל ער הערן ר' אליהוס תורה.

***

אין מלכות־תורה איז מען געווען זיכער, אַז דער „שאגת אריה" האָט זיך דערוואוסט, אַז אין ווילנע ווערט נתגלה אַ גרויסער מאַן אין דער תורה, איז ער אַראָפּגעקומען אַריינצוקוקן צי דער קרוג איז טאַקע פול מיט גוטן אַלטן וויין. אין מלכות־תורה, האָט מען געוואוסט, אַז דער „שאגת אריה" האָט זיך שטאַרק פאַרלייגט צו געפינען דעם גדול הדור, וואָרים די רבנן זאָגן דאָך קלאָר און דייטלעך, אַז אין יעדן דור געפינט זיך איינער, וואָס האָט אַלע מעלות פון אברהם אָבינו. אין מלכות־תורה איז מען פון דעם ניט געווען צופרידן, ווייל דער „שאגת אריה", דער היציקער מענטש טוט עס מיט צו גרויס רעש און אָן ישוב הדעת. ווען ער דערזעט נאָר אַ יונגנמאַן מיט אַ שאַרפן קאָפּ, דוכט זיך אים שוין באַלד אויס, אַז יענער איז דאָס דער גדול הדור. און ער, דער זקן און גאון אין דער תורה, הייבט אָן אָפּצוגעבן דעם יונגנמאַנטשיק כבוד, און באַ־דינט אים ווי אַ תלמיד זיין רבין. אָבער נאָכדעם, ווי ער, ר' אריה לייב, כאַפּט זיך, אַז ער האָט געהאַט אַ טעות, דער יונגערמאַן איז אפשר אַ בעל כשרון, אָבער איז זייער ווייט פון גאונות, שטורעמט ער פון צאָרן. ער איז אין כעס אויף זיך אַליין און אויך אויף יענעם. און ער ווינט און קלאָגט, וואָס ער האָט נאָך אַלץ ניט געפונען פאַר זיך אַ רבין.

פון גרויס יאוש האָט זיך צו אים, דעם „שאגת אריה", צוגעקלעפּט אַ נייע מחשבה, וואָס האָט אים ניט אָפּגעלאָזט, און געהאַלטן אין איינטענהן:

— אריה לייב, אויב דו ווילסט דערלעבן דעם נחת צו געפינען דעם אמתן גאון, וואָס זאָלסט אים קענען רופן: רבי! מוזטו זיך לאָזן גיין קיין דייטשלאַנד. אמת, אין דער אַפּיקורסישער מדינה גייט שוין יידיש־קייט באַרג אַראָפּ. אָבער דווקא דערפאַר, איז כמעט ווי זיכער, אַז דאָרטן

האַלט זיך אויף דער גדול הדור, וואָרים וואו נאָך ווי דאָרטן דאַרף מען אים אַזוי נויטיק האָבן.

ער, דער היציקער פרומער מאַן, האָט געגלויבט, אַז דאָס איז אַ הייליקער וואונק פון הימל, האָט ער, דער אַלטער מאַן, מיט דער טאָרבע אויף די פּלייצעס, געשפּאַנט איבער דער אכזריותדיקער מדינה. יונגע דייטשוקעס האָבן אָפּגעשפּאָטן פון אים מיט זיין הילוך. ער, דער ירא־שמים, האָט אויך געהאַט זייער גרויס צער, וואָס די יידישע אַפּיקורסים, מיט זייער צעהויקערטן רבין, משה דעסויער, האָבן אַריינגעקראָגן די גאַנצע ממשלה. זיין איינציקע נחמה: ער האָט דאָרטן באַגעגנט פרומע רבנים און געזונטע לומדים. אָבער דאָס ביסל נחת איז אים באַלד פאַרשטערט געוואָרן. עס איז אים ניט געווען צום האַרצן, וואָס זיי, די רבנים, גייען געקליידט אין לאַנגע, פאַרשפּיליעטע ראָטאָנדעס, מיט ווייסע געפּרעסטע קראַוואַטן, ווי עס קליידן זיך, רחמנא לצלן, גלחים. ער, דער ייד פון דער ליטע, האָט ניט געקענט פאַרטראָגן, וואָס די לומדים אין דייטשלאַנד לערנען שטיל, איינגעהאַלטן און באַחשבונט. זיי האַלטן זייערע הענט איינגעצאַמט. זיי זיינען אין איין מורא, ניט אַרויסצווייזן זייער התפּעלות. מיט זייער גאַנצער שטילקייט, פירן זיי ביטערע מחלקות. און דווקא ניט קעגן משה דעסויער, נאָר גאָר קעגן די אייגענע רבנים. די צוויי גאונים, ר׳ יהונתן אייבעשיץ און ר׳ יעקב עמדין, דעם ווילנער „חכם־צביס״ זון, זיינען אויף מעסער־שטעך און טראַכטן אויס איינער אויפן צווייטן כל דבר אָסור.

האָט ער, דער „שאגת אריה״, פון זיין וואַנדערן איבער דער דייטשער מדינה ניט געהאַט קיין נחמה. ער האָט שוין דורכגעשפּאַנט די גויאישע מדינה פון איין עק ביזן צווייטן און ער האָט נאָך אַלץ ניט געפונען דעם גדול־הדור.

איין טאָג איז ער אַריינגעקומען אין בית־המדרש, אין דער שטאָט, פראַנקפורט־דמאין. די פּוסטקייט און לערקייט האָט דאָרט אַזש געשוויסטשעט. בלויז צוויי אַלטע יידן זיינען געזעסן אויף אַ באַנק, און זיי האָבן זיך דערציילט וואונדערלעכע מעשיות פון זייער קאַיזער. דער „שאגת אריה״, דער גרויסער מתמיד, וואָס האָט ניט מבטל געווען זיין צייט און האָט געלערנט, אַפילו ווען ער האָט געשפּאַנט אויף די פרעמדע דייטשע וועגן, האָט באַלד אָנגעהויבן מיט אַן הויכן ניגון צו לערנען. ער איז אָבער באַלד אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט ניט געפונען קיין טעם אין זיין לערנען אין דעם טויט־אומעטיקן בנין, וואָס קוקט גאָרניט אויס ווי אַ מקום־קדוש. פון צער האָט ער מיט כעס גענומען קלאַפּן אויף דעם דינענקן שטענדער און זיך צעבייזערט אויפן קול:

— אַ פאַרשאָלטענע מדינה, אפילו אַ שטענדער איז דאָ אויך ניט קיין שטענדער!

די צוויי אַלטע דייטשע יאַהודים האָבן פון זייער זייט זיך צעבייזערט אויף אים און געשריגן: „דאָנער וועטער!״ ער פאַרשטייט ניט זייער

לשון, טוט ער זיי אויף צו להכעיס נאָך שטאַרקער קלאַפּן אין שטענדער און ער בייזערט זיך אויף די דייטשוקעס:

— שוטים, וואָס האלדערט איר ווי אינדיקעס?

מיט אַמאָל האָט זיך אָן עפּן געטאָן די טיר און עס האָט זיך אַריינגעשטעלט אין בית־המדרש אַ היימישער ייד, וואָס איז אַ פריידיקער צוגעלאָפן צום „שאגת אריה״ און צו אים געזאָגט:

— רבי, איך זוך דאָך אייך אַרום. איך בין צו אייך געשיקט געוואָרן פון ווילנער גביר, ר׳ מיכל פּעשלס. ער בעט אייך, איר זאָלט, למען־השם, קומען קיין ווילנע. ער האָט מיט אייך איבערצורעדן אַ וויכטיקן ענין. ער האָט מיר אויך מיטגעגעבן פאַר אייך די הוצאות־הדרך.

דער „שאגת אריה״ קוקט שאַרף אָן דעם ווילנער יידן און ענטפערט אים פאַרביטערט:

— מסתמא וועגן דער ווילנער רבנות? זאָגט אייער גביר, אַז אריה לייב וויל ניט זיין קיין רב.

דער ייד פאַרלויפט אים גיך דעם וועג און זאָגט:

— רבי, איך האָב פאַרגעסן מוסיף צו זיין, אַז ר׳ מיכל פּעשלס האָט מיך געבעטן אייך צו זאָגן, אַז דער ענין האָט ניט צו טאָן מיט קיין רבנות. און ווידער, האָט דאָך שוין איצט ווילנע אַ רב — ר׳ שמואל. ער איז דער זון פון ר׳ אביגדור, דעם ראַזשאַנער רב, און ער איז אויך דעם „יסודס״ אַן איידעם.

דער „שאגת אריה״ פרעגט אים אי מיט נייגעריקייט און אי מיט שפּאָט:

— קען אייער רב עפּעס לערנען?

דער ייד קוקט אָן דעם „שאגת אריה״ אַ נשתוממדיקער און זאָגט צו אים מיט פאַראיבל:

— רבי, וואָס רעדט איר? יענער איז דאָך אַן עילוי, ער איז אַ בקי בש״ס און פּוסקים, און איז אַ שאַרפער פּלפּול־קאָפּ. עס איז גאָר ניט בנמצא אַזאַ מצוין צווישן די יונגעלייט אין די איצטיקע דורות.

דער „שאגת אריה״ מאַכט זיך, ווי ער וואָלט גאָר ניט געהערט, וואָס דער ייד האָט גערעדט און מיט תמימות האָט ער אים ווידער געפרעגט:

— קען אייער רב כאָטש רעכט זאָגן אַ פּסוק חומש מיט רש״י?

דעם ווילנער יידן פאַרדריסט, וואָס דער „שאגת אריה״ חוזקט פון יונגן רב. אָבער אויס דרך־ארץ פאַר ר׳ אריה לייבן, דעם באַרופענעם גאון, פאַרשווייגט ער און ענטפערט אים ניט אויף דעם. ער לאָזט בלויז אַרויס אַ טיפן, אויסגעוויטיקטן קרעכץ. דער „שאגת אריה״ האָט אַזש אויפגעצאַפּלט פאַר רחמנות, האָט ער אָנגעהויבן צו טרייסטן דעם ווילנער יידן:

— איר זיפצט נעבעך! עס גייט אייך אוודאי ניט גוט אויף דער וועלט. איר האָט מסתמא ניט קיין פּרנסה. דאגהט ניט, השם יתברך וועט אייך צושיקן די ישועה.

דער ייד האָט אים גלייך באַרואיקט און געזאָגט:

— רבי, איך האָב זיך ניט וואָס צו באַקלאָגן. דער רבונו־של־עולם האָט אין מיר ניט פאַרגעסן. ער האָט מיר געגעבן מער ווי עס קומט מיר. הלוואי זאָל איך ניט פאַרשעמט ווערן אויף יענער וועלט, ווי איך בין ניט פאַרשעמט געוואָרן אויף דער וועלט. איך האָב געזיפצט, ווייל איך האָב זיך דערמאָנט, אַז אין מיין ווילנע פלאַקערט אַ ביטערע מחלוקה און די שטאָט איז דערווייל געבליבן אָן אַ נאַכט־וועכטער.

דער „שאגת אריה" כאַפּט ניט דעם יידנס כוונה. פרעגט ער אים:

— וואָס מיינט איר: אַ נאַכט־וועכטער?

דער ייד ענטפערט מיט אומעטיקייט:

— איך וועל עס אייך מסביר זיין. זינט דורות און דורות האָט זיך ביי אונדז, אין ווילנע געפירט, אַז ביים רב אין שטוב איז די גאַנצע נאַכט געווען ליכטיק. יעדן פאַר מעריב פלעגט אַהין קומען דער שטאָט־שמש אָנשמעלצן ליכט, אויפן חשבון פון קהל, פאַרשניצן די קנויטן און זיי אָנצינדן.

גלייך נאָך מעריב פלעגט דער רב גיין זיך צושפּאַרן. אָבער ווי נאָר די וועכטער פון שטאָט פלעגן נעמען קלאַפּן מיט זייערע קאַלאַקאַטקעס צו וויסן געבן, אַז עס איז שוין האַלבע נאַכט, פלעגט דער רב זיך צוריק אויפהייבן פון זיין געלעגער, זיך וואַשן און זיך זעצן לערנען ביי די ליכט. ער האָט געלערנט אַ גאַנצע נאַכט, ביז ער פלעגט דערהערן די טריט פון די פרושים, וואָס האָבן זיך אין פריען באַגינען געיאָגט איבערן שטיינערנעם ברוק אין די קלויזן אַריין. איז שטאָט געווען זיכער, אַז עס איז דאָ אַ וועכטער וואָס היט, אַז עס זאָל אפילו אויף אַ מינוט ניט איבערגעריסן ווערן דער „והגית בו יומם ולילה."

אָבער איצט, זיפצט ווידער דער ייד, איז ביים רב אין שטוב די גאַנצע נאַכט פינצטער. ר' שמואל בן אַביגדור לאָזט ניט דעם שמש אָנצינדן די ליכט. ער טוט עס צו להכעיס די פרנסים, וואָס פירן קעגן אים אַ מחלקה און זיי זוכן מיטלען ווי אָפּצוזאָגן אים פון דער רבנות.

דער „שאגת אריה" טשאָמקעט מיט די ליפּן, און בלאָזט פון זיי אַרויס ווי רויך. און מיט אַמאָל גיט ער זיך אַ כאַפּ:

— ר' ייד, אפשר נויטיקט זיך ניט ר' שמואל בן אביגדור אין קיין ליכט? אפשר בלויז לפנים ליגט ער אויפן געלעגער, אָבער ער איז וואַכיק און ער לערנט פון אויסנווייניק!

דער ייד שפּרינגט אַזש אויף פון פרייד:

— רבי, דאָס איז מיר גאָרניט איינגעפאַלן. איצט הויב איך אָן צו גלויבן, אַז אונדזער רב לערנט טאַקע אַ גאַנצע נאַכט. ער האָט דאָך אַ געוואַלדיקן זכרון און ער געדענקט שיינע עטלעכע מסכתות אויפן קאָפּ.

אין התלהבות פאַרגעסט דער „שאגת אריה", אַז עס איז בלויז זיין אייגענע השערה, ער פאַרגייט זיך אין לויב און זאָגט: עס איז אַ קלוגער איינפאַל פון אייער יונגן רב: ער לערנט אַ גאַנצע נאַכט און ער מאַכט זיך ווי ער שלאָפט.

צוליב די אַמאָליקע רדיפות אויף אים, אַריה לייבן, אין וואָלאָזשין, איז ער שוין לאַנג געקומען צו דער הנחה, אַז אויב אַ רב געפעלט ניט דער שטאָט, איז דאָס דער בעסטער סימן, אַז יענער איז טאַקע אַן אמתער רב. מהאי טעמא, איז דער יונגער עילוי, שמואל בן אביגדור, געוואָרן אים נאָענט און אייגן, ווי ער וואָלט מיט אים געווען אַ מקורב שויז זינט יאָרן און יאָרן. כאָטש ערשט איצט האָט ער צום ערשטן מאָל געהערט דערמאָנען זיין נאָמען. אויפגערעגט און נייגעריק האָט ער זיך גענומען בעטןביים ווילנער תושב:

— ר׳ ייד, איך זע, אַז איר האָט ליב די תורה און אירע לומדים, טאָ טוט אַ גמילת־חסד, מיט מיר, דעם אַלטן מאַן, און זאָגט מיר וואָס זיינען די תביעות און טענות פון אייערע פּרנסים? וואָס פאַר אַן עוולות האָבן זיי געפונען ביי דעם שמואל בן אביגדור?

דער ווילנער ייד האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און, אַן חשק, האָט ער געענטפערט:

— רבי, איך בין מיין גאַנץ לעבן אַנטלאָפן פון לשון־הרע. איך היט מיך אפילו פון איבערדערציילן רכילות. אָבער איך פאָלג אייך ווי אַ תלמיד זיין רבין, און איך וועל אייך אַלץ דערציילן. אָבער איך זאָג אייך פאָראויס, אַז אַלע געשיכטעס וועגן יונגן רב זיינען שקר־וכזב. די פּרנסים, גראָבע לייט, האָבן עס אויסגעקלערט פון זייערע אייגענע קעפּ. עס איז אַ חרפה און אַ בושה. אַזוינע רייד האָט מען נאָך ניט געהערט ריידן אויף קיין רב. אָט, למשל, טענהן די פּרנסים, אַז דער יונגער רב פוילט זיך אפילו צו דאַוונען. און אַנשטאָט זיך צו פאַרענטפערן רייצט ער זיך נאָך מיט די גבאים. ער לאָזט מיט אַ כיוון דעם עולם וואַרטן אויף אים מיטן דאַוונען. און צום סוף שיקט ער דעם שמש זיינעם אָנזאָגן: דער רב קען ניט קומען!

דער „שאגת אריה" הייבט אָן זיך לאַנגווייליקן. ער זעט דאָ ניט קיין געוואַלדיקייט. עס איז ניט מער ווי אַ קינדער־שפּיל. אָבער ער עפנט מויל און אויערן, ווען ער הערט ווי דער ייד זאָגט:

— די פּרנסים טענהן אויך, אַז דער יונגער רב האָט ליב דעם בי־טערן טראָפּן, און אפילו ווען ער זיצט ביי דין־תורהס איז ער בגילופינ־דיק...

אין „שאגת אריהס" אויגן האָט זיך אָנגעצונדן אַ פייערל. מיט גירי־קייט האָט ער איבערגעפרעגט:

— איר זאָגט, אַז די פּרנסים טענהן, אַז דער יונגער עילוי האָט ליב דעם ביטערן טראָפּן? דאָס איז דאָך פליאהדיק? א רב אַ שיכור? אַ טייערער איינפאַל! די ווילנער יידן זיינען דאָך טאַקע קלוגע יידן! מיינע וואָלאָזשינער באַלעבאַטים, די שוטים, וואָלטן זיך קיינמאָל צו דעם ניט דערטראַכט... אייער רב הויבט מיר דאָך אָן גאָר שטאַרק צו געפעלן. עס איז דאָך שטיק פון אַן אמתן עילוי, און פון גאָר אַ הויכער מדרגה... זיי, די פּרנסים, די גראָבע יונגען, זיינען ניט קיין מבינים אויף אַזוינע

הויכע ענינים... איז ביי זיי רעכט, אַז ער, דער עילוי, איז פּשוט אַ שיכור . . . אַי, — שרייט דער „שאגת אריה" אַרויס מיט פריד, — איך הויב אָן צו גלויבן, אַז ער איז דער ריכטיקער מענטש, וואָס איך זוך אַרום מיין גאַנץ לעבן.

דער „שאגת אריה" האָט אין איילעניש אַ כאַפּ געטאָן זיין טאָרבע מיט די כלים, און בריהש אַרויפגעוואָרפן אויף זיינע אַלטע אויסגעבויגענע אַקסלען. דער ווילנער ייד איז נשתומם געוואָרן. וואָס איז דאָ פּלוּצים געשען מיט דעם אַלטן גאון? און ער דערזעט, אַז דער „שאגת אריה" שטייט שוין פון דער אַנדער זייט טיר און רופט צו אים מיט מוט און פרייד:

— ר׳ ייד, זייט געזונט, איך שפּאַן קיין ווילנע...

דער ווילנער ייד שרייט אים נאָך:

— רבי, איר האָט דאָך פאַרגעסן צו נעמען ביי מיר די הוצאות־הדרך, וואָס דער גביר, מיכל פּעשלס, האָט פאַר אייך געשיקט!

— ר׳ ייד, אַ גרויסן דאַנק אייך. איך נויטיק זיך טאַקע אין כסף. אָבער איך טאָר דאָס געלט ניט נעמען. וואָרים איך גיי ניט קיין ווילנע צו זען גבירים. אריה לייב האָט זיי ניט ליב . . . איך גיי גאָר צו כאַפּן אַ שמועס מיטן עילוי...

דער „שאגת אריה" איז געקומען קיין ווילנע בלויז צו זען, צי דער יונגער ווילנער רב, דער עילוי, איז טאַקע דער גדול־הדור. פונדעסטוועגן איז ער פאַרפאָרן צום ווילנער גביר, ר׳ מיכל פּעשלס. יענער האָט דאָך אים געשיקט אויף הוצאות צו קומען קיין ווילנע. אַי, ער האָט עס ניט גענומען, דאָס איז שוין אַן אַנדער ענין.

ר׳ מיכל פּעשלס האָט געהאַט צוויי איידעמס — סעדיה און זעלמעלע. זיי, די יונגעלייט, האָבן זיך מיט אים זייער דערפרייט. דער יינגערער איידעם, זעלמעלע, האָט געשטאַמט פון וואָלאָזשין. ווען ער האָט יינגלוויז געלערנט ביי אים, דעם „שאגת אריה", האָט ער זיך פון אים ניט געקאָנט אָפּ־לויבן:

— איר׳ט זען! מיין זעלמעלע וועט אויסוואַקסן אַ גאון.

— ר׳ מיכל פּעשלס, אַ גרויסער וואַלד־סוחר, האָט ניט ליב געהאַט צו פּטרן צייט אומזיסט. האָט ער גלייך פאַרבעטן דעם „שאגת אריה" צו זיך אין חדר און געזאָגט:

— רבי, איך האָב צוויי איידעמס,ביידע עילוים. עס איז ניט פאַר מיר צו שאַצן ווער עס איז גרעסער פון זיי ביידן. מיין שטוב איז גרויס, און אַלע חדרים זיינען פול מיט ספרים. קלייבט זיך אויס וועלכן חדר אייך געפעלט, ווי ביי זיך אינדערהיים און לערנט מיט מיינע איידעמס. שכר־לימוד שטעלט זיך וויפיל אייער האַרץ גלוסט. אָבער ניט וויניקער, ווי עס קריגט אַ רב אין דער גרעסטער קהילה — שמייכלט גביריש ר׳ מיכל פּעשלס.

דעם „שאגת אריה" איז דער ענין געפעלן. ער איז שוין מיד פון וואַנדערן איבער ווייטע שטעט און פרעמדע מדינות. עס האָט אים אויך

שטאַרק געצויגן צו זעלמעלען, זיין אַמאָליקן תלמיד. ער, ר׳ אריה לייב, וואָס האָט אַזוי געגאַרט נאָך אַ רבין, האָט געטראַכט פאַר זיך אַליין: אפשר וועט מיין נבואה מקוים ווערן, און זעלמעלע וועט זיין ניט מיין תלמיד, נאָר מיין רבי. איך וועל זיין זעלמעלעס תלמיד. איך האָב דאָך שוין יאָר לאַנג אים ניט געזען. איך האָב אים אַ יונג יינגל נאָך איבערגעלאָזט אין וואָלאָזשין און ער האָט שוין דעמאָלט אַרויסגעוויזן גאונות.

דער „שאגת אריה" האָט גלייך געוואָלט זאָגן צום רייכן יידן: — ר׳ מיכל. איך בין מסכים. איך נעם עס אָן מיט פאַרגעניגן. איך בין אפשר מער צוגעפּאַסט צו זיין אַ מלמד, ווי אַ רב. ער האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז ער איז דאָך געקומען קיין ווילנע גאָר צו זען דעם יונגן רב, ווידער, איז ער דאָך קודם־כל מחויב גיין צו אים און אָפּגעבן דעם כבוד, וואָס עס קומט אים אַלס מרא־דאתרא. האָט ער געזאָגט צו ר׳ מיכל פּעשלס:

— איידער איך גיב אייך אַ תשובה, מוז איך פריער גיין זען אייער רב.

מיכל פּעשלס האָט געגלויבט, אַז דער „שאגת אריה" וויל זיך נאָכ־פרעגן ביים רב, צי מען קען זיך פאַרלאָזן אויף זיין וואָרט. ער האָט עס ניט געהאַלטן פאַר קיין פּחיתת הכבוד, נאָר אדרבא, פאַר סוחריש קלוג.

דער „שאגת אריה" האָט זיך אין ערגעץ ניט גערירט אָן זיין טאָרבע, וואו עס איז געלעגן זיין טעפּל מיט טעלער און לעפל, ווייל טאָמער פאַר־חלשט אים דאָס האַרץ. ווידער האָט ער געהאַלטן, אַז דאָס האָבן דאָס שטיקל ברויט און די גרויפּן מיט זיך, איז דאָס אַליין שוין אויך אַ גוטער מיטל עס זאָל ניט הונגערן. ווי די רבנן זאָגן: „אין דומה למי שיש לו פת בסלו" — אַז מען האָט מיט זיך דאָס שטיקל ברויט, איז שוין גאָר אַנדערש. האָט ער גענומען זיין טאָרבע און זיך געלאָזט גיין צום רב.

די שטוב, אין וועלכער דער ווילנער רב האָט געוואוינט, האָט פאַר אים אויסגעבויט זיין שווער, דער „יסוד". און ווי די קלויז זיינע, אַזוי האָט ער, דער „ספרא ודיינא", אויך דעם „בית־הרב" געלאָזט אויפשטעלן מיט דער ברייטער האַנט. עס האָט זיך געשפּיגלט, ווי אַ פּריצישער פּאַ־לאַץ. די דילן אויסגעבעט מיט טעפּיכער, מיט געמאָלן פון אַלערליי חיות און פייגל.

דער „שאגת אריה", אין זיין אָרעמען הילוך, מיט דער טאָרבע אויף דער פּלייצע, האָט זיך דערשפּירט זייער ניט היימיש אין דעם רייכן אויסגעפּוצטן הויז. און אַ פאַרחידושטער גערעדט צו זיך אַליין:

— אָט־דאָ וואוינט אַ רב?

ר׳ שמואל בן אַביגדור האָט מיט יאָרן פריער שוין געהאַט געזען דעם „שאגת אריה", האָט ער אים גלייך דערקענט, כאָטש ר׳ אריה לייב איז שוין איצט געווען אינגאַנצן גרוי און שטאַרק פאַרעלטערט. דער יונגער עילוי האָט זיך פאַר זיך אַליין פאַרשעמט, וואָס דער „שאגת אריה", דער געוואַלדיקער גאון, דאַרף זיך אויף דער עלטער אַזוי פיל מוטשען. בשעת ער, שמואל, נאָך אַ יונגערמאַן, לעבט אין רחבות, און ווי תמיד,

ווען ער, דער רב, געפינט זיך אין אַ קלעם, האָט ער אויך דאָס מאָל זיך גערופן צו זיין קלוגן זיווג:

— רביצין, מיר האָבן אַ גרויסן גאַסט! דעם „שאגת אריה״!

זי, די וואוילגעלערנטע פרוי האָט געוואוסט די חשיבות פון דעם „שאגת אריה״, און אַז ער איז אַ גרויסער בעל־מבטל. איז איר, דער קלוגער פרוי, די בעל־תכליתניצע גלייך איינגעפאַלן, אַז ווען מען קען איצט געפינען חן ביי אים אין די אויגן און אַרויסקריגן ביי אים אַן הסכמה, אַז איר מאַן איז אַן עילוי, וואָלט עס גלייך פאַרשטומט די מיילער פון זיינע בעלי מחלקה.

זי האָט זיך פאַרדעקט דעם קאָפּ מיט אַן אַלטן טוך, עס אַריבערגע־צויגן איבער די אויגן. זי האָט זיך איינגעבויגן, און שטיל, מיט קליינע פרומע טריט, פּאַמעלעך אַריין אין פאָדער־שטוב. זי האָט גלייך דער־קאָנט, אַז דער „שאגת אריה״ איז פאַרחידושט פון דער עשירות, און מיט חכמה, אונטערזיפצנדיק, האָט זי צו אים געזאָגט:

— רבי, זאָל אייך ניט וואונדערן דער פוסטער גלאַנץ. מיר האָבן עס ניט געטאָן פאַר אונדזער וואוילטאָג. אונדזער איינציקע כוונה איז אַרויס־צורופן ביי די אומות־העולם דרך־ארץ פאַרן רב. זייערע שררות קומען אָפּט צו מיין עילוי. זיי פרעגן ביי אים עצות, און זיי האָבן פאַר אים אפילו דין־תורהס. און ניט דווקא מיט יידן, נאָר אויך ווען זיי האָבן סכסוכים מיט זייעריקע. האָט דער רב דערווייל אַ געלעגנהייט אָפּצושרייען ביי די רשעים שלעכטע גזירות.

דער „שאגת אריה״ האָט זי רעכט אַפילו ניט געהערט. ער איז געווען פאַרטאָן מיט די אויסגעמאָלטע פייגל און חיות. ער זעט זיי צום ערשטן מאָל. האָט ער געהאַלטן אין איין פרעגן דעם יונגן רב זייערע נעמען. ער, דער עילוי, האָט בלויז עטלעכע געקענט אָנרופן, די איבעריקע האָט ער איבערגעלאָזט פאַר זיין רביצין צו ענטפערן. זי, די וואוילגעלערנטע, האָט יעדן פויגל און יעדע חיה אָנגערופן מיט אַ חומש אָדער גמרא נאָמען. דער „שאגת אריה״ איז אַריין אין התפעלות פון איר גרויס קענטשאַפט, און צו איר געזאָגט:

— געוויינטלעך זיינען נשים ניט קיין גרויסע למדניותן. אָבער עס זיינען געווען עטלעכע, וואָס האָבן פאַרשטאַנען לערנען, און אפילו גע־פסקנט דינים. ווי עס ווייזט אויס זייט איר פון די נשים מלומדות. און מען קען מיט אייך ריידן אין לערנען.

זי האָט פרום געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— דער עילוי ביי אונדז אין שטוב איז מיין מאַן, ר׳ שמואל. איך פיר בלויז די באַלעבאַטישקייט אין שטוב.

זוכנדיק אַרויסצואווייזן פריינטשאַפט, האָט זי אַריבערגעצויגן דעם שמועס אויף פּשוטע יום־טוב זאַכן, און מיט תמימות צו אים געזאָגט:

— אפשר איז ניחא דעם רבין, אַז איך זאָל פאַר אים עפּעס צו שטעלן עסן. דער רבי מעג פון מיינע כלים רואיק טועם זיין, איך בין זייער

מדקדק אויף כשרות, איך האָב צוויי קיכן, איינע פאַר פליישיקס און איינע פאַר מילכיקס.

דער „שאגת אריה" איז געבליבן געפּלעפט, און, אַ פאַרחידושטער, געזאָגט:

— צוויי קיכן? דאָס בין איך שוין אַ בעלן צו זען. זייט אַזוי גוט און פירט מיר ווייזן די מילכיקע קיך.

דער „שאגת אריה", וואָס האָט אַזוי פיל אַרומגעוואַנדערט, און אויפן וועג געזען אַזוי פיל פאַרשיידנאַרטיקע קיכן, ווארים, ער, דער פרום אָפּ־געהיטער מענטש, האָט אַליין געקאָכט פאַר זיך זיין שפּייז. דאָך איז ער נשתומם געוואָרן. ער האָט נאָך ביז איצט קיינמאָל ניט געזען אַזעלכע גרויסע קופּערנע פאַנען און טעפּ, וואָס האָבן פון די פּאָליצעס דאָ אַראָפּ־געשיינט. מער פון אַלץ האָט ער זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן פון דעם אויוון, וואָס מען זעט גאָר ניט אַרויס דאָס פייער. עס האָט אים געלאָקט צוצושטעלן אויפן אויוון אַ פענדל גרויפּן, און מיט די אייגענע אויגן זען ווי עס קאָכט זיך. האָט ער אָבער זיך מיישב געווען און פאַר זיך אַליין געטראַכט:

—ווי קען מען דאָס פאַרשעמען אַזאַ יחסנדיקן אויוון און זיך שטעלן קאָכן אויף אים גריצענע גרויפּן „מיט־נישט". און ווידער, וואָס עפּעס צוויי קיכן? אמת, עס קען זיך שוין דאָ ניט מאַכן קיין שאלה. אָבער דאָס גופא איז דאָך שוין אַ שאלה: צו וואָס צוויי קיכן? סיידן צו מאַכן אויס דעם שולחן־ערוך. וואָס? מען דאַרף אים טאַקע ניט מער? דאָס אַליין איז שוין ווי פאַרשעמט ר' יוסף קאַרון, דעם רמ"א, דעם „באר הגולה", און די אַלע מפרשים, וואָס האָבן אַזוי שווער געהאָרעוועט אויסצוטייטשן די דינים פון כשרות. איז זי די רביצין דען קליגער פון זיי? זי האָט איינגעפירט צוויי קיכן און פאַרשפּאָרט דאָס גאַנצע פּסקענען. ניין! ער, ר' אריה לייב, וועט דאָ אין קיך ניט קאָכן. ער וועט אויף יענער וועלט זיך שעמען אָנקוקן אָט־די אַלע גרויסע לייט.

ער איז גיך אַרויסגעלאָפן פון קיך, ער איז אַ יאושדיקער צוגעגאַנגען צום יונגן רב און קאַלטלעך צו אים געזאָגט:

— די וועלט זאָגט, אַז איר זייט אַן עילוי, טאָ לאָמיר אדרבא הערן אייערע חידושי־תורה.

ר' שמואל בן אביגדור האָט שטאַרק געגלויבט אין זיין עילוישקייט. אָבער פון פּחד פאַרן "שאגת אריה", דעם בעל־מבטל, האָט ער ניט געקענט עפענען דאָס מויל. זיין זיווג איז אָבער געשטאַנען הינטערן טיר און האָט אין דער שטיל אים געמוטיקט:

— שמואל, געדענק, אַז דו ביסט אַן עילוי, און קיינער, אפילו דער „שאגת אריה", קען פון דיר ניט אַוועקנעמען דיין לומדות...

האָט ער זיך צוריק דערשפּירט זיכער און גענומען זאָגן שאַרפע „חילוקים", און טאַקע עילוישע. זיינע חידושי־תורה, האָבן דעם „שאגת

אריה" ניט גענומען. ער האָט עס גלייך אַרויסגעוויזן מיטן פֿאַרסקן מיט זיינע ליפּן און אָכטצען. צום סוף האָט ער שוין, מיט רוגזה, געטאָן אַ זאָג:

— עס איז עפּעס ניט דאָס! איר וואָלט אפשר געוואָרן אַ למדן. אָבער גיי ווער עס, אַז אַזוי פיל חיות שטשירען אויף אייך מיט די ציין. די תורה איז ניט געגעבן געוואָרן פֿאַר די, וואָס וואוינען אין פּאַלאַצן מיט גאַנצע צוויי קיכן.

דער יונגער ווילנער רב האָט אומעטיק געשוויגן, אָבער זיין רביצין האָט זיך פון הינטער דער טיר אָפּגערופן:

— רבי, אונדזערע הייליקע תנאים זיינען כמעט אַלע געווען עשירים. פֿאַר אַ נשיא האָט מען אויפגענומען ניט דעם אָרימאַן, ר׳ יהושע בן חנניה, נאָר דווקא דעם גביר, ר׳ אלעזר בן עזריה, עס איז גלייכער צו זיין אַ גביר אין קעשענע און אַן אָרימאַן אין מחשבה, איידער צו זיין אַן אָרימאַן אין קעשענע און אַ גביר אין דמיון.

דער „שאגת אריה" מאַכט זיך ניט הערנדיק. נאָר מיט אַמאָל אומ־געריכט גיט ער זיך אַ רוף אָפּ:

— איך וועל זיך אונטערגעבן, און איך וועל אפילו פון דער בימה אויסרופן, אַז איר זייט אַן עילוי, אויב איר וועט פֿאַרענטפֿערן מיינע אַ קשיא אויף אַ „תוספות", און אָט איז זי...

די רביצין, די גרויסע חכמה, האָט גלייך דערזען, אַז עס האַלט שמאָל. איר שמואל האָט ניט דעם ענטפער. און וועלנדיק אים אַרויסראַטעווען פון דער פֿאַרלעגנהייט, האָט זי מיט כלומרשטן נצחון זיך צו אים אָנגערופן:

— גרויסער עילוי מיינער, האַרך זיך דאָס מאָל צו — צו אַ נאַרישער יידענע און ענטפער עס ניט... און רייד ניט מער מיטן „שאגת אריה" אין לערנען. ער איז צו אונדז געקומען בלויז צו קענען וויזן דער וועלט, אַז דו ביסט אַן עם־הארץ.

דער „שאגת אריה" האָט געשמייכלט און געזאָגט:

— עס איז שוין געווען אַמאָל אַזאַ פרוי, ווי איר. אויך יענע האָט די זעלביקע רייד געזאָגט צו איר מאַן.

די רביצין לאָזט אים ניט פֿאַרענדיקן און זי שרייט אויס מיט צאָרן:

— איר נאָמען איז געווען ילתא. גיט אדרבא, אַ קוק אין מסכתא „קידושין" דף ע׳, און טאָמער ווילט איר, רבי, וויסן, וואָס זי האָט געטאָן, ווען זי איז געוואָרן בייז אויף אַזוינע לייט ווי איר, טאַ גיט אַ קוק אין „ברכות", דף נ"א.

דער „שאגת אריה" האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין טאָרבע און זי אויף גיך אַרויפגעוואָרפן אויף די פּלייצעס און, שוין שטייענדיק ביים טיר, האָט ער זיך אומגעקערט און בייזלעך אַ זאָג געטאָן:

— איך פיר ניט קיין וויכוחים מיט נשים. זיי זוכן טאַקע דעם אמת, אָבער בלויז דעם אמת, וואָס עס לוינט זיי... און דער „קול באשה ערווה", איז אויך אין „ברכות", און טאַקע אויף דעם זעלביקן דף נ"א...

אינדרויסן האָט שוין אויפן „שאגת אריה" געוואַרט דאָס יונג פּרושל

מיטן שוואַרצן בערדל. ער האָט זיך פאַר אים פאַרנויגט מיט יראת־הכבוד און שטיל, זיך צו אים געווענדעט מיט געבעט:

— רבי, איך בין צו אייך געשיקט געוואָרן פון דעם „ראש" איבער די ווילנער פרושים. ער בעט אייך, איר זאָלט זיין אַזוי גוט און קומען אויפן שול־הויף, און ריידן און לערנען מיט ר׳ אליהון, וואָס איז אַ גאון הגאונים.

— דער „שאגת אריה" האָט מיט אַ שמייכל אָנגעקוקט דאָס פרושל, און געזאָגט:

— יונגערמאַן, אפשר ווייסט איר, וואו עס וואוינט דאָ אַ ייד, וואָס איז ניט קיין עילוי און ניט קיין גאון?

דאָס פרושל האָט מיט אים מיטגעשמייכלט, ווייל דער „ראש" האָט אים שטרענג אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל ניט דערצאָרענען דעם „שאגת אריה" און ער זאָל פון אים פאַרנעמען אַפילו שטרענגע רייד.

ער, דער „ראש", וואָס האָט לכתחילה מורא געהאַט, אַז דער „שאגת אריה" קען נאָך אפשר מבטל מאַכן ר׳ אליהון, און מען וועט מוזן אָפּלייגן די התגלות פון דעם נייעם גאון. אָבער שפּעטער האָט ער שוין, אדרבא, געגאַרט צוזאַמענצוברענגען די צוויי גאונים. ער האָט צו די פרושים געזאָגט:

דווקא ער, דער „שאגת אריה", קען מאַכן גרויס ר׳ אליהוס נאָמען, וואָרום אַז ער וועט זאָגן, אַז ר׳ אליהו איז דער גרעסטער גאון פון אַלע צייטן, וועלן אַלע אים גלויבן. טאַקע דערפאַר, וואָס ער איז באַרופן אין דער וועלט, ווי אַ בעל־מבטל. איך, חיים יוסף, בין אָבער בטוח, אַז דווקא ער וועט גלייך דערקענען און אָפּשאַצן גאָר הויך ר׳ אליהוס גאונות. איך שטיץ זיך דאָ אויף אונדזער תורה. וואָרום איינע פון די יסודות, אויף וואָס די תורה ווערט געדרשנט, איז דער „קל־וחומר". לערן איך דאָ אויך אַ „קל־וחומר" און זאָג: מה־דאָך אַ פּשוטער שניידער האָט דערזען ר׳ אליהוס גאונות, וועט דער „שאגת אריה" עס אַוודאי דערזען. און איך זאָג פאַר אייך איצט איבער, וואָס איך האָב געזאָגט, ווען דער אַלטער שניידער האָט אויסגעגעפּלאָפּלט דעם סוד וועגן ר׳ אליהון: — אויף גרויסקייט זיינע אַלע מבינים, סיי קליין און סיי גרויס.

דער „שאגת אריה" האָט ניט געהאַט קיין חשק צו גיין ריידן אין לערנען מיט עפּעס איינעם אַ ר׳ אליהון, וואָס די ווילנער פרושים האַלטן פאַר אַ גאון. ער, אריה לייב האָט זיך שוין צופיל מאָל אָפּגענאַרט. נאָך לאַנגן בעטן האָט ער איינגעוויליקט. אָבער אויפן וועג צו דער שניידערשער קלויז, האָט ער עטלעכע מאָל זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט זיך געספקט, און נאָכדעם צו זיך אַליין געזאָגט:

— אריה לייב, דו האָסט זיך דאָך שוין אַזוי פיל מאָל אָפּגענאַרט, ווערסטו זיך נאָך איינמאָל אָפּנאַרן. עס איז ניט קיין אחריות.

האָט ער שוין גענומען לויפן אין גרויס געאייל, אַז אַפילו דאָס פרושל, וואָס איז געווען אַזוי ספּריטנע אויפן גאַנג, האָט אים קוים נאָכ־

געהאַלטן. ווען ער איז אַריין אין קלויז, איז ער געווען בייזלעך און ער האָט געפרעגט די פרושים מיט שפּאָט:

— וועלכער פון אייך איז דאָס דער גאון?

ר׳ חיים וויזשונער האָט גוטמוטיק אונטערגעשמייכלט און מיט גרויס כבוד אים צוגעפירט צו ר׳ אליהון און געזאָגט:

— רבי, לעבן אייך שטייט דער „שאגת אריה.״

דער גאון האָט באַלד אויסגעשטרעקט די האַנט און מיט וואַרעמקייט געזאָגט:

— שלום-עליכם אייך רבי!

דער „שאגת אריה״ האָט אָן חשק דערלאַנגט דעם גאון די האַנט און בייזלעך געענטפערט:

— עס איז אַן עבירה צו פטרן צייט אויף דברים-בטלים. פאַרענט־פערט מיר בעסער אַ קשיא אויף אַ תוספות. איך האָב עס שוין געפרעגט אייער ווילנער רב, וואָס וועלט האַלט פאַר אַן עילוי, און אויך ער האָט ניט געקענט פאַרענטפערן.

ר׳ אליהו האָט מיט פאַראיבל אַ הייב געטאָן מיט די אַקסלען. עס איז אים ניט געווען צום האַרצן צו הערן אַזוינע שאַרפע ביטולדיקע רייד. ער האָט אָבער שטיל און רואיק אויסגעהערט דעם „שאגת אריהס״ קשיא און אָן קיין שום מי, ער האָט אפילו קיין קנייטש ניט געטאָן מיטן שטערן און אין אַן הרף־עין האָט ער עס פאַרענטפערט.

דער „שאגת אריה״ האָט אַ נשתוממדיקער אים אָנגעקוקט און מיט ברען אַ פרעג געטאָן:

— און אָט איז נאָך אַ קשיא, און שוין אויף אַ גמרא, אין סדר „קדשים״. אדרבא, פּרוּווט אָפּשלאָגן אָט-די קשיא.

ר׳ אליהו איז זיך געשטאַנען אַ רואיקער ביי זיין שטענדער און ער האָט אויך די נייע קשיא גלייך פאַרענטפערט. דער „שאגת אריה״ האָט זיך אַ פאַרלוירענער אַרומגעקוקט און צערודערט געגרעדט צו זיך אַליין:

— אריה לייב! איז אָט דער יונגער פרוש טאַקע אַ גאון? ניין! ס׳גלייבט זיך מיר ניט! מען האָט מיך שוין צופיל מאָל אָפּגענאַרט. אָבער מער וועל איך זיך שוין ניט לאָזן אָפּנאַרן.

און באַלד האָט ער זיך מיט אימפעט ווידער אַ כאַפּ געטאָן:

— איך וועל אייך פרעגן נאָך אַ קשיא. די וועט איר שוין אַזוי גרינג ניט קענען אָפּשלאָגן. איך האָב איר גוט צוגעשלאָגן.

ר׳ אליהו האָט מיט ישוב-הדעת זיך רואיק אָפּגערופן און געזאָגט:

— ר׳ אריה לייב, דאָס איז דאָך שוין גאָר קיין קשיא ניט. און אָט פאַרוואָס. אָבער צו וואָס אַזאַ אַריכות? עס איז דאָך, ווי איר אַליין זאָגט, אַן עבירה צו בטלן די צייט. טאָ לאָזט מיר אַליין אָפּזאָגן אייערע קשיות אויף איין מאָל און זיי אַלע פאַרענטפערן אויך אויף איין מאָל.

דער „שאגת אריה״ האָט אָנגעקוקט ר׳ אליהון פול מיט פחד:

— פון וואַנען ווייסט איר דאָס מיינע קשיות? וואָס, איר זעט זיי ברוח־הקודש?

ר׳ אליהו ענטפערט אים רואיק:

— לויט אייער דרך אין לערנען פאַרשטיי איך, וועלכע סוגיות זיינען אייך קשה. און לערנען איז טאַקע רוח־הקודש. און אָט זיינען אייערע קשיות אויף סדר „נזיקין."

ר׳ אליהו האָט בצמצום, אין געקליבענע און ווייניק ווערטער, געפרעגט איין קשיא נאָך דער צווייטער; טאַקע די קשיות, וואָס זיינען ר׳ אריה לייבן געווען קשה, און זיי אויסגעשטעלט מיטן זעלביקן סדר.

דער „שאגת אריה" האָט זיך געכאַפּט ביים קאָפּ פון התפעלות, און מיט גרויס פחד גענומען שרייען אויפן הויכן קול:

— רבי, איר זייט הייליק און די ערד וואָס איר טרעט אויף איר, איז הייליק! בין איך גליקלעך, וואָס איך בין זוכה איצט מקיים צו זיין די מצווה, וואָס דער תנא זאָגט: „זאָלסט זיך קייקלען אין דעם זאַמד, אויף וואָס עס טרעטן תלמידי־חכמים"!

ער, דער „שאגת אריה", אַליין אַ גאון אין דער תורה, איז צוגעפאַלן צו דער ערדנער פאָדלאָגע און גענומען זיך קייקלען אין דעם שטויב.

ר׳ אליהו האָט אַ צעשראָקענער, זיך איבער אים אַריבערגעבויגן און מיט טרערן אין די אויגן זיך גענומען בעטן:

— רבי, הייבט זיך אויף! עס איז פאַר מיר אַ צו גרויסער כבוד. מען וועט דאָס נאָך אַראָפּרעכענען פון מיינע זכיות.

דער "שאגת אריה" האָט זיך אָבער ניט געלאָזט איבעררריידן און מיט השתפכות הנפש געענטפערט:

— רבי, איך קייקל זיך אין זאַמד ניט פאַר צער, נאָר פאַר פרייד. אויב איך האָב פאַרשעמט אַ תלמיד־חכם און אים גערופן: „בור דאוריתא", האָט איר איצט זיך פאַר אים אָפּגערעכנט, און מיך, אריה לייבן געמאַכט פאַר אַן עם־הארץ. איצט וועלן מייע עבירות ווערן אָפּגעווישט. אייער דרך אין לערנען לייקנט אינגאַנצן אָפּ מיין שניט אין לערנען. איך בין דאָך אַנטקעגן אייך נידעריקער ווי גראָז.

ר׳ אליהו האָט אים גענומען טרייסטן:

— ר׳ אריה לייב, אונדזערע דרכים אין לערנען זיינען טאַקע ניט די זעלביקע. אייערער איז פּלפּול. און מיינער איז פשט. איך קריג שטאַרק אויף פּלפּול, ווייל דאָס פירט ניט צו דעם אמתן טייטש. מען קען דאָך פּלפּולן און פּלפּולן אָן אַ סוף. אָבער איך בין ניט קיין מקפּיד. — זאָל זיין פּלפּול! אויב נאָר מען קומט צום אמת. און פּלפּול איז אויך אַ הויכער ענין. אַז מען וויל וויסן צי דער פשט איז ריכטיק, דאַרף מען אים אויס־פּרובירן דורך פּלפּול.

דער „שאגת אריה" האָט זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד:

— רבי, איך האָב מיין גאַנץ לעבן געהאָפּט, אַז איך וועל געפינען פאַר מיר אַ רבין. און איצט, אַז איך האָב שוין מצליח געווען, בין איך

אַלץ געבליבן אַן אַ רביז. וואָרום אייער דרך אין לערנען, איז אינגאַנצן אַנדערש פון מיינעם. און איך בין שוין צו אַלט זיך צו זעצן לערנען איבער־אַנייס, פון אָנהייב אָן. אָבער די גרויסע פרייד, וואָס איך האָב זוכה געווען צו זען אייך, דעם אמתן גאון, פאַרגיטיקט מיין צער. איר זייט ליכטיק און אייער וועג איז ליכטיק!

אַ דערמוטיקטער, האָט ער זיך האַסטיק געגעבן אַ הייב אויף פון דער ערד. ער איז צוגעלאָפן צו ר׳ חיים יוספן, אים אַרומגענומען און מיט פרייד אויסגערופן:

— מזל־טוב! מזל־טוב! לא אלמן ישראל. עס איז, ברוך־השם, נתגלה געוואָרן דער גדול־הדור. טאָ לאָמיר גיין אָנזאָגן דער וועלט די גוטע בשורה.

ער האָט גיך און געשיקט אַרויפגעוואָרפן די טאָרבע אויף דער פּלייצע און גענומען לויפן אַראָפּ מיט די טרעפּ. פּלוצים איז ער געבליבן שטיין.

דער יונגער ווילנער רב, ר׳ שמואל בן אביגדור, האָט אים פאַרצוימט דעם וועג און אַ צעשטראַלטער פון פרייד האָט ער מיט נצחון אויסגערופן:

— רבי, איך האָב דעם ענטפער אויף אייער קשיא. הערט מיך אויס!

דער „שאגת אריה״ האָט מיט ביטול אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— שוין ניט נייטיק. ר׳ אליהו, אַ פּרוש דאָ אין דער אַלטער קלויז, האָט דאָס שוין פאַרענטפערט. ער איז אַ גאון אפילו ביי גאונים. ווען איך וואָלט געווען אין אייערע יאָרן וואָלט איך ניט געמאַכט קיין שהיות, און זיך געזעצט לערנען ביי ר׳ אליהון.

דער יונגער רב איז אָבער איינגעשפּאַרט און ער האָט זיך ווייטער געבעטן:

— רבי, טוט מיר אַ גמילת־חסד און הערט מיין הסבר.

דער „שאגת אריה״ גיט ניט נאָך און ער פאָכעט מיט ביטול מיט דער האַנט:

—עס איז עבר זמנו, עס איז שוין צו שפּעט. עס איז שוין פאַרענטפערט, און אַ פאַרענטפערטע קשיא איז שוין קיין קשיא ניט, איז ממילא דער תירוץ שוין קיין תירוץ ניט.

דער יונגער רב ציט זיך אויס אין זיין גאַנצער הויך; ער קוקט שאַרף אָן דעם „שאגת אריה״ און זאָגט מיט אַ שטרענגן קול:

— איך שמואל בן אביגדור, בין דער מרא דאתרא דאָ, אין ווילנע, און מיט דעם כוח בין איך אויף אייך גוזר איר זאָלט מיך אויסהערן.

דער „שאגת אריה״, דער פרומער מאַן, האָט ציטערנדיק פון שרעק, גענומען איבערבעטן דעם יונגן עילוי:

— רבי, זייט מיר מוחל, וואָס איך האָב אייך פוגע בכבוד געווען. עס איז מיר לחלוטין אַרויס פון זינען, אַז איר זייט דער מרא דאתרא. איך גיב זיך אונטער. איך וועל אייך אויסהערן. איך בעט רשות צו זאָגן אייך נאָכדעם מיין החלטה.

דער יונגער רב האָט אַ ווילע געטראַכט און דערנאָך געזאָגט:

— איך גיב אייך דאָס רעכט מיט מיין גאַנצן רצון. איך האָב פיינט טובות. איך זוך דעם אמת.

דער יונגער רב, דער עילוי, האָט אויף גיך אָפּגעזאָגט פאַרן „שאגת אריה" דעם ענטפער אויף זיין קשיא און ער האָט מיט נצחון געפרעגט:

— האָט אייך ר' אליהו אייך געגעבן דעם זעלביקן ענטפער?

— יאָ, דעם זעלביקן, און איר האָט די ריכטיקע תשובה. אָבער וואָס קען עס איצט טאָן גוטס, אַז ניט איך און ניט איר איז דער גאון־הדור, נאָר ער, ר' אליהו. מיר ביידע זיינען אַנטקעגן אים נידעריקער ווי גראָז.

דער יונגער רב איז ביי זיך ניט אַראָפּגעפאַלן און ניט אָפּגעלאָזט און מיט נצחון ווייטער טראָציק געפרעגט:

— אויב מיין תשובה איז די ריכטיקע, טאָ וואָס איז דער חילוק צווישן מיר און אליהון? איך האָב דאָך אייער קשיא פאַרענטפערט פונקט ווי ער. אמת, מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער. אָבער איז דען צייט אַ חילוק? דער עיקר איז דאָך, אַז מען קומט צום אמתן פשט פון דין. טאָ זאָגט מיר, רבי, פאַרוואָס איז אליהו יאָ אַ גאון, און איך, שמואל בן אביגדור, ניט?

דער „שאגת אריה" האָט געשמייכלט און געענטפערט:

— ווילנער רב! איר מיינט אַז דער מהלך פון א גאון ביז ניט קיין גאון, איז מער ווי אַ האַלבע שעה צייט? ניין, עס איז נאָך קלענער ווי אַ מינוט!

דער יונגער ווילנער רב האָט אַן אומעטיקער אַראָפּגעלאָזט זיין ליפּ, ווי אַ קינד, וואָס האַלט זיך ביים צווייינען, און אָפּהענטיק זיך געלאָזט גייז צוריק אַהיים...

♦

# קאַפּיטל ו

די פּרושים, אין די קלויזן, האָבן פון די פענצטער דערזען, אַז דער „שאגת אריה" שפּאַנט איבערן שול־הויף. זיי האָבן גיך פאַרמאַכט די גמרות און געאיילט אים מקבל פּנים צו זיין. זיי האָבן אים, ווי מיט ווענט, אַרומגערינגלט, און זיך ביי אים געבעטן:



— רבי, טוט מיט אונדז אַ גמילת־חסד און זאָגט פאַר אונדז תורה.

דער „שאגת אריה" האָט זיך דערשפּירט ווי אַ גביר, אַ נדבן, וואָס איז פלוצים געוואָרן אַ יורד, און אָרעמע לייט בעטן זיך ביי אים רחמים, ער זאָל זיי העלפן . . . זיי וויסן ניט, אַז ער איז שוין אויס גביר, אַן אָרעמאַן צוגלייך מיט זיי, און ער אַליין דאַרף שוין אויס־קוקן אויף פרעמדן חסד. דער „שאגת אריה", וואָס האָט געשמט איבער דער וועלט מיט זיין עשירות אין תורה, איז איצט געשטאַנען אויפן ווילנער שול־הויף אַ פאַרלוירענער. ער האָט מיט די הענט זיך אָפּגעטרייסלט פון די פּרושים, וואָס האָבן געדאַרשט נאָך זיין תורה, און מיט התנצלות געזאָגט:

— יידן, עס איז א מקח־טעות. איך, אריה לייב, בין אַ פּוסטע כלי. איך האָב ניט מער וואָס מחדש צו זיין. ווילט איר תורה הערן, טאָ גייט אַריבער אין דער שניידערשער קלויז, דאָרטן זיצט דער גאון־הדור. זיין נאָמען איז ר׳ אליהו! ער איז איצט אונדזער אַלעמענס רבי. האָט איר קשיות שווערע? — פרעגט אים! האָט איר ספקות? — פרעגט אים! ער וועט זיי אַלע פאַרענטפערן. וואָרים עס איז ניטאָ קיין איין סוד אין דער תורה, וואָס זאָל פאַר אים ניט זיין אָפן און קלאָר. אַזאַ גרויסער נס האָט נאָך מיט אונדז, יידן, ניט געשען. ער, ר׳ אליהו, איז אין דער הויכער מדרגה פון הלל הזקן.

די פּרושים האָבן אויפגעשטעלט מויל און אויערן. זיי האָט זיך ניט געגלויבט, אַז דאָס רעדט צו זיי דער „שאגת אריה". ער איז דאָך אַ שטרענגער, אַ בעל מבטל. עס איז אים אַזוי שווער צופרידנצושטעלן, און ער קריגט אַפּטמאָל אַפילו אויף די ראשונים, — זאָל ער מיט אַזאַ התלהבות לויבן אַן אומבאַוואוסטן יונגנמאַן? היתכן?

די פּרושים זיינען געשטאַנען געפּלעפּטע. אַ פּרוש, זייער אַ תמימות־דיקער מענטש, האָט פלוצים געטאָן אים אַ פרעג:

— רבי, קלייבט איר זיך אויך צו זעצן לערנען ביי ר׳ אליהון?

דער „שאגת אריה" האָט, פון דעם אומגעריכטן פרעג, זיך אַזש אַ צאַפּל געטאָן. מען האָט געמיינט, אַז ער, דער היציקער מענטש, וועט דאָ גוט אויסמוסרן דעם פּרוש פאַר זיין העזה. אָבער געענטפערט האָט ער אים גאָר, אַדרבא ואדרבא, זייער פריינטלעך:

— יונגערמאַן, איר האָט זייער גוט און ריכטיק געפרעגט. תבוא עליכם ברכה. איך וועל אייך אויף דעם ענטפערן: איך וואָלט עס גרייטלעך געטאָן, אָבער צוליב כמה טעמים קען איך זיך דאָס ניט פאַרגינען. קודם כל האָב איך האַרבע קודשדיקע שליחות: צו גיין איבער דער שטאָט און קלאַפּן אין די פענצטער און אָנזאָגן די גוטע בשורה, אַז — לא אלמן ישראל — אַז מיר האָבן, אַ לויב צום בורא, דערלעבט צו האָבן צווישן זיך אַ גאון, וואָס, אַזוינער ווי ער, איז נאָך ניט געווען און עס וועט אפשר ניט זיין.

דער „שאגת אריה" האָט גלייך פאַרלאָזט דעם שול־הויף. ער האָט, אין גרויס געאייל, זיך געלאָזט שפּאַנען צום גביר, ר׳ מיכל פּעשלס. ער האָט דאָך יענעם צוגעזאָגט צו געבן אַ תשובה, און איצט איז דאָך אים דער ענין שוין קלאָר; ער האָט אַן אַנדער שליחות, און ווידער טאָר ער זיך ניט אונטערנעמען צו זיין אַ רבי פאַר דעם נגידס איידעמס, ווען אין שטאָט שטייט דאָס געצעלט פון ר׳ אליהון.

ווען דער „שאגת אריה" איז אָנגעקומען אין דער רייכער שטוב, האָט דער משרת אים געזאָגט, אַז ער זאָל קומען שפּעטער. זיין בעל־הבית זיצט איצט ביי זיך אין חדר. ער האַלט ביים אָפּשליסן אַ גוואַלטיק־גרויסן מסחר מיט פּוילישע פּריצים.

ר׳ אריה לייב האָט מיט ביטול געענטפערט:

— וואָס, אומשטיינס געזאָגט, קענען דען פּריצימלעך האָבן צו פאַר־

קויפן: בריליאַנטן מיט דימענטן, און אויב אַפילו פעלדער? וועלדער? איז עס אויך ניט קיין פאַרגלייך מיט מיין גרויסן מסחר! פון מיין מסחר קאָן דאָך אייער בעל־הבית נתעשר ווערן, און פאַרזאָרגן זיינע קינדס־קינדער.

דער משרת, אַ פשוטער ייד, האָט דעם בעל־פלפול ניט געקענט. ער האָט קיינמאָל וועגן דעם „שאגת אריה" ניט געהערט, האָט ער ניט גע־כאַפּט דעם זין פון זיינע ווערטער. אָבער, לויט ווי דער אומבאַקאַנטער רעדט מיט אַזאַ זיכערקייט, איז דער משרת געווען בטוח, אַז דער ייד מיט דער לאַנגער צעפּאַטלטער באָרד, האָט קענטיק טאַקע די אמתע קניה. אַ צעשטראַלטער פון דער מחשבה וועגן גרויסן מסחר, וואָס ס׳שטייט פאַר זיין בעל־הבית, האָט ער, דער געטרייער משרת, אַפילו זיך ניט אָנגעפרעגט ביי ר׳ מיכל פעשלס. ער האָט מיט רעש אָן עפן געטאָן די טיר און אַריינ־געלאָזט דעם פרעמדן יידן. דער „שאגת אריה" האָט זיך אויף די פריצים אַפילו ניט אומגעקוקט. אַ צעהיצטער, איז ער צוגעלאָפן צום גביר, און מיט פרייד געזאָגט:

— זייט וויסן, אַז דער מסחר צווישן אונדזביידן איז בטל און מבוטל. איך קאָן ניט און טאָר ניט זיך אונטערנעמען צו לערנען מיט אייערע איידעמס. אָבער, זייט זיך ניט מצער. איך האָב פאַר זיי געפונען אַ רבין, וואָס קאָן אַפילו זיין אויך מיין רבי. ער איז אַ גאון צווישן גאונים. זיין נאָמען איז ר׳ אליהו. לאָמיר שוין אַריבערגיין צו אים אין דער שניידערשער קלויז, און פועלן ביי אים, ער זאָל לערנען מיט אייערע איידעמס.

ר׳ מיכל פעשלס האָט געפּרואווט זיך אָפּבעטן ביים „שאגת אריה":

— רבי, לאָמיר עס אָפּלייגן אויף שפּעטער. איר זעט דאָך, אַז איך בין איצט זייער טרוד. איך האַלט אין קויפן ביי די פריצים גאַנצע דריי וועלדער.

דער „שאגת אריה" האָט זיך שטאַרק צעבייזערט אויפן גביר:

— ר׳ מיכל פעשלס, רעדט ניט קיין נאַרישקייט. איר מיינט, אַז גבירים האָבן שוין די חזקה אויף שטות? וואָס טויג אייך דער מסחר מיט די גויים? וואָס האָבן זיי צו פאַרקויפן? — וועלדער! — אַ פייער קאָן זיי דאָך אַלע אין איין קורצער שעה פאַרצערן. גייט איר צוליב אַזאַ הבלדיקער קניה פאַר־זוימען די געלעגנהייט איינצוקויפן פאַר אייערע איידעמס די הייליקע תורה, וואָס איז די טייערסטע סחורה אין דער וועלט! איצט איז דער שעת הכשר. לאָזט אַזוינס ניט אַדורך. לאָמיר שוין גלייך גיין צום גאון.

ר׳ מיכל פעשלס, וואָס האָט אַזוי שטאַרק געגאַרט, אַז זיינע איידעמס זאָלן ווערן באַרופענע לומדים, האָט שוין פאַר זיך אַליין געטראַכט:

— איך, מיכל פעשלס, פאַרשטיי זיך אויף וועלדער, אָבער, אויף תורה, פאַרשטייט זיך דער „שאַגת אריה", און אַז ער זאָגט, אַז ביי דעם פרוש אין דער שניידערשער קלויז וועלן מיינע איידעמס טאָן אַ פעולה, קען מען זיך אויף אים פאַרלאָזן. ער איז דאָך אין אַזאַ התפעלות פון דעם ר׳ אליהון, אַז ער, דער גרויסער אָרימאַן, איז מקריב זיין פרנסה, דעם שכר לימוד, וואָס איך וואָלט אים געצאָלט מיט אַ ברייטער האַנט. האָט ער, מיכל

פּעשלס, געבעטן די פּריצים, זיי זאָלן זיין אַזוי פריינטלעך און אויף אים וואַרטן. און ער, מיטן „שאגת אריה", האָבן זיך געיאָגט צום שול־הויף.

דער „שאגת אריה", שוין אַן אַלטער מאַן, איז אַרומגעלאָפן פון קלויז צו קלויז, פון שטוב צו שטוב, און פון למדן צו למדן, אָנצוזאָגן די גוטע בשורה, אַז עס איז נתגלה געוואָרן דער גרעסטער גאון פון אַלע צייטן. ער האָט זיך אין ערגעץ לאַנג ניט געזאַמט. ער האָט אָנגעזאָגט די בשורה און איז, ווי אַ סליחות־וועקער, ווייטער געגאַנגען אין זיין שליחות.

ער האָט אויפגעוועקט די גרויסע שטאָט. זיינע התרוממות און התפּעלות פון ר' אליהון זיינען געווען אַזוי פול, אַז זיי האָבן זיך אַריבערגעגאָסן, און עס איז געווען גענוג אָנצופילן אַלע לומדימס הערצער. און אין דער שטאָט ווילנע, וואָס האָט זיך געטוליעט ביי דעם טייך ווילייע, איז געווען מזל ברכה אויף תורה. עס האָט נאָך ניט געטראָפן אַ צייט, ווען ווילנע זאָל ניט קענען אויף זיך זאָגן, אַז זי איז ווייס ווי „שלג" — שניי. אין שטאָט האָבן זיך תמיד געפונען בגמטריא פון „שלג" — דריי הונדערט און דרייסיק יידן, וואָס האָבן געקענט ש"ס אויף אויסווייניק. און צווישן זיי אַ גרויסער טייל בעלי־מלאָכות: טשעסלערס, שוסטער, מוליאַרעס, בלעכערס, טאָקערס, און שניידער.

האָבן די לומדים גענומען שטראָמען צו דער שניידערשער שול הערן תורה פון גאון. אויך דער פּשוטער עולם האָט גענומען לויפן צום שול־הויף צו האָבן די זכיה, כאַפּן אַ קוק אויפן גאון. אויף דעם גאַנצן מהלך — פון דער שניידערשער קלויז, וואָס מען האָט באַלד געגעבן אַ נייעם נאָמען — דעם גאונס קלויז — אַזש ביז גיטקע טויבעס זאַוואולעק, וואו דער גאון האָט געהאַט זיין דירה, זיינען מענער, ווייבער און קינדער געשטאַנען איבערגעדרויסן און געוואַרט, אפשר וועט זיי אָפּגליקן צו זען, ווי דער גאון גייט צו זיך אַהיים. אַ פאַרטאָנענער אין לערנען, פאַרלאָזט ער די קלויז ערשט שפּעט ביי נאַכט. אָבער אַז עס איז געקומען צו אַזוינע זאַכן, זיינען ווילנער יידן געווען עקשנים. זיי זיינען ניט אָפּגעטראָטן ביז זיי האָבן געזען דעם גאון. ער איז אויך אויף דער גאַס געגאַנגען מיטן טלית איבערן קאָפּ, און זיינע ליפּן האָבן זיך באַוועגט. ער האָט, גייענדיק, אויך געלערנט תורה, ווי עס האָבן זיך געפירט די הייליקע תנאים. ר' אליהו האָט זיך, ווי זיי, געהיט ניט צו גיין פיר איילן אָן תורה.

דער עולם האָט געקוקט און זיך געטרייסלט פון פּחד. זיי האָבן דערשפּירט, אַז דער גאון טוט דאָס ניט פון מענטשנס וועגן, נאָר לשם שמים. ער שוועבט אין די העכערע וועלטן און ער ווייסט אַפילו ניט, אַז מען קוקט אויף אים.

דער פּשוטער עולם האָט ניט פאַרשטאַנען אין וואָס זיין גאונות באַשטייט. זיי האָבן קיין השגה ניט געהאַט, וואָס זיין גרויסער אויפטו אין לערנען באַטייט. זיי האָבן אין אים אַריינגעטייטשט דאָס, וואָס זיי האָבן געהאָפט זוכה זיין צו האָבן אַ צדיק, וואָס זאָל פאַר זיי, אויבן אין הימל, אויספּועלן פּרנסה און געזונט, און ניט דערלאָזן, אַז די פּרנסים און

די רייכע לייט זאָלן זיך איבער זיי, די אָרעמע לײַט, איזדעקעווען. זיי האָבן געגלייבט באמונה שלמה, אַז גאָט האָט זייער געבעט דערהערט און אַרונטערגעשיקט ר׳ אליהון. זיי האָבן מכיר טובה געווען אויך דעם יסוד, פאַר די טובות וואָס ער האָט מיט זיי געטאָן, זיי האָבן אָבער גוזאָגט: — דער „יסוד״ וואוינט אין פּאַלאַצן, קען ער ניט מיטפילן די נויטן פון געדריקטן מענטשן, ווי ר׳ אליהו וואָס לעבט אַליין אין דחקות, אין אַ קליין דירה־לע אויף גיטקע טויבעס גאַוואולעק. זיי האָבן זיך פון זייערע ווייבער דער־וואוסט, אַז מען קען אים רופן פּשוט: ר׳ עלינקע! אַזוי רופן אים זיין מאַמע, טריינע, וואָס שטאַמט פון דעם קליינעם שטעטל סיעלץ, און זיין זיווג, חנה, וואָס איז אַ קיידאַנערקע.

די אָרעמע ווייבער זיינען געוואָרן גאַנצע אַריינגייערינס ביים גאון אין שטוב. זיי האָבן זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן פון גאונס מאַמע, טריינע, די סיעלצערקע, און פון זיין זיווג, חנה, די קיידאַנערקע. עס האָט זיך גאָר ניט געלאָזט גלייבן, אַז דאָס איז אַ שוויגער מיט אַ שנור. זיי האָבן געלעבט צווישן זיך בשלום, ווי אַ מאַמע מיט איר ציטערדיקער בת־יחידה.

די ווילנער אָרעמע ווייבער זיינען פון די ווייטסטע גאַסן געגאַנגען זיך דערקוויקן ביים גאון אין שטוב. פונקט ווי זיי פלעגן גיין זומער אין די היצן כאַפּן אַביסל לופט ביי דעם טײַכל. די צוויי צדקניות, טריינע מיט חנהן, פלעגן אויפנעמען די אָרעמע ווייבער ניט ווי די רייכע ווילנער רביצין, מיט וואַרעמע בולקעלעך און פּאַרווייסטער ציקאָריע. זיי האָבן זיך דאָס ניט געקענט פאַרגינען. זיי זיינען געווען אָרעם. זיי האָבן ניט פּירגעזאָגט — ווי די ווילנער רביצין — פאַר די אָרעמע ווייבער מוסר פון „קב־הישר״. זיי האָבן גערעדט צו זיי פּשוט, איינפאַך, ווי ווייבער צו ווייבער. זיי האָבן אויסגעהערט זייערע צרות, זיי האָבן מיטגעזיפצט, און דערנאָך זיי געטרייסט. זיי האָבן ניט צוגעזאָגט קיין עולם־הבא און ניט קיין ישועות, נאָר מיט זייער אייגענער הנהגה געוויזן ווי מען דאַרף זיך פירן. אַז עס איז גאָר ניטאָ וואָס מקנא צו זיין די רייכע לייט, און עס איז ניטאָ וואָס זיך צו באַקלאָגן אויפן רבונו של עולם, וואָס ער האָט ניט באַגליקט מיט עשירות. אויב מען וויל נאָר, קען יעדער איינער זיין רייך, וואָרים עשירות מיינט גאָר ניט קיין געלט. חנה, די קיידאַנערקע, פלעגט צו די אָרעמע ווייבער זאָגן:

— געלט איז הבל הבלים. מען קען אפשר מיט דעם קויפן קלייניקייטן, אָבער ניט קיין „שלום־בית״. לעבט איר בשלום, זייט איר שוין רייכער פון אַלע רייכע.

די צוויי צדקניות האָבן אַפילו ניט פאַרמאָגט קיין בענטש־לייכטערס און ניט געהאַט קיין זיידענע שטערן טיכלעך צוצודעקן זיך דעם קאָפּ לכבוד שבת, — פונדעסטוועגן האָבן זיי, פונקט ווי די רייכע רביצין, איינגעפירט נייע מאָדעס אין ווילנע... דער חילוק איז בלויז געווען, וואָס פון דער אויסגעפּוצטער רביצין האָבן די מאָדעס אַרונטערגענומען רייכע פּוילישע פּריצטעס, און פון זיי, די צוויי צדקניות, האָבן זיך אָפּגעלערנט אָרעמע יידישע ווייבער.

ביידע, אי די שוויגער טריינע, אי די שנור חנה, זיינען געווען גרויסע בריהס. האָט חנה, די קיידאַנערקע, אויסגעקנעט פון ליים בענטש־לייכטער פאַר זיך און פאַר דער שוויגער. און זי, טריינע די סיעלצערקע, האָט פון פשוטע אינדערוואַכיקע טיכלעך אויסגעשניטן זאַמבעס און געמאַכט זיי אויסקוקן, ווי קאַסינקעס. האָבן די ווילנער אָרעמע ווייבער איבערגענומען פון זיי די מאָדעס. אַז מען קען זיין אויסגעפּוצט, אין די שבתים, ניט דווקא אין נייע קליידער, נאָר אויך אין די זעלביקע אינדערוואָכיקע, מען דאַרף זיי בלויז גוט אויסבאַרשטן און אָפּרייניקן. די שענסטע מאָדע, וואָס די ווילנער אָרעמע ווייבער האָבן פון זיי איבערגענומען, איז זיך צופרידן צו שטעלן מיט דעם, וואָס גאָט, ברוך הוא, האָט צוגעשיקט. צו דאַנקען אים מיטן גאַנצן האַרצן אויך פאַר דאָס שלעכטס, פּונקט ווי מען דאַנקט אים פאַר דאָס גוטס מיטן גאַנצן האַרצן, און זיך יאָגן בלויז נאָך דער אמתער עשירות, און דאָס איז — שלום־בית.

די שוויגער מיט דער שנור זיינען יעדן שבת געגאַנגען דאַווענען אין דער ווייבערשער שול. זיי זיינען אָבער ניט געזעסן, ווי די ווילנער רביצין, אויבנאָן, נאָר ביי די טרעפּ, וואו עס זיצן אַלע אָרעמע ווייבער, ווייל דער גאון האָט צו זיי ביידן — זיין מאַמען און זיווג — געזאָגט:

— עס וואָלט מיר אַ סך מער ניחא געווען, ווען איר גייט אינגאַנצן ניט אין שול. דער כוח פון אַן עבירה איז אַזוי שטאַרק, אַז די קלענסטע עבירה קען פאַרצערן די גרעסטע מצווה. אַז איר וועט דאָרטן זען, ווי רייכע בעל־הביתטעס גייען אויסגעפּוצט אין זיידנס און צירונג, וועט איר נאָך אפשר געשטרויכלט ווערן אין דער זינד פון קנאה. דערצו וועט איר זיך דאָרטן נאָך אָנהערן ווי ווייבער טרייבן רכילות. אָבער, אַז איר ווילט דווקא גיין, טאָ זייט זשע זייער אָפּגעהיט, וואָרים אין קיין אָרט לויערט ניט אַזוי דער שטן, ווי אין דער ווייבערשער שול.

האָבן די צוויי צדקניות זיך שטאַרק געהיט, און אָפילו ניט אַ קוק געטאָן צו דער מזרח־וואַנט, וואו די רייכע ווילנער בעל־הביתטעס זיצן. די אָרעמע ווייבער אַרום זיי, האָבן זיי אָפּגעטיילט פון יענע, ווי מיט אַ וואַנט.

טריינע און חנה זיינען געווען גאָר און גאָר וואוילגעלערנטע. זיי האָבן געקענט זאָגן פון סידור, ווי מאַנסבילן. זיי האָבן פאַרשטאַנען פּירוש המי־לות און אויך אין דקדוק געהאַט אַ ידיעה. פונדעסטוועגן האָבן זיי, גלייך מיט אַלע אָרעמע נשים, זיך צוגעהערט, ווי עפּעס אַ ווייבערשע רביצין, אַן אָרעמע יידענע, האָט מיט אַ וויינענדיקער שטים פירגעזאָגט „עברי־טייטש״. און, פּונקט ווי די, וואָס קענען ניט די שוואַרצע פינטעלעך, האָבן זיי אויך פרום איר נאָכגעמורמלט מיט די ליפּן.

די יונגע רביצין, די קלוגע פרוי, וואָס האָט אין איר יעדן קער און ווענד געזוכט תכלית, איז איר זייער געגאַנגען אין לעבן צו ווערן גוטפריינט מיט די צוויי ווייבער. זי האָט איינגעזען, אַז ר׳ עלינקעס אַנזען אין שטאָט איז שוין גרויס און עס וועט נאָך ווערן גרעסער, האָט זי געזוכט אַ וועג, ווי

אַזוי אַרויסצוקריגן פון אים, דעם גאון, אַ הסכמה, אַז איר שמואל איז אַן עילוי, און מען טאָר ניט פירן קעגן אים קיין מחלקה.

איין שבת האָט די ווילנער רביצין, אָן אויסגעפּוצטע אין שיינעם שייטל, מיט דער זיידענער קאָסינקע און לאַנגען שלעפּ־קלייד, אַראָפּגענידערט צו זיי און מיט הכנעה געבעטן די שוויגער און שנור, זיי זאָלן זיך זעצן לעבן איר, אויבנאָן. זיי האָבן איר באַדאַנקט און געזאָגט דעם אמת, אַז זייער עלינקע וועט עס ניט וועלן ליידן.

ביי איר, דער רביצין, וואָלט רעכט געווען זיך אַליין אויך אַוועקצוזעצן צווישן די אָרעמע ווייבער, אַבי צו ווערן נאָענט מיטן גאונס מאַמע און זיווג. זי האָט אָבער ביי זיך געוואוסט, אַז זי, די גבירהשע טאָכטער, וועט ניט קענען איינזיצן צווישן די אָרעמע ווייבער. זיי זיינען איר דערווידער. האָט זי זיך געקליגט און געזוכט צו געווינען דעם גאון אויף איר מאַנס צד דורך איר טאַטן, דעם „יסוד". זי איז געווען זיכער, אַז ער, איר טאַטע, מיט זיין קלוגן קאָפּ, וועט שוין וויסן ווי צו ריידן מיטן גאון, אַז ער זאָל געפינען חן אין זיינע אויגן. דער „יסוד" האָט געהאַלטן, אַז פאַר אים, דעם „ספרא ודיינא", וואָס ציט זיין יחוס פון די נשיאים פון בבל, איז אַ פּחיתת הכבוד צו גיין, ניט געבעטענערהייט, צום גאון. ער האָט אָבער נאָכגעגעבן זיין ציטערדיקער בת־יחידה. איז ער איין טאָג געקומען אין קלויז זען דעם גאון. ר' חיים יוסף ווילזשונער האָט זיך זייער געספּקט, צי זאָל ער געבן דעם „יסוד" דאָס רשות. אויך ר' ירוחם יאַנישקער האָט זיך גאָר שטאַרק געשטעלט קעגן. ער האָט געטענהט:

— זעט נאָר ווי דער „יסוד" האָט זיך דאָס אויסגעפּוצט אין אַ טייערן קאַראַקולענעם פוטער און אין פוקסענעם שטריימל! וואָס, ער וויל אָפּ־שרעקן דעם גאון מיט זיינע חיות?..

חיים יוסף ווילזשונער האָט זיך אָבער באַזינט און געזאָגט:

— ר' ירוחם, איר זייט זייער גערעכט. אָבער איך קען דאָך ניט פאַר־שעמען אַ מענטשן און אים הייסן אויסטאָן דעם פעלץ. און וואָס וועט שוין זיין נאָכן פעלץ? ער, דער עושר, גייט דאָך, בלי ספק, אויסגעפּוצט אין אַ שיינעם קראַוואַט און אין אַ זייַדענעם ראָק. ווידער, איז דאָך דער „יסוד" אַ תלמיד חכם, אַ בעל־צדקה, און איז דער „ספרא ודיינא" פון שטאָט. אמת, מיר זיינען ניט מסכים מיט זיינע דרכים. ער איז אַ רודף אחר כבוד. אָבער דאָס איז דאָך ניט פאַר אונדז צו משפּטן. איין מענטש דעם אַנדערן קען בלויז מוסרן, און נאָר מיט ווייכע רייד. אַזוי טייטשט דער גאון, דער „הוכיח תוכית את עמיתך" — שטראָפן זאָלסטו יענעם, אָבער בלויז ווי אַן עמיתך — אַ פריינט, און ניט ווי קיין שונא.

דער „יסוד" האָט זיך שוין גענומען בייזערן: — וואָס איז מען זיך דאָ אַזוי לאַנג מיישב? — וואו איז דער דרך ארץ? ר' חיים יוסף האָט, אַן אומע־טיקער, געוויזן אַ צייכן. דאָס יונג שוואַרץ־בערדלדיק פרושל האָט צוגעפירט דעם „יסוד" צום גאון. ער, דער סופר און דיין האָט באַלד דער־שפּירט די הייליקייט, וואָס שפּרייט זיך אַרום ר' אליהון. דער „יסוד", מיט

אַלע זיינע קאַפּריזן, איז דורך און דורך געווען אַ פרומער ייד, האָט ער באַלד געמאַכט אַ ברכה: „שחלק מכבודו ליראיו", און גענומען לױפן צוריק אין פּאַליש. ער האָט גיך אויסגעטאָן זיין טייערן פּעלץ מיטן שטריימל. ער האָט זיך איינגעהילט אין אַן אַלטן טלית, וואָס איז געלעגן אויף דער באַנק. ער, דער שטאָלץ־גאַנגיקער ייד האָט אין דער מינוט שוין אויסגעזען קליין און נעבעכדיק. ער איז איינגאַנצן אַן אַנדער מענטש געוואָרן. אויס בעל־גאווה, אויס גביר. זיין גאַנצער פּאַרמעגן איז איצט דער אַלטער טלית, וואָס איז שוין אָפּגעבליאַקעוועט, קוים וואָס מען דערקענט זיינע שוואַרצע שליאַקן. און איז נאָך דערצו אַ קהלשער.

ר' חיים יוסף האָט, אַ צופרידענער, געטראַכט פאַר זיך אַליין:

— גאונות און אמתע חסידות נייטיקן זיך ניט אין קיין פירשפּרעכער. עס רעדט פאַר זיך אַליין. זיי דערלאָזן ניט אין זייער דלת אמות ניט קיין שיינע מידות. ווילסטו די הייליקע ערד באַטרעטן, איז: של נעליך מרגליך, — טו אויס דיינע שטיוואַלעס!

ער, דער ראש, האָט צוגעקוקט, ווי אויף דער באַנק וואַלגערן זיך אַרום דער טייערער קאַראַקולנער פוטער מיטן פוקסענעם שטריימל און עפּעס אַ מענטש אין אַ טלית שטייט און ציטערט פון פּחד, האָט ער, דער ראש, בעת מעשה, גאָר פאַרגעסן, אַז דאָס איז דער „יסוד", וואָס איז אַזוי מקפּיד אויף זיינע טיטולן, און ער האָט געזאָגט צו אים, ווי צו אַ פּשוטן מאַן:

— ר' ייד, ווער וועט דאָס פאַר אייך היטן אייערע טייערע מלבושים? מיר זיינען דאָך דאָ אַלע בלויז שומרי חנם.

— דער „יסוד" האָט אָפּהענטיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— איך דאַרף עס שוין ניט! איך בין עס מפקיר!

ער האָט זיך ווידער געלאָזט גיין צום גאון. איצט איז ער שוין געגאַנגען פּאַמעלעך, די טריט צום ציילן, און איינגעבויגן, ווי גאָר אַן אַלטער מאַן. דער גאון איז, ווי תמיד, געשטאַנען מיטן טלית איבערן קאָפּ, פאַרטיפט אין לערנען. דער „יסוד" איז געבליבן שטיין לעבן גאונס שטענ־דער. ער האָט מורא געהאַט אַרויסצולאָזן דעם אָטעם, ניט צו שטערן ר' אליהון אין לערנען.

אַז דער גאון האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן, האָט די ליכטיקייט פון זיין פּנים באַלויכטן די פינצטערע קלויז. דער „יסוד" האָט פון גרויס פּחד גענומען אָפּטרעטן אויף הינטערײלעכטס צוריק, ער האָט אָבער דערהערט, ווי דער גאון רופט אים, האָט ער זיך צוריק דערנענטערט. דער גאון האָט אים בנעימותדיק געפרעגט:

— פון וואַנען איז אַ ייד?

— פון ווילנע גופא!

— מה שמכם? ווי רופט מען אייך אין ווילנע?

— דער „יסוד"...

— דער „יסוד"? — האָט איבערגעזאָגט דער גאון. — איר זייט דאָס דער ספרא ודיינאָ? איר קויפט דאָס אָפּ ביי די רשעים די גזירות. עס איז

זייער פּיין. אָבער צו וואָס קלייבן די „קיבלתיס״? איר ווייסט דאָך, אַז איר וועט פון קהל אייער געלט ניט קענען איינמאָנען. איז דאָך עס בלויז צו האַלטן חשבון פון די מצוות. איר טרויט ניט די מלאכים אין הימל? איר האָט מורא, אַז זיי קענען מאַכן אַ טעות? אַ מענטש דאַרף זוכן בלויז די מצווה, אָבער ניט דעם שכר. דער ריווח איז שוין יאָ און ניין. מען דאַרף אויך זיין זייער אָפּגעהיט מיט די רשעים פון די אומות העולם, זיי ניט אָנשטאָפּן גלאָט אין דער וועלט אַריין מיט געלט. עס קען זיי נאָך פאַרשמעקן דאָס רויב, און זיי וועלן בכיוון אויסקלערן נייע גזירות אויף יידן. און איידער אונטערצוקויפן די רשתוע, דאַרף מען זיך בעסער מיען זי אויסצוראָטן . . .

דער „יסוד״ האָט זיך געטרייסלט פון אימה: פון וואַנען ווייסט דאָס אונטערצוקויפן די רשעות, דאַרף מען זיך בעסער מיען זי אויסצוראָטן . . .

— רבי, די רשעות איז איינגעגעסן ביי די רשעים אין די ביינער.

דער גאון האָט אַ זיפץ געטאָן:

— מען דאַרף אָבער זיך מיען און מיען. און אַוודאי און אַוודאי טאָר מען די רשעים ניט געבן קיין געלט אויפן חשבון פון אָרעמע יידן, און אחינו בני ישראל זאָלן, חס וחלילה, אויסגיין פון הונגער און די עבודה זרה לייט, זאָלן זיך וואוילטאָגן. אויב איר גיט שוין יאָ — גיט עס בלויז אויפן חשבון פון די גבירים.

דער „יסוד״ האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— יאָ, רבי, איך וועל טאָן ווי איר הייסט.

דער „יסוד״ האָט געזען, אַז דער גאון גייט זיך נעמען ווייטער צום לערנען, האָט ער שוין געהאַט בדעה צו זאָגן: אַ גוטן טאָג. ער האָט זיך אָבער דערמאָנט אָן זיין בת־יחידה. צוליב אירטוועגן איז ער דאָך אַהער געקומען צו פועלן ביים גאון, ער זאָל זיך איינשטעלן פאַר איר מאַן, דעם עילוי. האָט ער, מיט געפאַלנקייט, געזאָגט צום גאון:

— רבי, ר׳ שמואל בן אַביגדור, דער ווילנער אַב־בית־דין, איז מיין איידעם. די פּרנסים טוען אים אָן צרות און זיי זוכן אַ וועג, ווי אים מעביר צו זיין פון רבנות. בעט איך אייך, רבי, דערלאָזט ניט אַז עס זאָל באַגאַנגען ווערן אַזאַ גרויסע נבלה. צו אייער וואָרט וועט מען זיך צוהערן.

דער גאון האָט אַ זיפץ געטאָן, און געזאָגט:

— קיין גרעסערע עבירה, ווי צונעמען ביי אַ יידן די חיונה, איז אפשר ניטאָ. און עס איז ניט קיין חילוק צי יענער איז אַ רב, צי אַ קרעמער. אָבער איך קען זיך אין דער מחלוקה ניט אַריינמישן, ווייל אויב איך טו דאָס דאָ, טאָ פאַרוואָס זאָל איך ניט גיין נאָכקוקן, צי איין קרעמער דעם צווייטן גייט ניט אַריין אין זיין חיונה. ווידער, רעדט זיך דאָך ניט ביי אייער איידעם וועגן חיונה, נאָר בלויז וועגן כבוד, און אויף כבוד פאַרשטיי איך זיך לחלוטין ניט. ביי מיר איז כבוד פאַררעכנט פאַר אַ קינדער־שפּיל. און איך בין שוין, ברוך השם, אַ דערוואַקסענער מענטש, אַ טאַטע פון קינדער.

***

די יגיע כפּימניקעס און אַזוי אָרעמע יידן אין ווילנע האָבן זיך באַלד דערוואוסט, אַז דער גאון האָט זיך פאַר זיי איינגעשטעלט. אַז ער האָט צוליב זייערטוועגן שטאַרק אויסגעמוסרט דעם „יסוד". האָבן זיי געטאַנצט פאַר פרייד. דערוואוסט האָבן זיי זיך דאָס ניט פון די פרושים. זיי האָבן יעדע זאַך, וואָס איז פאָרגעקומען אין קלויז, געהאַלטן בסוד. דערציילט האָבן עס די שניידערס, וואָס זיינען מיט גרויס כבוד, מעשה בעלי־בתים, נאָך אַלץ געזעסן ביי זיך אין קלויז, כאָטש מען האָט עס שוין גערופן — דעם גאונס קלויז.

די שניידערס זיינען געוואָרן די פאַרמיטלער צווישן המון און דעם גאון. דורך זיי האָט דער פּשוטער עולם געלאָזט וויסן דעם גאון וועגן יעדער עוולה, וואָס די פרנסים, די תקיפים, זיינען קעגן זיי באַגאַנגען. דער גאון פאַרנומען מיט זיין לערנען — האָט געוויינט זיך צו מישן אין קהלשע ענינים. ער האָט עס אויך פאַרשפּאָרט צו טאָן, ווי נאָר די פרנסים פלעגן זיך דערוויסן, אַז מען האָט וועגן זייערע שלעכטע מעשים דערטראָגן דעם גאון האָבן זיי גלייך פאַרגיטיקט דעם המון.

איינמאָל האָט איינער, לייבוש, אַ שוסטער, פון דער חברה „משניות", זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם מאמר אין מסכתא „אָבות". דער תנא, יוסי בן יוחנן, איש ירושלים, וואָס איז געוועזן איינער פון די זוגות און דער „אַב־בית־דין", האָט אָנגעזאָגט: — „ויהיו עניים בני ביתך". האָט לייבוש, דער שוסטער, געוואָלט וויסן דעם גאונס טייטש אויף דעם מאמר.

די שניידערס, קנאָפּע לומדים, האָבן זיך ניט געוואָלט אונטערנעמען עס צו פרעגןביים גאון, ווייל אפשר וועלן זיי ניט פאַרשטיין, וואָס דער גאון וועט זיי זאָגן. האָבן זיי געפּועלט ביי חיים יוספן, ער זאָל צולאָזן לייבוש דעם שוסטער צום גאון. לייבוש, אַ גליקלעכער, איז באַלד געקומען, און ווי נאָר ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו געבן „שלום", האָט דער גאון זיך מיט אים שטאַרק דערפרייט. ער האָט אָן לייבושעס אויסגעמאָזליע־טע הענט גלייך דערקענט, אַז דער ייד איז אַ יגיע־כפּימניק, און ער האָט צו אים, מיט גרויס פריינדשאַפט, געזאָגט:

— אַז וואויל איז צו אייך, וואָס איר דערנערט זיך מיט דער מי פון אייערע אייגענע הענט.

אָן אומעט האָט באַצויגן דעם גאונס פּנים. ער האָט געהאַט צער, וואָס ער איז ניט קיין בעל־מלאָכה, אָבער ער האָט באַלד צוריק אויפגעשיינט און געזאָגט:

— יגיעת כפּים איז כולל לערנער און רביים, וואָס לערנען מיט קינדער דעם אלף־בית, און מיט דערוואַקסענע — ש"ס און פוסקים. און דאָס **איז שוין מיין מלאָכה. בין איך, עלי, אַ דאַנק דעם בורא, אויך אַ יגיע־כפּימניק.**

לייבוש האָט זיך פון דער מחותנשאַפט דערשפּירט זייער דערמוטיקט, און ער האָט, היימישלעך, געפרעגט:

— רבי, ווי טייטשט איר אין „פּרקי־אָבות״: ויהיו עניים בני ביתך?

דער גאון האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און געזאָגט:

— ר׳ לייבוש, לויט אייער איבערזאָגן די „משנה״, זע איך, אַז איר זייט אַ בן־תורה. טאָ וואָס האָט איר דאָ צו פרעגן? טייטשט, ווי עס שטייט געשריבן: „דײַנע שטוב־פרײַנט זאָלן זײַן בלויז אָרעמע מענטשן״. דער טעם: ווײַל פון זיי וועסטו זיך אָפּלערנען די גוטע מידה פון זײַן אַ „שמח בחלקו״. אָבער רײַכע לײַט שטעלן זיך קיינמאָל ניט צופרידן. זיי איז תמיד צו ווייניק. ווי עס ווערט געזאָגט אין מדרש: „אין אדם מת וחצי תאוהתו בידו״ — אַפילו פאַרן שטאַרבן זײַנען אים נאָך גרויס די אויגן. און אויב דו וועסט זיך חברן מיט עשירים, וועסטו זיך פאַרקוקן אויף זיי, און וועסט אויך האַלטן אין איין זיך יאָגן נאָך עשירות און מבטל זײַן אין לערנען. וועט דײַן שטראָף זײַן, ווי ר׳ יוסי בן יוחנן איש ירושלים וואָרנט: אַ יורש גיהנום!

לייבוש דער שוסטער פרעגט אָבער דעם גאון:

— רבי, דער „יורש גיהנום״ זאָגט דאָך דער תנא נאָר וועגן דעם יעניקן, וואָס איז „מרבה שיחה מיט אַן אשה״.

דער גאון ענטפערט אים מיט דער זעלביקער פרײַנטלעכקייט:

— יעדער מאמר אין אַ משנה איז שלימותדיק. און וויבאַלד די תולדות פון ביידע עבירות זײַנען די זעלביקע — ביטול תורה — איז שוין ממילא אויך די שטראָף די זעלביקע.

דער שוסטער, דער למדן, האָט ווידער געפרעגט דעם גאון:

— רבי, סיי רש״י הקודש און סיי דער רמב״ם טייטשן דאָך אַנדערש? זיי זאָגן, אַז עס מיינט, דו זאָלסט פאַר דײַן באַדינונג ניט האַלטן קיין גוי־אישע קנעכט, און דו זאָלסט דינגען אָרעמע ייִדן.

דער גאון האָט אים אויף דעם ניט געענטפערט, און דער שוסטער האָט אים ניט איבערגעפרעגט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער גאון האָט דערביי אַ טעם. שפּעטער, פאַרן אַוועקגיין, האָט זיך לייבוש דערוואוסט פון ראש — דעם גאונס כוונה. ער האָט אים געזאָגט, אַז אַזוי פירט זיך ר׳ אליהו. דאָס איז איינע פון זײַנע שיינע מידות. ער דערמאָנט קיינמאָל ניט ביים נאָמען די ראשונים, ווען ער קריגט אויף זיי.

דער שוסטער האָט דעם גאונס טייטש צעטראָגן צווישן המון. ער האָט זיי געגעבן צו פאַרשטיין, ווי באַליבט עס זײַנען, ביים גאון, די בעלי־מלאָכות. איז דער גאון געוואָרן נאָך ליבער און טייערער בײַ די אָרימע ייִדן. ווינטער־צײַט האָבן זיי ביז שפּעט אין די נעכט געראַמט דעם שניי אויף דעם גאַנצן מהלך פון דער שניידערשער קלויז ביז גיטקע טויבעס זאַוואַולעק, אַז דער גאון זאָל, גייענדיק אַהיים, זיך ניט פאַרקילן.

דער המון האָט געהיט דעם גאון אויף דער גאַס, און ר׳ חיים יוסף ווי־זשונער, אינאיינעם מיט די פּרושים, האָבן אָפּגעהיט דעם גאון אין קלויז. זיי האָבן ניט דערלאָזט צו באַרויבן זײַן רו, און שטערן אים אין זײַן לערנען. מיט יעדן טאָג האָבן אַלץ מער און מער מענטשן אָנגעשטראָמט

צו זען דעם גאון. ווארים דער „שאגת אריה" האט געשפאנט פון שטאט צו שטאט און אומעטום האט ער געמאכט גרויס דעם גאונס נאמען. האבן פון שטעט ווייטע, פון ליטע און פון רייסען, און אפילו פון דייטשלאנד, אנגעהויבן צו קומען לומדים און רבנים צו זען און ריידן מיטן גאון.

ר' חיים יוסף האט איינגעשטעלט א סדר. איידער ער האט געגעבן רשות צום ריידן מיטן גאון, האט ער פריער גוט אויסגעפארשט, וואס יענער האט צו פרעגן, און אז חיים יוסף האט געזען, אז דער ענין צוליב וועלכן יענער וויל זען דעם גאון איז ניט קיין נייטיקער, האט ער מיט גוטע רייד געגעבן יענעם צו פארשטיין, אז דער גאון איז מיד. ער לערנט גאנצע טעג און נעכט. ער כאפט בלויז א דרעמל, און אויך פון שלאף פליסט פון זיינע ליפן תורה..

ר' חיים יוסף האט ניט נושא כבוד געווען. עס האט אים ניט געארט ווער דער מענטש איז — צי איז יענער א בארופענער רב פון א גרויסער שטאט, צי עפעס א יונגערמאן פון ערגעץ א קליין שטעטעלע. ער האט ניט געשאצט יענעמס גבירישקייט, און אפילו ניט די לומדות. דא, אין גאונס קלויז, איז קדוש, און ניט בלויז געלט, נאר אפילו לומדות ווערט דא בטל ומבוטל. ווארים אנטקעגן גאון זיינען אלע קליין און ניט וויכטיק. דא שפילט בלויז א ראלע די חשיבות פון ענין: צי מוז מען וועגן דעם דווקא זען דעם גאון? אפשר קענען די פרושים, וואס זיינען אלע געזונטע לומדים, אויפ־קלערן דעם ענין.

די מלכות־תורה האט זיך געפירט לויט אירע אייגענע געזעצן. זי האט ניט געהאט קיין מגע און משא מיט דער אנדער מלכות: דעם ווילנער קהל. דא האט ניט געגאלטן די דעה פון רב, דעם מרא־דאתרא. דא איז די מלוכה פון תורה. איר רעזידענץ איז אין דער ליטע. אבער זי איז א מושל ניט בלויז איבער דעם קליינעם לאנד, נאר אויך איבער יעדן לאנד, וואו יידן האבן אויפגעשטעלט זייערע געצעלטן. די מלכות־תורה ווייסט ניט פון קיין גרעַ־נעצן. מהאי טעמא איז ניט קיין חילוק, צי דער אדער יענער ייד וואוינט אין דעם לאנד פון די שלעכטע דייטשן, צי אין דעם לאנד פון די נארישע רוימער — עס איז אויך זיין מלכות. און אויב עס איז אים קשה צו פארשטיין א פסוק אין מקרא, צי א מאמר חז"ל, צי א רש"י, א רמב"ם, צי א תוספות, אדער א רמז אין זוהר, וועט ער דא, אין דער תורה־מלוכה, קריגן זיין ענטפער. ריכטיק און קלאר, אן פלפולשע דריידלעך... ווייל דאס קומט ארויס פון ר' אליהוס הייליק מויל. און אזא גאון, ווי ער, איז נאך ניט געווען און עס וועט אפשר ניט זיין.

דער פאלאץ פון דער מלכות איז אין דער שניידערשער קלויז. פון דער חיצוניות קוקט זי אויס צו זיין חושכדיק, זי איז אבער אין איר פנימיות ליכטיק. דער פאליש מיט די חדרים ביים זייט זיינען אנגעפראפט מיט די גרעסערע לומדים פון זאמוט און רייסען. זיי זיינען אלע מקבל תורה ביי ר' אליהון. אייניקע תלמידים קומען יעדן טאג. זיי רופן זיך „דבי יומא". צווישן זיי הייבן זיך ארויס דעם ווילנער גבירס, ר' מיכל פעשלס איידעמס,

די עילוים, ר׳ סעדיה און ר׳ זעלמעלע, אַ טייל תלמידים קומען יעדן חודש. זיי רופן זיך „דבי ירחא״. צווישן זיי איז דער חשובסטער ר׳ חיים וואָלאָזשינער, ר׳ זעלמעלעס אַן עלטערער ברודער. אייניקע לומדים קומען צופאָרן צום גאון איינמאָל אַ יאָר, ווי עס קומען אַראָפּ סוחרים אין גרויסן אָגולנעם געשעפט זיך אויסצוחשבונען, און אין אַ טאָג צי צוויי ווייסן זיי שוין אַלץ, וואָס זיי האָבן געזאָלט וויסן, און פאָרן, צופרידענע, צוריק צו זיך אַהיים — ווער צו זיין רבנות, און ווער צו זיינע מסחרים, און ווער צו זיין וואַרשטאַט.

דער ראש, ר׳ חיים יוסף וויזשונער, פירט די מלכות, ווי אַן אמתע מלוכה. ער האָט אויסגעקליבן פּרושים צו העלפן אים אויסצופּרעגן די לומדים, וואָס שטראָמען צו זען דעם גאון, און צו באַזאָרגן זיי מיט אַן אָרט צום שלאָפן.

פון גאונס מויל האָט, ווי פון אַ שפּרודלדיקן קוואַל, מיט יעדן טאָג, אַלץ מער און מער געפלאָסן תורה. אין די פרימאָרגנס האָט מען אויף די ברעגן בלעטער פון דער גמרא, וואָס ער האָט דורך דער נאַכט געלערנט, געפונען פאַרשריבן הגהות און חידושים. האָט ר׳ חיים יוסף איינגעזען, אַז ס׳איז צו שווער פאַר ירוחם יאַנישקער דאָס אַלץ צו פאַרשרייבן. עס איז אַן עבירה צוצונעמען ביי אים זיין גאַנצע צייט און אָפּצורייסן אים פון זיין אייגענעם לערנען. האָט דער ראש פאַרבעטן סופרים, זיי זאָלן פאַרשרייבן ר׳ אליהוס חידושי תורה, דינים און זיינע הגהות. ר׳ אליהו האָט זיך געמיט צו פאַרריכטן, וואָס מען האָט פאַרגרייזט אין די דרוקן, און קלאָר מאַכן די ראשי־תיבות, וועלכע מען האָט ביז אים געמיינט, אַז זיי געהערן גאָר צו אַנדערע ווערטער.

די סופרים האָבן אויך איינגעפירט אַ סדר אין די שאלות, וואָס זיינען אָנגעקומען צום גאון; זיי אויסגעשטעלט מקרא צו מקרא, אגדתא צו אגדתא און הלכה צו הלכה, און צעטיילט אין זעקס סדרים: נזיקין, קדשים, זרעים, טהרות, נשים, מועד, און אונטער יעדער שאלה אַריינגעשריבן די תשובה פון גאון.

די סופרים, אַלע באַשאַנקענע מיט שיינע כתבן, האָבן די שאלות און תשובות אויפגעשריבן אויף גרויסע, ווייסע בויגנס פּאַפּיר און יעדן טאָג האָט מען זיי אויפגעהאַנגען אינדרויסן, אויף דער וואַנט פון קלויז. די לומדים האָבן זיי געלייענט, ווי מען לייענט דעקרעטן פון אַ מלוכה, און געפירט צווישן זיך גאַנצע פּלוגתאס, ביז שפּעט אין די נעכט, זיך געמיט דערטיפן צום גאונס כוונות. אַז מען האָט ניט געקענט קומען צו קיין הסכם, האָט מען די „שקלא־וטריא״ צוריקגעשיקט אין קלויז און געוואַרט ביז אויף מאָרגן, ווען עס וועלן אַרויסגעהאַנגען ווערן נייע בויגנס פּאַפּיר.

גבירים פון ליטע און רייסען, וואָס זיינען געקומען קיין ווילנע צוליב מסחר, פלעגן אָפּשטייגן אין קלויז. זיי האָבן זיך געבעטן מען זאָל זיי לאָזן כאָטש כאַפּן אַ בליק אויף דעם גאון. זיי, די עשירים, זיינען געווען גרייט זיך צו לאָזן קאָסטן אויף צדקה, און עס אַרט זיי ניט וויפיל מען וועט זיי

קנסנען. זיי האָבן אָבער ניט געוואָגט עס אַרויסצוברענגען אויף די ליפּן. זיי, די קלוגע סוחרים, האָבן גלייך דערשפּירט, אַז דאָ, ביים גאון אין קלויז, איז זייער גאַנץ עשירות בטל ומבוטל. דאָ האָט עס גאָר קיין ווערט ניט. דאָ זיינען עשירים בלויז די, וואָס פאַרמאָגן גרויסע לומדות און צידקות, און ווער עס פאַרמאָגט עס ניט, איז דאָ אָרעמער ווי אָרעם.

ר׳ חיים יוסף האָט זיך דערוואוסט, אַז קלוגעטשקע גבירים נעמען אָפּשטאָטן וויזיטן ביים גאון אין שטוב. זיי האָבן געהערט, אַז דאָרטן לעבט מען אין דחקות, האָבן זיי געהאָפט, אַז אפשר וועט מען זיי אין דער אָרעמער שטוב נושא פנים זיין, און זייער געלט וועט צוריק קריגן חשי־בות... דער ראש האָט זיך געשראָקן, טאָמער וועלן דעם גאונס מאַמע און זיווג, צדקניותן טאָקע, אָבער פאָרט נשים, ניט קענען ביישטיין דעם נסיון און זיי וועלן זיך לאָזן אָנריידן פון נאַרישן ממון. האָט ער שטילערהייט אונ־טערגעשיקט זיינע פאַרטרויאונגס־לייט זיי זאָלן כאַפּן אַ בליק. די שלוחים האָבן אים געבראַכט די גוטע בשורה, אַז עס איז זיך ניטאָ וואָס צו שרעקן. די צוויי ערלעכע נשמות טרייבן מיט בריהשאָפט אָוועק דעם מלאך פון ממון. די שנור, חנה די קיידאַנערקע, איז די פירשפּרעכערין אויף פאַר איר שוויגער און זי זאָגט צו די גבירים, וואָס באָטן אָן מתנות: — אַ לויב צום בורא! אונדז פעלט קיין זאַך ניט. אונדזער עלינקע פאַרדינט חיונה. ער לערנט מיט תלמי־דים ש״ס און פוסקים. ביי אונדז איז געלט געגליכן צו בלעכעלעך, וואָס זיי־נען גוט בלויז פאַר קינדער זיך דערמיט צו שפּילן.

***

איין טאָג האָט אין קלויז זיך אַריינגעשטעלט אַ הויכער ברייט־פּלייציקער ייד. ברילִיאַנטן האָבן געבלישטשעט פון די רינגען אויף זיינע פינגער, און ער פרעגט מיט באַזעסנקייט:

— וואו איז דער גאון? איך בין געקומען אים זען.

ר׳ חיים יוסף ווּיזשונער פאַרדריסט זיין העזה, און ער פרעגט אים שוין מיט חוזק:

— ר׳ ייד, קענט איר מיר זאָגן, צוליב וואָס איר ווילט אַזוי שטאַרק זען דעם גאון? שעמט זיך ניט, זאָגט, איז אייך אַ מהרש״א קשה?

דער גביר צעשמייכלט זיך און ענטפערט מיט גאווה:

— דאָס גראָד ניט. אַ סוחר בין איך אַ גרויסער, אָבער אַ למדן — גאָר אַ שוואַכער.

ר׳ חיים יוסף פרעגט אים ווידער מיט כלומרשטער תמימות:

— הייסט דאָס, אַז איר ווילט זיך מיישב זיין מיטן גאון וועגן מסחר?

דער גביר מיינט, אַז ער האָט דאָ פאַר זיך אַן איש תם, ווערט ער שוין ביי זיך נאָך תקיפדיקער, און זאָגט:

— אויף מסחר בין איך אַליין אַ מבין.

דער ראש שמייכלט, און זאָגט:

— איצט פאַרשטיי איך שוין. איר זוכט זיך אַליין צו ווייזן, דער גאון

זאָל וויסן, אַז לא אלמן ישראל, אַז עס איז דאָ, ברוך השם, אַ ייד, וואָס פאַר־שטייט גוט מסחר, און דער בורא העולם האָט אים באַשאָנקען מיט גרויס עשירות.

דעם ראש פאַלט איין אַ מאָדנע מחשבה:

— אַ מענטש קען זיך ניט באַגיין אָן אַ שפּיגל. ער דאַרף דאָך זיך דער־זען. אָבער אַ פּשוטער שפּיגל נאַרט. ער ווייזט בלויז די חיצוניות, און דער גאון זאָגט, אַז די גרעסטע פעלשערין איז די צייט. זי איז געגליכן צו אַ וואָגשאָל. זי הייבט אַרויף דעם לייכטן מענטשן און נידערט אַראָפּ דעם גע־וויכטיקטן. איז אַ מצווה אונטערטראָגן אַזאַ מגושמדיקן מענטשן אַן אמתן שפּיגל. זאָל ער דערזען זיך און זיינע נאַרישע פּירונגען. אפשר וועט געראָ־טעוועט ווערן אַ יידישע נשמה. און וואו נאָך קען ער זיך אַזוי גוט דערזען, ווי שטייענדיק ביים גאונס שטענדער. האָט ער, חיים יוסף, מיטן ניגון פון אויפרופן צו אַן עליה, אויסגערופן צום יונגן פּרושל:

— לאָזט אַריין דעם גביר צום גאון. ער וויל זיך אַליין דערזען.

די פּרושים וואונדערן זיך. זיי איז שווער צו פאַרשטיין דעם ראשס דרכים: אַ גביר, אַ פּראָסטן יונג, לאָזט ער גלייך אַריין צום גאון. און מיט עטלעכע שעה פריער איז דאָ אין קלויז געקומען אַ ייד, וואָס זיין פּנים האָט פאַר אים עדות געזאָגט, אַז ער איז זייער אַ פרומער מאַן און אַ למדן. ער האָט זיך געבעטן רחמים: איך וויל זען דעם גאון. אָבער אים האָט ר׳ חיים יוסף ניט געגעבן קיין רשות און ער האָט צו אים געזאָגט:

— איך בין בטוח, אַז איר אַליין ווילט ניט מען זאָל שטערן דעם גאון אין לערנען. איר זענט דאָך ניט געקומען אַזש קיין ווילנע זיך איינצוקויפן אַן עבירה.

און ווי נאָר דער גביר גייט אַרויס, קומט אַריין אין קלויז אַ נידעריק מענטשל מיט גרויסע שיך און טאָפּלטיקע פּאַדעשוועס און אויף זיין קאָפּ — אַ גויאיש היטל, מיט אַ גלאַנציקן לאַקירטן דאַשעק. און דער מראה־פּנים זיינער איז פון אַן עם־הארצל. טוט דער ראש אים אַ פרעג:

— וואָס איז אייער נאָמען? פון וואַנען קומט אַ ייד?

דאָס מענטשל ענטפערט שטיל:

— איך בין אַ יאַנאָווער. מען רופט מיך נחום דער בעל־רגלים. איך גיי אין שליחותן פון איין שטעטל אין אַנדערן. פּורים טראָג איך שלח־מנותן.

פרעגט ער אים:

— מכח וואָס ווילט איר זען דעם גאון?

דער ייד רויטלט זיך אַפילו ניט, און זאָגט:

— איך בין אַ טאַטע פון זיבן טעכטער, און אַלע בגרותן. שוין צייט זיי צו פירן צו דער חופּה. אָבער עס מאַכן זיך ניט קיין פּאַסיקע שידוכים. פאַר קיין עם־הארצים טאָר מען דאָך ניט חתונה מאַכן קיין טעכטער. האָט מיין פלוניתטע צו מיר געזאָגט: — נחום, דו פראַלסט דאָך זיך אַזוי מיט דעם גאון. טאָ, פאָר־צו צו אים, אפשר וועט ער זען צו קריגן פאַר דיינע טעכטער חתנים, לומדים.

ביים ריידן האָט ר׳ נחום אויסגעטאָן זיין גויאיש היטל און ער איז געבליבן שטיין אין אַ יאַרמלקע. דער ראש האָט, צו זיין גרויס וואונדער, דערזען, אַז דעם יאַנאָווער יידנס שטערן איז זייער אַ גרויסער, און איז פול מיט טיפע קנייטשן. און פון זיין פּנים שיינט אַראָפּ קדושה און לומדות. האָט חיים יוסף זיך געכאַפּט, וואָס דער ייד האָט אים פריער דערציילט, אַז זיין ווייב האָט צו אים געזאָגט: „דו פּראַלסט זיך מיטן גאון״ — זיינען ווייבערשע ניט־דערזאָגטע רייד און עס ליגן אין זיי אַ סך מער. האָט ער אַליין תיכף אַריינגעפירט דעם יאַנאָווער יידן אינעווייניק אין קלויז און אים פאָרגעשטעלט פאַרן גאון:

— דאָס איז ר׳ נחום יאַנאָווער.

צו זיין גרויס חידוש הערט דער ראש ווי דער דאָזיקער נחום יאַנאָווער רעדט גאָרניט מיטן גאון וועגן שידוכים, נאָר גאָר תורה. נחום האַלט אין איין פרעגן ביים גאון האַרבע קשיות, און דער גאון שיינט פון שמחה, וואָס ער האָט פאַר זיך אַזאַ גרויסן למדן.

אַז די פּרושים האָבן דערזען, ווי דער ראש האָט דעם יידן מיטן גויעשן היטל מיט אַזאַ פּאַראַד אַריינגעפירט צום גאון, האָבן זיי שוין אָפּן גענומען זיך מתרעם זיין אויף זייער ראש. זיי האָבן געטענהט:

— איר פירט זיך האַרב מיט יידן לומדים. איר גיט זיי ניט קיין רשות צו זען דעם גאון. אָבער איר האָט אַזוי ברייט געעפנט די טירן פאַר דעם יאַנאָווער יידן מיטן גויאישן היטל, וואָס האָט זיך ניט געשעמט צו קומען בעטן דעם גאון, אַז ער זאָל אים העלפן אויפזוכן חתנים פאַר זיינע טעכטער.

ר׳ חיים יוסף האָט אויסגעהערט זייערע טענות, און ער האָט צו זיי געזאָגט:

— רבותי, אונדזערע רבנן זאָגן, אַז גנבענען יענעמס דעה איז אַ נאָך גרעסערע עבירה, ווי צו גנבענען יענעמס געלט. לפי דעתי איז דער טעם דערפון: אויב דו האָסט שוין יענעמס דעה ביי זיך אין טאַש, האָסטו שוין זיין גאַנץ פאַרמעגן. עס איז אים לחלוטין שוין גאָרניט פאַרבליבן. טאָ זייט וויסן, אַז דער יאַנאָווער ייד איז אַ פאַרבאָרגענער למדן. איך האָב אים אָבער ניט נושא פּנים געווען, ווייל איך האָב געקענט און געוואוסט פון זיין גרויס לומדות און צדקות. ער איז געווען צו מיר אומבאַקאַנט אַקוראַט, ווי פאַר אייך. אמת, ווען איך האָב דערזען זיין שטערן, גרויס און פול מיט קנייטשן, ווי ביי אַ תלמיד חכם, בין איך שוין געווען אין ספק, צי ער איז טאַקע אַזאַ עם־הארץ, ווי ער קוקט אויס לויט זיינע גויאישע בגדים. אָבער ווען איך וואָלט אַפילו געווען בטוח, אַז ער איז אַ בור־דאוריתא, וואָלט איך אים אויך געגעבן דעם רשות צו זען דעם גאון, ווייל דער ענין, וואָס צוליב אים איז ער אַהער געקומען, איז ניט אַזוי איינפאַך, ווי ער שיינט צו זיין. „הכנסת־כלה״ איז אַן עיקרדיקע מצווה. איך אַליין האָב געהערט פון גאונס מויל, ווי ער האָט זיך באַקלאָגט:

— איך האָב צער, וואָס איך האָב נאָך ניט מקיים געווען די מצווה פון

„הכנסת־כלה", וואָס איז איינע פון דעם בורא העולמס שיינע מידות. ער האָט זיך דאָך אַליין מטריח געווען ביי אָדם און חוהן.

פון דעם צופאַל מיט ר' נחומען, — האָט דער ראש ווייטער גע־רעדט, — קען מען איצט גרינג איינזען, אַז מען טאָר ניט שאַצן אַ מענטשן לויט זיינע קליידער. און עס איז גאָרניט שייך צו זאָגן, אַז דאָס איז יאָ אַ וויכטיקער ענין און דאָס איז ניט וויכטיק. אַלץ וואָס עס פאַרשאַפט עגמת נפש אַ יידן און גיט אים ניט קיין רו, איז שוין פון גרויס באַדייט. און פון היינט אָן און ווייטער דאַרפן מיר זיין פריינטלעכער צו די פשוטע יידן און זיי צולאָזן אָפטער צו זען דעם גאון. עס איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן, אַז טאָמער, ביים ריידן מיט אים, קענען זיך פשוטע לייט אַרויסכאַפּן מיט נאַ־רישקייטן. ווייל, וואו עס רוט יום־טובדיקייט, איז שוין ניטאָ קיין אָרט פאַר וואָכעדיקייט, און וואו נאָר חול טרעפט זיך פנים אל פנים מיט קדושה, ווערט עס בטל ומבוטל. מעג דער מענטש זיין ווי נאַריש און פאַרגרעבט, אָבער ווי נאָר ער וועט זיך אַוועקשטעלן אין אליהוס דלת אמות, אַזוי וועט ער באַלד ווערן קלוג און אויסגעאיידלט, און ער וועט שוין פרעגן דעם גאון גאָר און גאָר קלוגע שאלות. איך דרינג דאָס אַרויס פון גאונס טיפן אַריינ־טייטש אין דעם פסוק: „ויהושע בן נון מלא רוח חכמה, כי סמך משה את ידיו עליו" — יהושע בן נון איז געוואָרן פול מיט חכמה, ווייל משה רבינו האָט אויף אים געהאָט אַרויפגעלייגט זיינע הענט. אייגנטלעך איז עס דאָך פליאהדיק. ווי קען מען ווערן דורך הענט אַ חכם? און דער גאון דערקלערט, אַז משה רבינו איז געווען אַזוי פול מיט רוח אלהים, אַז עס האָט זיך פון אים אַזש אַריבערגעגאָסן. האָט ער דערפאַר אַרויפגעלייגט זיינע הענט, אַז דער רוח הקודש זאָל זיך גיסן אויף זיין תלמיד, יהושע, ביז ער וועט ווערן פול מיט חכמה.

דאָס אייגענע, — רעדט דער ראש ווייטער, — טייטש איך אויך דאָ לגבי אים, אונדזער הייליקן רבין, און איך זאָג: ביי אים, דעם גאון הגאונים, איז די חכמת התורה אַזוי פול, אַז עס גיסט זיך אַזש פון אים אַרי־בער. אַפילו דער אומוויסנדיקסטער און נאַרישסטער מענטש, וואָס דער־נענטערט זיך בלויז צו אונדזער רבין, ווערט אָנגעפילט מיט חכמה.

אַז די פרושים האָבן געהערט דעם ראשס רייד, האָבן אַלע, אַפילו די וואָס האָבן געהאַלטן מיטן ראש, כדי ניט צו פאַרשעמען זייערע חברים, מיט התעוררות זיך אָפּגערופן:

— רבי, זייט אונדז מוחל, מיר האָבן חושד געווען בכשרים.

דער ראש האָט פון פרייד געשיינט און מיט אַ פריילעכן געמיט געזאָגט:

— איך בין אייך מוחל מיט מיין גאַנצן האַרצן. עס איז אָבער ניטאָ וואָס מוחל צו זיין. עס איז דאָך מיין שולד. איך האָב שוין לאַנג באַדאַרפט וועגן דעם זיך דורכשמועסן מיט אייך. אָבער איר זייט דאָך מיינע עדות, אַז איך האָב ניט געהאָט קיין צייט. אַדרבא, זעט אַליין, עס איז דאָך נאָך פרי. אין אַלע קלויזן דאַוונט מען נאָך שחרית, און ביי אונדז איז דער פּאָליש

שוין אָנגעפּראַפּט מיט מענטשן, און כמעט אַלע פון דער ווייט און פון דער פרעמד. מיטן התגלות פון גאון האָט די וועלט זיך אַ טרייסל געטאָן. זי האָט דערוואַכט פון איר שלאָף. אַלע, אַלע ווילן וויסן: — וואָס זאָגט דער גאון?

***

מיט יעדן טאָג איז געוואָרן האַרבער און האַרבער. פון די ווייטסטע מדינות האָט מען געהאַלטן אין איין שטראָמען קיין ווילנע צו זען דעם גאון. יעדער אין זיין אַנדערשדיקער קליידונג — ווער אין שטריימלעך און ווער אין פּאַפּושענע היטלען, אין פּעלצלעך און פוטערס פון אַלערליי קאָלירן, און אַנדערע גאָר אין זומערדיקע העלע כאַלאַטן, ווייל געקומען זיינען זיי פון וואַרימע לענדער. ר׳ חיים יוספן איז געפאַלן שווער דאָס צוזאַמענריידן זיך. די יידן פון דער מדינה אשכנז האָבן אין זייערע רייד אַריינגעמישט אַ סך דייטשע ווערטער, און די, וואָס זיינען געקומען פון דער מדינה איי־טאַלקע, האָבן גערעדט לשון־הקודש. ר׳ חיים יוסף איז געווען אַ בעל־דקדוק. ער האָט אָבער, ווי אַלע יידן אין דער ליטע, סיי פּשוטע לייט און סיי לומדים, זיין גאַנץ לעבן גערעדט בלויז יידיש, און פּונקט ווי די אורחימס לענדער זיינען געווען פאַרשיידענע, זיינען אויך די געסט געווען פון פאַרשיידענע שטאַנדן: לומדים, רבנים, בעלי־קבלה, סוחרים, רייכע לייט און אויך אָרעמע יידן. אַ רעכט ביסל פון די סוחרים זיינען געווען פאַרגויאישטע דייטשע יידן. זיי האָבן געהאַט גאָר אַ קנאַפּע השגה וועגן ר׳ אליהון. זיי האָבן אַפילו ניט געקענט אויסריידן דאָס העברעאיש וואָרט: ר׳ אליהו. האָבן זיי גערופן דעם גאון: ר׳ עליאַע. זיי זיינען אָפּגעטראָטן אין קלויז, ווייל די געלערנטע לייט פון זייער לאַנד האָבן זיי עס געבעטן. זיי האָבן צו זיי געזאָגט:

מיר האָבן געהערט, אַז איר וועט אויף אייער וועג דורכפאָרן ווילנע. טאָ, זייט אַזוי פריינטלעך, און טרעט אָפּ ביי ר׳ עליאַע ווילנער און פרעגט זיך דאָרטן נאָך, אין וואָס עס באַשטייט זיין גאונות.

אויך צווישן די אָרעמע מענטשן, וואָס זיינען געקומען צום גאון, קיין ווילנע, זיינען געווען אַ רעכט ביסל פּשוטע לייט, געדונגענע שלוחים. יידישע קהלות פון ווייטע געגענטן און פון פרעמדע מדינות, האָבן דורך זיי געשיקט פּאַרמעטן, פאַרשריבענע מיט שאלות אויף דינים, מנהגים און האַרבע קשיות אויף דער משנה און גמרא, אַז דער גאון זאָל זיי מסביר זיין.

ר׳ חיים יוסף האָט געהאַט אויסצושטיין אַ סך צרות פון די שלוחים. פּראָסטע לייט, האָבן זיי אים קיין רו ניט געגעבן, און זיך געהאַלטן אין איין קלאָגן: — מיר זיינען אָרעמע יידן. גיין אין שליחות איז אונדזער חיונה. די ראשי הקהל פון אונדזער שטאָט וועלן אונדז ניט גלייבן, אַז מען האָט אונדז דאָ אַזוי לאַנג פאַרהאַלטן. טאָ, מאַכט אונדז ניט אומגליקלעך, גיט אונדז גלייך אַ תשובה מיר זאָלן באַווייזן זיין צוריק אינדערהיים אויף שבת.

ר׳ חיים יוספן איז געווען אַ רחמנות אויף די אָרעמע שלוחים. ער וואָלט גריילעך זיי געהאָלפן. אָבער ווי קען ער ביי זיך פועלן אַפילו אַרויפ־לאָזן אויף זיין מחשבה צו גיין גלייך פרעגן ביי ר׳ אליהוז זייערע שאלות.

ער שטייט דאָך איצט ביי זיין שטענדער, און איז מחדש חידושים, וואָס אַ דאַרשטיקע וועלט וועט זיך מיט זיי דאַרפֿן קוויקן. זיינען הגהות וועלן באַלייכטן גאַנצע סוגיות מאמרים און פסוקים, וואָס דורות לאַנג בלאָנדזשעט מען אין זיי, ווי אין פֿינצטערע וועלדער. אויב ער, חיים יוסף, זאָל איצט גיין אָפּרייסן דעם גאון פֿון זיין לערנען, וועט דאָך דאָס געגליכן זיין, ווי ער זאָל גיין פֿאַרשטאָפּן אַ שפּרודלדיקן קוואַל, אין דער צייט, ווען מענטשן, פֿאַרשמאַכטע, שטייען מיט קרוגן אין די הענט, צו שעפּן דאָס וואַסער און לעשן זייער דאַרשט, אָדער, ווי צו גיין אויסלעשן אַ ליכט, וואָס שיינט און באַלייכט אַ שליאַך, בעת אינדרויסן איז שטאָק פֿינצטער.

מיעט זיך ר׳ חיים יוסף וויזשונער צו באַרואיקן די שלוחים מיט גוטע רייד. ער גיט זיי צו דערקלערן, אַז דער גאון איז איצט פֿאַרטיפֿט אין דער תורה, און עס וואָלט געווען די גרעסטע עבירה, ווען מען שטערט אים איצט. זיי מוזן וואַרטן ביז מאָרגן אינדערפֿרי. די שלוחים ווילן אָבער פֿון דעם ניט הערן. זיי מאָנען אויפֿן הויכן קול, מען זאָל זיי באַלד געבן אַ תשובה. ר׳ חיים יוסף קען זיך ניט העלפֿן. בייזערט ער זיך אויף די עקשנים, און ער זאָגט זיי מיטן האַרבן וואָרט:

— איך קען ניט בייטן אַ סדר, וואָס איז איינגעשטעלט פֿאַר אַלעמען גלייך. איר וועט מוזן וואַרטן ביז מאָרגן אינדערפֿרי.

יעדן טאָג קומען אָן אין קלויז פּאַקעטן מיט שאלות פֿון אַלע עקן וועלט. די סופֿרים סאָרטירן זיי אויס לויט די זעקס סדרים פֿון דער משנה. בין מנחה למעריב טראָגט ר׳ חיים יוסף אַריין די פּאַפּירן צום גאון.

די סופֿרים, כאָטש געניטע מיט דער פּען, האַלטן אים קוים נאָך. זיינע רעיונות פֿליסן פֿון זיין הייליקן מויל, ווי פֿון אַ שפּרודלדיקן קוואַל. אַלע, אַלע ווייסן שוין, אַז ר׳ אליהו געהערט צו די ליכטיקע דורות פֿון די תנאים. איינמאָל האָט ר׳ חיים יוסף, צוקוקנדיק ווי דער גאון האָט אין איין קליינער ווײַלע באַנומען און פֿאַרענטפֿערט אַ שווערע און פֿאַרפּלאָנטערטע שקלאַ וטריא, איז ער, חיים יוסף, אַריין אין התפּעלות, און זיך אָנגערופֿן:

— רבי מיינער, איר, רוכב ישראל ופרשיו, אַז מען קוקט אויף אייך, דאַרף מען מאַכן אַ ברכה, ניט ווי אויף אַ בשר ודם, נאָר ווי אויף אַ מלאך פֿון הימל.

דער גאון האָט אים שאַרף אָנגעקוקט און זיך אויף אים אָנגעבייזערט:

— ר׳ חיים יוסף וויזשונער, איר זאָלט עס נאָכאַמאָל ניט זאָגן. דאָס זיינען נאַרישע רייד. אַזוי ריידן די לייט, וואָס רופֿן זיך איצט „חסידים". זיי האַלטן אין איין גלייכן זיך צו מלאכים און דערציילן נסים ונפלאות, ווי זיי שטאַטן אָפּ וויזיטן אין הימל. זיי פֿאַרגעסן, אַז אַ מענטש איז אַ העכערע יצירה ווי אַ מלאך. דער בורא האָט אָנפֿאַרטרויט די טייערע תורה מיט אירע מצוות ניט מלאכים, נאָר אונדז, מענטשן. זיי, די מלאכים פֿאַרשטייען ניט אַפֿילו דעם גרינגסטן מאמר אין דער גמרא, וואָרים זיי קענען בלויז לשון־קודש. זיי דאַרפֿן גאָר ניט די תורה. אונדזערע רבנן זאָגן:

„בראתי לו יצר־הרע, בראתי לו תורה תבלין" — מלאכים האָבן ניט קיין יצר־הרע, דאַרפן זיי ניט קיין תבלין. אמת, דער מענטש אַליין איז גאָר אַ קנאַפּער יש, אָבער מיט דער תורה איז ער שוין גאָר אַ גרויסער יחסן, ער איז אַליין אַ וועלט. און אַקוראַט ווי די מלאָכים האָבן ניט וואָס צו טאָן אויף אונדזער ערד, האָבן מיר ניט וואָס צו טאָן אויף זייער הימל. אַפילו משה רבינו וואָס דער בורא האָט צו אים גערעדט פּנים לפּנים, ווי איין מענטש צום צווייטן, איז אַרויפגעשטיגן אויפן הימל, בלויז מקבל צו זיין די תורה.

ר׳ חיים יוסף האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— רבי, מיר האָבן מקבל געווען אַ סך חיבורים, און אַלע זיינען באַגלייט מיט בקשות. די מחברים בעטן זיך רחמים, אַז דער רבי זאָל אַריינקוקן אין זייערע חיבורים, זיי ווילן הערן וואָס איר זאָגט וועגן זייערע דברי־תורה.

דער גאון לאָזט אַרונטער פאַרטראַכט דעם קאָפּ און רעדט צו זיך אַליין:

— אַז מען פּלפּולט צופיל, שרייבט מען צופיל. דאָס רוב לומדים אונדזערע פאַרנעמען זיך מיט צו הויכע ענינים. אַז מען לערנט גרינטלעך, פאַרשפּאָרט מען צו פרעגן קשיות. אָבער, למען השם, שיקט אַריין אַלע ספרים. מען טאָר קיין מענטשן ניט פאַרשעמען.

דער גאון קוקט אַריין אין יעדן חיבור. אַפריער לייענט ער דורך די ערשטע עטלעכע שורות, דערנאָך מישט ער אויף דאָס לעצטע בלעטל און לייענט איבער די לעצטע שורות. אויב זיי געפעלן אים ניט, טוט ער אַ זיפץ און לייגט אַוועק דעם חיבור. אָבער אויב די ערשטע און לעצטע שורות זיינען ביי אים נושא חן, צעשמייכלט ער זיך מיט אַלע פריידן און ער לייענט דורך דעם גאַנצן חיבור, פון ערשטן בלעטל ביזן לעצטן בלעטל. און אַז דער ספר נעמט ביי אים שטאַרק אויס, טראָגט זיך באַלד איבערן קלויז, מיט גרויס מתיקות, זיין זיסער קול:

— ר׳ חיים יוסף ווילזשונער, אַ ברכה אויף אייך. איר האָט מיר מהנה געווען מיט אַ טייערן ספר. ער האָט אַלע מעלות. עס איז דאָרט דאָ אי חומר, אי צורה, אי תכלית. דער פועל פון חיבור האָט אַן אייגענעם פּנים. איך וועל גלייך גיין זען דעם בעל־הספר, און אים אָפּגעבן אַ יישר־כוח.

ר׳ חיים יוסף באַרואיקט דעם גאון, און ער זאָגט:

— רבי, איר פאַרשפּאָרט זיך מטריח צו זיין. דער מחבר וועט מיט שמחה אַליין צו אייך קומען. איך וועל אים שוין געבן צו וויסן.

דער גאון נעמט זיך צוריק צום לערנען, אָבער ער רופט זיך באַלד ווידער אָן:

— ר׳ חיים יוסף, עס איז גלייכער ניט צו מאַכן קיין צו גרויסן רעש. דער בעל־הספר איז אפשר נאָך אַ יונגער מענטש, און פון צופיל תשבחות, קען ער נאָך ווערן אַ בעל־גאווה און אויפהערן לערנען.

איין טאָג איז צום גאון אין קלויז אַריינגעקומען דעם גאונס מחותן,

דער בעל־פּוסק און סוחר, ר׳ אַברהם דאַנציגער, וואָס האָט געגאָלטן אויפן נאָמען פון זיין ספר „חיים־אָדם״. ער האָט געגעבן דעם גאון שלום־עליכם, און געזאָגט:

— רבי מיינער, מחותן מיינער, איך האָב זיך איצט אומגעקערט פון דאַנציגער יאַריד. אַ לויב צום השם יתברך, איך האָב מצליח געווען. איך האָב אייך געבראַכט אַ ספרל. דעם מחברס נאָמען איז ר׳ משה חיים לוצאַטו, אַ תושב פון רוים. ער רופט זיין ספר „מסילת־ישרים״ — אַ שטעג צו גיין פאַר אָרנטלעכע לייט. בעט איך אייך, רבי, קוקט אַריין אין ספרל. איך וויל הערן אייער החלטה. ר׳ יעקב עמדין האָט עס מיר געגעבן און ער האָט דעם מחבר שטאַרק געטאַדלט. ער האָט מיר אויך פאַרטרויט, אַז ער און נאָך אַנדערע רבנים האָבן זיך געקליבן אַריינצולייגן דעם ספר אין חרם. ר׳ יעקב עמדין האָט מיך געבעטן איך זאָל פועלן ביי אייך, אַז איר זאָלט געבן אייער הסכמה אויף דעם חרם. פיר איך אויס מיין שליחות.

אויפן גאונס פּנים האָט זיך באַצויגן אַן אומעט. עס האָבן אים זיינע הענט אַזש גענומען ציטערן, און ער האָט, מיט צער, געזאָגט:

— אַ יידן לייגן אין חרם? וואָס, מען שרייבט שוין אויך אַזעלכע ספרים?

ער האָט, אַן חשק, גענומען דאָס ספרל אין זיין האַנט, און מיט פּחד אַריינגעקוקט אין די ערשטע שורות, און ניט אין ספר גופא, נאָר אין דער הקדמה. מיטאַמאָל האָבן זיך דעם גאונס אויגן צעלויכטן, דער אומעט איז פון זיין פּנים פאַרשוואונדן. ער האָט זיך צעשיינט מיט אַלע ליכטיקייטן.

דער „חיי אָדם״ האָט דערקענט, אַז דאָס ספרל האָט גאָר נושא חן געווען ביים גאון, און ער וועט אים שוין דורכלערנען פון טאָוול ביז טאָוול. האָט ער זיך שטיל אַרויסגעשלייכט פון קלויז.

דער „חיי אָדם״, דער געוואַלדיק פרומער ייד און גרויסער מתמיד, וואָס האָט צוליב דעם דאַנציגער יאַריד מבטל געווען אַזוי פיל צייט פון לערנען, האָט זיך פאַרקליבן אין אַ זייטיק שטיבל און זיך געשטעלט לערנען. ער, דער גרויסער סוחר, האָט אַרויפגעצויגן אַ טלית איבער זיין קאָפּ — און, אויס סוחר, אַ פּרוש, ווי אַלע פּרושים. ער האָט זיך פרום געוויגט איבער זיין שטענדער און באַלד פאַרגעסן אַן זיינע אַלע געשעפטן. ער האָט זיך אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין די דינים פון „אורח חיים״. ער האָט געזוכט דעם שכל און דעם טעם אין זיי.

מיטאַמאָל האָט ער דערהערט, ווי עמעצער טשוכעט אים, און רעדט צו אים אין דער שטיל:

— „חיי אָדם״! „חיי אָדם״!

ר׳ אַברהם דאַנציגער האָט זיך געגעבן אַ כאַפּ אויף, ווי פון אַ שטאַרקן שלאָף, און דערזען, אַז לעבן אים שטייט דער ווילנער. ער איז זייער צע־טראָגן, און זאָגט צו אים:

— דער גאון רופט!

ר׳ אַברהם דאַנציגער האָט זייער געציטערט איבערן גאון. זיין יעדעס

וואָרט איז ביי אים געווען הייליק און טייער. ער איז געווען גליקלעך מיט דער מחותנשאַפט, און, וואו נאָר עס האָט זיך געלאָזט, האָט ער אין זיינע ספרים אַריינגעשריבן: „מיין מחותן, דער גאון, זאָגט"... ער האָט פיל מאָל זיך אָפּגעטרייסלט פון ריווחדיקע מסחרים, ווייל עס וואָלט אים פאַרטראָגן אין צו ווייטע מקומות, און ער וואָלט געדאַרפט אויף אַ צו לאַנ־גער צייט זיך שיידן מיט זיין מחותן. איצט, אַז דער „חיי אָדם" האָט דער־הערט, אַז דער גאון רופט אים, האָט ער אַפילו ניט צורעכט געמאַכט דעם טלית, וואָס האָט זיך געהאַט אַראָפּגערוקט פון זיינע אַקסלען. ער איז אין געאייל געלאָפן אין קלויז אַריין, מיט אַזאַ געשווינדקייט, ווי ער וואָלט נאָך געווען אַ יונגערמאַן.

אַז ער איז אַריינגעקומען אין קלויז, האָט ער דערזען, אַז די פּרושים פּאַקן איין דעם גאונס ספרים. ר' אַברהם דאַנציגער האָט אַ פאַרחידושטער זיך אַרומגעקוקט: וואָס האָט דאָ פּאַסירט?

ער האָט לאַנג ניט געדאַרפט טראַכטן. דער גאון האָט אים שוין גע־האָט דערזען און זיך זייער דערפרייט:

— „חיי אָדם", איך האָב צו אייך אַ בקשה. קענט איר מיר אפשר אַנטלייען, על מנת להחזיר, ח"י רייכס־טאַלער? איך קלייב זיך אין אַ וויי־טער נסיעה. איך פאַר קיין רוים צו זען ר' משה חיים לוצאַטון. איך האָב מיט אים וויכטיקע ענינים איבערצורייִדן און איבערבעטן אים פאַר דעם צער, וואָס אונדזערע אייגענע רבנים האָבן אים, דעם ירא שמים, פאַרשאַפט. זיי, אין מדינת אשכנז, וואָס האָבן געוואָלט אים לייגן אין חרם, פאַרשטייען זיך ניט אויף זיין גדלות. זיין ספר איז קדוש און ער איז קדוש. איך וויל אויך פאַרדינען אַ מצווה צו מאַכן אויף אים די ברכה: „אשר חלק מכבודו ליראיו". ר' משה חיים איז דער אמתער ירא שמים.

דער „חיי אָדם" האָט, אַ טרויעריקער, אַנגעקוקט דעם גאון, און מיט אַ צעבראָכן האַרץ געזאָגט:

— רבי מיינער, איר ווייסט דאָך גאַנץ גוט, ווי איך האָב זיך אַלעמאָל געקליגט, ווי ניט צו פאַרשאַפן אייך קיין צער. אָבער איך בין איצט צו דעם געצווונגען. טאָ, שטאַרקט זיך, וואָס איך גיי אייך אָנזאָגן ניט קיין פריילעכע בשורה. עס איז שוין פערצן חדשים זינט ר' משה חיים לוצאַטו האָט זיך אָפּגעשיידט פון דער ערדישער וועלט.

דער גאון איז געבליבן שטיין רואיק. ער האָט זיך אַפילו אַ שאָקל ניט געטאָן, און זיין ברעם האָט אַפילו ניט געטאָן קיין פינטל. ער, דער חסיד דורך און דורך, האָט קיינמאָל ניט דערלאָזט צו האָבן תרעומות אויפן בורא העולם. ער האָט תמיד געדאַנקט פאַר דעם שלעכטס מיטן פולן האַרצן, פּונקט ווי מען דאַנקט פאַר גוטס. און מיט התעוררות האָט ער אויפן הויכן קול אויסגערופן:

— ברוך דיין אמת!

די פּרושים האָבן אַוועקגעלייגט די ספרים, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין פּאַקן. אין קלויז איז געוואָרן שטיל. דער „אָמן", וואָס זיי האָבן געענטפערט

אויף ר׳ אליהוס „ברוך דיין אמת״, איז פאַרגאַנגען אין קלאָג, זיך גע־צאַפּלט אין חלל, זיך געדראַפּעט אויף די פענצטערס און ניט געוואָלט אויסגיין.

דער גאון האָט אַראָפּגעלאָזט דעם טלית איבערן קאָפּ און, אין אבילות, זיך אָוועקגעזעצט אויפן לעצטן טרעפּל ביים אָרון־קודש. די פּרושים האָבן באַלד איבערגעדרייט אַ באַנק און זיך אויסגעזעצט אַרום אים, אין אַ קרייז. דער גאון האָט אויפגעעמישט דעם „מסילת ישרים״, און געזאָגט:

— איך האָב ניט געהאַט די זכיה צו קענען ריידן מיט ר׳ משה חיים לוצאַטון און בעטן ביי אים מחילה פאַר די עינויים, וואָס מען האָט אים, דעם אמתן צדיק און חסיד, פאַרשאַפט. אָבער לאָמיר דאַנקען דעם הקדוש ברוך הוא, וואָס מיר האָבן זוכה געווען עס זאָל צו אונדז דערגרייכן זיין הייליקער ספר, דער „מסילת ישרים״, וואָס לערנט און ווייזט אונדז, ווי צו גיין אויף זיין ברייטן, ליכטיקן וועג. ער׳ ר׳ משה חיים, רופט עס אָבער אָן, עניוותדיק, „שטעג״, טאָ לאָמיר איצט איבערזאָגן פאַר אייך זיין הקדמה, וואָס יעדעס וואָרט איז אָנגעזאַפּט מיט יראה און אהבה צום בורא און זיין יצירה.

דער גאון האָט, מיט אַן אומעטיקן ניגון, גענומען פאָרזאָגן די הקדמה:

— אמר המחבר, זאָגט דער מחבר:

„איך, משה חיים לוצאַטו, האָב ניט געשריבן מיין חיבור צו לערנען מענטשען זאַכן, וואָס זיי ווייסן ניט. מיין כוונה און ציל איז בלויז צו דער־מאָנען דווקא די זאַכן, וואָס זיינען שוין לאַנג ניט בלויז באַוואוסט, נאָר אַפילו גאָר און גאָר מפורסם. און דו, מיין ליבער לייענער, וועסט אין מיינע אַלע רייד געפינען בלויז פאַרזאָגונגען, וואָס דאָס רוב מענטשן ווייסן זיי און האָבן ניט דעם מינדסטן צווייפל אין זייער ריכטיקייט.

„אָבער דווקא דערפאַר, וואָס זיי זיינען אַזוי מפורסם און זיינען אָפן און קלאָר פאַר אַלעמען, איז מער שכיח די שיכחה.

„טאָ, זיי וויסן, מיין ליבער לייענער, אַז מיט לייענען דעם ספר מיינעם בלויז איינמאָל, וועסטו ניט האָבן קיין שום נוצן. ווייל עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז דו וועסט דאָרטן ניט געפינען קיין זאַכן, וואָס דו האָסט פון פריער ניט געוואוסט. אין בעסטן פאַל, אפשר אַ קליין ביסעלע. אָבער דו קענסט דערוווערבן אַ נוצן, ווען דו וועסט לערנען מיין חיבור מיט התמדה איין מאָל און נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל. דעמאָלט וועט דאָס דיר דער־מאָנען די זאַכן, וואָס ליגן אין דער טבע פון מענטשן זיי צו פאַרגעסן און ניט צו מאַכן פון זיי קיין ווען. דו וועסט דערשפירן אין דיין האַרצן, אַז דו ביזט יאָ מחויב זיי אויסצופירן.

„מיין ליבער לייענער, אַז דו וועסט צולייגן גוט דעם קאָפּ, וועסטו גלייך איינזען, אַז דאָס רוב פון אונדזערע קלוגע לייט און אונדזערע חריפים טיפן זיך בלויז אין די ענינים, וואָס זיינען זייער פאַרפלאָנטערט. אייניקע פאַרנעמען זיך מיט בריאת־העולם און מיט דער נאַטור פון דער וועלט. אַנדערע גיבן אַוועק זייערע כשרונות צו פאַרשטיין דעם גאַנג פון די שטערן. אמת, אייניקע גיבן זיך אויך אָפּ מיט קדושה. זיי פאַרנעמען זיך מיט לערנען

די הייליקע תורה, ווער דורך פלפולן די הלכות, ווער דורך אויסטייטשן מדרשים, און ווער מיט פסקנען די דינים. אבער זייער און זייער ווייניק פון אונדזערע הייליקע לייט גיבן זיך אפ מיט לערנען די ענינים, וואס האבן צו טאן מיט שלימות העבודה, ווי: יראה, באהעפטונג צום בורא, אהבה צו אים, און צו זיין יצירה. אין די אלע אנדערע ענינים, וואס מען מוז שטארק אפהיטן אויב מען וויל זיין א פרומער מאן.

„מיין אבער ניט", — לייענט דער גאון ווייטער ר' משה חיים לוצאַ־טוס הקדמה, — „אז אונדזערע איצטיקע חכמים גיבן זיך ניט אפ מיט אט די ענינים, ווייל זיי האלטן זיי פאר ניט וויכטיק. אדרבא, מיין ליבער לייענער, פרואוו עס פרעגן ביי זיי, וועסטו ניט געפינען אפילו איינעם, וואס וועט דיר ניט ענטפערן: וואס איז דאס פאר א רייד? זיי זיינען דאך דער סאמע יסוד פון יידישקייט! און טאקע דערפאר, ווייל דאס איז ביי זיי אזוי זיכער און קלאר, האלטן זיי, אז מען דארף אויף אזוינע מפורסמדיקע זאכן ניט פטרן קיין צייט. עס איז שוין אזוי ווייט דערגאנגען, אז בלויז פראסטע מענטשן לערנען מוסר. עס איז שוין ביי דער וועלט כמעט ווי אנ־גענומען געווארן פאר באשטימט, אז אויב מען זעט ווי איינער איז שטארק מדקדק אין פרומקייט, איז א סימן, אז ער איז א ייד א שוטה און גאר א קנאפער למדן. אזוי צו קוקן איז זייער ניט גוט, ניט פאר אונדזערע תלמידי חכמים און ניט פאר פשוטע לייט. עס איז גורם, אזביידע פארזעען דער־ווייל צו געניסן דעם אמת'ן טעם פון חסידות, — די חכמים, ווייל זיי טראכטן זיך ניט טיף אריין אין דעם ענין, און די פשוטע לייט, ווייל זיי קריגן א פאלשע השגה. זיי מיינען, אז צו זיין א איש חסיד דארף מען זיך פייניקן, פאסטן תעניתים, זיך קלאפן אין הארצן אל־חטא, זיך טובלן אין קאלטע פארפרוירענע טייכן, צי גאר זינגען און טאנצן. די אלע פירונגען זיינען אינגאנצן קעגן שכל און זיי בארואיקן ניט דאס געוויסן. אמתע חסידות איז" — — — — — —

דער גאון האט מיט גרויס געררטקייט געלייענט די הקדמה ווייטער און ווייטער, ביז צו דער לעצטער שורה. ער האט, מיט ליבשאפט, א קוש געטאן דעם „מסילת ישרים", אים צוגעמאכט, און געזאגט:

— איבערזאגן פאר אייך בלויז די הקדמה אליין, איז ניט רעכט. ר' משה חיים לוצאטיס ספר האט זעקס און צוואנציק קאפיטלען. וועל איך, אויף אויסווייניק, איבערגעבן פון יעדן קאפיטל א רעיון. אט זיינען ר' משה חיים לוצאטיס חידושים:

א) ניט די מורא שאפט די פוילקייט, נאר די פוילקייט שאפט די מורא.

ב) דער תכלית קען ניט זיין גרעסער ווי די מיטלען, וואס מען נעמט אן.

ג) ווילסטו זיין א פרומער און ערלעכער מאן, טא פיר זיך ווי א סוחר, וועג דיינע מעשים, פונקט ווי דער סוחר וועגט זיין סחורה.

ד) זיי ניט קיין צו גרויסער צדיק.

ה) א צדיק איז בלויז דער, וואס איז גוט צו מענטשן.

ו) עס טרעפט גאנץ אפט, אז מעשים, וואס קוקן דיר אויס צו זיין שיין און פיין, זיינען גאר אנגערעדטע פון יצר־הרע.

ז) ווילסטו דערזען די אמתע ליכט, טאָ באַפריי זיך פון דער תפיסה. וואו דער יצר הרע האַלט דיך געפאַנגען.

ח) עס איז ניטאָ קיין שעדלעכערע זאַך, ווי שרייבן שאַפסן און מאַכן מענטשן צום לאַכן.

ט) דער יצר הרע, אַמאָל האַלט ער דיך צו און אַמאָל יאָגט ער דיך. פון אַ מצווה האַלט ער דיך צו, און צו אַן עבירה טרייבט ער דיך.

י) ניטאָ קיין גרעסערע סכנה, ווי די סכנה פון צייט.

יא) איידער צו טאָן אַ מצווה מיט כעס, איז בעסער אינגאַנצן ניט צו טאָן.

יב) אַ מצווה, וואָס דו טוסט ניט מיט שמחה, איז אפשר ניט קיין עבירה, אָבער קיין מצווה אַוודאי ניט.

יג) פרישות איז ניט אַלעמאָל אַ מצווה. טיילמאָל איז עס אַן עבירה.

יד) שאַץ ניט קיין מצווה לויט וואָס זי וועט איצט אויפטאָן, נאָר שאַץ איר לויט די תולדות, וואָס עס וועלן שפּעטער פון איר אַרויסקומען.

טו) ווילסטו טאָן עמעצן אַ טובה, טו איר, ווי יענעם געפעלט, און ניט, ווי דיר.

טז) יראה קריגט מען ניט אומזיסט, מען דאַרף זי קויפן.

יז) אַ ירא שמים וועט זיך ניט שטעלן דינען צו די הויכע שטערן. דערפאַר וועט ער קיינמאָל ניט ווערן קיין בעל־גאווה.

יח) עס איז ניטאָ קיין איין עולם־הזהדיקער פאַרגעניגן, וואָס עס זאָל זיך ניט נאָכשלעפּן אַן עבירה.

כ) מען קען ניט ווערן קיין צדיק אויף איינמאָל. ביז מען דערגייט צו דער הויכער מדרגה, דאַרף מען קלעטערן אויף טרעפּ און טרעפּ.

כא אַן עניוו איז דער, וואָס איז אַן עניוו ביי זיך אַליין, ביי זיך אין דער מחשבה.

כב) די הויפּט־תאווה ביים מענטשן צעטיילט זיך אויף „אלף און בית״: א. — איז געלט, און ב. — כבוד. אָבער די ערגסטע מידה איז דער ב.

כג) זאָל נאָר די יראה אַריינדרינגען טיף אין דיין האַרצן, וועסטו שוין דערזען די פעולה אין דיינע אייגענע גלידער.

כד אַ מענטש דאַרף זיך קליגן ווי צו ווערן געפעלן זיין באַשאַפער.

כה) זאָלסט תמיד ריידן שטיל און פריינטלעך.

כו — אַלעמאָל זיי דו דער ערשטער צו געבן יענעם שלום־עליכם.

דאָס זיינען — האָט דער גאון געזאָגט — זעקס און צוואַנציק רעיונות פון די זעקס און צוואַנציק קאַפּיטלעך פון „מסילת־ישרים״. איצט לאָמיר אייך איבערזאָגן אַ רעיון פון דעם סיום צו זיין ספר:

— ווען דו הערסט, אַז עמיצער זאָגט: „איך ווייס דעם אמתן וועג ווי צו דערגיין צו „חסידות״, קענסטו שוין זיין בטוח, אַז יענער איז אַ פאַלשער מענטש. אין דער גאַנצער יצירה איז ניטאָ אַ חפץ, וואָס זאָל זיין גוט פאַר אַלע מענטשן. אויפן וועג, אויף וועלכן עס קען גיין אַ תלמיד־חכם, קען ניט גיין אַ פּשוטער מענטש. דאָס זעלביקע פאַרקערט. פונקט

אַזוי איז אויך מיט אַ רייכן און אָרעמען. זייערע ביידנס וועגן זיינען פאַרשיידן, ווי זייער אַרט לעבן איז פאַרשידן. יעדער מענטש דאַרף זיך קליגן אויס־צוקלייבן זיין אייגענעם וועג. עס ווענדט זיך אויך, וואָס זיין פרנסה איז. אַ מענטש, וואָס דאַרף נעבעך אַרבעטן ביי יענעם, קען זיך ניט פירן ווי אַן עושר. אַ פּשוטער מענטש קען זיך ניט פירן ווי אַ רב. און זיי ביידע קענען ניט טאָן זאַכן, וואָס אַ סוחר קען טאָן. און ניט ווייל דער דאַרף זיין וויניקער צדיק, ווי דער אַנדערער. ניין! אַלע האָבן די זעלביקע שליחות צו טאָן דעם רצון פון בורא. אָבער די מיטלן זיינען ביי יעדערן פאַרשידן צוליב זיין שטאַנד אין לעבן. גבירים דאַרפן שטיין אויף איין זייט, און אָרימע מענטשן אויף דער אַנדערער זייט. מען דאַרף זיך פירן ווי שלמה־המלך זאָגט: — „בכל דרכיך דעהו, והוא יישר אורחותיך". — מיט וואָס דו זאָלסט זיך ניט באַשעפטיקן, געדענק, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, זוך אים צו דערקענען, און ער וועט דיר שוין ווייזן דעם ריכטיקן שטעג.

דער גאון האָט זיך אויפגעהויבן פון די טרעפּ ביים ארון־קודש, וואו ער איז געזעסן, און מיט עניוות געזאָגט:

— אַז מען קוקט אַריין אין „מסילת־ישרים", קריגט מען די אמתע השגה, וואָס עניוות און חסידות באַדייטן. ר' משה חיים לוצאַטו, וואָס האָט זיך געמאַכט אַזוי קליין, איז גאָר געווען אין דער אמתן גרויס. ער, וואָס האָט אויף זיך געזאָגט, אַז ער האָט ניט וואָס מחדש צו זיין, איז הוי־לער חידוש. אַזאַ בקיאות, אַזאַ לשון, און אַזעלכע קלאָרע און טיפע רעיונות האָב איך געזען בלויז אין די ספרים פון אונדזערע ראשונים. ער האָט קליינע זאַכן גרויס געמאַכט. יעדער מענטש, וואָס וויל גיין אויפן גלייכן וועג, מוז לערנען דעם „מסילת־ישרים", ווי ר' משה חיים האָט אונדז געזאָגט: — איין מאָל לערנען און נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל. ווייל וואָס מער דו וועסט אים לערנען, אַלץ מער וועסטו אין אים געפינען. וואָרים ראוי אָנגערופן צו ווערן ספר איז נאָר דער ספר, וואָס מען קען אויף אים זאָגן: „הפך בה והפך בה". דעמאָלט איז אַ סימן, אַז עס איז כולה בה.

פון דעם טאָג אָן איז אין גאונס קלויז איינגעפירט געוואָרן אַ נייער מנהג. יעדן בין־מנחה־למעריב, האָבן דעם גאונס תלמידים זיך געשטעלט לערנען דעם „מסילת־ישרים". זיי האָבן עס געלערנט מיטן זעלביקן ניגון, ווי דער גאון האָט געזאָגט די הקדמה. זיי, יידן פון דער ליטע, וואָס זיינען דורך ימען און לענדער געווען אָפּגעשיידט פון דער מדינה איטאַלקע, און אַנדערש געלעבט, און אַנדערש זיך געפירט, האָבן ניט געזען קיין חילוק צווישן זיך און לוצאַטון. זיי האָבן אים, דעם יידן פון איטאַלקע, געקרוינט פאַר זייער רבין און מוסר. זיין, דעם איטאַליענישן יידנס וועג איז געווען ווי אָנגעמאָסטן פאַר זיי, די יידן פון דער ליטע.

ר' חיים משה לוצאַטו, וואָס איז אויסגעשטאַנען אַזוי פיל ענוים פון זיינע אייגענע לאַנדס־מענטשן, וועלכע האָבן געוואָלט אים אַריינלייגן אין

חרם, האָט געקראָגן זיין תיקון דווקא אין דער ווייטער ליטע, וואָס ער האָט ניט געקענט און ניט געוואוסט. דאָ האָט מען זיין ספר דעם „מסילת־ישרים" אויפגענומען ווי אַן אבן־טוב. דעם גאונס תלמידים האָבן אין אים געלערנט מיט דער גרעסטער הרגשה, און ר' זעלמעלע וואָלאָ־זשינער, האָט ביי יעדער שורה געוויינט אויפן קול און זיין שוואָגער ר' סעידה, וואָס איז אויך געווען איינער פון דעם גאונס תלמידים, האָט מיט התעוררות זיך אָפּגערופן און געזאָגט:

— איצט האָב איך געכאַפּט דעם אמתן זין פון קפיצת־הדרך. דער גאון האָט עס איצט באַוויזן. און געטאָן האָט ער עס דורך זיין גרויסער נשמה. ער האָט דערשפּירט די התרוממות פון אַ יידן, וואָס האָט זיך אויפ־געצויגן אַזש אין איטאַלקע און האָט קיינמאָל אַפילו ניט אָנגעזען די ליטע, און איז שוין אַפילו מער ניט צווישן אונדז, לעבעדיקע. אָבער מיט זיין הייליקן שפּרוך האָט דער גאון אים מחיה־מתים געווען, און אים אַרונטערגעבראַכט מיט גרויס כבוד אין דער ליטע. ער האָט אים דאָ באַ־זעצט אויף תמיד אין סאַמע אויבנאָן, און געקרוינט אים פאַר דעם רבין פון מוסר.



## קאַפּיטל ז

דרייצן תלמידים האָט דער גאון געהאַט. זיי זיי־נען יומם ולילה געזעסן אין קלויז און זיך צוגעהערט צו זיין תורה. דערנאָך האָבן זיי די חידושים איבערגעזאָגט פאַר דעם ראשס סופרים. די תלמידים האָבן זיך געביטן אין „משמורים". זיי, די יונגע לייט, האָבן ניט געהאַט קיין כוח נאָכצוהאַלטן דעם גאון. זיי האָבן ניט געקענט זיצן אַזוי פיל לאַנגע שעהן אין לערנען, ווי זייער רבי. ביי ר' אליהון איז ניט געווען קיין חילוק צי עס איז טאָג, צי עס איז נאַכט. ער האָט אין פולן מקיים געווען דעם פּאַרזאַג: — „והגית בו יומם ולילה". ער, וואָס האָט זיך אַליין באַנוגנט בלויז מיט אַ קורצן דרימל, האָט אָבער ניט דערלאָזט זיינע תלמידים צו באַרויבן זייער שלאָף. ער האָט זיך אויף זיי געבייזערט:

— געדענקט אין פּאַרזאַג: — „ושמרתם לנפשותכם", — היט אָפּ אייער געזונט. קוקט ניט אויף מיר! עלי איז אַ שטאַרקער מענטש.

אַלע דרייצן תלמידים זיינען געווען גאונים. יונגע גאונים. און אַלע אמתע עניוות. אַפילו אין דער מחשבה האָבן זיי פון זיך אַליין גאָר קנאַפּ־וואָס געהאַלטן. יעדער איינער פון זיין האָט געגלויבט, אַז דער אַנדערער קען מער לערנען פון אים, איז קליגער און פרימער פון אים. און אויב זיין חבר האָט געטאָן אַ זאַך, וואָס איז אים ניט געווען געפעלן, האָט ער

יענעם דן געווען לכף זכות און געטראַכט, אַז יענער האָט עס בלי־ספק גע־טאָן בשוגג.

זיי, די תלמידים, האָבן מיט פּחד זיך אָפּגעטרייסלט, ווען זיי האָבן געהערט, אַז מען רופט זיי: „דעם גאונס תלמידים". זיי האָבן געזאָגט:

— אויב אונדזערע פּנימער וואָלטן אפילו געווען אויסגעהאַקט פון שטיין, וואָלטן מיר זיך פאַרשעמט, ווען מען מאַכט אומזיסט פון אונדז אַזאַ פאַראַד און מען רופט אונדז: „דעם גאונס תלמידים". זעט אַליין, ווי קליין מיר זיינען, און ווי גרויס ר' אליהו איז... פאַר אים, דעם גאון פון אַלע גאונים, איז דאָך די גאַנצע תורה קלאָר און אָפן. אַלע ספקות אין מקרא, משנה און הלכה, און אפילו די רמזים אין סודותדיקן „זוהר" זיינען פאַר אים פאַרענטפערט. אַלע משנהס און מימראס פון אונדזערע הייליקע תנאים און אמוראים, אפילו די, וואָס זיינען פאַר אונדזערע מו־חות שווער צו באַנעמען, האָט ער אויסגעקלאָרט. ער האָט אין די רייד פון אונדזערע תנאים נאָך מחדש געווען נייע זאַכן, און אויף זיי באַשאַפן בערג אויף בערג הלכה. בשעת פאַר אונדז, וואָס די וועלט רופט: „דעם גאונס תלמידים", איז דאָך ניט קלאָר אַפילו איין מסכתא. מיר האָבן נאָך אַלץ מער שאלות, ווי מיר האָבן תשובות. טאָ ווי אַזוי קען מען אויף אונדז זאָגן, אַז מיר זיינען זיינע תלמידים? עס וואָלט דאָך פון אונדזער צד געווען די גרעסטע העזה זיך צו לאָזן רופן מיט אַזוינע געהייבענע טיטולן, זיך אָנטאָן קרוינען, וואָס מיר זיינען ניט ראוי צו טראָגן.

אַלע דרייצן תלמידים האָבן ביי זיך געוואוסט, אַז עס איז ניט פאַר זייערע כוחות צו דערגיין צום גאונס גדלות, אַז זיי וועלן זיינע אַלע מעלות קיינמאָל ניט דערווערבן. האָט יעדער איינער פון זיי זיך געמיט צו דער־גרייכן כאָטש אין איינער פון זיינע מקצעות. ווער אין בקיאות, ווער אין פשט, ווער אין מקרא, ווער אין התמדה און ווער אין מידות...

ר' שלמה זלמן, וואָס דער גאון האָט פון גרויס ליבשאַפט גערופן:
— זעלמעלע איז געווען דער שוואָגער פון ר' סעדיה.ביידע איידעמס פון דעם ווילנער גביר, מיכל פּעשעלס, וואָס דער „שאגת אריה" האָט צוגערעדט זייער שווער, ער זאָל זיי געבן לערנען ביים גאון.

ער, ר' זעלמעלע, פלעגט וויינען אויפן הויכן קול ביים זאָגן דעם „מסילת-ישרים". ער האָט זיך מיט מער פלייס, ווי אַלע תלמידים, גע־נומען לערנען דעם מוסר־הספר, וואָס זוכט אויסצולייטערן די נשמה פון חומר. ער האָט מער ווי אַלע תלמידים דערשפּירט דעם חומרדיקן גוף, וואָס דערלאָזט ניט פליען זיין נשמה אין רוממות, כאָטש ער האָט שוין אין זיינע אינגלשע יאָרן זיך בלויז צוגעהאָרכט צום יצר טוב. אַ קינד פון רייכע טאַטע־מאַמע און אַן איידעם פון דעם גרעסטן גביר אין ווילנע, איז דאָס עשירות אויף אים גאָרניט געווען קענטיק. ער האָט געגעסן קעסט ביי זיין רייכן שווער. די שטוב איז פול מיט משרתים. זיי וואַרטן און קוקן אים אין די אויגן, גרייט אים צו באַדינען. ער היט זיך אָבער זיי

מטריח צו זיין, ווי ער וואָלט אין רייכן הויז געווען בלויז אַן אָרים בחור, וואָס עסט דאָרטן קעסט.

אויך זיין הילוך איז געווען אַן איינפאַכער. ער איז אַרומגעגאַנגען אין אַ אָפּגעטראָגענער פּאַלטע מיט אַן אָפּגעריבענעם קאָלנער. הגם, ווען ער איז געוואָרן אַ חתן, האָט דער אַבי הכלה, מיכל פּעשלס, געלאָזט אויפ־נייען פאַר אים גאָר אַ וואַזשנע פּאַלטע מיט אַ סאַמעטענעם קראַגן און פון בעסטן פּרייסישן געצייג.

איינמאָל האָט ר׳ זעלמעלע געהערט, ווי דער גאון האָט געזאָגט, אַז אַ סלע באַטרעפט אויף היינטיקס געלט אַ גאַנצן רייכס־טאַלער, און דער, וואָס לייזט אויס זיין בכור, מוז באַצאָלן דעם כהן גאַנצע פינף רובל. זעלמעלע, אַ טאַטע פון אַ בכור, האָט ניט לאַנג צוריק אים געהאַט אויס־געלייזט. ער האָט אָבער ניט באַצאָלט דעם כהן לויט דער היוכער ראַטע, ווי זיין רבי פּסקנט, איז ער גלייך אַרויסגעגאַנגען פון קלויז, ער איז אַוועק אויפן מאַרק, וואו עס זיינען געשטאַנען יידן, וואָס האַנדלען מיט געניצטע קליידער, און אויסגערופן:

— יידן, ווער פון אייך גיט פאַר מיין בגד פינף רייכס־טאַלער? איך דאַרף האָבן דאָס געלט אויסצולייזן מיין בכור ביי אַ כהן.

דריי אָרימע הענדלער האָבן זיך אויפגעלייגט און בשותפות גע־קויפט דעם טייערן בגד. און אי די קויפער און אי דער פאַרקויפער זיינען געווען מלא־שמחה, וואָס דער מסחר איז געשלאָסן. די אַלט־וואַרג־הענדלער, מבינים אויף קליידער, האָבן זיך געפרייט, וואָס דער בורא האָט זיי צוגעשיקט אַזאַ גרויסע מציאה. און זעלמעלע, האָט זיך געפרייט, וואָס ער קריגט די פינף רייכס־טאַלער און ער וועט איצט אויס־לייזן זיין בכור לויט דעם גאונס פּסק־דין. אַז דער שווער זיינער האָט זיך פון דעם דערוואוסט, האָט אים ניט געאַרט פאַרן גרויסן היזק. עס האָט, אדרבא, אים הנאה געטאָן, וואָס זיין איידעם איז אַזאַ גרויסער צדיק. ער איז געווען גרייט אויסצולייזן פון די אַלטוואַרג־הענדלער דעם טייערן בגד און געבן זיי אַ גרויסן ריווח, אַ גאַנצן חודש פּרנסה. ער האָט אויך געזאָגט זעלמעלען, אַז אויב אים איז ניחא, וועט ער פאַר אים לאָזן נייען נאָך אַ שענערע פּאַלטע. אָבער זעלמעלע האָט געזאָגט צו זיין שווער:

— עס איז זייער פיין פון אייער זייט, אָבער איך וועל זיך שוין באַגיין אָן אַ טייערע פּאַלטע. איך וועל ניט טראָגן קיין בגד, וואָס קומט מיר ניט לויטן חתן־כלה אָפּמאַך.

אויך זיין זיווג, פּעשע, די גבירישע טאָכטער, וואָס האָט מיידל־ווייז זיך אַזוי געפּוצט, געפּאָרן קיין וואַרשע זיך נייען אירע קליידער, האָט איצט, נאָך איר חתונה מיט זעלמעלען, געטראָגן פּשוטע ציצענע קלייד־לעך און ניט געוואָלט נעמען קיין מתנות פון איר טאַטן, דעם גביר. זי האָט געזאָגט:

— עס איז גאָרניט שיין פאַר מיר צו גיין אויסגעפּוצט. איך בין מער

ניט קיין גבירהטע. מיין מאַן איז אַ לערנער. און איך בין מער צופרידן, וואָס ער איז רייך אין תורה, ווי ער וואָלט געווען רייך אין געלט.

זעלמעלע, כאָטש אַ חלוש פון געבוירן־אָן, האָט קיינמאָל זיך ניט געזאָרגט וועגן זיין געזונט. ער האָט בלויז געדאגהט פאַר זיין נשמה. ער האָט ניט געמאַכט קיין וועזן פון גופישע הצטרכות, אפילו די זאַכן, וואָס אַ לעבעדיקער מענטש קען זיך אָן זיי ניט באַגיין. ער האָט אויך עסן און שלאָפן פאַרבויגן. ער האָט געזאָגט: גופישע באַדערפעניש האָבן אַ טבע, אַז וואָס מער דו פאַרטרייבסט זיי פון זיך, אַלץ וויניקער נייטיקסטו זיך אין זיי. ער האָט זיך געהיט אַרויפצוברענגען אויף זיינע ליפּן חומרדיקע פאַרלאַנגען. ער פלעגט זיי זאָגן דורך פּסוקים פון תנ"ך. אַז ער האָט געוואָלט זיך צושפּאַרן, פלעגט ער זאָגן: — „והנה טוב מאוד שינה" — שלאָפן איז זייער גוט... די משרתים, די פרומע לייט, זיינען איינער נאָכן אַנדערן געלאָפן צו פאַרדינען די מצווה, צו ברענגען אים אַ קישן. און ווען ער פלעגט ווערן דאָרשטיק, פלעגט ער אויך אויפן זעלביקן דרך בעטן אַ טרונק. דאָס עסן איז שוין ביי אים געווען אַ צופיל חומרדיקער ענין, האָט ער אפילו דורך אַ פּסוק עס ניט דערמאָנט.

זעלמעלע איז געווען דער יינגסטער פון דעם גאונס דרייצן תלמידים. ערשט קוים איבער צוואַנציק יאָר. דאָס בערדל נאָך קליין און שיטער, עס האָט זיך נאָך אפילו רעכט ניט צעוואָקסן. און דאָך האָט קיין איינער פון די אַלע דרייצן תלמידים, אַלע עלטערע פון אים אין יאָרן, זיך ניט געקענט פאַרגלייכן צו אים אין לומדות און אין התמדה, כאָטש ער איז געווען אַ חלוש, הויט און ביינער. די אַנדערע צוועלף תלמידים האָבן זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן פון זיין בקיאות און חריפות. ר' זעלמעלעס עלטערער ברודער, ר' חיים וואָלאָזשינער, פלעגט יעדע עט־לעכע חדשים אַראָפּקומען פון וואָלאָזשין, צו ריידן מיטן גאון אין לערנען, אים פרעגן פּירושים אויף מקרא און הלכה, וואָס זיינען אים געווען קשה. ר' חיים האָט זיך זייער געפרייט, ווען ער האָט געזען, ווי זיין ברו־דער האַלט אַזוי הויך אין שטייגן, האָט ער צו אים מיט פרייד געזאָגט:

— זעלמעלע, דו וואַקסט! איך גלייב, אַז דו וועסט נאָך ווערן אַזוי גרויס, ווי אונדזער רבי.

זעלמעלע האָט זיך צעשמייכלט און אים געענטפערט:

— ברודער מיינער, זאָג עס ניט. וואָרום, ווען אפילו די טעג און נעכט זאָלן הונדערט מאָל פאַרגרעסערט ווערן, און איך זאָל לעבן אַזוי פיל יאָרן ווי מתושלח, וועל איך אויך ניט דערגרייכן צו זיין מדרגה. וואָרום צו ווערן ווי ער, אַ גאון אין אַלץ, העלפט ניט דאָס וועלן און ניט דאָס מיען זיך. אונדזער רבי איז אַ נס, און ניט יעדן טאָג טרעפן זיך ניסים. איך בעט ביים בורא ער זאָל מיר העלפן צו זיין אַזאַ בקי ווי ר' אליהו, כאָטש בלויז אין מקרא אַליין.

זעלמעלע האָט פאַר זיך אויסגעקליבן דעם גאונס דרך אין מקרא:

ער האָט, ווי זיין רבי, געזוכט דעם פּירוש אויף אַלע שווערע שטעלן אין הלכה און מדרש אין די פּסוקים פון דער תורה, נביאים און כתובים. ווי דער תנא זאָגט: „הפך בה והפך בה, דכולה בה״, — אַלץ וואָס דו זוכסט וועסטו געפינען אין דער תורה.

האָט ר׳ זעלמעלע זיך דערטראַכט:

— די תורה איז דאָך געגעבן געוואָרן בלויז פאַר דער נשמה, און ניט פאַרן חומרדיקן גוף. איז אויב דו ווילסט פאַרשטיין די שמימדיקע תורה, טאָ זע, אַז דיין נשמה זאָל זיין ריין און לויטער. טאָ זאָרג בלויז פאַר דיין נשמה און פאַרגעס אינגאַנצן אָן דיין גוף.

איז זעלמעלע תמיד געווען אין שרעק, אַז די נשמה איז ביי אים נאָך אַלץ ניט לויטער. זי ליגט נאָך אַלץ אַ געפּענטעטע ביים חומרדיקן גוף, ווי ר׳ חיים משה לוצאַטו זאָגט: זי זיצט נאָך אַלץ ביים יצר־הרע אין געפענגעניש. אַ סימן, אַז ער, זעלמעלע, קען זיך נאָך אינגאַנצן ניט אָוועקרייסן פון עבירות. און ביי זעלמעלען האָט אַן עבירה ניט געמיינט ממש געזינדיקט. ער האָט געוואוסט, אַז פון דעם האָט ער געגוג כוח צו אַנטלויפן. אָבער דאָס איז נאָך ניט גענוג. אַ מענטש דאַרף זיין אַזוי ווייט פון עבירות, אַז אפילו זיי זאָלן זיך נאָך אים יאָגן, זאָלן זיי ניט קענען אים דערגרייכן. ר׳ זעלמעלע ווייסט, אַז ער טוט מצוות. אָבער אים דוכט זיך, אַז ער פירט זיי ניט אַדורך מיט גענוג פרייד. ער לערנט, דוכט זיך, מיט התמדה, אָבער ער איז נאָך אַלץ צו־וויניק מאָל איבערגעגאַנגען די גמרא. וואָרום די רבנן זאָגן, אַז דער, וואָס האָט געלערנט אַ מסכתא בלויז הונדערט מאָל, קען זיך ניט פאַרגלייכן צו דעם, וואָס האָט עס גע־לערנט הונדערט מיט איין מאָל. גאַנץ אָפט טרעפט, אַז ר׳ זעלמעלע גייט פון קלויז צו זיך אַהיים און פוסטע לייט חוזקן פון אים. זיי זוכן אים צו פאַרשעמען. און ער, דערשפּירט זיך פאַרשעמט... כאָטש דער הייליקער תנא האָט דאָך בפירוש אָנגעזאָגט: זיי צווישן די, וואָס מענטשן פאַר־שעמען, און ווערן דאָך ניט פאַרשעמט. ווייל אַ גאָט־פאַרכטיקער מענטש דאַרף זיך בלויז קימערן, אַז ער זאָל ניט פאַרשעמט ווערן פון הקדוש ברוך הוא. האָט ער גרויס צער פון אָט־די אַלע זאַכן. זיי טוען אים ווי. און אַז זיי דריקן אים שטאַרק, פאַרשפּאַרט ער זיך ביי זיך אין חדר און צעוויינט זיך ווי אַ קליין קינד.

ר׳ זעלמעלע לעבט בלויז לויטן פּסוק און מאמר. ער טוט ניט קיין זאַך איידער ער געפינט אויף דעם אַן אָנשפּאַר אין דער תורה, אָדער אין דער גמרא. ער זוכט אָבער ניט צו געפינען אין די פּסוקים אַ קלוג דריידל ווי זיך אַרויסצודרייען פון התחיבות. ער איז אַלץ מקיים, ווי עס שטייט געשריבן. דאָס האָט ער זיך אָפּגעלערנט יינגלוויז, אין וואָלאָזשין פון זיין רבין, ר׳ אריה לייבן, דער „שאגת אריה״.

זינט זעלמעלע האָט געלערנט אין „מסילת־ישרים״, אַז עס איז ניטאָ קיין איין עולם־הזהדיקער פאַרגעניגן, וואָס נאָך אים זאָל זיך ניט

נאָכשלעפּן אַן עבירה, האָט ער נאָך מער גענומען זיך שפּאָרן מיטן עסן. ער האָט מער ניט טועם געווען קיין גוטן ביסן, כאָטש ביי זיין שווער, דעם גביר אַדיר אין הויז, איז געווען פון כל־טוב.

יעדן טאָג האָט אים דעם שווערס אַ משרת געבראַכט אין קלויז זיין וואַרימס אין אַ טעפּל. דער משרת האָט געמוזט וואַרטן ביז זעלמעלע פלעגט איבערקוקן דאָס עסן, צי מען האָט אים אַמאָל ניט געשיקט קיין „פּאָט־ראַוועס". ער, דער איידעם פון גרעסטן ווילנער עושר, האָט ביים פּראָסטן הילצערנעם טיש, וואָס איז געשטאַנען ביים אויוועז, געגעסן צוגלייך מיט די אָרימע פּרושים. זיין חלק פלייש איז ניט געווען גרעסער ווי זייערער. זיין ווייב פּעשע האָט שוין אויף דעם אויפגעפּאַסט. זי האָט געוואוסט, אַז די פרומע דינסטן, קוואַפּן זיך צו פאַרדינען אַ מצווה, קענען זיי נאָך אפשר אַריינלייגן אין טעפּל אַ גרעסערן חלק פלייש. זי האָט גוט געקענט איר מאַן און געוואוסט, אַז ער וועט צוליב דעם אָפּשיקן צוריק דעם גאַנצן מאָלצייט, און ער וועט אויסקומען בלויז מיטן האָניק־קוכן, וואָס ער האָנדלט יעדן טאָג איין ביי די קאָשיקניצעס אויפן שול־הויף. ר' זעלמעלע ווייכט פון נאַשערייען. ער היט אָבער אָפּ „כיבוד־אם". זי, זיין גינציקע מאַמע, האָט אים, ביי איר לעבן נאָך, איידער ער איז געפאָרן לערנען קיין ווילנע, אָנגעזאָגט:

— שלמה זלמנדל, דו זאָלסט למען־השם יעדן טאָג זיך קויפן אַ האָ־ניק־קוכן און עס טאָקע אויפעסן, דאָס האַרץ זאָל דיר ניט פאַרחלשן.

איין טאָג איז זעלמעלע געזעסן אין קלויז ביים טיש און געגעסן זיין מאָגערן וואַרימס, איז אַריין אַ ייד, וואָס אָרימקייט איז זיין פּרנסה. ער האָט דעם גאונס תלמידים צוגעוואונטשן, ווי עס פירט זיך ביי לייטן, „ברוכים היושבים"! די לערנער האָבן, ווי די וועלט איז זיך נוהג, אים געענטפערט: „וואַשט זיך און קומט עסן"! דער ייד, אַ געניטער אין זיין פּרנסה און האָט געשטאַמט פון דורות אָרימעלייט, וואָס גייען איבער די הייזער, האָט ער גלייך דערהערט דעם אונטערשייד אין די ענטפערס. ער האָט דערשפּירט, אַז דער יונגער, בלייכער יונגערמאַן, בעט אים מיטן גאַנצן האַרצן. דער ייד האָט אויך געוואוסט, אַז דאָס איז זעלמעלע, דער איידעם פון דעם גרויסן ווילנער עושר, ר' מיכל פּעשלס. איז דער היי־זער־גייער גלייך אַוועק זיך וואַשן. ער האָט אויפן הויכן קול געמאַכט די ברכה „על נטילת ידים", און נאָך העכער געזאָגט די „המוציא". ר' זעלמעלען האָט עס געטאָן אַ געוואַלדיגע הנאה, וואָס אי ער איז דאָ מהנה אַן אָרימאַן, און אי ער האָט די מצווה צו ענטפערן אמן אויף זיינע ברכות.

איז ער געווען זייער פריינטלעך צום אָרעמאַן, ווי יענער וואָלט אים געטאָן די גרעסטע טובה, וואָס ער האָט זיך געזעצט ביי זיין טיש. ר' זעל־מעלע האָט גערעדט צו אים ווי אַ גלייכער צו אַ גלייכן. ער האָט זיך נאָכ־געפרעגט ביי אים, צי ער האָט קינדער און צי זיי לערנען מיט פלייס, און ווי ער שפּירט זיך אין געזונט, אַזוי ווי יענער וואָלט געווען זיינער אַ קרוב, וואָס איז געקומען פון דער פרעמד צו אים צו גאַסט. ער האָט גע־

בעטן דעם אָרימאַן, אַז ער זאָל עפּטער אַריינקומען. דער ייד האָט אים צוגעזאָגט, און געהאַלטן וואָרט. ער איז אויף מאָרגן ווידער געקומען. ער האָט אפילו ניט געוואַרט, אַז ר׳ זעלמעלע זאָל אים בעטן. ער האָט זיך געוואַשן די הענט און מיט אַ פרומער ברכה זיך געזעצט עסן פון דעם קליינעם טעפּעלע, וואָס איז קוים געווען גענוג פאַר זעלעמעלען אַליין. ר׳ זעלעמעלע, שוין אין מורא, אַז דער ייד קען נאָך אַוועקגיין פון טיש אַ הונגעריקער, האָט ער שוין טועם געווען בלויז לפנים וועגן און דעם גרעסטן חלק צוגעשאַרט דעם אָרימאַן.

דער בעטלער האָט זיך געמאַכט שוין אַ מנהג צו קומען יעדן טאָג און אויפעסן זעלמעלעס מאָגערן ביסן און ער, אַזוי אויך אַ שוואַכער אין געזונט, פלעגט בלייבן ניט דערעסן. האָבן די גאונס תלמידים ניט גע־קענט צו זען די עוולה און גענומען איינטענהן מיט אים:

— זעלמעלע, איר באַעוולהט זיך אַליין. מיר האָבן גוט נאָכגעפאָרשט און דערגאַנגען, אַז דער ייד איז אַ שנאָרער און אַ זולל־וסובא. ער ווייסט ווי עס עפענען זיך די טירן צו אַלע רייכע קיכן און אומעטום בעטלט ער עסנוואַרג.

זעלמעלע האָט זיי אויסגעהערט און געענטפערט:

— וואָס קאָן איך דאָ טאָן. די רבנן האָבן דאָך אונדז קלאָר און דייט־לעך אָנגעזאָגט: „בודקין למלבושים ואין בודקין למזונות" — קומט צו דיר אַ מענטש בעטן, דו זאָלסט אים באַקליידן, מעגסטו פריער נאָכזוכן, צי ער איז טאָקע אַ נצרך, אָבער, אויב עמעצער קומט צו דיר און זאָגט: גיב מיר עסן, פרעג ניט נאָך ווער ער איז און וואָס איז זיין פרנסה. און אויב אפילו דו ווייסט, אַז ער איז דער גרעסטער גביר אין שטאָט, זאָלסטו אויך אים געבן עסן.

אַז מען האָט זיך פון דעם דערוואוסט ביי זיין שווער אין שטוב, האָט מען שוין געשיקט צו זעלמעלען אין קלויז אַריין צוויי חלקים — איינעם פאַר אים און איינעם פאַרן אָרימאַן. זעלמעלע האָט אָבער איין טעפּעלע אָפּגע־שיקט צוריק, און געזאָגט צום משרת:

אין די חתן־כלה תנאים, וואָס מיין טאַטע האָט געשריבן מיט מיין שווער, איז עס ניט געווען דערמאָנט, אַז ר׳ מיכל פּעשלס דאַרף אויך אויס־האַלטן די אָרימעלייט, וואָס איך, זיין איידעם, וועל מהנה זיין. דאָס דאַרף שוין גיין אויף מיין חשבון.

ר׳ מיכל פּעשלס, דער קלוגער ייד, האָט באין־ברירה געשיקט רופן צו זיך דעם אָרימאַן און צו אים געזאָגט:

— איך בין אַ ייד אַ סוחר. איך וויל מיט אייך שליסן אַ מסחר, וואָס וועט אונדזביידן לוינען. איך ווייס, אַז איר קומט יעדן טאָג צו מיין איידעם, ר׳ זעלמעלע, עס זאָל אים זיין פריילעכער ביים עסן. עס איז זייער פיין. מיר וואָלט דאָס געטאָן הנאה. אָבער איך ווייס, אַז מיין איי־דעם, אַ שוואַכער מענטש, בלייבט דערוויל הונגעריק און איר אַליין עסט אויך ניט אָפּ צו זאַט. דערפאַר לייג איך פאָר: קומט עסן יעדן טאָג ביי

מיר אין שטוב. מען וועט פאַר אייך גרייטן אַ טיש מיט די בעסטע מאכלים, און איר מעגט עסן וויפיל נאָר אייער האַרץ גלוסט.

דער אָרימאַן האָט לכתחילה זיך געקווייַנקלט, לסוף האָט ער גע־זאָגט:

— גוט! עס איז אַ געשעפט! אָבער מיטן תנאי, אַז איר וועט הייסן שטעלן אויפן טיש געבראָטענע הינער...

ר׳ מיכל פּעשלס איז גלייך מושווה געוואָרן אויף דעם. און מען האָט געבראָטן פאַרן אָרימאַן גרויסע און שמאַלציקע עופות. ער האָט זיי געגעסן מיט אַפּעטיט. אָבער אויפן דריטן טאָג האָט מען בחנם שוין גע־גרייט דעם טיש. דער אָרימאַן איז ניט געקומען. ער איז ווידער גע־גאַנגען עסן ביי זעלמעלען, אין קלויז. האָט ר׳ מיכל פּעשלס גלייך אַרויסגעשיקט זיינע משרתים אויפצוזוכן דעם אָרימאַן. זיי האָבן אים באַלד געפונען. אָבער דער אָרימאַן האָט ניט געהאַט קיין חשק צו גיין צו ר׳ מיכל פּעשלס. דער משרת האָט אים געמוזט צוזאָגן אַ באַלוינונג פאַר זיין טרחה.

אַז דער ייד איז געקומען צום גביר אין שטוב, איז ער גלייך אַרויס מיט לשון. ער האָט אפילו ניט געוואָרט צו הערן, וואָס ר׳ מיכל פּעשעלס האָט צו זאָגן. ער האָט זיך געגלעט זיין פאַרלאָזטע, צעפּאַטלטע באָרד, און גערעדט מיט ישוב־הדעת:

— איר, ר׳ מיכל, פאַרשטייט זיך גוט אויף אייערע מסחרים. איר ווייסט ווי מען האַנדלט מיט וועלדער און פעלדער, און איך, אַ ייד אַן אָרימאַן, ווייסט זיך אויף מיין פּרנסה. דער געשעפט, וואָס איר האָט מיט מיר געמאַכט, איז פאַר מיר ניט קיין עסק. אמת, איך האָב גאָרניט אויס־צוזעצן קעגן אייערע מאכלים. דער קיסר מעג זיי עסן. איך בין שוין אין מיין פּרנסה פון קינדוויַיז אָן, און איך האָב שוין געגעסן אין די רייכסטע הייזער, אָבער אומעטום עס איך ווי אַן אָרימאַן. איך ווערג זיך מיט די ביסנס, און אויך ביי אייך, ר׳ מיכל, האָב איך זיך געשטיקט מיט די געבראָטענע הינער. אָבער עסן ווי ביי אַן אייגענעם טיש, אָט דעם זיסן טעם האָב איך בלויז, ווען איך עס צוזאַמען מיט אייער אידעם, ר׳ זעל־מעלע, זאָל ער געזונט זיין.

איז דער אָרימאַן, פאַר חדשים־לאַנג, געקומען יעדן טאָג אין קלויז, און אויפגעגעסן כמעט דאָס גאַנצע ביסל עסן, וואָס ר׳ מיכל פּעשעלס האָט דורך זיין משרת געשיקט פאַר זיין אידעם. עס האָט ר׳ זעלמעלען געמאַ־טערט דער הונגער. פונדעסטוועגן האָט ער דעם יידן אויפגענומען מיט שמחה, ווייל עס איז דאָך דאָ אַ בפירושע משנה, וואָס זאָגט: — „אין בודקין למזונות״ — אַז עמיצער בעט דיר זאָלסט אים געבן עסן, גיב אים און פרעג ניט ווער ער איז. און ער, זעלמעלע, וועט דאָך ניט אָפּטרעטן, פון אַ פּסוק, צי פון אַ מאמר אפילו, ווען ער ווייסט, אַז ער שטעלט אין זיין לעבן אין סכנה.

ר׳ מיכל פּעשלס צווייטער איידעם, ר׳ סעדיה, האָט אויך געהאַט אויף זיך אַ גאונישן קאָפּ. ער איז געווען קלאָר אין ש״ס און פּוסקים און געקענט זאָגן אויף אויסנווייניק כמעט גאַנץ ש״ס. אויך ער האָט געצי־טערט איבער זיינע מידות, אָבער ער האָט זיך ניט געקענט פאַרגלייכן מיט זעלמעלען. ר׳ זעלמעלע, וואָס האָט געזאָגט אויפן גאון, אַז ער איז אַ נס, איז אַליין אויך געווען אַ נס, בלויז אַ יינגערער און אַ קלענערער נס.

ביי ר׳ סעדיהן איז אויך געווען טייער און הייליק יעדעס וואָרט פון גאון. כאָטש בטבע איז ער געווען אַ קריגער. דאָך האָט ער אָנגע־נומען אָן איבערפרעגענישן אַלץ, וואָס דער גאון האָט געזאָגט. ער האָט, ווי אַלע תלמידים, געוואוסט, אַז עס איז דאָ בלויז איין גאון — און דאָס איז ר׳ אליהו. און ווער ווייסט צי די וועלט וועט ווען עס איז זוכה זיין צו האָבן נאָך איינעם ווי ער.

ר׳ סעדיה איז ניט געווען קיין בעל־גאווה, אָבער ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון זיך. געגלויבט אין זיין גוטן קאָפּ און איז ביי זיך געווען זיכער, אַז ער האָט ניט מיט וואָס אַרונטערצופאַלן קעגן קיין למדן אין דער ליטע. אַחוץ זיין רבין, דעם גאון.

ר׳ סעדיה איז געווען זייער אַ שיינער מאַן: הויך און געשטאַלטיק. די באָרד זיינע — אַ בלאָנדע און אַ ליכטיקע. זי איז געוואַקסן געדיכט און האָט ווי אַ ראַנד אַרומגערינגלט זיינע צוויי בלויע אויגן, וואָס האָבן גע־שיינט מיט אצילות. אַז ער פלעגט ווערן בייז, האָבן זיינע שאַרפע בליקן געשטאָכן, ווי מיט שפּיזן.

ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין שיינע מלבושים, וואָס עס האָט פאַר אים געניייט דער בעסטער שניידער אין ווילנע. זיי זיינען געלעגן אויף אים ווי אויסגעגאָסן. אַפילו זיין לאַנגער טלית־קטן, וואָס איז אַרונ־טערגעהאַנגען ביז זיינע קני, האָט געזשיבערט פון ריינקייט. עס האָט אויסגעקוקט, ווי ער וואָלט עס געטראָגן ניט בלויז ווייל אַזוי הייסט דער יידישער דין, נאָר ווייל דאָס קליידט אים.

ר׳ סעדיה האָט אויך, ווי זיין שוואָגער זעלמעלע, געוואוינט ביים שווער און געגעסן ביי אים קעסט. אָבער ער האָט זיך ניט געפירט ווי זעלמעלע, וואָס איז דאָרטן געווען ווי אַ אָרים בחור, וועלכער עסט טעג. נאָר, ווי ער סעדיה איז דאָ דער בעל־הבית און ניט ר׳ מיכל פּעשלס. ער האָט באַ־וואוינט די פאָדערשטע העלפט פון שטוב. אויפן אויבערשטן גאָרן זיינען געשטאַנען אַלמערס מיט אַלמערס פול מיט ספרים. ר׳ סעדיה האָט זיין גאַנצן נדן און דערצו נאָך טויזנטער רייכס־טאַלער, וואָס ער האָט גענומען פון זיין שווער, אויסגעגעבן אויף ספרים. מען האָט זיי געשיקט צו אים אַזש פון דייטשלאַנד, איטאַליען און אפילו פון פראַנקרייך. אַלע זיינען זיי געווען יקר־מציאותן, וואָס מען האָט אין דער ליטע גאָר ניט אָנגעזען. און ניט דווקא קדושדיקע, נאָר אויך ביכער אין גויאישע לשונות פון די חכמי אומות העולם, גריכישע פילאָזאָפן, דייטשע מעדיצין־פאָרשער, פוילישע אַסטראָנאָמיקער און איטאַליענישע מוזיקער.

אין זיין הויז האָבן ביז שפּעט אין דער נאַכט געהאַלטן אין איין אריינגיין און אַרויסגיין פרעמדע מענטשן, לומדים, וואָס זיינען געקומען אריינקוקן אין די טייערע ספרים. מען האָט זיך ביי אים שטוב, ווי אין אַ בית־מדרש, געקריגט אין לערנען. ר׳ סעדיה האָט אָפטמאָל פאַרבעטן צו זיך געסט, כאָטש זיי האָבן זיך ניט אָנגעקערט מיט די בית־המדרש לייט. זיי זיינען געווען נאָר קענער אין פרעמדע לשונות און האָבן זיך באַשעפטיקט בלויז מיט דער חכמה פון די אומות־העולם. איידער ר׳ סעדיה האָט זיי צו זיך פאַרבעטן, האָט ער גוט אויסגעפאָרשט צי זיי זיינען פרומע לייט.

זיין זיווג, לאה, ר׳ מיכל פּעשלס טאָכטער, האָט אויפגענומען די געסט בסבר פנים יפית. משרתים האָבן אויף גרויסע זילבערנע טאַצן צוגעטראָגן צו יעדן איינעם אייער־קיכלעך, טיי און אויך הייסן רעטשיס־ניק געבאַקן פון גרעטשענע מעל. זי, לאה, האָט זייער אַכטונג געגעבן, אַז די דינסטן זאָלן ניט פאַרגעסן דערלאַנגען אויף די טאַצן דעם רעטשיס־ניק, דאָס האָט איר געגעבן אַ געלעגנהייט צו דערמאָנען, אַז איר מאַן סעדיה איז דעם גאונס תלמיד און זי, די ווייב זיינע, פירט די שטוב לויט „מעשה רב״, ווי דער גאון פסקנט דינים. זי פלעגט צוגיין צו די געסט און זאָגן:

— פאַרגעסט ניט, אַז אויף רעטשיסניק פון גרעטשקענע מעל איז מען ניט יוצא מיטן מאַכן די ברכה „בורא מיני מזונות״, נאָר מען מוז זאָגן „בורא פּרי אדמה״. מיין סעדיה האָט מיר געזאָגט, אַז אַזוי פסקנט דער גאון.

עס פלעגט זיך גלייך אָנהייבן אַ וויכוח. די געסט האָבן געוואָלט פאַר־שטיין דעם גאונס טעם. פלעגט זיך שוין ר׳ סעדיה אַריינמישן און זאָגן:

— לפי דעתי האָט עס צו טאָן מיט דעם, וואָס דער גאון שטאַמט פון סיעלץ, וואָס ליגט אין גראָדנער געגנט, און זיין זיווג חנה איז אַ קיידא־נערקע, פון טיפן זשאַמעט. איןביידע געגענטן זיינען די פעלדער ניט מאָגער־זאַמדיק, ווי אַרום ווילנע. איז גריקע דאָרטן פאַררעכנט פאַר זייער אַ געמיינער תבואה, מהאי טעמא, פסקנט דער גאון, אַז מען קען אויף דעם ניט מאַכן קיין „בורא מיני מזונות.״

לאה פלעגט זיך צוהערן, אָבער אַליין פלעגט זי זיך ניט אַריינמישן. ערשט שפּעטער פלעגט זי זיך אָנרופן:

— איך האָב פאַרגעסן אייך צו געבן צו וויסן, אַז איר מעגט רואיק פון אַלץ טועם זיין, וואָרים מיר פאַסן זייער אויף, אַז דאָס עסנוואַרג, וואָס קומט אַריין ביי אונדז אין שטוב, זאָל ניט זיין פון היי־יאָריקע תבואה. מיין סעדיה זאָגט, אַז דער גאון איז אויף דעם דין זייער מדקדק, און ער האָט שטאַרק פאַראיבל אויף זיין זיידן, דעם „באר־הגולה״, וואָס האָט מקיל געווען אַזאַ עיקרדיקן דין.

זי, די געטרייע ווייב, האָט עס געזאָגט צו פאַרשאַפן נחת־רוח איר מאַן, וואָס איז דעם גאונס אַ תלמיד. און וואו נאָר עס האָט זיך געלאָזט,

האָט זי דערמאָנט דעם גאונס נאָמען, ווייל דערמיט דערהייבט זי דאָך סעדיהן. איר האָט געטאָן אַ נחת־רוח, וואָס צוליב איר מאַן קומען אין שטוב אַריין אַזוי פיל באַרופענע לייט. זי האָט זיי תמיד אַרויסגעבאַגלייט ביזן טיר אָפּצוגעבן כבוד, און אַז זיי פלעגן, ביים קושן די מזוזה, זיך פאַרוואונדערן, וואָס זי איז אָנגעשלאָגן אלכסונדיק, פלעגט לאה זאָגן:

— איך פאַרשטיי, אַז איר חידושט זיך, אָבער, ווי איך האָב אייך שוין פריער פאַרציילט, פירט מען זיך ביי אונדז בלויז לויט ווי דער גאון טייטשט אויס דינים. און ער, וואָס קיינער קען אים ניט אָפּפרעגן, ווייל אַלץ וואָס ער זאָגט איז ברוח־הקודש, האָט בפירוש געזאָגט, אַז אַ מזוזה דאַרף זיין אָנגעשלאָגן גראַדיק און גלייך. מיין סעדיה מאַכט אויך הבדלה זיצנדיק, און ניט שטייענדיק. פסח ריכטן מיר אָפּ דעם סדר אויך לויט דעם גאונס שיטה. ביי דעם „כהא לחמא עניא" עפנט מיין סעדיה די פענצטער און רופט זיך אינדרויסן, פאַרטייטשט אין יידישן לשון, אַז אַרימע לייט, וואָס געפינען זיך אין גאַס, זאָלן פאַרשטיין, אַז אויב זיי האָבן ניט וואו צו זיצן ביים סדר, זאָלן זיי אַריינקומען צו אונדז אין שטוב.

איין אָוונט זיינען ביי ר' סעדיהס טיש געזעסן עטלעכע מנינים מענטשן פון אַלערליי שטאַנדן: רבנים, בעלי־קבלה, מוסר־לייט, און אויך איניקע, וואָס די חכמה פון די אומות־העולם איז געווען די איינציקע קענטשאַפט. ר' סעדיה האָט אָן קיינעם פון זיי ניט פאַרגעסן. מיט די לומדים האָט ער גערעדט וועגן הלכה, מיט די מוסר־לייט וועגן מוסר און מיט די קבלה־לייט וועגן „זוהר". מיט די „קענער" האָט ער גערעדט וועגן די גריכישע פילאָזאָפן, איבערהויפּט וועגן אריסטון, וואָס דער רמב"ם דערמאָנט אפילו אין זיין פּירוש אויף „משניות". ר' סעדיה האָט אָנגע־באָטן די געבילדעטע לייט אַ גרויסן שכר, אויב זיי וועלן אַריסטון מעתיק זיין אויף לשון־קודש. די פרומע לומדים, וואָס זיינען ביי סעדיהס טיש געזעסן, זיינען געוואָרן נשתומם: אַזוינע רייד צו הערן פון דעם גאונס אַ תלמיד? זיי האָבן זיך צעבייזערט:

— ר' סעדיה, אונדז שיינט, אַז איר גייט צו ווייט. ווער דאַרף זיי די טמאדיקע גוים? אַלץ איז דאָ אין אונדזער הייליקער תורה... מען קען זיך באַגיין אָן די כופרים.

ביי ר' סעדיהן אין האַרצן האָט געברויזט אַ צאָרן. ער האָט אים אָבער מנצח געווען, און מיט אַ שמייכל געענטפערט:

— רבותי, — תורה און חכמה גייען האַנט אין האַנט. עס דאַרף אונדז ניט אָנגיין פון וועמען די חכמה קומט. דעם, וועמען עס פעלט ידיעות אין דער וועלט־חכמה, איז הינטערשטעליק אין דער חכמה פון אונדזער הייליקער תורה. יענער קען ניט פאַרשטיין אירע גאַנצע הונדערט חלקים.

די פרומע לייט, די קנאים, האָבן זיך באַלד אויפגעהויבן פון טיש און מיט כעס פאַרלאָזן דאָס הויז. זיי זיינען געווען זייער בייז, וואָס סעדיה זוכט אַריינצופירן די גויאישע חכמה אין יידישע הייזער. מען האָט אים,

נאָכדעם דערטראָגן, אַז זיינע שונאים, וואָס זיינען נוטה צו דער נייער חסידישער שיטה, ווייסן שוין פון דעם ברוגז. זיי פאַרבאַהאַלטן זיך הינטער די פּלייצעס פון די לומדים, די קנאים, און אין נאָמען פון לומדות, העצן זיי, מען זאָל סעדיהן, אַריינלייגן אין חרם. אויך דער ווילנער אב בית־דין, דער יונגער רב שמואל בן אביגדור, דעם יסודס אידעם, האָט זיך גענומען פריינדלען מיט די קנאימהדיקע לייט. ר׳ סעדיה האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז שולדיק די קלוגע רביצין. זי האָט דאָ אַ כיטרען פּלאַן ווי אַזוי אָפּצואווענדן די מחלקה, וואָס גייט אָן קעגן איר מאַן, דעם עילוי. זי זוכט זיך איינצוקויפן אין חן ביי די לייט, וואָס זיינען נוטה צו חסידות.

סעדיה האָט שוין פון לאַנג אָן געוואוסט, אַז די רביצין טראָגט אַ כעס אויף אים. זי איז איינמאָל געקומען, כלומרשט צו גאַסט, צו זיין לאהן, און דערוויל געבעטן, אַז סעדיה זאָל זען פועלן ביי ר׳ עלינקען, אַז ער זאָל זיך איינשטעלן פאַר איר שמואלס כסא רבנות. אָבער סעדיה האָט איר אָפּן געזאָגט:

— אַ ייד קען זיצן און לערנען און ניט זיין קיין רב.

די יונגע רביצין, וואָס האָט אפילו ביי די שררות די אכזרים, גע־פועלט, וואָס זי האָט נאָר פון זיי פאַרלאַנגט, האָט זי ניט געקענט מוחל זיין סעדיהן, וואָס ער האָט איר אַזוי פשוט און אָפן אָפּגעזאָגט. זי האָט זיך געשפּירט שטאַרק באַליידיקט. זינט דעמאָלט טראָגט זי אויף אים אַ שנאה. זיין לאהן האָט זי נאָך פון פריער ניט ליב געהאַט. זי האָט איר מקנא געווען. ניט איר שיינקייט, און ניט איר רייכקייט. אפילו ניט דאָס, וואָס איר מאַן איז דעם גאונס אַ תלמיד. אין די זאַכן — האָט די ווילנער שיינע רביצין געטראַכט — קען זי זיך מיט לאהן צו יעדער צייט פאַר־גלייכן. זי האָט איר בלויז מקנא געווען איר גוטן מזל, וואָס זי ליגט ניט ביי קיינעם אין מויל. זי האָט פאַר זיך אַליין געטראַכט:

— לאה, מיכל פעשעלס טאָכטער, פוצט זיך דאָך מער פון מיר. כאָטש מיין טאַטע דער „יסוד" איז אפשר נאָך רייכער פאַר איר טאַטן. יענע רירט זיך אין ערגיץ ניט אָן אירע גאָלדענע רינגען... אויף איר האַלדז באָמבלען זיך גרויסע שנורן פּערל... פון אירע אויערן בליצן דימענטענע אוירינגלעך . . . פונדעסטוועגן האַלט איר קיינער ניט פאַר קיין פוצערקע. זי איז קיינעם ניט גרויס אין די אויגן, קיינער באַרעדט זי ניט. בעת איך — וואָס איך זאָל ניט אָנטאָן, מעג עס זיין אַן איינפאַכע ציצענע קליידל, צי אַ קאָפּ־טיכל, געשטריקט פון ביליקע בלוצק, — טוען די ווילנער ווייבער זיך גלייך סודן:

— זעט נאָר ווי די רביצין פוצט זיך דאָס!

אַחוץ וואָס זי, די יונגע רביצין, האָט געהאַט אירע חשבונות, אַז עס לוינט פאַר איר מאַן, דעם עילוי, צו האַלטן אין דער שטיל מיט די חסידים, האָט איר געצויגן צו חסידות, שוין בלויז דערפאַר אַליין, וואָס אין אַ סך הייזער אין פוילן פירט מען זיך מיט חסידישן שטאַט. זי איז געווען מער

פוילישע ווי ליטווישע. איר טאַטע, דער „יסוד״, האָט זי, מיידלוויז, יאָרן לאַנג אויפגעהאַלטן אין וואַרשע, זי זאָל זיך דאָרטן אויסלערנען דאָס פוילישע לשון. ער, דער „יסוד״, האָט זיך אין דעם אַזוי געניייטיקט אין זיינע עסקים מיט די שררות. ער האָט ניט געקענט דאָס גויאישע לשון און בייםריידן מיט זיי געניצט מער יידישע ווערטער, ווי פוילישע. זי, דאָס רייכע מיידל, האָט זיך אין וואַרשע איינגעוואוינט צו לעבן רחבותדיק און פריי. איצט, אין ווילנע, האָט זי שטאַרק געבענקט נאָך דער פוילישער רעשיקייט, נאָך די חסידישע זמירות זינגען און זייערע פריילעכע שבתים. זי האָט ניט געקענט פאַרגעסן ווי די רייכע גייען דאָרט אַרום אויסגעפוצט אין זיידנס, און ווי זיי גרייטן די טישן מיט אַ ברייטער האַנט. זי האָט ניט געפונען קיין טעם אין דעם שטילן ווילנער לעבן. און זינט די ווילנער פרנסים האָבן גענומען רודפן איר מאַן, דעם רב, און זי האָט אויף יעדן טריט געשפּירט די שנאהדיקע בליקן פון די ווילנער ווייבער, האָט זי שוין גאָר שטאַרק פיינט געקראָגן **די ליטווישע** פאַרמוחטע לייט.

ר׳ סעדיה האָט איינגעזען, **אַז ער שפּילט זיינע שונאים, די חסידים,** אין די הענט אַריין. עס וועט דאָ אויסברעכן קעגן אים אַ גרויסע מחלוקה. **ער איז געווען ביי זיך זיכער, אַז ער וועט אַרויסגיין דער בעל־נצחון, דער גאון וועט זיך דאָך שטעלן אויף זיין צד. ער, סעדיה, האָט דאָך ניט אויסגע־טראַכט פון זיין אייגענעם קאָפּ צו זאָגן: „ אַ למדן, וואָס ווייסט ניט אַלע חכמות, פאַרמאָגט ניט די גאַנצע הונדערט חלקים אין דער תורה״. דאָס זיינען דאָך דעם גאונס ווערטער. דער הייליקער רבי האָט דאָך צו אים איי**ניקע מאָל געזאָגט:

— סעדיה, עס איז אַ מצווה מעתיק צו זיין זייערע חכמות אין לשון־קודש.

סעדיה האָט אָבער ניט געוואָלט אַריינציען דעם גאון אין אַ מחלוקה. עס קען נאָך זיין רבין, וואָס איז אים אַזוי ליב און טייער, פאַרשאַפן עגמת־נפש. ר׳ אליהו גאַרט דאָך אַזוי נאָך שלום.

**ווידער האָט סעדיה געטראַכט: מען טאָר טאַקע ניט טאָן זאַכן בחיפּזון, בפרט נאָך איינפירן נייעסן. מען דאַרף פריער צוגרייטן דעם עולם. קיינער ווייסט דאָך גאָרניט, אַז דער גאון קוקט אַזוי אויף די ענינים. האָט סעדיה זיך אויפגעהערט צו חברן זיך מיט די געלערנטע לייט. ער האָט צו זיך אין שטוב גענומען פאַרבעטן בלויז לומדים, און דווקא די קנאים, וועלכע האָבן געוואָלט פאַרפירן קעגן אים אַ קריג, פאַרוואָס ער, סעדיה, מאַכט אַזאַ פאַראַד פון דער חכמה פון די אומות־העולם. סעדיה האָט מיט זיי מער ניט גערעדט וועגן די ענינים. ער האָט זיך געמאַכט ווי ער וואָלט גאָרניט געוואוסט, אַז זיי האָבן אויף אים געקריגט. ער האָט גערעדט מיט זיי בלויז וועגן הייליקע ספרים און איבערגעזאָגט פאַר זיי דעם גאונס תורה: ווי ר׳ אליהו טייטשט אויס פסוקים אין חומש און**

אין די נביאים. ער האָט, מיט חכמה, דערווייל אויך אַריינגעפירט די אויסטייטשונגען, וואָס האָבן קלאָר אַרויסגעבראַכט דעם גאונס התנגדות צו דער נייער חסידישער שיטה.

סעדיה פלעגט זיך גלעטן זיין שיינע, בלאָנדע באָרד און זאָגן ווי כלאחר יד:

— רבותי, לאָמיר פאַר אייך איבערזאָגן דעם גאונס פּערלדיקן טייטש אין משלי אויפן פּסוק: עיניך לנוכח יביטו ועפעפיך יישירו נגדך" — דער גאון זאָגט: זיי ניט קיין צו גרויסער צדיק און זיי ניט קיין רשע. האַלט זיך ניט פאַר חכם, און מאַך זיך ניט פאַר קיין נאַר. זיי אַ מענטש. פּראַוועו ניט קיין גדלות. שמועס ניט אין די וועלט, אַז דו קענסט באַווייזן ניסים און נפלאות, וואָרים דו וועסט דורכפאַלן... בעסער איז, אַז „עיניך לנוכח יביטו" — זאָלסט ניט קוקן ניט רעכטס און ניט לינקס, נאָר קוק גלייך, ווי אַלע מענטשן. „ועפעפיך יישירו נגדיך" — זאָלסט ניט גלאָצן מיט די אויגן אין הימל, צו ווייזן, אַז דו ביסט אַ גרויסער תלמיד־חכם. און זאָלסט ניט אַרונטערלאָזן די ברעמען צו דער ערד, ווי אַ בהמה. האַלט זי ברייט אָפן...

ר' סעדיה האָט דערזען, ווי דער עולם ביים טיש עפנט מויל און אויערן, זיי זיינען אי פאַרוואונדערט און אי נתפּעל, האָט ער זיך געמאַכט קאַלט, ווי ער וואָלט קיין זאַך מיט דעם ניט אויסן געווען, און ער האָט גענומען דערציילן וועגן דעם גאון קלייניקייטן, יום־יום טראַפּונגען, און דערווייל אַזוי „מסיח לפי תומודיק" זיי אויך דערציילט, אַז דער גאון האָט גרויס צער, וואָס ער קען ניט די חכמה פון דאָקטאָריע. ער וואָלט עס גערן געלערנט. אָבער ער האָט זיין טאַטן, ר' שלמה זלמן, עליו השלום, געהאָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיך מיט דער חכמה ניט פאַרנעמען. וועט ער, דער גאון, דער אמתער איש־חסיד, דאָך ניט איבערטרעטן דעם טאַטנס פאַרזאָג, אַפילו ווען דער כיבוד־אב וואָלט ניט געווען אַן עיקר אין דער תורה.

ביי ר' סעדיהס טיש איז דעמאָלט געזעסן אויך, ר' משה בן וואולף אַ געוואַלדיקער חריף און זייער אַ העפטיקער בעל־קנאי. ער האָט מער, ווי אַלע אַנדערע לומדים מרעיש־עולם געווען למאי ער, סעדיה, וויל אַריינפירן די חכמה פון די אומות־העולם. אַז ער האָט געהערט, וואָס ר' סעדיה דערציילט, האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— און אַלע אַנדערע חכמות ווייסט דען יאָ דער גאון?

ביי סעדיהן האָבן זיך די אויגן אָנגעצונדן, זיי האָבן שוין ניט געקוקט מיט גוטסקייט, ווי פריער, נאָר שאַרף ווי מיט שפּיזן זיך געשטאָכן אין דעם קנאידיקן למדן:

— דאָס צו פרעגן איז אַ פּחיתות־הכבוד לגבי דעם גאון. ווי איך זע, קענט איר ניט און איר פאַרשטייט ניט דעם גאון. עס איז ניטאָ קיין חכמה און קיין לשון אין דער וועלט, וואָס זיינען נייטיק צו דער תורה. אַז ער, דער גאון זאָל זיי ניט וויסן. ער ווייסט דעם גאַנג פון די שטערן. ער ווייסט

ווי אַלע לענדער גרעניצן זיך. ער איז אויך קלאָר אין דער חכמה פון אַלגעברע און הנדסה. ער ווייסט אַפילו ווי צו לייענען די נאָטן פון מוזיק. דער גאון זאָגט, אַז דער וואָס ווייסט ניט דעם גאַנג פון די שטערן און פון דער לבנה, פאַרשטייט ניט דעם קידוש־החודש און אוודאי ניט די שווערע שיטות אין מסכתא „ראש־השנה". דער גאון האָט אויך געזאָגט, — רעדט סעדיה שוין מיט נצחון, — אַז דער, וואָס פאַרשטייט ניט די חכמה פון מוזיק, קען ניט האָבן קיין השגה אין דער זיסקייט פון דער שירה, וואָס די לוויים האָבן געזונגען אין בית־המקדש.

אַז ר׳ משה וואולף האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך פאַר פּחד אַזש געטרייסלט און געזאָגט:

— ר׳ סעדיה, טוט מיר אַ גמילות־חסד, און בעט פאַר מיר מחילה ביים גאון. איך האָב עס געטאָן בשוגג. איך בין ניט געווען געגנוג באַלע־באָס אויף מיינע רייד.

סעדיה גלעט ר׳ משה בן וואולף איבערן אַקסל — ער איז געוואָרן צו אים גוט — און ער טרייסט אים:

— ניט איר, נאָר מיר, זיינע תלמידים, זיינען דאָ שולדיק. מיר האָבן געדאַרפט מאַכן מפורסם דעם גאונס טייטשן אויף די אַלע זאַכן און וואָס ער פאַרלאַנגט פון אונדז. טאָ, לאָמיר איצט, פאַר איך איבערזאָגן ווי דער גאון טייטשט דעם „אל תתן שינה לעיניך ותנומה לעפעפיך". — שינה, זאָגט דער גאון, מיינט פאַרזונקען אין שלאָף, ווען אַלע געדאַנקען טוען זיך פון מענטשן אָפּ; תנומה מיינט: דרעמלען, ווען בלויז די אויגן־דעקלעך זיינען צוגעמאַכט, אָבער מען איז ביי אַלע געדאַנקען. און דער פּסוק אין „משלי" „אל תתן שינה לעיניך, ותנומה לעפעפיך" איז, אַ וואָרנונג צו די דיינים, אַז זיי זאָלן ביים פּסקנען שאלות ניט זיין פאַר־שלאָפן, נאָר וויסן קלאָר דעם דין. אָבער אויב אַ רב זעצט זיך אַוועק משפּטן אַ דין־תורה וועגן געלט־זאַכן, איז שוין ניט גענוג וואָס ער ווייסט די דינים און ער איז ביי דער מחשבה. ער טאָר שוין דעמאָלט אַפילו ניט דרעמלען. דאָס מיינט, אַז ער טאָר ניט אַרויסטראָגן קיין פּסק־דין, סיידן ער איז באַהאַוונט אין וועלט־זאַכן און אים איז באַקאַנט ווי מענטשן פירן זיך, ווי זיי האַנדלען יום־יום. אויב ניט, קען אויף זיין משפּט ניט ליגן דער חותם של אמת.

סעדיה גייט אַזוי ביסלעכווייז צו זיין ציל אַלץ נענטער און נענטער. ער איז שוין מער ניט איינער אַליין, וואָס האַלט פון דער חכמת־העולם. ער האָט שוין אַרום זיך אַ גאַנצע חברותא פון לומדים. שטילערהייט האַלט ער אויס אויף זיין אייגענעם חשבון עפּעס איינעם אַ שמואל בן יעקב, וואָס איז אַ דאָקטאָר, אָבער אַ פרומער ייד, און קען אַ סך לשונות. ר׳ סעדיה האָט אים, דעם דאָקטאָר, געדונגען, ער זאָל מעתיק זיין אויף לשון־קודש דעם ספר אַקלידאָס. אַ צווייטער ייד, אויך אַ שטילער און אַ גרויסער ידען אין וועלטלעכע חכמות שטעלט צונויף אַ ספר, אויף סעדיהס

חשבון, וואו עס גייען אַריין אַלע קלוגע ווערטער פון די חכמי אומות־העולם.

ר׳ סעדיה האָט אויך אָנגעשטעלט לייט, וואָס זיינען געניט מיט דער פּען און האָבן אַ געשמאַק פאַרן לשון זיי זאָלן איבערשרייבן אין יידיש דעם מוסר־ספר „מסילת־ישרים" פון ר׳ משה חיים לוצאַטו, וואו עס ווערט קלאָר און דייטלעך באַוויזן, אַז צו זיין אַן ערלעכער ייד דאַרף מען זיך ניט פירן, ווי די נייע חסידים, וואָס זינגען און שפּרינגען . . . פאַסטן תעניתים, און לויפן טובלען זיך אין קאַלטע וואַסערן. ר׳ משה חיים לוצאַטו באַווייזט מיט ראיות און שכל, אַז דאָס איז ניט על־פּי דרך התורה. און די וועגן ווי צו געפעלן דעם רבונו של עולם זיינען גאָר אַנדערע. ער פאַרלאַנגט גאָרניט, אַז דער מענטש זאָל אים לויבן, זאָל זינגען פאַר אים מזמורים, אָדער טאַנצן פאַר אים. און דאָס, וואָס דו זאָגסט אין דיין תפילה „אל רחום וחנון", מיינט עס ניט, אַז דער בורא קוקט אויס אויף דיין לויב. מען גיט דיר בלויז צו וויסן זיינע שיינע מידות, כדי דו זאָלסט קומען צום שכל און איינזען, אַז אויב, ער, דער בורא, איז אַ רחום־וחנון צו די מענטשן, טאָ פאַרוואָס זאָלסטו, בשר־ודם, אויך ניט זיין פול מיט רחמים און פאַרצייאונג צו דיין ברודער מענטש. און אוודאי און אוודאי פאַרלאַנגט ניט פון דיר דער בורא, אַז דו זאָלסט זיך פּייניקן. אים, וועמען עס זיינען ניט ניחא די קרבנות פון שאָף און רינדער, איז אוודאי ניט ניחא קיין אָפּפערונג פון דעם מענטש, וואָס איז זיין באַליבטסטע יצירה. אַלץ וואָס דיין באַשאַפער פאַרלאַנגט פון דיר, אַז דו זאָלסט זיין אַ מענטש. דו זאָלסט ליב האָבן דעם בורא און דיין ברודער מענטשן, ווי זיך אַליין. אויב דו וועסט זיך אַזוי פירן, קענסטו אין אַלע צייטן זיך רופן צו אים אין דיין נויט. דו דאַרפסט ניט אָנקומען צו פאַרמיטלערס. די טויערן פון הימל זיינען אָפן פאַר יעדן איינעם. און דו קענסט ריידן צו דיין באַשאַפער אויף וועלכן לשון נאָר דו ווילסט. ער פאַרשטייט אַלע לשונות. ער האָט זיי דאָך אַלע באַשאַפן.

ר׳ סעדיה האָט געלאָזט מעתיק זיין אויך אַנדערע מוסר־ספרים, ער האָט דערזען דעם געוואַלדיקן כוח, וואָס ליגט אין זיי פאַרבאַהאַלטן. זיי, די מוסר־ספרים, וועלן עפענען די אויגן ביים המון. זיי וועלן דערזען אַז די נייע חסידישע שיטה איז ניט דער דרך־הישר. און די לומדים וועלן אויפהערן צו זיין בעלי־גאווהס.

ר׳ סעדיה האָט אויך אַרויסגעלאָזן דעם גאונס אַ ספרל, אויף דקדוק צו לערנען די כללים פון לשון־קודש. ר׳ סעדיה אַליין איז אין דקדוק אויך געווען אַ גרויסער ידען. ער האָט עס געלערנט ביים גאון. ער האָט פיל מאָל פאַרענטפערט אויפן סמך פון דקדוק שווערע קשיות אין הלכה.

ער האָט אויך ביים גאון געלערנט די קליינע מסכתאָס: „אבות דרבינו נתן", „כלה", „סופרים", „דרך־ארץ". דער גאון האָט די מסכתאָס געזאָגט מיט גאָר אַן אַנדער נוסח. ער האָט אַריינגעשטעלט אַנדערע ווערטער און, טיילמאָל אויך גאַנצע שורות. ר׳ סעדיה האָט געהאַלטן פּאַפּיר

און פעדער, און ער האָט פאַרשריבן דעם נייעם נוסח. און וואָס עס איז אים געווען קשה, ער האָט ניט געוואוסט דעם טעם, פאַרוואָס דער גאון בייט איבער די ווערטער, האָט ער אים איבערגעפרעגט.

האָט ר׳ סעדיה פאַר די געסט, וואָס זיינען געקומען צו אים אין שטוב, גענומען לערנען ביים טיש די קליינע מסכתאס מיטן גאונס נוסח. ער איז אויסן געווען צו ווייזן זיין רבינס גאונות אין חוקות הכתיבה. ווי איידל עס איז זיין אויער. ווי ער דערהערט דעם מינדסטן ניט ריכטיקן קלאַנג פון אַ וואָרט. ער האָט אָנגעהויבן פון דער מסכתא „אבות דרבינו נתן״. ער האָט געלערנט פון אַ פאַרשריבענעם פּאַרמעט, כאָטש ער האָט די גאַנצע מסכתא געקענט אויף אויסנווייניק מיט דיביידע נוחאות — די אַלטע און דעם גאונס.

די מסכתא הייבט זיך אָן, זאָגט ר׳ סעדיה: — „משה נתקדש בענן וקבל תורה מסיני״. דער גאון האָט אָבער דעם מאמר געזאָגט אַנדערש: — „משה עלה בענן ונתכסה בענן כדי לקבל תורה מסיני״, — האָב איך, סעדיה, דעם גאון געפרעגט:

— רבי, פאַרוואָס געפעלט אייך ניט ווי עס שטייט געשריבן?

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט חידוש און געזאָגט:

—אויף אייך, סעדיה, וואונדער איך זיך, וואָס איר שטעלט אַזוי אַוועק אייער קשיה. איר, אַ בקי בש״ס, האָט געמעגט געדענקען, אַז אין מסכתא „יומא״, שטייט ווי איך זאָג. איר האָט מיך געדאַרפט פרעגן אָט־ווי: — וואָרום האַלט איך פאַר ריכטיק ווי אין „יומא״ שטייט און ניט ווי אין דער קליינער מסכתא. דער ענטפער איז, אַז איך וואָלט אַזוי געזאָגט דעם מאמר, אפילו ווען איך ווייס ניט די גמרא אין „יומא״. ווייל דער לשון אין דער קליינער מסכתא איז ניט לויט די כללים פון דער תורה. מען דאַרף תמיד האָבן אין זינען דעם כלל, וואָס די רבנן גיבן: „דברה תורה בלשון בני אדם״. — די תורה רעדט ווי מענטשן ריידן. ווי עס איז פאַר־שריבן אין דער מסכתא קטנה, ריידן ניט קיין מענטשן. מען קען דאָך ניט ווערן נתקדש אין ענן, איידער מען גייט צו אים אַרויף און מען ווערט פון אים פאַרדעקט. דעריבער דאַרף קודם־כל ווערן דערציילט, אַז משה איז אַרויף צום וואָלקען און איז פון אים באַדעקט געוואָרן. ערשט דערנאָך געבן צו וויסן, אַז ער איז געהייליקט געוואָרן... צוליב דעם זעלביקן טעם האַלט איך, אַז עס איז אויך ניט ריכטיק, ווי עס ווערט דאָ געזאָגט: — וקבל. מען קען אַזוי ניט שרייבן וועגן משה רבינו. וואָרום וקבל מיינט: אַ כאַפּ טאָן. איז עס ניט מעשה דרך־ארץ, און עס איז אויך ניט אמת. משה האָט דאָך געוואַרט אויפן הימל גאַנצע פערציק טעג און פערציק נעכט איידער ער האָט מקבל געווען די תורה. מהאי טעמא, זאָג איך אליהו מיט די ווערטער: „כדי לקבל תורה מסיני״.

ר׳ סעדיה קוקט זיך אום אויפן עולם, צו זען ווי זיי נעמען אויף דעם גאונס נוסח. „און איצט״, זאָגט ער, „לאָמיר לערנען ווייטער״:

„שנאמר וישכון כבוד ה׳ על הר סיני למשה לטהרו״. אָבער אויך דאָ האָט דער גאון אַריינגעשטעלט אַנדערע ווערטער און געזאָגט: „ויכסהו הענן למשה לקדשו״. האָט איך געפרעגט ר׳ אליהון דעם טעם פון דעם, האָט ער מיר געענטפערט:

— איך בין בטוח, אַז אַזוי ווי איך זאָג, איז ריכטיק. דאָס איז וואָס מען רופט די סודות פון דער תורה. דער טייטש פון סוד איז געזעץ. און איינע פון די סודות איז די חכמה פון כתיבה. די רבנן דערקלערן דאָך אונדז, אַז דברה תורה בלשון בני אדם. די מסכתא זוכט אונדז דאָ צו דערציילן ווי משה איז אַרויף אויפן באַרג סיני. אָבער מיר וויסן דערווייל בלויז, אַז משה האָט זיך געזוכט צו באַדעקן אין וואָלקען. אָבער וואָס דער וואָלקן האָט געטאָן — דאָס וויסן מיר נאָך ניט. לויט די חוקים פון כתיבה, קען מען עס ניט אַריבערהיפּן און שוין ריידן וועגן כבוד ה׳. עס זאָגט זיך דאָ ווייטער, אַז דער בורא האָט זיך צו אים אָפּגערופן ערשט מיט זעקס טעג שפּעטער. דערפאַר בייט איך דאָ אום די ווערטער און איך זאָג פריער, „ונתכסה בענן״, און ערשט שפּעטער „ויכסהו הענן״, אַז דער וואָלקן האָט באַוויליקט אים צו באַדעקן. איך בייט אויך דאָס וואָרט: „לטהרו״, און איך זאָג: לקדשו״, ווייל עס איז אַ פּחיתות הכבוד און עס שיקט ניט צום זאָגן אויף משה רבינו אַזאַ וואָרט, ווי „לטהרו״ — אים צו רייניקן. דער נביא הנביאים איז געווען ריין פון זיין געבוירן אָן. עס איז ניט געווען וואָס אים מטהר צו זיין. זעט איר, „לקדשו״ — צו הייליקן אים — איידער ער וועט באַגעגענען דעם בורא־העולם, דאָס שיקט זיך שוין יאָ צו זאָגן.

אַזוי האָט סעדיה געלערנט ביי זיך אין שטוב פאַר אַ טיש מיט לומדים די מסכתא „אבות דרבינו נתן״ מיט דעם גאונס נוסח. ער האָט געזוכט אַזוי אַרום צו באַווייזן די גאונות פון ר׳ אליהון, גאונות אין דער חכמה פון ספרות — ווי ער האָט מיט איבערבייטן בלויז איין וואָרט אָדער איבערשטעלן אַ שורה, קלאָר געמאַכט אַלע ניט פאַרשטענדלעכע שטעלן. ר׳ סעדיהס הויפּט־כוונה איז אָבער געווען צו ווייזן, אַז דער גאון האָלט פון אַלע חכמות. און דער חילוק צווישן ר׳ אליהו און אַלע אַנדערע גאונים, וואָס זיי ווייזן אַרויס גאונות בלויז אין דער אָדער יענער מקצוע, בשעת ער, איז אַ גאון אין אַלע חכמות. און ווער עס וויל פאַרשטיין די תורה און זיין פאַררעכנט פאַר אַ למדן, מוז גיין אויף זיין ברייטן וועג.



# קאַפּיטל ח

ר׳ סעדיה איז געווען אַן עקשן. אַז ער האָט זיך פאַרנומען עפּעס אויסצופירן, האָט ער זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּגעשטעלט. ער האָט אפילו אויף איין מינוט ניט אַרויסגעלאָזן פון זינען דעם ציל, צו וועלכן ער האָט געשטרעבט. ער האָט עס גערופן: דער „תכלית״.

ער, דעם גאונס תלמיד, האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז וואָס עס זאָל ניט געשען, טאָר מען ניט דערלאָזן, אַז חסידות זאָל שטעלן אפילו אַ פוס אין דער ליטע. ער, דער למדן, האָסט די חסידישע רביים מיט אַלע זיינע חושים. ער זעט אַ סכנה פאַר דער תורה. זי קען נאָך, חס וחלילה, ווערן פאַר־געסן. די חסידישע רביים דערנידעריקן די לערנער פון דער תורה. דאָס פאָלק וועט פאַרלירן פאַר זיי דעם דרך־ארץ און וועט זיך ניט צוהערן צו זייערע פסק־דינים. ר׳ סעדיה האָט קיין זאַך ניט געטאָן, סיידן ער האָט זיך געקענט סומך זיין אויף זיין גרויסן רבין, דעם גאון. פלעגט ער מיט ביטער־ניש איבערזאָגן דעם גאונס וואָרט:

— רופן זיך „חסיד״ מעג בלויז דער מענטש, וואָס איז אַרויפגעשטיגן צו דער העכסטער מדרגה אין יראת ה׳. מיטלמעסיקע לייט קענען צו דעם קיינמאָל ניט דערגרייכן... ווייל מען קען ניט זיין קיין אמתער חסיד, אויב מען איז ניט קיין גרויסער למדן.

ר׳ סעדיה האָט אויך דעם באַגער זיינעם אַריינצוברענגען די חכמת־אומות־העולם אין דער לומדישער וועלט, ניט פאַרוואָרפן. ער האָט געהאַלטן אין איין זיך קליגן, ווי צו טאָן אַ פעולה — און עס זאָל דאָך ניט קומען צו קיין מחלוקה... האָט ער געזוכט אַלערליי וועגן ווי אַזוי וואָס־מער צו פאַרשפּרייטן דעם גאונס מיינונגען וועגן די אַלע זאַכן. און דער עיקר, ווי אַריבערצוציען דעם פשוטן עולם אויף זיין צד. האָט ער געפּועלט ביי ר׳ חיים יוספן, אַז זיינע סופרים, וואָס שרייבן אויס אויף פּאַפּיר דעם גאונס שאלות און תשובות, זאָלן אויך פאַרשרייבן דעם גאונס טייטשן אויף חומש, נביאים און כתובים — און אויסהענגען אויף דער וואַנט פון קלויז, די לומדים זאָלן זיך דערוויסן, אַז דער גאון פאַרלאַנגט אַ סך מער פון זיי, ווי בלויז לערנען ש״ס און פּוסקים.

ר׳ סעדיה האָט זיך געכאַפּט, אַז די פּשוטע לייט, די תהילים־יידן, קענען גאָרניט געוויינען פון די פּאַפּירן, וואָס מען הענגט אויס אויף דער דרויסנדיקער וואַנט פון קלויז. עס איז ניט זייער ענין; זיי גייט ניט אָן די אַלע הלכה־קשיות. דעם גאונס תשובות פאַרענטפערן ניט זייערע יום־יום ספקות. און דעם גאונס קלוגע טייטשן אויף חומש פאַרשטייען זיי אויך ניט. עס איז דאָך געשריבן אויף לשון־הקודש. האָט ר׳ סעדיה געפּועלט, אַז מען זאָל אין קלויז אויך אויסהענגען אַ פּאַפּיר אין יידישן לשון — מיט דעם גאונס מוסר־שפּרוכן, אַז אויך די פּשוטע לייט זאָלן עס פאַרשטיין.

ר׳ סעדיה אַליין האָט די מוסר געשריבן און פאַר אַן אויבערשריפט האָט ער אַרויפגעשטעלט דעם פסוק אין משלי „קחו מוסרי ואל כסף, ודעת מחרוץ נבחר״. ר׳ סעדיה האָט די רייד פון שלמה המלך פאַרטייטשט:

— ברידער, יידן! פאַרנעמט מוסר. עס איז בעסער פון געלט. און ווילט בעסער אויס וויסן איידער גאָלד.

ר׳ סעדיה האָט דעם פסוק מסביר געווען מיט דעם גאונס פירוש: — ער פרעגט: פאַרוואָס פאַרגלייכט שלמה המלך מוסר צו כסף און דעת צי גאָלד״? ווייל מיט כסף — ענטפערט דער גאון — באַנוצן זיך אַלע, סיי אָרעמע, סיי רייכע — אַזוי איז אויך מוסר: קיינער קען זיך אָן מוסר ניט באַגיין, סיי פשוטע לייט סיי לומדים. „דעת״ — מיינט שוין צו פאַרשטיין טיפע זאַכן. איז דאָס שוין בלויז פאַר רייכע אין תורה, דערפאַר איז עס געגליכן צו גאָלד, מיט וואָס עס באַנוצן זיך בלויז עשירים . . .

ר׳ סעדיה האָט דווקא דעם פסוק גענוצט פאַר זיין אַריינפיר, ווייל ער האָט געצילט מיט דעם צו געבן צו וויסן די לומדים, אַז זיי מעג אויך אָנשטיין אַריינצוקוקן אין די פאַפירן, הגם זיי זיינען געשריבן אויף יידיש, און עס ווערט דאָרט ניט גערעדט וועגן הלכה, ווייל מוסר איז ווי כסף — זילבער־געלט, וואָס עס נוצן אַפילו גבירים.

ר׳ סעדיה האָט זיך ניט באַנוגנט בלויז מיטן שרייבן דעם גאונס מוסר־שפרוכן אויף די פאַפירן. ער האָט גענומען גיין אין די קלויזן און האַלטן דרשות פאַרן המון. ער האָט צום עולם גערעדט מוסר, אין ר׳ משה חיים לוצאַטוס נוסח, וואָס איז שוין געווען דעם גאונס דרך, נאָך איידער זיין מחותן, דער „חיי־אדם״, האָט אים געבראַכט דעם „מסילת־ישרים״, און ער האָט נאָך ניט געהאַט געוואוסט פון לוצאַטוס מוסר־שיטה.

ר׳ סעדיה האָט זיינע דרשות געהאַלטן דווקא אין די בעלי־מלאָכהשע קלויזן וואו דאָס פאָלק איז געווען אָרים, און זיך געמוטשעט מיט חיונה. ר׳ סעדיה האָט זיך געמיט זיי צו טרייסטן. ער פלעגט זיי דערציילן, אַז ביים גאון זיינען יגיע כפימניקעס זייער חשוב. און ער האָט זיינע תלמידים, אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן זיך חברן בלויז מיט עניים. וואָרים פון עשירים קען מען זיך בלויז אָפּלערנען די שלעכטע מידה פון האָווען און לויפן נאָך רייכטום.

אמת, — האָט ר׳ סעדיה געדרשנט, — דער אָרימאַן מוטשעט זיך אויף דער וועלט. אָבער דערפאַר וועט ער האָבן יענע וועלט. ער האָט זיי געגעבן צו פאַרשטיין דורך דעם גאונס אַ משל, וואו ער פאַרגלייכט דעם עני מיטן עשיר צו צוויי קאַראַבעלניקעס, איינער אַ חכם און דער צווייטער — אַ שוטה. ביידע קאַראַבעלניקעס זיינען געגאַנגען איבער די דערפער מיט גרויסע פּעק, אָנגעפּראָפּטע מיט נאָדלען, שפּילקעס, באָוול, קנעפּלעך און אַלע אַנדערע חפצים, וואָס דאָרפלייט קויפן. אַזוי גייענדיק האָבן זיי פאַרבלאָנדזשעט אויף אַן אינדזל, וואו אַלץ איז געווען גענואַלדיק טייער. אַ נאָדל האָבן זיך, בלויז גבירים געקאָנט פאַרגינען. און באָוול איז גאָרניט געווען אָפּצושאַצן. נאָך טייערער פון אַלץ איז געווען עסנוואַרג. בלויז איין חפץ איז אויף דעם אינדזל געווען שפּאָט ביליק. און דאָס איז געווען דווקא גאָלד. האָט דער קלו־

קאַראַבעלניק אויסגעביטן זיינע נאָדלען און באַוול אויף גאָלד. ער האָט געליטן הונגער און דאָס גאָלד ניט אויסגעגעבן. דער בורא האָט געהאָלפן, ער איז געקומען בשלום צוריק אַהיים, האָט ער שוין מער ניט געדאַרפט זיך שלעפּן מיטן שווערן געפּעק איבער די דערפער. ער, וואָס האָט געבראַכט אַזוי פיל גאָלד, איז געזעסן אין רואיקייט ביי זיך אין שטוב. דער אַנדערער קאַראַבאַלניק, דער שוטה, האָט אָבער ניט געדאַגהט פאַרן מאָרגנדיקן טאָג. ער האָט זיינע נאָדלען און באַוול אויסגעביטן אויף עסנוואַרג, און געלעבט אַ גוטן טאָג אויפן אינדזל. געקומען אַהיים איז ער מיט אַ ליידיקער טאַרבע. אַזוי איז אויך דאָ אויף דער וועלט. דער שוטה זוללט וסובאט און קומט אויף דער אמתער וועלט מיט ליידיקן. אָבער דער חכם זאַמלט זיך אָן מצוות און קריגט פאַר זיי דאָרטן גאָר אַ הויכן שכר.

ר׳ סעדיה בעט זיך רחמים, ביי די יגיע כפּימניקעס, זיי זאָלן זיך היטן ניט געשטרויכלט צו ווערן אין דער מיאוסער מידה, וואָס איר נאָמען איז קנאה. ער האָט צו זיי געזאָגט:

— זייט ניט מקנא די עשירים! עס איז דאָך ניטאָ קיין נאַרישערע עבירה, ווי קנאה. עס ווערט פאַררעכנט ווי אמתע גזילה. כאָטש מען האָט פון דעם קיין שום נוצן ניט. דער בעל־מקנא בלייבט דער זעלביקער אָרי־מאַן. און דעם גביר הייבט עס ניט אָן צו שאַדן. ער בלייבט אַלץ אַ גביר.

ר׳ סעדיה האָט אין זיינע דרשות אויך געזוכט איינצופלאַנצן ביים המון ליבשאַפט צו די לומדים און ביטול און שנאה צו די חסידישע רביים. ער האָט מיט ברויזנדיקן צאָרן געקלאַפּט איבערן שטענדער און זיך געבייזערט:

— די חסידישע רביים זאָגן צו ישועות און נחמות, זיי זאָלן קענען נעמען די פּדיונות. זיי שמועסן איין, אַז זיי זיינען די פאַרמיטלער צווישן מענטשן און דעם בורא־העולם. אָבער ער, דער אב־הרחמים, האָט ניט ליב קיין מעק־לערס. ביסט דו מענטש אין נויט, רוף זיך דו אַליין צו אים. ער וועט דיך דערהערן. ווּעמענס קרעכץ איז נאָך אַזוי שטאַרק, ווי דער אייגענער קרעכץ. אַז דו וועסט גיין צו דיין בורא, וועט ער שוין קומען דיר אַנטקעגן! עס זיינען דאָ אַזוי פיל וועגן, וואָס פירן צו זיין הייליקן נאָמען, אַז יעדער איינער קען זיך אויסקלייבן זיין אייגענעם וועג. און אויב, דו מענטש, ווייסט ניט דעם וועג, טאָ הייב נאָר אָן זוכן, וועט מען שוין, מן־השמים, דיר ווייזן דעם וועג.

די פּשוטע יידן האָבן זיך מיט יראת־הכבוד צוגעהערט צו ר׳ סעדיהן. זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען אַלע רעיונות זיינע, אָבער זיי האָבן דערשפּירט, אַז ער, דעם גאונס תלמיד, איז אַ גוטער פריינט פון געדריקטן מענטשן. ער רעדט פון זיין טיפן האַרצן. ער האָט ניט קיין זייטיקע פּניות. ער דאַרף דאָך צו זיי, די אָרימע, ניט אָנקומען. זיין שווער איז דאָך ר׳ מיכל פּעשלס, דער גביר אדיר.

איין בן מנחה למעריב, האָט ר׳ סעדיה געזאָלט דרשהנען אין דער סטאָ־ליערשער קלויז. ווען ער איז אַהין געקומען, האָט ער צו זיין גרויס חידוש, דערזען, אַז די קלויז איז פּוסט און דאָרטן איז קיינער ניטאָ אַ חוץ דער שמש. ער שטעלט צונויף די שטענדערס. און זעט גאָרניט, אַז ער, ר׳ סעדיה, איז

אַריינגעקומען. האָט זיך ר׳ סעדיהן אויסגעדאַכט, אַז דער שמש מאַכט זיך פּאַרטאָן, בלויז לפנים, מחמת ער שעמט זיך אים אָנצוקוקן, וואָס מען איז ניט געקומען הערן זיין דרשה. האָט ר׳ סעדיה זיך צו אים אָפּגערופן:

— ר׳ ייִד, איר דאַרפט זיך פון מיר ניט אויסבאַהאַלטן. איר זייט מיר ניט קיין בעל־חוב. איך האָב ניט צו אייך קיין פּרעטענציעס. עס איז דאָך ניט אייער שולד, וואָס דעם עולם געפעלן ניט מיינע דרשות.

דער שמש האָט זיך, אין פאַרלעגנהייט, גענומען פאַרענטפערן:

— רבי, חס־וחלילה, אייערע דרשות זיינען שוין איינמאָל דרשות. זיי נעמען געוואַלדיק אויס ביים עולם. אָבער איצט, איז הימל און ערד און דער נייער מגיד. אַלע, אַלע, לויפן אים הערן.

דער שמש פון דער סטאָליערשער קלויז, האָט, אין ר׳ סעדיהס פאַר־וואונדערטע בליקן, גלייך דערקאָנט, אַז ר׳ סעדיה הערט צום ערשטן מאָל, אַז עס איז גאָר דאָ אַ נייער מגיד. האָט ער שוין אַליין פאַרוואונדערט אים געפרעגט:

— רבי, איר ווייסט גאָרניט פון דעם? די גאַנצע שטאָט רודערט זיך דאָך מיטן נייעם מגיד. ער איז דאָך באמת פלאי־פלאים. זינט ווילנע שטייט האָט מען נאָך אַזאַ טייערן מגיד ניט אָנגעזען פאַר די אויגן. און זיינע משלים זיינען דאָך כפתור ופרח...

ר׳ סעדיה האָט זיך געשפּירט פאַרשעמט, וואָס ער ווייסט ניט, וואָס עס טוט זיך אין זיין אייגענער שטאָט. ער איז די לעצטע עטלעכע וואָכן געווען שטאַרק פאַרנומען. ער איז ניט אָפּגעטראָטן פון גאונס קלויז. ער האָט גע־דאַרפט ענדיקן פאַרשרייבן די מסכתות קטנות, לויט רבינו אליהוס נוסח. האָט ר׳ סעדיה אַ פאַרווירטער צו זיך אַליין גערעדט:

— אַזוי־גאָר? אַזוי?...

מיטאַמאָל האָט ער, מיט שרעק, זיך ווי אויפגעכאַפּט. צו אים, וואָס האָט אַזוי מורא געהאַט פאַר די חסידים, האָט זיך צוגעשאַרט אַ חשד, אַז אפשר האָבן גאָר די חסידים אַראָפּגעשיקט דעם מגיד, צו פאַרפירן דעם עולם אויף זייערע דרכים. האָט ער האַסטיק אַ פרעג געטאָן דעם שמש:

— אפשר ווייסט איר, פון וועלכע מקומות דער מגיד שטאַמט.

דער שמש ענטפערט אים מיט פלייס און באַרימעריי:

— ער איז מיינער אַ בן־עיר, אַ נכתב פון זשעטל, אַ קליין שטעטל ניט ווייט פון ווילנע, ער רופט זיך: דער דובנער מגיד, ווייל ער איז דאָרטן אָנגעקומען פאַר אַן אײדעם.

ר׳ סעדיה האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, און שוין אַ צעשטראַלטער אַ זאָג געטאָן צום שמש:

— וואו דרשנט ער היינט?

— אין דער „שואבי מים" קלויז! ענטפערט דער שמש, און ר׳ סעדיה זאָגט צו אים גלייך צוריק אין גרויס איילעניש:

— טאָ, וואָס שטייען מיר דאָ? לאָמיר אויך גיין אים הערן!

אַז ר׳ סעדיה איז אָנגעקומען אין דער „שואבי מים" קלויז, האָט ער

געמוזט בלייבן שטיין ביי דער טיר. ער האָט ווייטער ניט געקאָנט גיין. די קלויז איז, פון ברעג צו ברעג, געווען אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן. אויך אין דרויסן, ביי די ברייט־צעעפענטע פענצטער, זיינען אַלט און יונג געשטאַנען קאָפּ־אויף־קאָפּ. דער דובנער, דאָס קליין געוואוקסיק מענטשל, אַ פאַרשטעל־טער פון הויכן שטענדער, האָבן זיך בלויז אַרויסגעזען זיינע אויגן. זיי האָבן געפינקלט, ווי צוויי העלע ליכט. זיין זיסע שטים האָט געגלעט דאָס געמיט. פון זיין מויל האָבן געפלאָסן רעיונות, איין רעיון טיפער פון צווייטן. און ער האָט אַלע פאַרזיסט מיט משלים, איינער שענער פון דעם אַנדערן.

ר׳ סעדיה איז געוואָרן געפּלעפט. ער האָט זיך ניט געקאָנט אָפּוואונדערן פון דעם דובנער. ער האָט פאַר זיך אַליין געטראַכט:

— דער נייער מגיד איז דאָך דער גרעסטער וואונדער, וואָס איך האָב ווען עס איז געזען. ער זאָגט אַזעלכע טיפע רעיונות, אָבער ביי אים קומען זיי אַרויס אַזוי קלאָר און פאַרשטענדלעך, אַז עס פאַרשטייען אפילו די פשוטסטע שבפשוטסטע. ער מוסרט, דאַכט זיך, האַרב — און דאָך איז ניט קענטיק קיין בייזקייט. ער חוזקט אַזוי שטאַרק אָפּ פון די בעלי־עבירות, און דאָך שפּירט מען ניט, אַז ער איז צו זיי שטרענג. און פון זיינע משלים קען מען זיך אָפּלערנען מער מידות, ווי פון מידות אַליין.

ר׳ סעדיה, דער איש־צדיק, האָט אָן קנאה, געקענט אָפּשאַצן יענעמס מעלות, אפילו ווען דאָס האָט אַרונטערגענומען געוויכט פון זיין אייגענער שאַל. האָט ער גלייך דערזען דעם חילוק צווישן אים און דעם דובנער. ווי גרויס יענער איז אין דרוש, און ווי קליין ער איז אַנטקעגן אים. אַז ער, סעדיה, דרשהנט, מיעט ער זיך, מיט אַלע זיינע כוחות, צו ווערן נאָענט מיט די פשוטע יידן. אָבער ער איז ניט מצליח. די מחיצה צווישן אים, דעם למדן, און זיי, די תהילים יידן, האַלט אין איין וואַקסן און וואַקסן. וויפיל ער מאַ־טערט זיך ניט אַראָפּצונידערן צו זיי, איז ער אַלץ דער דערהויבענער. ער, וואָס שטייט אויפן בימה און מוסרט, און זיי, וואָס ווערן געמוסרט. אָבער איצט, אַז דער דובנער דרשהנט, איז די בימה ווי פאַרשוואונדן געוואָרן. דער דובנער איז ניט עפּעס אַ למדן, וואָס איז געקומען צו ווייזן לומדות, אַז ער ווייס וואָס דער בורא פאַרלאַנגט, מוסרט ער, וואָס מען גייט ניט אויפן דרך־הישר. ער, דער דובנער, איז ווי איינער פון עולם, וואָס איז געקומען פון ערגעץ וואו צו פאָרן און האָט וואָס צו דערציילן, שמועסט ער זיך געמיטלעך אַדורך מיט זיינע אייגענע לייט.

— אָט טראַכט ווייטער ר׳ סעדיה: — דער דובנער רעדט דאָך אַרום, פונקט ווי איך, דעם ענין: רייך און אָרים. אָבער ווי אַנדערש ער גייט צו דערצו. ער טרייסט, און איך האָב געטרייסט. אָבער איך האָב צוגעזאָגט דעם עני בלויז שכר אויף יענער וועלט. אָבער ער מאָנט זייער חלק אויך אויף דער וועלט. ער דערהייבט דעם עני און באַווייזט, אַז ער איז דער יחסן, און ניט ער לעבט אין זכות פון גביר, נאָר דער גביר לעבט גאָר אין זיין זכות. ער, דער עני, האָט זיך אַליין געבראַכט אַ קרבן פאַרן גביר. ער האָט אויף זיך גענומען די גאַנצע האַרבקייט פון מידת־הדין. און איבערגעלאָזט דעם

גוטינקן מידת־הרחמים פאַר די עשירים. און דער דובנער זינגט אויס מיט אַ פריילעכן ניגון:

— עני, דו גלויבסט מיר ניט? טאָ, הער, וואָס דער בורא־העולם זאָגט:

— „כל העולם כולו ניזונין בשביל חנינא בני, וחנינא בני, די לו בקו של חרובים מערב שבת לערב שבת." — די גאַנצע וועלט עסט און טרינקט אין זכות פון מיין ליבן זון, חנינא, און ער חנינא אַליין, באַנוגנט זיך, בלויז מיט אַ מעסטל אַרבעס, — פאַר אַ גאַנצע וואָך.

דער דובנער קוקט שאַרף אַן דעם עולם. ער זוכט די גבירים. און בייזלעך רופט ער זיך צו זיי:

— גביר, דו זאָלסט ניט פאַרגעסן אָן דיינע שפּייזער. דו זאָלסט פון דיין אייגענער טובה וועגן — ניט וואָגן אָוועקצורייבן פון דעם עני זיין לעצטן ביסן. וואָרום אויב, דו גביר, וועסט דאָס טאָן, וועסטו שוין ניט האָבן ווער עס זאָל זיך פאַר דיר איינשטעלן. אַז דו וועסט קומען אויפן עולם־האמת, וועסטו שוין געמשפּט ווערן מיט דער גאַנצער האַרבקייט פון מידת־הדין. אפילו דער גוטינקער מידת־הרחמים, וואָס איז שטענדיק געווען דיין סניגור, וועט ווערן דיין קטיגור. און ניט ווייל, ער וועט אָפּטרעטן פון זיין רחמימדיקן דרך. נאָר טאַקע פון רחמנות. אָבער ניט פון רחמנות צו דיר, גביר, דעם רויבער, נאָר פון רחמנות צום עני, וואָס איז באַרויבט געוואָרן פון זיין מאָגער שטיקל ברויט.

ר׳ סעדיה איז אַזוי שטאַרק נתפּעל פון דובנערס קלוגע רייד, אַז ער וואָלט געקענט אָפּשטיין אַ גאַנצע נאַכט און זיך צו אים צוהערן. דער דובנער איז שוין אָבער מיד. ער האָט אויסגעענדיקט זיין דרשה מיט אַ שיינעם משל. עס איז צו ענג דאָ, אין דער „שואבי מים" קלויז, גייט דער עולם דאַוונען מעריב אין זייערע אייגענע קלויזן. און מיט אַ ברייטער האַנט וואַרפן זיי אין דער קערה, זייערע אָרימע גראָשנס.

נאָך מעריב דאַוונען לאָזט זיך ר׳ סעדיה שפּאַנען צו דער מזרח־וואַנט, וואו דער דובנער שטייט. ער זעט, ווי דער שמש טראָגט אים צו די קערה. זי איז פול ביז אויבן מיט מטבעות. דער דובנער שמייכלט. ער לייגט זיי אויס אויפן שטענדער, און ער ציילט זיי, ביז ער רופט אויס אויפן קול: פופצן גראָשן. און ער זאָגט צום שמש:

— איך שטראָף ניט בחנם. אויך דער רבונו של־עולם שטראָפט ניט בחנם. אָבער מער ווי פופצן גראָשן, וואָס איך האָב אויסגעציילט אויפן שטענדער, איז מיין דרשה ניט ווערט, טאָ צעטיילט עס פאַר די אָרימע מגידים.

ר׳ סעדיה איז נשתומם געוואָרן פון דעם דובנערס חכמה און צדקות. ער האָט גענומען זיך דורכשפּאַרן צווישן געדיכטן עולם. די פּשוטע יידן האָבן באַלד געמאַכט פאַר אים אַ וואַרע. איז ער צוגעקומען צום דובנער, און מיט התלהבות אויסגערופן:

— אַ יישר־כוח אייך פאַר אייער דרשה!

לויט ר׳ סעדיהס אַצילותדיקן פּנים און לויט דעם געוואַלדיקן כבוד, וואָס מען האָט אים דאָ אָפּגעגעבן, האָט דער דובנער גלייך דערקענט, אַז עס

רעדט צו אים אַן אָדם־חשוב. האָט ער, דער אמתער עניו, אַזש זיך געריטלט, און אין פאַרלעגנהייט געמורמלט:

— רבי, מעג איך וויסן אייער נאָמען?

— סעדיה.

דער דובנער האָט געהאַט געוואוסט, אַז איינער פון דעם גאונס דרייצן תלמידים, הייסט ר׳ סעדיה. האָט ער מיט פּחד געפרעגט:

— זייט איר דעם גאונס אַ תלמיד?

ר׳ סעדיה האָט שעמעוודיק אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און געזאָגט:

— אויב אפילו מען לערנט ביים גאון און מען איז אים משמש, איז מען נאָך מיילן ווייט צו זיין ראוי אָנגערופן צו ווערן: „דעם גאונס תלמיד״. צו דעם הויכן טיטול האָט זיך נאָך קיין מענטש ניט דערדינט.

דער דובנער האָט אים אָנגעקוקט מיט ליבשאַפט און געזאָגט אַ שיינעם משל, וואָס האָט געגעבן אָנצוהערן, אַז לויט ר׳ סעדיהס עניוודיקן ענטפער איז ער בטוח, אַז ער האָט דעם גרויסן כבוד צו ריידן מיט איינעם, וואָס איז שוין יאָ ראוי אָנגערופן צו ווערן: „דעם גאונס תלמיד״.

ר׳ סעדיה האָט געשמייכלט און געזאָגט:

— ר׳ יעקב, איך וואָלט זייער געגאַרט, אַז איר זאָלט פאַרן גאון זאָגן אייערע משלים. טאָ קומט, לאָמיר אַריבערגיין צו אים אין קלויז. מיר וועלן אים פאַרשאַפן אַ נחת־רוח.

דער דובנער איז פון פּחד בלאַס געוואָרן. ער האָט זיך גענומען אָפּ־רוקן אין ווינקל און גענומען זיך בעטן:

— רבי, וואָס רעדט איר? איך, אַ מגידל, זאָל גיין ריידן צום גאון? איך בין דאָך בלויז אַ פּשוטער ייד, וואָס דרשנט פאַרן המון. עס וואָלט דאָך געווען די גרעסטע העזה, אַז איך יאַנקל דובנער, זאָל זיך שטעלן זאָגן משלים פאַר דעם גאון הגאונים?

ר׳ סעדיה ענטפערט אים רואיק:

— יאָ, דאָס איז טאַקע מיין כוונה. איך בין בטוח, אַז איר וועט מיט אייערע משלים דערפרייען דעם גאון.

דער דובנער וויל אָבער פון דעם ניט הערן. און ער בעט זיך ווייטער ביי ר׳ סעדיהן מיט תחנונים:

— פאַר אים דעם גאון־התורה, וואָס חוקים און משפטים איז זיין עול, וועל איך, יאַנקל, זיך אַוועקשטעלן דערציילן מעשיות און משלים?

ר׳ סעדיה ווערט שוין שטרענגער און ער זאָגט:

— ר׳ יעקב, זינדיקט ניט מיט אייערע רייד. ניט די וועלט און ניט איר ווייסן ווער דער גאון איז. זייט וויסן, אַז ער שעצט הויך אַלע חכמות. און משלים זיינען ביי אים געוואַלדיק ליב און טייער. ער זאָגט זיי אָפט אַליין. ער האָט בלויז צער, וואָס צוליב געוויסע טעמים האַלט ער זיך ניט פאַר ראוי צו זאָגן אָפטער משלים.

ר׳ סעדיה האָט אָנגענומען דעם דובנער ביי דער האַנט און געלאָזט זיך מיט אים גיין. דער דובנער פול מיט פּחד, האָט ווי אַ קליין ייִנגל, וואָס

וויל ניט גיין אין חדר זיך אַלע ווײַלע געצויגן אויף צוריק. ער האָט זיך געבעטן:

ר׳ סעדיה, עס איז דאָך שוין שפּעט אין דער נאַכט. דער גאון מוז שוין אוודאי רוען אויף זיין געלעגער.

ר׳ סעדיה שפּאַנט פעסט און זיכער. ער ענטפערט דעם דובנער:

— ר׳ יעקב, פאַרן גאון גילטן ניט קיין נעכט. ער זיצט נאָך איצט אין קלויז און לערנט מיט התמדה.

*
**

אין דער אַלטער שניידערשער קלויז, וואָס מען האָט שוין גערופן „דעם גאונס מנין" האָבן וואַקסענע ליכט אין ליימענע שיסעלעך, אָנגעשאָטענע מיט זאַמד, זיך געבריהט צו באַלייכטן דעם לאַנגן טיש, וואָס איז געשטאַנען ביים אויוון. עס זיינען דאָרטן געזעסן אַ מנין פּרושים און ווי שאָטנס זיך געוויגט איבער די גמרות. זיי זיינען געווען דער דריטער טייל פון משמור, וואָס האָט געוואַכט אין קלויז טאָג און נאַכט, אַז דער גאון זאָל ניט איבערבלייבן איינער אַליין און אַז דאָס לערנען זאָל ניט איבערגעריסן ווערן, מקיים צו זיין אין פולן דעם: — והגית בו יום ולילה. אין מזרח, ביים אָרון־קודש, איינגע־הילט אין זיין טלית, איז געשטאַנען דער גאון. אַ ליכט האָט אַראָפּגעשיינט פון אַ העגנגלייכטער. ר׳ אליהו איז געווען פאַרטיפט אין לערנען. האָט ער ניט געהערט, ווי זיין תלמיד סעדיה מיטן דובנער זיינען אַריינגעקומען, כאָטש די טיר האָט זיך ביים עפענען ווי צעזונגען.

ר׳ סעדיה, האָט שטיל אויף די שפּיץ פינגער, זיך געשאַרט, און הינטער אים איז נאָכגעגאַנגען אַן אומעטיקער דער דובנער. אַז ר׳ סעדיה האָט דערזען, אַז דער גאון איז שטאַרק אַריינגעטאָן אין לערנען, האָט ער דעם אָטעם פאַר־האַלטן און געבליבן שטיין רואיק און גראַדיק. ער האָט זיך אפילו ניט גע־טאָן אַ ריר, ווי ער וואָלט געווען אויסגעהאַקט פון שטיין און ניט געווען פון פלייש און בלוט. ער וואָלט אַזוי פאַרשטייפט געקענט אָפּשטיין אַפילו די גאַנצע נאַכט. עס איז פאַר אים אַ פריידן צוצוקוקן, ווי די קנייטשן אויף דעם גאונס שטערן לויפן אַרום, מיט אַזאַ געשווינדקייט, אַרויף און אַראָפּ. דעם גאונס פּנים ווערט אויך אָפט פאַרצויגן מיט אומעט, אָבער עס דויערט ניט מער ווי אַ מינוט. ער צעשיינט זיך איבעראַנייס. זיינע בלוי גרויסע אויגן צעלויכטן זיך און פאַרבליצן דעם טונקעלן אַרום.

ביי ר׳ סעדיהן, דעם געטרייען תלמיד, וואַקסט דער נחת, וואָס ער האָט איצט די זכיה צו זען דאָס געבורט פון זיין רבינס נייע חידושים, וואָס וועלן באַלויכטן דעם וועג פון תורה, כאָטש זיי ווערן געבוירן אין אַ פינצטע־רער קלויז.

דעם דובנער איז אָבער ניט פריילעך אויפן האַרצן. ער שטייט אַ צע־שראָקענער. זיין קליין, מאָגער גופל ציטערט, ווי עס וואָלט געבלאָזן אַ קאַל־טער ווינט. ער טראַכט ביי זיך:

— אויב עס האָט מיך אַרומגענומען אַזאַ פּחד בלויז ביים שטיין אין

די דלד־אמות פון גאון, טאָ ווי וועט שוין זיין, אַז איך וועל דאַרפן צו אים ריידן פּנים אל פּנים?

ער, דער מאַן פון מדרש און אגדתא, האָט שוין לאַנג פאַר זיך געהאַט אויסגעמאָלט ווי די תנאים האָבן זיך נוהג געווען מיטן בורא און זיין יצירה. ער פלעגט אָפּט דערציילן אין זיינע דרשות פון דעם תנא, וואָס האָט גע־לערנט מיט אַזאַ ברען, אַז פייגל, וואָס זיינען פאַרבייגעפלויגן, זיינען פאַר־כאַפּט געוואָרן פון פייער... און אַ צווייטער תנא האָט געלערנט ביים טויער פון שטאָט מיט אַזאַ פאַרטיפטקייט, אַז ער האָט ניט געשפּירט ווי זיין מאַנטל האָט זיך פון אים אַראָפּגעשאַרט און עס פלאַטערט אַזש אויפן מאַרק־פּלאַץ. ער האָט אָט די פליאהדיקע מעשיות וועגן די תנאים געגעבן צו דערקלערן דורך משלים. אָבער איצט, קוקנדיק אויפן גאון, ווערט דער דובנער ביי זיך געפאַלן. ער זעט איצט איין, אַז עס איז ניט פאַרן מענטשנס השגה משיג צו זיין. מען קען זייער הייליקע פירונג ניט דערקלערן דורך משלים. קדושה קען מען נאָר דערשפּירן מיט די אייגענע חושים.

ער, דער רגיל אין מגידות, וואָס האָט שוין ניט געהאַט קיין אימה דצי־בורא, שטייט איצט אַ פאַרלוירענער. פאַר גרויס פּחד ווייסט ער ניט וואָס צו טאָן. וואַרפט ער גיך אַרונטער די שיך פון זיינע פיס, ווי עס איז אָנגע־זאָגט: של נעליך מרגליך" — אַז דו טרעטסט אויף הייליקע ערד, זאָלסטו אויסטאָן די שיך. און מיט כוונה מורמלט ער, מיט גרויס ציטער, די ברכה: „אשר חלק מכבודו ליראיו" — זיי געבענטשט, דו באַשאַפער פון דער וועלט, וואָס דו האָסט אָפּגעטיילט פון דיין כבוד צו דיינע פאַרכטיקע לייט.

נאָך דער ברכה ווערט דער דובנער באַרואיקט. אָבער באַלד נעמט אים אַרום נאָך אַ גרעסערע אימה. ער האָט דערזען, ווי דער גאון האָט אויפ־געהויבן זיין קאָפּ פון דער גמרא. זיינע ברעמען האָבן זיך לאַנגזאַם געגומען פאַרציען. און ער קוקט פריער אויף אים, און נאָכדעם אויף סעדיהן. זיינע בליקן זיינען אַזוי שטרענג און פול מיט פאַראיבל, ווי ער וואָלט זיך געבייזערט אויף סעדיהן, און צו אים געזאָגט:

— וואָס האָסטו אַזוי שפּעט אין דער נאַכט, געבראַכט, צו מיר, דעם מגידל?

אַ צעשראָקענער שטעקט דער דובנער גיך אַריין זיינע קליינע פיס אין די גרויסע שיך און הייבט זיך אָן צו שאַרן צוריק צו דער טיר. ר' סעדיה פאַרשטעלט אים דעם וועג. און אין דער טונקעלער קלויז הייבט זיך אָן, אין דער שטיל, צו וועבן אַ שמועס. ר' סעדיה האָט צו אים טענות:

— ר' יעקב, איר אַנטלויפט? עס איז אייך שווער דאָס וואַרטן? איר, אַ פרומער ייד, האָט גאָרניט קיין תענוג פון צוצוקוקן ווי ביים גאון ווערן געבוירן חידושי־תורה? און דאָס, וואָס איר וועט באַלד האָבן די זכיה צו ריידן מיטן גרעסטן גאון פון אַלע דורות, איז ביי אייך גאָרניט ווערט?

דער דובנער, וואָס איז אַזוי אויך קליין אין געוואוקס און שטשופּלע, ווערט איינגעאַנצן איינגעקאָרטשעט. ער קוקט אויס ווי אַ קינד, וואָס האָט פאַר־בלאָנדזשעט דאָ, אין דער פינצטערער קלויז. מיט אַ וויינענדיקער שטים

הייבט ער זיך אָן צו פאַרענטפערן פאַר ר׳ סעדיהן:

— אמת, איך אַנטלויף טאַקע, אָבער צוליב גאָר אַנדערע טעמים. איך בין קיינמאָל ניט געווען גענאַרט. איך האָב אָבער ניט געוואוסט ווי קליין און מינדערוויכטיק איך בין, ביז איך האָב געזען דעם גאונס ליכטיק פּנים. ער שיינט דאָך ווי אַ מלאך צבאות. טאָ ווי אַזוי קען איך, אַ פּשוטער מגיד, האָבן די העזה אפילו בלויז צוצוטרעטן צו אים און נאָך זאָגן פאַר אים מיינע נאַרישע משלים. און, ווידער, פרעג איך אייך, ר׳ סעדיה, האָט איר דען אַליין ניט געזען, ווי דער גאון האָט אויף מיר געקוקט מיט פאַראיבל?

ר׳ סעדיה שמייכלט צו זיך אַליין און זאָגט:

— ר׳ יעקב, איך וועל איצט ענטפערן אויף אייער אחרון. זאָג איך אייך אויף מיינע נאמנות, אַז דער גאון האָט ניט מיך און ניט אייך געזען, אייך האָט זיך עס בלויז אויסגעוויזן. געזען האָט ער גאָר הויכע און ווייטע פאַרבאָרגענע וועלטן, ווייל אַהין האָט ער געקוקט. וואָרום ווען דער גאון וואָלט אייך דערזען, וואָלט ער גלייך אייך געגעבן „שלום־עליכם". ער איז זייער אָפּגעהיט אין דער מידה פון הכנסת־אורחים. און ער זאָרגט זיך, אַז ער זאָל דער ערשטער זאָגן: — „שלום", וואָרים דער „עליכם", פאַר זיך אַליין, האָט קיין חשיבות ניט. דער גאון וויל בעסער זיין דער צאָלער איידער דער אָפּצאָלער.

ר׳ סעדיהס רייד האָבן געשטאַרקט דעם דובנער. פון דאַנקבאַרקייט האָט ער געדריקט סעדיהס האַנט. זיינען זיי שוין ביידע געשטאַנען און מיט נחת צוגעקוקט ווי דער גאון לערנט. און ווען זיי האָבן דערזען, אַז דער גאון מאַכט צו די גמרא, האָבן זיי, ביי זיך אין האַרצן, דערשפּירט אַן אומעט. עס איז זיי אַ שאָד געווען צו פאַרלירן דעם נחת פון צוצוקוקן ווי ער לערנט.

דער גאון האָט אויסגעזען צו זיין זייער מוטיק. ער האָט צו זיך אַליין געשמייכלט. עס האָט אים היינטיקע נאַכט אָפּגעגליקט. ער איז דערגאַנגען פּירושים אויף האַרבע הלכות. ביי אים, דעם גרויסן מתמיד, איז ניט געווען קיין חילוק פון טאָג און נאַכט — ער לערנט ביז ער האָט ניט מער קיין כוח, און ער מוז כאַפּן אַ דרימעל. דאָך אַז ער האָט איצט דערזען זיין תלמיד סעדיה, האָט ער זיך אויף אים געבייזערט:

— עס איז דאָך שוין אַזוי שפּעט אין דער נאַכט. אַ מענטש טאָר ניט מוותר זיין אויף זיין שלאָפן. דער רמב״ם הקדוש, וואָס איז אויך געווען אַ דאָקטאָר, פּסקנט: אַכט שעה. און באַלד האָט ער זיך געצאַיילט און דערלאַנגט אַ ברייטן „שלום־עליכם" דעם דובנער און מיט גרויס פריינטלעכקייט געפרעגט:

— פון וואַנען איז אַ ייד?

דער דובנער האָט זיך געקליבן צו ענטפערן, אָבער ר׳ סעדיה איז אים פאַרלאָפן און געזאָגט:

— רבי, זייט מיר מוחל, וואָס איך פיר זיך איצט ניט ווי אַ מענטש פון אַ ישוב. איך פאַרבייג דעם דרך־הארץ, וואָס איז קודם אפילו פאַר דער תורה. אָבער איך טו עס, ווייל אָט דער ייד, וואָס זיין נאָמען איז ר׳ יעקב

און ער שטאַמט פון זשעטל, כאָטש מען רופט אים איצט: דער דובנער, איז אַ צו גרויסער עניוו. ער ווייסט אַליין ניט פון זיין גדלות. מן הסתם וועט זיין ענטפער וועגן זיך ניט זיין לויט דער אמתער חשיבות. דעריבער ענט־פער איך פאַר אים, און איך שטעל אים פאַר: דאָס איז דער דובנער מגיד. אַ גאון אין דרוש. אַזעלכע שיינע מוסר משלים ווי זיינע, האָב איך נאָך ניט געהערט. האָב איך אים געבעטן, ער זאָל גיין מיט מיר און אויך איך, מיין רבין, מהנה זיין מיט זיינע משלים. אָבער ער, דער עניוו, האָט געזאָגט: „ווי קום איך, אַ פּשוטער מגיד, צו גיין דערציילן משלים פאַרן גאון התורה?" איך האָב קוים ביי אים געפּועלט ער זאָל אַהער קומען.

דער גאון האָט געקענט זיינע אַלע תלמידים, סיי זייערע מעלות און סיי זייערע קאַפּריזן. ער האָט געוואוסט, אַז זיין סעדיה וועט ניט לויבן אַ מענטשן, אויב ער האָט עס ניט פאַרדינט. וואָרים סעדיה איז אַ שטרענגער און אפילו ביי אַ מענטשן מיט די שענסטע מעלות זוכט ער חסרונות. ער, האָט שוין סעדיהן וועגן דעם אויסגעמוסרט:

„סעדיה, עס איז אמת, אַז עס זיינען ניטאָ קיין גרעסערע חסרונות, ווי די, וואָס פאַרטאַיען זיך הינטער מעלות, יעדער איינער, וואָס וויל דער־גרייכן צו דער מדרגה פון אַן איש־חסיד, דאַרף זוכן צו געפינען חסרונות אין זיינע מעלות. דאָס אַלץ איז גערעדט בלויז בנוגע זיך אַליין. אָבער, אַז עס קומט צו דיין חבר, דאָ מי זיך שוין צו געפינען מעלות אַפילו אין זיינע חסרונות."

אַז דער גאון האָט איצט געהערט, ווי ר' סעדיה לויבט אַזוי שטאַרק דעם פרעמדן מגיד, האָט עס אים זייער הנאה געטאָן, און ער האָט געזאָגט:

— פון איך, ר' סעדיה, איז עס זייער פיין. צו זיין אַ מגיד איז אַ שווער לעבן. אָבער דערפאַר איז דער תכלית אַ גרויסער. אַ מגיד דאַרף אָבער האַלטן אין זינען, אַז מען דאַרף יענעם שטראָפן פּונקט אַזוי ווי מען שטראָפט זיך אַליין. און ווי זיך אַליין מוסרט מען מיט רחמים, אַזוי זאָלסטו דיין חבר אויך מוסרן מיט רחמים. אָבער אויב מען באַטעמט די דרשות מיט שיינע משלים, פאַרגיט דאָס שוין. טאָ, אַדרבא, לאָמיר הערן אַ משל על־פּי דרך המוסר.

דער דובנער האָט שעמעוודיק געשמייכלט, און געענטפערט:

— רבי, אַז מען זינדיקט ניט, איז דאָך ניטאָ וואָס צו מוסרן, און דער־קלערן אייך אַ פּסוק פון דער תורה על־פּי דרך המשל איז דאָך אויך ניט נייטיק. פאַר אייך, דעם גאון הגאונים, זיינען דאָך אַלע סודות פון דער תורה אָפן און קלאָר.

דער גאון, האָט שוין לאַנג געהאַט פאַרטריבן פון זיך די ניט שיינע מידה, גאווה. ער האָט שוין פאַר איר מער ניט מורא געהאַט. לויב ווערטער האָבן אפילו ניט אָנגערירט די שפּיצן פון זיינע אויערן. זיי זיינען ווי פאַרבייגעפלויגן, — האָט ער איצט דעם דובנערס שירה צו אים, ווי גאָר־ניט געהערט. האָט ער געלאַסן געזאָגט:

— ר' יעקב, פאַרגעסט ניט וואָס שלמה המלך זאָגט: „כי אדם, אין

צדיק בארץ אשר יעשה מעשים טובים, ולא יחטא". — אַ מענטש, איז ניט מער ווי אַ מענטש, און אפילו ביים טאָן מעשים טובים קען ער אויך פאַרגרייזן. למשל, אויב ער טוט ניט די מצווה מיט געגוג פרייד און מיט פיינקייט, דאַרף יעדער מענטש אָנקומען צום מוסר. מען קען אויך זאָגן אַ משל בלויז צו באַטעמען אַ פסוק, ווי צוקער באַטעמט דאָס טייג. אַט דערציילט דער מדרש, אַז די אומות־העולם זיינען געקומען מיט טענות צום רבונו של־עולם, פאַרוואָס ער האָט זיי די תורה ניט געגעבן. האָט דער בורא זיי געענטפערט:

— וואָס דאַרפט איר די תורה? אויף וואָס טויג זי אייך? קענט איר, ר' יעקב דובנער, באַטעמען דעם מדרש מיט אַ שיינעם משל?

דער דובנער האָט זיך אַ גלעט געטאָן דעם שטערן און באַלד האָט ביי אים אין מוח אויפגעבליצט אַ משל מיט אַ מלך און זיין יורש־עצר. עס האָט פון יעדן וואָרט געטריפט חכמה. און אויך דעם תכלית האָט דער דובנער קלאָר אַרויסגעבראַכט.

דער גאון האָט זיך צעשיינט פון פרייד. ער האָט דערזען, אַז דער בעל־המשל קען די חכמה פון זאָגן משלים. אָבער דער חומר פון דעם משל איז דעם גאון ניט געווען געפעלן, און ער האָט צו דעם דובנער געזאָגט:

— ר' יעקב, אַז שלמה המלך האָט גענומען בויען דעם בית־המקדש, האָט ער אויפגעזוכט די בעסטע פועלים. אָבער ער האָט אויך געזאָרגט, אַז דאָס האָלץ און די שטיינער זאָלן זיין מן המובחר. ער, דער קליגסטער פון אַלע מענטשן האָט געוואוסט, אַז דער בעסטער פועל קען ניט אויפבויען קיין שיינעם בנין, אויב דער חומר איז ניט פון בעסטן סאָרט. טאָ פאַרוואָס קלייבט איר ניט אויס אַ בעסערן חומר פאַר אייערע משלים? פרואווט זאָגן אַן אַנדער משל אויף דעם זעלביקן מדרש.

דער דובנער האָט לאַנג ניט געדאַרפט טראַכטן. אים, איז באַלד איינגעפאַלן אַ נייער משל וועגן ווילדע חיות, בערן און וועלף און אַ שעפּסעלע אַ רואיקס. דער נייער משל איז געווען נאָך שענער און אויך קליגער פון דעם ערשטן. און געזאָגט האָט אים דער דובנער מיט נאָך אַ גרעסערן טעם. איז ער, דער בעל־משל נאָך מער געהויבן געוואָרן ביים גאון אין די אויגן. אָבער דער משל אַליין איז נאָך אַלץ אים ניט געווען געפעלן. און ר' אליהו האָט פאַרטראַכט געזאָגט:

— ר' יעקב דובנער, די חכמת המשלים איז איינע פון די עיקרדיקע חכמות אין דער תורה. אונדזער רבנן זאָגן, אַז דורך אַ משל קען מען אָפּט־מאָל קלאָר מאַכן די שווערסטע הלכה. מיין סעדיה האָט אייך זייער ריכטיק אָפּגעשאַצט. איר זייט אַ מושל אין דער חכמה פון משלים. זאָל אויף אייך קומען אַ ברכה. אָבער וואָס נעמט איר פאַר אייער חומר ווילדע חיות, און דווקא מענטשן, וואָס איר קענט ניט און ווייסט ניט? זאָגט אַליין, האָט איר דען אַמאָל געזען אַ מלך? און וואָס טויגן אייך בערן און וועלף? טאָ צו וואָס זיי גאָר ברענגען אין אַ מקום־קדוש. ווען איר זעט זיי, וואָלט איר דאָך אַליין פון זיי אַנטלאָפן. און וואָס פאַר אַ מוסר קען מען אַראָפּנעמען פון מלכים און בערן? משלים פון די מינים, ברענגען ניט קיין נוצן. און ניט בלויז אין

נמשל דאַרף ליגן דער מוסר, נאָר דער משל אַליין דאַרף אויך זיין אויסגע־וועבט פון מוסר־השכל. טאָ נעמט בעסער פאַר משלים שניידער, שוסטער, קרעמער, מלמדים, שדכנים, שמשים, דאָס זיינען דאָך מענטשן, וואָס איר קענט, און איר ווייסט זיי און זייערע פירונגען, זייערע מעלות און חסרונות. איר, אַ מגיד, פאָרט דאָך דורך אַזוי פיל ישובים, און זעט זיך אָן מיט אַזוי פיל טראַפּונגען.

דער דובנער, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אַ צעשראָקענער, איז דווקא פון גאַונס מוסר רייד געוואָרן אויפגעמונטערט. ער איז געוואָרן פול מיט פרייד, ער האָט דערזען אַ נייעם ליכטיקן דרך אין דער חכמה פון משלים. און אַן אויפגעהייטערטער האָט ער זיך אָפּגערופן צום גאון:

— רבי, רוכב ישראל ופרשיו! איך פאַרשטיי שוין וואָס איר מיינט. בעט איך, ביי אייך, טוט מיר אַ גמילת־חסד און גיט מיר רשות צו זאָגן אויף דעם זעלביקן מדרש, אַן אַנדער משל. איך גלויב, אַז דער משל וועט שוין זיין פון אמתן ראַיעלן חומר.

דער גאון האָט שמייכלנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— בכבוד־גדול! איך וויל עס הערן!

פון גרויס התלהבות האָט דער דובנער פאַרגעסן, אַז עס איז שוין שפּעט אין דער נאַכט און אַז ער שטייט דאָ פאַרן גאון מיט זיין תלמיד, ר׳ סעדיה, וואָס איז אַ גדול אין דער תורה. ער, דער דובנער, וואָס פון יעדן גליד זיינס האָט אַרויסגעזונגען, אַז ער איז אַ גאָט־געבענטשטער מגיד, האָט, ווי ער וואָלט געדאַרפט האַלטן אַ דרשה פאַר אַן עולם, זיך גיך אַרויפגעכאַפּט אויף דער בימה, און גענומען זאָגן זיין נייעם משל:

— אין אַ חדר ביי אַ רבין האָבן געלערנט יינגלעך חומש מיט רש״י. זיי האָבן געלערנט מיט גרויס פלייס. זייערע מאַמעס האָבן פון זיי געשעפּט נחת. האָבן זיי פאַרשאַפט פאַר זייערע קינדער, וואָס נאָר זייער האַרץ האָט געגלוסט. בלויז איין מאַמע האָט איר זונעלע, אפילו מיט טרוקן ברויט צום זאָט ניט פאַרזאָרגט. און מיינט ניט, טייערע יידן, אַז זי האָט ניט ליב געהאַט איר אייגן קינד. האָט איר דען אַזאַ מאַמען געזען? זי איז אָבער געווען נעבעך זייער אָרים און אים העלפן ניט געקענט.

איינמאָל איז צו איינעם פון די יינגלעך אין חדר, אַראָפּגעקומען, פון כרך, צוגאַסט אַ רייכער פעטער. ער האָט אים געבראַכט אַ מתנה אַ טייס־טערל, וואָס אַזוינס האָט מען נאָך, זינט דאָס שטעטל שטייט, ניט אָנגעזען. ער האָט געהאַט גאַנצע דריי שלעסער, און קעשענעס אויף קעשענעס. אַ קעשענע פאַר פּאַפּיר־געלט, אַ קעשענע פאַר אימפּעריאַלן, אַ קעשענע פאַר זילבער און אַ קעשענע אַ פּראָסטע, פאַר די קופּערנע פּרוטות, און צו דעם אַלעם, נאָך אַ באַהאַלטענע קעשענע...

אַז די יינגלעך אין חדר האָבן דערזען, ביי זייער חברל, דעם שיינעם טייסטערל, האָבן זיי, מיט געוויין, זיך געבעטן ביי זייערע טייערע מאַמעס, מען זאָל זיי אויך פאַרשאַפן אַזעלכע טייסטערלעך. אָבער אין דעם קליינעם

שטעטל זיינען אַזוינע טייערע טייסטערלעך ניט געווען פאַר קיין געלט צו קריגן.

אַז דער קרעמער אין שטעטל, אַ ייד, אַ חכם, האָט זיך וועגן דעם דערוואוּסט, איז ער גלייך אַוועקגעפאָרן אין כרך און זיך איינגעשאַפט אַ־די טייערע טייסטערלעך. די חדר־יינגלעך האָבן עס ביי אים צעצוקערט. בלויז דאָס אָרים יינגל איז געבליבן אַ פאַרשעמטער. זיין אָרימע מאַמע האָט ניט געהאַט ווי אַזוי צו קויפן אַזאַ טייער טייסטערל. האָט ער גאַנצע נעכט געוויינט און זיין געטרייע מאַמע האָט, אין דער שטיל, מיטגעוויינט. אָבער העלפן האָט זי אים ניט געקענט. דאָס אָרים יינגל, אַן עקשן, האָט געגומען שפּאָרן פּרוטה צו פּרוטה. ער, ניט קיין נאַר, האָט באַלד איינגעזען, אַז ער וועט ניט קענען אָנקלייבן אַזוי פיל געלט, איינצוהאַנדלן אַזאַ טייערן טייסטערל. איז ער אַוועקגעגאַנגען צום קרעמער און צו אים געזאָגט:

— ליבער קרעמער, האָט רחמנות אויף מיר, דערלאָזט מיר ניט בלייבן אַ פאַרשעמטער. גיט מיר אַ טייסטערל, איך קען אייך אָבער מער ווי די עטלעכע פּרוטות ניט געבן. מער פאַרמאָג איך ניט. איך בין אַן אָרים יינגל.

דער קרעמער, דער איש־חכם, האָט רואיק אויסגעהערט און אים גע־ענטפערט:

— מיין טייערער יינגל, איך וואָלט שוין ניט געקוקט אויפן היזק און דיר געגעבן אַ טייסטערל. אָבער וואָס גלייכסטו זיך צו די רייכע יינגלעך? יענע האָבן דאָך געלט, דאַרפן זיי טייסטערלעך, אָבער דו ביסט דאָך אָרים ווי די נאַכט, וואָס טויג דיר אַ טייסטערל? דו האָסט דאָך ניט וואָס אין אים אַריינצולייגן!

דאָס אייגענע, — האָט דער דובנער אויסגעפירט זיין משל, — איז מיט די אומות־העולם. וואָס טויג זיי די תורה, אַז די קעפּ זייערע זיינען פּוסט... זיי האָבן דאָך ניט קיין אייגנס אַריינצולייגן אין דער תורה...

דער דובנער, דער גאָט־געבענטשטער מגיד, וואָס האָט מיט זיין שטים געקענט טאָן, וואָס נאָר ער האָט געוואָלט. אָט רעדט ער שטיל, ווי אַ שניי־דערל, אַ חלוש, און באַלד צעדונערט ער זיך, ווי אַ שטאַרקער שמיד; אָט קרעכצט ער מיט געבעט, ווי אַן אָרימאַן, אַ נעבעכל, און אָט שטורעמט ער שוין, ווי אַ גביר אַ תקיף. איצט, ביים זאָגן דעם משל פאַרן גאון, האָט מען געהערט אי דאָס געוויין פון יינגל און אי דאָס חוזק פון קרעמער. אַלע, אפילו די זייטיקן פאַרשוינען, דער פעטער פון כרך און דער מלמד, זיינען געשטאַ־נען פאַר די אויגן, ווי לעבעדיקע. און וואו דער דובנער האָט ניט געקענט דערגאַנצן מיט זיין שטים, האָט ער אַרויסגעבראַכט די מענטשן מיט די תנועות פון זיינע הענט און פון זיין פּנים.

ר׳ אליהו איז שטאַרק גערירט געוואָרן פון דעם משל. טרערן האָבן פון זיינע אויגן געפלאָסן, טרערן פון צער און רחמנות אויפן אָרימען יינגל, געמישט מיט טרערן פון פרייד, וואָס ער האָט דערזען פאַר זיך אַ מושל אין דער חכמת־ המשלים. האָט ער, מיט התפּעלות, זיך אָנגערופן:

— ר׳ יעקב, דער משל איז שוין פון אמתן גוטן חומר. ער שטייט אויף

זיינע אייגענע פיס. עס דאַרף זיך אפילו ניט אָנשפּאַרן אָן אַ פּסוק. פון משל אַליין קען מען שעפּן עמערס און עמערס מיט מוסר.

אַ דערמוטיקטער, האָט דער דובנער געגומען זאָגן משלים אויף משלים. ער האָט פאַר זיין חומר שוין מער ניט אויסגעקליבן קיין מלכים און פּרינצן, נאָר פּשוטע יידן, קאַראַבעלניקעס, שניידערס, שוסטערס, קרעמערס, סוחרים, יורדים, שטיפמאַמעס, חתנים און שדכנים. אנשטאָט ווילדע חיות, האָט ער גענומען פאַר אַ ביישפּיל היימישע קי און ציגן. דער דובנער האָט דורך זיינע משלים געוויזן ביידע זייטן פון דער מטבע, אי די שיינע, אי די נאַרישע פּירונגען פון די מענטשן. דער גאון האָט פון גרויס חדווה, זיך ניט געקענט איינהאַלטן פון געלעכטער.

האָט דער דובנער דורך אַ קלוגן משל געבעטן, אַז דער גאון זאָל זיין אַזוי גוט און זאָגן איינעם פון זיינע משלים, וואָס זיינע אוודאי ניט דער ערך שענער און טיפער, ווי די משלים פון אים, דעם פּשוטן מגיד.

איבערן גאונס פּנים האָט זיך פאַרצויגן אַן אומעט און ער האָט, מיט השתפּכות הנפש, געזאָגט:

— איך האָב ליב משלים און וואו נאָר עס לאָזט זיך, זאָג איך אַ משל. איך האָב שוין מחדש געווען משלים: וועגן אַ קרעמער פון בשמים און אַ קרעמער פון הערינג, וועגן צוויי קאַראַבעלניקעס, איינעם אַ חכם און דעם צווייטן אַ שוטה, וועגן נשים, וואָס פּוצן זיך ביי די שפּיגלען און נאָך אַזוינע. אָבער מיינע אַלע משלים ליידן פון דעם זעלביקן חסרון. דער חומר איז אפשר אַ גאַנץ פּאַסיקער, אָבער איך בין ניט זיכער, צי זיי זיינען ראַיעל. איך טאַפּ אין דער פינצטער. וואָרים פּונקט אַזוי ווי איך האָב קיינמאָל ניט געזען קיין אשה ביי אַ שפּיגל, אַזוי האָב איך ניט געזען קיין קאַראַבעלניק, ווי ער שפּאַנט איבער די דערפער. איך בין דאָך זייער זעלטן אַרויסגעגאַנגען פון די תורה־געצעלטן. איך בין פון קליינוויז אָן געשטאַנען ביי מיין שטענדער פריער אין סיעלץ, אין קיידאַן, אין סעריי, און איצט אין ווילנע. איך ווייס לחלוטין גאָרניט ווי מענטשן זיינען זיך נוהג אין יום־יום לעבן. טאָ ווי אַזוי קענען זיין מיינע משלים פון אמתן חומר. מהאי־טעמא, נעם איך בעסער פאַר מיינע משלים מאמרים אין דער גמרא. אָט הערט מיינעם אַ משל אויף דעם מאמר אין מסכתא „אבות": „על כרחך אתה נולד, על כרחך אתה חי, על כרחך אתה מת". האָב איך, פאַר זיך אַליין געקלערט: אויב דער מענטש איז געבוירן געוואָרן און ער לעבט איבערגעוואָלט, טאָ ווי קען מען, אין הימל, האָבן צו אים פּרעטענציעס, וואָס ער האָט געזינדיקט? דער מענטש קען דאָך טענהן: ווער האָט אייך געבעטן איר זאָלט מיך באַשאַפן? מיר איז דאָס גאָר ניט ניחא. האָב איך עס פאַרענטפערט דורך אַ משל, מיט אַ גמרא אין „בבא בתרא". דאָרטן רעדט מען אַרום אַן הלכה: ראובנס פעלד, גרעניצט זיך מיט שמעונס פעלד אין דריי זייטן: אין מזרח ,מערב און צפון. האָט ראובן זיך מיישב געווען און אָוועקגעשטעלט אַ צוים, אַז פרעמדע בהמות זאָלן מער ניט קענען אָנטאָן קיין שאָדן. מאָנט ראובן ביי זיין שכן, שמעון, ער זאָל אים באַצאָלן אַ העלפט. אָבער שמעון טענהט: — ווער האָט

דיך געבעטן צושטעלן אַ צוים. ווער דאַרף עס? דיין צוים איז מיר גאָרניט ניחא! זאָגט די גמרא, אַז שמעונס טענות זיינען גערעכטע און ער איז פּטור פון באַצאָלן. מיט אַ צייט שפּעטער, נעמט שמעון און בויט צו אַ צוים פון דרום־זייט. דעמאָלט, זאָגט די גמרא, איז ער שוין מחויב צו באַצאָלן ראובנען. ווייל שמעון האָט איצט אַליין קלאָר באַוויזן, אַז ראובנס צוים איז אים שוין גאָר און גאָר ניחא. אַקוראַט אַזוי איז מיטן מענטשן, וואָס טענהט פאַרן בית־דין של־מעלה: — וואָס האָט מען צו מיר? איך בין דאָך איבערגעוואַלד באַשאַפן געוואָרן, איבערגעוואַלד געבוירן געוואָרן און איבערגעוואַלד גע־לעבט. מיר איז דאָס לעבן גאָרניט געווען ניחא. טאָ פאַרוואָס זאָל איך דאַרפן אָפּגעבן דין־וחשבון?! ווער האָט דעם בורא געבעטן ער זאָל מיך באַשאַפן? ווען ער שיקט מיר ניט אַרונטער אויף דער ערד, וואָלט איך דאָך ניט געקענט זינדיקן!

אָבער דער בית־דין של־מעלה ענטפערט דעם מענטשן:

— דיינע טענות וואָלטן געווען זייער גערעכטע. אָבער וויבאַלד, אַז שטאַרבן ביסטו אויך געשטאָרבן איבערגעוואַלד. דו האָסט דאָך איינגעלייגט וועלטן, אַז דו זאָלסט בלייבן לעבן. האָסט געשיקט נאָך דאָקטוירים, זיך גע־בעטן מען זאָל זאָגן תהלים. מיט דעם האָסטו דאָך אַליין געוויזן, אַז דאָס לעבן איז דיר שוין געווען גאָר און גאָר ניחא... טאָ באַצאָל איצט פאַר דיינע אַלע עבירות.

אַז דער גאון האָט געענדיקט זאָגן זיין משל, האָט ער זיך געווענדט צו דעם דובנער און געזאָגט:

— ר׳ יעקב, אפשר קענט איר אויף דעם זעלביקן מאמר חז״ל, זאָגן אַ משל פון דער היינטיקער פּירונג.

דער דובנער, אַ מידער שוין, אָבער אויפגעמונטערט פון אַ משל, וואָס האָט תוך כדי דבור, אויפגעבליצט, אין זיין קלוגן קאָפּ, האָט מיט פרייד זיך אָפּגערופן:

— רבי, איך האָב אַ משל, און איך זאָג אים: אין אַ שטעטל האָט געלעבט אַ ייד אַן עושר. ער האָט געהאַט צוויי גאָרניט קיין געראָטענע טעכ־טער, איינע זייער אַ מיאוסע, אין די צווייטע — אַן אַרורה. זי האָט געהאַלטן אין איין שעלטן, האָט ער מיט זיי ניט געקענט טאָן קיין שידוכים. אָבער אַ שדכן, אַ קלוגיטשקער, האָט צום גביר געזאָגט:

„איך האָב צוויי חתנים, וואָס וועלן זיך קיינמאָל ניט כאַפּן, אַז אייערע טעכטער האָבן אַזוינע גרויסע חסרונות. פאַר דער מיאוסער — אַ בלינדן, און פאַר דער שילטערקע — אַ טויבן יונג״. דעם אַבי־הכלות איז עס געווען געפעלן. האָט ער געגעבן גרויסע נדנען און מען האָט גיך געשטעלט חופּה.ביידע פאָר־פאָלק האָבן געלעבט בשלום, דער בלינדער האָט ניט געזען, אַז זיין ווייב איז אַ מיאוסע, און דער טויבער האָט ניט געהערט, אַז זיין זיווג האַלט אין איין שילטן.

איינמאָל איז אין שטעטל דורכגעפאָרן אַ דאָקטאָר, אַ געוואַלדיקער מומחה, האָט ער געזאָגט צו די צוויי יונגע איידעמס: — אויב איר וועט זיך

לאָזן קאָסטן צו עטלעכע הונדערט רייכס־טאַלער, וועל איך דיך, דעם בלינדן, מאַכן זעעוודיק, און דיך, דעם טויבן, — הערעוודיק.

די יונגעלייט האָבן זיך זייער דערפרייט. זיי זיינען געוועזן רייך פון די גרויסע נדנס, האָבן זיי געזאָגט צום דאָקטאָר:

— ווער רעדט דאָס וועגן געלט? מיר וועלן אייך, מיט שמחה באַצאָלן, וויפיל איר פאַרלאַנגט, און נאָך געבן אַ שיינעם פּרעזענט.

דער דאָקטאָר האָט באַלד געמאַכט איבער זיי אָפּעראַציעס און זיי זיינען געהאָלפן געוואָרן. דער בלינדער איז געוואָרן זעעוודיק, און דער טויבער הערעוודיק. אָבער ווען דער דאָקטאָר האָט געשיקט זיין דינער נאָך דעם שכר, האָבן די רייכע איידעמלעך אים אַרויסגעטריבן. האָט דער דאָקטאָר זיי גע־שיקט רופן צו אַ דין־תורה. זיי זיינען געקומען צום רב און געטענהט:

— רבי, עס קומט ניט דעם דאָקטאָר קיין געלט. ער האָט אונדז פאַרזי־כערט, אַז ער וועט אונדזער מצב פאַרבעסערן. לסוף האָט ער אונדז נאָך ערגער געמאַכט. דער בלינדער האָט געזאָגט: — איידער איך בין זעעוודיק געוואָרן, איז מיר געווען וואויל און גוט. איך האָב דאָך ניט געוואוסט, אַז מיין ווייב איז אַזאַ מיאוסקייט. דער טויבער האָט געטענהט: — אַז איך בין געווען טויב האָב איך געהאַט אַ רואיקן קאָפּ. איך האָב דאָך ניט גע־הערט מיין ווייבס קללות.

זייערע טענות האָבן אויסגעזעזן צו זיין גערעכטע. זיי האָבן געהאַלטן ביים געווינען די דין־תורה. אָבער דער דאָקטאָר האָט מיט כלומרשטער תמימות געזאָגט צום רב:

— רבי, איך זע שוין אַליין איין, אַז איך האָב זיי אומגליקלעך געמאַכט. וויל איך פאַרריכטן מיין טעות. איך וועל זיי מאַכן צוריק ווי זיי זיינען פריער געווען, דעם טויבן — צוריק טויב. און דעם בלינדן — צוריק בלינד.

אַז די צוויי איידעמלעך האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי צעשראָקענע גענומען שרייען:

— ניין! דאָס ניט! — איך וויל ניט ווערן צוריק טויב! — איך וויל ניט ווערן צוריק בלינד!

דער רב האָט זיך דאַן אָפּגערופן:

— אויב אַזוי איז דאָך קלאָר, ווי דער טאָג, אַז איר זייט יאָ צופרידן פון דאָקטאָרס אָפּעראַציע. טאָ באַצאָלט אים זיין שכר.

דער גאון איז געווען געוואַלדיק צופרידן פון דעם שיינעם משל. ער האָט אָנגענומען דעם דובנערס האַנט און שטאַרק געדריקט. ער האָט מיט ליבשאַפט און דאַנקבאַרקייט געקוקט אויף סעדיהן, וואָס ער האָט געבראַכט צו אים אַזאַ גרויסן חכם.

דער גאון האָט אויך געוואָלט זאָגן אַ נייעם משל אויפן מאמר. ער האָט אָבער דערזען, אַז עס טאָגט שוין אין דרויסן, האָט ער גוטמוטיק זיך געזע־גנט מען בייזערן אויף זיין תלמיד און דעם דובנער:

— אַ מענטש דאַרף ניט פאַרבויגן זיין שלאָפן. ער טאָר ניט זוכן צו

ווערן אַ מלאך. די שליחות פון אַ מענטשן איז צו זיין אַ מענטש. ער טאָר אויף איין מינוט ניט פאַרגעסן, אַז ער איז באַשאַפן געוואָרן מיט אַ גוף.

דער גאון האָט פאַררוקט דעם טלית איבערן קאָפּ, צורעכט געמאַכט די תפילין און זיך געלאָזט גיין צו זיך אַהיים.

אויפן וועג האָבן אַלע דריי געשוויגן. יעדער איינער איז געווען פאַר־טאָן אין זיינע מחשבות. ערשט ביי דער שוועל פון זיין דירה, האָט ר׳ אליהו, מער צו זיך אַליין ווי צו זיינע באַגלייטערס, מיט גרויס צער געזאָגט:

— איך וועל זיך מיען צו שטייגן אין דער חכמת המשלים. אָבער זיצנ־דיק ביים שטענדער, קען מען דאָס ניט דערגרייכן. מען מוז גיין איבער די יידישע ישובים, זען ווי מענטש פירן זיך, ווי זיי לעבן, וואָס זיי ריידן און וואָס זיי טוען; און ניט בלויז ווי זיי פירן זיך אין די בתי־מדרשים, נאָר ביי זיך אין די קראָמען, אויף די מערק און אין די וואַרשטאַטן.



# קאַפּיטל ט

ווילנע — אַ שטאָט אַ גרויסע, מיט יידישע גאַסן, געסלעך און זאַוואולקעס ניט צום ציילן. די הייזער — אין פריינטשאַפט אָנ־געלענט איינס אויפן צווייטן. און אַלע — אָנגעפּראָפּט מיט יידישע משפּחות. מען לעבט אין ענגשאַפט און אין דחקות, אָבער מען באַקלאָגט זיך ניט. קיי־נער פילט גאָרניט, אַז ער איז אָרים. ער דאַנקט דעם האַר פון דער וועלט פאַרן זכות צו וואוינען אין ווילנע — אַ שטאָט, וואו מען נעמט זיך ניט איבער מיט גאָלד, צירונג און דימענטן. אַן עושר איז בלויז דער יעניקער, וואָס פאַרמאָגט תורה און שיינע מידות.

זינט ר׳ אליהוס נאָמען האָט זיך ווי אַ ניי ליד צעזונגען איבער דער וועלט, האָבן יידן פון די ווייטסטע מדינות אָנגעהויבן „עולה־רגל" צו זיין קיין ווילנע — צו זען מיט די אייגענע אויגן דעם תנא, וואָס איז נתגלה גע־וואָרן דווקא אין די איצטיקע שוואַכע דורות. מען רופט שוין די שטאָט ניט ביים נאָמען, נאָר ביים טיטול, דעם העכסטן און הייליקסטן טיטול: ירושלים — די ירושלים פון דער ליטע...

אין דער נייער ירושלים פראַכטעט זיך ניט קיין בית־המקדש, עס שי־מערירן ניט קיין זילבערנע קופּאָלן פון דעם יידישן קעניגס פּאַלאַצן. דאָ איז די קרוין־שטאָט פון דער מלכות־תורה, וואָס אין איר חיצוניות איז זי אָרימער ווי אָרים, דערפאַר אין איר פּנימיות — רייכער נאָך ווי רייך. דער מלך איז ר׳ אליהו. זיין טראָן — אַן איינפאַכער הילצערנער שטענדער. ער שטייט אין דער אַלטער שניידערשער קלויז, וואָס מען רופט איצט „דעם גאונס מנין". ר׳ אליהוס קרוין זיינען רש״י הקדושס תפילין, און זיין בגד־מלכות

— אַ טלית. די בתי־מדרשים, שולן, קלויזן, ניט צום ציילן — זיינען די פּאַלאַצן. זיי קוקן אַראָפּ פּאַרטראַכטע, ווי פאַרמוטשעטע אין אַ שווערער סוגיא גמרא. אין ווילנע איז אַ שפּע אויף „חברהס״. אַ טייל איז זייער שליחות צו טאָן צדקה און אַ טייל — איז זייער עול צו לערנען תורה. און אַלע „חברות״, אפילו פון די ווילנער באַלבעלאַכעס, אָרימע יידן, האָבן אייגענע בתי־מדרשים. זייערע נעמען שטעלן פאַר, מיט שטאָלץ, די יגיע־כפּימשע באַרופן. קיינער איז דאָ, אויפן שול־הויף, ניט פאַרשעמט. אַקורט ווי עס שטייען דאָ קלויזן, וואָס יחוסן זיך מיט זייערע נעמען נאָך מענער, גרויסע לייט אין דער תורה, — פּונקט אַזוי באַערן זיך אויך די קלויזן מיט די נעמען נאָך פרויען — נשים צדקניות.

אַ ווילנער ייד, האַלט אויף זיין יעדן טריט און שריט אין זינען, אַז ער איז אַ ווילנער. די שטאָט, וואָס האָט איצט דעם כבוד צו ווערן גערופן: די נייע ירושלים, און עס שטייט דאָרטן דעם גאונס תורה־געצעלט, — האָט זיך אַ ווילנער ייד געהיט, אַז עס זאָל אויף אים קיין שפּרינקעלע ניט פאַלן; אַז אויף אַלץ, וואָס ער טוט, זאָל ליגן דער שטעמפּל פון אמת און ענוות. אפילו טאָן צדקה דאַרף מען אויך אין דער שטיל, בסתר. דער גאון זאָגט: „די מיאוסטע מידות פון אַלע מיאוסע מידות: איז זיך האַלטן גרויס און זיך יאָגן נאָך כבוד.״

די ווילנער יידן האָבן זיך דערטראַכט: מען קען נאָך אַמאָל, אַליין ניט וויסנדיק, געשטרויכלט ווערן, טאָן עוולות און מיינען, אַז מען טוט גאָר מצוות. האָבן זיי אויפגעשטעלט אַ שומר, וואָס ווי נאָר יענער וועט דערזען אַן עוולה — זאָל ער גלייך קלאַפּן טרעוואָגע. זיי האָבן אויסגעקליבן פאַר דעם שומר, דעם באַרופענעם בעל־דרשן ר׳ חיים פאָקראָיער. זיי האָבן אים געקרוינט פאַר זייער שטאָט־מגיד.

דער פאָקראָיער איז געטריי געשטאַנען אויף זיין וואַך. ער האָט גע־האַלטן זיינע אויגן ברייט אָפן און אויפגעפּאַסט, אַז עס זאָל ניט באַגאַנגען ווערן קיין עוולות. ער דערקענט אַן עבירה, אפילו ווען זי האָט זיך פאַר־שטעלט פאַר אַ מצווה. ר׳ חיים פאָקראָיער האָט ניט נושא־פּנים געווען אפילו די ראשי־הקהל. און ווען ער האָט ביי זיי געפונען אפילו אַ קליינ־טשיקע עוולה, האָט ער פון בימה אַראָפּ זיי האַרב געשטראָפט. מען האָט פאַרן פאָקראָיער, אַ חוץ מורא, אויך געהאַט דרך־ארץ. מען האָט גוט גע־וואוסט, אַז ער, דער בעל־אגדתא, איז אויך אַ גדול אין „הלכה״; און ווען ער דרשנט, מוסרט ער ניט בלויז יענעם, נאָר אויך זיך אַליין. און מען קען צו אים ניט זאָגן, ווי צו אַנדערע שטראָפערס: אונדז הייסט איר, אַז מיר זאָלן אַרויסנעמען אַ שטרויעלע פון אונדזערע אויגן, און אין אייערע אויגן ליגן גאַנצע באַלקנס! אויף זיין, דעם פאָקראָיערס הנהגה, האָט מען ניט געקענט געפינען אַפילו אַ שפּרינקעלע.

דער פאָקראָיער איז געווען אַ הדרת־פּנים. אַ הויכער און אַ ברייטלע־כער מאַן אָבער זייער אַ שטרענגער. ער איז געגאַנגען בלויז מיטן מידת־

הדין. אַ באַשאַנקענער מיט אַ כוח־הדיבור, איז קיין וואָרט זיינס ניט געגאַנגען לאיבוד: ער האָט תמיד געטראָפן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט וואוהין און אין וועמען ער האָט געצילט. ער האָט, מיט זיינע דרשות, אָנוואָרפן אַ פחד, ער פלעגט ליב האָבן פאַרצושטעלן ווי די רשעים וועלן געפייניקט אין גיהנום, און דורך זיין כוח־הדמיון האָט מען ווי אויף דער וואָר, געזען, ווי די זינדיקע בראָטן זיך אין גליענדע פייערן, און מען האָט ווי געהערט זייערע האַרצרייסנדיקע געוויינען און געשרייען.

ר' יעקב דובנער איז געווען אַ מגיד פון אַ גאַנץ אַנדער שניט. ער איז געווען אַ רך־לב און איז געגאַנגען מיטן מידת־הרחמים. ער האָט געזוכט צו טרייסטן, און זיין מוסר האָט ער באַזיסט מיט ליב־האַרציקע משלים. ער איז געווען געבענטשט מיט אַלע מעלות, וואָס אַ מגיד ווינטשט זיך צו פאַרמאָגן. ער האָט אַריבערגעשטיגן אַפילו דעם פּאָקראָיער, ניט בלויז אין דרוש, נאָר אויך אין הלכה. אָבער דער פּאָקראָיער איז געווען מפורסם איבער דער ליטע און רייסן, און ער, דער דובנער, כאָטש אַ גאון אין דער חכמה פון משלים, האָט קיינער פון אים ניט געהאַט געוואוסט. אפילו ער אַליין, אַן עניו, האָט זיך ניט פאַרשטאַנען אויף זיין אייגענער גרויסקייט. ער האָט געשפּאַנט צופוס פון שטעטל צו שטעטל, ווי אַלע אָרימע מגידים, וואָס מען האָט אין לצנות גערופן: „פּיעכאָטנע מגידים". דער דובנער האָט ביי זיך געפילט, אַז זיינע משלים נעמען אויס ביים עולם, אָבער ער האָט עס ניט פאַררעכנט פאַר קיין מעלה. ער האָט געגלויבט, אַז עס איז גאָר אַ חסרון.

ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן זייער אָרים: אין אַ פּראָסטן, קאָרטענעם ראָק, וואָס איז געווען צעקנייטשט און פאַרשטויבט פון שפּאַנען איבער די זאַמדיקע שליאַכן. דערצו נאָך איז ער ניט געווען באַשאָנקען מיט קיין הדרת־פּנים, אַ נידעריקער, אַ דין־געוויקסיק מענטשל, מיט אַ קליין שיטער בערדל, האָט ער אויסגעזען עפּעס ווי אַ יונגערמאַנטשיק, וואָס מסחרט אונטער אויף יאַרידן. אַ וועלט מיט שיינקייט איז געהאַט געלעגן אין זיינע אויגן. זיי האָבן געברענט ווי צוויי העלע ליכט. אָבער צוליב זיין קאַפּעליוש, דעם צעקנייטשטן, וואָס די ראַנדן זיינען אַראָפּגעהאַנגען ווי ברעגן פון אַ דאַך, האָט מען זיינע אויגן ניט באַמערקט.

מיט אָט דעם אָרימען הילוך איז ער, דער דובנער, דאָס געהאַט אָנגעקומען קיין ווילנע. דאָך האָט ער, דאָס אומבאַקאַנט „פּיעכאָטנע מגידל", מיט זיין ערשטער דרשה אַראָפּגענידערט פון זיין הויכן שטול דעם פּאָקראָיער, דעם רבין פון אַלע מגידים. עס האָט זיך ניט געפונען אַפילו איינער, וואָס זאָל זיך איינשטעלן פאַרן פּאָקראָיער און פּרובירן מבטל מאַכן דעם דובנער. אַלע, אַלע האָבן צוגעגעבן מיטן פולן מויל, אַז דער דובנער האָט העט־ווייט אַריבערגעשטיגן דעם פּאָקראָיער: אַזאַ מגיד האָט ווילנע נאָך ניט געזען און ניט געהערט.

פון וואַנען האָט זיך עס גענומען ביים דובנער, דעם עניו, אַזוי פיל מוט זיך אפילו איינצושטעלן צו פאַרמעסטן קעגן ר' חיים פּאָקראָיער, דעם מעכטיקסטן בעל־דרשן פון זיין דור?

אָט ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט: דער דובנער, דער עניוו, האָט אפילו ניט געהאַט אין מחשבה זיך צו פאַרמעסטן קעגן פּאַקראָיער. ער, וואָס האָט פון זיך אַזוי ווייניק געהאַלטן, האָט פאַררעכנט ר׳ חיימן, דעם רבין פון אַלע מגידים, אויך פאַר זיין רבין. ער, דער דובנער, איז ניט געהאַט געקומען קיין ווילנע צו האַלטן דרשות. ער איז גאָר געפאָרן קיין זשעטל, זיין קליין היי־מיש שטעטל, אָפּצוגעבן כיבוד־אב ואם זיין טאַטע־מאַמען. ער האָט זיי שוין ניט געהאַט געזען זינט ער איז אַנגעקומען קיין דובנע פאַר אַן איידעם, ביי ניט קיין רייכן שווער. אויפן וועג קיין זשעטל איז ער אָפּגעשטיגן אין וויל־נע, מיט דער כוונה, צו מאַכן אַ ברכה איבערן נייעם ירושלים. און ווי אַ מגיד, האָט ער זייער געגאַרט צו הערן דרשהנען דעם פּאַקראָיער, וואָס מגידים קענען זיך ניט אָפּלויבן פון זיין געוואַלדיקן כוח אין דרוש.

ערשט אין ווילנע האָט זיך דאָס צו אים ווי צוגעקלעפּט אַ מחשבה, וואָס האָט פון גוט־פריינטשאַפט וועגן, מיט אים, איינגעטענהט:

— יעקב, אַז דו ביסט שוין יאָ דאָ אין ווילנע, פאַר וואָס זאָלסטו פאַר־איינס ניט האַלטן קיין דרשה? דו וועסט טאַקע ניט מרעיש־עולם זיין, דו וועסט אָבער האָבן פאַר זיך אַליין אַ זכר, אַז דו האָסט געדרשנט אין ירושלים ד׳ליטע...

האָט ער געלאָזט זיך איינריידן. און ער איז אַריינגעגאַנגען אין דער מוליאַרסקער קלויז. עס האָט אים אויסגעוויזן, אַז עס איז דער קלענסטער און אָרימסטער בית־המדרשל. ער האָט שעמעוודיק זיך פאַרנויגט פאַרן גבאי און מיט עניוות זיך פאַרגעשטעלט:

— איך בין אַ מגיד. אפשר וועט איר מיר דערלויבן צו האַלטן אַ דרשה?

דער גבאי האָט מיט רחמנות אָנגעקוקט דעם אויסגעמאָגערטן מענטשל, און האָט זיפצנדיק געענטפערט:

ביי מיר וואָלט איר דאָס גלייך געפּועלט. אָבער עס האָבן זיך שוין היינט געמאָלדן גאַנצע פינף מגידים, און דער טאָג איז נאָך גרויס. עס קע־נען נאָך אַמאָל צוקומען דריי צי פיר. אם ירצה השם, נאָך מנחה, וועט מען וואַרפן גורל. זייט איר אַ בר־מזל, וועט איר נאָך היינט אָוונט דרשהנען. און אויב חס־וחלילה ניט, וועט איר מוזן וואַרטן בי איר וועט מצליח זיין. אַ ייד, בפרט נאָך אַ מגיד, טאָר זיך ניט מייאש זיין.

דער דובנער האָט אים רואיק אויסגעהערט און מיט ישוב־הדעת גע־ענטפערט:

— איך בין ניט בעסער פון אַלע אַנדערע מגידים. און וויבאַלד ביי אייך אין ווילנע איז אַזוי דער מנהג, נעם איך עס אָן, ווי אַ דין. און ווען איך וואָלט אפילו געווען אַ ר׳ חיים פּאַקראָיער, וואָלט איך אויך ניט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל צוליב מיר ברעכן אַ מנהג.

נאָך מנחה האָט מען געוואָרפן גורל, און געוואונען האָט אַן עלטערער ייד מיט אַ הייזעריקער שטים. די מגידים, וואָס האָבן ניט זוכה־בגורל געווען, זיינען פאַרצאָרנטע זיך גלייך צעגאַנגען. דער דובנער איז אָבער געבליבן

הערן דעם אַלטן מגיד. די דרשה איז אים ניט געפעלן, אָבער ער האָט געהאַט נחת רוח, וואָס ער שפּירט ניט אפילו קיין שמיץ פון שנאה און קנאה צו דעם בר־מזל. נאָך דער דרשה איז ער צוגעגאַנגען צום אַלטן מגיד, ער האָט מיטן גאַנצן האַרצן יענעם געוואונטשן אַ יישר־כוח און ביים אַרויסגיין פון קלויז האָט ער, ווי אַ ברייטער באַלעבאָס, אַריינ־געוואָרפן אין קערה, פאַרן מגיד, עטלעכע מטבעות. כאָטש ער, דער אָרימאַן, האָט אַליין זיך גענייטיקט אין די פּאָר גראָשן.

ערשט אויף דעם פערטן טאָג האָט דעם דובנער אָפּגעגליקט. ער האָט זוכה־בגורל געווען.

די מוליאַרסקע שול, ניט קיין גרויסע, און די יידן דאָרטן, אַלע באַלמעלאָכעס. זיי זיינען אָבער געווען מבינים אויף מגידים און גרוי־סע מקפּידים. זעלטן ווען, אַז אַ מגיד האָט זיי צופרידנגעשטעלט. די ווילנער ראשי־הקהל האָבן זיך שטאַרק גערעכנט מיט זייער מיינונג. אויך ר׳ חיים פּאַקראַיער האָט די דאָזיקע מוליאַרעס געהאַט צו פאַרדאַנקען, וואָס ער איז אויסגעוויילט געוואָרן פאַרן מגיד מישרים פון ירושלים דליטע. זיי זיינען געקומען הערן זיין ערשטע דרשה, וואָס ער האָט געהאַלטן אויף פּראָבע, האָבן זיי ביים אַרויסגיין געזאָגט: — עס איז ניטאָ וואָס צו ריידן. ער איז אַ מגיד! זייער זאָג, כאָטש קאַרג און איינגעהאַלטן האָט אַרויפגעלייגט מער געוויכט אויפן פּאַקראַיערס שאָל, ווי די היציקסטע לויב־געזאַנגען פון די אַנדערע צוהערער.

דער דובנער האָט ניט געוואוסט, אַז די מוליאַרעס זיינען אַזוינע חשובע לייט. ער האָט זיך אַפילו רעכט ניט צוגעגרייט צו זיין דרשה. און אויך זיי, די מבינים אויף מגידות, האָבן פון אים גאָרניט דערוואַרט. זיי זיינען געקומען אים הערן בלויז פון מצווה וועגן, צו פאַרדינען די שכר־הליכה. זיי האָבן זיך אָן חשק אויסגעזעצט אויף די בענק; אָבער ווי נאָר די מוליאַרעס האָבן דערהערט זיין פּאַרטייטשן אַ פּסוק און באַ־זיסן אים מיט אַ שיינעם משל, האָבן זיי פאַרגאַפטע געעפנט מויל און אויערן. זיי, די מבינים, האָבן גלייך דערזען, אַז ער איז אַ גאון אין אגדתא, אַז זיין דרוש איז ניי און פריש. זיי, די קאַלטלעכע לייט, זיינען אַריין אין היציקער התפּעלות. נאָך מעריב זיינען זיי דווקא באַשטאַנען אַז ער זאָל ווידער אַרויפגיין אויף דער בימה און דרשהנען. ר׳ יעקב דובנער, האָט ניט געהאַט קיין מוט זיי אָפּצוזאָגן. ער האָט אָבער פאַר זיך אַליין געטראַכט:

— מען טרייבט דאָ מיט מיר שפּאַס. און אפשר טוען דאָס די מוליאַ־רעס ניט פון בייזן ווילן. בעלי־מלאָכות. פּשוטע לייט. מיינען זיי, אַז איך בין טאַקע באמת אַ וואַזשנער מגיד.

דער דובנער האָט זיינע מחשבות ניט פאַרבאַהאַלטן. ער האָט פאַר־שטעלט זיי אַרויסגעבראַכט דורך אַ משל. די מוליאַרעס, וואָס זיינען ניט געווען קיין פּשוטע לייט, ווי דער דובנער האָט געגלייבט — כמעט אַלע בני תורה — האָבן זיי גלייך געכאַפּט זיין כוונה. און זיי זיינען אַריין אין

גאַר הויכער התפּעלות פון דעם דובנערס עניוות. זיי האָבן אים ניט אַראָפּ־געלאָזט פון דער בימה ביז שפּעט אין דער נאַכט.

אויף מאָרגן האָט זיך אין שטאָט שטאַרק גערודערט מיטן נייעם פּליאה־דיקן מגיד. אויפן שול־הויף זיינען געשטאַנען געזעמלס אויף געזעמלס מיט מענטשן. זיי האָבן גערעדט וועגן דעם ניט־שכיחדיקן טראַף:

— די מוליאַרעס, וואָס זיינען אַזוינע מקפּידים, זאָלן ווערן אַזוי שטאַרק נתפּעל פון אַ מגיד?

— זינט דער שול־הויף שטייט, האָט נאָך ניט פּאַסירט, אַז אַ מגיד זאָל אין דעם זעלביקן אָוונט, און אין דעם זעלביקן בית־המדרש, האַלטן צוויי דרשות.

די מוליאַרעס זיינען דעם טאָג ניט געגאַנגען צו דער אַרבעט. זיי זיינען יום־טובדיק געשטאַנען אויפן שול־הויף און מיט התלהבות איבערדערציילט דעם דובנערס משלים. ר׳ יעקב דובנער האָט פון דעם ניט געוואוסט. ער איז גאַר אַרומגעגאַנגען איבער די אַכסניאָס. ער האָט געזוכט דעם זשעטלער בעל־עגלה, צו פאָרן מיט אים קיין זשעטל צו זען זיין טאַטע־מאַמע. דער אייבער־שמש פון דער ווילנער גרויסער שול, האָט אים קוים געפונען. ער איז צו אים געקומען בעטן, אַז ער זאָל האַלטן אַ דרשה. אַז דער דובנער האָט דאָס דערהערט, איז ער שוין ביי זיך געווען איינגאַנצן זיכער, אַז מען טרייבט מיט אים ליצנות. ער, דער אוהב הבריות, האָט זיך אַפילו ניט געכעסט. ער האָט גאָר גוטמוטיק געשמייכלט, און צום אייבער־שמש געזאָגט:

— מיך הייבט ניט אָן צו אַרן, וואָס איר טרייבט מיט מיר קאַטאָוועס. עס טוט מיר נאָך, אַדרבא ואַדרבא הנאה, וואָס אחינו בני ישראל זיינען זיך משמח. זאָל זיין שמחות ביי ייִדן. אָבער, אַגב אורחא, זאָג איך אייך, בהן שלי, אַז אַפילו ווען איר וואָלט עס געמיינט מיט אָן אמת, וואָלט איך אויך ניט געגאַנגען דרשהנען אָן זוכה בגורל זיין. איך וואָלט ניט געבראָכן קיין מנהג, און דערצו נאָך יורד זיין אין דער חיונה פון אָרעמע מגידים.

דער שמש פון דער גרויסער שול האָט דערזען, אַז דער דובנער איז אָן איש צדיק, האָט ער צו אים וועגן דער דרשה מער ניט גערעדט. ער איז גע־גאַנגען צוריק צו זיך אין שול. אַ גאַנצער מנין מגידים האָבן אויף אים גע־וואַרט צו וואַרפן גורל. האָט ער, דער אייבער־שמש, צו זיי געזאָגט: איר ווייסט דאָך גאַנץ וואויל און גוט, אַז בלויז איינער פון אייך קען זוכה בגורל זיין, און דער בר־מזל איז דאָך אויך ניט זיכער, אַז מען וועט קומען אים הערן, קען נאָך די קערה בלייבן אַ ליידיקע. טאָ הערט זיך צו, וואָס איך וועל אייך זאָגן: איך וועל ביי אייך אָפּקויפן דעם זכות, און יעדן איינעם געבן אַ פולע קערה מיט פּרוטות, מיטן תנאי, אַז איר זאָלט פועלן ביים דובנער, ער זאָל נאָך היינט, בין מנחה למעריב, דרשהנען ביי אונדז אין שול.

די מגידים האָבן צעשמחהטע זיך געלאָזט גיין צום דובנער. זיי האָבן אים געטראָפן אין זיין אַכסניא, זיך קלייבנדיק אין וועג אַריין, קיין זשעטל. זיי האָבן אים פאַרציילט פון זייער גרויסן גליק, און געבעטן ביי אים רחמים, ער זאָל ניט פאָרן, און מסכים זיין צו האַלטן די דרשה אין דער גרויסער שול.

דער דובנער האָט, אַ פאַרוואונדערטער, געהויבן זיינע אַקסלען, און ער האָט צו די מגידים געזאָגט.

— רבותי, איר דאַרפט זיך ביי מיר ניט בעטן. איך בין דאָך אַליין אויך אַ מגיד, ווייס איך פון דעם שווערן לעבן פון אונדזערן אַ מענטשן. ער לעבט אין דחקות, און האָט ניט אַפילו ווי אַזוי צו שיקן עטלעכע פרוטות פאַר ווייב און קינדער, וואָס מוטשען זיך ערגעץ אין אַ שטעטל אין אָרעמקייט. טאָ, ווי באַלד אַז איר ווערט גוט באַלוינט, וועל איך, מיט שמחה, גיין האַלטן די דרשה, און עס הייבט מיך ניט אָן צו אַרן, אַפילו „כי הוא זה״, וואָס מען מאַכט מיך פאַר אַ פורים רב, כאָטש היינט איז ניט פורים...

די מגידים, ניט אינגאַנצן אָן קנאה, האָבן מיט דרך־ארץ אָנגעקוקט דעם דובנער, וואָס איז אַזאַ איש צדק, און זיי האָבן צו אים געזאָגט:

— ר׳ יעקב, וואָס רעדט איר? קיינער טרייבט ניט מיט אייך קיין הלצות. איר זייט היינט דער בעל ניצחון. איר האָט דאָך איינגענומען ניט עפּעס אַ קליין שטעטל, נאָר אַזאַ כרך; אַ קליינניקייט, ווילנע! די ירושלים דליטע...

דער דובנער האָט, אַ פאַרווירטער, געגלעט זיין הויכן שטערן, און מיט זיכערקייט געענטפערט:

— יידן, געדענקט וואָס איך זאָג אייך: עמעצער האָט דאָ געמאַכט אַ טעות!

די מגידים זיינען פריילעכע געקומען צוריק אין שול אַריין. זיי האָבן געבראַכט די גוטע בשורה, אַז דער דובנער האָט איינגעוויליגט צו דרשהנען. דער טאָג האָט שוין אָבער געהאַט ווייט אַריינגעשפּרייזט. עס איז געווען צו־שפּעט, צו לאָזן אויסרופן אין די קלויזן, אַז היינט וועט דרשהנען דער נייער פליאהדיקער מגיד. האָט מען זיך באַנוגנט מיט בלויז אָנקלעפּן אויף די ווענט אַ מודעה, וואָס אַ שמש האָט אָנגעשריבן מיט דער האַנט. פונ־דעסטוועגן איז געקומען אַ געוואַלדיק־גרויסער עולם. די גרויסע שול איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן פון ברעג צו ברעג. מען איז געשטאַנען אַקסל צו אַקסל, און אין פאַרגעסנקייט אין זיך אַליין, האָט מען מיט אויסגע־שפּיצטע אויערן, זיך צוגעהערט צום פליאהדיקן מגיד, און מיט פאַרוואונ־דערונג געקוקט, ווי אויף דער גרעסטער בימה פון אַלע בימהס, און הינטער דעם גרעסטן שטענדער פון אַלע שטענדערס, שטייט זיך אַ קליין־גע־וואוקסיק מענטשל, וואָס מער ווי זיינע בלישטשענדיקע אויגן זעט מען ניט אַרויס. אַ זיסע שטים, וואָס צעגייט זיך איבער אַלע גלידער, זינגט אַרויס פון שטענדער, ווי פון אַ שפּיל־קאַסטן.

דאָס קליין־געוואוקסיק און אויסגעמאָגערט מענטשל גייט מיטאַמאָל אַרויס פון הינטערן שטענדער. ער שפּאַצירט איבער דער בימה, ווי ביי זיך אין שטוב. ער רעדט צום עולם, דוכט זיך, אַזוי געלאַסן, ווי ער וואָלט זיך דורכגעשמועסט מיט אַלטע גוטע פריינט. און דאָך פלאַקערט התלהבות. ער שטראָפט ניט האַרב, און דאָך שמייסן זיינע רייד, ווי פייערדיקע ריטער. ער באַקלאָגט קיינעם ניט, און דאָך וויינט זיך. עס גיסן זיך טרערן. ער זאָגט

ניט קיין הלצות, און דאָך ווערן די הערצער אָנגעפילט מיט פרייד; עס לאַכט זיך אויפן קול: זיינע משלים, דוכט זיך, אַזוינע שטילע איי ליבע. זיי גלעטן דאָס האַרץ, און דאָך רייסן זיי אויף מיט שטורעם. זיי וואָרענען, אַז עס ווערט שפּעט, און מען זאָל באַלד טאָן תשובה.

גלייך נאָך דער דרשה זיינען די מוליאַרעס אַרויפגעקומען אויף דער בימה. און, אָפּצוגעבן כבוד דעם דובנער, האָבן זיי, ווי אַ ציטערדיקס קינד, אים אַראָפּגעטראָגן אויף די הענט. ר׳ יעקב, דער עניוו, האָט אָבער נאָך אַלץ געגלייבט, אַז מען מאַכט פון אים חוזק. און ער האָט פאַר זיך אַליין גע־טראַכט: די מענטשן פון נייעם ירושלים זיינען דאָך אַזוי געראָטן אין די מענטשן פון אַלטן ירושלים. דער מדרש דערציילט, אַז זיי האָבן זייער ליב געהאַט צו טרייבן, מיט שוטים, שפּאַס. שפּאָטן אויך די ווילנער אָפּ פון מיר, דאָס נאַריש פּיעכאָטנע מגידל, וואָס האָט געהאַט די העזה זיך צו שטעלן דרשהנען אין אַזאַ הייליקער שטאָט.

נאָך מעריב האָבן די גבאים, מיט פּאַראַד, צוגעטראָגן דעם דובנער קערות אויף קערות, אַלע אָנגעשאָטענע פול מיט מטבעות. אַפילו זילבער־געלט האָט זיך אין זיי געמיניעט. ביי אים, דעם דובנער, איז געלט בטל ומבוטל. ער האָט צו דעם גאָרניט קיין צוצי. אָבער דווקא איצט, האָט דער ממון אים אַרויפגעפירט אויפן ריכטיקן דרך. ער, דער קלוגער מענטש, וואָס האָט געקענט יידן דורך און דורך, ער האָט געוואוסט זייערע אַלע מעלות און אויך די חסרונות, וואָס האָבן זיך צו זיי צוגעטשעפּעט פון פרעמדע פעלקער. האָט ער פאַר זיך אַליין, שוין אַ מוטיקער, געטראַכט:

אַחינו בני ישראל זיינען גוט־האַרציקע. אָפּטמאָל גיבן זיי אָפּ כבוד אַ מענטשן, וואָס האָט זיך דאָס ניט פאַרדינט. זיי זיינען אָבער צו אָרעם, זיך צו וואַרפן מיט געלט, גלאַט אין דער וועלט אַריין. און וויבאַלד זיי האָבן עס איצט מיט מיר געטאָן, איז אַ סימן, אַז זיי האַלטן טאַקע באמת, אַז איך בין נישקשה פון אַ מגיד.

איז ער שוין געווען נייגעריק צו וויסן, וויפיל געלט עס איז אַריינגע־פאַלן אין די קערות. האָט ער געבעטן, מען זאָל עס איבערציילן. די גבאים האָבן זיך געחידושט. זיי האָט אויסגעוויזן, אַז ער קוואַפּעט זיך גאָר אויף דעם ממון. אָבער באַלד האָבן זיי איינגעזען, אַז זיי זיינען חושד געווען בכשרים. ער, דער איש צדיק, האָט אָפּגעשאַרט פאַר זיך אַליין בלויז פופצן גראָשן, און געזאָגט צו די גבאים:

— צעטיילט דאָס גאַנצע געלט פאַר די מגידים, וואָס וועלן פאַרלירן ביים וואַרפן גורל.

***

די קליינע אָרעמע אכסניא, וואו דער דובנער איז איינגעשטאַנען, איז געוואָרן באַלאַגערט פון גבאים. יעדער גבאי פאַרלאַנגט, ער זאָל דרשהנען ביי אים אין קלויז, און בריהט זיך אויפצואווייזן, אַז אים קומט די בכורה:

— אין זיין בית־המדרש דאַוונען די שענסטע בעלי־בתים פון שטאָט. דער דובנער ווייסט שוין איצט אויף זיכער, אַז ער איז עולה לגדולה געוואָרן.

עס טוט אים הנאָה. ער זעט ניט אין דעם קיין חטא. ער האָט בלויז מורא, אַז אפשר איז ער שוין געוואָרן אַ בעל־גאווה. זוכט ער עס גוט נאָך ביי זיך אין האַרצן. ער געפינט אויס, אַז ער האָט זיך ניט געביטן. ער איז דערזעל־ביקער פשוטער יעקב דובנער. איז ער מלא שמחה.

מיטאַמאָל כאַפּט זיך דער דובנער, אַז ער האָט אַ טעות. עס איז ניט אַזוי גרינג צו זיין אַ מפורסמדיקער מגיד און ניט אַריינפאַלן אין נעץ פון זינד. אָט ווייסט ער איצט ניט, וועלכע קלויז ער זאָל אויסקלייבן צו דרשה־נען. לייגט ער, דער פרומער מאַן, אַרויף זיין האַנט אויף די אויגן, און טוט תפילה. ער בעט מען זאָל אים פון הימל העלפן, מען זאָל אים געבן שכל און פאַרשטאַנד.

ער האָט אָבער ניט געקראָגן קיין באַשייד. קוקט ער, אַ צערודערטער, אויף די גבאים, וואָס זיינען אַלע אויסגעפּוצט אין אַטלאַסענע קאַפּאָטעס. מיטאַמאָל דערזעט ער, אַז אָן אַ זייט שטייט עפּעס אַ ייד, אין אַ פּשוטן וואָכעדיקן רעקל. זיין קאָפּ — אַראָפּגעזונקען אין אומעטיקייט. דעם דובנער נעמט אַרום אַ רחמנות אויף דעם אָרעמען מענטשן. דערנענטערט ער זיך צו אים, און זאָגט מיט פריינטשאַפט:

— ר׳ ייד, אַ מענטש טאָר ניט דאגהנען. דער בורא וועט העלפן.

דער ייד הייבט אויף זיין קאָפּ. אַן אומעטיקער, קוקט ער אויף דעם דובנער, און ענטפערט:

— רבי, איך באַקלאָג זיך ניט. איך האָב אָבער טענות צו זיך אַליין. אָט, ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך אויך אַ גבאי, אָבער פון אַ אָרעמער קלויז. די „שואבי מים" קלויז. זי איז, ווי איר נאָמען, די קלויז פון די ווילנער וואַסער־טרעגער. אונדזערע מתפּללים ציען אַלע זייער חיונה פון דער בזויה־דיקער פּרנסה. איך זייער גבאי, בין אויך אַ וואַסער־טרעגער. איר, רבי, האָט נעכטן אין אייער דרשה געזאָגט, אַז די גרעסטע עבירה פון אַ מענטשן איז צו זיין אַ שוטה. טאָ, פרעג איך אייך, ווי קומט צו מיר, אַ גבאי פון אַזאַ אָרעמער שולכל אַזאַ שטות, גאָר צו פאַרלאַנגען, אַז איר זאָלט איבערלאָזן די גרויסע שולן און קומען דרשהנען ביי אונדז אין דער קליינער, אָרעמער וואַסער־טרעגערשער קלויז.

ביים דובנער האָבן פאַר פרייד אויפגעלויכטן די אויגן. ער האָט איצט דערזען, אַז מען האָט אין הימל זיין תפילה דערהערט, און מען ווייזט אים איצט אין וועלכער קלויז צו גיין דרשהנען. צעבייזערט ער זיך, כלומרשט, אויפן וואַסער־טרעגערשן גבאי:

— ר׳ ייד, פאַרוואָס האָט איר ביז איצט געשוויגן? איר האָט דאָך געקענט מיך ברענגען צו אַן עבירה. ווייסט איר דען אַליין ניט, אַז דווקא איר, זעט אפּיכיקעס, האָבן אויף מיר די שטאַרקסטע תביעה. איך בין דאָך אויך, פּונקט ווי איר, ניט קיין עושר. מיין משפּחה זיינען פון דורות יגיע־כפּימניקעס. איך וועל מיט שמחה קומען דרשהנען ביי אייך אין קלויז, און האָט ניט קיין מורא, איך וועל אייך ניט באַרייסן. אויב פופצן גראָשן איז פאַר אייך אַ צו־גרויסער מקח, וועל איך זיך באַנוגענען מיט ווייניקער.

די גבאים פון די גרויסע קלויזן האָבן זיך מצער געווען, וואָס דער דובנער גייט ניט ביי זיי דרשהנען. זיי האָבן אָבער אויף אים ניט געהאַט קיין פאַר־איבעל. ער איז נאָך, אַדרבא, געהויבן געוואָרן ביי זיי אין די אויגן. זיי האָבן ניט געקאָנט זיך אָפּוואונדערן פון זיין צידקות, זיין אַנטלויפן פון כבוד, זיינען זיי געגאַנגען אים הערן אין דער „שואבי־מים" קלויז און זיינען אַריין אין אַ נאָך העכערער התפּעלות, הגם ער האָט אין זיי דרשה זיי, די עשירים, ניט געשאַנעוועט. ער האָט אויפגעהויבן די עניים גאָר הויך און זיי, די גבירים, אַראָפּגענידערט. זיי האָבן אים, דעם דובנער, אויך פאַרגעבן, וואָס ער האָט ניט אָפּגעהיט דעם מנהג צו דרשהנען אויף דער „סדרה" פון דער וואָך. ער האָט זיך גאָר אָפּגעשטעלט אויף דער פּרשה „ראה", ווייל דאָרטן רעדט זיך וועגן אָרעם און רייך. ער האָט די רייכע געשטראָפט, און די עניים געטרייסט, זיי דערציילט שיינע לוסטיקע משלים. און פאַרן אויסענדיקן זיין דרשה, האָט ער גוטמוטיק זיך גענומען כלומרשט בייזערן:

— וואָס זשע זיצט איר, מיינע טייערע יידן, פאַראומערט? וואָס זענט איר ביי זיך אַראָפּגעפאַלן? ווייסט איר דען ניט, אַז די עניים זיינען די באַליבטסטע קינדער ביי זיין הייליקן נאָמען? איר, און ניט די גבירים, זיינען די יחסנים. עס איז אַ כשרע גאווה. איך פאַרשטיי, אַז איר טראַכט: דער דובנער איז מסתמא אַ גוטהאַרציקער מענטש. עס קאָסט אים אויך ניט טייער דאָס טרייסטן. אָבער ער ווייסט גאַנץ גוט און וואויל, אַז מיר, עניים, זיינען פאַרהאַסט ביים בורא עולם. וואָרים ווען ניט, וואָלט ער דאָך ניט אַוועק־געשענקט די גאַנצע עשירות בלויז צו עטלעכע און אונדז לאָזן זיך מאַטערן אויף דער וועלט. זאָג איך, דער דובנער, צו אייך, אַז איר האָט אַ גרויסן טעות. זייט וויסן, אַז זיין הייליקער נאָמען האָט אייך אַזוי שטאַרק ליב, אַז בעת איר וויינט, וויינט ער אויך, און אַז איר פרייט זיך, פרייט ער זיך אויך. און ער האָט ניט אַוועקגעגעבן דאָס גאָלד און זילבער בלויז צו עטלעכע. ער, דער בורא, דער שופט צדק, האָט דאָס עשירות צעטיילט אויף גלייכע חלקים. ניט איינעם מער און ניט איינעם ווייניקער. אָבער די עשירים, די עזות־פּנימער, האָבן אייערע חלקים צוגעכאַפּט און האָבן איינגעשמועסט דער וועלט, אַז דער בורא העולם האָט דאָס זילבער און גאָלד איבערגעלאָזט פאַר זיי צו באַלעבאַטעווען. טאָ, אַדרבא, הערט זיך צו, וואָס דער בורא זאָגט צו די גבירים: — לי הכסף ולי הזהב. — ניין, ניט איר, גבירים, נאָר איך בין דער בעל־הבית. כאָטש פאַר מיר, דעם באַשעפער פון וועלטן, איז גאָלד און זילבער אַ מגושמדיקער ענין. און איצט, האָרך זיך צו, גביר, וואָס איך פאַרזאָג דיר, אין דער פּרשה „ראה": — פּתוח תפתח! — זאָלסט עפענען, עפענען דיין טאַש. ניט אַן עפן פון יוצא־וועגן, נאָר עפן עס אויף ברייט, און גיב מיט דער פולער האַנט פון דיין עשירות צו דיינע אָרעמע ברידער. זאָלסט אָבער געבן, ניט ווי צדקה, נאָר צאָלן ווי אַ חוב. דו גיסט דאָך זיי ניט דיין געלט, נאָר זייער געלט.

דער דובנער זינגט אויס מיט נצחון:

— איך ווייס, אַז די קלוגעטשקע גבירים וועלן מיט כלומרשטער פרומ־

קייט זאָגן: — דער דובנער דרשהנט גאַנץ פיין, אָבער עס איז בלויז דרוש, עס זיינען טרייסט־ווערטער, וואָס האָבן ניט קיין האַפטיקייט. וואָרים דעם בורא עולמס הייליקער ווילן איז, אַז מיר זאָלן זיין גבירים און יענע — אָרעמעלייט. ער האָט זיי געשטראָפט מיט דחקות, ווייל ער האָט זיי ניט ליב. אַי, דער דובנער טענהט, אַז מיר האָבן די עשירות פאַרכאַפּט, טאָ וואו איז דאָ דער שכל הישר? ער, דער בורא העולם, זאָגט דאָך אַלייז: „לי הכסף ולי הזהב", פעלט אים דען אויס צו געבן די אָרעמעלייט אַנדער גאָלד?

איך בין מודה, — דרשהנט ווייטער דער דובנער, אַז עס איז אַ קלוג־געטשקער אָפּפרעג, אָבער ניט קיין כשרער. איך וועל די גבירימלעך ענטפערן מיט אַ משל:

— אַמאָל האָט אַ רייכער פירשט זיך דערשפּירט זייער גוט אויפן האַרצן. האָט ער געלאָזט מאַכן אַ גרויסן מאָלצייט און פאַרבעטן די גאַנצע שטאָט — אַלע זאָלן קומען און זיך לאָזן וואוילגיין. דער פירשט האָט שטרענג אָנגעזאָגט זיינע משרתים זיי זאָלן אויסטיילן פאַר אַלעמען גלייכע חלקים. די באַדינער האָבן געטאָן, ווי זייער האַר האָט פון זיי פאַרלאַנגט. זיי האָבן פאַר יעדן איינעם אַוועקגעשטעלט ווייַן צום טרינקען וויפיל זיין האַרץ גלוסט, און פלייש צום עסן צו דער זאַט, אָבער עטלעכע זולל־וסובאניקעס, עזות־פּנימער, האָבן זיך געפעדערט און געכאַפּט פון די טעלער. זיינען אַ סך געסט געבליבן זיצן פאַרשעמטע ביי ליידיקע טישן. די כאַפּערס האָבן נאָך געוואָלט זיך אויסשטעלן פאַר פיינע לייט, זיינען זיי, מיט געמאַכטער צידקות, צוגעגאַנגען צום פירשט און צו אים געזאָגט: „עס גייט אונדז ניט איין די שמחה. מיר קאָנען ניט צוזען, ווי אונדזערע שכנים זיצן פאַרשעמטע ביי ליידיקע טעלער, טאָ זאָל אונדזער האַר זיין אַזוי גוטהאַרציק און באַפעלן זיינע משרתים, זיי זאָלן אויך פאַר די געקריוודעטע צוטראָגן ווייַן מיט פלייש. דער פירשט האָט אָבער געהאַט געזען, אַז זיי, די גוטע בעטער, האָבן דאָס צעכאַפּט די חלקים. האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס יענע מאַכן זיך נאָך פאַר צדיקים. האָט ער, מיט שפּאָט, זיי געענטפערט:

— זייט ניט קיין נעמערס, וועט איר פאַרשפּאָרן צו זיין בעטערס. איך האָב דאָך צעטיילט פאַר אַלעמען גלייכע חלקים. ווען איר כאַפּט ניט צו זייער ווייַן און פלייש, וואָלטן דאָך אַלע געהאַט איבערגענוג, און קיינער וואָלט ניט געוואָרן פאַרשעמט.

די קלוגעטשקע כאַפּערס האָבן מיט כלומרשט פרומע פּנימער גע־ענטפערט:

זאָל אַפילו זיין, אַז מיט אונדזער האַר איז דער אמת, אַז מיר האָבן דאָס זייערע חלקים צוגעכאַפּט. וואָס פאַר אַ ווערדע האָט עס ביי אייך? אייערע קעלערן זיינען דאָך פאַרלייגט מיט פעסער ווייַן און אייערע שטאַלן זיינען דאָך אָנגעפּראָפּט מיט קעלבער, שעפּסן און רינדער! טאָ, באַפעלט אייערע משרתים, זיי זאָלן שטעלן נייעם ווייַן און פלייש.

דער פירשט האָט זיי אָבער שטרענג געענטפערט:

ביי מיר האָט עס טאַקע נישט קיין ווערדע. איך בין זייער און זייער

רייך. אָבער איך וויל מיט אייך, עזות־פּנימער, לערנען דרך־ארץ, און איך באַשטיי דווקא, אַז איר זאָלט זיך טיילן מיט אייערע שכנים מיט דעם וויין און פלייש. עס איז דאָך ניט אייערס, עס איז דאָך מיינס!

— דאָס אייגענע, זינגט דער דובנער אויס מיט נצחון — פּירט זיך דער בורא עולם. ער זאָגט צו די עשירים: „ביי מיר האָט טאָקע קיין געלט ניט קיין ווערדע. איך האָב גענוג גאָלד און זילבער אַלעמען רייך צו מאַכן. אָבער איך וויל זען, ווי ווייט אייער גבירהשע העזה דערגרייכט. טאָ זייט ניט ביי זיך אַזוי תקיף. זייט ניט קיין נאַראָנים, און פון אייער טובה וועגן, טיילט זיך מיט אייערע ברידער־מענטשן. וואָרים „כי לא יחדל אביון” — אַז עס וואָלט ניט געווען קיין עניים, וואָלטן דאָך ניט געווען קיין עשירים. איר זענט דאָך רייך געוואָרן פון זייער געלט. מהאי טעמא„ פאַרזאָגן טאָקע די רבנן דעם גביר: „עניי עירך קודמין” — שטיץ די אָרעמעלייט פון דיין שטאָט. זיי זיינען בילכער פון פרעמדע עניים. זיי ניט קיין בעל־צדקה אויף זייער געלט, וואָרים דיין עשירות האָסטו דאָך פאַרכאַפּט ביי זיי, די אָרע־מעלייט פון דיין אייגענער שטאָט. זאָגט דער תנא: אַ גביר טוט ניט קיין טובה דעם אָרעמאַן, וואָס ער גיט אים אַ נדבה, נאָר דער אָרעמאַן טוט אים, דעם גביר, אַ טובה, וואָס ער נעמט ביי אים. ווייל ער, דער אָרעמאַן, זוערט דעמאָלט דער מליץ יושר פאַרן נדבן, אַז יענער זאָל ווייטער זיין אַ גביר, און ער אַליין זאָל בלייבן אַן אָרעמאַן...

אויף דעם דרך האָט דער דובנער געדרשהנט אין די ווילנער קלויזן, די אָנגעפּאַקטע מיט מענטשן פון ברעג צו ברעג, מיט סוחרים, קרעמער און בעלי־מלאָכות.

די ווילנער באַלעבאָסטעס זיינען אויפגעשטאַנען אין די פריע באַגי־נענס אָפּצוקאָכן וועטשערע, צו האָבן צייט גיין הערן דעם דובנער.

אַז מען האָט זיך דערוואוסט, אַז דער דובנער איז חשוב אפילו ביים גאון, האָבן די לומדים, וואָס געוויינטלעך גייען זיי ניט הערן קיין מגידים, אויך אָנגעהויבן צו קומען הערן זיינע דרשות. אויך דעם גאונס מאַמע, טריי־נע, און זיין זיווג, חנה מיט אירע טעכטער, כלה־מיידלעך, פלעגן זיך אָנ־טאָן שבתדיק און גיין הערן דעם דובנער. כאָטש עלינקע איז ניט געווען צופרידן, וואָס זיי גייען אפילו שבת אין דער וויבערשער שול, האָט ער איצט אַליין זיי געשיקט. ער האָט צו זיי געזאָגט:

— צו גיין אין דער וויבערשער שול איז איצט מער ניט קיין סכנה. וואָרים, ווי נאָר דער שטן דערהערט, אַז ר׳ יעקב דובנער דרשהנט, אַנטלויפט ער וואו פעפער וואַקסט. איך אַליין וואָלט גערן אויך געגאַנגען אים הערן, אָבער איך טאָר עס ניט טאָן. איך וועל פאַרשעמען די אַנדערע מגידים.

די אָרעמע מענטשן קוועלן פון דובנער. זיי זיינען פון זיינע דרשות געוואָרן געשטאַרקט און געהויבן. ער האָט זיי געוויזן אַ גאָר נייע יועלט. ער ברענגט זיי אויך גוטע גרוסן פון גאון. ער זאָגט איבער, אין זיינע דרשות, ר׳ אליהוס גאונישע טייטשן אויף פּסוקים. זיי האָבן זיך פון דוב־נער דערוואוסט, אַז אויף דעם פּסוק „פּתח תפתח” האָט דער גאון נאָך אַ סך

שאַרפער אויסגעטייטשט, ווי דער דובנער. עס איז שוין איצט קלאָר, אַז דער גאון איז אויף דעם אָרעמאַנס צד.

דער דובנער מאַכט מוטיק די דערשלאָגענע, אָבער אים אַליין איז ניט פריילעך אויפן האַרצן. ער טראַכט פאַר זיך אַליין: די וועלט איז, דאַכט זיך, אַזאַ קלוגע, דאָך מאַכט זי אַזאַ נאַרישן טעות. מען מיינט, אַז איך, דער דובנער, איז איצט דער גליקלעכסטער מענטש. די וועלט ווייסט אָבער ניט, איך איך בין דער אומגליקלעכסטער, איך וואָלט מוחל געווען דעם כבוד און מיט שמחה געוואָרן צוריק אַ פּיעכאָטנער מגידל, וואָס קיינער קען ניט און ווייסט ניט. ער שפּאַנט צופוס פון שטעטל צו שטעטל און גאַנץ אָפט מוז ער מיט ליידיקן זיך ווייטער לאָזן אין וועג אַריין, ווייל עס זיינען אָנגע־שוואומען אין דעם קליין שטעטל צופיל מגידים.

ווי שווער עס איז צו זיין אַן אומבאַקאַנט מגידל, איז נאָך שווערער צו טראָגן דעם יאָך פון אַ באַרימטן מגיד. מען לאָזט אים ניט צורו. ער מוז יעדן אָוונט דרשהנען, די קלויזן זיינען געפּאַקט און די לופט איז גע־שטיקט. מען קען קוים כאַפּן דעם אָטעם. און ער, דער דובנער, איז אַזוי מיד און שוואַך. ער וואָלט אַזוי געגאַרט זיך אָפּצורוען. ער האָט אָבער מורא מען זאָל אים ניט חושד זיין, אַז ער איז געוואָרן ביי זיך באַזעסן. שטייט ער אויף די בימהס, די פיס טרייסלען זיך אים פון שוואַכקייט. ער זאָגט פריילעכע משלים. קיינער ווייסט ניט, אַז אים אַליין איז אומעטיק אויפן האַרצן.

דערצו איז אים נאָך צוגעקומען אַ נייער עגמת נפש, מען האָט אים דערטראָגן, אַז ר׳ חיים פּאָקראָיער, דער ווילנער שטאָט מגיד, טראָגט אויף אים אַ שווער האַרץ. דער דובנער האָט זיך לכתחילה געפּרוּווט טרייסטן, אַז עס איז רכילות. האָט ער זיך געהאַלטן אין איין מעלדן אין פּאָקראָיערס בית־דין שטוב, אָפּצוגעבן אים, דעם בעל־הבית איבער אַלע מגידים, דעם כבוד, וואָס עס קומט אים אַל פּי דין. אָבער דער שמש האָט יעדעס מאָל אים געבן די זעלביקע תשובה:

— דער רבי איז איצט ניטאָ!

דער דובנער האָט אין דעם ניט געזען קיין שלעכטע כוונות. ער האָט געטראַכט: מען טאָר ניט חושד זיין אין כשרים. עס איז דאָ שולדיק זיין שלעכטער מזל, וואָס ער טרעפט קיינמאָל ניט דעם פּאָקראָיער אינ־דערהיים.

איין טאָג דערוואוסט זיך דער דובנער, אַז ר׳ חיים פּאָקראָיער וועט דרשהנען אין דער גרויסער שול, איז ער מיט פרייד געקומען אים הערן. ער האָט געהאַט אַן אמתן נחת־רוח. דעם פּאָקראָיערס טיפע געפליגלטע רעיונות האָבן אים פאַרטראָגן אין גאָר הויכע וועלטן. האָט ער ניט באַ־מערקט, אַז דער עולם האָרכט זיך גאָר ניט צו צום פּאָקראָיערס דרשה — אַלעמענס אויגן זיינען גאָר אָנגעצילט אויף אים, דעם דובנער. זיי היטן זיין יעדן קער און ווענד. ער האָט זיך געכאַפּט ערשט ווען ר׳ חיים פּאָקראָ־יער האָט שוין געהאַלטן ביים ענדיקן זיין דרשה, און צו זיין גרויסן צער

האָט דער דובנער דערזעז, אַז דער פּאָקראָיער קוקט אויף אים מיט גרויס פּאַראיבל. ער מיינט גאַר, אַז ער, דער דובנער, איז געקומען צו ווייזן, ווי באַליבט ער איז ביים עולם.

נאָך מעריב, איז ער צוגעגאַנגען צום פּאָקראָיער, און מיט גאַנצן האַרצן געזאָגט:

— איך ווינטש זיך דערגרייכן כאָטש צו אייערע קנעכלעך. איר זענט דער רבי פון אַלע מגידים!

דער פּאָקראָיער האָט, אַ בייזער, אָפּגעדרייט פון אים דעם קאָפּ, און זיין, דעם דובנערס, האַנט, וואָס ער האָט אויסגעשטרעקט צו געבן „שלום", איז געבליבן הענגען אַ פאַרשעמטע.

דער דובנער איז געוואָרן בלאַס. אים האָט ניט געאַרט, וואָס דער פּאָקראָיער האָט אים פאַרשעמט. ער, דער פרומער מאַן, האָט זיך דער־שראָקן פאַר זיין אייגענער עולם הבא. ער האָט זיך אַליין געגומען מוסרן:

— דער פּאָקראָיער איז אַ גרעסערער צדיק ווי דו, און דאָך, זע, וואוהין באַרימטקייט דערפירט. טאָ, אַנטלויף און ראַטעווע דיין עולם־הבא, איידער דו וועסט אַריינפאַלן אין דער נעץ פון גאווה און קנאה. ווער צוריק, ווי דו ביזט געווען, אַן אומבאַקאַנט מגידל, וואָס שלעפּט זיך צופוס, אַן עלנטער און אַ פאַרגעסענער, פון שטעטל צו שטעטל...

ער האָט גלייך פון שול זיך געלאָזט צו זיין גוטן פריינט, ר׳ סעדיה, דעם גאונס תלמיד. ער האָט אים פון אַלץ דערציילט, און אָפן געזאָגט:

— ר׳ סעדיה, איך אַנטלויף פון ווילנע, וואָרים אייגנטלעך איז עס דאָך אַ מקח טעות. איך בין דאָך ניט געקומען קיין ווילנע צו האַלטן דרשות, איך בין אַ מגיד בלויז פאַר קליינשטעטלדיקע יידן. עס איז פאַר מיר צו שווער דער עול צו זיין אַ מפורסמדיקער מענטש. איך האָב מורא, איך וועל נאָך פאַרשפּילן מיין עולם־הבא.

ר׳ סעדיה האָט געגלעט זיין שיינע בלאָנדע באָרד און מיט שטרענגקייט געזאָגט:

— ר׳ יעקב, איך וואָלט אייך געענטפערט, אַז „לכך נוצרת" — איר זענט באַשאַפן געוואָרן צו זיין אַ מגיד, טאָ טראָגט אייער עול, און באַקלאָגט זיך ניט. אָבער ר׳ יהודה הנשיא, דער הייליקער תנא, איז פאַר אַזאַ שטרענ־גען זאָג באַשטראָפט געוואָרן, טאָ ווער בין איך, אַז מען זאָל עס מיר, פאַרגעבן. אָבער לאָמיר זיך אויף אַ ווײַלע בייטן מיט די ערטער. איך, סעדיה, וועל זיין דער מגיד, דער שטראָפער, און איר, ר׳ יעקב, אַ פּשוטער ייד, וואָס הערט זיך צו — צו אַ דרשה. איך בין אָבער ניט געבענטשט, ווי איר, מיט דער חכמה פון משלים, האָב איך ניט מיט וואָס צו פאַרזיסן מיין מוסר. טאָ זייט מיר מוחל, וואָס איך וועל עס זאָגן אויף אַ פּשוטן אָפענעם אופן. פרעג איך אייך, ר׳ יעקב דובנער, האָט איר כאָטש אַן השגה וואָס פאַר אַ שווערן יאָך עס טראָגט דער גאון?.. און דאָך באַקלאָגט ער זיך קיינמאָל ניט... און ער פירט מיט פרייד אויס זיין האַרבע שליחות.

אַז דער דובנער האָט בלויז דערהערט דערמאָנען דעם גאונס נאָמען,

האָט ער זיך, פאַר פּחד, אַזש איינגעקאָרטשעט, און, ווי אַ קליין יינגל, ווען ער האָט זיך מיט עפּעס פאַרזינדיקט, וויל וואָס גיכער אָפּקומען זיין שטראָף, האָט ער זיך גענומען צורוקן נענטער צום טיש. ר׳ סעדיה, וואָס געוויינטלעך רעדט ער רואיק און איינגעהאַלטן, אָבער ווען ער רעדט וועגן זיין רבין, ברענט ער פון התלהבות; פון זיינע אויגן שפּריצט פייער, און זיינע ווערטער פאַלן ווי שמיץ פון ריטער, — האָט ער ווייטער געזאָגט:

— רבינו אליהו האָט פיינט דעם מין עניוות. ער זאָגט, אַז אַן עניוו איז בלויז דער מענטש, וואָס ווייסט פון זיין גרויסקייט, און דאָך איז ער ניט קיין בעל־גאווה. אונדזער רבי זוכט ניט צו באַהאַלטן זיין גאונות. ער ווייסט זיינע מעלות. און ער זאָגט: אַ מענטש קען ניט שטייגן העכער ווי די כשרונות, וואָס מען האָט אים פון הימל געגעבן. ער קאָן ניט דערגרייכן מער וויפיל מען האָט פון אים פאַרלאַנגט און באַשטימט. און וואָס בעסער עס איז דער קאָפּ איז מען אַלץ אַ גרעסערער בעל־חוב ניט בלויז צום בורא, נאָר אויך צו מענטשן.

ר׳ סעדיה איז אַריין אין צאָרן און ער האָט געקלאַפּט איבערן טיש:

— ר׳ יעקב דובנער, זייט ניט קיין נאַרישער עניוו. דערזעט אייער גרויסן כוח אין דרוש. און ווי קענט איר גאָר האָבן מורא פאַר גאווה? עס איז דאָך ניט אייער אייגענער כשרון. מען האָט דאָך פון הימל אייך געגעבן די מתנה. און, ווידער, פרעג איך אייך: ווי האָט איר גאָר אין מחשבה צו וועלן איבערלאָזן דעם גאון? ווייסט איר ניט, אַז אונדזער רבי נייטיקט זיך אין אייער פריינטשאַפט? ער האָט דאָך ניט קיין חברים, און אַז ער האָט אייך שוין געפונען, טוט איר אַנטלויפן, און נאָך איצט, אין אַזאַ סכנהדיקער צייט, ווען די חסידים זוכן צו פאַרפירן מיט אים אַ מחלוקת.

דער דובנער האָט אַ דערשראָקענער זיך גענומען פאַרענטפערן:

— ר׳ סעדיה, אַ דאַנק אייך, תבוא עליכם ברכה. איך זע שוין אַליין איין, אַז איך האָב געהאַלטן ביים באַגיין אַ גרויסע זינד... עס איז אין מיר אַריין אַ רוח שטות... איך האָב זיך צו שטאַרק ליב געקראָגן...

אויף סעדיהס פּנים האָט זיך צעגאָסן אַ פריידיקער שמייכל.



# קאַפּיטל י

ר׳ אריה לייב, דער „שאגת אריה״ האָט זיין גאַנץ לעבן געהאַלטן אין איין אַרומזוכן פאַר זיך — אַ רבין. און ר׳ אליהו, דער ווילנער גאון, — אַ חבר. ביידע האָבן, יעדערער אויף זייער שטייגער, סוף־כל־סוף, מצליח געווען. ר׳ אריה לייב האָט געקרוינט ר׳ אליהון פאַר זיין רבין. און ר׳ אליהו האָט אויסדערוויילט פאַר זיין חבר — ר׳ יעקב דובנער.

בעת ר׳ אריה לייב האָט דערקענט ר׳ אליהון, איז ער שוין געווען אויף זיינע עלטערע יאָרן. צו שפּעט צו ווערן אַ תּלמיד. ער איז אָבער געווען גליקלעך, וואָס ר׳ אליהו קען דאָך יאָ זיין — זיין רבי. אויך ר׳ אליהו, ווען ער האָט זיך באַגעגנט מיטן דובנער, איז ער שוין געווען אַ טאַטע פון דער־וואַקסענע זין מיט טעכטער. אָבער ער האָט זיך נאָך קיינמאָל, ווי איצט, אַזוי שטאַרק זיך געניייטיקט אין אַ חבר, ער זאָל האָבן פאַר וועמען זיך אַראָפּריידן פון האַרצן. ער, וואָס איז באַרימט איבער דער גאָרער וועלט, עס איז ניטאָ אַ ייד, וואָס האָט פון זיין גוטן נאָמען ניט געהערט, איז אָבער דער איינזאַמסטער מענטש אין דער וועלט. ער, דער איש־אלקים, ווייסט ניט, וואָס גאווה באַדייט; וואָלט ער זייער גרינג אויסגעקליבן פאַר זיך אַ חבר, אָבער קיינער האָט ניט געוואָלט זיך אונטערנעמען צו טראָגן די קרוין: — דעם גאונס חבר. יעדער איינער האָט געהאַלטן פאַר אַ העזה אפילו צו טראַכטן, אַז ער איז ראוי צו זיין דעם גאונס חבר. די גרעסטע לייט אין דער תורה און חכמה האָבן זיך קעגן אים, דעם גאון פון אַלע גאונים, דערשפּירט נידעריקער ווי גראָז. זיי האָבן געזאָגט:

— אפילו צו ווערן אָנגערופן זיינע תּלמידים איז פאַר אונדז אַ צו גרויסער כבוד... מיר האָבן דאָס ניט פאַרדינט. ער שטייט שוין אויפן העכסטן שטאַפּל. זיין קאָפּ דערגרייכט שוין אין הימל... און מיר האָבן נאָך אונדזערע פיס ניט אַוועקגעשטעלט אפילו אויפן ערשטן טרעפּל.

פאַרוואָרלאָזט פון מענטשן איז ר׳ אליהו דווקא ניט געווען. דער ראש פון דער מלכות־תורה, ר׳ חיים יוסף וויזשונער, מיט זיינע פּרושים און דעם גאונס תּלמידים — האָבן מיט ציטערדיקן פלאַטער געוואַכט איבער אים טאָג און נאַכט. זיי האָבן אים אפילו אויף אַ מינוט ניט איבערגעלאָזן איי־נעם אַליין. אָבער מיט זיי, האָט ער ניט געקענט ווערן אַ חבר, און פאַרטרויען זיי זיינע ספיקות און מחשבות. ער איז דאָך זייער רבי! איז ער על־פּי דין מחויב אָפּצוהיטן דעם גדר פון רבין און תּלמיד. ווען עס גייט דאָ בלויז אין ר׳ אליהוס אייגענעם כבוד, וואָלט ער עס פאַרבויגן. אָבער אויף דעם כבוד פון דער תורה, איז דאָך ניט ער, דער באַלעבאָס.

ווען מען מעג, וואָלט ר׳ אליהו זיך אויסגעקליבן פאַר אַ חבר זיין תּלמיד, סעדיהן, וואָס איז אים זייער שטאַרק געטריי. ער טראָגט, ווי זיין רבי, בלויז רש״ס תּפילין. הגם ער האָט צער, וואָס ער וועט אויף יענער וועלט זיך שעמען אָנצוקוקן רבינו „תם״. ער האָט דאָך פון בר־מצווה אָן געהאַט געדאַוונט אין זיינע תּפילין. אַז ער, ר׳ סעדיה, האָט אויסגעפונען, אַז ר׳ אליהו גייט ניט צו „תשליך״, שלאָגט ניט קיין כפּרות, מאַכט הבדלה זיצנדיק און פּסח צום סדר גיסט ער אָן ניט פיר, נאָר פינף כוסות — האָט ר׳ סעדיה זיך שוין גענומען פירן, ווי זיין רבי, כאָטש עס ציט אים שטאַרק צו זיינע איינגעוואוינטע מנהגים.

ר׳ אליהו האָט, ריידנדיק וועגן זיך, אָפּטמאָל גערעדט ווי וועגן אַ דריטן מענטשן, — דער אופן פון ריידן איז אים געווען מער באַליבט, האָט ער אפילו איינמאָל געזאָגט צו סעדיהן: — איר זייט ניט מחויב זיך

צופירן פונקט ווי עלי. איר מעגט אַנדערש אויסטייטשן די דינים. וואו עלי איז מחמיר, מעגט איר זיין מקיל. ער וועט אויף אייך ניט האָבן קיין תרעומות. עלי זוכט ניט ברעכן קיין מנהגים. ער פירט זיך אַנדערש בקודש צוליב זיינע אייגענע טעמים. אויך זיין מחותן, — דער „חיי־אָדם", פסקנט דינים בלויז לויט דער דעה פון די בעלי־פוסקים, ווי מען איז זיך נוהג אין דער ליטע, און אַ ברכה אויף זיין קאָפּ.

ר׳ סעדיה האָט אָבער מיט זיכערקייט געענטפערט:

— רבי, ביי קודש קומט פריער דער „נעשה" און נאָכדעם דער „ונשמע". פריער דאַרף אַ תלמיד אויספירן די מצוות, ווי זיין רבי טוט. און דאָס פרעגן איז שוין „מהיכא־תיתא."

ר׳ אליהו ווייסט, אַז סעדיה איז זייער אַ קלוגער מאַן און ער איז „מבין דבר מתוך דבר". ער פאַרשטייט ווי אויסצוטייטשן איין זאַך פון דער צווייטער זאַך, אָבער וואָס איז די פעולה, ער קען דאָך ניט ווערן אַ חבר מיט ר׳ סעדיהן. יענער איז דאָך זיין תלמיד!

איז ר׳ אליהו עלנט. ער איז איינער אַליין אָן חברים. ער לעבט אין אַ דור, וואָס איז גאָרניט זיינער. ר׳ אליהו געהערט דאָך גאָר צו די אַמאָליקע גרויסע דורות פון די תנאים און אמוראים. לויט זיינע כשרונות און מעלות האָט ער געדאַרפט זיין איינער פון בית־הלל. אָבער געקומען איז אויף דער וועלט מיט הונדערטער יאָרן שפּעטער, ווען די גמרא איז שוין געווען פאַרשריבן און פאַרחתמעט.

ר׳ אליהו פירט זיך אָבער ווי אַ תנא פון ארץ ישראל. ער היט אָפּ אויך די דינים, וואָס מען איז ניט מחויב אין חוץ לארץ. יעדן יאָר האַנדלט ער איין אַ שעפּסל. ער לאָזט עס שעכטן און גיט אַ כהן די חלקים וואָס עס קומט אים על־פּי דין, ווי אַ „מתנת כהונה". ר׳ אליהו דינגט אויך אָפּ אַ שטיקל פעלד, און ביים שניידען די תבואה, פירט ער אויס די דינים פון לקט שכחה און פאה.

ר׳ אליהו, אָן איין־איינציקער תנא, אָן תנאים אַרום אים, מוז איינער אַליין אַרומשווימען אין דעם ברויזנדיקן תורה־ים. די סכנה איז אַזוי גרויס. די כוואַליעס קענען פאַרטראָגן אויף פרעמדע אינדזלען. אָבער ער שווימט . . . און האַלט זיך אין איין אַרונטערלאָזן אין די טיפסטע טיפענישן. ער מוז דאָך אויספירן די שליחות. צוליב דעם האָט מען דאָך אין הימל אים באַשאָנקען מיט די אַלע כשרונות און אים אַראָפּגעשיקט אויף דער ערדישער וועלט.

ר׳ אליהו ווייסט זיין גרויסן באַדייט, דאָך האָט ער ניט קיין מורא, אַז ער קען אפשר ווערן אַ בעל־גאווה. וואָרים מיט וואָס האָט ער זיך דאָ איבערצונעמען? דער תנא זאָגט: — „אם למדת הרבה, אל תחזיק טובה לעצמך" — אויב דו, מענטש, קענסט אַ סך לערנען, האָסטו ניט זיך צום דאַנקען, נאָר דאַנק דעם בורא, וואָס ער האָט דיר באַשאָנקען מיט אַ גוטן קאָפּ. זאָג אַליין, ווען מען גיט ניט אַריין אין דיין קאָפּ קיין מאַרך, וואָס וואָלסטו געווען?

ר׳ אליהו האָט זיך שטאַרק געהאַלטן ביי דער הנחה, אַז „ליכא מילתא דלאָ רמיזא באורייתאָ", — אַלץ וואָס איז געשען, צי עס געשעט איצט,

צי עס וועט געשען — איז אָנגעוואונקען אין חומש, נביאים און כתובים. ר׳ אליהו האָט אויך געזאָגט, אַז די תנאים האָבן די טעמים פאַר זייערע אַלע דינים אַרויסגעדרונגען פון דער תורה שבכתב. טייל מאָל בלויז פון אַ וואָרט, צי בלויז פון אַן אות, און טייל מאָל גאָר פון אַ טראָפּ. ר׳ אליהו האָט קלאָר באַוויזן, אַז אפילו די קלוגע שפּרוכן אין דער מסכתא „אָבות״ זיינען אַלע דייטלעך אָנגעוואונקען אין דער תורה.

איז ער, ר׳ אליהו, געגאַנגען מיטן זעלביקן דרך ווי די תנאים. ער האָט געשעפּט זיינע חידושי־תורה פון דעם זעלביקן קוואַל, וואָס די הייליקע תנאים האָבן געטרונקען, פון דער תורה שבכתב. ער האָט געציילט די ווערטער פון דער תורה, ווי אַ געלט־אויסטוישער ציילט זיין געלט. ער האָט געוואוסט אויפן קאָפּ וואו, און וויפיל מאָל, יעדעס וואָרט געפינט זיך אין מקרא, און ווי אַ דימענטן־הענדלער שאַצט זיינע דימענטן, האָט ר׳ אליהו געשאַצט יעדן אות אין דער תורה. ער האָט אויף זיין לערנען זייער שווער געהאָרעוועט, אָפטמאָל האָט ער פאַרבויגן אפילו דאָס ביסל עסן און שלאָפן, וואָס ער האָט אַזוי אויך ווייניק זיך פאַרגונען. ער האָט מער ווי עטלעכע שעה אין „מעת־לעת״ ניט געכאַפּט אַ דרימל. אויך אין שלאָף האָבן זיינע ליפּן זיך באַוועגט... עס האָט פון זיי געפּליסט תורה. פון צופיל טיפן זיך אין דער תורה, פלעגט אים טייל מאָל נעמען ווי טאָן דער קאָפּ. ר׳ אליהו פלעגט זיך אָבער ניט אונטערגעבן. ער פלעגט פאַרבינדן דעם שטערן מיט אַ נאַסן טוך און זיך בייזערן אויף זיין קאָפּ: — מאַך זיך ניט קראַנק, און מאַך זיך ניט שוואַך. אַז דו וועסט געגנוג האָרעווען, וועסטו דערגרייכן: „יגעתי ולא מצאתי אל תאמין״. — אויב איינער זאָגט: איך האָב זיך געמיט און דאָך ניט געפונען, וואָס איך זוך, זאָלסטו אים ניט גלייבן. און דאָס „גלייבן״ איז ניט מרמז אויפן געפינען, נאָר אויף דעם מיען זיך: גלייב ניט, אַז ער האָט זיך גענוג געמיט, וואָרים ווען יאָ, וואָלט ער עס געפונען.

ר׳ אליהו האָט ניט געמוזט אַזוי שווער האָרעווען. ער האָט זיך געקענט דערגרייכן די פּירושים אויף די שווערע סוגיות דורך אַ גרינגערן וועג. שפּעט אין די נעכט פלעגן אים אָפּשטאַטן וויזיטן מלאכים פון הימל, וואָס געהערן צו דער „כתה״, וואָס רופן זיך „מגידים״. זיי האָבן געזוכט זיין פריינטשאַפט. זיינען זיי געווען גרייט צו דערציילן אים סודות פון דער תורה. ר׳ אליהו האָט אָבער די הימלשע „מגידים״ ניט צוגעלאָזט. ער האָט צו זיי געזאָגט: — מיר איז בלויז ליב אַ זאַך, וואָס איך האָב אויף דעם שווער געהאָרעוועט. דאָס איז די שליחות פון מענטשן. ווי דער פּסוק זאָגט: „אדם לעמל יולד״, — דער מענטש איז געבאָרן געוואָרן צו האָרעווען. ר׳ אליהו האָט מיטן האַרבן וואָרט באַפוילן די מלאכים, אַז זיי זאָלן גיין צוריק אין הימל, און ניט וואַגן ווייזן זיינע תלמידים דעם לייכטן וועג. די „מגידים״ האָבן זיך געפּרוּווט קליגן, און זיי האָבן צו ר׳ אליהון געזאָגט:

— רבי, איר זייט דאָך אַן עלנטער אויף דער וועלט, טאָ ווערט חבר, מיט

אונדז, מלאכים. איר וועט האָבן פאַר וועמען זיך אַראָפּצירײדן פון האָרצן.

ר׳ אליהו האָט זיך צעשמייכלט און האָט געענטפערט די הימלישע מגידים: — איך, זאָל ווערן מיט אייך חברים? איר געהערט צום הימל, און איך געהער צו דער ערדישער וועלט. אמת, איך נייטיק זיך אין אַ חבר, אָבער יענער דאַרף זײַן ווי איך, אַן אָדם, וואָס זײַן נשמה רוט אין אַ חומרשן גוף, וואָס האָט אַלע ערדישע פאַרלאַנגען און דאָס האַרץ זײַנס ציט צו אַלע ווילדקייטן. אָבער ער פּירט אַ געראַנגל. ער דערלאָזט ניט, אַז דאָס נאַרישע האַרץ זאָל איבער אים הערשן און ער מאַכט פאַרן מושל דעם קאָפּ, וואו די נשמה האָט איר דירה. בלויז אַזאַ מלאך, אַן ערדישער מלאך, קען זײַן מײַנער אַ חבר.

ר׳ אליהו האָט די מגידים פון זיך געטריבן. אָבער זיי האָבן געהאַלטן אין איין קומען צו אים מיט נײַע קונציקע דריידלעך. ער פאַרפירט שוין מיט זיי ניט קיין שמועסן. ער מאַכט זיך ווי ער זעט זיי גאָרניט. ער פאַר־טיפט זיך אין לערנען. ער האָט בלויז מורא, אַז זיי זאָלן ניט קריגן קיין דריסת הרגל צו זײַן תלמיד, זעלמעלע, וואָס רײַסט זיך אין די הימלען. ער האָט שוין אינגאַנצן מבטל געמאַכט זײַן גוף און איז הוילער מלאך. שיקט ר׳ אליהו דורך זעלמעלעס ברודער, ר׳ חיים וואָלאָזשינער, אַ שטרענגע התראה, ער זאָל ניט וואַגן צולאָזן צו זיך די הימלישע מגידים. ר׳ אליהו איז צופרידן, וואָס כאָטש ער איז אַזוי עלנט און נייטיקט זיך אַזוי אין חברים, האָט ער פונדעסטוועגן געהאַט מוט צו פאַרטרײַבן די הימלישע לײַט.

נאָך איידער ר׳ אליהו איז באַרימט געוואָרן איבער דער וועלט — האָט ער שוין פון דעם געליטן. זײַן עלנטקייט ציט זיך נאָך פון זײַן גע־בורטס־שטעטל סיעלץ. זײַן טאַטע ר׳ שלמה זלמן — אַן אייניקל פון די צוויי באַרופענע משהס: איינער, ר׳ משה קרעמער, דער אַמאָליקער ווילנער רב־ראַשי, און דער צווייטער: דער בעל־פּוסק, ר׳ משה רבקהס, דער „באר הגולה״.

ר׳ שלמה זלמן, ר׳ אליהוס טאַטע, איז אויך געווען אַ געזונטער למדן. בחורוויז, האָט די שטאָט האָראָדנע געהאַט געשיקט צו אים שדכנים. זיי האָבן פאַרגעלייגט, ער זאָל חתונה האָבן מיט זייער פאַרשטאָרבענעם רבס טאָכטער און באַקליידן די האָראָדנער רבנות. ר׳ שלמה זלמנען איז דער שידוך געווען גרייליך געפעלן. ער האָט אָבער ניט געוואָלט, אַז די תורה זאָל דינען ווי אַ רידל אויפצוגראָבן פאַר אים דאָס חומרדיקע ברויט. האָט ער אָפּגעלאָזט דעם שידוך. ער האָט אָבער מורא געהאַט, אַז אפשר האָט ער דערמיט פאַרשעמט די יתומה, האָט ער פאַר זײַן זיווג אויסגעקליבן אויך אַ יתומה, די צנועהדיקע מיידל, טרײַנע, פון שטעטל סיעלץ. זי האָט פון איר מאַמען, אַן אלמנה פון איר יוגנט אָן, געירשנט אַ קליין בשמים קלייטל. טרײַנע האָט זיך מיט פרייד אונטערגענומען צו זײַן די פאַרדינערין, כדי שלמה זלמן זאָל מיט אַ רואיקן קאָפּן זיצן און לערנען.

אין סיעלץ האָט מען ניט געוואוסט, ניט פון ר׳ שלמה זלמנס יחוס און ניט פון זיין גרויס לומדות. מען האָט אים געהאַלטן בלויז פאַר אַ פרומען יידן, וואָס איז אפשר אַ יודע־ספר. ער האָט זיך ניט געלאָזט דער־קענען. ער פלעגט קומען אין בית־המדרש בלויז צום דאַוונען, און גע־לערנט האָט ער ביי זיך אין שטוב, פאַרבאָרגן פון אַ זייטיק אויג.

טריינע, זיין געטרייער זיווג, האָט געטאָן דעם ווילן פון איר מאַן. זי האָט זיך קיינמאָל ניט אויסבאַרימט פאַר אַנדערע ווייבער, אַז איר שלמה זלמן איז אַ למדן. זי האָט נאָך, אדרבא, געהאָלפן אים זיך אויס־צובאַהאַלטן פאַר דער וועלט. זי האָט מיט קאָלדרעס פאַרשטעלט די פענצטער, מען זאָל ניט זען ווי איר שלמה זלמן לערנט. אפילו פאַר אים אַליין האָט זי זיך געמאַכט ווי זי פאַרשטייט גאָרניט, אַז ער איז אַ גרויסער למדן. זי האָט מיט אים קיינמאָל ניט פאַרפירט קיין לאַנגע שמועסן. זי האָט געוואוסט, אַז ער האַלט ניט פאַר רעכט זיך צעטענהן אפילו מיט דער אייגענער ווייב — האָט זי אויך דאָס נויטיקסטע, וואָס אַ ווייב מוז געגעבן צו וויסן דעם מאַן — געזאָגט אויפן קורצסטן אופן, ווי עס איז נאָר מעגלעך.

איין טאָג האָט זי אים אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז זי איז פאַרגאַנגען אין טראָגן, און האָט אים געבעטן, ער זאָל מתפלל זיין, זיי זאָלן באַגליקט ווערן מיט אַ יינגל, וואָס ער זאָל זיין אַזאַ גרויסער למדן, ווי איינער פון זיינע צוויי זיידעס — די הייליקע משהס.

שלמה זלמן האָט, מיט פאַראיבל, איר געענטפערט:

— טריינע, אַלץ וואָס עס איז דאָרטן אויבן אָנגעצייכנט איז פאַרפאַלן. קיינער קען עס ניט ענדערן. און איך אוודאי ניט! ווען איך זאָל אפילו הייזעריק ווערן שרייענדיק וועט מען זיך צו מיר ניט צוהאָרכן. איך האָב דאָרטן ניט קיין שום דעה.

האָט טריינע שוין וועגן דעם מער ניט גערעדט מיט שלמה זלמנען. זי אַליין האָט אין דער שטיל, ביים צאָל־באַנק אין איר בשמים־קרעמל, גערופן צום האַר פון דער וועלט, ער זאָל איר באַגליקן מיט אַ זונעלע, וואָס זאָל ניט פאַרשעמען זיינע צוויי זיידעס, די גרויסע לייט אין דער תורה. זי האָט זיך ניט באַנוגנט מיט בעטן אַליין, זי האָט געטאָן אַלץ וואָס זי האָט נאָר געקענט, אַז איר תפילה זאָל אָנגענומען ווערן. זי, די קרעמערקע, אַליין ניט קיין רייכע, האָט דאָס זאַלץ, נאַפט און מעל, וואָס אָרימע ווייבער האָבן ביי איר געקויפט אויף שבת, איבערגעגעבן אין מאָס און וואָג, און דערצו נאָך באַרעכנט אָן ריווח.

צו איר גרויסער פרייד האָט טריינע דערזען, אַז דער זכות פון די צוויי זיידעס, די צדיקים, איז איר דאָ בייגעשטאַנען. איר געבעט איז אָנ־גענומען געוואָרן אין הימל. זי טראָגט, אין איר טראַכט אַ יינגל, וואָס ער וועט מיט זיין תורה באַלויכטן דער וועלט. זי האָט עס ניט אָרויסגע־דרונגען פון די געוויינלעכע סימנים, וואָס גיבן צו וויסן די ווייבער, אַז

זיי שוואַנגערן מיט אַ ייִנגל. זי האָט עס דערזען דורך אַ גרויס נס, וואָס עס האָט מיט איר, טריינען, געשען.

דאָס בשמים־קלייטל איז, ווי אַלע קראָמען, געשטאַנען אויפֿן מאַרק, און די דירה, אַ קליין שטיבל, אין שול־געסל, וואָס אַ טיף שטראָמיק טייכל האָט אָפּגעטיילט פֿון שטעטל. איבערן וואַסער האָט זיך געצויגן אַ הילצערנער אָבער שטאַרקער בריק. אין די מאַרק־טעג זיינען די פֿויערים פֿון די דערפֿער געפֿאָרן איבער דער בריק מיט שווער געלאָדענע פֿורן. אָבער די סיעלצער יידן זיינען, אַ חוץ אין די שבתים, געגאַנגען איבער אַ קליאַטקע: צוויי ברעטער, וואָס האָבן זיך געוויקעט אין טייך, ווי צו כשרן אויף פּסח.

מיט דער קליאַטקע איז דער וועג צום מאַרק געווען נענטער. איז אויך טריינע שטענדיק געגאַנגען אין קלייטל איבער דער קליאַטקע. איין טאָג — לויט איר רעכענונג איז זי שוין געווען אין זעקסטן חודש — האָט זי, די טראָגעדיקע פֿרוי, גייענדיק איבער די נאַסע ברעטער, זיך אויסגעגליטשט. עס איז געשען אַזוי פּלוצים, אַז זי האָט אפילו ניט באַוויזן צו געבן אַ געשריי. זי האָט פֿון שרעק געחלשט, זי איז געקומען צו זיך ערשט, ווען זי האָט דערשפּירט, אַז מען ציט זי אַרויס פֿון טייך. זי האָט געעפֿנט די אויגן, און זיך שטאַרק געוואונדערט. זי האָט דערזען, אַז זי שטייט שוין אויף דער אַנדער זייט טייך. איר קלייד איז אַפילו ניט איינגענעצט, און ניט ווייט פֿון איר, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן, שאָקלט זיך פֿרום אַן אַלטער מאַן, זיין באָרד איז גרייז־גרוי. ער קוקט אויף איר און שמייכלט מיט אַל־די גוטסקייטן פֿון דער וועלט, און ער זאָגט:

— טאָכטערקע! זיי וויסן, אַז דו טראָגסט אין זיך אַ קינד, וואָס וועט באַלויכטן די וועלט מיט זיין תורה און חכמה, טאָ זע, היט זיך, און גיי ניט מער איבער דער קליאַטקע... מען טאָר זיך ניט פֿאַרלאָזן אויף ניסים...

זי האָט געוואָלט פֿרעגן ביים אַלטן מאַן, זיין נאָמען, און אים פֿאַר־בעטן צו זיך אין שטוב, אָבער יענער איז פּלוצים ווי ניט געוואָרן...

טריינע האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דער אַלטער מאַן איז איינער פֿון די צוויי משהס, אָבער וועלכער משה האָט זי ניט געוואוסט. זי האָט ניט געוואָלט זיך איינשטעלן צו פֿרעגן ביי שלמה זלמנען. ער האַלט ניט פֿון קיין ווייבערשע ניסים, און ער וועט נאָך אפשר מאַכן צו נישט איר זיסע זעאונג. האָט זי דעם סוד פֿאַרבאַהאַלטן ביי זיך טיף אין האַרצן. זי האט אים געהיט, ווי אַ גליענדיקע קויל, וואָס מיט אַ צו שטאַרק בלאָזן קען מען נאָך דאָס ביסל פֿייער פֿאַרטרייבן, און מיט ווייניק קען עס נאָך אויסגיין.

טריינע איז געווען וואויל געלערנט און אָנגעלייענט אין דעם „קב הישר", האָט זי געוואוסט, אַז מען האָט ניט ליב אין הימל, אַז מען פֿאַר־לאָזט זיך אינגאַנצן אויף זיי אויבן. דער מענטש אַליין דאַרף זיך מיען. און אַז ער מיט זיך, העלפֿט מען אים אויך פֿון הימל. האָט זי שוין גע־נומען אָפּהיטן אפילו די דינים, וואָס אַ פֿרוי איז ניט מחויב צו טאָן. זי

האָט איר מויל פאַרשלאָסן, ניט אַרײַנצוגיין אין קיין שמועסן מיט די ווײַבער, וואָס קומען צו איר אין קראָם, ווײַל עס קען זיך נאָך פון איר מויל אַרויסכאַפּן לשון־הרע; זי האָט אַראָפּגערוקט איר קאָפּ־טיכל איבער די אויערן, זי זאָל ניט הערן קיין רכילות.

זי האָט זיך אויך אויף דעם נס, וואָס האָט מיט איר געשען, ניט פאַרלאָזט, כאָטש זי האָט אין אים ניט געהאַט קיין ספקות. זי, די וואויל־געלערנטע, האָט געוואוסט, אַז צוליב דער קלענסטער עבירהלע, אפילו ווען מען ווייסט אַליין ניט, אַז מען איז עס גאָר באַגאַנגען, קען מען פאַרלירן דעם זיכערסטן זכות. האָט זי איר האָפנונג געשטעלט צו פּראָבע אויף נאָך אַ סימן: אויב זי וועט געלעגן ווערן אין קימפּעט אין דער וואָך פון פּסח.

אַז דער סימן האָט אַ גרויסן באַדייט, האָט זי זיך דערוואוסט, דווקא פון איר ניט באַריידעוודיקן שלמה זלמנען. ער האָט קיינמאָל ניט געזוכט, ווי אַנדערע מענער, צו ווײַזן פאַר זייערע ווײַבער, אַז זיי זײַנען לומדים, און דערציילן מעשיות פון דער גמרא. אָבער פּסח, צום סדר, איז ר׳ שלמה זלמן שוין גאָר־און־גאָר באַריידעוודיק. ער איז געזעסן אָנגעשפּאַרט אויף זײַן היסב־בעט ווי אַ מלך. זײַן פּנים האָט פון פרייד און גדולה געשײַנט. אין אַלע נעכט פון יאָר איז דאָס זעצן זיך עסן, געווען בײַ אים אַן עול. אָבער צו דעם סדר האָט ער מיט אַפּעטיט געגעסן די קניידלעך, און מיט דאָרשט געטרונקען פון די כוסות דעם ווײַן. ער האָט זייער מאריך געווען בײַם זאָגן די הגדה. בײַ יעדן פּסוק האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, און פאַרטייטש אים פאַר טרײַנען. ער האָט איר איבערדערציילט אַלע וואונדערלעכע מעשיות, פאַסירונגען און טראַפן, וואָס די גמרא און מדרש דערציילט וועגן יציאת־מצרים. אַז ער פלעגט זען, אַז עס ברעכט שוין אויף טאָג, פלעגט ער אָפּענדיקן די הגדה און זאָגן מיט צופרידנקייט:

— אַ דאַנק צום בורא! איך האָב געהאַט אַ גרויסן נצחון. איך האָב ניט דערלאָזט, אַז די קניידלעך זאָלן פאַרצערן די הגדה.

פון זײַן ברייטן אַרומריידן דעם יום־טוב פּסח, האָט זיך טרײַנע דערוואוסט, אַז דער הייליקער תנא רבי עקיבא האָט געזאָגט, אַז די גאולה וועט קומען אין דעם יום־טוב פּסח. שלמה זלמן האָט עס פאַר איר אויסגעטײַטשט און מסביר געווען ר׳ עקיבאַס טעם: די טעג פון פּסח זײַנען מער שכיח צו ניסים ווי אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. און ווי אומעטום — האָט שלמה זלמן צו איר געזאָגט: בלײַבט אויך דאָ דער דין, ווי ר׳ עקיבא, און ניט ווי ר׳ יהושע בן חנניה, וואָס קריגט אויף אים. ר׳ שלמה זלמן האָט נאָך צוגעגעבן און געזאָגט:

— אפילו אַ גאולה פון אַ יחיד געשעט אויך בלויז אין די טעג פון פּסח.

האָט זי, טרײַנע, געלייגט אַ סך געוויכט צו איר בכור, וועט געבוירן ווערן פּסח.

לויט איר רעכענונג, דאַרף זי טאַקע געלעגן ווערן אין קימפּעט יום־טוב צײַט. אָבער אויף ווײַבערשן חשבון קען מען זיך ניט פאַרלאָזן,

ניט שטענדיק האַלט עס אויס. זי האָט זיך שטאַרק דערשראָקן, ווען זי האָט צוויי וואָכן צו פסח דערפילט געבורט־ווייען. איר זיסע האָפנונג האָט גענומען צאַנקען ווי אַ פּרייטיק־צו נאַכטיק ליכטל. אָבער מיטאַמאָל זיינען אירע ווייען פאַרשוואונדן. זי האָט זיך דערשפּירט גרינג און פריי, ווי אַ יונג מיידל. ערשט ווען זי איז געזעסן ביים סדר, האָט זי, צו איר גרויסער פרייד, דערפילט שטאַרקע געבורט־ווייען. זי האָט אָבער מיט ווייטיק פאַרקוועטשט די ליפּן און געשוויגן, זי האָט ניט געוואָלט פאַרשטערן שלמה זלמנען די הגדה. און דווקא אָט־די נאַכט פון פסח האָט ער נאָך מער מאריך געווען מיט דער הגדה ווי אַלע נעכט פון סדר. ער האָט נאָך געזאָגט די הגדה, כאָטש אין דרויסן האָט שוין געהאַט אָנגעהויבן אויפ־צוגיין דער טאָג. וואָרום אין קליינעם שטיבל, די פאַרהאַנגען אַראָפּגע־לאָזט, האָט נאָך די נאַכט אין זיכערקייט געהערשט.

ערשט, אַז ר׳ שלמה זלמן האָט געענדיקט זאָגן די הגדה, האָט טריינע אים געבעטן צו גיין רופן די הייבאַמע. שלמה זלמן איז באַלד אין גרויס געאייל געלאָפן. ער האָט זיך שטאַרק געפרייט מיט דער בשורה. זינט זיין טריינע האָט אים אָנגעזאָגט, אַז זי איז פאַרגאַנגען אין טראָגן, האָט ער געדאגהט, אַז ער וועט די וואָך פון איר קימפּעט מוזן שטיין אין קלייטל און מבטל זיין דאָס לערנען. איצט האָפט ער, אַז ער וועט ניט דאַרפן פאַרבטלען זיין צייט. **דאָס קלייטל איז דאָך די גאַנצע וואָך פון פסח סיי־ווי־סיי** צוגעמאַכט. ער, שלמה זלמן, האָט ביי די תנאים אויסגענומען מיט טריי־נען, אַז וואָס עס זאָל ניט געשען, אפילו זיי זאָלן דאַרפן ליידן הונגער, זאָל מען איןביידע חול־המועדן ניט עפענען דאָס קלייטל. ער האָט דער־קלערט זיין טעם:

— לויטן דין מעג מען האַלטן אָפן די קראָם חול־המועד. אפילו אַ בעל־מלאכה מעג אַרבעטן ביי זיין וואַרשטאַט, אויב ער האָט ניט אויף חיונה. אָבער אונדזערע חכמים זאָגן, אַז אַך און ווי איז צו זיינע שכנים, וואָס זיי האָבן דערלאָזט, אַז זייער שכן זאָל קומען צו אַזאַ מצב. וויל איך, שלמה זלמן, ניט פאַרשעמען מיינע שכנים.

ר׳ שלמה זלמן איז פון זיין שליחות צו דער הייבאַמע, געקומען צו־ריק דער ערשטער. ער איז געווען זייער פאַרסאָפּעט, ער האָט קוים גע־קענט כאַפּן דעם אָטעם. ער איז געלאָפן האַסטיק. ער, וואָס גייט קיינמאָל ניט אין גאַס אַפילו מיט דער אייגענער אשה, ווייל מענטשן וואָס קענען זיי ביידן ניט, קענען נאָך חושד זיין. וועט ער דאָך אוודאי ניט גיין מיט דער הייבאַמע, וואָס איז בפירוש, אַ פרעמדע פרוי. און גיין הינטער איר איז דאָך אויך ניט רעכט. די רבנן זאָגן: עס איז זיכערער נאָכצולויפן נאָך אַ בייזן לייב, איידער נאָך אַ פרוי. וואָרים די טבע פון אַ חיה איז צו אַנטלויפן פון אַ מענטשן, און די טבע פון אַ פרוי איז נאָכצולויפן אַ מאַן.

די הייבאַמע איז געווען שוין זייער אַן אַלטע פרוי. זי איז געקומען איינגעהילט אין אַ פאַטשיילע, די פרענזן אין הוילע קניפּלעך. זי האָט ביי יעדן געבוירענעם קינד, וואָס זי האָט פאַר איר לאַנגן לעבן אָפּגע־

נומען, געמאַכט אַ קניפּל אין איר פאַטשיילע. זי האָט אויך אָנגעזאָגט אירע קינדער, אַז נאָך אירע הונדערט מיט צוואַנציק יאָר זאָלן זיי די פאַטשיילע מיט די קניפּלעך איר מיטגעבן אין קבר. זי, די אַלטע פרוי, איז געווען פאַרשלאָפן פון זיצן שפּעט ביים סדר, האָט זי פאַרגעסן אפילו אַרויפדרייען דעם קנויט פון דעם זשיפּיקל מיטן ברענענדיקן אויל, וואָס האָט זיך געשימערט אין פינצטערן שלאָף־קאַמער. זי איז גלייך צוגעטראָטן צו איר הייבאַמישער שליחות. און באַלד האָט זיך דערהערט אַ פּיסטשן פון אַ ניי־געבוירין קינד. די הייבאַמע האָט גיך פאַרכאַפּט די מצווה, אָפּצוגעבן דער געווינערין „מזל־טוב״, און איר אָנזאָגן די גוטע בשורה: „אַ יינגל ״!

פּלוצים האָט די הייבאַמע מיט דעם ניי־געבוירענעם קינד אויף אירע אַלטע הענט זיך גענומען טרייסלען פון שרעק. זי האָט דערזען, אַז זיין שיינקייט האָט ליכטיק געמאַכט דאָס פינצטערע חדרל, ווי עס וואָלט אויפגעגאַנגען די זון. טריינע איז געלעגן אַ גליקלעכע אויף איר געווינערישן געלעגער, זי האָט זיך געפרייט מיט אַלע פריידן. זי האָט ניט געשפּירט אירע גרויסע ווייטיקן. אויך זי האָט דערזען די ליכטיקייט, וואָס האָט פאַרשיינט דעם חדר. זי האָט אָבער מורא געהאַט פאַר אַן עין־הרע, האָט זי זיך געפּעדערט און געמאַכט צונישט דער הייבאַמעס פאַרוואונדערונג. זי האָט צו איר געזאָגט:

— דער פאַרהאַנג האָט זיך דאָס אויפגעהויבן, האָט די זון אַריינגעשיינט.

די הייבאַמע האָט איר געגלייבט און אין סגולה פאַר שרעק האָט זי דריי מאָל אויסגעשפּיגן.

אין טריינעס האַרץ האָט זיך צעברויזט אַ היציקע פרייד. איצט, איז זי שוין געווען ביי זיך זיכער, אַז איר בכור וועט גיין אין די פוסטריט פון איינעם פון זיינע זיידעס, די צוויי משהס, די גרויסע לייט אין דער תורה. אָבער וועלכער פון זיי איז געווען גרעסער? דאָס איז שוין ניט פאַר איר, אַ יידינע, צום שאַצן.

זי האָט דאָס קינד אין וויגעלע גלייך גענומען צוגעוואוינען צו מצוות. זי האָט פאַרן אָנזייגן געזאָגט מיט אים ברכה, און דאָס קינד האָט פרום פאַרגלאָצט זיינע אייגעלעך און באַוועגט זיינע ליפּעלעך, ווי ער וואָלט נאָכגעשעפּטשעט די ווערטער. זי האָט פאַר אים אויפגענייט אַ לייוונטענע יאַרמלקע — אים דעם קאָפּ צו באַדעקן. אַז ער פלעגט זיך צעוויינען, האָט זי שוין געוואוסט, אַז דאָס יאַרמלקעלע האָט זיך אַראָפּגערוקט פון זיין קעפּעלע. זי האָט ביים זויגן אים גוט פאַרדעקט איר ברוסט, אַז ניט בלויז אַ פרעמד אויג, נאָר אויך דאָס יינגל זאָל ניט זען זיין מאַמעס נאַקעט לייב.

טריינע האָט אויך באַמערקט, אַז ווען דעם קינד איז געפעלן, ווי מען פירט זיך אין שטוב, — ווייזט ער אַ פריילעכע מינע, און אויב עס איז אים ניט צום האַרצן, לאָזט ער אַראָפּ דאָס אונטערשטע ליפּעלע, ווי

צום ווינען. טריינע, מיט איר גאַנצער וואויל־געלערנטקייט, איז בלויז באַהאַוונט אין מוסר־ספרים. זי ווייסט ניט, ווי איר שלמה זלמן, אין די גמרות, האָט זי זיך ניט פאַרשטאַנען אויף דעם קינדס מינעס. זי האָט ניט געוואוסט די טעמים, פאַרוואָס די זאַך געפעלט אים יאָ, פאַרוואָס יענע זאַך ניט. זי איז אָבער געווען זיכער, אַז זיינע מינעס האָבן אַ גרויסן באַ־דייט. האָט זי זיינע אַלע העוויות פאַרבאַהאַלטן ביי זיך אין האַרצן און זיי אויפגעהיט ווי אבן־טובס. זי האָט געהאָפט, אַז אפשר וועט זי זיך דאָס דערוויסן שפּעטער, ווען איר בכור וועט אויסוואַקסן. זי איז געווען זיכער, אַז איר שלמה זלמן, דער למדן, וואָלט עס נאָך איצט געקענט איר געבן צו פאַרשטיין. זי האָט אָבער אים ניט געפרעגט. זי האָט מורא געהאַט: ער קען עס נאָך מיט ביטול אָוועקמאַכן מיט דער האַנט. וואָרים איינמאָל, ווען זי האָט איינגעוויגט דאָס קינד, האָט זי אונטערגעזונגען: — „למדן מיינער, צדיק מיינער״! — האָט שלמה זלמן אויף איר אָנגעבייזערט:

— נאַרישע אשה, עס ווערן ניט געבוירן קיין פאַרטיקע צדיקים און אוודאי ניט קיין פאַרטיקע לומדים. דאָס צו דערגרייכן דאַרף מען שווער האָרעווען. און דעמאָלט מוז מען ערשט אָנקומען צו זיין הייליקן נאָמען. מען דאַרף האָבן סיעתא דשמיא. אַ מענטש אַליין קען גאָרניט אויפטאָן.

אייניקע פון דעם קינדס מינעס, האָט זיך טריינע, מיט יאָרן שפּעטער, טאַקע דערוואוסט: ביים „פּדיון־הבן״ — האָט זיך דאָס קינד אין וויגעלע געוואָרפן ווי אין ווייטאָקן. די הייבאַמע, אַ געניטע אין אַזוינע טראַפן האָט געזאָגט: דער מאַמעס מילך האָט אים, מסתמא, פאַרשאַדט; טריי־נע האָט איר אויף דעם ניט געענטפערט. זי האָט אָבער פאַר זיך אַליין געטראַכט: — „עס איז מער ווי דאָס״! — דעם קינד געפעלט מסתמא ניט, ווי מען מאַכט דעם „פּדיון־הבן״. מיט יאָרן שפּעטער ווען איר עלינקע איז שוין געווען אַ דערוואַקסענער בחור, האָט זי זיך דערוואוסט דעם באַשייד:

איין טאָג איז עלינקע דווקא באַשטאַנען, אַז ער מיט זיין טאַטן, זאָלן זיך תיכף לאָזן אין וועג אַריין אויפצוזוכן איינעם אַ ר׳ שלמה ראַפּאָפּאָרט, אַ כהן, אַז ער זאָל אים, עלינקען, דעם בכור, איבעראַנייס אויסלייזן. עלינקע האָט געטענהט, אַז דער „פּדיון־הבן״ איז ניט געווען על־פּי דין. קודם־כל האָט זיין טאַטע, ר׳ שלמה זלמן, געגעבן דעם כהן בלויז פינף רובל און געדאַרפט האָט ער אים געבן גאַנצע זעקס, ווייל אַ רובל איז וויניקער ווי אַ רייכס־טאַלער, וואָס האָט אין יענער צייט געגאָלטן אין דער מדינה. ווידער האָט עלינקע געטענהט, אַז אַ דין דאַרף מען אויספירן פּינקטלעך. און די גרעסטע עבירה איז, אַז מען קליגט זיך ווי אָפּצונאַרן דעם בורא. וואָרים זיין טאַטע, ר׳ שלמה זלמן, האָט בלויז לפנים וועגן געהאַט געגעבן דעם כהן פינף זילבערנע רובל. אויף מאָרגן האָט יענער אים דאָס געלט צו־ריק אָפּגעגעבן.

עלינקע האָט אויך געזאָגט צו זיין טאַטן:

— ווער ווייסט, צי דער כהן, וואָס האָט מיך אויסגעקויפט, איז טאַ־

קע אַן אמתער כהן? אפשר האָט יענער אַ טעות אין זיין יחוס? לכן, מוז מען פאָרן קיין ווילנע און זיך אויסלייזן ביי שלמה ראַפּאָפּאָרטן. ער האָט אַ „שטר־היוחסין".

ר׳ שלמה זלמן האָט געזוכט צו ברענגען אַנדערע ראיות, אָבער עלינקע האָט זיינע אַלע באַווייזן אָפּגעשלאָגן. האָט ר׳ שלמה זלמן שוין מסכים געווען, און געפרייט זיך, וואָס זיין בכור פאַרטיפט זיך לעומקא דדינא, און איז אַזאַ גרויסער צדיק. ער האָט אָבער ניט געזען קיין נויט־ווענדיקייט אַרומצופאָרן זוכן אָט־דעם שלמה ראַפּאָפּאָרט. יענער איז אַ באַרופענער שדכן, ער פירט צונויף שידוכים פון אַלע עקן וועלט, ווייסט מען קיינמאָל ניט אויף זיכער, וואו ער געפינט זיך. היינט קען ער זיין אין ווילנע און מאָרגן שוין אין וואַרשע, אָדער גאָר אויפן וועג קיין פּרייסן. וואָרים גבירים האַלטן אים אין איין אַרומשיקן אַנצוטאָפּן צי זיי קענען טאָן מיט זייערע טעכטער און זין גרויסאַרטיקע שידוכים.

האָט שלמה זלמן געעצהט, אַז מען זאָל זיך סומך זיין אויפן „חכם צבי" און פירן זיך ווי ער, וואָס האָט אויסגעלייזט זיין בכור, ר׳ יעקב עמדין, ביי גאַנצע פיר כהנים, ווייל צווישן עטלעכע איז שוין שכיח, אַז איינער פון זיי איז אַן אמתער כהן.

עלינקען איז אָבער ניט געפעלן די עצה, און ער האָט געזאָגט צו זיין טאַטן:

— אויב אַזוי, איז דאָך אין לדבר סוף. מען וועט דאַרפן זיך האַלטן אין איין אויסלייזן, און די רבנן זאָגן דאָך קלאָר: „אַנטלויף פון דעם „אפשר" און יאָג זיך נאָך דעם „וודאי". און ער, ר׳ שלמה ראַפּאָפּאָרט, האָט דאָך אין האַנט אַ שטר היוחסין, אַז ער איז אַ כהן.

טריינע האָט ניט גענומען קיין צדדים. אָבער שטיל אין האַרצן האָט איר דער טראַף געפרייט. זי האָט געזען, אַז זי איז געווען גערעכט. דע־מאָלט, ביים „פדיון־הבן", האָט זיך דאָס איר עלינקע טאַקע געוואָרפן אין וויגעלע, ניט ווייל איר מילך האָט אים פאַרשאַדט, נאָר דאָס הייליק קינד האָט מיט רוח־הקודש דערשפּירט, אַז דער „פדיון־הבן" איז ניט לויטן דין.

אויך ביים געבן איר בכור דעם נאָמען, איז זי דעמאָלט געהאַט געווען זיכער, אַז מען וועט אים אַ נאָמען געבן „משה", נאָך איינעם פון זיינע צוויי זיידעס, די גרויסע לייט אין דער תורה. עס איז איר ניט געווען קיין חילוק נאָך וועלכן: צי נאָך דעם משה, וואָס איז געווען דער ווילנער רב, אַ ייד אַן אָרימאַן, צי נאָך משה רבקהס, וואָס מען רופט דער „באר הגולה" און וואָס איז געווען אַן עושר און האָט איבערגעלאָזט זיינע אַלע נכסים און מזומן געלט פאַר אָרימע לומדים.

ר׳ שלמה זלמן איז אויך געווען ביי דער זעלביקער דעה, אָבער אַז עס איז געקומען אויסצורופן דעם קינדס נאָמען — האָט ער שטיל צו דעם שמש אַ זאָג געטאָן: „אליהו"!

פאַר איר, טריינען, איז עס געקומען אומגעריכט. זי האָט געהאַט

פון דעם צער. זי האָט דאָך אַזוי פיל האָפענונג געלייגט אויף דעם נאָמען משה. פונדעסטוועגן האָט זי דאָס פאַרשוויגן. זי, די פרומע פרוי, וועט דאָך אפילו אין האַרצן ניט ווידערשפעניקן איר מאַן, וואָס גייענדיק מיט אים פון דער חופה, צוריק צו דער חתונה־שטוב, האָט ער, דער ערשטער, אַריבערגעטראָטן די שוועל און איר געגעבן צו וויסן, אַז ער וועט זיין דער בעלעבאָס אין שטוב. וואָרים די הייליקע תורה זאָגט: „והוא ימשול בה", ער, דער מאַן, זאָל זיין דער מושל און ער זאָל טאָן ווי אים געפעלט.

דער טעם פאַרוואָס שלמה זלמן האָט דעמאָלט חרטה געקראָגן און אַ נאָמען געגעבן זייער בכור — ניט משה, נאָר אליהו, האָט זי זיך דער־וואוסט טאַקע פון שלמה זלמנען, ווען ער איז געלעגן קראַנק אויפן גע־לעגער, פון וועלכן ער איז שוין ניט אַראָפּ. ער, האָט פאַרן זיך אָפּשיידן, זי צוגערופן און צו איר געזאָגט:

— עס טוט מיר אַ נחת־רוח, וואָס איך האָב אונדזער בכור אַ נאָמען געגעבן אליהו. איך האָב, דעמאָלט נאָך דערשפּירט, אַז עס איז ניט רעכט אים אַ נאָמען צו געבן משה. דווקא, ווייל איך האָב דערפילט, אַז ער וועט אויסוואַקסן גאָר אַ גרויסער מאַן. איך וואָלט דאָך באַוואָלהט דעם רמב"ם הקדוש, ווייל מען וואָלט אויך אויף אים, אונדזער עלינקען, אויך געזאָגט „ממשה עד משה לא קם כמשה". — פון משה רבינו אָן איז נאָך ניט געווען איינער, וואָס זאָל זיין ווי משה.

אין קיין זאַך, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט עלינקען, האָט טריינע זיך ניט געמישט. זי האָט אַלץ איבערגעלאָזן צו שלמה זלמנען. אַז עס איז געקומען די צייט און עלינקע האָט געדאַרפט אָנהייבן צו גיין אין חדר, האָט ער, שלמה זלמן, אַליין אָפּגערעדט מיט אַ מלמד, און זיך מיט אים באַדונגען וועגן דעם שכר־לימוד. פון אַזוי פיל מלמדים אין סיעלץ, האָט ער אויסגעקליבן דווקא עפּעס איינעם, אַ שמואל ברוך, אַ הויכן מגושמדיקן ייד, וואָס האָט אַפילו ניט אויסגעקוקט ווי אַ מלמד, און איז אין סיעלץ געווען פאַררעכנט פאַר אַ גאָר קנאַפּן למדן. ר' שלמה זלמן האָט אָבער געזאָגט, אַז וויבאַלד ער אַליין האַלט זיך אויך ניט פאַר אַ למדן, — איז דאָס שוין אַליין אַ גרויסע מעלה. און ווידער טויג זיך, דער ר' שמואל ברוך, גוט אויס פאַר זיין אומנות. ער האָט אַ קלאָרן חיתוך הדיבור. ער פאַרבייט ניט די „שינען" אויף „סאַמעכן" און „סינען". ווידער פאַר־שטייט שמואל ברוך גוט וואָס רש"י מאַכט. און ער וועט עלינקען אַרויפ־שטעלן אויף אַ פונדאַמענט.

שמואל ברוך איז דורכגעגאַנגען מיט עלינקען „אלף־בית" און עברי. אין עטלעכע טעג האָט דאָס ייִנגל שוין געקענט. שמואל ברוך האָט אָנגע־הויבן מיט אים לערנען חומש מיט רש"י. אָבער שוין גלייך אויפן ערשטן פסוק האָט דאָס ייִנגל געגומען פרעגן האַרבע קשיות. און ער, זיין רבי, ווייסט ניט ווי זיי צו פאַרענטפערן... האָט ער, שמואל ברוך, אַן ערלעכער מאַן, גענומען עלינקען פאַר דער האַנט און אים אַוועקגעפירט צוריק צו זיין טאַטן, שלמה זלמנען, און ער האָט צו אים געזאָגט:

— אייער זונעלע קען מער לערנען ווי איך און ער דאַרף זיין ניט מיין תלמיד, נאָר מיין רבי, און ניט איר קומט מיר שכר־לימוד, נאָר איך אייך. איך האָב ביי אים געלערנט מער ווי ביי מיינע אַלע רביים...

*
**

עס איז ניט געווען קיין איין מלמד אין סיעלץ, און גלאַט לומדים, וואָס האָבן זיך ניט געבריהט צו ווייזן, אַז זיי קענען זיין עלינקעס רבי. איז יעדער מלמד געגאַנגען בעטן ר׳ שלמה זלמנען, ער זאָל זיין אַזוי גוט און שיקן זיין זונעלע צו אים אין חדר. ער, דער פרומער מאַן, וואָס האָט איבערגעציטערט ניט צו פאַרשעמען אַ מענטשן, האָט קיינעם ניט אָפּגעזאָגט. אָבער אין אַלע חדרים איז עלינקע באַלד געוואָרן דער רבי און דער מלמד זיין תלמיד. און נאָך אין זעלביקן טאָג, צי אין עטלעכע טעג שפּעטער, האָט דער מלמד אַליין אָפּגעפירט עלינקען פאַר דער האַנט צוריק אַהיים און מיט צופרידענער פאַרלעגנהייט זיך פאַרענטפערט:

— איך בין דאָך שוין אַ מלמד ניט פון נעכטן. איך האָב שוין ברוך־השם תלמידים, וואָס זיינען געוואָרן רבנים, אָבער אַזאַ עילוישן קאָפּ, ווי אייער עלינקע האָט אויף זיך, האָב איך נאָך ניט געזען.

שלמה זלמן האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן, סיידן נעמען זיין קליין ייִנגעלע, וואָס דערגרייכט קוים דעם טיש, און אַוועקגעבן אים לערנען ביי ר׳ ניסן סטאַוויסקער. יענער זאָגט אַ שיעור אין בית־המדרש פאַר דער־וואַקסענע בחורים, וואָס שטייען שוין אין שידוכים און אין „ספירה״ צעוואַקסן זיך ביי זיי היפּשע בערדלעך, ווי ביי חתונה געהאַטע מאַנס־פאַרשוינען.

דער דאָזיקער ר׳ ניסן האָט געשמט פאַר אַ יידן אַ מופלג. און פאַר אַ שאַרפן פּלפּול־קאָפּ. סיעלץ האָט געהאַט אַוועקגעלייגט אַ סך מי, ביז עס האָט ר׳ ניסנען אַריינגעקראָגן ביי זיך אין שטאָט. ער האָט בשום־אופן ניט געוואָלט פאַרלאָזן סטאַוויסק. ער האָט געטענהט:

— וואו איז דאָ דער שכל, צו וואָס זאָל איך אומבייטן מיין נאָמען ניסן סטאַוויסקער אויף ניסן סיעלצער?

מען וואָלט עס ביי אים קיינמאָל ניט געפּועלט, אָבער זיין יידינע, אַ גיני־ציקע צו משפּחה, האָט זיך געקוואַפּעט צו זיין נאָענט צו איר שוועסטער, וואָס האָט געוואוינט אין סיעלץ.

איין פרימאָרגן, ווען איר ניסן איז אַוועק אין בית־המדרש צום דאַווענען, האָט זי געשיקט רופן דעם סיעלצער בעל־עגלה. יענער, אַ ייד אַ בריה, האָט גיך אָנגעלאָדן אויף זיין וואָגן דאָס גאַנצע ביסל האָב און גוטס. און זי, אויסגעפּוצט אין אירע שבתדיקע קליידער האָט גענומען דאָס קיך־בענקל. זי האָט זיך אויף אים געשטעלט, זיך אַריינגעזעצט אין פור און געוואַרט ביז ניסן וועט קומען צוריק פון דאַווענען. זי האָט אָבער איבערגעלאָזן ביים וואָגן דאָס קיך־בענקל, אַז איר ניסנען זאָל אָנ־קומען גרינג דאָס אַרויפקלעטערן אויף דער פור. אַז ער איז אָנגעקומען און

דערזען, אַז זיין גאַנצער רכוש ליגט גאָר אויף אַ וואָגן, און זי, זיין יידינע, זיצט זיך צווישן די קישנס, און דער קאָפּ וויגט זיך אויף איר, ווי זי וואָלט איינגעדרימלט, — האָט ער אַ פאַרחידושטער געטשאָמקעט מיט די ליפּן:

— היתכן?

ער האָט זיך וועגן דעם ענין פאַרקלערט, ווי אין אַ שווערע סוגיא גמרא. ער האָט עס ניט געקענט פאַרשטיין. אָבער באַלד, שטיל ווי אַ ליאַם, מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ, האָט ער גענומען קלעטערן אויף דער פור.

עס איז שוין יאָרן און יאָרן זינט ער איז ערגעץ געפאָרן. איז אים אַפילו מיטן בענקל, געפאַלן שווער דאָס דראַפּען זיך אויפן הויכן וואָגן. דער בעל־העגלה האָט אים געמוזט העלפן. און דערווייל געהאַט אַ גע־לעגנהייט אָפּצושפּאָטן פון ניסנען, דעם בטלן. ער האָט געוויזן וואָס פאַר אַ בריה ער איז. ער האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף דער פור, כאָטש די פערד זיינען שוין געהאַט געלאָפן ווי טייוולאָנים.

שפּעטער, וואוינענדיק שוין אין סיעלץ, האָט ניסנען הנאה געטאָן, וואָס ער האָט זיך אַרויסגעקליבן פון סטאַוויסק. ער האָט פאַר זיך אַליין מיט צופרידנקייט געטראַכט:

— בדיעבד, האָט מיין יידינע געטאָן אַ קלוגע זאַך. זי איז דאָ, אין סיעלץ, געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש. זי פאַרוויינט מיר מער ניט די יאָרן, אַז זי האָט ניט ווי צו מאַכן שבת. מסתמא איז דאָ אַ גרויסער זול... און איך האָב זיך אויך אומזיסט געשראָקן. דווקא דאָ האָט מיין נאָמען, ניסן סטאַוויסקער, נאָר מער חזקות, ווי אין סטאַוויסק גופא... ווען נאָר מען דערמאָנט מיין נאָמען, פאַרגעסט מען קיינמאָל ניט אָן סטאַוויסק.

ר׳ ניסן איז ניט געווען קיין בעל־גאווה. ער האָט זיך געהאַלטן נידעריקער ווי גראָז. ער איז בטבע געווען אַ גוטער און צוגעלאָזטער. זיין ווייב האָט טאַקע דערפאַר געהאַט צו אים טענות: זי האָט פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל זיך האַלטן אין דער מעלה, וואָרום ניט ער האָט זיך דאָך איינ־געבעטן ביי סיעלץ, נאָר סיעלץ האָט זיך דאָך ביי אים געבעטן ער זאָל קומען זאָגן דעם שיעור.

ניסן האָט זיך אָבער ניט צוגעהערט צו זיין יידינע און האָט זיך ווייטער געפירט שפּלדיק און שטיל ווי אַ ליאַם. דאָס איז אַלץ גערעדט בלויז וועגן יום־זאַכן. אָבער אַז עס איז געקומען צו ענינים, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט לערנען, — דאָ איז שוין ר׳ ניסן געווען אַ בעל־גאווה. ער האָט קיינעם ניט נושא־פּנים געווען, ער האָט, ווי אַ לייב, זיך גע־ראַנגלט אפילו בלויז פאַר זיינער אַ סברא. און איידער ער האָט אין זיין „שיעור״ אַריינגענומען אַ תלמיד, האָט ער אַפריער יענעם גוט אויסגע־פּרובירט. און אויב ער האָט אפילו אין אַ צייט שפּעטער זיך אַרומגעזען, אַז פון אַזאַ תלמיד וועט ניט אויסוואַקסן קיין גרויסער לייט, האָט ער יענעם תיכף געשיקט אַהיים. דער בחור פלעגט זיך מיט תחנונים בעטן

ביי ר׳ ניסנען, ער זאָל אים ניט פאַרשעמען און האַלטן ווייטער אין זיין „שיעור״. ר׳ ניסן האָט געהאַט איין ענטפער:

— די וועלט נייטיקט זיך אַ סך מער אין גוטע שוסטער און שניידער, ווי זי נייטיקט זיך אין שוואַכע לומדים.

פאַר זיין שטרענגקייט און עקשנות האָט מען אים, אין סיעלץ, ניט ליב געהאַט, און ער האָט געהאַלטן אין איין איינקויפן זיך נייע שונאים. פונדעסטוועגן, אַז עס פלעגט אין סיעלץ אַראָפּקומען אַ חתן פון דער פרעמד, וואָס דער שדכן האָט געהאַט פאַרלויבט פאַר אַ למדן, פלעגט מען פאַרבעטן דווקא אים, דעם סטאַוויסקער, ער זאָל פאַרהערן דעם חתן. ר׳ ניסן פלעגט זיך מחייה זיין, אַז עס פלעגט זיך אים איינגעבן מאַכן צו נישט דעם חתן־בחורס לומדות, און קענען צו אים זאָגן:

יונגערמאַן, איר קענט אפשר אָפּנאַרן די גאַנצע וועלט און אַלעמען איינשמועסן, אַז איר זייט אַ למדן, אָבער איר קענט ניט אָפּנאַרן סיעלץ. און ניט ווייל די סיעלצער תושבים זיינען אַזוינע גרויסע לומדים און חכמים. דאָס דווקא ניט. אָבער צו זייער גליק האָט זיך דאָ אַריבערגע־קליבן, איך, ניסן סטאַוויסקער, וואָס אַ חוץ וואָס איך קען זיך פאַרגלייכן אין לומדות מיט די גרעסטע לומדים אין דער ליטע, בין איך נאָך דערצו דער אמתער מבין.

ווען מען פאַרלאָזט זיך אויף דעם סטאַוויסקערס מבינות, וואָלטן די סיעלצער מיידלעך געדאַרפט בלייבן זיצן אין גרויען צאָפּ. ניסן סטאַ־וויסקער האָט זעלטן צוגעגעבן, אַז יענער קען כאָטש עפּעס לערנען. האָבן די אַבי־הכלות אים געלאָזט פירן די היציקע פלוגתאָס מיט די חתנים, ביז ער פלעגט מיד ווערן. זיי האָבן אפילו ניט געפרעגט ניסנען זיין החלטה. זיי האָבן געשאַצט די לומדות פון חתן לויט די כוחות, וואָס ער, ר׳ ניסן, דער מופלג, און קפּדן, האָט אַוועקגעלייגט צו באַווייזן, אַז דער חתן איז אַן עם־הארץ.

אויך ר׳ שלמה זלמן האָט ניט פאַרטראָגן דעם סטאַוויסקער, פאַר זיין עקשנות. אָבער אַז ער האָט געזען, אַז אין סיעלץ זיינען מער ניטאָ קיין מלמדים פאַר זיין עלינקען, האָט ער אָפּהענטיק אַ זאָג געטאָן:

— עלינקע, נעם די גמרא און גיי צו ר׳ ניסן סטאַוויסקער!

ר׳ ניסן האָט שוין געהאַט געהערט פון דעם יינגל, וואָס ווי מען שמועסט, האָט ער אויף זיך אַ גאונישן קאָפּ און ער האָט שוין פאַרשעמט אין לערנען אַלע מלמדים אין סיעלץ. זיי ווייסן ניט, ווי צו פאַרענטפערן זיינע האַרבע קשיות. דער סטאַוויסקער האָט ניט געהאַט קיין אמונה אין די אַלע פליאהדיקע מעשיות. פונדעסטוועגן האָט ער געהאַט אין דער מחשבה אַריבערצוגיין צו ר׳ שלמה זלמנען און נעמען דאָס יינגל אויף אַ פאַרהער. ער האָט זיך אָבער געפוילט. איצט, אַז ר׳ שלמה זלמן אַליין איז מיט זיין זונעלע געקומען צו אים אין „שיעור״, האָט עס ר׳ ניסנען

געטאָן הנאה. ער האָט, מיט נחת־רוח, געגלעט זיין בלאָנדע באָרד און גע־טראַכט פאַר זיך אַליין:

— אויך איך וועל דאָך דעם ייִנגעלע אָפּשיקן אַהיים, אָבער עס איז אַ גרויסער חילוק. איך וועל דאָך ניט פאַרשעמט ווערן פאַר אים אין לערנען, נאָר גאָר צוליב אַן אַנדער טעם: איך, ניסן סטאַוויסקער, בין דאָך ניט קיין דרדקי מלמד.

ר׳ ניסן האָט ניט געמאַכט קיין ווערט פון דעם ייִנגל. ער האָט רואיק ווייטער געזאָגט זיין שיעור, וואָס איז ווי תמיד געווען אויסגעפּלאָכטן פון שאַרפן און פאַרדרייטן פּלפּול.

נאָכן ענדיקן זיין שיעור האָט ער געגלעט זיין בלאָנדע באָרד, פון אייגענעם נחת, וואָס ער, דער סטאַוויסקער האָט אויף זיך אַזאַ שאַרפן קאָפּ, און מיט אַ פינגער צוגערופן צו זיך עלינקען און מיט גרינגשעצונג צו אים געזאָגט:

— ייִנגעלע, קענסט מיר אפשר זאָגן, וואָס איז דאָס רש״ין געווען אַזוי קשה דער פסוק אין חומש, אַז ער האָט געמוזט אָנקומען צו אַזאַ פּליאהדיקן טייטש?

עלינקע האָט כהרף־עין עס פאַרענטפערט, און צוריק געפרעגט דעם סטאַוויסקער אַ קשיא: — פון וואַנען האָט רש״י גענומען זיין טייטש?

דער סטאַוויסקער האָט לאַנג געקנייטשט מיטן שטערן ביז ער האָט געפונען אַ טעם. עלינקע האָט אים אָבער גלאָסן געזאָגט:

— רבי, אייער טייטש איז ביים וועג, אָבער מען קען עס אָפּפרעגן. לויט ווי מיר דוכט האָט רש״י עס גאָר גענומען פון אַן אַנדער מקור, און עלינקע האָט געזאָגט זיין טעם, וואָס איז געווען אַ סך טיפער און שכלדיקער ווי דעם סטאַוויסקערס.

ביי ר׳ ניסנען האָט גענומען פאַלן דער מוט. זיינע ליפּן האָבן אָנגע־הויבן ציטערן. ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט און מיט אימפּעט גענומען פאַרוואַרפן דעם ייִנגל מיט קשיות אויף קשיות, און שוין ניט אויף חומש, נאָר אויף דער גמרא.

עלינקע האָט ווי אַ יונגער לייב זיך מיט פלייס אַ נעם געטאָן צו פאַרצוקן דעם סטאַוויסקערס לומדות. ער האָט צעשלאָגן זיינע אַלע קשיות, און פון יענעמס תירוצים אויפגעבויט שטאַרקע גרונטאָוונע קשיות, און וויפיל ר׳ ניסן האָט זיך געמיט, האָט ער זיי ניט געקענט רירן פון אָרט.

ביים סטאַוויסקער איז פון געפּלעפּטקייט און פאַרדראָס שלאָף גע־וואָרן דער קאָפּ. ער האָט פאַרמאַכט זיין גמרא. ער איז צוגעגאַנגען צו עלינקען, אַ קוש געגעבן אים אויף דער קליינער יאַרמולקע, און געזאָגט:

— זונעלע מיינער, קום, איך וועל דיך פירן צוריק צו דיין טאַטן. און מיך אַרט ניט, וואָס אַלע וועלן זען מיין בושה, אַז איך, ניסן סטאַוויס־קער, קען פאַר אַזאַ קליין ייִנגל ווי דו קיין רבי ניט זיין.

ר׳ שלמה זלמן האָט איינגעזען, אַז עס איז ניט קיין תכלית צו האַלטן

אין איין בייטן פאַר זיין עלינקען רביים. ער האָט זיך אויך געשראָקן: אַ קליין יינגל נאָך, און עס פאַרשעמט שוין אין לערנען אַלטע לומדים, יידן מיט בערד. ער קען נאָך ווערן אַ בעל־גאווה און פאַרזינדיקן זיינע יונגע יאָרן. האָט ר׳ שלמה זלמן זיך באַזינט און געלאָזט מאַכן אַ קליין שטענדערל און אַוועקגעשטעלט עלינקען אין חברה־תהילים־קלויז, צו לערנען פאַר זיך.



# קאַפּיטל יא



עלינקע איז געזעסן אין דער פינצטערער קלויז איינער אַליין אָן אַ רבין און אָן חברים. שלמה זלמן האָט דערשפּירט זיין זור־נעלעס עלנטקייט, האָט ער פאַר אים אַראָפּגעבראַכט אַזש פון ווילנע, אַ חברל, מאירל האָט מען אים גערופן. ער איז געווען אין עלינקעס יאָרן און געהאַט אויף זיך אַן עילוישן קאָפּ. געשטאַמט האָט דאָס יינגל פון דעם קליינעם שטעטל סעריי. ער איז אָבער געווען אַ קיילעכדיקער יתומל, האָט ער זיך געהאָדעוועט ביי קרובים אין ווילנע. ר׳ שלמה זלמן, כאָטש ניט קיין עושר, האָט דאָס יתומל באַקליידט און באַנייט. מאירלס קרובים האָבן געוואָלט געבן צושטייער. ר׳ שלמה זלמן האָט אָבער צו זיי געזאָגט:

— דער תנא זאָגט: „קנה לך חבר״ — זאָלסט זיך קויפן אַ חבר. דאָס מיינט: — זוך ניט קיין שותפים און קוואַפּע זיך ניט אויף מציאות, באַצאָל אַליין, און דעם פולן ווערט!

האָבן די צוויי חברים, עלינקע און מאירל סערייער, געלערנט צו־זאַמען אויך תורה שבנסתר. זיי האָבן זיך פאַרטרויט זייערע ייִנגלשע סודות. און אויסצופּרובירן, צי זיי קענען פאַרנעמען מוסר, האָבן זיי איינער דעם אַנדערן געמוסרט פאַר כלומרשטע חטאים.

מאירל האָט באַלד דערזען זיין חברס ניט שכיחדיקע גאונות, איז ער אין איין טאָג צו אים צוגעגאַנגען און געזאָגט:

— עלינקע, אָטשטאָט אַ חבר, לאָמיך בעסער ווערן דיין תלמיד.

עלינקע האָט מיט טרערן אין די אויגן, זיך גענומען ביי אים בעטן:

— מאירל, דו ביסט דאָך פרימער פון מיר, קליגער פון מיר, און אַ גרעסערער בקי, ניט בלויז אין נגלה, נאָר אויך אין נסתר, טאָ ווי קען איך זיין דיין רבי?

מאירל סערייער האָט געשמייכלט און געזאָגט:

— קיין מענטש איז זיך ניט קיין שונא. ווינטש איך זיך, אַז איך זאָל כאָטש ווערט זיין אָנגערופן צו ווערן דיין תלמיד. טאָ פאַרשטויס מיך ניט פון דיר, לאָז מיך האָבן דעם תענוג דיר משמש צו זיין, וואָרים צו רופן זיך דיין חבר, איז געגליכן ווי זיך אָנצוטאָן אין אַ פרעמדן מלבוש.

איך האַלט זיך ניט פאַר קיין צדיק, אָבער אַזאַ גרויסע עבירה וועל איך, מאירקע, ניט טאָן.

האָט דאָס סערייער ייִנגל זיך גענומען פירן מיט עלינקען, ווי אַ תלמיד מיט זיין רבין. ער האָט אים צוגעטראָגן די ספרים און אָפּגעגעבן כבוד. און ווען עמיצער האָט ביי אים געפרעגט אַ טייטש אויף אַ פסוק, צי אַ קשיא אויף תוספות, האָט ער זיך ניט אָפּגערופן, ער האָט מיט דרך־ארץ געוואַרט, אַז זיין רבי, זאָל ענטפערן. מאירל האָט זיין אייגענע עילוישקייט אינגאַנצן פאַרלייקנט. ער האָט אויפגעהערט צו זאָגן אייגענע תורה, כאָטש זיין מוחל איז געווען פול מיט חידושים. און אויב ער האָט געזאָגט איז דאָס געווען אין עלינקעס נאָמען. מאירל האָט געהאַט אַ נטיה צו פאַרשרייבן זיינע חידושי־תורה, אָבער ער האָט איצט שוין פאַרשריבן בלויז זיין יונגן רבינס תורה. ער האָט אויך אויפגעהערט אים צו דוצן. און מיט יראת־הכבוד אים גערופן: — ר׳ אליהו! כאָטש עלינקע איז נאָך געווען אין זיינע ייִנגלשע יאָרן. ער איז נאָך ניט אַלט געווען אפילו דרייצן יאָר. עלינקע האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק, און זיך געפירט, ווי זיי וואָלטן נאָך אַלץ געווען חברים. ער האָט געפּרואווט דערציילן מאירלען זיינע ספקות. מאירל האָט אָבער צוגעמאַכט די אויערן, און געזאָגט:

— רבי, איר האָט פאַרגעסן, אַז איך בין אייערער אַ תלמיד. און איר טאָרט ניט ווערן מיט מיר צו נאָענט. איר דאַרפט אָפּהיטן דעם כבוד פון דער תורה.

מאירל האָט זיך געהאַלטן אין איין קליגן ווי צו פאַרדינען די מצווה פון באַדינען אַ רבין. אַז עלינקע איז אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן און פאַרגעסן צו פאַרשפּיליען זיין בגד, איז ער אים נאָכגעלאָפן און איז ניט אָפּגעטראָטן ביז עלינקע האָט זיך גוט איינגעטוליעט.

מאירל האָט ניט געמאַכט פון דעם קיין סוד. ער האָט געוואָלט, אַז מען זאָל טאַקע אין סיעלץ, וויסן, אַז עלינקע איז ניט מער זיין חבר, נאָר זיין רבי. אָבער סיעלץ האָט, ווי צו־להכעיס, עס ניט אָנגענומען און עס געהאַלטן פאַר אַ קינדער־שפּיל. האָט זיך מאירל באַזינט, אַז ער באַגעוולהט עלינקען און ער אַליין פאַרזינדיקט זיינע יאָרן, ווייל דאָס זיצן צוזאַמען אין קלויז, מאַכט אויסקוקן, אַז זיי זיינען ביידע גלייכע חברים. האָט ער אין איין פרימאָרגן איינגעפּאַקט זיין שבתדיקן בגדל, ער האָט זיך געזעגנט מיט עלינקען און געלאָזט זיך שפּאַנען אין זיין היימיש שטעטל סעריי. עלינקע האָט געוואָלט אים באַגלייטן ביז אויסן שטאָט. אָבער מאירל האָט ניט דערלאָזט און געזאָגט:

— עס איז ניט מעשה דרך־ארץ, אַז אַ רבי זאָל באַגלייטן זיין תלמיד.

מאירל, וואָס האָט יעדן דין פּינקטלעך אָפּגעהיט, האָט ער זיך צו זיינע אַכצן יאָר געלאָזט ריידן אַ שידוך מיט אַ סערייער מיידל, א יתומה, און ניט קיין רייכע. זי האָט זיך אָנגענומען אים מפרנס צו זיין. זי איז געווען אַ נייטאָרין, און זייער אַ געראָטענע. זי האָט זיך געפרייט, וואָס

זי וועט האָבן, פאַר אַ מאַן, אַ בן־תורה. פאַרן שרייבן די תנאים האָט מאירל צוגערופן דעם סופר און דעם שמש און האָט צו זיין כלה געזאָגט:

— איידער דו ביסט מקבל־קנין, הערן דאָ עדות, אַז איך בין דיך מתרה: אויב דער שדכן האָט מיך פאַרגעשטעלט פאַר דיר, אַז איך בין אַ למדן, און דו האָפסט, אַז איך וועל מיט דער צייט ווערן אַ רב — טאָ זיי וויסן, אַז איך בין אַ פשוטער יונג. און אויב מען האָט דיר דער־ציילט, אַז איך זיץ אַ גאַנצן טאָג, אין בית־המדרש, ביי אַ ספר, זאָלסטו פון דעם ניט ברענגען קיין ראיה, אַז איך בין אַ למדן. איך טו עס, ווייל עס איז ניטאָ קיין גרעסערער פאַרגעניגן אין דער וועלט, ווי דער עונג פון אַריינקוקן אין אַ ספר, אפילו ווען מען פאַרשטייט ניט, וואָס עס ווערט דאָרט געזאָגט.

די כלה האָט יאָ און ניט געגלויבט, וואָס ער מאַכט זיך אַזוי מינדער־וויכטיק. זי האָט אָבער ניט אָפּגעלאָזט דעם שידוך. זי האָט זיך געשטעלט צופרידן, וואָס זי גייט חתונה האָבן מיט אַ בחור, וואָס האָט כאָטש ליב צו זיצן איבער אַ ספר.

נאָך זיין חתונה איז מאירל גאַנצע טעג אָפּגעזעסן אין סערייער בית־המדרש, און אין די נעכט האָט ער ביי זיך, אין שטיבל, בסוד, זיך געחקירהט אין „זוהר". ער האָט אויך געזוכט צו טאָן מצוות. פלעגט ער גיין מבקר־חולה זיין קראַנקע און קלייבן נדבות פאַר אָרימע לייט און יורדים. ער האָט ניט געמאַכט קיין חילוק צי יענער איז אַ למדן, צי אַן עם־הארץ, אַ פרומער, צי אַ זינדיקער. ער האָט פאַר זיך אַליין געטראַכט:

— בלויז ער, דער אל רחום־וחנון, האָט רעכט דאָס צו משפטן, פאַר מיר, מאיר, איז דיינו, וואָס יענער איז אַ ייד. דער זכות פון אַ ישראל איז דאָך אַזוי גרויס, אַז דער תנא זאָגט: אויב אַפילו ער זינדיקט האָט ער אַלץ אַ חלק אין עולם־הבאָ. אַי, דער חלק וועט זיין אויפן שפיץ מע־סער, מען וועט עס קוים אָנזען. דאָס איז דאָך שוין אַן ענין בפני עצמו. דאָס גייט שוין אַריין אין גדר פון עשיר און עני. און מה־דאָך, דאָ, אויפן עולם־השקר, מאַך איך ניט קיין אונטערשייד צווישן רייך און אָרים. וועל איך דאָס אוודאי ניט טאָן אויפן עולם־האמת.

מאירל האָט שטאַרק ליב געהאַט מענטשן, האָט ער געהאַט עגמת־נפש, וואָס אויף יענער וועלט, וועט דער זינדיקער דאַרפן אויסשטיין אַזוי פיל חרפה. עס קען דאָך געמאָלט זיין, אַז די לאַפּיטוטן זאָלן מיט חוזק, שלעפּן אַ חשובן באַלעבאָס אין גיהנום אַריין, און פאַרביי אים וועלן מלאכים, מיט פאַראַד און געזאַנג, באַגלייטן אין גן־עדן, עפּעס אַן אָרימען דרדקי־מלמד. איז ביי מאירלען געוווען די גרעסטע פרייד, ווען ער האָט, אין אַ קבלה־ספרל, אויסגעפונען, אַז דער זינדיקער וועט ניט דאַרפן אויסשטיין אַזאַ חרפה און בושה. וואָרים ווי נאָר אַ מענטש שטאַרבט, וואָרטן שוין אויף אים די מלאכי־חבלה, און ביי זיי, די שלעכטע לייט, זיינען אַלע פאַררעכנט פאַר רשעים, טרייבן זיי אין גיהנום אַריין אַפילו די צדיקים, און אַז די מליצי־יושר קומען צולויפן מיט געוואַלדן:

— היתכן? איר האָט דאָך אַוועקגעפּירט אין גיהנום אַריין אַ יידן, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געלערנט תורה און אָפּגעהיט אַלע דינים! לאָזט אים אַרויס. מיר וועלן אים פירן אין גן־עדן. אָבער די מלאכי־חבלה שפּאָטן פון זיי, און זאָגן:

— ער איז דאָך נאָך צום משפּט ניט געשטאַנען, מען האָט נאָך קיין עדות ניט אויסגעהערט און מען האָט נאָך אפילו ניט אויסגעוואויגן זיינע מעשים. מיר זיינען גאָרניט אַזוי זיכער, אַז ער איז אַ פיינער מאַן. און ער מוז ביזן משפּט בלייבן אין גיהנום.

מאירלען, דעם רך־לב, פאַרדריקט דאָס האַרץ. עס איז אים אַ גרויס רחמנות אויף די פרומע לייט, וואָס דאַרפן בחנם ליידן גיהנום, כאָטש זיי האָבן געלערנט דעם רבונו דעלמאָס תורה. זיי זיינען געגאַנגען אין זיינע וועגן און שטעגן. ער טרייסלט זיך אַזש פון שרעק:

— עס איז דאָך הוילער מידת־הדין, וואו איז דאָ מידת־הרחמים?

נאָך לאַנג חקירהן זיך, געפינט מאירל אַ זכות אויף דער שטרענגער פירונג:

— מען קען זיך דאָרט ניט העלפן. מען מוז זיך אַזוי האַרב באַגיין, צו פאַרהיטן, אַז די מיאוסע מידה פון גאווה זאָל זיך ניט אַריינגנבענען אויף דעם עולם־האמת. אַז קיינער זאָל ניט קענען זיך האַלטן גרעסער פאַרן אַנדערן, און מעשה בעל־גאווה זאָגן:

— איך בין ביי מיין לעבן געווען טאַקע אַ אמתער צדיק. אַ סימן האָט איר, אַז איך האָב דעם גיהנום אפילו ניט אָנגעזען. איך בין גלייך אַריין אין גן־עדן.

מאירל, וואָס האָט ביז שפּעט אין די נעכט זיך געטיפט אין „קבלה", האָט אויך געהאַט אַ נטיה צו גריבלען זיך אין דעם עבר — די פאַרגאַנגענהייט. ער האָט געחשבונט, אין וועלכער צייט האָט יעדער תנא און אמוראי געלעבט. מאירל איז געווען אויך קלאָר אין ירושלמי, די גמרא, וואָס די אמוראים פון ירושלים האָבן צונויפגעשטעלט. אָבער די בבלער גמרא איז אים געווען נענטער צום האַרצן. ער איז געווען אויסגעקניפּט און אויסגעבונדן מיט די אמוראים פון בבל און זייערע משפּחות, ווי ער וואָלט ביי זיי געווען אַ אַ בן־בית.

מאירל איז זיין גאַנץ לעבן ניט אַרויסגעפאָרן ווייטער ווי פון דער ליטע. זיין פוס האָט קיין אַנדער ערד ניט באַטראָטן. און אויך אין דער ליטע האָט ער בלויז געוואוסט דעם וועג פון סיעלץ קיין סעריי. אָבער די וועגן און שטעגן פון בבל זיינען אַלע געלעגן ווי אויסגעשפּרייט פאַר זיינע אויגן. ער האָט זיי, מיט אַ שטיפט, אויסגעקריצט אויפן דעק פון זיין שטענדער. ער האָט אויך פאַרצייכנט וויפיל מייל עס איז פון איין בבלשער שטאָט צו דער צווייטער. און דורך הגהות געעצהט, וועלכער וועג איז דער קירצסטער און בעסטער צום גיין פון פומפּדיתא קיין נהרדעאַ...

זיין נטיה צו גריבלען זיך אין דער פאַרגאַנגענהייט האָט אים אַרויפגעפירט אויף דער מחשבה, אַז עס וואָלט געווען אַ יושר צו דערגיין דעם עבר

פון די יידן אין דער ליטע. זיך דערוויסן, אין וועלכער מדינה האָבן זיי גע־לעבט איידער זיי האָבן אויפגעשטעלט זייערע געצעלטן אין דער ליטע. מאירל האָט מיט התמדה געזוכט. ער האָט טאָג און נעכט זיך געגריבלט אין אַלטע ספרים און אין שאלות ותשובות. ער האָט אָבער ניט מצליח גע־ווען, און אַ יאושדיקער פאַר זיך אַליין געטראַכט:

— מסתמא דערלאָזט מען ניט מן־השמים, אַז איך זאָל זיך דאָס דערוויסן. עס איז אוודאי איינע פון יענע סודות, וואָס ניט כל אדם איז זוכה, זיי זאָלן פאַר אים נתגלה ווערן. איך בין בטוח, אַז מיין רבי, ר׳ אליהו, ווייס עס. אָבער איך וועל עס שוין קיינמאָל ניט וויסן, אַז איך זאָל אַפילו זוכה זיין אים אַמאָל צו זען, וועל איך דאָך אויך ניט פרעגן. איך וועל אים בלויז פאַרשאַפן עגמת־נפש. וואָרים ער טאָר דאָך ניט מגלה זיין דעם סוד. ר׳ מאירל האָט אויף אַלע רמזים אין דער קבלה, וואָס ער האָט ניט געוואוסט דעם פתרון, אַוועקגעשטעלט אַ „תיקו". האָט ער אויך מיט דעם סוד זיך אַזוי באַגאַנגען. און מיט פאַרדרוס צו זיך אַליין גערעדט:

— איך גיי דאָ, חס־וחלילה, ניט פסקענען קיין הלכה למעשה. נאָר גלאָט אַזוי פון טשעקאַוועסקייט, ווי, למשל, אַ דימאַנטן מבין פרואווט טרעפן, אין וועלכע מקומות מען האָט דעם אָדער יענעם דימאַנט אויסגעגראָבן. וועל איך מאירל, פרואוון טרעפן און זאָגן, אַז די יידן זיינען געקומען אַהער, אין דער ליטע, גלייך פון גלות־בבל. אמת, איך האָב אויף דעם ניט קיין ראיות, אָבער איך האָב גאָר און גאָר שכלדיקע השערות. אדרבא, לאָמיר עס באַטראַכטן:

— זאָלן אַלע יידן, וואו נאָר זיי לעבן און וואוינען זיין שטאַרק און גע־זונט, און האָבן כוח צום לערנען. אָבער ביי קיינעם פון זיי איז די גמרא פון בבל ניט אַזוי טייער און ליב, ווי ביי די יידן פון דער ליטע. קיינער לערנט ניט מיט אַזאַ הנאה אַ בלאַט גמרא, און קיינער קען אַזוי גוט ניט באַנעמען אַן „הוויה" פון אביי און רבא. מסתמא איז דאָס דערפאַר, ווייל עס איז זיי מער אייגנס. עס איז זייער גמרא.

מאירל גייט אַריין אין התפעלות פון זיין אייגענער השערה, און מיט התלהבות טענהט ער איין מיט זיך אַליין:

— און די שיינע מידות? די שטילקייט פון די יידן אין דער ליטע, די „הצנע לכת עם אלקיך" — זיינען דאָך דורך און דורך בבלשע. אַי, קען מען דאָך פרעגן, די בבלים זיינען געווען באַרופן פאַר טפשים? איז דער ענטפער: די יידן אין דער ליטע זיינען טאַקע אויך נאַראָנים, זיי האַלטן דאָך אויך, ווי די בבלער, אין איין לערנען. אָבערביידנס שטות אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן...

פון התפעלות, קלאַפּט ער מיט דער האַנט אין שטענדער, ווי ער וואָלט דאָ געזוכט עמיצן מנצח צו זיין אין לערנען — און ער פרעגט זיך אַליין:

— און פאַרוואָס מיינסטו, איז דער טעם, וואָס די בבלער יידן האָבן זיך באַזעצט אין דער ליטע?

און ער ענטפערט זיך אַליין מיט נצחון:

— ווייל אויך דאָ, אין דער ליטע, איז פונקט די זעלביקע מזל־ברכה אויף טייכן און טייכלעך, ווי אין בבל און דער קלימאַט איז אויך דער זעלבי־קער: עס רעגנט און רעגנט!...

מאירל האָט זייער שטאַרק געבענקט נאָך זיין רבין, עלינקע. איין טאָג האָט ער זיך שוין געהאַט געקליבן צו לאָזן זיך שפּאַנען קיין סיעלץ, צו זען, וואָס זיין יונגער רבי מאַכט אין געזונט, ווי עס גייט אים אין לערנען און פאַר איין וועג וועט ער אים אויך פרעגן צי ער, מאירל, האָט ריכטיק אַרויסגעע־האט די פּסוקים אין דעם קבלה־ספרל: אַז אַפילו צדיקים גמורים גייען ניט גלייך אין גן־עדן אַריין.

איז דעם טאָג, גראָד אָנגעקומען אין סעריי אַ מגיד, וואָס איז געווען אַ סיעלצער תושב. ער האָט מאירן דערציילט, אַז ר׳ שלמה זלמן איז שוין מער ניטאָ צווישן די לעבעדיקע. און עלינקע מיט זיין מאַמען האָבן זיך אַרויסגעקליבן פון סיעלץ. אָבער וואוהין האָט דער מגיד ניט געוואוסט. האָט מאירל זיך שוין געהאַלטן אין איין נאָכפרעגן ביי די מגידים, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען סעריי, צו זיי האָבן אין זייער וואַנדערן איבערן תחום, ניט געהערט מענטשן ריידן פון דעם נייעם גאון, ר׳ אליהו. ער, מאירל, איז געווען ביי זיך זיכער, אַז די וועלט האָט זיך שוין פון אים, עלינקען דער־וואוסט. די מגידים האָבן אָבער געשאָקלט מיט די קעפּ: ניין! מיר האָבן ניט געזען און ניט געהערט פון אַ גאון מיט אַט דעם נאָמען. האָט מאירל שוין אויפגעהערט זיך נאָכצופרעגן. גאָר אומגעריכט, האָט אַ מגיד, אַ מסיח לפי תומו, אים דערציילט פון דער גוטער בשורה, אַז אין ווילנע איז נתגלה געוואָרן אַ תנא. מאירל איז פאַר פרייד אַזש אויפגעשפּרונגען. ער האָט גענומען דעם מגיד פאַרוואַרפן מיט שאלות: — פון וועלכע מקומות קומט דער תנא? ווי קוקט ער אויס? — דער מגיד האָט אים גלייך אָפּגע־שטעלט און געזאָגט: — איך הייב ניט אָן צו וויסן. איך אַליין האָב דעם תנא ניט געזען, און איך וויים אפילו ניט זיין נאָמען. פאַר מאירלען איז עס שוין ניט קיין חילוק. ער איז ביי זיך זיכער, אַז דאָס איז זיין רבי, ר׳ אליהו. האָט ער תיכף גענומען זיין שטעקן, און זיך געלאָזט גיין קיין ווילנע. ער האָט אַ מוטיקער געשפּאַנט איבער פוסטע וועגן און דורך דערפער, מיט בייזע הינט.

ר׳ חיים יוסף ווייזשונער, דער ראש פון דער מלכות־תורה, האָט אָבער ניט געוואָלט אים צולאָזן צו זען דעם גאון. ער האָט אים גענומען אויף אַ פאַרהער. ער האָט געוואָלט וויסן זיין גאַנצן יחוס. וואָס איז זיין נאָמען, פון וואַנען ער קומט, און צו וואָס דאַרף ער דווקא זען דעם גאון. ר׳ חיים יוסף האָט אָנגענומען מאירלען פאַר אַ פּשוטן יידן, האָט ער צו אים געזאָגט:

— ר׳ ייד, צו וואָס זאָלט איר אומזיסט מטריח זיין דעם גאון. אויב עס איז אייך קשה אַ פּסוק אין חומש? טאָ פרעגט ביי די פּרושים, וואָס זיצן דאָ אין פּאָליש. זיי וועלן אייך דאָס פאַרטייטשן.

מאירל האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. עס וואָלט דאָך געווען פון אים אמתע באַרימערייַ צו דערציילן, אַז ער איז געווען ר׳ אליהוס אַ חבר, און זיי

האָבן צוזאַמען געלערנט קבלה. האָט ער געזאָגט תירוצים, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין טעם. צו זיין גוטן מזל איז אַריינגעקומען אין קלויז ר׳ אליהוס יינגערער ברודער, אַברהם; ער איז געווען זייער אַ קורצזיכטיקער, ער האָט אָבער דערקענט מאירלס שטים און איז מיט פרייד צו אים צוגעפאַלן:

— ר׳ מאיר, וואו זייט איר די גאַנצע צייט געווען? עלינקע דערמאָנט אייך אַזוי אָפט. עס וועט ביי אים זיין די גרעסטע שמחה אייך ווידער צו זען.

מאירל האָט זיך געריוטלט פון שעמעוודיקייט, ווען ער האָט געהערט, ווי אברהם האָט שטילערהייט געזאָגט צו די פרושים:

— דאָס איז דאָך ר׳ מאיר סערייער, רבינו אליהוס אַ חבר.

מאירל האָט שוין אויסגעזען ווי אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן; זיין לאַנגע העלע באָרד האָט איינגעהילט זיין גאַנצן פנים. דער גאון האָט אים גלייך דערקענט. ער האָט זיך דערפרייט. ער האָט געמיינט, אַז מאירל איז געקומען זיך באַזעצן אין קלויז, און זיי וועלן ווידער זיין חברים.

מאירל האָט קודם־כל געפרעגט ר׳ אליהון, צי ער האָט ריכטיק אַרויס־געהאַט דעם קבלה־ספרל, אַז אויך צדיקים מוזן דורכגיין גיהנום. דער גאון האָט גאָרניט קלערנדיק גלייך געענטפערט:

— אַוודאי איז אַזוי. עס איז קיין ספק! און דער בעל־קבלה האָט דאָס ניט אויסגעטראַכט פון זיין אייגענעם קאָפּ. ער האָט זיך עס דערוואוסט אין דער תורה.

מאירל האָט ביי ר׳ אליהון געפרעגט נאָך אַנדערע פאַרפלאָנטערטע שטעלן אין „זוהר״, וואָס ער האָט אויף זיי שוין געהאַט אַרויפגעשטעלט אַ „תיקו״. ר׳ אליהו האָט, כהרף־עין, זיי פאַרענטפערט מיט פסוקים פון דער תורה שבכתב.

מאירל האָט זיך געהאַלטן אין איין דערמאָנען פסוקים אין חומש, נביאים און כתובים, מימראס אין דער גמרא, און פליאהדיקע מדרשים. ר׳ אליהו האָט זיי פאַר אים אויפגעקלערט דורך פאַרגלייכונגען מיט אַנדערע שטעלן אין דער גמרא, דורך באַווייזן, אַז עס האָבן זיך דאָ אַריינגעכאַפּט גרייזן, און אַ שורה האָט פאַרבלאָנדזשעט אויף אַן אַנדער בלאַט; טיילמאָל, מיט זיין צושטעלן בלויז איין איינציקן וואָרט, וואָס אַ דרוקער האָט פאַרפעלט, האָט די גאַנצע סוגיא געקראָגן גאָר אַ גאַנץ אַנדער באַדייט.

נאָך עטלעכע טעג זיצן ביחידות מיטן גאון, האָט ר׳ מאירל זיך דער־פילט ווי אַן אָרימער קרעמערל, וואָס נעמט אַ גאַנץ יאָר, אין כרך, אין אַ גרויסן אגולנע־געשעפט, אויף באָרג, האָט איצט אָפּגעסילוקט זיינע חובות און נאָך איינגעהאַנדלט נייע סחורה. אויך, ער מאירל, האָט דאָך אָפּגעסילוקט זיינע אַלע קשיות, וואָס זיינען געלעגן אויף אים ווי חובות און ער האָט זיך נאָך איינגעשאַפּט ביי ר׳ אליהון בערג און בערג מיט תורה. האָט ער, אַ גליקלעכער זיך גענומען קלייבן פאָרן צוריק אַהיים. זיין פרייד איז אָבער אים פאַרשטערט געוואָרן. ער האָט ביים געזעגענען זיך, מיט זיין רבין, באַמערקט, אַז אויף זיין, דעם גאונס, ליכטיקן פנים האָט זיך, פון צער, גע־קייקלט אַ טרער . . .

***

ר׳ אליהוס גוטער נאָמען האָט זיך געשפּרייט און געשפּרייט. אין דער ליטע און רייסן איז שוין ניט געווען אַ ישוב, וואָס האָט ניט געהערט פון גאון. אַפילו אין פאַרוואָרפנסטן דאָרף, מיט בלויז עטלעכע יידישע הייזער, האָט מען געוואוסט, אַז עס איז נתגלה געוואָרן אַ גרויסער מאַן. יעדער ייד, סיי דער למדן, וואָס איז געזעסן ברייטלעך ביי דער מזרח־וואַנט, און סיי דער פשוטער מאַן, וואָס האָט, אין שעמעוודיקייט, זיך ווי באַהאַלטן הינטער דער בימה, האָבן שוין געוואוסט, אַז זינט דורות און דורות האָט זיך נאָך ניט באַוויזן אַזאַ פּליאהדיקער גאון.

דער סערייער שניט־קרעמער, יונה באַשעלס, אַ ייד אַ בן־תורה, איז יעדן ערב יום־טוב געפאָרן קיין ווילנע איינצוהאַנדלען ציך, טוך, אַטלעס און זיידנס. פלעגט ער, צו באַשיינען דעם יום־טוב, תמיד אַראָפּברענגען פון כרך פאַר זיינע זין און איידעמס פּרעזענטן: בעסאַראַביער ווײַן אויף פּסח, און אתרוגים וואָס וואַקסן אין קאָרפו אויף סוכות. איצט האָט יונה באַשעלס שוין אויך גענומען ברענגען מתנות פאַר די סערייער לומדים: ביאורים אויף פּסוקים און סברות אויף גמרות, וואָס ער האָט אין דער גרויסער שטאָט געהערט אין גאונס נאָמען.

אויך זיין בעל־עגלה, איינער אַ בערטשיק, פלעגט תמיד אַראָפּברענגען פון כרך נייעס, וואָס, ביים הערן זיי, האָבן זיך פאַר פּחד אַזש אויפגעשטעלט די האָר. איצט, האָט דער דאָזיקער בערטשיק שוין גענומען ברענגען פּליאהדיקע מעשהלעך וועגן ר׳ עלינקען, וואָס ער האָט געהערט, אין כרך, פון די פורמאַנעס. איין מעשה האָט ער דערציילט: — אין דעם דאָרף, פּאָגרודע, האָט פאַר יאָרן און יאָרן געוואוינט אַ יידישער ישובניק. אַ ייד, אַ תם. זיין טאַטע האָט אים איבערגעלאָזט אַ גרויס פעלד בירושה. האָט ער אַליין עס באַאַרבעט. אַליין עס געמיסטיקט און געאַקערט. איז זיין פעלד געווען דאָס גרעאָטנסטע פון גאַנצן דאָרף. זיינע גויאישע שכנים האָבן ניט פאַרגונען דעם יידן און זיך געקוואַפּעט אויף זיין פעלד. האָבן זיי זיך געקליגט און אונטערגעטראָגן אַ מסירה, אַז דער ייד העצט די דאָרפסלייט קעגן מלכות. האָט מען פון גובערניע גלייך אַראָפּגעשיקט פּאָליציאַנטן. זיי האָבן דעם יידן געשמידט אין קייטן און אַוועקגעפירט אין דער גרויסער תפיסה.

די קליגסטע לייט אין שטאָט האָבן זיך געבראָכן די קעפּ, ווי אויסצולייזן דעם אומשולדיקן יידן פון די גויאישע הענט. זיי האָבן אָבער ניט מצליח געווען. איז מען אַוועק זיך האַלטן אַן עצה מיט ר׳ עלינקען. ער, דער אָפּענער מוח, האָט לאַנג ניט געטראַכט. ער האָט גלייך געזאָגט, ווי און וואָס מען זאָל ריידן צו נאַטשאַלסטוואָ, און ווי צו כאַפּן די דאָרפסגויאים ביי די ליגנס. און כהרף־עין. דער ייד איז באַלד באַפרייט געוואָרן, און זיי, די פאַלשע מסורניקעס, האָט מען געשמידט אין קייטן.

אַ צווייטע מעשה האָט בערטשיק דערציילט: ווי אַ רייכער בחור

אין ווילנע האָט חתונה געהאַט מיט אַן אָרים מיידל. אין עטלעכע חדשים שפּעטער האָט ער אויף זיין יונג ווייבל געוואָרפן אַן אום־חן און אָנגעהויבן זוכן מיטלען, ווי פון איר פּטור צו ווערן. האָט ער אויסגעטראַכט אויף איר אַ בלבול, אַז זי איז אים אומגעטריי, און צו באַווייזן, אַז ער זאָגט דעם ריינעם אמת, האָט ער געבראַכט צום ווילנער בית־דין צוויי עדות. זיי האָבן געשוואוירן, אַז זיי האָבן מיט די אייגענע אויגן געזען, ווי די אשה האָט געהאַט עסקים מיט אַ פרעמדן מאַן.

דעם ווייבלס טאַטע האָט אָבער געטענהט, צום בית־דין, אַז עס איז אַ בלבול און די עדות האָבן געגעבן אַ פאַלשע שבועה. זיין רייכער איידעם האָט זיי אונטערגעקויפט. די דיינים האָבן אים ניט געקענט העלפן. ער האָט דאָך ניט געהאַט קיין באַווייזן, אַז די עדות זאָגן ניט דעם אמת. האָט דער טאַטע פון דעם ווייבל זיך מיישב געווען און איז אַוועק צום גאון. ער האָט ר׳ עלינקען דערציילט די גאַנצע געשיכטע און ביי אים געבעטן רחמים, ער זאָל ראַטעווען אַן ערלעכע יידישע טאָכטער פון אַזאַ מיאוסער חרפה.

דער גאון האָט געהאַט צער, ער האָט אָבער געזאָגט: — איך בין ניט קיין רב אין ווילנע. איך האָב ניט קיין רעכט צו זיצן ביי דין־תורהס, אָבער איך וועל, ווי אַ זייטיקער מענטש, בלויז אויסהערן די עדות.

ר׳ עלינקע האָט באַלד געשיקט רופן די צוויי עדות. זיי האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן. זיי זיינען געווען זיכער, אַז ער, דער הייליקער מאַן, האָט זיך דורך נבואה דערוואוסט, אַז זיי האָבן פאַלש עדות געזאָגט. זיי האָבן זיך אָבער באַלד באַרואיקט. זיי האָבן דערזען, אַז דער גאון שטייט זיך ביים שטענדער זייער מיושבדיק, זיינע אויגן אַראָפּגעלאָזט. ער קוקט זיך גאָרניט אום אויף זיי, און זאָגט געלאַסן און בנעימותדיק:

— דערציילט וואָס איר האָט געזען, אָבער ניט ביידע אויף איינמאָל. פריער זאָל אָפּריידן איינער און נאָכדעם דער צווייטער.

דער גאון האָט זייער רואיק אויסגעהערט דעם ערשטן עדות, און ביים אויסהערן דעם צווייטן, האָט ער אויך ניט אַרויסגעוויזן קיין אומצופרידנקייט, אָבער ווי נאָר דער צווייטער עדות האָט געענדיקט ריידן, האָט דער גאון זיך גענומען בייזערן מיט גרויס צאָרן:

— רשעים! טוט תשובה! זייט זיך מודה! מאַכט ניט אומגליקלעך קיין יידישע טאָכטער!

די צוויי פאַלשע לייט האָבן פון שרעק גענומען חלשן. און ווי קליינע קינדער, זיך צעכליפּעט:

— רבי, ווי נאָר איר האָט נאָך אונדז געשיקט, האָבן מיר שוין באַלד פאַרשטאַנען, אַז איר ווייסט, אַז מיר האָבן געזאָגט פאַלש עדות. מיר זיינען אָבער ניט אינגאַנצן שולדיק. דער מאַן פון דער ווייבל האָט אונדז איינגערעדט. ער האָט אונדז צוגעזאָגט צו באַלוינען מיט דער ברייטער האַנט. מיר זיינען אָרימע מענטשן, האָבן מיר זיך געלאָזט פאַנגען. איר ווייסט דאָך, אַז מיר זאָגן אמת. פאַר אייך, דעם הייליקן תנא, זיינען

דאָך קיינע סודות ניט פאַרבאָרגן. טאָ, האָט רחמנות אויף אונדז און פועלט אין הימל, אַז מען זאָל אונדז פאַרגעבן די שווערע עבירה.

דער גאון האָט זיי אָבער געענטפערט:

— אַ חוץ איר אַליין, קען איך קיינער ניט העלפן. אויב אייערע וויטערדיקע מעשים וועלן זיין גוטע, וועלן זיי זיין אייערע בעסטע מליצי־יושר; ניט דורך נביאות האָב איך דערקענט אייער פאַלשקייט, נאָר על־פי שכל־הישר. וואָרים אַקוראַט ווי יעדער מענטש איז אַנדערש פון צווייטן, אַזוי איז זיין נוסח ביים ריידן, אויך אַנדערש. למשל, צוויי מענטשן קענען זען די זעלביקע זאַך, ווי עס פּאַסירט, אָבער ביים דער־ציילן, דערציילט עס שוין יעדער אויף זיין אייגענעם אופן. אָבער איר ביידע האָבן גערעדט פונקט מיט די זעלביקע ווערטער, איז שוין ביי מיר געווען קלאָר ווי דער טאָג, אַז איר רעדט ניט פון אייגענעם קאָפּ, נאָר עמעצער האָט אייך אויסגעלערנט וואָס איר זאָלט זאָגן.

בערטשיק, דער בעל־עגלה, האָט אויך דערציילט, אַז די פּורמאַנעס פון כרך האָבן איינמאָל געזען ר׳ עלינקען גיין פון קלויז צו זיך אַהיים — האָט מען זיך אין זיין פּנים ניט געקענט איינקוקן. זיין שיינקייט האָט פאַרבלענדט די אויגן.

דער איינציקער מענטש אין סעריי, וואָס פלעגט, ווי אַ שלימזלדיקער סוחרל פון אַ גוטן יאָריד קומען פון ווילנע מיט ליידיקן, איז געווען מאירל. ער האָט ניט געבראַכט ניט קיין תורה און ניט קיין מעשיות וועגן גאון. מען האָט עס פון אים אויך ניט דערוואָרט. מען האָט לכתחילה גע־וואוסט, אַז מאירל וועט קומען מיט ליידיקן. די סערייער האָבן בלויז ניט געקענט פאַרשטיין: צו וואָס פאָרט דאָס מאירל אַזוי אָפט קיין ווילנע? האָבן זיי עס פאַרענטפערט אין ליצנות: מאירל פאָרט דאָרטן איינצוקויפן שמעק־טאַבאַק, ער, דער לא־יוצלח, ווייס ניט, אַז אין סע־רייער קראָמען פאַרקויפט מען דעם זעלביקן שמעק־טאַבאַק.

מען האָט געחוזקט פון מאירלען, וואָס גאַנצע טעג גריבלט ער זיך אין ספרים, און דאָך, הייבט ער ניט אָן וויסן, וואָס אין זיי טוט זיך. הגם מען האָט פון אים גאָרניט דערוואָרט, אַז ער זאָל פון ווילנע ברענגען דברי־תורה, פונדעסטוועגן האָט מען, גלאַט אַזוי פון טשיקאַוועסקייט, אים געפרעגט:

— ר׳ מאיר, היתכן? אַ מענטש פאָרט אַזוי אָפט אין ווילנע און האָט ניט געהערט אפילו אָן איינציק גוט וואָרט פון גאון, וואָס די גאַנצע וועלט רעדט וועגן אים מיט אַזוי פיל התפעלות?

מאירל האָט זיך אפילו ניט פאַרשעמט און אָפּנהאַרציק געענטפערט:

— געהערט האָב איך שוין גאָר אַ סך פון גאון, אי תורה און אי מעשיות־נפלאות. אָבער איבערצוזאָגן האָב איך ניט וואָס. די תורה איז געווען צו שווער פאַר מיר צו באַנעמען, און די מעשיות זיינען, ווי פייגל, אַרויסגעפלויגן פון מיין קאָפּ.

מאירל האָט גריילעך געוואָלט דערציילן פון ר׳ עלינקעס גאונות.

ער אַליין וואָלט זיך מחיה געווען, ער האָט אָבער מורא געהאַט איינצושטעלן. ער קען נאָך פאַרגיין אין צו הויכע התפעלות, און מען וועט זיך, אין סע־ריי, כאַפּן אַז ער פאָרט דאָס אַזוי אָפּט אין ווילנע, כדי זיך צו זען מיטן גאון: די סערייער יידן קענען נאָך מאַכן אַ טעות און מיינען, אַז ער, מאירל מוז זיין גאָר אַ וואַזשנער מאַן און זיי וועלן נעמען אָפּגעבן אים כבוד.

ערשט שפּעט ביינאַכט, ווען אין סעריי איז מען שוין האַרט געשלאָפן, פלעגט מאירל נעמען אויספּאַקן די תורה, וואָס ער האָט געהערט פון ר׳ עלינקען. ער פלעגט זיך זעצן זיי פאַרשרייבן, און זיך זייער געהיט, אַז ער זאָל ניט צוגעבן, צי פאַרפעלן אַ וואָרט. עס זאָל זיין פּינקטלעך ווי ער האָט געהערט פון גאונס הייליקן מויל.

זינט מאירל האָט צוריקגעפונען זיין רבין, איז ער ביי זיך מוטיקער. ער דאַרף מיט זיינע „תיקוס״ שוין מער ניט וואַרטן ביז אליהו הנביא וועט קומען. ר׳ אליהו ווילנער וועט שוין זיי פאַר אים דערקלערן. ער איז געווען אַזוי געטריי איבערגעגעבן זיין אַמאָליקן חברל, ר׳ עלינקען, אַז ער האָט זיך דערפרייט מיט אַלע פריידן, ווען ער האָט דערשפּירט, אַז ער, מאירל, איז שוין אינגאַנצן אויס, ווי עס וואָלט שוין אויף דער וועלט מער ניט געווען אַ מענטש, וואָס הייסט מאירל. ער האָט שוין מער ניט קיין אייגענע פאַרלאַנגען. ער פירט מער ניט קיין אייגענעם חשבון, אפילו פאַר דעם עולם־הבא. אין זיין יעדן קער און ווענד האָט ער, ר׳ מאירל, בלויז אין זינען, אים, דעם גאון הגאונים. אפילו לערנען איז מער ניט צוליב זיין אייגענער מצווה. ער האַלט אין איין זוכן צו גע־פינען האַרבע שאלות, צו האָבן מיט וואָס צו פאָרן קיין ווילנע, פרעגן זיי ביים גאון. מאירלען האָט זיך געגומען דוכטן, אַז די וועלט האָט נאָך ניט רעכט באַנומען ר׳ אליהוס גדלות. מען הייבט ניט אָן צו וויסן, ווי גרויס עס איז, באמת, זיין גאונות און חכמה. און שולדיק איז ר׳ אליהו אַליין. ער איז אַ צו גרויסער עניוו. ער זאָגט ניט קיין דעות. האָט ר׳ מאירל גענומען זוכן תחבולות, ווי אַרויסצופירן ר׳ אליהון אויף דעם ברייטן שליאַך, ער זאָל ווערן דער מנהיג ביי יידן פון דער גאָרער וועלט.

מאירל אַליין איז נאָך אין זיין גאַנץ לעבן אויף קיינעם ניט געוואָרן אין כעס. ער וועט זיך דאָך ניט שטעלן דינען „עבודה־זרה״. און ער האָט מיט קיינעם זיך ניט געקריגט. אָבער ער האָט דווקא פאַרלאַנגט, אַז דער גאון זאָל זיך אַריינמישן אין דער מחלוקה פון די ווילנער פרנסים מיט זייער יונגן רב, ר׳ שמואל בן אביגדור. זאָל די וועלט דערזען, ווי גרויס עס איז זיין כוח, ווי מיט זיין איין וואָרט האָט ער איינגעשטילט אַזאַ גרויסע מחלוקה.

דער גאון האָט אים אָבער געזאָגט:

— עלי, אַנטלויפט פון מחלוקות.

האָט ר׳ מאירל אים ניט איבערגעשפּאַרט, כאָטש עס איז אים געווען זייער שטאַרק ניט צום האַרצן.

דערוויַיל האָט זיך אונטערגערוקט די גרויסע וועלט־מחלוקה צווישן ר׳ יעקב עמדינען און ר׳ יונתן אייבשיצן. ר מאירל האָט געהאַלטן מיטן אייבשיצער. ער, וואָס האָט זיך געחקירהט אין קבלה, האָט געהאַט קריוור־דעס צו ר׳ יעקב עמדינען, וואָס ער, דער שאַרפער קאָפּ, לייקנט איז „זוהר״ און זאָגט, אַז דער תנא ר׳ שמעון בן יוחאי איז גאָר ניט געווען דער „בעל־הזוהר.״

מאירל האָט זיך דערוואוסט, אַז ר׳ יונתן אייבשיץ האָט געשיקט אַ בריוו קיין ווילנע. ער בעט, אַז ר׳ אליהו, דער יונגער גאון, זאָל זיך אַריינ־מישן אין וויכוח און אַרויסזאָגן זיין דעה, ווער עס איז גערעכט: צי דער אמת איז מיט אים, דעם אייבשיצער, צי מיט זיין בעל־מחלוקה, דעם עמדינער. האָט מאירל גענומען איינטענהן מיט ר׳ אליהון, ער זאָל שטאַרק אויסמוסרן ר׳ יעקב עמדינען. דער גאון האָט אים געענטפערט:

— איך האָב נאָכגעקוקט די קמיעות, וואָס ר׳ יונתן אייבשיץ האָט אַרויסגעגעבן. זיי זיינען אַלע על־פּי דרך־התורה. דער אייבשיצער איז אַ גרויסער למדן אויך אין דער תורה שבנגלה. מען קען זיך אויף אים פאַרלאָזן. איך טאָר זיך אָבער ניט אַריינמישן אין אַ מחלוקה, וואָס קומט פאָר ניט אין אונדזערע מקומות. איך קען ניט דעם געגנט און איך ווייס ניט אַלע פּרטים. איך האָב געשריבן ר׳ יהונתנען אַ בריוו, איך האָב אים מסביר געווען מיינע טעמים. איך בין בטוח, אַז ער, דער צדיק, וועט איינזען, אַז איך בין גערעכט. און ווידער גערעדט, זייט איר דאָך אויך אַ ידען אין נסתר. פאַרוואָס שוויַיגט איר?

מאירל האָט אָבער רואיק געענטפערט:

— רבי, אונדזערע רבנן האָבן אונדז אָנגעזאָגט, אַז דרך־ארץ קומט פריער אפילו פון תורה. און דערפאַר טאָר אַ תלמיד ניט פּסקענען קיין דינים, ווען זיין רבי איז דאָ דערביי.

דער גאון שמייכלט און ענטפערט:

— איך גיב אייך דעם רשות!

מאירל קאָרטשעט זיך אַזש איין און ער ענטפערט מיט התנצלות:

— ווער בין איך, אַז די וועלט זאָל מיר האָרכן? און עס וואָלט דאָך געווען די גרעסטע העזה, אַז איך, עפּעס אַ ייד פון סעריי, זאָל ריידן שטרענגע רייד צו ר׳ יעקב עמדינען. ער איז דאָך אַ גדול אין דער תורה און דערצו נאָך אַ בן־אבות. ער איז דאָך דעם ווילנערס חכם־צביס אַ זון.

מאירל האָט אויך ניט ליב געהאַט די נייע חסידים. ער, דער למדן, האָט זיי ניט געקענט פאַרגעבן, וואָס ביי זיי, שטייט כוונה העכער ווי לומדות. איז ער געווען זייער צופרידן, וואָס ער האָט זיך דערוואוסט, אַז אויך עלינקע איז אש־להבה אויף די חסידים. איין טאָג האָט ר׳ סעדיה מאירלען דערציילט, אַז די חסידים רייסן זיך קיין ליטע, און ר׳ אליהו האָט פון דעם צער. ער, דער רודף אחר השלום, האָט מורא פאַר אַ מחלוקה. אַז ר׳ מאירל האָט דאָס דערעהרט, האָט ער זיך שוין גענומען היטן צו

דערמאָנען פאַר ר׳ עלינקען די חסידים. ער, דער געטרייער פריינט, האָט געהאַט צער, וואָס עלינקע האָט פון דעם צער. ער האָט איבערגע־ציטערט, אַז עס זאָל אים דאָס ניט שאַטן צום געזונט. האָט ער, בלויז אין דער שטיל, זיך געהיצט קעגן די חסידים, און געהאַלטן אין איין קלערן, ווי אַזוי אויסצואוואָרצלען זייער שיטה ביזן גרונט, אַז עלינקע זאָל פאַרשפּאָרן צו האָבן עגמת־נפש.

איין ווינטערדיקע נאַכט, איז מאירל געזעסן ביי זיך אין שטיבל, אין סעריי און ווי תמיד, אין די שפּעט נעכט, האָט ער זיך געטיפט אין קבלה. ער האָט זיך געמיט צו מאַכן צירופים. פּלוצים איז אים איינגעפאַלן אַ געוואַגטער רעיון. ער איז געווען זיכער, אַז ער האָט געפונען דעם ריכ־טיקן מיטל, ווי פּטור צו ווערן פון ר׳ עלינקעס שונאים, — די חסידישע רביים.

מאירל האָט זיך אָנגעטאָן זיין אויבער־בגד, גענומען דעם טלית אונטערן אָרעם און ער האָט זיך געלאָזט שפּאַנען קיין ווילנע, דורכצו־ריידן זיך וועגן זיין תחבולה מיטן גאון. ער איז געהאַט געווען פאַרטיפט אין זיין לערנען, האָט ער ניט געוואוסט, אַז אין דרויסן האָט די גאַנצע נאַכט געזאָווערוכעט. און די וועגן זיינען באַדעקט מיט אַ טיפן שניי. אַז ער איז אַרויס פון זיין שטיבל און דאָס דערזען, איז אים געוואָרן שווער אויפן האַרצן. ער האָט זיך אָבער געמאַכט מוט און געלאָזט זיך גיין אין וועג אַריין.

ווען ער איז אָנגעקומען אין ווילנע, האָט ער, דער פרומער מאַן, געבענטשט גומל. וואָרים ער איז אויפן וועג עטלעכע מאָל פאַרזונקען געוואָרן אין שניי. און כאָטש ער איז געווען זייער מיד, האָט ער זיך ניט פאַרגונען אָפּצורוען. ער איז גלייך אַוועק צום גאון אין קלויז און צו אים געזאָגט:

— רבי, עס איז מיר איינגעפאַלן אַ גוטע תחבולה, ווי אַזוי אויסצור־וואָרצלען די פאַלשע שיטה! איך רעד צו אייך איצט ניט ווי אַ תלמיד, נאָר ווי אַ חבר. זאָל מיר פאַרגעבן ווערן די עבירה, מחמת איך טו עס ניט פון גאווה, נאָר לשם־שמים. איך זאָג צו אייך אָפן: פון מיר קענט איר זיך דאָך ניט אויסבאַהאַלטן. מיר האָבן דאָךביידע צוזאַמען געלערנט קבלה. אמת, מיין גראָבער קאָפּ האָט די סודות און די רמזים ניט באַנו־מען, אָבער איר זייט דאָך אַזאַ גרויסער בעל־כוח אין נסתר. איר ווייסט דאָך אַפילו דעם „שם מפורש״, טאָ פאַרוואָס זאָלט איר אויך ניט באַווייזן מופתים? זאָלן די חסידים דערזען, ווי קליין און מינדערוועדטיק עס זיינען זייערע רביים אַנטקעגן אייך, דעם איש־אלקים!

דער גאון האָט אַ צעשטרייטער אָנגעקוקט זיין אַמאָליקן חבר, מאירל, און האָט שטרענג געענטפערט:

— עלי קען באַווייזן מופתים בלויז אין לערנען. צו פאַרשטיין ריכ־טיק אַ בלאַט גמרא איז דער גרעסטער מופת.

ר׳ מאירל סערייער האָט אַ רואיקער אָנגעקוקט ר׳ אליהון. ער איז נאָך ביי זיך געווען זיכער, אַז ווען דער גאון וועט הערן, וועלכן מופת ער עצהט אים צו באַווייזן, וועט עס אים שטאַרק געפעלן. האָט ער געזאָגט:

— איך ווייס, אַז איר האַלט ניט פון די זאַכן, אפילו איך, וואָס ווער בין איך, בין אויך קעגען באַווייזן מופתים. מען טאָר ניט מיט גע־וואַלט איבעראַנדערשן די טבע. אָבער לשם־שמים, צו ראַטעווען די תורה, מעג מען טאָן אפילו אַן עבירה, וואָרים ווער איז נאָך גרעסער פון משה רבינו, און אויך ער האָט זיך פאַרמאָסטן מיט פרעהס כישוף־מאַכערס. מופתים קען מען מנצח זיין נאָר מיט מופתים.

דעם גאון, וואָס האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט זיין אַמאָליקן חבר, מאירלען, האָט שוין פאַרדראָסן, וואָס ער האָט צו אים גערעדט צו האַרב. פרעגט ער אים שוין שמייכלענדיק:

— וואָס פאַר אַ מופת זאָל עלי באַווייזן?

מאירל ענטפערט רואיק און געלאַסן:

— מאַכט אַ גולם! און הייסט אים גיין צו די חסידים קיין פוילן און פאָדאָליע: זאָלן זיי, זייערע רביים, די כלומרשטע בעלי מופתים, אַדרבא, פּרוּווּן מאַכן אַ גולם!...

דער גאון איז אַן אויפגעציטערטער געוואָרן. אַ בלאַסקייט האָט זיך פאַרצויגן אויף זיין פנים. זיינע הענט האָבן זיך געטרייסלט און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָט ער זיך אָפּגערופן:

— ר׳ מאיר, וואָס רעדט איר? עלי זאָל מאַכן אַ גולם? ער וועט דאָס קיינמאָל ניט טאָן!

דער גאון האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ער האָט איינגעדעקט זיין פנים אין די הענט און עס האָט זיך געהערט אַ שטילער געוויין.

נאָך גוט אויסוויינען זיך, האָט ר׳ אליהו אויפגעהויבן זיין קאָפּ און אַ צערודערטער מיט זיינע אויגן אַרומגעזוכט מאירלען. ער האָט זיין אַמאָ־ליקן חבר געוואָלט דערקלערן די טעמים, פאַר וואָס ער קען ניט ממלא זיין די בקשה. אָבער מאירל איז שוין ניט געווען אין קלויז. ער האָט, אַ יאושדיקער, שוין געשפּאַנט קיין סעריי.

דער גאון האָט זיך זייער מצער געווען, וואָס זיין חבר איז אויף אים גע־וואָרן ברוגז. ער האָט גיך אָנגעטאָן דעם מאַנטל און געזאָגט צו זיינע תלמידים, אַז כאָטש ער איז זייער פאַרנומען, ער האַלט ביים פאַרענדיקן זיין פירוש אויף „שיר־השירים״, דאַך מוז ער עס איבערלאָזן אויף שפּע־טער. ער דאַרף איצט פאָרן קיין סעריי איבערצובעטן מאירלען.

די תלמידים האָבן אים גענומען אָפּריידן: עס איז אַ סכנה איצט צו פאָרן. דער גאון האָט אָבער פון דעם ניט געוואָלט הערן. האָט ר׳ סע־דיה געדונגען פאַר זיין רבין אַ שליטן, מיט ווייכע קישנס, אָנגעשטאָפּטע מיט קעמל־האָר. דער גאון האָט אָבער, אין דעם אויסגעפּוצטן שליטן ניט געוואָלט זיך אַריינזעצן און געזאָגט: — עס איז גלייכער אַ פּשוטער שליטן.

ר׳ סעדיה האָט געמיינט, אַז זיין רבי וויל דאָ פאַרהיטן מען זאָל אים בחינם ניט חושד זיין, אַז ער האַלט זיך ביי זיך גרויס. האָט ר׳ סעדיה באַפרידיקט דעם פורמאַן פאַר דער טרחה און היזק, און געהייסן אים ברענגען אַן אַנדער שליטן. ער האָט אָבער יענעם אָנגעזאָגט, ער זאָל אַוועקלייגן די זעלביקע ווייכע קישנס. דער פורמאַן איז גיך געקומען צוריק מיט אַן אַלטן געשפאַן. אָבער דער גאון האָט זיך אויך אין דעם שליטן ניט געוואָלט אַריינזעצן און ער האָט געזאָגט צו סעדיהן:

— די קישנס זיינען שעטנז!

ר׳ סעדיה האָט זיך געחידושט, און געפרעגט דעם גאון:

— ילמדנו רבינו? עס איז דאָך אַ בפירושע גמרא, אַז די האָר פון אַ קעמל זיינען ריין פון שעטנז.

ביי ר׳ אליהון איז געווען הייליק און ליב דאָס לשון אויף וועלכן יידן ריידן. האָט ער געוואויגן און געציילט יעדן אות, פונקט ווי אין לשון קודש, האָט ער צו ר׳ סעדיהן געזאָגט:

— ווען מען מאַכט ניט קיין גרייזן ביים ריידן, וואָלט ניט געווען קיין גרייזן ביים פאַרשרייבן. אין היינטיקע צייטן מיינט ניט קעמל־האָר, טאַקע ממש האָר פון קעמלען, נאָר האָר וואָס איז געבאַרשט מיט קעמלעך.

איז דער פורמאַן צוריק געפאָרן אַהיים, און ער האָט אויסגעבעט זיין שליטן מיט שטרוי.

דער וועג קיין סעריי איז געווען זייער פאַרשנייט. דאָס פערד, וואָס איז געווען געשפאַנט אין שליטן, איז גיך געוואָרן פאַרמאַטערט, האָט דער גאון רחמנות געקראָגן אויף דער בהמה און געזאָגט צום פורמאַן:

— עס איז אַ צער בעלי־חיים. טאָ לאָזט די בהמה זיך אָפּרוען, און פאָרט פּאַמעלעך צוריק אַהיים. אייער שכר־עגלה וועט איר קריגן אין פולן באַצאָלט. וואָרים ניט איר, נאָר איך האָב חרטה אויפן עסק.

האָט ר׳ אליהו זיך באַדונגען מיט אַ פויער, וואָס איז ממילא געפאָרן קיין סעריי. זיין שליטן איז געווען געשפּאַנט צו צוויי פערד, און אויסגערוטע. האָבן זיי זיך געטראָגן ווי אָדלערס. ר׳ אליהו איז אַ באַרו־איקטער געזעסן אויפן שליטן, אַ פאַרקלערטער אין זיין ביאור אויף „שיר־השירים", וואָס איז לויט ר׳ אליהוס חשבון געווען שלמה המלכס טויזנט און זעקסטע ליד. ער האָט עס פאַרטייטשט אי אויפן דרך פשט און אי אויפן דרך פון רמז.

מיטאַמאָל האָט זיך דער שליטן געגעבן אַ בויג אויס אויף איין זייט. ר׳ אליהו האָט זיך פון אים אַראָפּגעגליטשט. ער איז געווען אַזוי שטאַרק פאַרקלערט אין זיין ביאור, אַז ער האָט אפילו ניט געשפּירט, אַז ער זיצט ניט מער אויפן שליטן, נאָר גאָר אויף אַ קופּע שניי. שפּעט אין דער נאַכט, אין דרויסן האָט זיך צעפלאַקערט אַ שטאַרקער פראָסט, ערשט דאַן האָט ר׳ אליהו זיך געכאַפּט, אַז ער זיצט אויפן פוסטן פעלד. ער האָט זיך דער־פרייט, ווען ער האָט דערזען, אַז אין טאָל לייכטן פייערלעך, און זיי וויזן, אַז דאָרטן איז אַ ישוב.

דאָס איז געווען דאָס קליין שטעטל סלאָוואַנט, אַ יידיש ישובל, פון בלויז עטלעכע מנינים קאַראַבעלניקעס און דאָרפסגייער. זיי, די אָרימע יידן האָבן אָבער פאַרמאָגט אַלץ, אַן וואָס אַ יידישע קהלה קען זיך ניט באַגיין: אַ בית־המדרש און א רב.

אַז ר׳ אליהו איז אָנגעקומען אין סלאָוואַנט, איז שוין אין אַלע שטי־בער געווען פינצטער. בלויז אין איין שטיבל האָט זיך נאָך געטליעט אַ קינדל. ר׳ אליהו האָט שטיל אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, ער האָט דער־הערט איילקע טריט, ווי פון אַ יונג יינגל. צו זיין גרויסן חידוש האָט ער גאָר דערזען, אַז אין דער אָפענער טיר שטייט אַן אַלטער גרייז־גרויער מאַן, און זיין הדרת־פנים זאָגט עדות, אַז ער איז אַ למדן. ר׳ אליהו האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער רב פון שטעטל. האָט ער געהאַט בדעה צוריקצוגיין, מחמת דער רב וועט אים אַוודאי ניט אַריינלאָזן צו זיך אין שטוב, איידער ער וועט אים פרעגן פון וואַנען ער קומט און וואוהין ער גייט, און צי ער קען לערנען. דער זקן האָט אָבער אַפילו זיין נאָמען ניט געפרעגט. ער האָט זיך געפרייט מיט אַלע פריידן, וואָס ער קען מקיים זיין די מצווה פון הכנסת־אורחים. און ער, דער אָרימער רב, וואָס דאַרף ציען זיין חיונה פון די פּאָר מנינים אָרימע יידן, האָט איצט אַ גע־לעגנהייט צו זאָגן צו אַן אורח: גייט זיך וואַשן, און כאַפּט אָפּ דאָס האַרץ.

ר׳ אליהו האָט אים געענטפערט: — רבי, אַ דאַנק! איך בין ניט הונגעריק, איך בין בלויז מיד. בעט איך ביי אייך, אַז איר זאָלט מיר געבן רשות איבערצוזיצן ביי אייך, אין שטוב, איבער נאַכט.

דער רב האָט אַ צעשמהטער געוויזן מיטן פינגער אויף אַ באַנק, און האָט געזאָגט:

— איר קענט זיך דאָ רואיק צולייגן שלאָפן. קיינער וועט אייך ניט שטערן.

אין שטיבל איז געווען זייער קאַלט. דער רב, דער עני, האָט ניט פאַרמאָגט אַפילו אַ וואַרימען צודעק פאַר זיין צעקעלטערטן אורח, האָט ער אין אַ פאַרלעגנהייט געגלעט זיין שטערן, וואָס איז געווען אין הוי־לע קנייטשן. ער האָט זיך דערטראַכט צו אַ תכלית. ער איז אין גרויס געאייל צוגעלאָפן צו אַן אַלמער, אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ שעפּ־סענעם פעלצל, וואָס האָט אויף זיך ניט געהאַט אַפילו קיין געוואַנט. ער האָט מיטן פוטערל איינגעדעקט ר׳ אליהון, און ער האָט זיך צוריק געזעצט לערנען.

ר׳ אליהו איז אויפגעציטערט געוואָרן. ער האָט דערזען, אַז דאָס פעלצל איז שעטנז. עס איז געניית מיט פלאַקסענע פאָדים. אמת, אַלע בעלי־פוסקים זיינען עס מתיר, אָבער ער האַלט ניט פון דער הנחה. ער איז אין אַזוינע זאַכן אַ מחמיר. איבערהויפּט ווען עס האָט צוטאָן מיט אים אַליין.

אָבער צו זאָגן דעם רב, אַז זיין פעלצל איז שעטנז, האָט ער ניט גע־האַלטן פאַר רעכט, צוליב כמה־וכמה טעמים. קודם־כל קען נאָך דער רב

געשטרויכלט ווערן אין אַן עבירה. ער וועט דאָך אוודאי חושד זיין, אַז זיין אורח זוכט דאָ צו ווייזן גאווה, וואָס כאָטש נאָך אַ יונגערמאַן איז ער מער מדקדק אין דינים, ווי ער, דער זקן.

ר׳ אליהו האָט דערזען, אַז דער רב איז שוין פאַרטיפט אין לערנען, האָט ער, שטילערהייט, פון זיך אַראָפגעשאַרט דאָס פעלצל. דער אַלטער מאַן, האָט אָבער ניט פאַרגעסן אַן זיין אורח. ער האָט זיך אָפגעריסן פון לערנען און איז געקומען אַ קוק טאָן צי ער איז גוט איינגעדעקט. אַז ער האָט דערזען, אַז דאָס פעלצל ליגט אַן אַ זייט, האָט ער, זיפצנדיק, עס צו־ריק אויף אים אַרויפגעלייגט. אָבער ווי נאָר דער רב האָט ווידער זיך פאַרטיפט אין לערנען, האָט ר׳ אליהו ווידער אַרונטערגעשאַרט פון זיך דאָס פעלצל. אָבער דער אַלטער מאַן איז באַלד ווידער געקומען און מיט געטריישאַפט פון אַ טאַטן נאָכאַמאָל אים צוגעדעקט. אַזוי איז עס אָנגעג־גאַנגען אַ רעכט ביסל מאָל. דער רב האָט געהאַלטן אין איין איינדעקן אים מיט דעם פעלצל און ר׳ אליהו, אין איין אַראָפשאַרן. דאָך האָט דער זקן ניט אַרויסגעוויזן אַפילו קיין סימן פון כעס. אַז ער האָט דערזען, אַז זיין אורח איז גאָר וואַך, האָט ער, מיט רחמים, זיך ביי אים גענומען בעטן:

— טוט מיר אַ גמילת־חסד, היט זיך, אַז דאָס פעלצל זאָל זיך ניט אַראָפגליטשן. איך זאָל מער ניט דאַרפן גיין אייך צודעקן און מבטל זיין אין לערנען. איך וויל אַריינכאַפּן כאָטש נאָך עטלעכע מסכתות. די צייט איז אַזוי קורץ... איך בין דאָך שוין זאַט אין יאָרן...

אַז ר׳ אליהו האָט דערהערט אַזוינע צדקותדיקע רייד, האָט ער שוין ניט מורא געהאַט צו דערציילן דעם גאַנצן אמת, און ער האָט געזאָגט מיט התנצלות:

— רבי, דאָס פעלצל האָט פלאָקסענע באַוול, און איך בין זייער מדקדק אין די דינים פון שעטנז.

אַן אומעט האָט זיך באַצויגן איבער דעם רבס פנים.

ר׳ אליהו האָט שוין געגלויבט, אַז ער גייט ווערן אין כעס און זיך בייזערן, וואָס ער, אַ יונגערמאַנטשיק, האָט אַ העזה צו קריגן אויף די קדמונימדיקע בעלי־פוסקים. זיי זיינען מתיר, און ער אסורט. אָבער דער אַלטער רב האָט אפילו מיט אַ וואָרט זיך ניט אָפגערופן. ער האָט גאָר מיט זיך אַליין פאַרפירט אַ פּלוגתא. ער האָט מיט אַ גמרא־ניגון, גע־טעהנט צו זיך אַליין:

— אָבער שלאָפן אָן אַ צודעק איז דאָך קאַלט? און קיין וואַרימע קאָלדרע פאַרמאָג איך ניט! טאָ, וואָס טוט מען דאָ?

מיטאַמאָל האָט זיך דעם אַלטן רבס פנים צעשיינט. ער האָט אין גרויס געאייל גענומען לויפן צו זיך אין קיך. ער איז באַלד געקומען צוריק מיט אַ שאַרפן מעסער אין זיין האַנט. ער האָט גענומען צעשניידן די נעט פון פעלצל, זיין איינציקן שבתדיקן ווינטערדיקן בגד, צופרידנ־צושטעלן אַן אורח, וואָס ער קען אים ניט, און ווייסט ניט ווער יענער איז.

ר׳ אליהו האָט אַ געפּלעפּטער צוגעקוקט, ווי דער רב איז, נאָכן צעשניידן

זיין פּעלצל, אַ מוטיקער געלאָפן זיך צוריק זעצן לערנען און האָט זיך צעזונגען ביי דער גמרא, ווי ער וואָלט איצט געווען דער גליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט.

ר׳ אליהו, כאָטש ער איז געווען זייער מיד, האָט פון צער ניט גע־קענט איינשלאָפן. ער האָט זיך ניט געקענט מוחל זיין, וואָס צוליב אים האָט דער אָרימער רב צעשניטן זיין איינציק פּעלצל. איז ער די גאַנצע נאַכט געלעגן אויפן באַנק אַ וואַכיקער. ער האָט זיך פון ווייטן צוגעהערט, ווי דער אַלטער רב לערנט און איז אַריין אין התפּעלות פון זיינע טיפע און הבנהדיקע חידושים אין סברות. ר׳ אליהו האָט דערקענט, אַז דער קליינשטעטלדיקער רב איז בקי איןביידע ש״ס׳ן און איז אַ גדול אין דער תורה. ווען ער, ר׳ אליהו, האָט דורכן פענצטער דערזען, אַז עס שפּראָצט שוין אויף טאָג, איז ער אויפגעשטאַנען פון זיין געלעגער. ער איז אויף די שפּיץ פינ־גער אַריין אין קיך, זיך געוואַשן און געזאָגט ברכה, און זיך שטיל אַרויסגע־שלייכט פון שטוב. ער האָט מורא געהאַט איינצושטעלן זיך צו געזע־גענען מיטן רב, טאָמער וועט ער איצט אים פרעגן: — מה־שמיכם? און אפשר וועט ער אויך וועלן וויסן, וואוהין ער גייט. ער, ר׳ אליהו, וועט דאָך אים מוזן דערציילן דעם אמת, אַז ער איז אליהו ווילנער, און ער גייט אין סעריי איבערצובעטן זיין חבר מאירלען. און ר׳ אליהו האָט ניט געוואָלט, אַז דער רב זאָל וויסן די אַלע זאַכן, ער זאָל ניט קענען אים אויפזוכן. וואָרום, ער, ר׳ אליהו, האָט איבערגעלאָזן אויפן געלעגער זיינע גאַנצע הוצאות־הדרך, אַז דער אָרימער רב זאָל האָבן מיט וואָס צו באַצאָלן אַ שניידער, אויפצונייען צוריק דאָס פּעלצל.

ר׳ אליהו איז דעם גאַנצן וועג קיין סעריי געווען אין שרעק. אַז ער האָט געהערט דאָס סקריפּען פון אַ שליטן, האָט ער זיך גיך באַהאַלטן הינטער אַ קופּע שניי. ווייל אפשר פאָרט אָן דער אַלטער רב, ער יאָגט זיך נאָך אים אומצוקערן דאָס געלט...

אַז דער גאון איז אָנגעקומען קיין סעריי, איז שוין געווען גרויסער טאָג. מאירל איז געזעסן אַ פאַרטיפטער אין לערנען. אַז ער האָט דערזען זיין רבין, האָט ער גיך פאַרדעקט די פענצטער. ער האָט מורא געהאַט, טאָמער דערזעט מען, אַז ביי אים אין שטוב זיצט דער גאון, און מען וועט נעמען אים, מאירלען, אָפּגעבן כבוד. ער האָט מיט האַרבע שבועות באַשוואוירן זיין זיווג, זי זאָל האַלטן סוד און קיינעם ניט דערציילן, אַז דער גאון איז געקומען צו זיי צו גאַסט. ער האָט צו איר געזאָגט: — איך ווייס, אַז דאָס וועט דיר אָנקומען שווער. די רבנן זאָגן, אַז די נשים האָבן צוגענומען גאַנצע ניין חלקים פון די צען מאָס רייד, וואָס דער בורא האָט אַראָפּגעשיקט אויף דער וועלט. — טאָ שטאַרק זיך.

מאירל האָט אפילו מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט זיין ברוגז. און ווי אַמאָל אין זייערע יינגלשע יאָרן, ווען ער מיטן גאון זיינען געווען חברים, האָבן זיי זיך געזעצט לערנען קבלה. זיי האָבן זיך אַזוי פאַר־טיפט, אַז זיי האָבן ניט געשפּירט, ווי דער טאָג איז אַוועק. זיי וואָלטן

אַזוי ווייטער געזעסן און געלערנט אויך דורך דער נאַכט. אָבער מאירלס זיווג, די גרויסע בריה, האָט זיי פֿאַרבעטן צו וועטשערע.

ביים טיש איז דעם גאון איינגעפֿאַלן טיפֿע רעיונות אויפֿן לעצטן בלעטל „שיר־השירים", וואָס ער האָט פֿאַרן קומען אין סעריי זיך געהאַט שטאַרק געמאַטערט און ניט געקענט געפֿינען קיין פּירוש. ר' אליהו איז געוואָרן ביי זיך זייער פֿריילעך, און ער האָט צו מאירלען געזאָגט:

— אַ טובה און אַ רעה זיינען געגליכן צו אַ פֿאַרזייט פֿעלד. מען קען ניט דערקענען, וואָס עס וועט אויסוואַקסן ביז די תבואה הייבט אָן צו שפּראָצן. פֿון אַ טובה קען גאָר אַמאָל אַרויסוואַקסן אַ רעה, און פֿון אַ רעה — אַ טובה. מהאי־טעמא, דאַרף מען דאַנקען דעם בורא פֿאַר אַ רעה, פּונקט ווי מען דאַנקט פֿאַר אַ טובה. עס קען אפשר אַרויסקומען פֿון דעם גאָר גוטס. אָט, האָט איר מיט אייער ברוגז ווערן גאָר מיר געבראַכט גליק, איך האָב דערווייל געהאַט דעם זכות צו דערזען, וואָס עס מיינט אמתע צידקות און ווי ווייט עס קען דערגרייכן.

ר' אליהו האָט מיט התלהבות דערציילט מאירלען וועגן דעם אַלטן אָרימען רב, וואָס האָט צעשניטן זיין איינציק פּעלצל, מקיים צו זיין די מצווה פֿון „הכנסת־אורחים". ר' אליהו האָט געבעטן מאירלען, אַזוי ווי נאָר די זאַווערוכע וועט זיך איינשטעלן, זאָל ער אַזוי גוט זיין און צופֿאָרן קיין סלאָוואַנט און ריידן מיטן אַלטן רב אין לערנען און פּועלן ביי אים, ער זאָל געבן זיינע פֿאַרשריבענע חידושי־תורה צום דרוקן. ער, עלי, איז בטוח, אַז יענער איז אַ חוץ אַ צדיק אויך אַ גאון עולם. די וועלט האָט אים אָבער פֿאַרזען און אים געלאָזט זיך מוטשען אין אָרימקייט, אין דעם פֿאַרוואָרפֿענעם ישוב, וואָס מען רופֿט: סלאָוואַנט.

מאירל האָט פֿאַרוואונדערט געשמאַקעט מיט די ליפּן: אַזאַ גרויסער צדיק! ווען זיין רבי איז ניט ביי אים צוגאַסט, וואָלט ער זיך ניט אומגעקוקט אויף דער זאַווערוכע. ער וואָלט גלייך געלאָפֿן קיין סלאָוואַנט.

ביידע ר' מאירל און ר' אליהו האָבן זיך פֿאַרטראַכט. מיטאַמאָל האָט זיך ר' אליהו אָפּגערופֿן:

— מאירל, פֿון דיין ברוגז ווערן, איז אַרויסגעקומען נאָך אַ טובה. דאָ ביים טיש, איז מיר איינגעפֿאַלן דער פּירוש אויף די לעצטע שורות אין „שיר־השירים". איך האָב זיך אויף זיי, ביי מיר אין קלויז, שטאַרק געמוטשעט. אויב עס איז דיר ניחא, וועל איך איצט איבערזאָגן מיין פּירוש אויף גאַנץ „שיר־השירים". איך געדענק אים אויפֿן קאָפּ.

מאירל האָט זיך פֿאַר פֿרייד אַ הייב געטאָן פֿון טיש:

— רבי, זאָגט, עס וועט זיין פֿאַר מיר דער גרעסטער נחת־רוח.

דער גאון האָט אָנגעהויבן צו זאָגן זיין פּירוש. און איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון זיינע אייגענע רעיונות. מאירל האָט פֿאַר גרויס באַוואונדערונג פֿאַרהאַלטן דעם אָטעם. און פֿון התפּעלות האָבן זיי ניט באַמערקט, אַז די ליכט זיינען אויסגעגאַנגען און זיי זיצן אין דער פֿינצטער.

אַז דער גאון האָט געענדיקט זיין פירוש אויף „שיר־השירים", האָט מאירל אויסגערופן מיט התפעלות:

— רבי, ערשט איצט פאַרשטיי איך „שיר־השירים". ערשט איצט זעט מען, פאַרוואָס מען האָט שלמה המלך געהאַלטן פאַר גרעסטן חכם. אין אייער פירוש איז דאָ אַלע יסודות פון דער תורה: — פשט, דרוש און רמז.

מאירל איז אין גרויס געאייל אַוועק אין קיך, און געבראַכט אַ גאַנצן בינטל ליכט. ער האָט זיי אַלע אָנגעצונדן און געזאָגט:

— רבי, זאָלן מיר איצט פראַוועון דעם „סיום" אויף אייער פירוש, זאָל עס זיין פאַר מיר, און מיינע קינדער, צו געדענקען, אַז ביי מיר אין קליינעם שטיבל האָט איר פאַרענדיקט אייער גרויסן פירוש אויף „שיר־השירים."

מאירל האָט אַרויפגעשטעלט אויפן טיש אַ קאַראַפינקע ראָזשינקע־ווייַן, וואָס זיין ווייב, די בריה, האָט אַליין געמאַכט פון ראָזשינקעס, כדי איר מאַן זאָל האָבן צו מאַכן הבדלה. אָבער ער, מאירל, האָט צוליב עניוותדיקע טעמים געמאַכט הבדלה אויף בייערש ביר, ווי אַלע פשוטע יידן, איז דאָס קאַראַפינקע מיטן וויין, געשטאַנען און ווי געוואַרט אויף אַ תיקון. איצט האָט עס געקראָגן אַ תיקון. דער גאון זאָל אויף דעם מאַכן אַ ברכה.

מאירל האָט זיך זייער משמח געווען. ער האָט זיך געהויבן אויף די פיס ווי צום טאַנץ, און אונטערגעברומט אַ פריילעכן גמרא־ניגון... און פלוצים האָט ער זיך שטיל, אָן כעס, אָפּגערופן:

— רבי, איך בעט איך — ראַטעוועט די תורה פון די נייע חסידים און מאַכט אַ גולם!



## קאַפּיטל יב



איין צייט האָט דעם גאון זיך שוין געדוכט, אַז מאירל גייט ווערן צוריק מיט אים חבר. ער, דער גאון, האָט זיך מיט מאירלען מתחתן געווען. זיין עלטערער זון, ר' יהודה לייב, האָט געלאָזט שרייבן „תנאים" מיט מאירלס בת־יחידה. די חתונה האָט מען געפּראַ־וועט אין סעריי, איז דער גאון מיט זיין חנהן אַראָפּגעקומען צו פירן זייער זון צו דער חופה.

סעריי האָט זיך עס ניט געגלייבט: — דער גאון זאָל טאָן אַ שידוך מיט אַזאַ פשוטן יידן, ווי מאירל? אַז די סערייער בעלי־בתים, זיינען געקומען אויף דער חתונה, האָבן זיי זיך נאָך מען געחידושט. זיי האָבן דערזען פאַר זיך גאָר אַן אַנדער מאירלען — אָן אויסגעפּוצטן אין אַן אַטלאָ־

סענעם רבנישן ראָק. אויפן קאָפּ אַ שטריימל און ער מאַכט זיך ווי ער קען זיי גאָרניט. ער בלאָזט פון זיך מעשה בעל־גאווה, ווי ער, מאירל, וואָלט געווען דער יחסנדיקער מחותן און ניט דער גאון.

ביי דער חופה האָט דער גאון געוואָלט איינפירן אַ נייעם מנהג בײַם זאָגן די ברכות, אָבער מאירל האָט זיך ברייטלעך אַוועקגעשטעלט און געזאָגט מיטן האַרבן וואָרט:

— איך וועל דאָס ניט דערלאָזן!

און ער האָט אויסגעפירט. דער גאון האָט אים ניט איבערגעשפּאַרט. נאָך דער חופּה, אַז דער חתן מיט דער כלה זיינען אָנגעקומען צו דער חתונה־שטוב, איז מאירל פּלוצים אַרויסגעלאָפן אין פאָרנט און האָט פאַרשטעלט דעם וועג און דווקא באַשטאַנען, אַז ניט דער חתן, נאָר די כלה זאָל די ערשטע אַריבערטרעטן דעם שוועל.

ביים חתן־טיש, צו דער וועטשערע, וואו עס איז אויך געזעסן דער גאון, האָט גאָר מאירל אָנגעהויבן צו זאָגן תורה. און דווקא על־פּי דרך־הפּלפּול. ער האָט אַרויסגעוויזן גרויס לומדות. ער האָט צונויפגע־פירט בערג מיט בערג און זיי צעמאָלן מיט אַזאַ גרינגקייט. די סערייער חברה ש״ס־יידן האָבן דערזען, אַז מאירל איז דאָך גאָר און גאָר אַ גרויסער למדן, און עס איז ניטאָ, וואָס זיך צום וואונדערן, וואָס דער גאון האָט זיך מיט אים מתחתן געווען. אָבער דווקא דערפאַר איז פאַר זיי געוואָרן מאירל נאָך אַ גרעסערע רעטעניש. זיי האָבן ניט געקענט פאַרשטיין זיינע גאַנגען, און פאַר זיך געטראַכט:

— איצט זעט מען דאָך, אַז דער מענטש האָט זיין גאַנץ לעבן זיך געהאַלטן אין איין קליגן, ווי צו אַנטלויפן פון כבוד, בדאי פאַרטראָגן בזיונות, אַבי מען זאָל ניט וויסן, אַז ער איז אַ למדן. איצט, מיט איין מאָל, יאָגט ער זיך גאָר מיט אַזאַ זשעדנעקייט נאָך כבוד. ער, וואָס האָט קיין־מאָל ניט אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט זיך אָפּט געזען מיט דעם גאון, מיעט זיך איצט דווקא צו ווייזן, אַז ער האַלט זיך ניט נידעריקער פון ר׳ אליהון אַפילו כי־הוא־זה. און אָט הערן זיי גאָר, ווי מאירל רופט זיך אָן צום גאון מיט אַ באַזעסנקייט:

— מחותן, לאָמיר גיין אַ מצווה־טענצל!

מאירל טאַנצט, ווי אַ בעל־גאווה. ער האַלט דעם קאָפּ פאַרריסן אין דער הייך. און ר׳ אליהוס אויגן בליצן פאַר נחת. ער, דער עלנטער מענטש, מיינט, אַז מאירל האָט זיך באַזינט צו ווערן מיט אים צוריק חבר.

אויף מאָרגן, נאָך דער חתונה, האָט ר׳ אליהו דערזען, אַז מאירל האָט צוריק אָנגעטאָן זיין קאָרטענעם רעקל און די וואָכעדיק היטל און זיך איינגעשרומפּט. צוריק אַ מאירל, וואָס האַלט זיך נידעריקער פון גראָז. ער פלאַטערט איבער אים, ווי אַ באַדינער אַרום זיין האַר. ער קוקט אים אין די אויגן און היט זיין יעדן קער און ווענד.

ר׳ אליהו האָט ניט געקענט פאַרשטיין, וואָס דאָ איז געשען? פאַר־וואָס האָט מאירל ווידער חרטה געהאַט אויף דער חברשאַפט? ר׳ אליהו

האָט מיט עגמת־נפש געטראַכט, אַז אפשר איז ער דאָ שולדיק. האָט ער אים געפרעגט:

— מאיר, זאָגט מיר דעם אמת. האָב איך, חס־וחלילה, מיט עפּעס אייך פּוגע־בכבוד געווען? זייט איר דערפאַר געוואָרן בייז און איר ווילט שוין ניט זיין צוריק מיין חבר?

אַ פאַרוואונדערטער קוקט מאירל אָן דעם גאון:

— איך, אויף אייך פאַראיבל? איך האָב קיינמאָל ניט געהאַט די העזה, אפילו בלויז צו טראַכטן, אַז איך זאָל זיין אַ חבר פון דעם גאון־הגאונים. ווי קום איך צו אַזאַ הויכן שטאַנד. איך האָב זיך בלויז געמאַכט נאַריש, ווייל עס איז אַ מצווה משמח צו זיין אַ כלה. און אויב מען איז עס מחויב צו טאָן מיט אַ פרעמדער — איז מען עס דאָך אַוודאי מחויב צו טאָן פאַר אַן אייגענער טאָכטער. האָב איך זיך געמאַכט חשוב, אַז די כלה זאָל מיינען, אַז איך, איר טאַטע, איז מי־יודע ווער. ווידער האָב איך געזוכט צו געווינען חשיבות ביי אייער זון, אַז ער, מיין איידעם, זאָל האַלטן בכבוד מיין טאָכטער. מהי־טעמא, האָב איך אפילו געהאַט די העזה צו טאַנצן מיט אייך. אָבער איצט איז שוין נאָכן טאַנץ. בין איך צוריק אייער תלמיד, און איר — מיין רבי. און איך האָב פאַר אייך מורא, ווי איך האָב מורא פאַר דעם, וואָס זיצט אין הימל. איך האָב בלויז פאַרדראָס, וואָס איך, אַ תושב אין סעריי זינט אַזוי פיל יאָרן, וועל מוזן זיך איצט אַרויס־קלייבן אין אַן אַנדער שטאָט. וואָרים די סערייער האָבן זיך שוין, אַוודאי, איינגעשמועסט, אַז איך בין טאַקע אַ וואַזשנער למדן און זיי וועלן נאָך אָנהייבן מיר אָפּגעבן כבוד.

דער גאון האָט אַן אומעטיקער אַ קוק געטאָן אויף מאירלען. זיין האַפענונג איז צערונען. ער בלייבט ווייטער אָן אַ חבר. איז ער, ר׳ אליהו, דער עלנטסטער מענטש אויף דער וועלט, דערפאַר געווען מלא־שמחה, וואָס זיין תלמיד, סעדיה, האָט געבראַכט דעם דובנער מגיד. ער האָט געגלייבט, אַז מן־השמים האָט מען אים צוגעשיקט אַ חבר, וואָס ער זאָל שוין מעגן פאַר אים, זיך אויסריידן דאָס האַרץ. דער דובנער איז דאָך ניט זיינער קיין תלמיד, און ער, אליהו, איז ניט זיינער קיין רבי. יענער געהערט גאָר צו אַן אַנדער וועלט, צום עולם־המשל. ר׳ אליהו, דער קליגסטער פון אַלע מענטשן האָט גלייך דערקענט, אַז דער דובנער איז אַן ערלעכער מאַן. ער ווייסט ניט פון קיין חניפה, ער לויפט ניט נאָך געלט, ער זוכט ניט קיין כבוד, ער מיעט זיך בלויז מקיים צו זיין די שליחות פון אַ מגיד. ער קען דערזען ביי מענטשן אַן עוולה, אַפילו ווען עס איז פאַרדעקט מיט אַסך פיינקייט. און ווי אַנדערש ער איז פון אַלע מגידים. זיי ריידן האַרבע רייד און וואַרפן אָן בלויז אַ שרעק אויף דעם עולם. ער באַזיסט אָבער זיינע שטראָף־רייד מיט משלים. איז גרינג צו פאַרנעמען זיין מוסר, און עס דרינגט אַריין טיפער אין האַרצן. דערצו נאָך איז דער דובנער אַ איש־חכם. ער איז אויסגעקניפּט און אויסגעגע־בונדן מיט די פירונגען פון דער וועלט. ער ווייסט אַלע מענטשלעכע

שוואַכקייטן. וועט ער פון איצט אָן זיין זיין חבר און אויך דער פענצטער. ער, אליהו, וועט דורך אים זען די וועלט...

ער, דער גאון, איז אין זיין דור, און אַפילו דורות פאַר אים, געווען ניט בלויז דער גרעסטער למדן, נאָר אויך דער פרימסטער. האָט ער געבעטן דעם דובנער, ער זאָל אויך אים זאָגן מוסר.

ר׳ יעקב האָט זיך גענומען אָפּבעטן:

— איך, יעקב דובנער, זאָל מוסרן אייך, דעם רכב ישראל ופרשיו?

אָבער דער גאון האָט צו דעם דובנער, מיט שטרענגקייט געזאָגט:

— איר זייט אַ מגיד. איר טאָרט ניט נושא פּנים זיין.

האָט דער דובנער, באין־ברירה, אָנגעהויבן צו מוסרן דעם גאון מיט גאָר האַרבע רייד, און זיי פאַרזיסט מיט משלים. דער גאון האָט פאַר נחת אָנגעקוואָלן און געדאַנקט דעם בורא, וואָס ער האָט ענדלעך דער־לעבט צו האָבן לעבן זיך אַ מענטשן, וואָס שעמט זיך ניט צו זאָגן אים מוסר, און זוכט ביי אים חסרונות.

פלוצים, דעקט דער דובנער אויף ביים גאון אַ חסרון, וואָס ער, ר׳ אליהו, האָט עס געהאַלטן גאָר פאַר אַ מעלה. בייזערט זיך ר׳ אליהו אָן אויפן דובנער:

— ר׳ יעקב, איר זאָלט עס מער ניט זאָגן! עלי וועט זיך קיינמאָל אַזוי ניט פירן, אפילו ווען ער ווייסט, אַז ער שטעלט איין זיין עולם־הבא. און זייט וויסן, אַז עלי יאָגט זיך ניט נאָך עולם־הבא. ער קען זיך באַגיין אָן דעם. ער זוכט בלויז אָפּצוהיטן, וואָס די תורה האָט פאַרזאָגט. און אויב דער בורא וועט אים הייסן טאָן אַן עבירה, — וועט ער עס אָן איבער־פרעגענישן, גלייך טאָן.

דער דובנער שמייכלט, און פאַרענטפערט זיך:

— רבי, אַ מגיד, שטראָפט. טיילמאָל איז ער גערעכט, און טיילמאָל ניט.

דורך אַ משל האָט ער זיך פאַרגליכן צו אַ סטאָליער, וואָס ביים פאַר־ריכטן אַ בנין, האָט ער אַרונטערגעריסן דווקא די גאַנצע ברעטער. דער גאון בעט איבער דעם דובנער פאַר זיינע האַרבע ווערטער, און פּיעס־טשעט זיך פאַר אים, ווי אַ קינד פאַר זיין מאַמען. ער גיסט פאַר אים אויס דאָס האַרץ, וואָס זיין תלמיד, זעלמעלע, רייסט זיך צו ווערן דווקא ווי אַ מלאך, אַ הוילע נשמה אָן גוף. און דער גאון זאָגט צום דובנער:

— איר פאַרשטייט, ר׳ יעקב, אויבנאויף קוקט אויס, אַז צו ווערן אַ מלאך איז אַ מדרגה גאָר אַ הויכע, וואָס לא כל אדם זוכה. עס איז אָבער אַ טעות. די גדלות פון מענטשן איז נאָר ווען ער איז אַ בעל־מלחמה, און ער אַנטלויפט ניט פון דעם גוף. ער ראַנגלט זיך מיט אים, און דער־לאָזט ניט אים, דעם ערדישן חומר, טמא מאַכן די ריינע, הימלישע נשמה. אָבער אויב דער אדם טוט זיך אינגאַנצן אַרויס פון דעם גוף, איז דאָך אויס מיט זיין גדלות. ער קען שוין אפילו ניט האָבן דעם שכר און די הנאה פון פאַרטרייבן דעם יצר־הרע.

פרעגט דער דובנער דעם גאון:

— רבי, טאָ פאַרוואָס מוסרט איר ניט אויס אייער זעלמעלען?

— דער גאון זיפצט, און ער ענטפערט מיט השתפכות הנפש:

— איך, ר׳ יעקב, ווי אַ גוטן פריינט, וועל איך דאָס פאַרטרויען. ביי מיר איז זעלמעלע, ווי אַ ספר. אַז איך דאַרף אַריינקוקן אין אַ ספר, און איך האָב עס ניט ביי דער האַנט, ווענדע איך זיך צו אים: — זעלמעלע, זיי אַזוי גוט און זאָג איבער פאַר מיר די סוגיא! און וויסן זאָלט איר, ר׳ יעקב, אַז איך האָלט ניט פון לערנען אויף אויסנווייניק, ווייל עס איז שכיח, אַז מען זאָל איבערהיפּן ווערטער, וועט די גאַנצע סוגיא ווערן קשה און פאַרפירן אויף פאַלשע דרכים. אָבער אויף מיין זעלמעלען קען איך זיך פאַרלאָזן פונקט ווי אויף אַ ספר. ער וועט אפילו קיין אות ניט פאַרפעלן, טאָ, פרעג איך אייך, ר׳ יעקב, ווי קען איך זיך שטעלן מוסרן אַ ספר?

דער דובנער פאַרטראַכט זיך וועגן גאון און זיין תלמיד, ר׳ זעלמע־לע. ער רייסט גיך איבער זיינע מחשבות. ער האָט דערהערט, אַז דער גאון האָט מיט התנצלות ווייטער אָנגעהויבן צו ריידן:

— איך וואָלט שוין, אויף דעם אַליין, זיך אפשר ניט אומגעקוקט. וואָרים אפילו אַ ספר מעג מען אויך מוסרן. אָבער אין אונדזער הייליקער תורה ווערט שטרענג אָנגעזאָגט: „כבד את אביך ואת אמיך". — דו זאָלסט שעצן דיין טאַטן און דיין מאַמען. לויט די געזעצן פון לשון האָט מען ניט געדאַרפט האָבן ביידע מאָל „את". אָבער קיין איין וואָרט, קיין איין אות, און אפילו אַ טראָפּ האָט מען אין דער תורה ניט אַוועקגעשטעלט אָן אַ כוונה. „את" מיינט, אַז אַלץ, וואָס האָט אפילו דאָס מינדסטע שיי־כות מיט דיין טאַטע־מאַמען, זאָלסטו שעצן, פונקט ווי דיין טאַטע־מאַמען אַליין. און ער, זעלמעלע, טראָגט דאָך מיין טאַטנס נאָמען: שלמה זלמן! טאָ ווי קען איך זיך שטעלן אים שטראָפן?

מער האָט דער גאון ניט גערעדט וועגן זעלמעלען. ער איז גלייך אַריבער וועגן זיין מחותן מאירלען. ער האָט דערציילט דעם דובנער, וועגן זיין אַמאָליקער חברשאַפט אין סיעלץ, און זיך באַקלאָגט: — ער לאָזט מיך ניט צורו. ער באַשטייט, אַז איך זאָל דווקא מאַכן אַ גולם און אים אַרויסשיקן איבערן יידישן תחום מיט אַן התראה צו די חסידים, זיי זאָלן אויפהערן צו גיין אויף די פאַלשע וועגן. איך בעט זיך ביי מאירלען, אַז צוליב כמה־וכמה טעמים, טאָר איך דאָס ניט טאָן. אָבער מאירל וויל פון דעם אַפילו ניט הערן. ער האָלט אין איין שיקן צו מיר בריוועלעך: — רבי, ראַטעוועט די תורה! און מאַכט אַ גולם!

דער דובנער פרעגט אין תמימות:

— רבי, זאָגט מיר, איר קענט טאַקע באַשאַפן אַ גולם, וואָס זאָל גיין און ריידן, ווי אַ לעבעדיקער מענטש?

דער גאון קלערט אַ ווײַלע, און ער ענטפערט מיט ציטערדיקן קול:

— ר׳ יעקב, איך וועל פאַר אייך ניט לייקענען. עלי קען באַשאַפן

אַ גולם! און מיין חבר מאירל איז דורכאויס גערעכט, וואָס ער זאָגט, אַז ווען די חסידים אין פוילן און פּאָדאָליע וואָלטן דערזען דעם גולם, וואָלטן זיי פאַר מיר געקראָגן דרך־ארץ און מורא און וואָלטן באַלד איבער־געלאָזט אין חרפּה זייערע רביים, וואָס שמועסן איין דעם עולם, אַז פאַר זיי זיינען אָפן אַלע סודות פון דער קבלה. אין דער אמתן הייבן זי ניט אָן צו פאַרשטיין ניט דעם הייליקן זוהר און ניט דעם „אר״י הקודש״, די צוויי שטאַרקע דעמבעס, אויף וועלכע זיי הענגען זיך אָן. אָבער ווי קען איך אפילו צו לאָזן אין דער מחשבה, אַז אַ גולם זאָל זיין דער בעל־נצחון? איך, וואָס שטרייט אַזוי קעגן באַווייזן מופתים, זאָל אַליין ווערן אַ בעל־מופת? איך באַגער זייער שטאַרק מנצח צו זיין די חסידים. זיי זיינען נאָך אַ גרעסערע סכנה פאַר דער תורה, ווי די שבתי צבי לייט. לויט זייער שיטה איז דאָך גאָר כוונה דער עיקר. זיי זאָגן, אַז מען דאַרף ניט קענען לערנען. מען קען נתעלה ווערן בלויז דורך רגש און כוונה. דאָס איז אַ טייערער מיטל פאַר אַלע פּוסטע און פאַלשע לייט זיך צו באַהאַלטן אונטער דעם מאַנטל פון כוונה. רגש און כוונה קען מען דאָך ניט פאַרהערן, ווי מען פאַרהערט לערנען...

די חסידים זאָגן: — האָט דער גאון ווייטער דערקלערט דעם דובנער — רחמנא ליבא בעי — אַז דער בורא פאַרלאַנגט פון דעם מענטשן, אַז זיין האַרץ זאָל זיין דערביי, אַז אַלע גוטע זאַכן, וואָס ער טוט, זאָל ער טאָן מיט זיין גאַנצן האַרצן. אָבער דאָס איז דאָך בלויז פאַרן קדוש ברוך הוא, דעם בוחן לבבות, צו באַשטימען ווער עס האָט, און ווער עס האָט ניט קיין גוטע כוונות. און ווידער, וואָס טויגן דעם בורא גלאַט הערצער, פּוסטע אָן תורה. איך וועל מנצח זיין די חסידים, אָבער ניט מיט קיין נאַרישן גולם, נאָר מיט איר, דער קלוגער תורה.

דער גאון האָט זיך פאַרטראַכט און אונטערגעזונגען מיט אַן אומעטיקן ניגון אַ פּסוק פון „איכה״. דער דובנער, וואָס האָט איצט גע־הערט פון גאונס מויל, אַז ער, ר׳ אליהו, קען מאַכן אַ גולם, און ער ווייסט דעם „שם המפורש״, האָט פון פּחד אַזש געציטערט. ער האָט פאַר זיך אַליין געטראַכט:

— איך האָב דאָך דורכגעשפּאַנט דעם תחום אין דער לענג און אין דער ברייט. איך האָב געזען און גערעדט מיט די חסידישע רביים. זיי זיינען גאַנץ פיינע יידן, אָבער ווי קען מען זיי אפילו פאַרגלייכן מיטן גאון. אַנט־קעגן אים זיינען זיי דאָך פּשוטע מענטשן — און דווקא זיי — רייסן זיך אין די הויכע הימלען. זיי ווילן ניט אַנדערש, נאָר ווערן מלאכים. בשעת ר׳ אליהו, דער הימלישער מאָן, וואָס ווייסט אפילו די „מעשה מרכבה״, רייסט זיך מיט אַלע זיינע כוחות צו שטיין אויף דער ערד, צו זיין אַ מענטש ווי אַלע מענטשן. דער דובנער שפּירט דעם גאונס צער. עס רייסט אים דאָס האַרץ פון צו זען ווי ר׳ אליהו איז אין עצבות. זוכט ער אַ וועג ווי אים אויפצומונטערן, און רופט זיך אָפּ:

— רבי, אויב איר האָט ניט דאַקעגן, וואָלט איך געזאָגט אַ משל.

דער גאון וואָס האָט אַזוי ליב געהאַט דעם דובנערס משלים, האָט מיט צופרידנקייט געענטפערט:

— אַדרבא, ואַדרבא, לאָמיר הערן!

דער דובנער האָט מיט אַ מחיהדיקן ניגון גענומען זאָגן זיין נייעם משל:

— אין אַ דאָרף צווישן גאָלע קוים האָט געוואוינט אַ ישובניק. ער איז געווען אַן ערלעכער ייד, אָבער אַן עם-הארץ. ער האָט אפילו עברי רעכט ניט געקענט זאָגן. דער ישובניק האָט געהאַט אַ בת-יחידה. האָט ער פאַר איר, פון שטאָט אַראָפּגעבראַכט אַ חתן, וואָס מען האָט אים פאַרגעשטעלט פאַר אַ גרויסן למדן. די ישובניצע, אַ קלוגע יידינע, האָט געזאָגט צו איר מאַן: — מען קען ניט טרויען די שטאָטישע לייט. זיי האָבן שוין עטלעכע מאָל דיך אָפּגעטאָן שפּיצלעך. זיי האָבן געזאָגט, אַז תבואה איז ביליקער, און צום סוף איז עס גאָר געווען טייערער. האָב איך מורא, אַז מען האָט אויך איצט דיך אָפּגענאַרט. דער חתן איז מסתמא גאָר אַן עם-הארץ. דער ישובניק האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גרויסן חכם, האָט ער צו זיין ווייב געזאָגט:

— דאָס מאָל וועל איך זיך שוין ניט לאָזן אָפּנאַרן. איך וועל אַליין דעם חתן פאַרהערן. האָט ער אַראָפּגענומען פון פאָליצע זיין סידור, און האָט צום חתן געזאָגט:

—אויב דו ביסט טאַקע אַזוי וואויל-געלערנט, טאָ פאַרטייטש מיר אין סידור דעם „עלינו לשבח."

דער בחור האָט עס גלייך אויף אַן אָרט פאַרטייטשט. דער ישוב־ניק האָט געקוואָלן פון נחת, וואָס ער האָט אַריינגעקראָגן אַ למדן פאַר אַן איידעם. אָבער זיין יידינע האָט צו אים געזאָגט:

— פון וואַנען ווייסטו, מיין מאַן, אַז ער האָט דיר ריכטיק פאַר־טייטשט? דו פאַרשטייסט זיך דאָך ניט אויף די שוואַרצע פינטלעך!

דער ישובניק האָט אַ פאַרשעמטער געענטפערט:

— ביסטו גערעכט, מיין קלוגע אשה. אָבער זאָרג זיך ניט. איך האָב אַ שפּאָגל נייעם איינפאַל, ווי אַזוי צו וויסן אויף געוויס, צי דער בחור איז טאַקע אַ למדן.

ער האָט דעם חתן אָוועקגעפירט צו זיך אויפן פעלד, וואו עס האָט זיך געפּאַשעט זיין בהמהלע, און ער האָט צו אים געזאָגט:

— אַלץ וואָס איך פאַרמאָג גיב איך דיר אַוועק אין נדן, אויב דו וועסט מיר קלאָר באַווייזן, אַז דו ביסט אַ למדן. איך בין זיך מודה, אַז איך קען דיר ניט פאַרהערן, איך בין אַ פשוטער ישובניק, איך קען קוים עברי זאָגן, אָבער איך ווייס, אַז ביי דעם רבונו של-עולם זיינען לומדים זייער חשוב. זיי קענען פועלן ביי אים אַפילו דאָס טעלערל פון הימל. דאָ פי־טערט זיך מיין קיעלע. איך האָב צו איר ניט קיין פּרעטענציעס. זי איז אַ רואיק בהמהלע, זי בריקעט ניט — אָבער זי גיט צו ווייניק מילך. טאָ

פועלט ביי זיין הייליקן נאָמען, אַז זי זאָל געבן כאָטש צוויי מאָל אַזוי פיל מילך...

דער לערנער האָט מיט כלומרשער תמימות אים געענטפערט:

— דאָס איז מיר זייער גרינג צו פועלן. אָבער מיין ליבער אבי הכלה, עס וועט דאָך זיין — יצא שכרו בהפסדו — איר וועט דאָ גאָרניט מרוויח זיין. דאָס קליין בהמהלע וועט זיין צו שווער צו טראָגן אַ גרויסן אייטער, וועט עס מקצר זיין אירע יאָרן. דערפאַר וועל איך בעסער פועלן אין הימל, אַז זי זאָל לעבן צוויי מאָל אַזוי לאַנג, ווי איר איז געווען באַשערט. וועט איר ביידע זיין צופרידן; דאָס בהמהלע וועט דערלעבן אַ טיפן עלטער, און איר — מיין טייערער אבי הכלה, וועט דורך דער פאַרלענגערטער צייט קריגן פון דעם קיעלע נאָך מער ווי צוויי מאָל אַזוי פיל מילך.

דער גאון האָט זיך צעשמייכלט. עס איז אים געפעלן געוואָרן דער משל. אָבער באַלד איז ער ווידער געוואָרן אומעטיק און מיט פאַר־דרוס האָט ער גענומען אויסלייגן פאַרן דובנער נאָך אַנדערע גרינטלעכע טענות קעגן די חסידים. און איז געקומען צו גאָר אַ שאַרפן אויספיר:

— זייט וויסן, אַז די גרעסטע שונאים פון דעם מענטשן זיינען די חסידים. זיי פאַרגינען אים ניט די תורה, האָבן זיי זיך פאַרלייגט צוריק־צושיקן זי אין הימל. זיי אַרט גאָרניט, וואָס אונדזערע תנאים, אמוראים, און בעלי־פוסקים האָבן אַזוי שווער געהאָרעוועט צו פאַרשטיין און פאַר־טייטשן אירע סודותדיקע דרכים. אונדזערע הייליקע רבנן האָבן דאָך אין די נעכט ניט געשלאָפן. זיי האָבן זיך געהאַלטן אין איין בלענדן די אויגן אין דער תורה. זיי האָבן יעדן אות געוואויגן אויף ציטערדיקע וואָגשאָלן, געחשבונט און איבערגעחשבונט וויפיל יעדעס וואָרט באַטרעפט אין צאָל. וואָרים מיטן וואָרט איז דאָך די וועלט באַשאַפן געוואָרן, און עס האַלט זיך בלויז אויף אַן „אות". אַז מען זאָגט דעם „אחד" מיט אַ „דלת", איז עס געלויבט דעם בורא. אָבער אַז מען פאַרבייט דעם „דלת" אויף אַ „ריש" איז עס שוין די גרעסטע לעסטערונג . . . און עס איז אַ סכנה, אַז דער „ברוך שאמר" זאָל ווערן שטאַרק אין כעס און חרוב מאַכן די וועלט. עס איז זייער גרינג געשטרויכלט צו ווערן אין אותיות. אפילו דער בורא־עולמים, וואָס האָט באַשאַפן אַזוי פיל וואָלקנס, און אַפילו דעם שטילסטן ברום דערקאָנט ער און ווייסט וועלכער וואָלקן האָט עס אַרויסגעברומט. ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געמאַכט קיין טעות. אָבער אין אותיות האָט ער יאָ געמאַכט אַ פאַרזען. ער האָט פאַרביטן דאָס וואָרט „איוב", אויף „אויב".

די חסידים זיינען ניט מכיר קיין טובות — רעדט ווייטער דער גאון מיט צער, — נאָכדעם ווי אונדזערע רבים, מענטשן פון בלוט און פלייש, האָבן אַזוי פיל כוחות אַריינגעלייגט אין דער תורה, קומען די לייט, וואָס האָבן די העזה זיך צו רופן חסידים, און ווילן אונדזער רייכסטן אוצר אַוועקשענקען די מלאכים, און מאַכן זיי, פאַר אונדזערע בעלי־פוסקים. כאָטש זיי, דער הימלשער באַשאַף, האָבן ניט די מינדסטע השגה אין דער

תורה. זיי קענען דאָך אַפילו ניט דאָס גמרא־לשון פון אונדזערע הייליקע אמוראים און הייבן ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס מיר ריידן, ביים לערנען, אין איצטיקן יידישן לשון. און מיינט ניט, ר׳ יעקב, אַז די חסידים לייקענען אָפּ, אַז זיי ווילן מאַכן די מלאכים פאַר אונדזערע דעה־זאָגער. אַז מען פרעגט זיי:

— סטייטש, אייער רבי, איז דאָך גאָר אַ קנאַפּער למדן, טאָ ווי קומט ער איינצופירן אַ נייעם נוסח אין תפילה? און ווער האָט אים געגעבן רשות צו ברעכן מנהגים, וואָס זיינען שוין איינגעוואָרצלט פאַר דורות און דורות, און טאָן זאַכן, וואָס איז קעגן דער דעה פון רש״י הקדוש?

אַז איר פרעגט זיי דאָס, ענטפערן די חסידים מיט תמימות:

— מגידים פון הימל באַווייזן זיך יעדע נאַכט צו אונדזער רבין, און זיי האָבן אים געהייסן זיך אַזוי צו פירן.

איז קודם־כל גלויב איך, עלי, ניט, אַז צו זיי באַווייזן זיך גאָר מלאכים. און זאָלן מיר אַפילו אָננעמען, אַז עס איז אמת, אָבער וואָס האָבן מלאכים, וואָס געהערן גאָר אין הימל, זיך צו מישן אויף דער ערדישער וועלט? מיט אַ נאַכט פריער, איז צו מיר אויך געקומען איינער פון אָט־די הימלשע „מגידים״. ער האָט געפרואווט מיר ווייזן, ווי צו פּסקענען אַ דין, אָבער איך האָב, מיט האַרבע ווערטער, צו אים געזאָגט:

— די תורה איז ניט מער אויפן הימל. זי געהערט איצט בלויז צו אונדז, מענטשן, וואָס לעבן אויף דער ערד, און איך וועל טייטשן די תורה, ווי איך פאַרשטיי.

דער דובנער שטייט אַ פאַרמוחטער. ער האָט אַזש מורא זיך איינצוקוקן אויפן גאון, אויף דעם שמימדיקן מענטשן, וואָס ווייסט אפילו דעם „שם־המפורש״, און מלאכים קומען צו אים צוגאַסט. זיי ווילן ווערן מיט אים פריינט. אָבער ער טרייבט זיי פון זיך אַוועק. ביי אים, דעם אוהב־הבריות, איז דער מענטש גאָר אַ העכערע מדרגה פון אַ מלאך.

דער דובנער באַצווינגט זיין מורא, און מן־הצד, כאַפּט ער אַ קוק אויפן גאון, וואָס שטייט ביים שטענדער, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער רעכטער האַנט. דער דובנער דערזעט, אַז זיין שיינקייט איז גאָרניט בנמצאדיק. זיין חצוניות שיינט פונקט ווי זיין פנימיות. זיין פּנים איז צאַרט און דורכזיכטיק ווי ביי אַ יונגן קינד. זיינע אויגן שיינען, ווי צוויי העלע לייכטער. זיין באָרד געקאַרבט, ווי מען וואָלט עס געקאַמט מיט סודותדיקע קאַמען. און ער גלאַנצט ווי מען וואָלט עס געשמירט מיט דעם טייערן בוימאייל, וואָס מען האָט געזאַלבט די מלכי־ישראל. זיין בגד האָט ניט אַפילו אַ קנייטשעלע, דאָס ריינקייט שמעקט ווי פון אַ גאָרטן פון שושנים. און פאַר דער גאַנצער צייט האָט ער, דער גאון, נאָך ניט צוגעלייגט אַ האַנט צו דער יאַרמולקע, און דאָך ליגט זי אויפן רעכטן מיטן קאָפּ גראַדיק און גלייך. דער „של־ראש״ האָט זיך אַפילו ניט אַ ריר געטאָן. ער רוט, ווי אַ באַשוואוירענער פינקטלעך צווישןביידע

אויגן, און אויך די רצועות אויף זיין האַנט האָבן זיך אפילו ניט אַ וויקל געטאָן.

איז איצט דעם דובנער באַפאַלן נאָך אַ גרעסערער פּחד. עס ציטערן אים אַלע אברים פון יראה. פון צערודערונג שפּירט ער ניט, אַז זיינע ליפּן באַוועגן זיך און עס לאָזן זיך אַרויס צאַרנדיקע רייד:

— און די חסידים האָבן נאָך די העזה צו זאָגן, אַז זיי האָבן גאָר ליב דעם מענטשן. זיי זיינען פּאַר אים מליצי־יושר אין הימל און בעטן אויס פאַר אים פרנסה. זיי טאַדלען די לומדים, וואָס מאַכן חילוקים צווישן מענטש און מענטש און האָבן פיינט דעם עם־הארץ.

אויפן גאונס פּנים באַווייזט זיך אַ ביטולדיקער שמייכל, און ער רופט זיך אָפּ:

— ווער דאַרף האָבן מעקלער? יעדער ייד, אַ למדן, צי אַ פּשוטער מאַן, קען קומען צום בורא. אמת, איך זאָג, אַז מען זאָל האַלטן די לומדים זייער טייער, אָבער ניט ווייל זיי זיינען די מליצי־יושר ביים בורא, נאָר ווייל די וועלט קען אָן לומדים ניט האָבן קיין קיום. וואָרים צו געפינען חן ביים בורא, מוז מען אויספירן ריכטיק זיינע דינים און מצוות. און צו וויסן זיינע געבאָטן, מוז מען שוין אָנקומען צו לומדים. אָבער דער למדן, בפני עצמו, איז ניט קיין גרעסערער יחסן. ער האָט זיך ניט מיט וואָס איבערצונעמען, ווייל ווען מען וואָלט פון הימל אים ניט געשאָנקען קיין גוטן קאָפּ, וואָלט ער קיינמאָל ניט דערגרייכט צו זיין הויכער מדרגה. דער מענטש דאַרף זיך בלויז מיען צו זיין וואָס ער קען זיין. מען צאָלט ניט קיין שכר לויט דער מדרגה, נאָר לויט וויפיל ער האָט זיך געמיט צו ווערן דאָס, וואָס ער איז.

איך, — האָט ר׳ אליהו, מיט כעס געזאָגט, — האָב קיינמאָל ניט גע־זאָגט, אַז יידן זאָלן אַוועקוואַרפן זייערע מסחרים און וואַרשטאַטן און זיך אַוועקזעצן לערנען אין די בתי־מדרשים. ניט אַלע קענען ווערן פרושים און רבנים. ניט אַלע זיינען באַשאַנקען געוואָרן מיט גוטע קעפּ. אָבער אַלע קענען דערווערבן אַ חלק אין דער תורה. אויב מען איז ניט באַשאַפן געוואָרן צו זיין אַ יששכר, ווערט מען אַ זבולון. מען האַלט אויס אַ לער־נער מיט חיונה. מען קען דינען דעם בורא ביי זיך אין קראָם, פּונקט, ווי מען קען אים דינען אין בית־המדרש. ווי שלמה המלך זאָגט: „בכל דרכיך דעהו״, זאָלסט דעם בורא האַלטן אין זינען אין דיין יעדן קער און ווענד. זיי פרום ניט בלויז ביים דאַווענען, נאָר אויך אויפן מאַרק, אין דיין מסחר און אין דיין מלאָכה.

ר׳ אליהו קוקט אָן דעם דובנער, וואָס שטייט אַ פאַרקלערטער, און ער זאָגט ווייטער צו אים מיט גרויס פריינטשאַפט:

— ר׳ יעקב, עס איז דאָך אַ שטות צו זאָגן, אַז אַ למדן האָט פיינט אַ שוסטער, און אַ שניידער. אונדזערע רבנן האָבן דאָך בפירוש געזאָגט, אַז דער יגיע כפימניק איז ביים בורא דער גרעסטער יחסן. זיי האָבן דאָס

ניט אויסגעקלערט פון אייגענעם קאָפּ. זיי האָבן עס געגומען פון דער תורה. ־אונדזערע תנאים און אמוראים האָבן בלויז פיינט געהאַט עם־הארצים, וואָס האַלטן זיך פאַר לומדים, און ווילן פסקנען דינים. אונדזערע רבנן האָבן זיך דאָך געבעטן ביי די דאָרפסלייט: — לאָזט אונדז מעשרן אייער תבואה. מיר וועלן עס טאָן ריכטיק לויטן דין. אָבער זיי, די עקשנים, האָבן פון דעם ניט געוואָלט הערן. און געחוזקט פון די רבנן און געזאָגט: — מיר וועלן עס אַליין מעשרן, מיר ווייסן אַזוי גוט ווי איר די דינים.

דעם גאונס קלוגע רייד זיינען ווי אַ באַלזאַם צום דובנערס האַרץ. ער צעוויגט זיך פון תענוג, און ער רופט זיך אָן מיט התעוררות:

— רבי, איך וועל שוין דרשהנען אויף אייער דרך. אָבער איך וויל ביי אייך פרעגן, צי עס האָט אַ ממשות, וואָס די חסידים זאָגן; מיר זיינען טאַקע ניט באַהאַוונט אין דער תורה שבנגלה, אָבער דערפאַר — ווייסן מיר גוט די תורה שבנסתר, און אַלץ וואָס מיר טוען איז על־פּי דרך הקבלה.

ר׳ אליהו צעשמייכלט זיך און ענטפערט:

— קבלה איז גאָר אַ הויכער ענין. איך אַליין האָב מחדש געווען אויפן הייליקן „זוהר" דריי חיבורים. אַז איך וועל נאָך מיינע הונדערט מיט צוואַנציק יאָר, קומען אויפן עולם האמת, וועל איך איבערזאָגן מיינע חידושים פאַר ר׳ שמעון בן יוחאין. איך בין בטוח, אַז איך וועל פאַר אים ניט בלייבן פאַרשעמט. מיינע ביאורים וועלן אים זיין גאָר שטאַרק געפעלן.

איצט לאָמיר זיך אומקערן צו דער חסידישער הנחה פון „נגלה" און „נסתר" און זיי פאַנאַנדערקלייבן מיטן שכל. די הייליקע תורה ווערט געדרשנט אויף צוויי אופנים: דער ערשטער דרך איז נגלה, אָפענע ווערטער און אָפן פאַר יעדן איינעם, וואָס מיעט זיך און איז מסוגל, זיי צו פאַרשטיין. דער צווייטער דרך איז — נסתר. דאָס איז גאָר אַ שווערער און פאַרהוילענער וועג. ער איז אויסגעבויט בלויז אויף דעם רמז פון וואָרט. טאָ אויב אַ מענטש פאַרשטייט ניט אפילו אָפענע רייד, טאָ ווי קען ער פאַרשטיין אַ פאַרשטעלטן וואונק. דערפאַר, אַז אפילו דער, וואָס קען תורה שבנגלה, איז אויך מעגלעך, אַז ער איז גאָר אַ קנאַפּער ידען אין תורה שבנסתר. אָבער עס איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז דער וואָס קען ניט קיין תורה שבנגלה קען אוודאי און אוודאי ניט די תורה שבנסתר. טאָ, פרעג איך אייך, ר׳ יעקב, — רעדט דער גאון שוין פאַרביטערט, — ווי שעמען זיך ניט די חסידישע רביים צו זאָגן, אַז זיי פאַרשטייען די תורה שבנסתר?...

דער דובנער רופט אויס מיט התרוממות:

— רבי, איר זייט דאָך גאָר דער חסיד!

דער גאון קוקט מיט פאַראיבל אָן דעם דובנער, און ענטפערט אים:

— ר׳ יעקב, איר זאָלט דאָס מער ניט זאָגן, און מער מיך ניט רופן:

חסיד. ניט ווייל איך האָב מורא, אַז איך וועל ווערן אַ בעל־גאווה. די נאַרישע מידה האָב איך שוין לאַנג אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער. אָבער אמת איז דער שטעמפּל פון הקדוש ברוך הוא, זאָג איך באמת, אַז איך בין נאָך ניט דערגאַנגען צו דער הויכער מדרגה.

דער דובנער ווייסט, אַז ר׳ אליהו האָט ניט ליב צו פּראַווען נאַרישע עניוות, נאָר ער האַלט טאַקע די מדרגה פון חסידות פאַר זייער הויך, און ער פרעגט:

— רבי, איז דען דאָ אויף דער וועלט אַ מענטש, וואָס איז ראוי אָנ־גערופן צו ווערן אַ חסיד?

דער גאון פאַרטראַכט זיך, און ענטפערט מיט זיכערקייט:

— אוודאי זיינען דאָ צדיקים. איך אַליין ווייס פון דריי: איינער, איז מיין יינגערער ברודער, ר׳ אברהם דער ראַגאָלער רב; דער צווייטער איז ר׳ נחום יאַנאָווער, וואָס איז זיך מפרנס פון גיין אין שליחותן — און איך בין בטוח, אַז דער דריטער איז געווען גרעסער פון זייביידן, סיי אין צידקות און סיי אין לומדות. קיינער האָט פון אים ניט געוואוסט, און ניט געהערט. ער איז געזעסן אויף רבנות אין סלאַוואנט, אַן אָרים שטעטל, וואָס איז ניט גרעסער פון אַ דאָרף.

דער גאון האָט דעם דובנער דערציילט דעם גאַנצן טראַף, וואָס עס האָט אין יענער פּראָסטיקער נאַכט, פּאַסירט צווישן אים און דעם אַלטן רב. ווי דער זקן האָט צעשניטן זיין איינציק פּעלצל, ער זאָל האָבן מיט וואָס אים, זיין אורח, צוצודעקן. ר׳ אליהו האָט אויך דערציילט, אַז מאירל איז באַלד נאָך דער זאַווערוכע געפאָרן קיין סלאַוואנט מגלה צו זיין דעם נסתר. אָבער ווי עס ווייזט אויס איז די וועלט ניט געווען זוכה אים צו דערקענען. ביים אַריינפאָרן אין סלאַוואנט האָט מאירל געזען ווי די צוויי מנינים דאָרפישע יידן גייען אומעטיקע נאָך אַן ״אָרון״. האָט ער זיי געפרעגט: — ווער איז דאָ דער נפטר? האָבן די סלאַוואנטער יידן מיט געוויין געענטפערט:

— אונדזער טייערער רב.

— מאירל, — דערציילט דער גאון ווייטער דעם דובנער, — האָט געהאַלטן, איבער דעם נסתר, אַ הספד לויט זיין כבוד. אַז מאירל איז געקומען צוריק פון דער לוויה, האָט ער דורכגעקוקט דעם רבס ספרים, און דורכגענישטערט יעדן ווינקל אין דעם קליינעם שטיבל, צו געפינען זיינע פאַרשריבענע חידושי־תורה. אָבער ער, דער צדיק, האָט ווייזט אויס פון זיך גאָרניט געהאַלטן, האָט ער אפילו קיין טינט און פעדער זיך ניט איינגעשאַפט.

דער גאון זיפצט שווער אָפּ, און רופט אויס אויפן הויכן קול:

— אָט מיט די צידקות און לומדות פון די דריי צדיקים, וויל איך מנצח זיין די חסידים! אָבער ניט מיט קיין גולם!...



# קאַפּיטל יג

אין אַלע שטעט און שטעטלעך, ביי די טייכן און וועלדער פון דער ליטע, האָט מען מיט התפעלות גערעדט וועגן דעם נייעם פליאהדיקן מגיד, וואָס, אַפילו דער גאון, האַלט פון אים עולם־ומלואה. די דורכגייענדיקע מגידים האָבן אין זייערע דרשות אָנגעהויבן איבערצוזאָגן דעם דובנערס משלים, וואָס זיי האָבן געהערט דורך אַנדערע מגידים, און אויך יענע האָבן עס איבערגענומען ניט פון דובנער אַליין. אין זייערע וואַנדערונגען פון איין מויל צו דעם צווייטן, האָבן די משלים פאַרלוירן זייער בליציקייט און שפּילעוודיקייט. זיי האָבן ניט געהאַט דעם דובנערס חן. עס איז אָבער נאָך אַלץ געבליבן גענוג זאַפטיקייט צו דערקוויקן די פאַרשמאַכטע יידישע הערצער.

אויך אין דעם דובנערס היימיש שטעטל — זשעטל, האָט מען זיך געלאָבט מיט זיינע משלים. צוליב זיין נייעם נאָמען, האָט מען דאָרטן ניט געוואוסט, אַז דאָס איז זייער בן־עיר. זיין טאַטע, דער דרדקי מלמד אין זשעטל, איז אויך געווען אַ בעל־כשרון. ער האָט ווי אַ בדחן געקענט זאָגן גראַמען. פלעגט מען אים פאַרבעטן אויף אַלע שמחות. ער, אַ גינציקער מאַן, האָט פון די בריתן, שבע־ברכותן, קיינמאָל ניט פאַרפעלט צו ברענגען פאַר זיין פלוניתטע אַ שטיקעלע טאָרט, צי לעקעך. האָט ער אין די אויפדערנאַכטן, קומענדיק אַהיים פון בית־המדרש, איר אויך געבראַכט, ווי כיבוד, אַ משל פון דעם דובנער, וואָס ער האָט געהערט איבערזאָגן פון אַ דורכפאָרנדיקן מגיד. זי, די פלייסיקע קב־הישר לייענערין, פלעגט זיך מחיה זיין מיט די משלים. זי האָט פון טיפן האַרצן געבענטשט דעם טייערן מגיד, כאָטש זי האָט אים ניט געקענט. וואָרים ניט זי און ניט איר מאַן האָבן געוואוסט, אַז דאָס איז יאַנקעלע, זייער בן־יחיד. זיי האָבן אַפילו ניט געהאַט אין דמיון, אַז זייער בן־יחיד, האָט זיך גאָר גענומען צו מגידות. זיי האָבן גאָר געהאָפט, אַז ער וועט זיין אַ רב. מיט עטלעכע יאָר פריער, האָט ער זיי געהאַט געשריבן אין אַ בריוו, אַז זיין שווער איז, קיין עין־הרע, אַ ייד אַ באַלעבאָס, און ער האַלט אים אויס בכבוד. ער זיצט און לערנט מיט אַ רואיקן קאָפּ, אָן קיין דאגות־פרנסה. זיין טאַטע־מאַמע האָבן ניט געוואוסט, אַז זיין שווער איז פלוצים געוואָרן פאַראָרימט. ער, דער געטרייער זון, האָט עס פון זיי פאַרבאַהאַלטן. ער האָט ניט געוואָלט זיי פאַרשאַפן קיין צער.

איין טאָג האָט דער זשעטלער בעל־עגלה, וואָס פאָרט קיין ווילנע, זיי געבראַכט אַ בריוועל פון זייער יאַנקעלן. ער האָט געשריבן, אַז ער געפינט זיך, לעת־עתה, אין ווילנע. ער איז זייער פאַרנומען, אָבער ווי נאָר ער וועט האָבן צייט, וועט ער זיך תיכף אַראָפּכאַפּן קיין זשעטל. ער בענקט צו זען זיי, זיינע ליבע טאַטע־מאַמען. ער האָט אפילו מיט קיין איין וואָרט ניט אָנגעדייטעט, אַז ער איז געוואָרן אַ מגיד, און אַז ער איז דאָס דער

מפורסמדיקער יעקב דובנער. זיי האָבן זיך עס עו״שט דערוואוסט פון דעם בעל־עגלה. איז ביי זיי, טאַטע־מאַמע, די שמחה געוועזן זייער גרויס. זיי האָבן דעם טאָג געפּראַוועט יום־טוב. ער, דער דרדקי מלמד, האָט אָנגעטאָן זיין שבת־דיקן בגד, און זי, די מלמדיכע, האָט זיך אויסגעפּוצט אין איר יום־טובדיקער קלייד, און דעם טיש פאַרשפּרייט מיט אַ ווייסן טישטוך, און מיט פאַרדינטן נחת צוגענומען די גוטע וואונטשן פון די זשעטלער. ביי זיי איז געווען אַ שמחה, וואָס זייערער אַ בן־עיר איז עולה לגדולה געוואָרן. עס האָט זיי בלויז פאַרדראָסן, וואָס דובנע, אַ פרעמדע שטאָט, האָט אויסגעכאַפּט דעם גאַנצן כבוד פאַר זיך אַליין. און די וועלט הייבט גאָרניט אָן צו וויסן, אַז דער פּליאהדיקער מגיד איז גאָר אַ זשעטלער.

וואַרטן טאַטע־מאַמע. זיי קוקן אויס די אויגן, אַז זייער זון זאָל אַראָפּ־קומען קיין זשעטל. אויך ער, זייער געטרייער בן־יחיד, קלייבט זיך און קלייבט זיך אין וועג אַריין און ער קען זיך אַלץ ניט דערקלייבן. ער קען זיך ניט אָפּשיידן פון גאון. ר׳ אליהו איז צו אים שטאַרק צוגע־בונדן. עס איז דאָך דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן, וואָס ער האָט פאַר ווע־מען אויסצוגיסן זיין האַרץ, ווי איין מענטש צום צווייטן. דער דובנער מיט זיינע משלים פאַרטרייבט פון אים די עצבות, וואָס האָט זיך גענומען צו אים צוקלעפּן, זינט די נייע חסידים האָבן זיך אָנגעהויבן אויסשפּרייטן אין רייסן. אַז ער זעצט זיך לערנען, אַנטלויפט פון אים דאָס עצבות. אָבער אין דער היים, זיצנדיק ביים טיש, טשעפּעט עס זיך ווידער צו. ער מיעט זיך עס צו פאַר־באַהאַלטן, אַז זיין זיווג, חנה, זאָל עס ניט באַמערקן. זי וועט דאָך פון דעם האָבן צער. נאָך מער זוכט ר׳ אליהו צו פאַרבאַהאַלטן זיין עגמת־נפש פון זיין מאַמען. אַ חוץ וואָס אַ זון איז מחויב צו דערפרייען זיין מאַמען, טאָר ער דאָך איר אויך ניט מצער זיין, ווייל זיין מאַמע איז אַן אלמנה.

דעם גאונס אשת־חיל, חנה די קיידאַנערקע, האָט זיך געהאַלטן פּשוט, אַ יידענע ווי אַלע יידענעס. זי האָט ניט אַרויסגעוויזן איר וואוילגעלערנט־קייט, און איר קלוגשאַפט. זי פלעגט באַלד דערקענען ווען איר עלינקע האָט צער. זי האָט באַלד זיך געכאַפּט, אַז דער דובנער איז דער איינציקער, וואָס קען אים אויפמונטערן. איז ווי נאָר זי פלעגט דערזען, אַז עלינקע איז אַריינגעפאַלן אין עצבות פלעגט זי גלייך שיקן נאָכן דובנער. ער איז ביי איר געווען פאַררעכנט, ווי אַ דאָקטאָר, וואָס איז גאָר און גאָר אַ גרויסער מומחה.

איין טאָג האָט זי דערזען, אַז עלינקע איז עפּעס ניט בקו־הבריאות, ער איז פאַרקעלטערט, האָט זי לכתחילה געטראַכט צו שיקן נאָך אַ דאָקטאָר, אָבער נאָכדעם האָט זי זיך מיישב געווען און געבעטן איר יינגערן זון, אברהם, ער זאָל רופן דעם דובנער. אַז ער איז געקומען, האָט דער גאון זיך מיט אים שטאַרק דערפרייט, און געזאָגט:

— גוט וואָס איר זייט געקומען. איך בין לא־עליכם אַ שטיקל חולה. איך האָב זיך צוגעקילט. טאָ טוט מיר אַ גמילת־חסד, און גיט מיר פון אייערע גוטע רפואות.

וואונדערט זיך דער דובנער, און ער פרעגט:

— רבי, איך בין דאָך ניט קיין רופא!

דער גאון ענטפערט אים מיט זיכערקייט און פעסטקייט:

— ר׳ יעקב, פאַר מיר זייט איר אַ דאָקטאָר.

דעם דובנער איז עס אַ חידוש. ער וויל דאָס פאַרשטיין. פרעגט ער ווידער:

— רבי, איר האַלט ניט פון דער חכמה הרפואה?

דער גאון ענטפערט אים גוטמוטיק:

— חס־וחלילה, די חכמת הרפואה איז אַ חכמה ווי אַלע חכמות. איך וואָלט שוין לאַנג צוריק געלערנט מעדיצין, אָבער מיין טאַטע, עליוו־השלום, האָט בגזירת כיבוד־אָב, צו מיר געזאָגט:

— עלי, אויב דו וועסט ווערן אַ דאָקטאָר, וועסטו זיין מחויב אַרומ־צוגיין היילן חולאים, און עס וועט דיר שטערן אין לערנען. קענט איר אַליין איינזען, אַז איך בין שוין גאָרניט מבטל די חכמת הרפואה. אָבער פונקט ווי ניט אַלע דאָקטוירים טויגן זיך אויס פאַר אַלע קראַנקהייטן, פונקט אַזוי טויגן זיך ניט אויס אַלע חולאים פאַר דאָקטוירים. אַ ייד, אַ ירא־שמים, דאַרף האָבן אַ רפואה ניט פאַר זיין גוף, נאָר פאַר זיין נשמה. אַז די נשמה איז שטאַרק און געזונט פילט מען ניט קיין ווייטיקן אויך אין דעם גוף.

האָט דער דובנער זיך געשטעלט היילן דעם גאון מיט שיינע משלים — און עס האָט גלייך געהאָלפן ווי די טייערסטע רפואות. דער גאון האָט אָנגעטאָן זיין מאַנטל און געלאָזט זיך גיין לערנען אין קלויז.

פון דעמאָלט אָן פירט זיך שוין דער דובנער, ווי ער וואָלט געווען אַ הויף־דאָקטאָר ביי אַ מלך. ער קומט יעדן טאָג, אָפּשטאַטן אַ וויזיט דעם גאון, אַפילו ווען מען רופט אים ניט. און אַז ער טרעפט אים ניט אין קלויז, טראַכט ער שוין איבער: — אפשר שפירט דער גאון ניט מיט אַלעמען? איילט ער צו אים אַהיים, זען, וואָס ער מאַכט אין געזונט.

איינמאָל, אַריינקומענדיק צום גאון אין שטוב, טרעפט ער אים, ר׳ אליהון, זיצנדיק ביי אַ וואַרעמעס עסן. אויפן טיש ליגט אַ קליין שטיקל ראַזעווע ברויט, אַ טעלער מיט אַ פּאָר קאַרטאָפלעס און אַ קליין שיסעלע געררשטענע גרויפּן. דער דובנער זאָגט:

— ברוכים היושבים!

דער גאון ענטפערט אים מיט היימישער פריינטלעכקייט:

— וואַשט זיך און קומט עסן.

דער דובנער וואַרפט אַ בליק אויפן טיש און ענטפערט:

— רבי, איך וואָלט אייך ניט אָפּגעזאָגט, אָבער דער דאָקטאָר האָט פאַרזאָגט, אַז איך טאָר ניט עסן.

אַז חנה האָט דערהערט, אַז איר עלינקעס דאָקטאָר איז ניט בקו־הב־ריאות. ער, אַליין אַ דאָקטאָר, היילט זיך ביי אַן אַנדער דאָקטאָר, איז איר געוואָרן אומעטיק אויפן האַרצן. ער איז דאָך אַוודאי שטאַרק קראַנק, אַז אפילו אַ קאַרטאָפל מיט גערשטענע גרויפּן, וואָס מען גיט עסן אפילו קראַנקע, טאָר ער אויך ניט טועם זיין. זי האָט אין מחשבה, אים צו פרעגן:

ר׳ יעקב, וואָס זאָגט דער דאָקטאָר איז איך? זי האָט אָבער ניט באַ־וויזן. עלינקע האָט זיך אומגעריכט אַריבערגעבויגן, און שטיל ווי אין אַ סוד, איר געפרעגט:

— חנה, האָסטו אין קיך נאָך אַנדערע ברויט, גרויפּן און קאַרטאָפל?

זי האָט זיך דערמאָנט, ווי עלינקע האָט גלייך נאָך זייער חתונה צו איר געזאָגט:

— ביי די בית שמאי האָבן די וואָכעדיקע טעג ניט געהאַט קיין שום חשיבות, האָבן זיי יעדן גוטע ביסן געשפּאָרט אויף שבת. זאָלסטו, חנה, זיך ניט פירן ווי זיי, נאָר דו זאָלסט גיין אין די וועגן פון בית־הלל. זיי האָבן געזאָגט: דער וואָכעדיקער טאָג איז אויך — אַ טאָג. מען טאָר ניט זאָרגן פאַרן מאָרגן. און אויב דו, חנה, האָסט וואָס צום קאָכן, זאָלסטו עס אויסקאָכן און זאָלסט ניט דאגהן פאַרן מאָרגן. דו זאָלסט אויך ניט טראַכטן, אַז עס איז אפשר צופיל פאַר היינט. וואָרום עס איז גאָרניט שייך צו זאָגן — צופיל. אויב דו וועסט האַלטן די טירן ברייט אָפן, וועלן שוין אָרימע מענטשן דיך ניט פאַרשעמען. זיי וועלן קומען עסן ביי דיין טיש, און דו מיט דער מאַמען וועלן האָבן פון זיי אַ סך ריווח. איר וועט פאַרדינען מצוות פון ענט־פערן די אַלע „אָמנס״ אויף זייער זאָגן ברכות און בענטשן. איצט, אַז עלינקע האָט איר, חנהן, געפרעגט, צי זי האָט אין קיך מער עסנוואַרג, ווי פיל עס שטייט אויפן טיש, האָט זי, די צידקניות, געמיינט, אַז ער וויל וויסן צי זי היט אָפּ זיין פאַרזאָג. האָט זי מיט געטריישאַפט געענטפערט:

— איך פיר זיך לויט דיין רצון, איך היט זיך ניט אָפּצוטרעטן פון די דרכים פון די בית־הלל.

אַ צופרידענער, האָט דער גאון געשמייכלט, און הויך אויפן קול האָט ער זיך אַ פריילעכער אָנגערופן:

— חנה, זיי אַזוי גוט, גרייט איבעראַנייס דעם טיש, און מיט דער ברייטער האַנט.

זי האָט זיך שטאַרק געוואונדערט. זי האָט ניט געקענט פאַרשטיין, וואָס דאָ איז געשען. איר עלינקע עסט דאָך תמיד אַזוי ווייניק. און אים איז קיינמאָל ניט ניחא, אַז אויפן טיש זאָלן שטיין צופיל מאכלים.

זי, די געטרייע אשת־חיל, פרעגט אָבער אים ניט איבער. זי טוט מיט פרייד דעם רצון פון איר עלינקען. זי האָט באַלד געאיילט אין קיך און גע־בראַכט צו טראָגן אַ גאַנצן לאַבן ברויט, אַ שיסל מיט גרויפּן און אַ פולן פּאָלומעסאָק מיט קאַרטאָפּלעס און עס אויסגעשטעלט אויפן טיש. צו איר גרויס וואונדער, זעט זי, אַז דער דובנער וואַשט די הענט, זעצט זיך ביים טיש, און ער מאַכט „המוציא״. און עלינקע ענטפערט מיט גרויס כוונה און פרייד: „אָמן״!

זי איז געוואַלדיק צופרידן, וואָס דער דובנער איז, אַ לויב צום בורא, געזונט און איז זיך מחיה מיט די קאַרטאָפּלעס און די גרויפּן. זי איז אָבער נייגעריק צו וויסן: וואָס איז דאָ געשען? פריער האָט ער דאָך געזאָגט, אַז ער איז קראַנק און טאָר ניט עסן, און עס קוקט גאָר אויס, אַז דווקא דער־

פֿאַר האָט עלינקע איר געהייסן גרייטן איבעראַנייס דעם טיש. און ער, דער דובנער, איז פֿריש און געזונט, ער עסט מיט אַפּעטיט, קיין עין־הרע. זי האָט אָבער ניט ביי ווּעמען בעטן, מען זאָל עס איר געבן צו פֿאַרשטיין. זאָל זי עס פֿרעגן ביי דעם דובנער? ווּעט זי דאָך ניט פֿאַרפֿירן אַ שמועס מיט אַ פֿרעמדן מאַן! זאָל זי עס פֿרעגן ביי עלינקען? האָט זי אויך ניט קיין העזה. ערשט נאָכן בענטשן האָט ער, דער גאון אַליין, זיך אָפּגערופֿן:

— מיר שיינט, אַז מיין חנהן און מיין מאַמען, זאָלן זיי ביידע זיין געזונט און שטאַרק, איז דאָ קשה דער ענין. זיי ווילן אוודאי וויסן, פֿאַרוואָס האָט דער דובנער פֿריער געמאָלדן, אַז דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז ער טאָר ניט עסן און שפּעטער האָט ער זיך יאָ געזעצט עסן? טאָ לאָמיר עס פֿאַר אייך מסביר זיין: דער רמב״ם פּסקנט, אַז אויב איינער גייט אַריין אין אַ שטוב און דער בעל־הבית פֿאַרבעט אים זיך צו זעצן עסן, און דער גאַסט זעט, אַז אויפֿן טיש זיינען דאָ ווייניק מאכלים, טאָר ער זיך ניט זעצן עסן, ווייל דער באַלעבאָס קען נאָך בלייבן הונגעריק. אָט דאָס האָט ר׳ יעקב דובנער געהאַט אין כוונה מיט זיין ענטפֿער: — דער דאָקטאָר זאָגט, אַז איך טאָר ניט עסן. דער רמב״ם איז דאָך געווען אַ דאָקטאָר. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז ער מיינט אים, דעם גרויסן בעל־פּוסק, און ניט סתם עפּעס אַ דאָקטאָר, ווייל ר׳ יעקב דובנער איז זייער אָפּגעהיט אין די חוקים פֿון לשון. און ווען ער מיינט אַ פּשוטן דאָקטאָר, וואָלט ער ניט געזאָגט: — איך טאָר ניט, — נאָר ער וואָלט געזאָגט: — ער האָט מיר געעצהט. מהאי־טעמא, האָב איך חנהן געבעטן, זי זאָל שטעלן מער גרויפּן און קאַרטאָפֿל אויפֿן טיש, און מיט דעם געוויזן ר׳ יעקב דובנער, אַז אין דעם פֿאַל פּסקנט שוין דער דאָקטאָר, ר׳ משה בן מיימון, אַז ער מוז זיך גלייך זעצן עסן. וואָרים די רבנן זאָגן בפֿירוש „כל מה שיאמר לך בעל־הבית עשה״ — אויב דו קומסט אַריין צו יענעם אין הויז אַריין, טו אַלץ, וואָס דער בעל־הבית פֿאַרלאַנגט פֿון דיר.

דער דובנער היילט ניט בלויז מיט זיינע מוסרדיקע משלים דעם גאון, נאָר ער היילט אויך זיך אַליין. זינט דער גאון האָט אים דערקלערט, אַז אויב אַ ירא־שמים שפּירט אַ ווייטיק אין זיינע גלידער, איז אַ סימן, אַז די נשמה איז ביי אים קראַנק, האָט דער דובנער גענומען אויך שטאַרקן זיין אייגענע נשמה. און ער פֿילט ניט מער קיין מידקייט. ער איז ווי יונגער געוואָרן. ער זאָגט דרשות אָוונט נאָך אָוונט, און דאָך פֿאַלט עס אים גרינג. ער שפּירט אפֿילו ניט, אַז צוליב דעם גרויסן עולם, איז אין די קלויזן זייער דושנע. ער דאַרף מער ניט אָנקומען אפֿילו צו זיין טיכל זיך אָפּצוקילן. ער לייגט עס אַוועק אויפֿן שטענדער בלויז גלאַט אַזוי, פֿון רגילות וועגן, און פֿאַר אַ מוסר זיך אַראָפּצונעמען, אַז מען האָט אמונה, קען מען זיך באַגיין אָן דעם נישטיקן טיכל.

ער האָט איצט אויך אַ געוואַלדיקע הנאה פֿון זיינע דרשות, ווייל ער זאָגט זיי שוין אינגאַנצן אָן שכר. ער נעמט אפֿילו ניט אַרונטער די פּופּצן גראָשן אויף זיין אויסקומעניש. ער האָט ניט וואָס צו טאָן מיטן געלט. דער

זיווג זיינער, איז ברוך־השם אַן אשת־חיל, האָט זי זיך געעפנט אַ בשמים־קלייטל אין דובנע און ציט פון דעם חיונה. ער אַליין איז אַ קנאַפּער בעל־הוצאה. איין מאָלצייט אַ טאָג איז פאַר אים איבערגענוג. און אויך דאָס קאָסט אים אָפּט ניט קיין געלט. ער פאַרפעלט ניט אַן אָוונט צו קומען צו זיין ידיד סעדיהן. און ער לאָזט ניט אָפּ, ער מוז מיט אים זיצן ביים טיש. ער מוז דאָך אים, דעם בעל־הבית פאָלגן. וואָרום אַז עמיצער וועט צוליב אים אַוועקגיין פון טיש הונגעריק, איז דאָך ניטאָ, וואָס מורא צו האָבן. ביי ר' מיכל פעשלס דעם גרויסן גביר איז דאָך אַ שטוב פול מיט כל־טוב.

זינט די חסידים זיינען אַריינגעדרונגען אין רייסן, איז ר' סעדיה מיטן דובנער געוואָרן נאָך שטאַרקערע ידידים. זיי פאַרשפאַרן זיך יעדן אָוונט אין אַ זייטיקן חדר. זיי זוכן מיטלען קעגן די חסידים, אָבער ניט ווי צו פאַרפירן אַ קריג. ביי ר' סעדיהן איז זיין רבינס, ר' אליהוס, וואָרט הייליק. און ער, דער גאון, האָט געזאָגט, אַז שלום איז אַן עיקר אין דער תורה. זוכט ר' סעדיה פלענער, ווי צו פאַרמיידן אַ מחלוקה, וואָס ער האָט מורא, אַז זי גייט אָנקומען. ער, ר' סעדיה האָט אויף זיין אייגן געלט געדונגען מענטשן, וואָס אויף זייער ערלעכקייט האָט מען זיך געקענט פאַרלאָזן. ער האָט זיי בסוד אַוועקגעשיקט קיין ליאָדע, דאָס זיץ־אָרט פון דעם נייעם רבין, ר' שניאור זלמן. ר' סעדיהס פאַרטרויאונגס־מענטשן, קלוגע און געלערנטע, האָבן זיך פאַרגעשטעלט אין ליאָדע, אַז זיי קומען פון מדינת אשכנז. זיי זיינען געוואָרן גוטע פריינט מיט ר' שניאור זלמנס מקורבים און פון זיי זיך דערוואוסט, אַז אין ווילנע זיינען שוין דאָ צוויי מנינים יידן, וואָס זיינען נוטה צו חסידות. די שלוחים האָבן אויך געבראַכט באַווייזן, אַז דער ווילנער אב בית־דין, ר' שמואל בן ר' אביגדור, איז אין דער שטיל מיט די חסידים גאַנצע ידידים... זיי קומען אָפּט אַריין צו אים אין שטוב, און פירן דאָרטן ישוב־הדעתן.

ר' סעדיה האָט געזאָגט דעם דובנער, אַז ער איז נאָך אַלץ ביי זין' בטוח, אַז עס איז ניט דעם יונגן רבס שולד. דאָס פירט אָן זיין רביצין, דעם „יסודס" טאָכטער. ער, דער עילוי און דער בעל־פלפול, וואָלט קיינמאָל ניט נוטה געווען צו חסידות. זיין עול איז ניט תפילה, נאָר לערנען. עס וואָלט אים געווען אַ סך מער ניחא צו זיצן אין אַ קלויז אויפן שול־הויף און צו פּלפּולען זיך מיט די פרושים, ווי צו זיצן ביי דין־תורות. ווען ניט זי, די רביצין, וואָס איז אַזוי להוט נאָך כבוד, וואָלט ער שוין לאַנג זיך אַליין אָפּגעזאָגט פון די ווילנער רבנות. ער, דער עילוי, האָט פיינט צו האָבן איבער זיך באַלעבאַטים וואָס קוקן נאָך וואו ער גייט און וואו ער שטייט. טוט ער זיי אָפּט צו להכעיס און מאַכט זיך ביי די דיני־תורות בגילופינדיק, ער איז אָבער אפילו ניט טועם קיין משקה. אויך לעשט ער אויס די ליכט ביי זיך אין שטוב באַלד אָנהייב אָוונט, כדי מען זאָל מיינען, אַז ער וואוילטאָגט זיך, האָט זיך ליב צו רוען, בשעת אין דער אמתן איז ער גאָר וואַכיק, ער לערנט אַ גאַנצע נאַכט פון אויסנווייניק. און איז מחדש „חילוקים."

ווידער — האָט ר' סעדיה דערציילט דעם דובנער — האָט זי, די

רביצין, דעם „יסודס״ טאָכטער, אירע אַלע מיידלשע יאָרן געלעבט אין וואַר־שע — זי האָט דאָרטן געלערנט מאַניערן און די פּוילישע און פראַנצויזישע לשונות — זי איז דאָרט איינגעשטאַנען ביי אַ חסידישער משפּחה — ציט איר צו די חסידישע פּירונגען.

זי, די בעל־תכליתניצע, האָט דאָ דערזען אַ וועג ווי צו פאַרפעסטיקן איר מאַנס רבנות און אַריינקריגן די חסידים אויף זיין צד. זי האָפט, אַז זיי וועלן ווערן די דעה־זאָגער אין ווילנע.

זי, האָט דאָ אויך געפונען אַ גוטע געלעגענהייט צו נעמען נקמה פון גאון, מחמת ער וויל זיך ניט אַריינמישן אין די מחלוקה, וואָס די וויל־נער בעלי־בתים האָבן אויפגעהויבן קעגן איר מאַן, דעם רב. טראָגט זי אַ שנאה ניט בלויז קעגן גאון אַליין, נאָר אויך אויף זיינע תלמידים און גוטע פריינט.

אַז זי, די רביצין, האָט זיך דערוואוסט, אַז דער גאון מיט דעם דובנער זיינען געוואָרן שטאַרקע ידידים, האָט זי גענומען אָפּחוזקן פון דובנער און זיינע משלים און געהעצט קעגן אים דעם שטאָט־מגיד, ר׳ חיים פּאָקראַיער, ביי וועמען דער גאון איז ביז איצט געווען הייליק. זי האָט געהאַלטן אין איין לויבן ר׳ חיים פּאָקראַיער פאַר זיין גרויסן כוח אין דרוש. זי האָט זיינע דרשות געדענקט אויפן קאָפּ. און אַז ר׳ חיים פּאָקראַיער איז געקומען צום רב אין שטאָט, האָט זי איבערגעזאָגט פאַר אים וואָרט ביי וואָרט. און דער־וויילע, ווי כלאחד יד, כלומרשט פון גוט־פריינטשאַפט וועגן, זיך געקלאָגט אויפן גאון, וואָס ער מאַכט אַזאַ פאַראַד פון דעם דובנערס משלים, און פאַרגעסט אַז ער, ר׳ חיים פּאָקראַיער, איז דער שטאָט־מגיד אין ווילנע. זי האָט אַזש געוויינט מיט טרערן פון כלומרשטן גרויסן צער, וואָס דער גאון איז מבזה אים, דעם פּאָקראַיער, וואָס איז דער גרעסטער בעל־דרשן אין זיין דור.

כדי אָפּצושפּאָטן פון דובנער און צו באַווייזן, אַז זיינע משלים זיינען גאָרניט ווערט, האָט זי אין אָוונט פאַר איר מאַן, דעם רב, און זיינע מקורבים — די פּלפּול־לייט, וואָס האָבן געקוקט אויף דרוש ווי אויף אַ נידעריקע מדרגה — גענומען איבערזאָגן משלים פון פּוילישע און פראַנצויזישע שריי־בערס. זי האָט זיי פאַרגליכן מיט דעם דובנערס משלים און זיך געמיט צו ווייזן די קלוגשאַפט פון יענע, און די נאַרישקייט פון דובנער. זי איז געווען זיכער, אַז ביי זיי, די פּלפּול־לייט, וואָס האַלטן ניט פון דרוש, וועט זי גרינג געווינען. זי האָט אָבער באַלד איינגעזען, אַז זי האָט געמאַכט אַ טעות. איר אייגענער שמואל, דער עילוי, וואָס חוזקט אַפילו פון די, וואָס לערנען אויפן דרך פון פּשט, איז אַזוי נתפּעל געוואָרן פון דובנערס משלים, אַז ער האָט זיך געהיצט אויף אַ גאָר הויכן אופן. ער האָט געוואָרפן דעם שטול אין דער פאַדלאָגע און מיט שפּאָט געליאַרעמט:

— וואָס ווייסן די גוים אין דער חכמה פון משלים? ער, דער דובנער, יכולט טאַקע.

די קלוגע פרוי האָט גלייך איינגעזען, אַז מיט איר ביטול און פאַר־

גלייכונגען מיט די פּראָנצוויזישע שרייבער טוט זי גאָרניט אויף. פאַרקערט, זי טוט דעם דובנער אַ טובה. מען דערזעט בולטער זיין גאונות אין משלים. אויך ביי זיך טיף אין האַרצן האָט זי געוואוסט, אַז די פּראַנצויזישע משלים־שרייבער דערגרייכן ניט אַפילו צום דובנערס קנעכלעך. האָט זי, די בעל־תכליתניצע, זיך פאַרנומען אויף אַן אַנדער וועג. זי האָט זיך שוין געקליגט, ווי איינצוקויפן זיך אין לאַסקע ביים דובנער. זי האָט אָנגעהויבן צו גיין הערן זיינע דרשות און זי האָט, פאַר די ווייבער אין שול, אים שטאַרק גע־לויבט. זי איז אויך באַשטאַנען, אַז איר מאַן, דער רב, זאָל פאַרבעטן דעם דובנער צו זיך צו־גאַסט. ער, דער עילוי, האָט לכתחילה ניט געוואָלט פון דעם הערן. ער האָט געטענהט:

— דער דובנער איז טאַקע אַ געבענטשטער בעל־דרשן, אָבער דרוש און משלים איז אַן ענין פאַר נשים.

זי, די קאַפּריזנע, האָט אָבער סוף־כל־סוף ביי אים געפּועלט, ווי זי פירט ביי אים אויס אַלץ, וואָס איר האַרץ באַגערט.

דער דובנער האָט ניט געהאַט קיין חשק צו קומען. ער האָט געוואוסט, אַז דער רב לעבט ניט בשלום מיט זיין ידיד, ר׳ סעדיהן. ער, דער פרומער מאַן, איז אָבער אַהין געגאַנגען. ר׳ שמואל בן אַביגדור איז דאָך דער מרא דאתרא, דער בעל־הבית פון שטאָט, וועט ער, דער דובנער, ניט זיין קיין מורד במלכות.

די רביצין האָט געפּועלט ביי איר מאַן, אַז ער זאָל דעם אָוונט פאַר־בעטן צו זיך די סאַמע „פּני" פון שטאָט, און אויך די שררות פון דער גוי־אישער מלכות. זי האָט געזוכט צו ווייזן דעם דובנער, אַז לאה, ר׳ מיכל פּעשלס טאָכטער, קען זיך מיט איר גאַנצער עשירות צו איר ניט פאַר־גלייכן. און כאָטש איר מאַן איז ר׳ סעדיה, דעם גאונס אַ תּלמיד, ווייסט זי ניט ווי צו פירן אַ גרויסן שטאָט. זאָל דער דובנער זען, ווי גרינג זי נעמט צו ביי נאַטשאַלסטווע די גזירות אויף יידן און פאַרברענט זיי אין קאַמין, ווי נישטיקע פּאַפּירלעך.

זי האָט אין פּוילישן לשון געלויבט פאַר די שררות דעם דובנערס משלים. זי האָט פאַרגליכן זיינע משלים מיט די פּראַנצויזישע משלים־מאַכער. אָבער דאַסמאָל האָט זי זיך שוין געמיט צו באַווייזן, ווי קליין און מינדערוויכטיק יענע זיינען אַנטקעגן דעם דובנער. די שררות האָבן באַ־וואונדערט דעם קליינעם מאָגערן יידל מיטן שפּיציקן בערדל, וואָס איז אַזאַ גרויסער מייסטער אין דער פאַבל־קונסט.

דער דובנער האָט זיך געמאַכט ווי ער פאַרשטייט גאָרניט, אַז דאָס רעדט מען וועגן אים, און ער ווייסט אויך ניט, אַז די לומדים, וואָס זיצן ביי די טישן, זיינען די בעלי־פּלפּול, וואָס האַלטן זיך נאָך אַלץ ביי זייער דרך און חוזקן פון פּשט. זיי, די עקשנים, לערנען ניט מיט זייערע קינדער קיין תנ"ך. זיי הייבן גלייך אָן מיט גמרא, כאָטש דער גאון בייזערט זיך שטאַרק און טאַדלט די נאַרישע פירונג. זיי האָבן ניט ליב דעם גאון און זיינען שטאַרק בייז אויף ר׳ סעדיהן, ווייל ער האָט אַמאָל, מיט יאָרן פריער, אויך

געהערט צו זיי, די בעלי־פּלפּול. אָבער זינט ער האָט דערקענט ר׳ אליהון, האָט ער זיך באַקערט צום דרך פון פּשט. זיי קענען ניט מוחל זיין דעם גאון, וואָס מיט איין הנחה זיינע שלאָגט ער אָפּ זייערע אַלע קשיות און ווי אַ פּלעווע אַנטקעגן ווינט, צעבלאָזט ער בערג הלכות, וואָס זיי האָבן מיט אַזויפיל קאָפּדרייעניש אויפגעבויט, און מיט איין עמקותדיקן טייטש באַ־ווייזט ער, אַז זיי האָבן בחנם זיך געמאַטערט דורכפירן אַ העלפאַנט דורך אַ לעכל פון אַ נאָדל. דער העלפאַנט איז גאָר קיין העלפאַנט ניט.

לויט זייערע רייד האָט דער דובנער דערקענט, אַז אויב עס וועט קומען צו אַ מחלקה, וועלן זיי שטיין אויפן חסידישן צד. ניט ווייל די חסידישע שיטה איז זיי, די בעלי־פּלפּול, צום האַרצן, נאָר איינצומאָנען נקמה פון גאון. האָט ער לכתחילה געהאַט אין מחשבה זיי אויסצומוסרן, און דורך אַ משל זיי ווייזן, ווי בלינד זיי זיינען, אַז זיי דערזעען ניט די ליכטיקייט פון אליהון, וואָס האָט זיך דווקא אין דער איצטיקער בין־השמשותדיקער צייט, צעשיינט.

ער האָט זיך אָבער באַזינט, אַז איצט וועט ער זיך, ווי יעקב אָבינו, פירן במרמה, וואָס ער, דער דובנער, טייטשט מיט יענעמס מרמה — מיט יענעמס פאַלשקייט. ער האָט זיך געשטעלט גאָר זאָגן אַ שאַרפן פּלפּול. ביי די קנאַימדיקע לייט האָבן די אויגן זיך אַזש צעפּראַלט. זיי האָבן דערזען, —אַז דער דובנער איז אויך אַ בעל־הלכה, און אַ זייעריקער, אַ בעל־פּלפּול. אָבער נאָכן אויסבויען גאַנצע בנינים ברענגט ער פּלוצים אַריין דעם גאונס אַן הבנהדיקן טייטש און די אַלע בנינים צעפאַלן זיך.

די פּלפּול־לייט האָבן פאַרשעמטע גלייך זיך געכאַפּט, אַז דער דובנער האָט דאָ בלויז אָפּגעשפּאַט פון פּלפּול. האָבן זיי גענומען אים אָפּצאָלן מיט דערזעלביקער מידה און אין כלומרשטער תמימות אים געפרעגט:

— ילמדנו רבינו, קענט איר אפשר אונדז דערקלערן: ר׳ סעדיה האָלט דאָך אין איין דרשהנען, אַז ער קריגט אויף די חסידים בלויז צוליב זיין ליבשאַפט צו דער הייליקער תורה. אויב אַזוי, דאַרף ער דאָך איצט באַקערן צו חסידות, און טאַנצן פון שמחה. דער נייער חסידישער רבי ר׳ שניאור זלמן פון ליאַדע, איז דאָך אַ גדול אין דער תורה און ער שטעלט דאָס לער־נען אויף גאָר אַ הויך אָרט? צי אפשר לייקנט סעדיה אין ר׳ שניאור זלמנס לומדות?

דער דובנער ענטפערט זיי רואיק און געלאַסן:

— אין אייער קשיא ליגט דער תירוץ. ר׳ סעדיה האָט מיר אַליין געזאָגט, אַז ר׳ שניאור זלמן איז אַ מלך אין דער תורה. אָבער איר קענט זיך אַליין ברענגען פאַר אַ ראיה, אַז דווקא דערפאַר איז זיין שיטה אין חסידות נאָך מער סכנה. ווייל לומדים, וואָס זיינען ניט קיין גרויסע חכמים, קענען נאָך מיינען, אַז ווי באַלד ר׳ שניאור זלמן איז אַ למדן, גייט ער אַוודאי אויפן ריכטיקן וועג. זיי כאַפּן זיך ניט, אַז ליב האָבן די תורה איז ניט גענוג. מען דאַרף זיך קלייגן ווי אַזוי ליב צו האָבן, מען מוז געפינען דעם ריכטיקן וועג, וואָרים פונקט ווי די תורה איז אמת, אַזוי מוז אויך דער וועג צו איר זיין — אמת.

די פּלפּול־לייט מאַכן זיך ניט פאַרשטיין דעם דובנערס שטאָך, און, מיט דערזעלביקער געמאַכטער תמימות, פרעגן זיי אים:

— ווי מיר זעען, זייט איר ניט בלויז אַ מגיד פאַר דעם המון, נאָר איר שטראָפט אויך לומדים. איר גייט אין ר׳ אליהוס דרכים. טאָ ילמדנו רבינו: מיר זיינען זיך פאַר אייך מודה, אַז מיר פאַרשטייען זיך ניט אויפן גאונס גאַנגען. אונדז קוקט אויס, אַז ער איז זיך אָפט אַליין סותר. אָט, למשל, האָבן מיר געהערט סעדיהן זאָגן אין זיין רבינס נאָמען, אַז דער יעניקער, וואָס ווייסט ניט די חכמות פון די אומות העולם, קען ניט פאַרשטיין די הייליקע תורה, אָבער ניט לאַנג צוריק האָט דעם גאונס תלמיד, ר׳ מנחם מענדל שקלאָווער, אונדז געזאָגט, אַז דער גאון האָט זיך שטאַרק געבייזערט אויפן רמב״ם הקדוש, וואָס ער גלויבט ניט אין כישוף, און ער האָט די גאַנצע שולד געוואָרפן אויף די חכמי העולם, און געזאָגט: דער רמב״ם איז אַריינגעפאַלן אין דער נעץ פון דער גויאישער פילאָסאָפיע פון אַריסטון און זיינע חברים.

דער דובנער פאַרקלערט זיך. די קנאָימדיקע לייט זיינען ביי זיך שוין זיכער, אַז ער ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן, און זיי זשמורעען שוין נצחונדיק מיט די אויגן. זיי ווייסן ניט, אַז דער דובנער איז זיך בלויז מיישב, ווי מסדר צו זיין זיינע רייד. און ער רופט זיך אָפּ:

— איר האָט זייער קלוג געפרעגט. מיר אַליין איז עס געווען קשה. אויך מיין גראָבער קאָפּ האָט עס ניט געקענט באַנעמען. האָב איך עס געפרעגט ר׳ סעדיהן, וואָס איז אַ גאון אין דער תורה. און ווען ער איז ניט אין ר׳ אליהוס דור, וואָלט ער געווען דער ראש פון כל בני הגולה. ר׳ סעדיה איז אָבער מער צופרידן צו זיין אַ תלמיד ביי ר׳ אליהון, ווי צו זיין אַ רבי ביי אַחאָבן, כאָטש די בעלי הגמרא זאָגן, אַז אַחאָב איז געווען אַ למדן. טאָ, הערט וואָס ר׳ סעדיה האָט מיר מסביר געווען:

— אַז דער גאון זאָגט: די חכמות פון די אומות העולם, מיינט ער ניט זייער חקירהן זיך אין בריאת־העולם, און אוודאי ניט אין בורא־העולמס כוחות. ער האָט אין כוונה בלויז די ממשותדיקע חכמות, וואָס ברענגען אַ נוצן. ווי, למשל, דער לימוד פון וויסן די גרענעצן פון לענדער, מאָס, חשבון, מוזיק און דער גאַנג פון די שטערן. מען מעג אויך זייער נאַרישע חקירה, וויסן, אָבער ניט ווערן זייערע קנעכט, נאָר זייערע בעלי־הבתים. ר׳ אליהו האָט דורכגעלערנט אַלע וועלט־פילאָסאָפן, אָבער ער האָט פון זיי גאָרניט גענומען. ער האָט זייערע אַלע אַפּיקורסישע רייד אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער. ר׳ אליהו איז קלאָר באַהאַוונט אין יעדן וואָרט, וואָס דער אַריסטו האָט געשריבן. און ער לייקנט אינגאַנצן אָפּ זיין פילאָסאָפיע.

דער דובנער קוקט מיט נצחון אויף די עקשנותדיקע לייט, וואָס האָבן פאַרשעמטע אַראָפּגעלאָזן די אויגן. טיף ביי זיך אין האַרצן ווייסן זיי דאָך, אַז ר׳ אליהו איז אַ נס. אַפילו ווען מען פאַרשטייט אים ניט, קען מען אויך ניט אָפּפרעגן, בפרט דאָ, ווען זיי וואָלטן מיט אַן אמת געוואָלט וויסן ר׳ אליהוס טעמים, קענען זיי דאָך שיקן אָנפרעגן ביי אים, דעם גאון, אַליין.

ער וועט זיי דאָך געבן די ריכטיקע תשובה. פאַר אים זיינען אַלע סודות פון דער תורה אָפן, ווי עס איז, אין די אַמאָליקע דורות, געווען אָפן פאַר די הייליקע תנאים און אמוראים. אָבער די אייגענע גייציקייט דערלאָזט ניט די בעלי־פּלפּול צו דער גיין דעם אמת. זיי האָבן מורא, אַז זיי וועלן דערזען, אַז זיי האָבן זייער גאַנץ לעבן געלעבט אין טעות.

די פּלפּול־לייט האָבן, אַן דעם וויסן פון יונגן רב, זיך נאָך פריער צו־געגרייט צוצושפּאַרן צו דער וואַנט דעם מגיד, ווען זיי האָבן מיט ליצנות גערופן: דער משלים־מאַכער. זיי האָבן געהאַט בדעה אים צו פרעגן:

— וואָס פאַר אַ רעכט האָט ר׳ אליהו זיך צו בייזערן אויפן הייליקן בעל־פּוסק, דעם רמ״א, און זאָגן מיט שפּאָט: „דער רמ״א איז דאָך ניט געווען אין הימל!״ און פאַרוואָס האָט ר׳ אליהו גערעדט אַזעלכע שאַרפע רייד קעגן זיין אייגענעם זיידן, דעם „באר־הגולה״. ער האָט געזאָגט: „עס וואָלט פאַרן „באר הגולה״ געווען אַ סך שענער, ווען ער שווייגט״. און ווי נעמט זיך ר׳ אליהו די דעה צו טייטשן אַנדערש אַ משנה אין „ברכות״ ווי די הייליקע אמוראים האָבן זי באַנומען, און האָט געמאַכט אויסצו־קוקן, אַז אונדזערע הייליקע רבנן האָבן ניט פאַרשטאַנען די משנה, און זייער גאַנצע פּלוגתא, וואָס ציט זיך אויף גאַנצע דפים פון דער גמרא — איז לחלוטין איבעריק.

די פּלפּול־לייט האָבן פאַרלאָרן זייער גאַנצן מוט, און שוין ניט גע־וואָלט אַריינגיין אין ווייטערדיקע וויכוחים מיט דעם דובנער מגיד. זיי האָבן איינגעזען, אַז ער איז ניט, ווי זיי האָבן פריער געמיינט, עפּעס אַ משלים־מאַכער, נאָר ער איז אַ גרויסער למדן, אַן עמקן, און זייער אַ קלוגער מאַן. אָבער ער, דער דובנער, האָט זיי שוין ניט אָפּגעלאָזט, און צו זיי געזאָגט:

— רבותי, לאָמיר אייך דערציילן, וואָס דער גאון האָט געזאָגט וועגן אַריסטון. איך האָב עס געהערט איבערזאָגן פון ר׳ סעדיה: איין טאָג איז ער, ר׳ סעדיה און ר׳ מנחם מענדל שקלאָווער געזעסן ביים גאונס טיש. איז געקומען צו רייד וועגן דעם אַריסטון. האָט דער גאון זיך אָפּגערופן:

— דער אַריסטו האָט גערעדט שטות. ער איז פון קאָפּ ביז די פיס געווען אַן אַפּיקורס. ווען ער קומט צו מיר, וואָלט איך אַראָפּגעבראַכט, די זון, די לבנה, און די שטערן, און געמאַכט זיי זיך דרייען דאָ אויף דעם טיש, פּונקט ווי זיי דרייען זיך אין הימל. איך בין בטוח, אַז אַריסטו וואָלט שוין ניט געזאָגט, אַז די וועלט פירט זיך דורך דער נאַטור.

די בעלי־פּלפּול קוקן צעשראָקענע אַן דעם דובנער; זיי דערשפּירן איצט די קדושה פון ר׳ אליהון. און דער דובנער זאָגט צו זיי:

— זייט בײַ זיך ניט געפאַלן. אויך ר׳ סעדיה און ר׳ מנחם מענדל שקלאָווער, אַז זיי האָבן געהערט אַזוינע ווערטער פון גאונס הייליקן מויל, זיינען זיי בלאַס געוואָרן און גענומען ציטערן, ווי בלעטער. אָבער דער גאון האָט אַ רואיקער און מיט בנעימות צו זיי געזאָגט:

— איך זע ניט איין, וואָס איר וואונדערט זיך? איך וואָלט עס דאָך

געטאָן מיטן „שם־המפורש״. און ניט בלויז איך אַליין, נאָר אַלע גאונים, וואָס האָבן געלעבט אין דער צייט פון שליסן דער גמרא, האָבן געוואוסט ווי זיך צו באַנוצן מיטן „אחד״.

דער יונגער רב, דער עילוי, האָט געגעבן אַ שפּרונג אויף פון זיין שטול. זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן. ער, דער היציקער יונגערמאַן, האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין אויבער־מאַנטל און גענומען לויפן צו דער טיר. עס האָבן זיך פון אים אַרויסגעריסן ווייטאָקדיקע געשרייען:

— איך לויף צו ר׳ אליהון. איך וועל אים, דעם איש אלקים, בעטן, ער זאָל מיר מוחל זיין. ער איז קדוש און אַלץ וואָס ער זאָגט איז קדוש . . .

זיין רביצין, וואָס איז געהאַט געשטאַנען פון דער ווייטן און זיך צוגע־הערט צום גאַנצן שמועס, האָט אויך געגלויבט אין יעדן וואָרט, וואָס דער דובנער האָט דערציילט וועגן גאון. אויך זי האָט דערשפּירט די קדושה פון ר׳ עלינקען. זי איז אים אַלץ מוחל. איצט פאַרשטייט זי זיינע טעמים, וואָס ער מישט זיך ניט אַריין אין דער מחלקה. זי האָט צער, וואָס איר מאַן, דער עילוי, איז ניט פון ר׳ אליהוס מקורבים. זי, די קלוגע פרוי, זעט שוין איין, אַז די חסידים וועלן פאַרלירן, אָבער זי קען ניט גיין צוריק. זי מוז איינ־שטעלן. זי האָט ניט קיין אַנדער ברירה. זי קוקט מיט ביטול אָן די עקשנים, די בעלי־פּלפּול, וואָס וואַגן זיך צו שטעלן קעגן אַזאַ הייליקן מאַן, ווי ר׳ עלינקע.

זי, די בעל־תכליתניצע, פאַרשטייט איר מאַן, דעם עילוי, דורך און דורך. אַז זי האָט דערזען, ווי ער לאָזט זיך אַ שטורעמדיקער צו דער טיר, האָט זי זיך שטאַרק דערשראָקן. ער קען נאָך ווערן צעהיצט און נעמען זידלען די פּלפּול־לייט. זיי הייסן גיין בעטן ביי ר׳ עלינקען, ער זאָל זיי מוחל זיין. און ער וועט פאַרלירן דעם שטיקל צד, וואָס ער האָט נאָך אין שטאָט. אַלע, אַלע וועלן זיין איצט קעגן אים. איז זי גיך אים פאַרלאָפן דעם וועג, און פאַרשטעלט מיט איר גוף די טיר... זי האָט געקוקט מיט אַ שטום געבעט, ער זאָל זיך באַרואיקן, ער זאָל ניט פאַרגעסן, אַז ער איז אַ רב, וואָס האָט אַזוי פיל קעגנער און ער זאָל ניט זוכן נייע שונאים.

דער עילוי האָט זיך ניט געוואָלט בייגן, אָבער אויך זי האָט זיך ניט אונטערגעגעבן... זי איז אַ שטאָלצע געשטאַנען ביי דער טיר, אים גע־וויזן, אַז מיטן גוטן ווילן וועט זי ניט אָפּטרעטן... און, ווי תמיד, האָט ער, דער שוואַכער, זיך געבויגן צום שטאַרקן ווילן פון זיין זיווג. ער האָט זיך צוריק אָוועקגעזעצט אויף זיין שטול... און זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד...



# קאַפּיטל יד



אויף צווישן די פּרושים, וואָס זיינען געווען צעשפּרייט איבער אַלע שטעטלעך, ביי די טייכן פון דער ליטע, האָבן זיך געפונען פאַרעקשנטע לייט. זיי האָבן ניט געוואָלט אָננעמען דעם גאונס דרך, וואָס זאָגט: די תורה איז געגעבן געוואָרן ניט פאַר די מלאכים, נאָר פאַר די מענטשן, וואָס לעבן אויף דער ערד. דאַרף מען זיך מיען זי צו פאַרשטיין מיטן שכל, און אויב דער שכל באַנעמט ניט, איז אַ סימן, אַז אונדזערע חכמים האָבן עפּעס אַנדערש געמיינט צו זאָגן. דאָס איז דער טייטש פון דרך הפשט.

זיי, די פּלפּול־לייט, האָבן אָבער געטענהט: אמת, די תורה איז געגעבן געוואָרן פאַרן מענטשן, אָבער אַראָפּגעקומען איז זי פון הימל, איז זי שמימדיק. כדי איר משיג צו זיין, מוז מען זיך אַליין דערהייבן, פליען אין די הויכע הימלען. אפשר וועט מען דאָרטן, אין די הייכקייטן, זיך באַגעגענען מיט דער פליענדיקער תורה. דאָס איז די שיטה פון פּלפּול...

די לייט פון פשט האָבן זיך געהאַלטן אין איין שטאַרקן. די פּרושים, וואָס זיינען אַראָפּגעקומען פון ווילנע, פלעגן זיי ברענגען נייע טענות. האָבן זיי געזאָגט צו זייערע קעגנער:

— איר ווייסט דאָך, אַז פּלפּול איז געדרייט. מוז עס אויך פירן אויף געדרייטע וועגן. איר מיט אייער פּלפּול מאַכט אָן אַ גרויסן טומל און מען ווייס שוין ניט, ווער איז ווער — ווער עס איז אָן אמתער למדן און ווער עס איז אַ געגנאַרטער, אויף וועמענס הלכה מען קען זיך פאַרלאָזן, און אויף וועמענס — ניט. איר, בעלי־פּלפּול, האָבן פאַרשטויסן און פאַרשעמט די אמתע לומדים, וואָס זוכן צו פאַרשטיין די טיפע רייד פון די תנאים און אמוראים, לאמיתית של תורה. איר האָט צעטומלט די מוחות. אַנשטאָט אויסצופּלאָנטערן די טיפע סוגיאס, פאַרפּלאָנטערט איר זיי נאָך מער. מען שאַצט שוין ניט מער ווי גרויס עס איז די לומדות, נאָר ווי גרויס עס איז דער העלפאַנט, וואָס מען פירט דורך דעם לעכל פון דער נאָדל און וויפיל טעמים מען קען ברענגען מטהר צו זיין אַ שרץ.

די בעלי־פּלפּול האָבן ניט פאַרשוויגן, און געענטפערט:

— פשט פאַרטעמפּט דעם קאָפּ, און פּלפּול שאַרפט אים אויס.

די בעלי־הפשט האָבן זיי, מיט שכל, געענטפערט:

— אויב מען איז פּוסט פון הלכה, טאָ וואָס טויג, אַז דער קאָפּ איז שאַרף ווי אַ קאָסע, ער האָט דאָך ניט וואָס צו שניידן? און וואָס איז דער גליק, אַז מען איז אַן „עוקר הרים", אַז מען קען אויפרייסן בערג, אַז די בערג זיינען ניט קיין בערג? מען האָט זיי דאָך אַליין אויפגעבלאָזן. און וואָס איז דער אויפטו פון דעם בעל־פּלפּול, וואָס קען פרעגן קשיות אויף יעדן מאמר אין דער גמרא, און עס קוקט כלומרשט אויס, ווי ער געוועלטיקט

איבער גאַנץ ש״ס, אַז דער אמת איז, אַז ער איז אַפילו ניט קיין מלך איבער איין מסכתא. ער קען ניט זאָגן, אַז ער האָט זי אינגאַנצן אַרויס, און ער ווייסט זי פון דער ערשטער ביז דער לעצטער שורה.

די בעלי־הפשט זיינען אויך אַרויסגעקומען מיט אַ נייער טענה, אַז זינט די פּלפּול־לייט האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן, האָבן געקראָגן די שליטה אַלע מיאוסע מידות. די לומדים האָבן פאַרלאָרן זייערע עניוות און ריידןביים לערנען מיט גאווה. זיי יאָגן זיך נאָך כבוד און קוקן אַראָפּ אויף די פּשוטע מענטשן.

די מלכות תורה אין ווילנע האָט אויך אַרויסגעשיקט אַ קול קורא צו די פּרושים, אין אַלע שטעטלעך אין דער ליטע. עס האָט ווי אַ דעקרעט פון אַ מלכות געגעבן צו וויסן אין גאונס נאָמען, מיטן שטרענגן וואָרט, אַז די מצווה פון לערנען תורה איז ניט גלאַט לערנען, נאָר דער תכלית, צו וואָס דאָס לערנען דערפירט. אַז מען זאָל זיין ראוי אָנגערופן צו ווערן מענטש, דאַרף מען זיך מיען צו דערווערבן שיינע מעשים, ווי די הייליקע רבנן האָבן אונדז אָנגעזאָגט. לכן זאָלן די פּרושים אַריינקוקן אויך אין מוסר ספרים, און לערנען די מסכתא אבות, אבות דר׳ נתן, און מסכתא „דרך־ארץ״..

ר׳ ירוחם יאַנישקער, דער פּרוש פון גאונס קלויז, האָט געהאַט אַ זון, וואָס האָט, ווי ער, זיין טאַטע, זיך אויך אָפּגעשיידט אין פּרישות, אין דעם קליין שטעטל, לאַזדיי. ער איז געווען גערופן אין ירוחמן, מיט זיינע אַלע נטיות און מעלות, כאָטש ער האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אָן זיין השגחה. ר׳ ירוחם האָט גלייך נאָכן „פּדיון הבן״ זיך אָפּגעשיידט פון זיין ווייב און אַוועקגעשפּאַנט אין ווילנע צו לערנען אין פּרישות. ער האָט עטלעכע מאָל זיך געקליבן פאָרן קיין יאַנישעק, זען, צי דער בחור זיינער נעמט זיך לערנען און זיך אַלץ ניט דערקליבן. ווען ער איז געהאַט געפאָרן צוריק פון וואָלאַ־זשין, וואו דער ראש פון דער מלכות תורה האָט אים געשיקט נאָכצוקוקן די דרכים פון „שאגת אריה״, האָט ער, ר׳ ירוחם, זיך באַדונגען מיט אַ בעל־עגלה צו פירן אים קיין יאַנישעק. אָבער ער האָט אין זיין צעטראָגנקייט געמאַכט אַ טעות און זיך גאָר געזעצט אויף אַ פור, וואָס איז געפאָרן קיין ווילנע. מיט יאָרן שפּעטער האָט מען אים פון דער היים געגעבן צו וויסן, אַז זיין בכור איז מיט מזל געוואָרן אַ חתן, און מען בעט אים אויף דער חתונה. האָט ר׳ ירוחם זיך ניט געלאָזט בעטן, און איז אַראָפּגעקומען קיין יאַנישעק און זיך געמאָלדן, אַז ער איז דער אַבי־החתן. קיינער, אַפילו זיין אייגן ווייב, האָט אים ניט דערקענט. וואָרים ווען ער האָט זיך אָפּגעטיילט אין פּרישות, איז ער נאָך געווען אַ יונגערמאַן, דאָס בערדל האָט ערשט אָנגעהויבן ביי אים צו שפּראָצן. און איצט האָט ער אויסגעזען אַלט, די האָר גרוי, און מיט אַ לאַנגער באָרד. אויף מאָרגן נאָך דער חתונה, האָבן דער כלהס נאָענטע קרובים, פון ערגעץ אַ שטעטל לעבן ווילנע, אָנגעוואונטשן דער יונגער פּאָר פּאָלק כלערליי ברכות און זיך געקליבן פאָרן אַהיים. איז ער, ר׳ ירוחם, צוגעגאַנגען צו זיין זון און געזאָגט:

— אויף ברכות טאָר מען זיך ניט פאַרלאָזן. אַלץ ליגט ביים מענטשן

אַליין אין די הענט. אַז ער וויל, קען ער זיין אַ רב, און אַז ער וויל, קען ער זיין אַ בעדער, — און אַ פּאַרטראַכטער האָט ירוחם זיך אַרויפגעזעצט אויף די מחותנימס פור, וואָס האָט זיך מיטן זאַמדיקן וועג געלאָזט קיין ווילנע.

ירוחם האָט מער פון זיין זון ניט געהערט, און ניט געוואוסט, אַז ער האָט זיך אָפּגעשיידט אין פרישות. ביז איין טאָג האָט ער געקראָגן פון אים אַ בריוו. ער האָט געשריבן, אַז ער לערנט אין דעם שטעטל לאַזדיי, און טוט, ברוך השם, אַ גרויסע פּעולה אין לערנען. און אַזוי ווי ער, זיין טאַטע, לערנט אין ווילנע אויפן שול־הויף, האָט ער דאָך אַוודאי געזען ר׳ אליהון און געהערט פון אים תורה. בעט ער ביי אים, ער זאָל טאָן מיט אים, זיין זון, אַ גמילות־חסד און אויפקלערן דעם מהות פון גאון, ווער ער איז, אין וואָס באַשטייט זיין גדולה — און נאָך אַזוינע מינים שאלות.

ר׳ ירוחמען האָט זייער הנאה געטאָן, וואָס זיין זון גייט אין זיינע דרכים, און האָט זיך, ווי ער, ירוחם, אויך אָפּגעטיילט אין פּרישות. האָט ער מהנה צו זיין אים, זיין זון, און טאַקע אַליין אויך אַראָפּצורייד̈ן זיך פון האַרצן — איינגעהאַנדלט גרויסע בויגנס פּאַפּיר, וואָס מען נוצט געוויינט־לעך צו שרייבן בקשות צו שררות, און זיך געזעצט ענטפערן דעם זון זיינעם אויף אַלע שאלות, וואָס ער האָט אים געפרעגט. ער האָט אים געשריבן אין פשוטן יידיש:

„איצט, מיין ליבער זון, לאָמיר זיך מיען דיר ענטפערן אויף דיינע שאלות. על ראשון ראשון, ועל אחרון אחרון. דו פרעגסט מיר, ווער איז ר׳ אליהו? און צי איז ער טאַקע אַ גרויסער גאון? און צי געהערט ער טאַקע צו די דורות פון די תנאים? ענטפערן דיר אויף אַלץ געענוי, נעם איך זיך ניט אונטער. עס איז ניט פאַר מיר, דעם קנאַפּן למדן, צו שאַצן און מעסטן ר׳ אליהוס גאונות. דאָס צו קענען באַווייזן, דאַרף מען אַליין אויך זיין אַ גאון, אָבער איך וועל זיך מיען דיר צו דערציילן עפּעס פון זיין פירונג און פון זיין נייער שיטה אין לערנען.

„איך, דיין טאַטע, האָב דעם זכות צו לערנען ביי דעם גאון אין קלויז. אָבער זיין ליכטיק פּנים האָב איך בלויז פיר מאָל געזען. עס איז ניט פאַר דער שוואַכער ראיה פון אַ בשר ודם זיך אין אים איינצוקוקן. זיין שיינ־קייט פאַרבלענדט ממש די אויגן. ער זיצט גאַנצע טעג און נעכט און לערנט, און איז איינגעהילט אין אַ טלית, איז מער ווי זיינע ליכטיקע אויגן זעען זיך ניט אַרויס.

„ער מוסרט קיינעם ניט. ער זאָגט ניט קיין דעות, ווי מען זאָל זיך פירן, און לערנט קיינעם ניט ווי צו לערנען. ער איז שטאַרק קעגן דעם דרך פון פּלפּול. אָבער ער האָט די בעלי־פּלפּול קיינמאָל ניט דערמאָנט לגנאי. יעדער אויסטייטש זיינער, סיי אין מקרא און סיי אין הלכה, איז אויס־געהאַקט ווי פון שטיין, פעסט, און זיינע רייד זיינען פול מיט זיכערקייט ווי ביי אַ תנא. פון דעם פּשוטן אופן ווי ער פאַרענטפערט אַ קשיא און מאַכט קלאָר אַ סוגיא, ווערן שוין פון זיך אַליין בטל ומבוטל די אַלע פּלפּולים, וואָס לומדים האָבן זינט דורות זיך די קעפּ געבראָכן. ער טוט עס זייער בצימצום, אָפטמאָל בלויז

מיט אויפוויזן, אַז אין דער סוגיא צי אין מאמר איז אַ וואָרט פאַרגרייזט געוואָרן, פאַלן אַלע קשיות אָפּ, ווי צעטריקנטע בלעטער פון אַ בוים.

„און דאָס וואָס דו פרעגסט מיר, מיין זון, צי ער געהערט צו די דורות פון די תנאים? אויף דעם וועל איך דיר ענטפערן ברמז. איך האָף, אַז דו ווייסט ווי צו פאַרשטיין איין זאַך פון דער אַנדער זאַך:

„גאונים זיינען געווען פאַר אים, און וועלן, אם ירצה השם, זיין אויך נאָך אים. אָבער קיינער האָט ניט דערגרייכט און וועט ניט דערגרייכן צו זיין גדלות. ביז אים האָט נאָך קיינער ניט זוכה געווען, אַז מיטן זאָגן בלויז דעם טיטול אַליין זאָל מען שוין וויסן וועמען מען מיינט. אויף אים, אָבער, איז געווען גענוג בלויז צו זאָגן: — דער גאון... ווייסט מען שוין, אַז דאָס רעדט מען וועגן אים, דעם ראש פון כל בני הגולה, ר׳ אליהו חסיד.

„טראַכט זיך טיפער אַריין אין דעם, מיין זון. נעם פאַר אַ משל אונ־דזערע הייליקע ראשונים, וועמענס גרויסקייט איז פאַר אונדז מענטשן, פון איצטיקן שוואַכן דור, שווער זיך אַפילו פאַרצושטעלן. און דאָך איז יעדער איינער פון זיי געווען גרויס, בלויז אין איין מקצוע. ווער אין הלכה, ווער אין אגדתא, אָבער ער, ר׳ אליהו, איז גרויס אין אַלץ. קיין חכמה, אַפילו פון די אומות־העולם, איז פאַר אים ניט פאַרבאָרגן. אַלע האָט ער אויס־געלערנט, און אין אַלע איז ער אַ גאון.

„דו פרעגסט מיר, מיין זון, צי ער באַווייזט נסים, ווי קפיצת הדרך און נאָך אַזעלכע זאַכן, ווי מאַכן הערנדיק טויבע און זעענדיק בלינדע. אויף דעם וועל איך אויך ענטפערן. אָבער זיי מבין דבר מתוך דבר.

„ר׳ אליהו זוכט ניט צו ווייזן קיין נסים. ער מיעט זיך גאָר, אדרבא, צו זיין אַ מענטש ווי אַלע מענטשן. אָבער נסים שיינען פון זיך אַליין אַרויס. ער אַליין איז אַ נס — און אַ נס קען אַנדערש ווי נסים ניט געבוירן.

„און וואָס דו, מיין זון, פרעגסט, צי עס איז טאַקע אמת, וואָס מען רעדט אין לאַדזיי, אַז דער גאון וועט רופן אַלע פּלפּול־לייט און פאַרלאַנגען, זיי זאָלן אָפּגעבן דין וחשבון. דאָס, מיין זון, — שרייבט ווייטער ר׳ ירוחם יאַנישקער, — „איז לא דובים ולא יער״. דער גאון איז ניט קיין נוקם ונוטר. בפרט, אַז אלה ואלה דברי אלהים חיים. דאָס רוב בעלי־פּלפּול האָבן שוין חוזר בתשובה געווען. זיי זיצן אַלע און לערנען מיט התמדה, על פּי דרך הפּשט. רש״י הקדוש איז איצט, אין דער ליטע, נאָך מער חשוב, ווי ווען עס איז געווען. ביים גאון איז רש״י גאָר און גאָר הייליק. דער גאון איז נתגלה געוואָרן אין דער ריכטיקער צייט. ער האָט די שלעכטע זייט פון פּלפּול איבערגעקערט צו מזל ברכה. די לומדישע קעפּ זיינען אויסגעשאַרפט געוואָרן, און עס זיינען אויפגעקומען אַן אַ צאָל לומדים. זיי אַלע טוען אויף חידושים און נפלאות אין לערנען. אויך דעם גאונס תלמידים האָבן פריער נוטה געווען צו פּלפּול. איצט איז יעדעס וואָרט פון גאון ביי זיי, די גרויסע לייט פון דער תורה, הייליק. אַפילו די קלענסטע פון זיינע תלמידים זיינען גאונים, וואָס די וועלט האָט נאָך ניט געזען. זיי ווייסן אָבער, אַז צו זייער רבינס גדלות וועלן זיי קיינמאָל ניט דערגרייכן.״

ר׳ ירוחם יאַנישקער, וואָס האָט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן געשריבן צו זיין זון, האָט דעם בריוו געשריבן מיט וואַרעמקייט און דערמאָנט נאָך אַנדערע נפלאות פון גאון. ער האָט, מיט התנצלות, אויך אים געבעטן מוחל זיין, וואָס ער שרייבט ניט נאָך מער וועגן גאון, ווייל, ווען דער גאַנצער ים וואָלט געווען טינט און ער, ירוחם, וואָלט געלעבט מתושלחס יאָרן, וואָלט ניט געווען גענוג אויסצושרייבן וועגן דעם גאונס גדלות. ער האָט פאַר־ענדיקט דעם בריוו, ווינטשנדיק דעם זון הצלחה אין לערנען און מוסיף געווען, אַז אויב נאָר ער וועט לערנען מיט התמדה, וועט ער שוין ממילא האָבן הצלחה. ווייל אויב דער בורא העלפט אַ מענטשן צו האָבן פרנסה בריווח, וועט ער אים אוודאי העלפן צו האָבן תורה בריווח.

ירוחמס זון האָט אין פאַרוואָרפן ליטווישן לאַזדיי געגאָלטן אויפן נאָמען פון זיין געבורטסשטאָט. מען האָט אים, ווי זיין טאַטן אין ווילנע, גערופן: „דער יאַנישקער פּרוש״. ער האָט זיך גאָרניט געהאַט געריכט, אַז זיין טאַטע, וועמען ער האָט בלויז צו זיין חתונה געזען און כמעט ווי ניט גערעדט צו אים, זאָל אים ענטפערן. האָט ער מיט גרויס פרייד געלייענט זיין טאַטנס בריוו פאַר די אַנדערע פּרושים, וואָס זיינען אויך נייגעריק גע־ווען צו וויסן וועגן גאון. אין פאַרוואָרפענעם שטעטל, לאַזדיי, זיינען די ידיעות וועגן גאון געווען זייער קאַרג. זיינען די פּרושים אַנגעשטאַנען, אַז זייער חבר, דער יאַנישקער, וואָס איז אַזאַ קרוב למלכות, — זיין טאַטע לערנט דאָך אין גאונס קלויז, — זאָל שרייבן צו אים נאָך אַ בריוו. און יעדער פּרוש האָט געהאַט וואָס אַנדערש צו פרעגן.

דער יאַנישקער האָט זיך געשעמט צו דערציילן פאַר זיינע חברים, אַז ער קען זיך גאָר ווייניק מיט זיין טאַטן, האָט ער ניט די העזה, אים, דעם פרעמדלעכן טאַטן, וואָס איז געווען צו אים אַזוי פריינטלעך און געענט־פערט אויף זיינע שאלות, נעמען און מחזיר זיין אַ רעה פאַר דער טובה און אים פאַרדולן דעם קאָפּ מיט נייע שאלות. האָט ער באין ברירה געשריבן צו זיין טאַטן נאָך אַ בריוו. ער האָט אַריינגעשטעלט אַלע שאלות, וואָס די פּרושים האָבן געהאַט צו פרעגן. אָבער כדי ניט צו באַגיין די עבירה פון גנבנען זייער דעה, האָט ער די פּרושים באַצייטנס געוואָרנט, און געזאָגט:

— איך בין כמעט ווי בטוח, אַז מיין טאַטע וועט ניט ענטפערן. רייד איך מיט אייך אויס פאַרויס, אַז איר זאָלט צו מיר ניט האָבן קיין פרע־טענזיעס און ניט האַלטן, אַז איך בין אייך שולדיק אַ חוב. בעט איך אייך, אַז איר זאָלט ניט האָבן קיין פאַראיבל אויף מיין טאַטן, אויב ער וועט ניט ענטפערן, מחמת ער איז אַ געוואַלטיקער מתמיד און איז פאַרנומען מיט זיין לערנען.

ר׳ ירוחמס זון האָט אין זיין בריוו זיך, קודם כל, פאַר אים, זיין טאַטן, פאַרענטפערט, וואָס ער דולט אים אַ קאָפּ מיט זיינע שאלות. ער האָט גע־שריבן: מיינע חברים, די פּרושים, זיינען זייער נייגעריק עס צו וויסן. זיי האָבן מיט טרערן אין די אויגן מיך געבעטן איך זאָל זיי טאָן אַ טובה,

אָבער איך, דיין זון, וועל האָבן דעמזעלביקן כיבוד־אב צו דיר, אויב דו וועסט ניט האַלטן פאַר נייטיק צו ענטפערן.

ר׳ ירוחם יאַנישקער האָט, קריגענדיק דעם בריוו פון זיין זון, געהאַט אַ ישוב הדעת מיט זיך אַליין. ער האָט ניט געהאַט קיין חשק זיך אָפּצורייסן פון לערנען און זיך זעצן שרייבן בריוו, אַ זאַך, וואָס ער האָט ניט געטאָן אַפילו אין די יונגע יאָרן, ווען זיין זון איז נאָך געווען אַ קינד, און ער, דער טאַטע, האָט זייער געגאַרט צו וויסן, וואָס ער מאַכט און צי ער נעמט זיך צום לערנען. פיל מאָל האָט ער שוין געהאַלטן די גענדזן־פעדער אין דער האַנט און דאָך אָוועקגעלייגט, ניט נאָכצוגעבן זיין רצון. ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס רעדט אים צו דער יצר־הרע, ער זאָל מבטל זיין אין לערנען. האָט ער, דער כיטראַק, בכיוון זיך פאַרשטעלט פאַרן יצר־טוב, און זוכט אים איינשמועסן, אַז ער גייט דאָ טאָן גאָר אַ מצווה.

די שאלות פון זיין זון און פון די פּרושים זיינען אָבער געווען זייער קלוגע. זיי האָבן געמאַכט, אַז ער, ירוחם אַליין, זאָל זיך מער אַריינטראַכטן אין ענין פון דעם מהות פון דעם גאון. איבערהויפּט האָט אים געמאַטערט זיין זונס שאלה: דו האָסט געשריבן, אַז דער גאון האָט געבראַכט משיחס צייטן. טאָ, וואָס זיינען די צייכנס, אַז דו, מיין טאַטע, איז אַזוי בטוח אין דעם. והשנית, צי דער גאון אַליין ווייסט פון זיין גדלות אין דער תורה, און, צי איז טאַקע אמת, אַז דער גאון קריגט אויף דער שיטה פון חסידות. מען שמועסט אין לאַזדיי, אַז ער גייט לייגן די חסידים אין חרם.

די אַלע שאלות האָבן ירוחמען ניט געלאָזט לערנען במנוחה. האָט ער זיך אַוועקגעזעצט ווידער שרייבן אַ בריוו צום זון, צו ענטפערן די אַלע קשהדיקע שאלות.

אָנגעהויבן דעם בריוו האָט ר׳ ירוחם יאַנישקער, מיט חידושן זיך, וואָס אין לאַזדיי, אַ יידישע קהילה אין דער ליטע, ווייסט מען אַזוי ווייניק וועגן גאון, אין דער צייט, וואָס זיין נאָמען קלינגט שוין איבער דער גאַנצער וועלט, אַפילו איבער די ווייטע ימען. ער האָט אויך געבעטן זיין זון צו זאָגן די פּרושים, אַז כדי צו פאַרשטיין ריכטיג דעם גאון, דאַרף מען אַליין זיין אַ גאון, בשעת ער, ירוחם, איז ניט מער ווי אַ פּשוטער ייד. ער האָט ליב די תורה, אָבער ער הייבט נאָך אַפילו ניט אָן זי אַרויסצוהאָבן. לכן זאָלן זיי זיך ניט פאַרלאָזן אויף אים, און מיינען, אַז ער וועט זיי קענען געבן צו פאַרשטיין די גאַנצע גדלות פון גאון.

„אויף דעם, וואָס דיינע גוטע פריינט, די פּרושים, פרעגן, צי דער גאון ווייסט, אַז ער איז אַ גאון, — אויף דעם קען איך ענטפערן און זאָגן מיט זיכערקייט, אַז — יאָ. איך אַליין האָב געהערט, ווי דער גאון האָט געזאָגט צו זיין תלמיד סעדיהן:

„און אַז איך בין אַ גאון, טאָ, איז וואָס? די וועלט איז מיר פאַר דעם גאָרניט שולדיק, נאָר איך דער וועלט בין שוין יאָ שולדיק, און גאָר אַ סך. ביידע — אי בית־הלל און אי בית־שמאי וואָרענען און זאָגן: — „אם למדת הרבה אל תחזיק טובה לעצמך כי לכך נוצרת" — אויב דו קענסט

אַ סך לערנען, זאָלסטו ניט מיינען, אַז די וועלט איז דיר עפּעס שולדיק. עס איז דיין שליחות. און פאַר דעם ביזטו באַשאַפן געוואָרן. טאָ זיי ניט קיין בעל־חוב — מאַטער זיך, און צאַל!״

צו זיין עניוות איז דאָך ניטאָ קיין ברעג. אַ פרעגט די וועלט אַן אַלטע קשיאָ: — פאַרוואָס האָט דער בורא זיך ווענדענדיק צו משה רבינו, גערופן אים צוויי מאָל נאָכאַנאַנד: משה! משה! זאָגט דער גאון, אַז עס איז זייער פשוט. דער בוחן לבבות האָט דערזען, אַז ער איז נאָך דערזעלביקער משה, דער זעלביקער עניוו ווי פריער, איידער ער, דער האַר פון דער וועלט, האָט אים באַערט מיט זיין ריידן צו אים פנים אל פנים. און, פונקט ווי דער גאון האָט אָפּגעשאַצט משה רבינו, אַזוי איז ער אַליין, דערזעלביקער פשוטער עלינקע, אַפילו נאָכדעם ווי זיין נאָמען איז אַזוי באַרופן געוואָרן אויף דער וועלט.

„איצט, וואָס איר פרעגט, וואָס זאָגט דער גאון וועגן חסידות? דאָס איז זייער אַ פאַרפּלאָנטערטער ענין. מען דאַרף וועגן דעם זייער אַ סך ריידן. עס איז ניט דאָס אָרט אין אַ בריוו פון אַ טאַטן צו אַ זון. איך וועל עס אָבער פּרואוון טאָן בקיצור. מיט דעם ווערט אָבער דער ענין ניט אויסגעשעפּט. איך וועל בלויז עטוואָס ביי די ברעגן באַרירן. איך בין בטוח, אַז דו, מיין זון, און דיינע חברים, די פּרושים, וועלן זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון די חסידים. איך בין זייער פאַרזאָרגט, וואָס דו, מיין זון, דערמאָנטסט אין די בריוו, די שטותיקע חסידישע טענות, ווי חדווה וריקוד, און נאָך אַזוינע נאַרישע הנחות.

„בין איך אייך מודיע, אַז דער גאון זאָגט: חסידות איז אסור מן התורה. ער האָט אַ סך קודשדיקע טעמים. ער פאַרלייקנט ניט, אַז חסידות האָט אויך גוטע זייטן, אָבער גראָד דערפאַר, זאָגט ער, איז עס נאָך געפערלעכער. זי איז די קליפּה, וואָס איר נאָמען איז „נוגה״, וואָס האָט אויךביידע זייטן פון דער מטבע. דער גאון זאָגט אויך, אַז שלעכטס פון שלעכטס איז ניט אַזוי שלעכט, ווי גוטס, וואָס קומט פון שלעכטס. פון חדווה האַלט דער גאון עולם און מלואה. אָבער ער זאָגט: ווי קען אַ מענטש, וואָס האָט די תורה ניט געלערנט און פאַרשטייט ניט די דרכים פון בורא, זיך פרייען מיט זיין בורא, און ווי קען מען טאַנצן פון שמחה אַנטקעגן איינעם, וועמען מען ווייסט גאָרניט ווער יענער איז. און ווי קען מען אַרויפשטייגן אויפן העכסטן שטאַפּל פון אהבת שמים, איידער מען האָט נאָך באַטראַכטן דעם ערשטן שטאַפּל, וואָס דאָס איז — יראת שמים. און וואָס טויג אַ נאַרישע אהבה, וואָס איז פּוסט, אָן תורה.

„אָבער וויסן זאָלט איר, אַז עס איז ניט ריכטיק, אַז דער גאון קלייבט זיך צו פאַרפירן אַ קריג מיט די נייע חסידים. ער האָט בפירוש געזאָגט צו זיין תלמיד, ר׳ סעידהן, וועלכער איז אַליין אויך אַ גאון אין לערנען, אַז שלום איז אַן עיקר אין דער תורה, און דער יסוד, אויף וועלכן עס האַלט זיך די וועלט.

„און וואָס דו פרעגסט מיך, מיין זון, דעם טעם, פאַרוואָס איך האָב

דעם בריוו צו דיר געשריבן ניט אין לשון־קודש, נאָר אין דעם לשון, וואָס יידן ריידן יום ויום, טוט מיר זייער הנאה, וואָס דו האָסט עס געכאַפּט, אַז איך האָב דערביי אַ טעם. אַגב אורחא, וועל איך דיר זאָגן, אַז אַ מענטש טאָר ניט טאָן קיין זאַך איידער ער באַרעכנט זיך. אַן אומבאַרעכנטע מצווה איז אַ באַרעכנטע עבירה. אַ מענטש דאַרף לעבן מיט אַ סדר און יעדן קער און ווענד טאָן מיט ישוב הדעת. פריער גוט נאָכזוכן צי עס קומט טאַקע פון יצר־טוב, אָדער דער יצר־הרע האָט זיך דאָס פאַרשטעלט פאַרן טוב. דער גאון האָלט זייער פון דעם יום־יום לשון. ער איז מער מסוגל אַריינ־צודרינגען אין האַרצן, מחמת ער איז היימישער. עצהט ער צו לערנען בעסער מוסר־ספרים אין עברי־טייטש. ווידער שאַפט עס אָפּ די מיאוסע מידה פון גאווה און די מחיצה פון לומדן ביז דעם פשוטן יידן. דער דאָזיקער נייער דרך האָט טאַקע געהאָלפן, אַז דער המון זאָל אויפהערן פיינט צו האָבן די לומדים. דער גאון איז זייער פריינטלעך צום פשוטן עולם, און ער הייסט, אַז אַלע לומדים זאָלן זיך אויך אַזוי פירן.

„דער בעל־מלאָכה און עני זיינען ביים גאון די גרעסטע יחסנים. זיין מאַמע, טריינע, און זיין זיווג, חנה, וואָס שטאַמט פון קיידאַן, ביידע נשים צדקניות, ביי זיי, אין שטוב, זיינען די אָנגעלייגטסטע געסט — אָרעמע ווייבער. זיין תלמיד, סעדיה, אַ בעל־דיקדוק, שרייבט אויך אין דעם לשון, וואָס מען רעדט יום ויום. בעט איך דיך, מיין זון, ווי אויך דיינע חברים, האָלט זיך ניט גרויס. פריינטלט זיך בלויז מיט אָרעמע מענטשן. דער גאון זאָגט, אַז בלויז פון זיי קען מען זיך אָפּלערנען שיינע מידות. ער זאָגט אויך, אַז אַ למדן, וואָס האָט שלעכטע מידות, ווי גאווה, כעס, קנאה, און יאָגט זיך נאָך כבוד איז נאָך מער פאַרהאַסט ביים בורא, ווי דער עם־הארץ. ווייל אויב יענער טוט עס, טוט ער עס דאָך בשוגג — ער ווייסט דאָך ניט פון בעסער. אָבער אַ למדן טוט דאָך דאָס במזיד — ער ווייסט דאָך יאָ, אַז מען טאָר עס ניט טאָן.

„זאָלסטו, מיין זון, אויך לערנען מוסר־ספרים. דער גאון האָלט זייער שטאַרק פון דעם „מסילת־ישרים" פון ר' משה חיים לוצאַטו.

„איידער איך גיי דיר ענטפערן אויף דיין הויפּט־שאלה: פון וואַנען דרינג איך, דיין טאַטע, ירוחם, אַרויס, אַז עס איז משיחס צייטן. וועל איך פריער פרואוון פאַרענטפערן אַן אַנדער שאלה. ווי איך פאַרשטיי, האָט עס געפרעגט דיינער אַ חבר. לויט מיין השגה, האָט ער עס זייער קלוג גע־פרעגט. זאָל אויף אים, דיין חבר, וואָס איך ווייס ניט זיין נאָמען, קומען אַ ברכה. ער פרעגט: צי וואָלט דער גאון אויך געקענט נתגלה ווערן אין אַן אַנדער יידישן קיבוץ? די זעלביקע שאלה האָב איך געהערט, ווי איינער האָט עס געפרעגט דעם דובנער מגיד. אַגב איז דער גאון געוואַלטיק נתפּעל פון זיינע משלים. ער זאָגט, אַז דער דובנער געהערט גאָר צום עולם־המשל. האָט ער, דער פליאהדיקער מגיד, עס פאַרענטפערט מיט אַ שיינעם משל:

„אַ מענטש פון אַ גרויסער שטאָט, וואָס האָט קיינמאָל ניט געזען, ווי מען מיסטיקט און מען אַקערט פעלדער, איז איין טאָג דורכגעפאָרן אַ דאָרף. האָט

ער געזען, ווי אַ פויער שטעלט אויף גרויסע סטויגן מיט זאַנגען. דער מענטש פון כרך האָט, אַ פאַרוואונדערטער, זיך אָפּגערופן צום פויער:

— ווי איך זע, איז אין די פעלדער אַ גרויסע מזל־ברכה. קענסטו מיר אפשר זאָגן, פון וואַנען עס האָבן זיך גענומען אַזויפיל זאַנגען?

דער פויער האָט, אין תמימות, געענטפערט:

— אָט פון דעם קליין זעקעלע זריעה.

דער מענטש פון כרך האָט גראָד פאַרמאָגט אַ ליידיקן פלאַץ. אַז ער איז געקומען צוריק אַהיים, איז ער גלייך אַוועקגעגאַנגען צו אַ תבואה־סוחר, און ער האָט צו אים געזאָגט:

— פאַרקויפט מיר אַ זעקל זריעה. איך וועל זיך מיט אייך ניט דינגען אין מקח. אָבער גיט מיר פון המובחר.

דער סוחר, אַן ערלעכער מענטש, האָט יענעמס פאַרלאַנג געטאָן — ער האָט אים געגעבן די בעסטע זריעה. יענער איז גלייך אַוועק און עס פאַרזייט אויף זיין ליידיקן פלאַץ. אַז ער האָט געזען, אַז עס וואַקסן ניט אַרויס קיין זאַנגען, האָט ער גערופן דעם סוחר אויף אַ דין־תורה. ער האָט געטענהט, אַז יענער האָט אים אָפּגענאַרט מיט די זריעה. דער סוחר, אַ קלוגער ייד, האָט זיך גלייך געכאַפּט, אַז יענער האָט מסתמא ניט גע־אַקערט. און די ערד דאָרט איז מסתמא זייער מאָגער און ליימיק — עס קען דאָרט גאָרניט וואַקסן. האָט ער געזאָגט צום בית־דין:

— איך קען נעמען אַ שבועה, אַז די זריעה איז געווען מן המובחר. אָבער פונקט ווי דאָס פעלד דאַרף האָבן גוטע זריעה, פונקט אַזוי דאַרף די זריעה האָבן אַ גוט פעלד.

„אַזוי אויך מיטן גאון. אין אַן אַנדער לאַנד, וואו די ערד איז ניט אַזוי מסוגל פאַר תורה און איז ניט אַזוי אויסגעאַקערט, ווי אין דער ליטע, וואָלט אפשר ר' אליהו, אַזוי גערעכט ניט געוואַקסן.

„איצט, — האָט ר' ירוחם ווייטער געשריבן, — מוז איך פאַרענדיקן מיין בריוו. עס איז שוין שפּעט אין דער נאַכט, און איך דאַרף נאָך איבער־גיין אַ סוגיא אין סנהדרין, וואָס איז מיר זייער קשה. אָבער איך וועל דיר, מיין זון, דערקלערן, פון וואַנען איך דרינג אַרויס, אַז עס איז משיח־צייטן. ווי אַלע ווייסן, קען משיח קומען בלויז אויף איינעם פון די צוויי אופנים: איינס, אַז די וועלט זאָל זיין כולו חייב, פול מיט רשעות. און ווען עס וועגדט זיך אָן מיר, דיין טאַטן, וואָלט איך מוחל געווען אפילו אויף משיחן, אַבי די רשעות זאָל ניט האָבן די גאַנצע ממשלה. דער אופן איז אַ פאַר־שלעפּטער ענין. מען קען אַלץ ניט זיין זיכער, אַז משיח קומט. ער קען דאָך, יעדע מינוט זיך פאַרהאַלטן, בלויז ווייל אַ טראָפּן גוטס האָט זיך פלוצים אַריינגעמישט. און עס איז אויס מיט דעם כולו חייב. מהאי טעמא וויל איך שוין בעסער, אַז משיח זאָל קומען, ווען די וועלט איז כולו זכאי און איז פול מיט מצוות. אמת, אַז דאָס איז אויך אַן ענין אין לאַנגן באַנק. עס קען זיך אויך דאָ אַריינמישן אַביסעלע חייב און — אויס מיטן „כולו זכאי". אָבער דערווייל לעבט מען דאָך אין אַ ריינער, שיינער וועלט.

„לויט מיין דרך וועסטו שוין אַליין פאַרשטיין, אַז ווען איך זאָג משיח־ציַיטן, מיין איך ניט, אַז היינט, צי מאָרגן, קומט משיח, כאָטש מיר דאַרפן יעדן טאָג אויף אים האָפן. איך ווייס ניט, ווי ביי אייך, אין לאַזדיי, אָבער ביי אונדז, אין ווילנע, זינט עס איז נתגלה געוואָרן דער גאון, שפּירט מען שוין די ציַיטן פון משיחן.

„דער עשיר האָט שוין מער ניט זיינע תקיפות. דאָס געלט האָט פאַרלאָרן זיין אַמאָליקע חשיבות. דער עשיר מיעט זיך צוריקקריגן אַ תיקון פאַר זיין געלט, אָבער שוין דורך אַ שענערן וועג, דורך טאָן צדקה. האָבן זיי אויפגעשטעלט אַלערליי חברות. זיי קליגן זיך צו פאַרדינען מיטן געלט מצוות.

זינט דער גאון האָט דעם אָרימאַן אַזוי דערהויבן, איז ער מער ניט מקנא די גבירים. אויך דער דובנער מגיד, דעם גאונס ידיד, מאַכט פון עני אַ גאַנצן פּאַראַד. די אָרימע ווייבער, וואָס האָבן תמיד געהאַלטן אין איין קלאָגן אויף זייער ביטערן מזל, האָבן געפונען אַ מוסר זיך אָראָפּצונעמען פון גאונס מאַמע, טריינע, און פון זיין זיווג, חנה, די נשים צדקניות, וואָס לעבן אַזוי בשלום, ווי אַ מאַמע מיט אַ טאָכטער, און זיי זאָגן תמיד צו די אָרעמע ווייבער:

— די גרעסטע עשירות איז — „שלום בית" — און דאָס קענען אַפילו אָרעמע לייט דערגרייכן.

„אין אַלע הייזער, אין ווילנע, הערשט איצט שלום־בית. אַפילו די שוויגערס און שנורס, וואָס פלעגן תמיד זיך קריגן, לעבן שוין בשלום.

„די מחיצה צווישן למדן און עם־הארץ האָט זיך אָפּגעטאָן. די לומדים אין ווילנע זיינען זייער מקרב די פּשוטע יידן. זיי לערנען מיט זיי דינים פון „חיי אָדם", וואָס זיין מחבר איז דעם גאונס מחותן, ר' אברהם דאַנציגער. און צו פאַרהיטן אַז די מידע, אויסגעמאַטערטע בעלי־מלאָכות זאָלן ניט איינדרעמלען, טשוכען זיי אויס מיט פליאהדיקע אגדתאס.

„אַ סך פון די לומדים זיינען מחבר מוסר־ספרים, און דווקא אין דעם יום־יום־לשון, אַז דער פּשוטער עולם זאָל קענען פאַרשטיין. ר' סעדיה, דעם גאונס תלמיד מובהק, אַ בעל־דקדוק, — איך האָב אים שוין דערמאָנט אין פריערדיקן בריוו, — הגם ער איז אַן איידעם פון דעם גרעסטן ווילנער גביר, ר' מיכל פּעשלס, האַלט דרשות דווקאָ אין די אָרעמע שולן; יעדן טאָג לאָזט ער אַרויסהענגען אויפן גאונס קלויז כתב־ידן, וואו ער גיט איבער אין יום־יום־לשון דעם גאונס טייטשן אויף פּסוקים, אַלע על פּי דרך המוסר, אָבער מיט זייער ווייכע רייד.

„דו, מיין זון, זאָלסט אָבער ניט מיינען, — שרייבט וויַיטער ר' ירוחם יאַנישקער, — אַז עס איז שוין אינגאַנצן אַ נייע וועלט. דער למדן איז נאָך אַלץ למדן, און דער עם־הארץ — אַן עם־הארץ; דער עשיר — אַן עשיר, און דער אָרעמאַן — אַן אָרעמאַן. קיין ענדערונג אין דער הנהגה פון דער וועלט איז נאָך ניטאָ. אָבער אויך דער הייליקער נביא, ווען ער רעדט וועגן משיחס ציַיטן, זאָגט ער בלויז: „וגר זאב אם כבש" — דער וואָלף וועט זיך פּיטערן

צוזאַמען מיטן שעפּס. עס מיינט ניט, אַז דער וואָלף וועט ווערן אויס וואָלף. ער וועט בלייבן וואָלף, און די שעפּס — שעפּס. נאָר זיי וועלן לעבן בשלום. ער, דער וואָלף, וועט מער ניט זוכן צו צערייסן דאָס שוואַכע שעפּסעלע.

„אָט די צייט איז שוין דאָ, און וועגן דעם האָב איך דיר אָנגעזאָגט. טאָ, לאָמיר האָפן, אַז עס וועט זיך אויך צעשפּרייטן איבער אַלע ישובֿים, וואו יידן וואוינען.

„מיט דעם פאַרענדיג איך, דיין טאַטע, דעם בריוו צו דיר, מיין זון. איך האָף, אַז איך האָב אַלץ, וואָס איך האָב געקענט, דיר קלאָר געמאַכט. איך וויל דיר, און דיינע אַנדערע חברים, פּרושים, בלויז זאָגן:

— אויב איר ווילט דערגרייכן די הויכע מדרגה פון דעם גאון, באַנוגענט זיך ניט בלויז מיטן ריידן וועגן גאון„ נאָר טוט, וואָס דער גאון טוט — לערנט, ווי ער, מיט אַזאַ גרויסער התמדה. אויב איר וועט ניט ווערן אַזעלכע גאונים, ווי ר׳ אליהו, איז אויך ניטאָ פון וואָס זיך מצער צו זיין. לא קם כמשה, — זאָגט די תורה, — אַזאַ גאון ווי אליהו איז בלויז דאָ איינער, און וועט אפשר מער ניט זיין. ער איז אַ נס, און קיין נסים געשעען ניט אַלע טעג".



# קאַפּיטל טו

דער ספר „משלי", פון שלמה בן דוד, מלך ישראל, איז ביי ר׳ אליהון געווען גאָר ליב און הייליק. ער האָט געדאַנקט און געדאַנקט די „אַנשי כנסת הגדולה", וואָס זיי האָבן אַרויסגעראַטעוועט „משלי" פון דער גניזה.

איין טאָג האָט ר׳ אליהו געזאָגט צו זיינע תלמידים:

— „משלי" האָט אַלע פיר הויפּט מעלות, וואָס אַ ספר מוז פאַרמאָגן, צו זיין ראוי, צו ווערן אָנגערופן ספר: א) דער מחבר — שלמה המלך — איז אַ חכם; ב) „משלי" האָט אַן אייגענעם פּנים; ג) זיין תכלית, זיין כוונה, איז אויך אַ הויכע; ד) דער חומר, דער מאַטעריאַל, וואָס ער, דער חכם מכל אדם, האָט אויסגעקליבן, איז פון המובחר שבמובחר: א) חכמה; ב) מוסר; ג) תורה. צוליב די טעמים איז יעדער פּסוק אין „משלי"" די אמתע רפואה פאַרן מענטשנס נשמה. און כאָטש אויבנאויפיק קוקט אויס, אַז עס איז געשריבן על פּי דרך הפשט. איז עס אָבער הוילער רמז.

האָט ר׳ אליהו זיך גענומען צו שרייבן אַ פּירוש אויף זיין באַליבטן ספר „משלי". ער איז מצליח. ער דעקט אויף אַלע רמזים, אַפילו די פאַרבאָרגענע. שלמהס מוסר רייד זיינען ר׳ אליהון נאָענט צום האַרץ און אייגנס, ווי זיי וואָלטן געווען זיינע אייגענע רייד. כאָטש שלמה, דער זון

פון דוד איז געווען אַ מלך בן מלך, וואָס האָט געוואוינט אין גילדענע פּאַלאַצן — און ער, עלינקע, איז אַן אָרעמער רבי; ער לערנט — ווי זיין זיווג חנה זאָגט — מיט תלמידים ש״ס און פוסקים, און זיין, דעם יגיע־כפּימניקס, געצעלט, שטייט אַ פאַרהוילענער אין גיטקע טויבעס זאַ־וואולעק, וואו עס וואוינען בלויז „בזעת אפּיכניקעס״. ביי ר׳ אליהון איז אָבער זיין אָרעמע דירה ליב און טייער. ער וואָלט זי ניט געביטן אויף קיין גבירישן פּאַלאַץ. זי איז טאַקע קליין, אָבער דערפאַר פאַרמאָגט זי צוויי טויערן. זיי שטייען תמיד אָפן, און טוען זיך ווי בעטן ביי די פאַרבייגייער: איר זייט דאָך אַוודאי הונגעריק, טאָ קומט אַריין און כאַפּט זיך אָפּ דאָס האַרץ, איר דאַרפט זיך ביי ר׳ עלינקען אין שטוב ניט שוואַרצן דאָס פּנים, איר דאַרפט זיך ניט בעטן מען זאָל אויף אייך רחמנות האָבן און געבן וואָס צום עסן. אויפן טיש ליגט תמיד אַ לעבל ברויט, און עס שטייט אויך אַ מעסטל זאַלץ מיט אַ שעפּל וואַסער. לויטן דת פון דער תורה: פּת במלח תאכל ומים במשורה תשתה.

איידער ר׳ אליהו מיט זיין משפּחה האָט זיך אין דער דירה אַריינגעק־קליבן, האָבן די טירן געהאַט אייזערנע ריגלען. ר׳ אליהו האָט אָבער תיכף געשיקט רופן אַ שלאָסער, און אַז יענער איז געקומען, האָט ער צו אים געזאָגט:

— זייט אַזוי גוט, און רייסט אַרויס די ריגלען. וואָרים טירן טאָרן ניט זיין פאַרשלאָסן. זיי דאַרפן שטענדיק שטיין אָפן, עס זאָל זיין גרינג אַ מידן אורח אַריינצוקומען.

דער טיש, אויף וועלכן עס איז געלעגן דאָס ברויט, איז געשטאַנען פּונקט אַנטקעגן דער טיר, מען זאָל, ביים אַריינגיין, אים גלייך דערזען. אויבנאויפיק האָט אויסגעקוקט, אַז דער טיש איז אַ פּשוטער. אָבער געווען איז דער טיש גאָר און גאָר אַ קונציקער. מיט איין צי־טאָן פלעגן זיך מיט איינמאָל צעעפענען קליאַפּעס אויף קליאַפּעס, און כהרף עין איז שוין געווען געענוג פּלאַץ פאַר גאַנצע מנינים אורחים.

דעם קונציקן טיש האָט פאַרקלערט דעם גאונס בן־בית, ר׳ מנשה, דער סמאַרגאָנער עילוי, וואָס האָט אין דער וועלט געגאַלטן אונטערן נאָ־מען: מנשה איליער. דאָס קליין שטעטל, איליע, וואו ער איז אָנגעקומען פאַר אַן איידעם נאָכדעם ווי זיין ערשטע ווייב, אַ סמאַרגאָנער גבירס אַ טאָכטער האָט אים אָפּגעגט. זי האָט ניט געקענט צוזען, וואָס ער זאָרגט ניט פאַר זיך, נאָר האַלט אין איין דאגהן פאַר דער וועלט. אַז מנשה פלעגט הערן, אַז ערגעץ־וואו האָט געטראָפן אַן אומגליק אַ מענטשן, וואָס ער האָט אַפילו יענעם ניט געקענט, פלעגט ער וויינען און קלאָגן.

דאָך, כאָטש ער האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט מענטשן, האָט אים די וועלט ניט ליב געהאַט. עס איז געווען שווער תופס צו זיין זיינע גאַנגען. זיין עילוישער קאָפּ האָט אים פאַרטראָגן אויף ווייטע און צעפלאָנטערטע וועגן. ער האָט זיך, ווי די זון אין אַ פאַרוואָלקנטן טאָג, געהאַלטן אין איין

בייטן. אָט פּויזעט ער אַרום איבערן בית־המדרש, אַ נכנעדיקער, ער וויינט און קלאָגט:

— אַלעמען האָט מען אין הימל באַשאָנקען מיט גוטע קעפּ, נאָר מיך, מנשהן, האָט מען פאַרזען.

און אין אַ ווײַלע אַרום זיצט ער שוין מיט רחבות ביים טיש און בלאָזט פון זיך, מעשה בעל־גאווה. ער חוזקט אָפּ פון אַלע גרויסע לייט אין דער תורה. ער מאַכט פון זיי כעפרא דארעא. ער פועלט אַפילו ביי זיך אַ זאָג צו טאָן:

— רבינו אליהו איז אַ ריז אַפילו צווישן ריזן. ווען ניט ער, וואָלט די תורה פאַרגעסן געוואָרן. ער האָט איר צוריק אָנגעטאָן די קרוין. אָבער איך, מנשה, האָב זיך אויך ניט וואָס צו באַקלאָגן. איך האָב אויך אויף זיך אַ גאונישן קאָפּ. אין דער חכמת הדקדוק האָב איך אַפילו פאַר ר' אליהון ניט וואָס אַראָפּצופאַלן. איך טו זיך אָבער צו אים, דעם גאון הגאונים, ניט פאַרגלייכן. אָבער די אַלע אַנדערע, וואָס די וועלט האַלט פאַר שררות אין דער תורה, זיי טרייסל איך אויס פון מיין אַרבל. איך גיב ניט פאַר זיי קיין שמעק טאַבאַק.

און תוך כדי דבור עפנט ער זיין אויסגעצאַצקעטע טאַבאק פּושקעלע, וואָס ער האָט אַליין אויסגעשניצט. ער נעמט מיט די שפּיץ פינגער אַרויס אַ שמעק טאַבאַק. ער ציט עס מיט זשעדניקייט אַריין אין זיינע ברייטע נאָז־לעך, וואָס זיינען פאַרוואַקסן מיט געדיכטע וואָנצעס. ער צעניסט זיך פון תענוג. ער ניסט און ניסט. ער וויל זיך גאָרניט אָפּהאַלטן. ניט פון הנאה פון טאַבאַק שמעקן, נאָר וואָס עס גיט אים דערוויל אַ געלעגנהייט צו ווייזן, אַז, אַ לויב צום בורא, וואָס ער איז זיך מפרנס פון רייבן טאַבאַק און ער דאַרף ניט לעבן פון רבנות. איז ער אַ פרייער מענטש. ער דאַרף קיינעם ניט נושא פנים זיין. זיינע קונדן זיינען דאָך אַלע גוים. די אייליער יידן קוקן זיך איבער. זיי גלויבן ניט, אַז ער איז צופרידן מיט זיין גורל, אַז ער וויל בעסער זיין אַ טאַבאַק רייבער איידער אַ רב. טראַכטן זיי פאַר זיך אַליין:

— קיינער קען ניט טאָן אַזוי פיל שלעכטס, ווי דער מענטש טוט זיך אַליין. און ער, מנשה, איז אויף דעם דער גרעסטער בריה. אַלץ, וואָס ער טוט, איז קעגן זיך אַליין. ער, דער עילוי, האָט דאָך געקענט לעבן אין רו־איקייט. זיצן אויף רבנות. האָט ער אָבער אַ טבע מבטל צו זיין אַלעמען, און אויף יעדן איינעם זוכן התחייבותן — האַלט ער זיך אין איין אײַנשאַפן שונאים. און ער, דער עילוי, וואָס האָט נושא חן געווען ביים ווילנער גאון — דאַרף גאָר ציען זיין חיונה פון רייבן שמעק־טאַבאַק פאַר גויים.

דער אייליער האָט גערייבן די טאַבאַק אין אַ מעשענער שטויסל. איז עס אים געפאַלן שווער, האָט ער, דער גוטער קאָפּ, וואָס האָט געהאַט אַ כשרון צו דערפינדן נייע זאַכן, אויסגעמייסטערט אַ מיכל, וואָס איז געלאָפן אויף רימענס. עס האָט געהאַט אַ מויל ווי פון אַ בייזער חיה. עס פלעגט פאַר איין מאָל פאַרצוקן אַ גאַנצן שטויס טאַבאַק און כהרף עין עס צעטרייבן. זינט

ער האָט געמאַכט דעם מילכל, האָט ער פאַרלאָרן זיינע קונדן. די פויערים פון די דערפער האָבן ניט געטרויט דעם מילכל. זיי האָבן געזאָגט, אַז דאָרטן זיצט אַ טייוול און דער שמעק־טאַבאַק פאַרלירט זיין גאַנצן טעם. עס איז צו דין און צו טרוקן. אָבער מנשה וויל פון דעם ניט הערן. זיין דערפינדונג איז אים צו באַליבט, אַז ער זאָל זיך פון מילכל שיידן. זיצט ער, אין די פאַרנאַכטן, אין בית־המדרש, ביים גרויסן טיש, אַרומגערינגלט מיט פשוטע יידן, און ער קען זיך ניט אָפּלויבן פון זיין מילכל: עס איז אַ געוואַלטיקער אויפטו, עס פאַרשפאָרט צייט, און דער טאַבאַק קריגט זיין אמתן געשמאַקן ריח. נאָר מיינע שונאים פאַרגינען מיר ניט, האָבן זיי אויסגעטראַכט אַ בלבול, אַז דער שמעק־טאַבאַק קומט אַרויס צו טרוקן און עס רייסט אַרויס דאָס האַרץ. אָבער איך לאַך פון זייער היטעלע.

איינער אַ ייד, ר' מנשהס אַ גוטער פריינט, רופט זיך אָפּ, און זאָגט צו אים:

— ר' מנשה, איר אַליין זייט אייער גרעסטער שונא. איר האָט זיך ניט פאַרגונען, וואָס איר האָט ווי עס איז צונויפגעשלאָגן אַ ביסל חיונה, האָט איר זיך געמאַכט אַ מילכל און פאַרטריבן אייערע קונדן.

אַן אומעטיקער שמייכלט ר' מנשה אילייער, און ענטפערט:

— די שליחות פון אַ מענטשן איז זיך צו מיען אויפצוטאָן אויף דער וועלט. מחדש צו זיין. און פונקט ווי איך פאַרלאָז זיך ניט, ווי אַ בלינדער, אויף די לומדים פאַר מיר און איך זוך נייע טייטשן אין דער תורה, פונקט אַזוי זוך איך נייקייטן אין חומרדיקע חפצים. הגם דאָס מילכל האָט פאַרטריבן מיינע קונדן, דאָך קלייב איך פון אים נחת. איך וועל נאָך אויסקלערן אַ מילכל, וואָס זאָל קאָנען פאַרצערן אויף איין מאָל גאַנצע צוויי שטויסן טאַבאַק.

ר' מנשה איליער האָט געזען, אַז זיינע קונדן, די גויים, וויכן פון זיין מילכל, און ער האָט שוין מער ניט צו האָפן אויף לייזונג. דאָך איז ער אַראָפּגעקומען אויפן זעלווער יאַריד. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויפן מאַרק און געלאָזט זיין מילכל לויפן אויף די רימענע פאַסן, גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין. ער האָט זיך שוין אַפילו ניט געשטעלט צווישן די טאַבאַק־רייבער. ער האָט זיך געמאַכט פלאַץ צווישן די גויאישע זנאַכערס, וואָס האָבן פאַרקויפט פון ליימענע קרוגן פיאַווקעס, גראָזן און קרייטעכער פאַר מענטשלעכע און בהמהשע חולאתן. אויך ער, דער איליער, האָט זיך גענומען צו פאַרקויפן רפואות. אָבער ניט פארן גוף, נאָר פאַר דער נשמה. ער האָט עס גערופן „סמא דחיי" — לעבנס־באַלזאַם. ער האָט זיינע רפואות ניט געהאַלטן אין קיין סלאָיעס און פלעשלעך. זיינע נייע קונדן זיינען שוין ניט קיין גויים, נאָר יידן, אָרעמע, פאַרצאָרנטע נשמות. ער היילט זיי מיט רייד. ער שטייט ביי זיין מילכל, ווי ביי אַ שטענדער אויף אַ בימה, און ער דרשנט פאַר זיי. ער טאַדלט די רייכע און טרייסט זיי, די אָרעמע. ער סטראַשעט מיט גיהנום די ראשי הקהל און די פרנסים, וואָס זיי לאָזן כאַפּן יידישע קינדער צו שיקן דינען דעם מלך. ער חוזקט פון די לומדים, די פרוו־

מע לייט, וואָס שווייגן און דערלאָזן צו באַגיין אַזעלכע הימל־שרייענדיקע עוולות. זיי שרעקן זיך פאַרן מלך, וואָס איז בלויז אַ בשר ודם, און זיי האָבן ניט קיין מורא פאַרן מלך מלכי המלכים.

האָבן זיך אַרום זיין מילכל געזומען אויפזאַמלען אַלע געקריוודעטע און אָרעמע מענער און פרויען — זיינע וואָרעמע מיטלייד־רייד האָבן צעזומען זייערע הערצער. די אַלמנות, וועמענס זין מען האָט געהאַט געכאַפּט און אָוועקגעשיקט אין סאָלדאַטן, פלעגן זיך פאַרגיין אין גרויס געוויין, און די באַעוולהטע לייט פלעגן שטייפן זייערע פויסטן, ליאַרעמען אויפן הויכן קול:

— לאָמיר זיי אַלע צוזאַמענעמען און מעכב־הקריאה זיין, און ניט דערלאָזן, אַז מען זאָל כאַפּן אונדזערע קינדער. זאָלן די עשירים שיקן זייערע אייגענע זין.

ר׳ מנשה האָט מיטגעוויינט מיט די אלמנות און מיטגעשטורעמט מיט די פאַרצאַרנטע... ער האָט, ווי איבער אַ שטענדער, געקלאַפּט איבערן מילכל, און מיט פרעטענציעס גערופן צום בורא:

— פאַרוואָס האָסטו אַזוי שלעכט איינגעשטעלט די פירונג פון דיין וועלט, אַז דאָס רוב מענטשן זאָלן זיך דאַרפן פייניקן, ליידן הונגער און דאַרשט און ניט האָבן געזונג קליידער זיך צו באַשיצן פון קעלט? אויב די טאַטעס האָבן קעגן דיר, דיין הייליקן נאָמען, געזינדיקט, וואָס זיינען אָבער שולדיק זייערע קליינע קינדער? פאַרוואָס האָסטו, דער באַשאַפער פון דער וועלט, אָוועקגעגעבן די עשירות בלויז צו געציילטע — און דווקא צו די, וועלכע דו האָסט ניט ליב? פאַרוואָס האָסטו, דער האַר פון דער וועלט, גליקלעך געמאַכט דווקא די נאַראָנים, וואָס זיינען געגליכן צו בהמות? זיי פרייען זיך און לאָזן זיך וואויל גיין, זיי וויסן אַפילו ניט, אַז זיי דאַרפן וויינען און קלאָגן, וואָרים זייער סוף וועט דאָך זיין אַ ביטערער. זיי וועלן דאָך מוזן איבערלאָזן זייערע ווייכע געלעגערס און פוילן אין דער קאַלטער און נאַסער גרוב... און פאַרוואָס האָסטו, דער אל רחום וחנון, אַזוי פאַרקירצט דאָס לעבן פון מענטשן?

אויפן זעלווער יריד פלעגן אַראָפּקומען רבנים און לומדים פון גאַנץ ליטע און רייסן צו באַשמועסן ענינים פון דת, תורה און אַנדערע הויכע ענינים. אַז מען האָט צו זיי דערטראָגן מכח וואָס ר׳ מנשה איליער דרשנט אויפן יאַריד, האָבן זיי, די תמימותדיקע לייט, זיך דערשראָקן, מען זאָל עס ניט דערטראָגן צו מלכות. האָבן זיי געלאָזט רופן דעם איליער צום בית־דין.

זיי האָבן צו אים געטענהט:

— ר׳ מנשה, איר וועט דאָך מיט אייערע שאַרפע רייד קעגן מלכות ברענגען אַ צרה אויף יידן. און אייער קלאָגן זיך אויף דעם בורא עולמס הנהגה קאָן נאָך ברענגען פשוטע יידן צו כפירה. זעט איר דען אַליין ניט איין, אַז זינט ר׳ אליהו איז נתגלה געוואָרן, איז די וועלט שוין געוואָרן בעסער? טאָ צו וואָס זייט איר זיך אַזוי שטאַרק מתרעם?

ר׳ מנשה האָט זיי אָבער געענטפערט:

— פאַרבאַהאַלטן מחשבות איז גנבת הדעת. איך לייקן ניט אין ר׳ אליהוס גאונות און זיין אויפטו. ער מאַכט די וועלט בעסער און שענער. אָבער כל־זמן ערגעץ־וואו אין אַ שפּאַלט פון אַ שטיין מוטשעט זיך נאָך אַ ווערעמל, עס מאַטערט זיך אַרויסצוקריכן אויף דער פריי און עס קען ניט — טאָר קיין מענטש ניט שלאָפן רואיק. איך, מנשה, האָב אַ מיטל, על פּי דרך התורה, ווי אויסצולייזן דעם מענטשן, און איך וועל זיך ניט לאָזן אָפּשרעקן. איך וועל זיך ניט אָפּשטעלן ביז די וועלט וועט ווערן שיין און פיין.

דער זעלווער בית־דין האָט געפּרואווט אים סטראַשען, אַז מען וועט אים איבערגעבן צו מלכות, אויב ער וועט ניט אויפהערן צו דרשנען, ווייל דער כלל איז וויכטיקער ווי דער פּרט און צוליב אַ יחיד דאַרף ניט ליידן כל ישראל. אָבער ר׳ מנשה האָט זיך ניט אונטערגעגעבן. ער האָט זיי קלאָר געענטפערט, אַז ער וועט דעם בית־דין ניט פאָלגן.

האָט בית־דין תיכף אַרויסגעשיקט שלוחים קיין ווילנע. זיי האָבן דער־ציילט דעם גאון וועגן דעם איליערס הנהגה און געמיט זיך צו באַווייזן, אַז ער וועט ברענגען צרות אויף יידן. דער גאון האָט זיי אויסגעהערט און געענטפערט די שלוחים:

— ר׳ מנשה איליער איז אַן איש חסיד און אַ למדן, וועט ער ניט טאָן קיין זאַך, וואָס איז ניט על פּי דרך התורה.

האָט דער זעלווער בית־דין ניט געוואוסט ווי זיך אַן עצה צו געבן מיטן איליער. זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז אויפן יאַריד זיינען אָראָפּגע־קומען סמאַרגאָנער בעלי־בתים אויסצוקלייבן פאַר זייער שטאָט אַ רב. דער זעלווער בית־דין האָט דאָ געזען אַ גוטן מיטל, ווי פּטור צו ווערן פון איליער. זיי האָבן געגומען איינריידן די סמאַרגאָנער, אַז זיי זאָלן נעמען, פאַר אַ רב, זייער בן־עיר, ר׳ מנשהן. די סמאַרגאָנער האָבן זיך געיישובט. זיי האָבן דעם איליער געקענט נאָך פון יינגלווייז. האָבן זיי געוואוסט, אַז ער זוכט צופיל התחייבותן און ער האַלט ניט איין זיינע מחשבות פאַר זיך אַליין. אויך ר׳ מנשה האָט ניט געוואָלט הערן פון קיין רבנות, אָבער ער איז געווען זייער געענגט. ביי אים אין שטוב האָט מען זיך געמוטשעט פון דחקות. ער, זייער שפּייזער, האָט ניט פאַרדינט אַפילו אַ פּרוטה. ער האָט פאַר זיינע דרשות ניט גענומען קיין שכר, און זיין מילכל איז געלאָפן אַ פּוסטע. האָט ער, באין ברירה, נאָכגעגעבן און איז געפאָרן מיט די סמאַרגאָנער ראשי־הקהל איבערצונעמען די רבנות.

ר׳ מנשה האָט זיי ניט צוגעזאָגט, אַז ער וועט פירן שטאָט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ רב, און ער וועט אַוועקוואַרפן זיין באַגער איבערצומאַכן די וועלט און מער ניט אָפּגעבן זיין צייט — צו דערפינדן מאַשינעריע. אָבער אויפן שטומען וואונק איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז ער גייט ווערן אַן אַנדער מענטש.

ער האָט געהאַט אַ שטיקל חזקה אויף סמאַרגאָנער רבנות. זיין טאַטע,

איז ביי זיין לעבן, דאָרטן געווען רב. האָט ער, פאַרן שרייבן דעם כתב, בלויז לפנים וועגן, געדאַרפט האַלטן אַ דרשה. ר' מנשה אילייער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז ער וועט זיך באַצווינגען און ער וועט זאָגן בלויז חידושי תורה. אָבער ווי נאָר ער איז אַרויף אויף דער בימה, האָט ער חרטה געהאַט אויף זיין פריערדיקער החלטה. ער האָט שוין געזוכט צו געבן צו וויסן די סמאַרגאָנער בעלי־בתים, אַז ער וועט ניט ווערן צו זיי משועבד און האַלטן דאָס מויל געשלאָסן. אים איז מער ניחא זיך צו מוטשען אין חיונה און בלייבן אַ פרייער מענטש, איידער צו לעבן אין רחבות און זיין אַ געפּענטעטער. האָט ער זיך גאָר גענומען חקירהן וועגן דער הנהגה פון דער וועלט. ער האָט אויך געזאָגט חידושי תורה, אָבער צו שאַרפע, און אַפילו געענדערט אַ נוסח פון אַ בפירושער גמרא און, מיט חשיבות, דערמאָנט נעמען פון די אומות העולמדיקע פילאָסאָפן.

האָט זיך אין בית־המדרש אויפגעהויבן אַ טומל. די סמאַרגאָנער לומדים האָבן זיך גענומען אויף אים בייזערן מיט הויכע קולות.

— גייט אַרונטער פון דער בימה! ווער האָט אייך געגעבן רשות צו ענדערן די הייליקע ר י י ד פון אונדזערע תנאים? איר שטייט דאָך ביים אָרון קודש. ווי וואַגט איר צו לויבן גויים, וואָס זיינען נאָך דערצו געווען אַפּיקורסים גמורים? ווי באַגייט איר אַזאַ חילול השם?

מען האָט שוין ניט געלאָזט דעם אילייער ענדיקן זיין דרשה. ער האָט זיך אָבער ניט פאַרשעמט, ער איז אַ שטאָלצער אַראָפּגעגאַנגען פון דער בימה, זיין קאָפּ אויפגעהויבן און אַ מוטיקער געפינקלט מיט זיינע פייער־דיקע אויגן, ווי מען וואָלט אים דאָ גאָרניט אַראָפּגעטריבן פון דער בימה, נאָר ווי מען וואָלט זיך ביי אים געבעטן ער זאָל זאָגן נאָך נייע חידושי תורה. ניט מער, ער איז, ליידער, מיד, און ער קען ניט דערפילן זייער בקשה.

דער אילייער האָט שוין געוואוסט, אַז פון דער סמאַרגאָנער רבנות איז שוין נישטאָ מער וואָס צו ריידן. מען וועט אים שוין פאַר קיין רב ניט נעמען. ער איז אין תוך געווען צופרידן, וואָס עס האָט זיך אַזוי אויסגע־לאָזט. ער וועט זיין אַ פרייער מענטש. ער האָט בלויז ניט געקענט פאַר־שטיין, פאַרוואָס מען איז דאָ אויף אים אַזוי ברוגז. צו וואָס אַזאַ גרימצאָרן? וואָס האָט ער דאָ פאַרבראָכן?

שפּעטער, נאָך מנחה שוין, האָט ער מיט תמימות געפרעגט:

— וואָס איז דאָ דער קצף? אויף דער רמב"ם האָט דאָך די זעלביקע גויים דערמאָנט אין זיין פירוש אויף משניות, און רבינו אליהו האָט דאָך אין עטלעכע פלעצער אויך געענדערט דעם נוסח אין דער גמרא.

די סמאַרגאָנער לומדים האָבן מיט ביטול אים געענטפערט:

— אַז איר, ר' מנשה, וועט דערגרייכן צום רמב"מס הויכקייט, און זיין אַזאַ גאון עולם, ווי ר' אליהו, וועט איר אויך עס מעגן טאָן...

אָן אומעטיקער און אַ באַליידיקטער האָט ר' מנשה, גלייך נאָך הבדלה, וואָס איז אויסגעפאַלן אין אַ פינצטערער סוף חודשדיקער נאַכט, זיך גע־לאָזט שפּאַנען קיין ווילנע. תמיד, ווען עס איז אים געוואָרן ענג פון זיינע

שונאים, האָט ער געזוכט שוץ ביים גאון אין ווילנע. ער האָט געוואוסט, אַז דאָרטן קענען אים ניט דערגרייכן די הענט פון שלעכטע לייט. ביים גאון אין קלויז וועט ער אויך געפינען רו פאַר זיין צעווייטאָקדיקער נשמה. דאָרטן פאַלן אָפּ אַלע זיינע טענות קעגן דער הנהגה פון דער וועלט. דאָרטן מאַטערן זיי אים מער ניט. אין גאונס דל״ד אמות רוט בלויז קדושה און יושר. עס האָבן ניט קיין שליטה רכילות, דאָרטן זיינען די הערשער — דער אמת און אהבה צום בורא און צום מענטשן.

דער אילייער ווייסט, אַז כאָטש ר׳ אליהו דערלאָזט ניט, אַז מען זאָל אים טאָן שלעכטס, געפעלט אים אָבער ניט זיין פירונג. ער, דער גאון מוסרט אים, און זאָגט צו אים:

— מנשה, מען טאָר אויף יידן ניט ריידן קיין שלעכטס. מען טאָר ניט אַרויסברענגען זייערע חסרונות בפרהסיא. פאַרגעסט ניט, ר׳ מנשה, אַז אַפילו ישעיה הנביא איז באַשטראָפט געוואָרן פאַר זאָגן: „בתוך עם טמא שפתים אנכי יושב״ — אַז יידן ריידן אומריינע רייד.

מנשה פאַרנעמט דעם מוסר. דער גאון רעדט דאָך צו אים ווייך און מיט ליבשאַפט. ר׳ אליהו קען מוחל זיין זיינע קריוודעס. ער זוכט צו דער־זען ווי עס קוקט אויס דער אמת אין תוך, און ניט ווי עס שיינט צו זיין אויבנאויפיק. אָט האָבן די לייט, וואָס האָבן אַ בייז האַרץ אויף מנשהן, דערטראָגן צום גאון, אַז ער, דער אילייער, איז געווען צו־גאַסט אין ליאָדי ביי די חסידים, און ער האָט זיך שטאַרק געפריינטלט מיט ר׳ שניאור זלמנען. די שונאים זיינען געווען זיכער, אַז ר׳ אליהו וועט שוין מער ניט וועלן אָנקוקן דעם אילייער. ער וועט אים פון זיך פאַרטרייבן. דער גאון האָט זיי אָבער געענטפערט:

— אַז מען איז אויסן צו טאָן יענעם שלעכטס, זיינען אַפילו אמתע רייד אויך רכילות.

אַז ר׳ מנשה איז צוריקגעקומען פון ליאָדי, האָט ר׳ אליהו אים גע־פרעגט, צי ער איז טאַקע געווען ביי די חסידים. אָבער געפרעגט האָט ער אים אָן פאַראיבל, בלויז צו וויסן דעם אמת. און דער אילייער האָט אים געענטפערט:

— רבי, איך וויל יעדער דבר חדש זען מיט מיינע אייגענע אויגן. בין איך צוגעפאָרן קיין ליאָדי. אָבער איך בין שוין צוריק ביי אייך אין קלויז.

דער גאון האָט פון דעם ענטפער פאַרשטאַנען, אַז דער אילייער איז ניט צופרידן מיט דער נייער חסידישער שיטה. איז ר׳ אליהו באַלד אַריבער אין אַ שמועס וועגן דעם אַריסטון. דער גאון האָט באַוויזן מיט ראיות, אַז יענער האָט גערעדט שטות. ער האָט אים אינגאַנצן מבטל געווען און געזאָגט, אַז זיין אַפיקורסות האָט דאָס אים פאַרפירט אויף די פאַלשע דרכים.

דער אילייער האָט באַוואונדערט דעם גאון. ער האָט גאָר ניט געוואוסט, אַז ער איז אַזוי באַהאַוונט אין וועלט־חכמה. האָט ער אים געוויזן אַ צייכע־נונג פון זיינער אַ נייער דערפינדונג — אַ מאַשין, וואָס שניידט די תבואה

און בינדט באַלד אויס אין גאַרבן. דעם גאון איז די קונציקע מאַשין געווען שטאַרק געפעלן און ער האָט געזאָגט:

— עס איז זייער פיין, אָבער יידן דאַרפן איצט נייטיגערע זאַכן. זיי קענען דערווייל זיך באַגיין אָן דער מאַכינאַציע. אָבער ווען זיי וועלן, בעזרת השם, זיך אומקערן אין דער ארץ הקדושה, וועט אַזאַ מאַשין זיי גוט צוניץ קומען.

ר׳ מנשה איליער, וואָס האָט געהאַט אַ נטיה צו דערפינדן נייע זאַכן, און ער האָט געמאַכט פאַר אליהון דעם קונציקן טיש מיט די קליאַפּעס, האָט אויך צונויפגעשלאָגן עטלעכע בענק מיט אָנלענס, אַז די מידע אורחים זאָל ביים עסן זיך אויך קענען אָפּרוען. דער גאון האָט זיך זייער געפרייט מיטן טיש און מיט די בענק, און געזאָגט צו זיין זיווג:

— חנה, אַ דאַנק דעם בורא, מיר קענען איצט יעדן איינעם אויפ־נעמען, מיט סבר פנים יפות. און מיין ניט, אַז דו טוסט דעם אָרעמאַן אַ טובה, ווען דו גיסט אים אַ נדבה. זיי ווייסן, אַז דער תנא עקיבא האָט גע־זאָגט, אַז עניים זיינען אַ צריכא דעלמא. די וועלט איז מחויב זיי צו שפּייזן. אָן אָרעמע מענטשן וואָלט די וועלט ניט געהאַט קיין קיום. עס וואָלט ניט געווען ווער עס זאָל אַקערן די פעלדער, ווער עס זאָל בויען הייזער, נייען שיך און קליידער. די אָרעמעלייט טראָגן דעם גאַנצן יאָך פון דער וועלט.

חנה האָט פרום געשאָקלט מיטן קאָפּ, און ר׳ אליהו האָט צו איר ווײַ־טער געזאָגט:

— עס זאָל דיך קיינמאָל אפילו ניט אָנהויבן צו אַרן, אויב אַן אָרעמאַן, וואָס זיצט און עסט ביים טיש וועט ריידן צו דיר ווי אַן עזות־פּנים, דיין מצווה וועט פון דעם ניט ווערן געמינערט. דער פסוק זאָגט: „מעז יוצא מתוק״ — אַפילו פון עזות־פּנים קען אַרויסקומען אַ זיסנקע מצווה.

חנה האָט זיך דערפרייט. זי האָט ערשט נעכטן געהאַט צער. זי האָט געהאַט געגעבן עסן אַן אָרעמאַן, און ער האָט אַפילו ניט געבענטשט, און פאַרן אַוועקגיין האָט ער אויך געשאָלטן מיט קללות, וואָס זי, חנה, האָט ניט געשטעלט אויפן טיש קיין עוף.

דער גאון האָט זיך פאַרקלערט, און ווייטער גערעדט צו זיין זיווג:

— צו געבן אַן אָרעמען מענטשן בלויז עסן און טרינקען, איז ניט גענוג. מען דאַרף אים אויך באַגלייטן מיט כבוד צו דער טיר. דעמאָלט איז עס געגליכן צו דעם „אשל״ פון אַברהם אָבינו. עס האָט אין זיך אַלע דריי ראשים פון די דריי זאַכן: א) אכילה, ב) שתיה, ג) לוויה. אָבער אויב מען באַגלייט ניט אַרויס דעם אורח, פעלט דער „למד״. מאַכט עס שוין ניט „אשל״״, נאָר „אש״ — פייער.

ר׳ אליהו קלייבט נחת פון זיין דירה, וואָס פאַרמאָגט אַזעלכע ברייטע טירן, און אַזאַ קונציקן קפיצת־הדרכדיקן טיש, וואָס ציט זיך אויס אין אַ הרף־עין. ער ווערט לאַנג און ברייט און עס קענען זיך אַרום אים אויס־זעצן גאַנצע צוויי מנינים אורחים, און מיט די בענק, וועלן דאָך אָרעמע, מידע מענטשן זיך מחיה זיין. צוליב די אַלע גוטע זאַכן איז ביי ר׳ אליהון

זיין דירה געגליכן צו אַ פּאַלאַץ. ער האָט ניט וואָס מקנא צו זיין די עשירים, ער איז דאָך גאָר דער אמתער עושר. אין אַ שטוב מיט אַזוינע ברייטע טירן, און אַזאַ טיש, און אַזעלכע בענק, וועלן דאָך אָרעמעלייט גערן קומען, וועט דאָך זיין מאַמע מיט חנהן ווערן גרויסע גבירהטעס. זיי קענען דאָך אין איין טאָג פאַרדינען אַזוי פיל מצוות.

*
**

ר׳ אליהו האַלט זיך פאַר אַן עושר, כאָטש ער פאַרמאָגט ניט קיין געלט און ניט קיין פּערל. ביי אים, דעם יגיע־כפּימניק, זיינען די אַלע מעטאַלענע עשירותן פאַררעכנט פאַר הבל הבלים.

פאַר אַ שטיקל צייט האָבן, ווי אויף אַ וואונק פון עשירות, געהאָט געשימערט צוויי זילבערנע בענטש־לייכטערס. זיין חנה האָט זיי, אויף איר חתונה, געקראָגן אַ מתנה. איין טאָג איז אויך דאָס ברעקעלע וואונק פון רייכקייט נעלם געוואָרן. די לייכטערס זיינען ווי ברוגז געוואָרן, וואָס ביים גאון אין שטוב מאַכט מען פון זיי ניט קיין גרויסן פאַראַד. האָבן זיי אַוועקגעשפּאַצירט אויף אַן אַנדער טיש, אין אַן אַנדער שטוב, וואו מען ווייסט, ווי צו שעצן זילבער. חנה האָט זיי אַוועקגעשאָנקען אַ יתומה. איר חתן האָט ניט געוואָלט גיין צו דער חופּה, סיידן איר מאַמע, אַן אָרעמע אַלמנה, וועט געבן אין אויסשטייער אַ פּאָר זילבערנע לייכטערס. חנה האָט שוין נאָכדעם געצונדן די שבת־ליכט אין ליימענע בענטשערלעך, וואָס זי, די אשת חיל, האָט אַליין אויסגעקנאָטן פון ליים. עלינקע האָט פון די ליימענע בענטשערלעך גאָר און גאָר אַנגעקוואָלן און אַ פריידיקער געזאָגט:

— חנה, איצט זע איך איין, אַז די זילבערנע לייכטערס האָבן די גאַנצע צייט געזוכט צו פאַרשעמען די הייליקע שבת־ליכט.

דעם גאונס מאַמע, די צדקניות, טריינע, האָט געהאַט פאַרמאָגט אַ גיל־דענע בראָש און אַן אָרעם־באַנד, אָבער זי האָט, ווי איר שנור חנה, אַוועקגע־שענקט ביידע חפצים צו אָרעמע כלות. די איינציקע צירונג, וואָס איז איר פאַרבליבן, איז געווען אַן אָפּגעבליאַקעוועט זילבערנער שנירל, און אויף אים האָט זיך געבאָמבלט אַ צעקאָרבט און צעשפּאַלטענער פּערל שטיינדל. אויף דעם שנירל האָבן זיך ניט געפונען קיין בעלנים, וואָס זאָלן עס וועלן נעמען אַפילו פאַר אַ מתנה. וואָרים אויפן עובר־לסוחר איז עס ווערט געווען אַ שיבוש. אָבער פאַר טריינען איז דאָס אָפּגעבליאַקעוועט שנירל געווען טייערער, ווי די טייערסטע צירונג.

עס איז געווען אַ ירושה חפץ. עס איז אין דעם גאונס משפחה איבער־געגאַנגען פון דור צו דור. פון איין באָבען צו דער אַנדער באָבען. אַז די עלטסטע באָבע פלעגט דערשפּירן, אַז אירע טעג ענדיקן זיך אויס, פלעגט זי צורופן דער עלטסטער באָבען נאָך איר, וואָס איז טיילמאָל געווען יינגער פאַר איר אינגאַנצן עטלעכע חדשים. דאָך פלעגט זי יענע רופן: טאָכטערל. און מיט אַ שוואַך קול זאָגן:

— טאָכטערל, איך גיב דיר איבער דאָס שנירל. זאָלסט דאָס היטן, ווי דאָס אויג אין קאָפּ, כאָטש עס האָט בלויז אַ שטיקל צעקאָרבט פּערל.

עס איז אַ סגולה צו אריכת ימים. איך וויל דיר, טאָכטערל, דערציילן פון וואַנען דער פּערל קומט צו מיר. עס איז אַ ירושה פון אונדזער הייליקער באָבען, רבקה. איר נאָמען וועט בלייבן לזכרון אויף דור דורות. זי האָט געהאַט דעם זכות, אַז אונדזער זיידע, דער „באר־הגולה", זאָל זיך רופן אויף איר נאָמען: ר' משה רבקהס. ער, דער בעל־פּוסק, האָט דאָך קלאָר געמאַכט די דינים אין „שולחן־ערוך", און לויט זיין אויסטייטש, וועלן זיך יידישע קינדער פירן, ביז משיח וועט קומען.

די באָבע רבקה האָט געשטאַמט פון גאָר גרויסע עשירים. דאָס שנירל איז צו איר איבערגעגאַנגען בירושה פון איר מאַמען. און פאַר איר האָבן עס געטראָגן די עלטער־באָבעס. אַלע נשים צדקניות, און בעלי־צדקהטעס. ווען די באָבע רבקהס מאַמע האָט פאַרן אָפּשיידן זיך פון דער ערדישער וועלט איר געגעבן דאָס שנירל, איז עס געווען אָנגעצויגן מיט די טייערסטע פּערל. רבקה האָט עס געהיט, ווי דאָס אויג אין קאָפּ, כאָטש עס האָבן זיך ביי איר פּערל און דימאַנטן געוואַלגערט אויף די דילן. זי איז געווען זייער רייך. זי האָט געפירט גרויסע מסחרים. און וואו נאָר זי האָט זיך געקערט און געווענדט, האָט זיין הייליקער נאָמען איר פאַרויס געשיקט די הצלחה.

עס איז אָנגעקומען דער שרעקלעכער יאָר ת"ח. דער אכזר כמיעל־ניצקי מיט זיינע קאָזאַקן האָבן מיט שאַרפע שווערדן געשניטן יידישע לעבנס, ווי מען שניידט מיט שאַרפע קאָסעס אויפן פעלד די זאַנגען. זיי האָבן צערויבט דאָס יידישע האָב און גוטס. די רייכסטע לייט זיינען גע־וואָרן אָרעם. זיי האָבן ניט געהאַט מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען. יונג און אַלט, מענער און פרויען, זיינען פון הונגער געפאַלן טויטע אויף די גאַסן. מיט דער באָבע רבקה איז געשען אַ נס. די רוצחים האָבן איבער־געהיפּט איר שטוב. און די קופערטן, אָנגעפּראָפּטע מיט גאָלד און ברי־ליאַנטן, זיינען געבליבן ניט געמינערט. האָט זי, די צדקניות, פאַררופן אַלע בעקער אין ווילנע. זי האָט זיי געהייסן באַקן, אויף איר חשבון, ברויט און עס בחנם טיילן יעדן איינעם, וואָס וועט ביי זיי בעטן. די בעקערס האָבן געבאַקן טאָג און נאַכט, און זי, רבקה, האָט געהאַלטן אין איין צאָלן. דאָס גאָלד אין די קופערטן האָט גענומען ווערן ווייניקער און ווייניקער. האָט זי געפרעגט דעם זיידן, ר' משהן, וואָס זי זאָל טאָן. האָט ער צו איר געזאָגט:

— צעטייל דיין גאַנץ פאַרמעגן. דער בורא האָט גענוג גאָלד, און ער וועט אַוודאי דיר צושיקן אַנדערע. און אויב ניט, טאָרן מיר זיך אויך ניט מתרעם זיין. דו זאָלסט אָבער ניט מיינען, אַז דו טוסט עס לפנים משורת הדין. אמת, אונדזערע רבנן האָבן אונדז אָנגעזאָגט, אַז מען איז ניט מחויב צו געבן צדקה מער ווי אַ פינפטל פון פאַרמעגן. דאָס איז אַלץ גע־רעדט אין אַ רואיקער צייט. אָבער ניט איצט, ווען יידישע קינדער גייען אויס פון הונגער.

זי, די צדקניות, האָט געוואוסט, אַז איר משה וואָלט ניט געפּסקנט

אַ דין, אויב ער האָט זיך ניט דערטיפט לעומקא דדינא, און ער איז ביי זיך זיכער, אַז ער איז גערעכט. ער, דער שופט צדק, וועט ניט פאַרהוילן קיין דין, אַפילו ווען ער וואָלט צוליב זיין אייגענעם אויסטייטש געדאַרפט פאַר־לירן זיין גאַנץ פאַרמעגן און אויף זיין גאַנצן לעבן בלייבן אַן אָרעמאַן.

איינמאָל האָט אַ רייכער סוחר אים גערופן צו אַ דין־תורה: ער האָט ביי אים געמאָנט אַ שלל מיט געלט. ער האָט געטענהט, אַז ר׳ משה האָט גורם געווען, אַז ער זאָל פאַרלירן אַ מסחר. דער סוחר איז געווען פאַרביטערט צוליב זיין שאָדן, איז ער ניט געווען מסוגל זיך צו כאַפּן, אַז ר׳ משה איז גאָרנישט שולדיק. האָבן זיינע טענות אויף דער דין־תורה ניט געהאַט קיין שום חזקות. האָט דער בית־דין געפּסקנט, אַז דער „באר הגולה״ איז פּטור פון באַצאָלן דעם היזק. דער רייכער סוחר האָט אַליין איינגעזען די גערעכטיקייט פון משפּט. האָט ער אָנגענומען דעם פּסק־דין בסבר פנים יפות.

אַז דער „באר הגולה״ איז געגאַנגען צוריק אַהיים האָט ער אויפן וועג זיך געכאַפּט, אַז ער האָט אַ גרונטאָווגע טענה פאַר דעם צד שכנגד. איז ער תיכף געלאָפן צוריק צו בית־דין, און אין זיינע הענט האָט ער געהאַלטן אַ טאָרבעטשקע מיטן גאַנצן געלט, וואָס יענער האָט געמאָנט. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן בית־דין און האָט פאַר זיי מסביר געווען זיין נייע טענה קעגן זיך אַליין, און גערעדט האָט ער מיט אַזאַ האַרציקייט, ווי ער וואָלט עס געמאָנט ניט פאַר יענעם, נאָר פאַר זיך אַליין. ער האָט מיט ראיות פון „חושן־משפּט״ באַוויזן, אַז ער, משה רבקהס, איז מחויב צו ליידן יע־נעמס היזק.

איצט, אין די שווערע צייטן פאַר יידן אין דער ליטע, אַז ר׳ משה האָט געזאָגט צו איר, זיין אשת־חיל, אַז זי איז מחויב צו צעטיילן איר גאַנצע עשירות פאַר די אָרעמע מענטשן, האָט זי תיכף געטאָן זיין ווילן. זי האָט אירע אַלע קאָסטנטס מיטן גאָלד און זילבער צעטיילט. עס איז איר, דער באָבען רבקהן, פאַרבליבן בלויז דער שנור פּערל, וואָס איז צו איר איבערגעגאַנגען בירושה פון איר מאַמען. ר׳ משה האָט איר ניט דערמאָנט וועגן די פּערל. ער האָט דעמאָלט געהאַט אין דער דעה, אַז רבקה איז ניט מחויב צו פאַרקויפן אַ חפץ, וואָס אירע באָבעס האָבן עס איבערגעלאָזן לזכר.

אין זעקס יאָר שפּעטער, אין יאָר תט״ז, האָט זיך פּלוצים אָנגערוקט אַ נייע צרה פאַר יידן. עס האָט זיך צעפלאַקערט אַ מלחמה. די ליטווינער — שלעכטע לייט — אָנגעהעצט פון די פראַנציסקאַנער יעזואיטן, האָבן גענומען מאָרדן און באַרויבן די יידן. האָט דער „באר הגולה״ געזאָגט צו רבקהן:

— איך ווייס, אַז דאָס שנירל פּערל איז ביי דיר טייערער, ווי אַלע אוצרות אין דער וועלט — עס איז דאָך אַ ירושה פון דיין מאַמען און פון דיינע באָבעס, די נשים צדקניות. דער דין זאָגט אָבער, אַז מען טאָר ניט מחלל שבת זיין צוליב אַ מת, אויב יענער איז אַפילו אין דער מדרגה פון

משה רבינו, אָבער מען זאָל מחלל שבת זיין צוליב אַ קליין קינד, כאָטש ווער ווייסט וואָס עס וועט פון אים אויסוואַקסן. טאָ האָב אַזאַ גוט האַרץ, ווי אונדזער מוטער רבקה, וואָס דו טראָגסט איר הייליקן נאָמען. פאַרקויף די שנור פערל און צעטייל דאָס געלט צו אָרעמע מענטשן.

איר האָט אויסגעוויזן, אַז זיין פסק־דין איז צו האַרב, און ער קען דאָ געפינען אַ זכות ווי מקיל צו זיין. זי, די צדקניות, האָט אים אָבער ניט איבערגעפרעגט, און איז געווען גרייט אויף מאָרגן צו גיין זוכן קונים אויפן שנור פערל.

עס איז געווען אַ פינצטערע, יעשענדיקע נאַכט. אין דרויסן האָט אַ נודנער רעגן געליאַפּעט אין די פענצטער. ר' משה איז געזעסן ביי זיין טיש און איבערגעקוקט דעם כתב־יד פון זיין ספר, וואָס ער האָט גערופן „באר־הגולה". זיין אשת־חיל, רבקה איז געזעסן ביי אַן אַנדער טיש — און אַ פאַרוויינטע, געצערטלט דעם שנור פערל. זי האָט אין זיי געזען די גוטע, ליכטיקע פנימער פון איר פאַרשטאָרבענער מאַמען און באָבען, וואָס האָבן אין די שבתים און ימים־טובים געטראָגן די פערל, און עס אויסגעליען אָרעמע כלות צו פירן זיי אין שול. זי האָט זיך מיט איר מאַמען און באָבען, ווי מיט לעבעדיקע, אויסגעטענהט:

— טייערע מאַמע און ליבהאַרציקע באָבע, גוטע נשמות. איך, רבקה, גיב אייך צו וויסן, אַז איך גיי מאָרגן פאַרקויפן אייער שנור פערל. בעט איך אייך, אַז איר זאָלט ניט האָבן אויף מיר קיין פאַראיבל. איך טו עס ניט, חס וחלילה, ווייל אייער ירושה איז מיר ניט ליב און טייער, נאָר ווייל אַזוי איז דער רצון פון מיין מאַן, ר' משה. איר, מיינע טייערע מאַמע און באָבע, וואָס אייערע טייערע נשמות רוען אין גן־עדן, האָבן דאָך, מיך פירנ־דיק צו דער חופה, אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל קיינמאָל ניט ווידערשפעניקן מיין משהן, און אַז אַלע נכסים פון אַ פרוי געהערן צו איר מאַן. זאָל זיין הייליקער נאָמען זיין מיין עדות, אַז איך האָב זיך געפירט, ווי איר האָט באַגערט. מיין משה האָט אָנגעשריבן אַ טייערן ספר אויפן „שולחן־ערוך", און ער, דער בעל־פוסק, זאָגט, אַז דער דין איז, אַז איידער צופרידנשטעלן די געשטאָרבענע, דאַרף מען בעסער צופרידנשטעלן די לעבעדיקע. באַ־שטייט ער, אַז איך זאָל פאַרקויפן דעם שנור פערל און פאַרן געלט, וואָס מען וועט קריגן פאַר די טייערע שטיינדלעך, זאָל מען אויפהאַלטן אָרעמע מענטשן ביים לעבן. מיין משה זאָגט אויך, אַז אייך, מיינע טייערע מאַמע און באָבע, און אויך מיינע עלטער־באָבעס, וואָס איך האָב, ביי זייער לעבן, ניט געקענט, וועט די גרויסע מצווה טאָן מער נחת־רוח, איידער איך, זייער אייניקל, זאָל טראָגן די פערל. גיי איך, בלי נדר, מאָרגן פאַרקויפן די פערל און דאָס געלט צעטיילן פאַר אָרעמע לייט. איך, אייער טאָכטער און איי־ניקל, בעט ביי אייך נאָכאַמאָל, אַז איר זאָלט ניט האָבן קיין פאַראיבל אויף מיין משהן, מחמת אַלץ וואָס ער טוט איז ער אויסן בלויז לשם שמים. איך בין אַן עדות, ווי אַפּגעהיט ער איז אין אַלע דינים.

זיינען זיי ביידע, דער זיידע ר' משה מיט דער באָבען רבקה, ביידע

שוין אַלטעטשקע, געזעסן ביים טיש. ער — פאַרטיפט אין זיין פירוש אויפן „שולחן־ערוך", און זי, די צדקניות, זיך זעגנענדיק מיט דעם שנירל ירושה־פערל. מיטאַמאָל האָבן זיי דערהערט געשרייען, געוויינען און קרעכצן פון זייערע שכנהשע הייזער. די ליטווינער, די גזלנים, זיינען פלוצים באַפאַלן די יידישע שטיבער און מיט שאַרפע קאָסעס, אָן רחמנות, געשניטן יידישע לעבנס, ווי זיי וואָלטן געווען זאַנגען אויפן פעלד. ר' משה האָט גיך אַ כאַפּ געטאָן זיין כתב־יד, וואָס איז ביי אים געווען טייערער פון אַלץ אין דער וועלט, און זי, רבקה, דעם שנור פערל, און זיי זיינען געלאָפן ראַטעווען די שכנים. פלוצים האָט אַ פרעמדער מאַן, אַ הויכער און אַ ברייט־פלייציקער, זיי פאַרצוימט דעם וועג. ער האָט מיט כוח אָנגענומען ר' משהן ביי די אָרעמס און אים אַזוי געפירט ביז הינטער דער שטאָט. זי, זיין געטרייער זיווג, רבקה, איז אַ צעשראָקענע נאָכגעלאָפן מיט פאַרשטיקטן געשריי אין איר האַלדז. ערשט אויסער שטאָט האָט דער פרעמדער מאַן אָפּגעלאָזן דעם „באר־הגולה" און מיט שטרענגקייט צו אים געזאָגט:

— ר' משה, גייט גלייך מיט דעם וועג. איר זאָלט ניט וואָגן זיך אַפילו אומצוקערן אויף צוריק!

ר' משה, מיטן כתב־יד זיינעם אונטערן אָרעם, און זיין רבקה, מיט דעם שנירל פערל פאַרשטייפט אין אירע הענט, זיינען צעשראָקענע געגאַנגען און געגאַנגען. קיינער האָט זיי ניט געטשעפּעט. אָבער באַגינען זיינען זיי פלוצים באַפאַלן שלעכטע גויים. אַז זיי האָבן געזען, ווי דער אַלטער מאַן האַלט דעם בוך אַזוי ציטערדיק, האָבן זיי געמיינט, אַז די בלעטער זיינען אַוודאי גילדערנע. האָבן זיי מיט שטעקנס געשלאָגן ר' משהן איבערן קאָפּ און איבער די הענט, ער זאָל אָפּגעבן דאָס בוך. זיי וואָלטן עס גענומען מיט געוואַלט, זיי האָבן אָבער מורא געהאַט, טאָמער קענען זיי נאָך צערייסן די גאָלדענע בלעטער. ר' משהס אַקסלען האָבן זיך געבויגן אונטער די מוראדיקע קלעפּ. עס האָט זיך אַזש געהערט דאָס טרעשטשען פון זיינע ביינער. ער האָט אָבער דעם כתב־יד, וואָס ער האָט איבער אים, זיין גאַנץ לעבן, געהאָרעוועט, ניט אַרויסגעלאָזט פון זיינע הענט.

זיין אשת־חיל, די גרויסע חכמה, האָט, כדי צו ראַטעווען איר משהן, אויף גיך צעריסן דעם שנור פערל, און, ווי מען וואַרפט פלייש פאַר בייזע הינט, אַזוי האָט זי גענומען וואַרפן פאַר די גזלנים, די פערל. אַז די גויים האָבן דערזען די שיינענדיקע שטיינדלעך, האָבן זיי אָפּגעלאָזט ר' משהן, און געלאָפן כאַפּן די פערל. יעדער איינער האָט געזוכט וואָס מער פערל אויפ־צושאַרן, האָבן זיי צווישן זיך אַליין גענומען זיך שלאָגן. דערווייל איז זי, די צדקניות, מיט ר' משהן, אַנטלאָפן אין דערבייאיקן וואַלד.

זיי האָבן זיך געראַטעוועט קיין זשאַמוט. ר' משה איז געווען זייער שטאַרק צעשלאָגן. דאָס גאַנצע פנים זיינס אין איינע באַילן. פון זיין שיינער, גרויער באָרד, וואָס ער האָט, ביים לערנען, אַזוי ליב געהאַט צו גלעטן, זיינען פאַרבליבן בלויז עטלעכע שפּיצן. און פון גאַנצן שנור פערל

איז פאַרבליבן איין איינציקער שטיינדל, אַ געקאַרבטער און צעקראַצטער. עס האָט ניט געהאַט קיין שום ווערט. ער איז אָבער אָפּגעהיט געוואָרן אין דער משפחה מיט קדושה און ציטערדיקייט און איז איבערגעגאַנגען בירושה פון איין באָבע צו דער אַנדער באָבע.

איצט האָט דאָס שנירל מיטן פערל, מיט קדושה, געטראָגן רבקהס אייניקל, דעם גאונס מאַמע, טריינע; זי האָט געגלויבט, אַז צוליב דער באָבע רבקהס זכות, איז איר, טריינעס בכור עלינקע, אַזאַ גרויסער גאון. ווייל צו פאַרדאַנקען איר חכמה, וואָס זי האָט אַ שאָט געטאָן די פערל פאַר די גויים, איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן איר מאַנס הייליקער ספר, דער „באר־הגולה״, וואו ער, משה, האָט געוויזן דעם וועג, ווי יידן זאָלן זיך פירן, און מיט קלאָרקייט מסביר געווען די דינים, אַז מען זאָל ניט קענען מאַכן קיין טעותן.

דער „באר־הגולה״ האָט זיין כתב־יד געהאַלטן פאַרטיק, אַפילו מיט דער הקדמה. אָבער אַז ער איז אַנגעקומען אין זשאמוט, האָט ער זיך גלייך געשטעלט שרייבן אַ נייע הקדמה. ער האָט געהאַט אין כוונה צו פאַרציי־כענען די צרות און עינויים, וואָס ער און די ווילנער יידן זיינען אויסגע־שטאַנען פון די דייטשן, שוועדן, און ליטווינער. ער האָט, ווי אַ בעל־פוסק, געשריבן בצמצום, אָבער קלאָר און דייטלעך. ער האָט צוגעשלאָגן צום שאַנד־סלופּ די שוועדן, וואָס די וועלט האָט געהאַלטן פאַר אָרנטלעכע לייט. און דערווייל אויך געפּסקנט אַ יידישן דין, אַז זשאַמוט איז די געגענט אין דער ליטע, וואָס ליגט ביי דעם פרייסישן גרענעץ. מען דאַרף דאָס וויסן ביי די דינים פון אַ גט.

ר׳ אליהו קען זיך גאָרניט אָפּלויבן פון זיין זיידנס ספר, כאָטש ער איז ניט מסכים מיט ר׳ משהס אַלע אויסטייטשונגען.

אין זיין אייגענעם פירוש אויפן „יורה־דעה״ האָט ר׳ אליהו זיך אַפילו געבייזערט, וואָס דער זיידע זיינער — משה רבקהס — האָט מקיל געווען אין דעם דין פון „חדש״, און האָט געפּסקנט, אַז מען מעג אין חוץ־לארץ עסן האַ־יאָריקע תבואה.

ר׳ אליהו האָט דאָס געטאָן, ווייל דער זיידע זיינער איז ביי אים געווען הייליק און ליב. ער האָט אים געוואָלט פאַרהיטן, ער זאָל, חס וחלילה, ניט דאַרפן פאַרשעמט ווערן אויף יענער וועלט, ווען עמעצער וועט זיך דאָ, אויף דער וועלט, פאַרלאָזן אויף זיין פּסק־דין און עסן „חדש״.

ביי ר׳ אליהון אין ספרים אַלמער שטייט אויבנאָן דער „באר־הגולה״. ער נעמט דעם ספר אַרויס, ער קושט אים מיט ליבשאַפט און ער זאָגט צו ר׳ סעדיהן:

— עס איז גרינג צו זיין אַ מחמיר פאַר יענעם, אָבער עס איז שווער צו זיין אַ מחמיר פאַר זיך אַליין. און נאָך שווערער איז זיך צו דערטיפן לעומקאָ דדינאָ, ווען עס קומט צו דיר, מיט אַ דין תורה, דיינער אַ שונא, אַ רשע, וואָס האָט דיך געשלאָגן, אָנגעטאָן ענויים, און דיינע ברידער און שוועסטער אויסגעמאָרדעט, און אַלץ וואָס יענער פאַרמאָגט איז גאָר דיינס,

און דאָך קענען אַרויסטראָגן אַ יושרדיקן פסק־דין. צו אָט דער הויכער מדרגה איז געשטיגן דער „באר־הגולה״. די גויים האָבן דאָך זיין גאַנץ פאַרמעגן באַרויבט, זיין משפחה אויסגעמאָרדעט, און פונדעסטוועגן, אַז עס איז געקומען צו פסקענען דעם דין צו טעות גוי איז מותר, האָט ער, דער איש קדוש, געפסקנט: טעות גוי איז אָסור, און שטרענג געוואָרנט, אַז די וואָס וועלן ניט פאָלגן דעם דין, וועלן האַרב באַשטראָפט ווערן, און זיי וועלן ווערן פאַראָרעמט.

ר׳ אליהו האָלט דעם „באר־הגולה״ אין זיינע הענט מיט פאָרכט. דער ספר איז, ווי דאָס שנירל מיטן פערל, אויך איבערגעגאַנגען אין דער משפחה פון דור צו דור. ר׳ אליהו האָט דעם ספר איבערגענומען פון זיין טאַטן. אויפן פאָדערבלאַט זיינען געווען געשריבן הגהות מיט ר׳ משהס אייגענער האַנטשריפט.

דער גאון שטעלט צוריק אַריין זיין זיידנס ספר אין אָלמער און מיט נחת־רוח זאָגט ער צו זיין תלמיד סעדיהן:

— פונקט ווי אורך ימים מיינט ניט לאַנגע יאָרן אויף דער וועלט, נאָר אויף יענער וועלט, פונקט אַזוי מיינט ניט עשירות — רייך אין גאָלד און דימענטן. אַן עושר איז דער יעניקער, וואָס האָט אַ דירה מיט צוויי ברייטע טירן, אַ טיש מיט קליאַפּעס, און אויף אים ליגט, ווי דער דת פון דער תורה, ברויט, זאַלץ און וואַסער. און דערצו נאָך שטייט אין זיין אָלמער אויך אַזאַ הייליקער ספר ווי דער „באר־הגולה״. אָט דאָס, ר׳ סעדיה, איז עשירות!

ר׳ אליהו האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכט, און מיט פרייד זיך אָפּגערופן:

— און אחרון אחרון חביב: אַז מען פאַרמאָגט אַזוינע דרייצן תלמידים ווי מיינע, וואָס איך האָב פון זיי מער געלערנט, ווי פון מיינע רביים, איז מען איז שוין אַן עושר אַפילו צווישן עשירים.



# קאַפּיטל טז

סך לומדים האָבן מקבל געווען תורה ביי ר׳ אליהון. אָבער בלויז דרייצן האָבן זיך גערעכנט פאַר זיינע תלמידים מובהקים. זיי, די דרייצן, זיינען אַליין אויך געווען גאונים. אייניקע פון זיי — עלטערע מענטשן. זייערע בערד — שוין גראָע, און אייניקע — נאָך גאָר יונגעלייט. אויך אין זייער שטאַנד זיינען זיי געווען פאַרשיידן: אײדעמס און זין פון רייכע לייט; אָפּגעשטאַמט פון גרויסן יחוס; און אַנדערע — אײדע־מעס פון אָרעמע יידן און אַליין אויך אָפּגעשטאַמט פון בעל־מלאָכישע משפחות.

ר׳ אליהו האָט ניט געמאַכט קיין חילוק, צי יענער איז אַלט אָדער יונג, רײַך, צי אָרעם, און צי ער איז אַ בעל־יחוס אָדער ניט. ר׳ אליהו האָט גע־וואויגן בלויז די מעלות פון דעם מענטשן אַליין. דער שטאַנד און די יאָרן זיינען ביי אים ניט געווען ניט קיין מעלה און ניט קיין חסרון. ער האָט געזאָגט: „אַן עני, וואָס חלשט צו זיין אַן עושר, איז פונקט אַזוי פאַר־האַסט ביים בורא, ווי אַן עושר, וואָס איז כסדר אין שרעק, טאָמער ווערט ער אָרעם.״

ווידער האָט ר׳ אליהו געזאָגט:

„צו דערגרייכן אַ הויכע מדרגה אין דער תורה מוז מען ניט דווקא לעבן אין דחקות, עסן ברויט מיט זאַלץ, טרינקען וואַסער מיט אַ מאָס און שלאָפן אויף דער האַרטער ערד. מען קען לעבן אין רחבות, און ווערן אַ למדן. אָבער זיי גרייט, אַז אויב אפילו דו וועסט מוזן אַ גאַנץ לעבן זיך אָפּמוטשען, וועסטו דאָך, מיט פרייד, לערנען די תורה. און דאָס, — זאָגט ר׳ אליהו, — האָט דער תנא געמיינט, ווען ער האָט געזאָגט: „פת במלח תאכל ומים במשורה תשתה״. — זיי אויף דעם גרייט!

ר׳ אליהו האָט ליב געהאַט זיינע תלמידים, ווי אַ טאַטע האָט ליב זיינע קינדער. ער האָט אָבער יעדן איינעמס מעלות געוואויגן און געמאָסטן. דער חשובסטער ביי אים איז געווען ר׳ שלמה קאַלוואַריער, וואָס איז געווען עלטער אין יאָרן ניט בלויז פון די איבעריקע תלמידים, נאָר אויך פון אים, זיין רבין, דעם גאון. ער איז געווען אַ הויך־געוויקסיקער און ברייטלעכער. די באָרד זיינע — לאַנג און גרוי, און די ברעמען — דווקא יונגע, שוואַרצע, ווי פעך.

ר׳ שלמה איז געזעסן אויף רבנות אין דעם שטעטל קאַלוואַריע, וואָס האָט זיך געטוליעט ביי דעם טייך שעשופע. ער, דער רב פון שטאָט, האָט זיך אָבער ניט געמישט אין קיין קהלשע ענינים. ער האָט ניט געפּסקנט קיין „שאלות״, און איז ניט געזעסן ביי „דין־תורהס״. ער האָט אַפילו ניט געזאָגט קיין בלאַט גמרא פאַרן חברה ש״ס טיש. די אַלע זאַכן האָט ר׳ שלמה איבערגעלאָזט פאַר זיין דיין, אויך אַ גרויסער מאַן אין דער תורה און אַ בעל־פוסק.

ר׳ שלמה האָט זיך אָפּגעגעבן בלויז מיט זיינע תלמידים. די זעכציק פרושים. אַ רמז אויף די זעכציק מסכתות. ער האָט פאַר זיי געזאָגט אַ שיעור. אָבער אָן אַ סדר. טיילמאָל האָט ער געהאַלטן צוויי „שיעורים״ אין איין טאָג, און טיילמאָל האָט ער זיך פאַרטאָן אין זיין אייגענעם לערנען, און פאַר עטלעכע וואָכן צייט ניט געזאָגט קיין שיעור. ער פלעגט אויך אָפט פאָרן קיין ווילנע צו זיין רבין, דעם גאון. טיילמאָל, האָט ער געהאַלטן אין איין פאָרן הין און צוריק. ער איז פון איין פור אַראָפּ און אויף דער אַנ־דערער אַרויף. עס האָט זיך אים, אויפן וועג אַהיים, געשטעלט נייע האַרבע קשיות. איז ער צוריקגעפאָרן קיין ווילנע, פרעגן אַן הסבר ביי זיין רבין.

הגם ר׳ שלמה האָט זיך אַזוי ווייניק אָפּגעגעבן מיט זיין רבנות, האָבן די קאַלוואַריער יידן געהאַלטן זייער אב בית־דין מיט גרויס כבוד. אויך

ער, זייער רב, האָט זיך ניט געקענט אָפּלויבן פון זיינע שפייזער. ער פלעגט מיט אַ גמרא־ניגון אויסזינגען:

— קאַלוואַריע איז דאָך ניט קיין גרויסע, און אויך ניט קיין רייכע, שטאָט. זי פאַרמאָגט אינגאַנצן בלויז איין גביר, און אויך אים וואָלט מען אין אַ כרך פאַררעכענט פאַר אַן אָרעמאַן. און דאָך איז קאַלוואַריע גאָר ניט שווער אויפצוהאַלטן אַ רב, וואָס האָט נאָך אַראָפּגעבראַכט גאַנצע זעכציק פּרושים.

די שטאָט קאַלוואַריע איז געלעגן ווייט פון ווילנע. איז אים, ר׳ שלמהן, שוואַך אין געזונט, געפאַלן שווער דאָס פאָרן צו זיין רבין, האָט ער זיך איינגעבעטן ביי די קאַלוואַריער יידן זיי זאָלן אים געבן רשות אָנצונעמען אַ רבנות אין דער שטאָט ווילקאָמיר, וואָס איז אַ סך נענטער צו ווילנע.

ר׳ שלמה קאַלוואַריער האָט געהאַט זיין רבינס, ר׳ אליהוס, מידה אין התמדה. גאַנצע טעג און נעכט האָט ער געהאַלטן אין איין לערנען, און, פון שוואַכקייט, האָט ער אָפט געחלשט. זיינע תלמידים, דערשראָקענע, האָבן זיך ביי אים געבעטן:

— רבי, האָט רחמנות אויף זיך אַליין און רוט זיך אַ ביסל אָפּ.

ר׳ שלמה האָט זיי, מיט תמימות, געענטפערט:

— וואָס קען איך מיר העלפן, אַז דערוווערבן די תורה קען מען בלויז מיט מסירת־נפש!

אַ פּרוש פרעגט אים באַלד אָפּ:

— רבי, וואָס וועט איר טאָן מיטן „ונשמרתם לנפשותיכם״ — דער פּסוק זאָגט דאָך אָפּן, אַז אַ מענטש דאַרף אָפּהיטן זיין געזונט?

ר׳ שלמה טראַכט ניט לאַנג און ענטפערט:

— טאָקע צוליב דעם טעם לערן איך. תורה איז מיין חיות. אָן לערנען קען איך ניט לעבן.

— רבי, — פרעגט אים דער תלמיד באַלד אָפּ, — אפשר רעדט עס אייך אָן דער יצר־הרע. ער איז דאָך אייך דער גרעסטער שונא, וואָס איר לאָזט זיך ניט פון אים איינריידן צו טאָן אַפילו אַ קליינע עבירה. איז ער, דער כיטראַק, געפאַלן אויף אַ גוטן איינפאַל: ער קומט כלומרשט אייך צורעדן טאָן אַ מצווה, און אַזוי אַרום אייך פאַרטרייבן פון דער וועלט, איר זאָלט מער ניט קענען זיצן ביי דער גמרא.

ר׳ שלמה האָט פון שרעק געגומען ציטערן. פאַר גרויס צער האָט ער געביסן זיין אונטערשטע ליפּ, און צו זיך אַליין, אַ צערודערטער, גע־מורמעלט: „אַזוי גאָר? איך האָב דאָך גאָר געלעבט אין טעות. איך האָב מיין גאַנץ לעבן געגלויבט, אַז דער יצר־טוב רעדט עס מיר צו צום לערנען, און צום סוף איז דאָס גאָר ער, דער יצר־הרע?״ פּלוצים האָט ר׳ שלמה זיך געגעבן אַ כאַפּ אויף. ער האָט, אַ צעשמחהטער, געענטפערט זיין תלמיד:

— עס איז זייער אַ גוטער זאַג. אָבער איר האָט פאַרגעסן אָן: „בראתי לו יצר־הרע, בראתי לו תורה תבלין״ — איך, דיין בורא, וואָס האָט באַ־

שאַפן דעם יצר־הרע, האָב איך באַשאַפן די תורה, וואָס איז דער זיכער־סטער מיטל קעגן אים, דעם שלעכטן יוצר. טאָ, אויב אַזוי, — פּלפּולט ר' שלמה, — איז דאָך די תורה פאַרן יצר־הרע — סם המות. נו, ווילט איר מיר איינשמועסן, אַז ער, דער קלוגעטשקער, וועט אַליין מיך, שלמהן, צורעדן, איך זאָל אים שפּייזן מיט סם?

האָט ר' שלמה ווייטער געלערנט מיט דער זעלביקער התמדה טאָג און נאַכט. ער חלשט, און די תלמידים מינטערן אים אָפּ. דער שוואַכער גוף זיינער האָט מער ניט געקענט אויסהאַלטן, און, מיט תורה אויף די ליפּן, איז די נשמה זיינע, אַפילו אָן אַ קרעכץ, שטיל אַרויפגעפלויגן אין די הויכע הימלען.

צו זיין לוויה זיינען אויך אַראָפּגעקומען ר' שלמהס פריערדיקע שפּייזער, די קאַלוואַריער בעלי־בתים.

זיי האָבן געהאַט פּרעטענזיעס צו ווילקאָמיר, און געזאָגט:

— ביי אונדז, אין קאַלוואַריע, וואָלט דער גרויסער צדיק נאָך געלעבט. איר האָט אַוודאי אים מצער געווען? איר האָט זיך ניט פאַרשטאַנען אויף זיין גדלות.

די ווילקאָמירער יידן האָבן זיך גענומען פאַרענטפערן:

— וואָס רעדט איר? מיר האָבן אונדזער רב געהאַלטן מיט גרויס כבוד!

כדי זיך ריין צו וואַשן פון אומזיסטן חשד און וויזן דער וועלט, אַז ר' שלמהס זכרון איז ביי זיי גאָר און גאָר חשוב, האָט די ווילקאָמירער קהילה אַרויסגעטראָגן אַ החלטה, אַז זיי וועלן מער ניט אויפנעמען קיין נייעם רב, און זיין כסא־רבנות זאָל בלייבן ליידיק. אַלס צייכן האָבן זיי איבער זיין „שטאָט", אין בית המדרש, פאַרצויגן אַ שוואַרצע טוך.

ר' אליהו האָט ניט געוואוסט, אַז זיין באַליבטסטער תלמיד, ר' שלמה, האָט זיך שוין אָפּגעשיידט פון די לעבעדיקע. מען האָט ניט געוואָלט אים פאַרשאַפן קיין צער, האָט מען עס געהאַלטן בסוד.

איין נאַכט איז ר' שלמה געקומען צו זיין זון, צו חלום, און בגזירת אָב אים פאַרזאָגט:

— גיי גלייך קיין ווילנע און דערצייל מיין רבין, דעם גאון, אַז די וויל־קאָמירער קהילה האָט מיר אָנגעטאָן גרויס כבוד. זי נעמט ניט קיין נייעם רב.

דער זון האָט זיך שטאַרק געחידושט, וואָס זיין טאַטע, דער עניוו, זאָל זיך זוכן צו באַרימען. ער האָט אָבער זיין פאַרשטאָרבענעם טאַטנס בקשה דער־פילט. ער האָט תיכף זיך געלאָזט קיין ווילנע. ער האָט אַלץ איבערגעגעבן ר' אליהון.

דער גאון האָט אויסגעהערט ר' שלמהס זון, מיט גרויס פאַרזאָרגטקייט, און ער האָט צו אים געזאָגט:

— איך פאַרשטיי דיין טאַטנס, זכרונו לברכה, טיפע כוונה. עס איז זייער גוט, וואָס דו האָסט מיר פון דעם חלום דערציילט.

ר׳ אליהו האָט גלייך גענומען זיין גענדזן־פּעדער און זיך געזעצט אויסצושטעלן אַ בריוו צו דער ווילקאָמירער קהילה. ער האָט זיי גע־שריבן:

„מען האָט מיר דערציילט פון אייער החלטה ניט צו נעמען קיין נייעם רב. זאָל קומען אַ ברכה אויף אייך פאַר דער גוטער כוונה אָפּצוגעבן כבוד דער תורה און אירע לערנער. אָבער כוונה אַליין איז ניט קיין יש. אַפילו מעשים זיינען ניט אַלעמאָל גענוג. דער עיקר דאַרף מען זען, וואָס עס וועט פון זיי אַרויסקומען. מהאי טעמא האַלט איך, אליהו, פאַר מיין חוב, אייך צו וואָרענען, אַז דאָס איז ניט קיין מצווה, נאָר גאָר אַן עבירה. איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז אייער רב איז אויך ביי זיין לעבן, אויפן עולם השקר, געלאָפן פון נאַרישן כבוד. איצט, אַז ער איז שוין אויפן עולם האמת, זוכט ער אַוואַדי ניט קיין כבוד. אָבער, אויב איר, ווילקאָמירער יידן, ווילן טאַקע טאָן אַ גמילת חסד של אמת מיט ר׳ שלמהן, ז״ל, זאָלט איר תיכף אויפ־נעמען אַ נייעם רב. איר טאָרט אָבער ניט אַרויסלאָזן פון זינען, אַז דער נייער רב מוז זיין אַן אמתער למדן, ער זאָל זיין אַ „מבין דבר מתוך דבר" און קענען מסביר זיין אַן ענין. ער וועט דאָך דאַרפן זאָגן דעם שיעור פאַר ר׳ שלמהס תלמידים. איך, אליהו, האָב ניט אין כוונה אייך צו זאָגן דעות. איך עצה אייך בלויז צו נעמען פאַר אייער אב בית־דין ר׳ חיימען פון דער שטאָט וואָלאָזשין, וואָס איז געווען ר׳ שלמהס אַ חבר. ער איז אַ גדול אין דער תורה און אַ בעל־מידות.

ווען דעם גאונס שליח האָט געבראַכט דעם בריוו קיין ווילקאָמיר, האָבן די ראשי־הקהל באַלד אויסגעשטעלט אַ כתב־רבנות אויף ר׳ חיימס נאָמען, און די דריי גרעסטע לומדים פון שטאָט האָבן זיך אַוועקגעלאָזט קיין וואָלאָזשין איבערצוגעבן דעם „כתב".

זיי האָבן געטראָפן ר׳ חיימען אין בית־המדרש. ער איז דאָרטן גע־זעסן און געלערנט. זיי האָבן זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט, געזאָגט ווער זיי זיינען. זיי האָבן אַוועקגעלייגט אויף זיין שטענדער דעם „כתב" און אויס־גערופן:

— מזל־טוב אייך, ווילקאָמירער רב!

ר׳ חיים האָט זיך, אַ נשתוממדיקער, אַרומגעקוקט, און גענומען זיך בעטן ביי די ווילקאָמירער בעלי־בתים:

— רבותי, געזונט זאָלט איר זיין, איר מאַכט דאָ אַ טעות. אַחוץ וואָס איך בין נאָך צו יונג אין יאָרן צו ווערן אַ רב, בין איך אויך ניט ראוי צו באַקליידן דעם כסא־הרבנות, וואו עס איז געזעסן דער גרויסער למדן און צדיק, ר׳ שלמה, זכרונו לברכה. און ווי קום איך צו לערנען מיט תלמידים, אַז איך אַליין בין נאָך אַ תלמיד?

דער ווילקאָמירער גבאי ראשי, וואָס איז געווען דער פירשפּרעכער, האָט ניט געענטפערט. ער האָט, שווייגנדיק, אַרויסגענומען פון זיין טאַש דעם גאונס בריוו. ער האָט עס דערלאַנגט ר׳ חיימען, און געזאָגט:

— רבי, איך בעט אייך, לייענט איבער די געשריפט אויפן הויכן קול.

אַז ר׳ חיים האָט נאָר אַ בליק געטאָן און דערזען די שיינע פּערלדיקע אותיותלעך, האָט ער גלייך געוואוסט, אַז דאָס האָט געשריבן זיין רבי, ר׳ אליהו. האָט ער מיט אימה און פּחד דעם בריוו געלייענט און זיך גע־רויטלט, ווען ער איז געקומען צו די לויב־ווערטער וועגן אים, חיימען. ער האָט, שעמעוודיק, און מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, געזאָגט:

— עס שיינט, אַז דאָס איז דער הייליקער רצון פון רבינו ר׳ אליהו, טאָ, ווער בין איך, אַז איך זאָל אים ווידערשפּעניקן. איך נעם אָן די ווילּ־קאָמירער רבנות. אָבער איין תנאי וויל איך מיט אייך יאָ אויסנעמען, עס זאָל נאָכדעם ניט דאַרפן קומען צו קיין איבעררייד. איך האָב דאָ אין זינען די שכירות.

די ווילקאָמירער בעלי־בתים האָבן געמיינט, אַז ר׳ חיים איז ניט צופרידן. עס איז אים צו ווייניק געלט. האָבן זיי זיך, אַלע מיטאַמאָל, אָפּגערופן:

— רבי, קהל וועט ניט אָנזעצן. ממון וועט ניט שטיין אין וועג.

ר׳ חיים שמייכלט, און מיט ווייכע רייד, זאָגט ער צו זיי:

— רבותי, זייט מיר ניט חושד, אַז איך בין אַ זולל וסובא. איך האָב אַפילו אין כתב הרבנות רעכט ניט אַריינגעקוקט. איך בין נאָר אויסן אייך צו זאָגן, אַז איך וועל בשום אופן ניט מאַכן די תורה פאַר אַ רידל צו גראָבן מיין ברויט. איך וועל ביי אייך קיין שכירות ניט נעמען. מיין אשת חיל וועט אויסזוכן אַ פּרנסה, וואָס זאָל אונדז שפּייזן. אויך דאָ, אין וואָלאָזשין, איז זי, און ניט איך, די ברויטגעבערין.

***

אויפן ווילקאָמירער מאַרק איז געשטאַנען אַ ליידיק געוועלבל. האָט זי, די נייע רביצין, ווען זי איז אָנגעקומען אין איר נייער שטאָט, עס געדונגען צו עפענען דאָרטן אַ בשמים קלייטל. זי האָט עס דערציילט איר חיימען. עס האָט אויסגעזען, אַז ער איז צו דעם מסכים. איין פרימאָרגן האָט זי זיך אָנגעטאָן אין איר קרעמערשן הילוך און האָט צו אים געזאָגט: „איך גיי, מיט מזל, עפענען די פּרנסה". ער האָט איר צוגעוואונטשן הצלחה און ער איז, אַ באַרואיקטער, אַוועק דאַוונען. זי האָט געעפנט דאָס געוועלבל און גענומען זיך עס אויפראַמען. מיטאַמאָל זעט זי, ווי איר חיים יאָגט זיך איבערן מאַרק מיט טלית און תפילין. ער איז בלייך און צעשראָקן, און פון ווייטן נאָך, רופט ער זיך צו איר:

— רביצין, פאַרמאַך דאָס געוועלבל. עס איז ניט רעכט מיר זאָלן דאָ עפענען אַ קלייט. אין וואָלאָזשין איז געווען עפּעס אַנדערש. דאָרט בין איך געווען אַ ייד ווי אַלע יידן. אָבער דאָ, אין ווילקאָמיר, בין איך אַ רב. וועט מען אַוודאי זוכן מיר מהנה צו זיין און געבן מיר גיכער צו לייזן, ווי אַן אַנדער קרעמער. וועל איך דאָך ווערן אַ יורד אין יענעמס חיונה. אָט די צרות האָט שוין דורכגעלעבט דעם גאונס זיידע, ר׳ משה דער קרעמער, ווען ער איז געוואָרן רב אין ווילנע.

די רביצין האָט קיינמאָל ניט ווידערשפעניקט איר חיימען. זי האָט גיך פאַרמאַכט די טירן פון געוועלב, ווי אין אַן ערב־שבת אין וואָלאָזשין, ווען זי פלעגט דערזען, אַז די זון הייבט זיך שוין אָן אַרונטערצולאָזן. זי איז אויס קרעמערקע, צוריק אַ רביצין, פון אַ רב, וואָס נעמט ניט קיין שכירות, און מען לעבט אויף דעם גרייטן. מען פאַרצערט די לעצטע אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס. זי, די ברויט־געבעריןֿ, קליגט זיך און קליגט זיך אויסצוקלערן אַ פּרנסה, וואָס זאָל די ווילקאָמירער קרעמערס ניט טאָן קיין שאָדן, און איז ניט מצליח. עס איז ניטאָ אַ זאַך מיט וואָס יידן זאָלן דאָ ניט האַנדלען. זי פּרואווט ריידן וועגן תכלית מיט איר רב. אָבער ער ענטפערט איר:

— איך האָב בטחון, און בטחון מיינט ניט קיין מסחר צווישן דעם בורא און דעם מענטשן: — דו האָב בטחון, און איך וועל דערפאַר דיר צושיקן פּרנסה... בטחון איז אַ יסוד! עס איז איינע פון דעם בוראס איינשטעלונגען, אַז ניט דער מענטש שפּייזט זיך אַליין, נאָר ער ווערט געשפּייזט מן השמים, דאָרט אויבן ווערט באַשטימט, ווי אַזוי, און וויפיל מזונות דער מענטש זאָל פאַרצערן. איך זאָג אָבער ניט, אַז אַ מענטש זאָל וואַרטן אויף ניסים. דער מענטש דאַרף זוכן חיונה און, אויב ער האָט זיך פאַרדינט, וועט מען אים העלפן.

ר׳ חיים האָט ניט קיין צייט צו קלערן וועגן פּרנסה. ער איז צו פאַרטאָן מיט זיין אייגענעם לערנען און מיטן צוגרייטן דעם „שיעור” פאַר די זעכציק פּרושים. און דווקא דערפאַר, ווייל ער נעמט ניט קיין שכירות ביי קהל, דאַרף ער זיך היטן, אַז לייט זאָלן ניט זאָגן: ווער האָט אים, דעם רב, געבעטן, זיך אָפּצוזאָגן פון שכירות און ניט פירן קיין רבנות. זאָל ער נעמען באַצאָלט און זיין אַ רב, ווי אַלע רבנים.

איז ר׳ חיים וואָלאָזשינער שטאַרק פאַרטאָן מיט זיינע רבנות. יעדן פאַרנאַכט, בין מנחה למעריב, לערנט ער פאַרן עולם ביי אַ טיש „שולחן־ערוך” און דעם „חיי־אָדם”. ער דערקלערט פאַרן עולם די טעמים פון די דינים. ער האָט אויך איינגעפירט אַ נייעם מנהג: יעדן אינדערפרי נאָכן דאַווגען לערנט ער מיטן עולם חומש. ער איז עס מסביר מיט זיינע אייגענע טייטשן. אַז ער רעדט אַרום די אָבות, שטייען זיי פאַר די אויגן ווי לעבעדיקע. זיי קריגן גאָר אַן אַנדער פּנים, אי אַ מער געטלעכן און אי אַ מער מענטשלעכן. אַפילו עשו קומט ביי אים אַרויס אַ סך העכער, ווי בלויז אַ להוט נאָך לינדזן. ווילקאָמיר האַלט אויס, אַחוץ דעם רב, גאַנצע צוויי דיינים. אָבער ר׳ חיים פאַרפעלט ניט צו זיצן ביי אַלע דין־תורהס און האַרבע שאלות.

אין די עטלעכע חדשים זינט ר׳ חיים איז רב אין ווילקאָמיר האָט ער מיט זיין גוטן טביעת־עין אַלעמען געקענט און געוואוסט יעדן איינעם ביי זיין נאָמען. האָט אַ ייד אויסגעפעלט ביים „חיי־אָדם”־טיש, האָט ער באַלד געפרעגט, מיטן נאָמען: — וואו איז ר׳ משה? אַז מען האָט אים געזאָגט, אַז דער משה איז ניט בקו הבריאות, איז ר׳ חיים גלייך נאָך מעריב געגאַנגען אים מבקר חולה זיין, כאָטש יענער איז געווען אַ פּשוטער ייד.

ר׳ חיים פלעגט זאָגן: אַ רב רופט מען מרא דאתרא. אָבער דאָס איז ניט קיין טיטול, נאָר פּשוט אַ שומר אין זיין שטאָט.

האָט ר׳ חיים וואָלאָזשינער, ווי אַ שומר, געהיט די ווילקאָמירער יידן, אַז זיי זאָלן ניט אַוועקגיין אויף שלעכטע וועגן. אַז ער האָט געזען, אַז אַ ווילקאָמירער בעל־הבית פּירט זיך מעשה בעל־גאווה, צי ער זוכט כבוד, אָדער איז ניט ערלעך אין זיינע מסחרים, האָט ער עס ניט פאַרבייגעלאָזט. ער האָט קיינעם ניט נושא פּנים געווען. ער איז געגאַנגען אין דעם דרך פון זיין ערשטן רבין, דעם „שאגת אריה״, וואָס איז געהאַט געווען רב אין וואָלאָזשין. ר׳ חיים האָט אָבער קיינעם ניט געמוסרט בפני כל עם ועדה, ווי עס פלעגט טאָן זיין רבי, נאָר שטילערהייט, בסוד, אַז קיינער זאָל ניט וויסן, האָט ער מיט יענעם איינגעטענהט; ער האָט אים באַוויזן, על פי שכל, אַז עס לוינט גאָר ניט זיך אַזוי צו פירן, ער טוט זיך אַליין מער שאָדן, ווי גוטס.

ער האָט, ביים דאַוונען, זיך געהיט ניט צו שטיין לאַנג שמונה עשרה, אַז קהל זאָל אויף אים ניט דאַרפן וואַרטן. ער פלעגט זאָגן: אַלע קענען דאָך ניט זיין קיין ישׂשכר לייט, זיצן גאַנצע טעג אין בית־המדרש און לערנען. די וועלט דאַרף אויך זבולונס, און אַ זבולון קען אויך, אויף זיין דרך, דערווערבן אַ חלק אין דער תורה..

ביי דעם טיש, וואו ר׳ חיים האָט געלערנט מיט די ווילקאָמירער בעלי־מלאָכות „חיי אָדם״, איז געזעסן איינער אַן עלי־בער, אַ פּשוטער ייד. ער האָט אָבער געהאַט אויף זיך זייער אַ גוטן קאָפּ. פּראָסטע יידן האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ למדן. ער האָט געקענט דאַוונען פאַרן עמוד און איז געווען אַ געוואַלדיקער בקי אין לוח. ער האָט געקענט אויף אַן אָרט ענטפערן, ווען עס פאַלן אויס די ימים־טובים, די יאַרידן, און אפילו די גויאישע חגאות. ר׳ חיים האָט באַמערקט, אַז דער עלי־בער איז שטענדיק אין גרויס איילעניש, און ווי נאָר מען דאַוונט אָפּ שחרית, אַנטלויפט ער דער ערשטער פון בית־המדרש, און פאַרנאַכט, ביים „חיי אדם״ טיש, האַלט ער זיך אין איין אומקוקן, צי מען רופט אים ניט. האָט ר׳ חיים איין אָוונט אים פאַרבעטן צו זיך אין שטוב און מיט אים פאַרפירט אַ שמועס:

ר׳ חיים: איך בין ניט אויסן אייך צו מוסרן, אָבער איך וויל גלאַט פאַרשטיין דעם ענין: פאַרוואָס לויפט איר גלייך, נאָכן דאַוונען, אַוועק?

עלי־בער: רבי, איר אַליין זאָגט דאָך, אַז דער עיקר איז לערנען תורה, און מען דאַרף ניט צופיל מאריך זיין אין דאַוונען.

ר׳ חיים שמייכלט און ענטפערט:

— אָבער איר, ר׳ עלי־בער, לויפט דאָך ניט צו לערנען תורה.

עלי־בער, דער קלוגער ייד, ענטפערט אים באַלד אָפּ:

— רבי, איר זאָגט דאָך אַליין, אַז אַלע קענען ניט זיין קיין ישׂשכרס. נו, בין איך אַ זבולון.

ר׳ חיים גלעט אים איבערן אַקסל:

— איר האָט אַ גוטן קאָפּ. ווען איר וואָלט געלערנט, וואָלט איר הויך

געשטיגן. טאַ, לאָמיר אייך עס געבן צו פאַרשטיין. עס איז דאָ אַ יחיד און אַ רבים. דאָס מיינט, אַז יעדער איינער, צי ער וויל, צי ער וויל ניט, באַלאַנגט צו אַ רבים. אָבער פאַר זיך אַליין איז יעדער מענטש אַ יחיד. ווען איך דרשן פון דער בימה, רייד איך צו אַ רבים, זאָג איך, אַז אַלע קענען ניט זיין קיין יששכרס. אָבער איצט רייד איך מיט אייך אַליין. איר זייט דאָך שוין אַ יחיד. און אויף אַ יחיד ליגט שוין דער חוב צו זיין אַ יששכר. טאַ, ענטפערט, פאַרוואָס לאָזט איר איבער אייער עולם הבא און יאָגט זיך נאָכן עולם הזה? אויב אַפילו מען מוז שוין זיין אַ זבולון, דאַרף מען זיך היטן ניט צו זיין צופיל זבולון.

עלי־בער האָט זיך פאַרקלערט, און געזאָגט:

— רבי, איך קען זיך ניט העלפן. מען יאָגט מיך, מען גיט מיך ניט קיין רו.

אַ צעשראָקענער קוקט אים ר׳ חיים אָן:

— וואָס, מען רודפט אייך? האָט ניט קיין מורא. דערציילט מיר, ווער זיינען אייערע שונאים?

עלי־בער באַמערקט, אַז דער רב האָט זיך דערשראָקן, באַמיט ער זיך צו ווייזן אַ פריילעך פנים, און רופט זיך אָפּ:

— רבי, קיינער רודפט מיך ניט! איך האָב געמיינט צו זאָגן, אַז מיין פרנסה יאָגט מיך. איך בין דער איינציקער וואָל־באַרשטער אין ווילקאָמיר, און די גויים פון די דערפער פאַרקלאָגן מיר מיין לעבן. זיי דאַרפן וואַרטן אויף זייער ריי עטלעכע טעג, להבדיל, ווי מגידים אין בית־המדרש, צו זוכה בגורל זיין. איך האָב געפּרואווט איינצורייַדן אַנדערע יידן, זיי זאָלן אויך אַריינשטעלן באַרשטערס. אָבער זיי האַלטן עס פאַר אַ בזיונדיקע פרנסה. דער שטויב פון וואָל קלעפּט זיך אויף די ווענט.

ר׳ חיימען נעמט אַרום אַ רחמנות אויף עלי־בערן, און ער טרייסט אים:

— עס איז גאָר ניטאָ קיין מלאָכה בזויה. דער תנא זאָגט: „פשוט נבלה בשוק ואל תצטרך לבריות.״

פּלוצים בליצט ביי ר׳ חיים וואַלאָזשינערן אויף אַ מחשבה און ער רופט זיך אָפּ:

— ר׳ עלי־בער, אויב אייך איז באמת ניחא, וועל איך פאַרלייגן אַ וואָל־באַרשטעריי. עס געפעלט מיר די פרנסה. זי איז פאַר מיר, ווי אָנגע־מאָסטן. זי איז די כשרסטע פאַר אַ רב. עס איז דאָך דאָ ניטאָ אַפילו דער מינדסטער חשד, אַז די גויים זאָלן מיר נושא פּנים זיין, וואָרים פאַר זיי בין איך דאָך אַ ייד ווי אַלע יידן.

עלי־בער שפּרינגט אַזש אויף פאַר פרייד. עס טוט אים געוואַלדיק הנאה, וואָס דער רב וועט זיך נעמען צו באַרשטעריי: זיינע טעכטער, די כלה־מיידלעך, אַז זיי וועלן פון דעם הערן, וועלן זיי אָנקווועלן. עס וועט אים איצטער זיין לייכטער צו טאָן מיט זיי שידוכים. ער וועט צו די מחותנים,

וואָס וועלן זיך ברעקלען מיט זיין פּרנסה, קענען מיט שטאָלץ זאָגן: „אָט איז אונדזער רב, ר׳ חיים וואָלאָזשינער, אויך אַ וואָל־באַרשטער!״

על־יבער האָט געהאָלפן דער רביצין איינהאַנדלען די מאַשינען. ער האָט איר געוויזן ווי מען באַגייט זיך מיט זיי, ווי מען וועבט אויס די וואָל און איינגעשטעלט דעם מקח. ר׳ חיים איז געווען גליקלעך, וואָס ער וועט ניט דאַרפן אָנקומען צו שטאָט, און ער האָט צו זיין רביצין געזאָגט:

— זע ווי ריכטיק עס זאָגן אונדזערע הייליקע רבנן: „כמה שלוחים וכמה סיבות יש למקום״ — אַז ער וויל צושיקן פּרנסה, האָט ער אַזוי פיל וועגן און שלוחים. די ישועה קומט פון אַזאַ אָרט, פון וואַנען מען דערוואַרט גאָרניט.

ווילקאָמירער בעלי־בתים זיינען ניט געווען צופרידן וואָס דער רב זייערער איז געוואָרן אַ וואָל־באַרשטער. האָבן זיי שוין גענומען פאַרגלייכן ר׳ חיימען צו זייער פריערדיקן פאַרשטאָרבענעם רב, ר׳ שלמה קאָלוואַריער, און זיי זיינען געקומען צו דער הנחה, אַז זיי האָבן מיט אים ניט גוט צוגעטראָפן. ר׳ שלמה איז געווען אַ בעל הדרת פנים, זיין באָרד — אַ לאַנגע און די האָר ווי זייד. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער אַטלאַסענער קאַפּאָטע, מיט אַ שטריימל אויפן קאָפּ. אמת, ר׳ שלמה האָט זיך ניט געמישט אין קהל־זאַכן, ער האָט זיך אינגאַנצן פאַרלאָזן אויף זיינע צווי דיינים, און אַפילו ביי קיין דין־תורה ניט געזעסן. ער האָט געזאָגט: „מיין רבי, ר׳ אליהו, וואָרנט: אַז אויב אַ רב נעמט זיך אונטער צו פּסקנען אין דיני ממון, דאַרף ער פאַרשטיין די פירונג פון דער וועלט, און איך, שלמה, האָב אין דעם אַ קנאַפּע השגה״. בלויז שבת תשובה האָט ער געהאַלטן אַ דרשה. האָבן אויך ניט אַלע פאַרשטאַנען. ער האָט גאָר אַרומגערעדט אַ הלכה ענין, וואָס האָט מיט תשובה, שכר און עונש גאָרניט געהאַט צו טאָן. דאָך האָט מען אין ווילקאָמיר געשפּירט אויף יעדן קער און ווענד, אַז עס איז דאָ אַ רב. די שטאָט האָט זיך נאָכאַנאַנד גערודערט. פרעמדע אָנגעפאַרענע לומדים און מחברים פון ליטע און רייסן זיינען געקומען הערן תורה פון ר׳ שלמהן, אַרויסנעמען הסכמות אויף זייערע חיבורים, קריגן ביי ר׳ שלמהן סמיכה להוראה. ווילקאָמיר האָט זיך מיט אים געהאַט וואָס צו יחוסן פאַר דער וועלט. אַז אַ ווילקאָמירער ייד האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט אַ ייד פון דער פרעמד, האָט ער די ערשטע זאַך פאַרפירט אַ שמועס וועגן זיין רב, און יענער האָט באַלד געקראָגן דרך ארץ.

ר׳ חיים איז אָבער ניט באַרופן אויף דער וועלט. זינט ער איז דאָ רב, איז שטיל אין שטאָט. די ערשטע צייטן איז מען נאָך געקומען ביי אים פרעגן דינים און בעטן הסכמות אויף חיבורים. ער האָט אָבער אַלעמען אָפּגעשיקט קיין ווילנע, צו זיין רבין, ר׳ אליהון. ער האָט זיי געזאָגט: „ווער בין איך און וואָס בין איך, אַז איך זאָל געבן הסכמות?״ האָט מען אויפגעהערט, צו אים, צו קומען. ווידער האָבן די ווילקאָמירער בעלי־בתים זיך באַקלאָגט: „אונדזער נייער רב האָט ניט קיין רבנישן הדרת פנים. זיין הילוך איז אַ צו פּשוטער, ער גייט אָנגעטאָן ווי אַ ייד, אַ בעל־

הבית, אין אַ לענגליכען ראָק". די לומדים איז אויך ניט געווען צום האַרצן, וואָס ער לערנט קיינמאָל ניט ביי זייער חברה ש"ס טיש, נאָר דווקא ביים „חיי אָדם" טיש, פאַר די בעלי־מלאָכות. טאָ, וואָס האָט ווילקאָמיר זיך מיט אים איבערצונעמען פאַר דער וועלט? סיידן מיט דעם, וואָס זייער רב איז אַ וואָל־באַרשטער! זיי האָבן ניט געלייקנט אין זיין גאונישקייט. זיי פלעגן אָפט גיין הערן זיין שיעור, וואָס ער האָט יעדן טאָג געזאָגט פאַר די פרושים. זיי זיינען נתפעל געוואָרן פון זיין גוטן קאָפּ, זיין עמקות, זיין בקיאות און הסברא. זיי האָבן אָבער געטענהט: חיצניות אָן פנימות איז אַ ברכה לבטלה, אָבער פנימות אָן חיצוניות איז אויך ניט קיין ענין.

ר' חיים, דער גרויסער חכם, האָט זיך אָנגעשטויסן, וואָס די ווילקאָמירער בעלי־בתים טראַכטן וועגן אים, אָבער ער איז פון זיין וועג ניט אָפּגעטראָטן, און געזאָגט צו זיינע תלמידים:

— איך וויל בעסער פאַרשעמט ווערן אויף דער וועלט, איידער אויף יענער וועלט.

די ווילקאָמירער בעלי־בתים האָבן זיך אָבער געהיט פוגע צו זיין אין זייער כבוד צו זיין רב. ער איז דאָך אַ תלמיד פון גאון. זיי האָבן אויך מורא געהאַט זיך איינצורייסן מיט המון, וואָס שטייט פעלדזן־פעסט אויף דעם רבס צד. ער האָט דאָס צו פאַרדאַנקען עלי־בערן, וואָס האַלט אין איין ריידן גוטס אויפן רב. ער, עלי־בער, איז ביים המון זייער חשוב, ער איז זייער רבי. ער זאָגט זיי, ווען ס'פאַלן אויס זייערע יאָרצייטן און ימים־טובים. ער, עלי־בער, מיט זיין גוטן קאָפּ, געדענקט ווען עס קומען פאַר די מערק און יאַרידים פון דער גאַנצער אויבערשטער און אונטערשטער ליטע. ער האָט אויך אַ גוטן נאָמען ביי די גויים אין די דערפאַר און ער שאַרט אָפט צו פרנסה צו די קאראבעלניקעס און בעלי־מלאָכות.

קיין גרויסע גליקן האָט ר' חיים ניט דערלעבט פון זיין וואָל־באַרשטע־ריי. די רביצין האָט זיך ניט פאַרשטאַנען צו גוט אויף די מאַשינען. פלעגן זיי זיך אָפט, אין מיטן באַרשטן, אָפּשטעלן, און דאַרפן וואַרטן, ביז עלי־בער וועט קומען זיי פאַרריכטן. אויך די גויים פון די דערפער, איינגעוואוינטע מיט עלי־בערן, איז זיי מער ניחא געווען צו וואַרטן אין דער ריי, איידער צו גיין צום יידישן „ראָווין". זיינען ר' חיימס באַרשט־מאַשינען אָפט געשטאַנען ליידיק. אָבער די רביצין, די אשת חיל, איז ווי עס איז אויסגעקומען מיט חיונה און געדאַנקט דעם בורא, וואָס ער האָט צוגעשיקט זיין גוטן שליח, עלי־בערן.

איין אָוונט האָט זי מיט פרייד אָנגעזאָגט איר ר' חיימען, אַז זי האָט געגעבן שפינען וואָל, און אַז זי וועט פאַר אים אויסשטריקן אַ וואַרעמען לייב־צודעק. ר' חיים האָט זיך זייער געפרייט, און איר געזאָגט:

— טו מיר אַ נחת־רוח און שטריק עס בעסער אויס פאַר דעם פרוז־שאַנער פרוש... זיין ווינטערדיקער מאַנטל איז זייער אַ דינער.

די רביצין האָט, אַ צעשמחהטע, געענטפערט:

— ר׳ חיים, דאגה ניט! איך האָב גענוג וואָל. עס וועט קלעקן פאַר צוויי, און אפשר פאַר דריי, לייב־צודעקן.

ר׳ חיים האָט איר, גלאַט אַזוי, געטאָן אַ פרעג:

— רביצין, פון וואַנען קומט צו דיר אַזאַ עשירות?

זי האָט, בתמימות, געענטפערט:

— אין דער באַרשט־מאַשין איז דאָ אַ קליין וואַלעקל, וואָס נאָך יעדן מאָל באַרשטן, בלייבט אויף אים איבער אַ ביסעלע וואָל. עלי־בער רופט עס: „פאה״.

ר׳ חיים איז געוואָרן בלייך און מיט כעס געזאָגט:

— עס איז זייער אַ שיינער נאָמען. אָבער „פאה״ אויף די פעלדער פלעגט מען איבערלאָזן פאַר עניים. און מיר זיינען דאָך, קיין עין־הרע, בעלי־בתים. און דאָס איז נאָך ניט אַלץ. פאה האָט דאָך דער בעל־השדה ניט פאַרגעסן, צי ניט דערזען. ער האָט דאָס איבערגעלאָזט מיטן אייגענעם וויסן. פרעג איך דיך, ווילקאָמירער רביצין, ווייסן די גויים פון דעם פאַר־באַהאַלטענעם וואַליקל?

זי, די פרומע פרוי, האָט תמיד געציטערט איבער יענעמס פּרוטה. בעת זי איז געווען אַ קרעמערקע אין וואָלאָזשין, האָט זי געזען, אַז עס זאָל אירס בעסער איבערגיין. ביים וועגן צוקער, זאַלץ און מעל האָט זי תמיד צוגע־שאָטן אַ ביסל מער. איצט האָט זי זיך געלאָזט געשטרויכלט צו ווערן אין אמתער גנבה, און נאָך געוואָלט פון דעם געגנבעטן וואָל אויסשטריקן פאַר איר ר׳ חיימען אַ לייב־צודעק, און, ווי חוה, פאַרזינדיקן אויך איר מאַנס, דעם צדיקס, יאָרן!

זי האָט פאַר צער זיך צעוויינט אויפן הויכן קול. ר׳ חיים האָט גענומען זי באַרואיקן. ער האָט געזאָגט, אַז זי איז ניט שולדיק. און כאָטש עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט, האָט ער זיך איבער די פינצטערע גאַסן געלאָזט גיין צו עלי־בערן, וואָס האָט געוואוינט אין עק שטאָט. עלי־בער האָט זיך זייער דערשראָקן, ווען ער האָט דערזען, אַז דער רב איז צו אים געקומען אַזוי שפּעט אין דער נאַכט. אָבער, אַז ער האָט געהערט, אַז עס איז צוליבן ביסל וואָל, וואָס די רביצין האָט אַראָפּגענומען פון וואַליקל, האָט עלי־בער זיך באַרואיקט, און שמייכלענדיק, געזאָגט צו ר׳ חיימען:

— רבי, איר מאַכט דאָ אַזאַ גרויסן רעש, ווי איך וואָלט דאָ באַ־גנבעט דעם קלויסטער. עס איז דאָך שיכחה, אַ גויאישער טעות. אַלע ווייסן דאָך, אַז טעות גוי איז מותר.

עלי־בערס רואיקייט און זיין מאַכן צונישט די גאַנצע זאַך האָט ר׳ חיימען אַרויסגעבראַכט פון געדולד. ער האָט זיך צעבייזערט אויף דעם וואָל־באַרשטער:

— ווער האָט עס אייך געזאָגט, אַז טעות גוי איז מותר? און ווער האָט אייך געגעבן דעם היתר צו פּסקנען דינים? איר פאַרשטייט דאָך אַפילו ניט דעם טייטש פון „טעות גוי איז מותר״. טעות מיינט, אַז דער וואָס איז פון דעם נהנה האָט לכתחילה ניט געוואוסט, אַז דער גוי האָט

געמאַכט אַ טעות. און אַ גוי איז בלויז דער, וואָס פירט זיך ווי אַ גוי. ער איז געקומען מיט דער כוונה צו נעמען דעם יידנס רכוש, און דערוויל האָט ער גאָר זיינס איבערגעלאָזט. אָבער ניט דער נכרי, וואָס קומט געבן דיר צו פאַרדינען. אדרבא, זעט דעם חילוק פון אייך, ר׳ עלי־בער, און דעם גאונס זיידע, ר׳ משה רבקהס, דער „באר־הגולה״. אים האָבן דאָך גויים אַזוי פיל שלעכטס געטאָן — זיי האָבן זיין גאַנצע עשירות צעראַבעוועט. און פונדעסטוועגן פּסקנט ער, אַז טעות גוי איז אָסור.

איז ר׳ חיים שוין אַליין געשטאַנען אין זיין וואַל־באַרשטעריי און געוויזן די גויים וואו עס ליגט דאָס פאַרהוילן וואַליקל. די פויערים האָבן זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן פון דעם ראַווינס ערלעכקייט. עלי־בער האָט ביי זיי פאַרלוירן דעם גאַנצן חן. האָט דאָס אים שטאַרק פאַרדראָסן. ער האָט מעקב־קריאה געווען. בפני כל עם ועדה, אויסגעלייגט זיינע טענות קעגן רב, וואָס האָט אים, אָנשטאָט צו באַדאַנקען פאַר די טובות, וואָס ער האָט אים געטאָן, אָפּגעצאָלט מיט אַ רעה. ר׳ חיים אַליין האָט דאָס ניט געקענט איינזען. ער, דער פרומער מענטש, האָט געהאַלטן, אַז ער האָט, אדרבא, געטאָן עלי־בערן אַ טובה. עס איז דאָך בעסער פאַרשעמט צו ווערן אויף דער וועלט, איידער פאַר־שעמט צו ווערן אויף יענער וועלט. קומען דאָרטן מיט דער האַרבסטער עבירה פון אַלע עבירות, וואָס איר נאָמען איז גזילה ; זי שרייט דאָך העכער פון אַלע עבירות, אַז מען זאָל דעם מענטשן ניט שענקען!

עלי־בער איז בטבע געווען ניט קיין שלעכטער מענטש און אויך ניט קיין געלטגייציקער. ער וואָלט ר׳ חיימען מוחל געווען דעם שאָדן, אָבער די חרפה פאַר די גויים, וואָס היטן אים שוין ווי אַ גנב, האָט אים קיין רו ניט געגעבן. זיין צאָרן אויפן רב האָט זיך געהאַלטן אין איין שטאַרקן. האָט ער געהאַלטן אין איין באַרעדן דעם רב. ער האָט אָפּגעחוזקט פון זיין צידקות. ער האָט בלויז ניט געטשעפּעט זיין לומדות. ער האָט עס זייער געגאַרט, אָבער ער האָט געוואוסט, אַז אויב ער וועט עס טאָן, וועט מען פון אים לאַכן אין די הויפנס. ווי קומט ער, אַ פּשוטער ייד, צו ריידן וועגן לומדות ? פּלוצים דערמאָנט זיך עלי־בער, אַז איין טאָג, ווען ער האָט פאַרריכט דעם רבס באַרשט־מאַשינען, האָט ער גראָד געדאַרפט אַריינקוקן אין לוח, האָט ער געזוכט צווישן דעם רבס ספרים — און ניט געפונען קיין לוח. האָט עלי־בער זיך באַדענקט, אַז אין וואָס־וואָס, אָבער אין לוח איז דער רב מסתמא אַ קנאַפּער ידען.

אין איין בין מנחה למעריב האָט ער זיך אָפּגערופן, מיט כלומרשטער תמימות, צו די בעלי־מלאָכות און קאַראַבעלניקעס, וואָס זיינען געזעסן הינטער דער בימה :

— איר ווייסט, יידן, אונדזער רב האָט אונדז מיאוס אָפּגענאַרט, ער הייבט דאָך ניט אָן צו קענען לערנען. ער ווייסט בלויז די קונץ ווי זיך צו פאַרשטעלן פאַר אַ למדן.

משהן, דעם ווילקאָמירער שוסטער, האָט דאָס שוין פאַרדראָסן, וואָס עלי־בער רעדט מיט אַזאַ גדלות, און ער זאָגט אים אַריין מיט חוזק :

— אָבער דו, עלי־בער, קענסט דאָך אים ניט פאַרהערן!

עלי־בער ענטפערט זייער רואיק און מיט זיכערהייט:

— ווער זאָגט דאָס, אַז איך קען ניט?

משהן, דעם שוסטער, גייט עס שוין אין סתירדעס, ער וויל ניט בלייבן צום נאַר, און ער זאָגט צו אים, שוין בייסיק:

— עלי־בער, איך קען דאָך דיך פון קליינוווייז אָן. מיר זיינען דאָך צוזאַמען געגאַנגען אין חדר. איך ווייס דאָך, אַז דו האָסט אויף דיין לעבן ניט בלויז ניט געלערנט קיין גמרא, נאָר אַפילו קיינמאָל אין דיין האַנט ניט געהאַלטן קיין ספר.

עלי־בער ענטפערט אים ווידער אָפּ, רואיק און געלאַסן:

— ווי קום איך, אַ וואָל־באַרשטער צו גמרא? אָבער דאָך קען איך אַן אַנדערן יאָ פאַרהערן. אָט, אדרבא, לאָמיר עס אייך, ר׳ משה, געבן צו פאַרשטיין. איר זייט דאָך אַ גוטער בעל־מלאָכה. צו אייער אויפנייען אַ פּאָר שטיוול קאָן זיך קיינער ניט פאַרגלייכן, — חנפעט עלי־בער דעם שוסטער, — פרעג איך אייך, צי קאָן געמאָלט זיין, אַז אַ שוסטער, וואָס טויג זיך רעכט ניט אויס אַרויפצושלאָגן אַ פּאָר זוילן, זאָל אָבער יאָ קענען אויפנייען לאַקירענע שטיוול?

משה איז שוין נייגעריק צו וויסן וואָס עלי־בער זוכט דאָ אַרויסצובורענען, און ער ענטפערט אים גיך:

— וועגן דעם איז גאָר נישטאָ קיין רייד. אַוודאי קען עס ניט געמאָלט זיין.

עלי־בער גלעט זיך די באָרד פון נחת און זאָגט:

— הייסט עס, אַז איר זענט מיט מיר מסכים. טאָ, וואָס מיינט איר, איז אַנדערש לומדות? עס איז אַ קענטשאַפט, ווי אַלע קענטשאַפטן. פונקט ווי ביי בעלי־מלאָכות זיינען דאָ פאַרטאַטשעס, אָבער זיי קאָנען אָפּנאַרן דעם עולם, פונקט אַזוי זיינען דאָ לומדים, וואָס הייבן ניט אָן צו קענען לערנען, אָבער זיי ווייסן ווי אָפּצונאַרן. נו, איצט קומען מיר צום עיקר. ווילט איר, ר׳ משה, זאָגן, אַז אַ מענטש וואָס קען ניט רעכט זאָגן „אשרי יושבי ביתך״, פאַרשטייט יאָ שווערע גמרא?

משה, דער שוסטער וויגט אַ צערודערטער מיטן קאָפּ:

— קיין שאלה ניט!

עלי־בער קוקט אָן, מיט נצחון, דעם עולם, וואָס יעטייט אַרום אים און הערט זיך צו צו דעם שמועס, און ער זאָגט צו זיי מיט חכמה:

— אין גמרא קען איך דעם רב ניט פאַרהערן, ווייל איך קען עס אַליין ניט. אָבער אין לוח ווייס איך דאָך יאָ. און אויב דער רב איז טאַקע אַ למדן, דאַרף ער דאָך אַוודאי וויסן, וואָס איך, דער פּראָסטער וואָל־באַרשטער, ווייס. טאָ, לאָמיר, אַדרבא, איצט צוגיין צו אים און לאָמיר אים פרעגן: „רבי, ווען איז דער מולד?״ און אויב דער רב וועט עס וויסן צו ענטפערן, בין איך, עלי־בער, גרייט צו צאָלן קנס.

דעם עולם איז די המצאה געוואָרן שטאַרק געפעלן. מער פון אַלעמען האָט זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט משה דער שוסטער. ער האָט דאָ געזען אַ געלעגנהייט זיך אָפּצורעכענען מיט עלי־בערן. ער האָט שוין פון לאַנג אים ניט

געקענט פאַרטראָגן, וואָס ער האַלט זיך פאַר אַ גרויסן חכם. משה דער שוסטער איז געווען זיכער, אַז עלי־בער וועט דאָ בלייבן דער נאַר. וואָרים, אויב עלי־בער, דער וואָל־באַרשטער, ווייסט ווען דער „מולד" פאַלט אויס, ווייסט עס דאָך דער רב צו ענטפערן, אַפילו ווען מען וועקט אים אויף אין מיטן שלאָף.

איז משה דער שוסטער פאַרויס, און דער עולם הינטער אים, באַלד צו־געגאַנגען צו ר' חיימען, וואָס איז געזעסן ביים „חיי־אַדרי־טיש", און משה האָט, מיט תמימות, געטאָן אַ פרעג:

— רבי, קענט איר מיר זאָגן, ווען עס פאַלט אויס דער מולד?

ר' חיים האָט, אַ צערודערטער, אים אָנגעקוקט. ער, דער קלוגער מאַן, האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז עלי־בערס אַ שפּיצל. ער האָט אים דאָ געכאַפּט ביי דער האַנט. ער, ר' חיים וואָלאָזשינער, ווייסט טאַקע ניט וואָס צום ענטפערן. ער קען זיך אַפילו גרינג אַרויסדרייען מיט אַ חכמהדיקן ענטפער. אָבער ער, דער אמתער איש חסיד, וועט דאָך קיינעם ניט נאַרן מיט קיין רייד. לאָזט ער, פאַרשעמט, אַרונטער דעם קאָפּ, און ענטפערט:

— רבותי, איך בין זיך מודה, איך הייב ניט אָן צו וויסן.

משה דער שוסטער גלויבט ניט זיינע אייגענע אויערן. אים דוכט זיך, אַז דער רב טרייבט דאָ שפּאַס און, כעסדיק, פרעגט ער שוין איבער:

— רבי, איז דאָס שיין פאַר אַ רב אָפּצושפּאָטן פון מענטשן? און אַז מיר זיינען ניט קיין לומדים, זיינען מיר דען ניט קיין מענטשן?

ר' חיים הייבט זיך אָן צו פאַרענטפערן:

— חס וחלילה! זייט מיך ניט חושד אין דער עבירה. ווען איך וואָלט געוואוסט ווען דער מולד פאַלט אויס, וואָלט איך עס אייך גערן געענט־פערט. דאָס איז דאָך מיין חוב. איך בין דאָך אייער רב.

משה, אַ בייזער, וואָס דער רב האָט אים דאָ געמאַכט צום נאַר און עלי־בערן פאַרן חכם, האָט ער גענומען זידלען ר' חיימען:

— ווי האָט איר אַ העזה, צו זיין ביי אונדז רב?

דער המון, אונטערגעהעצט פון עלי־בערן, האָט גענומען ליאַרמען:

— ער איז דאָך גאָר קיין רב ניט!

— ער האָט אונדז אָפּגענאַרט!

— זאָל ער ווייזן זיין סמיכה!

— אַ חרפה און אַ בושה פאַר ווילקאָמיר צו נעמען אַ רב, וואָס קען ניט לערנען!

— עלי־בער, דער וואָל־באַרשטער, קען דאָך מער פון אים!

— אויך מיר אַ רב! ער ווייסט דאָך אַפילו ניט, ווען דער „מולד" פאַלט אויס!

ר' חיים האָט, שווייגנדיק, זיך צוגעהערט צו אַלע זידלערייען, וואָס האָבן, ווי אַ שוויטשענדיקער ווינט, געשמיסן אים אין פּנים אַריין. דער עולם איז געוואָרן בייזער און בייזער, וואָס ער פאַרענטפערט זיך אַפילו ניט. זיי האָבן אָנגענומען, אַז ר' חיים טראַכט ביי זיך: „זאָלן זיי שרייען וויפיל זייער האַרץ גלוסט. איך האָב דאָך אַ ,כתב'."

נאָך מעריב איז ר׳ חיים אַרויפגעגאַנגען אויף דער בימה. ער אַליין, און ניט דער שמש, האָט אַ פּאַטש געטאָן אין בעלעמער און זיך געשטעלטריידן. ער האָט זיך געטאַדעלט, מיט די שאַרפסטע רייד, און באַוויזן, על פּי שכל און דין, אַז אַ רב, וואָס ווייסט ניט ווען דער „מולד" פאַלט אויס, טאָר קיין רב ניט זיין. דער לוח איז פּונקט אַזוי וויכטיק ווי אַלע ספרים אין אים זיינען באַצייכנט די ראשי־חדשים, די צייט פון קידוש לבנה, ליכט בענטשן, און די ימים־טובים. ר׳ חיים האָט געבעטן דעם עולם זיי זאָלן אים מוחל זיין, וואָס ער האָט, בלא יודעים, זיי אָפּגענאַרט, און איז געוואָרן ביי זיי רב. איז ער מתקן זיין טעות און ער זאָגט זיך אָפּ פון דער רבנות. ער ווינטש זיי מיטן גאַנצן האַרצן באַגליקט צו ווערן מיט אַ רב, וואָס קען לערנען מער פון אים, און איז פרימער פון אים.

זיינע תלמידים, די פּרושים, האָבן ניט געקענט צוזען ווי זייער רבי מאַכט זיך אַליין אַזוי קליין, האָבן זיי, מיט געוויין, גענומען זיך רופן צו אים:

— רבי, ווער קען זיך צו אייך פאַרגלייכן אין לומדות? אייער איין חידוש באַלויכט דאָך בלעטער און בלעטער גמרא. ווער קען נאָך, אַזוי ווי איר, זאָגן אַ שיעור, אי טיף, און דאָך אַזוי קלאָר. פאַרלאָזט אונדז ניט, רבי!

ר׳ חיים האָט זיך צעשיינט פון פרייד. די גרויסע פריינטשאַפט פון זיינע תלמידים האָט אים אויפגעמונטערט, און ער האָט זיי געענטפערט:

— מיין געפאַלנקייט איז מיין געהויבנקייט. איך וועל אייך ניט פאַר־לאָזן; וואו איך וועל גיין, וועט איר קענען מיטגיין.

אויך דער המון האָט דערשפּירט זייער רבס גרויס צידקות. זיי האָבן דערקענט, אַז ער רעדט מיטן גאַנצן האַרצן. ער זוכט דאָ ניט אַרויסצודרייען פון קלעם. זיי האָבן זיך איצט דערמאָנט, ווי פיין ער האָט זיך מיט זיי די גאַנצע צייט געפירט. ער האָט קיינמאָל ניט אַרויסגעוויזן קיין גאווה. האָט דער המון גענומען זיך בייזערן אויף עלי־בערן, וואָס ער האָט דאָ דעם גאַנצן טומל אָנגעמאַכט. אויך עלי־בערן אַליין האָט שוין פאַרדראָסן, און ער איז, מיט תחנונים, צוגעפאַלן צו ר׳ חיימען:

— רבי, זייט מיר מוחל פאַר דעם צער, וואָס איך האָב אייך פאַר־שאַפט. בלייבט אויך אויף ווייטער רב. מיר וועלן אייך האַלטן מיט גרויס כבוד.

ר׳ חיים ענטפערט אים מיט גרויס ליבשאַפט:

— ניט איר ביי מיר, נאָר איך דאַרף ביי אייך בעטן מחילה. איך האָב אייך צו דאַנקען. איר, כאָטש ניט קיין למדן, האָט מיר געוויזן, אַז קענען לערנען אַליין איז ניט גענוג צו זיין אַ רב...



# קאַפּיטל יח

זינט דורות און דורות האָבן יידן תעניתים גע־פאַסט. פאַרשמאַכטע פון דאַרשט און אָפּגעשוואַכטע פון הונגער, זיינען זיי גאַנצע טעג אָפּגעשטאַנען אין די בתי־מדרשים און מיט אַ צעבראָכן געמיט זיך געגרופן:

— אל רחום וחנון! דו גאָט פון רחמים, דערבאַרעם זיך איבער אונדז, און שיק משיחן, לייז אונדז אויס פון די אַלע צרות, מאַך אַ סוף צו דער רשעות פון דער וועלט!

צו זייער גרויס פרייד האָבן די יידן אין דער ליטע דערזען, אַז זייער געבעט ווערט אָנגענומען. די גוטע משיחס צייטן קומען אָן. עס הערן זיך שוין זייערע זינגענדיקע טריט. אין יעדער שטוב, אַפילו אין די אָרעמסטע צווישן די אָרעמע, שיינען שוין אַריין די ליכטיקע משיח־שטראַלן. און אַ שטים, וואָס מען זעט ניט ווער עס רופט, שאַלט, ווי אַ בת־קול:

— יידן, די ישועה קומט! זייט מוטיק און פריילעך! ווער איר זאָלט ניט זיין — אַ למדן צי אַן עם־הארץ, אַ רייכער, צי אַן אָרעמאַן!

געוואוסט האָבן דאָס שוין, ניט בלויז דעם גאונס תלמידים, נאָר אַלע, אַלע, אַז די גוטע צייטן האָט געבראַכט דער גאון. ער האָט עס גע־טאָן, ניט דורך מופתים, נאָר אויף אַ נאַטירלעכן אופן, דורך זיין נייעם דרך אין לערנען און זיין נייעם קוק אויפן מענטשן. ער האָט דורך זיין אַנדערש טייטשן די פסוקים אין דער תורה דערהויבן דעם בעל־מלאָכהביים למדן, דעם עני — ביים עשיר. אויך ביי די עם־הארצים, וואָס האָבן פון תמיד אָן פיינט געהאַט די לומדים, זיי גערופן מיט ניט קיין שיינע נעמען, האָט דער גאון דערוועקט אַ ליבשאַפט צו דער תורה און אירע לערנערס. ער האָט ביידע — אי די לומדים, אי די פשוטע לייט — גע־מאַכט פאַר שענערע מענטשן. די וועלט לייטערט זיך צו דער בחינה פון כולו זכאי. ר׳ אליהו שטראָפט ניט און מוסרט ניט, נאָר דורך זיך אַליין, דורך זיין אייגענער שיינער פירונג, האָט ער געוויזן ווי צו זיין ראוי אָנגערופן צו ווערן — אָדם. ער מישט זיך ניט אין קיין קהלשע ענינים. די גאַנצע טעג און נעכט זיצט ער און לערנט, זאָגט באורים אויף תורה, נביאים און כתובים, זוכט די גרייזן אין די גמרות, וואָס האָבן זיך אין משך פון דורות אַנגעקליבן אין די אַלערליי דרוקערייען. ער איז אַ געוואַלדיקער מתנגד צו די נייע חסידים, וואָס לייקענען, אַז קענשאַפט איז דער עיקר, אָבער קיין מחלוקות וויל ער מיט זיי ניט פאַרפירן. שלום! — זאָגט ער, דער גרעס־טער צדיק פון דורות, — איז איינע פון די סאַמע עיקרים פון דער תורה.

איין טאָג איז ר׳ אליהו, ווי אַלע טעג, געזעסן ביי זיך אין קלויז און געלערנט. ער איז געווען פאַרטיפט אין זיין נייעם פירוש אויף „משלי״, פלוצים הערט ער, אַז פון פאַליש טראָגן זיך זייער שאַרפע און בייזע

רייד. ר׳ אליהו ווערט פאר שרעק אזש בלייך: ביי מיר אין קלויז זאל מען זיך קריגן? איז דאס ניט אמאל א שטראף פאר אן עבירה, וואס איך, עלי, בין באגאנגען? אמת, איך בין בטוח, אז איך האב עס ניט געטאן במזיד. אבער, אויב אפילו בשוגג, איז דאך אויך א סימן, אז איך האב פארלוירן דעם חן ביים בורא. דערפאר האט מען דערלאזט, איך זאל באגיין אן עבירה. פאר צער זיינען די רעיונות פון אים צעלאפן און איבערגעלאזט ר׳ אליהון אן אויסגעליידיקטן. פון שרעק האבן זיינע הענט אזש געציטערט און די פיס האבן זיך געגומען בויגן. ער האט זיך קוים אנגעהאלטן אן זיין שטענדער. און אין פאליש ווערט ניט שטילער. די קריגערישע רייד הייבן זיך אלץ העכער און העכער.

ר׳ אליהו שטארקט זיך, און טרייסט זיך אליין:

— עלי, האב ניט קיין מורא. דו האסט קיין עבירה אפילו בשוגג ניט געטאן. דער, וואס היט זיך אליין, דעם העלפט מען מן השמים זיך צו היטן, און מען וואלט דארטן ניט דערלאזט, דו זאלסט געשטרויכלט ווערן. יעדע מצווה געבערט א מצווה און עס איז ניטא קיין ארט פאר דער עבירה. אי, די קריגערישע רייד, וואס דו, עלי, הערסט דא, דאס האט זיך די „סיטרא אחרא״ צעהוליעט. דאס איז א נייער קונץ פון דעם שטן, ווי דיר צו שטערן אין לערנען. עס געפעלט אים ניט דיין פירוש אויף „משלי״. דו דעקסט אויף זיינע אלע פארבאהאלטענישן און גאנגען, דו באווייזט, ווי ער, דער כיטראק, פארשטעלט זיך כלומרשט פאר א צדיק, און רעדט איין דעם מענטשן, אז די עבירה איז גאר א מצווה.

א שמייכל צעשיינט זיך איבער אליהוס פנים. ער האט מער ניט קיין מורא. ער איז דעם שטן מנצח. רוקט ער ארונטער, מיט עקשנות, דעם טלית איבערן קאפ און פארטיפט זיך צוריק אין די קלוגע רייד פון שלמה המלך. ער הערט שוין מער ניט די בייזע רייד. ער איז שוין צו ווייט פון קלויז. ער שוועבט איצט אין די הויכע וואלקנס, ער פליט שוין איבער ווייטע לענדער. זיי זיינען אלע אים באקאנט פון תנ״ך. אבער זייערע גרעניצן זיינען אזוי געענדערט, באגזלט געווארן פון פרעמדע מלכים. ער איז אנגעקומען קיין ירושלים, אין שלמה המלכס פאלאץ. ער קוקט פון ווייטן אן דעם קעניגלעכן טראן. צו־נאענט צוגיין קאן אליהו ניט. מוראדיקע חיות, בראש מיט זייערע קעניגן, די לייבן, באוואכן דעם כסא המלכות, וואס איז אויסגעשניצט פון טייערן העלפאנט־ביין אין באדעקט מיט דעם זהב טהור, וואס מען האט געבראכט אזש פון ווייטן אינדזל פז. דער טראן איז גרויס און הויך. עס איז אליין א פאלאץ. ארויפצוגיין צו אים דארף מען שטייגן איבער טרעפ. די ווענט, און אפילו די דילן אין פאלאץ זיינען אויך פון זהב טהור, אבער שוין ניט פון אזא טייערן גאלד, ווי דער טראן.

אזא עשירות האט נאך ר׳ אליהו ניט געזען, אין די ספרים, ביי קיין מלך. קופער, מעש, און אפילו דער טייערער כסף, האט דארטן קיין חשיבות ניט. דורך די פענצטער גלאנצן ארויס די דעכער פון פארבויאונגען.

אויך די שטאַלן, וואו עס שטייען דעם קעניגס רייט־פערד, זיינען פון כסף אויסגעגאָסן.

מיטאַמאָל הייבט זיך אָן אין פּאַלאַץ צו רעשן. די חיות צעברומען זיך. די פייגל, וואָס פליען אַרום איבערן טראָן, צעפּאַטשן זיך מיט די פליגל. עס צעשפּילן זיך די כלי־זמר, וואָס דוד המלך האָט אויף זיי געשפּילט. זינגער צעזינגען זיך מיט גרויס מתיקות קאַפּיטלען תהילים. אין גרויס געאייל קומען אָן באַדינער נאָך באַדינער, אַלע אויסגעפּוצטע אין בגדי־מלכות. זיי, די משרתי המלך, גייען מיט שטאָלץ און גאווה, און הינטער זיי טרעט מיט פּאַמעלעכע טריט שלמה המלך. זיינע אויגן זיינען ניט פאַר־גלאָצט צום הימל און אויך ניט אַרונטערגעלאָזט צו דער ערד. ער קוקט גלייך און פשוט, ווי אַלע מענטשן. ער קלעטערט מיט עניוות אויף די טרעפּ. ער זעצט זיך שטיל אַוועק אויפן טראָן. זיינע באַדינער, אַליין אויך אָנגע־טאָנענע אין קרוינען, טוען אים אָן די גאָלדענע קרוין, וואָס זיין פאָטער, דוד המלך, האָט געטראָגן.

דודס קרוין? דאָס איז שוין ר׳ אליהו אַ בעלן צו זען. אַזאַ זכות! אָבער עס בלענדן אים די אויגן. ער קאָן אין ליכטיקן שיין ניט אַריינקוקן. די קרוין איז געדיכט באַזעצט מיט דימענטן און פּערל, ניט צום ציילן. זיי שימערן מיט די לויכטנדיקע פאַרבן פון די אַלערלייאיקע פויגל, וואָס פליען אונטערן הימל. קיין איין מין פון זיי האָט שלמה המלך ניט פאַר־שעמט. דער פּאַלאַץ איז געוואַלטיק גרויס. ר׳ אליהוס אויג קאָן ניט דערזען זיינע ברעגן. ער איז געפּאַקט מיט מענטשן, גאַנצע מחנות, אַלע פון דער פרעמד. זיי זיינען געקומען קיין ירושלים פון אַלע ברעגן לאַנד ישראל און אויך פון אַנדערע ווייטע מדינות. זיי זיינען אויסגעשטעלט לויט די שבטים און בראש — זייערע נשיאים. די פאָנען פלאַטערן מיט שטאָלץ. אָט זעט ר׳ אליהו: אין מזרח־זייט וויגט זיך דער דגל־יהודה; אין צפון שטייט דער שבט ראובן; אין דרום — די לייט פון שמעון, און גאָר אָן אַ זייט וויגן זיך מיט עניוות די מענטשן פון יששכר. מיט זיי, די בעלי־תורה, דער־פרייט זיך ר׳ אליהו גאָר שטאַרק. עס איז אים אַ נחת צו זען, ווי זיי, די לומדים, זיינען דאָ געקומען, צוזאַמען מיט זייערע שפּייזער, די קינדער פון זבולון, צו הערן די קלוגע רייד פון שלמה המלך, וואָס איז ניט בלויז דער קליגסטער, נאָר אויך דער פרימסטער פון אַלע מענטשן. ער איז דאָך דער זון פון דודן, וואָס איז געווען אַן איש חסיד. ער ווייסט אויך אַלע סודות פון דער הייליקער תורה. וואָרים ער איז דאָך דער מלך ישראל, געזאַלבט פון בורא. ווערט מען דאָך אַוודאי הערן אי חכמה, אי מוסר, און אי תורה.

שלמה המלך שטאַמט אַליין פון שבט יהודה. אָבער ביי אים זיינען אַלע שבטים ליב און טייער. ער מאַכט ניט קיין חילוקים. ער איז דאָך אַלעמענס מלך. ער טוט אַ פּאַכע מיט זיין רוט. אין אַ הרף־עין ווערט שטיל אין פּאַלאַץ. די בייזע לייבן האָבן אויפגעהערט ברומען. זיי, די קעניגן פון די חיות, זיינען פון פחד פאַר שלמה המלך, דער קעניג איבער אַלע קעניגן, ווי פאַרגליווערט געוואָרן. שלמה וויגט זיך פרום אין זיין

טראַן און ער הייבט אָן צו ריידן. זיין קול איז אַזוי זיס, עס גלעט ווי באַל־זאַם. ר׳ אליהו בויגט זיך אויס, שטעלט אויס דעם אויער. ער האָט מורא אַ וואָרט צו פאַרפעלן. שלמה, דער מלך פון ישראל, זאָגט:

— קינדער פון יהודה און ישראל! הערט זיך צו וואָס איך, שלמה בן דוד, האָב אייך צו זאָגן. לייגט צו דעם קאָפּ, און פאַרנעמט מיינע רייד, וואָס זיינען אויסגעפלאָכטן פון תורה און מוסר. זייט וויסן, אַז אַלץ איז הבל הבלים. שקר איז דער חן, נאַריש איז די שיינקייט, און נאַרישער פון אַלץ איז עשירות. קופּער, מעש, זילבער און גאָלד זיינען ניט מער ווי שערבלעך פאַר קינדער זיך צו שפּילן. פּערל און דימענטן זיינען בלויז שטיינדלעך. די טייערסטע זאַך אויף דער וועלט איז די תורה. טאָ, גלוסט ניט נאָך דעם זהב פון פּז און חרוץ. ווילט בעסער אויס די גילדענע רייד פון דער תורה. וואָס פאַר אַ וואָרט האָבן די שטומע פּערל־שטיינדלעך אַנט־קעגן די פּערלדיקע ווערטער פון דער תורה? דאָס זאָגט אייך ניט איינער, וואָס ווייסט ניט דעם באַדייט פון גאָלד און פּערל, און רעדט פון קנאה צו די עשירים, עס פאַרדריסט אים, וואָס ער אַליין איז אויך ניט באַשאָנקען מיט קיין רייכקייט. איך, שלמה, האָב קיינעם ניט וואָס מקנא צו זיין. איך בין דער מלך פון ישראל. איך בין רייכער פון אַלע מלכים. די שטאָלן, וואו עס שטייען מיינע פערד, זיינען מער ווערט, אין וואָג פון זילבער, ווי זייערע פּאַלאַצן. אָבער מען קען דאָך מיט רעכט פרעגן: אויב די תורה איז די בעסטע סחורה, טאָ, פאַרוואָס האָב איך, שלמה, אַזוי אויסגעפּוצט מיינע פּאַלאַצן? זייט וויסן, אַז דאָס גאָלד און די פּערל זיינען בלויז אַ משל ... אַ משל פאַר מיינע דריי טויזנט משלים...

שטייט ר׳ אליהו אין קעניגלעכן פּאַלאַץ און ער הערט זיך צו צו די רייד פון שלמה המלך. ער צעגייט זיך פון נחת: אַזוי פיל חכמה, אַזאַ שיינער מוסר, אַזעלכע טיפע תורה ... ר׳ אליהו איז איצט צו ווייט, צו הערן די קריגערישע רייד, וואָס צעשטייגן זיך ביי אים אין פּאַליש און ווערן ביטערער און ביטערער. עס האָבן זיך דאָרט צונויפגעטראָפן צוויי וועלטן. זיין, דעם גאונס וועלט, האַלט, אַז די שליחות פון מענטשן איז צו לערנען און פאַרשטיין די תורה, וויסן דעם באַדייט פון די דינים און מצוות, און דאַוונען איז בלויז אַ טפל. די צווייטע וועלט, די חסידישע, זאָגט, אַז דער עיקר איז כוונה און תפילה. ביידע וועלטן זיינען איינגע־עקשנט, איבערהויפּט דעם גאונס וועלט. עס וויל ניט נאָכגעבן אַפילו אויף אַ האָר. זיי טענהן, אַז חסידות איז אָסור מן התורה. עס איז ניט קיין יתרון, וואָס דער נייער רבי פון די חסידים, ר׳ שניאור זלמן, לייקנט ניט, אַז לומדות איז זייער אַ חשובער ענין. ער פאַרלאַנגט בלויז כוונה, אַז דאָס לערנען זאָל זיין לשם שמים.

דער קריג איז געקומען פלוצים. עס האָט זיך אומגעריכט אַריינגע־שטעלט אין פּאַליש אַ פרעמדער יונגערמאַן, זייער אַ הדרת פּנימדיקער. מיט אים — אַ גאַנצער מנין יונגעלייט, אַלע געקליידט אין ווייסע קליידער, ווי חסידים. זיי זיינען אַלע געווען ניט קיין ווילנער. פרעמדע פון פּוילן, פּאָ־

דאָליע, און רייסן. דער ראש, ר׳ חיים יוסף ווילשונער, האָט גלייך דערקענט, אַז דער הדרת פּנימדיקער יונגערמאַן איז זייער מנהיג. דער מנין חסידים וואָס זיינען מיט אים געקומען, גיבן אים אָפּ כבוד און קוקן צו אים אַרויף. ר׳ חיים יוסף, וואָס האָט זיך מיט אורחים געפּירט, ווי דער גאון, האָט ער זיך געפּעדערט און האָט דער ערשטער געגעבן „שלום־עליכם״. פריער, דעם מנהיג, און נאָך אים, יעדן באַזונדער, לויט, ווי ער האָט געשאַצט, זייער עלטער.

ער איז געווען גרייט צו פרעגן דעם הדרת פּנימדיקן יונגנמאַן: „וואָס איז אייער נאָמען?״ אָבער יענער איז צוגעטראָטן באַלד צום ענין, און געזאָגט:

— איך בין געקומעןריידן מיט ר׳ אליהון, זען, צי מען קען ניט פאַרמיידן קיין מחלוקה, און אויך ווייזן אים מיין ספר, וואָס הייבט זיך אָן מיט — „תניא״ — לערנען.

ווען דער ראש האָט דערהערט דעם טיטל פון זיין ספר, האָט ער שוין געוואוסט, אַז פאַר אים שטייט דער „בעל־התניא״ — ר׳ שניאור זלמן. דער ראש, אַ רגיל אויפצונעמען אורחים, וואָס זיינען געקומען זען דעם גאון, האָט רואיק און קאַלטלעך געענטפערט ר׳ שניאור זלמן:

— הייסט עס, אַז איר זייט געקומען בעטן דעם גאון דאָס ער זאָל געבן אַן הסכמה אויף אייער ספר? זייער פיין. לאָזט דאָ איבער אייער חיבור, און מאָרגן, אם ירצה השם, וועל איך אייך, בלא נדר, געבן אַ תשובה. איך וועל אייך זאָגן דעם גאונס החלטה.

ר׳ שניאור זלמן האָט אים שאַרף אָנגעקוקט און געוואָלט ענטפערן. אָבער דער ראש האָט אים געבעטן, ער זאָל אַ ווײַלע וואַרטן, מחמת ער דאַרף אים וואָס זאָגן, און דער ראש האָט מיט התנצלות דערקלערט:

— דאָ, אין קלויז, קומען אָן זייער פיל ספרים פאַרן גאון. וואָלט דאָך געווען ניט רעכט צו פאַרלאַנגען, אַז דער גאון זאָל איבערלאָזן זיין אייגענעם לערנען, אין דער צייט, ווען די פאַרשמאַכטע וועלט וואַרט אויף זיין תורה, און ער זאָל זיך אַוועקזעצן לערנען חיבורים. דאָס רוב ווייסט מען אַפילו ניט ווער די פּועלים זיינען. אָבער דער גאון, דער בעל־מידות, פאַרשעמט קיינעם ניט. ער קוקט אַריין אין יעדן ספר. און, אַ לויב צום השם יתברך, ער, מיט זיין גאונישן בליק, דערקענט אין די ערשטע שורות צי דער ספר איז ראוי אָנצוגערופן ווערן ספר.

ר׳ שניאור זלמן ענטפערט אים בליציק:

— מיין כוונה איז דאָ ניט בלויז צו ווייזן ר׳ אליהון מיין ספר, נאָר צו האָבן מיט אים אַ ברייטן שמועס. איך בין בטוח, אַז דאָס וועט פאַרמיידן אַ בחינמדיקע מחלוקה. איך זוך דאָ ניט זיך צו באַהאַלטן אונטער אַ פרעמדן מאַנטל. איך בין — אַ חסיד.

דער ראש האָט זיך אַזש איינגעקאָרטשעט. ער האָט ניט געקענט פאַר־נעמען ר׳ שניאור זלמנס רייד, און צו זיך אַליין, אַ צערודערטער, גערעדט:

— אַזוי ? אַ חסיד ? און ר׳ אליהו, דער אמתער חסיד, האַלט זיך בלויז פאַר אַ בינוני.

ר׳ שניאור זלמן לאָזט עס ניט פאַרביי, כאָטש חיים יוסף האָט עס געד רעדט צו זיך אַליין. ענטפערט ער :

— דער ערשטער פרק אין מיין ספר פאַרנעמט זיך טאַקע מיט דעם ענין „בינונים״. אָבער ניט וועגן דעם איז איצט די צייט צו ריידן. איך בין געקומען זען ר׳ אליהון.

דער ראש ציט זיך אויס אין זיין גאַנצער הויך, און זאָגט שוין שטרענג :

— איך קען אייך קיין רשות אויף דעם ניט געבן. וועגן ענין חסידות איז שוין דאָ אין קלויז פון לאַנג־אַן אַרויסגעטראָגן דער פסק־דין פון גאון. עס איז אָסור מן התורה. עס שטייט בפירוש : „לא תגודדו״ — די הייליקע רבנן טייטשן עס : „לא תעשה לך אגודות״ — זאָלסט ניט וואַגן צו מאַכן קיין באַזונדערע קלייזלעך און שטיבלעך.

ר׳ שניאור זלמן האָט אים פאַרחידושט אָנגעקוקט. ער האָט זיך געקליבן אויף דעם צו ענטפערן, אָבער דער מנין חסידים, היציקע יונגעלייט, זיינען אויפגעשפרונגען פון זייערע ערטער, און אויפן הויכן קול האָבן אַלע מיט אַמאָל זיך צעבייזערט אויפן ראש :

— דרך־ארץ ! פאַרגעסט ניט, אַז איר רעדט דאָ צו אונדזער רבין, וואָס איז אויך אַ גאון. לאָזט אים שוין, די מינוט, אַריין צו ר׳ אליהון. זאָלן זיי, דיביידע גאונים, זיך דורכריידן. עס איז אַ צו גרויסער ענין, אַז מיר, קליינע מענטשעלעך, זאָלן זיך דאָ אַריינמישן.

דער ראש ווערט ניט נתפעל פון זייער בייזערן זיך. ער שטייט רואיק ביי זיין שטענדער און ער ענטפערט מיט ישוב הדעת.

— עס איז דאָ בלויז איין גאון, און דאָס איז ר׳ אליהו .

אין קלויז איז דערווייל אַריינגעקומען ר׳ סעדיה. ער האָט אויפן ערשטן בליק גלייך דערקענט, אַז דער פרעמדער יונגערמאַן איז ר׳ שניאור זלמן, כאָטש ער האָט אים צום ערשטן מאָל געזען. זיינע, סעדיהס שלוחים, וואָס ער האָט געהאַט בסוד אַרויסגעשיקט קיין ליאָדי, האָבן אויסגעמאָלט פאַר אים, ווי ר׳ שניאור זלמן קוקט אויס.

דער ראש האָט זיך דערפרייט מיט ר׳ סעדיהן און מיט גרויס כבוד אים פאַרגעשטעלט פאַר ר׳ שניאור זלמנען :

— דאָס איז ר׳ סעדיה, דעם גאונס תלמיד מובהק.

אין בצמצומדיקע ווערטער האָט דער ראש דערציילט ר׳ סעדיהן, וואָס דאָ קומט פאָר, און, מיט יראת הכבוד, געזאָגט :

— ר׳ סעדיה, איר זייט דאָך אין דעם ענין מער באַהאַוונט, און איר האָט מער צדק צו ריידן אין גאונס נאָמען, איר זייט דאָך זיין תלמיד, טאָ, זאָגט דאָ אייער דעה.

ר׳ סעדיה האָט, שווייגנדיק, זיך אַוועקגעשטעלט ביים ראשס שטענ־דער. ער, און ר׳ שניאור זלמן, האָבן זיך שאַרף אָנגעקוקט, פונקט ווי עס

איז ניט געווען קיין סוד פאַר ר׳ סעדיהן, ווער דער „בעל־תניא״ איז, פונקט אַזוי איז פאַר ר׳ שניאור זלמנען ניט געווען פאַרבאָרגן, ווער ר׳ סעדיה איז. ער האָט געוואוסט, אַז יענער איז דעם גאונס אַ תלמיד, אַ קלוגער מאַן, און איז זייער פאַרביטערט קעגן די חסידים. מען האָט ר׳ שניאור זלמנען אויך דערציילט, אַז דער גאון וואָלט נוטה געווען צו חסידות, נאָר ער, ר׳ סעדיה, דערלאָזט עס ניט. ר׳ שניאור זלמן האָט עס אָבער ניט אָנגענומען, און געזאָגט, אַז עס איז רכילות. דער גאון וואָלט ניט געטאָן אַ זאַך, ווען ער אַליין איז ניט ביי דער דעה. ער איז דאָך דער רבי און סעדיה איז בלויז זיין תלמיד.

אי ר׳ סעדיה, אי ר׳ שניאור זלמן, זיינען ביידע געווען שאַרפע קעפּ, גדולים אין דער תורה. אויך אין חיצוניות זיינען זיי ביידע געווען פון דער זעלביקער מדרגה. ביידע הויך־געוואוקסיקע. זייערע בערד — לאַנגע און ברייט־צעקאַמטע. בלויז ר׳ שניאור זלמנס באָרד איז געווען אַ פעך־שוואַרצע און ר׳ סעדיהס — אַ בלאָנדע. אויך ביידנס מלבושים זיינען געווען גענייט פון דעם טייערסטן זייד, נאָר די גאַרטלען האָבן זיי אַנדערש אויסגעבונדן.

סעדיה האָט מיט חזקות אַ פּאַטש געטאָן אין שטענדער. ער האָט מיט דעם געצילט צו ווייזן די חסידים, אַז ער, סעדיה, איז דאָ דער בעל־הבית. ער איז דאָך צו זיי ניט געקומען, נאָר זיי צו אים. ער האָט ניט וואָס צו פירן מיט זיי וויכוחים. ער וועט בלויז, ווי אַן אַב־בית־דין, אויסהערן זייערע טענות און אַרויסטראָגן דעם פּסק־דין, לויט אמת און יושר. האָט ער, מיט אַ שטרענגן טאָן, זיך געווענדט צו ר׳ שניאור זלמנען:

— אייך קענען מיר. מיר האָבן געהערט, אַז איר זייט אַ ייד, אַ למדן, איז, אויב איר האָט טענות, וועלן מיר אייך אויסהערן. אָבער די לייט, וואָס זיינען מיט אייך געקומען, הייבן מיר ניט אָן צוּוויסן, ווער זיי זיינען. אויב זיי האָבן תביעות קעגן די לומדים, טאָ, זאָלן זיי זיך לאָזן פריער פאַרהערן, צי זיי זיינען בני־תורה.

די חסידישע יונגעלייט האָבן זיך געשפּירט פאַרשעמט, האָבן זיי העפטיק, מיט גרויס היץ, געזאָגט צו ר׳ סעדיהן:

— מיר זיינען אונדזער רבינס תלמידים. בלויז ביי אים פאַרהערן מיר זיך. און חשוב איז ניט דער, וואָס קען מער לערנען, נאָר, ווער עס איז פרימער. מיר קענען ניט שטיין און שווייגן, ווען מיר זעען, ווי איר זענט מבזה אונדזער רבין, וואָס איז אַ גאון ניט בלויז אין נגלה, נאָר אויך אין נסתר.

ר׳ סעדיה האָט זיך רואיק געגלעט זיין באָרד, און געענטפערט:

— איידער מיר גייען אָן מיט דער דין־תורה, גיב איך אייך, קודם־כל, צו וויסן, אַז איר זאָלט ניט קוקן אויף דער חיצוניות, וואָס דעם גאונס קלויז איז אַלט און ניט אויסגעפּוצט. ביי אונדז, מתנגדים, איז דער עיקר די פּנימיות. דאָ אין קלויז איז דער זיץ־אָרט פון דער מלכות־תורה, די גרעסטע מלכות פון אַלע מלכותן. און אַלץ, וואָס דאָ ווערט אָפּגעפּסקנט, איז מיטן חותם של אמת. און דאָ איז שוין פון לאַנג פאַרשריבן און אָפּגעשטעמפּלט,

אַז מיט דעם טיטל „גאון" רופט מען בלויז ר' אליהון. אַנטקעגן אים זיינען אַלע קליין און מינדערוויכטיק. די אַלע, וואָס לערנען דאָ אין קלויז, איז יעדער איינער, פון זיי, קלאָר אין ש"ס און פוסקים און קען זאָגן גאַנצע „מסכתאס" אויף אויסווייניק. מהאי טעמא, איז איידער מיר גייען צו דער דין־תורה, וויל איך פון אייך הערן, צי איר נעמט אָן דעם שעבוד מלכות, צי זייט איר מודה, אַז ר' אליהו איז דער גאון הגאונים. און פאַר דורות און דורות האָט די וועלט ניט זוכה געווען צו אַזאַ פליאהדיקן גאון.

די חסידים האָבן זיך געפונען אין אַ קלעם; זיי האבן ניט געוואָלט אָפּלייקענען ר' אליהוס גאונות, אָבער זיי האָבן אויך ניט געהאַט קיין חשק מודה צו זיין, אַז ער איז דער גרעסטער גאון, האָבן זיי געפּרוואווט זיך אַרויסדרייען, און געענטפערט:

אונדזער רבי, ר' שניאור זלמן, איז אויך אַ גאון, און אין צו הויכע ענינים ווילן מיר ניט אַריינגיין.

סעדיה האָט געשמייכלט:

— מיינט ניט, — האָט ער געזאָגט, — אַז עס גייט אונדז שטאַרק אָן, צי איר זייט מסכים אויף ר' אליהוס גאונות. אויב אָפילו איר לייקנט, טאָ איז וואָס? איז דער טאָג דען ניט קיין טאָג, אויב מען פאַרהענגט די פענצטער אין שטוב? אָבער ממה נפשך, אויב איר האַלט זיך ביי אייער הנחה, טאָ צו וואָס האָט איר, מיט אייער רבין, אָנגעלייגט אַזוי פיל וועג, קומען אַזש קיין ווילנע צו קריגן ביי ר' אליהון אַ הסכמה אויף זיין חיבור?

ר' שניאור זלמן שלאָגט אים באַלד איבער און זאָגט:

— איך האָב שוין פריער מדקדק געווען, אַז מיין הויפּט־כוונה איז ניט צו קריגן קיין הסכמה אויף מיין „תניא", נאָר צו ריידן מיט ר' אליהון און אים אויפווייזן, אַז ער איז זיך אין גאַנצן טועה אין חסידות.

ר' סעדיה צעשמייכלט זיך, אָבער טיף אין האַרצן ברויזט ביי אים אַ צאָרן. ער באַצווינגט זיך, און זאָגט, קאַלט און רואיק:

— עס איז זייער גרינג צו באַווייזן, ווער עס איז זיך באמת טועה. איך וועל אָבער ניט אַריינגיין אין קיין צו ווייטע שמועסן, איידער איר וועט ענטפערן אויף מיין שאלה, און איך פרעג זי איצט איבער נאָך אַמאָל, קלאָר און דייטלעך: „זייט איר, ר' שניאור זלמן, מודה, אַז ר' אליהו איז דער ראש פון כל בני הגולה און איז אַ גאון עולם?"

ר' שניאור זלמן גיט אַ בליק מיט זיינע אויגן, ער מאַכט זיי אָבער באַלד צו, און מיט גרויס כוונה, ווי אין אַ תפילה, זאָגט ער:

— איך גלויב באמונה שלימה, אַז ר' אליהו איז דער גאון הגאונים.

ר' סעדיה גלעט זיך די באָרד פון צופרידנקייט. ער, דער פרומער מאַן, רעדט שוין ווי צו אַ באַזיגטן, מיט גוטסקייט:

— אויב אַזוי, האָבן מיר דאָך דאָ ניט איבער וואָס צו קריגן. לאָזט איבער אייער ספר, און מאָרגן, בלא נדר, וועט איר קריגן אַ תשובה. איך בין בטוח, אַז איר, וואָס האַלט אַזוי שטאַרק פון גאון, וועט דאָך ניט

וועלן שטערן אים אין לערנען און פאַרלאַנגען, אַז ער זאָל תיכף זיך זעצן לערנען אייער ספר.

ר׳ שניאור זלמן ווערט בלאַס, און זאָגט מיט פּאַראַיבל:

— איך האָב שוין עטלעכע מאָל אייך געזאָגט, אַז דער ספר מיינער איז בלויז אַ טפל, אָבער ניט דער עיקר.

שטיל, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אַליין, ענטפערט ר׳ סעדיה:

— דער ספר איז דער מענטש, און דער מענטש איז דער ספר. זיי זיינען ביידע איינס. און ווי איז צו דעם, וואָס פירט זיך אַנדערש, ווי ער דרשנט.

ר׳ שניאור זלמן האָט אַן אומעטיקער אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ער איז ביי זיך געוואָרן געפאַלן. ער האָט איינגעזען, אַז ער וועט מיט גוטן ביי ר׳ סעדיהן גאָרניט פועלן, אָבער ער וויל אויך אויסמיידן אַ מחלוקה. זיין „תניא״ איז אים ליב און טייער. ער גאַרט זייער צו הערן דעם גאונס מיינונג. ער איז ביי זיך כמעט זיכער, אַז עס וועט ר׳ אליהון שטאַרק געפעלן. ער שטעלט זיך דאָרטן דאָך אַזוי איין פאַר די לומדים. איז ביי ר׳ שניאור זלמנען שוין רעכט געווען איבערצולאָזן זיין ספר און וואַרטן אויף אַ תשובה. אָבער איינער פון דעם מנין חסידים, געקליידט אינגאַנצן אין ווייסן, איז אויף אַ הויכן קול פאַרגאַנגען אין אַ קלאָגערײ:

— מיר פאַרזינדיקן דאָך אונדזערע יאָרן, מען פאַרשוועכט אונדזער רבינס כבוד און מיר שווייגן. מיר הערן זיך צו, ווי דער ייד, ביים שטענ־דער, רעדט צו אַזאַ גרויסן גאון, ווי אונדזער רבי, ר׳ שניאור זלמן, מיט אַזאַ ביטול, ווי זיין הייליקער ספר, דער „תניא״, וואָלט געווען עפּעס אַ פּלפּול־חיבור.

נאָך אים האָט זיך שוין אַ צווייטער חסיד, אויך אין ווייסע קליידער, מיט התלהבות זיך אָפּגערופן:

איך בין בטוח, אַז ווען ר׳ אליהו וועט אַריינקוקן אין דעם „תניא״, וועט ער אַליין קומען בעטן אונדזער רבין, ער זאָל מיט אים לערנען קבלה.

ר׳ סעדיה האָט מיט שטרענגקייט אַ קלאַפּ געטאָן אין שטענדער. ער האָט זיך צעבייזערט אויפן חסיד:

— של נעליך מרגליך! איר האָט פאַרגעסן, אַז איר געפינט זיך איצט אין דער מלכות פון תורה, און אַז אויף דער אַנדער זייט זיצט איצט און לערנט דער גרעסטער גאון פון אַלע דורות. עס ווייזט אויס, אַז די יונגעלייט דאָ האָבן געהערט, אַז עס ווערט אָנגעזאָגט: „בכל עת יהיו בגדיך לבנים.״ מיינען זיי, אַז עס טייטשט פשוט: טו זיך אָן אין ווייסע בגדים און דו ביסט שוין אַ צדיק. זיי ווייסן נעבעך ניט, אַז בגדים מיינט דאָ: דיינע חיצוניות, אַז דיינע מידות זאָלן זיין ווייס און קיין פלעק זאָל זיך אויף זיי ניט געפינען.

די פּרושים, וואָס זיינען געשטאַנען ביי די שטענדערס און געלערנט, האָבן אויפגעהויבן זייערע קעפּ, און מיט רוגזה זיך געבייזערט:

— דאָ איז אַ מקום קדוש, דאָ לערנט מען תורה, מען שפּרינגט דאָ

ניט אַרום, ווי אין אַ חסידים שטיבל. טוט אויס אייערע שטיוואַלעס ווען איר קומט אין אַ מקום תורה. דרך ארץ!

ר׳ סעדיה דערשרעקט זיך פאַרן גרויסן טומל. ער האָט מורא — עס קען נאָך אויסברעכן אַ מחלוקה, און רבי אליהו האָט דאָך אים אַזוי שטרענג אָנגעזאָגט, אַז דער יסוד אויף וואָס די וועלט שטייט איז — שלום. האָט ר׳ סעדיה זיך אָנגעבייזערט אויף די פּרושים, געבעטן זיי זיך מער ניט אַריינצומישן, און ער האָט, מיט ווייכקייט, זיך געווענדעט צו די חסידים:

רבותי, הערט אויס, וואָס איך גיי אייך איצט זאָגן. ביי אונדז איז איינגעפירט, אַז די אַלע ספרים וואָס קומען אָן דאָ אין קלויז, גיט מען זיי איבער דעם גאון ערשט נאָך מעריב. מיר, מתנגדים, ברעכן ניט קיין מנהג. אָבער צוליב שלום וועגן נעם איך אויף זיך די עבירה, איך וועל ר׳ שניאור זלמנס ספר גלייך אַריינטראָגן צום גאון, און איך וועל וואַרטן ביז ער וועט מיר געבן אַ תשובה.

ר׳ סעדיהס הצעה איז געקומען פאַר די חסידים צו אומגעריכט. האָבן זיי געבעטן, מען זאָל זיי געבן אַ ביסל צייט זיך מיישב צו זיין. עס איז ביי זיי געווען אַ חלוקי דעות. די עלטערע חסידים האָבן געהאַלטן, אַז מען זאָל איינגיין אויף די פּשרה. זיי האָבן געזאָגט: מיר זיינען בטוח, אַז ווי נאָר ר׳ אליהו וועט דערזען די ערשטע שורות, וועט ער ווערן בטל ומבוטל און רופן זיך צו אונדזער רבין: „ר׳ שניאור זלמן פון ליאַדי, טוט מיט מיר, אליהון, אַ גמילת־חסד און וויזט מיר אייער דרך אין קבלה.״ עס וועט באַלד קומען צו אַ שלום. ר׳ אליהו וועט מודה זיין, אַז ער האָט געהאָט אַ ביטערן טעות אין חסידות. די יינגערע חסידים האָבן אָבער גע־טענהט: ר׳ סעדיה איז כיטרע, ווי אַ פוקס. מען טאָר אים ניט געטרויען. ער, דער גמרא־קאָפּ, האָט דאָ אַ פאַרבאַהאַלטענע כוונה, אַ מיטל, ווי ניט צו דערלאָזן צו קיין באַגעגעניש פון ר׳ שניאור זלמנען מיטן גאון.

נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת איז ביי די חסידים געבליבן אָנצונעמען דעם מיטלוועג: געבן ר׳ סעדיהן דעם „תניא״, אָבער זיי וועלן ניט וואַרטן אויף קיין תשובה, צו וויזן, אַז זיי זיינען גאָר ניט אַזוי להוט נאָך ר׳ אליהוס הסכמה. דערווייל וועט מען אפשר געפינען אַ וועג ווי צונויפ־צופירן ר׳ אליהון מיט ר׳ שניאור זלמנען און ר׳ סעדיה זאָל פון דעם גאָרניט וויסן. האָט דער יונגער חסידל, וואָס איז געווען געקליידט אין ווייסן, צוגעטראָגן צו ר׳ סעדיהן דעם „תניא״, און אַ רואיקער געזאָגט:

— נאָט אייך אונדזער הייליקן רבינס ספר און גיט עס איבער ר׳ אליהון. אָבער אויף קיין תשובה וועלן מיר ניט וואַרטן. איר דאַרפט זיך ניט איילן. איר קענט אים געבן דעם ספר מאָרגן, צי איבערמאָרגן. עס איז אונדז ניט קיין חילוק.

די חסידים האָבן געזאָגט „אַ גוטן טאָג״, און מיט געהויבענע קעפּ, אַזוי ווי זיי וואָלטן דאָ געזיגט, זיינען זיי אַרויסגעגאַנגען פון גאונס קלויז.



# קאַפּיטל יט

ר׳ סעדיה, דער קלוגער מאַן, האָט פאַרשטאַנען, אַז די חסידים זיינען אַזוי גרינג אָפּגעטראָטן, ווייל זיי זוכן צו געווינען צייט. עס וועט מוזן קומען צו אַ קריג. ער האָט דאָס פאַרטרויט דעם ראש, און צו אים געזאָגט:

— ר׳ חיים יוסף, אַקוראַט ווי איך האָב ניט קיין שום ספק, אַז די נייע חסידישע שיטה איז אסור מן התורה, אַזוי איז ביי מיר קיין צווייפל ניט, אַז גאָר בקרוב וועט זיך צעפלאַקערן אַ מחלוקה. לכן, על־פי דעתי, מוז די מלכות־תורה זיין צוגעגרייט.

ר׳ חיים יוסף האָט מסכים געווען. ער האָט תיכף אַרויסגעשיקט שלוחים מיט בריוו צו דעם גאונס עלטערע תלמידים, וואָס זיינען געווען צעשפּרייט איבער אַלע שטעטלעך פון דער ליטע. זיי האָבן ווי געטרייע שומרים געהיט די גרעניצן, אַז די חסידישע שיטה זאָל זיך ניט אַריינ־כאַפּן אין דער ליטע. ר׳ חיים יוסף האָט די בריוו געשריבן זייער בצמצום, בלויז אין ראשי־פּרקים: — ר׳ שניאור זלמן פון ליאַדע איז שוין אָנגעקומען קיין ווילנע! די חסידים גרייטן זיך צו פאַרפירן אַ קריג קעגן דעם גאון! — קומט וואָס גיכער קיין ווילנע!

ר׳ סעדיה האָט דעם גאון דערציילט פון דער באַגעגעניש מיט די חסידים. ער האָט אים איבערגעגעבן ר׳ שניאור זלמנס הויפּט־טענות און וואָס ער, סעדיה, האָט אים געענטפערט. ר׳ אליהו האָט אויסגעהערט מיט גרויס נייגעריקייט און ווי צו זיך אַליין גערעדט:

— איך האָב באַלד געוואוסט, אַז די „סיטרא־אחרא" האָט זיך דאָס צעהוליעט אין פּאַליש. זיי, די כלומרשטע חסידים, וועט ניט ווערן גע־פעלן מיין פּירוש אויף „משלי". האָבן זיי געמאַכט אַ טומל מיך צו שטערן.

דער גאון האָט נאָך ניט געהאַט פאַרענדיקט דעם פּירוש. אָבער ער האָט שוין געהאַלטן ביי די לעצטע קאַפּיטלען. ער האָט אויף זיי זייער שווער געהאָרעוועט. יעדן בין מנחה למעריב פלעגט ר׳ סעדיה קומען צו אים פאַרשרייבן זיינע ביאורים. ער איז געזוען אין געוואַלדיקער התפּעלות פון זיין רבינס טיפע רעיונות אויף „משלי". ער האָט געגלויבט, אַז עס וועט נאָך אַריבערשטייגן זיין פּערלדיקן ביאור אויף „שיר־השירים". ער האָט צו די אַנדערע תלמידים געזאָגט: — פון דעם גאונס חכמה וועט מען ערשט קענען האָבן אַן השגה, ווי גרויס עס איז געווען די חכמה פון שלמה המלך.

פאַר זיך אַליין האָט ר׳ סעדיה, ווי אין אַ סוד, געטראַכט: — מיר שיינט, אַז דעם גאונס עיקרדיקע כוונה איז אויפצואווייזן די שטות פון די נייע חסידים, כאָטש ער דערמאָנט זיי ניט אין זיין „פּירוש" ביים

נאָמען. איצט, אַז ר׳ סעדיה האָט מיט די אייגענע אויערן געהערט פון גאונס מויל, אַז די חסידים וועט זיין פּירוש אויף „משלי״ גאָרניט געפעלן ווערן, האָט עס אים פאַרשאַפט נחת־רוח, וואָס ער האָט נאָך פריער געכאַפּט זיין רבינס טיפע כוונה. האָט ער מיט צופרידנקייט צוגע־שאָקלט מיטן קאָפּ און מיט יראת־הכבוד אַוועקגעלייגט אויפן שטענדער דעם „תניא״, און מיט התנצלות געזאָגט:

— רבי, דאָס איז דעם ליאָדערס חיבור. אויב אייך איז ניחא, קוקט אין אים אַריין.

ר׳ אליהו האָט אַ פאַרחידושטער אָנגעקוקט ר׳ סעדיהן און אים געפרעגט:

— זאָגט מיר, צי איר גיט מיר דעם חיבור צו זיין אַ יודע מה שתשוב. צי איר טוט עס, מחמת דער מחבר האָט עס אייך געבעטן. ער וויל וויסן מיין החלטה?

ר׳ סעדיה האָט אין פאַרלעגנהייט געענטפערט:

— רבי, זייט מיר מוחל. איך האָב פאַרגעסן אייך צו זאָגן, אַז איך פיר דאָ אויס אַ שליחות. ר׳ שניאור זלמן האָט מיך געבעטן, איך זאָל אייך געבן זיין ספר.

דער גאון האָט אַ ווײַלע געקלערט און זיך ווידער געווענדט צו ר׳ סעדיהן:

— אויב אַזוי האָט ער דאָך מיך געמאַכט פאַר אַ שופט, און אַ משפּט דאַרף זיין כולו צדק. בין איך שוין מחויב דורכצולערנען דעם חיבור פון דעם ערשטן בלעטל ביז דעם לעצטן און וועגן יעדעס וואָרט אויף אַ וואָג־שאָל. און ווי אַ וואָג וויגט זיך, לכתחילה, הין און הער, אָבער זי שטעלט זיך סוף־כל־סוף אַוועק אויף דער שפּילקע און ווייזט די אמתע געוויכט, פונקט אַזוי איז אויך דער מענטש, וואָס וועגט. אויב ער אַליין וויגט זיך אויף אַן אַנדער צד, דאַרף ער זוכן ווי זיך אַוועקצושטעלן אויף דער שפּילקע פון אמת. ער טאָר ניט זיין קיין רשע און אַרונטערנעמען פון שאָל, און אויך ניט זיין אַ צו גרויסער צדיק און אַרויפלייגן אויפן שאָל. ער מוז אויסוועגן ריכטיק.

ר׳ אליהו האָט גענומען דעם „תניא״. ער האָט אויפגעמישט דאָס ערשטע בלעטל. זיינע בליקן האָבן זיך שנעל געגליטשט איבער די שורות און באַלד האָט אַן אומעט, ווי אַ וואָלקן, באַצויגן זיין ליכטיק פּנים. ער האָט אַ טרויעריקער אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון ספר און צו ר׳ סעדיהן געזאָגט:

— פון דעם מחברס ערשטע שורות זע איך שוין אַרויס זיין דרך. אַ רעיון, וואָס מען קען זאָגן פשוט, איז ניט רעכט איינצוהילן אים אין רמזים. קוקט אַריין אין „מסילות ישרים״, וועט איר זען, ווי ר׳ משה חיים לוצאַטו ברענגט אַרויס די טיפסטע רעיונות אויף אַן איינפאַכן אופן. צו וואָס גיין אויף אַ פאַרדרייטן וועג, אַז מ׳קען גיין מיטן גראָדן שליאַך. קרומקייט פירט צו קרומקייט. אויב אַפילו מען קען באַווייזן דעם קונץ און דורך געדרייטע וועגן אַרויספירן אויפן

אמתן דרך, איז עס אויך ניט על פּי חוקי התורה. צו וואָס זאָל אַ מענטש, אַ בר״ דעת, ווערן אַ קונצן מאַכער?

אַזוי, — רעדט ווייטער דער גאון, — איז מיין דרך אויך אין הלכה. איך זוך דעם פּשט. די תורה איז ישר, דאַרף מען צו איר גיין מיטן דרך הישר. די בעלי־פּלפּול האָבן דווקא ליב פאַרדרייטע וועגן. אונדזער עובדא איז ניט צו פאַרפּלאָנטערן די רייד פון אונדזערע תנאים, נאָר זיי אויסצופּלאָנטערן. וואָרים ד׳ער טעות ליגט דאָך ניט אין זיי, נאָר אין אונדז. וואו עס איז אונדז קשה, איז אַ סימן, אַז מיר פאַרשטייען ניט זייער כוונה. איך לייקן, חס וחלילה, ניט אָפּ פּלפּול. עס איז איינע פון די מידות, וואָס די תורה ווערט געדרשהנט. ערשט נאָכן פאַרטייטשן די רייד פון אונדזערע רבנן על־פּי דרך הפּשט, דאַרף מען עס איבערדרשהנען על פּי דרך הפּלפּול. דאָס איז דער פּראָוואָשטיין, צי דער פּשט איז טאַקע אל אמיתית של תורה.

דער גאון האָט זיך ווידער גענומען לערנען דעם „תניא״. שטיל, אויף די שפּיץ־פינגער, האָט ר׳ סעדיה אַנגעהויבן אָפּצוטרעטן. ער איז געבליבן שטיין, ער האָט געהערט ווי דער גאון רופט צו אים:

— סעדיה, זאָל איך, חס וחלילה, ניט אַרויפגיין אויף דער מחשבה, אַז איך וועל דעם ליאַדערס חיבור ניט דורכלייענען פון אָנהייב ביזן סוף. די משנה זאָגט בפירוש: „הוו מתונים בדין״ — אַז עס קומט דיר אויס צו זיין אַ שופט, זאָלסטו זיין זייער געדולדיק. זאָלסט ניט מיינען, אַז צו זיין אַ דיין איז אַ כבוד־זאַך. נאָר וויסן זאָלסטו, אַז עס איז אַ שליחות. טאָ הער אויס אַפילו די רייד, וואָס זיינען ביי דיר ניט נושא חן.

דער גאון האָט זיך פאַרטיפט אין „תניא״. ער האָט יעדן רעיון געמאָסטן, געוואויגן און געזיפּט. אַז ר׳ אליהו לערנט, רעדט ער צום ספר, ווי צו אַ לעבע־דיקן מענטשן, ווי דער מחבר וואָלט געשטאַנען לעבן זיין שטענדער און זאָגט פאַר אים זיין תורה. אַז די חידושים געפעלן אים, האַלט ער אין איין מוטיקן דעם מחבר: „זייער גוט געזאָגט!״ „ריכטיק באַנומען!״ „אַ ברכה אויף אייער קאָפּ!״ אויב אָבער עס איז ביי אים, דעם גאון, ניט נושא חן, בייזערט ער זיך. אויך איצט, ביים לייענען דעם „תניא״, האָט ר׳ אליהו גוזען דעם ליאַדער לעבן זיין שטענדער, און ווי געהערט אים ריידן. האָט ער אויפן קול איבערגעזאָגט יעדע שורה, און געמוסרט דעם ליאַדער:

— ר׳ שניאור זלמן, איך זע דאָך, אַז איר קענט יאָ לערנען. טאָ ווי קומט דאָס, אַז איר רעדט אַזוינע רייד? איר זאָגט דאָ אין אייער „תניא״, אַז דער מענטש האָט צוויי נשמות — איינע אַ עליונדיקע און די צווייטע — אַ בהמהשע. און ביידע זיצן צוזאַמען אין האַרצן. וואָס, איר ווילט מיר, עלי ווילנער, איינ־שמועסן, אַז דאָס איז אָדם? אַז דעם בורא העולמס קליגסטע יצירה איז אַ פאַרזעעניש? ניין, די הימלישע נשמה האָט איר דירה ביי דעם מענטשן אין מוח — און פון דאָרט לייכט זי. זי האָט ניט קיין שייכות מיט דער בהמהשער נשמה.

מיט אַמאָל צעשיינט זיך דער גאון. עס געפעלט אים, וואָס ר׳ שניאור זלמן שטעלט זיך איין פאַר לומדות. אָבער באַלד בייזערט ער זיך שוין

ווידער אויף דעם ליאַדער: ׳וואָס איז דאָס פאַר אַ רייד? איר מאַכט מער פאַראַד פון כוונה, ווי פון קענען? און דאַוועגען איז ביי אייך נאָך חשובער ווי לערנען? ווייסט איר ניט, אַז תפילה איז בלויז אַ צוגאָב? און צו וואָס הייבט איר אויף אַזוי הויך „יראה״? עס איז דאָך גאָרניט קיין „יש״. יראה קען דאָך גאָרניט אויפטאָן. עס איז דאָך בלויז אַ רגש. און וואָס טויג עס אָן מעשים?

ר׳ אליהו וואָלט דעם חסידישן ספר גלייך צוגעמאַכט, אָבער ער טאָר דאָס ניט טאָן. ער איז דאָך דער שופט. זיפצט ער און מישט אויף אַ ניי בלעטל און לערנט ווייטער, מיט אַן אומעטיק קול. ער בייזערט זיך שוין גאָר שטאַרק:

— ווער האָט אייך, ר׳ שניאור זלמן, געגעבן דעם רשות אָפּצו־פסקענען, אַז דער, וואָס לערנט חכמת אומות־העולם, איז געגליכן צו דינען די עבודה זרה? ווייסט איר ניט, אַז דער מענטש, וואָס ווייסט ניט די וועלט־חכמות, קען ניט פאַרשטיין ריכטיק די הייליקע תורה. דער וואָס האָט ניט קיין ידיעה אין חכמת המוזיק, קען דאָך ניט אַרויסהאָבן די זיסע נגינה, וואָס די לוויים האָבן געזונגען אין בית־המקדש. און ווי אַזוי קען מען באַשטימען די צייט פון חודש, אויב מען פאַרשטייט ניט דעם גאַנג פון די שטערן און דער לבנה? און ווי אַזוי ווייסט מען וואו עס איז אר־ישראל און וואו עס איז חוץ־לארץ, אויב מען איז ניט קלאָר אין דער חכמה, וואָס הייסט געאָגראַפיע? אויב איר, ר׳ שניאור זלמן, ווילט וויסן, וואָס עס מיינט אין דער אמתן: דינען צו עבודה־זרה. דאָס איז אייער חסידישע שיטה... אייער מאַכן אַזאַ גרויסן פאַראַד פון צדיקים, איז דאָך געצנדינערייִ. מען טאָר זיך ניט בוקן אָפּילו צום גרעסטן מענטשן. ווער איז גרעסער פון דניאלן? און פונדעסטוועגן, אַז נבוכד־נצר האָט זיך צו אים, דעם נביא, געבוקט, איז עס פאַררעכנט געוואָרן פאַר געצענדינעריי. איר, ר׳ שלמה זלמן, זאָגט אין אייער „תניא״: „דער צדיק, אָפּילו ווען ער פאַלט, קען ער גרינג צוריק אַרויפשטיין, וואָרים מער ווי פון איין טרעפּל פאַלט ער ניט אַרונטער. זאָגט אַליין, וואו איז דאָ דער שכל? אדרבא, וואָס העכער דער מענטש שטייט, פאַלט ער דאָך פון מער טרעפּ. און וואָס גרעסער דער מענטש איז, אַלץ מער איז ער אין סכנה, ווי עס זאָגן אונדזערע חכמים: „כל הגדול מחבירו יצרו גדול ממנו״. זיי האָבן ניט געצילט צו זאָגן, אַז ביי אַ למדן איז דער יוצר־הרע גרעסער ווי ביי אַ פּשוטן מאַן, חס־וחלילה. דאָ טייטש גדול, — קליגער, אַז דעם למדנס יוצר־הרע האָט העכערע השגות. ער, דער יוצר־הרע, ווייסט, אַז ער וועט ניט קענען איינריידן אַ למדן צו טאָן אַ פּשוטע עבירה, קליגט ער זיך און פאַרפירט אים אויף הויכע דרכים. ער מאַכט אויסקוקן אַן עבירה, ווי זי וואָלט געווען גאָר אַ מצווה. איר, ר׳ שניאור זלמן, מאַכט אויך אַ חילוק צווישן מענטשן? איר צעטיילט זיי אין עליונים און תחתונים. זייט־זשע וויסן, אַז אַלע מענטשן זיינען ערדישע. קיינער פליט ניט אין הימל אַריין — עס איז דאָ אַ חומרדיקער גוף, וואָס דערלאָזט עס ניט.

צו דערגרייכן די מדרגה פון אַ צדיק, מוז מען האָרעווען, לערנען טאָג און נאַכט, ביז מען ווערט אַ למדן, און מען ווייסט ווי אָפּצוהיטן אַלע דינים און מצוות בין אדם למקום און בין אדם לחברו.

מיט אָט דעם דרך האָט ר׳ אליהו געלערנט דעם „תניא״, און וואָס ווייטער, האָט ער אַלץ מער זיך געבייזערט אויף ר׳ שניאור זלמנען, ווי יענער וואָלט ביי זיין שטענדער געשטאַנען.

אויף מאָרגן, ווי נאָר ר׳ סעדיה איז אַריינגעקומען אין קלויז, האָט ר״ אליהו אים צוריק געגעבן דעם „תניא״ און מיט פעסטקייט געזאָגט:

— עס איז אָסור מן התורה.

ר׳ סעדיה האָט אים געפרעגט:

— רבי, איך בין ניט אויסן איך ווידערצושפעניקן. איך האָב קיין ספיקות ניט. וויבאַלד, אַז איר פּסקנט אסור, איז עס אוודאי אסור. אָבער כדי צו וויסן וואָס צו ענטפערן דעם ליאַדער, טו איך אייך פרעגן: איז אין „תניא״ טאַקע ניטאָ קיין איין אמתער רעיון?

דער גאון הייבט אויף דעם קאָפּ, ער קוקט אויף סעדיהן און זאָגט געלאַסן:

— חס־וחלילה. אדרבא, אין דעם ליאַדערס חיבור זיינען דאָ אַ סך קלוגע און אמתע רייד. אָבער דווקא דערפאַר איז זיין ספר נאָך אַ גרע־סערע סכנה. שלעכטס פון גוטס איז אַ סך ערגער, ווי שלעכטס פון שלעכטס. מהאי־טעמא, האַלט איך, אַז די חסידישע שיטה איז דער אויפטראַכט פון דער קליפּה „נוגה״, וואָס איז אויך אַ געמיש פון גוטס און שלעכטס.

ר׳ סעדיה האָט אַוועקגעלייגט דעם ספר ביי זיך אין שטענדער, מיט דער מחשבה, אים צוריקצוגעבן ר׳ שניאור זלמנען ווען ער וועט קומען אין קלויז. ר׳ סעדיה האָט זיין רבין ניט געפרעגט, צי איז אים ניחא זיך אויסצוטענהן מיט די חסידים. ער האָט גוט געקענט זיין רבין און ער האָט געוואוסט אויף זיכער, אַז ר׳ אליהו וועט ענטפערן: „ניין! איך וויל ניט בטלען קיין צייט אין לערנען. איך פיר וויכוחים בלויז וועגן ענינים, וואָס איך האָב ספיקות. אָבער דאָ איז מיר קלאָר ווי דער טאָג, אַז חסידות אין אסור מן התורה.״

ר׳ סעדיה האָט געזען, אַז ווי אַ פינצטערער וואָלקן, אַזוי רוקט זיך אָן אַ ביטערע מחלוקה. מען וועט עס ניט קענען פאַרמיידן. די חסידים, וועלן ניט מוחל זיין ר׳ אליהון, וואָס ער האָט געאָסורט זייער רבינס ספר. האָט ר׳ סעדיה אָנגעזאָגט זיינע פאַרטרויאונגס־לייט, זיי זאָלן היטן ר׳ שניאור זלמנס יעדן קער און ווענד, ניט אָפּלאָזן אים פון אויג. זיי האָבן אים דערטראָגן, אַז דער יונגער רב, ר״ שמואל בן אביגדור, האָט בסוד סודות געהאַט אַ ברייטן שמועס מיט ר׳ שניאור זלמנען. און ער, דער עילוי, האָט אים מבטיח געווען, אַז די בעלי־פּלפּול וועלן שטיין אויף זיין צד. זיי איז ניט ניחא, וואָס ר׳ אליהו הייבט אויף פּשט העכער פון פּלפּול און זוכט אַריינצוברענגען די חכמות פון די אומות־העולם.

אַז ר׳ סעדיה האָט דאָס דערהערט, האָט ער, ווי אַן איש־חיל, גיך צוזאַמענגערופן דעם גאונס תלמידים, און געהייסן זיי צו זיין גרייט צו דער מחלוקה, און וויסן וואָס צו ענטפערן די חסידים. מיט צוויי טעג שפּעטער האָבן די חסידים, מיט געהויבנקייט, ווי בעלי־נצחון אַריינגע־שפּאַצירט אין גאונס קלויז. זיי זיינען געווען ביי זיך זיכער, אַז זייער רבינס ספר האָט שטאַרק אויסגענומען ביי ר׳ אליהון, און ר׳ סעדיה וועט אַ פאַרשעמטער לויפן זיי אַנטקעגן און בעטן ביי זיי פאַרצייאונג, וואָס ער האָט גלייך ניט געלאָזט ר׳ שניאור זלמנען זיך דורכריידן מיטן גאון.

אַז ר׳ סעדיה האָט זיי דערזען, האָט ער, ווי אין טרויער אַראָפּגע־רוקט דעם טלית ביז די אויגן. און מיט פּאַמעלעכע טריט זיי אַנטקעגן געגאַנגען. ער, דער פרומער מאַן, האָט זיין גאַנץ לעבן זיך געהיט, ניט צו פאַרשאַפן זיין ברודער מענטשן צער. און איצט איז אויף אים אויסגע־פאַלן אָנצוזאָגן ר׳ שניאור זלמנען אַזאַ שלעכטע בשורה, אַז דער גאון האָט געאסורט זיין ספר. ר׳ סעדיה האָט ר׳ שניאור זלמנען דערלאַנגט דעם „תניא״. זיין האַנט האָט זיך צעציטערט. ער האָט שטיל, מיט אַ טרויעריקן קול, און אין פאַרהוילענע רייד צו אים געזאָגט:

— ר׳ שניאור זלמן, איך בין בלויז אַ שליח. טאָ, האָט אויף מיר ניט קיין תרעומות.

ר׳ שניאור זלמן האָט גלייך געכאַפּט ר׳ סעדיהס כוונה. ער איז געווען גערירט פון זיינע שיינע מידות. ער האָט אָנגענומען זיין האַנט און זי שטאַרק געשאָקלט. כאָטש אין צער, האָט ער זיך געמיט אַ שמייכל צו טאָן. און באַלד איז ער שוין צוריק געשטאַנען געשטאַלטיק און זיכער, הויך אויפן קול געפרעגט:

איז דאָס ר׳ אליהוס פּסק־דין? וואו איז די מידת־הרחמים?

ר״ סעדיה האָט רואיק געענטפערט:

— הינטער יעדן פּסק־דין, ווי האַרב ער זאָל ניט אויסקוקן, רוט די מידת־הרחמים. מען זעט זי אַזוי בולט ניט אַרויס, ווייל זי איז שטיל, זי רעשט ניט, ווי דער מידת־הדין.

ר׳ שלמה זלמן האָט זיך געווענדט צו דעם גאונס תלמידים, וואָס זיינען געזעסן אַרום, און מיט גרויס רגש ווי ער וואָלט אין אַ תפילה פאַר־גאַנגען, האָט ער צו זיי געזאָגט:

— איר לומדים האַלט, אַז דער מענטש איז דער ספר, און דער ספר איז דער מענטש. מיר, חסידים, זאָגן, אַז דער ספר איז אַ סך העכער ווי דער מענטש, וואָס האָט אים געשריבן. אותיות האָבן פליגל. זיי רייסן זיך אָפּ פון דער חומרדיקער וועלט און זיי פליען אין די הויכע הימלען. קען זיי קיין רשעות ניט דערגרייכן. ר׳ אליהו האָט מיט זיין אכזריות־דיקן פּסק־דין פאַרשעמט ניט מיך, שניאור זלמנען, פון ליאַדע, נאָר זיי, די הייליקע אותיות און שורות פון מיין „תניא״. זיי וועלן עס אים ניט פאַרשווייגן און, נאָך זיינע הונדערט מיט צוואַנציק יאָר, וועלן זיי אים

רופן צו אַ דין־תורהביים בית־דין של־מעלה. איך לייקן חס־וחלילה, ניט אָפּ ר׳ אליהוס גאונות אין לערנען, אָבער זיין פּסק־דין האָט קיין ממשות ניט. מיין ספר האָב איך געשריבן בדחילו ורחימו, האָב איך פאַר די שורות געשאָפּן גדפים — פליגלען, זיי פליען אין די הויכע הימ־לען, און ר׳ אליהו האָט אויף זיי מער ניט קיין שליטה. איך בין, מיט מיין גאַנצן האַרצן, מוחל ר׳ אליהון פאַר דעם עגמת־נפש, וואָס ער האָט מיר פאַרשאַפט. איך האָב אָבער ניט קיין דעה, אים מוחל צו זיין פאַרן פאַרשעמען די שורות פון מיין „תניא״. איך בין שוין מער ניט זייער באַ־לעבאָס. און אוודאי טאָר איך ניט פאַרשווייגן זיין מבזה זיין — חסידות. עס איז אַ לשם־שמימדיקער ענין. ר׳ אליהו נידערט עס אָבער אַרונטער אויף דער ערד. ער וועט דערפירן צו אַ מחלוקת־חינם. מהאי־טעמא, באַשטיי איך צו האָבן אַ וויכוח מיט ר׳ אליהון. איך האַלט נאָך אַלץ, אַז ער טוט דאָס ניט פון בייזן ווילן, נאָר ער באַנעמט ניט די פּנימות פון חסידות. ער זעט בלויז די חיצוניות און האָט געלאָזט זיך אָנריידן רכילות פון פאַלשע לייט.

אַז ר׳ שניאור זלמן האָט געענדיקט ריידן, איז אין קלויז געוואָרן שטיל. עס האָבן געשוויגן די לומדים. זיי האָבן אַלע דערשפּירט, אַז עס איז היום הרת־עולם. עס האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן צוויי וועלטן, די חסידישע און די לומדישע. ביידע זיינען פאַרעקשנט, און ווילן ניט אָפּטרעטן אפילו אויף אַ האָר. עס מוז קומען צו אַ קריג.

ר׳ סעדיה, דער ראש המדברים פון די לומדים, האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף ביידע הענט. ער האָט זיך, מיט אַלע כוחות, געמיט צו בלייבן רואיק און מיט ישוב־הדעת, ווי ער וואָלט געלערנט אַ טיפן תוס־פות, האָט ער זיך אָפּגערופן:

— ר׳ שניאור זלמן, ווען איר זייט דאָ, מיט עטלעכע טעג פריער, גע־קומען צו אונדז אין מלכות תורה, האָט איר דאָך אַליין מסכים געווען, אַז ר׳ אליהו איז דער גרעסטער גאון פון אַלע דורות. איז דאָך ממה נפשך, האָט איר חרטה אויף אייערע רייד, טאָ צו וואָס זיך מתוכח זיין. ווידער, האַלט איר נאָך אַלץ, אַז אונדזער רבי איז דער גאון הגאונים, טאָ ווי קען מען קריגן אויף זיינע רייד? ער איז קדוש און זיין פּסק־דין איז קדוש. יעדער איינער קען מאַכן אַ טעות. אָבער ניט ר׳ אליהו. דאָס איז דער חילוק צווישן אַ גאון און ניט קיין גאון.

מיטן אַרויפברענגען ר׳ אליהוס נאָמען אויף זיינע ליפּן, האָט ר׳ סעדיה, דער געטרייער תלמיד און פרומער מאַן, פאַרלוירן זיין רואיקייט. ער איז אַריין אין התלהבות. זיין קול האָט זיך גענומען הויבן אַלץ העכער און העכער. פאַר פּחד האָט זיין שטים אַזש געציטערט. ער האָט זיך געווענדעט צו זיינע חברים, דעם גאונס תלמידים:

— זאָלן מיינע אויערן בעסער טויב ווערן איידער צו הערן, ווי מען רעדט אַזוי וואָכעדיק וועגן אונדזער רבין, ר׳ אליהו, דעם גרעסטן גאון פון אַלע דורות. אים, וואָס איז אין דער מדרגה פון אַ תנא, זאָל מען

שרעקן מיט אַ דין־תורה ביי די מלאכים אין הימל! ר׳ אליהו איז העכער פון אַ מלאך. ער, און ניט די מלאכים, ווייסט די סודות פון דער הייליקער תורה. זי, די תורה, איז ניט מער אין הימל, נאָר אויף דער ערד. דאָ איז ר׳ אליהו דער מושל. און דער דין בלייבט ווי ער, דער גאון התורה פּסקנט. הימלשע לייט האָבן זיך דאָ ניט וואָס צו מישן.

די חסידים זיינען געוואָרן געפּלעפּט פון ר׳ סעדיהס התפּעלות פאַר זיין רבין. זיי, די יידן פון פּוילן, האָבן פון תמיד אָן געגלויבט, אַז די לומדים אין דער ליטע זיינען קאַלטע לייט. און צום סוף זעען זיי גאָר אַזאַ פייערדיקע התלהבות! עס האָט זיי פאַרהילט די קדושה, וואָס האָט געוויעט פון ר׳ סעדיהס רייד. זיי האָבן דערזען, אַז אַלץ וואָס מען האָט זיי דערציילט וועגן ר׳ סעדיהן איז רכילות. ער איז דאָך אַ גרויסער צדיק. יעדן וואָרט, וואָס ער זאָגט וועגן זיין רבין, גלייבט ער באמונה־שלימה, פּונקט ווי זיי, די חסידים, גלייבן אין זייער רבין. אויך ר׳ שניאור זלמנען האָבן ר׳ סעדיהס התלהבותדיקע רייד גערירט. האָט ער שטיל געענטפערט:

— חס־וחלילה, מיר זיינען ניט געקומען זיך קריגן מיטן גאון. אונדזער כוונה איז צו פאַרמיידן אַ מחלוקה. דערפאַר פאַרלאַנגען מיר, אַז ר׳ אליהו זאָל אויסהערן אונדזערע טענות.

ר׳ שניאור זלמנס עניוותדיקע רייד האָבן אָוועקגענומען פון ר׳ סעדיהן די גאַנצע תקיפות. ער איז געוואָרן ווייכער. עס איז ביי אים רעכט געוועזן שוין נאָכצוגעבן און גלייך גיין פרעגן ביים גאון צי ער איז מרוצה צו ריידן מיט דעם ליאַדער. ער האָט זיך אומבאַהאָלפן איבערגעקוקט מיט זיינע חברים, דעם גאונס תלמידים, און מיט שטומען בליק, עס ביי זיי געפרעגט:

דעם גאונס תלמידים האָבן מיט פאַראיבל אַראָפּגעלאָזט די אויגן, און מיט דעם געוויזן, אַז זיי זיינען ניט צופרידן, וואָס ר׳ סעדיה איז ניט שטאַרק אין זיין דעה. ער האָט דאָך פאַרלוירן דעם חוש, אַז עס איז דאָך פאַרן גאון אַ פּחיתות־הכבוד אפילו אים צו פרעגן, צי ער איז מרוצה זיך מתוכח צו זיין. עס איז אַקוראַט אַזאַ שטות, ווי אַ מענטש, אַ חלוש, זאָל זאָגן, אַז ער וויל זיך ראַנגלען מיט שמשון הגיבור. ווי קען מען גאָר טראַכטן פון רירן ר׳ אליהוס פּסק־דין? עס איז דאָך ווי פון פעלדזשטיין אויסגעהאַקט.

ר׳ סעדיה איז געווען אין פאַרלעגנהייט. עס איז אים אָבער באַלד געקומען צו הילף דער ראש, ר׳ חיים יוסף, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אָן אַ זייט, און האָט זיך אין דעם שמועס ניט אַריינגעמישט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט חכמה געזאָגט:

— איך זע בכלל ניט איין צו וואָס מען זאָל פאַרבטלען דעם גאונס צייט. אָט זיצן דאָ, אין פּאַליש, זיינע תלמידים, אַלע, איינער און איינער, גאונים אין דער תורה. איר, ר׳ שניאור זלמן, זייט ניט מחויב זיך צו פאַרלאָזן אויף מיינע מבינות. איך בין בטוח, אַז צוליב שלום וועגן וועלן זיי, די תלמידי־חכמים, מוחל זיין אויף זייער כבוד און זיך לאָזן ביי אייך

פאַרהערן. איר קענט אויססויילן, וואָס איר פאַרלאַנגט: אין מקרא, הלכה און מדרש, און אפילו אין נסתר. זיי זיינען אַלע הייליק, ווי די ספרים אין די אַלמערס. טאָ פאַרוואָס זאָלט איר, ר׳ שניאור זלמן, ניט פאַר־לייגן אייערע טענות פאַר זיי, די גאוני־התורה? עס איז אַסור ניט קיין פחיתות־הכבוד.

ר׳ שניאור זלמנען, דעם גרויסן למדן, וואָס האָט ליב געהאַט די תורה מיט זיינע אַלע חושים, האָט פאַרשאַפט נחת־רוח, וואָס ער הערט איצט, אַז עס זיינען דאָ, אין דעם דור, אַזעלכע גרויסע לומדים. ער האָט אָבער דעם ראש געענטפערט:

— דעם גאונס תלמידים זיינען דאָך אַליין מודה, אַז זיי גרייכן אפילו ניט צו די קנעכל פון ר׳ אליהון. איר, לומדים, האַלטן דאָך אַזויפיל פון שכל. פרעג איך אייך: וואו איז דאָ דער שכל, אַז איך זאָל גיין פרעגן ביי די תלמידים, וועו דער רבי זייערער איז דאָ דערביי? און וואָס וועט איר טאָן מיט דער משנה, וואָס זאָגט, אַז אַ תלמיד טאָר ניט פסקנענען קיין דין אין דער אָנזיכט פון זיין רבין?

דער ראש האָט זיך אַ גלעט געטאָן דעם שטערן און געענטפערט:

— אייערע רייד זיינען כולו אמת. דעם גאונס תלמידים ווייסן, אַז זיי האָבן ניט דערגרייכט צו זייער רבינס גדלות אין תורה, אין חסידות און אין מידות. זיי זאָגן, אַז זיי האָבן אַפילו ניט פאַרדינט דעם כבוד אָנגערופן צו ווערן זיינע תלמידים. און דווקא דערפאַר זיינען זיי ראוי אַרויסצוטראָגן אַ פסק־דין לויט יושר און אמת. ווייל אַלץ, וואָס זיי זאָגן, האָבן זיי פריער געהערט פון ר׳ אליהוס הייליקן מויל. און אַ תלמיד מעג פסקענען אפילו אין אָנזיכט פון זיין רבין, אויב זיין רבי גיט אים אויף דעם רשות. אַלע תלמידים דאָ זיינען פרומע און ערלעכע מענטשן, באַשאָנקען מיט דער שיינער מידה פון מודה זיין על־האמת. אויב איר וועט זיי מנצח זיין, וועלן זיי זיך ניט שעמען עס צו זאָגן אָפן. דעמאָלט וועלן זיי אַליין שוין אייך בעטן, אַז איר זאָלט גיין מיט זיי צום גאון און פאַר אים פאַרלייגן אייערע טענות.

די חסידים, וואָס זיינען געקומען מיט ר׳ שניאור זלמנען, זיינען אויך דאָס מאָל, אַ חוץ די שמשים, געווען פונקט אַ מנין. אָבער דאָס רוב פון זיי — גאָר נייע פנימער און עלטערע לייט. זיי זיינען ניט געווען אַזעלכע גדולים אין דער תורה, ווי דעם גאונס תלמידים, אָבער גוט באַ־האַוועוועטע אין „זוהר", אין „הארי הקודש" און אַלע אַנדערע קבלה ספרים. זיי, ניכטערע לייט, האָבן איינגעזען, אַז דעם גאונס תלמידים זיינען איינ־געעקשנט. זיי וועלן ניט דערלאָזן צו האָבן מיט ר׳ אליהון אַ וויכוח. זיי ציטערן איבער זיין כבוד. און באַגעגענען זיך מיטן גאון, אָן זייער וויסן, איז אוממעגלעך. ער זיצט גאַנצע טעג און נעכט אין קלויז און האָרעוועט אויף זיין פירוש אויף „משלי". זיי האָבן דערשפירט יראת־הכבוד פאַר די לייט אין פאָליש, וואָס קענען אַליין זיין רביים און זיי איז בעסער ניחא

צו זיין בלויז תלמידים. האָבן זיי, די חסידים, נאָך אַ קורצן ישוב־הדעת, נאָכגעגעבן דעם ראש און געזאָגט:

— מיר גייען איין צו האָבן אַ וויכוח מיטן גאונס תלמידים. אָבער בלויז מיר אַליין, וואָס זיינען אויך בלויז תלמידים. אונדזער רבינס כבוד איז אונדז פונקט אַזוי טייער און הייליק, ווי עס איז אייער רבינס כבוד ביי אייך טייער.

דער ראש האָט געוואָרפן גיך אַ בליק אויף ר׳ סעדיהן און נאָך זיין שמייכלענדיקן פּנים דערזען, אַז ער איז אויף דעם מסכים. האָט ער געענטפערט:

— מיר זיינען זייער צופרידן צו הערן, אַז איר היט אָפּ דעם כבוד פון אייער רבין. מיר גלויבן, אַז איר זוכט בלויז דעם אמת. בעטן מיר אייך בכבוד־גדול זיך צו זעצן ביים טיש. לאָמיר אויסהערן אייערע טענות.

ר׳ שניאור זלמן האָט געזאָגט „אַ גוטן טאָג״ און, באַגלייט מיט זיינע שמשים, איז ער אַרויסגעגאַנגען פון קלויז.

די חסידים האָבן ברייטלעך, מיט גרויס חשיבות, זיך אַלע אויסגעזעצט אַרום טיש. ר׳ סעדיה האָט, ווי אַן אַב־ביתדין, פאַרנומען דעם אויבנאָן. פון זיינע ביידע זייטן האָבן זיך געזעצט די סופרים מיט לאַנגע גענדזן־פעדערס אין די הענט, גרייט צו פאַרשרייבן די טענות פון די חסידים און מתנגדים. ר׳ סעדיה האָט לייכט אַ פּאַטש געטאָן איבער טיש און זיך געווענדט צו די חסידים:

— רבותי, אויבנאויפיק קוקט אויס, ווי איר זייט די בעלי־טענות. אָבער אין דער אמתן זיינען עס גאָר מיר, די מתנגדים. וואָרים מיר זוכן דאָך ניט איינצופירן קיין חדשות. מיר גייען דאָך אין די אויסגעטראָטענע וועגן פון אונדזערע אור־עלטערן. מיר לערנען, ווי זיי, די הייליקע תורה און מיר דאַווענען פון דעם זעלביקן סידור, וואָס זיי האָבן געדאַווענט. און מיר פירן זיך לויט זייערע מנהגים. איר, חסידים, האָבן דאָך צעבראָכן די אַלטע איינגעפונדעוועטע מנהגים און איינגעפירט נייע. הגם כל חדש איז אָסור מן התורה. מהאי טעמא, זיינען מיר, און ניט איר, די בעלי־תביעהס. ניט פון גאווה, זאָגן מיר, אַז ביי אונדז ליגט דער אמת. און עס איז אויך ניט שווער צו פאַרשטיין, פאַרוואָס איר דערזעט עס ניט. דער אמת איז צו רוחניותדיק, און ער שוועבט אין די הויכקייטן. עס איז אָבער קשה, פאַרוואָס איר דערזעט ניט דעם שקר. ער איז דאָך האַמעטנע, און עס אים דאָך גרינג צו כאַפּן. ער האָט דאָך ניט קיין רגלים. לכן, לאָמיר איצט זיך נעמען זוכן, ניט דעם אמת, נאָר דעם שקר. קודם־כל זאָגט אונדז, ווער האָט אייך געגעבן דעם רשות צו ענדערן אין דער תפילה דעם נוסח, וואָס דורות און דורות, פאַר אונדז, האָבן געדאַווענט?

אַ חסיד: — ניט מיר, חסידים, האָבן דעם נוסח געענדערט, נאָר ער, דער „ארי״, וואָס האָט געלערנט תורה ביי אליהו הנביא. אויף אים, דעם קדוש, זיינען מיר זיך דאָס סומך.

ר׳ סעדיה: — מיר לייקענען ניט, אַז דער „ארי״ איז אַ גרויסער בוים, און עס איז זייער באַקוועם זיך אויף אים אָנצושפּאַרן. אָבער זאָגט אַליין, וועלכער בר־דעת וועט גיין זוכן זיך אָנצושפּאַרן אָן אַ בוים, וואָס ער וואַקסט גאָר אין אַן אַנדער לאַנד, פאַר טויזנטער מייל ווייט, און פאַר זיינע אויגן שטייט אַזאַ שטאַרקער דעמב, ווי אונדזער אַלעמענס רבי, דער ראש פון כל בני הגולה, ר׳ אליהו ווילנער.

אַ חסיד: — מיר זיינען ניט קיין פוילע לייט. מיר זיינען גרייט צו גיין מיילן ווייט צו פאַרדינען אַ מצווה. אונדז אַרט ניט די טירחה, טאָ פאַרוואָס זאָל עס אייך, לומדים, יאָ אַרן?

ר׳ סעדיה: — איר ווייסט גאַנץ וואויל און גוט, אַז דער „ארי״ הקודש איז געווען אַ ספרדישער ייד און ער האָט געלעבט אין ארץ־ישראל, איז דערפאַר זיין נוסח התפילה אויך אַ ספרדישער. אָבער מיר זיינען דאָך אשכנזישע יידן, און מיר לעבן אין גלות. מוזן מיר דאַווענען לויט די תקנות פון די אַנשי כנסת הגדולה, וואָס צווישן זיי זיינען געווען אי חכמים און נביאים. אונדזערע בעלי־פוסקים, וועמענס דינים מיר היטן אָפּ, זיינען דאָך רש״י הקדוש, די בעלי־תוספות, דער רא״ש און אַנדערע גדולי התורה. זיי, די בעלי־הלכה, זאָגן בפירוש, אַז דעם „ויראו עינינו״, אין דער תפילה, האָבן די אַנשי כנסת הגדולה אַריינגעשטעלט פאַר די, וואָס לעבן אין גלות. טאָ ווי אַזוי נעמט איר, די נייע חסידים, זיך דאָס רעכט איבערצוהיפּן אָט דעם פסוק און נאָך אַנדערע פסוקים? און אפילו אויך ענדערן דעם סדר אין דאַווענען. און ברענגט מיר ניט קיין ראיה פון „הארי״, ער איז דאָך, ווי איך האָב אייך שוין פריער געזאָגט, אַ ספר־דישער ייד.

אַ חסיד: — דער ארי הקדוש איז ניט געווען קיין ספרדישער, נאָר אַן אונדזעריקער, אַן אַשכנזישער ייד. איך קען אויך ברענגען אַ ראיה פון ספרים, אין וועמענס הייליקייט עס איז ניטאָ קיין ספק. דערצו נאָך זיינען זיי געווען מסיחים לפי תומם. זיי רופן דעם „ארי״ ביים פולן נאָ־מען: — רבינו יצחק האַשכנזי.

ר׳ סעדיה: — די באַדייטונג פון אַ צוגעלייגטן נאָמען איז שווער צו באַשטימען. דאָס רוב מאָל האָבן זיי אַ טיפערע באַדייטונג. אָט למשל, די נעמען פון אונדזערע הייליקע אמוראים, ווי אבא אריכא, יצחק נפחא. זיינען ניט אַזוי פשוט ווי מען מיינט. אָבער ווי עס זאָל ניט זיין, טאָרן מיר, אַשכנזישע יידן, זיך ניט סומך זיין אויפן „הארי.״

פלוצים גיט זיך אַ יונג חסידל אַ הויב פון דער באַנק, ער טרייסלט זיך אַזש פון כעס. ער האָט זיך געבייזערט אויפן קול:

— וואָס, איר קריגט אויך אויפן „הארי״ הקדוש? זיין רבי איז דאָך געווען אליהו הנביא. און ער, דער קדוש, איז דאָך געגאַנגען אין די וועגן פון דעם הייליקן „זוהר״... וואָס? איר געהערט צו ר׳ יעקב עמדינס כתה? איר לייקנט אויך, אַז דער בעל־הזוהר איז געווען דער הייליקער תנא, ר׳ שמעון בן יוחאי?

דאָס יונג חסידל האָט זיך צוריקגעזעצט אויפן באַנק. די חסידים האָבן זיך צעשמייכלט. זיי האָבן געגלויבט, אַז זייער יונג חסידל האָט צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט דעם למדן, וואָס איז עלטער פון אים אין יאָרן.

ר׳ סעדיה האָט אָבער גלייך מיט פרומקייט געענטפערט:

— חס-וחלילה. מיר אַלע גלויבן באמונה שלימה, אַז די רייד פון „זוהר״ זיינען געקומען פון דעם הייליקן מויל פון דעם הייליקן תנא ר׳ שמעון בן יוחאי. אָבער מיר שמועסן דאָך דאָ ניט וועגן תורה שבנסתר, נאָר אַרום קלאָרע בפירושע דינים, וואָס זיינען שוין געוואָרן מנהגים.

דאָס יונגע חסידל: — מיר, חסידים, פירן זיך אויך לויט דינים. אונדזער בעל-פּוסק האָט ניט פאַר קיינעם וואָס אַרונטערצופאַלן. ער איז דער תנא ר׳ שמעון בן יוחאי, און אויב ער פסקנט אַנדערש, ווי אייערע בעל-פּוסקים, איז דאָך אַ בפירושע גמרא, וואָס זאָגט: „תנא ופליג״ — אַז יעדער תנא האָט רעכט צו קריגן.

ר׳ סעדיה שמייכלט און ענטפערט:

— די גמרא דאַרף מען פאַרשטיין. זי זאָגט בלויז: „תנא ופליג״ — אַז אַ תנא מעג קריגן אויף וועמען נאָר ער געפינט פאַר נייטיק. אָבער זי זאָגט ניט, אַז דער דין בלייבט ווי ער פסקנט. דער תנא שמאי איז פונקט אַזוי הייליק ווי דער תנא הלל און עס איז ניט פאַר אונדז, קליינע מוחות, צו מעסטן ווער עס איז געווען גרעסער פון זייביידן. אָבער הלכה כבית-הלל, מוזן מיר פירן זיך ווי הלל האָט געפסקנט און ניט ווי שמאי. און איר, יונגערמאַן, וואָס וואַרפט זיך דאָ מיט לומדות, איז אַ חידוש, אַז איר ווייסט ניט, אַז זייער זעלטן איז געבליבן דער דין ווי ר׳ שמעון בן יוחאי האָט געפסקנט.

אַ חסיד: — איר לייקנט דאָך ניט, חס-וחלילה, אין די נביאים? און דער „ארי״ האָט זיך דאָך געפירט, ווי עס האָט אים געלערנט ר׳ אליהו הנביא.

ר׳ סעדיה: — איך האָב אייך שוין פריער געזאָגט, אַז די תורה איז געגעבן געוואָרן אַ מתנה פון בורא-העולם פאַר אונדז מענטשן, וואָס לעבן אויף דער ערד. איז זי אונדז טייערער ווי אַלע אוצרות אין דער וועלט. מיר וועלן זי קיינמאָל ניט אַוועקגעבן. און ווען עס קומט צו אונדז אפילו ר׳ יהושע בן נון, וואָס האָט געהאַט דעם כוח צו באַפעלן די זון צו בלייבן שטיין, און ער הייסט אונדז זיך אַנדערש פירן, פאָלגן מיר אים אויך ניט. מיר האָרכן בלויז אונדזערע לומדים, וואָס האָבן געלערנט און זיך מקריב געווען פאַר דער תורה און זיי ווייסן ווי אויסצוטייטשן אירע דינים. זיי, די בעלי-הלכה, האָבן אונדז פאַרזאָגט, אַז אין אַלע פאַלן, ווען די קבלה קריגט אויף דער גמרא, זאָל מען ניט גיין מיט דער קבלה, נאָר דווקא מיט דער גמרא. טאָ פרעג איך אייך איצט, ווי האָט איר, פשוטע מענטשן, די העזה צו ווידערשפּעניקן די דעה פון אַזעלכע גדולי התורה ווי די בעלי-התוספות, דער רא״ש, דער „רידב״ז און נאָך אַנדערע גאונים?

אַ חסיד: — אין זייערע צייטן איז נאָך ניט נתגלה געוואָרן דער

„זוהר". ניט די בעלי־התוספות און ניט דער „ראש" האָבן דעם הייליקן ספר געזען.

ר' סעדיה: — ווען זיי זעען אים אפילו, וואָלטן זיי אויך זייער דעה ניט געביטן. אָט האָבן זיי אויף די פסוקים אין דער תפילה, ווי „אל חי וקים", „הנותן ליעף כח" און אַנדערע פסוקים — ניט געקענט געפינען דעם ריכטיקן טעם. פונדעסטוועגן, האָבן זיי געזאָגט, אַז וויבאַלד עס איז אַ מנהג צו זאָגן די פסוקים, מוז מען עס ווייטער אָפּהיטן. מחמת מנהג איז שטאַרקער פון דין. ווי עס ווערט קלאָר אָנגעזאָגט, אַז אַ מנהג ברעכט אפילו אַ הלכה. ראיות אויף דעם זיינען דאָ אָן אַ שיעור אין דער גמרא. אָט ווערט דאָרטן דערציילט ווי רבא בן חנן האָט געפרעגט זיין רבין, אביין: „הלכתא מאי" — ווי איז דער דין? האָט אביי אים געענטפערט: „פוק חזי" — גיי אַרויס אין גאַס און זע ווי מענטשן זיינען זיך נוהג, און ווי יענע פירן זיך, איז אַזוי דער דין. טאָ פאַרוואָס ברעכט איר, חסידים, אונדזערע מנהגים? איר מאַכט זיך באַזונדערע שטיבלעך צום דאַוונען. איר זייט דאָך עובר אויף דעם בפירושן פאַרזאָג פון דער תורה: „לא תגודדו", וואָס אונדזערע חכמים האָבן אויסגעטייטשט: „לא תעשה לך אגודות" — דו זאָלסט ניט וואַגן צו מאַכן קיין באַזונדערע קלייזלעך און שטיבלעך.

די חסידים האָבן, צערודערטע, זיך איבערגעקוקט. זיי האָבן אויף ר' סעדיהס קשיא ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן. אַ חסיד האָט זיך געהאַט אויפגעשטעלט און גענומען פּלפּולן, און דרייען דעם „לא תגודדו" און דעם „פוק חזי" אויף אַנדערע וועגן. זיין פּלפּול איז אָבער געווען אַ דוחק־דיקער. עס האָט אַזש געריסן דעם אויער. האָט ר' סעדיה זיך אויף אים געבייזערט. ער האָט געקלאַפּט איבערן שטענדער און צו יענעם געזאָגט:

— פּלפּולן מיט תורה איז אויך ניט קיין גרויסער אויפטו. אָבער פּלפּולן אָן תורה האָט שוין גאָר קיין טעם ניט. עס איז געגליכן צו אַ מאכל, וואָס איז אָן זאַלץ און אָן פעפער, און אפשר גאָר ווי זאַלץ און פעפער אָן אַ מאכל. פרעג איך אייך ווייטער: ווייסט איר ניט, אַז די ערשטע שורה אין דער תורה הייבט זיך אָן מיט „בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ". עס שטייט געשריבן: בראשית און ניט ראשית. דאָס טייטשט, אַז מיט דעם „ראשית" האָט דער בורא באַשאַפן די וועלט, און ראשית איז דאָך די תורה. נעמט איר, חסידים, אַוועק דעם יסוד, אויף וואָס די וועלט האַלט זיך, און איר שטעלט זי אַוועק אויף תפילה, וואָס איז בלויז אַן הוספה צו אַ פונדאַמענט. איר פאַרלאָזט די תורה, וואָס איז חיי עולם — דער לעבנס־פּולס פון דער וועלט, און איר פאַרנעמט זיך מיט תפילה, וואָס איז חיי שעה — אַ צוגעגעבענע פּאַטראָווע. מיינט אָבער ניט, אַז דאָס האָב איך, סעדיה, פון מיין אייגענעם קאָפּ אויסגעקלערט. ניין, דאָס זיינען די הייליקע רייד פון אונדזער אמוראי רבא. מיט אָט די ווערטער האָט ער זיך געבייזערט אויף אַזאַ גרויסן מאַן ווי רב הונא, וואָס האָט צו־לאַנג פאַרצויגן זיין דאַוונען.

אַ חסיד: — איר לומדים, וועלן דאָך ניט קריגן, אַז די תפילות האָט מען מתקן געווען צו פאַרבייטן קרבנות. טאָ הערט־זשע דעם טיפן טייטש פון אונדזער הייליקן רבין, ר׳ שניאור זלמן פון ליאָדי. ער זאָגט, אַז דער קרבן איז אַן אָנדייט אויף דער בהמהשער נשמה אין מענטשן, איז מען דאָס בהמהשאַפט מקריב. מהאי טעמא, איז ביי אונדז תפילה אַזוי חשוב. מיר זיינען מקריב אונדזערע בהמהשע נשמות. מען קען ניט ברענגען פאַר קיין ראיה אונדזערע ראשונים. זיי, די תנאים און אמוראים, די גרויסע צדיקים זיינען געווען אינגאַנצן אויסגעלייטערט פון די בהמהשע נשמות האָבן זיי ניט געדאַרפט ברענגען קיין קרבנות.

ר׳ סעדיה: — האָרכט זיך צו, וואָס דער נביא זאָגט אין הקודש ברוך הואס נאָמען: ווער פאַרלאַנגט פון אייך קרבנות? און הערט וואָס שלמה המלך זאָגט וועגן תפילה: „מסיר אָזנו משמוע תורה גם תפילתו תועבה״, — דער מיאוסטער מענטש ביים בורא העולם איז דער, וואָס פון לערנען וויכט ער און צום דאַוונען לויפט ער.

אַ חסיד: — אויב איר האַלט זיך ביי אייער הנחה, אַז תפילה איז ניט מער ווי אַן הוספה, טאָ וואָס קימערט עס אייך, לומדים, אַז מיר, חסידים האָבן געענדערט דעם נוסח?

ר׳ סעדיה: — ווי איך זע, באַנעמט איר ניט ריכטיק דעם גאַנצן ענין. איר הייבט גאָרניט אָן משיג צו זיין די הנהגה פון בורא. טאָ לאָמיר עס אייך דערקלערן: מען דאַרף ניט זיין קיין גרויסער חכם, צו פאַרשטיין, אַז דער בורא־עולמים, וואָס איז אחד און זיין נאָמען איז אחד, נייטיקט זיך ניט אין קיין לויב־געזאַנגען פון דעם מענטשן, וואָס ער אַליין האָט באַשאַפן. אַפילו ביי אַ בשר ודם וואָלט ניט געהאַט קיין חשיבות דאָס רימען פון דער כלי, וואָס ער אַליין האָט געמאַכט. פון אַ שלימותדיקער יצירה זינגט פון זיך אַליין ארויס דאָס לויב. די תפילה איז געגעבן געוואָרן בלויז לטובת דעם מענטשן. רבינו ר׳ אליהו, דער גאון הגאונים, זאָגט, אַז תפילה איז אין תוך אַן עולם הזהדיקער ענין. וואָרים דער מענטש איז ניט בלויז ניט מקריב זיינע בהמהשע פאַרלאַנגען, נאָר ער איז נאָך פאַר זיי זיך משתדל, און טוט פאַר זיי מתפלל זיין. ער בעט רעגן פאַר זיינע פעלדער, געזונט פאַר זיך און זיין משפחה, פּרנסה ברחבות און אפילו עשירות און כבוד. און דווקא דערפאַר, ווייל דאָס איז אַן עולם הזהדיקע זאַך און איז לטובת דעם גוף, איז דער ענין תפילה נאָך וויכטיקער. וואָרים די טבע פון מענטשן איז זוכן צו הערשן. דער גרינגסטער וועג אַריינצוקריגן די ממשלה איז צו ווייזן, אַז מען האַלט אין איין זאָרגן פאַר יענעמס וואוילטאָג. די חסידישע רביים, וואָס זוכן צו ווערן די הערשער, האָבן זיי בכיוון איינגעשטעלט אַן אייגענעם נוסח אין דאַוונען און איינגעשמועסט דעם עולם, אַז דורך אים וועט מען גיכער פּועלן ביים הקדוש־ברוך הוא אַ בעסערע מערכה אין לעבן. און צו ווייזן, אַז זייער עול איז צו פאַרלייכטערן דעם מענטשנס התחייבותן. מאַכן זיי אים פטור פון האָרעווען אויף לערנען און זאָגן, אַז דער עיקר איז כוונה. אייערע רביים

האָבן אויך איינגעשמועסט דעם עולם, אַז טאָמער איז עמיצער אין אַ צרה, ער איז קראַנק, צי עס גייט אים ניט אין זיינע עסקים, זאָל ער זיך גלייך צו זיי ווענדן. ער, דער חסידישער רבי, וועט זיין דער פאַרמיטלער ביים כביכול. ער, וואָס איז אַ גאַנצער בן־בית אין הימל, וועט שוין פאַר אים אַלץ אויספועלן. אָפט פּאַסירט, אַז עס קומט די ישועה, אָבער ניט צוליבן חסידישן רבינס השתדלות, נאָר גאָר צוליב אַנדערע זכותן. אָבער דער מענטש, וואָס איז בטבע אַ מכיר־טובה, גלייבט, אַז ער האָט דאָס צו פאַרדאַנקען דעם רבין, קוקט ער שוין אַרויס צו אים, ווי אַ בהמה צו איר שפייזער. און אַז מען ווערט אַ הערשער איבער יענעמס גוף, — ווערט מען שוין דער הערשער איבער יענעמס נשמה. דער באַלעבאָס איבער יענעמס עולם־הזה און עולם־הבא. ער קען אים שוין פירן, וואו נאָר זיין האַרץ גלוסט. מהאי טעמא, טאָר מען ניט דערלאָזן, אַז די דעה איבערן עם ישראל זאָל אַריינפאַלן ביי חסידישע רביים, וואָס זיינען ניט קיין גדו־לים אין תורה און ווייסן ניט צו אונטערשיידן, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט טאָן. אַפילו ווען זיי זיינען ערליכע מענטשן, קענען זיי פאַרפירן אומשולדיקע אין גיהנום אַריין.

ביי אונדז, מתנגדים, איז תפילה טאַקע ניט מער ווי א הוספה. אָבער מיר זיינען ניט מוותר אפילו אויף הוספות. אונדזער טענה איז ניט, וואָס איר דאַוונט, נאָר וואָס איר האַלט אין איין דאַוונען. וואָס איר נעמט אַוועק דעם שטאַרקן פונדאַמענט, וואָס הייסט תורה, און איר ווילט איינשמועסן זיך אַליין און אַלעמען, אַז אויף אַזאַ דינעם אָנשפּאַר, ווי תפילה, קען זיך האַלטן אַזאַ גרויסע וועלט, אַזאַ פּליאהדיקע יצירה פון הימל, ערד, וואַ־סער, געוויקסן, מענטש און באַשעפענישן.

די סופרים, געניטע מיט דער פעדער, האָבן וואָרט פאַר וואָרט פאַר־צייכנט די טענות פון די מתנגדים און די חסידים. די רייד פון מתנגדישן צד האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אויף ר׳ סעדיהס נאָמען. ער איז דאָך געווען דער פירשפּרעכער. די אַנדערע לומדים, זיינען שווייגעדיקע געזעסן ביים טיש, הגם זיי האָבן געהאַט זייער פיל וואַגיקע קשיות צו פרעגן די חסידים. אָבער אויף די תשובות פון די חסידים האָבן די סופרים ניט אַרויפ־געשטעלט קיין נעמען. זיי האָבן יענע ניט געקענט. זיי האָבן עס פאַר־צייכנט אונטערן כלל־נאָמען: — חסידים.

איצט, אַז ר׳ סעדיה האָט גערעדט אַזעלכע שאַרפע ווערטער אויף די חסידישע רביים און אַריינגעבראַכט, אַז דער גאון זאָגט, אַז תפילה איז גאָר אַן עולם־הזהדיקער ענין, — זיינען די חסידים אַריין אין גרימ־צאָרן. זיי האָבן פאַרלוירן זייער רואיקייט. זיי האָבן מיט היץ און גרינג־שעצונג געגומען ריידן אויף ר׳ אליהון. זייער פירונג האָט שוין אַרויס־געבראַכט פון געדולד די לומדים, זיינען זיי אַרויסגעקומען מיט נאָך שאַר־פערע רייד קעגן די חסידים. די טענות מיט די תשובות האָבן זיך שוין צונויפגעמישט איינע מיט די אַנדערע. מען האָט זיך שוין ניט איינגע־קוקט אויפן כבוד פון די לעבעדיקע און ניט געשאַנעוועט די שוכני עפר.

די סופרים, וואָס זיינען געווען אַזוי געניט מיט דער פען, האָבן קוים באַוויזן אַלץ צו פאַרשרייבן.

די חסידים האָט שוין פאַרדראָסן, וואָס זיי האָבן זיך ניט געהיט מיט די רייד און זיינען געווען צו היציק. זיי, וואָס זיינען ניט געווען קיין גרויסע לומדים, זיינען געשטאַנען צעטומלט. דעם גאונס תלמידים האָבן זיי פאַרוואָרפן מיט קשיות, איינע האַרבער פון דער אַנדערער. זיי, וואָס האָבן מקבל געווען תורה פון דעם גרעסטן גאון פון אַלע צייטן, האָט יעדער אָפּפרעג זייערער זיך אַראָפּגעלאָזט, ווי אַ שטיין, ניט צום רירן פון אָרט. זיי, האָבן מיט ראיות פון תנ"ך, מדרש, פון משנה און בעלי־פוסקים באַוויזן, אַז די נייע חסידישע שיטה איז אָסור. זיי האָבן מיט גרויס שכל זיך אַרומגעבויט ווי מיט אַ פעסטונג. זיי האָבן ניט געלאָזט קיין שפּעלטל אָפן, אַז די חסידים זאָלן זיי קענען אָפּשלאָגן. זיי האָבן געחוזקט, וואָס די חסידים היצן זיך אַזוי שטאַרק ביים דאַוונען. און וואָס ביי זיי אַליין איז ניטאָ קיין אחדות. איין רבי שפּאָט אָפּ פון אַנדערן. יעדער זוכט צו ווערן דער מושל בקיפו. זיי, וואָס ווילן איינפירן אַ נייעם נוסח, האָבן אַפילו קיין סדר ניט. טיילמאָל שרייען זיי ביים דאַוונען, מיט משונהדיקע געוואַלטן און פאַרציען די תפילות ביי שפּעט אין טאָג אַריין, און טיילמאָל כאַפּן זיי אָפּ דאָס דאַוונען.

פלוצים האָבן דעם גאונס תלמידים אויפגעמישט גמרות און גערופן צו די חסידים:

— קומט לאָמיר אייך פאַרהערן, צו איר קענט די שוואַרצע פינ־טעלעך?

די חסידים זיינען געווען אין קלעם, זיי האָבן ניט געוואוסט, ווי זיך אַרויסצודרייען. די לומדים האָבן זיי איינגעקלאַמערט ווי מיט צוואַנגען. האָבן זיי אויף אַלץ, וואָס מען האָט זיי געפרעגט געגעבן די זעלביקע תשובה: — מיר פאַרנעמען זיך ניט מיט נגלה, נאָר מי"ז נסתר. אונדזער מורה־דרך איז דער „זוהר" און דער „ארי" הקדוש. דעם גאונס תלמידים האָבן פון זייערע ענטפערס געחוזקט און געענטפערט: — אַז איר ווייסט ניט אפילו נגלה, טאָ ווי קענט איר וויסן נסתר? עס איז דאָך געגליכן ווי אַ הינקענדיקער, וואָס קען ניט אַרויפשטייגן אויף א לייטער, אַפילו אויפן ערשטן שטאַפּל, זאָל זאָגן, אַז אויפן צענטן שטאַפּל קען ער יאָ אַרויפשפּרינגען...

אַז די זון האָט זיך גענומען אַרונטערלאָזן, האָבן די חסידים, זיך צו באַפרייען פון די לומדים, גענומען טענהן, אַז עס איז מנחה־צייט. מען דאַרף זיך שטעלן דאַוונען... ר' סעדיה האָט אָבער מיט בייזער געקלאַפּט איבערן טיש און מיט שטרענגע ווערטער געזאָגט:

— אין נאָמען פון בית־דין בין איך אייך מתרה, אַז די דין־תורה האָט זיך נאָך ניט געענדיקט. סיידן, איר גיט זיך אונטער און איר זייט זיך מודה, אַז איר האָט געזינדיקט מיט אייערע מעשים און איר זייט מקבל אויף זיך צו טאָן תשובה. אָבער אויב איר האַלט זיך נאָך אַלץ ביי

אייערס, זיינען מיר, דער בית־דין, אויף אייך גוזר, אַז מאָרגן אינדערפרי זאָלט איר ווידער קומען דאָ, אין מלכות־תורה, און פאַרענטפערן אונדזערע קשיות. און אויב איר וועט ניט אויספאָלגן אונדזער התראה, וועט דער בית־דין אויסרופן אויף אייך אַ חרם.

די חסידים האָבן באַלד איינגעזען, אַז ר׳ סעדיה מיינט, וואָס ער זאָגט, האָבן זיי אומעטיקע געשאָקלט מיט די קעפּ, אין הסכמה, און געזאָגט:

— מיר וועלן קומען!

***

אַז די חסידים זיינען נאָך מנחה געקומען צו אים, זייער רבין, זיינען זיי געווען אויסגעמוטשעט און יאושדיקע. זיי האָבן שווייגנדיק אים איבערגעגעבן די פּאַפּירן, וואו עס איז געווען פאַרשריבן די טענות פוןביידע צדדים.

נאָך מעריב האָט זיך ר׳ שניאור זלמן מיט זיין ידיד ר׳ מענדל האָ־ראָדנער, זיך פאַרשפּאַרט אין אַ באַזונדערן חדר און גענומען דורכקוקן די פּאַפּירן. ר׳ שניאור זלמן האָט באַלד איינגעזען, אַז דעם גאונס תלמי־דים האָבן געהאַט די אויבערהאַנט אויף אַ גאַר גרויסן אופן. ער, דער מענטש פון הוילער נשמה, וואָס איז געווען ערלעך אפילו צו זיינע פיינט, האָט זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן פון דער גאונות, וואָס עס האָבן אַרויסגע־וויזן ר׳ אליהוס תלמידים און, איבערהויפּט, איז ער נתפּעל געוואָרן פון ר׳ סעדיהן, וואָס האָט מיט אַזאַ גראַדן שכל באַשטריטן די חסידישע שיטה.

ר׳ שניאור זלמן האָט זיך אויפגעשטעלט אין זיין גאַנצער הויך און מיט פעסטקייט געזאָגט:

— ר׳ מענדל, איך וועל מאָרגן, בלא־נדר, שוין אַליין גיין מתווכח זיין מיט ר׳ אליהוס תלמידים.

דעם האָראָדנער איז געווען טייער דער כבוד פון זיין רבין אין קבלה. ער האָט זיך דאָך פאַר אים מקריב געווען. ער האָט אויפגעגעבן זיין חזקה אויף האָראָדנער רבנות, זיך דערווייטערט פון דער אייגענער משפּחה, וואָס זיינען געווען אַלע „פאַרברענטע" מתנגדים. ער האָט געשיקט דער ווייב אַ גט, און זיך אָפּגעפרעמדט פון זיין צווילינג, די צוויי זינעלעך, מיט די עילוישע קעפּלעך, כאָטש נאָך יונגענקע, נאָך זמנים לאַנג צו זייער בר־מצווה, דאָך האָבן זיי שוין ווייט אַריינגעלערנט איז סדר „נזיקין". די איינציקע טרייסט פאַר זיינע יסורים, וואָס ער געפינט זיך אין ר׳ שניאור זלמנס קדושדיקע דלת־אַמות. הערנדיק, אַז זיין הייליקער רבי איז גרייט אַליין צו גיין זיך מתווכח זיין מיט דעם גאונס תלמידים, האָט ער זיך צעוויינט פאַר צער. דער כבוד פון זיין רבין שטייט אין סכנה מבוזה צו ווערן. ר׳ שניאור זלמן האָט שווייגנדיק צוגעקוקט ווי זיין געטרייער תלמיד וויינט. ער האָט אים ניט געוואָלט שטערן און אים געלאָזט זיך אויסוויינען. מיט־אַמאָל האָט דער האָראָדנער זיך אַ כאַפּ געטאָן, ווי פון שלאָף, אין זיינע

אויגן האָט זיך ווי צעצונדן אָ העליש פייערל. ער האָט צוגענענט צו זיין רבין און זיך גענומען ביי אים בעטן:

— רבי, טוט מיר אַ גמילת־חסד און גיט מיך דעם רשות צו גיין אויף אייער אָרט.

ר׳ שניאור זלמן האָט מיט גערירטקייט אים געענטפערט:

— ר׳ מענדל, איר זייט עס ניט מחויב צו טאָן אַפילו לפנים משורת הדין. וואָרים ווען איך האָרך זיך צו צו אייך, וואָלט איך דאָך פאַרשפּאַרט די גאַנצע יסורת חלב...

דער האָראָדנער האָט זיך געתענוגט. זיין רבינס האַרציקע רייד האָבן ווי געגלעט זיין צעווייטיקטע נשמה. ער האָט זיך דערשפּירט גע־שטאַרקט, און ער האָט צו אים מיט פעסטקייט געזאָגט:

— רבי, איך וועל גיין אויף אייער אָרט. איך וועל פירן דעם וויכוח מיט דעם גאונס תלמידים. איך בין דאָך אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין דער ליטע. מיר זיינען גוט באַקאַנט די זיטן פון די היגע מענטשן. איך וועל זיך בעסער קענען צוזאַמענריידן מיט די לומדים, ווי אייערע תלמי־דים, וואָס שטאַמען פון פוילן און פּאָדאָליע. און חס־וחלילה, אויב איך וועל אפילו דורכפאַלן, וועט עס אויך ניט טאָן קיין שאָדן אייער שיטה. איך בין דאָך ניט קיין חסיד פון דורות. איך בין דאָך אַ נייער, ערשט ניט לאַנג צו אייך געקומען. וועט די גאַנצע שולד פאַלן אויף מיר אַליין.

דעם האָראָדנערס געטרייע רייד האָבן גערירט ר׳ שניאור זלמנען. אַזאַ איבערגעבנקייט האָט ער ניט געזען אַפילו ביי זיינע געטרייסטע און עלטסטע תלמידים. עס איז אים אַ רחמנות אויף דעם האָראָדנער.. עס איז ניט גענוג, וואָס ער איז שוין צו שפּאָט און צו שאַנד ביי זיינע אייגענע לייט, איז ער איצט אין סכנה צו ווערן אויך פאַרשטויסן פון אונדז, זיינע נייע פריינט. אַלע וועלן זאָגן, אַז ווען אַ מתנגד וואָלט ניט געווען אונדזער מליץ־יושר, וואָלטן מיר דעם וויכוח ניט פאַרלוירן.

מיט פאַרטרערטע אויגן האָט ר׳ שניאור זלמן געקוקט אויף דעם האָראָדנער און האָט זיך אָפּגערופן:

— ר׳ מענדל, לאָמיר זיך זעצן לערנען אַ פּרשה „זוהר.״



# קאַפּיטל ב

לע תלמידים זיינען ביי ר׳ אליהון געווען ליב און טייער. ער פלעגט אָפט, מיט התלהבות זאָגן:

— איך האָב ניט געהאַט קיין מזל צו רביים. איך האָב אָבער זייער פיל געלערנט ביי מיין חבר, מאירלען, אָבער מער נאָך ווי פון אים, האָב איך געלערנט ביי אייך, מיינע טייערע תלמידים.

זיין גרויס ליבשאַפט צו זיינע תלמידים, איז ווי אַלץ, וואָס ר׳ אליהו האָט געשפּירט און געטראַכט, געווען אַ גאונישע. צו אַזאַ הויכער און לויטערער ליבשאַפט האָט בלויז אַזאַ גאון ווי ער געקענט דערגרייכן. עס האָט ניט פאַרבלענדעט זיינע אויגן צו דערזען די מדרגה פון יעדן תלמיד אין דער תורה און אין מידות און צו קענען גענוי אָפּצושאַצן יעדן איינעמס מעלות.

די ערשטע צייטן איז ביי ר׳ אליהון געווען פאַררעכנט פאַרן חשובסטן תלמיד, ר׳ שלמה, דער קאַלוואַריער רב. ר׳ שלמה, וואָס האָט אָבער געוואָלט זיין נענטער צו זיין רבין, האָט זיך אַריבערגעקליבן קיין ווילקאָמיר. אַז ער פלעגט אַראָפּקומען קיין ווילנע מקבל זיין תורה פון זיין רבין, האָט ר׳ אליהו אים אויפגענומען מיט כבוד. ער האָט אים קיינמאָל ניט גערופן ביי זיין נאָמען, נאָר תמיד ביים טיטול: דער רב! אַז ר׳ שלמה פלעגט קומען אין אַ שלעכטן וועטער, עס האָט גערעגנט, צי געשנייט, פלעגט זיך ר׳ אליהו גוטמוטיק אויף אים בייזערן:

— אַ ייד איז געגליכן צו אַ ספר תורה. איז ער מחויב זיך האַלטן טייער.

ווי אַ טאַטע טרייסט זיך מיט זיין ייִנגערן זון נאָך זיין בכורס טויט, אַזוי האָט ר׳ אליהו, נאָך ר׳ שלמהס פּטירה, זיך געטרייסט מיט זיין ייִנגערן תלמיד, ר׳ חיים וואָלאָזשינער. אַז ער איז געוואָרן, אויף ר׳ שלמהס אָרט, רב אין ווילקאָמיר, האָט ר׳ אליהו שוין אים גערופן ביים טיטול: דער רב! ער האָט איינמאָל צו זיינע תלמידים געזאָגט:

— ר׳ חיים איז אין זיין פּנימיות באַשאָנקען מיט די זעלביקע מעלות, וואָס ר׳ שלמה , ז״ל, האָט פאַרמאָגט.

ר׳ אליהו האָט זיך זייער מצער געווען, וואָס ר׳ שלמה האָט זיין גאַנצע תורה מיטגענומען מיט זיך אין הימל און גאָרניט איבערגעלאָזט פאַר דער וועלט. ער האָט, ביי זיין לעבן, קיין ספרים ניט געלאָזט דרוקן. די תלמידים זיינע, אין ווילקאָמיר, האָבן זיך ביי אים געבעטן:

— רבי, זייט מזכה דער וועלט מיט אייער תורה.

אָבער ר׳ שלמה פלעגט ענטפערן מיט עניוות:

—איך בין בלויז אַ תלמיד, מיין רבי איז ר׳ אליהו, און אַ תלמיד טאָר ניט פּסקענען אין דעם אָנזיכט פון זיין רבין.

ר׳ שלמהס תלמידים, די זעכציק פּרושים, וואָלטן אַליין זיין תורה פאַר־שריבן. זיי האָבן אָבער עס ניט געהאַלטן פאַר נויטיק. זיי האָבן געזען, אַז זייער רבי, טוט יאָ פאַרשרייבן זיינע חידושים. נאָך זיין אָפּשיידן זיך פון דער וועלט, האָבן זיי געזוכט און געזוכט זיינע כתב־ידן און ניט געקענט געפינען. ר׳ שלמה האָט זיי פאַרבאַהאַלטן, אַז קיין מענטשנס אויג זאָל זיי ניט קענען דערזען. האָט ר׳ אליהו, צו פאַרהיטן עס זאָל מער אַזוינס ניט געשען, אָנגעזאָגט זיינע תלמידים:

— דעם מענטשנס תורה געהערט ניט צו אים, נאָר צו די, וואָס בלייבן נאָך אים. איז אפילו צוליב העכערע טעמים אויך ניט רעכט ניט צו לאָזן קיין ירושה.

ר׳ חיים וואָלאָזשינער האָט איבערגענומען ר׳ אליהוס דרכים אין לערנען און הנהגה מיט אַלע חנעוודיקע קנייטשלעך. ער האָט דערוואָרבן אַ סך פון זיינע מעלות. די לומדים אין דער ליטע, אַפילו די, וואָס האָבן געהאַט אַ נטיה מבטל צו מאַכן, האָבן אויך מודה געווען, אַז דער וואָלאָזשינער איז אַ גאון עולם און איז ראוי צו ווערן גערופן דעם גאונס תלמיד. דער איין־און־איינציקער, וואָס האָט אויף דעם העפטיק געקריגט, איז געווען ר׳ חיים אַליין. אַז ער האָט געהערט עמיצן איבעררעדן, אַז ער איז ר׳ אליהוס תלמיד מובהק, פלעגט ער זיך רויטלען פון שעמעוודיקייט. ער פלעגט זאָגן:

— די וועלט האָט דאָ אַ טעות. אַדרבא, זעט ווי גרויס עס איז ר׳ אליהו ווילנער און ווי קליין עס איז חיים וואָלאָזשינער. אמת, איך האָב דעם זכות צו שטיין אין ר׳ אליהוס דלת־אמות, האָב איך זיך אויך אָנגעזאָפּט מיט דער לופט פון זיין תורה, אָבער בלויז ווי איינער, וואָס שפּאַצירט צופעליק דורך אַ בלומען גאָרטן און ציט זיך אָן מיטן געשמאַקן ריח פון די בשמים.

מיט זיין גאַנצן מיען זיך, האָט ר׳ חיים וואָלאָזשינער דאָך ניט געקענט איינריידן די וועלט, אַז ער איז ניט קיין גאון אין דער תורה. עס האָט אים בלויז אָפּגעגאָלטן זיך אַליין עס איינצושמועסן. ניט אויסנדיק האָט דאָס אים געטאָן גוטס. זיין דערנידעריקן זיך האָט אים דערהייבן צו אַזאַ הייכקייט, אַז עס איז אים שווין אָנגעקומען גרינג זיך צו האַלטן נידעריק. איידער ער האָט געזאָגט זיינע חידושי־תורה, האָט ער זיי פריער איבערגעזאָגט פאַר זיין רבין. אַז דער גאון האָט פון התפעלות זיך געגלעט דעם שטערן, האָט ר׳ חיים מיט דעם זיך ניט איבערגענומען. ער האָט געטראַכט: „עס איז אַוודאי ניט מיין אייגענע תורה. איך האָב עס בלי־ספק גענאַשט פון אים, מיין רבין. נאָר דער שוואַכער קאָפּ מיינער האָט עס פאַרגעסן. ער, דער גאון, געדענקט עס. אָבער ער וויל מיך ניט פאַרשעמען.״

ביי ר׳ חיימען איז זיין רבי געווען הייליק. ער האָט זיין וואָרט ניט איבערגעטראָטן, און ניט איבערגעפרעגט. ער האָט זיך אויף אים ניט מתרעם געווען, וואָס ער האָט געדאַרפט אויסשטיין די חרפה אין ווילקאָמיר. ער, דער עניו, וואָלט דאָך גאָרניט אָנגענומען אַזאַ בכבודיקע רבנות, וואו עס איז פריער געזעסן אַזאַ גרויסער מאַן אין דער תורה, ווי ר׳ שלמה קאָלוואַריער, זכרונו לברכה. ער וואָלט דאָך קיינמאָל ביי זיך ניט געפּועלט, אַז ער, אַ

יונגערמאַן, זאָל ווערן דער ראש איבער די ווילקאָמירער צוויי דיינים, ביידע שוין עלטערע מענטשן מיט לאַנגע גרויע בערד. ער האָט אָבער ניט געקענט מעיז פּנים זיין ר׳ אליהון און איבערטרעטן זיין רצון. האָט ער אָנגענומען די רבנות, כאָטש עס איז אים אַזוי שטאַרק ניט געווען ניחא צו פירן זיך מעשה רב.

גלייך ווי ער האָט איבערגענומען די רבנות, האָט ווילקאָמיר פאַר אים, דעם נייעם רב, געהאַט געלאָזט אויפניייען רבנישע בגדים — זיידענע לאַנגע קאַפּאָטעס, און אויך אַ שטריימל. ער האָט, אָבער, ניט געהאַט קיין חשק זיי אָנצוטאָן. ער האָט געזאָגט: — עס קען גאָרניט גע־מאָלט זיין קיין גרעסערע גאווה, ווי זיך אויסצופּוצן אין רבנישע קליידער. עס איז ווי געוויזן אויף זיך אַליין, אַז מען איז ניט אַבי־ווער! עס וואָלט אים, ר׳ חיימען, געווען אַ סך מער ניחא, ווייטער צו גיין אין זיין באַלעבאַטישן הילוך, אין דער קארטשענער קאַפּאָטע. ער האָט זיך אָבער באַטראַכט: — מען קען דאָך ניט פאַרשעמען אַ שטאָט. די ווילקאָמירער יידן וועלן אפשרליידן בושה, וואָס דער רב זייערער טראָגט אַ פּשוטע קאַפּאָטע מיט אַ היטל? האָט ער שוין אָנגעטאָן דאָס שטריימל. איז ער דאָס שטיקל וועגס, פון בית־המדרש צו זיין שטוב, געלאָפן אָן אָטעם, ער זאָל וואָס גיכער קענען פּטור ווערן פון שטריימל.

איצט, אַז ער האָט צוליב דער מעשה מיטן „מולד" זיך אָפּגעזאָגט פון דער ווילקאָמירער רבנות, האָט ר׳ חיים גלייך צוריק אָנגעטאָן זיין וואָכע־דיק היטל, און געשפּירט זיך מחיהדיק גוט. ער האָט אויך זיין שטענדער, וואָס איז געשטאַנען אין מזרח־וואַנט אַראָפּגעטראָגן צו די הינטערשטע בענק, ווי ער וואָלט דאָ, אין ווילקאָמיר, קיינמאָל ניט געווען קיין רב. זיין שטענ־דער האָט לכתחילה ניט געדאַרפט שטיין ביים אָרון־קודש, נאָר עמיצער האָט על־פּי טעות אים אַהין אַוועקגעטראָגן. צו ווייזן, אַז ער האָט ניט קיין תרעומות אויף קהל, האָט ער, דער מתמיד, געפּטרט בחינם צייט, און גע־זוכט צו פאַרפירן שמועסן מיט די ווילקאָמירער באַלעבאַטים, און גערעדט האָט ער מיט זיי דווקא בלויז וועגן וואָכעדיקע יום־יום זאַכן: צי זיי זיינען מצליח אין די עסקים און צי עס מאַכט זיך זיי גוטע שידוכים פאַר זייערע קינדער. ער האָט אויך ווייטער יעדן בן מנחה למעריב געלערנט „חיי־אָדם" מיטן פּשוטן פאָלק, כאָטש די ווילקאָמירער בעלי־מלאָכות, אינ־איינעם מיט עלי־בערן, האָבן אים מבייש פּנים געווען און געמאַכט אַ געוואַלט: האָט איר ווען געזען אַ רב, וואָס זאָל אפילו ניט וויסן ווען דער „מולד" פאַלט אויס?

די ווילקאָמירער באַלעבאַטים האָבן איצט דערזען, ווי גרויס עס איז ר׳ חיימס צידקות. זיי האָבן זיך געשעמט אים צו קוקן אין די אויגן. זיי האָבן זיך געשפּירט שולדיק. זיי, די לומדים, האָבן דאָך יאָ געוואוסט, אַז ער איז אַ גאון אין דער תורה, טאָ פאַרוואָס האָבן זיי דערלאָזט דעם המון אים אַזוי מבטל צו מאַכן? האָבן זיי געהייסן דעם שמש, ער זאָל רופן אַן אַסיפה, זיך צו מיישב זיין, ווי צו קנסענען עלי־בערן, דעם וואָל־באַרשטער, וואָס האָט

אויפגעהעצט דעם המון קעגן רב. אַז ר׳ חיים וואָלאָזשינער האָט זיך דערפון דערוואוסט, איז ער אַרויפגעשטיגן אויף דער בימה און מודיע געווען, אַז ניט בלויז האָט ער צו עלי־בערן ניט קיינע פּרעטענזיעס, נאָר ער איז, אדרבא, אים מכיר־טובה. ער האָט אים דאָך געוויזן אַ וועג ווי אַזוי צו פאַרדינען חיונה. און ווידער, וואָס איז עלי־בער שולדיק, אַז ער, אַ רב, האָט ניט געוואוסט, ווען דער „מולד" פאַלט אויס?

די ווילקאָמירער באַלעבאַטים האָבן דאָ ווידער דערזען ווי ווייט עס שפּאַרט אָן ר׳ חיימס צידקות. איז זייער פאַרדרוס נאָך גרעסער געוואָרן, וואָס זיי גייען פאַרלירן אַזאַ אדם־גדול. האָבן זיי, מיטן גאַנצן האַרצן זיך ביי אים געבעטן: — רבי, בלייבט אויף ווייטער ביי אונדז רב! ר׳ חיים האָט זיי געענטפערט מיט אַ שמייכל:

— אַ טעפּל, אַז עס צעברעכט זיך, וועט עס שוין קיינמאָל ניט זיין צור־ריק גאַנץ. וואָרים ווי שטאַרק מען זאָל דאָס ניט צונויפדראַטעווען, וועט מען עס שוין ניט קענען גוט אויסוואַשן, און אַ מפונק וועט פון דעם טעפּל ניט טועם זיין. אַזוי איז אויך מיט רבנות. צעברעכט זיך עס, איז ווי גוט מען זאָל עס ניט צונויפקלעפּן, וועט עס שוין ניט האָבן דעם פריערדיקן חן. ער איז שוין אַ צונויפגעדראַטעוועטע רבנות. טאָ זאָל דער בורא־העולם צושיקן ווילקאָמיר אַ נייעם רב.

ר׳ חיים האָט זיך גענומען קלייבן צו פאָרן צוריק קיין וואָלאָזשין. ער האָט פאַרקויפט זיין וואָל־באַרשטעריי צו עלי־בערן, כאָטש אָן אַנדער ייד, אין ווילקאָמיר, האָט אים אָנגעבאָטן אַ סך מער געלט. ר׳ חיים האָט צו אים געזאָגט: — איר וועט אפשר קאָנקורירן מיט עלי־בערן? וועט דאָך אויס־קומען, אַז איך האָב אָפּגעצאָלט מיין בעל־טובה מיט אַ רעה. שוין נאָכן פאַרקויפן די באַרשטעריי, איז ר׳ חיים נאָך אַלץ געווען אין מורא, אַז אפשר וועט זיך דאָך פאַרגנבענען ביי עלי־בערן אַ חשד, אַז ער האָט אויף אים אַ ביין האַרץ, האָט ער גענומען אָפּשטאַטן אים יעדן טאָג וויזיטן. ער, דעם גאונס תלמיד איז געוואָרן אַ גאַנצער ידיד מיט דעם פשוטן יידן, וואָס האָט קוים עברי געקענט זאָגן. און זיי האָבןביידע געקליבן נחת: עלי־בער, וואָס ר׳ חיים טוט אים אָן אַזאַ כבוד און קומט צו אים אין שטוב אַריין, און ר׳ חיים פון צוקוקן, ווי עלי־בער היט זיך ער זאָל מער ניט געשטרויכלט ווערן אין דער עבירה פון „טעות־גוי". און אַז ער זעט, אַז אַ פויערל ווייסט נאָך ניט פון דעם באַהאַלטענעם וואַליקל, פירט ער אים אַליין צו און ווייזט:

—אָט דאָ ליגט אַ גנבל!

ביי עלי־בערן שיינט דאָס פנים פון פרייד. און ער זאָגט צו ר׳ חיימען:

— רבי, ערשט איצט האָב איך געכאַפּט דעם טיפן באַדייט פון אייער טייטש אויף פרשה „בראשית". איר האָט געזאָגט, אַז דער „בזעת אפיך תאכל לחם" איז ניט קיין קללה, נאָר גאָר אַ ברכה אויף אַ נייעם שטייגער לעבן. אַ באַשאַפער פון וועלטן שילט זיך ניט. ער, דער בורא־עולם, האָט אָבער געזען, אַז עס איז ניט קיין תכלית פאַר דעם אדם צו ליגן אין עצלות אין גן־עדן. פון איין זייט לעבט ער פון אַלעם פאַרטיקן, ווי אַ מלאך, און פון דער

אַנדערער זייט איז ביי אים אַ בן־בית גאַר די שלאַנג. האָט דער בורא גע־ענדערט די הנהגה פון דער וועלט, אַז דער מענטש זאָל זיך פירן ווי עס פּאַסט פאַר אַן אדם. האָט ער אים געבענטשט, אַז ער זאָל הנאה האָבן פון זיין איי־גענעם פאַרהאָרעוועטן ברויט.

ר׳ חיים ווערט ממש נתפּעל: דער עלי־בער איז, דוכט זיך, אַ פּראָסטער ייד. און ער האָט עס באַנומען און געדענקט עס! זוכט ער שוין מהנה זיין דעם וואָל־באַרשטער און ער רופט זיך אָפּ:

— ר׳ עלי־בער, איר האָט דאָך אַ טייערן קאָפּ. איר באַנעמט גוט אַן ענין. איז ניט קיין חידוש, וואָס איר האָט מיך אַזוי קונציק געפּאַקט מיטן „מולד". אָבער, — שפּאַסט ר׳ חיים, — איך האָב פאַר אייך שוין מער ניט קיין מורא ניט. איך בין דאָך שוין מער ניט קיין רב. און ווידער האָב איך זיך שוין איינגעשאַפּט אַ לוח. אַדרבא, פאַרהערט מיך.

עלי־בער שמייכלט. ער פאַרשטייט, אַז ר׳ חיים זוכט דאָ ניט צו דער־מאָנען זיין עוולה. טוט דאָס אים הנאה און ער צעפּיעסטשעט זיך פאַר ר׳ חיימען:

— רבי, עס האָלט ניט גוט מיט מיר. דאָס וואָליקל האָט מיך אַריינ־געדרייט אין אַזויפיל עבירות. איך ווייס ניט, ווי מען דרייט זיך פון זיי אַרויס?

ר׳ חיים רעדט פאַרקלערט, ווי צו זיך אַליין:

— תשובה!... עס איז ניטאָ קיין בעסערע רפואה. תשובה האָט אין זיך אַ וואונדערלעכן כוח. עס איז אַ באַשאַף פון צוויי מכשירים אינאיינעם. אַן אויסמעקערין און אַ פעדער. עס מעקט אויס די עבירות און עס פאַר־שרייבט אויף זייער אָרט מצוות. דאָס האָבן די חכמים אונדזערע געהאַט אין כוונה מיטן זאָגן: — תשובה קערט איבער עבירות אין מצוות.

ר׳ חיים איז צופרידן, וואָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער ווילקאָ־מירער רבנות. ער האָט אָבער איבערגעטראַכט: — אפשר וועט דאָס ר׳ אליהון ניט געפעלן? האָט ער זיך געגרייט צו פאָרן קיין ווילנע צו הערן, וואָס ער, זיין רבי, וועט וועגן דעם זאָגן, ער האָט זיך אָבער געשפּירט לאַ־עליכמדיק. האָט ער אָפּגעלייגט די נסיעה. אָבער פּלוצים, אין סאַמע מיטן נאַכט האָט ער זיך געלאָזט פאָרן קיין ווילנע. אויך צו אים, ווי צו אַלע תלמידים פון גאון, איז מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אָנגעקומען דעם ראשס אַ שליח מיט דער ידיעה, אַז ר׳ שניאור זלמן פון ליאַדי איז אָנגעקומען קיין ווילנע, און די חסידים זיינען מוכן־ומזומן צו פאַרפירן אַ מחלקה.

אַז ר׳ חיים איז אָנגעקומען קיין ווילנע האָט ער גלייך געאיילט צום גאון אין קלויז אַריין. אַלע תלמידים זיינען שוין געהאַט געזעסן אַרום טיש אין פּאָליש און געוואַרט אויף די חסידים. האָט ר׳ חיים געבעטן ביי ר׳ סעדיהן רשות אָפּצוטרעטן בלויז פאַר אַ ווײַלע. ער האָט עפּעס זייער נייטיקס צו פרעגן ביים גאון.

ר׳ אליהו האָט זיך מיט אים זייער דערפרייט. אַז ער האָט דערזען,

אַז ר׳ חיים איז פֿאַרטרויערט, האָט ער, מיט זאָרג, אים געפרעגט: — ווילקאָמירער רב, וואָס האָט פּאַסירט?

שעמעוודיק, האָט ר׳ חיים גענומען דערציילן פאַר זיין רבין אַלץ, וואָס מיט אים איז פּאַרלאָפן פון אָנהייב ביזן סוף. און אַז ער האָט געענדיקט דערציילן האָט ער, מיט צער אין קול, געפרעגט:

— רבי, ווי מיינט איר, האָב איך געטאָן ריכטיק, וואָס איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון דער ווילקאָמירער רבנות?

דער גאון האָט אים אָנגעקוקט מיט ליבשאַפט און אַ מונטערער אים געענטפערט:

— מצער זיין זיך דערפון טאָר מען ניט, אָבער מבטל זיין אינגאַנצן דעם טראַף איז אויך ניט רעכט. פון יעדער פּאַסירונג איז אַ מענטש מחויב אָפּצולערנען זיך אַ מוסר. בפרט אין דעם פאַל, וואו עס זיינען פאַראַן דייטלעכע אָנווייזונגען ווי זיך נוהג צו זיין. קודם־כל, אַז אַ רב איז מחויב צו וויסן אַלע דינים און מנהגים. און עס איז ניט שייך זיי צו צעטיילן און מעסטן אויף קליין און גרויס. אַזוי איז אויך מיט ספרים. אַ לוח איז אפשר דאָס דינסטע און פּשוטסטע ספרל, אָבער עס איז זייער אַ וויכטיקס. עס ווייזט די צייט פון קבלת־שבת, ווען יום־טוב פאַלט אויס, קידוש־לבנה און נאָך אַזוינע הייליקע געבאָטן. ווידער, איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אַז אַלע צרות האָבן זיך גענומען, וואָס איר האָט זיך אָפּגעזאָגט פון שכירות. אויף להבא טאָר מען עס ניט טאָן. עס איז דאָך ממה־נפשך: אָדער מען איז אַ רב, אָדער מען איז אַ וואַל־באַרשטער. מיין זיידע, ר׳ משה, וואָס איז געווען רב אין ווילנע, האָט אויך ניט געוואָלט לעבן פון רבנות, האָט ער געעפנט אַ בשמים קרעמל און האָט געהאַט פון דעם אַ סך עגמת־נפש. רבנות מיט מסחר שטוקעווען זיך ניט. ניט ווילנדיק פלאָנטערט מען זיך דאָ אויך אַריין אין דער מיאוסער מידה פון גאווה. עס קוקט אויס ווי מען וואָלט געזאָגט: — אַלע רבנים נעמען שכירות, אָבער ניט איך, דער „איש־חסיד". און דער, וואָס זוכט צו זיין צופיל צדיק, שטופּט זיך אַליין אין דעם נעץ פון דער סיטרא־אחרא.

ר׳ חיים וואָלאָזשינער האָט געשאָקלט אין הסכמה מיטן קאָפּ. ער האָט געהאַט ביי זיין רבין צו פרעגן שאלות וועגן קשהדיקע שטעלן אין „זוהר". אָבער ר׳ חיים יוסף ווייזשונער האָט געהאַט געעפנט די טיר און אַריינגעבליקט אין קלויז און מיט שטומען בליק געגעבן צו וויסן ר׳ חיימען, אַז די חסידים זיינען שוין אָנגעקומען, און עס הייבט זיך באַלד אָן איבער זיי די דין־תורה.

ר׳ חיים וואָלאָזשינער האָט זיך תיכף געלאָזט גיין אין פּאָליש. די חסידים זיינען געהאַט אויפגעשטאַנען זייער פרי, און נאָך אַ לאַנגן דבקות־דיקן דאַווענען, האָבן זיי מיט מענדל האָראָדנער זיך געלאָזט גיין צום גאון קלויז. ר׳ שניאור זלמן האָט סוף כל סוף נאָכגעגעבן און אויף זיין אָרט אים געשיקט צו פירן דעם וויכוח מיט די לומדים. פאַרן גיין האָבן זיי זיך שטאַרק געדריקט די הענט. ער, דער ליאַדער, האָט געשעצט זיין נייעם תלמיד, ר׳ מענדל האָראָדנער, וואָס איז געווען אַ למדן, און ביז ניט לאַנג צו־

ריק אַ מתנגד צו חסידות. זיין ר׳ שניאור זלמנס ספר, „לקוטי אמרים״, וואָס די חסידים האָבן גערופן: ״תניא״. האָט דאָס אים איבערגעוואויגן אויפן חסידישן צד.

דער האָראָדנער, דער פריערדיקער מתנגד און למדן האָט אויך גרינטלעך געקענט דעם גאונס דרכים. האָט ער פריער געהאַט פּאַרויס געזאָגט, אַז די חסידים וועלן גאָרניט פועלן ביי ר׳ אליהון. אנשטאט אַ טובה וועלן זיי זיך טאָן אַ רעה. ער האָט מיט טרערן אין די אויגן זיך געבעטן ביי ר׳ שניאור זלמנען, ער זאָל ניט גיין צום גאון און ער זאָל ניט זוכן ביי אים קיין הסכמה אויף זיין „תניא״. דער האָראָדנער האָט קיינעם ניט געחנפהט, ער האָט יעדן איינעם געזאָגט דאָס, וואָס ער האָט געגלויבט, אַז עס איז דער אמת. ער האָט געהאַלטן ר׳ שניאור זלמנען פאַר זיין רבין אין קבלה, דאָך האָט ער גערעדט צו אים אָפענע רייד:

— רבי, איר ווייסט, אַז ביי מיר איז יעדער אות אין אייער ספר הייליק. אָבער דאָך פאַרבלענדט מיר ניט די אויגן צו דערזען דעם אמת, אַז ניט בלויז איז יעדער קאַפּיטל, נאָר אפילו יעדער שורה איז קעגן דער הנחה פון די לומדים. איך בין בטוח, אַז דער גאון וועט עס גלייך דערזען און ער וועט אייך ניט פאַרשוויגן.

ביי ר׳ שניאור זלמנען איז ניט געווען קיין ספק, אַז זיין תלמיד איז אים געטריי און איבערגעגעבן בלב ונפש. אָבער ער, דער נשמהדיקער מענטש, האָט געגלויבט, אַז זיין ספר וועט ר׳ אליהון ווערן געפעלן. ער דערהייבט דאָך אין זיין „תניא״ די לומדים און זיין שיטה אין חסידות איז דאָך דורך און דורך אַ לומדישע. איינגאַנצן ניי און אַנדערש פון די אַנדערע חסידישע שיטות. אויב ער קריגט, איז עס דאָך ניט אויף די לומדים, נאָר אויף זיינע אייגענע חברים. זיי, די תלמידים פון זיין רבין, דעם מעזריטשער מגיד, זיינען זיכער, אַז די חסידישע שיטה טראָגט שוין דעם קרוין פון נצחון. ער, ר׳ שניאור זלמן האַלט ניט פון זייער הנחה. ער האָט צו זיי געזאָגט:

— איר פאַרגעסט, אַז איר האָט נאָך אפילו ניט קיין דריסת־הרגל אין דער ליטע. דאָרטן אין דער לומדישער מדינה, איז נאָך ניטאָ אפילו איין איינ־ציקער חסידישער מנין. זיינע חברים, די מפורסמדיקע רביים, האָבן אים גע־ענטפערט מיט ביטול: — ליטע, איז דאָך קליין ווי אַ גרויפּ, וואָס פאַר אַ ווערדע האָט עס אַנטקעגן אוקראַינע, פּאָדאָליע, וואָהלין, פּוילן און גאַליציע? ר׳ שניאור זלמן האָט זיי צוריק אָפּגעענטפערט מיט שאַרפע רייד. ער האָט צו זיי געזאָגט: — צו מעסטן חומרדיקע קלעצער איז אייער מאָס אַ ריכטי־קע. אָבער צו מעסטן איכות מוז מען שוין אָנקומען צו אַן אַנדער מאָס. ער האָט זיי געגעבן עס צו פאַרשטיין דורך אַ משל, מיט אַ בן־מלך, וואָס איז אַרויס אין מלחמה אויף דעם אַלטן מלך. ער האָט איז אַ קורצער צייט איינגענומען די גאַנצע מלוכה. אָבער די הויפּטשטאָט האָט ער ניט געקענט באַצווינגען. דער אַלטער מלך איז דאָרט געזעסן אַרומגערינגלט מיט אַ באַוואָפנטע מחנה סאָלדאַטן, און אַלע גיבורים. אַזוי איז אויך — האָט ר׳ שניאור זלמן אויסגעפירט — איז אין דער ליטע. דאָרטן זיצט דער מלך,

ר׳ אליהו, אַרומגערינגלט מיט אַ מחנה לומדים, אַלע גיבורים אין דער תורה.

איז ר׳ שניאור זלמן, אַריבערצוציען די לומדים אויפן חסידישן צד, געפאָרן קיין ווילנע, צו האָבן אַ שמועס מיט ר׳ אליהון. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אויב ער וועט אַריבערוואויגן דעם גאון און ער וועט קריגן פון אים אַן הסכמה, וועט די חסידישע שיטה זיין געזיכערט. האָט ער זיך ניט צוגע־האַרכט צום האָראָדנער און זיינע אַנדערע מקורבים, וואָס האָבן אים פון דעם אָפּגערעדט. ביי זיין ערשטער באַגעגעניש מיט דעם גאונס תלמידים האָט ער שוין איינגעזען, אַז די ליטווישע לומדים ווילן גאָר ניט הערן פון חסי־דות. עס איז ביי זיי פאַרהאַסט און טריף. ער האָט אָבער נאָך אַלץ ניט אויפגעגעבן זיין האָפענונג און געלאָזט זיינע תלמידים זיך מתוכח זיין מיט די לומדים. ער האָט געגלייבט, אַז זיי וועלן קענען אָפּשלאָגן אַלע טענות פון די מתנגדים.

איצט נאָכן איבערלייענען די טענות און תשובות פוןביידע צדדים, האָט ר׳ שניאור זלמן, צו זיין גרויס צער, דערזען, אַז דעם גאונס תלמידים האָבן מנצח געווען. זיי, אַליין גאונים אין דער תורה, האָבן גוט אויפגעבויט זייערע טענות און זיי באַפעסטיקט מיט ראיות פון מקרא משנה און גמרא. אויך אין זייערע ענטפערס האָבן זיי אַרויסגעוויזן אַזאַ טיפן און גראָדן שכל, אַז ער׳ ר׳ שניאור זלמן, איז אַזש אַריין אין הויכער התפעלות.

מיט דעם אַלץ, האָט ער, דער מענטש פון הוילער נשמה, זיך נאָך אַלץ ניט מיאש געווען. איצט, האָט ער צום צווייטן וויכוח געשיקט זיין תלמיד, ר׳ מענדל האָראָדנער. ער האָט געגלייבט, אַז ער, דער למדן, וועט קענען אויפווייזן די לומדים, אַז די חסידישע שיטה איז דער ריכטיקער וועג צום בורא.

ר׳ מענדל האָראָדנער איז ניט געווען געקליידעט ווי אַ חסיד. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן ווי אַ למדן, אין אַ לענגלעכן, שוואַרצן זיידענעם ראָק, און אָן אַ גאַרטל. די פּאותן זיינע צעוואַקסענע, אָבער זיי האָבן נאָך ניט באַוויזן זיך צו קרייזלען. לויט זיין רחבותדיקן געשטעל, און לויט ווי די חסידים האָבן געקוקט אים אין די אויגן אַריין, האָבן דעם גאונס תלמידים באַלד דער־קענט, אַז דער שוואַרץ־חנעוודיקער יונגערמאַן איז דער נייער פירשפרע־כער פאַר די חסידים. ר׳ מענדל איז צוגעגאַנגען צו ר׳ סעדיהן, און היימעש־לעך זיך פאָרגעשטעלט:

— מיין נאָמען איז מענדל, מען רופט מיך: דער האָראָדנער, אויפן נאָמען פון דער שטאָט, וואָס איך שטאַם אָפּ. גוים רופן עס: גראָדנע.

ר׳ חיים וואָלאָזשינער איז געהאַט געזעסן ביים טיש אינאיינעם מיט אַלע תלמידים, האָט זיך ביז איצט אין די וויכוחים ניט אַריינגעמישט. ער איז גע־זעסן מיט דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן. און עס האָט אויסגעקוקט, אַז ער האָרכט זיך אפילו ניט צו. ער דרימלט גאָר. אַז ער האָט איצט דערזען דעם האָ־ראָדנער, האָט ער ברייט געעפנט די אויגן. ער האָט דעם שוואַרץ־חנעוו־דיקן יונגענמאַן דערקענט. אומגעפער מיט אַ יאָר צוריק, האָט ער אים, ר׳ חיימען, געוויזן זיינעם אַ חיבור, וואו ער האָט שטאַרק געטאָדלט די חסי־

דישע רביים. און געחוזקט פון די, וואָס האַלטן, אַז דער בעל „הזוהר״ איז געווען דער תנא, ר׳ שמעון בן יוחאי. ער האָט געגאַרט צו קריגן ביים גאון אַן הסכמה אויף זיין חיבור. ר׳ חיים האָט אים פון דעם קוים אָפּגערעדט. ער האָט אים געזאָגט, אַז ר׳ אליהו קריגט אויף די חסידים, אָבער ניט אויף קבלה, און דער „זוהר״ איז ביי אים קודש. ר׳ חיים האָט אויך געעצהט דעם האַראָדנער, ער זאָל זיך פאַרטיפן אין „זוהר״, וועט ער אַליין דערזען, זיין טעות. ר׳ חיים האָט פאַר זיך אַליין געטראַכט:

— עס איז דאָך אַן עולם הפוך. איצט איז דער האַראָדנער געקומען מיך טאַדלען, פאַרוואָס איך גלייב ניט אין די חסידישע רביים.

ר׳ מענדל האַראָדנער איז ביי זיך געווען זייער מוטיק. ער האָט געהאַט פאַרטראַכט אַ פּלאַן ווי מנצח צו זיין דעם גאונס תלמדים: ער האָט גוט גע־וואוסט, אַז אין לומדות קען ער זיי ניט אַריבערשטייגן. ער איז אָבער געווען בטוח, אַז אין דער תורה שבנסתר שטייט ער מיט קעפּ העכער פון זיי. ער האָט דאָך געלערנט די חכמות הנסתר, ביי ר׳ שניאור זלמנען. וועט ער פירן דעם וויכוח אויפן סמך פון קבלה. ער האָט זיך מיט ר׳ סעדיהן ניט גע־קענט, ער האָט איצט אים צום ערשטן מאָל געזען. לייענענדיק זיינע תשו־בות, פון די פּאַפּירן, וואָס די חסידים האָבן געבראַכט צו זיין רבין, האָט ער אָבער געכאַפּט זיין מהות, אַז מיט זיין גאַנצער שטרענקייט, קען מען, מיט אַ געפּאַלענער מינע, ביי אים אַלץ פּועלן. האָט ער, ר׳ מענדל האַראָדנער, זיך געקליגט. ער האָט זיך געמאַכט הכנעהדיק און האָט געבעטן ביי ר׳ סעדיהן מען זאָל ענדערן דעם סדר פון פרעגן און אָפּפרעגן. עס זאָל פריער איין צד פאַרלייגן זיינע אַלע טענות, און ערשט נאָכדעם זאָל דער צווייטער צד ענטפערן. ער האָט אויך געבעטן, אַז מען זאָל עס ניט רופן דין־תורה, ווייל עס איז בלויז אַ וויכוח.

זיין ערשטע בקשה האָט ר׳ סעדיה גלייך נאָכגעגעבן. אָבער אויף דער צווייטער בקשה, אַז מען זאָל עס רופן וויכוח, האָט ר׳ סעדיה מיט פעסטקייט געענטפערט:

— די לומדים איז דאָך קלאָר, אַז חסידות איז אָסור מן התורה! האָבן זיי ניט וואָס צו מתווכח צו זיין. אַ דין־תורה איז שוין עפּעס אַנדערש. דער האַראָדנער האָט זיך אַ ווילע געדונגען מיט ר׳ סעדיהן און באַלד מסכים גע־ווען. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז אַ דין־תורה וועט אים געבן דאָס רעכט צו ריידן דער ערשטער.

גלייך ווי דער האַראָדנער האָט זיך געשטעלט ריידן האָט ר׳ סעדיה דערזען, אַז ער האָט אים איבערגעקליגט. ער איז גאָרניט אַזוי שפּלדיק ביי זיך, ווי עס האָט אויסגעוויזן. ר׳ סעדיה האָט פאַרגאַפּט אויף אים געקוקט. ער האָט דערזען פאַר זיך אַ נייעם מין מענטש. זיין שטערן איז צעקנייטשט, ווי ביי אַ תלמיד־חכם, אָבער זיין געשטעל איז פון אַ חסיד. ער רעדט ווי אַ מתנגד. יעדעס וואָרט זיינס צינדט ווי דאָס פייער פון אַ ליכט, וואָס אַליין קילט זי זיך אין קאַלטן זאַמד, אָבער זיינע העוויות און תנועות זיינען פון אַ חסיד. די הענט צעשפּרייט און די אויגן פאַרגלאָצט. זיין ניגון איז אַ גע־

מישטער, עס זינגט אָפּן ווי ביי דער גמרא, און דאָך איז עס סודותדיק און ווייטלעך. אין אים ראַנגלען זיך מתנגדות און חסידות. ער רעדט מיט דער זיכערקייט פון אַן עם־הארץ, און דאָך שפּירט מען, אַז ער האָט ספיקות פון אַ תלמיד־חכם. ער דערמאָנט זעלטן די גמרא. ער וואַרפט זיך דאָס רוב מיט פּסוקים פון „זוהר״ און אַנדערע קבלה ספרים. עס איז אָבער שטאַרק ניכר, אַז ער שפּירט זיך היימישער אין דער גמרא. ער פאַרטשעפּעט זיך אין שווערן תרגום לשון כאָטש ער זאָגט ניט פון אויסנווייניק. ער האָט מיטגע־בראַכט מיט זיך ספרים און אַלע ווײַלע קוקט ער אין זיי אַריין. ער רעדט מיט התפּעלות, ווי ער וואָלט דאָ מי־יודע־וואָס, מחדש געווען. ער מיינט, אַז דאָ, אין קלויז, הערט מען צום ערשטן מאָל, דעם נאָמען פון ר׳ חיים וויטאל.

אָפּצושרעקן דעם גאונס תלמידים, זיי ווייזן, אַז ער ער איז אַ גרויסער למדן אין „נסתר״, האָט ער זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט. ער האָט, מיט באַ־זעסנקייט פאַרלאַנגט: ווייזט מיר די פּאַפּירן, איך וויל זען, צי די סופרים פאַרשרייבן ריכטיק די פּסוקים פון הייליקן „זוהר״. מען האָט זיין רצון גע־טאָן. עס איז אָבער דאָך געקומען צו אַ שאַרפן איבעררייד צווישן אים, דעם האָראָדנער, און די סופרים. ער האָט געטענהט, אַז זיי האָבן עטלעכע פּסו־קים פון „זוהר״ פאַרגרייזט.

דעם גאונס תלמידים האָבן פון אָנהייב ניט גענומען קיין צדדים. ערשט אַז זיי האָבן דערזען, אַז עס האַלט ביי אַ קריגעריי, האָבן זיי, ווי זייטיקע, געגעבן אַן עצה, און געזאָגט: — ניתי ספר ונחזי — לאָמיר אַריינקוקן אין „זוהר״. מען האָט אַזוי געטאָן און איינגעזען, אַז מיט די סופרים איז די גע־רעכטיקייט. ר׳ סעדיה האָט דאָ געהאַט אַ גוטע געלעגנהייט אָפּצופּאַטשן דעם האָראָדנערס פּליגל. ער האָט אָבער פון דעם ניט געוואָלט מאַכן קיין וועזן. דער האָראָדנער האָט אין פאַרלעגנהייט אונטערגעשמייכלט, ווי עס וואָלט גאָרניט פּאַסירט און האָט ווייטער גערעדט מיט דער זעלביקער זי־כערקייט. די סופרים האָבן מיט זייערע לאַנגע גענזן־פעדערס געשריבן און זיך געהיט ניט צו פאַרפעלן אפילו אַ וואָרט פון דעם האָראָדנערס רייד, כאָטש זיי, די סופרים, יידן לומדים, איז ניט געווען צום האַרצן דעם האָ־ראָדנערס געשטעל. ער האָט גערעדט צו האַרב און צו גאווהדיק. און אָט וואָס ער האָט געזאָגט:

— רבותי, איך בין ניט קיין פרעמדער. איך שטאַם, ווי איר אַלע, פון דער ליטע, פון דער שטאָט האָראָדנע. איך בין דאָ ניט אויסן זיך אויסצו־פיינען מיט מיין יחוס. איך זוך דאָ בלויז אייך צו פאַרהיטן פון אַ טעות. איר קענט נאָך אפשר מיינען, אַז איך בין אַ קינד פון פּראָסטן המון, ווייס איך ניט וואָס עס טוט זיך ביי אייך, לומדים, וואָס איר רעדט און ווי איר פירט זיך, זאָג איך אייך, אָן שום גאווה, אז איך שטאַם פון דורות רבנים. איך אַליין בין אויך געגאַנגען אין אייערע וועגן און שטעגן. און ווי איר, געווען פאַרטאָן אין ש״ס און פּוסקים. איך האָב זיך מיין גאַנץ לעבן געמו־טשעט, געגעסן טרוקן ברויט און געשלאָפן אויף אַ האַרטער באַנק. איך

האָב דאָס, ווי אַלע לומדים, ניט געטאָן לשם־שמים, נאָר פאַר שכר. איך זאָל קענען זיין אַ רב! דער האַראָדנער רב! און לעבן אין כבוד. איך האָב, ווי איר אַלע, ניט געשפּירט קיין שום ליבשאַפט ניט צום בורא און ניט צו זיין באַשאַף. פונדעסטוועגן האָב איך געגלייבט, אַז איך וועל אויף יענער וועלט באַלוינט ווערן גאָר אויף אַ הויכן שטייגער. איך לערן דאָך דעם בוראס הייליקע תורה. אמת, טאַקע ניט לשמה, אָבער איר, לומדים, האָבן דאָך איינגערעדט דער וועלט, אַז דאָס איז ניט קיין חסרון.

איך בין זיך מודה, אַז איך, דער האַראָדנער בן הרב, האָב געקוקט מיט בזויה אויף דעם כביכולס יצירה. איך האָב געחוזקט פון פּשוטן פאָלק, וואָס האָבן ניט די וועלט און מיינען, אַז זיי וועלן האָבן יענע וועלט. זיי ווייסן נעבעך ניט, אַז דאָס קען מען דערגרייכן בלויז מיט לערנען גמרא און ניט מיטן זאָגן תהילים, וואָס אויך דאָס זאָגן זיי פאַרגרייזט. איז אַ דאַנק און לויב צו זיין ליבן נאָמען, וואָס ער האָט מיר אַריינגעגעבן שכל צו זוכן אַ נייעם וועג און האָט מיך מצליח געווען מיט אַזאַ הייליקן רבין, ר׳ שניאור זלמן פון ליאָדי. ער איז, אין אונדזער דור, דער גרעסטער צדיק און אַ גאון ניט בלויז אין „נגלה״, נאָר אויך אין דער חכמה פון „נסתר״. ער האָט מיר אויפגעעפנט די אויגן צו דערזען מיין טעות און זיך צו דערוויסן, אַז תהילים זאָגן איז ביי דעם „אין סוף״ פּונקט אַזוי חשוב ווי לערנען גמרא. די קבלה ספרים זיינען עס מרמז אין כמה מקומות. אויך די גמרא זאָגט עס אָפן: „דוד המלך האָט פאַרלאַנגט פון דעם הקדוש ברוך הוא, אַז זאָגן תהילים זאָל זיין פאַררעכנט, ווי מען לערנט די דינים פון „נגעים״ און „אהלות״.

ערשט איצט, דערקענענדיק די חסידישע שיטה, האָב איך דער־שפּירט ליבשאַפט צו אים, און צו זיין יצירה. איך האָב זיך דאָס אָפּגעלערנט פון די חסידישע רביים, וואָס האָבן באמת ליב מענטשן. זיי זיינען די מידת־הרחמים, וואָס דער בורא האָט באַהעפט צום מידת־הדין. אָן די רביים, די צדיקים, וואָלט די וועלט ניט געהאַט קיין קיום. איר, לומדים, חוזקט אָפּ פון זייערע מופתים, כאָטש עס איז באַוואוסט, אַז זיי, די צדיקים, האָבן פיל מוראדיקע גזירות צעריסן, אויסגעפועלט אין די הימלען טובות אויך פאַרן יחיד, אויסגעהיילט קראַנקע לייט, זעעוודיק געמאַכט בלינדע, הערעוודיק געמאַכט טויבע. איר טענהט, אַז זיי טוען עס מיט כישוף, ווייל אין היינטיקע דודות קענען ניט געמאָלט זיין קיין גרויסע צדיקים און עס געשעען איצט ניט קיין ניסים. אָבער דאָס איז דאָך ניט אמת. עס איז דאָך פּונקט דער היפּוך. וואָס שוואַכער עס איז דער דור, אַלץ גרעסערע צדיקים שיקט דער „אין־סוף״ אַרונטער אויף דער זינדיקער ערד. זיי דאַרפן דאָך טראָגן אויף זיך די וועלט, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט אַזוי פיל עבירות. איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך רייד דעם אמת. איר ווילט ניט מודה זיין, ווייל אייער גאווה, דערלאָזט עס אייך ניט. עס שטייט אייך ניט אָן מודה צו זיין, אַז מען קען זיין אַ צדיק און ניט זיין קיין למדן, און מען קען זיין אַ מיאוסער מענטש, כאָטש מען איז יאָ אַ למדן. פרעג איך אייך: פאַרוואָס ווארפט איר ניט אַוועק אייער גאווה?

דער האַראַדנער ברענגט פּסוקים אויף פּסוקים פון „זוהר" און „האריי", וואָס באַווייזן, ווי מיאוס עס איז די מידה פון גאווה. ער קלאַפּט איבער שטענדער מיט צאָרן און חוזק:

— איר טענהט, אַז די בעלי־פּוסקים פּסקנען, אַז ווען דער „זוהר" קריגט אויף דער גמרא, בלייבט דער דין ווי די גמרא. אָבער דאָ איז דאָך ניטאָ קיין פּלוגתא. הערט, ווי די בעלי־גמרא ברענגען אַרויס, וואָס דער רבונו דעלמא זאָגט וועגן אַ בעל־גאווה: „אני והו אינן יכולין לדור בדירה אחת", — איך וועל קיינמאָל ניט וואוינען מיט אַ בעל־גאווה אין איין דירה. איר מיינט, אַז איר זייט יחסנים ביים כביכול, אַז בלויז אין די בתי־מדרשים רוט זיין כבוד. ניין! דער בורא איז „אין־סוף", ער איז אומענדלעך, ער געפינט זיך אומעטום, צי דער אָרט איז הייליק אָדער ניט הייליק. און אַלץ וואָס דער מענטש טוט, איז עס מיט זיין וויסן. אַ מצווה צי אַן עבירה. ווי עס ווערט געזאָגט: „גנבא אפומא דמחתרתא רחמנא קריא", — אפילו ביים גנבענען רופט זיך דער גנב צו גאָט. דער הייליקער תנא, ר' שמעון בן יוחאי, זאָגט עס נאָך קלאָרער אין זיין „זוהר": „לית אתר פנוי מיניה", עס איז ניטאָ קיין ווינקעלע אויף דער וועלט, וואו דער כביכול זאָל זיך ניט געפינען, ער זעט, וואָס יעדער איינער טוט. דעם כביכולס שטול שטייט טאַקע אין די היכלע הימלען, ווייט פון דער ערדישער וועלט, אָבער ער איז „אין־סוף". ער געפינט זיך אומעטום, און באַלעבט די גאַנצע וועלט, מיט איר אומגעהויערן באַשאַף. די אומות העולמדיקע פילאָזאָפן פרעגן די קלאָץ־קשיא: ווי קען דער „אין־סוף", איינער אַליין, האַלטן זיין אויג אויף אַלעמען און אומעטום די וועלט איז דאָך אַזוי גרויס? זי איז דאָך פול מיט מיליאָנען און מיליאַסן מענטשן, חיות און געוויקסן? זיי, די נאַראָנים, ווייסן ניט, אַז אמונה קען מען ניט באַנעמען מיטן שכל, נאָר מיט דער נשמה. אַז מען וויל פאַרשטיין און באַנעמען זיינע דרכים און מידות, מוז מען זיין אויך־געלייטערט. מען מוז פריער אַרויסטרייבן פון זיך די בהמהשע נשמה און בלייבן בלויז ביי דער שמימדיקער נשמה.

איר, לומדים, — רעדט מיט שפּאָס ווייטער דער האַראַדנער, — זוכן אָבער, ווי די פילאָזאָפן, צו פאַרשטיין הקדוש ברוך הוא מיטן שכל. ווייסט איר דען ניט, אַז נשמה קען מען דערפילן בלויז מיט נשמה, ווי דער נביא איוב, זאָגט: „מבשרי אחזה אלוה", — דיך גאָט קען מען דערזען בלויז דורך דער נשמה, און ניט דורך לומדות, דורך פּלפּולים, חילוקים, און „שקלא־וטריאס". דער „מבשרי אחזה" — איז דער אלף־בית. ווייטער און העכער רופט זיך שוין חכמת אלקות — די חכמה פון געטלעכקייט. אַז מען האַלט שוין אפילו ביי דער העכסטער חכמה קען מען אַלץ ניט אַוועק־גיין פון אלף־בית. וואָס ווייטער און העכער מען דערגרייכט, אַלץ נענטער קומט צום אלף־בית. מען קען זיך פון אים ניט אָפּרייסן. עס איז מיטן מענטשן פאַרבונדן, ווי דער פּשט איז פאַרבונדן מיטן סוד. דאָס איז דער וואונדערלעכער כוח פון אות. איך וועל אייך עס געבן צו פאַרשטיין דורך אַ ביישפּיל: אַ קינד, וואָס הייבט אָן צו לערנען אלף־בית, איז לכתחילה זיין

גאַנצער נייגער דאָס געשטאַלט פון אות; ווי ער קוקט אויס, צי ער האָט אַ גאַנץ פּיסל צי אַן אָפּגעהאַקטס. שפּעטער איז דעם קינדס אינטערעס שוין אין צירוף, צו באַהעפטן די אותיות און מאַכן פון זיי ווערטער. נאָך שפּעטער, אַז דאָס יינגל דערגייט שוין ווייט אין לערנען, קערט ער זיך צוריק אום צום אלף־בית. דער אות קריגט ביי אים צוריק זיין פריערדיקע באַדייטונג, און אַן נאָך העכערע. פון אלף־בית קען מען ניט אַוועקגיין. אָן אות איז דאָך גאָר ניטאָ. ער איז דאָך דער יסוד.

דער האָראָדנער מוחט זיך און זאָגט: אויפן שכל קען מען זיך ניט פאַר־לאָזן. ער איז בלויז אַ שליח פון רצון. ער טוט אַלץ, וואָס יענער פאַרלאַנגט פון אים. ער איז דער לבוש, דאָס קלייד, וואָס דער ווילן הילט זיך איין. איז ביי די חסידישע רביים, די גרויסע צדיקים, דער שכל גאָר אַ קנאַפּער באַלעבאָס. זייער רצון הערשט איבערן שכל. זיי זיינען לויטער רוחניות. אין זייערע הערצער רוט בלויז די הימלשע נשמה, די בהמהשע נשמה האָבן זיי פאַרטריבן. מיינט אָבער ניט, אַז עס איז זיי אָנגעקומען גרינג. זיי האָבן טאָג און נאַכט געהאַלטן אין איין אויסמוטשען די בהמהשע נשמה. זיי האָבען זי שוואַך געמאַכט דורך טובלען זיך אין קאַלטע וואַסערן. זיי כאַפּן ניט אָפּ דאָס דאַוונען, זיי זיינען מתפּלל מיט כוונה און דביקות. זייערע תפילות ווערן אָנגענומען אין הימל, ווייל זיי דערגרייכן אַהין. אָבער איר, לומדים, לערנט און דאַוונט אָן כוונה, בלייבן אייער תורה און תפילה ליגן, ווי שטיי־נער אויף דער ערד. זיי האָבן ניט קיין פליגלען, קענען זיי ניט פליען אין די הויכקייטן, ווי דער זוהר הקודש זאָגט: „בלא דחילו ורחימו לא פּרחת לעילא״... — תורה אָן מורא און אָן ציטערדיקער ליבשאַפט האָט ניט קיין פליגלען.

דער האָראָדנער וואַרפט אַ נצחונדיקען בליק אויף ר׳ סעדיהן און ער רעדט ווייטער:

— איר לערנט דאָך תורה, בלויז מען זאָל אייך אָפּגעבן כבוד, איר זאָלט ברחבות קענען זיצן אויף רבנות. די בעלי־גמרא זאָגן דאָך בפירוש: — „דער, וואָס לערנט ניט לשם־שמים איז גלייכער, אַז ער וואָלט גאָרניט געבוירן געוואָרן״. זאָגן אויך אונדזערע חכמים: — „אשרי אשר בא לכאן ותלמודו בידו״ — גליקלעך איז דער, וואָס קומט אויף יענער וועלט און זיין תורה האָט ער מיטגענומען מיט זיך, און ער האָט זי ייט איבערגעלאָזט אויף דער ערד.

דעם גאונס תלמידים האָבן זיך צוגעהערט ווי ר׳ מענדל האָראָדנער טאַדלט די לומדים. אין זייערע הערצער האָט געברויזט דער צאָרן. זיי האָבן אָבער געשוויגן. זיי, די פרומע לייט, האָבן ניט געוואָלט עובר זיין אויף ר׳ סעדיהס הבטחה, אַז מען וועט לאָזן דעם חסידישן צד אַרויסברענגען זיינען טענות קעגן די מתנגדים. האָבן זיי אַפילו מיט אַ שטומען בליק ניט געגעבן קיין אָנדייט, אַז זיי טייטשן אַנדערש אויס דעם „ארי״ און דעם „זוהר״. האָבן ר׳ מענדל האָראָדנער און די חסידים אַרויסגעדרונגען פון זייער שווייגן, אַז זיי, די לייט פון תורה שבנגלה, ווייסן ניט וואָס צום ענטפערן. זיי איז

אינגאַנצן פרעמד די תורה שבנסתר. האָט דער האַראַדנער זיך דערשפּירט גאַר דערהויבן. האָט ער גענומען פאַרענטפערן אויך די טענות, וואָס די לומ־דים האָבן נעכטן פאַרגעוואָרפן די חסידים, און ער האָט, מיט שפּאָט, צו זיי געזאָגט:

— ווייסט איר דען אַליין ניט, אַז אייער גאַנצער אָנשפּאַר אויף דעם „לא תגודדו״ האָט אין זיך ניט קיין האַפט. ער איז דאָך בלויז חל אויף דינים דאוריתא און רבנן, עס זאָל ניט אויסקוקן, אַז עס זיינען דאָ צוויי תורהס. אָבער אויף מנהגים איז דאָך ניט שייך צו זאָגן „לא תגודדו״. ווייל מנהג האָט ניט צו טאָן מיט דער תורה. איר טענהט, אַז דער ארי הקדוש איז געווען אַ ספרדישער ייד און ער האָט מסדר געווען זיין סידור בלויז פאַר די יידן פון יענע לענדער. אויף דעם וויל איך איצט ענטפערן: זיין נוסח איז ניט קיין ספרדישער. ער, דער הייליקער מענטש, האָט אויסגעקליבן דאָס בעסטע פון דיביידע נוסחאות, פון אַשכנזישן און ספרדישן. ער האָט זיי אויסגעמישט און געמאַכט כולו סולת — זעמל־מעל. ער, דער „ארי הקדוש״, איז געווען פונקט אַזוי גרויס אין נגלה ווי אין נסתר. זיין תלמיד מובהק, ר׳ חיים וויטאַל, דערציילט, אַז ער האָט אַלע טעג פון וואָך געלערנט נגלה און בלויז שבת האָט ער זיך עוסק געווען אין נסתר. ר׳ חיים וויטאַל זאָגט אויך, אַז תורה אָן נסתר איז ווי אַ גוף אָן אַ נשמה. טאָ וואָס חוזקט איר, וואָס מיר לערנען נסתר? און אויב פאַר אייך זיינען קבלה־רייד פאַר־באָרגענע ווערטן, זיינען זיי פאַר אונדז אָפענע ווערטן. מיר, די חסידים, האָבן זיך אויסגעטאָן פון דער בהמהשער נשמה, זיינען פאַר אונדז די פאַר־באָרגענע סודות און רמזים — נגלה. תורה אָן תפילה איז ניט קיין ענין. תורה איז געגליכן צו לחם — ברויט, און פונקט ווי ברויט איז געזונט פאַר אַ געזונטן און שעדלעך פאַר אַ קראַנקן, אַזוי איז אויך די תורה בלויז גע־זונט פאַר אַ שטאַרקער נשמה. זי שפּייזט, אָבער זי היילט ניט קיין קראַנקע נשמות. מיר, מענטשן, פון די איצטיקע שוואַכע דורות, זיינען דאָך כמעט אַלע קראַנק אויף דער נשמה. בלויז בעלי גאווהס און שוטים ווילן עס ניט מודה זיין. פאַר אונדז איז ברויט שעדלעך. מיר מוזן אָנקומען צו רפואות. און די בעסטע רפואה פאַר דער נשמה איז — תפילה.

דער רעיון, איז אים, דעם האַראַדנער, ערשט איצט איינגעפאַלן. און ער אַליין איז פון דעם נתפעל. קוקט ער זיך אַרום, צו זען וואָס פאַר אַ רו־שם עס האָט געמאַכט. ער גלעט מיט נחת־רוח זיין שטערן, וואָס איז צע־קאַרבט מיט קנייטשן, און אַ האַפּערדיקער רעדט ער ווייטער:

— איך ווייס, אַז איר לומדים, וועלן מיך ענטפערן, אַז עס זיינען, ברוך השם, דאָ גענוג מוסר־ ספרים, ווי דער „חובת הלבבות״, דער של״ה און נאָך אַנדערע. קען מען דאָרטן געפינען גענוג מיטלען פאַר קראַנקע נשמות, טאָ צו־וואָס פאָרן צו די חסידישע רביים? האָבן זיי דען בעסערע מיטלען ווי ר׳ משה חיים לוצאַטו? אָבער דאָס איז אַ קלאָץ־קשיא, עס איז געגליכן ווי מען זאָל זאָגן צו אַ קראַנקן מענטשן: — צו־וואָס זאָלסטו בחינם פאָרן

צו דאָקטוירים, קוק אַריין אין די ביכער, וואָס פאַרנעמען זיך מיט חכמות־המעדיצין, וועסטו שוין אַליין וויסן ווי זיך אויסצוהיילן.

אָבער אַ מענטש, וואָס האָט פאַרשטאַנד, וועט עס קיינמאָל ניט זאָגן. די ביכער ווייזן בלויז, וואָס מען דאַרף טאָן צו דער אָדער יענער חולאת, אָבער זיי קענען דאָך ניט וויסן, וואָס איז דיין חולאת. דו קענסט ליינען, אַז עס טוען דיר ווי די לונגען, און אין דער אמתן ביסט דו גאָר קראַנק אויף דאָס האַרץ. מוזטו שוין אויסגעפינען דיין קראַנקייט ביי די דאָקטוירים. אַזוי איז אויך מיט די מוסר ספרים, זיי דערקלערן בלויז די מיטלען. אָבער אויף וואָס דיין נשמה איז קראַנק, מוזטו פאָרן צו די חסידישע רביים. די דאָקטוירים זיינען מומחהס אויפן גוף, און זיי, די צדיקים זיינען די מומחהס אויף דער נשמה. זיי דערקענען גלייך דיינע שוואַכקייטן. זיי געפינען אויס, וואו דער יצר־הרע האָט געפונען אַן עפענונג צוצוטרעטן צו דיר. זיי עצהן דיר, וועלכע פסולות דו דאַרפסט אָפּרייניקן פון דיין נשמה. און זיי בעטן אויך פאַר דיר אין הימל, מען זאָל דיר, דעם שוואַכן מענטשן, העלפן זיך אומצוקערן אויף דעם ריכטיקן וועג. איר, לומדים, קענט דעם מענטשן ניט העלפן. איר האָט ניט קיין דעה אין הימל, ווייל איר לערנט ניט לשם־שמים און איר זייט מתפּלל אָן כוונה. איר זייט געגליכן צו שלעכטע מוזיקאַנטן, וואָס האָבן אַ קנאַפּע ידיעה אין געזאַנג, און דאָך גרייטן זיי אפילו ניט צו זייערע כלים. איר כאַפּט אָפּ דעם דאַוונען. טאָ וואָס טויג, אַז איר דאַוונט בציבור, אַז איר נעמט ניט אויף זיך אַרויף דעם עול־שמים.

איר פאַרנעמט זיך בלויז מיט פּלפּולן דינים, וואָס זיינען היינטיקע צייטן גאָרניט שכיח. איר האָט פאַרגעסן אין דעם פּשוטן מענטשן. עס אַרט אייך ניט, וואָס ער לעבט אין דחקות און אין עלנטקייט. ער האָט אפילו ניט, ווער עס זאָל אים טרייסטן און ווער עס זאָל זיך פאַר אים מיען אין הימל. אייך לומדים איז ניט אָנגעשטאַנען צו בעטן ביי די מלאכים, וואָס זיינען נאָענט צום בורא, כאָטש זיי קענען ביי אים גיכער פועלן ווי אַ בשר ודם. איר גייט בלויז מיטן הארבן מידת־הדין. איר טאַדלט די חסידישע רביים. ווייסט איר דען, אַז די וועלט קען ניט האָבן קיין קיום אָן מידת־הרחמים. מהאי טעמא, זאָגט דער זוהר הקדוש: „די התגלות פון צדיקים איז דער מידת־הרחמים.”

ר׳ מענדל האָראָדנער האָט, מיט התרוממות אויסגעשריען:

— טוט תשובה, וואַרפט אַוועק אייער גאווה. בעט ביי אונדזער רבין, ר׳ שניאור זלמן, ער זאָל אייך מוחל זיין. ער, דער צדיק, וועט אייך ווייזן דעם וועג צו תשובה...

דער האָראָדנער האָט גערעדט מיט היץ און ברען, אַ שווייס האָט איבער זיין פּנים זיך געגאָסן. ער האָט עס אָבער ניט געשפּירט און האָט אַפילו ניט געפּרואווט זיך אָפּצוקילן. ער האָט זיין ווייס טיכל געפּאַכעט אין דער וועלט אַריין, לשם פּאַראַד. דאָס האָט אים, דעם שוואַרץ־בערדלדיקן יונגענמאַן צוגעגעבן פּונקט אַזויפיל חן, ווי זיין ווייסער חסידישער קראַוואַט מיט די צוויי אָפּגעלייגטע קליאַפּעס.

ערשט נאָכן ענדיקן ריידן האָט ער דערשפּירט זיין מידקייט. האָט ער מיטן ווייסן טיכל גענומען ווישן זיין שטערן, וואָס איז געווען ווי אויסגעאַקערט מיט די טיפע קנייטשן, וואָס מען קען נאָר דערווערבן פון לאַנג האָרעווען אויף דער האַרבער תורה. אָבער בלויז עטלעכע קנייטשן זיינען געווען זיינע אייגענע, די איבעריקע זיינען צו אים געקומען בירושה פון זיין טאַטן, זיידן און עלטער־זיידן, די האָראָדנער רבנים. און ווי ביי זיי, זיינע זיידעס, איז אויך ביי אים דער שטערן געווען אויסגעשטעלט, ווי ער וואָלט זיך מיט אים שטאַרק איבערגענומען, כאָטש ער, דער יורש זייערער, איז גאָר אַוועק אויף אַן אַנדער דרך, אויף דעם וועג פון די חסידים, וואָס מאַכן גאָר אַ וועזן פון דעם נאַרישן האַרץ און פאַרלייקענען דעם קלוגן קאָפּ, וואו, ווי דער גאון זאָגט, עס זיצט דעם מענטשנס הימלשע נשמה.

די חסידים זיינען אַריין אין התפעלות פון דעם האָראָדנער. זיי האָבן אַרום אים אַרומגעטאַנצט מיט יראת־הכבוד, ווי ער וואָלט געווען זייער רבי. איין חסיד האָט אים געבראַכט צוטראָגן אַ טרונק, קאַלטע וואַסער אָפּצוכאַפּן דאָס האַרץ, און אַ צווייטער חסיד האָט זיך ביי אים געבעטן רחמים: — טרינקט לאַנגזאַם. איר זייט דאָך פאַרשוויצט. עס קען אייך נאָך פאַרשאַדן. אַ דריטער חסיד האָט אים מיט פריינטשאַפט געגלעט איבער דער פּלייצע. אַ פערטער חסיד האָט אים געזאָגט שבחים, געלויבט זיין כוח־הדיבור. אַ פינפטער חסיד האָט מיט התפעלות אים געלויבט, פאַר זיינע טיפע רעיונות און גרונטאָווע טענות, וואָס ער האָט אויסגעלייגט מיט אַזאַ פיינעם און קלוגן סדר. די חסידים האָבן זיך גאָרניט געקענט אָפּוואונדערן, וואָס ער, אַ ליטווישער ייד, און בלויז אַזאַ קורצע צייט אַ חסיד, זאָל אַזוי גוט פאַרשטיין די סודותדיקע מאמרים פון „זוהר“.

דער האָראָדנער האָט, מיט התנצלות, זיי דערציילט- אַז ער האָט זיך שוין עוסק געווען אין קבלה ספרים, ווען ער איז נאָך געווען אַ מתנגד. פאַרשטייט זיך — האָט ער מוסיף געווען — האָט דאָס געהאַט צו טאָן מיט אַ כוונה, וואָס איז זייער ווייט פון קדושה. די חסידים האָבן, נשתוממדיקע, אויסגעשפּיצט די אויערן. זיי האָט זיך דאָס ניט געגלייבט. זיי, די לייט פון פּוילן און פּאָדאָליע, זיינען געווען בטוח, אַז אין דער ליטע זיינען אָט־די הייליקע ספרים גאָר ניט בנמצא. זיי האָבן געהאַט געהערט דערציילן, אַז די מתנגדים האָבן זיי פאַרברענט אין אַ גרויסן אויוון, וואו מען פאַרברענט אין די ערב־פּסח דעם חמץ. דער כבוד, וואָס די חסידים האָבן אים אָפּגעגעבן איז דעם האָראָדנער ניט באַקומען. ער איז געזעסן אַן אומעטיקער און אַ שטאַרק פאַרזאָרגטער. פריער, ווען ער האָט, מיט היציקייט און רעש, באַוואָרפן דעם גאונס תלמידים מיט טענות איינע שטאַרקער פון דער אַנדערער, איז ער געווען אין פולן גלויבן, אַז ער וועט אַרויסגיין דער בעל־נצחון. ער אַליין האָט געקליבן נחת פון זיינע קלוגע רייד. ער איז געווען זיכער, אַז ער שלאָגט צו זיינע טענות, ווי מיט טשוועקעס, און קיינער וועט זיי ניט קענען רירן פון אָרט. איצט, האָבן ספיקות, ווי אייזערנע רייפן, אים אַרומגענומען. זיי האָבן, ווי געטייטלט, מיט די פינגער: — מענדל האָראָדנער, קוק זיך צו,

ווי רואיק און זיכער עס זיצן זיך דעם גאונס תלמידים. זיי, די גרויסע לומ־דים, זיינען גאַר קנאַפּ וואָס נתפּעל געוואָרן פון דיין עמקות אין „זוהר״. פאַרלאָז זיך ניט, וואָס די חסידים לויבן דיך. זיי קענען דאָך ניט די מענטשן פון דער ליטע, זיינען זיי מסוגל זיך איינצושמועסן, אַז דו האָסט מנצח געווען די לומדים. אָבער דו, מענדל, שטאַמסט דאָך פון האָראָדנע, און דו ביסט אַ בן־הרב און אַליין אויך אַ למדן, ווייסטו דאָך גאַנץ וואויל און גוט, אַז מען קען ניט אַזוי גרינג אָפּשרעקן דעם גאונס תלמידים. זיי זיינען דאָך גרויסע גאונים, וואָס זיינען גאָרניט בנמצא אין היינטיקע דורות. אַפילו מיטן קלענסטן פון די קלענסטע קען זיך קיינער ניט פאַרגלייכן. עס איז דאָך ניטאָ קיין איין חכמה אין דער וועלט, וואָס ווי קענען ניט גרינטלעך.

דער האָראָדנער האָט זיך געמיט צו טרייסטן און ער האָט זיך אַליין געענטפערט:

— איך לייקן דאָס ניט אָפּ. דאָס איז דער ריינער אמת, אָבער איך האָב זיך ניט וואָס צו שרעקן. יענע זיינען גדולים בלויז אין די חכמות, וואָס מען רופט נגלה. אַז עס קומט אָבער צו „נסתר״, בלאָנדזשען זיי ווי אין אַ פינצ־טערן וואַלד. זיי האָבן די דאָזיקע חכמה ניט געלערנט.

ביי ר׳ מענדלן איז ניט געווען קיין שום ספק, אַז ער פּסקנט דאָ ריכ־טיק. פונדעסטוועגן האָט זיין מסקנא אים ניט באַרואיקט. ער האָט אַ צערו־דערטער זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן. ער האָט דעריזן, אַז דעם גאונס לומדים פירן צווישן זיך אַ שמועס. האָט ער פאַר זיך אַליין געטראַכט:

— זיי גרייטן זיך דאָך אוודאי צו ענטפערן אויף מיינע טענות. בין איך אַ בעלן צו הערן, וואָס זיי רייזן. האָט ער אויסגעשפּיצט זיינע אויערן און ער איז געבליבן אַ געפּלעפּטער. יענע האָבן גאָר געמיטלעך גערעדט אין לערנען. איינער פון די יינגערע תלמידים האָט איבערגעזאָגט ר׳ אליהוס אַ חידוש אויף אַ משנה אין סדר „זרעים״. דאָרט ווערט געזאָגט, אַז דאַוונען מעריב „אין לו קבע״. פירן די „אמוראים״ אַרום דעם אַ גרויסע פּלוגתא. אָבער ר׳ אליהו טייטשט גאָר אַנדערש דעם „אין לו קבע״ און עס פאַרשפּאָרט די גאַנצע פּלוגתא, וואָס ציט זיך אויף גאַנצע עמודים.

דער האָראָדנער גייט אַריין אין היכער התפּעלות פון ר׳ אליהוס גאו־נישן טייטש:

— זיין פּירוש ליגט דאָך אַזוי אויבנאויפיק. עס שיינט אין די אויגן ווי אַ דימאַנט, און דאָך האָט קיינער ביז אים עס ניט דערזען! עס איז פאַר דורות געלעגן און געוואַרט אויף ר׳ אליהון. נאָך מער ווערט דער האָראָדנער נתפּעל פון ר׳ אליהוס זיכערקייט אין זיך. ער, דער גאון, דערשרעקט זיך ניט, וואָס די הייליקע ראשונים טייטשן אַנדערש דעם „אין לו קבע״.

דער האָראָדנער האָט פון התפּעלות פאַרגעסן, אַז ער איז דער שליח פון ר׳ שניאור זלמנען צו פירן אַ וויכוח פאַר די חסידים מיטן גאונס תלמי־דים. אין אים, דעם אַמאָליקן למדן, האָט זיך אויפגעוועקט די לומדישע נייגעריקייט, דאָס להוטקייט צו שמועסן אין לערנען. און ער איז שוין געווען גרייט איבערצוזאָגן פאַר דעם גאונס תלמידים זיינע אייגענע דברי־תורה

און זיי בעטן אים מסביר צו זיין, צי דער גאון טייטשט אויך אַזוי אויס. ער האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט, אַז דאָס איז איצט ניט זיין שליחות, האָט ער אַן אומעטיקער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

מיטאַמאָל האָבן זיינע אויגן אויפגעבליצט, ער האָט דערזען, ווי דעם גאונס תלמידים האָבן זיך אומרואיק גענומען וויגן און סודן זיך, ווי ביימער אין וואַלד, ווען אַ ווינט קומט אָן. ר׳ סעדיה טענהט עפּעס שטאַרק איין מיט ר׳ מאירל סערייער, און יענער שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. ר׳ מענדל האַראַדנער שפּיצט אויס די אויערן, צו הערן וואָס זיי ריידן. אָבער באַלד ווערט שטיל. ר׳ סעדיה גיט אַ פּאַטש איבערן טיש. ער רופט אויס אַן הפסקה, מען זאָל זיך שטעלן דאַווענען מנחה.

דאָס יונג חסידל, וואָס איז געגאַנגען אַנגעטאָן אין ווייסן, איז צוגעלאָפן צום עמוד און ניט געוואָלט דערלאָזן דאַווענען. ער איז אַרויס מיט טענות:

— ווי קען מען זיך שטעלן מתפּלל זיין אין אַזאַ צעררודערונג? וואָס טויג צו טאָן תפילה, אַז מען וועט ניט קענען מכוון זיין? עס איז דאָך אַן עבירה אפילו צו ענטפערן: „אָמן״!

דעם גאונס תלמידים האָבן אים ניט געענטפערט. זיי האָבן זיך גע־שטעלט דאַווענען. די חסידים האָבן, בייזע, אָפּגעטראָטן אין אַ זייטיקן שטיבל. ר׳ מענדל האַראַדנער האָט דערזען, אַז ר׳ סעדיה איז פאַרטרויערט. האָט ער, דער האַראַדנער, גענומען צונויפשטוקעווען איין טראַף צום צווייטן, און אויסגעחשבונט, אַז על־פּי שכל איז דאָ מסתמא אָט־וואָס געשען: ר׳ מאירל, דעם גאונס מחותן, האָט מסתמא אַ שטיקל ידיעה אין קבלה, האָט פאַרלאַנגט ר׳ סעדיה, פון אים, אַז ער זאָל זיין דער „דע מה שתשוב״. אָבער ר׳ מאירל, וויל זיך עס ניט אונטערנעמען, איז ר׳ סעדיה אין קלעם, מחמת די איבעריקע תלמידים פון גאון הייבן ניט אָן צו וויסן אין דער חכמה פון נסתר. די דאָזיקע השערה האָט ר׳ מענדלן דערהויבן. ער האָט זיך צוריק דערשפּירט ביים מוט. זיין הנחה איז געווען ניט אינגאַנצן פון וועג אַראָפּ. ר׳ מאירל סערייער האָט טאָקע ניט געוואָלט זיך אונטערנעמען צו זיין דער ראש המדברים. ער, דער עניוו, האָט געטענהט: אַז ער איז ניט ראוי, און מען זאָל מכבד זיין ר׳ חיים וואָלאָזשינער, וואָס איז אַ סך אַ גרעסערער ידען ווי ער, מאירל. אין דער חכמה פון נסתר. ר׳ סעדיה מיט ר׳ חיימען זיינען געווען מחותנים. זיין שוואָגער, ר׳ זעלמעלע, איז דאָך ר׳ חיימס אַ יינגערער ברודער און ער האָט מיט ר׳ חיימען אָפּט גערעדט אין לערנען, אָבער בלויז אין הלכה־ענינים. האָט ער ניט געוואוסט, אַז דער וואָלאָזשינער איז אויך אַ גדול אין דער תורה שבנסתר. ר׳ סעדיהן איז אויך מער ניחא געווען, אַז ר׳ מאיר זאָל זיין דער ראש המדברים. ער איז דאָך געווען זיין רבינס אַ חבר, און צוזאַמען מיט אים, ר׳ אליהון, געלערנט חכמת הנסתר און רעדט אויך איצט אָפּט מיטן גאון סודות. האָט ר׳ סעדיה געהאַט עגמת־נפש, וואָס ר׳ מאירל וויל זיך ניט אונטערנעמען צו זיין דער פירשפּרעכער. ער האָט אויך מורא געהאַט זיך פאַרלאָזן אויף זיין עדות זאָגן, אַז ר׳ חיים איז אַ גדול אין „נסתר״. וואָרים ר׳ מאירל, דער גרויסער עניוו, האַלט, אַז יעדער איינער קען בעסער לערנען פון אים, איז קליגער פון אים און פרימער פון אים. ר׳ סעדיה האָט אָבער

ניט געהאַלטן פאַר רעכט איבערצוטרעטן ר' מאירלס בקשה. האָט ער גלייך נאָך מנחה, אָן איבעריקע רייד, און ניט מיט צופיל התלהבות, אויסגערופן:
— יעמוד הרב ר' חיים פון וואָלאָזשין!

ר' חיים האָט זיך אַ פּאַרוואונדערטער אַרומגעקוקט. ער, פּונקט אַזאַ עניוו ווי ר' מאירל סערייער, האָט גאָר געהאַלטן, אַז ער איז דער ווייניקסטער פון גאונס תלמידים. טאָ פאַרוואָס קומט דאָס אים דער כבוד? ער טאָר דאָך אָבער ניט איבערפרעגן ר' סעדיהן, וואָס איז איצט דער אב בית־דין. האָט ער פאַר זיך אַליין געטראַכט:

איך בין דאָך אַביסל באַהאַוונט אין דעם ענין. איך האָב דאָך וועגן דעם אָפט גערעדט מיט ר' אליהון, און מקבל געווען פון אים דעם תוך פון זיין התנגדות צו דער שיטה. טאָ לאָמיר האָבן בטחון, אַז מען וועט מיך העלפן מן־השמים. ר' חיים האָט אָבער מורא געהאַט, אַז דער יצר־הרע זאָל דאָ ניט האָבן קיין געלעגנהייט אים איינצושמועסן, אַז ער איז גאָר אַן אָדם־גדול, והראיה, אַז אויף אַזאַ וויכטיקער שליחות האָט מען ניט געפונען קיין אַנדערן צו שיקן, נאָר דווקא אים. האָט ער גענומען זיך חקירהן צו געפינען דעם טעם אין דעם דין אויף וועלכן סעדיה האָט זיך סומך געווען, וואָס ער האָט אויסגע־קליבן דווקא אים, דעם קלענסטן צווישן אַלע תלמידים.

ער, אַ גאון אין תורה, האָט געדענקט אויפן קאָפּ אַלע הלכות און דינים, האָט זיך אים אָפּגעדוכט, אַז ער האָט דעם דין געפונען. האָט ער זיך זייער געפרייט, וואָס ער דאַרף שוין מער ניט מורא האָבן פאַרן יצר־הרע, ווייל דאָס, וואָס מען האָט דווקא אים אויסגעקליבן, איז גאָר אים לגנאי. ער, דער אָפּגעהיטער, פרומער מאַן, האָט זיך אָבער באַזינט, אַז אפשר קען ער נאָך זיין דער בעל־גורם, אַז זיינע חברים זאָלן געשטרויכלט ווערן אין דער עבירה פון בחנם חושד זיין, אַז אפשר נעמט ער זיך איבער מיט זיין שליחות. האָט ר' חיים, זיי צו פאַרהיטן, מיט עניוות זיך צו זיי געווענדעט און געזאָגט:

— רבותי, ווי איר זעט, האָט ר' סעדיה פון אייך אַלעמען, דווקא מיך, חיים וואָלאָזשינער, אויסגעקליבן, צו זיין דער בעל־התחלה. און צו פאַרהיטן צו מאַכן אַ טעות, בין איך איצט מודיע ברבים, אַז איך פאַררעכן עס ניט פאַר קיין כבוד. ר' סעדיה האָט מיך געשיקט, ווייל אַזוי איז דער דין: ביי אַ דין־תורה פון געלט־זאַכן הייבט מען אָן מיט חשובסטן צווישן די דיינים. אָבער ביי דיני־נפשות זאַכן הייבט מען אָן מן־הצד, מיטן קלענסטן. צו אונדזער גרויסן צער קומט דאָ איצט פאַר אַ דין־תורה איבער דיני־נפשות. די נייע כתה, וואָס רופן זיך חסידים, זוכן אומצוברענגען די גאַנצע יצירה. זיי ווילן אַוועקשענקען די תורה צו די מלאכים אין הימל. די בני־ישראל קענען אָן תורה ניט לעבן און אָן זיי קען די וועלט ניט האָבן קיין קיום. טאָ לאָמיר ראַטעווען פון זייערע הענט אונדזערע ברידער־יידן.

די לעצטע ווערטער האָט ר' חיים אַרויסגערעדט מיט גרויס רגש. זיי זיינען געווען אָנגעזאָפּט מיט ליבשאַפט צו יידן און זייער תורה. ר' חיים האָט געפּרואווט ווייטער צו ריידן, אָבער טרערן האָבן אים גענומען שטיקן. ער האָט זיך צעוויינט. לכתחילה שטיל, און נאָכדעם אַלץ העכער און העכער.

באַלד האָט די גאַנצע קלויז זיך צעקלאַגט. דעם גאונס צוועלף תלמידים, די סופרים, די פרושים און אַפילו ר׳ חיים יוסף וויזשונער, וואָס איז בטבע געווען זייער שווער אויף טרערן.

זייער געוויין איז געווען דער ערשטער ענטפער צו די חסידים. און כאָטש ניט בכוונה, האָט עס מיט אומגעהויערן כוח, איינגעוואָרפן דעם שטאַרק איינגעפונדעוועטן בלבול, וואָס די לייט פון פוילן האָבן פון קינד־וויז־אָן אין זייערע שטובן, און ביי די טישן פון זייערע חסידישע רביים, זיך אָנגעהערט אַזויפיל מעשיות וועגן דער כלומרשטער מתנגדישער קאַלט־קייט. איצט; זיצנדיק דאָ אין פּאַליש, האָבן זיי, די חסידים, גאָר געזען, ווי יענע וויינען מיט אַזאַ געשמאַקייט. זיי האָבן פאַרגאַפּטע געקוקט: — היתכן?

אין זיין פראָסטן קאָרטענעם רעקל און אין אַן אַלטער יאַרמלקע אויפן קאָפּ, איז ר׳ חיים וואָלאָזשינער געשטאַנעןביים שטענדער און גענומען אַרויסברענגען זיינע טענות צו די חסידים. ער, דער שטאַרק פרומער מאַן, וואָס גאָר אים האָט געקליידט דער טיטול חסיד, האָט זיך געהיט ניט צו דערמאָנען דעם האַראַדנער ביים נאָמען. ער האָט מורא געהאַט, אַז אפשר וועט ער יענעם מבייש זיין. ער, דער קלוגער מאַן, האָט אויך גע־האַלטן, אַז עס איז שכלדיקער אַרומצונעמען דעם ענין חסידות פון דער טיפקייט. זיך דערגרונטעווען צו זיינע וואָרצלען, האָט ער זיך ניט געהיצט, ער האָט גערעדט געלאַסן און ניט צו הויך. זיינע רעיונות, האָבן זיך גע־קייטלט איינער אין אַנדערן, און אויפגעריסן מיט רעש, ווי דונערן און בליצן אין אַ פאַרשטיקטן פאַרכמורעטן טאָג.

ווי אַ געטרייער טאַטע רעדט זיך דורך מיט זיינע קינדער, האָט ר׳ חיים וואָלאָזשינער צו די חסידים געזאָגט:

— מיינע ליבע לייט. איר, חסידים, שרייט געוואַלד, אַז מען טאָר ניט אַוועקגיין פון „אלף־בית". ווער האָט עס אייך דערציילט, אַז די מתנגדים קריגן אויף דעם? מיר זאָגן בלויז, אַז מען קען ניט אויפמישן בלעטער, וואָס זיינען שוין ווייט אַריינגעטאָן אין דער תורה און זאָגן, אַז דאָרטן הייבט זיך אָן דער אלף־בית. דער „מבשרי אחזה אלוה" האָט ערשט שפּעטער געזאָגט אַ נביא. זיי זיינען הייליקע ווערטער. אָבער זיי זיינען ניט דער „אלף־בית". מיט זיין גאַנצער טיפקייט איז דער פסוק ניט דאָס שליסל צו עפענען די טירן צו פאַרשטיין אלהות. די ערשטע פרשה אין חומש איז דער אלף־בית פון וועלט און מענטש. די ערשטע ווערטער אין דער הייליקער תורה: „בראשית ברא אלקים" איז דער „אלף־בית" פון דער וועלט. הימל, ערד, זון, לבנה און שטערן. דער „אלף־בית" פון מענטשן הייבט זיך אָן פון פסוק: „ויברא אלקים את האדם, בצלם אלקים ברא אותו". — באַשאַפן האָט אלקים דעם מענטשן און אין דעם צלם פון אלקים האָט ער אים באַשאַפן. דער ריכ־טיקער טייטש פון דעם פסוק איז דאָס שליסל צו קענען עפענען די טירן פון פשט און רמז. דאָ ליגט דער סוד זיך צו דערוויסן, וואָס עס איז די שליחות פון מענטשן, און דער שכל פון דעם בוראס יצירה, און זיין הנהגה.

אָט דאָ ליגט אייער טעות. ביי אייך, חסידים, איז רעכט צו טייטשן, אַז בצלם אלקים מיינט פשוט: דער כביכול האָט אַ גוף און האָט דעם מענטשן באַשאַפן אין זיין געשטאַלט. ניין! מיינע ליבע פריינט. ניט דאָס דערציילט אונדז דער פסוק. דער ענין פון דער יצירה איז אַ סך אַ העכערע. אויב אייערע רביים, וואָלטן טאַקע געווען אַזעלכע גרויסע לומדים אין דער חכמה פון נסתר, ווי זיי טוען זיך באַרימען, וואָלטן זיי געוואוסט, אַז דער „ברא בצלם אלקים" איז דער „אלף־בית" פון „זוהר". ער איז כולל אין זיך כמעט אַלע פנימיותדיקע סודות פון „זוהר".

אַז די חסידים האָבן דערהערט אַזוינע שאַרפע שטראָף־רייד קעגן זייערע רביים האָבן זיי זיך מיט צאָרן געגעבן אַ הייב אויף פון זייערע ערטער. זיי האָבן עפּעס געמורמלט מיט כעס און זיך צוריק אַוועקגע־זעצט. זיי האָבן מיט אַ ביטולדיק שמייכל אָפּגעמאָסטן דעם וואָלאָזשינער יידן, וואָס האָט אפילו ניט קיין לומדישן געשטעל, זיין בערדל אַ קורצע, און זיין ראָק אַזאַ איינפאַכער, און ער איז דאָס מבטל רביים, וואָס ביי זייערע טירן וואַרטן אויף ברכות מנינים און מנינים מענטשן.

דאָס ביטול־שמייכל האָט זיך אָבער ביי די חסידים לאַנג ניט גע־האַלטן. זיי האָבן דערהערט ווי דאָס נידעריק מענטשל אין די פּשוטע מלבושים גיט זיך אַ זאָג:

— לאָמיר איצט פאַר אייך איבערזאָגן די טיפע כוונות, וואָס דער הייליקער מקובל, דער אַר״י ז״ל, לייגט אַריין בלויז אין דעם איינציקן וואָרט: „צלם".

ר' חיים וואָלאָזשינער האָט, ווי אַ ייד זאָגט גיך און לייכט „אשרי", געשמאַק זאָגן אויף אויסווייניק דעם שווערן תרגום־לשון פון האר״י הקדוש.

דער האָראָדנער האָט גיך אַן עפן געטאָן דעם קבלה ספר, אויך די חסידים האָבן זיך אַריבערגעבויגן אַריינצוקוקן. זיי זיינען געווען זיכער, אַז זיי וועלן כאַפּן דעם וואָלאָזשינער ביי אַ סך גרייזן. זיי זיינען דערשטוינט: דער מתנגד היפּט אַפילו ניט איבער אַ וואָרט. ער שפּאַצירט זיך אַרום אין די סודותדיקע חדרים, ווי ביי זיך אין שטוב. ער זאָגט זיך רואיק און געלאַסן:

— דער האר״י ז״ל האָט צעטיילט דעם „צלם" אין דריי בחינות. אין צדיק, לאָמער, מעם. די אותיות פון זיינעם אַ הייליקן נאָמען. זיי זיינען אַ רמז אויף די דריי הויפּט־יסודות, פון וואָס עס איז באַשאַפן גע־וואָרן די וועלט: די לופט, דאָס פייער און דאָס וואַסער. דער פערטער יסוד איז די — ערד, וואָס האָט ניט קיין אייגענע כוחות. זי קריגט איר השפעה פון די אַנדערע יסודות. און פון די זעלביקע יסודות איז אויך באַשאַפן געוואָרן דער מענטש.

— דער „זוהר" — איז ווייטער מסביר ר' חיים וואָלאָזשינער, — זאָגט אויך, אַז פונקט ווי די כוחות פון די דריי יסודות, די לופט, דאָס פייער און וואַסער האָט מען ערשט דערקענט, ווען מען האָט צו זיי באַהעפט די ערד, פונקט אַזוי קען מען ערשט דערקענען דעם כוח פון דער נשמה,

ווען מען באַהעפט זי מיטן ערדישן גוף. די אַלע כוחות טוען זיך מיען, אַז דער מענטש זאָל אויפטאָן גוטס אויף דער וועלט, פונקט ווי זיי מיען זיך פאַרן חומרדיקן קיום פון דער וועלט, אַז די ערד זאָל שפּראָצן, וואָקסן און מענטשן זאָלן האָבן פון וואָס צו דערנערן דעם גוף. אויך די קלענערע כוחות, וואָס קומען אַרויס פון די פיר הויפּט־כוחות, מיען זיך פאַר דעם וואוילטאָג פון דער וועלט. אַז עס קומט פאָר אַ שינוי ביי די ראשי־הכוחות, ענדערן זיך אויך זייערע תולדות. און ניט בלויז די תבואה, פרוכטן קריגן אַן אַנדער טעם, נאָר אויך די לעבעדיקע באַשעפענישן קריגן אַן אַנדער מראה. די ממשלה איבער די אַלע כוחות האָבן די שטערן, און איבער די שטערן געוועלטיקן די מלאכים און איבער זיי — די פיר חיות פון דער „מעשה־מרכבה". אָבער זיי אַלע קריגן זייערע כוחות דורך אים, דעם „ברוך־שאָמר" אַליין. אָן זיין השגחה קען די גאַנצע יצירה זיך ניט האַלטן. ווייל זי איז דאָך באַשאַפן געוואָרן פון סודות, וואָס שטימען ניט איינער מיטן צווייטן. די ערד מיט דער לופט זיינען פונקט אַזוינע שונאים, ווי דאָס וואַסער מיט פייער. מהאי־טעמא, האָבן די אַנשי כנסת הגדולה מתקן געווען צו זאָגן אין דאַוונען: — „המחדש בטובו בכל יום תמיד מעשה בראשית" — וואָרים די יצירה האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגעענדיקט. כדי די וועלט זאָל זיך האַלטן, מוז מען אָנקומען יעדן טאָג צו דעם בורא, אַז ער זאָל טאָן מעשה בראשית.

די חסידים האָבן זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן פון דעם מתנגד פון וואָלאָזשין. זיי האָבן געריבן די אויגן, זיך געקניפּן אין די הענט, איבערצוציינגן זיך, צי איז דאָס בלויז אַ חלום, צי טאַקע אויף דער וואָר: אין דער ליטע, וואו מען לערנט בלויז תורה שבנגלה, זאָל זיך געפינען אַ מענטש, וואָס קבלה איז פאַר אים גאָר קיין סוד ניט. אויך דעם גאונס תלמידים האָבן ניט געוואוסט, אַז דער הרב פון וואָלאָזשין איז אויך אַ גאון אין דער חכמה פון נסתר. האָבן זיי, מיט אויסגעשפּיצטע אויערן, זיך צוגעהאָרכט, ווי ער טוט זיך נאָך טיפער אַריין אין דעם „צלם אלקים". און ער דערקלערט:

— דער פּסוק זאָגט: אי ברא אלקים, אי בצלם אלקים, כאָטש לויט די חוקות הלשון האָט מען זיך געדאַרפט אויסהיטן צו שרייבן צוויי מאָל אלקים, בפרט נאָך, אַז דער בורא האָט דאָך נאָך אַנדערע הייליקע נעמען, ווי יהוה, צבאות. האָט מען דאָך געקענט שטעלן איינעם פון די אַנדערע נעמען, אָבער די געזעצן פון לשון לערנען אונדז אויך, אַז ניט בלויז מען מעג, נאָר מען דאַרף און מען זאָל דווקא זאָגן און שרייבן איינס נאָכן אַנדערן דאָס זעלביקע וואָרט, אויב מען האָט דערביי אַ כוונה. טאָ לאָמיר איצטער, אדרבא, זען — טיפט זיך ר' חיים וואָלאָזשינער — וואָס איז דאָ די כוונה פון פּסוק צו זאָגן אויך צום צווייטן מאָל: „אלקים?" כדי עס צו פאַרשטיין, מוזן מיר פריער דערגיין, וואָס איז דער טייטש פון אָט דעם נאָמען. אַז מיר זוכן גוט נאָך, געפינען מיר אויס, אַז „אלקים" טייטשט — שר — הערשער. אַזוי טייטשט אויך דער „זוהר" אין פרשה „ויקרא".

צוליב דעם רופט זיך אפילו דער שר פון די גויאישע פעלקער „אלהי העמים", „כל העמים ילכו איש בשם אלהיו". אַזוי ווערט אויך געבראַכט אין נאָך אַנדערע פּסוקים. די אַלע הערשער האָבן אָבער ניט קיין אייגע־נעם כוח. זיי ציִען זייערע יניקה פון אים, זיין הייליקן נאָמען, וואָס ווערט שוין אָנגערופן: „אלקי אלקים". ער איז דער בעל כוח פון אַלע כוחות אין דער וועלט. האָט ער באַשאַפן דעם מענטשן, אין כוונה, מיטן צלם פון „אלקים", כדי אַריינצוגעבן אין אים זיינע כוחות, אַז דער מענטש זאָל קענען הערשן איבער די וועלטן, וואָס זיינען צו אים משועבד גע־וואָרן. דאָס מיינט, אַז דער מענטש אַליין איז אויך אַן „אלקים". און דאָס — האָט ר' חיים אויסגערופן מיט ניצחון — איז דער ריכטיקער טייטש פון „בצלם אלקים."

פלוצים האָט זיך צווישן די חסידים אויפגעהויבן אַ גרויסער טומל. דעם קריגערישן יונגן חסידל, וואָס איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין ווייסן, האָט אַרומגעכאַפּט ספּאַזמען. ער האָט משונהדיק געשריגן אויפן הויכן קול, אין זיין פּוילשן יידיש. דעם גאונס תלמידים האָבן נשתוממדיקע זיך אַרומגעקוקט. זיי, ניט געוואוינטע צום לשון פון די פּוילישע יידן האָבן ניט געקענט כאַפּן, וואָס דאָס חסידל רעדט. ערשט שפּעטער האָבן זיי זיך געכאַפּט, אַז עס האָט פּאַסירט אָט וואָס. דאָס יונג חסידל האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין חסידישע הויפן. ער האָט זיך דאָרט אָנגע־הערט זייער פיל בייזע רכילותדיקע מעשיות וועגן די מתנגדים, אַז זיי שפּאָטן אָפּ אפילו פון „זוהר". האָט ער זיי שטאַרק פיינט געקראָגן. ער האָט געוואוסט, אַז די מתנגדים ווילן שטאַרק ניט ליידן, וואָס די חסידים קליידן זיך אין ווייסן. דער ווילנער גאון חוזקט אָפּ פון דער דאָזיקער פירונג. ער זאָגט, אַז דאָס וואָס איז געשריבן: אַז צו יעדער צייט זאָלן דיינע קליידער זיין ווייסע, מיינט ניט קיין פּשוטע קליידער — נאָר, אַז דיינע מידות זאָלן זיין ריין און ווייס, אָן קיינע פלעקן. האָט דאָס חסידל פון שנאה צו די מתנגדים זיי געטאָן צו להכעיס און דווקא געגאַנגען אָנ־געטאָן אין ווייסע קליידער. אַז ער האָט איצט געהערט, אַז ר' חיים וואָ־לאָזשינער, אַ מתנגד, רעדט גאָר פרום און מיט התפעלות וועגן „זוהר" און האר"י הקודש און בעת ער דערמאָנט זייערע הייליקע נעמען ציטערט אַזש זיין שטים. אַזאַ קלאָרן הסבר, אַזוי טיף פאַרשטיין דעם האר"י האָט ער, דאָס חסידל, נאָך ניט געהערט פון די חסידישע רביים.

עס האָט אים ווי געטאָן. קראַמפן האָבן אים אונטערן האַרצן באַ־נומען. זיינע קליינע מאָגערע הענט האָבן זיך געשטייפט. ער האָט שטום געמאָנט, ביי די עלטערע חסידים, אַן ענטפער. פאַרוואָס האָבן זיי אים אַזוי מיאוס גענאַרט? ער וואָלט זיך איצט אויפגעהויבן פון טיש און אַנטלאָפן וואו נאָר די אויגן טראָגן. עס האַלטן אים בלויז אָפּ דאָס פראַכט און גלאַנץ פון די חסידישע שבתים, דאָס זמירות זינגען, די ריקודים, די חדוה, וואָס די נשמה קריגט פון זיי פליגלען... די אַלע זאַכן זיינען

דאָך אים אַזוי ליב. ער האָט ניט קיין כוח פון זיי זיך אָפּצושיידן. עס טוט אים וויי, שרייט ער אויפן הויכן קול, און ער שפּירט גאָרניט, אַז ער שרייט.

די חסידים טשוכען אים, זיי גלעטן אים, שפּריצן אויף אים קאַלט וואַ־סער און בעטן זיך רחמים, ער זאָל זיך באַרואיקן. דאָס יונג חסידל, וויל זיי גריילעך טאָן די טובה. כאָטש זיי האָבן אים געגאַרט, האָט ער זיי נאָך אַלץ ליב. און אפילו איצט איז ער גרייט, פאַר זייערטוועגן, צו זידלען די מתנגדים, כאָטש ער שפּירט שוין מער צו זיי ניט קיין שנאה. זיין געוואַלדיקע התפּעלות פאַר דעם מתנגד, ר׳ חיימען, נויט אים, דעם הערלעכן מענטשל צו שרייען. ער קען זיך גאָרניט אָפּוואונדערן פון ר׳ חיימס טיפער און שכלדיקער דערקלערונג וועגן צלם אלקים. ער מיעט זיך צו באַהערשן, און ער מורמלט צו זיך אַליין אין אָפּגעהאַקטע ווערטער:

— אַ איז דאָס אַ קאָפּ! אַ איז דאָס אַ צלם!

ער קען זיך ניט העלפן. ער מוז זיין התפּעלות אַרויסלאָזן פון זיך ווי אַ קוימען לאָזט אַרויס דעם רויך. שרייט ער אויס צו ר׳ חיימען:

— צאַילעם קאָפּ!

און פּונקט ווי מען ווייסט ניט צי דער רויך פון אַ קוימען גייט אויף צום הימל אין לויב, צי אפשר מיט אַ קללה, ווייל עס וועט באַלד פון אים גאָרניט ווערן. אַזוי איז שווער געווען צו דערקענען צי איז דעם חסידלס אויסגעשריי געווען לויב, צי גאָר טאַדל. דעם גאונס תלמידים האָבן זיך ערשט שפּעטער געכאַפּט, וואָס דאָס יונג חסידל האָט געזאָגט. דאָס וואָרט צלם האָט אין זיין פּוילישן יידיש גאָר אַן אַנדער קלאַנג געהאַט: — צאַילעם קאָפּ! דאָס יונג חסידל האָט, נאָכן אויסשרייען, זיך צעלויכטן, ווי אַ יונג מלאכל, ווי ער וואָלט ברוח הקודש געוואוסט, אַז זיין ווערטל וועט בלייבן לדורות.

דאָס חסידל האָט זיך באַרואיקט און ר׳ חיים האָט זיך געשטעלט ווייטער ריידן. ער האָט געזאָגט:

— איצט, אַז מיר קענען שוין דעם „אלף־בית״, לאָמיר לערנען ווייטער:

— וויבאַלד דער מענטש האָט אין זיך דעם כוח פון אַן אלקים, ער קען פירן די וועלט לויט זיינע אייגענע רייד און לויט זיינע אייגענע מעשים — גוטע, צי חס־ושלום, שלעכטע. אַז ער פירט זיך פיין, ער טוט אויף שיינע זאַכן, איז ער מוסיף די קדושה ניט בלויז אויף דעם עולם התחתון, נאָר אויך אויף דעם עולם העליון. וואָרים אַחוץ, וואָס דער מענטש איז אַן אלקים, איז ער דאָך באַשאַפן געוואָרן פון די דריי הימלשע יסודות: פייער, וואַסער, לופט, און בלויז איין פערט־חלק זיינער איז אַן ערדישער, ווי דער „זוהר״ זאָגט אויף „בצלמו ודמותו״, אַז „צלם״ איז אין דער בחינה פון סודותדיקע וועלטן און „דמות״ איז שוין אין דער בחינה פון אָפענע וועלטן. און פּונקט ווי הקדוש ברוך הוא איז פון אונדז פאַרבאָרגן און מיר זיינען ביכולת אים צו דערקענען בלויז דורך זיינע מעשים אויף דער ערדישער וועלט, פּונקט אַזוי איז דעם מענטשנס נשמה

אַ פאַרבאָרגענע, און מיר קענען זי נאָר דערזען דורך די מעשים פון דעם חומרדיקן גוף. מהאי טעמא, איז די שליחות פון דיר, מענטשן זיך צו פירן זיך ווי דיין בורא, אין ווענען דו ביסט געראָטן. אזוי ווי ער, דער בורא, איז אַ רחום וחנון, אַזוי זיי דו מענטש, פול מיט רחמנות צו יעדן איינעם. און ווי ער איז ניט יוצא בלויז מיט כוונה, אַזוי זאָלסטו אויך באַווייזן דיין פיינקייט ניט דורך כוונה, נאָר טאַקע דורך מעשים. דוד המלך זאָגט: „ה׳ צלך על יד ימינך" — גאָט איז דיין שאָטן. און פונקט ווי דיין שאָטן פרייט זיך ווען דו פרייסט זיך, פונקט אַזוי פרייט זיך דיין באַשעפער ווען דו פרייסט זיך, און ער וויינט ווען דו וויינסט... דו ביסט דאָך זיין יצירה. זאָלסט אָבער ניט טראַכטן, אַז אויב דו פירסט זיך גוט טוסטו אים אַ טובה, און אויב דו פירסט זיך שלעכט, טוסטו אים אַ רעה. — ניין! עס איז ניט אַזוי. אַלץ וואָס דו טוסט, טוסטו פאַר זיך אַליין. אים, דעם באַשאַפער גייט דאָס גאָרניט אָן, און פאַרוואָס זאָל׳ עס אים יאָ אָנגיין? אויב דיך אַרט ניט פאַר זיך אַליין, טאָ פאַרוואָס זאָל אים יאָ אַרן? קיינער שטייט ניט ביי דיין צוקאָפּנס, און קיינער קוקט דיך נאָך, וואָס דו טוסט. מען גייט דיר ניט נאָך מיט אַ ביכעלע, צו פאַרשרייבן דיינע מצוות און עבירות. דאָך ווייסט מען אין די הימלען פון דיין יעדן קער און ווענד, ווייל דער מענטש איז דאָך באַשאַפן פון ביידע יסודות, פון עליון און תחתון. איז עס ווי אַ שטריקל, וואָס הענגט אַראָפּ פון אַ הויכקייט. אַז זי וויגט זיך אונטן, וויגט עס זיך אויבן. די מעשים פון מענטשן אונטן, אויף דער ערד, ווערן ווי אָפּגעפאָטאָגראַפירט פון זיך אַליין אויבן אין די הימלען. אויב דיינע מעשים זיינען ניט קיין פיינע, שרייען זיי געוואַלד. זיי לאָזן דיר ניט שענקען דיינע עבירות. ניט דער בורא, נאָר זיי, דיינע אייגענע טאַטן, טוען דיינע יאָרן פאַרשילטן. אַ שעפער פון אַזעלכע פליאַהדיקע וועלטן שילט זיך ניט. און דאָס וואָס ער האָט געזאָגט צו אדמן: „כי ביום אכלך מות תמות", איז ניט געווען קיין קללה, נאָר אַ פאַרהיטונג און אַן אָנזאָג, אַז אויב אָדם וועט באַגיין די האַרבע עבירה, וועט ער מוזן שטאַרבן. ער, דער בורא עולם וועט אים גאָרניט קענען העלפן. זי, זיין גרויסע עבירה, וועט ניט דערלאָזן מען זאָל אים שענקען. מיתה מיינט ניט שטאַרבן. דאָס אָפּשיידן זיך פון דער וועלט איז ניט קיין שטראָף, נאָר גאָר אַתיקון פאַר דער נשמה, אַז זי זאָל קענען אָפּוואַשן פון זיך די זינד. מיתה מיינט, אַז מען איז טויט ביים לעבן. ווי דער זוהר דער־קלערט: אַ טייל מענטשן זיינען ביי זייער לעבן שוין אין גיהנום, נאָר זיי שפּירן דאָס ניט. אונדזערע תנאים זאָגן: „עני חשוב כמת". אוודאי מיינען זיי אָרים אין מצוות און מעשים טובים און ניט אָרים אין כסף. דאָס נאַרישע זילבער האָט דאָך ניט ביי אונדזערע הייליקע רבנן קיין שום חשיבות. דעם מענטשנס גורל ליגט אין זיינע אייגענע הענט. קיינער קען זיינע עבירות ניט פאַרגעבן. אַפילו ער, דער בעל־כוח פון אַלע כוחות קען עס ניט מוחל זיין. ווייל דאָס איז קעגן דעם סדר פון זיין יצירה.

דאָס איז די כוונה פון אונדזערע חכמים. מיט וואָרענען: „איבעריק זאָל זיין דאָס לעבן דעם יעניקן, וואָס וויל טרייסטן דער וועלט און זאָגט, אַז הקדוש ברוך הוא איז אַ גוטער און ער שענקט אַלע עבירות". ניט ער שענקט און ניט ער שטראָפט. דעם מענטשנס גוטע מעשים בענטשן אים און די שלעכטע שילטן אים.

אויב אַזוי, — רעדט שוין ר' חיים וואָלאָזשינער מיט התלהבות, — טאָ אויף וועלכן סמך באַרימען זיך די חסידישע רביים און זאָגן, אַז זיי קענען פועלן אין די הימלען, מען זאָל צערייסן אַלע גזירות און מוחל זיין די עבירות? לויט זייער הבנה קומט אויס, אַז דער הימל איז אַ מאַרק מיט סוחרים, און זיי זיינען דאָס די געניטע פּאַרמיטלער, וואָס דינגען זיך מיטן בורא, און מיט גלאַטע רייד פירן זיי אַלץ אויס אין הימל. אייערע רביים, שטעלן פאַר דעם שעפער, פון אַזעלכע גרויסע וועלטן, זייער און זייער גשמיותדיק. זיי נידערן אים אַרונטער פון זיינע אַלע הויכקייטן, און מאַכן אים אויסקוקן ווי אַ פּשוטן בשר ודם. זיי לעסטערן מיט דעם דעם בורא. און דעם מענטשן טוען זיי מיט דעם אויך קיין טובה ניט. לויט זייער השגה, איז דער מענטש אַ נעבעכדיקע באַשעפעניש, וואָס מוז אָנקומען צו טובות ביי אַנדערע מענטשן, אַז זיי זאָלן פאַר אים אויספּועלן געזונט, פּרנסה און אורך ימים. ער, דער מענטש אַליין, האָט ניט קיין צוטריט צו זיין בורא. דער מענטש איז צו שפלדיק, אַז דער בורא זאָל זיך צו אים צוהערן. ניין! — שרייט אויס ר' חיים וואָלאָזשינער אויפן קול, — ביים בורא זיינען ניטאָ קיין יחסנים. אַלע מענטשן זיינע מעשה ידיו! אַלע זיינען ביי אים ליב און טייער! די רבנן זאָגן, אַז יעדן יידנס נשמה איז געגליכן צו אַ ספר־תורה. דאָס איז טאַקע דער טעם, אַז אַ ייד שטאַרבט איז מען מחויב צו רייסן קריעה. יעדן יידן האָט דער בורא אַריינגעגעבן זיין כוח. דער מענטש קען אויפבויען וועלטן און, חס־וחלילה, חרוב מאַכן וועלטן. דאָס גוטס און דאָס שלעכטס ליגט אין זיינע אייגענע הענט. ער האָט אַ חלק אין די עולמות העליונים. מהאי טעמא, זאָגט דער זוהר: „דער מענטש איז די נשמה פון טויזנטער וועלטן". וואָרים דער בורא פירט זיך ווי דער מענטש פירט זיך. ביסטו מיט אים — איז ער מיט דיר; ביסטו קעגן אים — איז ער קעגן דיר. ווי שלמה המלך זאָגט: „לסוסתי ברכבי פרעה דמיתיך רעיתי" — כאָטש איך רייט אין די וואָלקנס, אָבער איך טרייב זיי בלויז לויט דיינע נטיות און טאוונגען. מהאי טעמא, האָט דער בורא געזאָגט צו משה רבינו: „מה תצעק אלי, דבר אל בני ישראל ויסעו". וואָס רופסטו צו מיר, אויב די בני ישראל האָבן בטחון צו פאָרן אין ים אַריין, טאָ זאָלן זיי גיין. איך וועל שוין דעמאָלט מוזן שפּאַלטן דעם ים. דער מענטש דאַרף ניט אָנקומען צו מלאכים. ער איז דעם בוראס חשובסטע יצירה. דאָס זאָגט אויך דער „זוהר": „מלאכי העליון אינן קדושין יתיר מנהין" — די מלאכים זיינען ניט הייליקער ווי מיר מענטשן. זיי, די מלאכים, זיינען דאָך באַשאַפן געוואָרן בלויז פון די יסודות פון די אויבערשטע וועלטן. און דער מענטש האָט אין זיך די כוחות פון ביידע וועלטן. דער מענטש איז אייביק ווי דער מלאך. אפילו זיין חומרדיקער גוף

גייט ניט לאיבוד. ביי זיין אָפּשיידן זיך פון דער וועלט, קערן זיך בלויז די יסודות אום צו זייערע פריערדיקע ערטער: די נשמה גייט צוריק אין הימל און דער גוף באַהעפט זיך צוריק מיט דער ערד — און די ערד איז אויך אַ יש, עס איז דאָך אַ חלק פון דער וועלט.

ר׳ חיים וואָלאָזשינער האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט זיך אָפּצו־רוען. ער איז שוין געווען גרייט ווייטער צו ריידן, אָבער ר׳ מענדל האָראָד־נער האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:

— מיר בעטן, מען זאָל מאַכן אַן הפסקה ביז מאָרגן, גלייך נאָך שחרית דאַוונען.

די חסידים זיינען מיט דעם אויסן געווען צו האָבן צייט צו באַטראַכטן ר׳ חיים וואָלאָזשינערס גרונטאָווגע און גאונישע טענות. די חסידים האָבן זיך אויף דעם ניט געריכט. זיי האָבן ניט געוואוסט, אַז דעם גאונס תלמידים זיינען באַהאַוונט אויך אין קבלה. זיי האָבן געוואָלט זיך מישב זיין מיט זייער רבין, ר׳ שניאור זלמנען.

ר׳ סעדיה איז געווען צופרידן, וואָס די חסידים פאַרלאַנגען אַ הפסקה. ער האָט ניט געוואוסט, וואָס ר׳ חיים וועט ווייטער זאָגן. ער, דער קלוגער מאַן, האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז ערשט איצט הייבן זיך אָן זיינע עיקרדיקע טענות קעגן די חסידים. האָט ער געגאַרט צו דערציילן זיין רבין די רעיו־נות, וואָס ר׳ חיים האָט שוין ביז איצט אַרויסגעבראַכט.

האָט ר׳ סעדיה געגעבן אַ פּאַטש איבער זיין שטענדער און אויסגערופן:

— מיר וועלן מאַכן אַ הפסקה, די דין־תורה הייבט זיך אָן מאָרגן גלייך נאָך שחרית דאַוונען.



## קאַפּיטל כא

זינט עס האָבן זיך אָנגעהויבן די וויכוחים צווישן דעם גאונס תלמידים און די חסידים, איז ר׳ יעקב דובנער ניט אָפּגעטראָטן פון ר׳ אליהוס קלויז. זיין ידיד, סעדיה, האָט זיך געהאַט געשראָקן, אַז ווען עס וועלן זיך פון פּאָליש דערטראָגן קריגערישע רייד, וועט ר׳ אליהו אַריינפאַלן אין עצבות. האָט ער, דער געטרייער תלמיד, געבעטן דעם דובנער, ער זאָל אַזוי גוט זיין און וואַכן איבערן גאון און אויב ר׳ אליהו וועט אַריינפאַלן אין עצבות, זאָל ער אים דערמונטערן מיט שיינע משלים.

האָט ר׳ יעקב דובנער, אַוועקגעשטעלט זיין שטענדער נעבן גאונס שטענדער. ער האָט גענומען לערנען דעם „מסילת ישרים״. נאָך ביי דער ערשטער באַגעגעניש, ווען דער דובנער האָט ערשט דערקענט דעם גאון, האָט ר׳ אליהו געוואָלדיק געלויבט ר׳ משה חיים לוצאַטוס דרך

אין מוסר. ער האָט אים אָנגעמוט אויסצובאַרגן דעם טייערן ספר. און ווי נאָר ער, דער דובנער, האָט איבערגעלייענט די הקדמה, איז ער אַריינגעפאַלן אין גרויסע התפעלות פון לוצאַטוס שכלדיקע רייד.

ער האָט זיך ניט געקענט אָפּחידושן, ווי ר׳ משה חיים פאַרשטייט אַזוי גוט די הנהגה פון בורא און די טבע פון דעם מענטשן. האָלט ער אין לערנען דעם „מסילת ישרים״. עס איז שוין דאָס הונדערטסטע מאָל, וואָס דער דובנער קוקט אַריין אין מוסר־ספר. דאָך האָבן זיך פאַר אים אויך איצט, אויפגעדעקט נייע רעיונות, וואָס ר׳ משה חיים לוצאַטו האָט זיי מיט אַזויפיל חכמה געהאַט פאַרהוילן. אַ גליקלעכער האָט דער דוב־נער געטראַכט פאַר זיך אַליין:

— ערשט איצט, פאַרשטיי איך, וואָס אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט:

— „דער וואָס האָט געלערנט אַ ספר הונדערט מאָל קען זיך ניט פאַרגלייכן צו דעם, וואָס האָט געלערנט הונדערט מיט איין מאָל״. דער חילוק פון הונדערט ביז הונדערט און איינס איז דאָך אַזוי קליין, אָבער ווען עס רעדט זיך וועגן לערנען, איז עס שוין גאָר און גאָר גרויס. טאָ ווי גרויס איז שוין דער אונטערשייד פון בלויז איינמאָל לערנען ביז גאַנצע הונדערט מאָל?

מיט זיין גאַנצער אַריינגעטאָנקייט אין ר׳ משה חיים לוצאַטוס קלוּ־גע רייד — האָט דער דובנער ניט פאַרגעסן צו כאַפּן אָפּט אַ קוק אויפן גאון. צו זיין גרויס פרייד, זעט ער, אַז ר׳ סעדיה האָט זיך בחינם גע־שראָקן. ר׳ אליהו הערט גאָרניט די קריגערישע רייד, וואָס טראָגן זיך ווי שטורמדיקע ווינטן פון פאָליש. ער איז שטאַרק פאַרטיפט אין דעם קבלה־ספר, וואָס טראָגט דעם טיטול — „ספרא־דצניעותא״. לויט דער מסורה איז דער מחבר: — יעקב אָבינו! דער גאון זאָגט, אַז דעם טיטול האָט ניט געשריבן יעקב אָבינו, נאָר גאָר אַן אַנדערער, אַ בעל־הקדמה. דער הייליקער ספר איז געשריבן על־פּי רמז — זייער טיף. עס איז ניט פאַרן מענטשנס פאַרשטאַנד משיג צו זיין יעקב אָבינוס טיפע רעיונות. איז דער הייליקער ספר פאַר דורות און דורות געווען פאַרשלאָסן פאַר דער וועלט. אָבער ר׳ אליהו, וואָס אַלע סודות פון דער תורה זיינען פאַר אים אָפן, האָט מצליח געווען מגלה צו זיין אַלע, אַלע סודות פון יעקב אָבינוס נסתרדיקן ספר.

ר׳ אליהו איז געווען אַזוי שטאַרק פאַרטיפט אין דעם „ספרא־דצניעותא״, האָט ער ניט געהערט, ווי זיין תלמיד, סעדיה, איז אַריינגע־קומען אין קלויז. ער האָט אונטערן אָרעם געטראָגן, ווי אַ מגילה, די פאַ־פּירן, וואו די סופרים האָבן פאַרשריבן די טענות פון די חסידים און פון די מתנגדים. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ר׳ אליהו אויפגעהויבן די אויגן. אַז ער האָט דערזען סעדיהן, האָט ער מיט יראת־הכבוד אַ קוש געטאָן דעם „ספרא־דצניעותא״ און ביים צומאַכן דער ספר האָט זיין גאַנצער גוף, פאַר פּחד, געציטערט. ער האָט געהאַט צער, וואָס ער דאַרף זיך פון אים אָפּשיידן.

ר׳ סעדיה האָט צוגעגעגנט צו זיין רבין. ער האָט שוויגנדיק פאַ־נאַנדערגעוויקלט די פּאַפּירן אויף אַ שטענדער, און ר׳ אליהו האָט מיט אַ שטומען צייכן אים געבעטן, אַז ער זאָל אָנהייבן לייענען.

ר׳ סעדיה האָט מיט התלהבות איבערגעזאָגט פאַר ר׳ אליהון ר׳ חיים וואָלאָזשינערס גרונטאָווגע טענות. דער גאון האָט זיך מיט נייגע־ריקייט צוגעהערכט, און זיין פּנים האָט זיך געהאַלטן אין איין צעלויכטן — אַלץ ליכטיקער און ליכטיקער. די קלויז איז באַשטראַלט געוואָרן, ווי עס וואָלט דאָרט אַריינגעשיינט די זון. כאָטש די פענצטער זיינען, ווי שטענדיק, געווען פאַרהאַנגען מיט געדיכטע שטאָרן, אַז קיין מענטשנס אויג זאָל ניט קענען אַריינקוקן אין קלויז און שטערן ר׳ אליהון אין לערנען. בלויז אויף ר׳ אליהוס שטענדער האָבן געצאַנקט קליינע חלבנע ליכטלעך.

ר׳ סעדיה האָט געענדיקט לייענען און ער האָט געזאָגט צום גאון:

— רבי, מאָרגן וועט זיך, בלאָ־נדר, איבעראַנייס אָנהייבן די דין־תורה איבער די חסידים, וועט ר׳ חיים וואָלאָזשינער אַרויסברענגען זיינע ווייטערדיקע טענות.

ר׳ אליהו האָט געבעטן זיין תלמיד, אַז ער זאָל צו אים אַריינשיקן ר׳ חיים וואָלאָזשינער. ר׳ סעדיה האָט מיט פרייד זיך געלאָזט גיין אויסצופירן זיין רבינס בקשה. דער דובנער איז מיט אים מיטגעגאַנגען. ער, דער קלוגער מאַן, האָט פאַרשטאַנען, אַז דער גאון האָט זייער וויכ־טיקס איבערצוריידן מיטן וואָלאָזשינער. וועט ער, אפשר, מיט זיין אַנזיכטיקייט אים שטערן.

ר׳ חיים איז באַלד אַריינגעקומען אין קלויז. ער האָט זיך געשטעלט פאַר ר׳ אליהון מיט אַזאַ פּחד און אימה, ווי ער וואָלט געשטאַנען פאַר אַ מלאך צבאות. פאַר שרעק האָט זיך זיין קאָפּ אַזש געוויגט הין און הער... ר׳ אליהו האָט אים צוגערופן נענטער צו זיך. ער האָט מיט ליבשאַפט געגלעט אים איבערן אַקסל און צו אים געזאָגט:

— ר׳ סעדיה האָט פאַר מיר פאָרגעלייענט אייערע טענות צו די חסידים. זיי זיינען אַלע על־פּי דרך התורה. איך האָב אין זיי ניט געפונען קיין טעות און קיין גרייז. אַלע אייערע חידושים בליען. פון דעם, קען מען גלייך דערקענען, אַז אַלץ, וואָס איר האָט געזאָגט, איז אמת, ווייל דער אמת בליט. טאָ זאָל קומען אַ ברכה אויף אייער קאָפּ! אַז וואויל איז צו אייער טאַטע־מאַמען, וואָס זיי זיינען געבענטשט מיט אַזאַ זון. און אַז וואויל איז אויך צו מיר, וואָס איר ר׳ חיים, זייט מיינער אַ תלמיד און אַ חבר. איך דאַרף אייך ניט לערנען, — זאָגט ווייטער דער גאון צו ר׳ חיים וואָלאָזשינער, — וואָס איר זאָלט מאָרגן זאָגען די חסידים. איר האָט גוט אַרויסגעבראַכט דעם ענין. אָבער צוליב דעם כבוד פון דער תורה, וואָס שטייט איצט אין סכנה, וועל איך, לפנים משורת־הדין, מיט אייך

נאָכאַמאָל אַרומריידן וועגן דער נייער כתה, וואָס רופן זיך מיט אַזאַ חשיבותדיקן טיטול: חסידים.

ר' אליהו האָט געגומען אַרויסברענגען פאַר ר' חיימען זיין גאַנצע התנגדות קעגן דער חסידישער שיטה. זיין יעדע הנחה האָט ער, אַ חוץ מיט גרויס שכל, אויך באַפעסטיקט מיט הונדערט און פופציק ראיות פון דער תורה.

נאָכן ענדיקן זיין שמועס האָט ער, מיט צער, געזאָגט:

— היום קצר והמלאכה מרובה — איך האָב נאָך אַזויפיל אַרבעט. איך האָב נאָך אַ סך מחדש צו זיין אין תורה, נביאים און כתובים, און אַוועקשטעלן אויפן דרך הפשט ביידע גמרות, אי ש"ס בבלי און אי ירושלמי. אונדזערע תנאים האָבן טיילמאָל, צוליב געוויסע טעמים, פאַרהוילן דעם פשט און געזאָגט זייער משנה על־פי דרך הדרוש. איך האָב אויך נאָך אַ סך אויפצוטאָן אין די אַלע ברייתאס און מדרשים, אין „ספרא", „ספרי" און „מכילתא". אַלע ספרים פון די ראשונים שטייען ברומו של עולם. עס איז די גרעסטע מצווה זיי אויסצוזיפּן פון די גרייזן, וואָס האָבן זיך אין זיי אַריינגעכאַפּט אין די דרוקערייען און זיי מאַכן ריין פון פסולת, ווי דאָס זעמל־מעל.

ר' אליהו האָט זיך אַרומגעקוקט צי קיין זייטיקער מענטש איז ניטאָ אין קלויז און ער האָט ווייטער גערעדט:

— מיין שטאַרקסטער באַגער איז צו מאַכן אַ נייעם „שולחן־ערוך". איך וועל דאָרטן אַריינברענגען אַלע דינים, וואָס ר' יוסף קארו האָט אויסגעלאָזט. און יעדן דין און מנהג באַפעסטיקן, כאָטש מיט ניט ווייניקער ווי מיט פופצן ראיות פון דער תורה.

ר' אליהו האָט אַ זיפץ געטאָן און אַ פאַרזאָרגטער ווייטער געזאָגט:

— די תורה איז דאָך געגעבן געוואָרן אויף צוויי אופנים. על־פי דרך הנגלה, און על־פי דרך הנסתר. די עליונדיקסטע איז די צווייטע. אָבער דווקא זי ליגט אַ פאַרשלאָסענע, איז מיין חוב צו עפענען די שלעסער, און אויפדעקן די פאַרהאַנגען. זאָל די וועלט דערזען די העלע ליכט פון דעם „זוהר" און פון דעם „ארי הקדוש". צו דער פנימות פון זיינע כתבים האָט נאָך קיינער זיך ניט דערטיפט. ער, דער קדוש אַליין, זאָגט, אַז בלויז זיין תלמיד, ר' חיים וויטאַל האָט אים פאַרשטאַנען.

ר' אליהו איז ביי זיך געוואָרן מוטיקער און ער האָט מיט שמחה געזאָגט צו ר' חיים וואָלאָזשינער:

— איך מאַך איצט אַ פירוש אויף דעם „ספרא־דצניעותא", וואָס ליגט זינט דורות און דורות אַ פאַרזיגלטער. דער „אר"י" הקדוש האָט אפילו יאָ געמאַכט אַ פּרוּוו אים אויפצודעקן. ער האָט זיך אָבער בלויז מתעסק געווען בלויז מיט דעם ערשטן פרק. זיינע רייד זיינען זייער און זייער קלוגע. זיי זיינען אָבער בלויז על־פי דרך הדרוש.

ר' אליהו קוקט זיך נאָכאַמאָל אַרום, צי עמיצער איז ניט אַריין אין קלויז, און ער האָט שטיל מיט רגש געזאָגט:

— ר׳ חיים! מיינע אַלע יאָרן, היט איך זיך, צו ריידן וועגן זיך אַליין. אָבער צוליב לשם שמימדיקע טעמים טו איך עס אייך פאַרטרויען: איך האָב, ברוך השם, איצט גאָר און גאָר גרויס הצלחה אין לערנען. עס איז שוין ניטאָ אפילו איין אָרט אין דער תורה, וואָס איך זאָל ניט וויסן דעם פּתרון. נעכטן האָט זיך צו מיר אין חלום באַוויזן משה רבינו. ער איז געווען ביי מיר, אין שטוב, צו גאַסט.

ר׳ חיים וואָלאָזשינער האָט אַרומגענומען אַן אימה. ער איז ביי זיך זיכער, אַז ר׳ אליהו האָט גערעדט מיט משה רבינו פּנים־על־פּנים, נאָר ער האָלט ניט פאַר רעכט עס מגלה צו זיין. זאָגט ער, בלשון ענוות, אַז עס האָט זיך אים בלויז געחלומט. אַ פאַרוואונדערטער קוקט ר׳ חיים אויפן גאון, וואָס שטייט ביי זיין שטענדער, אַזוי רואיק און געלאַסן, ווי ער וואָלט דאָ דערציילט אַ גאַנץ געוויינלעכן טראַף. און ער הערט, ווי דער גאון רעדט ווייטער און זאָגט:

— די לעצטע עטלעכע וואָכן האָבן יעקב אבינו און אליהו הנביא מיר מגלה געווען געוואַלדיקע סודות אין דער תורה. איך האָב יעדע נאַכט עליות נשמה, דאָרטן אין די פאַרבאָרגענע וועלטן זעטיקט זיך מיין נשמה אָן מיט תורה.

— איך פאַרשטיי, — רעדט ווייטער דער גאון, — אַז אייך, ר׳ חיים, איז דאָך קשה. וואָרים איך האָב דאָך מיין גאַנץ לעבן געהאַלטן אין איין טרייבן פון זיך די הימלישע מגידים, און זיי קיינמאָל ניט צוגעלאָזט צו אַנטדעקן פאַר מיר סודות פון הימל. איך האָב אויך צו אייך געהאַט גע־זאָגט, בפירוש, אַז דער מענטש קריגט שכר בלויז פאַר דער תורה, וואָס ער דערוואָרבט מיט זיין אייגענער מי. טאָ ווי שיקט זיך עס, אַז איך האָב אָנ־געהויבן צו לעבן אויף אַלעס פאַרטיקן? זייט וויסן, אַז אויב דער מענטש האָרעוועט אויף דער תורה מיט זיינע אַלע כוחות, זיינע אַלע מחשבות זיינען פאַרנומען בלויז מיט דער תורה, און ער טראַכט קיינמאָל ניט וועגן גש־מיותדיקע זאַכן, דעמאָלט איז דער בורא זיך שוין אַנדערש נוהג. ער גיט שוין שכר אפילו פאַר דער תורה, וואָס די נשמה דערוואָרבט אין די נעכט. בלויז צוליב דעם האָט דער בורא העולם באַשאַפן דאָס שלאָפן, אַז די נשמה זאָל זיך קענען אָפּשיידן פון גוף און פליען אין די הויכע הימלען מקבל צו זיין די יעניקע סודות פון דער תורה, וואָס וויפיל אַ מענטש זאָל זיך ניט מיען, וועט ער עס אויפן נאַטירלעכן אופן ניט קענען דערוואָרבן.

ר׳ חיים הערט זיך צו, ווי דער גאון רעדט צו אים, מיט אַזאַ פשטות, וועגן אַזוינע געהויבענע ענינים. ער, דער איש אלקים, האָט שוין דערגרייכט צו אַזאַ הויכקייט, אַז יעקב אבינו און אליהו הנביא קומען צו אים צו גאַסט, און זיי זיינען אים מגלה די פאַרבאָרגנסטע סודות. פונדעסטוועגן שפּירט זיך ביי אים אַפילו ניט קיין שמץ פון גאווה. אַז ר׳ חיים כאַפּט זיך אויף פון זיינע מחשבות, זעט ער, אַז זיין רבי האָט זיך צעוויינט . . . טרערן קייקלען זיך איבער זיין מידן פּנים . . .

אַ צעשראָקענער, פרעגט אים ר׳ חיים:

— רבי, וואָס ווייִנט איר? איר, וואָס האָט זיך איינגעקויפט ביידע וועלטן, דאַרפט זיך דאָך פרייען און פרייען...

דער גאון ענטפערט אים:

— איך וויין ניט אויף מיין אייגענעם צער, נאָר וואָס מען האָט צער אין הימל, וואָס זיי, די חסידים, דערלאָזן מיך ניט אַריינצופירן אַ סדר אין אונדזערע הייליקע ספרים. דווקא איצט, ווען איך האָב אַזויפיל „סיעתא דשמיא", קומען זיי, די חסידים, צוגיין און פאַרפירן אַ מחלקה. איך זוך דאָ ניט קיין כבוד. עס אַרט מיך אויך ניט, וואָס איך וועל אָנווערן מיין שכר, אָבער עס איז אַ רחמנות אויף אחינו בני ישראל. זיי וועלן ווייטער דאַרפן בלאָנדזשען אין דער פינצטערניש. איצט גיט מען מיר פון הימל דעם רשות קלאָר צו מאַכן אַלע רמזים און סודות אין דער תורה. אָבער ווער ווייסט, וואָס עס וועט שפּעטער זיין. מען קען נאָך, אין פמליא של מעלה, האָבן חרטה...

ר׳ חיים וואָלאָזשינער האָט געפּרואווט טרייסטן זיין הייליקן רבין, האָט ער צו אים געזאָגט:

— רבי, בעט ביים בורא, אַז ער זאָל מחזיר לתשובה זיין די חסידים. ער זאָל זיי ווייזן דעם ריכטיקן וועג. זיי זיינען דאָך ניט אויסן קיין שלעכטס. זייער כוונה איז אַ גוטע, זיי גייען בלויז מיט דעם ניט־ריכטיקן וועג.

דער גאון האָט זיך פאַרטראַכט און געענטפערט:

— זיי מחזיר זיין צו תשובה איז שווין אונדזער שליחות. און וואָס טויג מיר בלויז זייער כוונה, אַז דער עיקר זיינען דאָך די מעשים. אויב זיי זיינען פאַרגרייזט, זיינען אויך די כוונות פאַרגרייזטע... בענטש איך אייך: זייט מצליח אין אייער וויכוח. ראַטעוועט די תורה, זי איז אונדזער איינציקע חיות. אָבער פאַרלאָזט זיך ניט אויף מיין ברכה. שטרענגט אָן אייערע אַלע כוחות. באַווייזט די חסידים, אַז זיי לעבן אין אַ טעות. האַלט אויך גוט אין זינען, אַז ווען איר זייט זיך מיט זיי מתווכח, זאָלט איר זיך ניט היצן, רעדט צו זיי ווייכע רייד...

---

דער דריטער וויכוח מיט די חסידים האָט זיך אויף מאָרגן אָנגעהויבן פריער, ווי תמיד. באַלד ווי מען האָט זיך אויסגעזעצט ביי די טישן, האָט מענדל האָראָדנער, דער פירשפּרעכער פון די חסידים, מודיע געווען, אַז ער פאַרלאַנגט צו ווערן גערופן. ער איז גרייט צו ענטפערן ר׳ חיים וואָלאָזשינער אויף זיינע טענות. אָבער ר׳ סעדיה האָט צו אים געזאָגט: — איר ווייסט דאָך, אַז ר׳ חיים וואָלאָזשינער האָט נאָך ניט געענדיקט אַרויסברענגען זיינע אַלע טענות. האָט דער האָראָדנער נאָכגעגעבן. און מיט התרוממות, האָט ר׳ סעדיה אויסגערופן:

— יעמוד ר׳ חיים וואָלאָזשינער!

ר׳ חיים איז אַ מידער אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט. און ער האָט אָנגעהויבן צו ריידן אויף אַ נידעריק קול.

— קודם־כל וויל איך דאָ מודיע זיין, אַז אַלע רעיונות, וואָס איך האָב נעכטן אַרויסגעבראַכט און אויך די, וואָס איך וועל היינט זאָגן, זיינען אַלע די הייליקע רייד פון אונדזער רבין, ר׳ אליהון, דער איש־אלקים. אַלץ וואָס אַ תלמיד פאַרמאָגט האָט ער עס מקבל געווען פון זיין רבין.

אָפּצוהיטן ר׳ אליהוס אָנזאָג, אַז ער זאָל צו די חסידים ריידן נאָר מיט ווייכקייט, האָט ר׳ חיים צו זיי געזאָגט:

— מיינע פריינט! מיר זיינען דאָך אַלע אחינו בני ישראל. מיר זיינען דאָך ערבים איינער פאַרן אַנדערן. אויב איין ייד זינדיקט,ליידט פאַר דעם דער צווייטער ייד. מען ווערט אָבער דערפאַר באַלוינט. מען קריגט אויך שכר פאַר יענעמס מעשים טובים. אויב אַזוי, איז דאָך ניט שייך צו זאָגן: מיר און איר. מיר אַלע, זיינען דאָך מיר. קינדער פון זיין פאָלק ישראל, וואָס האָבן געשוואוירן ביים באַרג סיני צו טאָן דעם רצון פון בורא העולמים. מיר האָבן אויף זיך מקבל געווען צו פירן זיך בלויז לויט די דינים פון דער תורה, וואָס קיין מענטש אין דער וועלט האָט ניט דאָס רעכט, ניט מוסיף צו זיין און ניט אַרונטערנעמען. מהאי טעמא, איז דער דין, אַז אויב אין אַ ספר־תורה פעלט אפילו איין אות, איז די ספר־תורה פסול. טאָ פרעג איך אייך, קינדער פון פאָלק ישראל, ווי וואָגט איר צו ענדערן דינים? איר ענטפערט, אַז איר ענדערט בלויז מנהגים. אָבער רבינו אליהו, דער גאון הגאונים, זאָגט, אַז דער טעם, וואָס אַ מנהג ברעכט אַ דיי, איז ניט מחמת ער איז שטאַרקער פון דין, נאָר ווייל דער מנהג איז דער דין. אויב מען פירט זיך אַזוי, איז אַ ראיה, אַז אַזוי איז דער ריכטיקער דין. רבינו אליהו זאָגט אויך, אַז יעדער מנהג איז אָנגעדייטעט אין דער תורה. ער באַווייזט עס מיט פעסטע ראיות. ווי באַלד עס איז אַזוי, טאָר מען דאָך ניט ענדערן אַ מנהג, אפילו צוליב די הייליקסטע טעמים. קיינער טאָר ניט איבערטרעטן אַ דין, אַפילו ווען ער איז אין דער העכסטער מדרגה. ברענגט ניט קיין ראיה, וואָס יעקב אָבינו האָט גענומען צוויי שוועסטער פאַר זיינע נשים. ער האָט פאַרויסגעזען, אַז פון זיי וועלן אַרויסקומען די צוועלף שבטים. אָבער אַפילו ער, וואָס איז געווען איינער פון אונדזערע הייליקע אבות, און ער האָט גערעדט פנים־אל־פנים מיטן בורא העולם, וואָלט דאָס שוין ניט געמעגט טאָן נאָך מתן־תורה. אָט, האָט חזקיה המלך ניט געוואָלט נעמען קיין אשה, ווייל ער, דער בעל־תורה, האָט ברוח הקודש געזען, אַז פון אים וועלן אַרויסקומען שלעכטע קינדער. האָט ער דאָך דערביי געהאַט אַ גוטע כוונה. פונדעסטוועגן האָט מען אים ניט געגעבן דעם רשות צו ברעכן דעם דין, וואָס זאָגט: — זאָלסט זיך פרוכפּערן. פאַרמער און פאַרגרעסער דיין פאָלק! מען האָט אים נאָך דערפאַר האַרב באַשטראָפט, ווייל נאָך מתן־תורה טאָר קיינער ניט ענדערן קיין דין.

דער מענטש איז אַ העכערע יצירה ווי אַ מלאך. אַ מענטש לערנט די תורה, האַלט ער אויף די וועלט, ווי עס ווערט געזאָגט: אל תקרא בניך — אלא בוניך. אַלע עליונישע כוחות, וואָס דער מלאך פאַרמאָגט, טוט

איך דער מענטש פֿאַרמאָגן, אָבער דער מלאך פֿאַרמאָגט ניט דעם מענטשנס ערדישע כּוחות. ניט דער מלאך טוט באַשאַפֿן דעם מענטשן, נאָר דער מענטש באַשאַפֿט דעם מלאך. פֿון יעדער מצווה, וואָס ער טוט, ווערט געבוירן אַ מלאך. ברענגט ניט קיין ראיה פֿון „זוהר" און „האר"י". זייערע רייד זיינען פֿאַרבאָרגענע, און ניט יעדער איינער איז זוכה צו פֿאַרשטיין זייער פּנימיות. די תורה שבנסתר איז בלויז געגעבן געוואָרן פֿאַר גרויסע לייט. בלויז אַזאַ איש־אלקים, ווי רבינו אליהו, וואָס פֿאַר אים זיינען אָפֿן אַלע סודות פֿון דער תורה שבנגלה, האָט אַ פֿרייען צוטריט צו דער תורה שבנסתר. קבלה איז ניט ווי איר, חסידים, מיינען אַ באַזונדערע חכמה, נאָר אַ ווייטערדיקע און אַ העכערע חכמה. נגלה איז דער „אלף" און נסתר איז דער „תיו". און אויב מען ווייסט ניט די צורה פֿון אַן „אלף", קען מען ניט מצרף זיין ווערטער, אַזוי קען מען אויך ניט פֿאַרשטיין „נסתר", אויב מען קען ניט „נגלה".

ר' חיים וואָלאָזשינער האָט זיך געהיט ניט אויפֿצוהייבן הויך דעם קול. זיין רבינס הייליקע געשטאַלט שוועבט פֿאַר זיינע אויגן. ער זעט ווי ר' אליהו שאָקלט צו מיטן קאָפּ אין הסכּמה: — דו רעדסט אמתדיקע רייד! כאַפּט ר' חיים גיך אָפּ דעם אָטעם און ער רעדט ווייטער:

— אייך, חסידים קוקט אויס, אַז דער טייטש פֿון „נגלה" מיינט פּשוט: — „אָפֿן", און „נסתר" — „פֿאַרבאָרגן". און דערפֿאַר רופֿט מען די ביידע דרכים מיט די נעמען. אָבער אויב פֿאַר עמיצן איז קבלה אָפֿן, איז עס שוין נגלה. לויט אייער הנחה קומט דאַך אויס, אַז אויב אַ ייד, וואָס קען ניט קיין פּירוש המילות, איז פֿאַר אים אַ שייטל עברי תורה שבנסתר. לאָמיר אייך מסביר זיין, וואָס עס באַדייטן די צוויי דרכים: „נסתר" מיינט אַ פֿאַרבאָרגענער דרך אין דער תורה, וואָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן על־פּי רמז, אַז ניט יעדער איינער זאָל זיין ראוי עס צו פֿאַרשטיין. עס איז געשריבן בלויז פֿאַר מענטשן פֿון אַ גאָר הויכער מדרגה. און פּונקט ווי מען קען ניט אַרויפֿגיין אויפֿן העכסטן שטאַפּל פֿון אַ לייטער, איידער מען שטייגט אַרויף אויף די נידעריקערע שטאַפּלען, פּונקט אַזוי קען מען ניט דערשטייגן צו „נסתר", איידער מען שטייגט אַרויף די טרעפּ פֿון נגלה.

דעם גאונס תּלמידים, וואָס זיינען אַלע געווען בקיאים אויך אין „נסתר", קוקן זיך איבער: זיי גלעטן פֿון נחת־רוח זייערע שטערנס. דעם וואָלאָזשי־נערס רעיונות טוען זיי דערהויבן אין די הויכע וועלטן. אויך די חסידים האָבן פֿאַרגעסן, אַז דאָס רעדט זייערער אַ קעגנער. זיי הערן זיך צו געהאָרכ־זאַם, צו ר' חיימס קלוגע רייד:

— איר חסידים, מאַכט טעותן אויף טעותן. איין טעות ברענגט צום צווייטן. ווי אונדזערע חכמים זאָגן: — עבירה גוררת עבירה. — איין עבירה שלעפּט דער צווייטער. איר טייטשט ניט ריכטיק אויס די רייד פֿון הייליקן „זוהר" און דעם „אר"י" הקודש. איר מיינט, אַז דאָס וואָס דער מענטש ווערט אָנגערופֿן „הולך" און דער מלאך — „עומד", איז דאָס דער־פֿאַר, ווייל דער מענטש איז פֿון אַ נידעריקערער מדרגה. דאָס נעמט זיך

פון דעם, וואָס איר האָט ניט אַרויס ריכטיק דעם פשט. „הולך" מיינט ניט אַ גייער נאָר אַ שטייגער. עס גיט צו וויסן, אַז דער אָדם האָט אין זיין כוח צו שטייגן ביז די העכסטע הויכקייט... און „עומד" מיינט ניט אַ באַשטענדיקער, אַ שלימותדיקער, נאָר אַ שטייער. ער שטייט אויף איין אָרט. ער קען ניט פאַלן און קען ניט שטייגן. דער מלאך איז אַן אומבאַהאָל־פענע יצירה. ער אַליין קען גאָרניט אויפטאָן. ער קען אַפילו ניט זאָגן צום רבונו של עולם: — „קדוש". אויב דער מענטש זאָגט עס ניט פריער. ער איז בלויז דער איבערזאָגער. דאָס האָט געהאַט אין כוונה יחזקאל הנביא מיטן זאָגן: „בעמדם תרפינה כנפיהם". איר, חסידים, — רעדט ווייטער ר' חיים וואָלאָזשינער מיט התעוררות, — מאַכט גשמיותדיקער און קלע־נער ניט בלויז דעם מענטשן נאָר איר מאַכט אויך גשמיותדיקער דעם בורא עולמים. איר פאַרמינערט זיין כבוד. וואָס דער „זוהר" זאָגט: „לית אתר פנוי מיניה" — פאַרטייטשט איר עס, ווי נגלה, וואָרט ביי וואָרט: עס איז ניטאָ קיין אָרט אויף דער גאַנצער וועלט, וואו עס געפינט זיך ניט דער בורא העולמים. דאָס איז דאָך אמתע כפירה, ווייל דאָס וואָלט געמיינט, אַז דער באַשאַפער פון וועלטן, האָט ניט געגעבן דעם מענטשן קיין בחירה. און נאָך ערגער פון דעם, וואָס לויט אייער טייטשן קוקט אויס, אַז דער „ברוך שאמר" געפינט זיך, חס־וחלילה, אין האָלץ און שטיינער, און אין אַלע מיאוסע פלעצער. ער שטייט און קוקט צו, ווי דער מענטש טוט אָפּ אַפילו די מיאוסטע נבלה. ניין, ניט דאָס איז דער טייטש פון „לית אתר פנוי מיניה" דער הייליקער תנא, ר' שמעון בן יוחאי, האָט גאָר געמיינט צו זאָגן, אַז ווען דו מענטש זאָגסט תורה — זאָגט אויך דער בורא תורה, און ווען דו אדם לייגסט תפילין — לייגט ער תפילין. זינדיקסט דו אָבער — דערווייטערט ער זיך פון דיר. זיין כבוד איז טאַקע פול אין דער גאַנצער וועלט, אָבער אין אַ ריינער קדושהדיקער וועלט. אָבער וואו עס איז דאָ טומאה טוט ער זיך אָפּ.

דאָס אייגענע, — רעדט ווייטער ר' חיים וואָלאָזשינער מיט התלה־בות, — האָט איר אָנגענומען אַן הנחה, אַז איידער צו לערנען תורה שלא לשמה איז גלייכער אינגאַנצן ניט צו לערנען. אויך דאָ שפּאַרט איר זיך אָן אויפן „זוהר הקודש", וואָס זאָגט: — „תורה בלא דחילו ורחימו אין לו גדפין ולא פרחת לעילא". — תורה אָן ליבשאַפט האָט ניט קיין פליגלען און עס פליט ניט אין הימל... אָבער דער „זוהר" האָט בלויז געמיינט צו זאָגן, אַז אויב עס פליט ניט איז עס ניט קיין תורה. וואָרים אויב עס איז תורה, וועט עס שוין פליען. אויב ניט באַלד, וועט עס פליען שפּע־טער. ווי דער תנא, רב, זאָגט: — „שמתוך שלא לשמה באָ לשמה". — די תורה האָט אַזאַ כוח, אַז פון שלא לשמה ווערט עס מיט דער צייט לשמה... ווידער, איז אפילו תורה אָן פליגלען, דאָך אַלץ בעסער ווי פליגלען אָן תורה. „שלא לשמה" זיינען די טרעפּ, וואָס פירן צו „לשמה."

דער יצר־הרע, דער כיטראַק, האָט עס אייך איינגערעדט, אַז לערנען שלא לשמה האָט ניט קיין ווערט. ער טוט דאָס כדי איר זאָלט ניט לער־נען. ער, דער יצר־הרע, וואָס זיין דירה איזביים מענטשן אין האַרצן, האָט

שטאַרק מורא פאַר תורה, ווייל זי באַלייכט דעם מענטשנס נשמה, וואָס וואוינט ביים מענטשן אין קאָפּ. הערט, וואָס דער „זוהר" זאָגט: „אויך דער וואָס לערנט ניט לשמה, ווערט אויף יענער וועלט באַלוינט."

— אונדזערע חכמים זאָגן קלאָר און דייטלעך: — „אין לו להקדוש ברוך הוא אלא דלד אמות של הלכה", — דער בורא פאַרמאָגט ניט מער ווי די פיר איילן הלכה... זיי זאָגן אויך: „הקדוש ברוך הוא ואורייתא חד..."

ר' חיים וואָלאָזשינער הייבט שוין אויף זיין קול און זאָגט:

— איך קען אייך ברענגען ראיות אויף ראיות פון דער תורה שבנגלה און פון דער תורה שבנסתר, אַז קיין העכערע זאַך ווי תורה איז ניטאָ. און דאָס מיינט ניט בלויז די תורה שבכתב, נאָר אויך די תורה שבבעל־פּה: די גמרות, די מדרשים און פוסקים. אונדזערע חכמים זאָגן אויך: עס קומט אויף יענער וועלט איינער, וואָס האָט געלערנט בלויז מקרא, אָבער ער ווייסט ניט קיין משנה, קערט דער בורא אָפּ פון אים זיין פּנים. און אַט וואָס נאָך זיי זאָגן: „אַז דער וואָס לערנט תורה און משנה היט אים אָפּ דער בורא אַליין". זיי זאָגן אויך: — הקדוש ברוך הוא וויינט בעת ער זעט, ווי איינער, וואָס קען זיך מתעסק זיין מיט לערנען, און ער טוט דאָס ניט. אָבער איר, חסידים, — רעדט שוין האַרב ר' חיים וואָלאָזשינער, — האָבן אַרויפגעשטעלט אויף אַ העכערן אָרט תפילה. איר טענהט, אַז תפילה פאַרבייט קרבנות. דאָס איז טאַקע אמת, אָבער ווער האָט אייך געזאָגט, אַז מקריב זיין קרבנות איז חשובער ווי לערנען תורה? דער „זוהר", אויף וועלכן איר האַלט זיך אין אייך אָנשפּאַרן, זאָגט דאָך בפירוש: „דער וואָס לערנט תורה דאַרף ניט אָנקומען צו קיין קרבנות". און אונדזערע חכמים זאָגן: „אַז דער וואָס לערנט תורה איז ווי ער וואָלט מקריב געווען אַלע קרבנות". „צוליב דעם זכות פון לערנען תורה צערייסט מען אַפילו טויזנט גזירות". מהאי טעמא, איז דער דין, אַז פון אַ שול מעג מען מאַכן אַ בית־המדרש, אָבער מען טאָר ניט פון קיין בית־המדרש מאַכן אַ שול צום דאַווענען.

ר' חיים וואָלאָזשינער איז זייער מיד. ער האָט ניט מער קיין כּוח צום ריידן. אָבער פאַר זיינע אויגן שוועבט ווידער פאַרביי זיין רבינס, דעם גאונס, קדושהדיקע געשטאַלט. ר' חיים טוט ווי הערן ר' אליהוס ווערטער:

— ראַטעוועט די תורה! דעם בוראס מתנה איז דעם מענטשנס איינציקע דערנערונג. אָן איר קען זיך ניט האַלטן די וועלט!

האָט ר' חיים זיך גענומען שטאַרקן, און צו זיין גרויס פרייד דער־שפּירט ער ווי עס גיסן זיך אין אים אָן נייע כוחות. זיי פליסן מיט שטראָ־מיקייט. ער שפּירט שוין מער ניט קיין מידקייט. אַ מוטיקער הייבט ער אָן ווייטער צו ריידן. ער זאָגט:

— אַ דאַנק און לויב צום „ברוך שאמר", וואָס ער האָט מזכה געווען דעם מענטשן מיט מצוות ניט צום ציילן. רבינו אליהו זאָגט, אַז דאָס

וואָס ער שטייט געשריבן, אַז מען האָט אונדז געגעבן „תריג״ מצוות, מיינט, עיקרדיקע מצוות. אָבער פון אָט די זעקס הונדערט און דרייצן מצוות שפּראָצן אַרוס טויזנטער און טויזנטער מצוות. אָבער די הויפּט־מצווה פון אַלע מצוות איז צו לערנען תורה. אונדזערע רבנן גיבן עס אונדז צו וויסן אין כמה וכמה ערטער. זיי זאָגן:

— אַלע מצוות קענען זיך ניט פאַרגלייכן אַפילו צו דבר אחד מן התורה.

„נר מצווה ותורה אור״ — אַ מצווה איז בלויז אַ ליכט, און תורה איז שוין אַ העליש פייער.

„אַ מצווה טוט בלויז באַשיצן, אָבער די תורה ראַטעוועט!

„אַ למדן, אַז ער טוט אָפּ אפילו מיאוסע זאַכן, פאַרלירט זיין תורה ניט דעם שמעקנדיקן דופט.

„אַ תלמיד חכם, אַפילו ווען ער הערט אויף צו לערנען, איז ער אַלץ חשוב — ער איז געגליכן צו אַ קוואַל, וואָס אַפילו אויב ער ווערט פאַר־שטאָפּט, רייסט עס זיך צוריק אויף און טוט ווידער פלייצן.

ר׳ חיים קוקט שאַרף אַן די חסידים און ער זאָגט צו זיי:

— איך קען אייך ברענגען ראיות אויף ראיות.

איך האָב אייך, חסידים, שוין פריער געזאָגט, אַז תורה איז אין זיך כולל אויך די שאלות־ותשובות פון די אחרונים. אפילו די סאַמע לעצטע בעלי־פּוסקים. און זייער ריכטיק האָט צו אייך געזאָגט דעם גאונס תלמיד, ר׳ סעדיה, אַז תפילה איז בלויז אַ הוספה... און קיין מצווה קען זיך ניט פאַרגלייכן צו לערנען תורה. אפילו זאָגן תהילים, די געזאַנגען וועלכע עס האָט געזונגען דעם בוראס אויסדערוויילטער מלך, דוד בן ישי, קענען זיך אויך ניט פאַרגלייכן צו לערנען תורה. איר טענהט, אַז די בעלי־הגמרא דערציילן, אַז דוד המלך האָט געבעטן ביים בורא, אַז די, וואָס זאָגן תהילים, זאָלן באַלוינט ווערן מיט דעם זעלביקן הויכן שכר, וואָס מען קריגט פאַר לערנען „אהלים ונגעות״. אָבער די רבנן זאָגן דאָך ניט, אַז דער בורא־עולם האָט ממלא געווען דוד המלכס בקשה.

די חסידים האָבן מיט כעס גענומען קלאַפּן אין די שטענדערס. אַן עלטערער חסיד האָט אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויף די אויערן. ער האָט מיט אַ וויינענדיקער שטים זיך גערופן:

— אוי, ווי איז צו מיר, אַז מיינע אויערן דאַרפן הערן אַזעלכע לעסטערדיקע רייד, אַז תפילה איז בלויז אַ צוגאָב. מייז וואָס האָט איך זיך שטאַרק פאַרזינדיקט, אַז איך בין געשטראָפט געוואָרן צו באַדאַרפן זיך צוהערן צו אַזוינע כפירהשע רייד.

עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל. ר׳ סעדיה האָט געפּאַטשט אי־בער זיין שטענדער, איינצושטילן די חסידים. ר׳ חיים וואָלאָזשינער איז זיך אָבער געשטאַנען רואיק, און זיכער ווי פריער. ווי קיין זאַך וואָלט ניט געשען, האָט ער, מיט פריינטלעכקייט, זיך ווידער געווענדט צו די חסידים:

— רבותי: זייט אונדז ניט חושד, אַז מיר מאַכן אַוועק מיט דער האַנט אַזאַ גרויסן ענין ווי תפילה. מיר, מתנגדים, ווילן ניט אומבייטן די קלענסטע מצווה אויף די עשירות פון גאַר דער וועלט. מיר זוכן אָבער דעם אמת — אַוועקצושטעלן די עבודת־הבורא אין מדרגות. מען זאָל ניט זאָגן אויף אַן אויבערשטן טרעפּ, אַז ער איז דער אונטערשטער, און אויפן אונטערשטן, אַז ער איז דער אויבערשטער. דאָס איז געווען די קללה פון דעם דור־הפלגה. דער סאַמע יסוד איז דער לייטער. דעם מענטשנס שליחות איז צו שטייגן. דער גאון זאָגט, אַז אַ מענטש קען ניט שטיין אויף אַן אָרט. אָדער ער שטייגט, אָדער ער פאַלט. און דער לייטער איז געוואַלדיק הויך, זיין שפּיץ שפּאַרט אָן אין די הימלען, וואו עס שטייט דער כסא הכבוד פון בורא־העולם. מוז מען זיך זייער היטן און וויסן ווי צו קלעטערן אויף אַזעלכע טרעפּ. ר׳ משה חיים לוצאַטו זאָגט זייער ריכטיק: מען דאַרף זיך קליגן ווי צו דערקענען דעם בורא. און ווי אין אַ פּשוטער מאָס, וואָס אַ קרעמער מעסט פּאַר זיין קונה, קען ניט געמאָלט זיין קיין צוגאָב, אָן דער עיקרדיקער מאָס, אַזוי איז אויך תורה מיט תפילה. קודם־כל דאַרף זיין געניג תורה און נאָכדעם תפילה. און לאָמיר איך דערציילן, ווי חשוב עס איז ביי אונדז תפילה. רבינו אליהו זאָגט, אַז ווען מען טוט תפילה איז אפילו טראַכטן תורה פאַר־רעכנט פאַר אַ מחשבה זרה. און ער, דער גאון הגאונים, זעצט זיך קיינמאָל ניט לערנען איידער ער זאָגט ברכת־תורה. ער האָט דערציילט זיינע תלמידים, אַז איין נאַכט האָט אים אליהו הנביא געהאָט מגלה געווען די „מעשה־מרכבה״. אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָט ער פון גרויס פרייד זיך ניט גע־קענט איינהאַלטן און פון דעם געטראַכט נאָך איידער ער האָט געמאַכט ברכה אויף דער תורה... זיינען אַלע סודות פון אים פאַרפאַלן געוואָרן. עס האָט גענומען אַ צייט ביז דער גאון האָט זיין אבידה צוריק געפונען. אליהו הנביא האָט ניט געקענט צוזען זיין צער. האָט ער נאָכאַמאָל אויפגעדעקט די „מעשה־מרכבה״ אונדזער רבין.

די חסידים האָבן זיך פאַרחידושט איבערגעקוקט, וואָס דער וואָלאָזשי־נער דערציילט זיך מיט אַזאַ רואיקייט און זיכערקייט, ווי דער ווילנער גאון איז אַ גאַנצער בן־בית אין הימל און חברט זיך מיט אליהו הנביא. זיי האָבן געזוכט צו דערקענען מיט שטומע בליקן, צי ר׳ מענדל האָראָדנער גלייבט אין דעם. זיי האָט אויסגעזען, אַז ער, דער האָראָדנער, גלייבט.

זיי האָבן לאַנג ניט געקענט טראַכטן. ר׳ חיים וואָלאָזשינער איז אַרויס מיט נייע טענות. ער האָט צו זיי געזאָגט:

—איר, חסידים, האָט אַוועקגעשטעלט תפילה אויפן ערשטן שטאַפּל, אָבער אויך זי האָט איר ניט דערהויבן. מיט אייער הנחה, אַז תפילה אָן דביקות און אָן כוונה איז קיין תפילה ניט, האָט איר זי אַוועקגעשטעלט אין אַ סכנה. קיינער לייקנט ניט, אַז דביקות און כוונה איז אַ נייטיקער ענין. אָבער בעסער דאַוונען אָן כוונה איידער אינגאַנצן ניט צו דאַוונען. אויך דאָס

איז אַ קונציק דריידל פון שטן. ער האָט דאָס אייך איינגערעדט, כדי איר זאָלט דערוויל, ביים וואַרטן אויף כוונה, אַריבערגיין די צייט פון דאַוו־נען און פון קריאַת־שמע זאָגן. און פּונקט ווי דער גוף קען ניט ווערן גע־שפּייזט דורך כוונה, אַזוי קען די נשמה ניט ווערן גענערט דורך כוונה. די נשמה קריגט איר חיות בלויז דורך מעשים. מעשים אָן כוונה זיינען נאָך אַלץ יש, אָבער כוונה אָן מעשים איז דאָך בלויז פּוסטער ווינט. לערנען מוז מען תמיד, און מצוות האָבן זייער צייט און געלעגנהייט. אויב איינער האָט גרויס כוונה, ביים עסן מצה, אָבער ער עסט דאָס גאָר ראש־השנה און שופר בלאָזט ער צום סדר — האָט דאָס דען אַ ווערט? אָבער אויב איינער עסט מצה אום פּסח אפילו אָן כוונה, האָט ער דאָך מקיים געווען די מצווה. וואָרים ער האָט דאָך געגעסן מצה. אמת, עס איז אַ נידעריקע מדרגה, אָבער אַ מדרגה איז עס!

דעם גאונס תלמידים צעשמייכלען זיך. זיי געפעלט דעם וואָלאָזשינערס קלוגער איינפאַל. און מיט גרויס נייגעריקייט הערן זיי, ווי ער זאָגט ווייטער:

— יראה איז אויך דאָס זעלביקע ווי כוונה. אַליין פאַר זיך איז עס ניט קיין יש. יראה אַליין קען גאָרניט אויפטאָן. עס איז בלויז אַ געפיל. יראה איז בלויז דער שפּייכלער אַוואו צו האַלטן די תורה. ווי דער פּסוק זאָגט: „יראת ה׳ היא אוצרו״... אָבער וואָס טויג צו האַלטן אין איין בויען שפּייכ־לערס אויף שפּייכלערס, אַז מען האָט ניט וואָס אין זיי אַריינצוטאָן? אָן יראה קען זיך טאַקע ניט האַלטן קיין תורה. אָבער אַז עס האַלט זיך, איז אַ סימן אַז עס איז דאָ יראה. ווידער איז יראה אַזאַ זאַך, וואָס האָט ליב מאָס, אָבער ניט צופיל. ווי שלמה המלך זאָגט: „טוב מעט ביראת ה׳ מאוצר רב ומאומה בו.״ — עס איז בעסער אַ קליינער שפּייכלער, און אָן אָנגעפּראָפּטער, איידער אַ גרויסער שפּייכלער און אַ פּוסטער...

ר׳ מענדל האָראָדנער האָט זיך אַ היציקער געגעבן א הייב אויף פון זיין אָרט און אויסגעשריגן:

— און וואָס וועט איר טאָן מיטן: „אין לו להקדוש ברוך הוא בבית גנזיו אלא אוצר של יראת שמים״. עס זאָגט דאָך בפירוש, אַז יראה איז ביים בורא די טייערסטע זאַך, און ער האַלט אין זיין אוצר בלויז יראת־שמים.

ר׳ חיים וואָלאָזשינער ענטפערט אים שטיל און רואיק מיט גרויס חכמה:

— עס שטייט געשריבן: „הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים״. דאָס הייסט, אַז אַלץ איז אין הימל אַ פאַראַן אין חוץ מורא, ווייל דאָרטן איז לויטער אהבה. און יעדע זאַך וואָס עס איז ניט בנמצא איז טייער. אין אַ לאַנד וואו עס איז דאָ גאָלד, אָבער ניט קיין שטיינער, זיינען שטיינער אַ יקר המציאות. און וויבאַלד יראה איז ניטאָ אין הימל, איז דאָס דאָרטן אַ זעלטענע זאַך, און דערפאַר האַלט דאָס דער בורא אין זיין אוצר.

די התפּעלות איבער ר׳ חיים וואָלאָזשינערס קלוגע רייד האַלט אין איין וואַקסן. ער ווערט גאָרניט מיד. רעיונות גיסן זיך פון אים ווי פון אַ קוואַל. און זיי הערן ווי ער זאָגט:

— איך קען אייך ברענגען הונדערטער ראיות פון „זוהר״ הקדוש, אַז

דער עיקר איז לערנען תורה. אָט פאַרוואָס: אַלע מצוות וואַרצלען זיך פון דער מרכבה, און די תורה איז דער הויפּט־מקור פון וועלכן אַלע וועלטן ציען זייער חיות. דערפאַר טאַקע זאָגט די גמרא, אַז אַ צדיק וואָס קען ניט לערנען איז גאָרניט ווערט. איך זאָג ניט, אַז אַ למדן וואָס טוט ניט קיין אַנ־דערע מצוות אַ חוץ לערנען איז פיין און שיין. אָבער ער קען דאָך ווערן אַ צדיק, ווייל ער ווייסט דאָך די וועגן צום בורא. אָבער דער, וואָס קען ניט לערנען, קען קיינמאָל ניט זיין קיין צדיק, ווייל ער ווייסט ניט ווי אויסצו־פירן די דינים פון דער תורה.

און ווידער, — רעדט שוין ר' חיים מיט התלהבות, — זייט וויסן, אַז דאָס בוקן זיך צו אייערע רביים און אייער איינגלויבן זיך, אַז זיי קענען פועלן אין הימל פּרנסה און געזונט, איז אמתע עבודה־זרה.

די חסידים האָבן זיך אַ הייב געטאָן, כעסדיקע, פון זייערע ערטער און גערופן צום וואָלאָזשינער:

— פאַרזינדיקט ניט אייערע יאָרן! איר רעדט שלעכטע רייד אויף אונדזערע צדיקים!

ר' חיים ענטפערט זיי ניט אויף דעם. און ער זאָגט:

— איר מיינט אוודאי, אַז די פעלקער, וואָס האָבן געדינט צו דער עבודה־זרה, זיינען געווען אַזעלכע נאַראָנים, אַז זיי האָבן געגלייבט, אַז די זון צי די שטערן, צי דער דונער און בליץ האָבן באַשאַפן די וועלט? ניין! זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז אין הימל איז דאָ אַן אלקים, וואָס הערשט איבער אַלעמען. זיי האָבן אָבער געטראַכט, אַז אים, דעם באַשעפער פון אַזאַ גרויסער וועלט, שטייט ניט אָן זיך צו פאַרנעמען מיט יעדן יחיד. האָבן זיי זיך געקליגט און אויסגע־קליבן פאַר זייער אַפּגאָט אַ שטערן. זיי האָבן צו אים געדינט. זיי האָבן צו אים מתפלל געווען און מקריב געווען קרבנות, אין דער גלויביקייט, אַז דער שטערן וואָס געפינט זיך אין הימל, האָט דאָרטן אַוודאי אַ גרויסע דעה, און ער וועט פאַר זייער פאָלק אויספּועלן עשירות און נצחונות. דערפאַר, אַז זיי פלעגן פאַרשפּילן אַ מלחמה האָבן זיי זייער אַפּגאָט אַפּגעוואָרפן. זיי האָבן געמיינט, אַז ער האָט פאַרלוירן זיין חן ביים בורא, און געשטעלט זיך דינען צום זיגערס אָפּגאָט.

די דאָזיקע רייד האָבן נאָך מער אויפגעצאָרנט די חסידים און זיי האָבן מיט ביטערקייט אַרויפגעשריגן צו ר' חיימן:

— אָבער אייערע לומדים הייסט איר יאָ פאַרגעטערן!

ר' חיים האָט געענטפערט:

— ניין. מיר זאָגן בלויז, אַז מען זאָל די לומדים האַלטן בכבוד. וואָרים אָן זיי ווייסט מען ניט ווי מקיים צו זיין אַלע מצוות פון דער תורה. זיי זיינען דאָך די, וואָס פּסקענען די דינים. אָבער בוקן זיך צו זיי, וואָלט אויך געהייסן געטשן־דינערײַ. אָט נעמט דניאלן, וואָס ווער איז גרעסער פון אים? אָבער אַז נבוכדנצר האָט זיך פאַר אים געבוקט, האָבן אונדזערע חכמים עס פאַררעכנט פאַר געטשן־דינערײַ.

עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ געוואַלדיקע קריגערײַ צווישן די חסי־

דים און דעם גאונס תלמידים. מען האָט שוין אין טומל ניט געהערט, ווער עס רעדט און וואָס יענער זאָגט. איינער האָט דעם צווייטן אַריבערגעשריען. ר׳ סעדיה האָט זיך מיט אַלע כוחות געמיט איינצושטילן דעם עולם. אָבער ער האָט ניט מצליח געווען. ער האָט געהאַלטן אין איין קלאַפּן אין שטענדער און מיט בייזער זיך גערופן, עס זאָל ווערן שטיל. אַז ער האָט געזען, אַז ער טוט גאָרניט אויף מיט זיין שטרענגקייט, האָט ער מיט טרערן אין די אויגן זיך גענומען בעטן מיט גוטן. אָבער קיינער האָט זיך אויף אים ניט אומגעקוקט און זיך צו אים ניט צוגעהערט. האָט ר׳ סעדיה שוין געלאָזט גיין מיט דער נאַטור. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי זיין שטענדער און גענומען לערנען אויף אַ הויכן קול. מיטאַמאָל איז געוואָרן שטיל... די טיר פון קלויז האָט זיך פּאַמעלעך גענומען עפענען... עמעצער האָט אויסגערופן מיט פּחד:

— דער גאון גייט!

די טיר איז געשטאַנען פאַר אַ היפּשע ווײלע אָפן. אַלע, אַפילו די חסידים, האָבן מיט פּחד און אימה, געקוקט צו דער טיר. אָבער קיינער האָט זיך דאָרטן ניט געוויזן... און די טיר האָט זיך פון זיך אַליין צוריק לאַנגזאַם צוגעמאַכט...

די דערשיינונג האָט געהאַט אַ גרעסערע פּעולה אויף די חסידים, ווי ר׳ חיים וואָלאָזשינערס עמקותדיקע טענות. אין דער קליינער ווײלע האָבן זיי פאַרגעסן אָן זייערע אַלע פּרעטענזיעס און קריוודעס. עס האָט זיי אויסגעוויזן, ווי זיי וואָלטן איצט געווען ביי זייער הייליקן רבין.

ר׳ סעדיה האָט מיט פריינטלעכקייט אויסגערופן:

— מיר לייגן אָפּ די דין־תורה אויף מאָרגן.

די חסידים האָבן זיך שטיל אַרויסגעשלייכט פון קלויז.



## קאַפּיטל כב

דעם גאונס תלמידים האָבן געהאַלטן בסוד און קיינעם ניט דערציילט, אַז ביי זיי אין קלויז גייט אָן אַ וויכוח מיט די חסידים. זיי האָבן געהאַט דערביי כמה וכמה טעמים. קודם־כל האָבן זיי זיך זייער שטאַרק געהיט ניט אָפּצוטרעטן פון דעם נביאס פאַרזאָג: „והצנע לכת עם אלקיך". זיי האָבן דעם פּסוק אַזוי פאַרטייטשט: מענטש, געדענק, אַז דיין באַשעפער פאַרלאַנגט פון דיר, אַז דו זאָלסט זיך פירן מיט באַשיידנקייט. יעדע זאַך וואָס דו טוסט, מעג עס זיין אַפילו די גרעסטע מצווה, זאָלסטו עס טאָן אין דער שטיל. און ניט מאַכן פון דעם קיין רעש.

זיי, דעם גאונס תלמידים, האָבן אַלע קלוגע שפּרוכן פון די תנאים אָפּגעהיט על־פּי דרך הפּשט. און זיי אויך אויסגעטײַטשט אויף אַלערליי אופנים און אַרויסגעדרונגען מוסר ווערטלעך „קנייטשן" און „דערהערן". זיי, די „הצנע לכת" לײַט, האָבן אויך דעם תנאס פאַרזאָג: „והזהרו בכבוד חבריכם", אָפּגעהיט ווי עס שטייט געשריבן: זאָלסט אָפּהיטן דעם כבוד פון דײַנע חברים. און אויף אים מחדש געווען אייגענע שפּרוכן: — דײַנע חברים מעגן דיר אָפּגעבן כבוד, אָבער דו ווער ניט קיין בעל־גאווה. — האַלט ניט אויסגעשפּיצט די אויערן צו הערן פון דײַנע חברים שבחים. — יענעמס לויב איז טײַלמאָל גאָרניט ווערט. ער איז אפשר אין דיר גענאַרט. — הער זיך בעסער צו, וואָס דו אַליין זאָגסט וועגן זיך. דו קענסט זיך דאָך. דו ווייסט דאָך גוט צי דו טוסט מצוות צי דו באַגייסט עבירות, צי דײַנע מחשבות זײַנען ריינע, צי חס־וחלילה גאָר זינדיקע. — זאָלסט שטענדיק האַלטן אין זינען, אַז אַלץ ווענדעט זיך אין דיר אַליין. זײַנען דײַנע מעשים גוטע, וועלן זיי דיך דערהייבן, זײַנען זיי שלעכטע, וועלן זיי דיך פאַרשלעפּן אין אַ זומפּ...

זיי, דעם גאונס תלמידים, פלעגן אויך זאָגן:

— קוק ניט דורך די פענצטער. דורך פּשוטע גלאָז וועסטו זען בלויז יענעם, אָבער ניט זיך אַליין. דו וועסט דערזען יענעמס חסרונות אָבער ניט דײַנע אייגענע. טאָ קוק בעסער אין אַ שפּיגל. דאָרט וועסטו דערזען זיך אַליין, וועסטו זיך דערקוּנדיקן ווי שלעכט דו האַלטסט אויף דער וועלט און דו האָסט גאָרניט מיט וואָס זיך צו האַלטן גרויס...

אין ווילנע האָט קיינער ניט געוואוסט, אַז אין גאונס קלויז גייט אָן די דין־תורה איבער די חסידים. זיי, די „הצנע לכת" לײַט האָבן עס גע־האַלטן בסוד. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז עס קען ווערן אַ צו גרויסער טומל. זיי, דעם גאונס תלמידים, זײַנען געגאַנגען אין די טריט פון זייער רבין, און ווי ער, געוויכט פון רעשיקייט. זיי האָבן זייער יעדן טראָט געמאָסטן און געוואויגן. זיך געהיט ניט צו ווערן צופיל צדיק. זיי האָבן געזאָגט: — אַלץ האָט אַ מאָס און גרעניץ.

דאָס איז טאַקע געווען איינע פון די הונדערטער טעמים, וואָס זייער רבי, דער גאון, האָט זיך מיט אַזאַ שאַרפקייט קעגנגעשטעלט דער חסידישער שיטה. ער, דער איש־אלקים, האָט אין דער חסידישער רעשיקער און פאַר־ביקער פירונג געזען אַ סכנה פאַר די „הצנע לכתדיקע" יידישע מידות. ר' אליהו האָט ניט געקענט פאַרליידן, וואָס די חסידישע רביים פירן זיך מיט אַזאַ דערהויבנקייט, זיי פּוצן זיך אויס אין לאַנגע, ווייסע, זײַדענע קאַפּאָטעס פאַר־בונדענע מיט גאַרטלען. ער האָט אויך ניט געקענט פאַרטראָגן זייער האָ־פערדיק זינגען און טאַנצן, כאָטש ער האָט פיינט געהאַט עצבות, שמחת־תורה ביי הקפות, ווען ער, דער גאון, פלעגט גיין אַרום בימה, מיט אַ ספר־תורה, אין די הענט, האָט ער אַזש געטאַנצט. ער האָט אָבער קיין צופיל צייט ניט צעבטלט. ער האָט זיך בלויז איינמאָל אַרומגעדרייט אַרום בימה, און גלייך

צוריקגעגאַנגען צו זיין שטענדער, ווייטער צו לערנען. און צו זיינע תלמידים געזאָגט:

— עס איז ניטאָ קיין גרעסערע פרייד, ווי לערנען די תורה.

ר׳ אליהו, וואָס האָט געהערט צו די הויכע דורות פון די תנאים און אמוראים האָט אויך ניט אַרויסגעזען קיין גוטס פון די חסידישע „שלש־סעודתן״, וואָס זיי פראַווען מיט אַזאַ גרויס פאַראַד. ער האָט געזאָגט:

— עסן און טרינקען טוען פאַרבעטן דעם שטן. זיי עפענען פאַר אים די טיר ברייט און אָפן. ער, דער כיטראַק, וועט שוין זען, אַז דאָס עוף זאָל פאַרצערן דעם „שלש־סעודות.״

האָבן זיי, דעם גאונס תלמידים, געהאַלטן דעם וויכוח בסוד־סודות. זיי האָבן עס אַפילו דער אייגענער הויזגעזינט ניט דערציילט. אויך די פּרושים, וואָס האָבן געלערנט, אויפן שול־הויף האָבן פון דעם ניט געוואוסט. זיי האָבן געזען, ווי יעדן פרימאָרגן לאָזן זיך גיין אין גאונס קלויז אַ מנין פרעמדע יידן, אין ווייסע זשופּעצעס, אַרומגעבונדענע מיט גאַרטלען און זייערע פּאות לאַנגע און געקרויזטע. מען זעט עס ניט אין דער ליטע. זיי, די פּרושים זיינען שוין אָבער געווען געוואוינט צו זען אויפן שול־הויף כלערליי יידן, זינט עס איז נתגלה געוואָרן דער גאון פלעגן דאָ אָפּט אַראָפּ־קומען יידן, פון פאַרשיידענע לענדער צו פרעגן, ביים גאון, שאלות אויף דינים און „מה שתשובס״ צו אַפּיקורסים, זיך מיישב צו זיין מיט ר׳ אליהון, ער זאָל זיי עצהן וואָס צו טאָן: אין זייער מדינה, איז אויף די יידן געפאַלן אַ האַרבע גזירה.

די אַלע פרעמדע יידן פלעגן זיך אין ווילנע לאַנג ניט זאַמען. ר׳ אליהו מיט זיין גאונישן ליכטיקן קאָפּ, האָט כהרף עין זיי געגעבן אַ תשובה אויף זייערע שאלות, צי עס איז געווען אין נגלה צי אין נסתר. און אויב עס האָט זיך גערעדט וועגן אַ גזירה האָט ער עס אויך באַלד אַרויסגעהאָט, און אפילו פאַרשטאַנען די סיבות, כאָטש דאָס איז פאַרגעקומען אין אַ פרעמדער מדינה. ער, דער גאון, האָט תמיד געפונען די ריכטיקע עצה. האָבן די יידן פון די פרעמדע מדינות, באַלד געאיילט אַהיים, אָנצוזאָגן די ישועה.

איז די פּרושים אויפן שול־הויף אַביסל געווען קשה, וואָס די פרעמדע לייט אין די ווייסע זשופּיצעס זאַמען זיך אַזוי לאַנג אין ווילנע און גייען יעדן טאָג אין גאונס קלויז. זיי, האָבן אָבער געטראַכט: דאָס איז מסתמא איינע פון יענע זעלטענע טראַפּן. זיי האָבן אַוודאי צו פרעגן ביים גאון גאָר האַרבע און פאַרפלאָנטערטע ענינים.

אויך די חסידים האָבן געהאַלטן דעם וויכוח בסוד. ר׳ שניאור זלמן, דער גרויסער צדיק, וואָס האָט מיט אַלע זיינע חושים געגאַרט אַריבער־צוציען דעם גאון אויפן חסידישן צד, האָט נאָך אַלץ געהאָפט, אַז ער וועט מצליח זיין. ער, דער הייליקער מאַן, וואָס האָט אַזוי געגאַרט, אַז עס זאָל ווערן שלום, האָט געגלייבט, אַז עס וועט געשען אַ נס. רבינו אליהו וועט סוף־כל־סוף איינזען, אַז לערנען אַליין, און דערצו נאָך אָן כוונה, איז ניט קיין תכלית. יידישקייט איז אַרומגערינגלט מיט אַזויפיל שונאים. די איינציקע

וואָס קען ראַטעווען, איז די חסידישע שיטה. דער פּשוטער מענטש קען זיך ניט באַגיין אָן די חסידישע רביים. ער דאַרף האָבן, ווער עס זאָל אים אין אַ צרה טרייסטן און העלפן. די לומדים, זיינען פאַרטאָן מיט זייער לערנען, און זייערע אויערן זיינען פאַרשטאָפּט פון מענטשנס באַדערפעניש. האָט דער פּשוטער מענטש זיי פיינט, און ער קערט זיך אָפּ פון דער תורה.

ר׳ שניאור זלמן, דער איש צדיק, האָט ניט געזוכט צו געווינען זיין אייגענעם נצחון. ער איז ניט געקומען אַהער קיין ווילנע, אַראָפּצונידערן ר׳ אליהון פון זיין הויכן שטול, כדי ער, דער ליאַדער, זאָל ווערן דער מנהיג פון די יידן אין ליטע און רייסען.

ביי אים, דעם גרויסן למדן, איז ר׳ אליהו געווען זייער הייליק. ער האָט באמונה שלימה געגלייבט, אַז די וועלט האָט פאַר דורות און דורות ניט געהאַט די זכיה צו האָבן אַזאַ געוואַלדיקן גאון אין דער תורה שבנגלה, ווי ר׳ אליהו. זאָל ער נאָר אָננעמען די חסידישע שיטה, וועט ער, ר׳ שניאור זלמן, מיט פרייד מוחל זיין אויף זיין אייגענעם כבוד און אָפּטרעטן פון זיין רבישאַפט. זאָל ר׳ אליהו זיין דער רבי, און ער — בלויז דער תלמיד!

לייענט ר׳ שניאור זלמן מיט ישוב־הדעת ר׳ חיים וואָלאָזשינערס טענות צו די חסידים. ער באַוואונדערט זיינע רעיונות, וואָס ער באַפּעסטיקט זיי דווקא מיט פּסוקים פון דער תורה שנסתר. ער, דער וואָלאָזשינער, טייטשט גאָר אַנדערש אויס דעם „זוהר״ און דעם „אַר״י״ הקדוש. ר׳ שניאור זלמן פאַרשטייט, אַז דאָס איז אויך ר׳ אליהוס דרך. עס טוט אים וויי, וואָס זיי לייקענען אַזוי שטאַרק אָפּ זיין שיטה אין נסתר. ער, דער איש אמת, פאַר־באַהאַלט אָבער ניט פאַר זיינע חסידים זיינע התפעלות פון דעם וואָלאָזשינער.

אַז ר׳ מענדל האָראָדנער האָט ווידער צו אים געבראַכט די פּאַפּירן, וואו עס זיינען געווען פאַרשריבן ר׳ חיים וואָלאָזשינערס נייע טענות און געווען איז ער זייער אומעטיק, האָט ר׳ שניאור זלמן באַלד פאַרשטאַנען, אַז דער צד שכנגד האָט ווידער געהאַט אַ נצחון. האָט ער זיך גלייך געזעצט לייענען די פּאַפּירן. דער האָראָדנער האָט פון דער זייט נאָכ־געהיט יעדע באַוועגונג פון זיין רבין. ער איז געווען ביי זיך זיכער, אַז כאָטש ר׳ שניאור זלמן מיעט זיך תמיד ניט צו ווערן אין כעס. אָבער איצט, אַז ער וועט לייענען, וואָס ר׳ חיים וואָלאָזשינער האָט מיט זיכערקייט דער־ציילט, אַז צום גאון קומען צו גאַסט אַזעלכע קדושדיקע געסט ווי יעקב אבינו און אליהו הנביא, וועט עס שוין אים, ר׳ שניאור זלמנען, אַריינברענגען אין גרויס גרימצאָרן . ער וועט בלי־ספק שוין קלאַפּן איבערן טיש און זיך בייזערן:

— דאָס זיינע דברי שקר! דער „ארי״ איז דער איינציקער יורש פון יעקב אבינוס תורה שבנסתר. בלויז אים האָט ער געגעבן דעם רשות צו מאַכן אַ פירוש אויף זיין „ספרא דצניעותא״. אויך אליהו הנביא האָט זיינע אַלע סודות פאַרטרויט דעם „ארי״. נו, וויל דער וואָלאָזשינער איינשמועסן דער וועלט, אַז יעקב אבינו און אליהו הנביא שטאָטן אָפּ וויזיטן דעם ווילנער.

וואָס אָסורט צו דאַוונען לויט דעם „אריס" נוסח און ער לייגט ניט דעם רבינו ת"מס תפילין!

דער האַראַדנער ווערט געפּלעפּט. ער זעט, ווי ר' שניאור זלמן גיט זיך אַ הייב פון זיין שטול. זיין פּנים שיינט פון פרייד, און אין זיינע גרויסע אויגן צינדן זיך ליכטיקע פּייערלעך. און ער רופט זיך אָן צו אים:

— ר' מענדל! אַז וואויל איז צו ר' אליהו ווילנער, וואָס ער האָט דער־גרייכט צו אַזאַ הויכער מדרגה, אַז יעקב אבינו און אליהו הנביא קומען צו אים אין שטוב — ריידן מיט אים תורה...

דער האַראַדנער וואונדערט זיך: ער קען ניט פאַרשטיין — וואָס איז דאָ אויף זיין רבין אַזאַ שמחה, אַז צו ר' אליהון, וואָס לייקנט אין חסידות, קומען אַזעלכע היליקע געסט! אָבער ער פרעגט עס אים ניט: ער וויל ניט צעשטערן זיין רבינס פרייד...

עס ווערט אים אָבער באַלד אויפגעקלערט זיין רבינס כוונה. ער הערט ווי ר' שניאור זלמן רעדט צו זיך אַליין:

— איצט בין איך בטוח, אַז דער גאון הגאונים וועט אָננעמען די חסי־דישע שיטה. אליהו הנביא, דעם „אריס" מורה דרך אין נסתרות, וועט שוין דעם ווילנער אַרויספירן אויף דעם אמתן וועג. איך גלויב באמונה שלימה, אַז די טעג פון ביאַת המשיח זיינען זייער און זייער נאָענט. עס וועט זיך איצט באַהעפטן די וועלט פון נגלה מיט דער וועלט פון תורה שבנסתר, די אָפענע וועלטן מיט די פאַרבאָרגענע וועלטן — און עס וועט ווערן אַ נייע לויטערע וועלט... מיין שיטה אין חסידות, פון „זיכוך החומר", פירט אויך צו דעם ציל, אָבער עס איז אַ לענגערער און אַ שווערערער דרך. ער איז פול מיט שטרויכלונגען... די וועלט דאַרף זיך נאָך יאָרן־לאַנג לייטערן, ביז זי וועט ווערן שלימותדיק. אָבער ביים באַהעפטן ר' אליהוס שלימות־דיקע וועלט אין נגלה מיט אונדזער שלימותדיקער נסתרשע וועלט, ווערט עס תיכף שלימותדיק.

דער האַראַדנער, וויל ניט צעשטערן זיין רבינס פרייד. אָבער ער קען זיך ניט באַהערשן. און ער פרעגט:

— רבי, טאָ פאַרוואָס שווייגט דער הייליקער נביא? פאַרוואָס שטראָפט ער ניט אויס ר' אליהון?

ר' שניאור זלמן ענטפערט אים מיט זיכערקייט:

— דער „ווילנער" איז אַן עקשן, ער טענהט אַוודאי, אַז די תורה איז שוין ניט מער אין הימל, זי געהערט צו דער ערדישער וועלט. דאָ איז ער, ר' אליהו, דער פוסק. און אפשר וויל ניט דער נביא, אַז ר' אליהו זאָל פאַר־לירן זיין שכר — וואַרט ער, ביז ער, דער גאון, וועט אַליין איינזען זיין טעות.

ר' שניאור זלמן ווערט אַלץ מער און מער אָנגעצונדן פון זיין אייגענער התלהבות. ער זעט אין זיין דמיון ווי זיי ביידע, ער, ר' שניאור זלמן און דער גאון שפּאַנען איבערן ווילנער שול־הויף. דער גאון, דער הייליקער מאַן, וואָס האָט מורא אפילו פאַר אַן עבירה בשוגג, איז פאַרמוחט. פּלוצים רופט ער זיך צו אים, מיט גרויס רגש:

— ר׳ שניאור זלמן, זייט מיר מוחל. איך האָב אין דער התחלה ניט געכאַפּט די פּנימיות פון אייער „תניא״, האָב איך אויסגעטייטשט אייערע אמתדיקע רייד צום שלעכטן.

ער, שניאור זלמן, איז אַזוי גערירט פון זיינע רייד, אַז טרערן גיסן זיך פון זיינע אויגן, און ער ענטפערט:

— רבי, רכב ישראל ופרשיו. איך בין אייך מוחל מיט מיין גאַנצן האַרצן. איך האָב אויף אייך קיינמאָל ניט געטראָגן קיין שווער האַרץ. איר האָט דאָך דאָס געטאָן לשם־שמים. עס איז בעסער צו באַגיין אַן עבירה לשמה, איידער אַ מצווה שלא לשמה.

איבערן גאונס פּנים צעגיסט זיך אַ ים מיט פרייד, און ער זאָגט צו אים:

— דערציילט מיר, ווי עס האָט זיך געפירט, בקודש, אייער הייליקער רבי, דער מעזריטשער מגיד?

ר׳ שניאור זלמן שטעלט זיך פאַר אין זיין דמיון ווי ער דערציילט און דערציילט חידושים און נפלאות פון זיין רבין. ער, דער גאון, הערט זיך צו מיט זיינע אַלע חושים. אַפילו זיינע הויכע אויסגעשטאַרצטע אַקסלען הערן זיך צו. זיי הייבן זיך פון פרייד, און ער זאָגט צו אים:

— איך דאַרף דאַנקען און דאַנקען דעם בורא, וואָס ער האָט געעפנט מיינע אויגן, און האָט לפנים משורת הדין דערלאָזט, אַז איך זאָל דערזען די העלע ליכט פון חסידות. איך ווייס, אַז איך בין באַגאַנגען אַ גרויסע עבירה, וואָס איך האָב געקוקט בלויז אויף די חיצוניות פון דער שיטה. איך האָב ניט געהאַלטן אין זינען דעם תנאס פאַרזאָג: „על תדין את חברך עד שתגיע למקומו״ — משפּט ניט יענעם לויט די חיצוניות, נאָר מי זיך צו דערגרונטעווען צו זיין פּנימיות. אָבער מיינט ניט, ר׳ שניאור זלמן, אַז איך שרעק זיך פאַרן גיהנום. איך בין גרייט צו באַצאָלן פאַר מיין עבירה; איך פאַרלאַנג ניט, אַז מען זאָל דאָס מיר שענקען.

אין פּולן גלויבן, אַז עס וועט קומען צו אַ שלום, האָט ר׳ שניאור זלמן געבעטן זיינע מקורבים: האַלט סוד און דערציילט קיינעם ניט וועגן דעם וויכוח, וואָס גייט אָן אין גאונס קלויז. דאָס קען נאָך שטערן צו אַ שלום צווישן ביידע וועלטן.

האָט קיינער אין שטאָט ניט געוואוסט, אַז אין גאונס קלויז קומט פאָר אַזאַ ביטערע פּלוגתא צווישן די לומדים און די חסידים, אַז עס האָבן זיך דאָרט איצט צונויפגעטראָפן די אָפענע וועלטן מיט די פאַרבאָרגענע וועלטן — און ביידע זיינען איינגעעקשנט: זיי ווילן ניט אָפּטרעטן אַפילו קיין שפּאַן!

דערוואוסט האָט מען זיך וועגן דעם גאָר אומגעריכט פון דעם יונגן חסידל, וואָס איז צו להכעיס די מתנגדים, געגאַנגען אָנגעטאָן אין ווייסע מלבושים, און ביי דעם ערשטן צוזאַמענטרעף מיטן גאונס תלמידים, האָט ער זיי שאַרף געטאַדלט. אָבער זינט ער האָט געהערט ר׳ חיים וואָלאָזשינערס אויפקלערן די לומדישע הנחות, האָט דאָס ערלעך בחורל ניט געפונען קיין רו. ער האָט אויף זיין געלעגער, אין די נעכט, געוויינט פאַר צער. ער האָט זיך געשראָקן, אַז ער וועט דאַרפן אָפּגעבן חשבון פאַר דער פמליא של־

מעלה, וואָס ער האָט געטאַדלט די לומדים. ר׳ חיים וואָלאָזשינער האָט דאָך קלאָר אויפגעוויזן, אַז זיי זיינען ביים בורא די חשובסטע לייט. זיי זיינען דאָך מקיים אין פולן דעם פּאָרזאַג: „והגית בו יומם ולילה„ — טאָג און נאַכט זאָלסטו טראַכטן אין מיין תורה.

דאָס יונגע חסידל האָט ניט געקענט מוחל זיין די חסידים, וואָס זיי האָבן אים, אַן אייגענעם אַנשי שלומיניק, אַזוי מיאוס אָפּגענאַרט. ער האָט זיי מער ניט געקענט פאַרטראָגן. זייערע פריינטלעכע רייד האָבן אים געשטאָכן ווי נאָדלען.

אין אָוונט, ווען די חסידים, האָבן זיך געדבקהט ביים מעריב דאַווענען, האָט ער זיך שטיל אַרויסגעשליכט פון שטוב און האָט אין גרויס איילעניש זיך אַוועקגעטראָגן אויפן שול־הויף. ער איז אָפּגעטראָטן אין „יסודס„ קלויז. דאָרט איז געווען ליכטיקער ווי אין אַלע קלויזן — האָט אים די ליכטיקייט צו זיך צוגעצויגן. עס איז שוין געווען נאָך מעריב־דאַווענען, די קלויז איז אָבער אָנגעפּראָפּט מיט יידן. דאָס יונג חסידל זעט צום ערשטן מאָל אַ מתנגדישן בית־המדרש.

ביי דער מזרח־וואַנט שטייען די פּרושים. זיי זיינען אַריבערגעבויגן איבער זייערע שטענדערס, אַריינגעטאָן מיט האַרץ און נשמה אין לערנען. זיי זעען בלויז די גמרא, וואָס ליגט פאַר זייערע אויגן. און שטיל זינגען זיי אונטער, ווער אַ פריילעכן און ווער אַן אומעטיקן ניגון.

ביי דער וואַנט שטייען אויסגעשטעלט טישן אויף טישן. אַלע זיינען געדיכט באַזעצט. דער חברה ש״ס טיש, איז ברייטער פון אַלע טישן. עס זיצן אַרום אים אַלטע יידן, וואָס זייערע בערד בלאָנדען זיך אַזש פון גרויי־קייט און אויך יונגעלייט, וואָס זייערע בערדלעך הייבן ערשט אָן צו שפּראָצן. עס זיצן דאָרטן יידן ברייטלעכע, זייערע פּנימער אויסגעפּילטע און זייערע בגדים נייע, און עס זיצן אויך יידן אין אַלטע צעקנייטשטע קאַפּאָטעס מיט פּשוטע היטלען אויף זייערע קעפּ. זייערע פּנימער איינגעצויגן און כמורנע. אָבער דאָ ביי דעם חברה־ש״ס טיש, איז ניט דער חילוק צי דער מענטש איז רייך אָדער אָרים. נאָר צי ער פאַרטייטשט לערנען און ווייס, וואָס רש״י טייטשט און וואָס תוספות פרעגט אָפּ און וואָס מהרש״א איז מחדש. דער טיש איז דאָ דער יחסן. אויב מען לערנט אויף אים משנה, איז ער מיט אַ שטאָפּל ני־דעריקער, ווי דער גמרא־טיש. אַן אגדתא טיש, וואו מען לערנט „עין־יעקב„ איז אויך חשוב. אָבער ער קען ניט און וויל אַליין זיך ניט פאַרגלייכן צו דעם הלכהשן טיש. הינטער דער בימה זיצן שוין פּשוטע יידן. זיי זאָגן תהילים, ווער אויף אויסוויייניק און ווער פון אַ גרויסן כל־בו סידור.

ביים שולחן ערוך טיש איז רואיק און שטיל. דער רבי זאָגט די דינים. די יידן אַרום הערן זיך געהאָרכזאַם צו. זעלטן ווען, אַז איינער טוט איבער־פרעגן, און אויב שוין יאָ, טוט ער עס שטיל און שעמעוודיק.

ביים משניות־טיש איז שוין אַביסל טומלדיק. מען איז זיך דאָרט מפלפל, אָבער ניט צו הויך. דער רבי זאָגט די משנה, דאָס רוב

אויף אויסנווייניק. ער, דער למדן, איז מסביר די משוה פון די תנאים מיט די פּלוגתאָס פון די אמוראים. אָבער ביי דער חברה־ש״ס טיש איז מען זיך מתפּלל מיט היציקייט און ברען. דער רבי פון חברה ש״ס טיש אַן אַלטער מאַן. זיין שטערן — זייער ברייט און הויך. ער איז אין גאַלע קנייטשן. יעדער קנייטש זיינער טוט ווי דערציילן וועלכע מסכתא האָט דאָס אים אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז פון טיפן טראַכטן האָט זיך די הויט אַזש צעפּאַלדעט. ער, דער רבי, זאָגט אָפּ אַ מימרא פון דער גמרא. ער וויל זיך שוין נעמען זאָגן די צווייטע מימרא. אָבער איינער פון די לומדים פאַרצוימט אים דעם וועג. ער פרעגט זיין רבין, אַ שווערע קשיא אויפן תוספות. דער רבי גלעט זיין צעקנייטשטן שטערן, ווי ער וואָלט זיך ביי זיין קאָפּ געבעטן, אַז ער זאָל אים אַרויסהעלפן... אָבער זיין מוח האָט זיך ווי איינגעעקשנט. ער וויל איצט ניט דינען.

דער חברה ש״ס רבי ווערט ביי זיך אומעטיק און אַראָפּגעפאַלן. מיט־אַמאָל שפּרינגט ער, דער אַלטער מאַן, אויף פון זיין זיץ, ווי ער וואָלט נאָך אַ יונג יינגל געווען, און רופט אויס מיט פרייד:

— איך האָב עס!

מיט נצחון פאַרענטפערט ער דעם תוספות. פּלוצים כאַפּט זיך אויף אַ ייד פון דעם אַנדער ברעג טיש. ער שלאָגט אָפּ זיין תירוץ, און ער פרעגט נאָך אַ שווערערע קשיא אויף תוספות. דער חברה ש״ס רבי בייזערט זיך אויף אים, וואָס ער באַנעמט ניט זיין הסבר. ער פּרואווט מאַכן צונישט יענעמס קשיא. אָבער זיין תלמיד, כאָטש אַ יונגערמאַן נאָך, לאָזט זיך ניט. ער פאַרפעסטיקט זיין קשיא מיט נאָך אַ קשיא. און ברענגט א „תנא דמסיע״. ביי דעם חברה ש״ס טיש צעפלאַקערט זיך אַ היציקע פּלוגתא. נאָך אַ לאַנ־גער „שקלא וטריא״ בלייבט, אַז מען זאָל די קשיא פרעגן ביי אַ גרעסערן למדן, און אויב יענעמס תשובה וועט ניט געפעלן ווערן, זאָל מען עס שיקן פרעגן ביים גאון...

דאָס יונג חסידל קוקט זיך אַ פאַרחידושטער צו און טראַכט ביי זיך מיט פאַרביטערטקייט:

— אונדזערע לייט נאַרן יענעם און נאַרן אויך זיך אַליין. זיי שמועסן זיך און יענעם איין, אַז די ליטווישע יידן זיינען קאַלטע לייט. זעט, מיט וואָס פאַר היציקייט זיי לערנען.

דאָס חסידל איז אָפּגעטראָטן פון חברה ש״ס טיש. ער האָט זיך צו גענענט צו אַ פּרוש, וואָס איז געשטאַנען ביי זיין שטענדער. ער האָט גע־הערט ווי יענער זאָגט פון דער גמרא אַרויס: „אמר רב חיסדא, הרב שמחל על כבודו אין כבודו מחול״. — אַ תלמיד־חכם, אויב ער איז אפילו מוחל אויף זיין כבוד — איז עס אויך ניט פאַרגעבן.״

דאָס חסידל ווערט בלאַס:

— הייסט עס, אַז איך וועל שוין, מיין גאַנץ לעבן, ווי קין דאַרפן טראָגן מיין שווערע זינד. דעם גאונס תלמידים קענען מיר דאָך ניט מוחל זיין, אויב אפילו זיי וועלן עס איינוויליקן צו טאָן.

ער מאַכט זיך מוט. ער גיט אַ צי דעם פּרוש ביים אַרבל, און ער זאָגט צו אים:

— רבי, איך האָב געהערט, וואָס איר האָט איצט געלערנט, פון דער גמרא. פרעג איך אייך: דאָס איז דאָך דער האַרבער מידת־הדין? וואו איז דער מידת־הרחמים?

דער פּרוש, אַ פאַרטיפטער אין דער גמרא, האָט ריז איצט גאָרניט באַמערקט, אַז לעבן אים שטייט דאָס יונג בחורל, וואָס איז געקליידט אין ווייסן, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט אַ צעשראָקענער. ער האָט זיך אָבער באַלד באַרואיקט. ער האָט מיט שטילע רייד אים געענטפערט:

— מידת הרחמים טוט בלויז פאַרווייכן און פאַרמילדערן דעם האַרבן מידת־הדין. אָבער אין גאַנצן אים אַוועקצושטופּן האָט דער מידת־הרחמים ניט קיין כוח. דאָס, וואָס רב חיסדא זאָגט: אַז אַ תלמיד־חכם קען ניט מוחל זיין אויף זיין כבוד, איז עס ניט גלאַט אַ מוסר־ווערטל, נאָר ער פּסקנט דאָ אַ דין. אונדזערע בעלי־פּוסקים, וואָס האָבן זיך דערטיפט לעומקא דדינא, זאָגן אָבער, אַז דער דין בלייבט ניט ווי רב חיסדא, נאָר ווי רב יוסף, וואָס איז מקיל. ער זאָגט, אַז אַ תלמיד־חכם האָט יאָ די דעה מוחל צו זיין אויף זיין כבוד, כאָטש מען איז מחויב על־פּי דין אָפּצוגעבן אים כבוד. אונדזערע פּוסקים זיינען אָבער מוסיף און דערקלערן, אַז אַ תלמיד־חכם האָט שוין ניט דעם רשות מוחל צו זיין אויף בזיון. דער טעם דערפון — דערקלערט דער פּרוש — אויב מען איז מבזה אַ תלמיד־חכם, איז מען מבזה ניט אים, נאָר זיין לומדות. און אויף דער תורה איז ער, דער למדן, שוין ניט קיין באַלע־באָס. און אויב ער טוט דאָס יאָ, איז אַ חוץ, וואָס ער איז עובר אויף אַ דין פאַרמיאוסט ער זיך נאָך ביים בורא. ער איז דאָך אַ בעל־גאווה, אויב ער גלייבט, אַז צו אים געהערט די תורה.

דאָס יונג חסידל האָט אַ צערודערטער זיך צוגעהערט, ווי דער פּרוש דערקלערט אים דעם דין. ער האָט שוין באַשיינפּערלעך געזען, אַזוי ווי דער טאָג איז טאָג, אַז ער האָט זיך דאָ אַריינגעפּלאָנטערט אין אַ נעץ פון זינד. וואָרים דעם גאונס תלמידים, ווען זיי זיינען אפילו מרוצה, קענען זיי דאָך ניט און טאָרן ניט אים מוחל זיין פאַר די בזיונות, וואָס ער האָט זיי אָנגעטאָן.

אים, דעם פרומען יידישן בחור, האָט פון קלעמעניש דאָס האַרץ פאַר־דריקט. ער האָט גוט געדענקט, אַז ער איז אין דער פרעמד. ער האָט אָבער ניט געקענט זיך באַצווינגען און האָט זיך צעוויינט הויך אויפן קול.

דער פּרוש האָט זיך דערשראָקן. האָט ער זיך, מיט רחמים, גענומען בעטן ביים פרעמדן בחורל:

— נעמט זיך אַריין אין די הענט, שטאַרקט זיך. האַלט איין אייער געוויין. מען וועט זיך דאָך צוזאַמענלויפן אויפן בייזן וואונדער. איר וועט דאָך באַגיין אַ גרויסע עבירה. איר וועט דאָך גורם זיין צו ביטול תורה...

דאָס יונג חסידל הערט אָבער ניט אויף צו וויינען. דער פּרוש מיעט זיך אים איינצושטילן מיט גוטע רייד. ער זאָגט צו אים:

— איך פֿאַרשטיי, אַז איך דריקט אויפֿן האַרצן. טאָ רעדטס זיך עס אַראָפּ. וועט עס איך ווערן לייכטער. אַזוי עצהט דער פּסוק: „דאגה בלב איש ישיחנה" — זאָלסט עס ניט פֿאַרבאַהאַלטן. דערצייל עס אַפילו פֿאַר אַ פֿרעמדן.

דאָס יונג חסידל האָט זיך געמיט צו פֿאַרשטיקן זיינע טרערן, ניט אַזוי פֿון זיין אייגנטוועגן ווי צופֿרידנשטעלן דעם פּרוש. אָבער וואָס מער ער פּרוּווט פֿאַרהאַלטן זיינע טרערן, אַלץ העכער און העכער הייבט זיך זיין געוויין. האָט ער פֿאַר שרעק זיך צעשריגן:

— געוואַלט! ראַטעוועט!

דער גאַנצער עולם האָבן זיך אויפֿגעהויבן פֿון די טישן. זיי האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אַרום דעם פֿרעמדן בחורל. זיי האָבן געפֿרעגט דעם פּרוש וואָס עס איז דאָ געשען. יענער האָט שטום געהויבן זיינע אַקסלען: איך ווייס ניט וואָס צום ענטפֿערן. האָט דער עולם אויף אים געקוקט מיט פֿאַראיבל. זיי האָבן געגלייבט, אַז ער, דער לערנער, האָט מסתמא אָפּגעטאָן עפּעס ניט קיין שיינע זאַך, זוכט ער דאָס צו פֿאַרדעקן.

דער רבי פֿון „עין־יעקב" טיש, ר' מאיר, האָט געהאַט אַ נאָמען פֿאַר אַן איש־חכם. מען האָט אים אָפּט פֿאַרבעטן צו זיצן ביי דין־תורהס. האָט ער, דער קלוגער ייד, זיך גענומען עס צו דערגיין פֿון פֿרעמדן בחורל. מיט צערטלעכקייט האָט ר' מאיר, ווי אַ פֿאָטער צו זיין אייגענעם זון, צו אים געזאָגט:

— קינד מיינס, האָסט זיך ניט וואָס צו שרעקן. מיר יידן, זיינען דאָך בעלי־רחמים, בני רחמנים, וועלן מיר דאָך ניט דערלאָזן, אַז אימי־צער זאָל דיר טאָן שלעכטס. טאָ דערצייל אונדז פֿון אָנהייב ביזן סוף, און דו זאָלסט פֿון אונדז קיין זאַך ניט באַהאַלטן. מיר וועלן דיר העלפֿן מיט ראָט און טאָט.

די גוטע רייד פֿון דעם „עין־יעקב" רבין האָבן דעם יונגן חסידל באַרואיקט. האָט ער קיין זאַך ניט פֿאַרלייקנט. ער האָט דערציילט פֿון אַלץ, וואָס עס האָט פּאַסירט. ווי ער איז מיט ר' שניאור זלמנס תלמידים געקומען דאָ, אין ווילנע, און מיט אַלע פּרטים האָט ער איבערגעגעבן וועגן וויכוח, וואָס די חסידים פֿירן, אין גאַנס קלויז מיט ר' אליהוס תלמידים.

דער עולם האָט אַ נשתוממדיקער זיך צוגעהאָרכט. זיי האָבן זייערע אייגענע אויערן ניט געגלייבט, און איינער האָט דעם צווייטן אָנגעקוקט:

— היתכן?

און שוין דאָ אין קלויז, ביים ריידן, איינער מיטן צווייטן, איז דעם חסידלס געשיכטע זיך צעוואַקסן און פֿאַרגרעסערט געוואָרן.

אַ חברה־ש"ס ייד האָט געזאָגט:

— אַזוי גאָר, אַ וויכוח?

אַ חברה־משניותניק: — אַ פּלוגתא!

דער „שולחן־ערוך" מענטש: — אַ מחלקה: און דער תהילים ייד האָט זיך שוין צעברומט מיט אַ בייזער:

— אַ העזה פֿון די חסידים, צו קומען ביי אונדז אין שטאָט און פֿאַר־

פירן אַ קריג מיט אונדזער ר׳ עלינקען! מען דאַרף מיט זיי לערנען דרך־ארץ.

אינדערפרי האָבן זיך ווי העלישע פייערן צעטראָגן איבער דער שטאָט אַלערליי משונהדיקע קלאַנגען: — „די חסידים זיינען אַרויס קעגן גאון אין אַן אָפענער מלחמה״! — „גאַנצע מחנות פון זייערע לייט לויערן אין די אַרומיקע וועלדער!״ — „זיי האָבן שוין באַלאַגערט דעם גאונס קלויז!״ — „זיי פאַרלאַנגען דווקא, אַז ר׳ עלינקע זאָל אַרויסלאָזן אַ קול־קורא, אַז אַלע יידן זאָלן ווערן חסידים, און ר׳ עלינקע גיט נאָך. ער האָט זיך געזעצט שרייבן דעם קול־קורא!״ — „ער האָט זיך פאַרשפאַרט ביי זיך אין קלויז און לאָזט קיינעם ניט צו צו זיך!״ — „די חסידים זיינען אָנגעשטאָפּן אַן זיינע תלמידים, אַז זיי זאָלן פועלן ביי ר׳ עלינקען ער זאָל זיך בעסער מיט גוטן אונטערגעבן!״ אײנער, אַן אַלטער ייד, איז געקומען מיט דער נייעס: — „ר׳ עלינקע האָרכט זיך צו קיינעם ניט. ער זיצט זיך און לערנט. די חסידים קענעז צו אים ניט צוקומען. מלאכים מיט שאַרפע שווערדן שטייען ביי זיין טיר!״ און אָט איז געקומען איינער מיט אַ בשורה: — „ר׳ עלינקע האָט זיך ברוך־השם געראַטעוועט. ער איז אַנטלאָפן קיין שקלאָוו צו זיין ידיד ר׳ ישעיה צייטליש!״ — די חסידים יאָגן אים נאָך, אָבער ר׳ ישעיה צייטליש, וואָס איז אַ חשוב ביי מלכות, האָט געפּועלט ביי דעם פירשט פּאָטיאָמקין, ער זאָל אַרויסשיקן קעגן זיי אַ פאָלק סאָלדאַטן.״

די און נאָך אַנדערע מוראדיקערע קלאַנגען האָבן זיך ווי אַ שטורעם־ווינט געטראָגן איבערן שטאָט. אויסגעפאַלן איז דאָס אין חודש אלול. עס האָט שוין געשמעקט מיט דעם פאַראומערטן ליטווישן יעשען, וואָס איז געפאַלן שווער אויפן געמיט פון יעדן מענטשן און נאָך שווערער דערדריקט אַ ווילנער יידן, וואָס האָט אויך פון שיינעם זומערדיקן חודש אָב ניט געהאַט קיין גרויס נחת. ער, דער ייד פון נייעם ירושלים, האָט אין אָב דורכגעלעבט דעם גאַנצן פיין און צער פון דעם אַמאָליקן יידן פון אַלטן ירושלים. ער האָט אויף זיין אייגענעם לייב געשפירט יענעמס צער און ווייטיק, ווי די רוימער וואָלטן איצט באַלאַגערט זיין נייעם ירושלים. ער האָט זיך שוין אַביסל דערקוויקט מיט די טרייסט־ווערטער פון נביא: „נחמו, נחמו עמי״. איז אָבער באַלד אָנגעלאָפן דער חודש אלול . . . דאַרף ער, דער ווילנער ייד, זיך איצט צוגרייטן צו שטעלן זיך פאַר אַזאַ האַרבן יום־הדין, וואו עס ווערט אַרויסגעטראָגן: „מי בחיים, ומי במוות״ — צי ער וועט בלייבן לעבן, צי, חס־וחלילה, זיך מוזן אָפּשיידן פון דער וועלט. אים, דעם יידן, אַרט שוין ניט אַזוי פאַר זיך אַליין, אָבער אויף וועמען וועט ער איבערלאָזן זיין שוואַכע אשה און זיינע קליינע קינדער; ווער וועט זיי באַזאָרגן מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ, זיי פאַרשאַפן אַ קלייד זיך צו פאַרדעקן און אַ שטיקל ברויט אויפצוהאַלטן די נשמה?

אַ טרויעריקער טראַכט דער ווילנער ייד: אַז מען זאָל אפילו שוין

אַרויסגיין פון משפט אַ באַפרייטער, רוקט זיך דאָך באַלד אונטער דער קאַלטער ווינטער. ער וועט ברענגען נייע זאָרגן: אָנגרייטן האָלץ צו וואַרעמען די דירה. די צייט איז אַזאַ שווערע און ביטערע. מען ווייסט ניט אויף וואָס פריער צו זאָרגן. זיין איינציקע נחמה איז ר׳ עלינקע. ער איז זיין אָנשפּאַר. אמת, ער האָט ניט צוגעזאָגט קיין איין ווילנער יידן, אַז ער וועט זיך פאַר אים מיען אין הימל, אויסבעטן דאָרטן פאַר אים פּרנסה און לאַנגע יאָרן. ער האָט דייטלעך געזאָגט, אַז די ברכה פון „אורך ימים״, מיינט אויף דער אמתער וועלט, וואָס איז אַליין אויך לאַנג און דויערדיק. ר׳ עלינקע האָט אויך געהאַלטן אין איין וואָרענען, אַזביים בורא זיינען ניטאָ קיין יחסנים. יעדער ייד איז ביי אים ליב און טייער. ער קען אַליין, ביי דעם אב־הרחמים, אַלץ פועלן, אויב ער האָט זיך שטאַרק געמיט צו טאָן גוטס אויף דער וועלט, ער האָט ליב דעם בורא און דעם ברודער־מענטשן, און היט אָפּ אַלע חוקים ומשפּטים, וואָס זיינען געגעבן געוואָרן לטובת דעם מענטשן, אים אויסצולייטערן. אָבער מען קען דאָך ניט אָפּהיטן זאַכן, וואָס מען ווייסט ניט און מען פאַרשטייט ניט זייער באַטייט. לכן, דאַרף דער מענטש לערנען און לערנען די תורה, און וואָס ער ווייסט ניט זאָל ער פרעגן ביי אַ תלמיד־חכם. צוליב דעם טעם דאַרף מען האַלטן טייער די בני־תורה. וואָרים אָן זיי וועט מען דאָך ניט וויסן ווי אויסצופירן ריכטיק די דינים.

כאָטש ר׳ אליהו האָט קיינעם ניט צוגעזאָגט, אַז ער וועט אים באַשיצן, דאָך האָט יעדער ייד אין ווילנע זיך געשפּירט זיכערער זינט ר׳ אליהו האָט דאָרט אויפגעשטעלט זיין תורה־געצעלט. ער האָט טיף ביי זיך אין האַרצן געגלייבט, אַז אין ר׳ עלינקעס זכות ווערט ער באַשיצט פון אומ־גליקן און צרות. זיינען איצט גאָר געקומען לייט פון פרעמדע און וייטע גובערניעס און ווילן ר׳ אליהון פאַרטרייבן פוז ווילנע.

ווי אַ שווערער וואָלקן האָט זיך באַצויגן אַ טרויער איבער דער גרויסער שטאָט. קרעמער האָבן פאַרמאַכט זייערע קראָמען. בעלי־מל־אָכות האָבן איבערגעלאָזט זייערע וואַרשטאַטן; פורמאַנעס האָבן צוריק אָװעקגעפירט אין שטאַל זייערע געשפּאַנען. אויך די ווייבער, אין די קיכן, האָבן אַרונטערגעוואָרפן זייערע פאַרטוכער, גיך אויסגעלאָשן דעם פייער אונטער די דרייפוסן. אַלע, אַלע האָבן זיך געלאָזט גיין צום שול־הויף, אַרויסראַטעווען ר׳ עלינקען פון די חסידישע הענט.

דער שול־הויף, כאָטש ברייט און לאַנג, איז באַלד אָנגעפּראָפּט גע־וואָרן מיט מענטשן. מען איז געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. אַ גרויסער טייל פון עולם האָבן געהאַלטן אין זייערע הענט גרויסע און קליינע חלבנע ליכט. זיי האָבן געוואָלט איינשפּאַרן זיך אַ גאַנג, האָבן זיי פאַראײנס שוין מיטגעבראַכט די ליכט, וואָס זיי ברענגען אלול־צייט אין די קלויזן. גרויסע ליכט פאַר די ליכטיקע נשמות פון זייערע טאַטע־מאַמעס. מיטל־מעסיקע ליכט, אָנצוצינדן אין די פאַרכטיקע טעג אין די הענג־לייכטער

און אין עמוד, און קליינע ליכטלעך, אַז די פּרושים זאָלן קענען, אין די ווינטערדיקע נעכט, לערנען גאָטס תורה.

ביים גאונס קלויז איז געשטאַנען אַ שמירה פון פּרושים. ר׳ חיים יוסף האָט זיי אָנגעקגעשטעלט, צו היטן, אַז קיינער זאָל ניט אַריינגיין אין קלויז. אינעווייניק איז מיט גרויס היץ און ברען אָנגעגאַנגען דער וויכוח צווישן דעם גאונס תלמידים און די חסידים. עס האָט זיך שוין דאָרטן איינגאַנצן אָפּגעטאָן דער סדר. אַלע, אַלע, האָבן גערעדט; איינער האָט זיך געפּלאָנטערט אין דעם אַנדערנס רייד. די חסידים האָבן זיך געמיט איבערצושרייען די לומדים און זיי, די מתנגדים, האָבן זיך געשטאַרקט מיט אַלע כוחות אַריבערצושטייגן די חסידים.

ר׳ סעדיה האָט שוין איינגעזען, אַז ער וועט ניט קענען איינשטילן די צוויי וועלטן, וואָס האָבן זיך אַזוי שטאַרק צעהיצט. ער האָט שוין אפילו ניט געהאַלטן פאַר נייטיק צו שטיין ביי זיין שטענדער. אויך די חסידים זיינען שוין געווען ביי זיך זיכער, אַז עס וועט קיינמאָל ניט קומען צו קיין שלום מיט די לומדים. בחנם האָט זייער רבי, ר׳ שניאור זלמן, אויף דעם געהאָפט. יענע זיינען איינגעעקשנט און זיי וועלן ניט אָפּטרעטן אפילו אַ „קוצו של יוד."

ביידע צדדים האָבן פריי געלאָזן זייער צאָרן און אַפּילו ניט גע־פּרואווט זיך איינצוצווימען. זיי האָבן מיט זייערע שטומע בליקן זיך ווי מיט שפּיזן געשטאָכן. דעם גאונס תלמידים, אויסגעמאַטערטע און שוואַכע פון לערנען די שווערע תורה, האָבן זיך געראַנגלט ווי לייבן.

מיט ברען און היץ האָבן זיך אַ נעם געטאָן דעם גאונס צוויי יינגערע תלמידים: ר׳ ישראל דער שקלאָווער און ר׳ מאיר דער שאַטער. ר׳ ישראל שקלאָווער, אַ שטילער, אַ פאַרחלומטער, האָט געוואַלדיק גע־בענקט נאָכן לאַנד פון ישראל. ווען עס איז אים ניט שווער זיך אָפּצו־שיידן פון זיין רבין, דעם גאון, וואָלט ער שוין לאַנג אַהין, אין הייליקן לאַנד, אויסגעוואַנדערט. צוליב זיין ליבשאַפט צו ארץ־ישראל האָט ער מקבל געווען ביי ר׳ אליהון די אַלע דינים, וואָס מען איז זיך נוהג בלויז אין ארץ־ישראל.

ער, ר׳ ישראל שקלאָווער, איז געווען דער גרעסטער יחסן פון דעם גאונס תלמידים. ער האָט אָפּגעשטאַמט פון דורות און דורות גרויסע לייט אין דער תורה. איינער פון זיינע עלטער זיידעס איז מיט יאָרן צו־ריק געווען דער ראש אַב־בית־דין איבער דער גאַנצער רוסישער מדינה. אים, ישראלן, איז ניט געגאַנגען גוט אויף דער וועלט. ער איז געווען אַן אומגליקלעכער טאַטע. עס האָבן זיך ביי אים ניט געהאַלטן קיין קינדער. פון זעקס זין איז אים בלויז איין־איינציק יינגל פאַרבליבן, און אויך ער, זיין נחמה, איז מיט עטלעכע טעג פריער געוואָרן פּלוצים פאַר־שלאָפט. דאָס יינגל האָט אויף זיך אַן אָפענעם מוח. עס איז נאָך ניט אַלט קיין דרייצן יאָר, און ער, ישראל, זיין טאַטע, איז זיך שוין מיט אים מפלפל אין לערנען, ווי מיט אַ דערוואַקסענעם למדן. ער זאָגט פאַר

אים איבער דעם גאונס שיטות אויף ירושלמי. דעם גאונס רעיונות זיינען אַזוי טיף,, אַז אים, ישראלן, הייבט אָן דער קאָפּ אַזש צו שווינדלען. אָבער זיין יונג יינגל באַנעמט זיי מיט אַזאַ גרינגקייט. דאָס קליין יינגל פּרואווט נאָך אפילו אָפּפרעגן דעם גאון מיט אַנדערע גירסאות פון ירושלמי. איצט טוט ער, זיין איינציקע נחמה, שוין שוועבן צווישן לעבן און טויט. עס ראַנגלט זיך מיט די לעצטע כוחות. עס וויל נאָך לעבן און אויפטאָן עפּעס אויף דער וועלט... ר׳ ישראל האָט אַ גאַנצע נאַכט ניט צוגעמאַכט אַן אויג. ער איז געזעסן ביי זיין קראַנקן חרובן זונעלע...

פונדעסטוועגן איז ער היינט געקומען צום וויכוח. די הייליקע תורה איז דאָך אויך אין אַזאַ סכנה ווי זיין זונעלע... און זיין רבי, דער גאון, האָט דאָך פון דעם אַזוי פיל צער און יסורים. איז ער, ר׳ ישראל שקלאָ־ווער, מוותר אויף זיינע אייגענע דאגות און איבערגעלאָזט זיין גוססדיק קינד. ער איז אָבער אַזוי מיד, קוים וואָס ער האַלט זיך אויף די פיס. אין האַלדז ביי אים, קלייעט זיך אַ פאַרשטיקטער געוויין, און דאָ הערט ער ווי ר׳ מענדל האָראָדנער, דער פירשפּרעכער פאַר די חסידים, רופט גאַליק און ביטער:

— די קנאה ביי אייך לומדים, דערלאָזט אייך ניט מודה צו זיין אויפן אמת. איר ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז די תורה שבנסתר איז פון אַ העכערער מדרגה ווי די תורה שבנגלה. פאַרגינט איר עס ניט די חסי־דים, איר ציטערט טאָמער וועט דאָס פאָלק אויפהערן אייך אָפּגעבן כבוד.

ער, דער שקלאָווער, אַ צעווייטיקטער, שרייט צו אים צוריק:

— ר׳ חיים וואָלאָזשינער האָט דאָך שוין באַוויזן — ווער עס קען תורה שבנסתר! מיר, צי איר?

דער שקלאָווער, מיט ברענענדיקער קנאות, פאַרוואַרפט די חסידים מיט האַרבע טענות. ער קוקט מיט געבעט צו זיין חבר, ר׳ מאיר דעם שאַדער — ער זאָל אויך ניט שווייגן. ער, דער זשאַמוטער, האָט דאָך מקבל געווען ביים גאון זיינע שיטות אויפן סדר „טהרית". אָבער אויך ער, מאיר שאַדער, איז איצט שטאַרק פאַרטרויערט. ער איז אַ באַלאַדענער מיט דאגות.

ער איז אַ ייד אַן אָרימאַן, אַ מטופל מיט אַ גרויסער געזינטל, וואָס דאַרפן זיך שפּייזן פון די עטלעכע גילדן תמיכה, וואָס ער קריגט ביי דער „מלכות תורה". ער, מאיר שאַדער, האָט שוין דאָס צווייטע ווייב. זי האָט גע־בראַכט אויף גאָטס וועלט פיר קינדער, אַלע מיידלעך, און פון דער ער־שטער ווייב איז אים אויך געבליבן פינף טעכטער. די יתומות זיינען שוין אַלע אין די יאָרן. אפילו די יינגסטע פון די פינף איז שוין לאַנג צייט געווען צו פירן צו דער חופה. ער, ר׳ מאיר שאַדער, האָט אָבער ניט ווי אַזוי צו געבן זיינע טעכטער קיין נדנס, דאַרן זיי איין פון צער און שאַנד. אַלע זייערע חברטעס זיינען שוין מאַמעס פון קינדער און זיי, זיינע טעכטער, פאַרזיצן אין גרויען צאָפּ. די עלטסטע טאָכטער, אַ צדקניות און זייער אַ גינציקע צו אירע שוועסטער, אַרט שוין מער ניט פאַר זיך. זי האָט

זיך שוין מיאש געווען. זי האַלט זיך אָבער אין איין בעטן ביי אים, ר׳ מאירן: — טאַטע, איך בין שוין אַ פאַרפאַלענע. זע אָבער, אַז די איבע־ריקע פיר טעכטער דיינע זאָלן ניט ווערן פאַרזעסן.

עס טוט אים, ר׳ מאירן, ווי דאָס האַרץ. ער הערט אויס זיין טאָכ־טערס געדריקטע טענות. ער האָט אָבער ניט וואָס איר צו ענטפערן. לאָזט ער אַרונטער דעם קאָפּ. אין דער שטיל, אַז זי זאָל ניט זען, צע־וויינט ער זיך...

אין טאָג, דער גאון האָט מיט אים אָפּגעלערנט אַ פּרק אין „אהלות״, האָט ער, דער שאַדער, אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ פאַר אים, זיין רבין. ער האָט גערעדט און גערעדט. עס האָט זיך, ווי פון אַ קוואַל, געגאָסן זיין צער. ערשט ער זעט, אַז איבערן גאונס ליכטיקן פּנים קייקלען זיך טרערן. האָט ער פון צער, וואָס דער גאון האָט צער, זיך אויף אַן אָרט אָפּגעשטעלט, און אויפגעהערט צו ריידן. ר׳ אליהו האָט צו אים מיט השתפכות הנפש געזאָגט:

— ר׳ מאיר, הכנסת כלה איז איינע פון די גרעסטע מצוות. אויב איך קען אייך העלפן חתונה צו מאַכן אייערע טעכטער, וועל איך עס טאָן מיט פרייד. טאָ שעמט זיך ניט און זאָגט, וואָס איר פאַרלאַנגט פון מיר.

דער שאַדער האָט גאָרניט געהאַט אין כוונה צו פאַרלאַנגען פון גאון, אַז ער זאָל אים העלפן. ער האָט זיך עס גאָרניט ווערלנדיק אַראָפּ־גערעדט פון האַרצן זיינע צרות. זיינע רייד האָבן פון זיך אַליין זיך פון אים אַרויסגעריסן. האָט ער ניט געוואוסט, וואָס צום ענטפערן זיין הייליקן רבין. פּלוצים האָט אין זיין קאָפּ אויפגעשיינט אַ מחשבה, און ער האָט געזאָגט:

— רבי, אויב אייך איז ניחא, גיט מיך אַ „כתב״ צו אחינו בני ישראל, די רחמנים בני רחמנים, זיי זאָלן מיר אַרויסהעלפן און מנדב זיין פאַר דער גרויסער מצווה.

דער גאון האָט אַ שווערן זיפץ געטאָן און פאַר זיך אַליין גערעדט:

— אוי, ווי, אונדזערע תלמידי־חכמים דאַרפן זיך מבייש פּנים זיין און זיך לאָזן גיין איבערן תחום קלייבן נדבות. און וואו איז דער ביטול תורה? עס איז אָבער אַ צער אויף יידישע טעכטער, און הלכה כבית הלל, אַז משמח צו זיין אַ כלה — איז מותר צו מבטל זיין פון לערנען.

דער גאון האָט מיט אַ ציטערדיקער האַנט גענומען אויסשטעלן דעם „כתב״ פאַר זיין תלמיד מאיר שאַדער. ער האָט געשריבן:

„דער מענטש פון „מוכ״ז״ איז גאַנצע פינף יאָר געזעסן אין מיין געצעלט. איך האָב ביי אים ניט געזען קיין שום עוולה. ער איז אַן „איש־תמים״. זיינע אַלע מחשבות זיינען אין דער תורה. ער האָט ביי מיר געלערנט און ער האָט מיין תורה באַנומען. איצט איז ער אין גרויס נויט. ער איז אַ בעל־מטופל, אַ טאַטע פון טעכטער. פינף יתומות זיינען אים איבערגעבליבן פון זיין ערשטער פאַרשטאָרבענער ווייב. עס איז שוין געקומען די צייט זיי חתונה צו מאַכן. לכן, דערפיל איך זיין עצה. איך שרייב און בעט, אַז

וואו נאָר ער וועט קומען, זאָל מען אים העלפן, אים געבן אַן אָנשפּאַר און אים שטיצן. דער, וואָס זעטיקט יענעמס הונגער, זעטיקט אים דער־פאַר דער בורא. טאָ זאָל ווי אַ טייך שטראָמען אייער פרידלעכקייט, און אייערע גערעכטיקייטן זאָלן זיין אַזוי שטאַרק ווי די כוואַליעס פון ים."

דער שאַדער איז אַ צעשמחהטער געלאָפן אַהיים. ער האָט צוגע־רופן זיין עלטסטע טאָכטער און איר געוויזן דעם גאונס כתב. זי, אַ וואויל־געלערנטע, האָט געקענט לערנען אַזוי גוט ווי אַ מאַנספּערזאָן, זי האָט צוגערופן אירע שוועסטער און האָט פאַר זיי איבערגעלייענט דעם גאונס געשריפט. די מיידלעך האָבן פאַרשטאַנען, אַז "ער "כתב" וועט אויפטאָן אַ געוואַלדיקע פּעולה. אַז יידן וועלן דערזען דעם גאונס גיל־דענע אותיותלעך און זיין הייליקע אונטערשריפט, וועלן זיי גערן לייע־נען דעם "כתב", און כאָטש עס איז געשריבן בצמצום, איז עס אָבער זייער רירנדיק. עס וועט עפענען אַפילו די פאַרשטאָפּסטע הערצער און מען וועט שטיצן זייער טאַטן מיט דער פולער האַנט.

זייערע מיידלשע פאַראומערטע פנימער האָבן זיך צעלויכטן. עס האָט צוריק אויפגעשיינט זייער פאַרעלטערטע שיינקייט. זיי זיינען ווי צוריק יונג געוואָרן. זי, די עלטסטע טאָכטער, האָט זיך שוין געהאַט מיאש געווען, אַז זי וועט הערן קלעזמער שפּילן צו איר אייגענער חופּה, זי האָט זיך שוין געהאַט צוגעוואוינט צו איר פאַרזעסנקייט, אָבער איצט האָט ביי איר צוריק אויפגעבליט די האָפענונג... זי האָט זיך דערזען זי־צנדיק אין אַ כלהשן וועלאנד, און אַ בדחן טוט איר "באַזעצן". ער זאָגט גראַמען, און זי וויינט מיט אַזאַ מתיקות.

זי האָט מיט ציטערדיקע הענט, ווי אַ טייערן אוצר, איינגעוויקלט דעם גאונס "כתב" אין עטלעכע פּאַפּירן. זי האָט עס אַריינגעלייגט אין איר מאַמעס "קב־הישר", צווישן די צוויי בלעטלעך, וואָס זי, איר מאַמע, האָט געלייענט שבת פאַר איר טויט. זי האָט געהאַט געהאַפט, אַז זי וועט עס דעם קומענדיקן שבת וויטער לייענען דעם "קב־הישר", האָט זי, צו גע־דענקען, וואו זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַריינגעלייגט אַ רויטן שנירל.

ר' מאיר שאַדער האָט זיך פאַר שמחה געריבן די הענט און ער האָט געזאָגט צו זיינע טעכטער:

— אם ירצה השם, וועל איך, גלייך נאָך סוכות, זיך לאָזן שפּאַנען איבערן תחום.

איצט שטייט ר' מאיר שאַדער אין גאונס קלויז אַ דערשלאָגענער. ער זעט דאָך שוין, אַז זיינע אַלע האָפענונגען ווערן צערונען. זיי ווערן צעשמאָלצן ווי שניי. אין אַזאַ שטורעמדיקער צייט, ווען די תורה איז אין סכנה, וועט ער דאָך ניט איבערלאָזן זיין רבין און פאָרן קלייבן נדבן? עס איז אים אַ ווייטיק און צער אויף זיינע טעכטער, וואָס וועלן נעבעך דאַרפן פאַרזיצן אין גרויען צאָפּ.

זיין חבר ר' ישראל שקלאָווערס בליקן וועקן אים אויף פון זיינע מח־

שבות. זייןריידן צו אים און מוסרן אים אין שטומקייט, ווי זיי וואָלטן גע־זאָגט:

— ר׳ מאיר שאַדער, איך, ישראל שקלאָווער, בין דאָך אין אַ גרעסערן צער ווי דו. איך בין דאָך דער אומגליקלעכסטער טאַטע אין דער גאַרער וועלט. מיין איינציק איבערגעבליבן קינד גייט שוין אויס פון די כוחות, פונדעסטוועגן האָב איך מיינע אייגענע דאגות אַוועקגעשטופּט אין אַ זייט. איצט, איז מיין איינציקע זאָרג, פאַר דער תורה, וואָס שטייט אין סכנה. טאָ וואָס שווייגסטו? זעסטו דען ניט און הערסטו דען ניט ווי מען איז מבזה די לערנער פון דער תורה?

ר׳ מאיר שאַדער גיט זיך האַסטיק אַ הייב פון זיין אָרט, און מיט ווייטיק רופט ער צו די חסידים:

— פאַרזינדיקט ניט אייערע יאָרן... דער וואָס האָט ניט ליב קיין לומדים, האָט אויך ניט ליב די תורה. ביי אונדז איז די תורה שבנסתר נאָך הייליקער ווי ביי אייך. דער רמב״ן און דער ראב״ד זיינען דאָך אויך געווען בעלי־קבלה. מיר קריגן אָבער ניט אויף זיי, די גרויסע לייט אין נגלה, האָבן געהאַט אַ רעכט זיך צו פאַרנעמען מיט נסתר. אָבער אייערע רביים טאָרן זיך ניט פאַרנעמען מיט קבלה. — „לא כל הרוצה ליטול את השם יבוא ויטול“, — ניט יעדער איינער מעג זיך פאַרנעמען מיט אַזאַ הויכן ענין און זיך באַנוצן מיט דעם „שם המפורש“.

די חסידים ענטפערן אים אָפּ מיט צאָרן:

— אונדזערע רביים זיינען ניט „יעדער איינער“. זיי זיינען הייליקע לייט!

ר׳ מאיר שאַדער לאָזט אָבער ניט אָפּ. און ער פרעגט ווייטער:

— אייערע אייגענע רביים קריגן זיך צווישן זיך. זיי פאַרלייקענען דאָך איינער דעם צווייטן.

דער האָראָדנער וואַרפט צו דעם שאַדער צוריק אָן ענטפער:

— אויך די בית־שמאי און בית־הלל האָבן זיך געקריגט!

דער שאַדער ענטפערט אים באַלד אָפּ:

— וואָס גלייכט איר זיך צו אונדזערע הייליקע תנאים. זיי האָבן געפירט זייערע פלוגתאס לשם־שמים און ניט צוליב פדיונות.

אַ חסיד ענטפערט גיך און בליציק:

— איר לומדים זייט בעלי־גאווהס און איר ווייסט אַליין ניט, אַז איר זייט קראַנק אויף דער נשמה. פאָרט צו אַ רבין וועט איר ווערן געזונט.

דער שאַדער שלאָגט אים תיכף אָפּ:

— איך האָב געזען אַ סך מענטשן, וואָס זיינען געפאָרן צו אייערע רביים און זיינען געקומען צוריק מיט דער זעלביקער גאווה.

דער חסיד ענטפערט מיט זיכערקייט:

— יענע זיינען שוין געווען גאָר שטאַרקע חולאים. עס איז שוין פאַר זיי ניט געווען קיין רפואה. אונדזערע רביים האָבן אָבער געהאָלפן.

אַז זייער קראַנקייט זאָל ניט גיין ווייטער... דאָס פאַרן אַליין העלפט. עס שאַפט אָפּ די גאווה.

דער שאַדער וויל אויף דעם ענטפערן, אָבער ר׳ ישראל שקלאָווער פאַרכאַפּט און פרעגט:

— ווי קענען די רביים אָפּשאַפן גאווה, אַז זיי אַליין פירן זיך מיט דער־הויבנקייט, זיי פאַרן אַרום אין קאַרעטן און לעבן ווי מלכים!

דער האָראָדנער ענטפערט בליציק און גיך:

— משה רבינו און דוד המלך, וואָס קיין גרעסערע עניווים, ווי זיי, זיינען ניט געווען און וועלן אפשר ניט זיין, האָבן זיך אויך געפירט מיט התנשאות, דאָס פאָלק זאָל האָבן דרך־ארץ. אָבער דאָס איז דאָך בלויז פון חיצוניות.

וואָס ווייטער זיינען געפאַלן אַלץ שאַרפערע קריגערישע רייד. אפילו ר׳ מאירל, דעם גאונס אַמאָליקער חבר, דער עניו, וואָס האט זיך געהאַלטן קלענער פון יעדן איינעם, האָט זיך שוין אויך אַריינגעמישט און אויסגע־שריגן צו די חסידים:

— אייער תפילה האָט ניט קיין ווערט, טיילמאָל וויינט איר און שרייט מיט הויכע קולות און טיילמאָל זאָגט איר די זעלביקע תפילות בלחש.

די געמיטער פון ביידע צדדים האָבן זיך אַלץ מער און מער צעהיצט. מען האָט שוין ניט געוואוסט ווער עס רעדט און ווער עס ענטפערט. מיט־אַמאָל זיינען אַלע שטיל געוואָרן. אי די חסידים, אי דעם גאונס תלמידים האָבן דערשפירט, אַז דאָס איז ניט דער דרך. דער האָראָדנער האָט זיך דער־מאָנט אָן זיין רבין. ער, ר׳ שניאור זלמן, שפּאַנט דאָך איצט אַרום ביי זיך אין חדר. ער האָפט נאָך אַלץ, אַז עס וועט קומען צו שלום. האָט ער, דער האָראָדנער, אָנגעהויבן צו קלאַפּן איבער זיין שטענדער. ער בעט זיך מיט תחנונים:

— רבותי, לאָמיר זען, אפשר וועלן מיר דאָך קענען זיך צוזאַמענ־ריידן. זעט איר, לומדים, דען ניט איין, אַז איר האָט פאַרשפּילט; איר מוזט אָפּטרעטן אייער פלאַץ פאַר די חסידישע רביים. דאָס איז דאָך אייער איי־גענע שולד. איר האָט זיך אָפּגעקערט פון אָרימען פאָלק. איר האָט אים געלאָזט אין עלנטקייט; איר האָט זיך פאַרנומען בלויז מיט לערנען, און ניט לשמה, נאָר איר זאָלט קענען ווערן רבנים און לעבן אין רואיקייט און כבוד. איר האָט געפּסקנט שאלות, אָבער איר האָט ניט געקוקט אויף דעם מענטשן, וואָס פרעגט די שאלה. איר האָט געקוקט פון אויבן־אַראָפּ אויף דעם פשוטן המון. איר האָט זיך קיינמאָל פאַר זיי ניט איינגעשטעלט, ניט דאָ אויף דער ערד, און ניט אין הימל. איר האָט ניט געטרייסט און ניט גע־געבן קיין האָפענונג דעם געדריקטן. אייער תורה האָט איר אַזוי פאַרשפּיצט. אַז אַ פשוטער ייד פאַרשטייט זי ניט, און האָט פון איר ניט קיין הנאה.

דער האָראָדנער הייבט אויף נאָך העכער זיין שטים. ער זאָגט:

— קוקט זיך איין ווי דאָס פאָלק האָט אויסגעזען אידער חסידות האָט אירע וואָרצלען געשלאָגן. עס איז געווען שפּלדיק, אומעטיק און געפאַלן.

אַן חדוה, אָן האָפענונג. איר האָט דאָך פון דעם פשוטן מענטשן באַרויבט אַפילו זיין איינציקע נחמה, וואָס ער האָט אין תפילה. ער האָט געפונען אַ וועג, ווי אויסצוגיסן דאָס האַרץ פאַר זיין באַשאַפער. זייט איר, לומדים, געקומען און געזאָגט, אַז אויב מען פאַרשטייט ניט קיין פירוש־המילות, האָט די תפי־לה קיין ווערט ניט. ווייסט איר דען ניט, אַז די רבנן זאָגן, אַז תפילה איז אַ זאַך, וואָס האָט גאָרניט צו טאָן מיטן קאָפּ, נאָר בלויז מיטן האַרצן. איז דאָך דער עיקר, אַז דאָס האַרץ זאָל זיין דערביי.ביים תפילה טאָן מעג דאָך יעדער איינער אַריינטאָן זיין אייגענע ווערטער. טאָ וואָס מאַכט איר אַזאַ געוואַלט, וואָס מיר, חסידים האָבן געענדערט דעם נוסח התפילה? אדרבא, זעט ווי עס קוקט אויס איצט דאָס פאָלק! עס איז שוין מער ניט עלנט. עס האָט זיך שוין צו ווענדן צו וועמען אין אַן עת־צרה. די חסידישע רביים, די צדיקים, זיינען תמיד גרייט אויסצוהערן אַלע שווערע הערצער. זיי־ערע טירן זיינען פאַר אַלעמען ברייט אָפן. זיי מיען זיך פאַרן פאָלק. זיי שרייען אָפּ גזירות פאַרן כלל און אויך גזירות פאַרן יחיד. זיי היילן די קראַנקע גופים און די קראַנקע נשמות. זיי פאַרהיטן, אַז די נשמה זאָל ניט טריף ווערן אין זינדיקן גוף.

איר, לומדים, — האָט געדונערט דער האָראָדנער, — האָבן זיך אָנגעהערט אויף די חסידים רכילות. פאָרט צו אין די חסידישע הויפן, וועט איר זען ווי דאָס פאָלק יובלט, ווי עס טאַנצט און זינגט. איר וועט זען די מופתים פון די רביים, ווי קראַנקע פאָרן צוריק אַהיים געזונטע. די רביים קענען באַווייזן מופתים, ווייל זיי האָבן אַ דעה אין הימל. זיי זיינען מתפלל מיט כוונה, האָט זייער תפילה פליגלען, דערפליט עס אין די הויכע הימלען.

איך בין בטוח, — רעדט מיט האַרץ דער האָראָדנער, — אַז ווען איר זייט ניט איינגעעקשנט און לאָזט צו אונדזער רבין, ר' שניאור זלמנען, זיך דורכשמועסן אויג אויף אויג מיטן גאון, וועלן יידן אויסגע־לייזט ווערן פון שווערן גלות. טאָ, פאַרהאַלט ניט „ביאת המשיח"! ברענגט ניט צו אַ מחלוקה?

ר' מענדל האָראָדנער האָט זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטן. ער האָט געוואָלט זען צי זיינע רייד האָבן געטאָן אַ פּעולה אויפן גאונס תלמידים, אָבער ער האָט באַלד איינגעזען, אַז ער האָט גאָרניט אויפגעטאָן. יענע שטייען קאַלט און פאַרעקשנט. האָט ער, דער האָראָדנער, שוין מיט כעס גענומען ריידן:

— פאַרוואָס קריגט איר ניט קעגן אַייער אייגענעם רבין? ער האָט דאָך צעבראָכן מער מנהגים, ווי די חסידים. פאַרוואָס לייגט ער ניט רבינו תמ"ס תפילין? ווער האָט ר' אליהון געגעבן דאָס רעכט צו לייגן ביים סדר בלויז צוויי מצות, כאָטש אַלע פוסקים פסקנען, אַז מען דאַרף לייגן דריי מצות? פאַרוואָס שטעלט דער גאון פינף כוסות אָנשטאָט פיר? פאַר־וואָס טראָגט ער אַ גאַנצן טאָג די תפילין, כאָטש מען טאָר עס דאָך ניט

צוליב דעם דין פון „היסח־הדעת״? פאַרוואָס גייט ער ניט צו תשליך, כאַטש עס איז אַ מנהג ביי יידן יאָ צו גיין. און פאַרוואָס שלאָגט ער ניט קיין כפרות? מיר לייקענען ניט, אַז ער איז אַ גאון אין דער תורה שבנגלה, אָבער אין תורה שבנסתר ווייסט ער בלויז די חיצוניות, די פנימיות הייבט ער אינגאַנצן ניט אָן צו פאַרשטיין. ער האָט זיך בלויז וועגן חסידות אָנגעהערט מיאוסע רכילות!

דער האָראָדנער האָט ווייטער געוואָלט ריידן, אָבער דעם גאונס תלמידים זיינען זיך פאַרגאַנגען אין אַ געוויין, און ווי אין אַ תפילה גע־רעדט צו זיך אַליין:

— אוי ווי איז צו אונדז, אַז אונדזערע אויערן דאַרפן זיך צוהערן, ווי מען רעדט מיט אַזאַ גרינשעצונג קעגן אונדזער רבין, דעם גאון הגאו־נים, דעם איש אלקים.

דעם האָראָדנער האָט שוין באַנג געטאָן, וואָס ער האָט גערעדט צו שאַרפע רייד קעגן ר׳ אליהון. ער האָט ביי זיך, טיף אין האַרצן, גע־וואוסט, אַז ר׳ אליהו איז אַ גאון אַפילו צווישן גאונים, און אַלץ, וואָס ער טוט, האָט ער זיינע אייגענע העכערע טעמים. אַז ער, דער האָראָדנער, האָט דערזען ווי דעם גאונס תלמידים האָבן זיך צעוויינט, האָט אים, דעם אַמאָליקן למדן, פאַרדריקט דאָס האַרץ און ער איז אַנטשוויגן געוואָרן.

ר׳ חיים וואָלאָזשינער האָט אַ בלייכער זיך אויפגעהויבן און מיט אַ ציטערדיקן וויינענדיקן קול גענומען ריידן:

— איר, חסידים, האָט אַ תביעה, וואָס ביי אונדז לומדים איז דער עיקר די תורה. אָבער דער בורא האָט דאָך מיט דער תורה באַשאַפן די וועלט. ער האָט דאָך מיט קיינעם זיך ניט געהאַלטן קיין עצה. דאָס איז געווען זיין הייליקער ווילן. דער „זוהר״ רופט אים: „אין־סוף״. ניט ווייל ער רוט אין העלצער און שטיינער, נאָר ווייל ער האָט ניט קיין „ראשית״. און וויבאַלד דער בורא האָט אויף דעם יסוד פון דער תורה אַוועקגעשטעלט אַזויפיל טויזנטער וועלטן, טאָר מען דעם יסוד ניט רירן. אַפילו אַ פשוטער בנין פון ציגל און האָלץ קען זיך ניט האַלטן אָן אַ פונדאַ־מענט. ווען דער בורא פרעגט ביי אונדז, צי מיר ווילן לעבן אָן דער קלוגער תורה, וואָלטן מיר גלייך געענטפערט: „ניין״! ווער וויל דאָס זיין אַ בהמה? איר, חסידים, — רעדט ווייטער ר׳ חיים וואָלאָזשינער מיט גרויס חכמה, — איר טענהט, אַז תפילה איז אַן עובדא, וואָס האָט צו טאָן בלויז מיטן האַרצן און ניט מיטן קאָפּ, איז רעכט ניט צו קענען זאָגן ריכטיק די ווערטער און ניט צו פאַרשטיין פירוש־המילות. דאָ, האָט איר ווי־דער אַ טעות. תפילה איז טאַקע אַן ענין, וואָס האָט צו טאָן מיטן האַרצן, אָבער אויב מען קען ניט אַרויסריידן די ווערטער, איז מען דאָך געגליכן צו אַ בהמה! אמת, יעדער איינער קען אין דער תפילה אויסריידן זיינע אייגענע צרות, אָבער בלויז דער יחיד מעג עס טאָן, דער רבים טאָר שוין אַ וואָרט ניט ענדערן. אויך דער יחיד דאַרף דערהייבן זיין צער; ער טאָר ניט קלאָגן

אויף זיך אַליין, נאָר וואָס מען האָט אין הימל צער, וואָס ער, דער מענטש, האָט געזינדיקט.

די רבנן האָבן מיטן זאָגן, אַז תפילה האָט בלויז צו טאָן מיטן האַרצן, געהאַט אַ סך אַ טיפערע כוונה. זייער כוונה איז געווען גאָר און גאָר אַ טיפזיניקע. זיי האָבן געצילט צו זאָגן אָט־וואָס: אַז די נשמה וואוינט ניט ביים מענטשן אין האַרצן, נאָר זי רוט גאָר אין זיין קאָפּ. און זי, די עלוינדיקע, די שמימדיקע, דאַרף ניט זאָגן קיין תפילה. זי בלייבט ריין אפילו ווען דער מענטש זינדיקט. זי ווערט ניט באַשטראָפט פאַר דעם מענטשנס חטאים. זי הערט בלויז אויף צו לויכטן, און זי שטעלט אינגאַנצן אָפּ איר פאַרבינדונג מיטן גוף.

אויב דער מענטש וויל חוזר בתשובה זיין און צוריק אָנצינדן זיין נשמה, מוז ער עס טאָן דורך לערנען תורה, וואָס איז אויך אַ מוחדיקע עובדא.* די נשמה קען קיינמאָל ניט ווערן צוריק ליכטיק דורך תפילה, וואָס האָט אַ פּעולה בלויז אויפן האַרצן. און אוודאי און אוודאי קען די נשמה זיך ניט צעלויכטן פון אַזעלכע אויבנאויפיקע עובדאס, ווי חדווה און ריקודים.

ר׳ מענדל האָראָדנער האָט אַן אומעטיקער אַראָפּגעלאָזט זיין קאָפּ. ר׳ חיים וואָלאָזשינערס הבנהדיקע אויפקלערונג האָט אים אינגאַנצן געפּלעפּט. דער האָראָדנער האָט, ניט שפּירנדיק, אויפגעהויבן זיין האַנט אין דער הויך צו ווייזן, אַז ער פאַרלאַנגט מען זאָל אים תיכף געבן דעם רשות אָפּ־צושלאָגן ר׳ חיימס הנחה. אָבער ער האָט באַלד צוריק אַראָפּגעלאָזט זיין האַנט, ווי ער וואָלט געזאָגט: — איך וועל אויף דעם ענטפערן שפּעטער.

ר׳ חיים וואָלאָזשינער האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעשטעלט צו הערן, וואָס דער האָראָדנער האָט צו זאָגן, האָט איצט ווידער גענומען ריידן. ער האָט געזאָגט:

— מיר, וואָס די וועלט רופט דעם גאונס תלמידים, האָבן אייך, חסי־דים, מוחל געווען גאָר אַ סך זאַכן. מיר האָבן פאַר זיך אַליין געטראַכט: אפשר האָבן די מענטשן גוטע כוונות, נאָר זיי זיינען זיך טועה. אָבער, אַז מען וועט זיי אויפקלערן, אַז זיי גייען ניט אויפן דרך־הישר וועלן זיי מיט פרייד זיך אַליין אָפּרופן:

„ווייזט אונדז נאָר דעם ריכטיקן וועג, וועלן מיר אויף אים גיין, און מיר וועלן קיינמאָל פון אים ניט אָפּטרעטן."

— אָבער אָנשטאָט צו זיין דאַנקבאַר, וואַגט איר נאָך צו קריגן אויף רבינו אליהו, וואָס איז אַ גאון אפילו צווישן גאונים. כאָטש אונדזערע חכמים האָבן קלאָר און דייטלעך געוואָרנט: „כל העושה מריבה על תלמיד חכם, כאילו עושה מריבה על הקב"ה" — „דער וואָס מאַכט קריג אויף אַ תלמיד חכם, איז אַקוראַט ווי ער וואָלט געמאַכט קריג אויף גאָט ברוך הוא"...

איך זוך אָבער נאָך אַלץ צו געפינען אויף אייך אַ זכות, — רעדט מיט ווייכקייט ר׳ חיים וואָלאָזשינער. — עס איז דאָך מער ניחא צו זיין אַ סניגור, ווי אַ קטיגור. טראַכט איך פאַר זיך:

די מענטשן קומען דאָך פון ווייטע גובערניעס, ווייסן זיי מסתמא ניט

די גרויסע חשיבות פון ר׳ אליהון. ווידער, איז טאַקע שווער פאַרן מענטשלעכן פאַרשטאַנד צו משיג זיין זיין גדלות. טאָ לאָמיר איך איצט דערציילן און אויפקלערן דעם מהות פון אונדזער אַלעמענס רבין, ר׳ אליהו. די וועלט זאָגט, אַז איך, חיים וואָלאָזשינער, בין זיינער, דעם איש אלקימס, אַ תלמיד. האַלט איך פאַר מיין חוב איצט מודיע צו זיין ברבים, אַז עס איז אַ טעות גמור. עס איז אַ פּחיתות הכבוד פאַר רבינו אליהו, וואָס איז געגליכן צו אַ מלאך צבאות, אַז זיין נאָמען זאָל רוען אויף מיר. איך האָב זיך ניט פאַרדינט צו ווערן אָנגערופן זיין תלמיד. אדרבא, זעט ווי גרויס עס איז דער מהלך צווישן אים און מיר. ער, אונדזער אַלעמענס הייליקער רבי, איז דאָך קלאָר אין דער גאַנצער תורה. עס איז דאָך ניטאָ קיין איין אָרט ניט אין נגלה און ניט אין נסתר, וואו ער האָט וועלכע ניט איז ספיקות. ער האָט אפילו זוכה געווען צו האָבן אַ חלק אין די הייליקע און קלוגע רייד פון אונדזערע תנאים און אמוראים. ער איז ניט בלויז מכריע זייערע רייד, נאָר ער איז נאָך דערצו מחדש אין זיי בערג אויף בערג הלכות, אגדתאס דרוש און קבלה.

מיט אמתדיקער עניוות זאָגט ווייטער ר׳ חיים וואָלאָזשינער:

— ווען אפילו מיין פּנים וואָלט געווען אויסגעהאַקט פון שטיין, וואָלט עס זיך אויך אויפגעקאָרטשעט פון פאַרשעמטקייט, ווען איך הער ווי מען זאָגט, אַז איך בין זיין תלמיד. אפילו אין איינציקע מסכתא האָב איך דאָך ניט אַרויס קלאָר. איך האָב מער ספיקות ווי איך האָב הכרעות. מיר קומט אָן מיט גרויס מי, ביז איך באַנעם די פּנימיות פון זיינעם אַ זאָג. יאָ, ער איז מיין און אַלעמענס רבי, אָבער איך בין ניט זיינס קיין תלמיד.

ר׳ חיים אָטעמט פרייער אָפּ. ער האָט זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן. ער האָט פאַרריכט אַ וועלט־טעות, האָט ער איצט אַ מוטיקער שוין געזאָגט:

— לאָמיר זיך איצט צוריק אומקערן צום ענין. איך האָף, אַז מיט דער הילף פון הימל, וועל איך קענען אַרויסברענגען כאָטש עפּעס פון ר׳ אליהוס מעלות, אַז איר, מענטשן פון די ווייטע מקומות, זאָלן האָבן אַ שטיקל השגה פון זיין גדלות. פרעג איך אייך: איז אייך דען ניט קיין וואונדער, וואָס דער בורא־עולם האָט אין דעם איצטיקן שוואַכן דור אַרונטערגעשיקט אַזאַ גרויסן מאַן, ווי ר׳ אליהו, וואָס פאַר כמה וכמה דורות איז נאָך ניט געבוירן געוואָרן אַ מענטש פון אַזאַ הויכער מדרגה. ער איז דאָך ווי איינער פון אונדזערע הייליקע תנאים און אמוראים. עס איז דאָך ניטאָ איין ווינקעלע אין דער תורה וואו ער האָט ניט אויפגעטאָן חידושים. ער האָט אויסגעפאַרשט און מתקן געווען מקרא, משנה, ש״ס בבלי און ש״ס ירושלמי, תוספתא און מכילתא. ספרא און ספרי, זוהר און היכלות, ספר יצירה און ספרא דצניעותא. ער האָט זיך פאַרנומען אי מיט די שווערע „הוויות״ פון אביי ורבא, וואָס ווערן גע־רופן דבר־קטן, און אויך מיט די גרויסע זאַכן, ווי עס ווערן אָנגערופן די „מעשה בראשית און די „מעשה מרכבה״. עס פרעגט זיך:

טאָ, צוליב וועמענס זכות האָט דער בורא דווקא אין אַזאַ זינדיקן דור אַראָפּגעשיקט אַזאַ הייליקן מאַן? דער ענטפער איז, אַז דאָס דאַרף

מען שוין דאנקען בלויז אים דעם „שומר הבטחתו לישראל". — ער, וואָס האָט מבטיח געווען די בני ישראל, אַז זיינע קינדער וועלן קיינמאָל ניט פאַרגעסן די תורה, האָט ער, אָפּצוהיטן זיין הבטחה, אַראָפּגעשיקט ר' אליהון, דעם איש אלקים. צו קענען אויספירן די שליחות, האָט דער בורא עולמים אַריינגעגעבן אין ר' אליהון אַ ברייט פילנדיק האַרץ, אַז ער זאָל שפּירן דעם צער פון די מענטשן, וואָס בלאָנדזשען אין דער פינצטערניש. ער האָט אים אויך באַשאָנקען מיט ליכטיקע אויגן, אַז ער זאָל דערזען אַלע פאַרבאָרגענע און פאַרשאָטענע וועגן און שטעגן אין דער תורה אויף וועלכע קיין מענטש האָט שוין זינט דורות און דורות ניט געטראָטן. דער בורא האָט אויך אַריינגעגעבן אין ר' אליהון אַ יתרונדיקן פאַרשטאַנד, צו קענען פאַרשטיין, ווי צו צעמאָלן די רייד פון אונדזערע תנאים און אמוראים, אַז עס זאָל ווערן זעמל־מעל. ר' אליהו האָט אויפֿ־געטאָן חידושים ניט בלויז אין תלמוד בבלי, נאָר אויך אין תלמוד ירו־שלמי, וואָס אונדזערע ראשונים, אפילו דער רמב"ם הקדוש האָט צו־ליב זיין פאַרטאָנענקייט אין ש"ס בבלי ניט געהאַט קיין צייט זיך מיט דעם אָפּצוגעבן. ר' אליהו האָט זיינע אַלע טעמים און דינים באַפעסטיקט מיט ניט ווייניקער ווי פופצן ראיות פון דער תורה שבכתב.

ער האָט צו זיין הויכקייט דערגרייכט דורך שווערער מי. פון זיין איבערמענטשלעכער האָרעוואַניע איז טיילמאָל זיין ליכטיקער פּנים געוואָרן שוואַרץ ווי קויל. פונדעסטוועגן האָט ער קיינמאָל ניט געזוכט קיין לייכטן וועג, ווייל די תורה קען בלויז ווערן איינגעקויפט דורך יסורים און מסירת־נפש. ר' אליהו איז פונקט אַזוי גרויס אין נסתר ווי ער איז גרויס אין נגלה. איין טאָג האָב איך ביי אים געפרעגט אַ טייטש אין „זוהר", האָט ער מיך, ביים מסביר זיין, אַריינגעפירט אין די פאַרבאָר־גנסטע וועלטן, וואו קיין מענטשנס אויג האָט נאָך דאָרטן אפילו ניט אַריינגעבליקט. פאַר פאַרוואונדערונג האָב איך צו ר' אליהון געזאָגט:

— רבי, אויב אַזוי, ווייסט איר דאָך דעם סוד ווי צו באַשאַפן אַ גולם!

ער האָט רואיק מיר געענטפערט:

— מיט יאָרן צוריק, האָב איך טאַקע אָנגעהויבן צו מאַכן אַ גולם. איך האָב אָבער פּלוצים דערזען, אַז עס שוועבט פאַרביי מיינע אויגן אַ געוויסע הימלשע געשטאַלט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מען איז דאָרטן ניט צופרידן, וואָס איך, נאָך יונג אין יאָרן, פאַרנעם זיך מיטן מאַכן אַ גולם.

האָב איך אים ווידער געפרעגט:

— רבי, ווי אַלט זייט איר דעמאָלט געווען?

— נאָך פאַר דרייצן יאָר.

דער טראַף האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן גערודער צווישן די חסידים און אויך צווישן דעם גאונס תלמידים. אַפילו זיי האָבן דאָס געהערט דאָס

ערשטע מאָל. ר' חיים וואָלאָזשינער קוקט זיך ניט אום, ער האַלט די אויגן צוגעמאַכט און ער רעדט ווייטער מיט התלהבות. ער זאָגט:

— זייט אויך וויסן, איר, מענטשן פון די ווייטע געגנטן, אַז ר' אליהו האָט נאָך אין זיינע יונגע יאָרן געהאַט עליות נשמה. יעקב אָבינו און אליהו הנביא זיינען אים מגלה די פאַרבאָרגנסטע סודות. איך בין בטוח, אַז זיי קומען צו אים אפילו אין זיין וואַכקייט, כאָטש איך האָב קיינמאָל ניט געהערט, אַז רבינו ר' אליהו זאָל עס האָבן בפירוש געזאָגט. איך דרינג עס אָבער אַרויס פון דעם טראַף, וואָס איך גיי אייך איצט דערציילן:

מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט זיך אין ווילנע באַוויזן אַ פּלי־אהדיקער ייד. עס האָט זיך אים יעדע נאַכט געחלומט שרעקלעכע חלו־מות, וואָס האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף שטאָט. מען האָט געגומען גלייבן, אַז דער ייד ווייסט בנבואה, וואָס עס וועט מאָרגן געשען. ער האָט געהאַט אַ כוח צו זאָגן יעדן איינעם, וואָס יענער האָט גערעדט און אפילו וואָס יענער האָט געטאָן ביי זיך אין קאָמער פאַרבאַהאַלטענערהייט. האָט מען דעם פּליאהדיקן יידן געבראַכט צו פירן אין גאונס קלויז, אַז דער גאון זאָל אים פאַרהערן און זען צי ער איז טאַקע אַ נביא. נאָך איידער רבינו אליהו האָט צו אים זיך געווענדט, האָט דער פּליאהדיקער ייד, זיך געפעדערט און געזאָגט:

— רבי, איך קען אייך דערציילן, אַז פאַר צוויי וואָכן דאָנערשטיק איז דאָ, אויף דעם זעלביקן באַנק, געזעסן ר' שמעון בן יוחאי פון אייער רעכטער האַנט, און ביי אייער לינקער האַנט איז געזעסן דער „אר"י" הקדוש, און איר, רבי, האָט פאַר זיי איבערגעזאָגט גאַר און גאַר געוואַלדיקע חי־דושים אויף דער פּרשה „האזינו."

אַז דער גאון האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקן. ער האָט אַ פאַרמוחטער געזאָגט צו זיינע תלמידים:

— איך האָב געמיינט, אַז דאָס וועט בלייבן אַ סוד. אַז קיין לעבעדי־קער מענטש ווייסט ניט פון דעם. איידער די גרויסע גאַסט זיינען צו מיר געקומען, האָב איך אַלעמען אַרויסגעשיקט פון קלויז. איך האָב ניט געהאַלטן פאַר רעכט, אַז מען זאָל הערן מיינע חידושים, וואָס זיינען געווען סודותדיק אפילו אין סוד און ראוי צו ווערן געדרשנט בלויז אין פּנים פון אַזאַ גרויסן מאַן, ווי ר' שמעון בן יוחאי.

פון צער, וואָס דער סוד איז איצט אויפגעדעקט געוואָרן, איז דעם גאונס ליכטיק פּנים געוואָרן אַזש פאַרגעלבט. ער האָט באַטראַכט מיט דורכ־דרינגנדיקע, שאַרפע בליקן דעם פּליאהדיקן ייד. מיטאַמאָל האָט ר' אליהו צוריק אויפגעלויכטן. ער האָט מיט ישוב־הדעת, אַ באַרואיקטער, געזאָגט צו זיין תלמיד, וואָס האָט אים דעמאָלט משמש געווען:

— זייט אַזוי גוט און פירט דעם מענטשן צוריק אַוועק צו זיך אַהיים. ער איז ניט קיין נביא. ער איז בלויז אַ מרה־שחורהניק. די דאָזיקע לייט זעען, צייטנווייז, אויך אמתע זאַכן.

ר׳ חיים וואָלאָזשינער שטעלט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּ. ער גלעט זיך דעם שטערן און קומט צו זײַן אויספיר:

— אָט פון דעם טראַף דרינג איך אַרויס, אַז מען איז מגלה ר׳ אליהון סודות אויך ווען ער איז וואַכיק.

ר׳ חיים וואָלאָזשינער רעדט ווײַטער מיט השתפכות־הנפש און ער זאָגט:

— זײַט וויסן, אַז איך האָב די אַלע פליאהדיקע זאַכן ניט דערציילט צו לויבן רבינו אליהון. און אוודאי און אוודאי בין איך דאָ ניט אויסן געוועזן אַרויסצובברענגען, אַז ער קען באַווײַזן מופתים. רבינו אליהו באַנוצט זיך ניט מיט ניט קיין דרך־הטבעדיקע מיטלען. ער זאָגט, אַז צו פאַרשטיין גוט אַ מאמר חז״ל איז דער גרעסטער מופת. ער האָט גיט ליב צו הערן לויב און ער נײַטיקט זיך ניט אין קיין שבחים. מײַן כוונה איז דאָ בלויז אײַך אויפצוואַווײַזן, אַז אײַערע טענות האָבן ניט קיין ממשות. וואָרים אויב אַפילו, ווי איר באַשטייט, אַז מען דאַרף זיך פירן לויט דער תורה שבנסתר, טאָ פאַרוואָס זײַט איר זיך ניט סומך אויף אים, וואָס ווייסט אירע פנימיות? צו זײַנע חידושים הערט זיך דאָך צו אפילו דער הייליקער תנא, ר׳ שמעון בן יוחאי, וואָס האָט מחבר געווען דעם „זוהר״; און דער „אר״י״ הקדוש האָט דאָך אים, רבינו אליהון, איבערגעלאָזט דעם כבוד צו עפענען די שלעסער פון דעם „ספרא־דצניעותא״, וועלכער איז דער מקור פון אַלע מקורים אין קבלה.

רופט ר׳ חיים שוין אויס מיט התעוררות:

— גלייבט ניט אײַערע רביים. לאָזט זיך פון זיי ניט אײַנצושמועסן, אַז זיי פירן זיך לויטן „זוהר״. ניט יעדער אײנער איז ראוי צו קענען דערזען דאָס פאַרבאָרגענע ליכט. זיי זײַנען געגליכן צו דעם כלומרשטן למדן, וואָס איז ניט באַהאַוונט אין ש״ס און ווייס ניט די טעמים פאַרוואָס די תנאים און אמוראים האָבן געפירט זייערע פלוגתאס, און ער פסקנט דינים פון בלויז אַרײַנקוקן אין שולחן־ערוך. פונקט אַזוי טאָר אַ כלומרשטער מקובל ניט פסקנען קיין דינים פון „זוהר״, אויב ער האָט ניט אַרויס די גאַנצע תורה שבנסתר. איר, חסדים, זאָגן דאָך אַליין, אַז תורה שבנסתר איז דער העכסטער שטאַפּל, טאָ דערקלערט מיר, מיט אַ שכל, ווי אַזוי קען מען אַרויפשטײַגן אויף אַזאַ הייכקייט אָן פריער שטעלן אַ טראָט אויף די נידעריקערע טרעפּ? רבינו אליהו איז דאָס מסביר מיט גרויס שכל און זאָגט:

— אפילו דער מענטש, וואָס קען די תורה שבנגלה, איז אויך גאַנץ מעגעלך, אַז ער הייבט ניט אָן צו וויסן די תורה שבנסתר. אָבער דער יעניקער, וואָס קען ניט די תורה שבנגלה, קען דאָך אוודאי און אוודאי ניט די תורה שבנסתר. דער וואָס פאַרשטייט ניט אַפילו אָפענע רייד, פאַרשטייט דאָך אַוודאי ניט רייד, וואָס זײַנען פאַרדעקט און פאַרהוילן מיט טויזנטער צודעקס און אַנגעוואונקען בלויז דורך רמז און סוד.

ר׳ חיים וואָלאָזשינער איז שוין מיד. ער רוט זיך אָבער ניט אָפּ. ער

רעדט ווייטער מיט נאָך גרעסערער התעוררות, און ער רופט זיך אָן צו די חסידים:

— קערט זיך אָפּ פון אייערע רביים. אַנטלויפט פון זיי. איר זעט דאָך, אַז זיי זיינען בלינד אין ביידע תורהס. טאָ ווי קענען זיי, אַליין בלינדע, אייך אָנפירן אויף דעם ריכטיקן וועג צום בורא? זיי פאַר־זינדיקן זייערע יאָרן, און אויך אייערע יאָרן. זייערע מופתים, וואָס זיי ווייזן, זיינען כישוף, וואָס איז אָסור מן התורה.

די חסידים דערלאָזן ניט ר׳ חיימען ער זאָל ווייטער ריידן. זיי פּאַטשן אין טיש. און דער האַראַדנער רופט זיך אָן צו אים מיט צאָרן און שפּאָט:

— וואָלאָזשינער, איר לומדים, האָבן דאָך גאָרניט קיין הערצער. איר לעבט דאָך בלויז מיטן שכל. הערט איר דען ניט, אַז איר רעדט די זעלבע רייד וואָס מיר? איר זאָגט, אַז צו אייער רבין קומען געסט פון הימל און זיי זיינען אים מגלה אַלע סודות. און מיר זאָגן, אַז צו אונדזערע רביים קומען מלאכים פון הימל. פרעגן מיר אייך: דער־קלערט אונדז מיט שכל, פאַרוואָס מעגט איר יאָ גלייבן אין אייער רבין, און מיר טאָרן ניט גלייבן אין אונדזערע רביים?

די חסידים קוקן מיט נצחון אויף דעם גאונס תלמידים. זיי זיינען זיכער, אַז *דער האַראַדנער האָט איצט זיי צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט. אָבער ר׳ חיים טראַכט ניט לאַנג און ער ענטפערט זיי רואיק און געלאַסן:

— פּונקט ווי עס איז קעגן שכל־הישר, אַז דער יעניקער, וואָס פאַר־שטייט ניט די פּנימיות פון דער תורה שבנגלה, קען יאָ פאַרשטיין די תורה שבנסתר, — פּונקט אַזוי איז קלאָר ווי דער טאָג, און עס איז על־פּי שכל, אַז ר׳ אליהון איז מען יאָ מגלה סודות פון הימל, סיי אין שלאָף און סיי איז וואַכקייט. מען גיט קיין זאַך ניט דעם מענטשן בחנם. יעדע זאַך דאַרף זיך דער מענטש פאַרדינען. ווי דער פּסוק זאָגט: „בזעת אפיך תאכל לחם.״ און ר׳ אליהו האָט זיך עס פאַרדינט. דאָס איז דער שכר, וואָס מען איז אויבן, אין הימל, מחויב אים צו באַלוינען. ער האָט דאָך די תורה גע־קויפט און באַצאָלט פאַר איר מיט אַלע אַכט און פערציק דרכים, און האָט געקראָגן אַ שטר־קנין. רבינו אליהו האָט דאָך פון זיינע יונגע יאָרן געהאָרעוועט אויף דער תורה מיט איבערמענטשלעכער מי. ער האָט פאַרבויגן דאָס עסן, דאָס שלאָפן, און איבערגעלאָזט אַלע ערדישע תענוגים. ער האָט זיך אינגאַנצן מקריב געווען. מהאי טעמא, קומט אים שוין על־פּי דין די גאַנצע תורה, מיט אַלע אירע פאַרבאָרגענישן. די סודות, וואָס ער האָט מיט זיין גאַנצן האָרעווען ניט געקענט אַליין דערגרייכן, ווערן שוין פאַר אים אויפגעדעקט מן־השמים דורך שלוחים און עליות נשמה. מהאי טעמא, איז ביי ר׳ אליהון אַפילו ווייזן מופתים אַ גאַנץ נאַטיר־לעכע זאַך. ער ווייסט דאָך דעם „שם־המפורש״. דאָס איז דער שכר, וואָס מען צאָלט פאַרן לערנען. ווי די רבנן זאָגן: „זו תורה וזו שכרה״. להיפוך, עס וואָלט געווען ביי מיר אַ חידוש, אויב פאַר אליהון, וואָס איז אינגאַנצן

שמימדיק, וואָלטן יאָר געווען פאַרבאָרגן די נסתרות. אויך דער „זוהר" זאָגט דאָס אין פרשה „שמות", „תלמידי חכמים זיינען העכער פון אַלעמען. און אויב זיי קענען זיך צוימען, און אפילו אויף אַ מינוט ניט אָפּטאָן פון זיך די קדושה, דעמאָלט זיינען פאַר זיי מער ניטאָ קיינע נסתרות. אַלע סודות זיינען פאַר זיי פריי און אָפן."

ר' מענדל האָראָדנער האָט אָבער באַלד אָפּגעפרעגט ר' חיימען. ער האָט צו אים געזאָגט:

— אָט איז אין דער גמרא ניט דערמאָנט געוואָרן אפילו קיין איינציקע הלכה אויף ר' חנינא בן דוסאס נאָמען. ער איז געווען בלויז אַ בעל־אגדתא. און פונדעסטוועגן איז ער ביים בורא מער באַליבט ווי אַלע איבעריקע תל־מידי־חכמים. ער, דער „אין־סוף", האָט אים גערופן: „חנינא בני" — חנינא מיין זון — צוליב דיין זכות שפּייז איך דאָך די גאַנצע וועלט."

ר' חיים וואָלאָזשינער ענטפערט מיט תמימות:

— אין אייער קשיא ליגט דער תירוץ. איר אַליין זאָגט דאָך, אַז ר' חנינא, וואָס איז געווען אַ בעל־אגדתא, האָט ער ניט געהאַלטן פאַר רעכט צו פסקנען דינים. אָבער למען־האמת זייט ווייסן, אַז אונדזערע בעלי־אגדתא זיינען אויך געווען בעלי־הלכה. זיי האָבן בלויז זיך באַנוצט מיט אַנדערע מיטלען. דורך דערציילן מעשיות און טראָפּן האָבן זיי געזאָגט הלכה, און געוויזן ווי מען זאָל זיך נוהג זיין אין יום־יום לעבן.

עס האָט זיך ווידער צעפלאַקערט אַ קריגעריי צווישן די חסידים און דעם גאונס תלמידים. די מתנגדים האָבן געשפּאָט פון די חסידישע רביים. זיי האָבן אויך געבראַכט ראיות פון אַ חסידישן רבינס אַ ספר, וואו ער באַרימט זיך, אַז דער מלאך מיכאל האָט אים צוגעטראָגן אַ גליענדיקע קויל צו פאַררויכערן זיין ליולקע.

זיך אָפּצורעכענען מיטן גאונס תלמידים, האָבן די חסידים גענומען אָפּשפּאָטן פון זייער רבין, רבינו אליהו. זיי האָבן אויסגערעדט אויף אים אַ סך בייזע רייד. זיי האָבן אויך געחוזקט פון ר' חיימען און געזאָגט:

— עס ווייזט אויס, אַז דער וואָלאָזשינער האַלט אונדז פאַר גרויסע שוטים. ער מיינט, אַז ער קען אונדז איינשמועסן, אַז דער ליטווישער למדן, וואָס הייבט ניט אָן צו פאַרשטיין די פּנימיות פון קבלה, ווייסט דעם „שם־המפורש."



# קאַפּיטל כג

די בייזע קריגערישע רייד האָבן זיך געטראָגן איי־בערן שול־הויף, וואָס איז געווען געפּאַקט מיט מענער און ווייבער, יונג און אַלט. ר׳ אליהו איז אָבער, ווי אַלע טאָג, געזעסן און געלערנט מיט התמדה. דער שטערן זיינער פאַרבונדן מיט אַ טוך. ער טוט דאָס תמיד, ווען עס הייבט אים אָן ווי צו טאָן זיין קאָפּ פון האַרעווען אויף דער תורה. ר׳ יעקב דובנער, וואָס איז געשטאַנען ביי זיין שטענדער, אַז ער האָט דערזען ווי דער גאון וויקלט אַרום די טוך, האָט ער געפרעגט מיט גרויס חידוש:

— רבי, די חכמים אונדזערע עצהן דאָך און זאָגן: „חש כאב בראשו ילך ויעסק בתורה״. — אויב איינער האָט אַ קאָפּ־ווייטיק, זאָל ער זיך נעמען לערנען תורה. און איר, רבי, פילט גאָר ערשט ביים לערנען אַ קאָפּ־ווייטיק?

דער גאון האָט, גאָרניט טראַכטנדיק, אויף דעם געענטפערט:

— לערנען וואָס דער קאָפּ טוט דערביי ניט ווי, איז ניט קיין לער־נען. אונדזערע חכמים האָבן גאָר עפּעס אַנדערש געהאַט אין כוונה. עס איז דאָך פאַרשריבן: „דורכן ווייטיק פון יעדן גליד קען מען זיך דער־וויסן, וועלכע עבירה מען איז באַגאַנגען״. אָבער אויב עס טוט דיר ווי דער קאָפּ, וואָס איז שוין אַ מלוכה פאַר זיך אַליין, דאָ דאַרפסטו שוין זוכן די עבירה. און אויב דו קענסט זי ניט געפינען, טאָ גיי זעץ זיך לערנען, וועסטו שוין דערגיין אויף וועלכן דין דו האָסט עובר געווען.

ר׳ אליהו איז שוין פאַראיינס מסביר דעם דובנער נאָך אַ רעיון, אַז דאָס, וואָס דער תנא זאָגט: „דער מענטש וועט דאַרפן אָפּגעבן אי דין און אי חשבון״. איז דין חל אויף עבירות, וואָס דער מענטש האָט גע־טאָן, און חשבון — אויף מצוות, וואָס דער מענטש האָט געהאַט ביכולת צו טאָן און ער האָט זיי ניט געטאָן.

ר׳ אליהון איז מער ניחא צו ריידן מיט דובנער וועגן אגדתא, אָבער דער דובנער זוכט דווקא אַרויפצופירן ר׳ אליהון אויף הלכה־ענינים. ער האָט אייגענע קשיות און אויך פרעמדע קשיות, וואָס אַנדערע האָבן אים געשטעלט. פרעגט ער זיי איצט ביים גאון:

— רבי, רב הונא זאָגט אין „ברכות״, אַז ניין מענטשן מיטן ארון־קודש ווערן פאַררעכנט פאַר אַ מנין. פרעגט מען אים דאַרטן אָפּ: „איז דען דער אָרון־קודש אַ מענטש?״ ענטפערט ר׳ הונא: „ניין קוקן שוין אויס ווי צען״. פרעג איך אייך, רבי, איז דאָס דען אַן ענטפער אויף דער קשיא, וואָס מען האָט רב הונאן געפרעגט?

ר׳ אליהו שמייכלט. עס טוט אים הנאה, וואָס דער דובנער האָט עס געכאַפּט. און ער ענטפערט אים:

— אונדזערע אמוראים, האָבן טייל מאָל ליב געהאַט זיך אַ שפּיל־

צו טאָן און זאָגן הלכה על־פי דרך החכמה. האָט רב הונא — אויך אַזוי געטאָן, און געזאָגט דורך חכמה. זיין תלמיד האָט אָבער ניט געכאַפּט, וואָס זיין רבי האָט געזאָגט. האָט ער אים געפרעגט: „איז דען דער אָרון־קודש אַ מענטש?" רב הונא האָט אָבער ניט געהאַט אין מחשבה צו זאָגן, אַז דער ארון איז פאַררעכנט פאַרן צענטן מענטשן. אַי, ער האָט דאָך געזאָגט „וארון", אָבער דאָ מיינט ניט דער „וואָוו" — „און", נאָר גאָר „אויך". רב הונא האָט אָנגעוואונקען אויף דער גמרא, וואָס זאָגט, אַז דער ארון איז געשטאַנען אויף אַ נס. ווייל צווישן די כרובים איז ניט געווען גענוג פּלאַץ פאַרן ארון, וואָס איז געווען אין דער ברייט צען איילן. דורך אַ נס האָט אָבער אויסגעקוקט, ווי ער שטייט אויף צען. האָט ר' הונא מיט חכמה געענטפערט זיין תלמיד, אַז ביי ניין מענטשן גילט אויך די זעלביקע הנחה, ווי ביי דעם אָרון: ניין מענטשן קוקן שוין אויס ווי צען.

— דאָס אייגענע, — האָט דער גאון ווייטער געזאָגט צום דובנער, — מיט אָט דעם דרך קען מען פאַרענטפערן אַ סך שטעלן אין די גמרות, וואָס קוקן אויס צו זיין קשהדיק. מען דאַרף אויך תמיד האַלטן אין זינען, אַז אונדזערע תנאים און אמוראים האָבן זייער מדקדק געווען אין חוקי הלשון. אָבער אַ סך לומדים, אַנשטאָט צו ציילן די אותיות און צו וועגן און מעסטן זייערע קלוגע און בצימצומדיקע רייד, צעפּלפּולט מען זיך, און מען איז מגלה פּנים אין דער תורה זאַכן, וואָס זיינען ניט לויט דער אמתער הלכה.

דער גאון האָט זיך ווידער גענומען צו זיין לערנען. ר' יעקב דובנער איז צוריקגעגאַנגען צו זיין שטענדער אַ פריילעכער, וואָס דער גאון האָט אים געגעבן אַ שליסל, ווי צו עפענען אַ סך פאַרהוילענע מאמרי חז"ל.

מיטאַמאָל האָט זיך רעשיק אָן עפן געטאָן די טיר. עס איז אַריינגעקומען ר' סעדיה. ער איז געווען שטאַרק צעטראָגן. ער האָט שוין, דאָס מאָל, ניט געוואַרט ביז זיין רבי וועט אים צו רופן צו זיך. ער האָט צו אים באַלד צוגעגעגנט און געזאָגט:

— רבי, זאָל מיר פאַרגעבן ווערן די גרויסע זינד, וואָס איך רייס אייך אָפּ פון לערנען. איך טו עס צוליב דעם כבוד פון דער תורה, וואָס איז איצט, בעוונותינו הרבים, אין דער גרעסטער סכנה.

ר' סעדיה האָט דעם גאון דערציילט אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין פּאָליש, אַז די חסידים זיינען איינגעקשנט און זיי ווילן ניט אָפּטרעטן פון זייערע דרכים. ר' אליהו האָט אים מיט גרויס נייגעריקייט אויסגעהערט. ער איז פון צער געוואָרן בלייך. ער, דער גאון הגאונים, וואָס פלעגט דעם שווערסטן און פאַרפּלאָנטערסטן ענין באַנעמען כהרף עין, און פלעגט גלייך, אויפן אָרט, וויסן ווי אַרויסצוטראָגן דעם ריכטיקן פּסק־דין, האָט בצימצומדיק, אָבער מיט זיכערע און קלאָרע ווערטער, פאַרזאָגט זיין תלמיד סעדיהן, וואָס ער זאָל ווייטער טאָן און ווי ער זאָל זיך פירן.

ר׳ סעדיה איז גיך, אין איילעניש, געגאַנגען צוריק אין פּאַליש. די קריג האָט דאָרטן געפלאַקערט נאָך מיט מער היץ און ברען. ר׳ סעדיה האָט מיט חזקות אַ פּאַטש געטאָן און אויפן הויכן קול אויסגעשריען מיט תקיפות:

— דרך־ארץ! זאָל שוין ווערן שטיל! איר זייט דאָ אין אַ מקום־קדוש! פאַרגעסט ניט, אַז אויף דער אַנדערער זייט טיר זיצט און לערנט דער גאון הגאונים!

די חסידים האָבן דערשפּירט, אַז ר׳ סעדיהס חזקות קומט ניט פון אים אַליין. ער גייט דאָ מיט דעם גאונס כוח. זיינען זיי אַלע תיכף געבליבן שטיל. און ר׳ סעדיה האָט מיט אַ זיכערער שטים גענומען ריידן:

— מיר ווילן מער קיין צייט ניט מבטל זיין. אונדזער עול און שליחות איז צו לערנען די הייליקע תורה. ווער וועט דען קענען גאַנץ מאַכן דעם שאָדן, וואָס מיר האָבן ביז איצט געהאַט? עס איז דאָך שוין עטלעכע טעג ניט געווען ווער עס זאָל מקבל זיין די חידושי תורה פון אונדזער רבין. ווער קען דען שאַצן, ווי גרויס עס איז אונדזער אבידה?

מיר זיינען די גאַנצע צייט מיט אייך געגאַנגען לפנים משורת הדין. מיר האָבן אויסגעהערט אפילו אייערע זלזולים אויף רבינו אליהון, כאָטש דער, וואָס איז מהרהר אויף אים, דעם איש אלקים, איז געגליכן ווי ער וואָלט מהרהר געווען אויף דער שכינה. פאַר דעם חילול־השם אַליין האָט איר זיך כשר פאַרדינט, אַז מען זאָל אייך אַריינלייגן אין חרם, אַז קיין ייד זאָל מיט אייך ניט טאָרן האָבן קיין מגע ומשא. אייערע אַלע טענות האָבן דאָך ניט קיין זין. איר באַקלאָגט זיך, אַז מיר, לומדים, זיינען בעלי־גאווהס, און מיר קערן זיך אָפּ פון המון. זעט איר דען ניט, אַז זינט עס איז נתגלה געוואָרן רבינו אליהו, איז דער בעל־מלאכה געוואָרן דערהויבן און דער עני איז געוואָרן דער יחסן... הערט איר דען ניט דאָס געזאַנג, וואָס ער טראָגט זיך אפילו פון די שטומע ווענט פון יעדער שטוב.

דער האָראָדנער שרייט אויס אויפן קול:

— איר חוזקט דאָך פון אונדזער זמירות זינגען! טאָ ווי קומט איר צו ריידן וועגן שירה?

ר׳ סעדיה ענטפערט אים:

— זייט וויסן, אַז ביי אונדז, לומדים, איז שירה זייער הייליק. ר׳ אליהו זאָגט, אַז דער, וואָס ווייסט ניט די חכמה פון נגינה, דער קען ניט פאַרשטיין דאָס געזאַנג פון די לויים. רבינו אליהו האָט ניט לאַנג צוריק זיך אויך געקלאָגט פאַר זיינע תלמידים און געזאָגט:

— ווער האָט דען אַ ידיעה וויפיל ניגונים משה רבינו האָט אַראָפּ־געבראַכט פון הימל. זיי זיינען, אָבער, בעוונותינו הרבים, אין אונדזערע לאַנגע גלות־יאָרן פאַרלוירן געגאַנגען.

— שירה מיינט אָבער ניט גלאָט אין דער וועלט אַריין זינגען, נאָר מען דאַרף האָבן וואָס צו באַזינגען און צוליב וואָס צו זיין פריילעך, ווי דער גאון זאָגט: „גילו ברעדה", אויך אין געלעכטער דאַרף מען שפּירן טרויער. און דאָס זעלביקע טייטשט ר׳ אליהו, אַז „ששון" באַדייט די

העכסטע פרייד. ששון מיינט פרייד, וואָס האָט אין זיך צער, וואָס מען קען ניט זיך נאָך מער פרייען.

— הערט איר דען ניט — רופט ווייטער ר׳ סעדיה צו די חסי־דים — די טריט פון משיחן? פאַרוואָס פאַרהאַלט איר זיין גאַנג. איר זייט דאָך דעם מענטשנס גרעסטע שונאים. אמת, — דונערט אַזש ר׳ סעדיה, — אייערע רביים ווייגען אויפן יידישן צער און טרייסטן דעם געפּאַלענעם. אָבער זייערע טרערן זיינען פאַלשע און זייערע טרייסט־ווערטער האָבן ניט קיין האַפטיקייט. עס איז הינטער זיי ניטאָ קיין מעשים. אייערע רביים שמועסן־איין אומגליקלעכע מענטשן, אַז זיי וועלן יענע העלפן, זיי האָבן אַ גרויסע דעה אין הימל, כאָטש זיי וויסן דאָך, אַז עס איז ניט אמת. און זיי זיינען מגלה פנים אין דער תורה, ניט ווי די תורה זאָגט.

ר׳ סעדיה שטעלט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּ. ער איז זיך מישב, צי ער זאָל ווייטער איינטענהן מיט די חסידים. מיט אַמאָל רופט ער אויס מיט אַ וויי־נענדיקער שטים:

— איידער מיר טראָגן אַרויס דעם פסק־דין, וואָס עס וועט זיין זייער און זייער אַן האַרבער, רופן מיר צו אייך און מיר בעטן זיך ביי אייך: — טוט תשובה! קערט זיך אָפּ פון אייערע רביים. זיי וועלן אייך פאַרפירן אין די טיפסטע גריבער!

דעם גאונס תלמידים האָבן, צו דערוועקן ביי די חסידים דאָס געפיל צו תשובה, מיט אַן אומעטיקן פאַרקלעמטן ניגון גענומען רופן:

— השיבנו ד׳ אליך ונשובה! — העלף אונדז זיך אומקערן צו דיר, און מיר וועלן עס מיט פרייד טאָן!

די חסידים האָבן, אין צערודערטקייט, מיטגעזאָגט דעם פסוק. אָבער זיי האָבן באַלד זיך געכאַפּט און מיט בייזער צוריקגערופן:

— קומט איר אַריבער אויף אונדזער זייט. מיר, און ניט איר, גייען אויף דעם ריכטיקן דרך. לאָמיר מיט אייך זאָגן דעם פסוק. אונדזער רבי, ר׳ שניאור זלמן, איז אויך אַ גאון אין דער תורה און מען קען, מיט זיכערקייט, זיך סומך זיין אויף אים. פאַרוואָס דערלאָזט איר ניט, אַז ער, דער גאון זאָל זיך מתוכח זיין מיט ר׳ אליהון?

ר׳ סעדיה זעט שוין קלאָר איין, אַז די חסידים וועלן ניט אָפּטרעטן פון זייערע נייע דרכים. די פריילעכע שלוש־סעודותן, דאָס זמירות זינגען, די ריקודים ציען זיי, ווי מאַגנעטן, צו די חסידישע הויפן. די חומרדיקע זאַכן האָבן אַ געוואַלדיקן כוח. זיי זיינען עולם־הזהדיקע תענוגים, אָבער זיי קוקן אויס ווי עולם־הבאדיקע. ווידער איז די טבע פון מענטשן זיך אַליין צו נאַרן און מאַכן זיך אַליין גלייבן, אַז ער איז ניט עלנט, ער האָט וועמען זאָל זיך, אין אַן עת־צרה, פאַר אים מיען.

ביי ר׳ סעדיהן איז שוין איצט קיין ספק ניט, אַז מען וועט מוזן אָנ־קומען צום האַרבן און מוראדיקן חרם. איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָפּשיידן

די חסידים פון עם ישראל. אים, דעם פרומען מאַן, טוט ווי דאָס האַרץ און ער רעדט צו זיך אַליין:

— אוי, ווי, מיר זיינען דאָך אַלע אַחינו בני ישראל.

ר׳ סעדיה קוקט אָן מיט רחמנות די חסידים. עס ווילט זיך אים ניט אַרונטערנעמען פון זיי די אויגן. עס איז דאָך דאָס לעצטע מאָל. נאָכן חרם וועט ער דאָך אויף זיי ניט טאָרן אפילו אַ בליק טאָן. טוט ער איצט, שטיל, ביי זיך אין האַרצן, זיך מיט זיי געזעגענען. ער איז שוין פעסט ביי דער דעה, אַז ער וועט מיט זיי מער ניט פאַרפירן קיין טענות. פלוצים, דערוועקט זיך ביי אים, דעם פרומען מאַן, אַ נייע האָפענונג: אפשר וועט מען מן־השמים זיך מרחם זיין און אַריינגעבן די חסי־דים אַ נייעם פאַרשטאַנד. מען וועט עפענען זייערע אויגן, זיי זאָלן קע־נען דערזען דאָס אמתע ליכט. ווענדעט ער זיך ווידער צו די חסידים מיט גוטע, וויכע רייד:

— קיינער זאָגט דאָ ניט, אַז אייער רבי, ר׳ שניאור זלמן פון ליאָדי, איז ניט קיין גדול אין דער תורה. מיר קריגן אַפילו ניט אויף דעם הויכן טיטול, וואָס איר גיט אים און איר רופט אים „גאון״. אָבער אין גאונות זיינען דאָך דאָ אַזויפיל מדרגות, אַז עס שווינדלט אַזש אין די אויגן פון קוקן און זיי ציילן. אויף דער העכסטער מדרגה זיצט אָבער רבינו אליהו. ער שטייט, ווי אַלע מענטשן, אויף דער ערד, אָבער זיין קאָפּ דערגרייכט אַזש אין הימל... פון אַזאַ הויכער הויכקייט קוקן אַלע אויס שוין קליין... נאָך נידעריקער ווי גראָז... אפילו די גרויסע לייט פון דורות און דו־רות פאַר אים — קענען זיך צו אים ניט פאַרגלייכן. איינער איז געווען אַ גאון אין הלכה; דער צווייטער איז געווען אַ גאון אין דרוש; אַ דריי־טער — אין מקרא; אַ פערטער — אין חכמה, און אַזוי ווייטער און ווייטער. ר׳ אליהו איז אָבער אַ גאון אין אַלע חכמות. זיינע רייד קדוש־קדשים. ווייל ער האָט ניט אין זינען אַפילו „כי הוא זה״ — ניט זיינע אייגענע און ניט זיין משפחהס הצטרכות. ער האָט ליב זיינע קינדער, ווי אַברהם אָבינו האָט ליב געהאַט יצחקן, מיט אַלע זיינע ליבשאַפטן, וואָס איז מן־השמים געגעבן געוואָרן אין דער טבע פון מענטשן — און דאָך האָט רבינו אליהו נאָך אין זיין גאַנצן לעבן ניט געקעוט פועלן ביי זיך מבטל צו זיין פון לערנען און זיך זעצן שרייבן צו זיינע קינדער אַ בריוול. ער, דער גינציקער טאַטע, האָט קיין איינמאָל ניט געפרעגט ביי זיינע קינדער צי זיי האָבן געגנוג אויף חיונה. ער האָט פון זיינע יונגע יאָרן זיך אינגאַנצן מקריב געווען פאַר דער תורה. רבינו אליהו, דער איש אלקים, האָט ווי אין אַלע זיינע פסק דינים, אויך דאָ, אין דער חסידישע שיטה, זיך דערטיפט לעומקא דדינא. ער האָט מיך געבעטן, איך זאָל אייך קלאָר און דייטלעך זאָגן, אַז אין רחום בדין — בית־דין קען אָנווענדן דעם מידת־ הרחמים בלויז ווען דער וואָס שטייט פאַרן משפט איז אַ בעל־רחמים אויף זיך אַליין. מהאי טעמא, רוף איך איצט צו אייך און איך בעט אייך: האָט רחמנות אויף זיך אַליין. טוט תשובה . . . אָבער ניט

בלויז אין דער כוונה, נאָר טאַקע באַווייזן מיט מעשים, אַז איר האָט זיך אָפּגעקערט פון אייערע רביים און איר גייט ניט מער אויף זייערע פאַל־שע דרכים. אויב, חס־וחלילה, איר וועט בלייבן איינגעעקשנט, האָט רבינו אליהו, מיר בפירוש פאַרזאָגט, אַז איך זאָל אייך מודיע זיין, אַז ער וועט זיך מוזן נוהג זיין ווי דער דין פאַרזאָגט, ווי זיך נוהג צו זייןביים אויסוואָרצלען „עבודה־זרה״. און ווי נאָר די זון וועט אָנהייבן צו פאַרגיין, וועט ער אויף אייך און די אַלע, וואָס זיינען נוטה צו אייער שיטה, לאָזן אויסרופן אַ האַרבן חרם.

אַז די חסידים האָבן דאָס דערהערט, זיינען זיי געוואָרן בלאָס פון שרעק. זיי האָבן געוואָלט אויף דעם ענטפערן, אָבער זייערע רייד זיינען ווי פאַרשטיקט געוואָרן. די שלעכטע בשורה איז געקומען צו פּלוצלינג. אמת, ר׳ סעדיה האָט זיי, נאָך ביי דעם ערשטן וויכוח, געסטראַשעט מיט אַ חרם, זיי האָבן אָבער ניט געגלייבט, אַז ר׳ אליהו וועט זיך באַנוצן מיט אַזאַ האַרבן מידת־הדין. זיי, די חסידים, האָבן ניט קיין מורא פאַר דעם חרם. צו זיי, אין די ווייטע געגנטן, קען עס ניט דערגרייכן. און אויב אַפילו יאָ, האָט עס ניט קיין כוח צו טאָן שאָדן. אין פּוילן, אין גאַליציע, און אפילו אין פּאָדאָליע, ווייסט קיינער ניט, אַז עס איז גאָר דאָ אַזאַ מענטש, וואָס זיין נאָמען איז ר׳ אליהו. עס איז זיי, די חסידים, אָבער אַ צער און רחמנות, אויף די פּאָר מנינים ווילנער יידן, וואָס זיינען אַריבער אויף זייער צד. זיי, די חסידים, זיינען ניט אין יאוש, וואָס עס איז ניט געקומען צו קיין שלום מיט די לומדים. זיי זיינען לכתחילה ניט געווען ביי דער דעה, אַז מען זאָל פאַרן קיין ווילנע צו באַקערן די ליטווישע יידן צו חסידות. זיי האָבן פאַראויס געזאָגט, אַז די פּלפּול־לייט, די פאַרדרייטע קעפּ, האָבן ניט קיין האַרץ. און אמונה קען מען ניט באַנעמען מיטן קאָפּ. זיי זיינען אַהער אין ווילנע געקומען, בלויז ווייל דאָס איז געווען דער רצון פון זייער רבין, ר׳ שניאור זלמן. ער, דער מענטש פון חזיון, האָט געגלייבט, אַז די לומדים וועלן גלייך דערזען די ליכטיקייט פון חסידות. עס איז ביי אים געווען אַ באַליבט ווערטל: „ר׳ אליהו איז דאָך אייגנטלעך פּונקט ווי איך, אַ חסיד, נאָר ער ווייסט עס ניט״. טאָ ווי קענען זיי, זיינע מקורבים, איצט ביי זיך פועלן צו גיין אָנזאָגן אים, זייער ליבן רבין, אַזאַ גרויסן צער, אַז ר׳ אליהו גייט גאָר אַריינלייגן אים, ר׳ שניאור זלמנען, אין חרם.

האָבן זיי, די חסידים, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, וואָס זיי זאָלן ר׳ סעדיהן ענטפערן.

עס איז געוואָרן שטיל אין קלויז, איינע פון יענע פּחדיקע שטיל־קייטן, ווען מען שפּירט, אַז אָט קומט אָן אַ גרויסער שטורעם. עס האָבן געשוויגן די חסידים און עס האָבן אויך געשוויגן דעם גאונס תלמידים. עס האָט זיך אַזש געהערט דאָס קלאַפּן פון זייערע הערצער. ביי דעם גאונס תלמידים האָט זיך דערוועקט אַ נייע האָפענונג. זיי האָבן געגומען גלייבן, אַז די חסידים שווייגן, ווייל זיי גרייטן זיך צו טאָן תשובה.

ערשט איצט, אין דער שטילקייט, האָט זיך צו זיי דערטראָגן דער

טומל פון שול־הויף. זיי האָבן אַרויסגעקוקט דורך די פענצטער און דער־זען דעם גרויסן עולם, וואָס האָט זיך צונויפגעזאַמלט. און מען האָלט אין איין שטראָמען פון די ווייטסטע גאַסן. אין דער גרויסער שטאָט ווייסט מען שוין, אַז עס איז ניט אמת, וואָס מען האָט דערציילט, אַז די חסידים האָבן שוין פאַרטריבן זייער ר׳ עלינקען פון שטאָט. ער, דער גאון, זיצט זיך גאָר און לערנט ווי אַלע טאָג אין יאָר. עס איז אָבער אמת, אַז די חסידים געפינען זיך איצט ביי אים אין קלויז. זיי פירן דאָרטן אַ ביטערע פּלוגתא מיט ר׳ עלינקעס תלמידים. טאָ ווי קענען זיי אפילו טראַכטן גיין צוריק אַהיים און איבערלאָזן ר׳ אליהון אויף די חסידימס גנאָד.

עס איז שפּעט אין טאָג. אין די קלויזן דאַוונט מען שוין מנחה. מען מאַכט ניט קיין לאַנגע שהיות מיטן דאַוונען. מען איילט איין מנין נאָכן אַנדערן. עס זיינען דאָך איצט אויפן שול־הויף זיך צונויפגעקומען אַזויפיל מענטשן און אַלע דאַרפן דאָך דאַוונען און די אבלים מוזן דאָך זאָגן קדיש. די ווילנער ווייבער, אַלע גאָטס־פּאַרכטיקע, זיינען אָפּגעשוואַכטע ווי פון אַ תענית, זיי האָבן דעם גאַנצן טאָג ניט גענומען אין מויל, האָבן זיי ניט קיין כוח צו קלעטערן אויף די הויכע טרעפּ, וואָס פירן צו דעם עזרת נשים, שטייען זיי ביי די אָפענע פענצטער. מיט אויפגעשפּיצטע אויערן הערן זיי זיך צו צו די תפילות און, מיט פרומער כוונה, טוען זיי ענטפערן „אָמן".

אויפן שול־הויף האָבן זיי זיך אויך צונויפגעטראָפן מיט אַלטע באַ־קאַנטע, וואָס זיי האָבן שוין יאָרנלאַנג ניט געזען. גאָר אַמאָל האָבן זיי געוואוינט אין שכנות אין דעם זעלביקן זאַוואולעק, צי אין דעם זעלביקן הויף. מען האָט זיך צעשמועסט וועגן זייערע קינדער, זין און טעכטער, וואָס זיינען שוין איצט אַליין טאַטעס און מאַמעס פון קינדער.

די מענער האָבן אויפן שול־הויף אויך געמאַכט נייע באַקאַנטשאַפטן. אַ סטאָליער האָט, אין יענעמס הילוך, באַלד דערקענט, אַז ער איז אויך אַ סטאָליער. און פּונקט אַזוי האָט אַ שוסטער, אַ שניידער, דערקענט אַ צווייטן מענטשן פון זיין פאַך; האָבן זיי איינער פאַרן אַנדערן אויסגעגאָסן דאָס האַרץ, וואָס כאָטש זייער אַרבעט איז אַ שווערע, פונדעסטוועגן פאַר־דינען זיי ניט גענוג אויף חיונה.

אַ היפּש ביסל יידן אויפן שול־הויף איז איצט אָט די אלע יום־יום זאַכן ניט אָנגעגאַנגען. זיי זיינען ווי צוגעשמידטע געשטאַנען ביי די ווענט פון גאונס קלויז. זייערע אויערן אויסגעשפּיצט צו הערן, וואָס די חסידים פאַר־לאַנגען. לויט זייערע ערנסטע מינעס און תנועות, האָט דער עולם פאַר־שטאַנען, אַז מען ראַנגלט זיך שוין אין גאונס קלויז אויף סכנות נפשות.

מיטאַמאָל האָבן אָט־די נייגעריקע לייט זיך גענומען בייזערן אויפן עולם. זיי האָבן געשריגן מיט באַנומענע קולות:

— זאָל זיין שטיל! שאַ! טומלט ניט!

האָט מען שוין פאַרשטאַנען, אַז עס האָט שוין דערגרייכט צו דער העכ־סטער מדרגה. באַלד, באַלד וועט מען שוין וויסן ווער עס האָט מנצח

געוועזן. האָט זיך דער גאַנצער עולם פרום צעוויגט. מען איז פאַרגאַנגען אין אַ תפילה, אַז ר׳ עלינקע זאָל זיין דער בעל־הנצחון. אָבער אויך די, וואָס זיינען געשטאַנען אַזוי נאָענט צום קלויז, האָבן געגעבן ניט געוואוסט, ווער עס האָט געקראָגן די אויבער־האַנט, צי דעם גאונס תלמידים, צי, חס־וחלילה, די חסידים. זיי האָבן ניט געקענט דערהערן אַלץ וואָס מען האָט דאָרטן גערעדט. זיי האָבן בלויז געכאַפּט אַ וואָרט דאָ און אַ וואָרט דאָרטן. עס איז אומעגלעך געווען צו באַהעפטן די ווערטער. האָבן זיי זיך שטאַרק דערשראָקן, וואָס איז קלויז איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי טויט־שטיל. זיי האָבן ניט געקענט פאַרשטיין, וואָס דאָרטן האָט פּאַסירט. אויך ר׳ סעדיה האָט אָנגענומען דאָס שווייגן פון די חסידים, אַז זיי טראַכטן צו טאָן תשובה. איז ער געשטאַנען און געוואַרט, אַז יענע זאָלן צו אים רופן און זאָגן: מיר זיינען גרייט צו טאָן תשובה! ווייזט אונדז בלויז דעם וועג און מיר וועלן אויף אים מיט פרייד גיין.

אַז ר׳ סעדיה האָט אָבער געזען, אַז פון די חסידים קומט נאָך אַלץ ניט קיין ענטפער, האָט ער מיט פחד און אימה ווידער אויסגערופן:

— טוט תשובה! די צייט איז קורץ! די זון הייבט זיך שוין אָן רוקן צו מערב־זייט.

עס איז אָבער אַלץ ניט געקומען קיין ענטפער. די טויטע שטילקייט האָט זיך מער און מער צעלייגט איבער דער קלויז. רייסט עס ר׳ סעדיה איבער. ער רופט אויס מיט שטרענגקייט:

— איך גיי אייך באַלד געבן די לעצטע התראה . . . און אויב איר וועט אויך, דאָס מאָל, ניט ענטפערן, וועל איך מוזן אָננעמען, אַז איר האַלט זיך ביי אייער עקשנות. אַז איר ווילט ניט אָפּטרעטן פון אייערע פאַלשע דרכים.

די חסידים האָבן אָבער אַלץ געשוויגן.

האָט ר׳ סעדיה אַראָפּגערוקט זיין טלית איבער די אויגן. ער האָט אויך צורעכט געמאַכט זיינע תפילין, וואָס ער האָט ווי זיין רבי, דער גאון, געטראָגן אַ גאַנצן טאָג. און מיט געבראָכן געמיט ווידער אויסגערופן:

— אויב איר האָט ניט קיין רחמנות אויף זיך, טאָ האָט רחמנות אויף אייערע קליינע קינדער, וואָס זיי וועלן דאַרפן ליידן די זינד פון אייך, זיי־ערע טאַטעס. איך פרעג אייך איצט צום לעצטן מאָל:

— זייט איר גרייט צו טאָן תשובה?

ר׳ מענדל האָראָדנער, דער ראש המדברים פאַר די חסידים, איז געזעסן, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט. די שרעק פאַרן חרם האָט אים אינגאַנצן צעטרייסלט — ער וועט אינגאַנצן ווערן אָפּגעשיידט פון זיינע צוויי זינע־לעך. זיין שווער, דער האָראָדנער דיין, האָט פיינט חסידות מיט אַלע זיינע חושים. און ר׳ אליהו איז ביי אים קדוש. ער, מענדל, וועט זיך שעמען צו קוקן זיין רבין אין די אויגן. ער האָט דאָך אויף אים, מענדלן, געלייגט אַזויפיל האָפענונגען, אַז ער, דער למדן, וועט אַריבערוויגן די לומדים

אויפן חסידישן צד. צום סוף האָט ער זיי גאָר געמאַכט בייזער און גורם געווען זיי זאָלן אויסרופן אַ חרם.

ר׳ מענדל פּרוּווט זיך טרייסטן. ער טראַכט פאַר זיך אַליין:

ר׳ סעדיה טוט בלויז סטראַשען. ר׳ אליהו וועט קיינמאָל אַזאַ זאַך ניט טאָן. ער וועט דאָך דאָס ביסל איבערגעבליבענע יידן ניט צעשפּאַלטן אויף צוויי מחנות?

אַ צעווייטיקטער, ווי געביסן פון אַ שלאַנג, לויפט ער צו צו ר׳ סעדיהן. ער כאַפּט אים אָן פאַר די הענט. ער טרייסלט אים מיט זיינע אַלע כוחות. און שרייט הויך אויפן קול מיט צאָרן און רחמים:

— וואָס שרעקט איר בחינם יידן? איר וועט זיך דאָך קיינמאָל ניט אויסקויפן פון אַזאַ גרויסער עבירה!

ר׳ סעדיה הייבט אַרויף דעם טלית פון זיינע אויגן. ער ציט אים אָבער ניט אַרונטער, ער האַלט אים אויסגעשפּרייט אויף זיינע הענט, ווי אַ כהן ביים דוכענען. ער ענטפערט אים געלאַסן אָבער זייער שטרענג:

— דאָס איז דער הייליקער רצון פון רבינו אליהו... און דער וואָס איז מהרהר אויף זיינע פּסק־דינים, איז פּונקט ווי ער וואָלט מהרהר געווען אויף דער שכינה.

דער האָראָדנער, אַליין אַ ייד פון ליטע, אַליין אַ למדן, און אַ קינד פון דורות און דורות רבנים האָט זיך גוט אויסגעקענט אויף די ליטווישע לומדים. האָט ער אין ר׳ סעדיהס פּחדיקער שטים און אין דעם העליש פייערל, וואָס האָט זיך געצונדן אין זיינע אויגן, דערקענט, אַז ר׳ סעדיה סטראַשעט ניט גלאַט אין דער וועלט אַריין. ער זאָגט עס ניט פון זיין אייגענעם קאָפּ, נאָר ער רעדט דאָ איבער די רייד פון זיין רבין, ר׳ אליהו.

ביי אים, ר׳ מענדל האָראָדנער, איז ניט געווען דער מינדעסטער ספק, אַז זיין רבי, ר׳ שניאור זלמן, וועט האָבן גרויס עגמת־נפש, וואָס ר׳ אליהו האָט אַריינגעלייגט אים און זיינע חסידים אין חרם, אָבער דאָס וועט אים ניט אָפּשרעקן... ער וועט אפילו אויף אַ האָר ניט אָפּטרעטן פון זיין שיטה. ער גלייבט באמונה־שלימה, אַז זיין וועג איז דער אמתדיקער און איז דער קירצסטער, וואָס פירט צו התקרבות מיטן בורא.

ר׳ מענדל איז אַזוי בטוח אין זיין הנחה, אַז ער באַגערט שוין צו ריידן צו ר׳ סעדיהן האַרבע רייד, אים ווידער וואָרענען און זאָגן:

— שפּילט זיך ניט מיט קיין פייער! איר לומדים וועט אַליין ווערן געניזוקט פון חרם. פאַרגעסט ניט, אַז איר גייט אונטערצינדן דעם בוראס וועלט. איר העצט צו אַ קריג, וואו עס וועלן זיך שלאָגן אַ ייד קעגן אַ יידן, איין ברודער קעגן צווייטן ברודער!

ר׳ מענדל האָראָדנער באַהערשט זיך אָבער מיט אַלע זיינע כוחות. ער טראַכט:

— אפשר וועט ער נאָך קענען אָפּשרייען די גזירה. און אָנשטאָט זיך צו בייזערן, בעט ער זיך ביי ר׳ סעדיהן:

— האָט רחמים אויף אחינו בני ישראל. לייגט אָפּ דעם חרם ביז מאָרגן, גיט אונדז צייט זיך מיישב צו זיין מיט אונדזער רבין.

ר׳ סעדיה קוקט שאַרף אָן דעם האַראַדנער און ענטפערט:

— ר׳ מענדל, זאָגט מיר אויף אייער נאמנות צי איר גלייבט, אַז עס איז מעגלעך, אַז אייער רבי, ר׳ שניאור זלמן, וועט טאָן תשובה?

ר׳ מענדל שווייגט. ער וועט דאָך ניט זאָגן קיין ליגן. און ר׳ סעדיה רעדט שטיל און פאַרטראַכט:

— תשובה איז אַ זאַך וואָס מען דאַרף לאַנג ניט טראַכטן. תשובה צינדט זיך אָן ווי אַ פייער. מיר זיינען צופיל געגאַנגען מיט אייך לפנים משורת הדין. מיר האָבן זיך ניט מער וואָס מתווכח צו זיין. דאָס איז דער פּסק־דין פון אונדזער הייליקן רבין. מיר וועלן אָבער ניט אויסרופן דעם חרם איידער די זון לאָזט זיך ניט אַרונטער. טאָ איילט צו אייער רבין, און ברענגט באַלד צוריק די גוטע בשורה, אַז ר׳ שניאור זלמן איז גרייט צו טאָן תשובה.

די נייגעריקע לייט, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום די ווענט, האָבן דער־הערט, ווי ר׳ סעדיה האָט מתרה געווען די חסידים, אַז ר׳ אליהו וועט זיי לייגן אין חרם. האָבן זיי עס באַלד אויסגערופן פאַרן עולם און פון איין מויל צום צווייטן האָט זיך צעטראָגן דאָס מוראדיקע וואָרט:

— חרם! חרם! חרם!

— אין אַלע קלויזן וועט מען בלאָזן שופר!

— אין אַלע הענג־לייכטער וועט מען צינדן ליכט!

יעדער איינער האָט אויפגעשוידערט פאַר דעם מוראדיקן וואָרט, וואָס הייסט חרם. זיי האָבן וועגן דעם אָזויפיל זיך אָנגעהערט דערציילן, זיי האָבן אָבער עס נאָך קיינמאָל ניט געזען מיט די אייגענע אויגן. יעדער איינער — מאָן צי פרוי, למדן צי פּשוטער ייד, האָט געגלייבט באמונה־שלימה, אַז ר׳ עלינקע, דער אוהב הבריות, וואָס יענעמס צער איז זיין צער און יענעמס פרייד איז זיין פרייד, און אַלץ וואָס ער זאָגט און אַלץ וואָס ער טוט איז בלויז לשם־שמים, האָט איידער ער האָט אַרויסגעטראָגן אַזאַ האַרבן פּסק־דין אוודאי און אוודאי געוואויגן און געמאָסטן טויזנטער מאָל די חסידישע שיטה, און זיך געמיט און געמיט צו געפינען אויף זיי אַ זכות... און אַז ער, דער גאונישער קאָפּ, האָט ניט געקענט געפינען — איז עס בוודאי אָסורער ווי אָסור.

די אַלע ווייבער און מענער, וואָס האָבן ניט געבראַכט קיין ליכט, צי זיי האָבן עס שוין געהאַט אַוועקגעשאָנקען אין די קלויזן, אַז זיי האָבן איצט דערהערט, אַז מען וועט ביים אויסרופן דעם חרם צינדן ליכט — האָבן זיי גענומען לויפן אין די דערבייאיקע קראָמען, זיך איינשאַפן פאַר זייערע לעצטע גראָשנס ליכט. זאָל אויך זייערס אַ ליכטל לויכטן ביי דעם חרם. עס איז אַ גרויסע מצווה, עס וועט באַשיצן ניט געשטרויכלט צו ווערן.

די קרעמער האָבן צוריק געעפנט זייערע קראָמען. אָרימע יידן, וואָס האָבן דערזען, אַז מען קען איצט פאַרדינען אי פּרנסה אי אַ מצווה, האָבן זיי פון די קראָמען אין די ווייטערע גאַסן געבראַכט צוטראָגן קאָסטנס ליכט. אין

אַ קליין ביסל צייט איז שוין ניט געווען קיין איין האַנט, וואָס האָט ניט געהאַלטן אַ ליכט.

דער האַראַדנער מיט דעם מנין חסידים האָבן געאײַלט צו זייער רבין, ר׳ שניאור זלמנען. אַז זיי האָבן דערזען, אַז דער שול־הויף איז אָנגעפראָפּט מיט אַזויפיל מענטשן, און אַלע מיט ליכט אין די הענט, איז זיי באַפאַלן אַ פּחד. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז מען וועט זיי טאָן שלעכטס און ברענגען צו אַן אומגליק. האָבן זיי צוריק געאײַלט אין קלויז, און שטום, מיט די הענט, געטייטלט אויפן שול־הויף.

ר׳ סעדיה האָט אַרויסגעקוקט אין דרויסן און פון פאַרוואונדערונג האָט זיך אים אַזש דער לשון פאַרקלעפּט. ער האָט נאָך אין זיין גאַנצן לעבן ניט געזען אַזאַ גרויסן עולם. ער האָט זיך קיינמאָל ניט פאַרגעשטעלט אין דמיון, אַז אין ווילנע געפינען זיך אַזויפיל יידן. ער האָט קוים זיך אָנגענומען מיט כוח אַראָפּצוגליטשן פון זיינע ליפּן:

— קיין עין הרע!

ניט אויסריידנדיק אפילו אַ וואָרט האָט ר׳ סעדיה צוריקגעוויזן דעם האַראַדנער שטום, מיט אַ פינגער, אַז ער מיט די חסידים זאָלן אים נאָכגיין. דעם גאונס תלמידים האָבן ווי אַ וואַנט אַרומגערינגלט די חסידים זיי צו באַשיצן און ניט צו דערלאָזן אָנצורירן אפילו אַ האָר אויפן קאָפּ.

דער טאָג איז געווען זייער אַ כמורנער, די זון האָט זיך אפילו ניט באַוויזן, זי איז געווען אין כעס און איז ניט אַרויסגעקומען פון איר שייד... ביידע צדדים האָבן דאָס אָנגענומען פאַר אַ דייטלעכן סימן, אַז די גערעכטיקייט איז אויף זייער צד. די חסידים האָבן געטראַכט: דער בורא האָט ניט אַרויסגעשיקט די זון. ער איז אין צאַרן, וואָס מען גייט לייגן זיינע באַליבסטע קינדער אין חרם. און דעם גאונס תלמידים האָבן איינער צום צווייטן געזאָגט: — דער בורא איז אין טרויער, וואָס די חסידים קערן זיך ניט אָפּ פון זייער פאַלשן דרך... אין די ווייסע חסידישע מלבושים, וואָס האָבן אין דער טונקלקייט רעשיק געשימערט, האָט דער עולם גלייך דערקענט, אַז דאָרטן גייען די חסידים. זיי האָבן באַלד פאַרשטאַנען, אַז עס איז דער רצון פון ר׳ עלינקען, אַז מען זאָל ניט וואַגן הייבן קיין האַנט אויף די חסידים. דערפאַר האָט ער געשיקט זיינע תלמידים זיי צו באַשיצן.

די געדיכטע מאַסע מענטשן, וועלכע זיינען געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ און אַקסל צו אַקסל, האָבן זיך ענגער צונויפגעשפּאַרט, און געמאַכט אַ וועג פאַר די חסידים.

באַלד ווי די חסידים האָבן פאַרלאָזט דעם גאונס קלויז, האָבן זיך ביים טיש אויסגעזעצט די סופרים, אַלע איינגעהילטע אין טליתים, מיט זייערע גענדזן־פעדערס אין די הענט, גרייט צו שרייבן דעם חרם. זיי האָבן אומגעדולדיק געוואַרט, אַז ר׳ אליהו זאָל שוין צוקומען צו זיי און זאָגן זיי דעם נוסח.

שטיל מיט פּאַמעלעכדיקע טריט, ווי אין טרויער, דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן, האָט ר׳ סעדיה צוגענענט צו זיין רבין און מיט אַ ציטערדיקער שטים געזאָגט:

— רבי, די סופרים זיצן שוין אַרום טיש. זיי זיינען שוין גרייט צו שרייבן דעם חרם.

ר׳ אליהו האָט, אַ פאַרמוחטער, אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון דעם ספר, וואָס ער האָט אין אים געלערנט, און געזאָגט:

— ר׳ סעדיה, איך האָב ניט קיין רעכט צו לאָזן אויסרופן דעם חרם אָן דער הסכמה פון היגן בית־דין. איך בין דאָך אין ווילנע בלויז אַ תושב, ווי אַלע תושבים. טאָ זייט אַזוי גוט און שיקט דעם שמש, ער זאָל אין מיין נאָמען פאַר־בעטן אונדזער רב, ר׳ שמואל בן אביגדור, און זיינע דיינים.

ר׳ סעדיה האָט תיכף אַרויסגעשיקט זעקס שלוחים צו אַלע זעקס וויל־נער דיינים. ער האָט אָבער ניט געהאַלטן פאַר שכלדיק צו שיקן אויך צום רב אַ פשוטן שמש. האָט ר׳ סעדיה זיך באַזינט. ער איז צוגעגאַנגען צו ר׳ מאירלען, דעם גאונס אַמאָליקן חבר און איצטיקער מחותן, און ער האָט צו אים געזאָגט:

ר׳ מאיר, איך האָב צו אייך אַ בקשה: איך ווייס, אַז עס איז פאַר אייך אַ פחיתת הכבוד צו גיין אין אַ שליחות — אָבער איך בין בטוח, אַז איר וועט פאַרבייגן אייער אייגענעם כבוד צוליבן כבוד־התורה. טאָ זייט אַזוי גוט און גייט אַריבער צו ר׳ שמואל בן אביגדור, דעם אַב־בית־דין און דעם ראש מתיבתא פון אונדזער שטאָט ווילנע. זאָגט אים, אַז רבינו אליהו בעט אים צו קומען אין קלויז, און זאָגט אים דעם אמתן טעם, זיך צו חתמהנען אויפן חרם.

ר׳ סעדיה האָט געוואוסט, אַז דער רב, ר׳ שמואל בן אביגדור, האָט זיך אין דער שטיל געפריינדלט מיט די חסידים. ר׳ סעדיה, דער קלוגער מאַן, האָט אויך גוט געוואוסט, אַז דער רב האָט דאָס געטאָן ניט מיטן גאַנצן האַרצן. ביי אים, דעם עילוי, איז בלויז לערנען און פלפול זיין חיות. אָבער זיין רביצין, די בעל־תכליתניצע, האָט דאָס אים אויף דעם וועג געשטופּט. ניט דווקא ווייל זי אַליין ציט צו דער חסידישער רעשיקייט, ווייל זי האָט אירע מיידלשע יאָרן פאַרבראַכט אין דער פוילישער וואַרשע, צווישן חסידים. ר׳ סעדיה פאַרשטייט, אַז זי וואָלט אירע אייגענע פאַרלאַנגען פאַרבויגן. נאָר זי, די בעל־תכליתניצע, זוכט, דער עיקר, צו פאַרפעסטיקן איר מאַנס רבנות. זי גלייבט, אַז אויב די חסידים וועלן זיין די בעלי־נצחון, וועלן זיי ניט דערלאָזן מען זאָל אויף אים קריגן.

האָט זיך ר׳ סעדיה געשראָקן, אַז זי, די כיטרע פרוי, וואָס האָט אויף איר מאַן די גאַנצע דעה, וועט אים ניט לאָזן גיין אונטערצושרייבן דעם חרם. צוליב דעם טעם האָט ער דאָס אַהין געשיקט ר׳ מאירלען, דעם גאונס מחותן. ווייל זי, וואָס יאָגט זיך אַזוי נאָך כבוד, וועט אפשר ניט קענען ביישטיין, און זי וועט לאָזן גיין דעם רב אונטערצושרייבן דעם חרם.

אַז ר׳ מאירל איז אַריינגעקומען צום רב, האָט ער צו אים געזאָגט:

—רבי, דער גאון פאַרבעט אייך צו קומען זיך אונטערצושרייבן אויפן חרם.

אַז ער, דער עילוי, האָט דערהערט, אַז דער גאון האָט געשיקט נאָך אים רופן, האָבן פאַר גרויס גליק זיך געשטעלט טרערן אין זיינע אויגן. ער האָט

באַלד געכאַפּט זײַן אויבער־בגד. פּלוצים אין מיטן אַנטאָן האָט ער אים צו־ריק אויסגעטאָן און אים אַ וואָרף געטאָן אויף אַ שטול און, פֿאַרביטערט, נעלם געוואָרן הינטער אַ פֿאָרהאַנג, וואָס האָט אָפּגעטײלט די פֿאָדער־שטוב פֿון אַן אַנדער קאַמער. עס האָט זיך פֿון דאָרטן באַלד דערטראָגן זײַן הויכע קלינגענדיקע שטים. ר׳ מאירל האָט בלויז געדאַרפֿט אויסבויגן זײַנע אויערן וואָלט ער געהערט, וואָס דער רב רעדט. און צו וועמען ער רעדט. ער, דער בעל־מידות, וועט דאָך אַזאַ זאַך ניט טאָן, האָט ער נאָך מיט זײַנע פֿינגער פֿאַר־שטאָפּט זײַנע אויערן און זיך פֿאַרטראַכט אין אַ סברא פֿון „הר״ן״. האָט ער אַפֿילו ניט געהאַט קיין אַנונג, אַז דער רב רעדט דאָס מיט זײַן רביצין.

זי איז שוין זינט אַ לענגערע צײַט קראַנק. זי האָט עס אָבער געהאַלטן בסוד און געהיט, אַז קיין פֿרעמדע זאָלן פֿון דעם זיך ניט דערוויסן. איר שו־נאהטעס, די ווילנער גבירנטעס זאָלן ניט דערזען אין איר אַ נקמה. פֿלעגן אויך די דאָקטוירים קומען שפּעט אין דער נאַכט, און זיך אָפּגעזאַמט ביז באַגינען. זיי האָבן מיט זייערע אַלע קענטעניש זיך געמיט איר צו ראַטעווען. זיי האָבן אָבער ניט געקענט אויסגעפֿינען וואָס איר קראַנקייט איז און פֿאַרוואָס זי ווערט שוואַכער און שוואַכער. האָבן זיי פֿאַרצווייפֿלטע געהויבן מיט די פּלייצעס. אין די דאָקטאָרשע ביכער איז אַזאַ חולאת ניט פֿאַרשריבן. זי, די קלוגע פֿרוי פֿאַרשטייט אָבער יאָ, וואָס מיט איר איז געשען. זי ווייסט, אַז איר קענען ניט העלפֿן קיין דאָקטוירים. אַזאַ קראַנקייט האָט געקענט טרעפֿן בלויז צו איר, דעם יסודס בת־יחידה. שולדיק איז דאָ טאַקע ער, איר טאַטע. זי האָט אָבער צו אים ניט קיין טענות. ער האָט דאָך געמיינט איר טובה. ער, דער קליגסטער מענטש אין זײַן צײַט, האָט זיך און איר, זײַן איינציק קינד, געוואָלט פֿאַרזאָרגן אויף אייביק. עס האָט אים אָבער ניט מצליח געווען. אָנשטאָט צו מאַכן בעסער, האָט ער געמאַכט נאָך ערגער פֿאַר איר, זײַן ציטערדיקער בת־יחידה.

זי האָט זיך ביי אים, איר טאַטן, אויסגעהאָדעוועט אין עשירות. ניט געוואוסט פֿון קיין דאגות און ניט געהאַט אויף זיך קיין עול. זי האָט בלויז געדאַרפֿט האַלטן אין זינען, אַז זי דאַרף זיך פֿירן ווי עס פּאַסט פֿאַר דער טאָכטער פֿון דעם ווילנער ספֿרא און דיינא, וואָס שטאַמט אָפּ פֿון די נשיאים אין בבל. אָבער אויך דעם שטיקל עול האָט זי לאַנג ניט געדאַרפֿט טראָגן. ער, איר טאַטע, האָט זי אַוועקגעשיקט זי זאָל לערנען די פּוילישע און פֿראַנצויזישע שפּראַכן, קיין וואַרשע, די שטאָט פֿון פּראַכט און גלאַנץ. דאָרטן איז זי שוין געווען אײַנגאַנצן באַפֿרײַט. קיינער האָט דאָרטן ניט נאָכגעקוקט וואוהין זי גייט און וואו זי שטייט. אין דער פֿרעמדער פּוילישער שטאָט, האָט קיינער ניט געוואוסט, אַז זי איז אַ טאָכטער פֿון דעם ווילנער ספֿרא ודיינא. זי האָט אין וואַרשע, בסוד פֿון איר טאַטן, אויך געלערנט זינגען ביי אַ פּוילישן געזאַנג־לערער, וואָס איז זײַנע יונגע יאָרן געווען אין דער גדולה. ער פֿלעגט אָפּגעבן קאָנצערטן אויף אַלע פּריצישע בעלער. ער איז געווען אַ גוי אַ שיכור. צוליב זײַן מיאוסער געוואוינהייט, האָט ער פֿאַרלוירן זײַן שיינע טענאָר־

שטים, און געמוזט זיך נעמען צו לערערײַ. ער האָט פֿײַנט געהאַט זײַן נײַע באַשעפטיקונג, און אויך זײַנע שילערינס, וואָס זײַנען דאָס רוב גע־ווען רײַכע ייִדישע מײדלעך. ער, אַ שונא־ישראל, האָט געזען בלויז זײערע חסרונות: זײ זײַנען ניט גראַציעז, זײ האָבן ניט קײן שטימען. און ער מאַכט זיך בלויז נאַריש, וואָס ער שטודירט מיט זײ מוזיק. ער קען זיך אָבער ניט העלפֿן. ער נײטיקט זיך דאָך אין געלט צו קענען שטילן זײַן שיכורדיקן דאָרשט.

ער, דער פּאָליאַק, און ייִדישער שונא, האָט נאָך מער פֿײַנט זײַן נײַע שילערין, דאָס ווילנער ייִדישע מײדל, דווקא ווײַל ער קען ניט געפֿינען אין איר אפֿילו דעם מינדסטן חסרון. פֿאַר דאָס ביסל צײַט, וואָס זי איז אין וואַרשע, רעדט זי פּויליש אַזוי גוט ווי די פּריצישע טעכטער. זי איז גראַציעז און שײן. עס איז אין איר פּנים זיך ניט אײַנצוקוקן. צו דעם אַלץ — האָט זי אַ חוש פֿאַר מוזיק און איז געבענטשט מיט אַ וואונדער־לעכער סאָפּראַנאָ־שטים. ווען זי איז ניט קײן ייִדישקע, וואָלט ער איר געוויזן ווי די טירן פֿון דער גרויסער וועלט וואָלטן זיך פֿאַר איר געעפֿנט. ער איז אַזש משוגע פֿאַר איר וואונדערלעכער שטים. ער, דער ייִדישער שונא, באַהערשט זײַנע געפֿילן און שפּאָט גאָר אָפּ פֿון איר זינגען. אָבער, ווי אים אויף צו להכעיס, הײבט איר גאָרניט אָן צו אַרן, וואָס ער, איר לע־רער, מאַכט פֿון איר חוזק. זי שמײכלט מיט אירע קלוגע אויגן, און פֿאַרגײט זיך אין אַ טרעל, ווי אַ זינג־פֿײגעלע.

אײן טאָג איז ער געווען שטאַרק שיכור, האָט ער זיך פֿאַר איר מודה געווען, אַז עס גײט אים אויס דאָס חיות, ווען ער הערט איר זינגען. ער האָט צו איר אָפֿן געזאָגט:

— מײדל, אפֿילו מיט דײַן ייִדישקײט קענסטו מיט דײַן שײנעם פּנים און שטים אײַננעמען די וועלט. איך וועל אײַנאָרדנען פֿאַר דיר אַ קאָנצערט אין שענסטן זאַל פֿון שטאָט, איך וועל פֿאַרבעטן די גרעסטע מבֿינים אויף מוזיק, זײ זאָלן קומען הערן ווי דו זינגסט.

זי האָט אים אויסגעהערט, און געענטפֿערט מיט איר גאַנצער ערנסט־קײט:

— אַ דאַנק, איך וויל ניט אײַננעמען די וועלט.

זי איז מער צו אים ניט געגאַנגען זיך לערנען. זי האָט פֿאַר זיך אַלײן געטראַכט:

— גײ דערצײל דעם גוי, אַז מײַן טאַטע איז דער ספרא ודיינא פֿון דער ווילנער קהילה, און ער האָט אַ שטר יוחסין, אַז ער שטאַמט פֿון די נשיאים אין בבל. און איך, זײַן בת־יחידה, האָט ליב אים, מײַן טאַטן, מיט זײַנע אַלע קאַפּריזן. איך וואָלט, ווי יצחק אָבֿינו, ניט איבערגעפֿרעגט אפֿילו, ווען ער פֿירט מיך צו דער עקידה. מײַן טאַטנס הײליקסטער וואונטש איז, אַז איך זאָל אײַננעמען ווילנע, וואָס איז בײַ אים חשובֿער פֿון דער גאַנצער וועלט. זײַן באַגער איז, אַז איך זאָל נעמען אַ חתן, אַ גרויסן למדן, וואָס זאָל זײַן

ראוי צו ווערן אַ רב אין ווילנע, כדי איך, זיין בת־יחידה, זאָל ווערן די רביצין.

האָט ער, איר טאַטע, געהאַלטן אין איין קלייבן פאַר איר חתנים. ער, און ניט זי, בראַקירט זיי אויס. זי וואָלט אים, איר ליבן טאַטן, ניט ווידער־געשפּעניקט אפילו, ווען ער קלייבט פאַר איר אויס אַ חתן מיט אַ מום.

איר טאַטע דער קלוגער מאַן, האָט געמיינט, אַז ער קען באַזאָרגן זיך, זיין טאָכטער און קינדס קינדער אויף דורות און דורות. האָט ער פאַר פרייד אַזש געוויינט, בעת ער האָט מיט איר געטאָן דעם שידוך מיטן עילוי, שמואל בן אביגדור. זי, די כלה, האָט דעם חתן אפילו רעכט ניט אָנגעקוקט. זי האָט גאָרניט דערוואַרט, אַז ער זאָל איר ווערן געפעלן. ערשט ביי דער חור־פה, האָט זי דורכן וועלאנד, צום ערשטן מאָל, אים גוט באַקוקט. און באַלד דערשפּירט אַ וואַרימקייט צו אים, דעם טשיקאַוון לערנער; זי האָט אים, דעם עילוי, ליב געקראָגן. ער איז הויך און שלאַנק. זיינע באַקן בליען ווי רויזן.

דווקא זיין אומרואיקייט, זיין היצן זיך, זיין ניט אָפּגעהיטקייט אין רייד, האָבן אים צו איר צוגעצויגן. פּונקט ווי דער טאַטע אירער איז באַרעכנט, איז ער, איר יונגער מאַן, אומבאַרעכנט. ער טוט וואָס אים געפעלט, און ער טראַכט ניט אפילו איבער, וואָס די וועלט וועט זאָגן. עס לאָקט אים גאָר־ניט צו זיין רב אין ווילנע. ער יאָגט זיך ניט נאָך דעם כבוד. אים וואָלט געווען מער ניחא, ווען מען לאָזט אים זיצן אַ גאַנצן טאָג אויפן שול־הויף און זיך פּלפּולן מיט די פּרושים.

פון אירטוועגן וואָלט זי אויך מוחל געווען אויף דעם כבוד צו זיין וויל־נער רביצין. זי בענקט גאָר נאָך וואַרשע, נאָך דער פּוילישער רעשיקייט און נאָך איר פריהייט. קיינער האָט דאָרטן ניט נאָכגעקוקט וואו די שטייט און וואוהין זי גייט. בלויז פון איר איבערגעגעבנקייט צו איר טאַטן טראָגט זי דעם עול פון אַ רביצין. זי האָט באַצוואונגען אירע אייגענע געפילן און פאַרלאָנ־גען. זי חברט זיך מיט אָרימע ווייבער, זי גייט צו זייערע מזל־טובס, און חתונות. כאָטש איר, דער גבירהשער טאָכטער זיינען דערווידער די קבצנטעס. אַז זי האָט געזען, אַז די ווילנער גבירהנטעס פאַרגינען איר ניט, וואָס זי איז אַ יפת־תואר, האָט זי גענומען זוכן מיטלען ווי צו פאַרדעקן איר שיינקייט. אָבער ווי אויף צו להכעיס, האָט זי זיך נאָך מער צעלויכטן.

זי, וואָס האָט פון אירע יונגע יאָרן אָן, ליב געהאַט דעם שאָרסקן פון זיידנס, האָט זיך גענומען קליידן אין פּשוטן ציץ. איז דאָס באַלד גאָר געוואָרן אַ מאָדע ביי די פּוילישע פּריצהטעס, און די ווילנער גבירהטעס האָבן ווידער געהאַט וואָס איר צו באַריידן און זאָגן: „אונדזער רביצין איז אַ פּוצערקע, זי פירט איין מאָדעס פאַר שיקסעס".

זי האָט מיידלוויז, אין וואַרשע, זייער ליב געהאַט צו לייענען ראָמאַ־נען פון די פראַנצויזישע שרייבער. אויך איצט בענקט זיך איר נאָך זיי. עס וואָלט איר געווען דער גרעסטער נחת־רוח זיך אַוועקצוזעצן און לייענען אַ פראַנצויזישן ראָמאַן. אָבער זי איז דאָך איצט די ווילנער רביצין. באַ־

צווינגט זי איר פאַרלאַנג און נעמט אַרויס פון ספרים־אַלמער דעם „קב־הישר". זי לייענט און וויינט מיט טרערן. זי אַליין הייבט שוין אָן צו גלייבן, אַז זי האָט מער הנאה פון דעם מוסר־ספר, ווי פון אַלע פראַנצויזישע ראָמאַנען.

אָבער שטאַרקער פון אַלץ האָט איר געצויגן צום זינגען. אַז זי פלעגט זען, אַז זי קען זיך ניט מער באַצווינגען — פלעגט זי אַראָפּגיין אין דעם טיפן קעלער, און זיך דאָרטן צעזינגען. עס איז איר געווען אַ צער, אויף אירע זיסע טרעלן, וואָס דאַרפן זיך אָנשלאָגן אָן די פייכטע שטיינערנע ווענט. איר מאַן, דער עילוי, כאָטש ער איז שוין יאָרן־לאַנג מיט איר אונטער איין דאַך — האָט אפילו ניט געוואוסט, אַז זי, זיין זיווג, איז באַשאָנקען מיט אַזאַ שיינער סאָפּראַנאָ־שטים.

די אַלע באַצוואונגנקייטן און דער שווערער עול צו פירן זיך ווי עס פּאַסט פאַר אַ רביצין פון ירושלים דליטע, האָט איר געקאָסט אַ סך געזונט. דער־צו איז נאָך אָנגעקומען די ביטערע מחלקה קעגן איר מאַן, דעם רב. די פּרנסים האָבן זיך איינגעשפּאַרט אים אָפּזאָגן פון רבנות. די שנאהדיקע בליקן, וואָס די ווילנער גבירהטעס האָבן געהאַלטן זי אין איין שטעכן, האָבן אירע ביסל כוחות ווי אויסגעזויגן.

די מחלקה צווישן די חסידים און ר' עלינקען האָבן גאָר אינגאַנצן איר געמאַכט שלאַף. זי האָט שוין געמוזט ליגן צו בעט. זי האָט ניט געהאַט קיין כוח צו שטעלן אַ טראָט. זי, די קלוגע פרוי, האָט געוואוסט, אַז מיט איר פריינדלען זיך מיט די חסידים שטעלט זי איין איר מאַנס רבנות. אויב די חסידים וועלן פאַרלירן, וועט ער זיך שוין אַליין מוזן אָפּזאָגן פון רבנות. עס איז איר אָבער שוין דערעסן די מחלקה מיט קהל. האָט זי אַלץ אַרויפ־געוואָרפן אויף דער חסידישער שאָל, געלאָזט עס אויף גאָטס באַראָט. און זי בעט זיך ביים באַשעפער פון די וועלטן, ער זאָל זיך מרחם זיין און זען, אַז די חסידישע שאָל זאָל אַריבערוואויגן.

פאַר שרעק, אַז די חסידים קענען נאָך חס־וחלילה פאַרלירן, קען זי אין די נעכט ניט שלאָפן. זי שפּירט, אַז אירע כוחות גייען איר אויס... זי האָט ניט מורא פאַרן טויט. עס וואָלט דאָך איר אויסגעלייזט פון אַלע צרות. זי וויל בלויז ניט, אַז די ווילנער גבירהטעס זאָלן דערלעבן אין איר נקמה. ליגט זי און מיט טרערן בעט זי זיך ביים בורא, ער זאל איר שענקען יאָרן...

אַז ר' מאירל איז אַריינגעקומען צו איר מאַן, דעם רב, אין שטוב, איז זי געלעגן אויפן בעט אין גרויס אַנגסט און שרעק. זי האָט שוין געוואוסט, אַז די וויכוחים אין גאַונס קלויז האַלטן אין סאַמע רעכטן ברען. זי האָט אויך דורכן פענצטער געזען ווי די גרויסע שטאָט ווילנע שטראָמט צום שול־הויף. האָט זי מיט אַ ווייליע פריער, געהאַט אַרויסגעשיקט איר דינסט, צו הערן וואָס דאָרטן גייט אָן. יענע, אַ פּשוטע מיידל, האָט בלויז געקענט דער־ציילן, וואָס זי האָט געזען, אַז דער שול־הויף איז געפּאַקט מיט מענער און פרויען און אַלע האַלטן אין די הענט ליכט.

זי, די קלוגע פרוי, האָט זיך פון דער דינסט־מיידלס בשורה שטאַרק

דערשראָקן. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז ר׳ עלינקע, וואָס איז זיין גאַנצן לעבן אַנטלאָפן פון מחלקות און איז געווען פאַרטאָן בלויז מיט זיין לערנען, האָט איצט אויפגעוואַכט און מיט זיין גאַנצן גאונישן כוח וואַרפט ער זיך אין אַ קריג מיט די חסידים. זי האָט ר׳ עלינקען ניט ליב. זי קען אים ניט מוחל זיין, וואָס ער האָט זיך ניט אַריינגעמישט און איינגעשטילט די מחלקה אויף איר מאַן, דעם רב. אָבער זי ווייסט ווי אָפּצושאַצן זיין גרויסן כוח.

זי האָט, ליגנדיק אויף איר קראַנקן־בעט, אויך געהערט, אַז עמיצער רעדט צו איר מאַן אין פאָדער־הויז. זי האָט ניט געקענט כאַפּן אַלץ, וואָס יענער האָט צו אים געזאָגט. אָבער זי האָט דערהערט, ווי איר מאַן האָט זיך אַ צעשראָקענער אָנגערופן:

— אַזוי אַ חרם!

זי, די קלוגע פרוי, האָט באַלד דערזען, אַז עס האַלט שלעכט. פאַר צער אויף די חסידים און אויך זיך אַליין, האָט זי זיך צעוויינט. זי האָט דאָך מיט איר גאַנצן האַרצן צו זיי באַקערט.

אַז איר מאַן איז אַריין צו איר אין קאַמער און איר געזאָגט: ר׳ אליהוס מחותן, ר׳ מאירל סערייער, איז געקומען אין גאונס נאָמען מיך בעטן, אַז איך זאָל קומען אין קלויז אונטערצושרייבן דעם חרם. האָט זי אין אַ קליינע וויילע, מיט איר גוטן קאָפּ, שוין געוואוסט אויף קלאָר וואָס צו עצהן איר מאַן, ווי ער זאָל זיך פירן. זי האָט אָבער אים אויף דעם ניט געענטפערט.

זי האָט געהייסן די דינסטן זיי זאָלן זי אויפן בעטל אַריינטראָגן אין פאָדער־שטוב. זי אַליין וויל ריידן מיט ר׳ מאירלען. איר גאַנץ לעבן איינ־געוואוינט זיך צו באַצווינגען, האָט זי אירע אייגענע וואַרימע געפילן צו די חסידים גיך פאַרשטופּט אָן אַ זייט. זי האָט איצט געזוכט בלויז איר מאַנס וואוילזיין. און מיט דער כוונה, אַז ר׳ מאירל זאָל הערן, האָט זי מיט גרויס געריריטקייט געזאָגט:

— ווילנער רב, גיי בשלום! און זיי מצליח. ר׳ עלינקע איז קדוש. און אַלץ וואָס ער טוט איז קדוש.

האָט דער עלוי אַ צערודערטער אָנגעקוקט זיין קראַנקן זיווג. ער האָט זיך זיינע אייגענע אויערן ניט געגלייבט, אַז זי, וואָס האָט די גאַנצע צייט איינגעלייגט וועלטן פאַר די חסידים, רעדט צו אים אַזעלכע רייד. ער האָט זיך דערשראָקן: — אפשר איז ביי איר דער זינען שוין שוואַך. אַז ער האָט דערזען ווי איר פנים שיינט, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זי, די גרויסע חכמה, טוט עס מיט אַ חשבון. האָט ער שוין אַ מוטיקער זיך געלאָזט גיין צום שול־הויף. ער, דער בעל־פּלפּול, האָט זיין גאַנץ לעבן געגאַרט צו ווערן גוט־פריינט מיט ר׳ אליהון, הערן און זאָגן פאַר אים זיינע חידושי־תורה. ער האָט מקנא געווען ר׳ סעדיהן, וואָס רוט אין די דלת־אמות פון גאון.

אַז ער איז אַריינגעקומען אין קלויז, האָט ער זיך דערשפּירט, ווי דער גליקלעכסטער מענטש. ר׳ אליהו, דער איש חסיד, האָט אים אויפ־גענומען מיט גרויס כבוד, ווי דער דין הייסט זיך פירן מיט דעם מרא

דאתרא פון שטאָט. ר׳ אליהו האָט זיך גלייך געשטעלט זאָגן פאַר די סופרים דעם נוסח פון חרם. אַז מען האָט געענדיקט שרייבן, האָט ר׳ אליהו געבעטן אים, דעם רב פון שטאָט, ער זאָל איבערלייענען דעם חרם. און אויב ער האָט וואָס מוסיף צו זיין, אָדער אַרונטערצונעמען, זאָל ער זאָגן זיין דעה.

ר׳ שמאול בן אביגדור האָט מיט התנצלות און עניוות געענטפערט:

— רבי, ווער בין איך און וואָס בין איך, אַז איך זאָל אויסבעסערן אייערע ווערטער. זיי זיינען אַלע געזאָגט מיט רוח־הקודש.

אויך ר׳ סעדיה, וואָס ביז איצט איז ער מיט ר׳ שמואל בן אביגדור ניט געווען קיין שטאַרקע ידידים, האָט מיט פריינטלעכקייט אים געדריקט די האַנט. ביידע האָבן איצט דערזען, אַז זיי האָבן געלעבט אין טעות: ניט ער, דער רב, און ניט ער, ר׳ סעדיה, זוכן כבוד. ר׳ סעדיה האָט ביי איינעם פון די סופרים גענומען אַ גענדזן־פּען און עס מיט יראת־הכבוד צוגעטראָגן צום רב, ער זאָל אונטערשרייבן אויפן חרם. ר׳ אליהו האָט זיך אָבער אָנגערופן און געזאָגט:

— דער רב און די דיינים וועלן זיך חתמענען אויף דער בימה אין דער גרויסער שול, נאָכן אויסרופן דעם חרם.

ר׳ סעדיה האָט געשאָקלט אין הסכמה מיטן קאָפּ. ער איז צוגע־גאַנגען צום פענצטער און אַרויסגעקוקט אין דרויסן ווי אין אַ שבת פאַרנאַכט, ווען מען וויל זען צי די שטערן זיינען שוין אַרויס און מען מעג זיך שוין שטעלן דאַווענען מעריב. ער האָט זיך ווידער געוענדט צום גאון און ער האָט געזאָגט:

— רבי, די זון איז שוין פאַרגאַנגען צו מערב־זייט. אויב דעם רבין איז ניחא, — קען מען שוין זיך קלייבן גיין אין שול אויסצורופן דעם חרם.

דער גאון האָט שווייגנדיק אַ וויג געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ, און ר׳ סעדיה האָט גלייך געשיקט זאָגן דעם שמש אין דער גרויסער שול, אַז מען זאָל נעמען בלאָזן שופר.

דער גאַנצער שול־הויף האָט זיך צעשאַלט. אין די אַלע קלויזן, ניט צום ציילן, האָבן די שמשים אָנגעהויבן צו בלאָזן מיט זייערע שופ־רות. די ערד האָט אַזש געציטערט, און די ווענט פון די קלויזען האָבן זיך געטרייסלט.

אין אַלע פענצטער האָבן זיך גענומען צינדן ליכט. כהרף עין איז ניט געווען קיין הענג־לייכטער אין קיין געזימס, וואו עס האָבן ניט גע־פלאַמט קיין ליכט. אויך די מענער און ווייבער, פון דער גרויסער שטאָט זיינען געשטאַנען אויפן שול־הויף, אַלע מיט ליכט אין זייערע הענט. עס איז געווען אַ כמורנער פאַרנאַכט. דער הימל אַ פאַרחושכטער. אָבער דער ווינט האָט ניט געהאַט די העזה אַרויסצוגיין און צו לעשן די ליכט. האָבן זיי, די טויזנטער און טויזנטער ליכט, געברענט מיט זייער גאַנצער העלקייט. זיי האָבן דעם גאַנצן שול־הויף פאַרטרונקען מיט ליכ־טיקייט. עס איז געווען ליכטיקער ווי אין העלסטן טאָג.

דער בית־הרב אַ צוויי־גאָרנדיקע שטוב, האָט זיך געגרויסט אויף דער אַנדער זייט פון שול־הויף. האָט זי, די קראַנקע רביצין, באַלד דער־הערט דאָס בלאָזן פון די שופרות. איר טונקעלער צימער איז געוואָרן באַלויכטן ווי אין מיטן טאָג. האָט זי געבעטן די דינסטן זיי זאָלן איר אַרויפטראָגן אויפן אויבערשטן באַלקאָן. זיי האָבן דעם פאַרלאַנג פון זייער קראַנקער באַלעבאָסטע באַלד דערפילט. זיי האָבן איר אַהין אַרויפ־געטראָגן, כאָטש עס איז זיי געפאַלן שווער צו הייבן דאָס בעטל איבער די הויכע שטיגן.

דער גאַנצער שול־הויף האָט זיך פאַר אירע אויגן צעשפרייט. זי איז אין קאַלטן דרויסן געלעגן אויפן בעטל, און אַ פאַרגאַפטע געקוקט. זי האָט ניט געשפּירט, אַז דער האַרבסטיקער אָוונט גריזשעט זיך איין ווי מיט שאַרפע נעגל פון אַ חיה אין אירע קראַנקעביינער. זי, די אָפּ־שטאַרבנדיקע פרוי, וואָס האָט קוים געצויגן איר אָטעם, האָט פאַר באַ־גייסטערונג געיובלט אויפן הויכן קול. זי, וואָס האָט שוין וואָכן־לאַנג ניט געקענט זיך רירן, האָט פלוצים זיך געטאָן אַ הייב פון איר געלעגער, ווי זי וואָלט געוועזן געזונט און שטאַרק. זי האָט דערזען ווי פון די טרעפּ פון גאונס קלויז שפּאַנט אַרונטער ר' עלינקע איינגעהילט אין טלית און תפילין, און ביי זיין רעכטער האַנט גייט ער, איר עילוי . . . ערשט הינ־טער זייביידן, נאָך ר' עלינקען מיט איר שמואל בן אביגדורן, גייען די זעקס ווילנער דיינים, און ערשט נאָך זיי שפּאַנען ר' סעדיה מיט דעם גאונס תלמידים.

זי איז געוועזן געוואַלדיק נייגעריק צו הערן ווי מען רופט אויס דעם חרם, כאָטש זי האָט שוין געזען, וואָס זי האָט איר גאַנץ לעבן געגאַרט צו זען, אַז איר עלוי זאָל גיין האַנט ביי האַנט מיט ר' עלינקען. זי ווייסט שוין איצט אויף זיכער, אַז קיינער וועט מער ניט וואַגן צו קריגן אויף איר רב. ער וועט שוין איצט רואיק און זיכער קענען פירן זיין רבנות. וויבאַלד, אַז ר' עלינקע האַלט שוין ר' שמואל בן אביגדורן פאַר דעם מרא דאתרא פון ווילנע, טאָ ווער וועט האָבן די העזה צו זאָגן, אַז ער, דער עילוי, איז ניט ראוי צו זיין רב.

דער קאַלטער פאַרנאַכט, די שרעק, די התלהבות, האָבן פון איר, דער קראַנקער פרוי, אויסגעזויגן די לעצטע ביסל כוחות. זי איז פלוצים געפאַלן אין חלשות. די דינסטן זיינען, צעשראָקענע, צוגעלאָפן צו איר, זייער באַלעבאָסטע; זיי האָבן מיט זייערע געוויינען זי אויפגעטשוכעט. זי האָט געעפנט די אויגן. זי האָט שטום, מיטן פינגער, געוויזן, אַז זיי זאָלן זי צוריק אַרונטערטראָגן אין שטוב.

אין דער וואַרימער שטוב האָט זיך צוריק אין אירע באַקן צעבליט אַ ראָזיקייט. זי האָט געבעטן מען זאָל איר דערלאַנגען אַ שפּיגעלע. זי האָט זיך אין אים איינגעקוקט און אַ יאושדיקע אים צוריק אַוועקגעלייגט. ווי געזאָגט: — איך וועל עס שוין מער ניט דאַרפן. זי האָט געבעטן די

עלטערע דינסט זי זאָל זיך אַרונטערבויגן צו איר און קוים שעפּטשנדיק האָט זי צו איר געזאָגט:

— קיינמאָל איז דער רב ניט געווען אַזוי פאַרנומען ווי היינט אָוונט. ער, מיט ר׳ עלינקען, לאָזן דאָך איצט אַרויס אַ חרם. בעט איך אייך, אַז וואָס עס זאָל מיט מיר ניט געשען, זאָלט איר עס האַלטן בסוד, ביז דער רב וועט צוריק קומען...

ר׳ שמואל בן אביגדור האָט, ערשט איצט, שפּאַנענדיק ביי דער רעכטער זייט פון ר׳ אליהון, דערזען די גרויסע חכמה און גינציקייט פון זיין ליבן זיווג. אַלע קוקן אויף אים מיט יראת־הכבוד, אפילו ר׳ בצלאל, דער פּרנס, וואָס האָט אַזוי האַפּטיק געפּירט קעגן אים די מחלקה, איז צו אים צוגעגאַנגען און מיט הכנעה געזאָגט:

— שלום־עליכם אייך, אונדזער רב!

ער, שמואל בן אביגדור, שטייט דאָס ערשטע מאָל מיט אַזאַ זי־כערקייט אויף דער גרויסער שטאָט־בימה, צום ערשטן מאָל, שפּירט ער, אַז ער איז דער מרא דאתרא פון ירושלים דליטע. ער וועט דאָ שוין אויף זיין כסא־הרבנות זיצן אין רואיקייט ביז זיינע הונדערט און צוואַנציק יאָר. זוכט ער איצט אַרום, מיט די אויגן, זיינע אַלטע ידידים, ר׳ חיים פּאָקראָ־יער דעם שטאָט־מגיד, און דעם אויבער־שמש, שלמה בן יעקב, דעם גרויסן למדן, וואָס האָט צו זאָגן איבער אַלע שמשים. איידער אַ קלויז נעמט אויף אַ נייעם שמש, מוז יענער זיך גיין ביי שלמה בן יעקבן, פאַר־הערן, צי ער פאַרשטייט פּירוש המילות און צי ער קען דאַוונעןביים עמוד. ער איז שטאַרק מדקדק. יענער דאַרף דאָך זיין אַ שמש בקודש. אַז עס קומט אָבער צו אים אַן ערלעכער, פרומער ייד, וואָס נייטיקט זיך אין פּרנסה, ער איז אָבער ניט ראוי צו זיין אַ שמש, זעצט עד, שלמה בן יעקב, זיך קנעלן מיט יענעם אַן שכר.

בחינם זוכט דער רב, ר׳ חיים פּאָקראָיער, דעם שטאָט־מגיד, און ר׳ שלמה בן יעקב, זיינע ביידע ידידים זיינען ניט געקומען אין שול. דער רב ווערט אומעטיק. ער פאַרשטייט, אַז זיי זיינען געבליבן מיט די חסי־דים. און ער, ר׳ שמואל בן אביגדור, גייט דאָס איצט אונטערשרייבן אויף זיי, זיינע ידידים, אַ חרם... ער קען זיך אָבער ניט העלפן. זיי ווייסן דאָך, אַז ער האָט זיך קיינמאָל ניט באַקערט צו חסידות, כאָטש ער האָט זיך געהאַט געבויגן צו זייער צד. ער האָט זיי אָבער אָפּן געזאָגט, אַז ער גלייבט ניט אין דער חסידישער שיטה. און מיט ר׳ אליהון איז די גערעכטיקייט.

ר׳ סעדיה האָט ניט געוואוסט, אַז דער אויבער־שמש, ר׳ שלמה בן יעקב, האָט די גאַנצע צייט בסוד געהאַלטן מיט די חסידים. האָט אויך ער אים אַרומגעזוכט. ר׳ סעדיה האָט באַגערט, אַז דער אויבער־שמש זאָל ליי־ענען דעם חרם, ווייל ער האָט געהאַט אַ קלאָרע און הויכע שטים. האָט ר׳ סעדיה פון דער בימה עטלעכע מאָל אויסגערופן:

— יעמוד, ר׳ שלמה בן יעקב!

עס איז אָבער ניט געקומען קיין ענטפער. האָט דער גאון געזאָגט מען זאָל מער ניט וואַרטן. מען זאָל זיך תיכף שטעלן אויסרופן דעם חרם...

האָט ר׳ סעדיה אויף זיך אַליין גענומען די שליחות. די שמשים האָבן ווידער גענומען בלאָזן מיט די שופרות, נאָך אימהדיקער ווי פריער. דער רב און די דיינים האָבן אַריבערגעצויגן די טליתים איבערן קאָפּ. דער גבאי־ראשון פון שול האָט געעפנט דעם אָרון־קודש און מיט פּחד און ציטער האָט ר׳ סעדיה גענומען לייענען דעם חרם. ער האָט אויפגעהויבן זיין שטים זייער הויך. זיין קול האָט זיך דורך די פענצטער צעטראָגן איבערן גאַנצן שול־הויף, און ווי דורך אַ נס, איז אפילו קיין איין זילבע ניט געגאַנגען פאַרלוירן.

ר׳ אליהו איז געשטאַנען אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער הויך. זיינע אויגן האָבן געשיינט מיט קדושהדיקער ליכט. ער האָט אויסגעזען ווי אַ מלאך־צבאות, וואָס גייט שטרייטן דעם שטרייט פון בורא... פאַרן כבוד פון דער הייליקער תורה. ער האָט מיט כוונה און פאַרכט זיך ציגעהאָרכט ווי זיין תלמיד, ר׳ סעדיה, לייענט דעם חרם פון דעם פאַרמענט־בויגן:

„פון אַלע ברעגן פון דער וועלט האָבן מיר דערהערט אַ געזאַנג! אַ שטים פון אַ גערודער. עס קלינגט ווי אַ גרויסער גלאָק. עס ווערט דער־הערט אין אַלע גרעניץ־שטעט, וואו עס וואַכט דער יידישער חייל, די פאַר־בלאָנדזשעטע שעפּס.

„עס איז אויפגעשטאַנען אַ כתה, וואָס רופן זיך חסידים, מענטשן אָן אַ נאָמען. זיי זיינען בלויז חכמים אויף צו טאָן שלעכטס, אָבער זיי ווייסן ניט ווי צו טאָן גוטס. זיי גייען ניט אויפן גלייכן וועג. זיי פאַרציען זייערע תפי־לות ביזן האַלבן טאָג. זיי פאַרענדערן די מנהגים פון אונדזערע הייליקע עלטערן ז״ל. זייערע וועגן זיינען פאַרבאָרגן און פאַרהוילן פון גאָט און זיי פירן זיך ניט לויט זיין משפט.

„זיי קערן זיך אויף זייטיקע און אויף ווייטע וועגן. זיי קליגן זיך, ווי צו פאַנגען מיט זייערע גלאַטע צינגער אומשולדיקע נפשות... זיי גיבן עצות ווי זיך צו פירן און זיי פאַרנעמען זיך מיט שפּרוכן און כישוף... זיי־ערע רביים שעפּטשענען רייד, וואָס זיי אַליין פאַרשטייען ניט. זיי פאַרשטעלן זיך פאַר צדיקים און זיי גייען אין אומפאַרשטענדלעכע וועגן. דורך זייער כישופדיקן צויבער, זיינען אַ סך, גאָר אַ סך, אומשולדיקע מענטשן, געפאַלן ווי סאָלדאַטן אויפן שלאַכט. זיי זיינע געוואָרן דערשלאָגן פון זייערע גאווה־דיקע טריט.

„דורך זייערע מעשים איז פאַרגיפטעט געוואָרן דער באַפרוכטעטער יידישער גאָרטן. די קרייטיכער זיינען געוואָרן ביטער ווי ווערים־קרויט. בלויז דאָס אומרעכט וואַקסט!

„זיי, די לייט, וואָס האָבן זיך אַליין געגעבן אַזאַ הייליקן נאָמען, זיי רופן זיך די חסידים, האָבן געבראַכט צו דעם גרעסטן חילול־השם. צוליב זיי איז פאַרשוועכט געוואָרן דער כבוד פון דער תורה און אירע לערנער. צו אונד־זער גרויסער חרפה האָט זיך די תורה איינגעהילט אין טרויער. זי האָט

אָנגעטאָן אַ זאַק, וואָס זייער פיל פון אירע לערנער האָבן זיך פון איר אָפּ־געקערט און זיי זיינען אַוועק לויט די גלוסטן פון זייערע זינדיקע הערצער. זיי טוען מיט פרייד דעם רצון פון זייער פאַרפירערישן רבין און פאַלשן וועג־ווייזער. זייער רבי און זיינע מקורבים ציען זיך צו אַ פאַלשן באַרג. זיי קערן זיך אָפּ פון גוטס און שטראַמען צו פאַרדאָרבנקייט. זיי שפּרייטן אויס, מיט כלומרשטער פרומקייט, זייערע הענט צום הימל. זיי פּאַטשן מיט די הענט און וויינען, אָבער עס איז אַ פאַלשער געוויין. זיי טוען אָפּ אַלער־ליי פאַראומווירדיגונגען, און פאַרגיטיקן עס מיט פדיונימלעך, וואָס מען האַלט אין איין טראָגן צו זייער רבין. פריער איז ער געווען אַ פּוסטער ליי־דיקער זאַק, און היינט איז דאָס אויסגעפּאַשעט.

„ אין גאָרטן פון אונדזער הייליקער תורה זיינען אַריינגעדרונגען פרעמדע לייט. זיי האָבן דאָרטן אַלץ פאַרשוועכט. די קרעיץ און די פלאָג האָבן אויף אונדזער פאָלק זיך באַדייטנדיק פאַרמערט. טאָ זאָל יעדער איינ־ציקער פון אונדז, וואָס האָט נאָך גאָט אין זיין האַרצן, זיך קעגן זיי אַנטקע־גנשטעלן און איינמאָנען פון זיי מיט דער פולער מאָס קנאת ה׳ צבאות.

„גורט אָן אייערע לענדן. טוט איינער דעם צווייטן דערמונטערן און שטאַרקן. איר שטרייט דאָך פאַרן כבוד פון גאָט און זיין פאָלק ישראל. קוקט זיך צו, צו דעם חילול־השם. עס איז דאָך בעוונותינו הרבים, פאַר־שוועכט געוואָרן גאָטס נאָמען! טאָ נידערט אַראָפּ אין דעם טאָל פון יהושפט. דערטיפט זיך לעומקא דדינא און רייסט אַרויס די קראָפּיווע און שטעכעדיקע דערנער פון גאָטס הייליקן גאָרטן.

„יידישע קינדער! פאַריאָגט זיי מיט כעס און שנאה.

„וואו נאָר זיי זאָלן זיך געפינען ראָטעט זיי אויס, און רייסט זיי אויס מיט די וואָרצלען, עס זאָל פון זיי קיין געדעכעניש ניט בלייבן, ווי דער דין הייסט זיך פירן ביים אויסוואָרצלען — „עבודה זרה״.

„יידישע קינדער! שטייט צו צו די באַוואָפנטע זעלנער, וואָס זיינען איצט אַרויס מלחמה צו האַלטן גאָטס קריג. הערט ווי עס רלאזן די שופרות. זעט ווי עס ברענען די ליכט. דאָס זיינען די יידישע כלי־זיין. פאָראויס דעם יידישן חייל גייען די פירשטן, פירער און וועגווייזער פון אונדזער גרוי־סער יידישער קהילה. בראש מיטן גרויסן גאון און אמתן חסיד רבינו אליהו, זאָל לעבן. צו אים איז אויך צוגעשטאַנען דער אָב בית־דין און ראש־הישיבה פון אונדזער קהילה, הרב ר׳ שמאול בן הרב ר׳ אביגדור. זיי האָבן באַשלאָסן מחרים צו זיין די כתה, וואָס רופן זיך חסידים.

„יעדער איינער איז מחויב צו פאַרריכטן די צאַמען. וואָס יענע האָבן צעבראָכן. זיי אויפבויען שטאַרק און געדיכט, אַז אפילו קיין איין און איינ־ציקער פון דער פאַרפירערישער כתה, וואָס רופן זיך חסידים, זאָל ניט קע־נען אַריינדרינגען אין אונדזער יידישן גאָרטן. דאָס איז אַ געזינדל, וואָס האַלט אונדז אין איין אַראָפּנידערן. אָבער קיין איינמאָל הייבן זיי אונדז ניט אַרויף.

„דער חרם, וואָס מיר רופן איצט אויס, איז חל אויף אלע שטעט, און

וואו נאָר די לייט טוען זיך געפינען, מאָנט פון זיי נקמה מיט דער זעלביקער ברענענדיקער קנאת ה׳, ווי עס האָבן איינגעמאָנט פנחס, אליהו הנביא און אונדזערע אַנדערע הייליקע נביאים.״

ר׳ סעדיה שטעלט זיך אָפּ אויף קליינער ווײַלע, און מיט שטרענגען אימהדיקן קול הייבט ער אָן אויסצורופן די פּרטים פון דעם חרם:

„טרייבט זיי אַרויס פון יידישן לאַגער! שיידט זיך אָפּ פון זיי און צע־שיידט איינעם פון אַנדערן! די כנופיא פון גאָטס לעסטערער און שונאים פון דער תורה זאָלן מער ניט קענען זיך ווידער באַהעפטן! פאַרשטויסט זיי און פאַרבלאָזט זיי ווי אַ פּלעווע אויפן וואַסער! זאָגט צו זיי: — „אַרויס פון דאַ־נען!״ אָבער איר זאָלט קיינמאָל ניט וואַגן זאָגן: — „קומט אַריין!״ לאָזט זיי ניט צו נאָענט צו זיך! שטייט ניט אין זייערע דלד־אמות! באַלאַנגט ניט צו זייער געמיינדע! עסט ניט פון זייער שחיטה! גייט ניט אויף זייערע בריתן! טוט ניט מיט זיי קיין שידוכים! זייט זיך מיט זיי ניט מתחתן! דאַוונט ניט מיט זייער ספרדישן נוסח!

נאָכן ענדיקן אויסרופן דעם מוראדיקן חרם, האָט ר׳ סעדיה גענומען ביי איינעם פון די סופרים זיין גענדזן־פעדער. ער האָט זי מיט יראת־הכבוד צוגעטראָגן צו זיין רבין, ר׳ אליהון. ער, דער גאון, האָט זיך אַריבער־געבויגן איבער דער בימה און האָט מיט גרויס כוונה זיך געחתמעט אויף דעם חרם.

ר׳ אליהו האָט די פעדער איבערגעגעבן צום רב, ר׳ שמואל בן אביג־דור. ער האָט זיך געחתמעט אונטער דעם גאונס אונטערשריפט. נאָך אים האָבן זיך אויפן חרם אונטערגעשריבן די זעקס דיינים.

ר׳ סעדיה האָט דעם פאַרמעטענעם חרם אויפגעוויקלט ווי אַ מגילה און זי דערלאַנגט צו דעם נייעם ספרא ודיינא פון שטאָט, און ער האָט צו אים געזאָגט:

— שרייבט־איין וואָרט אין וואָרט אין שטאָטיש׳ז „פנקס״, אַלץ, וואָס עס האָט פּאַסירט, עס זאָל בלייבן לזכרון־עולם.

ר׳ סעדיה האָט געהייסן דעם שמש ער זאָל ווידער בלאָזן די שופרות, און דער גאון, אַרומגערינגלט מיט זיינע תלמידים, איז צוריקגעגאַנגען צו זיך אין קלויז.

די שמשים האָבן איבער גאַנצן שול־הויף צעשטעלט טישלעך, און די פרושים האָבן אויף זיי און אויף די טרעפּ פון די קלויזן מסביר געווען פאַרן עולם דעם באַדייט פון אַ חרם. ווי האַרב מען ווערט באַשטראָפט אויף דער וועלט און יענער וועלט, און ווײ איז צו יענעם, וואָס איז עובר אויפן חרם...

דער עולם האָט געהערט, און געציטערט פון שרעק...



# קאַפּיטל כד


ין יענער צייט, ווען ר׳ אליהו האָט אויסגע־רופן דעם חרם אויף די חסידים, איז ער שוין געווען באַוואוסט און באַרופן אין די ווייטסטע מדינות, וואו נאָר יידן האָבן אויפגעשטעלט זייערע געצעלטן.

אַלע, אַלע האָבן אים געהאַלטן פאַרן גרעסטן גאון אין זיין דור און אויך אין די פריערדיקע דורות. ער איז געווען געקרוינט פאַר דעם ראש פון כל בני הגולה. די גרעסטע לומדים האָבן זיך צו אים געבויגן און מיט יראת הכבוד זיך צוגעהערט צו זיינע ווערטער. אין ר׳ אליהוס דור איז געווען אַ מזל ברכה אויף גרויסע לייט. זיי האָבן אויפגעטאָן גאָר גרויסע זאַכן אין דער תורה. זיי האָבן געמאַכט תוכיקע פירושים אויף קדמונימדיקע מפרשים און פירושים אויף דער גמרא. זיי זיינען געווען מענטשן מיט פעסטע דעות און זיינען פון קיינעם ניט אַריינגעפאַלן אין התפעלות. איידער זיי האָבן צוגעגעבן, אַז דער, צי יענער רב, איז אַ שטיקל למדן, האָבן זיי פריער דורכגעזיפּט זיינע חידושי תורה אויף כלערליי אופנים. זיי האָבן זיך גע־האַלטן ביי דער שטרענגער הנחה: „פּונקט ווי עס איז אַן עבירה ניט צו דער־צאָלן, איז נאָך אַ גרעסערע עבירה איבערצוצאָלן.״

זיי, די מדקדקים, זיינען לגבי ר׳ אליהון לכתחילה זיך אויך באַגאַנגען מיט דער זעלביקער שטרענגער מידה. זיי האָבן ניט געוואָלט אָננעמען זיין תורה. זיי האָבן, ווי בייזע וועלף, זיך געוואָרפן צו פאַרצוקן זיינע חידושים און ביאורים און געזוכט אים אינגאַנצן מבטל זיין. זיי האָבן אָבער דערזען, אַז יעדער וואָרט זיינער איז ווי פון שטיין אויסגעקריצט — עס איז אומ־מעגלעך פון אָרט צו רירן. ר׳ אליהו דרשנט ניט בלויז לשם דרשנען, צו ווייזן דער וועלט, אַז ער האָט אויף זיך אַ גאונישן קאָפּ, נאָר זיינע רייד זיינען געציילט און געוואויגן און טייערער ווי די טייערסטע פערל. ער האָלט זיך אין איין טויכן אין די טיפסטע גרונטן פון דעם תורה־ים און דאָרטן פאַנגט ער די פערל.

האָבן זיי שוין ר׳ אליהוס יעדן אויסטייטש, יעדן דין און ביאור, אָנ־גענומען, ווי עס וואָלט געווען אַ הלכה פון באַרג סיני. זיי האָבן שוין אַפילו ניט געפּרואווט אים אָפּצופרעגן. זיי האָבן זיך בלויז געמיט צו פאַרשטיין ר׳ אליהוס טעמים. זיי האָבן געזוכט צו דערגיין אויף וועלכן פסוק ער, דער גאון הגאונים, האָט זיך סומך געווען און פאַרוואָס ער טייטשט אַנדערש אויס די משנה.

זיי, וואָס האָבן זיך ניט געשראָקן צו קריגן און זיך בייזערן אַפילו אויף די ראשונים. גאַנץ אָפט האָבן זיי אַנדערש אויסגעטייטשט די דינים. אַז עס איז אָבער זיי אויסגעקומען צו פסקנען אַ דין, וואָס איז געווען

ניט אין הסכם מיט ר׳ אליהוס דעה, האָבן זיי זיך, מיט ציטער און פּחד, פאַרענטפערט, און צוגעשריבן מיט התנצלות אַ הנחה:

„ווער בין איך און וואָס בין איך, אַז איך זאָל מסביר זיין אַ דין קעגן דער דעה פון רבינו אליהו? איך בין דאָך אַנטקעגן אים, דעם ריז צווישן די ריזן, בטל ומבוטל. מען מעג זיך דאָך אויף אים סומך זיין, אַפילו ווען ער טייטשט אַנדערש אַן איסור מדאורייתא. איך וואָלט מיין סברא אַפילו אויף מיינע ליפּן ניט אַרויפגעבראַכט. אָבער מיין ליבשאַפט צום אמת האָט מיך צו דעם געשטויסן. מיין האַרץ קלאַפּט אָבער פון פּחד״.

אַפילו דער קריגער, ר׳ יעקב עמדין, האָט זיך צו אים געגוויגט מיט כבוד, ווי אַ תּלמיד פאַר זיין רבין. ער פלעגט, פון פּחד, אַזש אויפ־ציטערן, ווען ער האָט דערמאָנט ר׳ אליהוס נאָמען. און גערופן האָט ער אים בלויז ביים טיטל: „דער גאון״, כדי מיט דעם צו געבן צו וויסן, אַז ער, ר׳ יעקב עמדין האָלט, אַז בלויז ר׳ אליהו איז ראוי צו ווערן גערופן גאון.

זיין, דעם עמדינערס טאַטע, דער ווילנער „חכם־צבי״, וואָס האָט געטראָגן דעם טיטל הרב הגאון, האָט מיט די אייגענע אויגן געהאַט צו־געזען, ווי די „שבתי־צבי״־לייט האָבן פאַרפירט אַזוי פיל יידן מיט זייער פאַלשער משיחישער האָפענונג, און פון יאוש זיינען נאָך זייער מפּלה אַ סך אומשולדיקע יידן געטריבן געוואָרן צו שמד. ער, דער „חכם־צבי״, האָט דאָס נאָך פריער פאָרויסגעזען, האָט ער, מיט מסירת נפש, געשטריטן קעגן די לייט. ער האָט זיך מיט זיינע אַלע כחות פאַרלייגט אויסצוראָטן זיי מיט די וואָרצלען. ער האָט זיי אויפגעזוכט אין די טיפסטע פאַרבאָהעל־טענישן. ער האָט זיך אויף זייערע שמד־שטיק גוט געקענט. ער האָט זייערע פּנימער אויפגעדעקט, ווען זיי זיינען אַפילו געווען פאַרהילט אין הונדער־טער שלייערן. ער האָט זיי אַזוי שטאַרק פיינט געהאַט, אַז ער האָט שוין דורך די ווייטאָגן אין זיינע ביינער דערשפּירט אַ „שבתי־צביניק״. זיין גאַנץ לעבן איז דער „חכם־צבי״ געווען אין הוילער מורא, אַז אָט־אָט שטייען יענע לייט אויף איבעראַנייעס. זיין זון, ר׳ יעקב עמדין, האָט אָט די שרעק געירשנט פון אים, זיין טאַטן. אַז ער, דער עמדינער, האָט געהערט, אַז עמעצער פאַרנעמט זיך מיט „נסתר״, איז שוין ביי אים ניט געווען קיין ספק, אַז יענער איז אוודאי אַ „שבתי־צביניק״.

אין דער טבע איז דער עמדינער, דער שאַרפער קאָפּ, געווען אַ פריד־לעכער מענטש. זיין באַגער איז נאָר געווען צו זיצן אין רואיקייט און לערנען תורה, און ניט מבטל זיין קיין צייט אויף קהלשע ענינים. האָט ער זיך אַליין אָפּגעזאָגט פון דער עמדינער רבנות. זיין געירשנטע שרעק פאַר די „שבתי־צביניקעס״ האָט אים אָבער ניט געלאָזט רוען. האָט ער איבערגענומען זיין טאַטנס שטרייט. אַז ער האָט זיך דערוואוסט, אַז דער חקרן און בעל־מוסר ר׳ משה חיים לוצאַטו פאַרנעמט זיך מיט נסתרות, און זיינע תלמידים דערציילן, אַז צו אים, זייער רבין, קומען מגידים פון הימל און זיי זיינען אים מגלה סודות, איז ר׳ יעקב עמדין אַרויס קעגן אים אין קריג און גע־רופן מען זאָל דעם בעל־מוסר אַריינלייגן אין חרם. ער האָט רודף געווען

לוצאַטון מיט זיין גאַנצן שאַרפן אימפעט. יענער האָט געמוזט אַנטלויפן פון זיין היים און לאַנד.

ר׳ יעקב עמדין האָט אַזוי שטאַרק פיינט געהאַט די בעלי־קבלה, אַז ער האָט אַפילו גענומען לייקענען אין „זוהר". ער האָט מיט שכלדיקע ראיות באַוויזן, אַז דער „זוהר" איז ניט די רייד פון דעם תנא, ר׳ שמעון בן יוחאי. עס איז אַ פעלשונג פון דעם בעל־מקובל, ר׳ משה דעליאָן. ער, דער עמדינער, איז געווען ר׳ יהונתן אייבשיצערס אַ ידיד. זיי האָבן זיך איינער מיטן אַנדערן געשאלהט־ותשובהט. אָבער — ווען ער, דער עמדינער, האָט זיך דערוואוסט, אַז ר׳ יהונתן אייבשיץ טיילט אויס קמיעות, איז ער אויך קעגן אים, זיין גוטן פריינט, אַרויס אין קריג. ער האָט דווקא געוואָלט, אַז מען זאָל דעם אייבשיצער אַריינלייגן אין חרם. ער איז ביי זיך זיכער געווען, אַז ר׳ יהונתן איז אַ פאַרבאַהאַלטענער „שבתי־צביניק".

ר׳ יעקב עמדין, דער מענטש פון אמת, האָט קיינעם נישט געשוינט. ווען ער האָט געזען ערגעץ־וואו פאַלשקייט, האָט ער עס באַלד אויפגעדעקט. ער האָט זיך אַפילו ניט אָפּגעשראָקן צו זאָגן, אַז דער פירוש אויף „אָבות" איז ניט געשריבן פון רש״י הקדוש. אָבער אויף ר׳ אליהון האָט ער קיין שלעכט וואָרט ניט געלאָזט פאַלן. ער איז געווען אין הוילער התפעלות פון זיין גאונשאַפט. ער האָט זיך ניט געקענט אָפּלויבן פון אים, דעם גרויסן גאון. האָט עס אים שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס ר׳ אליהו מאַכט אַזאַ פאַראַד פון לוצאַטון און זיין „מסילת־ישרים".

אין סאַמע ברען פון זיין מחלקה אויף דעם אייבשיצער, האָט ר׳ יעקב עמדין זיך דערוואוסט, אַז ר׳ אליהו האָט גאָר געשריבן צו ר׳ יהונתנען, אַז ער זעט ניט קיין שום שלעכטס אין זיינע „קמיעות", און זיי זיינען אַלע געשריבן על פי דרך התורה. דעם אייבשיצערס מקורבים האָבן אים, דעם עמדינער, געשטאָכן די אויגן מיט דעם גאונס הסכמה. ער האָט געהאַט פון דעם גרויס צער. ער האָט אָבער דאָך ניט געלאָזט פאַלן קיין שלעכט וואָרט אויף ר׳ אליהון, און צו מאַכן זיך גערעכט, האָט ער געזאָגט:

— די הסכמה איז אַ געפעלשטע. דעם גאונס הייליקע האַנט האָט דאָס ניט געשריבן. עס איז ניט זיין פערלדיקער נוסח. דאָס איז די אַרבעט פון איינעם פון זיינע תלמידים. יענער האָט מסתמא ניט געכאַפּט די פּנימיות, וואָס זיין רבי, דער גאון, האָט צו אים געזאָגט.

ר׳ יעקב עמדין, דער ערלעכער מענטש, האָט ניט געהאַט קיין אייגענע פניות. ער האָט ניט געשטריטן פאַר זיין אייגענעם כבוד. זיין יעדער קען און ווענד איז געווען בלויז לשם שמים. מיט זיין גאַנצער אַריינגעטאָנענקייט אין דער מחלקה מיטן אייבשיצער — האָט ער פלוצים דערזען, אַז עס רוקט זיך אָן אַ נייע געפאַר: דער פילאָזאָף משה דעסויער פאַר־פירט יידן אויף דעם גויאישן שליאַך... ער איז גאָר געוואָרן ביי יידן דער מורה־דרך. צו אים, דעם האָרבאַטן מענטשל, האָרכן זיך צו אַלע מיט יראת הכבוד, און איז געוואָרן ביי יידן דער פוסק אחרון. וואָרפט ער זיך

מיט זיין גאַנצער שאַרפקייט אויף משה דעסויערן. ער טאַדלט ניט אַזוי אים, ווי די, וואָס גייען אויף זיינע וועגן. ער שטורמט אַזש, און זאָגט:

— עס איז מיר נישט קשה, וואָס יידן האָבן זיך געלאָזט פאַרפירן פון ר׳ משה חיים לוצאַטון און ר׳ יהונתן אייבשיץ. מיט זייערע אַלע חסרונות — זיינען זיי דאָך ביידע גרויסע לייט אין דער תורה, מענטשן מיט גאונישע קעפּ. אָבער אַזאַ קלוג פאָלק, ווי יידן, זאָל אַריינפאַלן אין התפּעלות פון דער נאַרישער פילאָזאָפיע, וואָס עס חקירהט עפּעס אַ האָרבאַטער מענטשל?! נאָך גרעסער איז מיר דער חידוש, וואָס אונדזערע לומדים, קליגער ווי דער דע־סויער, ניט בלויז אין דער תורה, נאָר אויך אין חכמה, קענען אים ניט מנצח זיין. עמדין איז ביי זיך זיכער, אַז ער, דער שאַרפער קאָפּ, דער איש מלחמה, וועט פאַרטרייבן דעם דעסויער. צו זיין גרויס צער זעט ער, אַז אויך ער איז ניט מצליח. לייגט דער עמדינער זיין גאַנצע האָפענונג אויף ר׳ אליהון, אַז ער, וואָס האָט צוריק אומגעקערט די קרוין צו דער תורה אין ליטע און רייסען, וועט אויך דאָ, אין דער פרעמדער מדינה, פאַרהאַלטן דעם נייעם גויאישן שטראָם. דעם עמדינערס האָפענונג האַלט זיך אין איין הייבן. ר׳ אליהוס גרויסער נאָמען האַלט זיך אין איין צעשפּרייטן. אויך אין די דייטשע מדינות קאָן מען זיך פון אים ניט אָפּוואונדערן. מען האַלט זיך דאָ אין איין דערציילן נפלאות פון זיין גאונות און חכמה.

אויך צו משה דעסויערן האָט זיך שוין דערטראָגן, אַז אין דעם קליי־נעם ליטע־לאַנד איז אויפגעשטאַנען אַ וואונדערלעכער מאַן, וואָס פאַר דעם מענטשלעכן מוח איז גאָר ניט צו באַנעמען זיין גאונות. און ביי אַלעמען, רייך אָדער אָרעם, למדן צי עם־הארץ, אַלט אָדער יונג, מאַן צי פרוי — איז זיין וואָרט הייליקער ווי הייליק. קיינער פרעגט אים ניט אָפּ און קיינער קריגט ניט אויף אים. משה דעסויער האָט ניט געוואוסט, צי ער זאָל עס באַ־דויערן, צי ער זאָל זיך מיט דעם פרייען. אים איז ניט געווען קלאָר דער מהות פון דעם ר׳ אליהו ווילנער . . . אייניקע זאָגן, אַז ער איז אַ פאַר־ביסענער קנאי, ער האָט פיינט בתכלית השנאה די חכמות פון די אומות העולם און שפּאָט פון פילאָזאָפיע, און אַנדערע האָבן אים גאָר געזאָגט, אַז ר׳ אליהו ווילנער איז אַ גאון ניט בלויז אין דער תורה, נאָר אויך אין אַלע חכמות, און ער שעצט זייער און זייער פילאָזאָפן.

איין אָוונט זיינען ביי אים, משה דעסויער, געווען פאַרזאַמלט זיינע תלמידים און פאַרערער. ער, זייער רבי, איז זיך, ווי תמיד, געזעסן אין זיין היוכן און ברייטן פאָטער־שטול, אַ קונציק־אויסגעשניצטער, מען זאָל ניט קענען דערזען, אַז ער איז אויך געשטראָפט מיט אַ הינטערשטן האָרב. ער האָט גרויס הנאה צו רויכערן אַ ליולקע — און דווקא אַ לאַנגע, וואָס הענגט אַראָפּ ווי אַ הענגלייכטער. ער, דער קלוגער מאַן, האָט געוואוסט, אַז ער, אַ קאַרליקל וועט אויסזען שפּאָטיש מיט דעם לאַנגן ציבעק, וואָס דערגרייכט אים ביז איבער זיינע קני. האָט ער גערויכערט דעם לאַנגן ציבעק, ווען קיינער האָט ניט געזען... פאַר מענטשן אין די אויגן האָט ער גערויכערט פון דער פאָרצעלייענער טערקישער ליולקע, וואָס איז, ווי

אַ וואַזע פון בלומען, גשטאַנען אויפן מיטן טיש, אַן אָנגעשטאָפּטע מיט טאַבאַק, מיט אַ גאַנצן טוץ גומענע קישקעלעך... האָט ער, דער דעסויער, צוזאַמען מיט די געסט, געצויגן דעם רויך און זיך צוגעהערט ווי זיינע פאַר־ערערס פירן אַ וויכוח וועגן קאַנטס פילאָזאָפיע.

פּלוצים זיינען זיי אַריבער אויף אַ שמועס וועגן דעם ווילנער גאון. איינער פון זיינע תלמידים, שלמה הערץ, האָט זיך געהאַט באַגעגנט מיט אַ יידן פון דער ליטע, און יענער האָט זיך אָנדערציילט גרויס וואונדער פון דעם ר׳ עליאַען.

משה דעסויער האָט ביי זיך אין האַרצן אָפּגעלאַכט פון די אַלע פליאה־דיקע מעשיות. ער האָט געטראַכט: אליהו דער ווילנער איז מסתמא ניט מער ווי אַ בטלן, אַ צעדרייטער פּלפּול־קאָפּ... האָט ער זיך בייזלעך אָנגערופן צו שלמה הערצן:

— אויב איר זענט אַזוי נייגעריק, טאָ פאָרט צו קיין ווילנע און פאַרפירט אַ שמועס מיט עליאַען.

שלמה הערץ האָט זיך היציק אַ כאַפּ געטאָן:

— איך טראַכט טאַקע אונטערצונעמען די נסיעה.

די געסט האָבן זיך הויך צעלאַכט, און צו אים געזאָגט:

— הער הערץ, איר האָט פאַרגעסן, אַז איר זענט אַ גלוח — איר גאָלט אייער באָרד. די אָסט־יידן וועלן דאָך באַלד דערקענען, אַז איר זענט אַן אַפּיקורס. זיי וועלן אייך ניט צולאָזן צו זייער הייליקן עליאַען. און אויב אַפילו יאָ, וועט איר דאָך ניט קענען מיט אים זיך צוזאַמענריידן: איר וועט דאָך ניט פאַרשטיין דעם „זשאַרגאָן" וואָס דער אָסט־יודע רעדט.

שלמה הערץ, וואָס האָט געשטאַמט פון מערב־דייטשלאַנד, האָט גוט געקענט די העברייאישע שפּראַך. ער האָט אויך מחבר געווען אַ העברייאיש ביכל מיט די „שמות הנרדפנים". יינגלוויז, האָט זיין טאַטע, אַ ייד אַן עושר, אים געהאַט אַוועקגעשיקט לערנען קיין איטאַליע צו זיינעם אַ ידיד, וואָס האָט פאַרפאַסט העברייאישע שירים. האָט ר׳ שלמה הערץ זיי רואיק געענטפערט:

— איך וועל צו ר׳ עליאַען ריידן אויף העברייאיש.

די געסט האָבן זיך נאָך העכער צעלאַכט און משה דעסויער האָט צו אים געזאָגט:

— ווי איך זע, זענט איר ניט באַקאַנט מיט די זיטן פון די אָסט־יודן. אַפילו תנ״ך קענען זיי בלויז פון דער גמרא . . . זיי ריידן ניט קיין העב־רייאיש.

הערץ האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן — האָט ער, אַ פאַרשעמ־טער, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.ביים טיש האָט זיך שוין געהאַט צעפלאַכטן אַ נייער שמועס — וועגן לעסינגן און זיין פילאָזאָפישן דרך.

שלמה הערץ איז אָבער געווען אַן עקשן. האָט ער פּלוצים זיך אַ הייב געטאָן פון זיין שטול, און מיט פעסטקייט געזאָגט:

— איך פֿאָר נאָך היינט אָוונט קיין ווילנע. ווינטשט מיר אַ גליק־לעכע רייזע.

משה דעסויער איז געווען אַן ערלעכער מאַן. ער האָט געגלויבט, אַז זיין נייער דרך וועט ראַטעווען יידישקייט. איז ער געווען נייגעריק צו וויסן, ווער ר׳ אליהו איז. האָט ער זיך מיט ישוב הדעת אויפגעהויבן פֿון זיין שטול. ער איז צוגעגאַנגען צו זיין געלט־קאַסע. ער האָט אַרויס־גענומען אַ פּעקל באַנקנאָטן און האָט דאָס דערלאַנגט שלמה הערצן און צו אים געזאָגט:

— פֿאָרט און באַגליקט! איר זאָלט אָבער גוט אויספֿאָרשן דעם ענין. זיך דערוויסן אויף קלאָר, צי דער עליאָע ווילנער איז טאַקע אַזאַ גאון, ווי מען שמועסט, און צי ער איז באַהאַוונט אין פֿילאָזאָפֿיע.

איינער פֿון די געסט, אַ דייטש, הויפּט פּראָפֿעסאָר פֿון אַסטראָנאָמיע אין בערלינער אוניווערזיטעט, וואו מען האָט שוין פֿאַר חדשים לאַנג זיך געמיט צו לייזן אַ פֿאַרפּלאָנטערטע אַסטראָנאָמישע אויפֿגאַבע, און ניט ער און ניט די אַנדערע פּראָפֿעסאָרן האָבן געקענט געפֿינען דעם ריכטיקן ענטפֿער.. איצט, זיצנדיק דאָ ביים טיש, איז אים, דעם וויסנשאַפֿטסמאַן, עס אויך ניט אַרויס פֿון זינען. כאָטש גערעדט האָט ער וועגן אַנדערע זאַכן, האָט ער געקלערט וועגן דער אַסטראָנאָמישער אויפֿגאַבע. אַז דער גויאישער פּראָפֿעסאָר האָט געהערט ריידן וועגן דעם עליאָען, וואָס שיינט צו זיין אַ גרויסער געלערנטער מאַן, האָט ער אַרויסגענומען פֿון זיין טאַש אַ פּאַ־פּיר, וואו די האַרבע אַסטראָנאָמישע אויפֿגאַבע איז געווען פֿאַרשריבן אין צייכענונגען. ער האָט זיך גענומען בעטן ביי שלמה הערצן ער זאָל מיטנעמען די אויפֿגאַבע און עס ווייזן דעם עליאָען. אפשר ווייסט ער די לייזונג.

שלמה הערץ האָט גיריק אַ כאַפּ געטאָן דעם פּאַפּיר. די געסט האָט עס שטאַרק פֿאַרוויילט. זיי האָבן זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן פֿון דער תמימות־דיקייט פֿון דעם דייטשן פּראָפֿעסאָר און די נאַאיווקייט פֿון זייער פֿריינט, שלמה הערצן.

נאָך אין דעם זעלבּיקן אָוונט האָט שלמה הערץ זיך געלאָזט אין וועג. עס איז געווען אַסיעןּ־צייט, זיינען די וועגן געווען בלאָטיקע. עס איז אים אויך שווער געווען דאָס צוזאַמענריידן זיך מיט די אָסט־יידן. זיי האָבן ניט פֿאַרשטאַנען זיין העברייאיש ריידן, האָבן זיי געשפּאָט פֿון אים. זיי האָבן אים אָנגענומען גאָר פֿאַר אַ פֿראַנצויז, ווייל ער איז געגאַנגען געקליידט אין לייכטע קליידער. זיי האָבן אויך ניט געגלייבט, אַז ער איז אַ ייד.

האָט שלמה הערץ זיך גענומען פֿירן ווי אַ פֿרומער ייד. ער האָט זיך געשאָקלט ביים דאַווענען און געהאַלטן פֿאַרגלאָצט די אויגן צום הימל. מען האָט אָבער אַלץ צו אים קיין צוטרוי און מען קוקט אויף אים מיט חשד.

סוף כל סוף האָט אים אָפּגעגליקט. דער פֿורמאַן, וואָס האָט אים גע־פֿירט פֿון אלקעניק קיין ווילנע איז געווען אַ ייד אַ תם, האָט ער אים אָנגע־נומען פֿאַר זייער אַ פֿרומען מאַן. ער האָט אים אָוועקגעפֿירט אין אַ פֿרומער

אכסניא, וואו עס שטייען איין רבנים און „כלי־קודש״־לייט. איז שלמה הערצן איינגעפאַלן זיך אויף פאַרצושטעלן פאַר אַ רב. האָט ער געזאָגט, אַז ער קומט פון איטאַליע. ער איז דער אַב־בית־דין פון פאַדאָווע. און גע־קומען איז ער אַהער, קיין ווילנע, צו זען דעם גאון. ער האָט ביי אים צו פרעגן פיל שווערע שאלות אין עניני הדת, כדי צו וויסן וואָס צו ענטפערן די אַפּיקורסים, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען אין זיין מדינה.

די רבנים אין דער אַכסניא, אַלע אָנגעטאָנענע אין קאַשקעטן, און זייערע בערד — ברייטע און צעפּאַטלטע, האָבן פאַרחידושטע געקוקט אויף אים, דעם רב אין די נכרישע קליידער, און זיינען ניט אַריין מיט אים אין קיין ווייטע שמועסן. זיי איז געפאַלן שווער דאָס ריידן אויף העב־רייאיש.

שלמה הערץ האָט זיך אין דער אַכסניא באַקענט מיט אַ יונגן רב פון אַ קליין שטעטל ביי דער דייטשער גרענעץ. ער האָט פליסיק גערעדט אָסט־פּרייסישן דייטש. דער יונגער רב האָט געהאַט מיטלייד אויף דעם פרעמדן מענטשן, וואָס האָט אָנגעלייגט אַזאַ ווייטן מהלך. האָט ער געזוכט אים צו העלפן. האָט ער אים אָפן געזאָגט:

— אויב אַלץ וואָס איר האָט מיר דערציילט איז אמת, עצה איך אייך: איילט זיך ניט צו גיין צום גאון. לאָזט פריער אייער באָרד אַ ביסל זיך צוואוואַקסן, און שאַפט זיך איין אַנדערע מלבושים. אין די דאָזיגע קליידער קוקט איר אויס ווי אַ נכרי.

שלמה הערץ האָט דערזען, אַז אַפילו זיין נייער פריינט טרויט אים ניט, האָט ער, ביינאַכט, ווען אַלע זיינען שוין געשלאָפן, זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן פופצן בריוו מיט אונטערשריפטן פון פופצן רבנים פון איטאַליע. ער האָט געקענט און געדענקט זייערע נעמען נאָך פון דער צייט, ווען ער האָט געלערנט דקדוק ביים העברייאישן משורר. ער האָט זיי אָבער אַזוי קונציק געשריבן, אַז אויף יעדן בריוו איז די האַנטשריפט ניט געווען ענלעך איינער צום צווייטן. בלויז דער נוסח איז אין אַלע בריוו געווען כמעט דער זעלביקער. אַלע פופצן רבנים האָבן אים, שלמה הערצן, שטאַרק געלויבט פאַר זיין פרומקייט און גערופן אים מיטן טיטל: „הרב מפּאַדאָווע״, דער מחבר פון ספר „שמות הנרדפים״.

שלמה הערץ, דער אומגעדולדיקער מענטש, האָט ניט געוואַרט ביז זיין באָרד וועט זיך צעוואַקסן. ער האָט מיט די בריוו אין זיין קעשענע גלייך אין דער פרי זיך געלאָזט גיין צום גאונס קלויז. ער האָט זיך דאָרט געמאָלדן ביי ר׳ חיים יוסף ווילזשונער, דעם ראש פון די פּרושים. ער האָט אים געוויזן די בריוו פון די פופצן רבנים. ר׳ חיים יוסף האָט זיי גיך דורכגעלייענט. שלמה הערץ האָט גלייך דערקענט, אַז יענער מאַכט ניט קיין צו גרויסן פאַראַד פון די בריוו. ער באַטראַכט אים, שלמה הערצן, מיט חשד, ווי ער וואָלט געזוכט וואו עס ליגט דאָ די רמאות. שלמה הערץ האָט אַן אומעטיקער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער איז געווען ביי זיך זיכער, אַז ר׳ חיים יוסף וועט אים ניט געבן דעם רשות צו זען דעם גאון.

האָט ער שוין געטראַכט צו גיין בעסער מיטן אמת, זיך מודה זיין, אַז ער איז אַ דייטשישער ייד און אַ תלמיד פון דעם פילאָזאָף משה דעסויער, און ער איז געקומען אַהער זיך איבערצוצייגן, צי ר׳ עליאַ איז טאַקע אַזאַ גרויסער גאון?

פלוצים האָט ער דערהערט ווי ר׳ חיים יוסף, דער ראש פון די פרושים, זאָגט גאָר צו אים:

— איך וועל ביי אייך נעמען בלויז איין בריוו. איך וועל אים ווייזן דעם גאון און איך וועל אים פרעגן, צי ער איז מרוצה אייך אויפצונעמען.

חיים יוסף האָט אים דערלאַנגט די איבעריקע פערצן בריוו און ער איז באַלד אַוועק אינעווייניק אין קלויז.

אין בלויז עטלעכע מינוטן האָט זיך אַן עפן געטאָן די טיר, און שלמה הערץ האָט דערזען, אַז ביי דער שוועל שטייט אַ הויכער מאַן, איינגעהילט אין טלית און תפילין. פון זיין פנים שיינט אַרויס אַזאַ אצילותדיקע ליכ־טיקע שיינקייט, וואָס איז בלויז באַשריבן אין ביכער. שלמה הערץ האָט גלייך דערקענט, אַז דער גאון וויל ניט אַריבערטרעטן די שוועל. ער גיט אים אויך ניט קיין „שלום״, און ער טוט אויף אים אַפילו ניט קיין בליק. אַ צעשראָקענער, האָט שלמה הערץ פאַר זיך אַליין געטראַכט:

„איצט זע איך, אַז די היגע לייט זאָגן דעם אמת. פאַר זייער גאון זיינען קיין סודות ניט פאַרהוילן. ער ווייסט, אַז איך האָב אים אָפּגענאַרט. איך בין ניט קיין רב, איך בין גאָר אַן אַפּיקורס. דערפאַר טרעט ער ניט אַריבער די שוועל. ער האַלט ניט פאַר רעכט צו שטיין מיט אַן אַפּיקורס אין איין חדר. ער גיט מיר ניט קיין „שלום״, ווייל דער פסוק זאָגט: „אין שלום לרשעים״. ער קוקט ניט אויף מיר, ווייל עס איז „אָסור להסתכל בפני רשע״ — מען טאָר ניט אַריינקוקן אַ רשע אין פנים״.

שלמה הערץ לאָזט פאַרשעמט אַראָפּ דעם קאָפּ. ער הערט ווי דער גאון רופט זיך צו אים אָן אין העברייאיש און אין זייער קלאָרע, אויסגע־טאָקטע ווערטער פרעגט ער אים:

— וואָס איז אייך קשה?

פון צעדרודערטקייט האָט שלמה הערץ גאָר אַרויסגענומען דאָס פּאַפּיר, וואָס דער פּראָפעסאָר פון אַסטראָנאָמיע האָט אים געגעבן. ער האָט מיט אַ ציטערדיקער האַנט עס דערלאַנגט דעם גאון. שלמה הערץ איז געווען באַהאַוונט אין אַסטראָנאָמיע. ער האָט אַ לאַנגע צייט געהערט לעק־ציעס אין בערלינער אוניווערזיטעט, טאַקע ביי דעם גויאישן פּראָפעסאָר. אויך ער, שלמה הערץ, האָט טעג און נעכט געהאָרעוועט צו געפינען די לייזונג פון דער אַסטראָנאָמישער פּראָבלעם און ניט געפונען קיין באַשייד. האָט ער איצט, פאַרן גאון, דערקלערט די האַרבע אויפגאַבע. עס האָט אים שוין גענומען פאַרדריסן, וואָס ער האָט זיך געלאָזט איינריידן צו טאָן אַזאַ נאַרישקייט און פרעגן ביי אַ גאון אין תורה אַ פראַגע אין אַסטראָנאָמיע. אַן ענין, וואָס האָט גאָרניט צו טאָן מיט לומדות. ערשט ער זעט, ווי דער גאון רופט זיך אָפּ צו זיין שמש:

— ר׳ מרדכי, זייט אַזוי גוט, און ברענגט צוטראָגן אַ שטענדער, פּאַ־פּיר און אַ שטיפט.

דער שמש האָט באַלד דערפילט די בקשה פון זיין רבין. ר׳ אליהו האָט געניט און גיך גענומען מאַכן צייכענונגען אויפן פּאַפּיר. גלייכע און קיי־לעכדיקע פיגורן, און אין בצימצומדיקע ווערטער, האָט ער אין עטלעכע מינוט אויפגעקלערט די אַסטראָנאָמישע אויפגאַבע, וואָס די דייטשע וועלט־באַרימטע פּראָפעסאָרן האָבן חדשים לאַנג זיך אויף דעם געמאַטערט און זיי האָבן ניט געקענט געפינען קיין פּתרון.

שלמה הערץ איז פון התפעלות אזש אויפגעשפּרונגען. און מיט התלהבות געזאָגט:

— רבי, איר זייט דאָך דער גרעסטער אַסטראָנאָם אין אונדזער דור.

ר׳ אליהו ענטפערט אים געלאַסן און אָן דער מינדסטער גאווה:

— איך האָב אין משך פון צען טעג, יעדן טאָג אַ גאַנצע האַלבע שעה, אין הייליקע ספרים געלערנט די חכמת אַסטראָנאָמיע, מקיים צו זיין, וואָס דער נביא האָט אונדז אָנגעזאָגט: „הייבט אויף אייערע אויגן צום הימל און זעט, אַז עס האָט אים באַשאַפן דער, וואָס מאַכט לייכטן די שטערן מיט אַ סדר און מיט אַ צאָל״. ווידער, — האָט ווייטער גערעדט ר׳ אליהו, — אויב מען ווייסט ניט די חכמה פון אַסטראָנאָמיע, קען מען ניט וויסן די צייט פון קידוש לבנה און מען קען ניט פאַרשטיין די מסכתא „ראש־השנה״.

שלמה הערץ ווערט ביי זיך שוין מוטיקער, און ער פרעגט דעם גאון:

— רבי, די אַפּיקורסים אין אונדזער מדינה האָבן אונדז, רבנים, געשטעלט אין אַ פאַרלעגנהייט. זיי האָבן אונדז געפרעגט אַ האַרבע קשיא. מיר ווייסן ניט וואָס צו ענטפערן. אפשר וועט איר עס פאַרענטפערן? דאָס איז זייער קשיא:

„אונדזער תורה הייבט זיך אָן: „בראשית ברא אלקים את השמים„ — הייסט עס, אַז דער הימל איז באַשאַפן געוואָרן אין דעם ערשטן טאָג, און מיט עטלעכע שורות ווייטער זאָגט דער חומש: „ויאמר אלקים יהי רקיע״, ויקרא אלקים לרקיע שמים, ויהי ערב ויהי בקר יום שני״. אויב אַזוי, איז דאָך דער הימל באַשאַפן געוואָרן גאָר דעם צווייטן טאָג. לייקנט דאָך דאָס אָפּ דעם ערשטן פסוק פון „בראשית.״

דער גאון ענטפערט מיט ישוב הדעת, און זאָגט:

— אויף דער ערשטער פרשה „בראשית״ זיינען דאָ ניט איין קשיא, נאָר גאַנצע צוויי און דרייסיק. אָבער אַז מען פאַרטיפט זיך און מען פאַר־שטייט דעם ריכטיקן טייטש פון די הייליקע ווערטער — פאַלן אַלע קשיות אָפּ. אָט איז דער ענטפער אויף אייער קשיא:

עס איז פאַראַן ניט איין הימל, נאָר אַ סך הימלען. דער הימל, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אין ערשטן טאָג, איז גאָר הויך. דערפאַר רופט ער זיך — שמי שמים, ווייל ער איז אַ הימל אפילו פאַר די הימלען. ער איז ווייט און הויך פון די איבעריקע הימלען. ער איז באַשאַפן פון די אויבערשטע

וואַסערן און איז קיילעכדיק ווי אַ קירבעס. דער רקיע — איז שוין דער אונטערשטער הימל, ער איז בלויז האַלב־קיילעכדיק. ער איז שוין באַשאַפן פון פייער און פון די אונטערשטע וואַסערן, און איז אינגאַנצן אָפּגעטיילט פון די אויבערשטע וואַסערן. די פילאָזאָפן הייבן אָבער ניט אָן צו וויסן פון די אויבערשטע וואַסערן. עס איז צו הויך פאַר זייער שכל דאָס צו באַגרייפן. אין אָט דעם האַלב־קיילעכדיקן הימל, וואָס עס ווערט גערופן רקיע, זיינען אַריינגעשטעלט די זון, די לבנה, די פּלאַנעטן און די שטערן. צו זיי, די חכמי אומות־העולם, איז ניט נתגלה געוואָרן דער סוד פון די אויבערשטע און פון די אונטערשטע הימלען. דאָס, וואָס אונדזערע חכמים זאָגן, אַז די גלגלים שטייען, האָבן זיי אין כוונה דעם אונטערשטן הימל, וואָס אין אים זיינען אַריינגעשטעלט די שטערן. און מיטן זאָגן, אַז די פּלאַנעטן דרייען זיך — האָבן זיי אין כוונה די גלגלים, וואָס אין זיי שטייען די שטערן. אָבער בלויז די ערד דרייט זיך. דער הימל אַליין שטייט אויף אָן אָרט . . .

שלמה הערץ, וואָס האָט געלערנט אַסטראָנאָמיע, האָט געהאַלטן, אַז די תנאים האָבן ניט געוואוסט פון דעם סוד, אַז די ערד דרייט זיך. פרעגט ער שוין אַ פאַרוואונדערטער:

— רבי, לויט ווי איר זאָגט, קומט דאָך אויס, אַז די ערד קייקלט זיך. די תנאים זאָגן דאָך אָבער קלאָר, אַז די ערד מרובע, ווייל עס שטייט דאָך געשריבן: „לאחוז בכנפות הארץ". דאָס מיינט פיר־קאַנטיק.

דער גאון ענטפערט אים גיך אָפּ:

— די רייד פון אונדזערע חכמים זיינען זייער טיף און פאַרהוילן. מען דאַרף פאַרשטיין וואָס זיי זאָגן. זיי האָבן דאָ בלויז געפּסקנט אַ דין. האָבן זיי געזאָגט, אַז אַפילו אַ קיילעכדיקע זאַך דאַרף מען מעסטן לויט איר פיר־קאַנטיקייט. ווייל די ריכטיקע מאָס קען מען נאָר אָפּשאַצן, ווען מען מעסט אַ חפץ אויסגעשפּרייט.

שלמה הערץ וויל נאָך עפּעס פרעגן. ר' אליהו רעדט אָבער ווייטער, און שוין מיט התלהבות:

— די חכמי אומות־העולם הייבן ניט אָן צו פאַרשטיין דעם סדר פון דער וועלט. זיי זאָגן, אַז די עיקרדיקע באַשאַפונג איז די ליכטיקייט, און פינצטערקייט איז בלויז דער טפל. זיי ווייסן ניט, אַז די עיקרדיקע שאַפונג איז גאָר די חושכדיקייט. וואָרים אַז מען פאַרמאַכט, אין מיטן טאָג, די פענצטער, איז די פינצטערקייט נאָך אַלץ דאָ, און דאָס ליכט איז שוין ניטאָ. וואָרים אויב די ליכטיקייט וואָלט געווען די הויפּט־שאַפונג — וואָלט זי דאָך תמיד פאַרבליבן, — ווייל די עצם פון אַ בריאה קען מען ניט פאַרטרייבן.

ר' אליהו גיט עס צו פאַרשטיין מיט אַזאַ משל:

— יעדער יצירה קאָן מען דערקענען, וואָס אין איר איז דער עיקר און וואָס איז בלויז אַ טפל. אָט נעמט וואַסער. עס איז נאַס און עס איז קאַלט. טאָ ווי קען מען דערקענען וועלכע עס איז די הויפּט־יצירה? דורך אָנוואַרעמען דאָס וואַסער, זעט מען, אַז די נאַסקייט איז די עיקרדיקע

שאַפונג. ווייל די קאַלטקייט גייט אַוועק, אָבער די נאַסקייט בלייבט. אַן עיקר קען מען דאָך ניט פאַרטרייבן. עס בלייבט תמיד איר חומר, פונקט ווי האָלץ, וואָס אזי אַ בריאה בפני עצמו, איז וואָס מען זאָל פון אים ניט מאַכן — אַ שטוב, אַ טיש, צי אַ בענקל — פאַרלירט עס ניט די עצם צורה — עס איז אַלץ האָלץ.

שלמה הערץ הערט זיך צו אַ פאַרגאַפטער, מיט וואָס פאַר אַ פשטות און חכמה ר׳ אליהו דערקלערט אַזוינע שווערע, פאַרפלאָנטערטע ענינים, און ער פרעגט ווידער:

— רבי, די אַפּיקורסים אין אונדזער מדינה פרעגן, פאַרוואָס איז ניט דערמאָנט אין אונדזער תורה, אַז דער בורא האָט באַשאַפן אַ גן־עדן של מעלה?

רבינו אליהו ענטפערט:

— די תורה דערמאָנט אויך ניט די צבא פון הימל, וואָס זיינען באַ־שאַפן געוואָרן אין ערשטן טאָג. דער ענטפער איז זייער פשוט. די תורה דער־ציילט בלויז די זאַכן, וועגן די וואָס דעם מענטשנס אויגן קענען דערזען. פאַרזאָגט זי אים די מצוות, וואָס ער איז מחויב צו טאָן, כדי צו לייטערן זיין נשמה.

שלמה הערץ זעט, אַז דער גאון וויל ניט פטרן צופיל זיין צייט — פרעגט ער אים, אין איילעניש:

— רבי, ווילט איר זאָגן, אַז די מצווה פון „שילוח הקן" איז אויך אַ לייטערונג פאַר דער נשמה:

ר׳ אליהו ענטפערט אויף גיך:

— חס וחלילה. דאָס איז שוין אַן עבירה. זי איז געגעבן געוואָרן בלויז אויסצופּרואוון דעם מענטשן, צי ער וועט טאָן אַפילו אַ רציחה, אויב דער בורא עולם פאַרלאַנגט עס פון אים. די תורה דערציילט אונדז, אַז דער מלאך פון הימל האָט געזאָגט צו אברהם אָבינו: „עתה ידעתי כי ירא אלקים אתה" — איצט, אַז דו, אברהם, וואָס דו ביסט בטבע אַזאַ רך לב, און פונדעסטוועגן ביזטו געווען גרייט צוליב מיינטוועגן צו באַגיין אַזאַ רציחה און מקריב זיין דיין איינציקן זון — ווייס איך, אַז דו ביזט אַן אמתער ירא שמים.

שלמה הערץ לאָזט ניט אָפּ, און פרעגט ווייטער:

— רבי, איך דרינג אַרויס פון אייערע רייד, אַז איר זיינט ביי דער דעה, אַז מען דאַרף, אַחוץ ש"ס און פוסקים, אויך לערנען די חכמות פון די אומות־העולם.

דער גאון ענטפערט אים שוין שטרענג:

— אַוודאי דאַרף מען לערנען אַלע חכמות. וואָרים, ווען עס פעלט די אַלע וויסנשאַפטן — פעלט אויך צו וויסן און פאַרשטיין די תורה, וואָס איז כולל אַלע חכמות. יעדער למדן דאַרף לערנען די חכמה פון אַלגעבריע, ערד־מעסטונג, געאָגראַפיע, מוזיק און נאָך אַזעלכע חכמות, וואָס ברענגען נוצן. איך אַליין האָב אויך געלערנט די פילאָזאָפן פון די אומות־העולם.

אָבער די חכמה איז גאָרניט ווערט. עס איז בלויז נאַרישע חקירה. איך האָב פון זייערע אַלע חכמות גענומען בלויז צוויי זאַכן. זייערע אַלע איבעריקע נאַרישע רעיונות האָב איך אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער. פילאָזאָפיע איז גאָר ניט ווערט. עס איז אַ פּלפּול, און דערצו נאָך אַן תורה. אָבער ניט יעדער איינער איז ראוי צו ווערן אַ רבי און זיך אונטערנעמען לערנען יענעם די נוצלעכע חכמות פון די אומות־העולם. מען דאַרף זיין אַ ירא שמים און האָבן אמונה און שכל. אויב ניט — ווערן די אַלע חכמות, וואָס זיינען אַ סם החיים — אומגעקערט אין אַ סם־המוות. עס איז גענליכן צו אַן אַפּטייק, וואָס מען האָט דאָרטן אַריינגעשטעלט איינעם, וואָס פאַרשטייט זיך ניט אויף רפואות — מישט ער צעניף סם־המוותדיקע פליסיקייטן, ווי עס טוט אין בערלין עפּעס איינער אַ משה דעסויער מיט זיין חברותא . . .

די לעצטע ווערטער האָט דער גאון אַרויסגערעדט מיט בייזקייט. שלמה הערץ איז אַזש בלייך געוואָרן פון שרעק. ער האָט געגלויבט, אַז ר׳ אליהו מיינט דאָס אים. האָט ער גיך געזאָגט: „אַ גוטן טאָג“, און זיך געלאָזט גיין צו דער טיר. ער האָט זיך אָבער אָפּגעשטעלט. ער האָט דער־הערט, אַז דער גאון רופט אים:

— פאַדאָוער, אין דעם בריוו, וואָס איר האָט געבראַכט, זאָגט דער רב פון איטאַלקע עדות, אַז איר האָט מחבר געווען אַ ספר אויף די „שמות הנרדפים“, טאָ קענט איר מיר אפשר דערקלערן דעם אונטערשייד פון די פינף פאַרשיידענע ווערטער אויף פרייד, וואָס עס ווערט געבראַכט אין תנ״ך: „ששון, שמחה, גילה, דיצה און חדוה“?

שלמה הערץ האָט זיך דערפרייט, וואָס ער קען איצט אַרויסווייזן זיין קענטשאַפט. ער האָט מיט פלייס דערקלערט די חילוקים. ער האָט אָבער אויסגעלאָזט דאָס וואָרט „דיצה“. דער גאון האָט אים אויף דעם אָנגע־מערקט. ער האָט צו אים געזאָגט:

— יונגערמאַן, איר האָט דאָך פאַרגעסן אָן „דיצה“.

שלמה הערץ האָט, קיין זאַך ניט אויסנדיק, געענטפערט:

— לויט מיין מיינונג איז, על פּי דרך הפּשט, דער טייטש פון „דיצה“, ניט קיין פרייד, נאָר . . .

דער גאון לאָזט אים ניט ענדיקן ריידן, און ער פרעגט:

— ווייסט איר ניט, אַז רש״י הקדוש האָט געשריבן, אַז „דיצה“ איז פרייד?

שלמה הערץ ענטפערט:

— רש״י האָט ניט פאַרשטאַנען ווי צו טייטשן דעם פּסוק!

אַז דער גאון האָט דאָס דערהערט, האָט ער אַזש אויפגעציטערט. ער איז בלאַס געוואָרן און, שוין מיט בייזער, אים געפרעגט:

— אונדזערע חכמים, די בעלי־המדרש, זאָגן דאָך בפירוש, אַז דער באַגריף פרייד האָט, אין לשון קודש, גאַנצע צען פאַרשיידענע באַטייטן, און איינע פון זיי איז „דיצה“.

שלמה הערץ, אַ צעשראָקענער, וואָס ער איז דאָ אַריינגעפאַלן, האָט פון צערודערטקייט, אנשטאָט זיך צו ראַטעווען, גאָר געענטפערט:

— מען קען ניט ברענגען קיין ראיה פון די בעלי־המדרש. זיי האָבן ניט אָפּגעהיט דעם פשט. זיי האָבן גלאָט געדרשנט.

דער גאון האָט אויף דעם שוין ניט געענטפערט. ער איז גיך אָפּגע־טראָטן פון זיין שטענדער. ער איז אַוועק צוריק אין קלויז.

שלמה הערצן האָט שוין פאַרדראָסן, וואָס ער האָט פאַרגעסן, אַז ער איז ניט ביי משה דעסויער אין שטוב, וואו יעדע נאַרישקייט איז פאַר־רעכנט פאַר אַ חכמה. ער האָט אויך געהאַט צער, וואָס ער האָט ר׳ עליאָען פאַרשאַפט צער. אַן אומעטיקער, האָט ער זיך געלאָזט גיין צוריק אין דער אַכסניא. מיט יעדן טריט, וואָס ער האָט געשטעלט, האָט זיין התפעלות איבער ר׳ אליהוס גאונות און חכמה געהאַלטן אין איין וואַקסן און וואַקסן. ער האָט זיך אַלע ווייל אָפּגעשטעלט, זיך אומגעקערט כאַפּן אַ בליק אויף דער קלויז, וואו עס זיצט דער הימלשער מענטש. ר׳ אליהו וואַקסט אין זיינע אויגן אַלץ העכער און העכער, און זיין רבי, משה דעסויער, וועמען ער האָט ביז איצט אַזוי פאַרהייליקט — ווערט אַלץ נידעריקער און נידע־ריקער. ער, שלמה הערץ, אַ זון פון רייכע טאַטע־מאַמע, איז איצט מקנא די אָסט־יידן. זיי לעבן טאַקע אין אָרעמקייט, זיי האָבן אָבער דעם זכות צו טרעטן אויף די זעלביקע שטיינער, וואו עס שטעלט זיינע הייליקע טריט ר׳ אליהו. און זיי אָטעמען די זעלביקע לופט.

ער וואָלט גערן דאָ פאַרבליבן און דאָ אויפגעשטעלט זיין געצעלט, אַבי צו קענען לערנען תורה און חכמה פון ר׳ אליהון. אָבער ער האָט זיך דאָ פאַרמיאוסט אין זיינע אויגן מיט זיינע נאַרישע און גאווהדיקע רייד.

טראַכט ער צו גיין צוריק אין קלויז, זיך מודה זיין פאַרן גאון, אַז ער האָט גענאַרט. ער איז גאָר ניט קיין רב, און די בריוו פון די איטאַליענישע רבנים זיינען געפעלשטע. ער איז גאָר אַ דייטשישער ייד. אַ תלמיד פון משה דעסויער, וואָס די רבנים אין דייטשלאַנד האַלטן פאַר אַ כופר בעיקר. ער וועט פאַלן צום גאון צו די פיס, אים בעטן ער זאָל אים ווייזן דעם וועג צו תשובה. עס מעג ווי דאָרנדיק און שטעכיק זיין דער וועג — וועט ער אויף אים גיין. קיין שום קנס וועט אים ניט זיין צו האַרב. ער וועט זיך אַפילו טובלען אין די קאַלטע אייז וואַסערן פון דער שטראָמיקער ווי־לייע, און פאַסטן תעניתים.

פלוצים, אין מיטן טראַכטן, דערשפירט ער, ווי שטאַרקע הענט האָבן ווי מיט צוואַנגען זיך איינגעקלאַמערט אין זיינע אָרעמס. ער קוקט זיך אום. ער זעט: צוויי זייער הויך געוואוקסיקע מענטשן, אַרומגעגאַרטלטע מיט ברייטע רימענס. זייערע אויגן — בייזע. זיי שפריצן אַזש מיט פייער.

אַ צעשראָקענער, פרעגט ער זיי אין העברייאיש:

— וואָס האָט איר צו מיר? איך האָב קיין שלעכטס ניט געטאָן. איך האָב קיינעם ניט באַגזלט און קיינעם ניט באַגנבעט. דער אייביקער איז מיין עדות.

דער עלטערער פון די צוויי, זיין באָרד שוין גרוי, האָט אים שטרענג געענטפערט.

— דו לעסטערסט דעם בורא, וואָס דו ברענגסט זיין הייליקן נאָמען אויף דיינע טריפהנע ליפּן. דו ביזט אַן „אַפּיקורס". דו האָסט געשפּאָט פון רש"י הקדוש און פון אונדזערע הייליקע בעלי־המדרש.

שלמה הערצן האָט דאָס האַרץ פאַרדריקט. ער האָט, מיט אַ וויינענ־דיקער שטים, צו זיי געזאָגט:

— איך בין זיך עס מודה. האָט אָבער רחמנות. טוט מיר ניט קיין שלעכטס. איך בין אַ בן־יחיד ביי מיין טאַטע־מאַמען. ביידע גאָט־פאָרכטי־קע לייט. אויב איר האָט ניט קיין רחמנות אויף מיר — האָט רחמנות אויף זיי, די צוויי אַלטע לייט. נאָט אייך מיין גאַנצן בייטל מיט געלט, אָבער לאָזט מיך פריי.

דער יינגערער האָט אים געענטפערט מיט שפּאָט:

— מיר זיינען ניט קיין גוישע פּאָליציאַנטן. מיר קוואַפּען זיך ניט אויף שוחד. מיר זיינען שמשים פון דעם ווילנער הייליקן בית־דין. אונדזער קהילה האָט אירע אייגענע געזעצן. זי פירט זיך ווי אַ מלוכה. על פּי דין האָסטו זיך פאַרדינט מיתה. דיין גליק, וואָס אין די איצטיקע דורות האָט מען ניט קיין רעכט צו פּסקנען דיני־נפשות. דו וועסט אָבער מן השמים ווערן באַשטראָפט מיט קורצע יאָרן. מיר וועלן דיר ניט טאָן קיין שלעכטס. מיר וועלן דיך בלויז אַרויספירן ביז אויסער דער שטאָט, און דיך לאָזן גיין, אַוואו דיינע אויגן וועלן דיך טראָגן. מיר זיינען דיר פאָרויס מתרה, אַז דו זאָלסט ניט וואַגן זיך אומקערן צוריק צו אונדז אין שטאָט, וואָס איז איצט די הייליקע ירושלים דליטא. דו זאָלסט, מיט דיין אַפּיקורסישן אָטעם, מער ניט אומריין מאַכן די לופט, וואָס עס אָטעמט דער איש אלקים, רבינו אליהו.

שלמה הערץ האָט גענומען ביי זיי מאָנען יושר. ער האָט היציק און מיט רגש געטענהט:

אַלץ וואָס איר רעדט איז אמת. איך האָב שטאַרק זיך פאַרזינדיקט. איך בין ווערט צו ווערן געמשפּט למיתה. אָבער וואו איז דער מידת הרחמים? איך ווייס, אַז איר וועט מיר ענטפערן: מען טאָר ניט האָבן קיין רחמנות אויף אַ רשע. שווער איך ביי מיין טאַטע־מאַמע, וואָס זיינען מיר טייערער ווי אַלע עשירותן, אַז איך האָב חרטה אויף מיינע אַלע מעשים. איך בין גרייט אויף זיך צו נעמען די האַרבסטע שטראָף. פאַר־טרייבט מיך ניט פון דער הייליקער שטאָט. לאָזט אַ יידישע נשמה צו קריגן איר תיקון.

די צוויי שמשים האָבן געקוקט פאַרהאַרטעוועט זייערע הערצער ווי שטיינער. זיי האָבן ניט געפּסקנט און ניט געקנסט לויט זייער אייגענער דעה. זיי האָבן בלויז אויסגעפאָלגט דעם בית־דין. זיינען זיי פון זיינע רייד ניט גערירט געוואָרן. זיי האָבן אָבער פאַר זיך אַליין געטראַכט:

— אַרויסצופירן דעם אַפּיקורס פון שטאָט וועלן מיר תמיד באַוויייזן. אפשר

איז ער טאַקע אַן אמתער בעל־תשובה ? איז דאָך אַ שאָד, אַז אַ יידישע נשמה זאָל גיין לאיבוד. האָבן זיי אין דער שטיל זיך דורכגערעדט אין יידישן לשון. און דער עלטערער שמש האָט געזאָגט צו שלמה הערצן:

— מיר וועלן דיך פירן צו דעם בית־דין. ווי זיי וועלן פסקנען, אַזוי וועט בלייבן דער דין. מיר זיינען בלויז שמשים. זאָלסט זיך ביי אונדז מער ניט בעטן. מיר קענען דיר גאָרניט העלפן.

די שמשים — נאָך אַלץ האַלטנדיק אים פאַר די אָרעמס — האָבן דורך געדרייטע שמאָלע געסלעך געפירט שלמה הערצן צוריק צום שול־הויף. זיי האָבן אים אַריינגעפירט אין אַ גרויסער געראַמער שטוב. ביי אַ ברייטן טיש זיינען געזעסן זיבן אַלטע לייט, איינגעהילטע אין טלתים און תפילין. איינער פון די אַלטע לייט — עלטער נאָך פון די אַנדערע זעקס דיינים אין יאָרן און אויך אין חכמה. ער איז געווען אינגאַנצן גרוי — אַפילו די הויט אויף זיין שטערן האָט זיך שוין ווי געגרויט. דער שמש האָט צו אים צוגעפירט שלמה הערצן און מיט הכנעה און יראת־הכבוד געזאָגט:

— רבי, דאָס איז דער אַפיקורס, וואָס האָט געהאַט די העזה אָפּצו־שפּאָטן פון רש״י הקדוש און די הייליקע בעלי־המדרש.

דער אַלטער דיין האָט מיט פאַראיבל אָנגעקוקט דעם שמש, און צו אים האַרב געזאָגט:

— דער בית־דין פון אונדזער הייליקע קהילה האָט דאָך שוין אַרויס־געטראָגן זיין פסק־דין. טאָ, פאַרוואָס האָט איר, שמשים, ניט אויסגע־פירט אייער שליחות ?

דער שמש האָט, מיט התנצלות, געענטפערט:

— דער אַפיקורס טענהט, אַז ער האָט חרטה און ער איז גרייט צו נעמען אויף זיך די האַרבסטע תשובה.

דער עלטסטער דיין האָט זיך איבערגעקוקט מיט די איבעריקע דיינים. זיי האָבן צווישן זיך, אין דער שטיל, זיך דורכגערעדט. באַלד האָבן זיי גענומען אויסצוגעפינען ביי שלמה הערצן, צי ער מיינט טאַקע מיטן גאַנצן האַרצן צו טאָן תשובה. זיי האָבן זיך געקליגט צו כאַפּן אים, צי ער האָט פאַרבאַהאַלטענע, ניט קיין ריינע מחשבות. זיי האָבן אים פאַרשאָטן מיט כלערליי פראַגן. זיי האָבן אַרויסגעקראָגן פון אים סודות אַפילו אויף זינד, וואָס ער אַליין האָט אַן זיי שוין געהאַט פאַרגעסן.

מיט זייער גאַנצער שאַרפקייט און גענויקייט האָבן די דיינים ניט געקענט געפינען קיין חשד, אַז ער האָט אַנדערע כוונות. שלמה הערץ איז טאַקע באַקערט צו טאָן אַ פולע און אַ ריכטיקע תשובה: חרטה צו האָבן אויף אַלע פאַרגאַנגענע זינד, און נעמען אויף זיך דעם עול, אַז פון היינט אָן און ווייטער זאָל ער זיך פירן ווי אַ פרומער ייד. ער וועט אָפּהיטן אַלע דינים, אָוועקוואַרפן די נאַרישע פילאָזאָפיע, און זיך אָפּגעבן מיט לערנען גאָטס תורה. די דיינים האָבן געהייסן די שמשים זיי זאָלן אַרויספירן שלמה הערצן אין אַן אַנדער חדר. דער בית־דין דאַרף האָבן אַ ישוב הדעת.

עס איז געווען אַ חלוקי דעות. די צוויי יינגערע דיינים האָבן גע־

ספקט אין דעם פרעמדנס ערלעכקייט. עס האָט לאַנג געדויערט, ביז זיי זיינען געקומען צו אַ הסכם. ענדלעך האָט זיך דערהערט אַ פּאַטש אין טיש. די שמשים האָבן צוריק אריינגעפירט דעם געמשפטן אין בית־דין שטוב. דער עלטסטער דיין האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין אָרט, און מיט אַן אימהדיקער שטים האָט ער אָנגעהויבן צו ריידן צו שלמה הערצן:

— איר האָט מבזה געווען תלמידי חכמים. לויט אונדזער פּסק־דין קומט אייך פערציק מלקות. זייט וויסן, אַז מיר פירן זיך, ווי רבינו אליהו. ער זאָגט, אַז קיין מיאוסערע זאַך ווי אַפּצונאַרן דעם בורא איז גאָר ניטאָ אויף דער וועלט. דאַרף מען יעדן דין אויספירן, ווי עס שטייט געשריבן, אָן קיין שום דריידלעך. רבינו אליהו האָט זיך געבייזערט אַפילו אויפן רמ״א, וואָס האָט ביי דער שאלה פון אַ הון, וואָס קרייט ווי אַ האָן, געפּסקנט, אַז מען מעג זיך מאַכן ניט ווויסנדיק, און מקיל זיין. מהאַי טעמא, טאָרן מיר זיך ניט קליגן אָפּצונאַרן דעם דין, און אייך געבן בלויז כלומרשטע מלקות. יעדער שמיץ וועט אייך שטאַרק ווייטאָן. יסורים, וואָס מען איז ניט מקבל באהבה, זיינען אַ ברכה לבטלה, זיי ווערן ניט פאַררעכנט, ווי אַן אָפּקומעניש פאַר דער עבירה. פרעג איך אייך איצט אין פנים פון דעם ווילנער בית־דין, זייט איר עס מקבל באהבה?

שלמה הערץ האָט מיט פרייד אויסגערופן:

— איך בין מקבל מיט שמחה אַלע קנסן, וואָס איר וועט אַרויסגעבן.

דער עלטסטער דיין איז אין זיין לאַנגן לעבן שוין אָפּגעזעסן ביי אַ סך שאלות און דין־תורהס. האָט ער באַלד דערקענט, אַז פון דעם יונגנמאַן רעדט אַרויס דער אמת, און האָט מיט אויפריכטיקייט צו אים געזאָגט:

— מיינט ניט, אַז איר וועט אָפּקומען בלויז מיט מלקות. דאָס איז בלויז די התחלה. ערשט נאָכדעם וועט מען אייך אַריינזעצן אין דער „קונע״. דאָס איז אַ מין קאַרצער, וואָס דער בית־דין האָט געלאָזט אויסמויערן אויפן שול־הויף. מען וועט אייך דאָרט אַריינזעצן, איינשליסן אין קייטן — און יעדער איינער, וואָס וועט פאַרביי אייך פאַרבייגיין, וועט אייך זידלען און באַשפּייען. טאָ, באַזינט זיך, אפשר האָט איר איצט חרטה. איר וועט אפשר ניט קענען איבערטראָגן אַזאַ גרויסן בזיון?

שלמה הערץ האָט ניט געלאָזט ענדיקן ריידן דעם אַלטן דיין. ער האָט היציק אויסגערופן:

— וואָס גרעסער דער בזיון, אַלץ מער איז עס מיר ליב. איך גיי איין אויף אַלץ. אַבי איך זאָל קריגן מיין תיקון. איך זאָל קענען אויפשטעלן מיין געצעלט ביי אייך אין דער הייליקער שטאָט און האָבן דעם זכות נהנה צו זיין פון ר׳ אליהוס זיוו השכינה.

דער דיין האָט מיט דער האַנט געגעבן אַ שטומען צייכן און די שמשים האָבן אין גרויס איילעניש אַריינגעפירט שלמה הערצן אין אַ פינצטערן חדר. די פענצטער זיינען געווען באַשלאָגן מיט ברעטער. עס איז דאָרטן געווען חושך ווי אין מיטן נאַכט. די שמשים האָבן אָנגעצונדן אַ ליכט און אים גע־

וויזן אויף אַ ברייטער באַנק. זיי האָבן זיך באַלד גענומען אים צו שמייסן מיט דיקע רימענס. עס האָט אים שטאַרק וויי געטאָן, אָבער ער האָט אַפילו קיין קרעכץ ניט אַרויסגעלאָזט.

נאָכן אָפּציילן די מלקות, האָבן די שמשים אים אַוועקגעפירט אויפן שול־הויף, זיי האָבן אים אַריינגעזעצט אין דער „קונע" און אויפגעהאָנגען אַ פּאַפּיר, געכתיבהט פון אַ סופר, מיט גרויסע אותיות:

„דאָס איז דער מאַן, וואָס האָט געשפּאָט פון אונדזערע תלמידי חכמים".

יעדער ייד, וואָס איז געקומען אויפן שול־הויף דאַווענען, און געציילט האָבן זיי זיך אין די צענדליקער טויזנטער, האָט אים געזידלט, גערופן „פּושע ישראל", און מיט עקל אויף אים אַ שפּיי געטאָן.

שלמה הערץ, דאָס קינד פון רייכע טאַטע־מאַמע, האָט זיך געהאָדעוועט אין ציכטיקייט, און אויסגעוואַקסן אַ מפונק. ער איז ווי פון אַ רעגן באַנעצט געוואָרן מיט די שפּייעכצן, און האָט זיך אַפילו קיין קרים ניט געטאָן. ער האָט באהבה מקבל געווען די אַלע בזיונותן.

מען האָט קיינעם איבערגעוואַלט ניט פאַרשפּאַרט אין דער קוניע. עס איז ניט געווען קיין שטראָף־פּלאַץ פאַר די זינדיקע, נאָר אַ תיקון פאַר די בעלי־תשובות, פאַר די וואָס זיינען באַגאַנגען האַרבע חטאים, און זיי האָבן זיך גע־בעטן מען זאָל זיי קנסן, עס זאָלן פון זיי אַראָפּגענומען ווערן די עבירות. די „קונע" איז געווען דער פּרואוו־שטיין. עס האָט געצייגט, צי דער בעל־תשובה מיינט עס מיטן גאַנצן האַרצן, צי איז ער טאַקע גרייט צו באַצאָלן פאַר זיינע זינד אַ טייערן פּרייז, אַז יעדער איינער — רייך צי אָרעם, למדן צי פּראָסטער מאַן, שיינער צי מיאוסער, וואָס קומט אויפן שול־הויף דאַווענען זאָל אים זידלען — אים רופן „פּושע ישראל", און באַשפּייען.

עס האָט שוין איינינקע מאָל פּאַסירט, אַז אַ בעל־תשובה האָט ניט געקאָנט אויסהאַלטן דעם בזיון און ער האָט חרטה געקראָגן אויפן עסק. שלמה הערץ איז ניט געווען דער ערשטער בעל־תשובה, וואָס האָט אויסגעהאַלטן די האַרבסטע שטראָף. ער איז אָבער געווען דער ערשטער, וועלכער האָט די ענויים אָנגענומען מיט אַזויפיל ליבשאַפט. ער האָט יעדן איינעם געדאַנקט, וואָס ער זידלט אים און שפּייט אויף אים.

ווי נאָר די זון האָט זיך גענומען אַרונטערלאָזן, זיינען געקומען די צוויי שמשים. זיי האָבן אים באַפרייט פון דער „קונע". זיי האָבן אים אַוועקגעפירט אין מרחץ. ער האָט דאָרטן זיך אַרומגעוואַשן און זיך אָפּגעטובלט אין אַ הייסער מקווה. די שמשים האָבן שוין געהאַט אָנגעגרייט פאַר אים יידישע ריינע מלבו־שים — אַ לאַנגן ראָק און אַ קאָפּעליוש מיט ברייטע ראַנדן.

אַז ער איז געקומען צוריק אין דער רבנישער אַכסניא האָט מען אים קוים דערקענט. ער האָט געקראָגן גאָר אַן אַנדער מראה. ער האָט אויסגעזען ווי אַ יונגער פּרוש, וואָס האָט זיך ערשט אָפּגעשיידט פון זיין זיווג, גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר דער תורה.

ער האָט זיך געשפּירט ווי אַ נייער מענטש, ווי ער וואָלט גאָר קיינמאָל ניט

געווען משה דעסויערס אַ תלמיד. ער איז פאַרבליבן אין ווילנע. דעם גאונס תלמידים האָבן אים שטאַרק מקרב געווען. זיי האָבן אים געוויזן זייערע דרכים, בקודש, און ער האָט פאַר זיי אויפגעדעקט די דרויסנדיקע וועלט; זיי דער־ציילט, ווי פאַרשייט עס פירן זיך די רייכע יידן אין די דייטשע מדינות, וואו זיין פריערדיקער רבי, משה דעסויער, איז איצט דער מורה דרך. זיי, די פרומע לייט, האָבן זיך דערשטוינטע צוגעהאָרכט, ווי זיי וואָלטן געהערט דער־ציילן שוידערלעכע מעשיות. הערנדיק, אַז יידישקייט האַלט שמאָל אויף דער וועלט, האָבן זיי פון שרעק זיך געטרייסלט, ווי ביימער אין אַ ווינטיקן טאָג.

שלמה הערץ איז געוואָרן אַ בן־בית ביי ר׳ סעדיהן. ער האָט אים געוויזן זיינע ספרים, די יקר־המציאותן. ער האָט מיט אים געלערנט תורה און אויך אויפגעקלערט די טעמים, וואָס די לומדים קריגן אויף די חסידים. ער האָט זיך גאָר שטאַרק באַפריינדעט מיט ר׳ ברוך שקלאָווער, אַ מפורסמדיקער דאָקטאָר, וואָס האָט אויפגעגעבן זיין פּראַקטיק און זיך געזעצט לערנען ביים גאון אין קלויז. מער ווי צו אַלעמען האָט שלמה הערצן צוגעצויגן צו ר׳ אברהמען, ר׳ אליהוס יינגערן זון. אָט צוליב וואָס:

דער משורר פון איטאַליע, ביי וועמען שלמה הערץ האָט אין זיין יוגנט געהאַט געלערנט דקדוק האָט, אַחוץ שירים, אויך געשריבן אַ חיבור וועגן דעם רמב״מס זון, ר׳ אַברהם. ער האָט געוואָלט גוט־מאַכן די עוולה, וואָס איז באַ־גאַנגען געוואָרן קעגן אים, דעם רמב״מס זון. צוליב זיין טאַטנס העלער ליכט, האָט מען אים, דעם זון, ניט דערזען, כאָטש ער איז געווען אַזאַ אָדם גדול אין תורה און חכמה.

שלמה הערץ האָט פון זיין רבין, דעם העברייאישן משורר, איבערגענומען אָט די ליבשאַפט און צער אויף דעם פאַרקוקטן אַברהמען. איצט, זיך באַקענענ־דיק מיט ר׳ אליהוס זון, וואָס האָט אויך געהייסן אַברהם, האָט שלמה הערץ דערזען, אַז דיביידע אַברהמס זיינען אַזוי ענלעך, סיי אין זייער גדלות און סיי אין זייער מזל. אויך ר׳ אַברהם, דער זון פון ר׳ אליהון, ווערט פאַרטונקלט פון דעם העלן ליכט פון זיין טאַטן, דעם גאון. קיינער קוקט זיך ניט אום אויף זיין גדלות. ער ווערט געשעצט בלויז, ווייל ער איז דעם גאונס אַ זון, כאָטש ער קען לעבן אויף זיין אייגענעם יחוס. ער איז אַ געוואַלטיקער חקרן; ער האָט אויפ־געדעקט זייער פיל פאַרהוילענע מדרשים און זיי מסביר געווען. ער איז אויך אַ סך מחדש אין דער תורה שבנסתר, און אויך אַ חכם אין די חכמות פון די אומות העולם, איבערהויפּט אין דער חכמה פון מעדיצין. ביי אַ שווערן חולה זיינען די ווילנער דאָקטוירים זיך מיט אים מיישב. ר׳ אַברהם איז דער הויפּט־דאָקטאָר אין „ביקור חולים״ שפּיטאָל, כאָטש ער האָט ניט געלערנט אין אוני־ווערסיטעטן. זיין, ר׳ אַברהמס, רבי אין דער חכמה מעדיצין, איז געווען ר׳ ברוך שקלאָווער, וואָס איז פריער געווען דער לייב־דאָקטאָר ביי דעם פירשט פּאָ־טיאָמקין, דער געליבטער פון דער רוסישער קייסערין יעקאַטערינאַ. ער איז געווען אָפּגעפרעמדט פון יידן. ר׳ ישעיה צייטליש האָט אים אָבער צוריק באַקערט צו יידישקייט. ער צייטליש, איז געווען אַ גרויסער למדן און מפרש אויף דער גמרא, און איז געווען דער רייכסטער מענטש אין ליטע און רייסן.

צו פאַרדאַנקען זיין גרויס חכמה האָט ער נושא חן געווען ביי דעם צעלאָזענעם פירשט פּאָטיאָמקין. ער האָט ביי אים אָפּגעשריען די שווערסטע גזירות אויף יידן. דאָרטן, ביים פירשט אין הויף, האָט זיך ר׳ ישעיה צייטליש באקאנט מיטן יידישן דאָקטאָר.

ר׳ ישעיה צייטליש פלעגט אָפט פאָרן קיין ווילנע צו הערן פון ר׳ אליהון תורה און פרעגן אים עצות: ווי זיך צו פירן מיט מלכות; וואָס ער זאָל ריידן צום צעבאַלעוועטן פירשט; ווי ער זאָל אים אויפקלערן די פאַלשקייט פון די קאַראַאימער, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין פאַרמסרן יידן ביי דער מלוכה.

ר׳ ישעיה צייטליש האָט זיך דורך דעם „שאגת אריה״ דערוואוסט פון גאון. ער, ר׳ אריה לייב, האָט זיך ניט געקענט גענוג אָפּלויבן פון ר׳ אליהוס גאונות און חכמה. לכתחילה האָט ר׳ ישעיה צייטליש געהאַט ספיקות. ער האָט גע־גלויבט, אַז ביים „שאגת אריה״, דעם היציקן מענטש, האָט זיך בלויז די התלהבות צעהיצט. איינמאָל האָבן די קאַראַאימער, מיט גרויס שוחד, באַשטאָכן די אויגן פון די רוסישע שררות, און זיי דערטראָגן אַ געפערלעכע מסירה אויף יידן. איז ער׳ ר׳ ישעיה צייטליש, געווען אין גרויס קלעם. האָט ער גערופן אַ אַסיפה פון אַלע גרויסע לייט, די גבירים, רבנים און חכמים פון רייסען. אָבער אויך זיי האָבן ניט געקענט געפינען קיין עצה. האָט ר׳ ישעיה צייטליש, אין יאוש, זיך געלאָזט פאָרן קיין ווילנע, צום גאון. הגם ער האָט ניט געגלויבט, אַז ר׳ אליהו, וואָס איז פאַרטאָן בלויז אין לערנען, וועט אַזאַ זייטיקן ענין באַנעמען. אַפילו ביים ריידן שוין מיטן גאון האָט ער ניט דערוואַרט פון אים קיין פּתרון. אים האָט אויסגעוויזן, אַז ר׳ אליהו האָרכט זיך אַפילו רעכט ניט צו וואָס ער דערציילט. צו זיין גרויס חידוש, האָט ר׳ אליהו, גלייך אויף אַן אָרט, אים געגעבן זייער אַ קלוגע עצה. אין תוך איז עס געווען אַזוי פּשוט און אַזוי אויבנאויפיק, אַז ער, ר׳ ישעיה צייטליש, אַ געניטער אין קהלשע זאַכן, האָט ניט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס ער האָט עס אַליין ניט געכאַפּט.

פון דעמאָלט אָן האָט ר׳ ישעיה צייטליש קיין זאַך ניט געטאָן אײדער ער האָט זיך בּאראטן מיט דעם גאון. ער האָט שוין מער ניט גערופן קיין אַסיפות. ער האָט איינגעשפּאָרט צו זיצן טעג און נעכט, זיך ברעכן דעם קאָפּ, און דאָך ניט קומען צו קיין החלטה. ער האָט אַלע שווערע און פאַרפלאָנטערטע ענינים געבראַכט צום גאון. און ר׳ אליהו האָט כהרף עין אים געגעבן די ריכ־טיקע עצה, ווי ער זאָל זיך פירן מיט מלכות, וואָס ער זאָל טענהן, און ווי ער זאָל אָפּשלאָגן די תביעות פון די קאַראַאימער און אַנדערע יידישע שונאים, וואָס מסורן יידן ביי דער רשעדיקער מלכות.

ר׳ ישעיה צייטליש האָט פאַר דעם פירשט פּאָטיאָמקינס יידישן לייב־דאָקטאָר געהאַלטן אין איין דערציילן די נפלאות פון ר׳ אליהון. איינמאָל, ווען ר׳ ישעיה צייטליש איז געפאָרן קיין ווילנע, האָט דער דאָקטאָר אים געבעטן, ער זאָל אים אויך מיטנעמען: ער גאַרט מיט די אייגענע אויגן זען דעם גאון. ר׳ ישעיה צייטליש האָט דערפילט זיין בקשה.

דער גאון האָט בסבר פנים יפות אויפגענומען דעם יידישן דאָקטאָר,

וואָס איז געגאַנגען געקליידט ווי אַ גענעראַל. ער האָט געהאַט מיט אים אַ ברייטן און טיפֿן שמועס וועגן חכמת מעדיצין. ר׳ אליהו האָט זיך זייער געבייזערט, וואָס דאָקטוירים נעמען זיך די העזה אָפּצוזאָגן מענטשן דאָס לעבן. דאָס איז ניט על פּי חוקת התורה. — אמת, האָט ר׳ אליהו מסביר געווען, — עס שטייט געשריבן „רפֹא ירפּא" — אַ דאָקטאָר האָט אַ רעכט צו היילן. דאָס מיינט בלויז אַז ער מעג יענעם „זאָגן", אַז ער וועט לעבן, אָבער ניט „אָפּזאָגן" דאָס לעבן.

דער גאון האָט אים מיט ווייכע ווערטער געמוסרט, וואָס ער גיט אַוועק זיין גאַנצע צייט צו היילן די יחסנדיקע פּירשטן און ער פאַרגעסט אָן זיינע אייגענע יחסנים — די יידישע אָרעמע מענטשן. ברוך איז שוין צוריק ניט גע־פאָרן קיין שקלאָוו. ער האָט אומגעביטן זיין אויסגעפּוצטן דאָקטאָר־קאַבינעט אין פּירשט פּאָטיאָמקינס פּאַלאַץ אויפן ווילנער אָרעמען שול־הויף. ער איז געוואָרן אַ דאָקטאָר פאַר די ווילנער אָרעמע לייט. ער האָט זיי געהיילט אָן שכר און בחינם זיי געגעבן רפואות, וואָס ער האָט פאַרבערייט פון די גראָזן, וואָס ער האָט אין די פריע באַגינענס געקליבן אויסן שטאָט אויף די פעלדער. ער האָט געהאַט אַן אייגענע שיטה אין מעדיצין. ער פלעגט וואָרענען די קראַנקע און שוואַכע:

— היט אָפּ אייער געזונט. — עסט ניט קיין פליייש. — באָדט זיך אָפּט אין טייך. — טרינקט שוואַרצע קאַווע. — שפּאַצירט זיך דורך.

די אַלע זאַכן האָט ר׳ ברוך שקלאָווער אַליין אויך אָפּגעהיט. ער פלעגט זיך באָדן אין דער ווילייע ביז שפּעט אין האַרבסט, ביז איז קריעהעס האָבן גע־נומען שווימען. ער פלעגט אַ גאַנצע נאַכט לערנען און באַגינען פלעגט ער נעמען אַ לאַנגן שפּאַציר. ער האָט דאָס געלערנט מיט דעם גאונס יינגערן זון, ר׳ אַברהמען, זי׳ חכמה פון דאָקטאָריע. ער, זיין רבי, האָט מיט פריייד אַליין צוגעגעבן, אַז זיין תלמיד האָט אים איבערגעשטיגן. ער פלעגט אָפּט זאָגן צו שלמה הערצן:

— זאָגט אייערע דאָקטוירים אין דייטשלאַנד, אַז צו פאַרשטיין די קראַנק־הייט פון גוף, מוז מען אויך פאַרשטיין דעם מענטשנס נשמה. און דאָס ווייסט בלויז ר׳ אַברהם.

שלמה הערץ האָט זיך אָפּגעזאָגט אין ווילנע עטלעכע זמנים. ער האָט שוין ניט געהאַט אָפילו אין מחשבה זיך אומצוקערן צוריק אַהיים, אין מדינת אשכנז. פּלוצים האָט זיך אין אים ווי אויפגעכאַפּט אַ פאַרלאַנג צו פאָרן זען זיין פריער־דיקן רבין, משה דעסויער. עס האָט זיך אין אים דערוועקט אַ רחמנות אויף דעם געשטראָפטן מענטשן, וואָס שעמט זיך אַזוי מיט זיינע צוויי הויקערס, און וואָס מער ער זוכט צו פאַרבאַהאַלטן, אַלץ מער זעען זיי זיך אַרויס. שלמה הערץ האָט נאָך אַלץ געגלייבט, אַז זיין פריערדיקער רבי איז אין תוך אַ הערלעכער מענטש. ער האָט מיט זיין גאַנצער נשמה ליב יידן און יידישקייט, און ער מיינט, אַז ער גייט אויף אַ גוטן וועג. איז זיין, שלמה הערצס, חוב, צו עפענען אים די אויגן.

ער האָט זיינע מחשבות אויפגעדעקט פאַר ר׳ סעדיהן. נאָך אַ קורצן ישוב־הדעת האָט ער צו אים געזאָגט:

— איך בין כמעט ווי זיכער, אַז דער דעסויער איז אַ כופר גמור. ער וועט ניט טאָן קיין תשובה. דאָך בין איך ביי דער דעה, אַז איר זאָלט צופאָרן קיין בערלין. איר וועט דאָרטן דערוויילע מפרסם זיין דעם גאונס נאָמען, דערציילן אַלעמען פון זיין גאונות, זיין חכמה און זיין הייליקער פירונג. איך, אַ דייטשן ייד, וועלן אייערע לייט פאַרשטיין. איר זאָלט אָבער ניט מיינען, אַז איך זוך דאָ דעם גאונס טובה. כאָטש, ווי די רבנן זאָגן: „אַז נאָך מער ווי די קאַלב וויל זויגן, וויל די מאַמע זי אָנזויגן". אָבער דאָ ליגן אַ סך מצוות פון גאָר אַ היוכן באַדייט. איר וועט מקיים זיין דעם „תנו עוז לאלקים" און נאָך אַנדערע פסוקים פון אונדזערע נביאים. די אומגלויבלעכע גאונות פון ר' אליהו טוט דערציילן די לויב פון בורא. ביים דערקענען אונדזער הייליקן רבין, דערזעט מען די אלקות, דעם כח פון בורא, וואָס קען שאַפן אַזאַ פליאהדיקע שלימותדיקע כלי, אַז אַ בשר ודם זאָל האָבן אַזאַ אָפענעם מוח, אַז קיין זאַך אין דער וועלט זאָל פון אים ניט זיין פאַרבאָרגן, און עס זאָל ניט זיין קיין חכמה, וואָס ער זאָל אין איר ניט זיין קיין חכם.

שלמה הערץ האָט מיט גרויס געריכטקייט געענטפערט ר' סעדיהן:

— בענטשט מיך, איך זאָל ניט געשטרויכלט ווערן אין דער גויאישער מדינה, עס זאָל זיך צו מיר ניט צוקלעפּן די טומאה.

ר' סעדיה שמייכלט, און ענטפערט:

— קיין ברכות העלפן דאָ ניט; אַז דער מענטש אַליין היט זיך, טוט מען אים פון הימל אויך היטן.

שלמה הערץ האָט זיך גלייך געלאָזט אין וועג אַריין. ווי נאָר ער איז אָנגעקומען קיין בערלין, איז ער תיכף געגאַנגען זען זיין פריערדיקן רבין — משה דעסויער.

ער האָט געטראָפן אַ פולע שטוב מיט מענטשן. אין די עטלעכע זמנים האָט דער דעסויער פילאָזאָף צוגעקראָגן אַ סך נייע פאַרערער. זיי האָבן שלמה הערצן צום ערשטן מאָל געזען. אויך זיינע אַלטע פריינט האָבן אים ניט דערקענט. ער איז געווען געקליידט ווי אַ פרוש פון דער ליטע, און זיין באָרד — לאַנג און ברייט.

דער ערשטער, וואָס האָט אים דערקענט, איז געווען דווקא דער דייטשער פּראָפעסאָר פון אַסטראָנאָמיע; שלמה הערץ האָט ערשט איצט דערזען, אַז יענער איז אַ פאַרבאַהאַלטענער שונא ישראל, וואָרים ער האָט מיט פאַרגאַפונג אויסגעשריען:

— איך קאָן אַ יידן דערקענען, אַפילו ווען ער הילט זיך איין אין טויזנטער שלייערן.

ער, דער פּראָפעסאָר, האָט ניט פאַרגעסן אין דער האַרבער אַסטראָנאָמישער אויפגאַבע, וואָס ער האָט מיטגעגעבן דעם ה' הערצן, ער זאָל עס פרעגן ביי דעם אָסט־יידן, עליאַען, און מיט שפּאָט אין זיין קול האָט ער אים באַלד געטאָן אַ פרעג:

— האָט דער הער עליאַע עס געלייזט?

שלמה הערץ האָט אים שאַרף און שטעכיק געענטפערט:

— האָט עס דער הער פּראָפעסאָר שוין געלייזט?

דער דייטש האָט אַן אומעטיקער און אַ פאַרשעמטער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, און אַרויסגעמורמלט:

— נאָך ניט!

שלמה הערץ האָט, מיט פאַראַכטונג, אָפּגעדרייט פון אים דעם קאָפּ. ער האָט ניט געוואָלט אַריינגיין אין אַ שמועס מיט דעם שונא ישראל. ער האָט זיך אָבער דערמאָנט ר׳ סעדיהס ווערטער: „פאַרגעסט ניט מפרסם צו זיין ר׳ אליהוס גאונות!" האָט ער אַרויסגענומען פון זיין טאַש דעם גאונס צייכענונגען, און עס מיט פאַרוואורף צוגעוואָרפן צום פּראָפעסאָר, און געזאָגט מיט נצחון:

— דער הער עליאָע האָלט ניט קיין לעקציעס אין אוניווערזיטעטן. ער האָט בלויז פינף שעה זיך אָפּגעגעבן מיט לערנען אַסטראָנאָמיע, און דאָס איז ניט זיין הויפּט־וויסנשאַפט. ביי אים איז דאָס בלויז ווי אַ צוגאָב צו אַלע אַנדערע חכמות. פונדעסטוועגן האָט ער, דער הימלשער מענטש, די גאַנצע אויפגאַבע דערקלערט אין עטלעכע מינוטן.

דער פּראָפעסאָר האָט גיריג אַ כאַפּ געטאָן דעם פּאַפּיר מיט ר׳ אליהוס צייכענונגען; ער האָט אין אים אַריינגעבליקט, און פון ווילדער באַגייסטערונג אַזש געטאַנצט פון פרייד. ער האָט אָנגעכאַפּט שלמה הערצן ביי דער האַנט, און צו אים גערופן:

— פירט מיך צו דעם גאָט־געבענטשטן מאַן. מיך אַרט ניט ווי ווייט עס איז דער וועג.

שלמה הערץ האָט אים שטרענג געענטפערט:

— הער עליאָע האָט ניט קיין עסקים מיט נאַראָנים. צו אים קאָן נאָר קומען אַ מענטש, וואָס זיין האַרץ איז ריין פון שנאה, און ליבט גאָטס באַשאַף — אָן אונטערשייד פון פאָלק און גלויבן.

דער פּראָפעסאָר האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק. ער האָט ווידער איינגע־גראָבן זיינע אויגן אין דעם פּאַפּיר. ער האָט, אַ צערודערטער, אַ כאַפּ געטאָן זיין קאַפּעליוש און זיך געלאָזט לויפן צו דער טיר:

— איך לויף אָנזאָגן די גוטע נאַכריכט מיינע פריינט, די פּראָפעסאָרן. אַ דאַנק צום עוויגן — די אויפגאַבע איז דאָך געלייזט!

אַז דער פּראָפעסאָר איז אַרויס פון שטוב, האָבן די יידישע געסט געהאַט טענות צו שלמה הערצן, וואָס ער האָט זיך ניט איידל באַנומען מיטן דייטשן פּראָפעסאָר. שלמה הערץ האָט זיי אויף דעם ניט געענטפערט. ער האָט זיי מיט אַ שאַרפן בליק פון זיך אָפּגעשטויסן. ער האָט זיך געשטעלט דערציילן פאַר זיין פריערדיקן רבין, משה דעסויער, אַלץ וואָס עס איז מיט אים געשען. ער האָט פון אים ניט פאַרהוילן אַפילו דעם טראַף ווי מען האָט אים געגעבן מלקות, ווי מען האָט אים אַריינגעזעצט אין „קונע", און ווי אַזאַ גרויסע שטאָט מיט אַזוי פיל יידן האָבן אויף אים געשפּיגן. „אָבער, — האָט שלמה הערץ אויס־געהרופן, — די אַלע נגישות און בזיונות, זיינען מינדערוויכטיק אַנטקעגן דעם

גרויסן שכר, צו האָבן דעם זכות צו זען אַזאַ וואונדערלעכן גאון, וואָס דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד קען גאָר ניט משיג זיין".

משה דעסויערס געסט און פאַרערער האָבן דערקענט, אַז ער, דער פילאָ־זאָף, איז שטאַרק ניט צופרידן צו הערן שלמה הערצס רייד. ער שפּירט זיך אַראָפּגעפאַלן. ער קוקט אויס נעבעכדיק, ווי אַ קליין קינד, וואָס האָט זיך אויפ־געכאַפּט פון שלאָף און דערזען, אַז זיין מאַמע איז ניטאָ לעבן אים. ער זייגט אָן טעם די קישקע פון דער טערקישער וואַזאַווער ליולקע. האָבן זיך די געסט, שטיל, איינער נאָכן צווייטן, אויפגעהויבן פון זייערע ערטער, און געזאָגט „אַ גוטע נאַכט".

ווי נאָר די געסט זיינען אַוועקגעגאַנגען, האָט זיך באַלד אָנגעהויבן צע־פלאַקערן אַ קריג צווישן דעסויער מיט שלמה הערצן, לכתחילה, אויף שטום־לשון. ער, דער פילאָזאָף, האָט אים געשטאָכן מיט זיינע בייזע בליקן. שלמה הערץ האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק, און האָט ווייטער געוואָרפן דעם אמת זיין פריערדיקן רבין אין פנים אַריין. ער האָט אים געזאָגט:

— איר לעבט אין טעות. איר פאַרשטייט ניט די גדלות פון די אָסט־יידן. זיי זיינען ניט, ווי איר מיינט, אַ פאָלק, וואָס יעדער איינער קען זיי אָפּנאַרן. זיי זיינען אַלע קלוג און געלערנט. זיי האָבן ניט בחנם פאַרהייליקט ר' אליהון. עס איז אויף אים ניטאָ קיין פעלער, ניט בלויז אין זיין פנימיות, נאָר אויך אין זיין חיצוניות. אַזאַ שיינעם מאַן האָב איך נאָך אין מיין לעבן ניט אָנגעזען. מען קען זיך גאָר אין זיין פנים ניט איינקוקן, זיין שיינקייט פאַרבלענדט אַזש די אויגן.

משה דעסויער האָט זיך געפילט שטאַרק געטראָפן. ער האָט מיט פאַר־איבל עס צוריק אָפּגעוואָרפן, און געזאָגט:

— אייערע לייט זאָגן דאָך, אַז די יופי איז הבל, טאָ וואָס באַרימט איר זיך מיט אליהוס שיינקייט?

שלמה הערץ טראַכט אַ ווײַלע. ער ווייס ניט וואָס אויף דעם צו ענטפערן. עס גליקט אים אָפּ. ער געפינט דעם תירוץ, און זאָגט:

— הבל איז דער טייטש אַ „נול". איז טאַקע אמת, אַז אַ נול איז גאָרניט ווערט. אָבער אויב עס שטייט פאַר אים אַן „איינס", קען זי „נול" טיילמאָל שוין באַדייטן אַ מיליאָן.

משה דעסויער קאָרטשעט זיך אײַן, זיין אונטערשטע ליפּ בויגט זיך אַראָפּ, ווי ער וואָלט זיך געהאַלטן ביים צעוויינען. שלמה הערצן נעמט שוין אַרום אויף אים אַ רחמנות. משה דעסויער דערשפּירט עס, ווערט ער שוין אויך צו אים פריינטלעך. הערט ער זיך שוין צו געהאַרכזאַם, ווי שלמה הערץ זאָגט פאַר אים איבער דעם גאונס חידושים אויף דער תורה און זיין טיפן בליק אויף דער יצירה. ער, דער דעסויער, פאַרגעסט איצט אין זיינע אייגענע קריוודעס. ער גאַפט הערנדיק. זיין פריערדיקער תלמיד דעקט פאַר אים אויף גאָר אַ נייע וועלט. די אָסט־יידן זיינען אונטערדריקט פון דער רשעותדיקער מלכות. אָבער זיי פירן אַן אייגענע יידישע מלוכה. ר' אליהו איז דער מלך. קיינער וואַגט ניט איבער־צוטרעטן זיין וואָרט. ער, דער גאון, איז ניט קיין פאַרדרייטער פּלפּול־קאָפּ. די

אָסט־יידן ריידן ניט קיין זשאַרגאָן. עס איז אַ נייער לשון, אַן אויסגעפלאָכטענער מיט גמרא־ווערטער. עס איז ניט געבויט אויף מליצה, נאָר אויף די יידישע דינים. האָט עס דערפאַר אַן אַ שיעור „שמות הנרדפים". יעדער אויסדרוק האָט אַן אַנדער באַדייט. צו באַווייזן, אַז מיט אים איז די גערעכטיקייט, האָט שלמה הערץ געגעבן אַ סך ביישפּילן.

ער האָט אויך דערציילט די גדלות פון ר׳ אליהוס יינגערן זון אברהם, פון ר׳ סעדיהן און פון דעם גאונס אַלע מקורבים און תלמידים. ער האָט אויך איבערגעזאָגט עטלעכע שיינע משלים פון דעם דובנער מגיד, וואָס דער גאון זאָגט, אַז ער געהערט צו דעם עולם המשל.

משה דעסויער קען ניט איינהאַלטן זיינע התפעלות. ער האָט נאָך ניט געזען און ניט געהערט פון אַזעלכע ליכטיקע לייט.

פּלוצים איז ער געוואָרן אומעטיק. ער האָט ביז איצט געמיינט, אַז גאָט האָט אים, משה דעסויערן, געשטראָפט מיט צוויי האָרבן, אָבער דערפאַר האָט ער אים פאַרגיטיקט מיטן ליכטיקסטן קאָפּ, און צום סוף זעט ער איצט, אַז אויך דאָ האָט מען אים באַעוולהט. אַלע מעלות האָט מען אַוועקגעשענקט ר׳ אליהון. זיין איינציקע נחמה, וואָס די וועלט ווייסט פון דעם ניט און מיינט נאָך אַלץ, אַז ער, משה דעסויער, איז דער גרעסטער פילאָזאָף. קומט איצט שלמה הערץ און פאַרלאַנגט פון אים, אַז ער זאָל טאָן תשובה, אַז ער אַליין זאָל זיך מודה זיין פאַר אַלעמען בפרהסיא, אַז ער איז נידעריקער ווי גראָז און זיין לערע איז פאַלש און מען זאָל דעם גאַנצן כבוד אַוועקגעבן דעם ר׳ עליאָען.

משה דעסויער גיט זיך פּלוצים אַ כאַפּ אויף און, אין האַסטיקייט, טוט ער אַ פרעג ביי שלמה הערצן:

— האָט איר דערציילט דעם גאון וועגן מיין דרך אין פילאָסאָפיע?

שלמה הערץ ענטפערט מיט תמימות:

— רבינו אליהו האָט געלערנט אַלע פילאָזאָפן, פון אַריסטון ביז קאַנטן, און ער חוזקט פון זיי אַלעמען. ער זאָגט, אַז פילאָסאָפיע איז ניט קיין חכמה... עס איז בלויז פּלפּול אָן תורה און אָן אמונה און אַפילו אָן שכל... און עס ברענגט קיינעם ניט קיין נוצן.

משה דעסויער שפרינגט אַ ביזער אויף פון זיין שטול. אין זיינע אויגן ברענט אַזש דער כעס. ער איז איצט אויס פילאָזאָף. ער איז אַ מענטש מיט אַלע שוואַכקייטן. ער צעשרייט זיך אויף שלמה הערצן מיט באַנומענע קולות:

— איר פאַרלאַנגט אפשר נאָך פון מיר, אַז איך זאָל זיך איינשפּאַנען אין דער „קונע" און די אָסט־יידן זאָלן אויף מיר שפּייען? אַרויס פון מיין שטוב!



# קאַפּיטל כה

כתחילה האָט זיך די ווילנער יידן אויסגעדאַכט, אַז דער חרם, וואָס דער גאון האָט אַרויסגערופן אויף די חסידים, וועט זיי גאָר־ניט אָנרירן. עס וועט זיין זייער גרינג אָפּצוהיטן דעם גדר פון חרם: דאָ, אין ירושלים דליטע, אין דער איינגעפונדעוועטער מתנגדישער שטאָט, איז דאָך ניטאָ אפילו קיין זכר פון די חסידים.

עס האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דער חשבון איז געווען אַ פאַלשער. עס האָט אָנגעמאַכט אַ חורבן אין די גבירישע הייזער. עס איז ניטאָ אַ משפחה, וואָס איז ניט איינגעהילט אין טרויער און צער. די ווילנער עשירים האָבן זיך פון תמיד אָן געקוואַפּעט צו טאָן שידוכים פון דער פרעמד. האָבן זיי אין פוילן און גאַליציע און אין פּאָדאָליע מחותנים און איידעמס וואָס זיינען חסידים. זיי, די רייכע לייט, האָבן זיך מיט זייערע איידעמס און מחותנים געפריינדלט. זיי זיינען אָפּט געפאָרן אויף זייערע שמחות, צו די בריתן און מזל־טובס פון זייערע בשותפותדיקע אייניקלעך.

אַ סך רייכע טאַטעס האָבן ערשט ניט לאַנג צוריק געלאָזט שרייבן פאַר זייערע טעכטער „תנאימס" מיט חתנים, וואָס האָבן אָפּגעשטאַמט פון דער פרעמד. זיי האָבן שוין געהאַט איינגעלייגט די נדנס און באַשטעלט די כלה אויסשטייערן. זיי האָבן גוט אויסגעפאָרשט און געוואוסט געגנוי דעם חתנס יחוס, זיין עשירות און זיינע גוטע מעלות און געהאַלטן עס פאַר גליק־שידוכים. זיי איז אָבער דעמאָלט ניט איינגעפאַלן אין דער מחשבה זיך נאָכצופרעגן צי יענער איז אַ חסיד. עס איז דאָך ביז איצט, ביזן חרם, ניט געווען קיין חילוק. חסידים זיינען דאָך אויך יידן, אחינו בני ישראל.

די ווילנער סוחרים האָבן פאַר יאָרן און יאָרן געפירט מסחר מיט סוח־רים פון וואַרשע. זיי האָבן געוואוסט, אַז יענע פאָרן צו אַ חסידישן רבין און זיי דאַוונען פון האריס סידור. זיי, די ווילנער סוחרים, איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז איצט, נאָכן חרם, טאָרן זיי מער מיט יענע לייט ניט טאָן קיין מסחר. זיי האָבן אָבער פאַרצויגענע און פאַרפּלאָנטערטע געלט־חשבנות; יענע קומען זיי אַ מטמון געלט. דאַרפן זיי זיך דאָך צוזאַמענקומען און זיך אויסחשבונען. זיי קענען דאָך ניט באַהויפּטן צו לאָזן גיין פאַרפאַלן אַזאַ גרויסן אייגנס. זיי וועלן דאָך אויף זייער גאַנץ לעבן פאַרבלייבן אַרימע לייט.

זיי, די שטאַרק געטראָפענע פון חרם, האָבן פון יסורת־הלב ניט געקענט די גאַנצע נאַכט צומאַכן מיט אַן אויג. זייערע טעכטער, די פאַרקנסטע כלה־מיידלעך, האָבן געוויינט און געקלאָגט אויף זייער שלעכטן מזל. די געטרייע טאַטעס האָבן זיך קוים דערוואַרט אויפן טאָג. גלייך נאָך שחרית דאַוונען זיינען זיי געלאָפן צום שול־הויף, וואו עס זיצט דער ווילנער „בית־דין."

די דיינים, די זיבן אַלטע לייט, האָבן געהאָרכזאַם אויסגעהערט. גע־

לאָזט זיי זיך אַראָפּריידן פון האַרצן און די סופרים האָבן פאַרשריבן זייערע טענות, אָבער קיין קלאָרע תשובה האָבן די דיינים ניט געגעבן. זיי האָבן פאַר רחמנות געשאָקלט מיט די קעפּ און געזאָגט, אַז בית־דין וועט זיך מכוח דעם פאַרטראַכטן. אָבער דערוויל קענען זיי גאָרניט העלפן. דאָס איז חרם און דאָס זיינען זיינע תולדות.

די אָרימע מענטשן פון ווילנע, די בעלי־מלאכות, די שניידער, די שוסטער, די בלעכער און אַלע אַנדערע יגיע־כפּימניקעס. אַפילו די קליינע קרעמער, האָבן אין רואיקייט איבערגעשלאָפן די נאכט. אַז זיי האָבן געזען ווי די עשירים זיינען צערודערט און אין צער, האָט זיי עס נאָך, אַדרבא, הנאה געטאָן. זיי האָבן געזאָגט:

— זאָלן יענע אויך פאַרזוכן דעם טעם פון צרות. עס וועט זיי מאַכן פאַר בעסערע מענטשן. זיי וועלן אויפהערן זיך איבערנעמען מיט זייער עשירות. זיי וועלן איצט דערזען, אַז ניט אַלעמאָל העלפט געלט.

זיי, די יגיע־כפּימניקעס, האָבן מיט צופרידנקייט געטראַכט:

— מיר האָבן זיך ניט וואָס צו שרעקן פאַרן חרם. מיר האַנדלען ניט מיט וואַרשע און מיר האָבן זיך קיינמאָל ניט געקענט פאַרגינען צו טאָן שידוכים מיט דער פרעמד. אונדזערע איידעמס און שנורן זיינען אַלע פון ווילנע אָדער פון דערבייאיקע שטעטלעך.

די רואיקייט פון די יגיע־כפּימניקעס האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. ווי נאָר זיי זיינען אין דער פרי געקומען אויף דעם שול־הויף דאַוונען שחרית, האָבן זיי דערשפּירט די גאַנצע גרויליקייט פון חרם און דערהערט דאָס פאַטשן פון זיינע מלאך־המוותדיקע פליגלען. זיי האָבן דערזען, אַז דער חרם איז האַרב און שטרענג. ער שענקט ניט. ער מאָנט אין זיין פולע נקמה פאַר דער קלענסטער „מגע־ומשא" מיט די חסידים, ווען מען טוט עס אפילו בלא־יודעים. איבערן שול־הויף האָט ווי אַן אָפּגעריסענער ווינט געסוויסטשעט די מוראדיקע בשורה:

דעם רב, ר' שלמה בן אביגדור האָט געטראָפן אַ גרויס אומגליק; אַז ער איז נעכטן, נאָכן אויסרופן דעם חרם געקומען צו זיך אַהיים, האָט ער געפונען זיין רביצין, דעם יסודס בת־יחידה, די גרויסע יפת־תואר, אַ טויטע!

קיינער האָט אין ווילנע ניט געהאַט געוואוסט, אַז זי, די שיינע רביצין, האָט שוין פאַר חדשים־לאַנג זיך געראַנגלט מיטן טויט. האָבן זיי געגלייבט, אַז דער חרם איז שולדיק אין איר טויט.

זיי האָבן אויך דערזען, אַז עס איז ניט גרינג אָפּצוהיטן דעם חרם. אָט האָבן זיי ביז איצט געהאַט געגלייבט, אַז אין ווילנע זיינען ניטאָ קיין חסידים. ווייזט זיך איצט אַרויס, אַז יענע לייט האָבן בסוד שוין געהאַט אַן אייגענעם מנין. עס האָבן דאָרט געדאַוונט די סאַמע ווילנער „פּני": דער גבאי ראשי ר' איסר בן ר' מאיר, דער אויבער־שמש, ר' שלמה בן יעקב, און אויך דער שטאָט־מגיד, ר' חיים פאַקראַיער. ער, דער שומר פון שטאָט, וואָס האָט גע־

דאַרפט אויפפּאַסן, אַז יידן זאָלן ניט אַראָפּגיין פון דרך הישר, האָט גאָר אַליין זיך באַהעפט מיט די חסידים. מען ווייסט אויך, אַז עס זיינען געווען נאָך אַנדערע בכבודיקע בעלי־בתים, וואָס האָבן געפּראַוועט חסידות. מען ווייסט נאָך ניט זייערע נעמען. אָבער דער בית־דין וועט זיך עס שוין דערוויסן.

ר׳ איסר און ר׳ חיים פּאָקראָיער זיינען שוין אַליין געקומען צו איילן אויפן שול־הויף. זיי פאַרלאַנגען מען זאָל זיי צולאָזן צום גאון. זיי ווילן בעטן ביי אים, ער זאָל זיי מוחל זיין. אָבער ר׳ אליהו וויל זיי ניט אָנקוקן. ער זאָגט: עס איז אָסור להסתכל בפני רשעים — מען טאָר ניט אָנקוקן די פּנימער פון רשעים. ווידער זאָגט דער גאון, אַז ער האָט זיי ניט וואָס מוחל צו זיין, זיי האָבן דאָך ניט פאַרבראָכן קעגן אים, נאָר קעגן דער תורה, טאָ וואָס קומען זיי צו אים?

די ווילנער יידן האָט אַרומגענומען אַ פּחד. זיי האָבן געזאָגט:

— מען איז דאָך ניט זיכער מיטן לעבן. עס קען דאָך געמאָלט זיין, אַז דיין שכן, וואָס דו וואוינסט אַ טיר לעבן אַ טיר, דו זאָגסט אים: גוט־שבת, גוט־יאָר. אפשר איז ער גאָר אַ פאַרבאַהאַלטענער חסיד? און „בלאָ־יודעים״ ביסטו שוין עובר אויפן חרם.

די פרומע רביים פון די „שולחן־ערוך״ און מוסר־טישן האָבן נאָך מער צעשראָקן דעם עולם. זיי האָבן באַוויזן מיט ראיות פון ספרים, אַז אַ חרם האָט אין זיך אַ ווילדן כוח. עס בייט אום די הנהגה אויפן הימל. עס טוט זיך אײַנגאַנצן אָפּ דער מידת־הרחמים. און אָן קיין שום איינזעעניש ווערט דער מענטש געמשפּט מיט דער גאַנצער האַרבקייט פון מידת־הדין.

די לומדים האָבן אויך געזאָגט, אַז דער חרם איז חל ניט בלויז אויפן איסור פון חסידות, נאָר אויך אויף אַלע אַנדערע עבירות, מחמת די צייט ווערט אַ הרמדיקע, און איין ייד איז ערב פאַרן צווייטן יידן. האָבן די צעשראָקענע ווילנער יידן גענומען זוכן און נישטערן עבירות. זיי האָבן געזוכט ביי זיך אַליין און אויך ביי זייערע שכנים און באַקאַנטע. און ווי נאָר זיי האָבן אויף עמיצן געהאַט אַ חשד, אַז יענער פירט זיך ניט לויטן דין, זיינען זיי תיכף געלאָפן עס דערציילן דעם „בית־דיין״. פון פרימאָרגן אָן ביז שפּעט אין אָוונט איז די בית־דין שטוב געווען באַלאַגערט פון די חטאים־זוכער. די דיינים האָבן יעדן חשד גוט אויסגעפאָרשט. זיי האָבן אָבער זעלטן ווען געפונען אַ האַרבע עבירה, דאָס רוב חשדים האָבן ניט געהאַט קיין האַפטיקייט. זיי זיינען געווען בלויז אָפּדוכטעניש, וואָס קומען פון צעשראָקנקייט. און די עבירות, וואָס מען האָט געפונען זיינען געווען מינדווערטיקע עבירהלעך. דיינים, וואָס בלויז צדיקים היטן זיי אָפּ, און בלויז מחמירים זיינען אויף זיי מחמיר.

איין טאָג איז אַ יגיע־כפּימניק, אַ וואַסער־טרעגער, וואָס האָט געדאַוונט אין דער „שואבי־מים״־קלויז, געקומען צום „בית־דין״ און שעמעוודיק געזאָגט:

— הייליקער בית־דין, איך בין געקומען אָנקלאָגן שלמה־בערן, דעם

וואַסער־טרעגער. זייט אָבער מיר ניט חושד, אַז איך בין זיינער אַ שונא. אדרבא, מיר זיינען די בעסטע גוטע פריינט. מיין שטענדער שטייט לעבן זיין שטענדער אין „שואבי־מים״־קלויז. און פאַר יאָרן־לאַנג וואוינען מיר אין שכנות, אַ טיר ביי אַ טיר. אונדזערע קינדער האָבן זיך צוזאַמען אויס־געהאָדעוועט און מיר האָבן זיך אויך מתחתן געווען. זיין טאָכטער איז מיינע אַ שנור. איך מיט שלמה־בערן האָבן זיך, אין אונדזער גאַנץ לעבן, אפילו קיין איין בייז וואָרט ניט איבערגערעדט. ער איז פון תמיד־אָן געווען אַן ערלעכער ייד. זיינע עמערס זיינען ניט קיין געגנאַרטע. ער גיט אַכטונג, אַז זיי זאָלן זיך אָנשעפּן פול, ביז די ראַנדן. ער היט זיך זייער ביים טראָגן די נאַסטשע, דאָס וואַסער זאָל זיך ניט אויספּלושקען. לעצטנס אָבער, האָט שלמה־בער זיך פאַרנומען אויף אַ שלעכטן וועג. יעדן טאָג, נאָכן אויסטראָגן די וואַסער, גייט ער איבער די הייזער און קלייבט נדבות.

דער וואַסערטרעגער כאַפּט אָפּ דעם אָטעם און ער רעדט ווייטער:

— איך האָב עטלעכע מאָל געפּרוּווט מיט אים איינטענהנען: — שלמה בער, ווייסטו דען אַליין ניט, אַז עס איז אַן עבירה אָנצוקומען צו מענטשן, ווען דער בורא שיקט דיר צו דיינע מזונות. די ביסט דאָך צו־זאַמען מיט מיר געשטאַנען אויפן שול־הויף. דו האָסט דאָך פּונקט ווי איך געהערט, ווי דער גאון האָט געלאָזט אויסרופן דעם חרם אויף די חסידים. האָסטו דען ניט קיין מורא, אין אַזאַ האַרבער חרמדיקער צייט, צו באַגיין אַזאַ גרויסן חטא? אויב דו זשאַלעוועסט זיך אַליין ניט, טאָ זשאַלעווע דיינע זין, שנור און איידעמס. אָבער שלמה־בער טוט מיך אפילו ניט ענטפערן אויף מיינע טענות. ער שווייגט. בין איך איצט גע־קומען אים צו פאַרקלאָגן. איך בעט ביי אייך, בית־דין, אַז איר זאָלט שיקן צו אים אַ שמש. אפשר וועט ער פאַר אייך, הייליקע רבנים, האָבן דרך־ארץ און וועט צוריק גיין אויפן דרך־הישר.

די דיינים האָבן גענומען אויספאָרשן דעם וואַסער־טרעגער, וואָס האָט אָנגעקלאָגט זיין אייגענעם מחותן און גוטן פריינט. זיי האָבן צו אים געזאָגט:

— ר׳ ייד, אפשר איז אייער מחותן אַ ניצרך? אפשר טראָגט אים ניט דאָס וואַסער־טראָגעריי אויף חיונה?

דער ייד האָט אָבער רואיק און מיט זיכערקייט געענטפערט:

— הייליקע רבנים, אַ וואַסער־טרעגער באָדט זיך ניט אין קיין עשירות. עס איז אַ בידנע פרנסה. די שווערע נאַסטשעס וואַסער שניידן זיך אַזש אין לייב. אָבער, אַ דאַנק צום בורא, אונדזערער אַ מענטש דאַרף ניט אָנקומען צו אַ מענטשנס גאָב.

דער בית־דין האָט תיכף געשיקט אויפזוכן דעם שלמה־בערן. דער שמש האָט אים באַלד געפונען. ער האָט אים געטראָפן טראָגנדיק וואַסער. און אַזוי, מיט די נאַסטשעס אויף די אַקסלען, האָט דער שמש אים געבראַכט צום בית־דין. שלמה־בער איז געווען בלאַס און צעשראָקן. ער האָט ניט

געוואוסט צוליב וואָס פאַר אַ חטא מען פירט אים צום בית־דין. ער האָט איבערגעטראַכט, אַז אפשר, אַליין ניט ווייסנדיק, האָט ער אַריינגעטראָגן וואַסער אין אַ חסידישער שטוב.

אַז ער האָט אויסגעהערט זיין חטא האָט ער פרייער אָפּגעאָטעמט. ער האָט אפילו ניט געפּרואווט דאָס אָפּצולייקענען. ער האָט זיך מודה געווען אויף זיין זינד, און געזאָגט:

— אמת איך גיי איבער די הייזער. אָבער, אַ דאַנק צום בורא, איך בין ניט קיין ניצרך. ער שפּייזט מיך ברחבות.

דער בית־דין האָט אָנגענומען שלמה־בערן פאַר אַ יידן אַ שוטה. האָבן זיי אים שטאַרק אויסגעמוסרט און דער עלטסטער דיין האָט אים געפרעגט:

— ר׳ ייד, זייט איר מרוצה צו טאָן תשובה און געבן אַ תקיעת־כף, אַז איר וועט שוין מער ניט גיין איבער די הייזער?

שלמה־בער האָט ניט געענטפערט. ער האָט פאַרעקשנט געשוויגן און געקוקט גאָר צום בעליק מיט פאַרגלאָצטע אויגן, ווי ער וואָלט זיך אויף שטום־לשון אויסגעטענהט מיט דעם, וואָס זיצט אויבן אין הימל.

דער אַלטער דיין איז געוואָרן בייז. ער האָט גענומען סטראַשען, אַז ער וועט אים קנסנען מיט מלקות. האָט שלמה־בער רואיק געענטפערט:

—רבי, איך וועל אייער פּסק־דין ניט ווידערשפּעניקן, אָבער איך וועל אויך ווייטער גיין איבער די הייזער.

דער עלטסטער דיין האָט געהייסן דעם שמש, אַז מען זאָל מאָרגן, צו שחרית, פון די בימות, אין נאָמען פון בית־דין אויסרופן, אַז קיינער זאָל מער ניט געבן דעם שלמה־בערן קיין נדבות. ער איז אַ זייפן. ער באַרויבט דעם חלק פון נויט־באַדערפטיקע אָרימעלייט. והשנית, זאָל מען אויך געבן צו וויסן פון דער בימה, אַז איידער די זון פאַרגייט, וועט מען אים, דעם שווינדלער, קנסנען מיט „מלקות.״

אויף מאָרגן אינדערפרי, גלייך נאָך שחרית דאַוונען, איז אַ חשובער ווילנער בעל־הבית, וואָס האָט געשעמט פאַר אַן יידן אַן עושר, אַ פאַר־אָטעמטער געקומען צולויפן צום בית־דין. ער האָט געבעטן דעם דיין ראשי ער זאָל הייסן אַלע זייטיקע מענטשן פאַרלאָזן די שטוב — ער האָט צו פאַר־טרויען אַ סוד. דער בית־דין האָט שוין געהאַט זיך געקליבן צו דערפילן זיין בקשה. פּלוצים האָט דער חשובער באַלעבאָס זיך אָפּגערופן:

— רבי, זאָלן עס אַלע הערן. מיך אַרט שוין איצט ניט, וואָס איך וועל ווערן פאַרשעמט. איך וועל מיט פרייד אויפדעקן מיין חרפּה, אַבי אַרונ־טערצונעמען די שאַנד פון שלמה־בערן, דעם וואַסער־טרעגער. זייט אַלע וויסן, אַז ער איז אַ ייד אַ צדיק. ער איז ריין פון דער זינד. ער איז ניט געגאַנגען איבער די הייזער פאַר זיין אייגענעם וואוילטאָג. הערט אויס, וואָס עס האָט פּאַסירט:

איך בין מיינע אַלע יאָרן געווען אַ ייד אַן עושר. האָט מיט מיר געטראָפן אַן אומגליק אין מסחר און איך בין געוואָרן פאַראָרימט. איך האָב עס געהאַלטן בסוד. איך האָב זיך געשעמט פאַר לייטן. האָב

איך נאָך אַלץ געשפּילט די ראָלע פון אַ גביר. שלמה־בער האָט יאָרן־לאַנג צו מיר אין שטוב געטראָגן וואַסער. זיינען די טירן פאַר אים געווען אָפן. קיינער האָט ניט נאָכגעקוקט, ווען ער קומט אַריין און ווען ער גייט אַרויס. האָב איך זייער מורא געהאַט, אַז ער, אַ בן־בית, זאָל זיך ניט דערוויסן, אַז ביי מיר אין שטוב הערשט דער דלות. האָט מיין ווייב זיך געקליגט און אָנגעשטעלט אויפן פּליטע גרויסע טעפּ מיט וואַסער און זי האָט זיי געלאָזט זידן, שלמה־בער זאָל מיינען, אַז ביי אונדז לעבט מען נאָך אַלץ אין רחבות. ר׳ שלמה־בער האָט זיך אָבער איין טאָג געכאַפּט, אַז עס שפּירט זיך ניט קיין ריח פון קאָכן. האָט ער אַריינגעקוקט אין די טעפּ און דערזען, אַז זיי זיינען ליידיקע. פאַר רחמנות אויף מיר, דעם יורד, איז ער, דער גרויסער צדיק, זיך אַליין מבזה. ער גייט איבער די הייזער צו קלייבן כלומרשט פאַר אים אַליין נדבות און בסוד ברענגט ער די פּרוטות צו מיר, דעם שטילן יורד.

אַז דער ביתדין האָט דאָס דערהערט, האָבן זיי געשיקט רופן שלמה־בערן און געבעטן ביי אים ער זאָל זיי מוחל זיין, וואָס זיי האָבן אים, דעם צדיק, בחינם אַזוי האַרב אויסגעמוסרט און פאַרשעמט פאַר מענטשן.

נאָך די אַלע חטאים־זוכענישן האָט מען ערשט דערזען, וואָס פאַר אַ צדיקים עס זיינען די ווילנער יידן. אָנשטאָט עבירות האָבן זיך גאָר אויפ־געדעקט אַזויפיל שיינע מידות און מעשים־טובים. עס האָט זיך גאָרניט געלאָזט גלייבן, אַז מענטשן פון בלוט און פלייש, מיט זייערע חומרדיקע גלוסטן, זאָלן דערגרייכן צו אַזאַ הימלשער הויכקייט. האָבן טאַקע דעם גאונס תלמידים געזאָגט:

— איצט זעט מען דעם חילוק צווישן אונדזער רבין, דעם גאון הגאונים, און די חסידישע רביים. ר׳ אליהו האָט גענומען מענטשן און געמאַכט זיי פאַר מלאכים און די חסידישע רביים האָבן גענומען מלאכים און געמאַכט זיי פאַר חומרדיקע גופים.

דעם גאונס תלמידים האָבן אויך מיט צער געזאָגט:

— עס האָבן זיך שוין דאָך געהערט די טריט פון משיחן. די וועלט האָט שוין גענומען ווערן כולו־זכאידיק, זיינען די חסידים געקומען און זיך צו להכעיס פאַרלייגט צו מאַכן די וועלט פאַר חייב.

⁂

ר׳ אליהו האָט באַלד נאָכן אויסרופן דעם חרם ווי פאַרגעסן אין דער מחלקה. ער האָט זיך גענומען צוריק צום לערנען. ער האָט איבער־געקוקט זיין פּירוש אויף „ספרא־דצניעותא״, און זיך גענומען צוגרייטן מסדר זיין אַ נייעם „שולחן־ערוך״. ער האָט די שמירה אויף אָפּצוהיטן די תקנות פון דעם חרם איבערגעלאָזט פאַרן ווילנער אָב בית־דין, ר׳ שמואל בן אביגדור מיט זיינע זיבן דיינים. ער, דער רב, האָט געפּסקנט אַלע שאלות, וואָס זיינען אַרויסגעקומען צוליבן חרם. ער האָט געמשפּט די מתפּללים פון חסידישן מנין.

זינט דער גאון האָט אים, דעם רב, פאַרבעטן צו תתמענען זיך אויפן

חרם, האָט זיך איינגעשטילט די מחלקה, וואָס האָט אַזוי שטאַרק געפלאַמט. ווײַבאַלד דער גאון אַליין האָט אים אָפּגעגעבן כבוד, האָט שוין קיינער ניט געוואַגט אויף אים צו קריגן. ער, דער רב, איז געווען זייער האַרב צו די חסידים. ער האָט פאַרמשפּט צו געבן מלקות, אַפילו זיינע פריערדיקע ידידים. ער האָט אויך פאַרזאָגט די שמשים פון די קלויזן, זיי זאָלן האַלטן אונטער אַ שלאָס די ספרי קבלה. זיי זאָלן אַרויסגעבן צום לערנען, בלויז צו די, וואָס וועלן וויזן זייך, דעם רבס, אַ כתב, אַז זיי זיינען בקי אין ש״ס און פּוסקים און זיינען ראוי צו לערנען תורה שבנסתר. זיינען די ווילנער לומדים געגאַנגען זיך פאַרהערן ביי דעם רב. זיי זיינען ניט אַזוי אויסן געווען דעם היתר צו מעגן לערנען תורה שבנסתר. זיי איז מער אָנגעגאַנגען צו קריגן דעם כתב, אַז זייערע קינדער נאָך זיי זאָלן האָבן מיט וואָס זיך צו יחוסן, וויזן אַ געשריפט, אַז זייער טאַטע איז געווען אַ גרויסער למדן. ביי די פאַרהערן האָט זיך ווידער אַרויסגעוויזן די גדלות פון די ווילנער ייִדן. עס האָבן זיך אויפגעדעקט אַזויפיל לומדים, גאַר ניט צו ציילן, און פיל פון זיי זיינען געווען פּשוטע בעלי־מלאָכות: שוסטער, שניידער, סטאָליאַרעס. די מערסטע צאָל לומדים ביי די „בזעת־אַפּיכּניקעס״ זיינען געווען די טאָקערס און די בלעכער.

דער ווילנער רב, ר׳ שמואל בן אביגדור, איז געווען זייער שטרענג ביים פאַרהערן. ער האָט זייער מדקדק געווען ביים אַרויסגעבן אַ „כתב״. ער, דער עלוי, האָט איצט געזוכט צו וויזן דער שטאָט, אַז די ראשי־הקהל האָבן זיך בחינם אויף אים מתרעם געווען, און עס איז ניט אמת, וואָס זיי האָבן געזאָגט, אַז ער פוילט זיך צום לערנען און ער שלאָפט אָפּ גאַנצע נעכט. ביי אים אין שטוב איז טאַקע געווען פינצטער, אָבער ער האָט געלערנט אויף אויסנווייניק. די בעסטע ראיה, אַז עס איז אמת, קענען זיי זען, ווי איצט ביי די פאַרהערן, כאַפּט ער, דער בעל־פּלפּול, די גרעסטע לומדים ביי טעותן, אַפילו אין בקיאות. ער, דער רב, דערלעבט איצט נקמה אין זיינע שונאים. ער האָט נחת־רוח, וואָס ער, מיט זיינע האַרבע קשיות שפּאַרט צו זיינע פריערדיקע קעגנער צו דער וואַנט. זיין פרייד וואָלט געווען פאַרפולט, ווען זיין יונג זיווג, די גרויסע יפת־תואר און חכמה וואָלט דערלעבט די נחמה, צו הערן, ווי ער היצט זיך, און רופט אַ בכבודיקן למדן: עם־הארץ!

דער גאון האָט זיך אָפּגעשיידט פון דעם גאַנצן טומל. ער האָט זיך אַליין און אויך זיינע תלמידים געאיילט צום לערנען. ער האָט זיך געמיט מיט אַלע כוחות צו כאַפּן די צייט, וואָס איז, צוליב די וויכוחים מיט די חסידים, אַוועק לאיבוד. דעם ערשטן אָוונט, גלייך נאָכן אויסרופן דעם חרם, האָט ר׳ אליהו געבעטן זיין שמש ער זאָל אַריינטראָגן אַ קרוג מיט קאַלט וואַסער. די תלמידים האָבן פאַרשטאַנען, אַז זייער רבי, גרייט זיך צום לערנען אַ גאַנצע נאַכט. ער דאַרף דאָס וואַסער אַריינצוטאָן זיינע הענט, אויב עס וועט אים באַפאַלן אַ שלעפערדיקייט. ר׳ אליהו האָט מיט ליבשאַפט און וואַרימקייט אָנגעקוקט זיינע תלמידים און צו זיי געזאָגט:

— זייט זיך ניט מצער, וואָס צוליב דעם וויכוח מיט יענע לייט, האָט איר מבטל געווען אייער לערנען. איך בין בטוח, אַז איר וועט קריגן דעם זעלביקן שכר, ווי איר וואָלט געלערנט. אויב אַ מענטש טוט אַ פּעולה פאַר דער תורה, איז ביים בורא אַזוי חשוב, ווי ער וואָלט געטאָן אַ פּעולה אין דער תורה. אָבער מען קען עס דאָך ניט אָנרופן: — לערנען. — עס איז דאָך פאָרט ניט געלערנט. עס איז אין דער גאַנצער בריאה ניטאָ קיין צוויי זאַכן, וואָס זאָלן זיין גלייך. אַפּילו אַ גרעזל איז איינס אַנדערש פון צווייטן, ניט בלויז אין מראה, נאָר אויך אין טעם. אַפּילו אַ חפץ, וואָס איז ענלעך אויפן צווייטן חפץ, איז עס דאָך אַלץ ניט יענער חפץ.

דער גאון האָט זיך פאַרטראַכט און באַלד ווייטער געזאָגט:

— אונדזער הייליקע תורה הייבט זיך אָן מיט „בראשית ברא". יעדער אות אין דער תורה האָט אַ גרויסן באַדייט. זיי זיינען אַלע אַליין „ראשי־תי־בות" פון צענדליקער ווערטער. דער „בית" דייטעט אָן, אַז די ערשטע זאַך איז באַשאַפן געוואָרן די צייט, און ממילא איז שוין מיט איר אינאיינעם באַשאַפן געוואָרן דעם עצם באַשאַפונג, וואָס איז דער גרונט־שטיין פון דער בריאת־העולם. מיט דעם כוח האָט דער בורא באַשאַפן דעם „יש מאין". ער האָט פון אַ תוהו ובהו אויפגעבויט אַזעלכע וואונדערלעכע וועלטן. זיין דערהויבנסטע יצירה איז דער מענטש. ווייל אים האָט ער דאָך באַשאַפן מיטן „צלם־אל־קים". ער האָט אין אים אַריינגעגעבן זיין כוח פון יצירה. יצירה איז ניט אַזאַ הויכע מדרגה ווי בריאה עס האָט ניט דעם כוח צו שאַפן אַ „יש מאין". עס האָט אָבער דעם כוח צו זיין אַ שעפער, צו שאַפן פון דעם „יש" אַ שענערן „יש". לכן איז די שליחות פון מענטשן ניט צו לאָזן גיין די צייט לאיבוד. יעדע מינוט איז ער מחויב צו שאַפן און אויפטאָן חדשות אויף דער וועלט.

די צייט איז אין דער בחינה פון געלאָף. אַלץ וואָס אַנטלויפט קען מען כאַפּן, אָבער ניט די צייט. אָבער דאָס מיען זיך זי צו כאַפּן איז שוין פאַררעכנט ווי געכאַפּט. מען ווערט באַלוינט מיט „סיעתא דשמיא". דאָס זיינען שוין דעם בוראס גמילות־חסדימדיקע דרכים.

דעם גאונס תלמידים האָבן פון זייער רבינס רייד פאַרשטאַנען, אַז ער פאַרלאַנגט, אַז זאָלן זיך מיען צו כאַפּן די צייט, וואָס זיי האָבן מבטל געמאַכט ביים פירן די וויכוחים מיט די חסידים. האָבן זיי, אַליין אויך מתמידים, זיך באַלד געזעצט לערנען. און כאָטש מידע, האָבן זיי די גאַנצע נאַכט אָפּגעלערנט מיט ברענענדיקער התמדה. זיי האָבן אַפילו ניט געהערט, ווי די שטאָטישע וועכטער האָבן גענומען קלאַפּן מיט זייערע קאַלעקאָטקעס און אָנגעזאָגט: עס קומט אָן דער ליכטיקער טאָג. ערשט זיי זעען, אַז דער גאון שטייט לעבן זיי, און ער זאָגט צו זיי מיט גרויס ליבשאַפט:

— גייט אַהיים זיך אויסרוען. עס איז אַ בפירושער פסוק: „ונשמרתם לנפשותיכם" — איר זאָלט אָפּהיטן אייער געזונט.

זיי, די תלמידים, האָבן קיינמאָל ניט איבערגעפרעגט זייער רבין. זיי האָבן תמיד באַלד געטאָן זיין רצון. זיי האָבן פאַר אים מורא געהאַט

און אים ליב געהאַט ווי דעם, וואָס זיצט אין הימל. האָבן זיי צוגעמאַכט די גמרות און געזאָגט:

— רבי, גיט אונדז דעם רשות, אייך צו באַגלייטן אַהיים.

דער גאון האָט זיך צעשמייכלט און געענטפערט:

— איך וועל נאָך ווייטער לערנען, קוקט זיך אָבער ניט איין אויף מיר, איך בין אַ גיבור!

די תלמידים זיינען אַוועק זיך אָפּרוען אין זייערע היימען. זיי זיינען ערשט בייטאָג געקומען צוריק אין קלויז. זייער רבי איז נאָך אַלץ געשטאַנען ביי זיין שטענדער און געלערנט מיט התמדה. עס איז אויף אים גאָרניט געווען קענטיק, אַז ער האָט שוין אַ מעת־לעת ניט צוגעמאַכט אַן אויג. ערשט פאַרנאַכטלעך האָט ר׳ אליהו זיך דערשפּירט שטאַרק מיד. האָט ער זיך צוגעשפּאַרט אויף דער האַרטער באַנק. אָבער אויך אין שלאָף האָט ער, דער איש־אלקים, געטראַכט אין דער תורה. די קנייטשן אויף זיין שטערן האָבן געהאַלטן אין איין לויפן אַרויף און אַראָפּ, און פון זיינע ליפּן האָט געפליסט תורה.

ר׳ אליהוס כשרונות זיינען אַלע הימלשע. עס איז זיי ניט משיג צו זיין מיטן מענטשלעכן פאַרשטאַנד. איין כשרון איז ניט קלענער פונעם צווייטן. איז אויך זיין התמדה אַן עליונדיקע. פון יינגלוויז אָן האָרעוועט ער טאָג און נאַכט אויף דער תורה. ער עסט ווייניק און שלאָפט ווייניק און דאָך ווייזט ער אַרויס גבורה. זיינע חידושים שפּייזן און דערנערן ניט בלויז זיין נשמה, נאָר אויך זיין גוף. ער טוט אויף וועלטן אין דער תורה.

זיין פּירוש אויף „משלי" איז איבער דער גאָרער וועלט געקרוינט געוואָרן מיטן הויכן טיטול: „תנא דבי אליהו". ער האָט אין משנה און גמרא געענדערט און צו געשטעלט ווערטער, האָבן די רייד פון די תנאים און אמוראים געקראָגן גאָר אַן אַנדער זין. די „מסכתות־קטנות" האָט ער איבערגעשריבן מיט זיין אייגענעם נוסח, און אויף תורה שבנסתר מחבר געווען גאַנצע זיבעציק ספרים.

ר׳ אליהוס עול איז די תורה. ער האָט זי ליב מיט זיינע אַלע חושים. ער איז זיך פאַר איר מוסר נפש. ער האָט אָבער ניט ווייניקער ליב דעם מענטשן, און זאָגט צו זיינע תלמידים:

— אויב ביים בורא איז דער אָדם באַליבט, טאָ פאַרוואָס זאָל ער ביי דיר, מענטש, ניט זיין באַליבט. דער בורא, די תורה און דער מענטש זיינען דאָך איינס. דורך דעם מענטשן ווייזט דער בורא זיין כח. און פונקט ווי דער מענטש דאַרף די תורה, אַזוי דאַרף די תורה האָבן דעם מענטשן. ווער אָבער ניט קיין בעל גאווה! אַז דער בורא, וואָס האָט דיך באַשאַפן, האַלט זיך ניט גרויס קעגן דיר, טאָ פאַרוואָס זאָלסטו זיך האַלטן גרויס?

איינע פון ר׳ אליהוס עליונדיקע כשרונות איז געווען זיין עניוות. זי איז געווען אַ גאוניש דורכגעטראַכטע. ער האָט געוואוסט, אַז ער שטייט אויף דער העכסטער מדרגה, און דאָך אַן עניו. אַ גאון אויך אין לשון קודש, אָבער גע־רעדט האָט ער אין יום־יום לשון. אויך זיינע תלמידים האָבן זיך אַזוי געפירט. זיי האָבן בלויז אין די שבתים גערעדט לשון־קודש. פאַר זיי, ניט קיין רגילים

צו ריידן העברייאיש, איז עס געווען אַ גדר, זיי זאָלן ניט ריידן קיין דברי חול. ר׳ אליהו האָט אויך זיין תורה געזאָגט אין יום־יום לשון. בלויז ווען ער האָט מורא געהאַט, אַז מען קאָן נאָך אפשר ביים איבערשרייבן מאַכן אַ טעות, האָט ער עס שוין געזאָגט אין העברייאיש. ער האָט אָפט אויך געשריבן בריוו אין יידיש. אַ ייד אין גאַליציע האָט איין יאָר אים מהנה געווען. ער האָט פּאַה אים איינ־געשאָפט אַ מהודרדיקן אתרוג, האָט דער גאון צו אים געשריבן אַ בריוול. עס איז באַשטאַנען פון בלויז איין וואָרט: ד נ ק. דעם יידן אין גאַליציע האָט ניט געאַרט, וואָס עס איז אַזוי בצמצומדיק געשריבן, נאָר וואָס דאָס וואָרט איז אין פּשוטן יידיש. האָט ער ווען דעם אָנגעפרעגט דעם גאון. ר׳ אליהו האָט אים באַלד געענטפערט, און ווידער בלויז מיט איין וואָרט: „עולם־הבא״. דער גאַליציאַנער גביר האָט ניט פאַרשטאַנען דעם גאונס ענטפער, האָט ער דעם בריוו אַוועקגעטראָגן ווייזן דעם רב פון זיין שטאָט, אַ ליטווישער ייד, און אַ גרויסער למדן. האָט ער באַלד געכאַפּט דעם גאונס כוונה און צום גביר געזאָגט:

— „דאַנק״ איז בגמטריא — „עולם־הבא״. דעם גאונס כוונה איז דאָ צו פּסקנען, אַז ניט דער לשון איז הייליק, נאָר דער עיקר, אַז די רייד זיינען הייליק.

ר׳ אליהו האָט זייער ליב געהאַט זיין שטאָט ווילנע. זיינע צוויי זיידעס, די פּירשטן אין דער תורה: ר׳ משה דער קרעמער און ר׳ משה רבקהס, דער „באר הגולה״, האָבן דאָך דאָרטן מרביץ תורה געווען. אויך זיין טאַטע, ר׳ משה זלמן, איז דאָך אין ווילנע געבוירן געוואָרן. זיין מאַמע, טריינע, האָט שוין גע־שטאַמט פון סיעלץ. זי רוט אָבער אויפן ווילנער בית־עלמין. דאָס ערשטע יאָר נאָך איר פּטירה איז ער מיט זיין יינגערן ברודער, יששכר בער, אין חודש אלול, געגאַנגען צו איר אויף קבר אָבות. מיט אַ יאָר שפּעטער, אַז זיין ברודער האָט אים גערופן צו גיין אויפן בית־עולם, האָט ער אים געענטפערט:

איך וועל אויפן בית־עולם ניט גיין. די מאַמע האָט פאַראַיאָרן זיך לכתחילה געפרייט, וואָס מיר זיינען געקומען, אָבער נאָכדעם האָט זי געהאַט צער, וואָס איך האָב צער. איך ווייס, אַז זי איז מער צופרידן, איך זאָל זיצן און לערנען, איידער צו גיין אויף קבר־אָבות.

ר׳ אליהו האָט קיינמאָל ניט גערעדט וועגן טויט. ער איז געווען פאַרטאָן מיט דער לעבעדיקער וועלט, וואָס איז אַן עולם המעשים. מען קען דאָ אַזוי פיל אויפטאָן. ער האָט געהאַט צער, וואָס אין זיין ווילנע האָט זיך צעפלאַקערט אַזאַ ביטערע מחלקה, פון די פרנסים מיטן רב, ר׳ שמואל בן אביגדור. ער האָט אָבער מורא געהאַט זיך אַריינצומישן, ער זאָל זיך אויך ניט אַריינפּלאָנטערן אין דער מחלקה. ער האָט געוויכט פון קריגערייען. ער האָט זיך אויך געהיט, ניט אַרויס־צוקומען אָפן קעגן דער חסידישער שיטה, כאָטש ער האָט זי געהאַלטן פאַר אַ גרויסער סכנה פאַר דער תורה. ער האָט געזוכט איר מנצח צו זיין דורך פאַר־שטאַרקן די תורה אין זיין אייגן ליטע לאַנד. דערהויבן דאָרט די קדושה צו אַזאַ הייכקייט, אַז די קדושה זאָל פון זיך אַליין פאַרשטויסן די חסידישע שיטה. האָבן

זיינע תלמידים געזאָגט, אַז ווען ר׳ שניאור זלמן וואָלט ניט געקומען קיין ווילנע און ניט געזוכט אַריבערצוברענגען זיין שיטה אין דער ליטע, וואָלט צו קיין מחלקה ניט געקומען.

נאָכן אויסרופן דעם חרם האָט ר׳ אליהו, נאָך מיט מער פלייס, זיך גענומען צום לערנען. צוגרייטן זיין נייעם „שולחן־ערוך״. אַריינברענגען אַלע דינים, וואָס ר׳ יוסף קארו האָט אויסגעלאָזט, און יעדן דין מסביר זיין על־פי שכל, און באַפעסטיקן מיט צענדליקער ראיות פון דער תורה שבכתב.

איין טאָג, האָבן זיך צונויפגעזאַמלט זיינע אַלע תלמידים. ר׳ אליהו האָט זיי מסביר געווען זיינע כוונות אין „שולחן־ערוך״. פלוצים האָט זיך אַן עפן געטאָן די טיר. עס איז אַריינגעקומען ר׳ סעדיה. ער איז געווען בלאַס און צעטראָגן. ר׳ אליהו האָט זיך אויפגעשטעלט און, אַ פאַרזאָרגטער, אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז געשען?

אין טרויער האָט ר׳ סעדיה אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און אין צער געענטפערט:

— רבי, די חסידים האָבן זיך באַהעפט מיטן שטן, זיי ווילן ניט דערלאָזן לערנען תורה. זיי האָבן זיך שוין אַריינגעריסן אין די גרענעץ־שטעט פון ליטע און רייסן. דער רב פון דעם קליין שטעטל אַמדור, איינער אַ ר׳ חייקל, פראַוועט שוין בפרהסיא אַ חסידישן טיש. ער נעמט פדיונות און טיילט קמיעות. די חסידים שמועסן אין דעם עולם, אַז דער חרם איז חל בלויז אויף ווילנע.

אַן אומעטיקער האָט דער גאון באַלד צוגעמאַכט דעם „שולחן־ערוך״, און געזאָגט:

דער וואָס הייבט אָן אַ מצווה איז מחויב זי צו פאַרגאַנצן. דער דין איז, אַז מען טאָר זיך ניט זעצן לערנען איידער מען מאַכט אַ ברכה אויף דער תורה. מען דאַרף ווייזן, אַז מען האָט ליב די תורה און מען איז גרייט פאַר איר אפילו זיך מוסר נפש צו זיין. דאָס איינענע טאָר מען זיך ניט זעצן לערנען איידער מען זעט, אַז דער כבוד פון דער תורה איז געזיכערט.

דער גאון האָט זיך באַלד געווענדט צו די סופרים און צו זיי געזאָגט:

— שיקט אַרויס דעם חרם קיין מינסק, קיין שקלאָוו, קיין בריסק, קיין גראָדנע און אין אַלע גרענעץ־שטאָט פון ליטע און רייסן. שרייבט אין מיין נאָמען צו די רבנים פון די דאָזיקע חשובע קהלות, אַז זיי זאָלן זיך אַלע חתמענען אויפן חרם, און זיי זאָלן אים לאָזן אויסרופן פון זייערע בימהס.

נאָכן ענדיקן פאַרזאָגן די סופרים און שמשים, האָט דער גאון צוגערופן צו זיך ר׳ סעדיהן, און זיין מחותן, ר׳ מאירל סערייער, און ער האָט צו זיי געזאָגט:

— לאָזט זיך גלייך אין וועג. פאָרט איבער די שטעט פון דער ליטע און רייסן. רופט אויף אַסיפות. וועקט אויף דעם יידישן עולם. דערציילט זיי פון דער גרויסער סכנה. גיט זיי צו פאַרשטיין, אַז די חסידישע רביים פאַרפירן זיי אין זומפּ אַריין.

ר׳ מאיר, דער עניו, האָט זיך גענומען בעטן ביי זיין מחותן:

— רבי, גיט מיך מיט אַ בריוו, אַז איך בין אייערער אַ שליח. רבנים וועלן דאָך מיך אַפילו ניט אַרויפלאָזן אויף זייער שוועל. וואָרים, ווער בין איך? און וואָס בין איך?

ר׳ אליהו האָט ממלא געווען זיין רצון. ער האָט זיך געזעצט שרייבן. ר׳ מאירל איז געווען אין הוילער שרעק — טאָמער וועט זיין אַמאָליקער חבר שרייבן וועגן אים גרויסע לויב־ווערטער, וועט ער זיך דאָך שעמען אַפילו צו ווייזן דעם בריוו.

ר׳ מאירל, מיט ר׳ סעדיהן, האָבן זיך געיאָגט קיין מינסק, די יידישע רעזידענץ־שטאָט פון רייסן. זיי זיינען געפאָרן אויף אַ קליין פורל, געשפּאַנט אין צוויי פּאַטשט־פערד, וואָס פון זייער לויפן האָט די ערד אַזש אונטער זייערע פיס געציטערט.

אַז ר׳ סעדיה מיט ר׳ מאירלען זיינען אָנגעקומען קיין מינסק, האָבן זיי גלייך זיך געמאָלדן צום בית־דין, און זיי איבערגעגעבן דעם גאונס בריוו, וואָס איז געשריבן געוואָרן שטרענג, ווי אַ דעקרעט. ר׳ אליהו האָט ניט געבעטן קיין טובות. ער האָט האַרב באַפוילן, אַז דער מינסקער בית־דין, מיט זייער רב, זאָלן פאָלגן און טאָן אַלץ, וואָס זיינע שלוחים וועלן פאַרלאַנגען.

דער בית־דין פון מינסק האָט באַלד אָנגעזאָגט די שמשים אין אַלע מינסקער קלויזן, זיי זאָלן אויסרופן פון די קלויזן: „דער ווילנער גאון האָט אַראָפּגעשיקט זיין מחותן, ר׳ מאיר סערייער, און זיין תלמיד מובהק, ר׳ סעדיה, מיט אַ הייליקער שליחות, צו די מינסקער יידן. איז דער בית־דין, אין כבוד פון גאון, גוזר, אַז ווי נאָר די זון וועט זיך שטעלן אין מיטן הימל, זאָלן די קרעמער פאַרמאַכן די קראָמען און די בעלי־מלאָכות זאָלן איבערלאָזן זייערע וואַרשטאַטן. אַלע זאָלן זיך צונויפזאַמלען אין דער גרויסער שול, צו הערן, וואָס דער ווילנער גאון פאַרלאַנגט פון די מינסקער יידן”.

אין שטאָט איז געוואָרן אַ גערודער. יעדער איינער האָט געפּרוווט טרעפן, וואָס די שליחות איז. מען האָט אָנגענומען די שכלדיקע השערה, אַז דער גאון האָט אַוודאי געשיקט אָנזאָגן די גוטע בשורה, אַז משיח קומט.

אַלע, אַלע זיינען געקומען אויפן שול־הויף. מען האָט זיך מיט פאָרכט צוגעקוקט, ווי עס שטייגן אַרויף אויף דער בימה דעם גאונס שלוחים.ביידע איינגעהילטע אין טליתים און תפילין. דער ערשטער האָט זיך געשטעלט דרשהנען דעם גאונס מחותן, ער, ר׳ מאירל, דער שטילער מענטש, האָט נאָך אין זיין גאַנצן לעבן ניט אויפגעהויבן הויך זיין שטים, קיינעם ניט געמוסרט און קיינמאָל ניט געהאַלטן קיין דרשות פון דער בימה. אַז מען פלעגט אים בעטן צו דרשהנען, פלעגט ער, דער עניוו, ענטפערן: — דער תנא זאָגט: „קשוט את עצמך” — וואָס גייסטו יענעם שטראָפן? — פאַרוואָס טוסטו ניט זיך אַליין שטראָפן?

איצט, אויף דער מינסקער בימה, האָט ער, דער שטילער מענטש, אויפגעהויבן זיין שטים אַזוי הויך, אַז די פענצטער האָבן זיך אַזש געטרייסלט. ער, וואָס האָט קיינמאָל ניט אויסגערעדט קיין שלעכט וואָרט, האָט איצט אויסגע־

רעדט אויף די חסידים כל דבר אָסור. ער האָט זיי אָנגערופן מיט די ערגסטע נעמען, זיי געטאַדלט און אָפּגעחוזקט פון זייערע רביים. זיין שרעק און שנאה צו די חסידים האָט זיך איבערגעגאָסן אין אַלעמענס הערצער.

ר׳ מאירל האָט מיט זיין התלהבות אָנגעצונדן די קאַלטסטע געמיטער און אויפגעזאָדן די היציקע. ער האָט אַזוי קלאָר באַוויזן, אַז די תורה איז אין אַ גרויסער סכנה, אַז יעדער איינער האָט באַשיינפּערלעך געזען, ווי דער בורא איז אין טרויער און די תורה האָט זיך איינגעהילט אין אַ זאַק. ר׳ מאירל איז געקומען צום אויספּיר, אַז עס איז ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג. מען מוז לייגן די חסידים אין חרם. ער האָט זיך צעוויינט מיט אַזאַ צער און רגש, אַז די מינסקער יידן, גערירטע פון זיין געוויין, האָבן מיט אים מיטגעוויינט. דער המון האָט מיט צאָרן שוין גערופן:

— וואָס וואַרט איר? פאַרוואָס רופט איר ניט אויס דעם חרם? קיין אומשולדיקע וועלן דערפון ניט ליידן!

די שמשים האָבן גענומען אויסטיילן די ליכט, וואָס זיי האָבן געהאַט אָנגעגרייט אין זייערע קאַסטנס פאַרן ווינטער. אין יעדער האַנט האָט געפלעמלט אַ ליכט. באַלד האָבן די בעלי תקיעות גענומען בלאָזן מיט די שופרות. דער מינסקער רב, שוין זייער אַן אַלטער מאַן, האָט מיט ציטערדיקע הענט אויסגעוויקלט דעם פּאַרמעט, וואו עס איז געווען פאַרשריבן דער חרם, און מיט אַ פחדיקער שטים אים געלייענט.

נאָכן חרם האָט דער עולם זיך געלאָזט גיין צום חסידישן מנין. זיי האָבן דאָרט צעבראָכן די שטענדערס און די בענק, און די סידורים מיטן ספרדישן נוסח האָבן זיי, ווי שטיקלעך האָלץ, אָנגעוואָרפן אויף אַ וואָגן און זיי אַוועקגעפירט אויפן בית־עולם, וואו עס רוען אין אַ מויערל די אַלטע שמות און פסולע ספרי־תורהס.

די שמשים פון בית־דין האָבן געכאַפּט דעם חסידישן רבין, וואָס איז געהאַט אַראָפּגעקומען פון אוקראַינע. האַלטנדיק אים פעסט ביי די אָרעמס, האָבן זיי אים, מיט חוזק, געפירט איבער אַלע מינסקער גאַסן. ערשט אויסןשטאָט האָבן זיי אים אָפּגעלאָזט, און מיט אַ האַרבן וואָרט צו אים געזאָגט:

— גיי פון וואַנען דו ביזט געקומען! דו זאָלסט ניט וואַגן זיך אַפילו אומצוקוקן אויף צוריק.

נאָכן אַרויסטרייבן די חסידים פון מינסק, האָט ר׳ מאירל מיט ר׳ סעדיהן זיך אַרויסגעלאָזט איבער די שטעט און שטעטלעך פון רייסן. אומעטום האָבן זיי געהאַט אַ נצחון. דעם גאונס גוטער נאָמען איז פאַר זיי פאָרויס געגאַנגען, און באַשיצט, ווי דער פייערדיקער זייל האָט באַשיצט די יידן אין דעם מדבר.

דעם גאון איז געווען שווער דאָס אָפּשיידן זיך פון זיינע תלמידים. ער האָט זיך געטרייסט מיט דעם דובנער, און אינאיינעם מיט אים קומט אָפּט אַריין אין קלויז ר׳ חיים פאָקראָיער. ער האָט שוין געהאַט תשובה געטאָן, וואָס ער איז פון קנאה אין דעם דובנער געשטרויכלט געוואָרן. ער האָט זיך אַליין געבעטן מען זאָל אים באַשטראָפן מיטן אַריינזעצן אים אין „קונע". ער איז

איצט מיטן דובנער ידידים. ער, דער פרומער מאַן, וויל אָבער מער ניט זיין קיין שטאָט מגיד. ער האַלט, אַז ער איז עס מער ניט ראוי. און שטאָט האָט קוים ביי אים געפּועלט, אַז ער זאָל בלייבן אויף זיין משרה, ביז מען וועט געפינען אַ נייעם מגיד. איין טאָג האָט ר׳ חיים געזאָגט צום דובנער:

— די גמרא דערציילט: דער בורא־העולם האָט אָנגעכאַפּט ירבעם בן נבט „בבגדו״ — ביי זיין קלייד, און ער האָט צו אים געזאָגט: — טו תשובה. וועלן מיר אַלע דריי שפּאַצירן אין גן עדן. האָט אים דער בן נבט געפרעגט: — ווער איז דער דריטער. ענטפערט אים דער בורא: — דוד בן ישי.

— דאָס איז דאָך, — זאָגט דער פּאַקראָיער צום דובנער, — אַ פּליאה־דיקע מימרא. ווי שיקט זיך עס צו זאָגן: דער בורא האָט אָנגעכאַפּט ירבעמען ביי די פּאָלעס? ווידער, פאַרוואָס האָט דער בורא העולם, ביים ענטפערן דעם רשע, דערמאָנט דודס טאָטן? און פאַרוואָס האָט ירבעמען דער ענטפער אַזוי דערצאָרנט? דער פּתרון איז, אַז דאָ טייטשט ניט „בבגדו״, זיין קלייד, נאָר, זיין פעלשונג. אַז דער בורא האָט אָנגעכאַפּט ירבעמען ביי זיין שעלכטער מידה פון קנאה, וואָס ער איז מקנא דודן, וואָס זיין טאַטע איז שוין ניט קיין נבט, נאָר ישי, אַ חשובדיקער מענטש. דער בורא האָט געוואָלט אויספּרובירן, צי ירבעם האָט שוין טאַקע באמת תשובה געטאָן אויף דער מיאוסער מידה, וואָס האָט אים, ירבעמען, דעם גרויסן למדן, פאַרפירט אויף שלעכטע וועגן.

פונקט אַזוי, — רופט ר׳ חיים אויס מיט איפערדיקייט, — איז מיט מיר געשען. איך האָב דאָך אייך מקנא געווען. זוך איך צו כאַפּן זיך אַליין ביי מיין פעלשונג. זען, צי איך לייד נאָך אַלץ אויף דער מיאוסער מידה פון קנאה. בין איך גליקלעך, וואָס איך בין פון איר פּטור געוואָרן, און אויסצופּרואוון, צי איך האָב ניט קיין טעות אין זיך אַליין, בעט איך אייך: נעמט אָן די ווילנער שטאָט־מגידות!..

דער דובנער האָט פון דעם ניט געוואָלט הערן. אָבער ר׳ חיים פּאַקראָיער האָט ניט אָפּגעלאָזט. ער האָט זיך געבעטן ביי אים מיט טרערן אין די אויגן: עס וועט זיין ביי מיר די גרעסטע פרייד, אַז איר, ר׳ יעקב דובנער, וועט פאַר־נעמען מיין משרה. איז ביי זיי געבליבן, אַז זיי וועלן עס פרעגן דעם גאון; הערן, וואָס ער האָט וועגן דעם צו זאָגן. זיי זיינען גלייך ביידע אַוועקגעגאַנגען אין קלויז. זיי האָבן עס דערציילט ר׳ אליהון. ער, דער גאון, האָט זיך זייער גע־פרייט, וואָס ר׳ חיים פּאַקראָיער איז אַ ייד אַ צדיק און האָט געטאָן תשובה מיט זיין גאַנצן האַרצן. און נאָך מער האָט אים געטאָן נחת רוח, וואָס ר׳ יעקב דובנער וועט אויפשטעלן זיין געצעלט אין ווילנע, און ער וועט מער ניט דאַרפן זיך אָפּשיידן פון אים, זיין ידיד בלבו ונפשו.

די שטאָט ווילנע איז אויך געווען מלא שמחה, וואָס דער דובנער וועט ווערן איר שומר. די גבאים האָבן זיך שוין געקליבן צו געבן אים מיט פּאַראַד דעם „כתב״ אויף דער שטאָטישער מגידות. איין טאָג האָט ר׳ אליהו, אַן אומע־טיקער, צו אים געזאָגט:

— די גרעסטע מצווה וואָס אַ מענטש קען דערגרייכן, איז זיך מוסר נפש

זיין פאַר דער תורה, בעט איך ביי אייך, ר׳ יעקב, נעמט ניט אָן די ווילנער מגידות. פאָרט קיין פּאָדאָליע, אין פּוילן. דאָרטן ניטיקט מען זיך מער אין אייערע דרשות, ווי אין ווילנע. איר זאָלט אָבער ניט שטראָפן און ניט באַשטרייטן די חסידות. דערציילט זיי ניט, אַז איר זייט דער דובנער מגיד. וואָרים, אויב יענע וועלן דאָס וויסן, וועלן זיי אפשר אייך ניט אַרויפלאָזן אויף דער בימה. פלאַנצט אין די ליבשאַפט צו דער תורה דורך אייערע שיינע משלים. פירט זיך דאָרטן, צווישן די חסידים, ווי יהושע בן נון האָט זיך געפירט, ווען משה רבינו האָט אים געשיקט קיין ארץ ישראל. ער, וואָס האָט משמש געווען משה רבינון, האָט פאַרשטאַנען די הויכע כוונה פון זיין רבין. איז ער ניט געגאַנגען נאָכקוקן צי די כנענים זיינען שטאַרק אין גוף, און צי די ביימער טראָגן גוטע פירות. ער, יהושע בן נון, האָט שטיל, אָן רעש, דאָרט פאַרשפּרייט גאָטס נאָמען. ער האָט די פעלקער דערציילט פון זיינע גרויסע ניסים און נפלאות און די שיינע מידות פון דער תורה.

— אויך איר, — רעדט ווייטער דער גאון, — קוקט ניט נאָך, ווי די חסידים פירן זיך. די אַלע זאַכן זאָלן אייך ניט אַרן. איר טוט אייער שליחות. פאַרשפּרייט די ליבשאַפט צו דער תורה און צו אירע לומדים. טוט עס אָבער בהדרגה, פּאַמעלעך און שטיל, אָן רעש...

דער גאון האָט פאַרזאָגט דעם דובנער נאָך אַ סך זאַכן, ווי זיך צו פירן און וואָס צו דרשהנען. דער דובנער האָט מיט גרויס געהאָרכזאַמקייט זיך צוגעהערט, און מיט צער זיך צוגעקוקט, ווי אויף דעם גאונס באַקן גיסן זיך טרערן. ער האָט אָבער ניט געשפּירט, אַז אויך פון אים גיסן זיך טרערן.

זיי האָבן זיך געזעגנט און זיך לאַנג געדריקט די הענט. זיי האָבן זיך גאָרניט געקענט אָפּשיידן, ווי זיי וואָלטן ביידע געשפּירט, אַז זיי וועלן זיך שוין מער ניט זען...

◆

## קאַפּיטל כו

אויך די אַנדערע תלמידים פון גאון האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבער די שטעט און שטעטלעך פון ליטע און רייסן צו שטרייטן קעגן די חסידים. און, ווי אין אַלע מלחמות, זיינען אויך דאָ אַרויפגעשוואומען גרויסע העלדן: ר׳ ישראל סלוצקער און ר׳ לייזערל, דער קאָוונער פּרוש. ביידע זיינען געווען דעם גאונס יינגסטע תלמידים.

אַז די חסידים האָבן נאָר דערהערט זייערע נעמען, איז שוין אויף זיי געפאַלן אַ שרעק. ביידע האָבן אַרויסגעוויזן געוואַלדיקע העלדישקייט. ר׳ ישראל סלוצקער איז געווען באַשאָנקען מיט אַ פייערדיק מויל. ער האָט

געבערנט די חסידישע טריט. ער איז געווען זייער בייסיק, זיינע רייד האָבן תמיד געטראָפן אין ציל. ער האָט געשטריטן קעגן די חסידים אין זיין היימלאַנד, רייסן, אין די שטעטלעך אַרום סלוצק. זיין חבר, ר׳ לייזערל פרוש איז געווען פונקט דער היפוך. ער פלעגט זיך פאַראיקען ביים ריידן. ער האָט מורא געהאַט פאַר דער בימה ווי פאַר פייער. ער פלעגט זיך רויטלען פון שעמעוודיקייט, אַפילו ווען מען האָט אים אויסגערופן צו אַן „עליה״. פונדעסטוועגן האָט ר׳ לייזערל פרוש זיך איינער אַליין געקליבן גיין קיין קאָוונע צו האַלטן מלחמה מיט די חסידים. ער האָט אַפילו ניט מיטגענומען מיט זיך קיין בריוו פון גאון. ער איז געווען ביי זיך זיכער, אַז ער וועט זיי מנצח זיין. די זיכערקייט האָט זיך גענומען פון זיין, לייזערלס, אַנדערשדיקן קוקן אויף דער וועלט און מענטשן. ער האָט קיין זאַך ניט געשאַצט לויט איר חיצוניתדיקן אויסזען. ער האָט זיך תמיד געטיפט צו כאַפן די פנימיות. מיט אָט דעם זעלביקן דרך האָט ער באַטראַכט די חסידישע שיטה. ער האָט זיך אַליין געפרעגט: — לייזער קאָוונער, ווען דיין רבי, דער גאון, אסרט ניט חסידות, וואָלסטו אַליין דען ניט אַריבער צו די חסידים? נאָך גוט באַטראַכטן, איז ער געקומען צו דער פעסטער החלטה, אַז די חסידים וואָלטן אים אין זייער נעץ ניט געפאַנגען. זייער שיטה האָט בלויז אַ דרויסנדיקן גלאַנץ. עס פעלט איר די פנימיות, און ער, לייזערל, האַלט דאָך ניט פון חיצוניות.

ר׳ לייזערל איז אין זיך ניט געווען גענאַרט. ער האָט געוואוסט זיינע חסרונות, אַז ער איז אַ כבד־פה און ער ציטערט פאַר דער בימה, ווי מען ציטערט פאַר פייער. האָט ער זיך גוט מיישב געווען, צי ער טויג זיך אויס צו זיין אַ זעלנער. לסוף האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט:

— לייזער, מעגסט רואיק גיין קיין קאָוונע. דו וועסט מצליח זיין. האָסט ניט וואָס מורא צו האָבן, וואָס די חסידים פירן דאָרטן איצט דאָס רעדל. עס זאָל דיך ניט אַרן, וואָס זייערער אַ רבי פראַוועט דאָרטן טישן און טיילט קמיעות, און קאָוונער יידן, וואָס פלעגן זיצן פאַרמוחטע ביי די גמרות, זינגען איצט און טאַנצן ריקודימלעך. דאָס איז דאָך בלויז די חיצוניתדיקע זייט. אין איר פנימיות איז קאָוונע נאָך אַלץ די שטאָט, וואָס האָט ליב תורה. דו דאַרפסט ניט זיין באַשאָנקען מיט אַ כוח הדיבור, ווי דיין חבר, ישראל סלוצקער. דרשנען איז לאוו דווקא. מיט חידושי תורה קען מען גרינגער באַצווינגען קאָוונע, ווי מיט פאָלקן זעלנער.

האָט ר׳ לייזער פרוש זיך באַוואָפנט מיטן יידישן כלי־זיין, מיט די אַלע חידושי תורה, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט ביי זיין רבין, דעם גאון. און פיל מיט מוט, האָט ער זיך גענומען קלייבן קיין קאָוונע. פלוצים, האָט זיך צו אים געהאַט צוגעטשעפעט אַ מחשבה, וואָס האָט אים באַשווערט. ער האָט צו זיך געטענהט:

— לייזער, ווער וועט אין קאָוונע דיך פאַרשטעלן, אַז דו ביזט דעם גאונס תלמיד? דו אַליין וועסט דאָך עס ניט טאָן — דאָס וואָלט דאָך געווען אמתע גאווה.

ר׳ לייזערל האָט די אומעטיקע מחשבה אָפּגעטריבן פון זיך, ווי מען טרייבט אָפּ אַ זשעדנע פליג. אַ מענטש דאַרף האָבן בטחון. אין זכות פון אליהון וועט מען שוין פון הימל מיר ווייזן דעם וועג.

אין אַ באַגינען האָט ער זיך געלאָזט שפּאַנען קיין קאָוונע. דער שליאַך האָט זיך געצויגן פּאַזע דעם שטראָמיקן ווילייע־טייך. פּלוצים האָט אויפֿגעבליצט אַ נייער רעיון, וואָס האָט מיט פריינטלעכקייט צו אים געזאָגט:

— לייזער, די ווילִיע ציט זיך דאָך קיין קאָוונע. וועט ער, דער טייך, ריך פאַרשטעלן פאַר די קאָוונער יידן. ער וועט דערציילן, אַז דו ביזט ר׳ אליהוס אַ תלמיד, און ער, דער גאון, האָט דיך צו זיי געשיקט. זאָל דיך ניט אַרן, וואָס אַ טייך איז אַ שטומע בריאה. דו ווייסט דאָך וואויל און גוט, אַז דער בורא האָט אַריינגעגעבן דעם כח פון קענען דערציילן אויך אין זיין דוממדיקן באַשאַף, ווי דער פּסוק זאָגט: „הימל און די ערד טוען דערציילן״.

ר׳ לייזערל האָט מיט ליבשאַפט געקוקט אויף דעם טייך, וואָס שווימט מיט אַזאַ שטראָמיקן כוח. ער זעט: צום ברעג שיפּלט זיך אַ פויערל. ר׳ לייזערל האָט געקענט ריידן אויף גויאיש. האָט ער מוטיק אַ פרעג געטאָן ביים פויערל:

— אפשר ווילסטו מיך אויף דיין לאָדקע אַוועקשיפלען קיין קאָוונע? איך וועל דיר גוט באַלוינען!

דאָס פויערל האָט געשמייכלט, און געענטפערט:

— קאָוונע? דאָס איז דאָך, ווער ווייסט, ווי ווייט; זעסט ניט, מענטש, אַז מיין לאָדקע איז ניט קיין סך גרעסער, ווי אַ מולטער. דו וועסט דאָך מורא האָבן זיך אפילו אריינצוזעצן.

ר׳ לייזערל האָט אים אויף דעם ניט געענטפערט. ער האָט פאַר זיך אַליין געטראַכט:

„איך קען דאָך ניט דערקלערן דעם גוי, אַז איך האָב ניט וואָס מורא צו האָבן. איך גיי דאָך אין דעם גאונס אַ שליחות, און, שלוחי מצווה אינן ניזוקין!״

האָט ער, גאַרניט ריידנדיק, אַרויסגענומען פון זיין טאַש אַ בייטל מיט זילבערנע טאָלערס. זיין אשה, די פאַרדינערין, האָט אים עס געהאַט מיטגעגעבן, ווען ער איז געפאָרן לערנען אין פּרישות קיין ווילנע. ער האָט לכתחילה ניט געוואָלט נעמען. זי, די צידקניות, איז דווקא אָנגעשטאַנען: „לייזער, נעם! אין דער פרעמד קען עס דיר אַמאָל שטאַרק צוניץ קומען״. האָט ער געטאָן איר רצון און גענומען די זילבערנע טאָלערס. ער ווייסט עד היום ניט וויפל דאָס באַטרעפט. ער האָט דעם בייטל איצט צום ערשטן מאָל געעפנט; ער האָט אַ שאָט געטאָן דאָס געלט אויף דער לאָדקע, ווי קערנער פאַר אַן עוף.

דער בליאַסק פון די זילבער־געלט, וואָס איז געלעגן אויסגעשפּרייט אַנטקעגן דער זון, האָט דעם פויערל פאַרבלענדט די אויגן. ער האָט, פון פאַרוואונדערונג, זיך גענומען צלמען. דאָס גלוסט צום געלט האָט אים, דעם אָרעמען גויעלע, געמאַכט שיכור. ער האָט פאַרגעסן, אַז קאָוונע ליגט

אַזוי ווייט, און דער ווילייע טייך שטראָמט אויף אַראָפּ. וועט ער, צוריק אַהיים, ניט קענען קומען אויף זיין לאָדקע. מען קען זיך דאָך ניט שיפֿן אַזאַ מהלך אַנטקעגן שטראָם. ר׳ לייזערל האָט עס אויך ניט געוואוסט. ער, דער איש מלחמה, האָט זיך פֿאַרשטאַנען בלויז אויפֿן פּנימיותדיקן כּח פון דעם טייך. די חיצוניות איז אים ניט אָנגעגאַנגען.

ערשט, אָנקומענדיק קיין קאָוונע, האָט זיך דאָס פֿויערל געכאַפּט, אַז ער איז אויף צרות. ער וועט זיין געטרייע שפּייזערין, די לאָדקע, וואָס ער כאַפּט אויף איר פיש מוזן איבערלאָזן פֿאַרן טייוול, און מוזן גיין אַהיים צופוס. ער האָט אַ גאַנצן ווינטער געהאָרעוועט, ביז ער האָט אויסגעהוילט פון אַ דיקן קלאָץ זיין מולטערדיקע לאָדקע.

פֿאַר צער האָט דאָס פֿויערל זיך געקלאַפּט דעם קאָפּ אין זיין שיפֿל און אויפֿן קול זיך צעוויינט. ר׳ לייזערל האָט אים געפּרואווט טרייסטן. פּלוצים, האָט דאָס שטילע פויערל, מיט אכזריות, אַ כאַפּ געטאָן זיין טרייסטער ביי די קלאַפּעס און גענומען אים שאָקלען ווי אַ בוים, ווען מען וויל, אַז די פּירות זאָלן פון אים אַראָפּפאַלן.

ביים ברעג טייך האָבן קאָוונער יידישע קאַנזשאַרטניקעס געהאַט געוואָלצעוועט קלעצער. האָבן זיי פון וווייטן דערזען, אַז אַ פויערל שלאָגט אַ יידן, זיינען זיי גיך אַהין צוגעלאָפֿן אים, אַ יידן, אָפּצוראַטעווען פון דעם גויס הענט. די קאַנזשאַרטניקעס, געזונטע, שטאַרקע לייט, האָבן געוואָלט מקיים פּסק זיין דעם פויערל. ר׳ לייזערל האָט זיך אָבער ביי זיי שטאַרק געבעטן, זיי זאָלן אים לאָזן צורו. האָט דאָס די קאַנזשאַרטניקעס געחידושט. זיינען זיי שוין געווען נייגעריק צו וויסן, וואָס עס איז דאָ צווישן דעם יידן מיטן גוי פאַרלאָפן, און פון וואַנען זיי ביידע קומען? ר׳ לייזערל האָט מורא געהאַט צו עפענען דאָס מויל. ער קען נאָך אַריינפאַלן אין נעץ פון גאווה. ער וועט דאָך מוזן זיי דערציילן, אַז ער איז דעם גאונס אַ תלמיד און ער, ר׳ אליהו, האָט דאָס אים אַהער געשיקט צו ראַטעווען די תורה.

אַ צעשראָקענער פאַר די פרעמדע לייט, און פון דער נאַטור אַ באַ־ריידעוודיקער, האָט דאָס פויערל זיי דערציילט אַלע פּרטים, ווי דער ייד האָט אים געדונגען צו פירן אים קיין קאָוונע, אַזש פון ווילנע, און געוויזן דעם בייטל מיטן זילבער־געלט, וואָס ער האָט אים געגעבן, און אויך גע־זאָגט, אַז דער ייד איז עפּעס ניט קיין געוויינטלעכער מענטש. ער האָט דעם גאַנצן וועג ניט אַרויסגענומען די אויגן פון עפּעס אַ בוך, און אין די נעכט האָט ער אויף אויסנווייניק געמורמלט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער.

די קאַנזשאַרטניקעס האָבן זיך, פאַרוואונדערט, איבערגעקוקט. זיי האָט זיך די גאַנצע זאַך אויסגעוויזן חשודיק. עפּעס איז דאָ ניט גלאַטיק. עס לייגט זיך ניט אויפֿן שכל, אַז אַ ייד, אין אַ הילוך פון אַ פּרוש זאָל האָבן אַ גאַנצע טאָרבעטשקע זילבער־געלט, און אויף אָט דעם מולטערל זיך לאָזן אויף דער שטראָמיקער ווילייע. זיי, טייך־מענטשן וואָלטן מורא געהאַט זיך אונטערצונעמען אַזאַ ווייטע נסיעה אויף דעם מולטערל.

די קאַנזשאַרטניקעס האָבן גענומען גלויבן, אַז דער מענטש פאַר־

שטעלט זיך בלויז פאַר אַ לערנער. ער איז דאָ געקומען ניט מיט קיין ריינע מחשבות. ער איז אַוודאי געשיקט פון מלכות, נאָכצוקוקן, ווי יידן פירן זיך, צו קענען דערלאַנגען אַ מסירה. און אפשר זוכט ער דאָ גאָר צו כאַפּן יידישע קינדער און זיי אָפּשמדן.

די קאַנזשאַרטניקעס האָבן געפּרוּווט איינטענהן מיט ר׳ לייזערלען. פריער מיט גוטן, און נאָכדעם מיט בייזן, אַז ער זאָל זיך מודה זיין און דערציילן ווער ער איז און צוליב וואָס ער איז אַהער געקומען. אַז זיי האָבן געזען, אַז ער איז איינגעעקשנט — ער שווייגט ווי אַ שטיין — האָבן זיי גענומען אַרומטאַפּן זיינע קעשענעס. זיי האָבן דאָרט געפונען אַ פאַרשריי־בענעם פאַרמעט און נאָך אַנדערע פּאַפּירן, אַלע געשריבן מיט קליינינקע אותיותלעך. זיי, די פשוטע לייט, האָבן ניט געקענט אַפילו אַ וואָרט איבער־לייענען. האָבן זיי דעם פרעמדן לערנער מיט די פּאַפּירן אַוועקגעפירט צום רב, וואָס זינט דער חסידישער רבי איז דאָ אַראָפּגעקומען, איז ער בייז אויף שטאָט, און האָט אויפגעהערט צו פירן די רבנות. ער קומט אַפילו ניט מער אין בית־המדרש צום דאַוונען. ער האָט זיך איינגעהאַנדלט מיל־שטיינער און איז געוואָרן אַ גרויפּן־מאַכער.

זיי האָבן געטראָפן דעם רב דרייענדיק די זשאָרנעס. ער איז געווען אין גאַנצן אַ פאַרמעלטער. עס איז גאָרניט געווען קענטיק, אַז ער איז אַ בן־תורה. ער האָט אויסגעזען אַ גרויפּן־מאַכער, ווי אַלע גרויפּן־מאַכערס. דער רב האָט בשום אופן ניט געוואָלט אַריינקוקן אין די פּאַפּירן. ער האָט זיך געהיצט און געבייזערט אויף די קאַנזשאָרטניקעס:

— איך בין ניט מער קיין רב. איר זאָלט צו מיר מער ניט קומען מיט קיין דין תורהס. ברענגט מיר בעסער גערשטן, צי האָבער, וועל איך פאַר אייך מאַכן גרויפּן. פירט דעם יידן צו אייער חסידישן רבין.

ר׳ לייזערל האָט דערזען, אַז קאָוונע, די שטאָט פון תורה און מעשים טובים, איז געפאַלן אַזוי נידעריק, אַז זייער רב דאַרף נעבעך אויף דער עלטער מאָלן גרויפּן. האָט ר׳ לייזערל פאַר צער זיך צעוויינט. אַז דער רב האָט דערזען, ווי דער פרעמדער יונגערמאַן וויינט מיט טרערן, איז ער געוואָרן ווייכער. ער האָט אָנגעטאָן זיינע שפּאַקולן און אַריינגעקוקט אין פאַרמעט. צו זיין גרויס פרייד האָט ער דערזען, אַז דאָס איז אַ חרם אויף די חסידים. און אויסגערופן האָט אים דער ווילנער גאון. האָט ער שוין אַריינגעבליקט אין די אַנדערע פּאַפּירן, און באַלד דערקענט, אַז אין זיי זיינען פאַרשריבן דעם גאונס חידושי־תורה. האָט ער, דער רב, שוין אויך פאַרשטאַנען, אַז דער יונגערמאַן איז דעם גאונס אַ תלמיד. האָט ער אים גיך דערלאַנגט שלום־עליכם, און אים געפרעגט:

— מה שמיכם, וואָס איז אייער נאָמען?

דווקא איצט האָט זיך ר׳ לייזערל פאַרזאַאיקעט, און קוים געענטפערט:

— לייזער!

די קאַנזשאַרטניקעס האָבן, פאַרוואונדערטע, זיך איבערגעקוקט: — וואָס קומט דאָ פאָר? פאַרוואָס האָט פלוצים דער רב זיך אַזוי דערפרייט

מיט דעם כבד־פּהדיקן יידן? וואָס האָט ער אַזוינס דערזען אין די פּאַפּירן, אַז ער האָט זיך תיכף געגומען אָפּשטויבן דאָס מעל פון זיין בגד? אויך דער פרעמדער העלפט אים אָפּווישן דאָס מעל מיט אַזאַ פלייס און ברען, אַז אין עטלעכע מינוטן איז ער שוין אויס גרויפּן־מאַכער. ער איז צוריק קאָוונער רב. און אַ מוטיקער רופט ער זיך צו זיי:

— ברענגט ניט מער צו מיר קיין גערשטן און האָבער. פירט עס צו אייער חסידישן רבין. זאָל ער דרייען די שווערע מיל־שטיינער. ער איז שטאַרקער ווי איך, און ער וועט אויף דעם זיך מער אויסטויגן, און ער וועט ברענגען מער נוצן דער וועלט, ווי מיט זיינע קמיעות. יידן וועלן זיך מחיה זיין מיט זיינע גרויפּן.

ער, דער מרא דאתרא, וואָס פון מורא פאַר די חסידים איז ער געוואָרן אַ גרויפּן־מאַכער און איז אַפילו מער ניט געקומען אין בית־המדרש דאַוונען, האָט איצט, מיט ר' לייזערלען ביי זיין זייט, אַריינגעמאַרשירט מיט תקיפות אין אַלטן בית־המדרש. ער האָט זיך צוריקגעזעצט אויף זיין פּלאַץ אין מזרח, ביים ווינקל פון אָרון־קודש, וואָס דער חסידישער רבי האָט עס שוין געהאַט פאַרנומען. ער האָט מיט חזקות באַפוילן די שמשים, זיי זאָלן גלייך זיך לאָזן גיין איבער די גאַסן און אויסרופן, אַז אין שטאָט איז אָנגעקומען דעם ווילנער גאונס אַ תלמיד און ער וועט בין מנחה למעריב זאָגן זיין רביגס חידושי תורה.

ר' לייזערל האָט מיט גרויס חכמה פאַרטראַכט ווי צו פירן די מלחמה מיט די חסידים. ער האָט פון דער בימה אַפילו ניט דערמאָנט זייער נאָמען. ער האָט בלויז איבערגעזאָגט און מסביר געווען דעם גאונס חידושים, וואָס איינער איז געווען שאַרפער און טיפער פון צווייטן, און ער האָט זיך אַפילו ניט פאַראיקעט.

די קאָוונער לומדים האָבן געהאַט געהערט פון גאון, אָבער ערשט איצט האָבן זיי דערזען, ווי גרויס עס איז זיין גאונות. זייגען זיי אַריין אין געוואַלדיקע התפּעלות. ר' לייזערל האָט אויך ניט פאַרגעסן די פּשוטע לייט. האָט ער איבערגעזאָגט דעם גאונס שכלדיקע טייטשן אויף חומש. ער האָט דערציילט פון דעם גאונס שיינע מידות, ווי ביי אים זיינען דער בעל־מלאָכה און עני די מיוחסים.

ערשט שפּעטער, אַז ער, דער בעל־מלחמה, האָט דערזען, אַז ער האָט מיט דעם גאונס תורה שוין באַצוואונגען די פּנימיות פון די קאָוונער יידן, האָט ער געהייסן מען זאָל בלאָזן די שופרים . . . און ער, ר' לייזערל, האָט פון דעם פאַרמעט גענומען אויסרופן דעם חרם.

די חסידים האָבן, צעשראָקענע, גענומען אַנטלויפן פון קאָוונע. ר' לייזערל האָט זיי אָבער נאָכגעיאָגט און זיי פאַרטריבן פון אַלע שטעטלעך ביזן פּרייסישן גרענעץ.

*
**

אין דער התחלה האָבן זיך די חסידים ניט דערשראָקן פאַרן גאונס חרם. זיי האָבן געהאַט געהאָפט, אַז ר' אליהו, וואָס לערנען איז זיין עול,

וועט זיך צוריק פאַרטאָן אין זיינע ספרים, און ער וועט אין זיי, די חסידים, פאַרגעסן. איצט, אַז זיי האָבן דערזען, אַז ר׳ אליהו האָט אַלץ אָוועקגעלייגט אָן אַ זייט, און מיט אַלע זיינע חושים זיך אַריינגעטאָן אין דעם קריג, און דאָס גאַנצע פאָלק שטייט הינטער אים — האָבן די חסידים זיך געקליגט. זיי האָבן אויפגעזוכט אַן אָרעם בחורל, וואָס האָט געהאַט אויף זיך אַן עלויאישן קאָפּ. זיי האָבן דעם אָרעמען לערנער צוגעזאָגט רייך צו מאַכן, אויב ער וועט טאָן, וואָס זיי וועלן פון אים פאַרלאַנגען. דאָס בחורל, אַ געלט־גייציקער, האָט גלייך צוגעשטימט. די חסידים האָבן אים באַקליידט, באַשוכט, און אַפילו געלאָזט פאַר אים אויפנייען אַ שיינעם פוקסענעם פוטערל. זיי האָבן אויך אים געגעבן אַ סך מזומן געלט. דאָס לערנערל, באַגלייט מיט זייערן אַ מענטשן, וואָס האָט געשפילט די ראָליע פון אַ שמש, האָבן זיך אויף פּאָטשט־פערד געלאָזט איבערן יידישן תחום. דער שמש האָט אומעטום אים פאָרגעשטעלט, אַז ער איז דעם ווילנער גאונס יינגסטער זון, און זיין טאַטע האָט אים אַרויסגעשיקט מיט אַ „קול־קורא״ צו אַלע יידן. לכן, זאָלן זיך אַלע צונויפזאַמלען אין בית־המדרש, און דעם גאונס זון וועט עס פאַר זיי פאָרלייענען און מסביר זיין. דאָס בחורל פלעגט, מיט אַ פרומער מינע, אַרויפגיין אויף דער בימה און מיט אַ ציטערדיקן קול לייענען פון אַ פּאַרמעט:

— אחינו בני ישראל! דאָס ווענדט זיך צו אייך, אליהו בן הרב ר׳ שלמה זלמן ע״ה, וואָס איז באַוואוסט מיטן נאָמען: „דער ווילנער גאון״. מען האָט מיך מן השמים געשיקט זאָגן, אַז איך האָב שטאַרק זיך פאַרזינדיקט. איך האָב ניט געהאַט קיין רעכט אַריינצולייגן די חסידים אין חרם. זיי זיינען זייער חשוב אין הימל. זייערע רביים זיינען אַלע צדיקים גמורים, און זייער דרך איז על פי התורה. צו ראַטעווען מיין עולם־הבא דעק איך אויף מיין חרפה ברבים. איך בין מודיע, אַז מיין חרם איז בטל ומבוטל. הערט אויף צו רודפן די חסידים. זייט זיי מקרב, און גייט אין זייערע דרכים, וואָס פירן צו התקרבות צום בורא עולמים. איך בעט אויך אייך אַלעמען, איר זאָלט מיר מוחל זיין, וואָס איך האָב אייך, אומשולדיקע מענטשן, פאַרפירט. איך בין מקבל אויף זיך אייערע זינד. עס וועט ווערן פאַררעכנט פאַר אַ גרויסער מצווה, אויב איר וועט מתפלל זיין, אַז מען זאָל זיך מיט מיר באַגיין מיטן מידת־הרחמים, און איך זאָל ניט פאַרלירן מיין גאַנצע עולם הבא.

דאָס בחורל, וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַרן ווילנער גאונס זון, האָט כלומרשט בסוד אויך פאַרטרויט: מיין טאַטע, דער ווילנער גאון, האָט פאַרלאָזט ווילנע און ער געפינט זיך איצט אין ליאַדי. ער האָט געבראַכט אַ פדיון פאַרן „תניא״. ר׳ שניאור זלמן האָלט אָבער ניט פאַר רעכט עס מקבל צו זיין, איידער ער וועט געפינען אַ תיקון פאַר מיין טאַטן.

דאָס בחורל, זייער אַ פעאיקער און מיט אַ שיינעם געשטעל, זיין שטערן אַ הויכער, זיינע אויגן גרויסע און לויטערע, האָט מען געגלייבט, אַז ער איז מיט אַן אמת דעם גאונס זון. דאָס רוב חסידים האָבן אויך ניט געוואוסט, אַז

זייערע „אנשי שלומינו״ האָבן דאָס אים אונטערגעקויפט, און ער איז אַ ווילד־פרעמדער צום גאון. ער האָט אים קיינמאָל אין די אויגן ניט אָנגעזען. דאָס בחורל איז אַפילו ניט קיין ווילנער. די חסידים זיינען געווען מלא שמחה, וואָס מען וועט אויפהערן זיי רודפן. זיי האָבן מיט געזאַנג און טענץ זיך אומגעקערט צוריק אין זייערע היימען, פון וואַנען זיי זיינען אין מורא פאַר די מתנגדים, געהאַט אַנטלאָפן. זיי זיינען געווען בייז אויפן גאון. זיי האָבן אים ניט געוואָלט מוחל זיין, און זיינען געווען פעסט ביי דער דעה, אַז זייער רבי, ר׳ שניאור זלמן, זאָל פאַר דעם ווילנער מתנגד ניט זוכן קיין תיקון.

אַז מען האָט אין ווילנע זיך דערוואוסט וועגן דעם כיטרען שפּיצל, וואָס די חסידים האָבן זיי אָפּגעטאָן, האָט מען תיכף אַרויסגעשיקט מענטשן צו כאַפּן דאָס בחורל. די חסידים האָבן אים אָבער געהיט און פאָרויס געגעבן צו וויסן, וואו עס געפינען זיך דעם גאונס שלוחים. דאָס בחורל האָט זיך אין קיין שטאָט צו לאַנג ניט געזאַמט. ווי נאָר ער האָט פון דער בימה אויס־גערופן און איבערגעלייענט זיין כלומרשטן טאַטנס קול קורא, האָט ער גלייך זיך געיאָגט אין אַ צווייטער שטאָט. ער האָט אָנגעגעבן אַ שכלדיקן תירוץ, אַז ער איילט זיך צו פאַרהיטן יידן, זיי זאָלן דערווייל ניט באַגיין קיין אומרעכט קעגן די חסידים.

דער טראַף מיטן בחורל האָט אַריינגעבראַכט אַ צערודערונג אין גאונס משפחה, וואָרים לייט האָבן גענומען ריידן, אַז עס לייגט זיך ניט אויפן שכל, אַז אַ ווילד־פרעמד בחורל זאָל זאָגן, אַז ער איז דעם גאונס אַ זון. ער מוז אַוודאי האָבן אַ שייכות צום גאון. ער איז בלי ספק אַ זון פון איינעם פון ר׳ אליהוס ברידער.

כדי אַרונטערצונעמען פון זיך דעם מיאוסן חשד, און פאַר זיך אַליין געטראַכט: אפשר איז ר׳ אליהו אויך זיי חושד? — האָבן זיך זיינע אַלע דריי יינגערע ברידער צונויפגערעדט און זיינען אַראָפּגעקומען קיין ווילנע. זיי האָבן אויך מיטגעבראַכט זייערע זין און איידעמס. זייער פערטער ברודער, ר׳ ישכר בער, האָט געוואוינט אין ווילנע, האָט ער איינגעשפּאָרט דאָס פאָרן. די דריי ברידער, אַלע גרויסע לייט אין דער תורה און ירא שמימניקעס, האָבן געוואוינט אין קאָוונער גובערניע, אין שכנותדיקע שטעטלעך. ר׳ מאיר, דער רב פון יאַנישעק; ר׳ אַברהם, דער רב פון ראַגאָלע, און ר׳ משה — אַ נאָמען נאָך ר׳ משה רבקהס, דעם „באר־הגולה״, אַ דיין און מגיד אין פּאָדזעלווע.

זייער שוועסטער, רבקה, אַ נאָמען נאָך דעם „באר־הגולהס״ זיווג, די צידקנית רבקה, האָט געהאַט בלויז איין זון, און זי האָט געוואוינט צוזש אין סיעליץ. אָבער אויך זי, אַ שוואַכע פרוי, האָט זיך געלאָזט אין אַזאַ לאַנגער נסיעה און האָט מיטגעבראַכט איר ציטערדיקן בן־יחיד.

אַלע פיר ברידער, מיט זייערע זין און איידעמס, האָבן דורכגעשפּאַנט דורך דער גאַנצער לענג און ברייט פון שול־הויף: אַלע זאָלן זיי קענען זען און וויסן, אַז קיינער פון זייער משפחה האָט ניט קיין חלק און דעם באַטרוג,

זייערע הענט זיינען ריין פון דער זינד. די ברידער זיינען געגאַנגען פּאָרויס, ווי ראשים פון שבטים, און הינטער זיי האָבן זיך, איינס נאָכן אַנדערן, אין דער ריי, געצויגן זייערע זין און איידעמס. בלויז ר׳ אַברהם, דער ראַגאָלער רב, איז געגאַנגען אָנגעלענט אויף זיינע צוויי יינגערע זין. ער איז געווען זייער קורצזיכטיק, און דאָך געווען אַ מתמיד. ער האָט געלערנט פון אויסווייניק און האָט זייער אַ סך אויפגעטאָן אין דער תורה.

הינטער זיי, אָפּגעטיילט אויף גאַנצע צען איילן, האָט זיך געשלייכט דעם גאונס שוועסטער, רבקה, מיט איר בן יחיד.

ביי יעדער קלויז האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. ר׳ יששכר בער, דער ווילנער תושב, האָט פאַר זיינע ברידער, זין און איידעמס, דערקלערט דעם מהות פון די קלויזן און שולן — ווער עס דאַוונט דאָרטן, און ווער עס האָט זיי אויסגעבויט. נאָכן דורכשפּאַצירן דעם שול־הויף אין דער לענג און אין דער ברייט, האָבן זיי גענומען שטייגן אויף די הויכע טרעפּ צום גאונס קלויז. ר׳ אליהו איז געווען פאַרטיפט אין לערנען, האָט ער ניט געהערט, אַז זיי זיינען אַריינגעקומען. זיין שוועסטער, רבקה, האָט פון וויטן דערקענט, אַז דער גאון, איר טייערער ברודער, איז פאַרטרויערט. פאַר צער האָט זי, די גוט־האַרציקע שוועסטער, זיך צעוויינט.

ר׳ אליהו האָט דערהערט איר געוויין, האָט ער אויפגעהויבן די אויגן פון ספר, און צו זיין גרויסן חידוש האָט ער דערזען, אַז זיינע אַלע פיר ברידער זיינען געקומען צו אים אין קלויז און מיט זיי אויך זיין איינציקע שוועסטער. ווען ער האָט פאַרלאָזט סיעליץ, איז זי נאָך געווען אַ קינד. איצט שטייט פאַר אים שוין אַן עלטערע פרוי, געראָטן אין דער מאַמען. האָבן זיך טרערן צע־גלאַנצט אויף זיינע בלאַס־געוואָרענע באַקן. רבקה האָט, ווי אַ שוועסטער, איר ברודער גענומען טרייסטן. עס איז ר׳ אליהון גוואַלטיק ליב צו הערן זיין שוועס־טערס שטים. ער דערקענט אין אירע אָפּגעהיטע רייד, אַז זי איז אַ צידקנית. זי גייט אין דער מאַמעס שיינע וועגן. מיטאַמאָל פאַלט אויף ר׳ אליהון אַ שרעק. ער זעט, אַז זי, זיין ליבע שוועסטער, אַליין ניט וויסנדיק, באַגייט די גרעסטע עבירה. זי איז אים און זיינע ברידער מבטל פון לערנען תורה. ער, דער איש אלקים, וואָס אליהו הנביא און די תנאים קומען צו אים אָפּשטאַטן וויזיטן, איילט ער זיך צו ראַטעווען זיין שוועסטערס עולם הבא. זאָגט ער צו איר מיט ברודערלעכער פריינטשאַפט:

— רבקה, די צייט אויף דער ערדישער וועלט איז זייער טייער. אין די עטלעכע קורצע יאָרן דאַרף מען זיך אָנגרייטן מיט מצוות און מעשים, עס זאָל זיין גענוג אויף יענער וועלט, וואָס איז אַזוי לאַנג און אייביק. דאָרטן קען שוין דער מענטש גאָרניט אויפטאָן. ער דאַרף זיצן אויף אַלעם פאַרטיקן, נהנה זיין פון די מעשים טובים, וואָס ער האָט אָנגעגרייט אויף דער וועלט. דאָרטן, רבקה, וועלן מיר ביידע האָבן גענוג צייט. וועלן מיר שמועסן און שמועסן . . .

רבקה האָט זיך דאָך אויפגעהאָדעוועט ביי אַ טאַטן, וואָס איז געווען אַ גרויסער למדן, און צווישן ברידער, וואָס האָבן גערעדט בלויז דברי־קודש, ווע־גן עונש און שכר אויף דער וועלט און יענער וועלט. האָט זי, אַ דערפרייטע, גיך אָפּגעטראָטן. זי האָט פון איר ברודערס ווערטער אַרויסגעדרונגען, אַז זי

וועט האָבן גן־עדן און זי וועט דאָרטן זיצן נאָענט לעבן אים, איר ברודער, דעם גאון.

אויך ר׳ אליהו האָט זיך געפרייט, וואָס ער האָט באַצייטנס פּאַרהיט זיין טייערע שוועסטער פון אַזאַ האַרבער עבירה, פון מבטל זיין יענעם פון לערנען, און גערעטעוועט איר עולם הבא. ער האָט אַ מוטיקער אויסגעשטרעקט די האַנט, און געגעבן „שלום" צו זיינע ברידער און צו זייערע זין און איידעמס. ער האָט באַלד פאַרשטאַנען זיינע ברידערס כוונה, האָט ער, מיט פריינטלעכקייט, געזאָגט:

— איך בין די גאַנצע צייט געווען בטוח, אַז אין אונדזער משפחה קען זיך ניט אויסהאָדעווען אַ שווינדלער. איך בין זייער צופרידן אייך אַלעמען צו זען. עס איז מיר בלויז אַ צער, וואָס איר האָט דערווייל מבטל געווען אַזוי פיל צייט פון לערנען תורה.

ר׳ אליהו האָט ניט געוואַרט אויף זייער ענטפער. ער האָט זיך געשטעלט פאַר זיי זאָגן זיינע חידושי תורה. צווישן די גאונישע ברידער האָט זיך באַלד צעפלאַקערט אַ היציקע „שקלא וטריא" מכוח זייער ברודערס, דעם גאון הגאונימס, ביאורים אויף מקרא און הלכה.

אַ ליכטיקייט האָט זיך צעשפרייט אויפן גאונס פּנים. ער האָט געקליבן נחת צו הערן, אַז זיינע ברידער, זייערע זין און איידעמס, האָבן געשטיגן הויך אין דער תורה. ר׳ אליהו האָט איצט אינגאַנצן פאַרגעסן אַן די חסידים, ער האָט געבליצט מיט זיין ליכטיקער תורה.

***

ר׳ אליהו האָט געהאַט צער, וואָס דאָס נידערטרעכטיק בחורל פאַרט אַרום איבערן יידישן תהום און שטעלט זיך פאַר, אַז ער איז זיינער אַ זון, און דער־ציילט, אַז ער פאַרט אַרום אין זיין, דעם גאונס, שליחות: מודיע צו זיין אַלע יידן, אַז ער, ר׳ אליהו, האָט חרטה אויף זיין התנגדות קעגן די חסידים, און מהאי טעמא נעמט ער אַרונטער דעם חרם.

האָט ר׳ אליהו זיך געזעצט שרייבן בריוו צו אַלע רבנים פון די יידישע הויפּט־שטעט. און געשריבן האָט ער זיי שטרענג און באַפעלעריש, ווי דע־קרעטן פון מלכות:

„צו די רבנים, די בערג פון ישראל — צו די אויסדערוויילטע מנהיגים און השובע פּרנסים פון די יידישע קהילות, גובערניע נאָך גובערניע: פּאָלאָצק, מאָהילעוו, קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, מינסק און די אַלע איבעריקע יידישע הויפּט־שטעט, לויט זייערע גובערניעס.

„עס האָבן זיך צו מיר דערטראָגן שענדלעכע און לעסטערדיקע רייד! דאָס נידערטרעכטיק געזינדל, וואָס טוט ווידערשפּעניקן קעגן זייער האַר, זייער פאָטער אין הימל, האָבן נאָך די העזה זיך צו רופן מיטן הייליקן נאָמען: חסידים. זיי טוען זיך איצט באַרימען, אַז איך האָב חרטה אויף אַלץ, וואָס איך האָב אויף זיי געזאָגט, און איך גיב שוין מיין הסכמה אויף זייערע אַלע מעשים, און אַז איך בין מודה, אַז זייער וועג איז אַ יושרדיקער.

„האָב איך מורא, אַז אפשר קענען זיך נאָך געפינען תמימותדיקע מענטשן, וואָס וועלן עס גלויבן. — בין איך מודיע, אַז קיינער זאָל ניט אָנהענגען אויף מיר אַזוינע נאַרישע, פּוסטע רייד. איך שטיי, און איך וועל אויך ווייטער שטיין אויף

דער וואָך, צו היטן, אַז קיינער פון די לייט זאָל זיך ניט אַריינכאַפּן אין אונדזער ייִדישן גאָרטן. איך וועל, ווי ביז איצט, אויך ווייטער העלפן פאַרריכטן די שטאַכעטן אין אונדזער צוים, וואָס יענע האָבן שוין באַוויזן איינצוברעכן, און אַכטונג געבן, אַז מען זאָל די לייט אַרויסטרייבן פון זייערע פאַרבאַהאַלטענישן.

„די דאָזיקע שליחות איז ניט בלויז חל אויף מיר אַליין, אויף יעדן איינעם, וואָס האָט גאָט אין האַרצן, און ער טראָגט דעם נאָמען: „ייִד״, ליגט דער חוב! טאָ רודפט און רודפט די כתה חסידים, ביז איר וועט זיי מאַכן אונטערטעניק! יאָגט זיי פון אומעטום, וואו נאָר אַ ייִדישע האַנט קען זיי דערגרייכן. זייערע עבירות האָבן זיך שוין איינגעגעסן אין זייערע ביינער. זיי האָבן זיך, ווי אַ פּלאָג, אָנגעזעצט אויף דער ייִדישער אומה״.

דער ראש פון די פּרושים, ר׳ חיים יוסף ווישונער, האָט דעם גאונס בריוו פאַרזיגלט מיט רויטן טריוואַקס, און דורך אָנפאַרטרויטע שלוחים זיי צעשיקט צו אַלע רבנים פון די ייִדישע הויפּט־שטעט.

אויך צום רב הכולל פון האָראָדנע, ר׳ יעקב מאיר, איז אָנגעקומען אַ שליח מיטן גאונס בריוו. ער׳ ר׳ יעקב מאיר, איז געווען דער רב הכולל איבער האָראָדנע, און איבער אַלע שטעט און שטעטלעך אין דער גאַנצער גובערניע. ר׳ מאיר איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ גדול אין דער תורה און אויך פאַר אַ גרויסן ידען אין דער חכמה פון אַסטראָנאָמיע. ער, דער שאַרפער קאָפּ, האָט אַנדערש פאַרשטאַנען די מולדות, האָט ער געגלויבט, אַז מען דאַרף לייענען די מגילה אויך שושן־פורים און האַלטן ראש־חודש ניט בלויז איין טאָג, נאָר גאַנצע צוויי טעג.

די רבנים אין דער ליטע זיינען שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן ר׳ יעקב מאירס נייעם איינפיר. זיי האָבן געשיקט אים רופן צו אַ דין־תורה. ער, דער בעל־אַסטראָנאָמיע, איז געקומען, און ער האָט מיט עמקותדיקע ראיות און בולטע צייכענונגען באַוויזן, אַז מיט אים איז די גערעכטיקייט. זיינע שופטים, די רבנים, זיינען ניט געווען באַקאַנט אין אַסטראָנאָמיע — האָבן זיי ניט געוואוסט ווי אים אָפּצושלאָגן. זיינען זיי מיט אים, ר׳ יעקב מאירן, דעם האָראָדנער רב, געפאָרן קיין ווילנע, פאַרצולייגן זייערע טענות פאַר ר׳ אליהון. זאָל ער, דער גאון הגאונים, מכריע זיין און אַרויסזאָגן זיין דעה.

ר׳ יעקב מאיר האָט מיטגעבראַכט אַלע כתב־ידן און זיינע צייכענונגען, וואָס האָבן געצייגט דעם גאַנג פון דער זון, פון דער לבנה און פון די שטערן. ר׳ אליהו האָט מיט ישוב הדעת דורכגעקוקט די פּאַפּירן. ער האָט זיך זייער דערפרייט, וואָס ער האָט פאַר זיך דערזען אַזאַ גרויסן מאַן אין דער חכמה פון אַסטראָנאָמיע. ער האָט זיך געבייזערט אויף די רבנים, ווען ער האָט געהערט, אַז זיי ריידן צו דעם האָראָדנער אב בית־דין מיט גרינגשעצונג. ר׳ יעקב מאיר האָט שוין געגלויבט, אַז ר׳ אליהו האַלט מיט אים. ער איז מסכים, אַז ער פירט זיך ריכטיק אין דער הלכה למעשה, וואָס ער לייענט די מגילה אויך אום שושן־פּורים.

אַ צעשטראַלטער פון ניצחון האָט ער צוגעקוקט, ווי ר׳ אליהו נעמט זיין פעדער אין האַנט, און מיט געניטקייט שטעלט ער אויס צייכענונגען און גע־

מעלאַכצן פון דעם גאַנג פון דער זון, לבנה און די שטערן. נאָכן ענדיקן פירן זיין פען האָט ר׳ אליהו צוגערופן צו זיך ר׳ יעקב מאירן און מיט פריינט־לעכע ווערטער האָט ער צו אים געזאָגט:

— האָראָדנער רב, זייט מוחל און קוקט אַריין אין מיין פּאַפּיר.

אַ נייגעריקער האָט ר׳ יעקב מאיר איינגעגראָבן זיינע קורצזיכטיקע אויגן אין דעם גאונס פּאַפּיר און האָט דערזען, אַז לויט דעם גאונס אויסרעכענונג פון דער צייט, האָט ער, ר׳ יעקב מאיר, געמאַכט אַ טעות אין זיינע אַסטראָנאָ־מישע חשבונות און ער האָט ניט ריכטיק געפּסקנט די הלכה. פאַר שרעק האָבן אים געגומען ציטערן די הענט. ער האָט זיך פאַר צער צעוויינט...

ר׳ אליהו האָט אים געטרייסט. ער האָט צו אים געזאָגט:

— האָראָדנער רב, אַ מענטש דאַרף זיך פרייען, וואָס מען דערלאָזט אים ניט פון הימל צו מאַכן אַ טעות אין אַ דין.

פון דעמאָלט אָן האָט ר׳ יעקב מאיר שוין מער ניט געשטעלט אויף זיך. איידער ער האָט געפּסקנט אַן הלכה למעשה, איז ער געפאָרן קיין ווילנע, אַז דער גאון זאָל זאָגן צי ער מאַכט ניט קיין טעות. דער גאון האָט יעדעס מאָל אים אויפגענומען בסבר פנים יפות, כאָטש ר׳ יעקב מאיר האָט גע־האַלטן, אַז ר׳ אליהו האָט ביי אים אַ סך עוולות.

קודם כל איז ר׳ מענדל האָראָדנער, וואָס איז געווען דער פירשפּרע־כער פאַר די חסידים, זיינער אַ בן משפחה. ווידער, ער, דער רב פון האָ־ראָדנע, טראָגט דאָך די אחריות פאַר זיין גאַנצער גובערניע. און דווקא אין אַמדור, וואָס ליגט אין זיין רשות, האָט די חסידישע שיטה זיך באַ־פעסטיקט. זייער רב, ר׳ חייקל, וואָס איז פאַר יאָרן לאַנג געווען זיינער אַ ידיד, פראַוועט בפרהסיא חסידישע טישן, טיילט אויס קמיעות, נעמט פדיונות און חוזקט פון אליהון.

ר׳ יעקב מאיר האָט מקבל געווען דעם גאונס בריוו, ווען ער איז שוין געהאַט געזעסן אויף אַ פור, וואָס האָט אים געזאָלט פירן קיין זעלווע, וואָס ליגט אויך אין זיין, גראָדנער גובערניע. זעלווע, אַ קליין שטעטל, אָבער זייער אַ באַרופנס. עס האָט געשמט איבער גאַנץ ליטע, פוילן, פּאָדאָליע, וואָלין און רייסן. פאַר חדשים און חדשים האָט זיך דאָרטן געצויגן אַ יאַריד. עס פלעגן דאָרטן אַראָפּקומען די רייכסטע לייט — סוחרים, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט וועלדער, בהמות און תבואה. זיי האָבן איבערן ניעמאַן גע־שיקט קיין פּרייסן פּליטעס האָלץ און גרויסע באַרזשעס באַלאָדענע מיט תבואה און בהמות. אין דער אָרימער קליין שטעטל פלעגן געשלאָסן ווערן מסחרים, וואָס האָבן באַטראָפן צענדליקער טויזנטער רייכס־טאָלער.

אַרום די רייכע סוחרים האָבן אַרומגעפּאַדעט כאָפּטעס מעקליאַרעס מיט כלומרשט פריילעכע פּנימער. זייערע אָפּגעטראָגענע מלבושים האָבן אָבער ווי אויסגעזאָגט דעם סוד, אַז זייער פריילעכקייט איז בלויז אַן אָנשטעל; אין תוך זיינען זיי פאַרדאגהטע מענטשן. מיט יאָרן צוריק זיינען זיי אַליין געווען רייכע סוחרים. זיי האָבן אָבער ניט מצליח געווען און געוואָרן פאַר־

אָרעמט, טאַקע דאָ, אין זעלווע, אויף אַ יאַריד. איצט גייט זיי אויס דאָס חיות צו זען אַ לעבעדיקע פּרוטה.

עס פלעגן אַראָפּקומען אויפן יאַריד גלאַט אַזוי עשירים. זיי אַליין האָבן ניט געהאַנדלט. זיי האָבן אָבער אויסגעליען געלט אויף פּראָצענט. זיי זיינען געזעסן רואיקע ביי זייערע ברייטע טישן און אַריינגעקוקט אין ספרים, זיי האָבן זיך ניט געהיצט און זיינען ניט אַריין אין קיין התפּעלות. איידער זיי האָבן אַנטליען געלט, האָבן זיי פריער, מיט ישוב הדעת, גוט נאָכגעזוכט, צי דער מסחר וועט אַריינברענגען ריווח. זיי האָבן ביי זיך, אין אַ ביכעלע, געהאַלטן פאַרשריבן די נעמען פון אַלע סוחרים מיט זייערע מעלות און חסרונות. ווער עס איז אַ גוטער צאָלער און ווער עס איז אַ שלעכטער. ארום זיי, די מלווים אויף פּראָצענטן, האָבן זיך אַרומגעדרייט אַ גאַנצע כאַליאַסטרע אָרימע, אָבער בכבודיקע יידן. זיי זיינען געזעסן ביי די טישן מיט טינט און פעדער; זיי האָבן געהאַט שיינע כתבן און גוט געוואוסט ווי אויסצושטעלן אַ שטר חוב לויט די כללים פון דער מלוכה און אויך ווי אויסצובויגן דעם יידישן דין, אַז מען זאָל מעגן נעמען פּראָצענט.

די רייכע סוחרים פלעגן זיך איינקוואַרטירן אין די זעלווער בעלעבאַ־טישע הייזער, וואָס זיינען אין דער צייט פון יאַריד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַכסניאָס. די זעלווער ווייבער, גרויסע בריהס, פלעגן, ווי ערב אַ חתונה ביי זייערע טעכטער, אויפשטיין פאַר פינצטער און זיך שטעלן באַקן און קאָכן פּאַטראָווע־ס, צופרידן צו שטעלן זייערע קוואַרטיראַנטן, די עשירים, וואָס זיינען געוואוינט צו גוטע ביסנס. זייערע מענער, די זעלווער בעלע־באַטים, האָבן זיי ניט געהאָלפן אין די קיכן. זיי האָבן געפירט דעם חשבון. זיי האָבן יעדן טאָג, לויט דער סדרה אין חומש, פּינקטלעך פאַרשריבן אין אַ בוך די אַנבייסנס, וואַרעמעסן און וועטשערעס, וואָס די געסט האָבן פאַרצערט.

ביי די זעלווער תושבים, וואָס האָבן געוואוינט אין שול־געסל, צי אין עק־שטאָט, זיינען אויך איינגעשטאַנען אורחים, געדריקטע און פּשוטע לייט: שניידער, שוסטער, וואַליקע־מאַכערס, טאַקערס, האַנדליאַרעס און טעפּער. פאַר זיי האָט מען געמאַכט בלויז שבת. מען האָט אין אַנגע־גליטע אויוונס פאַרדוקט גרויסע טעפּ טשאָלענט, מיט קליינע חלקימלעך פלייש. אַ גאַנצע וואָך האָבן יענע לייט געלעבט אויף טרוקנס. טיילמאָל אין די אָוונטן פלעגן די אורחים זיך לאָזן וואויל־גיין. יעדער איינער האָט געגעבן אַ פּרוטה און דאָס צונויפגעקלייבטע קופּער־געלט האָבן זיי געגעבן דער בעלעבאָסטע, זי זאָל צושטעלן אַ גרויסן ליאַק מיט טיי. דאָס צוקער האָט יעדער איינער געהאַט זיין אייגנס און מען האָט געקאַרגט אויף דעם אייגענעם חשבון. עס האָבן איינגעהאַנדלט אַ מציאה די, וואָס האָבן באַ־וויזן גרויס בריהשאַפט. איין שטיקל צוקער האָט ביי זיי געקלעקט צו טרינ־קען אַ גאַנצן אָוונט טיי.

אויף די יאַרידים פלעגן אויך אַראָפּקומען די באַקאַנטע שדכנים, וואָס

האָבן געגאָלטן מיטן נאָמען: לאַנד־שדכנים. זיי פלעגן צונויפפירן שידוכים פון איין עק וועלט מיט דער אַנדער עק וועלט. זיי פלעגן פאַרשדכנען אַ מיידל פון דער ליטע מיט אַ בחור אַזש פון וואַרשע, צי קראָקע, צי ווי־טעבסק. זי, די מפורסמדיקע שדכנים, האָבן געוואוסט געניי יעדן גבירס יחוס. מען האָט פון זיי ניט געקענט פאַרבאַהאַלטן אַפילו אַ פאַרוואַלגערטן בעל־מלאָכה אין דער משפחה. דאָס רוב שדכנים זיינען טאַקע אַראָפּגעשיקט געוואָרן קיין זעלווע אויף די הוצאות פון רייכע אבי הכלות, זיי זאָלן דאָ, אויפן יאַריד, וואו אַ גאַנצע וועלט קומט זיך צענויף, אויפזוכן יחוסדיקע שידוכים פאַר זייערע טעכטער.

אויף די זעלווער יאַרידים פלעגן זיך אויך צונויפפאָרן גויאישע פּרי־צים. זיי, די הולטאַיעס גרויסע, האָבן געהאַט פאַרלאָרן אַ סך געלט אין קאָרטן און אין געוועטן, האָבן זיי זיך געאיינגט אין מזומן. זיינען זיי דאָ אַראָפּגעקומען צו פאַרקויפן זייער תבואה, וואָס מען וועט ערשט, סוף זומער, אַרונטערנעמען פון זייערע פעלדער. זיי האָבן דאָ געזוכט רייכע סוחרים, וואָס זאָלן קענען באַהויפטן צו געבן זיי, די פּריצים, אַ היפּשן אַדערויף.

עס פלעגן דאָ אַראָפּקומען אויך אָרעמע פּויערים. זיי האָבן זיך גע־קוואַפּעט איינצוהאַנדלען מציאותן. יידישע האַנדליאַרעס פון די גרויסע שטעט האָבן אין בײדלעך מיט לייווענטענע דעכער געהאַט אויסגעשטעלט גאַנצע לאַגערן פון כל־טוב — היטלען מיט גלאַנציקע דאַשיקעס, געבלומטע קאָפּ־טיכלעך פאַר ווייבער, קאַפּישאנען, וואַליקעס, און אויך שניט־סחורה.

אויבנאויפיק האָט אויסגעקוקט, אַז דער זעלווער יאַריד איז אַ יאַריד ווי אַלע יאַרידן. זיין גאַנצער תכלית איז בלויז געלט. עס איז גאָרניט געווען קענטיק, אַז אונטער דעם רעשדיקן האַנדל־וואַנדל פּירט מען דאָ אין דער שטיל אָן מיט דער יידישער מלוכה. מען האָט זיך גאָר ניט געקענט כאַפּן, אַז אין זעלווער בית־המדרש, וואָס שיינט צו זיין אַ פאַרלאָזטער דורך די יאַריד־טעג, זיצט אַ יידישער בית־דין. ער גיט אַרויס געזעצן. ער פאַרמשפּט די רשעים און די זינדיקע און וואַשט ריין די ערלעכע לייט. ער שטעלט אויף נייע גדרים און פאַרריכט די שטאָכעטן, וואָס האָבן גע־נומען איינפאַלן, אין יידישן גאָרטן.

שטיל, אָן רעש און אָן טומל, פלעגן זיך אויפן יאַריד צונויפפאָרן די באַרופענע רבנים, לומדים און ראשי הקהל פון גאַנצן יידישן תחום. איז יעדער פּסק־דין, וואָס האָט געטראָגן אויף זיך דעם שטעמפּל פון זעל־ווער יאַריד, געווען אַזוי קודשדיק, ווי אַ הלכה פון באַרג סיני. קיינער האָט ניט געוואַגט אָפּצופרעגן און אויף אים צו קריגן. יידישע משפּחות, וואָס האָבן געהאַט צווישן זיך סיכסוכים און פאַרפלאָנטערטע דין־תורהס וועגן גרויסע ירושות, און זיך שוין געמשפּט אין די גויאישע סאָנדן, האָט דער בית־דין באַפוילן צו קומען קיין זעלווע און פאַרלייגן זייערע תביעות, עס זאָל ניט קומען צו קיין חילול השם. זיי האָבן געפּאָלגט און געמאַכט שלום.

דער צוזאַמענגעפאָרענער בית־דין האָט אויך אויסגעגליכן די מחלקותן,

וואָס האָבן אויפגעשפּראָצט אין די יידישע קהילות, טײלמאָל צוליב אַ חזן, שוחט, רב צי קהלשע ענינים. דער בית־דין האָט זיך אויך פאַרנומען מיט זוכן היתרים פאַר עגונות, ווי אַזוי צו געפינען דינים, וואָס זאָלן באַפרייען עלנטע ווייבער פון די עגונהשע קייטן. די רבנים פון זעלוווער בית־דין האָבן אויך געזוכט תחבולות, ווי אָפּצושרייען האַרבע גזירות אויף יידן. זיי האָבן, די רייכע סוחרים וואָס זיינען זיך צונויפגעפאָרן אויפן יאַריד, באַשטייערט מיט גרויסע סומעס געלט, צו האָבן מיט וואָס צו באַשוחדן די שררות פון דער גויאישער מלכות און אונטערצוקויפן גלחים, ביי וועלכע עס זיינען געזעסן פאַרשפּאַרט אין די קלויסטערס, פאַרפירטע יידישע מיידלעך און בחורים, און מען האָט זיך געגרייט זיי אָפּצושמדן.

דער זעלוווער בית־דין האָט אויך איבערגעקוקט די ספרים, אויף וועלכע עס איז געפאַלן אַ חשד, אַז אין זיי ליגן ניט קיין ריינע כוונות, זייערע מחברים זיינען נוטה צו אַפּיקורסות, צי גאָר, חס וחלילה, צו מינות. זיי האָבן אויך באַשטימט מיט וועלכן טיטל דער צי יענער רב מעג זיך רופן. ביים באַשטימען אַ טיטל האָבן זיי שטאַרק מדקדק געווען. זיי האָבן גע־וואויגן און געמאָסטן די לומדות און די מידות פון דעם רב. צו קריגן ביי זיי בלויז דעם טיטל למדן — האָט מען געדאַרפט זיין אַ בקי בש״ס און פּוסקים. אויף איינעם פון די זעלוווער יאַרידן איז דאָס טאַקע באַשטימט געוואָרן, אַז מען זאָל קרוינען ר׳ אליהו ווילנער מיטן טיטל גאון.

דאָס רשעותדיקע גויאישע מלכות האָט זיך סוף כל סוף דערוואוסט, אַז אונטערן צודעק פון יאַרידישן האַנדל באַהאַלט זיך אויס אַ יידישע מלוכה, וואָס פירט איין איר אייגענע געזעצן. זי באַשטראָפט, זי קנסט, און באַשטימט אַפילו די צאָל פון די רעקרוטן, און וויפיל אָפּצאָל צו געבן פאַר דער מלוכה.

יידישע משומדים האָבן דאָס אונטערגעטראָגן די מסירה. האָט די מלכות אין געהיים אַהין געשיקט צוויי משומדים מיט אַ גאַנצע כאָפּטע פּאָלי־ציאַנטן. אין זעלווע האָט קיינער ניט געוואוסט וועי זיי זיינען. די גויאישע סטראַזשניקעס האָבן זיך פאַרשטעלט פאַר פויערים, צלמים־הענדלער און בעטלער. די יידישע משומדים האָבן זיך געפירט ווי שטאַרק פרומע יידן. זיי זיינען פריער ווי אַלע געקומען צום דאַווגען און שפּעטער ווי אַלע אויס־געשטאַנען „שמונה־עשרה״.

די גויאישע פּאָליציאַנטן האָבן באַלד פיינט געקראָגן די צוויי משומדים. זיי האָבן ניט פאַרטראָגן, וואָס די צוויי נייע גויים מאַכן זיך פרימער, ווי זיי, וואָס זיינען זינט דורות און דורות גויים. יענע, וואָס ביז ניט לאַנג צוריק זיינען אַליין געווען יידן, היטן זיי, אַז זיי זאָלן זיך ניט חברן מיט יידן, און דערלאָזן זיי ניט צו שיכורן אין די זעלווער יידישע שענקען. האָבן די גויאישע פּאָליציאַנטן גענומען זוכן מיטלען, ווי פּטור צו ווערן פון די יידישע משומדים. זיי האָבן בסוד פאַרטרויט אַ זעלווער שענקער, אַז יענע זיינען משומדים, מען זאָל זיך פאַר זיי היטן, און דערוויייל זיך אַליין אויך אַרויסגעגעבן. דער זעלווער שענקער האָט דאָס דערטראָגן צום בית־דין.

מען האָט אים גלייך געגעבן שוחד־געלט צו באַשטעכן די גויאישע פּאָ־ליציאַנטן. דער שמש האָט די משומדים מער ניט אַריינגעלאָזט אין בית־המדרש. מען האָט זיי אויך אַרויסגעוואָרפן פון דער יידישער אכסניא. די משומדים האָבן ניט געהאַט, וואו איבערצונעכטיקן אַ נאַכט. די זעלווער מיעשצאַנעס האָבן זיי אויך ניט אַריינגעלאָזט צו זיך אין שטוב. זיי האָבן געגלויבט די זעלווער יידן, וואָס האָבן געטענהט, אַז יענע זיינען קעשענע־גנבים.

די משומדים זיינען אויסגעשטאַנען אויך אַנדערע צרות. אין אַ סוף־חודשדיקער פינצטערער נאַכט, זיינען די זעלווער פורמאַנעס זיי באַפאַלן און זיי צעשלאָגן מכות רצח. די משומדים האָבן פאַרשטאַנען, אַז די גויאישע פּאָליציאַנטן האָבן זיי דאָס אַרויסגעגעבן. האָבן זיי געסטראַשעט, אַז זיי וועלן עס דערטראָגן אין גובערניע. זיינען די גויאישע פּאָליציאַנטן פאַר־לאָפן זיי דעם וועג און אָוועקגעשיקט אַ מסירה אויף די משומדים. זיי האָבן געשריבן: די צוויי נייע קריסטן זיינען ביי זיך אין האַרצן נאָך אַלץ גע־טריי צו זייער גלויבן. זיי האַלטן זיך אין איין סודן מיט די זעלווער יידן. זיי ווילן אונדז אַרויסגעבן. זיי האָבן עס נאָך ניט געטאָן. זיי קענען ניט דורכקומען מיטן שוחד. זיי בעטן אַ הויכן פּרייז.

די מלכות האָט באַלד אַראָפּגעשיקט קיין זעלווע זייערן אַ פאַר־טרויאונגס־מאַן. אַ רשע און שונא ישראל. ער האָט פיינט געהאַט אַפילו משומדים. ער האָט ניט געקענט מוחל זיין, וואָס זיי זיינען געבאָרן געוואָרן יידן. ער האָט גענומען די משומדים אויף אַ שטרענגן פאַרהער. זיי האָבן זיך, ווי פרומע קריסטן, געצלמט און געשוואָרן, אַז זיי זיינען געטריי דעם נייעם גאָט. זיי האָבן אויך געטענהט, אַז די גויאישע פּאָליציאַנטן האָבן אויף זיי אויסגעטראַכט אַ בלבול, ווייל זיי האָבן זיך פאַרקויפט צום יידישן קהל. די משומדים האָבן גענומען דערציילן אויף די גויאישע פּאָליציאַנטן שווידערלעכע זאַכן. דער אויספאַרשער, דער שונא ישראל, האָט עס ניט גע־גלויבט. עס האָט אים שטאַרק אַריינגעבראַכט אין כעס, וואָס זיי, די אַמאָ־ליקע יידן, האָבן די העזה צו ריידן שלעכטס אויף זיינע ברידער־קריסטן. האָט ער געהייסן מען זאָל זיי שמידן אין קייטן און טרייבן מיטן עטאַפּ, צו־פוס, אין דער גובערניע.

נאָכן פּטור ווערן פון די יידישע משומדים האָבן די פאַרשטעלטע גויאישע שפּיאָנען אָנגעבאָטן דעם זעלווער יידישן שענקער, אַז פאַר אַ סך שוחד־געלט וועלן זיי זיך מאַכן ניט־זעענדיק. יידן וועלן זיך קענען פירן, ווי זיי געפעלט. קהל האָט מסכים געווען זיי צו געבן נאָך מער געלט וויפיל זיי אַליין פאַרלאַנגען. עס מוז אָבער ווערן באַוואָרנט, אַז זיי זאָלן ניט קע־נען באַטריגן. לכן טוט קהל פאַרלאַנגען, אַז זיי, די פּאָליציאַנטן, זאָלן אונטערשרייבן „קבלתיס״ אויפן געלט וואָס זיי קריגן.

די פאַרשטעלטע פּאָליציאַנטן האָבן זיך לכתחילה געקווינקלט. זיי, די געלט־גייציקע לייט, האָבן אָבער סוף כל סוף איינגעשטימט. האָט דער זעלווער שענקער יעדע וואָך זיי אויסגעצאָלט דאָס שוחד־געלט. די פּאָ־

ליציאַנטן האָבן געהאַלטן וואָרט. זיי פלעגן פון צייט צו צייט כלומרשט באַפאַלן דעם בית־המדרש, זיי האָבן אָבער פריער עס געגעבן צו וויסן. איז דער בית־המדרש באַלד געוואָרן פּוסט און ליידיק.

דער ראש פון דעם זעלווער צוזאַמענגעפאָרענעם בית־דין איז געווען ר׳ יעקב מאיר, דער רב פון האָראָדנע. דער כבוד האָט אים געקומען על פּי דין. זעלווע איז געווען אין זיין רשות. פלעגט ער יעדן יאָר פאָרן אויפן יאַריד. ער פלעגט אַראָפּקומען מיט גרויס פּאַראַד, ווי עס פּאַסט פאַרן ראש פון דער גובערניע, באַגלייט מיט שמשים און סופרים. זיי האָבן מיט זיך מיט־געפירט דעם „פּנקס" און גאַנצע פּעק פּאַפּירן. דאָרטן זיינען געווען פאַר־שריבן די אַלע האַרבע שאלות און ענינים, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן דורכן יאָר, און וואַרטן, אַז דער זעלוווער בית־דין זאָל זיי באַטראַכטן און אַרויסטראָגן זיין פּסק־דין און החלטה.

ווען דער שליח האָט געבראַכט צו ר׳ יעקב מאירן דעם גאונס פאַר־זיגלטן בריוו, איז דער יאַריד אין זעלווע שוין געווען אין סאַמע ברען. ער האָט זיך געהאַט געשטעלט נאָך מיט וואָכן צוריק. ר׳ יעקב מאיר, וואָס פלעגט תמיד אַראָפּקומען אין זעלווע דער ערשטער, האָט נאָך ערשט איצט, זיך אויסגעקליבן צו פאָרן אַהין. ער, אַן עלטערער מאַן, האָט זיך ניט געהאַט געשפּירט ביי די כוחות, האָט ער, דאָס מאָל, אַהין געשיקט אַ „ממלא־מקום", זיין עלטסטן דיין. ר׳ יעקב מאיר האָט געהאַט אין מחשבה בלויז אַ קוק צו טאָן, צי עס גייט אַלץ כשורה, און באַלד פאָרן צוריק אַהיים. אַז ער האָט, זיצנדיק אויף דער פור, איבערגעלייענט דעם גאונס בריוו, האָט ער שוין ביי זיך געוואוסט, אַז ער וועט שוין אַזוי גיך ניט קומען צוריק אַהיים. ער דאַרף דאָך דורכפירן די שליחות, וואָס עס האָט אים אָנגעטרויט ר׳ אליהו, דער גרעסטער גאון פון אַלע דורות.

אַז ר׳ יעקב מאיר איז אָנגעקומען קיין זעלווע, האָט ער מיט דער זעל־ביקער פור געשיקט זיין דיין צוריק קיין האָראָדנע און ער אַליין האָט איבער־גענומען די הנהגה פון בית־דין

אויפן סדר־היום זיינען געהאַט געשטאַנען האַרבע שאלות. דאָס גוי־אישע מלכות האָט אָנגעטאָן יידן גרויסע צרות. די מושלים האָבן אין אַ סך שטעט געלאָזט אַריינזעצן אין תפיסה די ראשי־הקהל, מיט דער טענה, אַז יענע האָבן ניט אָנגעגעבן דעם ריכטיקן צאָל פון די יידישע רעקרוטן, און פאַרבאַהאַלטן די ביכער פון קהלס הכנסה און הוצאה. די יידן זיינען אויך אויסגעשטאַנען גרויסע צרות פון די פראַנציסקאַנער גלחים. זיי, די יעזואיטן, אין דעם שטעטל אָראַן, האָט זיך איינגעגעבן איינצורעדן אַ יידישן יינגל, ער זאָל זיך שמדן. די גלחים האָבן זיך געהאַט צוגעגרייט פון דעם צו מאַכן אַ גרויסע פּאַראַד. עס זיינען אַראָפּגעקומען גלחים אַזש פון ווילנע און גויים פון די וויטסטע דערפער זיינען אָנגעפאָרן צו זען, ווי מען וועט אָפּ־שמדן דעם ניט־גלויביקן. די אָראַנער יידן האָבן אָבער אין מיטן נאַכט אַרויסגעגנבעט דאָס יינגל פון קלויסטער. זיינען די גלחים געבליבן צו שאַנד און צו שפּאָט. האָבן זיי, פון גרויס צאָרן, געזוכט נקמה אין די

יידן. זיי האָבן געפּועלט ביי מלכות מען זאָל אַריינזעצן אין תפיסה דעם יינגלס טאַטע, ברידער, פעטערס און אויך די ראשי הקהל. זיי האָבן מיט פאַר־ביטערטקייט אויך געגומען פאַרשפּרייטן שנאה, אין איין העצן אויף יידן, און אויסטראַכטן די מיאוסטע בילבולים. צו די גלחים זיינען צוגעשטאַנען די קאַראַאימען. האָט דער בית־דין אין זעלווע געזוכט עצות, ווי צו פאַר־שטומען די יידישע שונאים.

אַז ר׳ יעקב מאיר האָט איבערגענומען די הנהגה פון בית־דין, האָט ער געהייסן עס אָפּלייגן אַן אַ זייט און אַרויפשטעלן אויפן סדר־היום די שאלה וועגן דער חסידישער שיטה, וואָס איז די גרעסטע סכנה פאַר יידישקייט, וואָרים זי קומט פון אייגענע אַחינו בני ישראל. ער, דער למדן, האָט פיינט געהאַט די חסידים. איצט, אַ געשטאַרקטער דורכן גאונס בריוו, האָט ער מיט ברען און היץ אַרויסגעבראַכט זיינע אַלע טענות צו די חסידים און מיט ניצחון געפּאַכעט דעם קול־קורא. יעדער איינער פון בית־דין האָט אין כבוד פון ר׳ אליהו מיט פאָרכט דורכגעלייענט דעם בריוו, און אומעטיקע זיך איבערגעקוקט. ר׳ יעקב מאיר האָט זיך ווידער געשטעלט ריידן. ער האָט דערציילט וועגן די גרויסע גאונות און צידקות פון ר׳ אליהון. ער האָט מיט בולטע ראיות באַוויזן, אַז דער גאון איז אין דער הויכער מדרגה פון אונדזערע תנאים און אמוראים. ר׳ יעקב מאיר, דער אַלטער מאַן, איז ווי צוריק יונג געוואָרן. ער האָט פון התלהבות זיך אַזש געהויבן אויף זיינע חלושדיקע פיס און אויסגערופן מיט חזקות:

— רבנים, איר, די בערג פון ישראל! אין אייערע הענט ליגט איצט דער גורל פון דער יידישער אומה און די הייליקע תורה! אויף אייך, דעם זעלווער בית־דין, איז אַ חוב אַרויסצוטראָגן אייער האַרבן פּסק־דין, אַז חסידות איז אָסור מן התורה. מאַכט שטאַרק דעם חרם ווי פעלדזן־שטיין! אין אַלע ישובים און קיבוצים וועלן אַחינו בני ישראל אָפּהיטן אייער פּסק־דין, פונקט, ווי זיי היטן אָפּ אַלע דינים וואָס קומען אַרויס פון זעלווע. טאָ גיט חזקות צו דער תורה! התמעט זיך אויפן חרם!

די רבנים און לומדים האָבן אַלע אויף איין מאָל מיט התעוררות אויסגערופן: אָסור!! אָסור! זיי האָבן מיט ציטערדיקע הענט, איינער נאָכן אַנדערן, זיך אונטערגעשריבן אויפן חרם.

ר׳ יעקב מאיר האָט מיט נחת־רוח צוגעקוקט און געהאַט בדעה צו שיקן תיכף אַ שליח קיין ווילנע, אָנצוזאָגן ר׳ אליהון די גוטע בשורה. פּלוצים האָט ער זיך באַזינט, אַז דאָס חתמענען אַליין איז ניט גענוג. עס קענען זיך נאָך געפינען לייט, וואָס וועלן זאָגן: דער פּסק־דין איז אַ געפעלשטער. מיר זיינען דאָך אַליין געווען אויפן זעלווער יאַריד, און מיר האָבן גאָרניט געהערט, אַז מען זאָל האָבן אויסגערופן אַ חרם.

האָט ר׳ יעקב מאיר זיך באַזינט און געזאָגט צו די רבנים:

— שיקט אַרויס דעם פּייקלער אויפן יאַריד. זאָל ער באַראַבאַנעווען אויף זיין פויק און אויסרופן אַז דער בית־דין איז גוזר, אַז אַלע יידן, סיי די זעלווער תושבים, סיי די צונויפגעפאָרענע סוחרים, בעלי־מלאָכות, רייכע, אָרעמע,

מענער און פרויען, זאָלן דאָנערשטאָג צוועלף אַזייגער בייטאָג, אַוועקוואַרפן זייערע וואַרשטאַטן און מסחרים און זיך צונויפזאַמלען אויפן שול־הויף. מען וועט בלאָזן מיט שופרות, מען וועט צינדן ליכט און אויסרופן אַ חרם אויף די חסידים.

אַז די רבנים האָבן דאָס דערהערט, זיינען זיי בלאַס געוואָרן פון שרעק. זיי זיינען אַרויס מיט טענות צו אים, זייער אַב בית־דין. זיי האָבן געזאָגט:

— מען טאָר עס ניט טאָן! די רשעדיקע מלכות וועט זיך פון דעם דער־וויסן! מיר וועלן באַגיין די האַרבע עבירה פון זיין „מאבד עצמו לדעת״! עס איז דאָך געגליכן, ווי אַליין צו גיין צום וואָלף אין מויל אַריין. מיר וועלן דאָך געבן אַ פּתחון פּה די שונאי ישראל. זיי וועלן דאָך, מיט רעכט, קענען טענהן, אַז יידן פירן פאַר זיך אַן אייגענע מלכות. זיי, די מוסרים, און אונדזערע שונאים, די קאַראַאימער, וועלן נאָך, חס וחלילה, אויספירן ביי מלכות, אַז מען זאָל אינגאַנצן בטל מאַכן דעם זעלוועזער יאַריד. מיר וועלן פאַרלירן דעם איינ־ציקן ווינקל, וואו די רבנים און די מנהיגים פון דור קענען זיך צוזאַמענקלייבן, צו זוכן מיטלען ווי צו מתקן זיין די צעבראָכענע צוימען אין יידישן גאָרטן.

ר׳ יעקב מאיר האָט, מיט ביטול, זיי שטרענג געענטפערט:

— עס איז אַ חרפּה און אַ ווייטאָג צו הערן אַזוינע רייד פון רבנים. איר, די יידישע מורה־דרכס, דאַרפן דאָך זיין אַ ביישפּיל פאַר אַלע יידן. פרעג איך אייך, רבנים און לערנער פון דער תורה, האָבן אונדזערע הייליקע תנאים זיך אויך אָפּגעשראָקן? זיי האָבן דאָך מיט שמחה מקריב געווען זייערע לעבנס פאַר דער תורה. טאָ פאַרוואָס זייט איר אַזעלכע גרויסע פאַרזאָרגער פאַרן מאָרגן? האָט איר שוין גאָרניט קיין בטחון אין דעם בורא עולמים? און ווידער פרעג איך אייך: — אויף וועלכן סמך טוט איר ווידערשפּעניקן די רייד פון ר׳ אליהון, וואָס איז אין דער מדרגה פון אַ תנא?

די רבנים האָבן אומבאַהאָלפן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, און ר׳ יעקב מאיר האָט זיך געזעצט צו מאַכן אַ הקדמה צום חרם. ער האָט געשריבן:

„דער חרם אויף די חסידים איז בקודש פאַרבאַרייטעט געוואָרן אין דער ווילנער קהילה, וואָס איז איצט די ירושלים דליטע. יעדעס וואָרט איז געוואָרן געוואויגן אויפן וואָגשאָל פון אמת און צדק, און איז אין פולן הסכם פון רבינו אליהו, הנקרא: „דער ווילנער גאון״, דער ראש פון כל בני הגולה און דער אמתער חסיד.

„מיר, דער בית־דין פון זעלוועזער יאַריד, האָבן אַלע איינגעוויליקט צו פאַרשטאַרקן און באַפעסטיקן דעם חרם. לכן רופן מיר אים אויס, אויפן יאַריד, וואו עס זיינען זיך צונויפגעפאָרן יידן פון אַלע גובערניעס, אַלע זאָלן וויסן, אַז דער חרם איז אויך חל אויף יעדער שטאָט, שטעטל, דאָרף און אַפילו אויף אַ ישוב וואו עס שטייט בלויז אַן איינציקע יידישע שטוב״.

די פאַרשטעלטע פּאָליציאַנטן זיינען גאַנצע טעג און נעכט אָפּגעלעגן אין די שענקען. זיי האָבן געשיכורט פאַרן שוחד־געלט, וואָס זיי האָבן יעדע וואָך געקראָגן פון דעם יידישן קהל. כאָטש זיי זיינען געווען שיכור, האָבן זיי גע־

הערט, ווי דער פּייקלער באַראַבאַנעוועט אויף זיין פּויק, און געהערט, ווי ער רופט אויפן הויכן קול. זיי האָבן אָבער געמיינט, אַז ער גיט דאָ צו וויסן וועגן אַ גנבה. אַזוינע טראַפן פּאַסירן יעדן טאָג אויפן יאַריד. עס פּלעגן זיך דאָרט צו־נויפפאָרן די געניטסטע קעשענע־גנבים.

דאָנערשטאָג, אין דעם טאָג פון אויסרופן דעם חרם, און שוין נאָך זון־אונטערגאַנג, האָבן זיי, די שיכורים, זיך פּלוצים געכאַפּט, אַז דער יאַריד איז געוואָרן פּוסט — ווי אַלע יידן וואָלטן אַנטרונען. פון שרעק און פון פּאַרוואוּנ־דערונג זיינען די פּאַליציאַנטן געוואָרן אויסגעניכטערט. זיי האָבן גענומען זיך יאָגן איבער די גאַסן, אויפצוזוכן די יידן. ערשט זיי דערהערן, אַז פון שול־הויף טראָגן זיך שאַלן פון שופרים. האָבן זיי, מיט רציחה, גענומען לויפן אַהין. זיי זיינען אָנגעקומען שוין נאָכן אויסרופן דעם חרם. זיי האָבן אָבער נאָך גע־טראָפן ר׳ יעקב מאירן שטיין אויף דער בימה. ער, דער אַלטער מאַן, האָט באַ־צייטנס דערזען, ווי די גויים זיינען אַריינגעלאָפן אין בית־המדרש, האָט ער גיך פאַרבאַהאַלטן דעם פּאַרמעטענעם חרם, די פּאַליציאַנטן זאָלן ניט דערזען די חתימות פון דעם ווילנער רב מיט זיינע דיינים און די אונטערשריפטן פון די רבנים פון זעלווער בית־דין. ר׳ יעקב מאיר האָט אָבער ניט באַוויזן צו פאַר־באַהאַלטן דעם גאונס קול קורא.

די פּאָליציאַנטן האָבן מיט גוואַלט אַרויסגעריסן דעם גאונס קול קורא פון זיינע הענט. זיי האָבן זיך ניט פאַרשטאַנען אויפן יידישן שריפט, האָבן זיי עס אָפּגעשיקט אין דער גובערניע. די שררות האָבן דעם קול קורא געגעבן איבערצוזעצן צו די צוויי משומדים, וואָס זיינען געזעסן אין תפיסה. יענע האָבן אים פאַרטייטשט וואָרט פאַר וואָרט. די שררהס זיינען אַריין אין גרויס צאָרן. מען האָט דעם פּאַפּיר תיכף אַוועקגעשיקט אין רעזידענץ. די מלכות האָט אין גרויס איילעניש אַרויסגעשיקט אַ שטאַפעט קיין ווילנע צום גובערנאַטאָר, ער זאָל שיקן כאַפּן ר׳ אליהון, וואָס איז דער יידישער קעניג. מען זאָל אים לאָזן שמידן אין קייטן און אים פאַרשפּאַרן אונטער אייזערנע גראַטעס.

די יידישע שונאים האָט ניט געאַרט, וואָס ר׳ אליהו רופט צו לייגן די חסידים אין חרם; זיי האָט עס נאָך, אדרבא, הנאה געטאָן, וואָס יידן קריגן זיך. זיי האָבן אָבער ניט געקענט פאַרגעבן ר׳ אליהון, וואָס ער פירט זיך ווי אַ מלך — ער שרייבט זיינע בריוו ווי דעקרעטן: — צו די רבנים, די בערג פון ישראל, צו די אויסדערוויילטע פירער פון די יידישע קהילות, גובערניע נאָך גובערניע, פּלאָצק, מינסק, מאָהילעוו און אַלע אַנדערע יידישע הויפּט־שטעט לויט זייערע גובערניעס״. דער שטאַפעט פון מלכות איז אָנגעקומען קיין ווילנע שפּעט אין דער נאַכט. דער גובערנאַטאָר איז שוין געהאַט געשלאָפן. מען האָט אים תיכף אויפגעוועקט. ער, מיט אַ מחנה סאָלדאַטן, האָבן זיך גלייך געלאָזט צום שול־הויף. ער האָט געפונען ר׳ אליהון שטיין ביי זיין שטענדער, פאַר־טיפט אין לערנען. דער גובערנאַטאָר האָט פאַר זיך דערזען אַ שטאָלצן, געט־לעכן מאַן, וואָס קוקט טאַקע אויס ווי אַ קעניג. ער, דער קריסט, האָט נאָך אין זיין גאַנץ לעבן ניט געזען אַזאַ שיינענדיק געזיכט, אַזאַ הויכן שטערן און אַזוינע טיפע, בלויע אויגן.

דער גובערנאַטאָר, אַ פּריצישער זונדל. ער האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין רייכקייט און פרומער קריסטלעכקייט. גלחים און נאָנעס האָבן אים דער־צויגן. קליינערהייט, איינצושטילן אים פון וויינען, האָבן זיי אים דערציילט מוראדיקע, אכזריותדיקע געשיכטעס, ווי די יידן האָבן מיט שאַרפע אייזערנע ריטער דערשטאָכן זיין, דעם יינגלס, גאָט, דעם גוטינקן יעזוס. די נאָנעס האָבן אים פאַרזאָגט, אַז ער, דאָס קליין יינגל, זאָל זיך היטן פאַר די יידן — יענע כאַפּן קריסטלעכע קינדער און צאַפּן פון זיי אויס דאָס בלוט צו באַקן פלאַטשיקע קוכנס אויף זייער פּאַסכאַ. האָט ער, דאָס פּריצישע זונדל, פון קינדערייז אָן, מיט אַלע זיינע חושים, געהאַסט יידן, און געקוקט אויף זיי, ווי אויף שפלדיקע מענטשן און איצט, ווי אויף צו להכעיס, שפּירט ער זיך מינדערווערטיק אַנט־קעגן דעם שטאָלצן יידן. ער באַגייט אַ גרויסע זינד קעגן קריסטוסן. יידן האָבן דאָך אים, דעם גוטינקן, אומגעבראַכט און אויפגעהאַנגען אינאיינעם מיט אַ באַנדע גנבים. מאַכט ער זיך האַרץ, און ער צעבייזערט זיך אויף ר׳ אליהון:

— זיי זיך מודה! ביסטו דער יידישער קעניג?

ר׳ אליהו האָט אים ניט געענטפערט. ער האָט אַפילו ניט אויפגעהויבן די אויגן. ער איז, ווי פריער, געשטאַנען אַ רואיקער ביי זיין שטענדער, איבער־געבויגן איבער אַ ספר, און געלערנט. דער גובערנאַטאָר איז צערודערט. ער, דער פרומער קריסט, וויל מיט זיינע אַלע כחות אָפּשפּאָטן פון דעם יידישן מלך, און ער באַוואונדערט אים גאָר; דער שטאָלצער מאַן הערט גאָר ניט, אַז ער שרייט אויף אים. ער איז פאַרטאָן אין העכערע וועלטן. ער, דער קריסט, וואָס גלויבט, אַז דאָס געבאָט פון זיין גאָט איז פיינט צו האָבן יידן, שטאַרקט זיין רציחה. ער רייסט אַרויס דעם ספר פון ר׳ אליהוס הענט. צו זיין גרויסער דער־שטוינונג, מאַכט זיך ר׳ אליהו אַלץ ניט וויסנדיק. ער לערנט וויטער פון אויסנווייניק. ער שענקט אים אַפילו ניט קיין בליק. ער, דער קריסט וואָס איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין שנאה צו יידן, איז איצט ביי זיך זיכער, אַז דער אַלטער מאַן האַלט זיך נאָך העכער פון אים, דעם קרוב למלכות, רופט ער אויס מיט רציחה צו זיינע זעלנער:

— פירט דעם יידן אַפּ אין תפיסה! פאַרזעצט אים הינטער די גראַטעס!

די סאָלדאַטן רינגלען גיך אַרום ר׳ אליהון. זיי ציען אַרויס די בלאַנקע שווערדן פון די שיידן. איצט איז ער, דער קריסט, ביי זיך זיכער, אַז דער ייד וועט שוין נעמען זיך בעטן מען זאָל אים אָפּלאָזן. אָבער דער אַלטער מאַן שפּאַנט זיך שטאָלץ צווישן די בלאַנקע שווערדן, ווי מען וואָלט אים גאָר דאָ אָנגעטאָן גרויס כבוד, מען באַגלייט אים מיט פּאַראַד.

דער שמש, וואָס האָט יענע נאַכט משמש געווען ר׳ אליהון, איז פון וויטן נאָכגעגאַנגען, צו זען וואוהין מען פירט זיין רבין. אין מורא, אַז די סאָלדאַטן זאָלן אים ניט דערזען, האָט ער זיך געשאַרט פאַזע די פינצטערע שטיבער. נאָך לאַנגן שפּאַנען דורך די שמאָלע ווילנער געסלעך איז מען אַרויסגעקומען אויסן שטאָט. די זעלנער מיט די בלאַנקע שווערדן זיינען געבליבן שטיין ביי אַ הויכן חושכדיקן מויער. זייער עלטסטער, וואָס האָט געשפּאַנט פאָרויס, האָט

אַ פייף געטאָן מיט אַזאַ גרילצעקייט, אַז דער גאַנצער פאַרשלאָפענער אַרום האָט אויפגעציטערט. עס האָבן זיך באַלד אָן עפּן געטאָן הויכע אייזערנע טויערן. די סאָלדאַטן האָבן אַריינגעמאַרשירט אויפן הויף, און, כהרף עין, האָבן זיך די טויערן צוריק פאַרמאַכט.

דער געטרייער שמש האָט ביי זיך פעסט באַשלאָסן: — איך וועל ניט אָפּטרעטן פון דאַנען ביז איך וועל הערן מיין רבינס זיסן קול. אַי, דער רבי מיי־נער ווייסט דאָך גאָרניט, אַז איך, זיין שמש, איז נאָכגעגאַנגען הינטער די סאָל־דאַטן, דאָס פאַרלאָז איך זיך שוין אויף סיעתא דשמיא. מען וועט ר׳ אליהון שוין וואָגן דעם געבן צו וויסן. האָט ער געהאַלטן זיינע אויגן אויסגעשטעלט ווי שפּיזן אויף דער פינצטערער טורמע און זיינע אויערן אויפגעשפּיצט. צו זיין טרייסט האָט ער דערזען, אַז אין איינעם פון די קליינע פענצטערלעך אין דער תפיסה האָט אַ ליכט אַ שיין געטאָן, און באַלד איז עס צוריק ניט געוואָרן. דער שמש איז ביי זיך שוין זיכער, אַז אין דעם קאַמער האָט מען אַריינגעפירט זיין רבין, האָט ער זיך שטיל צוגעשאַרט צו דער וואַנט פון דער טורמע. ער שפּיצט ווידער אָן זיינע אויערן. ער הערט קיינעם ניט אַרומגיין אין הויף. האָט ער מיט אַ וויינענדיקער שטים געגומען רופן:

רבי! רבי! רבי!..

דער שמש האָט אויפגעציטערט פון פרייד. ער האָט דערהערט זיין רבינס קול, און ער רופט צו אים:

— „הצנע לכת עם אלקיך", פאַרזאָגט אונדז דער נביא... טו, וואָס דיין בורא פאַרלאַנגט פון דיר, אָבער טו דאָס מיט צניעות. זוך ניט פאַר זיך קיין ריווח און קיין פּירסום פון דער מצווה וואָס דו טוסט. פיר זיך מיט צניעות, ווי דיין בורא. ער האָט דאָך, אָן טומל און אָן רעש, באַשאַפן אַזוי פיל פּליאהדיקע וועלטן. דאָס איז איינע פון די יסודות, וואָס איך קריג אויף דער חסידישער פירונג. טאָ האָרך זיך צו, מיין טייערער משמש בקודש, הער אויס, וואָס איך פאַרלאַנג פון דיר: גיי צוריק אין קלויז. זאָג ר׳ חיים יוסף ווילזשונער אין מיין נאָמען, אַז מען זאָל ניט מאַכן קיין ווען, וואָס מען האָט מיך פאַרשפּאַרט אין תפיסה. זאָל דאָס בלייבן אַ סוד. אויב אָבער מען וועט זיך דערוויסן, זאָל מען ניט וואָגן צו געבן די רשעים קיין פּדיון שבויים. אין די תפיסות, אונטער די גראַטעס, זיצן דאָך, אַחוץ מיר, אַ רעכט ביסל פון אחינו בני ישראל. אַלע יידן זיינען גלייכע יחסנים. ווידער, אויב די רשעים וועלן דערזען, אַז יידן לאָזן זיך קאָסטן אַ סך געלט אויסצולייזן זייערע לומדים — וועלן זיי, ווי אין אַ געיעג אויף האָזן און פוקסן, זיך לאָזן כאַפּן רבנים.

דער שמש האָט מיט געוויין אויסגעשריען:

— אוי און וויי! ווי קענען מיר גאָר טראַכטן, אַז מען זאָל איך, אונדזער הייליקן רבין, איבערלאָזן אין צער, און נאָך אין גויאישע הענט!

דער שמש האָט אָנגעהויבן נאָך עפּעס זאָגן. ער איז אָבער אַנטשוויגן גע־וואָרן. ער האָט דערהערט, אַז זיין רבי בייזערט זיך:

— רעדט ניט קיין פּוסטע רייד! צער? חס וחלילה! דאָס איז ביי מיר

די גרעסטע פרייד. איך האָב מיין גאַנץ לעבן זיך געבעטן ביים בורא, איך זאָל האָבן דעם זכות זיך מוסר נפש צו זיין פאַר דער תורה.

דער שמש האָט געוואָלט עפּעס פרעגן. האָט ער ווידער אויסגערופן:

— רבי, רבי!

עס איז אָבער קיין ענטפער ניט געקומען. די פינצטערע נאַכט האָט זיין רוף אויפגעכאַפּט און אים פאַרשלונגען. איבערן פוסטן הויף האָט זיך מיט געזאַנג צעטראָגן אַ מתיקותדיקער גמרא־ניגון.

עס האָבן זיך דערהערט טריט פון אַ וועכטער. ער האָט מיט בייזער גע־שריען:

העי, דו, טרעט אָפּ פון וואַנט. איך וועל שיסן!

אַ צעשראָקענער, האָט דער שמש זיך געלאָזט לויפן, און אַלע ווילע זיך אומגעקערט אַ קוק צו טאָן אויף דער תפיסה, וואו עס זיצט איינגעשפּאַרט זיין הייליקער רבי.



# קאַפּיטל כז

ר׳ חיים יוסף וויזשונער איז געווען אין קלעם. דעם גאונס תלמידים זיינען צעשפּרייט געוואָרן איבערן תחום אין שטרייט מיט די חסידים. פון דער גאַנצער מלכות־תורה איז געבליבן בלויז ער אַליין. און דאָ, פּלוצים, גאָר אומגעריכט, אַזאַ גרויס אומגליק. דאָס אַכ־זרדיקע מלכות האָט פאַרשפּאַרט ר׳ אליהון אין תפיסה.

שפּאַנט ר׳ חיים יוסף אַרום איבערן קלויז אַ פאַרווירטער. זיינע הענט פאַרלייגט אויפן קאָפּ. זיין יעדער אבר צופּט אים און רייסט. עס טרייבט אים, ער זאָל לויפן איבערן שול־הויף און שרייען:

— געוואַלד, יידן, ראַטעוועט! אינמיטן דער נאַכט זיינען דאָך די רשעים באַפאַלן די קלויז און אַוועקגעפירט דעם גאון אין תפיסה!

אָבער דעם גאונס שטרענגע התראה, אַז ער זאָל קייגעם פון דעם ניט דערציילן האַלט אים ווי געשמידט אין קייטן, ווי מען וואָלט אויפגעהאַנגען אַ שלאָס אויף זיין מויל. ר׳ חיים יוסף האָט זיך קוים דערוואַרט, אַז די זון זאָל זיך אַרונטערלאָזן. ער מיטן שמש האָבן זיך געלאָזט לויפן צו דער תפיסה, וואָס איז געווען ווייט אויסן שטאָט. אים האָט עס אויסגעקוקט נאָך ווייטער. אַז ער איז אַהין אָנגעקומען איז שוין געהאַט צוגעפאַלן די נאַכט. האָט ער אין דער פינצטער, זיך שאַרנדיק אויף דער ערד, זיך צוגעשלייכט צום קליינעם פענצטערל פון דער קאַמער, וואו מען האָט דעם גאון אַריינ־געזעצט. און גענומען רופן:

— רבי! רבי!

ער רופט און רופט, עס קומט אָבער ניט קיין ענטפער. ר׳ חיים יוסף

האָט פּאַר שרעק געמומען אַזש חלשן: ווער ווייסט? אפשר האָבן די רשעים שוין געטאָן שלעכטס צום גאון? פּאַר צער רייסט ער פון זיך די קליידער.

מיטאַמאָל דערהערט ער, ווי אין דעם פּוסטן אומעטיקן חלל טראָגט זיך מיט געזאַנג, אַ מתיקותדיקער גמרא־ניגון. ר׳ חיים יוסף שפּרינגט אויף פון פרייד און ער זאָגט צום שמש:

— איר קענט שוין גיין אַהיים. עס איז, ברוך־השם, על צד היותר טוב. דער גאון איז איצט פאַרטיפט אין לערנען און מהאי טעמא, האָט ער ניט דערהערט מיין רוף.

דער ווידזשונער, האָט ניט געוואָלט שטערן דעם גאון אין לערנען, האָט ער געוואַרט ביז דער גאון האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַ מוטיקער, האָט ער געמומען רופן אויפן הויכן קול:

— רבי! רבי! רכב ישראל ופרשיו. דאָס רופט צו אייך, איך, חיים יוסף ווידזשונער.

אין די גראַטעס האָט אויפגעשיינט ר׳ אליהוס ליכטיק פּנים. זיינע אויגן האָבן זיך געצונדן ווי פינקלדיקע שטערן אין דער פינצטערער נאַכט. ווי גלעקלעך האָבן, מיט מונטערע קלאַנגען, זיך דערהערט זיינע קלינגנדיקע רייד:

— ר׳ חיים יוסף! אַ לויב און דאַנק צום בורא. איך האָב דאָ גרויס הצלחה אין לערנען. איך האָב זיך היינט דערוואוסט צוויי געוואַלדיקע סו־דות. איך האָב שוין פאַר יאָרן־לאַנג זיך געמאַטערט זיי צו דערגיין. איך האָב אַזוי שטאַרק געגאַרט זיי צו וויסן, אַז ווען מען זאָגט מיר, אַז עס איז דאָ אַ מענטש אויף דער וועלט, וואָס ווייסט זיי, אָבער ער וואוינט פאַר טויזנ־טער מיילן ווייט — וואָלט איך צו אים געגאַנגען אפילו צופוס.

ר׳ חיים יוסף, וואָס האָט זינט יאָרן משמש געווען דעם גאון, האָט ער זיך ניט איינמאָל געחידושט, זעענדיק ר׳ אליהוס פליאהדיקע כש־רונות, און ווי ער פירט זיך בקודש. ער האָט געוואוסט, אַז ר׳ אליהו האָט אין זיך די אַלע שיינע מידות, וואָס די הייליקע תנאים זיינען פאַר זיי געוואָרן געלייבט. ער איז אַ מלאך צבאות, וואָס איז בלויז באַקליידט אין אַ גוף. ער באַדינט דעם בורא־עולם, שטייענדיק אויף דער ערדישער וועלט. איז ניט פאַר אַ בשר־ודם אים משיג צו זיין. אָט זיצט ער דאָך איצט פאַרשפּאַרט אין תפיסה, און ער שפּירט עס גאָרניט. פאַר אים איז דער אימהדיקער קאַמער פון דער טורמע איבערגעקערט געוואָרן אין אַ בית־המדרש. ר׳ חיים יוסף קען איצט ניט איינהאַלטן זיין התפעלות און ער רופט אויס מיט התרוממות:

— רכב ישראל, ופרשיו! איך האָב געוואוסט, אַז מיין קאָפּ איז אַ גראָ־בער און איך וועל קיינמאָל ניט דערגרייכן צו קענען באַנעמען אייער טי־פע תורה. איך האָב אָבער געגלייבט, אַז איך באַנעם אייערע דרכים בקודש. איך ווייס ווי צו גיין אין אייערע שיינע שטעגן. איצט אָבער זע איך איין, אַז איך האָב זיך אַליין גענאַרט. אייערע דרכים זיינען גאָר אַזוינע ווייטע. איר

שטייט אַזוי הויך, אַז עס איז גאָרניט אין כוח פאַרן מענטשנס אויג אייך צו דערזען.

ר׳ אליהו האָט גוטמוטיק זיך אָנגעבייזערט אויפן ווילשונער און גע־זאָגט:

— מיינע דרכים זיינען אָפענע. איך בין קיינמאָל ניט געגאַנגען אויף פאַרבאָרגענע וועגן. מיינע חידושי־תורה און פסק־דינים זיינען צו מיר ניט געקומען דורך חלומות. איך האָב צו זיך ניט צוגעלאָזט די „מגידים" פון הימל, וואָס האָבן געוואָלט מיר מגלה זיין סודות פון דער תורה. איך האָב כמעט אַלץ דערוואָרבן דורך שווער׳ער האָרעוואַניע. בלויז די רזין מן הרזין, וואָס מען קען ניט דערגרייכן דורך מענטשלעכער מי, האָבן פאַר מיר מגלה געווען יעקב אָבינו, אליהו הנביא און שמעון בן יוחאי. זיי זיינען אָבער דאָך ניט קיין מלאכים. זייערע גשמות האָבן דאָך געלעבט אין מענטשלעכע גופים, און זיי האָבן גענוג געהאָרעוועט אין דער תורה.

אמת, — רעדט ווייטער דער גאון, — אין אַ טייל מנהגים בין איך זיך אַנדערש נוהג. און איר טייטשט אַנדערש אויס דינים, אָבער אויך אונדזערע הייליקע תנאים און אמוראים האָבן אָפּגעהיט די אַלע דינים און מנהגים, וואָס איך היט אָפּ. זיי זיינען אָבער געוואָרן פאַרגעסן. און וואו איך בין מחמיר, איז דאָס נאָר פאַר זיך אַליין. איך בין ניט מקפּיד אפילו אויף מיינע אייגענע תלמידים, אויב זיי פירן זיך אַנדערש ווי איך. די גאַנצע וועלט קענען דאָך ניט זיין קיין צדיקים. יעדן איינעמס וועג איז אַנדערש, פּונקט ווי יעדער מענטש איז אַנדערש. וויפיל מענטשן עס זיינען דאָ אויף דער וועלט, אַזוי־פיל וועגן זיינען דאָ צום בורא. אָבער אַלע וועגן און שטעגן דאַרפן זיך אָפּצווייגן פון דעם גרויסן תורה־וועג. מיט כוונה אַליין קען מען ווייט ניט אַוועקגיין. כוונה לערנט ניט. עס באַלויכט ניט דעם מוח. כוונה, אָן מעשים, איז בלויז אַ גוטער וואונטש, און עס קען פאַרפירן צו די טיפסטע אָפּגרונטן.

דער גאון איז געשטאַנען ביי די גראַטעס פון זיין תפיסה־קאַ־מער און געזאָגט און געזאָגט פאַר חיים יוספן טיפע ביאורים אויף מקרא, משנה, גמרא און אויף דער תורה שבנסתר. ער האָט אים מסביר געווען, אַז דער טעות פון די חסידים נעמט זיך, וואָס זיי מיינען, אַז דער „זוהר" קריגט אויף דער גמרא. זיי פאַרשטייען ניט, אַז עס איז דאָ בלויז איין תורה, נאָר עס איז געשריבן אויף צוויי פאַרשיידענע דרכים: „נסתר" און „נגלה". נסתר פאַר די צנועים, און נגלה פאַר אַלע יידן. אָבער אויך אין נגלה זיינען דאָ מדרגות. עס ווענדט זיך אין די כשרונות, וואָס מען האָט דעם מענטשן געשאָנקען פון הימל. און ווי ווייט מען איז זיך מוסר־נפש פאַר דער תורה. דען דין איז, אַז די הלכה איז ווי די גמרא זאָגט און ניט ווי דער „זוהר". אָבער ניט ווייל זיי קריגן צווישן זיך, נאָר ווייל די גמרא זאָגט עס אויף אַ אָפענערן אופן. איז אַ סימן, אַז אַזוי האָט דער „זוהר" אויך אין זיין כוונה.

ר׳ אליהו האָט אויך דערקלערט ר׳ חיים יוספן, אַז די אַלע פּלוגתאס האָבן געפירט ניט שמאי מיט הללן, נאָר די בית־הלל און די בית־שמאי. זיי, די תלמידים, האָבן ניט געכאַפּט די טיפע כוונות פון זייערע הייליקע רבים, האָבן זיי אַנדערש אויסגעטייטשט זייערע רייד.

דער ווילנער איז אַ פאַרמוטשעטער געשטאַנען ביי דער וואַנט און אַ הונגעריקער געשלונגען זיין רבינס תורה. ער האָט גאָרניט געשפּירט דעם קאַלטן דרויסן. ער האָט אפילו ניט באַמערקט, אַז די נאַכט קליייבט זיך שוין אָפּצוטרעטן. די בערג אָרום הייבן שוין אויף זייערע קעפּ. דער גאון האָט אים אין דעם דערמאָנט און האָט צו אים געזאָגט:

— גייט אַהיים. עס קומט שוין באַלד אָן דער טאָג.

ר׳ חיים יוסף האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ווי פון שלאָף און געזאָגט:

— רבי, זייט מיר מתיר צו דערציילן קהל, וואָס די רשעים האָבן צו אייך געטאָן.

ר׳ אליהו ענטפערט מיט רואיקייט:

— קיין פאַרבאָרגענישן זיינען ניטאָ. מען וועט זיך מסתמא דער־וויסן. אָבער אַליין מאַכן פון דעם אַ פרסום, דאָס טאָר מען ניט. מען דאַרף שטענדיק האַלטן אין זינען דעם „והצנע לכת עם אלקיך״.

דער ווילנער פרעגט דאַן מיט אַ ווייגענדיקער שטים:

— רבי, די חסידים האָבן מסתמא דאָס אייך געמסרט?

פון שרעק טרייסלט זיך אַזש דער גאון. ער ענטפערט:

— חס־וחלילה! און אפילו ווען איינער פון זיי וואָלט דאָס יאָ געטאָן, טאָר מען אויך ניט מחייב זיין דעם גאַנצן כלל חסידים. פאַר אַזוינע רייד איז אפילו משה רבינו געוואָרן באַשטראָפט. דאָס איז געקומען בלויז פון די תולדות פון אַ מחלקה. די סיטרא־אחרא וויל דאָ קריגן די ממשלה און מיר שטערן אין לערנען. אָבער איך וועל איר מנצח זיין. איך האָב סיעתא דשמיא. די בעסטע ראיה, אַז איך האָב היינט זיך דערוואוסט די צוויי געוואַלטיקע סודות. אָבער לויט אייער פרעגן מיך די שאלה, זע איך אַ צייכן פון הימל, אַז מען דאַרף עס גוט באַוואָרענען, עס זאָל מיט דורות שפּעטער ניט קומען איינער און זאָגן, אַז אַחינו בני ישראל האָבן מיך געמסורט. טאָ גיט אַכטונג, אַז מען זאָל אין שטאָטישן „פּנקס״ פאַר־שרייבן בלויז אָט־די עטלעכע ווערטער: „די מלכות האָט אליהון, בן הרב ר׳ שלמה זלמן, אַריינגעזעצט אין תפיסה צוליב די תולדות פון אַ גט.״

ר׳ חיים יוסף פרעגט אַ פאַרחידושטער:

— רבי, עס איז דאָך קשה? מיט חופה, קדושין און גטן האָבן זיך דאָך מתעסק געווען בלויז דער שטאָטישער בית־דין. איר, רבי, האָט זיך דאָך קיינמאָל ניט געמישט אין די דאָזיקע ענינים.

ר׳ אליהו ענטפערט אים מיט ישוב־הדעת:

— „גט״ איז כולל כלערליי מחלקות. „גט״ איז ניט קיין אַרמייאיש וואָרט. ביידע אותיות זיינען פון לשון הקודש. זיי זיינען מרמז אויף אַ

קריג. מחמתביידע אותיות זיינען צווישן זיך אויך צעקריגט. אין דער גאַנצער תורה קען מען ניט געפינען, אַז אַ „גימל" מיט אַ „טית" זאָלן שטיין איינער לעבן אַנדערן.

ר׳ חיים יוסף קען זיך ניט פאַרגינען צו האָבן דעם אמתן נחת־רוח פון גאונס פליאהדיקן אויסטייטש. ער איז אין צער, וואָס דער גאון גיט אים ניט דעם רשות צו דערציילן פון דעם אומגליק — פּרובירט ער ווי־דער עס פּועלן דורך אַן אַנדער וועג, און ער פרעגט:

— רבי, אויב אייער רביצין און אייערע בני־בית וועלן מיך פרעגן: וואו איר זייט, וואָס זאָל איך זיי ענטפערן?

ר׳ אליהו טוט אַ זיפץ און זאָגט:

— זיי וועלן אייך דאָס ניט פרעגן. מיט עטלעכע טעג פריער איז צו מיר געקומען איינער פון די הימלדיקע מגידים. ער איז געווען גרייט מיר פאַראויסזאָגן, וואָס עס וועט גאָר בקרוב מיט מיר געשען. איך האָב ניט געוואָלט מיט אים צופיל זיך צופריינדלען. האָב איך אים געבעטן צו גיין צוריק אין הימל און ניט שטערן מיר אין לערנען. איך האָב גלייך חושד געווען, אַז יענער האָט מיט זיך געבראַכט ניט קיין גוטע בשורה. האָב איך צו באַוואָרענען געזאָגט צו מיין רביצין:

— איך וועל אויף עטלעכע וואָכן זיך אָפּשיידן אוי התבודדות. זי, די צדקנית, האָט אַפילו ניט געפרעגט מיין טעם, און מיר מיטגעגעבן אַ ביסל צידה לדרך. איך האָב עס טאַקע מיט זיך.

ר׳ חיים יוסף האָט אַ דערשטוינטער זיך צו געהערט צו דעם פליאה־דיקן טראַף און געטראַכט: עס איז ווי דער תנא זאָגט: — דער וואָס לערנט תורה היט אים אָפּ דער בורא אַליין. וועט מען שוין פון הימל אויך געבן צו וויסן אַחינו בני ישראל, אַז זייער גאון איז פאַרשפּאַרט אין תפיסה. אַ באַרואיקטער, האָט ער זיך גענומען קלייבן גיין אַהיים. ער האָט גענומען אָפּשייד פון ר׳ אליהון און איז הינטערווייַלעכץ לאַנגזאַם אָפּגעטראָטן.

ר׳ חיים יוסף איז געווען זייער מיד, איז ער אַוועק צו זיך אַהיים. עס האָט אים אָבער קיין שלאָף ניט גענומען. די חושכדיקע ווענט פון דער תפיסה זיינען אים געשטאַנען פאַר די אויגן. האָט ער זיך אויפגעהויבן פון זיין געלעגער און איז אַוועקגעגאַנגען אין קלויז. אַז ער האָט דאָרטן דערזען ר׳ אליהוס שטענדער שטיין אַ ליידיקער, האָט ער זיך פון צער צעוויינט. און ווי נעכטן האָט ער אויך איצט אַ פאַרווירטער געשפּאַנט הין און צוריק איבערן קלויז, די הענט פאַרבראָכן איבערן קאָפּ.

פּלוצים דערזעט ער, אַז אַנטקעגן אים שטייט ר׳ מיכל פּעשלס, דער ווילנער גביר, דער שווער פון דעם גאונס תלמידים, ר׳ סעדיה און ר׳ זעלמעלע דעם גרויסן צדיק, וואָס האָט ניט געוואָלט אפילו עפּעס נהנה זיין פון דער עולם הזהדיקער וועלט און האָט ניט נאָכגעגעבן זיין גוף אַפילו „כי הוא זה". ער האָט זיינע אַלע גלוסטונגען צעבראָכן. דאָך

איז ער אַליין געווען אין מורא, אַז דער חומר זאָל ניט פאַרצוקן די איי־דעלע הימלשע נשמה. האָט ער, ווי אויף אַ קייט, געהאַלטן דעם גוף געבונדן. פאַר דעם מינדסטן פּתחון־פּה האָט ר׳ זעלמעלע, אים באַשטראָפט מיט הונגער און דאָרשט. זיין גוף האָט שוין מורא געהאַט צו מאַנען אַפילו אַ פּעניץ ברויט מיט אַ מעסטל וואַסער, כאָטש דאָס האָט אים געקומט על־פּי דין.

ר׳ זעלמעלע איז געוואָרן אָפּגעשוואַכט. ער האָט שוין מער ניט געהאַט קיין כוח צו שטיין און גיין. איז ער געלעגן אויף זיין בעט מלא שמחה, וואָס ער האָט מנצח געווען זיין גוף.

זיין שוואָער, ר׳ מיכל פּעשלס, דער גביר־אדיר, איז צוליב זיינע וואַלד־געשעפטן געהאַט אַוועקגעפאָרן אין פּרייסן. אַז ער איז געקומען צוריק אַהיים און דערזען, אַז זיין איידעם, דער צדיק, ליגט שוין צו־בעט, האָט ער תיכף געשיקט נאָך די צוויי באַרימטע דאָקטוירים, וואָס האָבן גע־האַלטן אונטער די נעמען: דער פּעטערבורגער און דער קיעווער. זיי, צוויי מומחים, האָבן גלייך געכאַפּט פאַרוואָס זעלמעלע איז אַזוי אָפּגע־שוואַכט. האָבן זיי זיך ביי אים געבעטן:

— רבי, איר זייט דאָך נאָך אַ יונגערמאַן. האָט רחמנות אויף זיך אַליין. פאַרפּייניקט זיך ניט. אַ מענטש מוז געבן דעם גוף זיין חיות...

ר׳ זעלמעלע האָט זיי אָבער מיט מוסר געענטפערט:

— איר, דאָקטוירים, זיינען בלויז גוטע פריינט פון גוף. עס אַרט אייך לחלוטין ניט פאַר דער נשמה.

ר׳ מיכל פּעשלס האָט גלייך איינגעזען, אַז בלויז ר׳ אליהו קען ראַ־טעווען זיין איידעם. האָט ער זיך געלאָזט גיין צום שול־הויף, צו בעטן דעם גאון, אַז ער זאָל שיקן זאָגן ר׳ זעלמעלען, אַז ער זאָל זיך צוהאָרכן צו די דאָקטוירים. ר׳ מיכל פּעשלס האָט שוין געהאַט אַראָפּגענידערט פון לעצטן שטאַפּל פון די שטיינערנע טרעפּ, וואָס האָבן זיך געהויבן צו זיין שטוב. פּלוצים איז אים אַנטקעגן געקומען אַ שטאַפּעט פון גובער־נאַטאָר. ער האָט אים געמאָלדן, אַז זיין האַר האָט באַפוילן, אַז ער זאָל זאָפאָרט צו אים קומען. האָט ער באַוין־ברירה זיך געלאָזט גיין צום גו־בערנאַטאָרס פּאַלאַץ מיט דער מחשבה, אַז ער וועט אין שול־הויף אָפּ־שטייגן אויף צוריקוועגס. ער האָט זיך ניט דערשראָקן. ער איז שוין געווען צוגעוואוינט צום גובערנאַטאָרס שטאַפּעטן. ווען נאָר ער נייטיקט זיך אין געלט, שיקט ער נאָך אים אויסצוחילופן אַ גזירה אויף אַ הלוואה, וואָס ער באַצאָלט קיינמאָל ניט. טיילמאָל גיט אויף דעם צושטייער קהל. אָבער דאָס רוב איז עס אינגאַנצן ר׳ מיכל פּעשלס היזק.

ערשט, אַז ער איז אָנגעקומען אין פּאַלאַץ, האָט אים דער רשע גאָר געמאָלדן, אַז מיט עטלעכע נעכט פריער, האָט ער געכאַפּט דעם יידישן מלך, וואָס זיין נאָמען איז עליאש, און האָט געלאָזט אים שמידן אין קייטן און פאַרשפּאַרט אין דער גרויסער טורמע. דער שונא־ישראל האָט גע־געבן אָנצוהערן, אַז פאַר גאָר און גאָר אַ סך גאָלד, וועט ער איינוויליקן אים צו באַפרייען.

ר׳ מיכל פּעשלס האָט דעם שררה קאַלטלעך געענטפערט, אַז ער וועט זען פועלן ביי קהל, אַז מען זאָל שאַפן דאָס געלט. ער איז אַ רו־איקער אַרויס פון פּאַלאַץ, און זיך געלאָזט גיין צום שול־הויף. ער איז ביי זיך געווען זיכער, אַז דער רשע, ווייסט ניט וואָס ער רעדט. ער איז אוודאי בגילופנדיק. וואָרים ווען דאָס וואָלט, חס־וחלילה, געווען אמת — וואָלט ער, מיכל פּעשלס, דעם גאונס אַ ידיד, דאָך פון דעם געוואוסט.

ווי נאָר ער האָט איבערגעטראָטן די שוועל פון גאונס קלויז, האָט ר׳ מיכל פּעשלס אויפגעציטערט. ער האָט גלייך דערזען, אַז ר׳ אליהו ליגט טאַקע אין דעם רשעס הענט. ער האָט עס דערקענט אין ר׳ חיים יוסף ווילזשונער, וואָס האָט אַ צערודערטער אַרומגעשפּאַנט איבערן קלויז. האָט ער שוין אים אפילו ניט געפרעגט. ער האָט זיך אין אים ווי איינ־געקלאַמערט און מיט וואַרימקייט אים געטרייסט:

— זייט זיך ניט מצער. איך לויף שוין צום רשע. איך וועל אויס־לייזן דעם גאון, אפילו אויב איך וועל אים דאַרפן אַוועקגעבן מיין גאַנץ פאַרמעגן.

ר׳ חיים יוסף ווילזשונער האָט חושד געווען, אַז דער שמש האָט דאָס אויסגעזאָגט דעם סוד. ר׳ מיכל פּעשלס האָט אים אָבער מבטיח געווען, אַז דער גובערנאַטאָר האָט דאָס אים פאַרטרויט. איז ער געוואָרן פריילע־כער. באַלד האָט ער זיך פון שרעק אויפגעכאַפּט און מיט געוויין זיך אָפּ־גערופן:

— איר טאָרט ניט גיין אויסלייזן אונדזער רבין. ער האָט שטרענג אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל ניט וואַגן צו געבן די רשעים קיין פדיון שבויים.

ר׳ מיכל פּעשלס, אַ הויך־געוואוקסיקער מאַן מיט צווי ברייטע אַקסלען, אַז ער האָט דאָס דערהערט, איז ער פון צער ווי איינגעשרומפּן. ער האָט דערזען, אַז זיין איינציקע האָפענונג, אַז דער גאון וועט ראַטעווען זיין זעל־מעלען, איז איצט געוואָרן צערונען... זיין איידעם, דער צדיק, וועט אויס־גיין ווי אַ שבתדיקע ליכט... ער איז אַ פאַרטרויערטער אַרויס פון קלויז. ער, דער גרעסטער גביר אין ווילנע, האָט זיך ווי דער גרעסטער אָרימאַן, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, געשלייכט דורך די גאַסן, ווי ער וואָלט ניט געהאַט וואוהין צו קומען און זיך אָפּצורוען. ער איז עטלעכע מאָל געהאַט צוגע־קומען צו זיין גרויסן מויער, וואָס האָט זיך געשפּיגלט מיט זיינע צענדליגער פענצטער. ער איז אָבער צוריק אָפּגעטראָטן. ער האָט מורא געהאַט אַריינ־צוקומען אין אַ שטוב, וואו עס שפּאַנט אַרום דער מלאך המוות...

דער גויאישער שררה האָט אַ גאַנצן טאָג געוואַרט אויף דעם יידישן גביר, ער זאָל ברענגען דאָס געלד, און ער איז ניט געקומען. אַז די זון האָט גענומען זיך אַרונטערלאָזן, איז דער שררה געוואָרן אומרואיק. האָט ער גע־שיקט אַ נייעם שטאַפּעט. ער האָט געפונען ר׳ מיכל פּעשלס אַרומבלאָנקען איבער די גאַסן. האָט ער אים איבער געוואַלד געבראַכט צופירן.

ר׳ מיכל פּעשלס האָט אָפן, אָן מורא, דערקלערט דעם שררה, אַז ר׳

אליהו איז ניט קיין מלך, אָבער ער איז נאָך העכער. ער איז אַ מלאך פון הימל. ער איז ביי אים, און ביי אַלע יידן, הייליקער ווי הייליק. אָבער קיין אויסלייז־געלט וועט מען ניט געבן. ער, דער יידישער רבי, האָט שטרענג אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל עס ניט וואַגן צו טאָן.

דער שררה איז געהאַט געוועזן ביי זיך זיכער, אַז ער האָט געכאַפּט אַ גרויסן פאַנג, ער וועט זיך אָנשיטן מיט גאָלד. און צום סוף איז די נעץ גאָר אַ ליידיקע. קלאַפּט ער פון פאַרדרוס אין טיש און דונערט אויף אַ הויכן קול:

— איך וועל דעם יידישן מלך האַלטן פאַרשפּאַרט אין תפיסה, ביז איך וועל ברעכן די יידישע האַרטנעקיקייט.

טוט שוין ר' מיכל פּעשלס ניט שאַנעווען דעם הויכן שררה. ער ענטפערט אים מיט האַרבע רייד, וואָרנט אים, אַז ר' אליהו איז זייער חשוב אין הימל און מען וועט זיך דאָרט פאַר אים אָננעמען. מען וועט זיינע פּייניקער באַשטראָפן מיט דער גאַנצער שטרענגקייט.

דער שררה קען ניט פאַרליידן, וואָס אַ ייד שטראָפט אים. עס ברויזט אין אים דאָס בלוט. גיט ער זיך אַ הייב פון זיין זיץ און פאַרשווינדט אין איינע פון זיינע צימערן. פון רציחה שיקט ער אַרויס אַ באַפעל צו ה' איגנאַץ באָגדאַנסקי, וואָס איז דער הויפּט פון דער טורמע, ער זאָל פאַרשטאַרקן די שמירה. די יידן גרייטן זיך צו באַפאַלן די תפיסה און באַפרייען זייער מלך...

איגנאַץ באָגדאַנסקי האָט געלייענט זיין האַרס באַפעל, און געלאַכט אויפן קול, וואָס יענער איז אַזאַ שוטה. ער, איגנאַץ ווייסט, אַז ר' אליהו איז קיין מלך ביי יידן, נאָר זייער רבי, און ער איז אַ גאון. ער האָט זיך וועגן אים זייער פיל וואונדערלעכע געשיכטעס אָנגעהערט פון זיי טאַטן, ווען ער, איגנאַץ האָט זיך נאָך גערופן: יודל בן וואולף. זיין טאַטע, וואולף, האָט געוואוינט אין אַ דאָרף. ער איז דאָרטן געווען דער איינציקער ייד און זייער אַ פרומער מאַן. ער האָט געהאַלטן אין איין אַריינקוקן אין מוסר־ספרים, וואָס מאָלן אויס מיט אַלע איינצלהייטן דעם גיהנום. ווי מען באַשטראָפט דאָרט מענטשן, וואָס פאַר אַן עונש מען קריגט פאַר יעדער עבירה. אין די מוסר ספרים איז אויך פאַרגעשטעלט געוואָרן ווי אין גיהנום בראָטן זיך די זינדיקע אין אָנגעהייצטע אויוונס און ווי די מלאכי־חבלה טוען זיי אָן שרעקלעכע עינויים. זיי גיסן אַריין איבער געוואַלד גליענדיק בליי אין מויל, און טוען נאָך אַנדערע מוראדיקע נגישות.

די שרעק פאַרן גיהנום איז אים, דעם ישובניק, אַריין אין די ביינער. עס פלעגט זיך אים, אין שלאָף, חלומען, אַז ער איז שוין אויפן עולם־האמת, און מען האָט דאָרט אויף אים געפונען אַ וועלט מיט עבירות, וואָס ער האָט פון זיי אפילו ניט געוואוסט. האָבן זיך צו אים אַ נעם געטאָן די לאַפּיטוטן, זיי רייסן מיט צוואַנגען די נעגל פון זיין פלייש, ער זאָל זיך מודה זיין אין נאָך אַנדערע זינד. פון שרעק פלעגט ער זיך אויפכאַפּן און שרייען מיט אימהדיקע קולות: — ראַטעוועט!

איגנאַץ, דער אַמאָליקער יודל, איז געווען זיין איינציק קינד. האָט

ער, זיין טאַטע, געגומען באַוואָרענען, אַז זיין בן־יחיד, זאָל גיין אין פרומע וועגן און זיך פאַרהיטן פון מוראדיקן גיהנום. האָט ער אויך גענומען מיט אים לערנען מוסר־ספרים. האָט אויך דאָס קליינע ייִנגל, שוין מער ניט געשלאָפן אין רואיקייט. עס האָט זיך אים געחלומט נאָך שרעקלע־כערע חלומות, ווי זיין טאַטן. ער, דאָס איינציק ייִדיש ייִנגל אין אַ דאָרף פון לויטער גויים, האָט מיט פאַרדרוס און קנאה צוגעקוקט, ווי די גוי־אישע ייִנגלעך לויפן אַרום פריי, זיי דאַוונען ניט, זיי וואַשן זיך ניט צום עסן. זיי טוען אָפּ מיאוסע שטיק, און זיי טראַכטן גאָרניט וועגן עונש אויף יענער וועלט. אַז ער האָט זיי איין טאָג גענומען שטראָפן און גע־סטראַשעט מיט יענער וועלט, האָבן זיי פון אים געשפּאָט... און געזאָגט:

— אונדזער גלח פאַרגיט אַלע עבירות.

יודלען האָט זיך עס ניט געלייגט אויפן שכל.

איינמאָל, ווען וואולף, דער טאַטע זיינער, האָט אים דערציילט אַ שרעקלעכן טראַף מיט אַ זינדיקן מענטשן, האָט ער אים געפרעגט:

— טאַטע, ליידן די גוים אויך אין גיהנום?

וואולף האָט לאַנג געטראַכט און נאָכדעם געענטפערט:

— גויים זיינען ניט באַליבט ביי גאָט. האָט ער פונקט ווי זיין באַ־שאַף די בהמות, אויך זיי ניט מזכה געווען מיט מצוות. האָבן זיי ניט קיין גיהנום, אָבער דערפאַר האָבן זיי אויך ניט קיין גן־עדן.

יודלען האָט ניט געזען אין דעם קיין גליק. אים דוכט זיך, אַז עס איז בעסער צו זיין אַ גוי און מוחל זיין דעם גן עדן, אבי ניט צו ליידן קיין גיהנום. ער האָט עס געוואָלט דערקלערן זיין טאַטן. אָבער וואולף האָט זיך ניט דערלאָזט אַריינצוגיין אין צו ווייטע שמועסן. ער האָט צו זיין ייִנגל געזאָגט:

— אַ ייִד טאָר ניט צופיל קלערן. עס קען פאַרפירן אין גיהנום.

האָט דאָס ייִנגל געהאַלטן זיינע מחשבות פאַר זיך אַליין. דער ייִדישער עול האָט זיך ווי אַ שטריק אַלץ מער און מער אַרום אים פאַרצויגן. עס האָט אים געשטיקט. און זיין קנאה צו די שקצים אין דאָרף האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן.

איין טאָג האָט זיין טאַטע, אים פאַרטרויט, אַז ער האָט אין מחשבה זיך אַריבערצוקלייבן אין שטאָט. ער וועט דאָרט אויפזוכן פּרנסה. ווייל צווישן גויים, קען אַ ייִד ניט מקיים זיין אַלע מצוות. ער האָט אים אויך גע־וואָרנט, אַז אין שטאָט וועט ער, יודל, זיך ערשט מוזן נעמען אין די הענט אַריין. זיך טאַקע ריכטיק איינשפּאַנען אין ייִדישן וואָגן.

אַז יודל האָט דאָס דערהערט, האָט ער גענומען טראַכטן, פון בלייבן אין דאָרף. ער וועט, ווי אַלע גויאישע ייִנגלעך, מוחל זיין דעם תענוג פון גן־עדן. איז ער זונטיק אַוועקגעגאַנגען אין קלויסטער צו הערן, צי דער גלח שרעקט טאַקע ניט מיט גיהנום. דער גלח איז געווען זייער פריינט־לעך צו דעם ייִדישן ייִנגל. ער האָט אים פאַרבעטן צו זיך אין שטוב

און פאַרפירט מיט אַ שמועס, ווי מיט אַ דערוואַקסענעם. ער האָט געזוכט צו דערוועקן ביים יידישן יינגל רחמנות צו קריסטוסן, וואָס איז אומגעקומען מיט אַ שווידערלעכן טויט. יודל האָט זיך פאַר אים פאַר־טרויט. ער האָט אים דערציילט פון זיינע ענויים און האָט אים געפרעגט, צי ער גלייבט אין גיהנום. דער גלח האָט אים געענטפערט: קריסטוס איז די גוטסקייט אַליין. ביי אים איז קיין זינד ניט צו גרויס, אַז ער זאָל ניט וועלן דאָס פאַרגעבן.

דעם גלחס פרומע רייד האָבן יודלען ניט אָנגעהויבן צו רירן. ער האָט ביי זיך אין האַרצן פון אים אָפּגעשפּאָט און געטראַכט:

די גויים זיינען דאָך טאַקע אמתע בהמות. ווי קען מען גלייבן אין אַ גאָט, וואָס מענטשן האָבן געקענט אומברענגען. עס איז דאָך גאָרניט שייך צו זאָגן, אַז ער איז אַ גוטער און ער וועט אַלע זינד פאַרגעבן. ער, אַ בשר־ודם, איז דאָך שוין לאַנג צעפוילט געוואָרן ערגעץ אין אַ גרוב. עס איז דאָך פון אים שוין ניט געבליבן קיין געדעכעניש. די יידן, אָבער, גלייבן דאָך אין אַן אמתן גאָט, וואָס האָט באַשאַפן די וועלט און האָט גע־וויזן אַזויפיל גרויסע נסים.

יודלען האָט געשפּאַרט צו זאָגן דעם חילוק פאַר דעם גלח. און אויב יענער וועט אים פרעגן: „טאָ פאַרוואָס ביסטו געקומען צו מיר?" וועט ער אים זאָגן דעם אמת: „עס איז מיר שווער צו גיין אין יידישן געשפּאַן און איך קען ניט פאַרטראָגן די שרעק פאַרן גיהנום."

יודל האָט זיך אָבער באַזינט, אַז ער וועט זיך דאָך ניט שטעלן אויס־טענהן מיט אַזאַ נאַרישן מענטש. האָט ער געשוויגן און זיך צוגעהערט ווי דער גלח רעדט און רעדט מיט נאַרישער התפעלות וועגן זיין גאָט.

דער גלח האָט דערקענט, אַז דאָס יידיש יינגל איז קאַלט צו זיינע רייד, האָט ער אָנגעהויבן צו אים ריידן וועגן עולם־הזהדיקן תכלית:

— אויב דו וועסט זיך באַקערן צו דער קריסטלעכער אמונה, שטייען דיר פאַר גרויסע גליקן. דו וועסט לעבן אין רייכקייט און רואיקייט. דו, מיט דיין יידישן קעפּל, וועסט ווערן אַ באַרופענער מאַן.

די תכליתדיקע רייד הייבן שוין אָן יודלען געפעלן צו ווערן. זיין פּנים האָט זיך צעשיינט. דער גלח איז שוין ביי זיך זיכער, אַז זיינע רייד האָבן געטאָן אַ פּעולה. דער יונגער ייד איז שוין באַקערט געוואָרן צו קריסטוסן. כאַפּט ער זיין פענדזל און באַשפּריצט דעם ניי־גלויביקן מיטן הייליקן וואַסער. פון צעטרודערונג קען זיך יודל ניט אָפּוועגן. אָבער אַז דער גלח טראָגט אונטער אַ געטשקע צו זיינע ליפּן, ווערט ער, דאָס יידישע בחורל, אויפגעציטערט פון שרעק. ער גיט זיך אַ צי אויף צוריק. ער שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין: ער שרייט מיט קולות:

— איך בין אַ יידיש קינד! איך טאָר ניט קושן קיין פרעמדע געטער.

דער גלח באַרואיקט אים מיט פאָטערלעכער גוטסקייט:

— קינדס מיינס, ווי נאָר דו דערנענטערסט דיינע ליפּן צו דער הייליקער

מוטערל, ביסטו שוין שוין אויס ייד און דו ביסט שוין באַפרייט פון די שווערע קייטן, וואָס האָבן דיך געהאַלטן געבונדן צום אַלטן גלויבן.

יודל האָט ניט קיין צוטרוי צום גלח. עס לייגט זיך אים אָבער אויפן שכל, אַז דאָס מאָל איז דער נאַרישער גוי גערעכט. און ער איז עס זיך אַליין מסביר אויפן יידישן דרך:

— דווקא, ווייל דאָס איז די גרעסטע עבירה פון אַלע עבירות, איז אָנשטאָט צו באַשטראָפן, טוט זי גאָר באַפרייען פון אַלע שטראָפן, ווייל מען ווערט דאָס אויס ייד. אמת, ער וועט שוין קיינמאָל ניט אָנזען דעם גן־עדן, אָבער ער וועט דאָך פאַרשפּאָרן צו ליידן דעם גיהנום.

נאָכן שמדן אים, האָט מען יודלען געגעבן דעם גויאישן נאָמען איג־נאַץ באָגדאַנסקי.

דער גלח האָט ריכטיק פּאָראויסגעזאָגט. ער, דער משומד, איז עולה לגדולה געוואָרן. ער האָט זיך דערדינט צו ווערן דער הויפּט פון דער גרויסער טורמע אין ווילנע, וואו דער רשע האָט פאַרשפּאַרט דעם גאון.

איגנאַץ איז שוין איצט אַ דערוואַקסענער מענטש. ווען ער לאָזט וואַקסן זיין באָרד, וואָלט ער אויסגעקוקט ווי זיין טאַטע, וואולף, וואָס ער, דער נייער גוי, האָט שוין פון לאַנג ניט געהאַט אין זינען, און האָט שוין פאַרגעסן, אַז ער איז געווען אַ ייד.

זינט מען האָט אין זיין תפיסה געבראַכט דעם גאון, האָט זיך ביי איגנאַצן פונדאַסניי אויפגעוועקט די יידישקייט. ער האָט פאַרלוירן זיין גויאישע רואיקייט. ער פלעגט אין מיטן דער נאַכט זיך ווידער אויפכאַפּן פון שלאָף פון שרעק, מיט געוואַלדן. וואולף, זיין פאַרשטאָרבענער טאַ־טע, האָט אָנגעהויבן קומען צו אים אין חלום מיט בייזער און פּרעטענציעס:

„צוליב דיר, יודל, בין איך אַ פאַרשעמטער אויף יענער וועלט! אַ טאַטע פון אַ משומד! צוליב דיין גרויסער זינד, האָב איך זיך פאַר יאָרן און יאָרן גע־מוזט מוטשען אין גהינום. מען האָט מיך דאָרט געוואָרפן אין הייסע אויוונס און געבראָטן מיין לייב. איצט, האָט מיין נשמה זיך שוין געהאַלטן אין אויס־לייטערן, רופט מען מיך ווידער צום משפט. מען מאָנט ביי מיר דיין וחשבון, וואָס דו, מיינער אַ זון, האַלסט געשמידט אין קייטן דעם גאון, וואָס איז אין הימל נאָך חשובער ווי אַ מלאך.״

איגנאַץ האָט געפּרואווט איינשטילן זיין טאַטן. ער האָט זיך פאַרענטפערט:

„איך בין דאָך ניט שולדיק. איך האָב דאָך ר׳ אליהון אַהער ניט גע־בראַכט. איך האָב ניט קיין דעה אים פריי צו לאָזן.״

וואולף האָט אָבער ניט געוואָלט זיך צו הערן צו זיינע תירוצים. ער פלעגט אַ בייזער באַלד פאַרשווינדן. איינמאָל האָט ער מיט אַזויפיל כעס אַ בראַזג געטאָן מיט דער טיר, אַז ווען איגנאַץ האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָט ער דערזען, אַז אַ שויב איז צעבראָכן. האָט ער אין איילעניש זיך אָנגעטאָן, אָנגעצונדן אַ לאַמטערן און ער האָט זיך געלאָזט גיין אין טור־מע. אַז ער איז אָנגעקומען צו דער קאָמער, וואו ר׳ אליהו איז געזעסן, האָט

ער דערהערט אַ זיסן־ניגון. כאָטש עס איז שפּעט אין דער נאַכט, זיצט דער הייליקער מאַן, און לערנט תורה. איז אים, איגנאַצן, באַפאַלן אַ פּחד. ער האָט, אַ וואַקלענדיקער פון שרעק, קוים אויפגעשלאָסן די טיר פון קאַמער און, ווי אַ קנעכט פאַר אַ האַר, האָט ער זיך פאַרנייגט פאַרן גאון. ער האָט אָפּגעבונדן פון אים די אייזערנע קייטן און אין יידישן לשון, וואָס ער האָט שוין אַזויפיל יאָרן ניט גערעדט, האָט ער מיט אונטערטעניקייט געפרעגט:

— רבי, זאָגט מיר וואָס איר באַגערט. איך וועל טאָן אַלץ, וואָס איר וועט מיר באַפעלן.

ר׳ אליהו האָט שאַרף און דורכדרינגלעך אים אָנגעקוקט און געפרעגט:

— ווער זייט איר? וואָס איז אייער שליחות?

איגנאַץ האָט געפּרואווט זיך אַרויסדרייען מיט כיטרע דריידלעך און ניט ענטפערן אויף דעם, וואָס דער גאון האָט אים געפרעגט. ער האָט אָבער געזען, אַז ער וועט דעם אַלטן מאַן, וואָס די חכמה שיינט פון אים אַרויס, ניט קענען באַטריגן. האָט איגנאַץ זיך מודה געווען, אַז ער איז דער הויפּט פון דער תפיסה און אַז ער איז אַ געשמדטער ייד. ער האָט דערציילט דעם גאון, אַז זיין טאַטע איז געקומען צו אים אין חלום און ער האָט דאָס אים אַהער געשיקט.

ר׳ אליהו האָט שווייגעווריק זיך צוגעהערט און געזיפצט.. אַז איגנאַץ האָט געענדיקט ריידן, האָט ר׳ אליהו, ווי ער וואָלט דאָ גאָר געווען דער מושל און יענער איז זיין געפאַנגענער, שוין מיט שטרענגקייט צו אים געזאָגט:

— איר פאַרלאַנגט דאָך אַוודאי, פאַר פאַרלייכטערן מיינע יסורים, אַז איך זאָל אייך צוזאָגן אַ שכר אויפן עולם־האמת. טאָ זייט וויסן, אַז איך וועל עס ניט טאָן, אפילו ווען איך וואָלט געוואוסט, אַז מען וועט זיך צו מיר צוהאַרכן אין הימל.

מיט אויפריכטיקייט האָט איגנאַץ געענטפערט:

— איך האָב עס אַפילו ניט געהאַט אין זינען. איך טו עס בלויז צופרידנ־צושטעלן מיין געשטאָרבענעם טאַטן, ער זאָל אויפהערן מיך צו מאַטערן.

ר׳ אליהו האָט איינגעזען, אַז דער משומד איז אַ משיח לפי תומו, האָט ער צו אים געזאָגט:

— טאָ גייט און רופט אַריין מיין תלמיד, חיים יוסף ווישונער, וואָס שטייטביים פענצטער אין קאַלטן דרויסן.

איגנאַץ איז מיט צופרידנקייט געלאָפן און באַלד געבראַכט דעם ווישונער. יענער האָט ניט געוואוסט וואָס דאָ קומט פאָר, איז ער געוואָרן שטאַרק דערשראָקן.

איגנאַץ האָט גלייך אַריבערגעפירט ר׳ אליהון אין אַ גרויסן, געראַמען חדר. עס האָט אויך געהאַט גראַטעס. ער האָט אָבער אויף דער טיר קיין שלאָס ניט אויפגעהאַנגען. אויף מאָרגן, ווי נאָר די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, איז אַהין ווידער געקומען ר׳ חיים יוסף ווישונער, און ניט אַליין, נאָר שוין מיטן גאונס שמש און אַ גאַנצן מנין פרושים מיט

גמרות אין די הענט. זיי האָבן דאָ, ווי נייע באַלעראַטים, צעשטעלט בענק און טישן. זיי האָבן אויך ביי דער טיר אַרויפגעשלאָגן אַ מזוזה, לויטן גאונס דין, אין דער גלייך און ניט אלכסונדיק. זיי האָבן אָנגעצונדן אַ סך ליכט. די תפיסה־קאַמער האָט פאַרלוירן אין גזלנישע מראה. אַפילו די גראַטעס אין די פענצטער זיינען בטל געוואָרן. די טלתים אויף די פּרושימס אַקסלען האָבן דורך די גראַטעס אויסגעזען ווי קראַטקענע פאָר־האַנגען. די פּרושים האָבן זיך געזעצט לערנען אויף אַ גאַנצער נאַכט.

דער גאון איז געווען שטאַרק צופרידן. ער האָט זיך באַלד געשטעלט זאָגן אַ שיעור פאַר די פּרושים, ווי ער איז זיך נוהג געווען יעדן ראש־חודש ביי זיך אין קלויז. דאָס מאָל האָט ער ניט געזאָגט קיין חידושי־תורה אויף משנה און גמרא, ער האָט אַרומגערעדט מידות, מנהגים און דינים, ווי ער, ר' אליהו, פּסקנט און פירט זיך הלכה למעשה. ער האָט קודם־כל זיך באַוואָרנט און געזאָגט, אַז וואו ער איז מחמיר, איז עס בלויז פאַר זיך אַליין. פאַר אַנדערע איז ער עס מקיל. ער האָט געזאָגט צו די פּרושים:

— אויב איר מאַכט קידוש אויף ווין, זאָל מען ניט פאַרשעמען די חלות און זיי אַרויפלייגן ערשט נאָך קידוש. צוליב דעם זעלביקן טעם, אויב מען מאַכט קידוש אויף חלה, זאָל מען ביידע חלות צעשניידן. אמת, זיי געהערן צום דוממדיקן וועזן, אָבער דער, וואָס מאַכט קידוש, איז דאָך אַ לעבעדיקער מענטש און איז באַשאַנקען מיט חושים. איז דער עצם פאַרשעמען שוין אַליין אַן עבירה.

...דער בורא האָט געשאָנקען יידן צען מתנות: תורה, מצוות, חכמה, פאַרשטאַנד, ליבשאַפט, יראה, נבואה, רוח־הקודש, עבודה און דביקות. דער־פאַר איז אַ ייד חייב אויף דער מינדסטער עוולה, וואָס ער טוט, ווייל עס זיינען אים געגעבן געוואָרן די הימלשע כוחות צו וויסן און צו דערפילן אפילו דאָס מינדסטע אומרעכט.

„ביים אויסגיין שמונה־עשרה, דאַרף יעדער הערלעכער ייד זיך פריער אַרומקוקן צי קיינער שטייט ניט הינטער אים, וואָרים ער קען נאָך אויף יע־נעם אַרויפטרעטן, און אים, זיין ברודער־מענטשן אָנטאָן ווייטיק. אַ מענטש דאַרף תמיד האַלטן די אויגן אָפן. ער טאָר זיך אויף קיין זאַך ניט פאַרלאָזן. דערום טאָר מען שבת אפילו אויף אַן „עירוב" זיך אויך ניט סומך זיין.

„קומט איר אין אַ שטאָט וואו מען איז זיך נוהג צו זאָגן די פּיוטים אַנ־דערש ווי ביי זיך אין דער היים, טאָ זאָגט ווי מען זאָגט דאָרטן. פירוד און מנהגים פירט צו פירוד אין די הערצער.

„תפילין דאַרף מען טראָגן אַ גאַנצן טאָג, אפילו ווען מען טוט משא ומתן. אויב עמיצער פון אייך האָט מורא, אַז מען וועט אים חושד זיין, אַז ער ווייזט דאָ גאווה, זאָל ער אויסטאָן דעם של־ראש. ווידער, דאַרף מען בכלל זען, אַז דער של־ראש זאָל ניט זיין קיין צו גרויסער.

„לאָזט דעם בעל־קריאה אַליין לייענען די תורה. העלפט אים ניט אַרויס

און זאָגט אים ניט נאָך. ווייזט ניט אייער קענטשאַפט. קוקט בעסער אין חומש און זעט ניט צו פאַרפעלן קיין וואָרט.

„דאָס ניט טאָן קיין עבירה, איז שוין געטאָן אַ מצווה. זאָלט איר ניט טאָן קיין עבירה אפילו צוליב אַ מצווה. אויב אָבער די תורה האָט מתיר געווען די עבירה — איז עס שוין אַ מצווה.

„בכל דרכיך דעהו — אין דיינע אַלע וועגן, האָב זיין הייליקן נאָמען אין זינען. טאָ קער איבער אויך דיינע גשמיותדיקע הצטרכותן און רוחניותדיקע. לעב ניט צוליבן עסן, נאָר עס צוליבן לעבן, אַז דו זאָלסט האָבן כוח צו לערנען תורה און טאָן מצוות.

„דער יצר־הרע איז ניט קיין פריינט פון מענטשן. אָבער אָן אים וואָלט דער מענטש ניט געהאַט קיין קיום. ער רעדט דאָך צו מען זאָל עסן.

„האָסטו אויף עמיצן תרעומות, טאָ גיב אים דאָס צו וויסן. אָבער דו אַליין האָב פון דעם צער נאָך מער ווי דיין בעל־עוולה.

„רעדט אַ מענטש שטות, וואַרף ניט די שולד אויף יענעם, נאָר אויף זיך אַליין. אַז דו וואָלסט זיך צו אים ניט צוגעהערט, וואָלט יענער ניט גערעדט.

„ביסטו מענטש, חס־וחלילה, אין אַ צרה — רוף ניט צו די מלאכים. נאָר צום בורא. בלויז ער אַליין קען דיך העלפן. עס איז אפילו ניט רעכט צו זאָגן אין סליחות: „מלאכי הרחמים”. זיי, די מלאכים, האָבן דאָך ניט קיין אייגענעם כוח. זיי ווערן געפירט בלויז לויט די פּעולות פון מענטשן. זיינען די מעשים גוטע — זיינען אויך די מלאכים גוטע. אָבער חס־וחלילה פאַרקערט, זיינען יענע אויך פאַרקערט.

„מען דאַרף ניט זוכן צו זיין אַ צדיק, נאָר זוכן ווי צו ווערן אַ צדיק. און ווי אַ בלומען־גאָרטן קען ניט וואַקסן, אויב ער איז ניט פאַרפלאַנצט מיט וואַסער — אַזוי קען צידקות ניט בליען, אויב ס׳איז געפלאַנצט אויף טרוקנס — אָן תורה.

„אויב אַ מענטש מיינט, אַז ער איז אַ צדיק, זאָל ער זיך זעצן לערנען תורה. וועט ער זיך דעמאָלט דערוויסן, אַז ער האָט זיך אַליין גענאַרט. ער איז אפילו ניט קיין בינוני. ער האָט דאָך ניט מקיים געווען אפילו אַ צענטל דינים, וואָס ער איז מחויב אויסצופירן.

„צידקות דערווערבט מען ניט מיט קונצנמאַכעריי און אויגנגלאָצעריש. עס איז אַ הויכער באַרג. מען דאַרף אויף אים קלעטערן בהדרגה. דורך שפּרינגען קען מען ניט דערגרייכן צום שפּיץ. איידער מען דערווערבט קדושה — דאַרף מען זיך געבוג אָנמאַטערן.

„פּונקט ווי ברויט איז דאָס חיות פאַרן גוף, אַזוי איז די תורה דאָס ברויט פאַר דער נשמה. מצוות זיינען שוין פּאַטראָוועס.

„קיין גרעסערן שכר ווי פאַר לערנען תורה איז ניטאָ. אָבער מען דאַרף זיין אַ נהנה מיגיע כפּיו, האָבן הנאה פון לערנען.

„דער מענטש איז די שוואַכסטע בריאה. אָבער זיין נשמה איז די־

שטאַרקסטע. טאָ פייניק ניט דיין גוף. נאָר פייניק דיין מויל. האַלט איר פאַרשלאָסן אויף טויזנט שלעסער. זיי דער גאַנצער באַלעבאָס אויף דיינע רייד. דער עיקר זיינען די פירות און ניט דער בוים.

ר׳ אליהו האָט אַ גאַנצע נאַכט געזאָגט דינים און מנהגים פאַר די פּרושים, וואָס האָבן זיך געגרייט צו ווערן רבנים אין יידישע קהילות. אויך זיי האָבן אים אַ סך שאלות געפרעגט, און ער האָט מיט נחת־רוח געענטפערט אפילו אויף די שאלות, וואָס ער איז ניט געווען שטאַרק צו־פרידן זיי צו הערן. די פרושים האָבן אים אויך געפרעגט:

— ילמדנו רבינו! פאַרוואָס לייגט איר ניט רבינו תמ״ס תפילין, כדי יוצא צו זיין לכל־הדעות?

דער גאון האָט מיט ישוב־הדעת געענטפערט:

— אויב מען זאָל וועלן יוצא זיין נאָך אַלע דעות — דאַרף מען לייגן גאַנצע פיר און זעכציק זוגות תפילין.

איינער פון די פרושים האָט אים ווידער געפרעגט:

— רבי, דער זוהר־הקודש זאָגט דאָך, אַז דעם רבינו תמ״ס תפילין זיינען עולם־הבא?

דער גאון האָט אים געענטפערט:

— דער זוהר האָט געמיינט עפּעס אַנדערש. אָבער איך, יאָג זיך ניט נאָך עולם־הבא. איך טו מצוות, בלויז ווייל די תורה הייסט עס מיר טאָן.

די פּרושים, וואָס זיינען געווען אָפּגעשיידט פון ווייב און קינדער, האָבן אים געפרעגט:

— רבי, וואָס איז אייער דעה וועגן פרישות?

דער גאון האָט זיך אויף אַ מינוט פאַרקלערט, און געענטפערט:

— איך עצה ניט קיין פרישות. אָבער איך האַלט עס פאַר אַ געוואַלדיקע עקשנות. און עקשנים זיינען תמיד מצליח.

עס האָט גענומען שאַריען אויף טאָג. מיטאַמאָל איז אָנגעקומען איג־נאַץ באָגדאַנסקי. ער האָט אַ גאַנצע נאַכט געשיכורט פון שמחה, וואָס דער טאַטע זיינער האָט אויפגעהערט צו קומען צו אים צו חלום. ער האָט אין האַנט געהאַלטן אַ גויאישן פלאַש וויין. אַז דער גאון האָט דאָס דערזען, איז ער געוואָרן בלאַס פון שרעק. און ער האָט געזאָגט צום משומד:

— איר טרינקט אָט דעם וויין? ווייסט איר ניט, אַז דאָס איז יין נסך? באָגדאַנסקי שמייכלט בגילופנדיק און ענטפערט:

— רבי, איך האָב זיך דאָך געשמדט. איך בין ניט מער קיין ייד, און איך האָב ניט מער קיין מצוות.

דער גאון האָט זיך אויף אים אָנגעבייזערט און געזאָגט:

— אַן עבירה לעשט אויס אַ מצווה, אָבער זי לעשט ניט אויס קיין עבירה. אַ ייד קען גאָרניט ווערן אויס ייד. טאָ, זייט וויסן, אַז כאָטש איר האָט

זיך געשמדט, וועט איר פאַר יעדער עבירה מוזן אָפּגעבן דין וחשבון. אויב איר וועט ניט אָפּהיטן אַלע מצוות — וועט איר זיך קיינמאָל ניט אויסלייזן פון גיהנום.

איגנאַץ באָגדאַנסקי איז פון שרעק געוואָרן אויסגעניכטערט. ער איז צוגעלאָפן צום גאון מיט אַ געוויין:

— רבי, איך האָב זיך דאָך געשמדט צו ווערן פּטור פון גיהנום . . . איצט שרעקט איר מיך ווידער מיט גיהנום? רבי, ראַטעוועט! זאָגט מיר, וואָס קען איך איצט טאָן?

דער גאון האָט געזען, אַז עס איז אַ פאַרבלאָנדזשעטע נשמה, האָט ער געבעטן די פּרושים זיי זאָלן גיין אַהיים. נאָך זייער אַוועקגיין האָט ער גענו־מען איינטענהן מיט איגנאַצן. ער האָט אים דערקלערט דעם שכל פון דעם בוראס הנהגה. ער האָט אים מסביר געווען, אַז דאָס וואָס דער תנא זאָגט: „ישראל אפילו שחטא ישראל הוא״, אַז אַ ייד איז אַלעמאָל אַ ייד — איז אַ חומרא און ניט קיין קולא. דעם תנאס כוונה איז צו געבן צו וויסן, אַז אַ ייד קען זיך ניט אַרויסדרייען פון די יידישע התחייבותן, אפילו ווען ער אַנט־לויפט פון דער יידישער מחנה און שפּאָט און חוזקט אָפּ פון יידן. דער בורא האָט געגעבן אַ הבטחה צו אברהם אָבינו: — „ואעשה אותך לגוי גדול״ — איך וועל דיך מאַכן פאַר גרויס פאָלק. דערפאַר האָט קיינער ניט קיין כוח צו מאַכן אונדז קלענער. אויב אפילו אַ ייד שמדט זיך, האַלט מען אים אַזוי לאַנג אין גיהנום, ביז מען לייטערט אים אויס און ער ווערט צוריק אַ כשרער ייד.

איגנאַץ האָט מיט מורא געפרעגט:

— רבי, קען איך נאָך טאָן תשובה?

דער גאון האָט אים רואיק געענטפערט:

— יעדער ייד קען טאָן תשובה אויב ער פירט זיך ווי אַ ייד. ער דינט דעם בורא מיטן גאַנצן האַרצן. ער האָט חרטה אויף זיינע פריערדיקע וויל־דע מעשים. ער היט אָפּ אַלע מצוות מיטן גאַנצן האַרצן און ער לערנט תורה.

דער גאון האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און געזאָגט צו איגנאַצן, רופנ־דיק אים ביים יידישן נאָמען:

— יודל: ווייסט איר, אַז אויב די רשעדיקע מלכות וועט זיך דערוויסן, אַז איר פירט זיך צוריק ווי אַ ייד, וועט מען אייך באַשטראָפן מיט מיתה?

יודל ענטפערט גלייך אָפּ מיט זיכערקייט:

— רבי, איך ווייס. איך בין אויף אַלץ גרייט. און איך גיי עפענען די טויערן פון דער תפיסה. איר קענט געזונטערהייט גיין אַהיים.

דער גאון האָט געקוואָלן פון יודלס רייד. ער האָט געזען, אַז ער האָט דאָ געראַטעוועט אַ יידישע נשמה. און ער האָט צו אים געזאָגט:

— איך האָב דאָך ניט צוליב וואָס צו אַנטלויפן. איך האָב ניט וואָס מורא צו האָבן פאַר די רשעים. איך האָב קעגן זייערע געזעצן ניט פאַר־

בראָכן. אָבער איר זייט דאָך אין גרויס סכנה. טאָ אַנטלויפט און ראַטע־וועט זיך באַצייטנס אין אַ פרעמדער מדינה. איך וועל פועלן ביי קהל מען זאָל אייך געבן אויף הוצאות.

יודל האָט מיט דאַנק געשאָקלט מיטן קאָפּ און ער האָט מיט אַ זיכערן קול געענטפערט:

— איך וועל אייך, רבי, דאָ אַליין ניט איבערלאָזן. עס איז מיין חוב צו היטן, אַז די רשעים זאָלן אייך ניט טאָן קיין שלעכטס. דאָס איז מיין ערשטע יידישע שליחות.

גלייך אינדערפרי האָט דעם גאונס שמש אָוועקגעפירט יודלען זיך טובלען. ער האָט אויך איינגעקויפט פאַר אים נייע בגדים און טלית און תפילין. אַ פרוש האָט זיך מיט אים געזעצט לערנען חומש מיט רש״י. כאָטש יודל האָט נאָך געדענקט חומש. דער גאון האָט אָבער געהייסן מען זאָל מיט אים אָנהייבן פון איבעראַנייס.

יודל האָט איצט דערשפּירט גאָר אַן אַנדער טעם אין יידישקייט. ער האָט זיך מער ניט געשראָקן פאַרן גיהנום. ער האָט זיך מיט זיינע אַלע כוחות געעמיט מיט גוטע מעשים און מצוות בייצוקומען דעם גיהנום. איין נאַכט האָט זיין טאַטע זיך געוויזן צו אים אין חלום. ער איז געווען אינגאַנצן אַן אַנדערער וואולף. ער האָט זיך ניט געבייזערט אויף אים, זיין זון, יודלען, און ער האָט ניט געשראָקן. ער האָט אים אַפילו אַ גלעט געטאָן איבערן שטערן און געזאָגט:

— מיין זון! אַז מען גייט אויפן ריכטיקן וועג, איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן פאַר גיהנום.

גאַנצע נעכט איז יודל אָפּגעזעסןביים גאון אין קאַמער. איין אָוונט איז צו יודלען אָנגעקומען אַ באַפעל פון זיין שר, דעם גובערנאַטאָר, אַז ער זאָל אַרויסלאָזן דעם יידישן רבין אויף דער פריי. דער רשע, האָט עס געטאָן אויס נויט, אָנשטאָט צו ברעכן די יידישע האַרטנעקיקייט, האָבן די יידן געבראָכן זיין עקשנות. ר׳ מיכל פעשלס האָט מער ניט געחילופט מיטן רשע קיין גזירות. איז ער, דער שררה, געוואָרן זייער ענג אין געלט.

ר׳ אליהו האָט געדאַנקט דעם בורא, וואָס ער האָט אים מציל געווען פון די רשעים, און זיך געפרייט, וואָס ער וועט שוין שבת קענען הערן דעם בעל־קריאה לייענען די סדרה. און נאָך גרעסער איז געווען זיין פרייד, וואָס בלויז יחידים האָבן געוואוסט, אַז די רשעים האָבן אים פאַר־שפּאַרט אין תפיסה. אין שטאָט האָט מען געמיינט, אַז ער, ר׳ אליהו, האָט זיך אָפּגעשיידט אין התבודדות. דער גאון האָט אָבער געהאַט צער, וואָס די חסידים האָבן פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ער באַהאַלט זיך אויס. ער האָט מורא זיך צו ווייזן, ווייל ר׳ שניאור זלמן מאָנט, אַז ער, דער גאון אַליין, זאָל פירן מיט אים אַ וויכוח. און ניט אין זיין קלויז, נאָר דווקא

אין דער גרויסער ווילנער שול. ר׳ אליהו זאָל דאָרטן, בפני כל עם ועדה, ענטפערן קלאָר אויף זיינע אַלע טענות און אויך באַווייזן שוואַרץ אויף ווייס, אַז ער, ר׳ שניאור זלמן, האָט אין זיין „תניא״ טאַקע ניט פאַרטייטשט ריכ־טיק פסוקים פון „זוהר.״

דער שטרייט צווישן די לומדים מיט די חסידים איז מיט יעדן טאָג געוואָרן היציקער און היציקער. עס האָט זיך ניט אָפּגעקילט אפילו פאַר דער צייט, וואָס ר׳ אליהו איז געווען פאַרשפּאַרט אין תפיסה. ביידע צדדים האָבן זיך אויך גענומען צו דער פעדער. זיי האָבן פאַרפלייצט דעם יידישן תחום מיט קול־קוראס און האָבן אויך אַרויסגעלאָזט חיבורים, וואו זיי האָבן שאַרף געטאַדלט איינער דעם אַנדערן.

ר׳ אליהו איז געווען שטאַרק ניט צופרידן, ווען ער האָט געזען, אַז איינער אַ מחבר פון לומדישן צד האָט זיין איסור אויף חסידות אָנגערופן: „די מחלקה״. האָט ער זיך וועגן דעם באַקלאָגט פאַר ר׳ חיים יוסף ווי־זשונער. ער האָט צו אים געזאָגט:

— אַ מענטש, וואָס שרייבט ספרים, טאָר אפילו אויף אַ רגע ניט אַרויסלאָזן פון זינען, אַז ער האָט זיך אָנגעטאָן אַ טיטול, וואָס עס האָט געטראָגן דער אַבי הנביאים — משה רבינו. דער טיטול סופר זאָגט דאָך עדות, אַז ער, דער מחבר, ציילט אַפילו די אותיות און זיין יעדער וואָרט ווערט געוואויגן און געמאָסטן. טאָ ווי קען זיך אַ סופר דערלויבן, אַז דער באַלעבאָס איבער דער פעדער זאָל ווערן זיין האַנט און ניט דער מוח, און אַרויסברענגען ניט ריכטיק דעם עיקרדיקן מהות פון אַזאַ וויכ־טיקן ענין?

איך פיר דאָ ניט קיין מחלקה מיט די חסידים. איך בין בלויז דער וועכטער פון יידישן גאָרטן. איך היט, מען זאָל ניט צעטרעטן זיינע שיי־נע בלומען. און אויב אַ שומר פון אַ פּשוטן גאָרטן דערלאָזט ניט פרעמ־דע מענטשן צו צעטרעטן די געוויקסן — וועט מען דען אויף אים זאָגן, אַז ער פירט אַ מחלקה?

ר׳ אליהו האָט געזען, אַז די חסידישע שיטה האַלט זיך אַלץ מער און מער אין אײן צעשפּרייטן. עס האָט שוין באַצוואונגען כמעט גאַנץ וואָלין, פּאָדאָליע, גאַליציע און פּוילן. ער האָט אָבער געגלייבט באמו־נה שלימה, אַז דאָך איז די מלכות תורה די זיגערין. ער, דער גאון, האָט עס געגעבן צו פאַרשטיין דורך אַ משל:

— איינמאָל זיינען מלכים פון גרויסע מלוכות באַפאַלן אַ קליין לענדל. זיי זיינען געווען זיכער אין זייער נצחון. זיי האָבן די מלוכהלע געשאַצט אין כמות און ניט לויט איר איכות. זיי האָבן עס באַלאַגערט און אַרומגערינגלט מיט פאַלקן סאָלדאַטן. די מלוכהלע איז אָבער געווען שטאַרק אין איכות, און נאָך יאָרן־לאַנג באַשיסן איר מיט פיילן, האָבן די גרויסע מלכים גע־

מוזט אָפּטרעטן מיט חרפּה און האָבן אַליין מודה געווען, אַז דאָס קליין מלכותל האָט זיי אַלעמען באַזיגט.

דאָס זעלביקע איז אויך דאָ. די חסידים — כאָטש זיי זיינען גרויס אין כמות, האָבן זיי ניט געקענט איינגעמען די קליינע ליטע. אונדזער לאַנד איז נאָך אדרבא, צוליבן שטרייט, — פאַרשטאַרקט געוואָרן אין איכות. די מלכות-תורה איז ניט אָפּגעטראָטן אפילו אַ שפּאַן פון אירע שיינע תורה-וועגן און שטעגן. זי האָט נאָך אַרויפגעצוואונגען אויף די חסידים דעם עול פון דער תורה. זיי האָבן עס מקבל געווען. און דאָס, וואָס יזינע טאַדלען נאָך אַלץ די לומדים, איז בלויז חיצוניות. זיי שפּירן ניט, אַז אין זייער פּנימיות, זיינען זיי באַקערט געוואָרן צו לומדות. די בעסטע ראיה: זיי האָבן שוין אויפגעהערט זיך צו באַרימען מיט די ניסים און נפלאות, וואָס עס ווייזן כלומרשט זייערע רביים. זיי באַרימען זיך שוין, אַז יענע קענען אַ סך לערנען און דעם אויבנאָן פאַרנעמען שוין איצט די חסידישע רביים, וואָס זיינען טאַקע לומדים.

וואָס עלטער ר׳ אליהו איז געוואָרן אין יאָרן, איז זיין נשמה געוואָרן יינגער. תורה האָט פון זיין מויל געשפּריצט ווי פון אַ קוואַל. ער האָט נאָך אַלץ ווי אין זיינע יונגע יאָרן געהאָרעוועט אין דער תורה. ער איז געווען ביי זיינע אַלע כוחות. ער האָט קיינמאָל זיין גוף ניט געפּייניקט מיט קיין תעניתים. ער האָט אים אָבער ניט דערלאָזט צופיל הנאה צו האָבן פון דער עולם-הזה-דיקער וועלט. ער האָט אים געלאָזט זיך אָפּרוען — דריי מאָל אין דער נאַכט און איין מאָל ביי טאָג, אָבער בלויז צו האַלבע שעה. ער האָט אים אויך געשפּייזט, אָבער ניט מער, ווי דער דת פון דער תורה האָט באַשטימט: — „פּת במלח תאכל ומים במשורה תשתה.״



## קאַפּיטל כח

רב יום-כיפּור האָט ר׳ אליהו, דער אויסגעהאָרעוועטער מענטש, זיך געגרייט צו פאַרפאַסטן. פּלוצים האָט ער דערשפּירט, אַז די כוחות האָבן זיך פון אים אָפּגעטאָן. די יאָרן, דאָס שווער האָרעווען אויף דער תורה, זיין יסורת-הלב אין דעם שטרייט מיט די חסידים, האָבן זיך אַלע מיטאַמאָל ווי אויפגעוועקט. זיי האָבן זיך אַרויפגעלייגט אויף אים מיט זייער גאַנצער שווערקייט. ער האָט דערזען, אַז די טעג פון זיין לעבן ענדיקן זיך. ער האָט תיכף געשיקט זיין שמש, ער זאָל רופן זיין זיווג, די זין, די טעכטער, די שניר, די

אײדעמס און די אײניקלעך. זײ זײנען באַלד געקומען. ר׳ אליהו האָט געֶ־בעטן זײ זאָלן זיך אַרומשטעלן אַרום אים.

זײ האָבן אַלע געציטערט פון שרעק. ר׳ אליהו האָט קײנמאָל ערב יום־כיפור זיך אַזױ ניט געפירט. זײ האָבן נאָך קײנמאָל נײַ געזען אים אַזױ פאַרטרויערט און זײנע אויגן זאָלן זײן פאַרטרערטע.

זײן זון, ר׳ אריה לײב, האָט מיט גרויס פחד אים געפרעגט:

— טאַטע, דו װײנסט?

ר׳ אליהו האָט כהרף־עין, פאַרשטיקט זײן געװײן, און געענטפערט מיט ישוב־הדעת און אין רואיקײט:

— מען רופט מיך אין הימל. װעל איך בקרוב זיך אָפּשײדן פון אײַך, מײַ־נע ליבע קינדער. געװנוי דעם טאָג װײס איך ניט. דאָס איז פון דעם מענטשן פאַרבאָרגן. גײ איך זיך מיט אײַך געזעגענען און אײַך בענטשן, איר זאָלט האָבן הצלחה אין לערנען. זײט װיסן, אַז איך שרעק זיך ניט פאַרן טויט און איך האָב ניט קײן מורא פאַר די מלאכי חבלה. איך װעל קומען אין הימל מיט דער תורה אין מײַן האַנט. איך האָב אין מײַן גאַנצן לעבן ניט פאַרפעלט קײן מצוה מקיים צו זײַן אויסער די, װאָס מען איז ניט מחויב זיך נאָך זײ צו יאָגן. װי „שילוח הקן" און די אַנדערע מצוות, װעלכע מען דאַרף זײ בלויז טאָן, אויב עס קומט אויס צו טאָן. איך האָב ניט קײן חרטה „כי הוא זה" אויף אַלע מײנע פּסק־דינים און איסורים. איך האָב אויף יעדן װאָרט, װאָס איז אַרויס פון מײַן מויל געהאַט אַ זיכערן אָנשפּאַר אין דער הײליקער תורה. איך האָב קײנמאָל זיך ניט אָנ־גענומען פאַר מײַן אײגענעם כבוד.

ר׳ אליהו האָט זיך אויף אַ װײַלע אָפּגערוט און נאָכדעם געזאָגט צום עלטערן זון:

— שיקט רופן דעם סופר, איך װיל ער זאָל פאַרשרײַבן אויף אַ פּאַר־מעט, װאָס איך װעל איצט, פאַר מײַן אָפּשײדן, אײַך פאַרזאָגן:

— איך האָב זיך ניט װאָס צו באַקלאָגן. איר, מײנע זין און טעכטער, גײען, ברוך־השם, אויף דעם דרך־הישר. עס איז ניטאָ פאַרװאָס אײַך צו שטראָפן. אָבער בלויז נאַראָנים האָבן פײַנט צו פאַרנעמען מוסר רײד. איך, אײַער טאַטע, האָב אײַך אַלעמען ליב. איר זײט בײ מיר אַלע גלײַך. איך האָב קײנמאָל ניט געמאַכט קײן חילוק צװישן זון און טאָכטער.

אַז עס איז אַרײַנגעקומען דער סופר האָבן דעם גאונס זין צוגערוקט פאַר אים אַ טיש. ער האָט אויסגעשפּרײט אַ פּאַרמעט, גרײט צו פאַרשרײַבן, און ר׳ אליהו האָט גענומען פאַרזאָגן זײַן משפּחה:

— דאָס לעבן פון מענטשן איז זײער קורץ. דאָס לענגסטע איז הונדערט מיט צװאַנציק יאָר. און אַפילו װען אַ מענטש זאָל לעבן טויזנט יאָר, װאָס פאַר אַ באַדײַט האָט דאָס אַנטקעגן די לאַנגע יאָרן אין פינצטערן גרוב.

די ברכה פון אריכות ימים איז ניט חל אויף דער קורצער ער־דישער װעלט, נאָר אויף דער אמתדיקער װעלט, װאָס איז אַלײן לאַנג.

דער טיטול מענטש איז ניט חל אויף דעם גוף, נאָר אויף די עליונדיקע נשמה, וואָס איז לויטער שמימדיק. דער טויט איז ניט קיין שטראָף. ער לייזט נאָר אויס די נשמה פון גוף, אַז זי זאָל קענען פליען צוריק אין הימל. איז זיך ניטאָ וואָס מצער צו זיין, וואָס אַ נשמה טוט זיך אָפּשיידן פון דער ערדישער וועלט.

זייט קיינמאָל ניט מקנא מענטשן, וואָס לעבן אין עשירות. צי־רונג, גאָלד און זילבער, — איז הבל הבלים. דער מענטש קומט אויף דער וועלט אַ נאַקעטער און גייט צוריק אַוועק אַ נאַקעטער. ער נעמט ניט מיט זיין גאָלד און זילבער. וואָס טויג אים, וואָס היינט טוט ער זיך פרייען, אַז מאָרגן וועט ער דאַרפן וויינען? וואָס העלפט אים, אַז ער פיטערט זיין גוף מיט אַלע הנאות, אַז דאָס וועט אים ניט אויסלייזן פון דער פייכטער גרוב, וואָס איז פול מיט ווערים. דער מענטש לויפט נאָך פאַרגעניגנס. ער טרינקט זיי ווי אַ דאָרשטיקער. ער מיינט, אַז ער לעשט זיין דורשט. ער ווייסט נעבעך ניט, אַז דאָס איז געגליכן צו אַ געזאַלצן וואַסער: וואָס מער ער טרינקט, אַלץ מער טוט אים דאַרשטן.

דאָס גלוסטן עשירות איז נאַריש. אָבער נאָך מיאוסער איז דאָס יאָגן זיך נאָך כבוד. דאָס איז שוין געגנאַרט אי די וועלט און אי זיך אַליין. זייט ניט מקנא די לייט, וואָס זיי שפּילט צו די צייט און זיי לעבן אין עשירות. עס איז ניט קיין ראיה, אַז זיי האָבן זיך דאָס פאַרדינט. די גרעסטע באַטריגערין איז — די צייט. זי איז געגליכן צו אַ וואָג־שאָל. זי הייבט אַרויף דעם לייי־דיקן מענטשן, און נידערט אַראָפּ דעם געוויכטיקן.

דער גרעסטער שונא פון מענטשן איז די צונג. טאָ דערלאָזט איר ניט צו פּלאַפּלען פּוסטע רייד, טרייבן לצנות, פירן רכילות, שילטן, שווערן זיך מיט שבועות און פירן מחלקות. די אַלע זאַכן זיינען די ערגסטע און מיאוסטע מידות און זיי זיינען פאַררעכנט פאַר די שווערסטע זינד. זיי פאַרפירן אין די טיפסטע אָפּגרונטן. אוי ווי איז צום מענטשן, וואָס האָט זיך אַריינגעפּלאָנטערט אין זייער נעץ. אים, און ניט אַ געשטאָרבענעם דאַרף מען באַוויינען. ער איז נאָך ביי זיין לעבן טויט.

זייט וויסן, מיינע ליבע קינדער, אַז אויף דער ערדישער וועלט קען מען אויך דערווערבן אמתע עשירות, וואָס זיי נעמט מען שוין יאָ מיט אויף דעם עולם הבאָ. דאָס איז תורה און מעשים טובים. אויך איך, כאָטש אָרים אין געלט, לאָז פאַר אייך איבער אַן עשירות, וואָס איך וואָלט עס ניט אויסגעביטן אויפן גאָלד און זילבער פון דער גאַנצער וועלט. דאָס זיינען די הייליקע ספרים, וואָס שטייען אין מיינע אַלמערס. צווישן זיי וועט איר געפינען אַ סך מוסר־ספרים. אַ טייל פון זיי זיינען געשריבן אין יידישן לשון. זיי זיינען פּונקט אַזוי הייליק, ווי די ספרים, וואָס זיינען געשריבן אין לשון־קודש. לייענט זיי כאָטש איינמאָל אַ וואָך און דווקא שבת. אין יום־יום לשון וועט איר גיכער דערשפּירן די מוסר־רייד.

איר וועט צווישן מיינע ספרים אויך געפינען דעם ספר „משלי", פאַרטייטשט אין יידישן לשון. אים זאָלט איר שוין לייענען יעדן טאָג. ער איז דער בעסטער מוסר־ספר פון אַלע מוסר־ספרים. איך האָב גע־מאַכט אויף אים אַ פּירוש, וואָס איז ביי מיר שטאַרק באַליבט. בעט איך ביי אייך, אויב איר וועט לאָזן דרוקן מיינע ספרים, זאָל מיין פּירוש אויף „משלי" זיין דער ערשטער. זייט וויסן, אַז „משלי" איז ניט איין ספר, נאָר גאַנצע דריי. דער ערשטער ספר איז על־פּי חכמה. דער צווייטער ספר איז שוין מוסר־שפּרוכן. ער הייבט זיך אָן פון קאַפּיטל יוד. דער דריטער ספר הייבט זיך אָן פון פּרק כ"ה און דאָרט זיינען שוין תורה־ווער־טער. די ערשטע צוויי ספרים האָבן מעתיק געווען די אנשי כנסת הג־דולה, און דעם דריטן — די אנשי חזקיהו, דער מלך פון יהודה.

דער ערשטער ספר הייבט זיך אָן פון פּסוק ז'. די ערשטע זעקס פּסוקים האָבן געשריבן די אנשי כנסת הגדולה צו דערקלערן די מעלות, וואָס אַ ספר מוז פאַרמאָגן צו ווערן ראוי אָנגערופן צו ווערן ספר: דער מחבר איז אַ איש חשוב און אַ חכם. דער חומר פון זיין ספר איז מן המובחר. עס האָט אַן אייגענעם פּנים און אַ הויכן תכלית. די אַלע מעלות זיי־נען דאָ אין שלמה המלכס דריי ספרים און „משלי."

אַז איר וועט אַריינקוקן אין „משלי" וועט איר גלייך דערזען, אַז די ערשטע פינף פּסוקים זיינען בלויז אַן הקדמה. זיי הייבן זיך אָן מיט אַ „לאָמעד"; „לדעת חכמה", „לקחת מוסר", „לתת פתאום", „ישמע חכם" און „להבין משלי". לויט די חוקים פון דער חכמה פון כתיבה, טאָר דער מחבר ניט דערקלערן דעם מהות. דאָס דאַרף ווערן קלאָר פון זיין ספר. שלמה המלך, וואָס הייבט אָן זיין ספר ערשט פון פּרק ז', גייט טאַקע גלייך צו צום ענין און זאָגט: „יראת ה' ראשית דעת".

דער גאון, וואָס ביי אים איז געווען אַזוי באַליבט דער ספר „משלי" פון שלמה המלך, האָט געוואָלט ריידן נאָך מער וועגן זיין פּירוש אויפן ספר. ער האָט זיך דערשפּירט מיד. האָט ער זיך אַ ווײַלע אָפּגערוט און ווען ער האָט אָנגעהויבן ווידער צו ריידן, האָט ער זיך צוריק אומגעקערט צו זיין צוואה, וואָס ער לאָזט איצט שרייבן פאַר זיינע קינדער און קינדס־קינדער. ער האָט געזאָגט:

„איר זאָלט ניט יוצא זיין בלויז מיטן לייענען די ספרים. דאָס וועט אייך ניט ברענגען קיין נוצן. עס וועט זיין געגליכן צו איינעם, וואָס פאַרזייט תבואה און די ערד האָט ער ניט פאַראַקערט. נעמט אַריין די מוסר־רייד פון שלמה המלך גוט אין זינען. לערנט זיי מיט קאָפּ. ווייל דער עיקר איז חכמה און בינה. צו קענען זיין מבין־דבר מתוך דבר.

דו, מיין זיווג, מיינע טעכטער און מיינע שניר: איר זאָלט אַלעמאָל געדענקען, אַז דער כבוד פון אַ פרוי איז אין איר אייגענער שטוב. זאָלט איר אויסמיידן צו גיין איינקויפן אין די קראָמען. דאָרט איז גרינג זיך צו

פאַרפּלאָנטערן אין רכילות. הייסט שיקן די שפּייז דורך אַ שליח. איר זאָלט ניט דאגהנען, וואָס עס וועט קאָסטן טייערער. איז דען די האַנט פון בורא קורץ צו שיקן אייך דאָס ביסל מער? איר זאָלט דאַוונען ביי זיך אין שטוב און ניט גיין אין דער ווייבערשער שול. דאָרט איז שווער זיך אָפּצוהיטן ניט צו הערן פּוסטע רייד און רכילות. און אַז איר וועט זען ווי די גבירהטעס זיינען אויסגעפּוצט אין זיידנס און צירונג, קענט איר נאָך געשטרויכלט ווערן אין דער מיאוסער עבירה פון קנאה. איר זאָלט אויך קיינמאָל ניט אַרויפשטעלן אַ פוס אויפן בית עלמין. דאָרט רוט ניט די גוטס.

„איר זאָלט ביי זיך אין שטוב האַלטן אַ מלמד פאַר אייערע קינדער. איר זאָלט ניט קאַרגן אין זיינע שכירות. באַלוינט אים אויפן שענסטן אופן. אַזוי זאָלט איר זיך פירן מיט אַלע מענטשן, וואָס טוען פאַר אייך אַ מלאכה. איר זאָלט זיך קיינמאָל ניט דינגען מיט די יגיע־כפּימניקעס. באַצאָלט וויפיל יענע בעטן און פאַרהאַלט ניט זייערע שכירות אפילו אויב זיי האָבן ניט געטאָן די אַרבעט בשלימות.

איר זאָלט ניט זיין צו שטרענג צו אייערע קינדער. לערנט זיי ווי צו גיין אויפן דרך־הישר. רעדט צו זיי מוסר בלויז מיט ווייכע רייד. אָבער, אויב זיי פאָלגן ניט, דעמאָלט שלאָגט זיי שוין אָן רחמנות.

„איר זאָלט אויך לערנען מסכתא „אבות", די „פּרקי אבות דרבי נתן" און איבערהויפּט די מסכתא „דרך ארץ", ווייל דרך ארץ קומט נאָך פריי־ער ווי תורה."

דער גאון האָט זיך ווידער אַ ווײַלע אָפּגערוט און נאָכדעם געזאָגט:

— איך פאַרענדיק מיין צוואה. איר זאָלט זי לייענען יעדן שבת פאַר אייערע קינדער, גלייך ווי איר וועט קומען פון דאַוונען. איך פאַר־זאָג אייך מיט דער גאַנצער האַרבקייט פון כיבוד־אָב, אַז איר זאָלט זיך קיינמאָל צווישן זיך ניט קריגן. איר זאָלט לעבן בשלום און אין דעם זכות וועט דער בעל השלום געבן אייך, מיינע זין, טעכטער, איידעמס, שניר, אייניקלעך און אַלע יידן, לעבן און פרידן.

ר' אליהו האָט געבעטן דעם סופר ער זאָל אים געבן דעם פּאַרמעט. ער האָט איבערגעלייענט די צוואה און גענומען זיין אייגענע פעדער און זיך געחתמעט: „פון מיר, אייער פאָטער, וואָס האָט אייך אַלעמען שטאַרק ליב, אליהו במוה"ר שלמה זלמן ז"ל."

*
**

אַלע ווילנער שולן, קלויזן און מנינים זיינען יום־כיפּור געווען אָנגעפּראָפּט. יידן זיינען געקומען אין די שולן אויסצובעטן אַ גוט־יאָר פון פּרנסה און געזונט. פלוצים האָט מען פון די בימות אויסגערופן: דער גאון

איז קראַנק. זייט מתפּלל פאַר זיין געזונט. האָבן אַלע פאַרגעסן אין זיי־ערע אייגענע דאגות. זיי האָבן אַלע גערופן צו גאָט ברוך הוא, ער זאָל זיך מרחם זיין און שענקען יאָרן זייער ר׳ עלינקען.

נאָך יום־כּיפּור איז דער גאון געוואָרן שטאַרקער אין כּוחות. זיין זון, ר׳ אַברהם, דער גרויסער ידען אין די חכמות הרפואה, האָט גענומען גלייבן, אַז זיין טאַטע וועט צוריק ווערן געזונט. ער האָט עס געזאָגט זיין קראַנקן טאַטן. אָבער דער גאון האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— די חכמת הרפואה פאַרשטייט זיך בלויז אויף דער קראַנקייט, אָבער ניט אויף אירע סיבות און אויך ניט אויפן מענטש, וואָס איז קראַנק.

ר׳ אברהם האָט אָבער געהאַט נאָך אַ בעסערן באַוויז, אַז זיין טאַטע וועט צוריק געזונט ווערן. האָט ער אים צו דערמוטיקן, געזאָגט:

— טאַטע מיינער, רבי מיינער, דו האָסט דאָך נאָך צו פאַרענדיקן אַזאַ קודשדיקע שליחות. דו דאַרפסט דאָך נאָך מאַכן אַ נייעם שולחן־ערוך?

ר׳ אליהו האָט אַן אומעטיקער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געענטפערט:

— זיי וויסן, אַז מען האָט מיר פון הימל געשיקט זאָגן, אַז איך זאָל ניט מאַכן קיין נייעם שולחן עורך.

ר׳ אברהם ווערט בלאַס. זיין שטאַרקסטער באַוויז איז שוין אויך צע־רונען געוואָרן. זיין טייערער טאַטע און רבי גייט זיך טאַקע פון אים אָפּ־שיידן. האָבן טרערן זיך גענומען גיסן פון זיינע אויגן און ער האָט אין דער שטיל, מיט פאַרדראָס, צו זיך אַליין גערעדט:

— אָט האָט מען דאָך אַן אַנדערן יאָ דערלאָזט?

ר׳ אליהו האָט עס דערהערט און ענטפערט אים מיט מוט:

— מיין זון, זיי זיך ניט מצער. יעדן איינעם לאָזט מען טאָן, וואָס אים געפעלט. דאָס איז דאָך די בחירה, וואָס דער בורא האָט געגעבן דעם מענטשן. איז ניט אין „לאָזן", נאָר אין „ניט דערלאָזן" ליגט די דערהויבנקייט...

ר׳ אליהו האָט מיט ישוב־הדעת באַלד געפרעגט זיין זון צי מען האָט שוין פאַר אים געקראָגן אַן אתרוג. אַז ר׳ אברהם האָט דאָס דערהערט, איז ער ביי זיך געוואָרן פריילעכער. ער האָט פון זיין טאַטנס רייד אַרויס־געדרונגען, אַז ער וועט זיין מיט זיי איבער סוכות. אָבער ענטפערן אים אויף דעם, איז ר׳ אַברהמען געווען קשה. אָט פאַרוואָס: ר׳ אליהו איז גע־ווען גאָר און גאָר מדקדק מיט אַן אתרוג. ער האָט געזוכט, אַז ער זאָל זיין מהודר מן המהודר. דאָס יאָר זיינען אויפן ים געווען גרויסע שטורעמס. די כוואַליעס האָבן די שיפן מיט די אתרוגים געוואָרפן ווי מולטערס, זיינען די אתרוגים געוואָרן צעקלאַפּט און צעביילט. איז שווער געווען איינצו־שאַפן אַ מהודרדיקן אתרוג, כאָטש זייער פיל מענטשן האָבן זיך געמיט און געזוכט צו פאַרשאַפן דעם גאון נחת־רוח.

ענדלעך האָט אָפּגעגליקט. מען האָט געפונען אַן אתרוג, וואָס אַזאַ

מהודרדיקן האָט מען אַפילו אין אַ געראָטן יאָר ניט אָנגעזען. דער מאַן פון אתרוג איז געווען אַ קרעטשמער אויפן ברייטן שליאַך. אַ פּראָסטער ייד, אָבער זייער אַ קלוגער. האָט ער דאָ געזען אַ געלעגנהייט צו פאַרדינען אַ גאונישע מצווה, וואָס ער, דער פּראָסטער ייד, קען עס ניט דערגרייכן. איז ער באַשטאַנען, אַז ער וועט פאַרקויפן דעם אתרוג, אָבער ניט פאַר קיין געלט, נאָר פאַרן שכר, וואָס ר׳ אליהו וועט קריגן אויף יענער וועלט, פאַר בענטשן מיט זיין אתרוג.

האָט ר׳ אברהם, דעם גאונס זון, ניט מצער צו זיין דעם קראַנקן טאַטן, ניט געוואָלט דערציילן וועגן דעם משא ומתן מיטן שענקער. ער, ר׳ אברהם, וואָס איז געגאַנגען אין די טריט פון זיין טאַטן, דעם גאון, וועט דאָך אָבער ניט זאָגן אַ זאַך, וואָס איז ניט אמת. האָט ער מיט גרויס פאַרענטפערונג אויסגעזאָגט דעם גאון וועגן דעם אָפּמאַך מיט דעם שענקער.

ר׳ אליהו האָט רואיק אויסגעהערט, און געבעטן דעם זון, ער זאָל אים ווייזן דעם אתרוג. דער זון האָט זיין בקשה באַלד דערפילט און אַריינגעטראָגן דעם אתרוג. אַז דער גאון האָט דערזען די שיינע פּרי־עץ, האָט ער זיך זייער דערפרייט און געזאָגט:

— איך פריי זיך וואָס דער אתרוג איז אַזאַ מהודרדיקער און נאָך מער פריי איך זיך, וואָס איך האָב זוכה געווען מקיים צו זיין מיט שמחה אַ מצווה, כאָטש איך וויים, אַז ניט איך, נאָר גאָר אַ זייטיקער מענטש וועט פאַרדינען דעם שכר.

***

גלייך, ווי דער גאון איז קראַנק געוואָרן, האָט ר׳ סעדיה, זיין געטרייער תלמיד, תיכף אַרויסגעשיקט שלוחים צו דעם גאונס תלמידים, וואָס זיינען געווען צעשפּרייט איבערן תחום, אין מלחמה מיט די חסידים. ער האָט זיי געגעבן צוּוויסן, אַז זייער רבי איז געוואָרן שטאַרק שלאַף. לכן, זאָלן זיי תיכף קומען קיין ווילנע. ר׳ סעדיה האָט אויך אַוועקגעשיקט אַזש קיין פּוילן אַ שליח אויפצוזוכן דעם דובנער מגיד. ער, דער געבענטשטער מגיד, פירט דאָרטן איינער אַליין דעם שטרייט פאַר דער תורה. ער שפּאַנט פון שטאָט צו שטאָט. ער טוט אין זיינע דרשות אפילו ניט אָנדייטן וועגן די חסידים. ער רעדט בלויז וועגן דער חכמה פון דער תורה. פון איר יושרדיקייט. און, באַזיסנדיק זיינע רעיונות מיט שיינע משלים, טוט ער איינפלאַנצן אהבה צו די לערנער פון דער תורה.

אין פּוילן, ווייסט מען ניט, אַז ער איז דאָס דער באַרימטער דובנער מגיד. זיין טיטל האָט אָנגעטאָן עפּעס איינער אַ מגיד. ער האָט איבער־גענומען זיין, דעם דובנערס, שיינע משלים און שטעלט זיך אומעטום פאַר, אַז ער איז דער דובנער מגיד און ער ווערט נתעשר.

איינמאָל האָט ר׳ יעקב דובנער, אין אַ שטאָט אין פּוילן, זיך צו־

נויפגעטראָפן מיט דעם מגיד, וואָס האָט ביי אים צוגענומען זיין נאָמען. ער האָט זיך צו יענעם ניט דערלאָזט דערקענען און איז געגאַנגען הערן ווי יענער דרשנט. עס האָט אים ניט געאַרט, וואָס יענער האָט צוגע־גנבעט זיין נאָמען און ער זאָגט איבער זיינע משלים פאַר אייגענע. אַז דער דובנער האָט אָבער דערהערט, אַז זיינע שיינע משלים קומען אַרויס צעניזוקטע. ער, דער גנב, האָט פון זיי אַרויסגעקוועטשט די נשמה און איבערגעלאָזט קרומע גופים. פון גרויס צער, האָט דעם דובנער דאָס האַרץ פאַרדריקט. עס האָט אים ווי מיט שטריק געצויגן, ער זאָל אַרויף גיין אויף דער בימה אַ פּאַטש טאָן אין שולחן און אויסשרייען: „זיפּן! אַראָפּ פון דער בימה. ניט דו, נאָר איך בין דאָך דער דובנער מגיד. הער אויף צו צעניזוקן מיינע משלים. זיי זיינען ביי מיר אַזוי טייער און ליב, ווי ביי אַ טאַטן זיינען טייער זיינע קינדער."

ר' יעקב דובנער האָט זיך קוים באַצוואונגען. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ר' אליהו האָט אים פאַרזאָגט, ער זאָל זיך ניט אַרויסגעבן. האָט ער מיט עקשנות זיך איינגעקלאַמערט אין זיין שטענדער, ער האָט פאַרקוועטשט די ליפּן און זיך געמיט צו טרייסטן: דער עולם קוועלט דאָך פון די משלים, כאָטש עס פעלט אין זיי, ווי אין אַ מאכל, זאַלץ און פעפער... ער גע־פינט אָבער ניט קיין טרייסט. שטייט ער אַ טרויעריקער. ער הערט זיך ווייטער צו ווי דער פאַלשער מגיד, צעניזוקט זיינע שיינע משלים. דער עולם לאַכט, און ער, דער דובנער, וויינט.

דער שליח, וואָס ר' סעדיה האָט געשיקט אים אויפזוכן, האָט אים ניט געקענט געפינען. זיינען אין ווילנע אָנגעקומען אַלע תלמידים, אַ חוץ אים, דער דובנער, דעם גאונס ידיד. זיי, ר' אליהוס תלמידים זיי־נען ניט אָפּגעטראָטן פון זייער רבין. זיי האָבן געוואַכט איבער אים טאָג און נאַכט. דער גאון איז געלעגן רואיק און געוואַרט אויפן מלאך, וואָס וועט קומען נאָך זיין נשמה. אויך אויפן שכיב־מרעדיקן בעט, האָט ער ניט אויפגעהערט צו טראַכטן אין דער תורה און וועגן דער תורה.

דאָס גאַנצע גיטקע טויבעס זאַוואולעק, וואו דער גאון האָט געהאַט זיין דירה, האָט דער ווילנער קהל געלאָזט אויסבעטן מיט שטרוי. עס זאָל זיך ניט הערן דאָס רוישן פון פאַרבייפאָרנדיקע פורן. די פּרושים, וואָס האָבן איצט געלערנט ביים גאון אין שטוב, האָבן זיך געהיט ניט אויפ־הייבן הויך זייערע גמרא־ניגונים. דער גאון האָט זיך געכאַפּט, אַז עס איז עפּעס צו שטיל. האָט ער געפרעגט זיינע תלמידים, וואָס דאָ איז געשען. זיי האָבן אים געזאָגט, אַז צוליב זיין געזונט, וויל מען ניט שטערן זיין רו. אַז ר' אליהו האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך אָנגעבייזערט און געזאָגט:

— וואָס האָט איר געטאָן? הערן לערנען איז דאָך מיין חיות!

האָבן די פּרושים שוין גענומען לערנען אויף אַ הויכן קול און זיך באַצוואונגען, אַז זייערע ניגונים זאָלן ניט ווערן אָפּגעטונקט אין טרויער. אַז ר' אליהו האָט דערהערט די פריילעכע גמרא־ניגונים, האָט ער צוריק־

געקראַגן זיינע כוחות. ער האָט גענומען זאָגן תורה פאַר זיינע תלמידים. עס איז שוין אָבער געווען תורה, וואָס האָט שוין ניט צו טאָן מיט דער ערדישער וועלט. ער האָט גערעדט וועגן גיהנום און גן־עדן, שטראָף און שכר. ער האָט געזאָגט:

— אויך אין גן־עדן זיינען דאָ מדרגות. וואו עס זיצט יעקב אָבינו, דאָרטן זיצט ניט קיין עם־הארץ; און וואו עס זיצט אַ צדיק גמור, זיצט ניט אַ חוטא, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געזינדיקט און נאָך לאַנג מוטשען זיך אין גיהנום, האָט יענער זיך קוים אויסגעלייטערט.

די בעלי־הגמרא דערציילן, אַז אין גן־עדן זיצן די צדיקים מיט די קרוי־נען אויף זייערע קעפּ און זיי זיינען נהנה פון דער זיו השכינה. זייער כוונה איז צו זאָגן, אַז לויט דער גרויס פון דער לומדישער השגה איז מען נהנה פון דער שכינה.

ר׳ אליהו האָט אויך מסביר געווען: עס ווערט געזאָגט, אַז פאַר די צדיקים איז אָנגעגרייט דער „לויתן" און יין המשומר. אויבנאויפיק קוקט דאָס אויס, אַז אויפן עולם־הבא שטייען אויסגעשטעלט טישן מיט שיסלען פיש און קרוגן מיט אַלטן וויין און די צדיקים לאָזן זיך וואוילגיין. אָבער ניט דאָס האָבן אונדזערע רבנן געמיינט צו זאָגן, וואָרים אַ צדיק, וואָס קוואַפּעט זיך אויף אכילה און שתיה איז ניט קיין צדיק און אויפן הימל זיינען גאָרניט בנמצא גשמיותדיקע זאַכן. דער טייטש פון „לויתן" איז — באַ־העפטן. און „יין" איז אַ רמז אויף אַ סוד. ווי עס ווערט געזאָגט: „יצא יין יצא סוד". אָט דאָס דערציילן אונדז די רבנן: אויף דעם עולם־הבא וועט דער בורא עולמים זיך באַהעפטן מיט די צדיקים און ער וועט זיי מגלה זיין די טיפסטע סודות.

ר׳ אליהו האָט געגעבן צו פאַרשטיין זיינע תלמידים נאָך אַנדערע סודות וועגן גיהנום און גן־עדן און ווי מען איז זיך נוהג אויף דער אמתער וועלט. ער האָט צו זיי געזאָגט:

— די וועגן פון תשובה זיינען תמיד אָפן. מען העלפט יעדן איינעם זיך אומצוקערן פון זיינע שלעכטע וועגן. אָבער פאַר דער מחטיא את הרבים זיינען די טירן פון תשובה פאַרשלאָסן. מען איז דאָרט קיינעם ניט נושא פנים. דאָרט הערשט בלויז דער אמת און דאָס וואָס מען האָט פאַרגעבן דוד המלכן גאַנצע צוויי עבירות און שאול המלכן האָט מען ניט מוחל געווען אפילו קיין עבירה, איז דאָס ניט ווייל מען האָט נושא פנים געווען דודן, נאָר גאָר צוליב אָט וואָס: דודס ביידע מצוות, אויף וועלכע ער האָט עובר געווען, זיינען דאָך ניט געווען קיין יחידישע. אַלע יידן זיינען דאָך אויף דעם פאַרזאָגט געוואָרן. איז אויב ער, דוד, האָט זיי ניט אָפּגעהיט, זיינען די מצוות דאָך אויסגעפּירט געוואָרן. די אַנדערע בני ישראל האָבן זיי אָפּ־געהיט. שאול המלך איז אָבער שוין אַריבערגעטראָטן אַ מצווה, וואָס בלויז ער אַליין האָט זי געקענט אויספירן. בלויז ער, דער מלך פון ישראל, האָט

געהאַט בכוח אויסצומעקן דעם זכר פון עמלק, אַז ער האָט זיין שליחות ניט געטאָן, איז די מצווה געבליבן אַ ניט־דערפילטע... האָט זי, די פאַר־שעמטע מצווה, שוין ניט דערלאָזט אים מוחל צו זיין.

עס האָט איבעראַנייס ביי דער משפחה און די תלמידים אויפגעלויכטן די זיסע האָפענונג, אַז ר׳ אליהו וועט צוריק ווערן געזונט. דעם צווייטן טאָג חול־המועד סוכות האָט זיין פנים זיך צעלויכטן. זיינע באַקן האָבן זיך באַצויגן מיט אַ ראָזיקייט. ר׳ אליהו האָט גערוט אויפן בעט און זיך ניט געקענט אָפּפרייען, וואָס זיינע תלמידים האָבן זיך אַרום אים פאַרזאַמלט. ער האָט זיפצנדיק געזאָגט:

— אַ שאָד, וואָס ר׳ יעקב דובנער איז דאָ ניטאָ. איך בענק אַזוי צו הערן זיינע שיינע משלים.

ר׳ מאירל, דעם גאונס מחותן און אַמאָליקער חברל, איז ביי זיך געוואָרן איינגאַנצן זיכער, אַז די סכנה איז שוין אַריבער. האָט ער מיט פרייד געזאָגט צו ר׳ חיים וואָלאָזשינער:

— אונדזער רבי וועט נאָך גיין שמחת־תורה צו די הקפות!

ר׳ חיים האָט אים געענטפערט:

— די גמרא דערציילט מיט חידוש פון דער „מעשה באיש אחד״. עס האָט מיט אים געטראָפן אַ נס. ביי אַן איש אחד, גלאַט אַ מענטש, איז אַ נס טאַקע ניט על־פי דרך הטבע. אָבער ביי ר׳ אליהון, וואָס איז אַליין אַ נס, איז שוין אַ נס אַ גאַנץ געוויינטלעכע זאַך.

די תלמידים האָבן נאָך שטאַרקער געמומען גלייבן, אַז דער נס איז געשען. וואָרים ר׳ אליהו האָט געבעטן, מען זאָל אים העלפן זיך זעצן און ער האָט ווידער גענומען זאָגן תורה. שוין ניט וועגן דעם עולם־האמת, נאָר וועגן דער ערדישער וועלט. ער האָט גערדרשנט וועגן דעם יום־טוב סו־כות. ער האָט אַרויסגעקוקט דורך דעם פענצטער און געזאָגט: ווען עס רעגנט איצט ניט, וואָלט איך באַשטאַנען, מען זאָל מיך אַריינטראָגן אין סוכה. איך וואָלט ניט מורא געהאַט פאַר דער קעלט. די מצווה פון זיצן אין סוכה באַשיצט און וואַרימט און דאָס, וואָס די בעלי־ הגמרא פסקנען, אַז ווען עס רעגנט זאָל מען ניט זיצן אין אַ סוכה, איז ניט מחמת צו פאַר־היטן דאָס געזונט, נאָר פשוט, ווייל אויב עס רעגנט אַריין איז עס דאָך אויס סוכה. ר׳ אליהו איז געקומען צום אויספיר, אַז אַלע דינים און מנ־הגים זיינען אָנגעוואונקען אין דער תורה. מען דאַרף זיך אָבער זייער פיל מיען ביז מען געפינט. דער בורא האָט ניט געגעבן די תורה אָן אָפּ־געשלאָסענע און אַ פּאַרטיקע, ווייל דעמאָלט וואָלט אין דער תורה גע־פעלט די נשמה. אַ פאַרטיקע כלי האָט ניט קיין נשמה. די אותיות זיינען בלויז די גופים, די טעמים זיינען די נשמות.

ר׳ אליהו איז נאָכדעם אַריבער צו דער תורה שבנסתר. ער האָט דאָרט אויפגעדעקט גאָר און גאָר פאַרבאָרגענע סודות. די תלמידים האָבן

זיך פון התפעלות אַזש געכאַפּט ביי די קעפּ. ר׳ מאירל, וואָס האָט אַליין זיך אויך פאַרנומען מיט קבלה, האָט פּלוצים אים געטאָן אַ פרעג:

— רבי, ווייסט איר אויך ווען עס וועט קומען משיח?

דער גאון האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכט, ווי ער וואָלט זיך מיישב געווען צי ער זאָל ענטפערן, און באַלד מיט אַ מונטערער שטים געזאָגט:

— דער הייליקער תנא, ר׳ שמעון בן יוחאי, האָט דאָס שוין געענט־פערט זיינע תלמידים. ער האָט צו זיי געזאָגט: — „אויב אַלע יידן וועלן אָפּהיטן צוויי שבתים, וועט קומען די גאולה". קוקט אָבער אַריין אין דער גמרא, וועט איר זען, אַז דער תנא באַוואָרנט זיך, מען זאָל אים ניט פאַלש פאַרשטיין און ער זאָגט: „כהלכתן" — מיטן תנאי, אַז מען וועט אָפּהיטן צוויי שבתים מיט אַלע דינים. דאָס מיינט שוין, אַז יעדער ייד זאָל זיין אַ למדן, וואָרים אויב ניט, קען ער דאָך ניט וויסן ווי אָפּצוהיטען די אַלע דינים פון שבת. אָבער ווען איך, עלי, וואָלט דעמאָלט געווען דערביי, וואָלט איך געזאָגט פאַר ר׳ שמעון בן יוחאי אַ גאַנץ אַנדער דרך.

דעם דריטן טאָג חול־המועד סוכות האָט ר׳ חיים וואָלאָזשינער מיט זיכערקייט געזאָגט: מען האָט פון הימל געשענקט ר׳ אליהון יאָרן.. ער האָט עס מסביר געווען: ר׳ אליהו, וואָס איז געגליכן צו אַ תנא, האָט דאָך געדאַרפט אַראָפּקומען אויף דער וועלט אין די ליכטיקע צייטן פון די תנאים. אָבער דער בורא האָט, אָפּצוהיטן זיין צוזאָג, אַז די תורה וועט ביי די בני ישראל ניט פאַרגעסן ווערן, אַרונטערגעשיקט אים, דעם תנא, אין די איצטיקע שוואַכע דורות. האָט ער, דער בעל הרחמים, רחמנות אויף זיין פאָלק ישראל, לאָזט ער נאָך איבער ר׳ אליהון אויף דער וועלט צו פאַר־שטאַרקן די תורה.

אינדערפרי האָט ר׳ אליהו געבעטן מען זאָל אים צוטראָגן דעם אתרוג מיטן לולב. ער האָט מיט כוונה און דביקות געזאָגט די ברכה און, ווי גע־זונטערהייט, אַרומגענומען מיט דער האַנט אַלע פיר מינים. ר׳ מאירל האָט דערזען, אַז ר׳ אליהו איז צו שוואַך צו האַלטן דעם לולב, זיינען די הענט ציטערן. האָט ער צוגענענט צו אים און געזאָגט:

— רבי, אויב אייך איז ניחא, וועל איך צונעמען פון אייך דעם לולב.

ר׳ אליהו האָט זיך געמיט אַ שמייכל צו טאָן און געענטפערט:

— עס איז דאָך דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך וועל האָבן דעם תענוג צו האַלטן אין מיינע הענט דעם אתרוג, טאָ לאָמיך זיך אָנפרייען מיט דער שיי־נער פרי.

אַז ר׳ מאירל האָט דאָס דערהערט, איז אויף אים געפאַלן אַ פּחד. ער האָט גענומען באַרואיקן דעם גאון:

— רבי, שרעקט זיך ניט! איר וועט נאָך לעבן לאַנגע יאָרן.

ר׳ אליהו האָט זיך געמיט אַ שמייכל צו טאָן און מיט ישוב־הדעת געענטפערט:

— איך האָב פאַר קיין זאַך קיינמאָל ניט מורא געהאַט און זיך קיינמאָל ניט באַקלאָגט. איך האָב תמיד מיט פרייד געטאָן, וואָס דער בורא האָט פון מיר פאַרלאַנגט. אַז ער רופט מיך איצט אין הימל, גיי איך אויך מיט פרייד. איך וואָלט ניט געבעטן, מען זאָל מיר שענקען יאָרן, אפילו ווען איך וויס, אַז מען וועט זיך צו מיר צוהאָרכן.

ר׳ אליהו האָט מיטן פינגער געוויזן ר׳ סעדיהן, אַז ער זאָל זיך צו אים דערנענטערן. ער האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זיין געטרייען תלמיד און אים געבענטשט. נאָכדעם האָט ער צו אים געזאָגט:

— איר האָט אַנומלט מיך געפרעגט צי איך וויס דעם פּתרון פון די זעקס הונדערט מיט צוואַנציק זיילן ליכט, וואָס דער בורא האָט אַרונטערגעשיקט אויף דער וועלט. איצט, פאַרן אָפּשיידן זיך, גיי איך אייך ענטפערן: איך וויס זייערע אַלעמענס נעמען און זייערע ערטער און אפילו וואו זיי זיינען אָנגעדייטעט אין דער תורה שבכתב. אָבער איך האַלט ניט פאַר רעכט עס מגלה צו זיין פאַר מענטשן. צוליב דעם טעם האָב איך דאָס אין קיין ספר ניט פאַרשריבן.

אַז ר׳ מאירל, דער בעל מקובל האָט דאָס דערהערט, איז ער צוגעפאַלן צום גאון. ער האָט זיך צעוויינט און זיך געבעטן:

— רבי, זייט עס אונדז מגלה, דאָס איז דאָך דער שליסל צו דער גאולה. מיר וועלן עס האַלטן בסוד. מיר וועלן קיינעם פון דעם ניט אויסזאָגן.

ר׳ אליהו האָט אָנגענומען ר׳ מאירלס האַנט און מיט פריינטשאַפט זי געגלעט און מיט געדירטקייט געזאָגט:

— איך, מיינע תלמידים, טרוי איך. עס זיינען אָבער ניטאָ קיין פאַרבאָרגענישן. ניט קיין פיינע לייט קענען זיך נאָך דערוויסן פון דעם סוד פון די זעקס הונדערט און צוואַנציק זיילן ליכט, וועלן זיי עס אויס־נוצן פאַר ניט קיין גוטע מעשים און ברענגען אומגליק. זיי קענען חרוב מאַכן די וועלט. לכן, האָב איך ביי זיך באַשלאָסן, אַז איך וועל דעם הייליקן סוד מיטנעמען מיט זיך אויפן עולם האמת, וואו סודות ווערן אָפּגעהיט. און אין מיין ערשטער דרשה, וואָס איך וועל דאָרט האַלטן פאַר די לומדים, וועל איך זיי אויפקלערן דעם סוד פון די זיילן ליכט.

ר׳ מאירל האָט זיך געקליבן נאָך עפּעס צו פרעגן. ער האָט עס אָבער ניט באַוויזן. ר׳ אליהו האָט פּלוצים מיט פּחד אויסגערופן:

— רבותי! שטעלט זיך אויף! גרויסע געסט זיינען איצט אַריין אין שטוב! זיי זיינען געקומען מיך צו באַגלייטן אויפן עולם האמת.

די תלמידים האָבן זיך אין גרויס איילעניש אויפגעשטעלט און מיט פּחד זיך איבערגעקוקט. זיי האָבן ניט געהאַט די זכיה צו זען די הימלשע

געסט. זיי האָבן אָבער דערשפּירט די קדושה, וואָס האט זיך געשפּרייט און געשפּרייט. זיי האָבן געהערט ווי זייער רבי זאָגט:

— איך טאָר ניט מגלה זיין די נעמען פון די הייליקע געסט. איך קען אָבער אייך זאָגן, אַז איינער פון זיי איז דער רבי פון דער תורה שבכּתב. איצט בין איך אינגאַנצן זיכער, אַז איך — און ניט די אַנדערע — האָבן ריכטיק פאַרטייטשט דעם „זוהר". און איך האָבן גוט געטאָן, וואָס איך האָב מיט דער גאַנצער האַרבקייט פון דין באַשטראָפט די חסידים.

איך, — האָט ווייטער דער גאון גערעדט, — וואָלט איצט ברייטער אַרומגערעדט דעם ענין, אָבער איך קען דאָך ניט לאָזן וואַרטן אַזוינע חשובע געסט. טאָ זייט אַזוי גוט און הייבט מיך אויף צום פענצטער. איך וויל כאָטש נאָך איינמאָל אַ קוק טאָן אויף דער וועלט און זיך מיט איר געזעגענען.

די תלמידים האָבן זיך פון פחד געוויגט ווי זאַנגען אויף אַ ווינטיקן פעלד. זיי האָבן געזען, אַז זייער רבי, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געזאָגט תורה ווי איינער פון די תנאים, טוט זיך אויך אָפּשיידן פון דער וועלט מיט דער גאַנצער חשיבות פון א תנא. זיי האָבן מיט ציטערדיקע הענט אים אויפגעהויבן. ער האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער. דאָס גאַנץ געסל איז געווען געפּראָפּט מיט מענטשן. גבירים, אָרעמע לייט, לומדים ווייבער און קינדער. זיי זיינען אַלע געקומען זיך נאָכפרעגן אויף אים, זייער קראַנקן רבין. ר' אליהו וויגט צו מיטן קאָפּ און אין שטומען שווייגן טוט ער זיך מיט זיי געזעגענען.

די תלמידים האָבן צוריק אַוועקגעלייגט זייער קראַנקן רבין אויף זיין געלעגער. ער האָט מיט ציטערדיקער ליבשאַפט גענומען די ציצית אין זיינע שטאַרבנדיקע הענט און ער האָט זיך צעוויינט.

דער „חיי אדם", דעם גאונס מחותן, האָט זיך איבערגעבויגן און געפרעגט:

— רכב ישראל ופרשיו. וואָס האָט איר צו וויינען? פאַר אייך איז דאָך אָפן דער וועג צום גן־עדן.

ר' אליהו פאַרטראַכט שוין אין די העכערע וועלטן, האָט זיך אויפגעוועקט און געענטפערט:

— איך וויין, וואָס איך דאַרף פאַרלאָזן דעם עולם התחתון. עס איז טאַקע ניט מער ווי אַ פּרוזדור, אָבער עס איז דאָך דאָס פאָדערהויז פון פּרדס. איך וואָלט אַזוי געגאַרט נאָך צו לעבן, איך זאָל קענען פאַרדינען מער מצוות און לערנען די תורה. יעדעס וואָרט אירס, וואָס מען זאָגט, פאַרדינט מען אַ מצווה. איך האָב דאָך נאָך אַזויפיל אַרבעט. אויף יענער וועלט קען דער מענטש שוין גאָרניט אויפטאָן. דאָ איז דער מענטש אין דער בחינה פון אַ הולך, ער קען שטייגן און שטייגן צו די העכסטע הויכקייטן. אָבער אויף יענער וועלט ווערט מען אין דער בחינה פון אַ מלאך. מען ווערט שוין אַן עומד. מען שטייט אויפן זעלביקן אָרט. מען ווערט ניט נידעריקער אָבער מען קען ניט ווערן

העכער. מען קען ניט מער פאַרמערן די קדושה. מען קען דאָרט, אין הימל, ניט איינקויפן די קלענסטע מצווה פאַר מיליאָנען. און דאָ, אויף דער ערדישער וועלט, איז דאָך אַזאַ זול. פאַר בלויז עטלעכע פּרוטות האָב איך זיך איינגע־האַנדלט אַזאַ גרויסע מצווה, ווי ציצית.

ר׳ אליהו נעמט אין זיינע הענט די ציצית. ער קושט זיי מיט ליב־שאַפט און טרערן גיסן זיך פון זיינע אויגן. פלוצים האָט אים איינגעהילט אַ דרעמל. ער האָט זיך אָבער כהרף־עין צוריק אויפגעוועקט און קוים, וואָס מען האָט געהערט, האָט ער געזאָגט:

— עס איז ניטאָ קיין העכערע יצירה ווי דער מענטש. ער איז אפילו אויפן הימל אויך יתרונדיקער ווי אַ מלאך. דאָס זאָגט דער הייליקער נביא זכריה: „ונתתי לך מהלכים בין העומדים״, אפילו ווען דו, מענטש, וועסט זיך אָפּשיידן פון דער וועלט און דו וועסט שוין ווערן אַן עומד, ווי אַלע מלא־כים, האָב איך דיר נאָך אַלץ געגעבן אַ מעגלעכקייט צו זיין אַ הולך. דו אַליין וועסט טאַקע מער גאָרניט קענען אויפטאָן. אָבער אויב דו וועסט איבער־לאָזן נאָך זיך תלמידים, וואָס זיי וועלן לערנען תורה און טאָן גוטע מעשים, וועסטו דורך זייער הילף און זכות אויך אין הימל, אַפילו צווישן די מלא־כים, שטייגן פון מדרגה צו מדרגה. טאָ בעט איך אייך, מיינע טייערע תלמי־דים, טוט אַ גמילות־חסד של־אמת מיט מיר, אייער רבין, לערנט מיט התמדה די הייליקע תורה. טרעט ניט אָפּ פון דרך־הישר, היט אָפּ אַלע דינים, ניט בלויז בין אדם למקום, נאָר אויך בין אדם לחברו. פאַרשעמט ניט מיך, אייער רבין! איך וויל ניט זיין קיין עומד. איך וויל אויך אויפן הימל שטייגן און שטייגן.

ר׳ אליהו האָט אַ מידער צוגעמאַכט זיינע אויגן. דאָס געזיכט זיינס האָט גענומען ווערן בלייכער און בלייכער. זיינע ליפּן האָבן זיך קוים באַוועגט. מיטאַמאָל האָט איבער זיין שטאַרבנדיקן פּנים זיך צעשפּרייט אַ שמייכל.

ר׳ מאירל, וואָס איז געשטאַנען ביי זיין צוקאָפּנס, האָט ניט אַראָפּגענומען זיינע אויגן פון זיין טייערן חבר און רבין, האָט ער זיך איבערגעבויגן און געפרעגט:

— רבי, וועמען האָט איר איצט געזען?

ר׳ אליהו האָט זייער שטיל געענטפערט:

— יעקב אָבינו האָט זיך צו מיר באַוויזן און ער האָט מיך אַ קוש געטאָן אין שטערן.

דאָס זיינען געווען די לעצטע ווערטער, וואָס זיינען אַרויס פון זיין, דעם תנאס, הייליקן מויל. ער איז באַלד איינגעשלאָפן אין זיין אייביקן שלאָף... אַ שמייכל האָט געשוועבט אויף זיין פּנים, ווי ביי אַן אומשולדיק קינד, וואָס האָט נאָך קיינמאָל ניט טועם געווען דעם טעם פון זינד און זעט אין שלאָף אַ שיינעם חלום. — — —

